# די ברידער
# אַשכּנזי

ראָמאַן

אין דריי טײלן

פון

## י. י. זינגער

פאַרלאַג מתּנות ניו יאָרק

1951

גערווידמעט דעם אָנדענק פון
מיין היים געליבטן און
אומפאַרגעסלעכן זון
# י אַ ש אַ
וועלכער איז אין זיין בליענדער
יוגנט אַוועק פון דער וועלט.

## קאַפּיטל איינס

אויף די זאַמדיקע וועגן פון זאַקסן און שלעזיע קיין פּוילן, דורך וועלדער, דערפער און שטעטלעך, חרובע און אָפּגעברענטע נאָך דער נאַפּאָלעאָנישער מלחמה, האָבן זיך געצויגן איינס נאָך ס'אַנדערע פורן מיט מענער, ווייבער, קינדער און זאַכן.

די פּוילישע פּויערים, די לייב־שקלאַפן פון די פּריצים, האָבן אָפּגעשטעלט זייערע אַקערס אין מיטן פעלד און, פאַרהויבנדיק די הענט צו די אויגן פאַר דער זון און שטויב, האָבן זיי מיט צעצויגענע, בלויע אַפּלען לאַנג באַטראַכט די פרעמדע וואָגנס און מענטשן. די פּויערטעס האָבן אָנגעשפּאַרט זיך מיט די הענט אויף די „מאָטיקעס" און פאַררוקט די רויטע טיכלעך פון די קעפּ, כדי צו זען. די פלאַקס־האָריקע קינדער אין בלויזע גראָב־לייוונטענע העמדלעך זענען, צוזאַמען מיט די הינט, אַרויס פאַר די געפלאָכטענע דאָרפישע פּלויטן פון די ערד־שטיבלעך און מיט אַ געבילעריי און געשריי באַגעגנט די דורכרייזנדיקע. פאַר יידישע דאָרפישע קרעטשמעס זענען יידישע יינגעלעך מיט שוואַרצע, געקרייזלטע פּאהלעך און אין ציצית־כנפותלעך אויף די צעריסענע הויזלעך געשטאַנען פאַר די טירן און מיט אויפגעריסענע שוואַרצע און פאַרחידושטע אויגן באַטראַכט די וואָגנס, וואָס האָבן זיך געצויגן אין אַ לאַנגער ריי, לאַנגזאַם און פאַראויס.

— מאַמע! — האָבן זיי גערופן זייערע מוטערס, די שענקערינס פון די קרעטשמעס. — קום זען, מאַמע!

מאָדנע פורן און מענטשן זענען איבער די פּוילישע וועגן געפאָרן. אַזעלכע, וואָס מען האָט אין פּוילן זעלטן געזען. די פורן זענען נישט געווען נישט פּריציש־שיינע; נישט קיין דאָרפיש־לאַנגע און שמאָלע, מיט לייטערס אין ביידע זייטן, ווי עס נוצן די פּויערים; נישט קיין יידיש־באַלעגאָלעשע מיט פאַרלאַטעטע זייטן און נאָכהעגענדיקע עמערס; נישט קיין פּאָסט־וואָגנס מיט פיר פערד און טרומייטערס. אויך די פערד אין די וואָגנס זענען געווען אַנדערש געשפּאַנט, מיט אַ סך לעדערלעך, פּאַסן און רימענס, וואָס אין פּוילן זעט מען עס נישט. אָבער גאָר אַנדערש זענען געווען די מענטשן, וואָס זענען אויף די פורן געפאָרן.

פאַרשידן זענען זיי געווען, די פורן: פורן ברייטע, מיט שווערע הויכע רעדער און אין גוטע פערד געשפּאַנט, און פורן לייכטע, שלעכט־צוזאַמענגעשטעלטע, פון איין פערדל געשלעפּט; פורן־הייזער, מיט ווענט און אַ דאַך, ווי עס האָבן אַזעלכע וואַנדערנדיקע קאָמעדיאַנטן און צירק־לייט, און פורן מיט לייוונט באַדעקט אויף רייפן, ווי עס נוצן ציגיינער. צווישן די פורן

האָבן זיך אויך דורכגעוואָרפן קליינע װעגעלעך, געפירט פון צוויי גרויסע הינט, און אַנדערע, צו וועלכע עס זענען געווען בלויז איינגעשפּאַנט מאַן און ווייב, און קינדער האָבן אונטערגעשטופּט פון הינטן.

ענלעך צו די פורן זענען געווען די באַלעבאַטים זייערע. עס זענען געלעגן פונאַנדערגעלייגט אויף די פורן־הייזער פּעטע, בייכיקע דייטשן מיט בלאָנדע בערד, וואָס פון פאָרנט זענען זיי געגאָלט און אויפן האַלז וואַקסן זיי, מענער מיט לולקעס אין די מיילער און מיט זייגערלעך אין די טאַשן. לעבן זיי האָבן זיך געפּאָרעט באַלייבטע דייטשקעס, ווייבער אין הויבן אויף די קעפּ און אין הילצערנע שיך אויף די רויט־וואָלענע זאָקן, אויסגעפּילט מיט פּיס. דידאָזיקע וואָגנס זענען געווען פול מיט זאַכן, בעטגעוואַנט, קליידער, שטיקער וועבערייען, קופּערשטיכן פון דייטשע קעניגן און זיגרייכע קריגן, אַזוי אויך מיט אַ ביבל און מיט עטלעכע געבעט־ביכלעך. גענדז, הינער און קאַטשקעס האָבן נישט אויפגעהערט קאַרדאַטשען אין זייערע שטייגן. קראָליקעס האָבן געפּישטשעט און געשפּרונגען אין היי. ים־חזירימלעך האָבן געקוויטשעט. פון דרויסן מיט שטריק צוגעבונדענע צום וואָגן פון הינטן זענען מיטגעגאַנגען צו עטלעכע קי, דיקע און גרויס־אייטערדיקע.

אין די קלענערע וואָגנס זענען די מענטשן געווען אַזוי מאָגער און פאַרהאָרעוועט, ווי די איינצלנע פערדלעך זייערע, וואָס האָבן זיי, געבויגענע ביז דער ערד, געשלעפּט איבער די שווערע וועגן. די איינצלנע קי, וואָס זענען נאָכגעגאַנגען, זענען געווען דאַר און ווייניק־מעלקיק. אין די וואָגנס זענען בלויז די קליינע קינדער געזעסן. טאַטע־מאַמע און די עלטערע קינדער זענען מיטגעגאַנגען ביי דער זייט, אונטערגעשטופּט אַ ראָד, געשריגן אויפן פערד.

פאַרמאַטערט, האַלב־הונגעריק און באָרוועס זענען געווען די אָרעמסטע וואָס האָבן זייערע קליינע וועגענער געפירט אין הינט געשפּאַנט, אָדער זיי גאָר אַליין געשלעפּט. אויסער קינדער און עטלעכע אָרעמע פּעקלעך, האָבן זיי בלויז געהאַט צו עטלעכע הינער און קראָליקעס. זעלטן, אַז אימיצער האָט אויך פאַרמאָגט אַ ציג. די ווייבער מיט די מענער זענען גלייך געגאַנגען אין שפּאַן, מיט שטריק צום וואָגן געבונדן.

דאָס איינציקע, וואָס יעדער פון די וואַנדערער האָט געהאַט, אַלצאיינס אַ רייכער צי אַן אָרעמער, דאָס איז געווען אַ הילצערנע וועב־שטול פון גלאַטיקע העלצער, שטאַנגען און שטריק צוזאַמענגעבונדן.

— זאָל זיין געלויבט דער נאָמען פון יעזוס כריסטוס! — האָבן פאַר־בייגייענדיקע פּויערים און פּויערטעס די דורכפאָרער באַגריסט. — וואוהין פאָרט איר דאָס, מענטשן?

די פרעמדע האָבן נישט געענטפערט אויף דער באַגריסונג, אויך נישט געזאָגט וואוהין זיי פאָרן.

— גוטען טאָג! — האָבן זיי בלויז געזאָגט. — גריס גאָט!

די פּוילישע פּויערים האָבן קיין וואָרט נישט פאַרשטאַנען און אויס־געשפּיגן.

— געצנדינער! — האָבן זיי געברומט בייז און זיך איבערגעצלמט. — קיין קאַטויליש וואָרט פאַרשטייט עס נישט.

די יידישע קרעטשמאַרעס האָבן זיך יאָ מיט די פרעמדע צונויפגערעדט. זיי האָבן זיי אין יידיש איינגעלאַדן אין די קרעטשמעס אָפּצורוען, אונטער־צוהאַלטן זיך. אָבער די פרעמדע האָבן די איינלאַדונג נישט אָנגענומען, נישט אַפילו קיין קוואַטירל אָקאָוויט, ווי די פּוילישע פּויערים, אויסגעטרונ־קען. זיי האָבן אַלץ געהאַט מיט זיך אייגנס, געגעכטיקט אין די פורן און נישט אויסגעגעבן קיין גראָשן אין וועג.

דאָס זענען וועבער פון דייטשלאַנד, טייל פון מערן, קיין פּוילן געפאָרן זיך באַזעצן.

וואָרעם אין דייטשלאַנד זענען מענטשן אַ סך געווען און ברויט ווייניק. אין פּוילן איז ברויט אַ סך געווען אָבער קיין סחורות זענען גאָרנישט געווען. די פּויערים האָבן אַליין פון פלאַקס זיך גראָבע לייוונט אויסגע־שפּונען. אָבער די שטאָטישע מענטשן, וואָס טראָגן בייגוולנע, וואָלענע און זיידענע שטאָפן, האָבן געמוזט אויסלענדישע סחורות קויפן. אַלץ, וואָס דאָס לאַנד האָט געדאַרפט אויף קליידונג, געוואַנט פאַר דער באַפּעלקערונג, פאַר דער אַרמיי, האָבן די יידן געבראַכט פון אויסלאַנד, איבערהויפּט פון דאַנציג מיט דער ווייסל. דאָס געלט איז אין לאַנד נישט געבליבן, און אַגענטן זענען פון פּוילן קיין דייטשלאַנד אַרויסגעשיקט געוואָרן און צו־גערעדט די דייטשע וועבער, צו קומען קיין פּוילן, וואו זיי וועלן קריגן ערד אומזיסט, זיי וועלן די סחורות, וואָס זיי וועלן אויסוועבן, גוט פאַרקויפן און זיי וועלן האָבן ברויט צו דער זעט.

די וועבער, האַלבע פּויערים דערצו, האָבן אַלץ מיט זיך מיטגעפירט אין נייעם לאַנד, פון אַ הון ביז אַ קאַץ, פון אַ קאַנטשיק צו שמייסן קינדער ביז אַ שפּינדל, פון אַ האַרמאָניקע צו שפּילן אין זונטיק ביז אַן אַקער־אייזן צו באַאַרבעטן די ערד. אין בעסערע וואָגנס זענען נאָכגעפאָרן לאַנג־גע־קליידעטע פאַסטאָרן מיט ווייב און קינדער, צו דערהאַלטן ביים פּראָטעס־טאַנטישן גלויבן זייערע שאָף אין פרעמדן קאַטוילישן לאַנד און צו דער־ציען די קינדער אין גלויבן און אין אונטערטעניקייט צו גאָט און צום קייזער.

געצויגן האָבן די פרעמדע צום פלאַך־לאַנד, צו דער געגנט פון וואַרשע, פון זשיראַרדאָוו ביז קאַליש, פון פּאַביאַניץ און זגערזש ביז פּיעטראָקאָוו.

אַ טייל פון זיי האָט זיך באַזעצט אין שטעטל לאָדזש, וואָס ליגט ביים שמאָלן שטייענדיקן וואַסערל לודקאַ. אין אַ זייט פון שטעטל, אויפן וועג וואָס פירט צו סאַסנע־וועלדער, האָבן די פרעמדע זיך אויסגעבויט הייזלעך, פאַרפלאַנצט גערטנער, פאַרזעצט קאַרטאָפל, אויסגעגראָבן ברונעמער, פאַר־זייט תבואה און אַוועקגעשטעלט זייערע הילצערנע וועב־שטולן.

דערפֿאַר האָט די פּוילישע רעגירונג, וואָס איז געווען אונטערגעוואָרפֿן דעם רוסישן צאַר, דעם קעניג פֿון פּוילן, געגעבן זיי אַלע פּריווילעגיעס, וואָס נאָר זיי האָבן געפֿאָדערט: נישט צו מאָנען ביי זיי די ערשטע יאָרן קיין שטייערן, נישט צו נעמען זיי אין מיליטער, נישט צו שטערן זיי אין זייער פּראָטעסטאַנטישער רעליגיע, זיטן און שפּראַך, און אויך נישט צו לאָזן וואוינען קיין יידן אין זייער נייעם וואוין־אָרט ביי לאָדזש, וואָס מען האָט אַ נאָמען געגעבן „ווילקי״, וואָס באַטייט אין פּוילישן — וועלף. דאָס איז געווען דערפֿאַר, ווייל דאָרט האָבן זיך אָפּט וועלף אין די פּראָסטיקע טעג געוויזן.

די עטלעכע מנינים יידן האָבן געוואוינט אין שטעטעלע, אין אַ זייטיק געסעלע צווישן די „מיעשטשאַנעס״. געווען זענען זיי ס׳רוב שניידערס, וואָס צוליב דעם טאָקע, ווייל די גוים האָבן געדאַרפֿט זיך לאָזן נייען ביי זיי מלבושים, האָט מען זיי אַריינגעלאָזט אין שטעטל, כאָטש אַנדערע יידן האָט מען דאָרט נישט געלאָזט וואוינען.

זיי האָבן געהאַט אַ צעך, אַן אייגן שטיבל, וואו זיי זענען זיך צונויפֿגעקומען, כדי צו באַראָטן זיך וועגן יעדער צרה, וואָס די גויאישע צעכן ווילן זיי טאָן. אין דעם שטיבל איז אויך געשטאַנען אויף אַ טיש אַ גע־ווייגלעך־הילצערנער ארון־קודש, ענלעך צו אַ קעסטל, אין וועלכן עס האָט גערוט אַן אַלטע ספר־תורה. דאָרטן האָבן די יידן אויך געדאַווענט. קיין רב האָבן זיי נישט געהאַט, אויך נישט קיין מקווה און בית־עולם. שאלות האָט מען געפֿרעגט ביים דאָרפֿישן מלמד, וואָס מען האָט געהאַלטן צו די קינדער. ווען אַ שניידערין האָט געדאַרפֿט גיין אין מקווה, האָט זי דער מאַן אַרויסגעפֿירט הינטער דעם שטעטל צום טייך און אַכטונג געגעבן אויף איר, אַז שקצים זאָלן זי נישט טשעפּען. ווינטער האָט מען אויפֿגעהאַקט דאָס אייז מיט אַ האַק און די ווייבער האָבן זיך אין קאַלטן אייז־לאָך געטובלט. אַ מת האָט מען געפֿירט אויף אַ פֿויערשער פֿור צו דער קהילה לענטשיץ, צו וועלכער די יידן אין שטעטעלע לאָדזש האָבן געהערט.

זיי האָבן שלעכט געלעבט מיט דער לענטשיצער קהילה, די שניידערס פֿון לאָדזש, וואָרעם אין לענטשיץ זענען געווען אַ סך יידן אָרעמעלייט, אײ־בערהויפּט שניידערס, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין ברויט, געהונגערט פֿון איין זמן ביזן צווייטן, ווען יידן מאַכן זיך נייע קאַפּאָטעס. די שניידערס אין לאָדזש איז עס בעסער געגאַנגען, און די לענטשיצער שניידערס האָבן זיך אַריבערגעכאַפּט בגנבה קיין לאָדזש אַרבעטן פֿאַר ביליקער. די לאָדזשער שניידערס, וואָס האָבן מורא געהאַט פֿאַר זייער ברויט, האָבן געמסרט פֿאַר דעם אונטער־פּרעפֿעקט אין שטעטל אויף די נייע, אַז זיי זענען פּאַרטאַטשעס, לאַטוטניקעס, וואָס מאַכן קאַליע די פּרנסה פֿון די איינגעזעסענע צעך־אַר־בעטער, וואָס צאָלן שטייערן. אין דער אַלאונטערטעניקסטער בקשה, וואָס זיי האָבן אָנגעגעבן, האָבן זיי אויך מנדב געווען חלב אויף ליכט פֿאַר דעם קלויסטער און פֿאַרענדיקט, אַז זיי וועלן תמיד בעטן גאָט פֿאַרן געזונט

פון ליכטיקן האַר דעם פּרעפעקט. דער אונטער־פּרעפעקט האָט געשיקט צו די פּרעמדע שניידערס זיינע סטראַזשניקעס און צוגענומען ביי זיי שער און אייזן. די, וואָס זענען נאָך אַמאָל געקומען בגנבה אין שטעטל, האָט מען געלאָזט בינדן אין שטריק, אָפּגעשמיסן און אַרויסגעשיקט.

דערפאַר האָט די לענטשיצער קהילה נישט געוואָלט באַגראָבן קיין מת, וואָס מען האָט געבראַכט צו פירן פון לאָדזש, ביז די שניידערס האָבן נישט באַצאָלט אַ רענדל פאַר טאָן אים די רעכט. די לאָדזשער שניידערס האָבן פאַר כעס אויפגעהערט צו צאָלן קהילה־עטאַט קיין לענטשיץ. האָבן לענטשיצער קהילה־לייט געפּועלט ביים מלכות, מען זאָל אַריינשטעלן זעלנער צו די לאָדזשער שניידערס אין די שטובן.

די גויאישע זעלנער האָבן זיך באַזעצט אין די יידישע היימען, געגעסן טריפות, געכאַפּט אַ כשר מעסער און געשניטן חזיר דערמיט, געערדט מיאוסע רייד, געטשעפּעט זיך מיט די נקבות און נאָכגעשפּאָט די יידן, ווי זיי שאָק־לען זיך ביים דאַווענען. דערצו האָט זיך צוגערוקט פּסח, ווען מען טאָר נישט האַלטן קיין גויים אין שטוב, ווייל זיי קאָנען מאַכן חמצדיק. די לאָדזשער שניידערס האָבן געמוזט אַוועקלייגן די אַרבעט, כאָטש זיי האָבן אַ סך קליידער געדאַרפט פאַרטיק מאַכן פאַר די גויים צו חגא, און אַוועק קיין לענטשיץ בעטן דעם רב, מען זאָל צונעמען די זעלנער פון זייערע שטובן.

די לענטשיצער קהל־לייט האָבן נישט אַנדערש געוואָלט צונעמען די זעלנער, ביז די שניידערס וועלן נישט בעטן מחילה אין די בלויזע זאָקן. די שניידערס האָבן אויסגעטאָן די שטיוול, געבליבן שטיין אין די צעריסענע זאָקן און געבעטן מחילה ביי די קהל־לייט. דערנאָך האָבן זיי אָפּגעצאָלט די צינזן פאַר דער קהילה און געגעבן תקיעת־כף דעם רב פאַר דער ספר־תורה און עדות, אַז זיי וועלן מער די לענטשיצער שניידערס נישט איבערגעבן אין גויאישע הענט.

דעמאָלט האָט מען אַרויסגענומען די זעלנער. לענטשיצער שניידערס האָבן אָנגעהויבן ציען קיין לאָדזש.

אָבער אויף די „ווילקעס" וואו די דייטשן זענען געזעסן, האָבן זיי זיך נישט געטאָרט באַזעצן. ווען אַ ייד פלעגט אַמאָל פאַרבייגיין די „וויל־קעס", האָבן פלאַקס־האָריקע שקצימלעך זיי נאָכגעוואָרפן שטיינער, אָנגע־רייצט די הינט און נאָכגעשריגן:

— העפּ, העפּ, יודע !...

## קאַפּיטל צוויי

דער לאָדזשער סוחר און ראש הקהל ר׳ אברהם הערש אַשכנזי, וואָס מען האָט אים גערופן ר׳ אברהם הערש דאַנציגער, ווייל ער פלעגט פאָרן קויפן וואָלנס און זיידנס קיין דאַנציג, איז געזעסן ביי דער גמרא זבחים זייער אַ פאַרזאָרגטער און געצויגן האָר פון זיין לאַנגער, שוואַרצער, געדיכטער באָרד.

ער האָט נישט געזאָרגט צוליב פּרנסה, ניין. וואָרעם כאָטש די דייטשן אין לאָדזש האָבן, נאָך עטלעכע צענטליק יאָר וואוינען אין שטאָט, נישט אַריינגעלאָזט קיין יידן צו זיך אין די „ווילקעס״ און נישט צוגעלאָזן זיי צום וועבערישן צעך, איז פונדעסטוועגן אינגיכן דאָרט אַ היפּשע יידישע קהילה אויסגעוואקסן, אַ קהילה מיט אַ רב, אַ דיין, שוחטים, שולן, אַ מקוה און אַ בית־עולם. יידן אין לאָדזש האָבן געהאַנדלט, פאַרדינט און געלעבט.

זיי האָבן זייער שלעכטע און גראָבע אַרבעט געמאַכט, די דייטשן אין פּוילן, שווערע געוואַנט, וואָס זענען נישט געפעלן געוואָרן די פּריצים פון די גיטער, אויך נישט די אָפיצירן, דיגניטאַרן און רייכע לייט. גוטע, פיינע סחורות, דינע וואָלנס, גלאַנציקע זיידנס און סאַמעט האָט מען נאָך אַלץ געמוזט ברענגען פון אויסלאַנד. יידן־נגידים זענען געפאָרן מיט פּאָסט־וואָגנס, אויך מיט די ערשטע באַנען, קיין דאַנציג, לייפּציג, און טייערע שטאָפן געבראַכט. אָרעמע האָבן, צוזאַמען מיט די גרענעץ־זעלנער, געשמוגלט סחורות דורך די דייטשע גרענעצן, פאַרקויפט און זייער גוט פאַרדינט. יידישע דאָרפס־גייער, לויפער, זענען אַרומגעגאַנגען באָרוועסע איבער די זאַמדיקע פּויערישע וועגן, אויפגעקויפט ביי די פּויערים די וואָל פון זייערע שעפסן און פאַרקויפט זי אין לאָדזש צו די סוחרים, וואָס האָבן זי קיין אויסלאַנד געשיקט אויף גאַרן אויסצואַרבעטן. די פּויערים, וואָס האָבן פריער געלאָזט אַרומקריכן זייערע שעפסן באַוואקסענע און פאַרקאָלטנטע, האָבן זיי איצט אָפּט געשוירן און געוואַשן אין די טייכלעך, זייער וואָל זאָל זיין קלאָר און ווייס. אַרענדאַרן און אויפקויפער האָבן אין די פּריצישע הויפן אָפּגעקויפט די וואָל פון טויזנטער שאָף פריערראַויס.

די דייטשע מייסטערס האָבן געמסרט די יידן, וואָס ברענגען פרעמדע סחורות פון דייטשלאַנד. אויך האָבן זיי נישט געדולדעט, וואָס די יידישע ביינוול־הענדלער גיבן אַרויס ביי די אָרעמע דייטשע באַלמעלאָכעס אויף אויסצואַרבעטן און זיי וואַרפן דערמיט דעם פּרייז פון די סחורות. די יידישע ביינוול־אַרויסגעבער, וואָס האָבן נישט געקריגן, ווי די דייטשן,

קרעדיט פון דער פּוילישער באַנק און דערפאַר געווען געענגט אין געלט, האָבן נישט אַלעמאָל געקאָנט צאָלן די באַלמעלאָכעס אין מזומן. זיי האָבן דעריבער געמאַכט אייגענע צעטעלעך, געשריבן אין לשון־קודש, געחתמעט מיט אַ שוואַרצן שטעמפּל פון אַן אָפּגעריבענעם שטיין, וואָס האָבן פאַר־טראָטן געלט.

די יידישע געוועלבלעך ,די שניידערס און שוסטערס, אויך די שענקען האָבן די צעטלעך גענומען ווי געלט ביי די דייטשע אָרעמע וועבער. יעדן שבת־צו־נאַכטס פלעגן די דייטשע וועבער אָפּברענגען זייער אַרבעט צו די יידישע אַרבעטס־געבער. זיי האָבן באַקומען דערפאַר די לשון־קודשדיקע צעטעלעך, פאַרוואָס זיי האָבן אין די געוועלבלעך געקריגן אַלץ, וואָס זיי האָבן געוואָלט: שפּייז, פלייש, אויך ביר און בראָנפן. די דייטשע מייסטערס האָבן אָנגעקלאָגט פאַר די באַאַמטע די יידן, וואָס האָבן זיך געמאַכט אייגן יידיש געלט. די הויכע באַאמטע האָבן פאַרווערט די יידן אַרויסצוגעבן די אייגענע צעטעלעך. אויך האָט מען אַוועקגעשיקט קיין ענגלאַנד אַ באַ־אַמטן, וואָס האָט אָנגעקויפט אַ סך ביינוול, כדי אַרויסצושטויסן די יידן פון ביינוול־האַנדל. אָבער דער איינגעקויפטער ביינוול איז צעגנבעט געוואָרן דורך די באַאמטע. די באַאַמטע האָבן אויך גענומען שטעק־געלט ביי די יידן, און די דייטשע באַלמעלאָכעס האָבן ווידער אויסגעאַרבעט סחורות פאַר די יידן און גענומען ביי זיי די לשון־קודשדיקע צעטעלעך. די איי־גענע באַאמטע, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן די געזעצן קעגן ברענגען סחורה פון אויסלאַנד, האָבן גערן געקויפט ביי די יידן די פרעמדע פיינע סחורות, פונקט ווי זיי האָבן גערן גענומען כאַבאַר ביי די שמוגלערס, וואָס האָבן די פרעמדע סחורות געבראַכט אין לאַנד אַן צאָל.

פון די אָנגעזעענסטע נגידים אין שטעטל לאָדזש איז געווען ר׳ אברהם הערש דאַנציגער. עטלעכע מאָל אין יאָר איז ער געפאָרן קיין דאַנציג, ער האָט די טייערסטע וואָלנס און זיידנס געבראַכט און פאַרקויפט צו די קליינע סוחרים און דאָרפס־גייער. גראָד איצט, נאָך פורים, איז ער גע־קומען צו פאָרן פון וועג, וואו ער האָט זייער גוטע געשעפטן געמאַכט. ער האָט שיינע מתנות געקויפט פאַר זיין ווייב און טעכטערלעך. אויך האָט ער געקויפט אַ גרויסן זילבערנעם בעכער אויף קידוש פאַר זיין רבין, דעם וואָרקער, אַ מתנה. אין שטוב האָט ער געטראָפן אַלץ בשלום. פון דעם אַלעם האָט ר׳ אברהם הערש געהאַט אַ סך נחת.

עגמת־נפש האָט ער געהאַט פון קהל־זאַכן. כאָטש ער איז נאָך געווען אַ גאַנץ יונגער מענטש, איז ער שוין, צוליב זיין נגידישקייט, למדנות און פרומקייט, געווען דער ראש הקהל פון שטאָט. אין דער קהילה האָבן זיך אַ סך דאגות און קלאָפּאָטן אָנגעזאַמלט פאַר דער צייט, וואָס ער איז געווען אין וועג צוליב מסחר.

ערשטנס, האָט מען געדאַרפט שאַפן מעות־חיטין, געלט אויף פסח פאַר די אָרעמעלייט אין שטאָט. נישט נאָר די הייזער־גייער, נאָר אויך אַ

סך באַלמעלאָכעס האָבן, נאָך דער גאַנצער האָרעוואַניע זייערער אַ גאַנץ יאָר, נישט געהאַט מיט וואָס אַריינצופירן דעם פּסח אין שטוב אַריין. מען האָט געדאַרפט שאַפן פאַר זיי מצות, וויין, אייער, פליייש און שמאַלץ. ר׳ אברהם הערש האָט גענומען די רויטע קעשענע־פאַטשיילע אין האַנט און מיט עטלעכע חשובע באַלעבאַטים געגאַנגען איבער נגידישע שטובן זאַמלען געלט. אָבער וואָס מער מען האָט צונויפגענומען, אַלץ מער האָט מען געדאַרפט. די אָרעמעלייט אין דער קהל־שטוב האָבן די טירן אָפּגעריסן, געוויינט און גע־האַט טענות.

צווייטנס, האָט מען געדאַרפט אויסלייזן געפאַנגענע, וואָס זענען גע־זעסן געבונדענע אין תפיסה. אויף די פּוילישע וועגן און שטעגן האָבן די קאָזאַקן געשלאָגן זיך מיט די פּריצים, וואָס האָבן מורד געווען אין רוסישן מלכות און געוואָלט צוריק אַרויפזעצן אַ פּוילישן מלך אויף דעם טראָן. די מורדים האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין די וועלדער. די קאָזאַקן האָבן זיי געיאָגט, געטריבן, געכאַפּט, געהאַנגען. אָבער עס זענען געווען יידן־אַרענדאַרן, וואָס האָבן צו די מורדים, זייערע פּריצים, פּולווער געפירט. ד״י, וואָס מ׳האָט געכאַפּט, האָבן די קאָזאַקן אויפגעהאַנגען אויף די בוימער ביי די וועגן. גראָד פאַר פּסח האָט מען אין לאָדזשער תפיסה געבראַכט עט־לעכע דאָרפישע יידן. זיי זענען געפאָרן אויף די וועגן מיט פעסלעך עפּל, אין וועלכע זיי האָבן געהאַט פאַרפּאַקט פּולווער. די קאָזאַקן אויפן וועג האָבן דורכגעשטאָכן מיט די פּיקעס דאָס שטרוי אין די וואָגנס און קיין זאַך נישט געפונען. נאָר מיטאַמאָל האָבן זיי גענומען רויבן די עפּל אויף עסן, און זיי האָבן אינמיטן פון אַ פעסל געפונען דעם באַהאַלטענעם פּולווער. עטלעכע יידן האָבן די קאָזאַקן גלייך אויפגעהאַנגען. די איבעריקע האָבן זיי געבראַכט געבונדענע קיין לאָדזש און אַריינגעזעצט אין תפיסה. איצט זענען די ווייבער זייערע און קרובים געשטאַנען אין דער קהילה און גע־וויינט, מען זאָל די געהאַנגענע ברענגען צו קבר ישראל און די אַרעסטירטע אויסלייזן פון גויאישע הענט, ווייל אַנישט וועט מען זיי הענגען.

די קהילה האָט דערפאַר אַ סך געלט געדאַרפט. אויך האָט מען פאַר די אַרעסטאַנטן געדאַרפט אָנגרייטן מצות, זיי זאָלן נישט עסן קיין חמץ אין תפיסה.

דריטנס, זענען באַגאַנגען געוואָרן זינד אין שטאָט. אַ חברה אויפגע־קלערטע לייט, נגידים, וואָס זענען צו־פּעט געוואָרן און געוואָלט אַראָפּוואַרפן דעם עול פון יידישקייט פון זיך, האָבן געבעטן ביים מלכות, מען זאָל זיי לאָזן עפענען אַ שקאָלע פאַר זייערע קינדער, וואו מען וועט זיי לערנען גויאיש, זיי וועלן דאָרט זיצן אין די בלויזע קעפּ און אָוועקגיין פון די חדרים און פון יידישקייט. דאָס מלכות איז נישט לייכט איינגעגאַנגען דערויף, אָבער די נגידים, די אויפגעקלערטע לייט, האָבן זיך געלאָזט קאָסטן אַ סך געלט, און מיט געלט קאָן מען אַלץ דערגרייכן. אויך האָט מען געזאָגט, אַז דיזעלביקע לייט וועלן אויסבויען זיך אַן אייגענע שול, ווי די דייטשע

יידן אין אויסלאַנד, אַריינשטעלן דאָרט אַן אָרגל ווי אין אַ טומאה און דער חזן וועט בלעקערצן ווי אַ גלח. ר׳ אברהם הערש האָט געוואוסט, אַז אַזאַ שול איז ערגער ווי אַ טומאה. ווייל אין אַ טומאה גייען נאָר גויים אָדער משומדים, אָבער אין אַזאַ שול וועט מען נאָך אַריינשטעלן ספר־תורות, מען וועט אַריינציען פּראָסטע יידן און אַראָפּפירן זיי פון גלייכן וועג, וואָס ברענגט צו שמד.

אויך איז געשען אַן אַנדער זינד :

יידן, דאָרפס־גייער, וואָס גייען איבער די דערפער אויסצוקויפן ביי די פּויערים וואָל, פעלכלעך און חזיר־האָר, האָבן זיך דערוואוסט פון די גויים, אַז דער לאָדזשער בחור נפתלי „משומד", וואָס מען האָט אים שוין נישט איין מאָל פאַרטריבן פון שול־הויף פאַר נישט־אָפּגעהיט־זיין אין יידישקייט, האָט זיך גאָר פאַרדונגען צו אַ דייטש, אַ וועבער, אויסצולערנען זיך ווע־בעריי. דערביי האָט מען געזאָגט, אַרבעט דער יונג אום שבת און ער עסט ביי דעם גוי טריפות.

ר׳ אברהם הערש האָט דעם יונג געשיקט רופן אין דער קהילה אַריין און אים מתרה געווען, אַז אויב ער וועט נישט אַוועקגיין פון דעם גוי, וועט אים קהל איבערגעבן צו די זעלנער. אָבער דער בחור האָט נישט געוואָלט הערן און גערעדט עזות, אַז ער וויל זיך אויסלערנען וועבעריי. די באַאמטע האָבן גאָרנישט געוואָלט נעמען דעם נפתלי צו די זעלנער, ווי קהל האָט געבעטן. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז אויך אַנדערע יידן, גרינגע אין יידישקייט האָבן גענומען זיך דערנענטערן צו די גויים. אַזוי האָט דער יונגערמאַן מענדל פלידערבוים, וואָס האָט געהאַלטן עטלעכע וועב־שטולן און אויסגעלערנט זיך ביי זיינע אַרבעטער, די דייטשן, די אַרבעט, אָנגע־געבן אַ בקשה צו דעם גויאישן צעך, מען זאָל אים אַריינגעמען צווישן די מייסטערס. די באַאמטע האָבן אים צוגעהאָלפן, ווייל ער האָט זיך אָנ־געטאָן קורצע קליידער, אָפּגעשוירן זיך די באָרד און אויסגעלערנט זיך שרייבן און רעדן גויאיש. צווישן די פּראָסטע לייט און די באַלמעלאָכעס האָט עס געוועקט קנאה און אַ חשק נאָכצוטאָן די אָפּטריניקעס. גלייך דערויף איז אויסגעבראָכן אַן אונטערגאַנג אין שטעטל, קינדער זענען געשטאָרבן פון שאַרלאַך און עס איז געווען צו זען, אַז דאָס איז גאָטס שטראָף פאַר די זינד פון די פּושעי־ישראלים.

נאָר דאָס גרעסטע עגמת נפש האָט ר׳ אברהם הערש געהאַט דערפון, וואָס זיין ווייב האָט אים נישט געלאָזט פאָרן אויף יום־טוב צום רבין. ער פלעגט זיך פירן צו פאָרן אויף אַלע יום־טובים קיין וואָרקע, נישט נאָר אויף ראש־השנה, יום־כיפור און שבועות, נאָר אויך אַפילו אויף פּסח. זיין ווייב האָט געוויינט, אַז ער פאַרשטערט איר דעם יום־טוב און אַז זי מוז אַהיימפאָרן צו איר טאַטן, דעם דיין, קיין אָזאָרקאָוו, ער זאָל איר אָפּריכטן דעם סדר, ווי אַן אלמנה, חלילה. ר׳ אברהם הערש האָט זיך פון ווייבערשע טרערן נישט געמאַכט קיין סך. דערויף איז זי אַ יידענע, האָט ער גע־

וואוסט, זי זאָל וויינען. אָבער דאָס מאָל איז געווען עפּעס אַנדערש. זי האָט זיך געריכט אַ ליאַדע טאָג אין קימפּעט. זי האָט געשפּירט, אַז עס וועט געבוירן ווערן אַ ייִנגל, וואָרעם זי פלעגט פּילן שטויסן אין דער רעכטער זייט בויך. און זי האָט נישט געוואָלט ,אַז דער ברית זאָל געפּראַוועט ווערן אָן דעם פאָטער.

— איך וועל זיך, שונאי ציון, אַ מעשה אָנטאָן, — האָט זי געוויינט, — כ׳וועל נישט איבערלעבן די חרפּה.

זי איז פון וויינען קראַנק געוואָרן, היץ געקריגן, און ר׳ אברהם הערש האָט זיך קיין אָרט נישט געפונען. ער האָט אַלעמאָל אויפסנייַ באַטראַכט דעם שיינעם זילבערנעם בעכער, וואָס ער האָט געקויפט פאַר זיין רבין אַ מתנה אויף אַ כוס של אליהו, און ער האָט זיך געביסן די שוואַרצע באָרד פאַר פאַרדראָס.

אויך זענען די וועגן קיין וואָרקע נישט געווען רואיק. די קאָזאַקן זענען אומעטום אַרומגעריטן און געשלאָגן די דורכרייזנדע. אַ סך מאָל האָבן זיי אומשולדיקע מענטשן געשמיסן און אַפילו געהאַנגען. מענטשן האָבן אים אָפּגערעדט פון פאָרן אין אַזאַ סכנותדיקער צייט.

אָבער ר׳ אברהם הערש האָט נישט געוואָלט הערן, וואָס מענטשן זאָגן. פאַר דער לעצטער נסיעה צום רבין אויף סוכות, האָט ער דערמאָנט אײַן קוויטל זיין ווייב, וואָס איז געהאַט פאַרגאַנגען אין טראָגן מיט עטלעכע חדשים צוריק. דער רבי האָט אויסגעהערט און געזאָגט:

— אברהם־הערש, דיינע דורות וועלן זיין נגידים.

ר׳ אברהם האָט פאַרצויגן דעם שטערן.

— רבי, — האָט ער געזאָגט מיט מורא, — כ׳וואָלט וועלן, זיי זאָלן זיין יראי־שמים.

דער רבי האָט אים גאָרנישט געענטפערט דערויף. ר׳ אברהם הערש האָט נישט איבערגעפרעגט, נאָר געדענקט האָט ער אין דעם און געזען דערין אַ שלעכטן סימן. גראָד איצט, איידער דער נייער דור קומט אויף דער וועלט, האָט ער געטראַכט, וואָלט ער געדאַרפט פאָרן צום רבין און רעדן מיט אים וועגן דעם, אַז ער וויל, אַז זיינע קינדער זאָלן זיין יידן. וועגן דער מורא צו פאָרן האָט ער נישט געטראַכט. ער איז נישט געווען קיין מוראדיקער, ר׳ אברהם הערש. אין די וועגן האָט ער שוין גענוג געהאַט דורכגעמאַכט, געפאַרן אַלערליי, שרעק. אָפּגעהאַלטן האָט אים דאָס קינד, וואָס דאַרף קומען אויף דער וועלט. עס וועט זיין פאַר דער יידענע אַ גרויסער צער צו בלייבן אַליין אין קימפּעט, האָט ער געטראַכט. זי וועט קיין סדר נישט קאָנען אָפּריכטן. אויך וועט ער אויפן ברית נישט קאָנען זיין, אויב עס וועט מיט גאָטס הילף זיין אַ ייִנגל. דער שווער זיינער, דער דיין, וועט אים פאַרשעלטן פאַר אַזאַ פירעכץ.

פון דער אַנדערער זייט האָט אים געצויגן צום רבין. אויף אים האָבן געוואַרט אָרעמע חסידים פון שטיבל, ער זאָל זיי מיטנעמען אויף זיינע

הוצאות און אויסהאַלטן זיי מיט עסן. זיי וועלן לאַכן פון אים, וואָס ער וועט זיך לאָזן איבעררעדן פון אַ יידענע און בלייבן אין־דערהיים. צוליב אים וועלן יידן האָבן אַ פאַרשטערטן יום־טוב. דערצו האָט ער געקויפט דעם רבין אַזאַ שיינעם זילבערנעם בעכער. וואָסער פּנים וועט ער האָבן, ווען ער וועט געבן דעם רבין אַ פּסחדיקן כוס של אליהו אין שבועות ערשט? און דער עיקר טאַקע וועגן די קינדער. דער רבי האָט געזאָגט, אַז זיי וועלן זיין נגידים. אָבער ער וואָלט וועלן, דער רבי זאָל אים ווינטשן. זיי זאָלן זיין אָפּגעהיטענע יידן. אויב, חלילה, עס איז באַשערט, אַז צוליב זייער נגידישקייט זאָלן זיי קיין יידן נישט זיין, איז ער מוחל דאָס נגידות, זאָלן זיי ליבערשט זיין מלמדים, אַבי ערלעכע יידן. ער מוז רעדן מיטן רבין וועגן דעם, ווי לאַנג ס׳איז נאָך צייט. ווען זי, דאָס ווייב זיינס, וואָלט נישט געווען קיין יידענע, נאָר אַ בר־דעת, וואָלט זיך אים אַליין געדאַרפט איצט טרייבן צום רבין, איידער נאָך ס׳קינד קומט אויף דער וועלט. נאָר וואָס פאַרשטייט אַ יידענע, אַ חוץ טרערן? אָבער דערויף איז ער אַ מאַנסביל, וואָס פאַרשטייט בעסער, וואָס דאַרף נישט ווייך ווערן צוליב ווייבערשע געוויינען.

און ער האָט גענומען פּאַקן די וואַליזעס, די גרויסע לעדערנע רייזע־טאַשן, מיט וועלכע ער פאָרט קיין דאַנציג, ער האָט איינגעפּאַקט טלית און תפילין, די אַטלעסענע קאַפּאָטע, ספרים, אַ גמרא צו לערנען שיעור אין וועג, דעם זילבערנעם בעכער, העמדער. ווי אַן אמתער וואָרקער חסיד האָט ער אויך נישט פאַרגעסן איינצופּאַקן עטלעכע פלעשער פּסחדיקן ריינעם שפּירט, אָקאָוויט. און ער האָט געשיקט לאה־שרה די דינסט נאָך דעם באַלעגאָלע.

— אברהם הערש, — האָט דאָס ווייבל מיטן פאַרריסענעם בויך גע־וויינט, — איך וועל נישט איבערלעבן דעם בזיון!

ר׳ אברהם הערש האָט זיך נישט אומגעקוקט. ער האָט געקושט די מזוזה און אַרויס. ערשט אין דער טיר שטייענדיק, האָט ער צוגעוואונטשן דעם ווייב אַ גרינג האָבן. דערנאָך האָט ער זיך דערמאָנט צוצוגעבן, אַז אויב עס וועט זיין אַ יינגל, מיט גאָטס הילף, זאָל מען אים אַ נאָמען געבן שמחה בונם.

— הערסט, למען השם, שמחה בונם, נאָכן פּשיסכער רבין, זכרונו לברכה, — האָט ער אַריינגעשריגן פון דער אָפענער טיר. — אַזוי וויל איך.

## קאַפּיטל דריי

ר׳ אברהם הערשס ווייב האָט קיין טעות נישט געהאַט אין אירע סימנים ביים טראָגן. די שטויסן אין אַ זייט, וואָס זי האָט אין די לעצטע חדשים געפילט, זענען נישט געווען אומזיסט. זי האָט געוואוסט, אַז דאָס איז

אַ סימן פון טראָגן מיט אַ יינגל, און אַזוי איז עס טאַקע געווען. נאָר אָנ־שטאָט איין יינגל, זענען געקומען צוויי, אַ צווילינג.

נאָך אַ שווערער סדר־נאַכט אין ווייען איז פאַרטאָג געקומען אַ קינד. די שכנטעס פון הויף האָבן גיך געכאַפּט דאָס ניי־געבוירענע נפשל, אַ פּאַטש עס געגעבן, ס׳זאָל שטאַרקער וויינען, וואָס עס איז גוט פאַר אַ ניי־געבוי־רענעם, און אויפהויבנדיק עס צום לאָמפּ, האָבן זיי אויסגערופן מיט שמחה צו דער געווינערין:

— מזל־טוב, אַ יינגל!

די געווינערין האָט נישט אויפגעהערט שרייען און די ווייבער האָבן זי באַרואיקט.

— נו, שוין, שוין, קימפעטאָרין, — האָבן זיי איר געגלעט דאָס פאַר־שוויצטע פּנים. — שוין אַלץ אַריבער בשלום. נישט קרעכצן!

אָבער לאה שרה די דינסט, אַ געניטע קינדלערין, האָט גלייך מיט איר געניט אויג דערזען, אַז עס איז נאָך נישט אַלץ אַריבער, אַז עס גייט נאָך אַ קינד.

— האַלט זיך אָן, באַלעבאָסטע קרוין, מיט די הענט ביים קאָפּ פון בעט, — האָט זי געגעבן אַן עצה, — וועט איר לייכטער געבוירן.

נאָך עטלעכע מינוטן איז געקומען אַ צווייט קינד, אַ גרויס און אַ שווערס.

מען האָט עס נישט געדאַרפט געבן קיין פּאַטש עס זאָל בעסער וויינען. עס האָט געשריגן אויפן גאַנצן קול.

לאה שרה האָט עס גיך געכאַפּט אין די הענט, צוגעטראָגן צום לאָמפּ און אויסגערופן מיט גרויס שמחה:

— מזל־טוב, נאָך אַ יינגל, אַ יונג אַ ריז, קיין בייז אויג.

די ווייבער האָבן אויסגעזוכט אויף גיך צוויי בענדלעך, אַ רויטס און אַ בלויס, אַרומגעבונדן דעם ערשטן אַ רויט בענדעלע אַרום הענטעלע און דעם צווייטן — אַ בלוי בענדעלע, כדי צו האָבן אַ סימן, אַז דער מיטן רויטן בענדעלע איז דער עלטערער און מיטן בלויען — דער יינגערער. אָבער דאָס איז ניט געווען נויטיק. זיי וואָלטן זיך סיי־ווי־סיי נישט גע־לאָזט פאַרבייטן. דער עלטערער אויף עטלעכע מינוט איז געווען אַ קלענער, אַ מאָגערער, מיט שיטערע, העלע הערלעך אויפן שפּיציקן קעפּל און מיט גרויע אויגן, ענלעך צו דער מוטער. דער יינגערער איז געווען אַ גרויסער, אַ שווערער, מיט אַ קיילעכדיקן קאָפּ גרויסע, שוואַרצע האָר און מיט אָפּענע, פריילעכע, שוואַרצע אויגן, אויך די שטימען זייערע זענען געווען פאַר־שידענע. דער עלטערער האָט געוויינט קוויטשיק, פאַרגאַנגען זיך אַזש: דער יינגערער האָט געוויינט הויך, געזונט און גראָב.

— איינס אינגאַנצן די מאַמע און איינס דער טאַטע מיטן אויג, — האָט לאה שרה געזאָגט, דערלאַנגענדיק דער קימפעטאָרין ביידע אויסגע־באָדענע קינדער אין בעט אַריין.

די מוטער האָט בײדע באַטראַכט און צום ערשטן צוגעטוליעט צו דער ברוסט דאָס קלענערע און דאָס שוואַכערע.

— שאַ, שאַ, קאָך נישט אַזוי, — האָט זי געמוסרט דעם אַנדערן, וואָס האָט געגוואַלדעוועט, ווי ער וואָלט נישט פאַרגונען זײַן ברודער, וואָס די מוטער נעמט אים פריער.

אײנס נאָכן צווייטן האָט זי באַשפּריצט מיט דער מילך פון דער ברוסט די מײלעכלעך, זיי זאָלן דערפילן דעם טעם און זיך לערנען זויגן. דער גרעסערער האָט גלײַך געגומען ציען דעם וואָרצל, גראָבן זיך מיטן מײלעכל אין דער מוטערס ברוסט. דער מאָגערער האָט נישט גיך אָנגעכאַפּט און מער געקלעמט ווי געזויגן.

— נו, שאַ, שאַ, נשמה מײנע, — האָט די מוטער געזאָגט מיט רחמנות צום עלטערן, וואָס האָט געוויינט, פאַרגאַנגען זיך אַזש פון נישט קאָנען אָנכאַפּן די ברוסט.

פאַר די גאַנצע אַכט טעג ביזן ברית, איז די קימפּעטאָרין געלעגן אַן אומרואיקע אויף די פּיל קישנס צוקאָפּנס. זי האָט נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט די נעמען פון די קינדער. בײַ דער גאַנצער צײַט פון טראָגן האָט זי גערעדט מיט איר אברהם הערשן, אַז אויב עס וועט, מיט גאָטס הילף, זײַן אַ ייִנגל, זאָל מען אים אַ נאָמען געבן נאָך איר זיידן, דעם וואָידי־סלאַווער רב ר׳ יעקב מאיר. נאָר ר׳ אברהם הערש האָט נישט געוואָלט הערן. ער האָט דורכאויס געוואָלט האָבן אַ שמחה בונם, אַ נאָמען נאָכן פּשיסכער רבין.

— מײדלעך, — האָט ער געזאָגט, — וועסטו קאָנען אַ נאָמען געבן נאָך דײַנע. ייִנגלעך געהערן צו מיר.

אַז דער מאַן איז נישט געווען אין דער היים, איז זי געווען די באַלע־באָסטע. אָבער זי האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן, זי האָט אמת געהאַט איצט, דאַנקען גאָט, צוויי ייִנגלעך, אַזוי, אַז זי האָט געקאָנט זיי געבן פיר נעמען, יעדן צו צוויי. אָבער זי איז געווען אומרואיק. זי האָט ניט געוואוסט, ווי אַזוי זיך אײַנצוטײלן. זי האָט געקענט איר אברהם הערשן, זײַן גרויסע עקשנות. זי האָט מורא געהאַט, אַז וואָס זי וועט נישט טאָן, וועט אים נישט געפעלן ווערן. זי האָט געוואוסט, אַז ער וועט נישט וועלן לײַדן אַפילו קיין אײן נאָמען פון איר צד, אַז ער וואָלט אַ בעלן געווען בײדע צו געבן נעמען פון זײַן צד. וואָרעם ייִנגלעך, האָט ער געזאָגט, גע־הערן צו אים.

ווײַבער האָבן זי צוגערעדט, זי זאָל אין חול־המועד אַוועקשיקן אַ שליח צום מאַן אַון אים בעטן אויפן ברית. נאָר זי האָט נישט געוואָלט. זי איז געווען אין כעס אויף איר מאַן. זי האָט קײנמאָל בײַ אים קיין גרויס מזל ניט געהאַט, זינט זי האָט מיט אים חתונה געהאַט. אָדער ער איז געווען אין וועג צוליב מסחרים, אָדער ער איז אַוועקגעפאָרן צום רבין. און אפילו אַז ער איז געווען אין דער היים, האָט זי אים אויך נישט געזען, ווײַל אָדער ער איז געזעסן מיט די חסידים אין שטיבל און געפּראַוועט סעודהלעך,

אָדער ער פלעגט זיצן ביי זיך אין שטוב און לערנען. זי האָט קיין סך נישט פאַרלאַנגט. זי איז אַליין געווען אַ חסידישע טאָכטער און זי האָט גע־וואוסט, אַז אַזוי פירט זיך אין יידישע שטובן. אויך איר טאַטע האָט זיך אַזוי געפירט, זעלטן זיך מיט דער מוטער געזען, אויסער אין די נעכט, קיינמאָל נישט פאַרבראַכט צוזאַמען. זי האָט געוואוסט, אַז אַ ייד אַ למדן האָט נישט וועגן וואָס צו רעדן מיט אַ ווייב, ווארעם אַ נקבה דאַרף קיין תורה נישט לערנען, טאָר מיט קיין פרעמדע מאַנסבילן זיך נישט באַגע־גענען, נישט ווייזן זיך אַפילו אין שטוב, ווען פרעמדע מאַנסבילן קומען צום מאַן. וועגן וואָס קאָן זי רעדן מיט איר מאַן דעם למדן?

זי האָט דאָס אַלץ געוואוסט, געוואוינט געווען דערצו, ווי אַלע חסידישע ווייבער, און געטראָגן דעם יאָך פון געבוירן ווערן אַ נקבה. ווי אַלע ווייבער, האָט זי אויך אינדערפרי ביים דאַווענען נאָך געלויבט גאָט דערפאַר, וואָס ער האָט זי באַשאַפן אַ נקבה, ווי זיין ווילן איז. אָבער געליטן האָט זי דער־פון. יאָ, זי איז, דאַנקען גאָט, געווען אַ נגידיתטע, מענטשן האָבן זי מקנא געווען, אויך האָט זי יעדעס יאָר געבוירן איר מאַן קינדער, און גראָטענע קינדער. דער מאַן פלעגט איר אויך ברענגען מתנות פון דאַנציק. אַמאָל אַ שיינע טערקישע שאַל, אַמאָל אַ צירונג. אָבער קיין עסקים האָט ער מיט איר נישט געהאַט. אין די שבתים האָט ער שטענדיק געהאַט אַן אורח ביים טיש, אַ מלמד אָדער אַן אָרעמען חסיד. ער איז דעריבער מיט איר קיינמאָל נישט געזעסן ביים טיש. ער האָט דאָך נישט געקאָנט לעבן דעם אורח אַוועקזעצן אַ יידענע ביים טיש. זי איז בלויז אַריינגעקומען, צוזאַמען מיט דער דינסט, אויסצוהערן קידוש. ער האָט איר געגעבן צו פאַרזוכן אַביסל פון בעכער, נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעטרונקען מער ווי אַ העלפט, ווי דער דין איז, דערנאָך האָט ער איר און דער דינסט אָפּגעשניטן גלייכע מוציאס חלה פון דער ברכה, און זי איז אַוועק אין קיך אַריין עסן, צוזאַמען מיט לאה שרהן.

געגאַנגען צוזאַמען ערגעץ זענען זיי נישט. נישט ער האָט געקאָנט רעדן מיט אירע ווייבער, נישט זי האָט געטאָרט רעדן מיט זיינע מאַנסבילן. און טאָמער איז מען שוין יאָ אַמאָל געגאַנגען צו קרובים אויף אַ שמחה, איז דער מאַן מיט איר נישט געגאַנגען צוזאַמען. ער — פאָראויס, און זי — מיט עטלעכע טריט פון הינטן. ווי נאָר זיי זענען אַריינגעקומען אין שטוב, איז ער אַוועק צו די מאַנסבילן און זי צו די ווייבער. אין די שבתים פלעגט ער קומען שפעט פון דאַווענען. דאָס האַרץ איז איר צען מאָל פאַרגאַנגען, ביז זי האָט זיך געקאָנט דערוואַרטן אויף זיין קידוש, זי זאָל מעגן עסן. אָבער נאָך מער פון אַלץ האָט איר וויי געטאָן זיין גדלות קעגן איר. ער האָט קיינמאָל נישט געפרעגט קיין עצה, נישט דערציילט איר, ווען עס גייט אים גוט, און נישט אויסגערעדט זיך פאַר איר דאָס האַרץ ביי עגמת־נפש, אַז עס מאַכט זיך. ער האָט בלויז אַרויסגעצויגן פון דער הויזן־קעשענע דעם גרויסן נגידישן בייטל, אויסגעציילט איר אַ פעקל באַנקנאָטן צו פירן דאָס

באַלעבאַטישקייט, און דאָס איז געווען אַלץ. ער האָט זי אַפילו ביים נאָמען נישט גערופן, בלויז „דו" איר געזאָגט, ווי ביי די גאָר שאַרפע חסידים. אַפילו, ווען ער פלעגט קומען פון די וועגן, האָט ער מיט איר ווייניק גערעדט. ער האָט בלויז אַ קוש געטאָן די מזוזה, געזאָגט:

— גוט מאָרגן, וואָס הערט זיך אין שטוב?

און איר אויסגעשטרעקט אַ מתנה פון וועג. אויב זי האָט עס גענומען פון זיין האַנט, איז עס געווען אַ סימן, אַז זי וועט אים מעגן זיין אַ ווייב נאָך דער לאַנגער נסיעה. אויב נישט, האָט ער אַ פאַרכמורעטן בליק געטאָן און גלייך אַוועק אין שטיבל אַריין צו זיינע חסידים, צו הערן נייעס פון רבין.

זי האָט פאַר אים מורא געהאַט, מורא געהאַט פאַר זיין שווייגן, פאַר דעם ברומענדיקן ניגון ביים לערנען גמרא, פאַר זיין צעוואַקסענער מאַנס־בילשקייט און הדרת־פּנים. זי האָט קיין סך נישט פאַרלאַנגט, בלויז אַ מאָל אַ גוט וואָרט, אַ פריילעך פּנים, וואָס זאָל איר זיין אַ באַלוינונג פאַר איר אָרעם ווייבעריש לעבן אין דער קיך צוזאַמען מיט דער דינסט. אָבער איר מאַן, ר' אברהם הערש, האָט דאָס פאַר קיין יידענע נישט געהאַט. יאָ, ער איז איר געווען אַ מאַן, זי האָט אים אויך קינדער געבראַכט אויף דער וועלט און אויף זיין שטייגער האָט ער זי אַפילו ליב געהאַט, אָבער נאָר אין די נעכט, ווי דער דין איז. ווייטער האָט ער מיט איר נישט גערעדט, קיין פריי פּנים נישט געוויזן. ער איז געווען אַ ייד אַ תקיף, ר' אברהם הערש, גע־האַלטן, אַז אַ יידענע דאַרף זיך נישט מישן אין קיין מאַנסבילשע ענינים, זי דאַרף בלויז האָבן קינדער, אויפהאָדעווען זיי, אָפּהיטן יידישקייט אין שטוב און טאָן, וואָס דער מאַן הייסט. ער האָט טאַקע געשאַפן זיך מיט איר, ווי מיט דער דינסט. ווען נאָר די חסידים זיינע האָט זיך פאַרגלוסט אַריינצופאַלן שפּעט ביינאַכט אויף אַ סעודהלע, אַ הוליאַנקע, האָט ר' אברהם הערש גע־הייסן קאָכן אַ גריץ.

— פלוניתטע, — האָט ער זי גערופן אין קיך אַריין, — ס'מאַכן אַ גריץ פאַר יידן!

זי האָט געמוזט אָפּזיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין און צוזאַמען מיט דער דינסט מאַכן אַ גריץ.

אין די יום־טובים איז ער קיינמאָל נישט געווען אין דער היים. גראָד ווען אין אַלע יידישע שטובן איז פריילעך, איז ר' אברהם הערש אַוועק פון שטוב, געפאָרן צום רבין. אַליין, ווי אַן אלמנה, חלילה, האָט זי גע־מאַכט זיך אַ ווייבערישן קידוש און געגעסן צוזאַמען מיט די קינדער אין קיך. אַן באַלעבאָס האָט דאָס יום־טובדיקע עסן קיין טעם נישט געהאַט. און אַפילו פּסח, ווען די אָרעמסטע יידענע זיצט ביי דער זייט פון איר מלך, האָט זי געמוזט פאָרן צו איר טאַטן דעם דיין קיין אָזאָרקאָוו, ער זאָל איר אָפּריכטן דעם סדר. זי איז שוין געוואוינט געווען צו איר לעבן, צו דעם גרויען און איינזאַמען, און שוין גאָרנישט גערעדט. זי האָט איבעריקנס געקענט איר מאַנס עקשנות און געוואוסט, אַז רעדן צו אים האָט קיין פּעולה

נישט. ער הערט נישט. אָבער דאָס מאָל האָט זי זיך גערירט אין קימפּעט. זי האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן דעם בזיון, צו בלייבן אַליין אין קימפּעט, ווי אַן אויסגעלאָסענע, חלילה. זי האָט אים געבעטן, געוויינט פאַר אים, ער זאָל בלייבן. נאָר ער האָט זי נישט געהערט און אַוועק קיין וואָרקע. אַ וויטיק, צוזאַמען מיט אַ כעס, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט פאַר דער גאַנצער צייט פון איר ווייבערישן לעבן, האָט געברענט אין איר לייב, וואָס האָט צווי יינגלעך, אַ צווילינג, געבראַכט אויף דער וועלט. און זי האָט נישט געהערט די ווייבערס רייד און נישט געוואָלט שיקן קיין שליח צו אים, צו בעטן אים אויפן ברית. זי איז, אגב, נישט געווען גאַנץ זיכער צי ער וועט קומען און איבערלאָזן דעם רבין מיט די חסידים.

איר גאַנצער ווייבערישער שטאָלץ, וואָס איז יאָרן געטראָטן געוואָרן דורך דעם מאַנס שטיוול, האָט אויפגעבליט אין איר קימפּעט־בעט, וואָס איז פאַרהאַנגען מיט ליילעכער און באַשיצט מיט שיר־המעלותן קעגן שלעכטע כוחות. מיט זיכערע און ענערגישע אמנס אויף די פסוקים פון קריאת־שמע־לייענען, וואָס די חדר־יינגלעך האָבן פון יענער זייט ליילעך פריילעך געזאָגט, מיט זיכערקייט און ווירדע צו איר מוטערלעכן חוב, האָט זי דאָס ערשטע מאָל אין לעבן אַליין צוגעגרייט אַלץ צום ברית פון די ניי־געבוירענע, נעגעבן באַפעלן, ווי אַ מאַן אַ הערשער. און אויך וועגן נעמען פאַר די קינדער האָט זי אַליין געטראַכט, איינגעשטעלט זיך קעגן דעם ווילן פון איר מאַן און נעמען זיי געגעבן, ווי זי אַליין האָט געוואָלט.

אינגאַנצן אַ נאָמען געבן נאָך איריקע האָט זי מורא געהאַט, דערויף האָט איר אויסגעפעלט מוט. האָט זי גענומען און זיך איינגעטיילט מיט די נעמען. דעם עלטערן האָט זי אַ נאָמען געגעבן איין נאָמען נאָכן מאַנס צד — שמחה — און דעם צווייטן נאָמען פון איר צד, דעם וואָידיסלאַווער רב — מאיר. דעם יינגערן האָט זי צוגעגעבן די ביידע פאַרבליבענע נעמען פון ביידע צדדים — יעקב בונם.

ווי נאָר ר׳ אברהם הערש איז צוריקגעקומען נאָך די לעצטע טעג פּסח פון וואָרקע, האָט ער זיך געהייסן ווייזן די יינגלעך.

— וועלכער איז דער עלטסטער? — האָט ער געפרעגט ביי זיין ווייב, קוקנדיק מיט איבערראַשטע אויגן אויף די צווי קינדער, געבונדענע שטייף אין וויקעלעך.

— דער קלענערער, — האָט די קימפּעטאָרין געזאָגט, אַראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ.

— ווי הייסט ער? — האָט דער פאָטער געפרעגט.

— שמחה, — האָט די מוטער געזאָגט, ציטערנדיק אינגאַנצן.

— איין נאָמען? — האָט זיך ר׳ אברהם הערש געוואונדערט.

— ניין, אויך מאיר, נאָכן זיידן, דעם וואָידיסלאַווער רב, זכרונו לברכה, — האָט זי געמורמלט, אַראָפּלאָזנדיק די אויגן.

— נאַ, נעם עס צו, — האָט אברהם געזאָגט מיט כעס.

לאה שרה די דינסט האָט אונטערגעטראָגן דעם פאָטער דאָס אַנדערע קינד.

— יעקב בונמל, — האָט זי עס גערופן, — גיי צום טאַטן.

ר׳ אברהם הערש האָט געכאַפּט אַ בליק אויף דעם אַנדערן קינד, וואָס האָט געקוקט אויף אים מיט גלאַנציקע, אָפענע אויגן, און פון זיין פּנים איז אַראָפּ עטוואָס דער כעס. דאָס, וואָס דעם פּשיסכערס צווייטער נאָמען איז אויך דאָ צווישן די קינדער, האָט אים אַביסל באַרואיקט. אָבער אינ־גאַנצן צופרידן איז ער נישט געווען. אים האָט געבריט, וואָס מען האָט אים דעם רבינס נאָמען פונאַנדערגעטיילט, צוגעטשעפּעט פרעמדע נעמען פון עפּעס אַ וואָידיסלאַווער רב צו זיין פאָטערס רבין, דעם פּשיסכער.

— אינגאַנצן דער באַלעבאָס מיטן אויג, — האָט לאה שרה די דינסט פּרובירט ווייכער מאַכן זיין געמיט. — אַ יונג ווי אַ ליכט, קיין בייז אויג.

— מ׳נע, נעמט עס צו, — האָט ר׳ אברהם הערש אויך דאָס אַנדערע קינד צוריקגעגעבן אַ געררייצטער.

ער האָט עס זיך נישט געקאָנט מוחל זיין. ער האָט מער קיין איין בליק אויף די קינדער נישט געוואָרפן.

די מוטער האָט מיט טרערן אין די אויגן צוגעטוליעט דעם עלטערן צו איין ברוסט און דעם יינגערן צו דער צווייטער ברוסט.

— נאָ, מאירל, זויג, נשמה מיינע, — האָט זי גערעדט צום עלטערן, וואָס זי האָט אים גערופן בלויז ביי איין נאָמען, נאָך איר זיידן, דעם וואָידי־סלאַווער רב.

דער יינגערער האָט אַליין געזויגן. דער עלטערער האָט מער געקלעמט ווי געצויגן.

— מאַמעלעך ! — האָט זי גערופן פון ווייטיק די דינסט — לאה שרה !

לאה שרה האָט פלינקט און געניט אָפּגעריסן דעם עלטערן פון דער מוטערס ברוסט און אים באַטראַכט מיט בייזע אויגן.

— דו שייגעץ ! — האָט זי זיך געבייזערט, דראָענדיק אים מיט אַ פינגער פאַרן נעזל. — אַ קינד טאָר נישט קלעמען אַ מאַמען די ציץ. זויג, ווי יעקב בונמל. אָט אַזוי.

זי האָט באַטראַכט דער באַלעבאָסטעס ברוסט און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ס׳ערשטע מאָל אין לעבן זע איך, אַז אַזאַ עופעלע זאָל קלעמען אַזוי שטאַרק אַ ברוסט. אַ שלעכט שטיק, — האָט זי געברומט. — נאָר עס שרייט און קלעמט, דער פעלד־גזלן.

דער קליינער האָט זיך קוויטשיק צעשריגן, וואָס מען האָט אים אָפּ־געריסן פון דער ברוסט, פאַרגאַנגען זיך אַזש אין וויינען. ר׳ אברהם הערש האָט נישט געקאָנט הערן.

— לאה שרה, — האָט ער זיך געבייזערט, — פאַרמאַכט די טיר, כ׳קאָן נישט לערנען איבער די געוואַלדן.

ניין, עס איז אים נישט באַקומען די שמחה, נאָכדעם ווי דאָס ווייב זיינס

האָט אים צעפּטרט די נעמען פון פּשיסכער רבין. ער האָט שוין געדענקט וועגן דעם, ווי די קינדער וועלן מיט גאָטס הילף אונטערוואַקסן, מען וועט זיי דאַרפן נעמען אין שטיבל אַריין, צום רבין, און עס וועט זיין אַ חרפּה פאַר יידן אָנצורופן זיי ביי די נעמען — שמחה מאיר און יעקב בונם. נישט אַהין, נישט אַהער. ער האָט עטלעכע מאָל אַליין אַרויסגערעדט די נעמען. זיי האָבן זיך אין זיין מויל נישט געקלעפּט. ער האָט דאָס איר, דעם ווייב זיינעם, נישט געקאָנט מוחל זיין, און כאָטש זי איז געווען נאָך אַ קימפּעט, שוואַך נאָך, איז ער גאָרנישט אַריינגעגאַנגען צו איר, קיין וואָרט נישט אויסגערעדט, ווייניקער נאָך ווי אַלעמאָל.

ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין אַרבעט, געווען פאַרנומען מיט מסחר און מיט תורה.

ער איז מער קיין דאַנציק נישט געפאָרן. ער האָט גענומען פירן געשעפטן אויפן אָרט. אין שטאָט אַליין.

אין לאָדזש זענען די געשעפטן זייער גוט געגאַנגען. דאָס שטעטל איז געוואָקסן פון טאָג צו טאָג.

נאָך די ערשטע יידן, וואָס האָבן געקריגן פּריווילעגיעס צו עפענען וועבערייען צוליב זייער גויאישן הילוך און דערנעענטערן זיך צו די גויים, האָבן אַ סך יידן, פּראָסטע, באַלעבאַטישע, גענומען פאַרלייגן וועבערייען איינער נאָכן אַנדערן. די רוסישע באַאמטע, וואָס זענען איצט אַריינגעזעצט געוואָרן אין לאַנד, נאָכדעם ווי די קאָזאַקן האָבן דעם אויפשטאַנד פון די פּריצים דערדריקט, האָבן זייער גערן גענומען כאַבאַר און מתנות פון די יידן ,וואָס האָבן געוואָלט אַרבעטן און לעבן. זיי האָבן געקוקט דורך די פינגער אויף די יידישע וועבערייען, וואָס האָבן געקלאַפּט פריילעך אויף אַלט־שטאָט, כאָטש די דייטשן האָבן די יידישע וועבער נישט אַריינגענומען אין צעך.

צום ערשט האָבן זיך די יידן געשטיקט אין יידישן פּערטל. איבער נאַכט האָט מען צוגעבויט הייזער, שטאָקן, גאַניקעס, בוידעם־שטיבלעך, עס זאָל זיין גענוג פאַר די, וואָס זענען זיך אָנגעפאָרן פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך קיין לאָדזש, צו דעם אָרט פון אַרבעט און פּרנסה. מען האָט געבויט און געמויערט ביינאַכט, אָן דערלויבעניש, אָן אַ סדר און אָרדענונג, אַ הויז אַריינגערוקט, אַ הויז אַרויסגערוקט, קרום, צעדרייט, ווי ס'האָט זיך געלאָזט. מען האָט נישט געקאָנט וואַרטן. דאָס שטעטל איז געוואַקסן גיך. ביסלעכווייז האָבן יידן גענומען זיך אַרויסרוקן פון דער ענגער יידישער געגנט אין די ברייטערע „ווילקעס" אַריין, וואו עס איז זיי פאַרווערט געווען צו באַזעצן זיך. פריער האָבן זיך אַרויסגערוקט די רייכערע, די מוטיקערע, אַריינגעשאַרט זיך מיט איין פוס אין פאַרבאָטענעם אָרט אַריין. באַלד האָבן אָנגעהויבן נאָכגיין די קלענערע, די מער פאָרזיכטיקע.

ווי אַ טייך צו פרילינג, וואָס גיסט אַריבער זיינע ברעגן און שווענקט אָפּ אַלע וואַלן און שוץ־ווענט, וועלכע ווילן אים פאַרהאַלטן אין זיין גאַנג, אַזוי האָבן די יידן פון לאָדזש און פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער

איבערגעריסן אַלע צוימען, וואָס זענען געשטעלט געוואָרן צו פאַרהאַלטן זייער לעבנס־וועג, אויפגעבראָכן אַלע גזירות און געזעצן, וואָס זענען דורך דער פּאָליציי און דורך די ניי־איינגעוואַנדערטע דייטשן געמאַכט געוואָרן קעגן זיי.

טויזנטער יידישע אַרענדאַרן, שענקערס, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין די דערפער ביי די פּריצים, האָבן איצט, נאָך דער מפּלה פון די פּריצים אין זייער אויפשטאַנד, געמוזט אַרויסוואַנדערן פון די היימען זייערע און זוכן זיך ברויט אין שטעטל און אין שטאָט. אין די שטעטלעך האָבן זיך געמערט מיט יעדן טאָג די קרעמלעך פון שניט־סחורה, אין וועלכע עס זענען געזעסן פּוסט־און־פּאַס די זעכצן־יאָריקע ווייבלעך, כדי צו שפּייזן זייערע מענער, די וואויל־לערנער. די פּריצים זענען צעשלאָגן געוועזן, אַרויס־געשיקט פון לאַנד. די באַפרייטע פּויערים פון שקלאַפעריי זענען געוועזן אָרעם. מען האָט נישט געזען קיין קונה פאַר די אויגן. און יידן האָבן פאַר־לייגט וועב־שטולן אין די שטעטלעך אַרום לאָדזש. מערסטנס זענען גע־גאַנגען קיין לאָדזש אַליין, וואָס האָט מער פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך זיך אַרויסגערוקט. אַרבעטס־לייט, געוואוינט שטענדיק אין די דערפער ביי די פּריצים צו יעדער עוולה, צו יעדער ריזיקע, האָבן זיי, די אָנגעקומענע דאָרפס־יידן, נישט אָפּגעשטעלט זיך פאַר קיין פאַרבאָט און פאַרלייגט וועבערייען, פּונקט ווי די דייטשן אַרום.

אין אָנהויב האָבן זיי צוגענומען דייטשן צו דער אַרבעט. די דייטשע אָרעמע וועבער, וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט אַליין דערשלאָגן צו קיין וועבערייען, זענען גערן געגאַנגען צו די יידן אַרבעטן, גערנער ווי צו די דייטשע מייסטערס. די יידן האָבן נישט פאַרלאַנגט פון די אַרבעטער, זיי זאָלן זיי קושן אין האַנט יעדן פרימאָרגן, ווען זיי קומען צו דער אַרבעט, און יעדן פאַרנאַכט, ווען זיי גייען אַוועק פון דער אַרבעט. זיי האָבן נישט געשלאָגן, ווען זיי האָבן געפּאַקט ביי אַן אַרבעטער אין קעשענע אַביסל אַראָפּגעגנבעטע וואָל. זיי האָבן עס בלויז אַרויסגענומען און אַוועקגעוואָרפן צוריק אויפן אָרט. אין די שבת־צו־נאַכטסן זענען די דייטשע אַרבעטער געזעסן אין די קיכן פון יידישע מייסטערס, געוואַרט אויף לוין, געגריזשעט לייקעס, געשפּיגן און דורכגערעדט זיך מיט די ווייבער און קינדער אין ריינסטן יידיש.

— ר׳ באַלעבאָס, — האָבן זיי געזאָגט די באַלעבאַטים, וואָס האָבן געאָרנישט געקאָנט אַרויסקריכן פון שבת אין דער וואָכן אַריין ,— גיט די עטלעכע גולדן. באַלד וועט מען פאַרמאַכן די שענקען.

ביסלעכווייז האָבן יידישע יינגלעך, בחורים און אַפילו באַווייבטע גע־נומען קומען פון די שטעטלעך און אויסגעלערנט זיך די אַרבעט. טאַטעס זיינען געגאַנגען מיט זייערע יינגלעך איבער די וועגן ,וואָס פירן קיין לאָדזש. זיי האָבן געטראָטן באָרוועסע אין די זאַמדן, אָפּגעיאָגט זיך מיט שטעקנס פון די דאָרפישע הינט. דאָס האָבן זיי געפירט זייערע זין, וואָס

טויגן נישט צו דער תורה, אויף אָנצודינגען זיי אויף דריי יאָר אויף דער לער צו די לאָדזשער וועבער. נאָענט צו דער שטאָט האָבן זיי אַרויפגעצויגן די שטיוול אויף די פיס און אָנגעזאָגט זייערע זין, זיי זאָלן זיין לייט, זיין גוט צו גאָט און צו לייטן, פאָלגן דעם באַלעבאָס, זיין אונטערטעניק, וועט זיי זיין גוט אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט. פון טיפע קעשענעס אין שפּאַנצערס, פון שווערע טייסטערס האָבן זיי אַרויסגעצויגן פאַרהאָרעוועט געלט, פאַרפּעטסטע באַנקנאָטן, איינגעצאָלט די מייסטערס פאַר מאַכן אַ קאָנטראַקט. די ייִנגלעך האָבן דערפאַר געקראָגן ביי די מייסטערס עסן און שלאָפן און געלערנט זיך די מלאכה.

אין די הונדערטער זיינען זיי איצט געשטאַנען ביי די שטולן. מיט יאַרמלקעס אויף די קעפּ, מיט טלית־קטנס איבער די צייגענע הויזן, מיט צויטן ביינוול אין די געקרייזלטע האָר און אין די שפּראָצנדיקע בערדלעך, האָבן זיי מיט פלינקע הענט געוועבט וואָלענע און ביינוועלנע סחורות און ווייבערישע טיכער פון פאַרטאָג ביז אין דער נאַכט אַריין. זיי האָבן געזונגען חזנישע שטיקלעך, געציקלט זיך ביי „יעלות“, געגאָר־גלט זיך בײ „כבקרת רועה עדרו“. די באַלעבאַטים זיינען אַרומגעגאַנגען מיט פאַרפּע־דערטע יאַרמולקעס, האָבן נאָכגעקוקט צו דער אַרבעט, געהאַלטן די סחורה אויפן אויג, מע זאָל נישט גנבענען, און אונטערגעיאָגט די געזעלן יעדעס מאָל, ווען איינער פון זיי האָט זיך אָפּגעשטעלט אָפּווישן דעם שוויס פון שטערן אָדער פאַרדרייען אַ פּאַפּיראָס.

ביי די קיכן זענען געזעסן די ווייבער מיט די טעכטער און געשיילט קאַרטאָפל, געפּרעגלט ציבעלעס אין גרויסע בראָטפּאַנען און געגרייט עסן פאַר די געזעלן. די לערן־ייִנגלעך האָבן געוויגט מיט איין פוס אַ קינד אין וויג און מיט די הענט געוויקלט וואָל אויף שפּולעס.

אויף די מערק האָבן יידן געהאַנדלט מיט סחורות, רעשטלעך, וואָל, ביינוול, קרעמלעך האָבן געלייזט געלט ביי די אַרבעטער. שמאַטעניקעס האָבן געפירט אין שטאָט אַריין שמאַטעס, אַלערליי אָפּפאַל פון סחורות און פאַר־קויפט צו יידן, וואָס האָבן דערפון וואַטע געמאַכט, נייעם ביינוול אויסגע־אַרבעט. ווייבער און מיידלעך זענען געזעסן ביי די שפּולעס און אַרויפ־געצויגן די פעדעם אויף רויטע הילצערנע קאָלערס. שניידערס און בייטאָ־רינס האָבן געקלאַפּט אויף די מאַשינען. זאָקן־מאַכערקעס האָבן אויס־געאַרבעט זייער גראָבע און זייער פאַרביקע ווייבערישע זאָקן פאַר ווייבער. אומעטום האָבן געקלאַפּט מאַשינען, באַגלייט פון חזנישע שטיקלעך און פון מיידלערישע ליבע־לידער.

אַז די שטאָט האָט זיך שוין צופיל גענומען שטיקן אין דער ענגשאַפט, האָבן יידן גענומען בויען אַ פאָרשטאָט ביי לאָדזש.

אין אַ זייט ביי דער שטאָט זיינען געלעגן פעלדער, גרויסע און זאַמ־דיקע, אויף וועלכע תבואה איז זייער שלעכט געוואַקסן. אויך דאָס גראָז איז געוואַקסן שיטער און זאַמדיק, אַזוי, אַז די בהמות, וואָס האָבן זיך אויף

זיי געפּאַשעט, זענען געווען דאַר, קליין־אייטערדיק און וויניק מילך געגעבן. די פּויערים, וואָס האָבן די ערד באַארבעט, מערסטנס געוועזענע לייב־שקלאַפן פון די צוויי ברידער, די פּריצים קאַנאַרסקי, האָבן נישט געקאָנט, נאָך זייער באַפרייאונג, אָפּקויפן די ערד ביי זייערע הערן. נישט זיי האָבן געהאַט געלט דערויף, נישט זיי האָבן געקאָנט זיך פון דער ערד דערנערן, ווייל זי איז געווען זאַמדיק און נישט־פּרוכטבאַר. זיי זיינען ווייטער גע־בליבן ביי זייערע פּריצים, געלעבט אָרעם און נאַקעט, דערנערט זיך בלויז מיט קאַרטאָפל און געהונגערט לאַנג פאַר יעדער שניט־צייט.

דער רייכער אַרענדאַר, דער קאָצקער חסיד ר׳ שלמה דוד פּרייס, וואָס פלעגט פירן פּוילישן ווייץ און קאָרן קיין פּרייסן, האָט איין מאָל אין אַ נאַכט, ווען ער האָט נישט געקאָנט שלאָפן, דערטראַכט זיך, צווישן אַלערליי אַנדערע מחשבות, אַז מען דאַרף ביי די פּריצים, די ברידער קאַנאַרסקי, אָפּקויפן די שלעכטע ערד און אויפבויען אַ שטעטל ביי לאָדזש, וואו עס זאָלן זיך קאָנען באַזעצן די אָרעמעלייט, די באַלמעלאָכעס און באַלעגאָלעס, וואָס שטיקן זיך אין שטאָט. באַלד אינדערפרי נאָכן דאַווענען האָט ער געהייסן זיין משרת שפּאַנען די בריטשקע און אַריבערפירן אים צו די קאָ־נאַרסקיס אין זייער גוט.

ווי אַ געניטער געשעפטסמאַן, איז ער נישט גלייך פאַרפאָרן צו די פּריצים אַליין, נאָר אָפּגעשטעלט זיך לעבן פּריצס עקאָנאָם צו רעדן וועגן קאָרן, וואָס ער האַלט ביים קויפן. קייענדיק אַזוי די ווייצן אין שייער, האָט ער אויסגעפרעגט זיך וועגן די פּריצים קאַנאַרסקיס, וועגן זייערע גע־שעפטן, מסחרים. דער עקאָנאָם האָט געצויגן די לאַנגע וואָנסעס און גע־זיפצט איבער די הערן זיינע, וואָס זענען פאַרשולדיקט איבערן קאָפּ, נאָר זיי אַליין טוען גאָרנישט דערויף, וואַרפן מיט געלט, פאָרן קיין פּאַריז הול־טאַיען און דעם גאַנצן עול לאָזן זיי אויף אים, דעם עקאָנאָם.

ר׳ שלמה דוד האָט רואיק אויסגעהערט און אַ צופרידענער אַוועק צום הויף.

ניין, ער איז נישט געווען אַזוי נאַריש צו דערציילן די פּריצים, אַז ער גרייט זיך בויען אַ שטעטל אויף זייערע פעלדער. ער האָט גאָר גענומען רעדן וועגן אַ גלאָז־הוטע, וואָס ער האָט בדעה אויסצובויען אויף אַ זאַמדיקן אָרט, און ווען עס זאָל זיך אים מאַכן אַ געלעגנהייט צו קויפן ביליק זאַמדיקן באָדן, וואָלט ער אַ טראַכט געטאָן. בייביידע פּריצים האָבן גלייך אויפ־געלויכטן די אויגן.

— פּאַניע שלאָמקו, — האָבן זיי גענומען אים רופן מיט אַ טיטול, פאַר־געסנדיק גאָר אין זייער פּריצישקייט, וואָס פאָדערט צו רעדן צו אַ ייד אויף „דו״, — אונדזער מאַיאָנטעק „באַלוטי״ האָט אַזויפיל זאַמד, אַז מען קאָן דאָרט צען הוטעס אַוועקשטעלן...

ר׳ שלמה דוד האָט זיך נישט געאיילט, גוט אויסגעדונגען זיך און די ריזיקע זאַמדיקע פעלדער אָפּגעקויפט פאַר צוואַנציק טויזנט רובל במזומנים.

אַז די פּריצים האָבן אין פּאַריז זיך דערוואוסט פון זייער עקאָנאָם, אַז דער ייִד בויט אַ שטעטל אויף זייערע פעלדער, זענען זיי געקומען צו לויפן און גענומען זוכן מבטל צו מאַכן דעם פאַרקויף. זיי האָבן אויסגעפונען, אַז דער ייִד האָט געקויפט ביי זיי אויף בויען אַ הוטע, נישט קיין שטעטל, און דעריבער איז דער קאָנטראַקט נישט גילטיק. די ריכטער און די אַסעסאָרס, וואָס זענען געווען מיט די פּריצים פריינט, האָבן געזוכט אין די געזעצן און געוואָלט אַרויסשטופּן דעם ייִד. ר׳ שלמה דוד פּרייס האָט נישט געהאַט קיין פּאַלאַץ אויף צו מאַכן בעלער פאַר ריכטער און אַסעסאָרן, אויך האָט ער נישט געקאָנט רעדן מיט זיי וועגן הינט און האָזן, וואָס זיי האָבן אַזוי ליב. אָבער ער האָט געהאַט געלט, רענדלעך גאָלדענע, אויף וואָס די ריכטער און אַסע־סאָרן זיינען גרויסע בעלנים. און זיי האָבן שוין אַזוי געזוכט אין די געזעצן, אַז זיי זאָלן זיין פאַר דעם ייִד, נישט פאַר דעם פריץ. אַז די פּריצים האָבן געזען, אַז זיי האַלטן שלעכט, האָבן זיי אָנגעגעבן אַן אָנקלאַגע צו דער מאַכט, וואָס פאַרווערט ייִדן צו באַזעצן זיך אין אַ דאָרף. באַאַמטע זענען גע־פאָרן אין קאַרעטעס צו די קאָנאַרסקיס אין שלאָס, וויין געטרונקען, אויף יאַגד געגאַנגען, מיט זייערע טעכטער געטאַנצט, און צוגעזאָגט די פּריצים אַלץ. אָבער ר׳ שלמה דוד האָט געשאָטן מיט געלט, מיט גאָלדענע רענדלעך אויף רעכטס און לינקס, און די הויכע באַאַמטע האָבן גענומען שלעפּן מיט די געזעצן, שיקן זיי קיין וואַרשע, אָנשרייבנדיק אַזויפיל פּאַפּירן, קאָמענ־טאַרן און יורידישע דריידלעך, אַז די באַאמטע אַליין האָבן זיך פאַרפּאָלנטערט אין זיי, נישט אַרויסגעקראָכן.

דערווייל האָט מען אויף די זאַמדיקע פעלדער גענומען בויען, מויערן, פּלאַץ נאָך פּלאַץ, געסל נאָך געסל. די פּלעצער זענען געשטיגן, געוואַקסן איבער נאַכט. געבויט האָט מען גיך, איילנדיק, קרום, צעדרייט, ווי ווער עס האָט געוואָלט, ווי וועמען עס איז געפעלן — אַ הויז אַריינגערוקט, אַ הויז אַרויסגערוקט, געדרייט, געשלענגלט. איידער נאָך מען האָט פאַר־ענדיקט אויסשמירן מיט קאַלך די ווענט פון אַ ניי הויז, האָט מען שוין דאָרט געוואוינט. פּויערים האָבן געפירט זאַמד, ציגל, אויסגעריסן וואָרצלען פון דער ערד, געלאָשן קאַלך, געשניטן האָלץ, געדעקט דעכער. ייִדישע סטאָ־ליאַרעס, טעסלערס, מוליאַרעס, בלעכער, גלעזער האָבן געאַרבעט, גע־יאָגט, געטריבן. די פּאַפּירן האָבן זיך געוואַלגערט אין סענאַט, נאָר דאָ איז דערווייל אויסגעוואַקסן אַ שטאָט מיט הייזער, גאַסן, מערק, וואָס קיין שום געזעץ וועט זיי נישט קאָנען אַראָפּרייסן.

איידער די נייע שטאָט באַלוטי, וואָס ייִדן האָבן זי גערופן באַלוט, האָט נאָך גענומען צוטראַכטן נעמען פאַר די נייע גאַסן און געסלעך, וואָס זענען אויסגעוואַקסן אויף אירע זאַמדן, האָבן שוין די ייִדן אַליין, די וועבער שניידער און באַלעגאָלעס, אייגענע נעמען זיי געגעבן, נעמען היימישע, ייִדישע, לויט די באַלעבאַטים פון די הייזער. לויט די נעמען פון שולעכלעך און בתי־מדרשים, וואָס זיי האָבן דאָרט אויסגעבויט. עס זענען אויסגע־

וואקסן די שול־גאַס, פעפער־געסל, פייפער־געסל, יונה פילצערס פּלאַץ, גראַסמאַנס געסל, אַלערליי אַנדערע געסלעך מיט היימישע נעמען.

ביי די עקן זענען נאָך אַלץ פאַרבליבן די פּויערים מיט זייערע הייזלעך מיט שטרויענע דעכער, דאַרע קיעלעך, גענדז, חזירים און הינט. אָבער מיט יעדן טאָג איז זייער דאָרפישקייט פאַרשוואונדן. זיי זענען אַריינגע־שלעפּט געוואָרן אין שטאָט, ווער עס האָט געמויערט, ווער עס האָט גע־שלעפּט ציגל צו די מויערן, זאַמד געפירט, ליים געגראָבן, די וואָרצלען פון דער ערד אַרויסגעריסן. ביסלעכווייז האָבן זיי אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די פּויערשע קליידער, אַריינגעקראָכן אין טאַנדעט־שטאָטישע, געקויפט אין די קרעמלעך, פאַרדינט געלט און אויסגעגעבן געלט. די קינדער זייערע האָבן זיך גענומען דרייען אין די יידישע געסלעך ,אויסגעלערנט זיך אַ וואָרט יידיש, געכאַפּט שבת אַ שטיקל חלה פאַר אַראָפּנעמען די לייכטער אין אַ יידישער שטוב, פאַר איינהייצן ווינטער אין אויוון, פאַר פאַרלעשן די לאָמפּן. אָרעמע דייטשע וועבער האָבן זיך אַריינגעצויגן אין די פּויערשע הייזלעך. באַלד דערנאָך האָבן די דייטשע אַגענטן גענומען גיין איבער די דערפער, דינגען פּויערים, פּויערטעס און יונגע מיידלעך צו גיין אין שטאָט אויף אַרבעט אין די דאַמף־פאַבריקן, וואָס האָבן גענומען זיך ווייזן אין שטאָט, קריכנדיק מיט די הויכע קוימענס אין קלאָרן הימל אַריין.

אין דער זייט פון די „ווילקעס״, נאָענט צו די פעלדער שויך, האָט דער דייטשער מייסטער היינץ הונצע, וואָס האָט פאַרדינט אַ סך געלט ביי זיינע האַנט־שטולן און געוועזן פאַרוואָרפן מיט אַרבעט, אויסגעבויט אַ דאַמף־פאַבריק, אַ רויטע און אַ פיל־פענצטערדיקע. פאַרטאָג האָט דער אַרויפ־שיסנדיקער קוימען געריסן זיך מיט באַנומענע קולות און אויפגעריסן מענטשן פון שלאָף, געוועקט צו דער אַרבעט. באַלד נאָך אים האָט דער קאָצקער חסיד, ר׳ שלמה דוד פּרייס, וואָס האָט געמאַכט אַ פאַרמעגן ביי זיינע פלעצער אין באַלוט, געלאָזט זיך מאַכן אַ נייע ריפּסענע קאַפּאָטע, אַ הויך זיידן היטל באַשטעלט זיך ביי אַ היטל־מאַכער, אַ שירעם אַ זיידענעם זיך איינגעהאַנדלט ,און פאַרנייענדיק זיין געלט, אין הוילע באַנקנאָטן, אין דער בוזעם־קעשענע פון זיין סאַמעטענער וועסט ,וואָס ער האָט אויף קיין רגע פון זיך נישט אַראָפּגענומען, אַפילו אין שלאָף — האָט ער זיך געלאָזט איבער גרענעצן און לענדער, ביז ענגלאַנד. אָן וועלכער פרעמדער שפּראַך, בלויז מיט אַ דייטשמערישן יידיש, האָט ער גרויסע מאַשינען איינגעהאַנדלט, אָן אינזשינער אַ גוי געדונגען, אויך אַ כעמיקער, און זיי צוזאַמען מיט די מאַשינען קיין לאָדזש אַראָפּגעבראַכט. אויף אַ גרויסן פּלאַץ, וואָס ער האָט פאַר ביליק געלט אָפּגעקויפט, האָט ער אַ דאַמף־פאַבריק אַוועקגעשטעלט און מיטן צווייטן קוימען אין ריינעם הימל פאַרקראָכן, איבערשרייענדיק הונצעס קוימען.

ער האָט קיין יידישע וועבער אין דער פאַבריק נישט גענומען, וואָרעם די גויים, די ענגלענדער, האָבן נישט געוואָלט אַרבעטן זונטיק, בלויז פון

מאָנטיק ביז שבת־צו־נאַכטס. אָבער אַזוי ווי אויך די גויים טאָרן אום שבת נישט אַרבעטן ביי קיין ייד, דען עס שטייט געשריבן: עס זאָל רוען דיין קנעכט, דיין אָקס און דיין אייזל, איז ר׳ שלמה דוד פּרייס, וואָס איז געווען אַ ייד אַ למדן, אַוועק צום רב, געלאָזט אָנשרייבן אַ גרייזיקע שטר־מכירה, אַ לשון־קודש־פּאַפּיר, אין וועלכן עס איז אין אַ געמיש פון העברעאיש און אַראַמיש אָנגעשריבן, אַז שלמה דוד פּרייס, פון דער הייליקער קהילה לאָדזש, וואָס איז ביים טייכל לודקאַ, פאַרקויפט די פאַבריק זיינע צו זיין משרת וואַיטשעך סמאָליוך. דער גוי מיט די ריזיקע שטרויענע וואָנצעס איז זייער אַ דערשראָקענער געשטאַנען אין דער רבנישער בית־דין־שטוב, ווען דער באַלעבאָס זיינער האָט אים „פאַרקויפט" די פאַבריק זיינע.

— פּאַניע, — האָט ער זיך געבעטן ביי זיין באַלעבאָס, וואָס האָט אים איבערגעזעצט דעם העברעאיש־אַראַמישן קאָנטראַקט, — איך בין אָרעם, ווי קאָן איך קויפן אַ פאַבריק?

— גלופּיש, וואַיטשעך! — האָט אים דער באַלעבאָס זיינער געזאָגט. — טו, וואָס מען הייסט. וועסט מיר באַצאָלן בלויז אַ רובל פאַר דער פאַבריק...

— אָבער איך האָב נישט, — האָט זיך דער דערשראָקענער גוי געבעטן.

— נאַ דיר, איך ליי דיר אַ רובל, וואַיטשעך, — האָט ער געזאָגט, — באַצאָל אים מיר איצט פאַר דער פאַבריק, וואָס איך פאַרקויף דיר, און ווען דו וועסט האָבן, וועסטו אים מיר צוריקגעבן.

דער גוי האָט נישט פאַרשטאַנען, מורא געהאַט, צי די יידן ווילן אים נישט אָפּנאַרן, כישוף אָפּטאָן, דעם טייוול פאַרקויפן. נאָר אַז דער באַלעבאָס זיינער האָט זיך אויף אים אָנגעבייזערט און געהייסן טאָן, וואָס מען הייסט אים, האָט דער גוי זייער פאַרזיכטיק אָנגערירט די שפּיץ רויטע קעשענע־פאַטשיילע, וואָס דער רב האָט אים דערלאַנגט, מקבל־קנין צו זיין, אַז ער קויפט טאַקע אָפּ די פאַבריק ביי זיין באַלעבאָס. דער רב האָט פאַרלאַנגט, אַז דער גוי זאָל זיך אויך אונטערשרייבן, נאָר דער גוי האָט נישט געקענט. ער האָט בלויז אַוועקגעשטעלט דריי צלמלעך. סיי דער רב, סיי ר׳ שלמה דוד פּרייס זענען געווען אומצופרידן, אי פון גויס דערשראָקנקייט, וואָס ער פאַרשטייט גאָרנישט אין יידישע זאַכן, אי פון זיין אַוועקשטעלן אַזש גאַנצע דריי צלמלעך אויף אַ לשון־קודשדיקער שטר־מכירה. אָבער טאָן קעגן דעם האָט מען גאָרנישט נישט געקאָנט. ר׳ שלמה דוד האָט דעם גוי געגעבן גאַנצע צען גראָשן אויף אַ שנאַפּס צוזאַמען מיט דעם לשון־קודשדיקן כתב. דער גוי האָט דאָס פּאַפּיר באַהאַלטן אין היטל און אַ דערפרייטער אַוועק אין שענק. ר׳ שלמה דוד האָט באַצאָלט אַ גאַנץ דרייער־קערבל דעם רב פאַר זיין כתב און אַוועק אַהיים אַ צופרידענער, וואָס די פאַבריק וועט קאָנען אַרבעטן אום שבת און ער וועט נישט האָבן קיין זינד אויף זיך. וואָרעם די פאַבריק איז נישט מער זיינע. זי געהערט צו זיין משרת וואַיטשעך סמאָליוך, און וואַיטשעך סמאָליוך דאַרף נישט

היטן די תורה און אירע געבאָטן, וואָס גאָט האָט נאָר געגעבן צו זיין אויס־דערוויילט פאָלק, יידן.

די פאַבריק האָט געקלאַפּט, געציטערט מיט אַלע רויט־געמויערטע ווענט. רויכן האָבן זיך הויך געצויגן צום הימל, געשוואַרצט די לויטערע לופט. סירענעס האָבן טויב געמאַכט מיט זייערע קוויטשיקע פייפערייען. די דייטשע האַנט־וועבער האָבן דערזען אַ געפאַר אין די קוימענס, וואָס פאַריאָגן די מענטשן פון זייער אַרבעט, און גענומען קוקן מיט טרויער אויף זייערע אָדערדיקע הענט. די דייטשע מייסטערס האָבן מורא געקראָגן פאַר קאָנ־קורענץ און געהעצט די אַרבעטער קעגן די יידישע טייוולאָנישע מאַשינען. פאַר צאָרן האָבן זיך די וועבער געזאַמלט אין די שענקען און פאַרטרונקען די לעצטע גראָשנס. און אין איינעם אַ שבת־צו־נאַכטס זענען זיי אַרויס מיט פאַקעלן, אייזנס און מעסערס און די מאַשינען ביי דעם ייד צעבראָכן, נאַפּט אויף די ווענט געגאָסן און געצונדן. פאַראויס זענען געגאַנגען די דייטשע מייסטערס מיט די צעך־פאָנען אין די הענט. שיכורע, צעלאָזענע, זענען זיי דערנאָך מיט געזאַנגען און קללות אין דער יידישער גאַס אַריין און, ווי זייערע פאָטערס און זיידעס אין די דייטשע שטעט, זענען זיי די יידן, די וועבער און די קרעמער, באַפאַלן, שויבן געהאַקט, געשלאָגן, געגרויבט און קולות געמאַכט:

— העפּ, העפּ, יודע!...

נאָר קאָזאַקן מיט הוילע שווערדן האָבן זיי אַרומגערינגלט, ביז צום טייכל „לודקאַ" אַריינגעטריבן און מיט נאַהייקעס איבער די קעפּ געשלאָגן.

ר' שלמה דוד פּרייס האָט נאָך געדיכטערע רויכן גענומען לאָזן פון זיין קוימען. די סירענעס האָבן נאָך גרילציקער גערופן פאַרטאָג. דייטשע רייכע וועבער, וואָס האָבן אַ סך געלט פאַרדינט ביי זייערע וועב־שטולן און זענען פאַרוואָרפן געוועזן מיט אַרבעט פאַר רוסלאַנד, האָבן אין דער פּוי־לישער באַנק געלט געליען און פאַבריק נאָך פאַבריק אַוועקגעשטעלט. יידישע גבירים, וואָס האָבן אַ סך יאָרן מיט דאַנציק געהאַנדלט, האָבן זיך אַרויסגעצויגן פון מסחר און פאַר די געלטער פלעצער געקויפט און דאַמף־פאַבריקן געשטעלט.

אויף די פעלדער אַרום לאָדזש זענען ציגל־רויטע פאַבריקן אויסגע־וואַקסן. שמוציקע אויספּלוס־וואַסערלעך האָבן פאַראומרייניקט די לופט. פון די דערפער אַרום האָבן פּויערים געפירט וואָגנס מיט ליים, זאַמד און ציגל איבער די זאַמדיקע וועגן. יידן האָבן ציגל־פאַבריקן אויסגעמויערט, וואו נאָר ס'האָט זיך ליימיקע ערד געוויזן. וואַלד־סוחרים האָבן געשניטן בוימער, פּויערים האָבן קלעצער געזעגט, געטעסעט, באַלקנס געמאַכט. מוליאַרעס האָבן קאַלך געלאָשן. יידישע באַלמעלאָכעס האָבן געאַרבעט, סטאָ־ליאַרעס האָבן טיר און פענצטער געמאַכט, שינדל־מאַכער האָבן שינדלען געפיגעוועט, בלעכער האָבן דעכער געדעקט, שמידן האָבן אייזנס און שלע־סער געשמידט, גלעזער האָבן שויבן אַריינגעשטעלט. פון אַלע שטעט און

שטעטלעך האָבן יידישע באַלמעלאָכעס געצויגן מיט זייערע כלים קיין לאָדזש. פויערים, וואָס האָבן אַ סך קינדער און ווייניק ערד, האָבן זייערע דערפער פאַרלאָזן און געצויגן צו די פאַבריקן אויף אַרבעט. פון רוסלאַנד זענען סוחרים געקומען און אַ סך סחורה געפּאָדערט. עס איז גאָרנישט געווען אָנצויאָגן.

די וועב־שטולן האָבן געקלאַפּט גאַנצע נעכט, די שטאָט איז געוואַקסן שנעל, גיך.

צוזאַמען מיט דער שטאָט איז געוואָקסן דאָס הויז פון ר׳ אברהם הערש אַשכנזי, וואָס מען האָט אים גערופן דאַנציקער.

קאַפּיטל פיר

אַן אָפּגעזונדערטער, אַ זייטיקער, ווייט פון די קינדער אין הויף, אָפּגעטיילט פון דעם אייגענעם צווילינג־ברודער און די שוועסטערלעך, פרעמד אַפילו פון אייגענע טאַטע־מאַמע, האָט געלעבט און געוואַקסן דער קליינער שמחה מאיר אין זיין פאָטערס מויער אויף דער אַלטער שטאָט.

פון קינדוויַיז אָן גייט ער זיך זיין באַזונדערן גאַנג. ער שפּילט זיך קיינמאָל נישט צוזאַמען מיט די קינדער פון הויף.

דער הויף זייערער איז אַ גרויסער, אַן אומגעלומפּערטער, ווי מערסטנס הויפן אין נייעם לאָדזש, צוגעמויערט און צוגעשטוקעוועט פון אַלע זייטן. פון דעם פליגל אין הויף, וואו די דירות זענען קליינע און אָרעמע און פאַרדונגען צו באַלמעלאָכעס, קלאַפּן דאָרט וועב־שטולן. דורך אָפענע פענצטער שיט זיך שטויב. דאָס מאַכן יידן וואַטע פון דעם אָפּפאַל, וואָס זיי קויפן אויף די פאַבריקן, און תמיד פליען דורך די פענצטער ווייסע פליטערלעך. איבער דער גאַנצער לענג פון הויף דרייט אַ ייד שטריק. אַ טאַטע מיט דריי זין הערן נישט אויף אַרומלויפן הין און צוריק, דרייען קאַנאַפּליעס, איבערופנדיק זיך מיט רויע קולות:

— צי, צי, פעסטער האַלט!

די קינדער אין הויז האָבן זייער ליב דעם הויף. איבערהויפּט גייט אויס נאָך אים שמחה מאירס צווילינג־ברודערל יעקב בונם.

— שמחה מאיר, — רופט ער אַ פריילעכער, מיט אַ הויך קול, וואָס איז פול מיט געלעכטער, — קום זיך שפּילן אין יאָגעלעך.

— כ׳וויל מיך מיט דיר נישט שפּילן, — ענטפערט שמחה מאיר שאַרף און ברוגז און דרייט זיך אָפּ אין אַ זייט.

זיי לעבן נישט בשלום, די צוויי ברידערלעך.

יעקב בונם וויל לעבן בשלום. ער איז אַ גרויסער, אַ פעסט־געבויטער, אַ לוסטיקער און לאַכעדיקער. תמיד לאַכט ער כאָטש עס איז נישטאָ פאַרוואָס.

— יעקב בונם, פאַרוואָס לאַכסטו? — פרעגט מען אים.

— ס׳גלוסט זיך מיר, — ענטפערט דער קליינער און לאַכט נאָך מער, אַזוי, אַז אויך אַנדערע מוזן מיטלאַכן.

ער איז פאַרקאָכט אין שפּילן זיך. ער איז דער בעסטער לויפער אין הויף, ווען מען שפּילט אין פערדלעך. אויך קאָן ער זיך זייער קונציק אַרונטערקריגן אונטער די גרונט־ציילן פון די קאַמערן אין הויף, ווען מען שפּילט זיך אין באַהעלטעניש, אַזוי, אַז קיינער זאָל אים נישט געפינען. פלינקער פון אַלע לויפט ער נאָך דעם שטריק, וואָס דער שטריק־דרייער ציט איבער דער לענג פון הויף. אויך קאָן ער די שווערע שטיינער אַרויסציען פון זאַמד און אויפהויבן מיט די הענט. אַ גאַנצן טאָג ווערט אים נישט מיאוס זיך צו שפּילן, ווי די מיידלעך אין הויף. נישט בלויז האָט ער זיך אַליין ליב צו שפּילן און פרייען, נאָר ער וויל, אַז אַלע זאָלן זיך מיט אים מיטשפּילן און מיטלאַכן. אויך מיט זיין ברודערל, שמחה מאיר, וויל ער זיך שפּילן. נאָר שמחה מאיר וויל נישט.

ער איז זייער אַן אַמביציעזער דער קליינער שמחה מאיר. אים שטייט נישט אָן, וואָס דאָס ברודערל זיינס, וואָס איז ייִנגער פון אים, איז אַ סך העכער פון אים, שטאַרקער, מער בריה און נעמט־אויס ביי די קינדער אין הויף מער פאַר אים. ער קאָן קיינמאָל נישט דעריאָגן יעקב בונמען, ווען מען שפּילט אין יאָגעלעך. ער קאָן נישט אַזוי גוט זיך שטעלן אויפן קאָפּ, נישט איבערקוליען זיך הין און צוריק אויף דער ערד און נישט בייקומען דאָס ברודערל זיינס, ווען זיי ראַנגלען זיך און פּרובירן די כוחות. תמיד כאַפּט מען אים דעם ערשטן, תמיד פאַלט ער ביים שפּרינגען איבער די קלעצער אין הויף, צעדראַפּעט זיך די הויט און צעבלוטיקט זיך דאָס נעזל. ער האָט זייער מורא פאַרן בלוט, וואָס לויפט באַלד פון נאָז.

— בלוט, בלוט, — שרייט ער מיט שרעק אויף די טראָפּנס, וואָס רינען אים אַראָפּ אויף דעם זאַמד אין הויף.

יעקב בונם רעדט אים אויס. ער לויפט־צו צום פּלומפּ אויפן הויף, נעמט־אָן צוויי הענטלעך מיט וואַסער און הייסט דעם ברודערל אַריינציִען.

— צי גוט אַריין, — זאָגט ער אים, — וועט אויפהערן.

אַז שמחה מאיר שרעקט זיך ווייטער, ווישט אים יעקב בונם אָפּ דאָס בלוט מיט אַן עק ציצה־כנפות און לאַכט, כאָטש עס באַרירט אים.

— אַז מען צעבלוט זיך, דאַרף מען נישט מורא האָבן, — לערנט ער אים. — איך וויין אויך נישט.

דערביי נעמט ער אַ שטיקל גלאָז, וואָס אַ גלעזער האָט אַוועקגעוואָרפן אין הויף, צעקראַצט זיך דערמיט די האַנט, אַז בלוט גייט, און קייכט דערביי פון געלעכטער.

די קינדער אין הויף באַוואונדערן אים. איבערהויפּט די מיידלעך.

— ביזט אַ שטאַרקער, — לויבן זיי אים.

שמחה מאירן פאַרדריסט עס צו הערן. ער איז אייפערזיכטיק אויף יעקב בונמען און ער גייט אַ ברוגזער אַוועק אין אַ זייט.

אין שטוב, ווען די קינדער זעען נישט, האָט ער ליב צו שפּילן זיך מיטן ברודערל. יעקב בונם מאַכט זיך פאַר אַ פערד, לייגט זיך אויס אויף אַלע פיר אויף דער ערד און שמחה מאיר זעצט זיך אַוועק אויף זיין רוקן רייטן.

— וויאָ! — רופט ער, קלאַפּט דאָס פערד מיט די פיס און שלאָגט אים מיט אַ ריטל פון בעזעם. אויך נעמט אים יעקב בונם אויף די פּלייצעס, ווי אַ שעפּס, גייט־אום צו אַלע אין שטוב און לייגט פאַר אַ שעפּסעלע צו פאַר־קויפן.

— גולם, — בייזערט זיך אויף אים לאה שרה די דינסט, וואָס האָט אים ליבער פאַר שמחה מאירן, — וועסט דיר די קישקעס אָפּרייסן.

— כ׳קאָן נעמען נאָך איינעם אויף זיך, — באַרימט זיך יעקב בונם און לאַכט.

שמחה מאיר האָט פון די שפּילערייען הנאָה. אַ שטיק געזונט קומט אים צו דערפון. אָבער דאָס איז אַלץ אין שטוב. אויפן הויף, צווישן די קינדער, מיידט ער אויס אַלעמען.

ער איז אַן אַמביציעזער, אַ גרויס־האַלטער, ער וויל אומעטום זיין דער גרעסטער, דער פירער. אָבער ער קאָן עס נישט אויפן הויף. דאָרט איז יעקב בונם דער קייזער. אַלע יינגלעך שאַרן זיך אַרום אים, נאָך מער די מיידלעך, ווי די הינער אַרום אַ גרויסן פאַרביקן האָן. מער פון אַלע קלעפּט צו אים די קליינע דינהלע, דאָס טעכטערל פון ר׳ חיים אַלטער, וואָס האָט זיין הויז אין שכנות מיט ר׳ אברהם הערשס הויף, אַ פולינקע, אַ פולכּנע, מיט ברוינע קאַשטאַן־האָר, געדרייטע אין לאָקן, לעקעלעך און רינגעלעך, פאַר־קניפּט מיט אַ גרויסער בלויער שלייף, אַ פריילעכע, אַ פאַרשפּילטע, האָט זי געוואַלדיק ליב דעם לאַכנדיקן יעקב בונם. ער טראָגט זי אויף די אַקסלען. ער זעצט זי אַריין אין דער טאַטשקע, אין וועלכער דער הויז־וועכטער פירט מיסט, און שלעפּט זי איבערן גאַנצן הויף.

שרה לאה די דינסט קוועלט יעדעס מאָל, ווען זי טראָגט אַראָפּ אַ מוציא ברויט מיט האָניק יעקב בונמען אין הויף.

— ווען ווילסטו פאַר אַ חתן? — פרעגן די ווייבער ביי דער קליינער.

— דעם טאַטעשי, — זאָגט די קליינטשינקע, שאָקלענדיק מיט אַלע לעקעלעך פון קאָפּ.

— און וועמען נאָך, דינהלע?

— אים, — ווייזט די קליינע אָן מיט אַ פולכּנע הענטעלע אויף יעקב בונמען.

שרה לאה שנייצט די נאָז אין אַן עק פאַרטעך פאַר גליק.

אַלע קינדער קוקן מיט פאַרערונג אויף יעקב בונמען זייער עלטסטן.

שמחה מאיר ליידט דערפון. ער קאָן נישט הערן, ווי מען לויבט אימעצן, ער איז פול מיט קנאה, בייז און ברוגז. ער וואַרפט די מיידלעך זאַמד אין די האָר. די מיידלעך אַנטלויפן פון אים און זוכן שוץ ביי יעקב בונמען.

— שמחה מייער דרייער, נאַדיר אַ צווייער און גיב מיר אַ מייער... — זינגען זיי אויף אים אַ לידל.

אויפן הויף איז פריילעך. פון די אָפענע פענצטער ביי די באַלמעלאָכעס טראָגן זיך חזנישע שטיקלעך וואָס די געזעלן זינגען. ביי די וואַטע־מאַכערס זינגען די אַרבעטער־מיידלעך. זייערע שוואַרצע צעקרייזלטע קעפּ, איינגעטונקען אין שטויב, פאַרוועבט מיט שטיקער וואַטע, זענען פול מיט פרינצן און בת־מלכהס, וועגן וועלכע זיי לייענען אין די טייטש־ביכלעך, און זיי הערן נישט אויף צו זינגען ליבע־לידער, לידער וועגן יידישע מיידלעך, וואָס אָפיצירן האָבן זיך אין זיי פאַרליבט און דערשאָסן, לידער פון פאַרליבטע משומדתטעס, וואָס זענען אַנטלאָפן מיט שקצים און דערנאָך געמוזט גיין וואַשן וועש... דאָס אַלץ איז זייער גוט צו הערן. אָבער מער פאַרגעניגן פון אַלעס האָט מען פון דעם שטריק־דרייער.

אַ צעוואקסענער איז ער, דער שטריק־ייד, מיט אַ געדיכטער באָרד און וואָנצעס, וואָס זעען אויס, ווי זיי וואָלטן אויך געווען פון קאָנאָפּליעס, מיט ריזיקע ברעמען און מיט בינטלעך האָר אין די אויערן און אין די נאָז־לעכער. אויך זיינע באָרוועסע פאַרקאַשערטע פיס ביז די קני זענען האָריק. אויף די ציצית פון זיין לאַנגן טלית־קטן הענגען נאָך בינטלעך שטריק. אָבער פונקט ווי גרויס זיי זענען, דער טאַטע מיט די זין זיינע, אַזוי גוט זענען זיי. זיי טרייבן קיינמאָל נישט אַוועק די קינדער אין הויף, וואָס קוקן זיך צו מיט גרויסע אויגן און אָפענע מיילער צו דער אַרבעט. אויך ווען אַ יינגל וויל אַמאָל אַ דריי טאָן ביים רעדל אָדער לויפן מיט שטריק לענגאויס דעם הויף, טרייבט דער אַלטער נישט אַוועק מיטן רימען פון די הויזן, ווי אַנדערע טוען עס.

— האַלט, האַלט, — זאָגט ער מיט געלעכטער, צעציטערנדיק פון נחת דאָס גאַנצע האָריקייט זיינס, — לאָז נישט אָפּ דעם שטריק, ס'עט דיר נאָך אָנכאַפּן די פּאות...

די קינדער ווילן גאָרנישט אָפּטרעטן פון הויף. די מאַמעס קאָנען זיי קוים אַריינבעטן אין שטוב אַריין אָפּצועסן. דער הויף איז נישט אינגאַנצן אויסגעפלאַסטערט מיט שטיינער. מען קאָן גראָבן ערד, ביז מען דערגראָבט זיך צו געל זאַמד, אַפילו צו וואַסער. די שענסטע פעסטונגען מאַכן די יינג־לעך פון זאַמד. די מיידלעך קנעטן טייג פון דער פייכטער, געלער ערד, מאַכן חלות, קוכנס, שניידן אויס קיכלעך מיט בלעכערנע דעקלעך פון שאַכטלען. אויפן נידעריקן דאַך פון קליינעם הייזעלע, וואו דער גויאישער הויז־וועכ־טער וואוינט, איז דאָ אַ טויבנשלאַק. טויבן פון אַלערליי פאַרב און קאָליר פליען אַריין און אַרויס, שאָקלען זיך אין דער ברייט, פּיקן אַרבעס און וואָרקען שטיל. קעץ לויערן תמיד אויף די טויבן, ווילן זיי כאַפּן. די טויבן קריכן זיי אונטער די פיס, נאָר תמיד, ווען די קאַץ גיט זיך גיריק אַ ציי־אויס און וויל אָנכאַפּן ביים עק, גיט די טויב פלינק זיך אַ דריי־אַרויס און פליט־אַרויף אויפן דאַך.

יעקב בונם קוועלט פון גליק.

— שמחה מאיר, — רופט ער, — קום, עט מע געבן די טויבן קריש־קעלעך ברויט, פון די הענט וועלן זיי סן, ס׳טזען.

— מ׳דאַרף נישט, — ענטפערט שמחה מאיר און קוקט אַ זייטיקער אין ווינקל.

אַ מאָגערער, אַ שאַרף־געשניצטער, לייכט באַשיט מיט זומערשפּרענ־קעלעך, מיט זייער רויטע און דינע ליפּן און מיט אויגן גרויע, וואָס בייטן זיך אין גרין, ווען זיי ווערן שלעכט, גייט ער זיך אָן אַ זייט, תמיד מיט עטלעכע טריט אָפּגערוקט פון אַלעמען. די הענטלעך האַלט ער שטענדיק אין די קעשענעס פון זיין שוואַרץ, נגידיש, ריפּסן כאַלאַטעלע, דאָס זיידענע היטעלע ליגט פאַרקאַשערט הויך איבערן קאָפּ, אַזוי, אַז דער גאַנצער גרויסער שטערן, באַזוימט מיט אַ דין־געשוירן שפּיצל האָר און מיט צוויי פלאַקסענע געקרייזלטע פּיאות אין די זייטן, זעען זיך אַרויס. די אויערן זיינע, אויפגעשטעלטע, אויפגעשפּיצטע, הויך אויפגעהויבענע, ווי ביי אַ העזל, זענען שטענדיק וואַך אויף אַלעס, קיין קלאַנג גייט פאַר זיי נישט פאַרלאָרן. פּונקט אַזוי זענען אומעטום ·פול די גרויע אויגן זיינע, וואָס אויפן ערשטן אויגנ־בליק זעען זיי אויס צו זיין ווייך, נאָר אין דער אמתן קוקן זיי פאַרביסן און מיט אומצוטרוי און די אָפּלען אין זיי לויפן גיך, פלוטעוואַטע און אַביסל משוגע. קיין איין־איינציק געשעעניש, קיין איין באַוועגונג, סיי פון די דער־וואקסענע, סיי פון די קינדער אין הויף, לאָזן זיי נישט דורך. אַן אַלץ־זעעוודיקער, אַן אַלץ־הערנדיקער, אַ וואכנדיקער תמיד, ווי די קעץ אויפן הויף ביים טויבנשלאַק, קוקט זיך דער קליינער שמחה מאיר צו צו אַלץ, באַטראַכט אַלע שפּילערייען פון די קינדער ,אַלע זייערע בריהשאַפטן, זייער שטעלן זיך אויפן קאָפּ, שלאָגן זיך, ראַנגלען, לויפן, נאָר מיטשפּילן זיך וויל ער נישט.

— מאירל, — רופט אים דורכן אָפענעם פענצטער די מוטער ביים נאָמען פון איר זיידן, — קרוין מיינע, שפּיל זיך מיט די קינדער.

— כ׳וויל נישט, — ענטפערט דער קליינער שאַרף און טרוקן.

וויפיל די מוטער זאָל אים נישט בעטן, וויפיל די קינדער זאָלן נישט אויסשטרעקן די הענטלעך, רופן אים, וויל ער נישט דערנענטערן זיך צו זיי.

— כ׳האָב מיך נישט ליב צו שפּילן, — זאָגט ער אַ ברוגזער.

אים ציט דאָס שפּילעריי, ס׳חיות גייט אים אויס מיטצולויפן מיט די קינדער, שפּילן זיך אין יאָגעלעך, גראָבן גריבער, נעמען זיך פאַר די הענט־לעך און טאַנצן. נאָר עפּעס אַן עקשנות, אַ זייטיקער כוח, אַ פרעמדער, אַן איינעסדיקער, האַלט אים אָפּ, לאָזט אים נישט צו. דווקא, ווייל די קינדער רופן אים, וויל ער נישט צוגיין. ער קאָן קיינמאָל נישט טאָן דאָס, וואָס יענער וויל, וואָס מען פאַרלאַנגט פון אים. ער איז זיי מקנא, די קינדער, ס׳הערצל ציטערט אים פאַר קנאה אויף זייערע שפּילערייען, געלעכטערן, פרייד. איבערהויפּט איז ער מקנא דעם יינגערן ברודער זיינעם, יעקב בונם,

פֿאַר אַלע זיינע בריהשאַפֿטן, וואָס ער באַוויזט, פֿאַר דעם שטעלן זיך אויפֿן קאָפּ, גיין אויף די הענט, שפּרינגען אויף די ברעטער, טאַנצן לאַנג אויף איין פּיסל, און איבערהויפּט פֿאַרן גיכן לויפֿן, וואָס ער, „שמחה מאיר, כאָטש אַן עלטערער, קאָן נישט נאָכיאָגן. און ער האָט זיי פֿיינט דערפֿאַר, די קינ־דער אין הויף. יעדעס מאָל, וואָס אימעצער פֿאַלט און צעקלאַפּט זיך דאָס נעזל, אַז בלוט רינט, אָדער אַז מען דרייט זיך איבער אין לויפֿן, פּאַטשט ער מיט די הענטלעך, קוועלט־אָן.

שפּילן שפּילט ער זיך באַזונדער, אַליין. אָדער ער זאַמלט אָן פּאַפּירלעך, פֿאַרביקע עטיקעטן, וואָס ער רייסט אָפּ פֿון די סחורות, אָדער ער ציט צונויף אויף אַ שטריקל קלעצלעך פֿון גאַרן, אָדער ער ציילט די מטבעות, וואָס ער האָט ליגן אין אַ ליימענעם האָן. פֿון די סוחרים, וואָס קומען צו זיי אין שטוב, קריגט ער לעק־געלט, דרייערס, צענערלעך און אַפֿילו זיל־בערנע גילדנס. ער באַהאַלט די מטבעות אין אַ ליימענעם האָן, וואָס האָט אַ לאָך פֿון הינטן, אין סאַמע עק. אָבער ער האָט ליב יעדעס מאָל אויף־ס׳ניי איבערצוציילן די מטבעות. ער שאָקלט שטאַרק מיטן ליימענעם האָן, קלינגט, קלאַפּט, אַזוי אַז אַלע קינדער זאָלן דערהערן און אים מקנא זיין. ער וואַרפֿט אַרויס די מטבעות, ציילט זיי פֿיל מאָל, רעכנט אויף די פֿינגער פֿון ביידע הענטלעך זיין פֿאַרמעגן און באַהאַלט זיי צוריק אין האָן אַריין.

ער קאָן זיך נישט שפּילן מיט די קינדער גלייך, ווי עס זאָל אים נישט ציען דערצו. ער קאָן נישט זיין איינער פֿון אַלע. ער מוז זיין אַן עלטסטער. אָדער ער וויל זיך חברן מיט עלטערע פֿון זיך, וואָס ווילן אים נישט, אָדער ער וויל הערשן איבער קלענערע פֿון זיך. אַז עס ציט אים שוין גאָר שטאַרק צו די קינדער, שאַרט ער זיך פֿאַרזיכטיק צו צו זיי, אָבער נישט צו שפּילן זיך, ווי מיט חברים, זיינס־גלייכן, נאָר צו הערשן, צו קיניגן איבער זיי. ער צווינגט אַלעמען צו מאַכן אים פֿאַר אַ קייסער, פֿאַר אַן עלטסטן. ער נאַרט אויס ביי זיי שפּילעכלעך, אַלע קנעפּ און בלעכלעך, ער צעוואַרפֿט מיט די פּיס די זאַמדיקע פֿעסטונגען, ער צעשאַרט די קוכנס און חלות, וואָס די שוועסטערלעך מיט די חברטעס מאַכן אין דער פֿייכטער ערד, ער כאַפּט אַרויס זאַכן פֿון די הענט און אַנטלויפֿט. קיין זאַך פֿאַרשאַפֿט אים נישט אַזאַ הנאה, ווי צו צעשטערן, ווי אַרויסכאַפּן און אַנטלויפֿן.

איבערהויפּט דערגייט ער די יאָרן די שוועסטערלעך, אויך זייער חברטע דינהלען. ער בינדט זיי אויף די שלייפֿלעך אין די צעפּלעך, ער גליט אָן אַ האָר־נאָדל אין קיך אין פֿייער און דערלאַנגט זיי מיט דער אָנגעגליטער זייט, זיי זאָלן זיך אָפּבריען. ער וואַרפֿט זיי אין האַלדז אַריין פֿליגן און ווערעם, פֿאַר וועלכע זיי האָבן שרעקלעך מורא. אַז ער אַליין קויפֿט זיך צוקערלעך, וויל ער קיינעם נישט געבן קיין צוקערל, אַפֿילו קיין לעק צו טאָן גיט ער נישט.

— אָ, ס׳גוט, — טשמאָקעט ער מיט די רויטע ליפּן דאָס נאַשוואַרג,

קוקנדיק דערביי מיט שלעכטע בליקן אויף די אַרומיקע, וואָס זענען אים מקנא.

יעקב בונם לאָזט זיך נישט. אַ נאַשער אַ גרויסער, אַ בעל־תּאוהניק, קאָן ער נישט קוקן, ווי דער ברודער נאַשט און ער נישט.

— גיב אַ לעק, שמחה מאיר, — זאָגט ער.

— כ׳וויל נישט, — ענטפערט שמחה מאיר און לעקט נאָך העכער דאָס צוקערל, כדי אים צו רייצן.

יעקב בונם ווערט בייז.

— פאַרוואָס, אַז איך האָב צוקערלעך, גיב איך דיר שטענדיק איינס? — פרעגט ער מיט האַרץ.

נאָר אַז שמחה מאיר מאַכט זיך נישט פון זיין גערעכטער טענה און רייצט זיך ווייטער:

— דו מיר גיסט און איך דיר נישט, אַבע!...

נעמט יעקב בונם פונאַנדער די הענט און רייסט אַרויס ביי שמחה מאירן דאָס צוקערל צוזאַמען מיט עטלעכע נעגל הויט פון די באַקן. ער איז אַן איינשטעלער, דער יעקב בונעם, אַ ריזיקאַנט, וואָס וואַרפט זיך אויף פיל עלטערע פון זיך, אויף שטאַרקערע אַפילו. ער איז אַ גוטער און, וויל, אַז אַנדערע זאָלן צו אים אויך זיין גוט. ווער עס וויל ניט זיין גוט, דעם שלאָגט ער. ער וואַרפט זיך אויף שמחה מאירן מיט אַזאַ ברען, מיט אַזאַ קאַמפּסלוסטיקייט, אַז איידער יענער קוקט זיך אום, ליגט ער שוין אַן אויסגעצויגענער אויף דער ערד. שמחה מאירן פאַסט נישט פאַר די ייִנגלעך. ער האָט תמיד ליב צו זיין דער גרעסטער, דער אָנגעזעענסטער, און ווייל ער קאָן נישט קיין עצה זיך געבן מיט יעקב בונמען, לאָזט ער אויס דעם כעס צו די שוועסטערלעך. ער שטעלט זיי אונטער אַ פוס אין וועג, צעקראַצט זיי די הענט מיט די שאַרפע נעגל.

יעקב בונם וויל זיך איבערבעטן. אַזוי גיך ווי ער צעשלאָגט זיך, אַזוי גיך שטרעקט ער אויס אַ קליין פינגערל, אַ צייכן, אַז ער וויל ווערן חבר.

— שמחה מאיר, — זאָגט ער, האַלטנדיק אויסגעשטרעקט דאָס קליינע פינגערל, — לאָמיר זיך איבערבעטן. נאַדיר אַוועק צוויי זעלנערישע קנעפּ, נייע נאָך.

ער קאָן נישט זיין ברוגז. ער קאָן כאַפּן אַ קלאַפּ, געבן אַ קלאַפּ און גלייך פאַרגעסן. ער האָט פיינט זיין ברוגז. וואָרעם ברוגז הייסט: גיי׳ן באַזונדער, אָפּעסן זיך דאָס האַרץ, נישט שפּילן זיך, נישט פרייען זיך. און קיין זאַך האָט יעקב בונם נישט אַזוי פיינט, ווי זיין אומעטיק. די פרייד שפּראָצט אים פון די אויגן, פון די רויטע באַקן, פון די ווייסע ציין און אָפּע־נעם פולן מויל. אַז שמחה מאיר שפּאַרט זיך איין, נעמט ער אַרויס אַלע זאַכן פון די קעשענעס און גיט אים אַוועק. ער איז גרייט אָפּגעבן אַלע זעלנערשע קנעפּ, אַלע שוועבעלעך, וואָס ער נעמט אַרויס פון דער קיך אויף צו שיסן מיט אַ צעבראָכענעם שליסל.

אָבער שמחה מאיר וויל נישט נעמען און ער לויפט פאַרמסרן פאַרן טאַטן.

ר׳ אברהם הערש האַלט פון כלל, אַז ייִנגלעך זענען שטענדיק אומגע־רעכט און אַ טאַטע איז תמיד גערעכט. דעריבער טאַקע דערלאַנגט ערביידן גלייך מיטן רימען, וואָס ער נעמט זייער געלאַסן אַראָפּ פון די הויזן. יעקב בונם כאַפּט אַריין די שמיץ רואיק, ווי אַ חוב, וואָס קומט. באַלד פאַרגעסט ער זיי. ווען די ריי קומט אויף שמחה מאירן, לייגט ער זיך אַוועק אויף דער ערד און נעמט וואַרפן מיט די פיסלעך ווי אין קראַמפּן. די מוטער פאַלט־צו צו אים, האַלדזט אים, קושט אים און לייגט אים אין בעט.

— מאירל, אוצר מייַנער, — מורמלט זי, — מיר זאָל זיין פאַר דיר, דער מאַמען פאַר דיין קלענסטע נעגעלע.

זי גיט אים איר גאָלדן זייגערל זיך צו שפּילן, אַלע בריליאַנטענע פינ־גערלעך און אוירינגלעך. דער פאָטער טוט אים גאָרנישט, זאָגט אים קיין קרום וואָרט נישט, נאָר קיין צוטרוי צו זיינע קראַמפּן האָט ער נישט.

— פאַרוואָס קריגט ער קראַמפּן נאָר ווען ער ריכט זיך אויף שמיץ? — פאַרשטייט ער נישט.

די מוטער פאַרריכט דעם ייִנגל דאָס קישן צוקאָפּנס און זי וואַרפט בייזע בליקן צום מאַן.

— גזלן, — ברומט זי, — שטיינערן האַרץ.

## קאַפּיטל פינף

די דיקע ווענט אין גרויסן יוסטן קאַבינעט פון פאַבריקאַנט היינץ הונצע אין לאָדזש זענען באַהאַנגען פון אויבן ביז אונטן מיט אַ סך פּאָרטרעטן, מעדאַלן און טאַבעלן.

אויבנאָן, איבערן מאַסיוון דעמבענעם שרייב־טיש, הענגען צוויי מאָ־נאַרכן, פון רעכטס דער צאַר אַלעקסאַנדער דער צווייטער, דער זעלבסט־הערשער פון רוסלאַנד, קעניג פון פּוילן, גרויספירשט פון פינלאַנד און אַזוי־ווייטער און ווייטער; פון לינקס — דער דייטשער קייזער ווילהעלם דער ערשטער. אונטער זיי, טאַקע אונטער ביידע הערשער, הענגט דער פּאָרטרעט פון אים אַליין, דעם פאַבריקאַנט היינץ הונצע, וואָס האָט אויסגעבויט די גרויסע פאַבריק פון היינץ־הונצע־מאַנופאַקטור.

ער איז נישט אַזוי פייערלעך, היינץ הונצעס פּאָרטרעט, ווי די פּאָרטרעטן פון די צוויי מאָנאַרכן איבער זיך. זיין ברוסט באַצירט נישט אַזויפיל קרייצן און מעדאַלן. אויך זיין פּנים איז נישט אַזוי גלאַטיק און רונד ווי די אויס־געפּיעשטשעטע מאָנאַרכישע געזיכטער. זיין רונדער קאָפּ, מיטן האַרטן בער־שטעלע האָר פון פאָרנט, גלייך געשוירן ווי אַ חזיר־רוקן, דערמאָנט נאָך זייער שטאַרק דעם אַמאָליקן וועבער היינץ, וואָס איז אַראָפּגעקומען בלויז מיט צוויי וועב־שטולן פון זאַקסן קיין לאָדזש. אויך די קנייטשן אין זיין פּנים, וואָס

דער פאָטאָגראַף האָט זיך געגעבן די מי צו פאַררעטושירן און אויסגלעטן, זאָגן פונדעסטוועגן פון אַ סך מי, זאָרג און אָנגעשטרענגטער אַרבעט. זיין שוואַרצער סורדוט און די שטאַרק־שטייפע וועש ,איבערהויפּט דער הויכער קראַגן, דער „פאָטער־מערדער", דערמאָנען ביי זייער גאַנצער פייערלעכקייט דעם אַרבעטס־מענטש, דעם מייסטער, וואָס האָט זיך אויסגעפּוצט צופיל לכבוד עפּעס אַ היימישער פייערלעכקייט, צו אַ גאָלדענער חתונה אָדער צו אַן אַנדער וויכטיקער שמחה. אָ, ער זעט גאָרנישט אימפּאָזאַנט אויס, דער גרויסער פּאָרטרעט פון היינץ הונצע אין זיין גאַנצער נאַטירלעכער גרויס. די צוויי מאָנאַרכישע פּאָרטרעטן איבער אים שטרייכן נאָך ספּעציעל אונטער זיין פלעבעאישקייט. דאָך איז דער מאַן מיטן פּראָסטן פּנים נישט אָן אויסצייכענונגען.

אמת, אַז זיין ברוסט באַצירן נישט אַזויפיל מעדאַלן און קרייצן, ווי די ברוסטן פון די מאָנאַרכן איבער אים, אָבער אינגאַנצן גלאַט איז זיין ברוסט אויך נישט. ערשטנס, הענגט איבער זיין ווייסער וועסט אַ באַנד פון דער הייליקער אַננע, אַן אויסצייכענונג, וואָס דער גובערנאַטאָר פון פּיעטראָקאָוו האָט אויסגעפּועלט פאַר אים אין פּעטערבורג פאַר די גרויסע פאַרדינסטן, וואָס ער האָט געבראַכט דעם לאַנד מיט זיין וועב־פאַבריק. זי האָט נישט ביליק געקאָסט, די באַנד. דער גובערנאַטאָר האָט דערפאַר גענומען פון היינץ הונצעס טעכטער אַ סך טייערע מתנות פאַר זיך און שנירלעך פּערל פאַר זיין פרוי. אָבער עס איז ווערט. היינץ הונצע אַליין, וואָס האָט זיך דערויף קיין גראָשן ניט געוואָלט לאָזן קאָסטן, מוז מודה זיין, אַז זיינע טעכטער זענען נישט אינגאַנצן אומגערעכט. זייער שיין זעט זי אויס, די באַנד פון דער הייליקער אַננע, איבער זיין שניי־ווייסער וועסט אויפן בילד. צווייטנס, האָט זיין פאַבריק באַקומען אַ סך מעדאַלן, גאָלדענע, זילבערנע און בראָנזענע, פאַר דער גוטער אַרבעט און קוואַליטעט. פוןביידע זייטן הונצעס פּאָרטרעט הענגען זיי, די אַלע מעדאַלן, אין גרויסן פאָרמאַט, פון עכטן גאָלד, זילבער און בראָנז, מיט די אויסגעקריצטע קעפּ פון קיסרים און קייסערינעס.

אויך דער דינער פון פאַבריק, דער ריזיקער רויט־האָריקער מעלכיאָר, מיט וואָנצעס און באַקן־בערד, מיט גרינע קליידער פון אַ דייטשן יעגער, מיט לאַמפּאַסן, שנורן, גאָלדענע קנעפּ און אין ליאַקירענע שטיוול מיט זילבערנע נאָכהענגענדיקע טראָלבן פון די געפּאַסטע הויכע כאָליעוועס — שטייט ביי דער טיר פון הונצעס קאַבינעט אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע, מיט ביידע רויט־האָריקע לאַפּעס אויף די נעט פון די שמאָלע הויזן, שטייט מיט גרויס דינסטפאַרטיקייט און דרך־ארץ, גרייט אויף יעדן וואונק פון זיין האַר, גאָרנישט אַנדערש ווי עס שטייען די גענעראַלן פאַר זייערע מאָנאַרכן, אָט די מאָנאַרכן, וואָס הענגען איבער אים.

דאָ, אין דער גרויסער פאַבריק, איז היינץ הונצע מאָנאַרך. אין זיין האַנט איז דער גורל, אמת נישט פון מיליאָנען מענטשן ווי ביי די מאָנאַרכן, אָבער פון עטלעכע טויזנט מענטשן, וואָס אַרבעטן ביי אים. זיי,

די אַרבעטער, זייערע ווייבער, קינדער, זענען ביי אים אין די הענט. ווען ער וויל, באַפרייט ער זיי פריער, זיי זאָלן קאָנען גיין אין די שענקען טרינקען ביר, אויסציען זיך אויפן גראָז אַרום דער פאַבריק אָדער גאָר לאָזן זיך אין געזאַנג־פאַריין, אויסצוזינגען און אויסטרומייטערן זייערע דייטשע היי־מאַטס־, קירכע־ און ליבע־לידער. פון אים איז געווענדט, צי אַ יונגער אַרבעטער, וואָס האָט טראָגנדיק געמאַכט אַן אַרבעטערין, זאָל די טראָגעדיקע נעמען פאַר אַ ווייב און פאַרדעקן פאַר מענטשן איר שאַנד, אָדער ער זאָל זי לאָזן מיט איר ממזר צו שפּאָט און שאַנד פון אַלע. פון זיין גוטן ווילן איז געווענדט צו לאָזן די פאַבריק אַרבעטן בייטאָג און ביינאַכט, אַזוי אַז די אַרבעטער זאָלן פאַרלירן די כוחות, אָבער דערפאַר זאָלן זיי אויסאַרבעטן אַ גאַנצן רובל אַ וואָך מער און די ווייבער זייערע זאָלן קאָנען שמעלצן די זופּן נישט מיט אייל, נאָר מיטן חזיר־שמאַלץ. און פון אים איז גע־ווענדט, אָפּצושטעלן די פאַבריק אויף ווי לאַנג ער וויל און לאָזן די אַר־בעטער אַרומגיין מיט אויסגעטריקנטע צונגען אין די מיילער און די ווייבער פאַרקויפן זייער לייב פאַר אַ ביסל קאַרטאָפל אָדער פאַר אַ לאַבן ברויט.

צו אים קומען מוטערס בעטן, ער זאָל זיין אַ טויף־פאָטער צו זייערע ניי־געבוירענע קינדער, וועלכע זיי רופן אָן מיט זיין נאָמען — היינץ; צו אים קומען יונגע בחורים בעטן אַ דערלויבעניש חתונה צו האָבן מיט די, וואָס האָבן געפאַנגען זייער האַרץ; צו אים קומען פאַרשעמטע טאַטעס דער־ציילן וועגן אַ ניי־געבוירן קינד, כדי צו קריגן אַ קליינע לוין־העכערונג.

אַלץ איז זיין. די פאַבריק, די רויט־געמויערטע אַרבעטער־הייזער, וואָס זעען אויס ווי די קאַזאַרמעס און אין וועלכע די אַרבעטער וואוינען; די פעלדער אַרום, וועלכע די וועבער פאַרזעצן מיט קאַרטאָפל און קרויט; די וועלדער, אין וועלכע די ווייבער זאַמלען זומער קאַרע און אָפּפאַל אויף הייצן אין ווינטער; די קירכע, אין וועלכע זיי בעטן אין זונטיק און אין פייער־טעג; דער לאַזאַרעט, אין וועלכן מען פירט אָפּ די, וואָס פאַרלירן ביי די מאַ־שינען אַ פינגער, אַ האַנט אָדער דאָס לעבן; דער בית־עולם, צו וועלכן מען פירט אַוועק די געשטאָרבענע; דער געזאַנג־פאַראיין, אין וועלכן מען זינגט היימאַטס־ און ליבע־לידער.

דאָ איז ער מאָנאַרך, דער אַלטער היינץ, מער מאָנאַרך פון די מאָנאַרכן, וואָס הענגען איבער אים. וועגן אים רעדן די ציינלאָזע זקנים וועבער, וואָס לאָזן נישט אַרויס פון זייערע מיילער די ליולקעס און פון זייערע ליפּן די מעשׂות, ווען דער אַלטער היינץ איז נאָך אַליין ביי דער וועב־שטול גע־שטאַנען און ער פלעגט נישט איינמאָל מיט זיי רעדן, פאַרברענגען און אויס־טרינקען אַפילו אַ ביר. וועגן אים רעדן שטיל די יונגע מענער, די ווייבער, די קינדער אין די וויגן. יעדער טראָט זיינער, יעדעס וואָרט זיינס, יעדע באַוועגונג ווערט געשאַצט, געוואויגן, איבערגערעדט, איבערגעקייט.

און ווי יעדער מאָנאַרך, האָט ער פיינט, היינץ הונצע, וואָס אַנדערע ווילן גלייך זיין צו אים, נאָך אים אַריבערשטייגן. פון צאָרן ברענט ער

אויף פריץ געצקע, דעם אַמאַליקן וועבער־יונג זיינעם, וואָס האָט גלייך, נאָך אים, אויך אַוועקגעשטעלט אַ פאַבריק אינגאַנצן ענלעך צו זיינער. אויך סחורות אַרבעט ער אויס דיזעלבע. וואָסער נייעם מוסטער ער, היינץ הונצע, זאָל נישט אַרויסלאָזן, לאָזט דער שורקע געצקע אויך באַלד אַרויס דעמזעלבן. און נאָך ערגער איז, וואָס דער הונט, דער געצקע, לאָזט זיך גאָרנישט אומברענגען פון אים, הונצען. ער האָט שוין אַ סך געלט גע־פטרט, גאָר אַ סך, אַבי דעם שוויין־קערל אַראָפּצוואַרפן פון פלאַץ. ער האָט געוואָרפן דעם פרייז פון סחורה, אַראָפּגעוואָרפן אַפילו פון קרן־פרייז, אַבי אים אָפּצורוימען. אָבער יענער האַלט אויס די קאָנקורענץ. דער טייוול נעמט אים נישט. און היינץ הונצע טרייסלט זיך פון צאָרן.

— איך ווערדע דען הונד טאָט־שלאַגען, — שרייט ער אין זיין זאַק־סישער אויסשפּראַך, פאַרגעסנדיק גאָר, אַז די טעכטער זיינע לאָזן אים מער אַזאַ פּאָלקס־דייטש נישט רעדן. — נעין, זאָ געהטס ניכט...

לעבן אים ביים טיש, אָן אַ היטל, בלויז אין אַ יאַרמולקע אויפן שפּיץ קאָפּ, זיצט ר׳ אברהם הערש אַשכנזי און שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

— הער הונצע, — בעט ער זיך, — גענוג, דאָס בעסטע איז מאַכן מיט אים שלום. די הייליקע שריפטן זאָגן, אַז אויף שלום שטייט די וועלט.

ער דערמאָנט זיך באַלד, אַז „שלום" איז אַ לשון־קודש־וואָרט, וואָס הונצע, דער דייטש, דאַרף עס נישט פאַרשטיין, און ער זוכט אין קאָפּ אַ וואָרט, איבערצוזעצן דאָס וואָרט „שלום", נאָר הונצע שפּרינגט אויף פון אָרט.

— וואָס, — שרייט ער, — שלום? שלום מיט דיזען שוויין־קערל? מיט דיזען לאַוז־בוב? אָ, נעין, איך מעכטע ליבער קראַפּירן, ר׳ אברהם הערש.

ר׳ אברהם הערש איז זייער געריררט פון דעם דייטשס פאַרשטיין לשון־קודש און פון זיין רופן אים ביים נאָמען „ר׳ אברהם הערש". דאָך איז ער נישט מסכים מיטן אַלטנס פּלאַן צו באַגראָבן געצקען. ער גלעט ד־שוואַרצע באָרד און באַרואיקט דעם אויפגעקאָכטן דייטש.

ער פאַרשטייט זייער גוט, אַז אים, הער הונצע, דעם גרויסן פאַבריקאַנט און דעם בויער פון דער גרעסטער פאַבריק, מעג פאַרדריסן, וואָס אַזאַ גאָר־נישט, אַזאַ געוועזענער געזעלן־יונג נעמט זיך נאָכמאַכן אַלץ זיין געוועזענעם באַלעבאָס. דאָס איז נישט שיין פון אים, נישט דאַנקבאַר. אָבער געשעפט קאָן זיך נישט רעכענען מיט אַזעלכע זאַכן. געשעפט איז געשעפט. ווער עס האָט די מאה, דער האָט די דעה. און געצקע האָט די מאה. אוי, האָט ער זי! ער איז שטיין־רייך. דערצו האָט ער פּראָצענטניקעס, וואָס גיבן אים געלט. ער וועט זיך נישט לאָזן אַרויסשלאָגן פון מאַרק. וויפיל הער הונצע זאָל נישט וואַרפן די פרייזן פון די סחורות, וועט יענער, געצקע, נאָכוואַרפן. ווארום עס איז אַן אַמביציע־זאַך. פון דער קאָנקורענץ געווינען נאָר די קרעמער, וואָס קויפן סחורות פאַר גראָשנס. אויך גיט מען אויף וועקסלען יעדן שלעפּער. דער סוף וועט זיין, אַז ביידע פאַבריקן וועלן גיין

צו גרונט. גלייכער שלום צו מאַכן, פאַראייניקן בײדע פאַבריקן, שותפות מאַכן, איין פירמע — היינץ הונצע עט פריץ געצקע.

היינץ הונצע שפּרינגט אויף פון פאָטעל.

— איך װעל דען קוואַטש יאַ נישט הערען, — קלאַפּט ער אין טיש.

— שווייגט, ר׳ אברהם הערש, — גייט ער אַריבער אין לאָדזשער יידיש און פאַרהאַלט אים דאָס מויל מיט דער האַנט. — ניע װערדע איך מיט דיזען זאַושווין קאָמפּאַניע מאַכן!

ר׳ אברהם הערש גלעט זיך אויס די שוואַרצע באָרד און גייט זיך רואיק אַרויס. ער פאַרהאַלט זיך אַ װײלע ביי דער טיר. ער װיל נאָך פאַרן אַװעק־גיין ברענגען פאַר דעם דייטש אַ משל. ווי שלעכט עס איז כעס, ווי צוליב אַזעלכע זאַכן זענען װעלטן חרוב געװאָרן. ער האָט שטאַרק חשק אים צו דערציילן די מעשה פון דער גמרא װעגן קמצא און בר קמצא, וואָס צוליב זייער שנאה איז ירושלים חרוב געװאָרן. אָבער ער קאָן די װערטער נישט אַרויסברענגען אין דייטש. ער גלויבט נישט, אַז דער גוי װעט אין יידיש די שווערע זאַכן פאַרשטיין. און ער מאַכט אַװעק מיט דער האַנט. בלויז עטלעכע געוויינלעכע װערטער װאַרפט ער צו שוין אין דער טיר שטייענדיק.

— הער היינץ, — זאָגט ער פאַמיליאַר, — אַז זי װעלן זיך, מיט גאָטס הילף באַרואיקן, טראַכטן זי איבער מיינע רייד. נאָר דאָס קאָן ראַטעווען די פירמע.

דער אַלטער הונצע איז אַזוי אויפגעקאָכט, אַז ער קאָן מיט די ציטערדיקע הענט אַליין נישט אָנשטופּן די ליולקע מיט טאַבאַק.

— דו, — רופט ער דעם דינער אין גרינעם יעגער־קאָסטיום, — שטאָפּע מיר די פייף אָן, שנעל, דו ראָץ־הונד!

פון גרויס כעס זידלט ער און רעדט אין פאָלקס־דייטש גאָר ווי אין די יאָרן, ווען ער איז נאָך אַליין געשטאַנען ביי דער וועב־שטול.

## קאַפּיטל זעקס

ר׳ אברהם הערש האָט זיינע יינגלעך צעטיילט אָפּגעגעבן יעדן באַזונדער פון זיי צו אַן אַנדער מלמד.

כאָטש איינער פון צווייטן איז בלויז געררוקט מיט עטלעכע מינוט, זענען זיי אָבער אין תורה גאָר ווייט אַװעק איינער פון אַנדערן. יעקב בונם איז אַ יינגל, ווי אַלע יינגלעך אין זיינע יאָרן. ער לערנט שוין גמרא, אָבער קיין גרויסע פּעולה זעט מען נישט פון אים. קוים מיט גרויס מי פּאַקט אין אים אַריין דער מלמד זיינער דעם דף גמרא וואָס דאָס יינגל פאַרשטייט נישט גוט, אָבער ער לערנט זיך עס אויס איבערצוזאָגן װאָרט אין װאָרט שבת בייטאָג, ווען דער פאָטער זיינער פאַרהערט אים נאָכן שלאָף.

— מילא, זאָל זיין אַזוי, — זאָגט ר׳ אברהם הערש, נישט קיין איבעריק

צופרידענער. — גיי צו דער מאַמען און זאָג, זי זאָל דיר געבן שבת־אויבסט, און לייג בעסער צו דעם קאָפּ צום לערנען.

יעקב בונם זעט, אַז דער פאָטער איז פון אים נישט איבעריק צופרידן און אַ שאָטן באַדעקט זיין פריילעך ברייט פּנים. אָבער בלויז אויף אַ ווײַלע. ווי נאָר די מאַמע זיינע שטעלט פאַר אים אַוועק קיכלעך מיט פלוי־מען־צימעס, נעמט אים צוריק אַרום זיין שטענדיקע פרייד. ער האָט הנאה פון עסן, ווי פון אַלץ אין דער וועלט, און באַלד גלוסט זיך אים אַפילו לאַכן, אַליין נישט וויסנדיק פאַרוואָס.

גאַנץ אַנדערש איז עס מיט שמחה מאירן.

שמחה מאיר איז אַן עלוי. ביי זיינע צען יאָר איז שוין דער מלמד זיינער געוועזן פאַר אים צו קליין. און דער פאָטער האָט אים צעשיידט פון ברודער, צוגענומען פון זיין חדר און אַוועקגעגעבן צו ר׳ ברוך וואָלף לענ־טשיצער, וואָס לערנט מיט בר־מצוה־יינגלעך, אַפילו שוין מיט חתן־בחורים. יעדן שבת קומט ר׳ ברוך וואָלף צו ר׳ אברהם הערשן פאַרהערן דעם תלמיד. ער טרינקט אויס אַ וועלט מיט שבתדיקע טיי, וואָס מען גיסט אים אָן פון אַ שטיינערנער באַניע, אַן אַרומגעהילטע מיט שמאַטעס, זי זאָל האַלטן היץ. ער דרייט מיט שמחה מאירן, וואַרפט אים אָן קשיות, פשטלעך, וואָס דער קליי־נער כאַפּט שנעל אויף און שלאָגט אָפּ. ר׳ ברוך וואָלף שוויצט פון דער הייסער טיי און פון יינגלס לומדות.

— ר׳ אברהם הערש, — רוימט ער איין דעם פאָטער אין אויער אַזוי, אַז שמחה מאיר דערהערט עס, — דער קליינער וואַקסט אַן עלוי, אַ פייערדיקן קאָפּ האָט ער.

ר׳ אברהם הערש איז גליקלעך, נאָר רואיק איז ער נישט.

— זעט, ער זאָל זיין אַ ירא־שמים, ר׳ ברוך וואָלף, — בעט ער אים, — אַ ייד.

ער געדענקט שטענדיק אין דעם, וואָס דער וואָרקער רבי האָט אים געזאָגט, אַז די דורות זיינע וועלן זיין נגידים; קיין יראי־שמים — האָט ער נישט געזאָגט. און זיין האַרץ איז נישט רואיק, מער נאָך איבער שמחה מאירן, ווי איבער יעקב בונמען. טאַקע דערפאַר, וואָס דער קליינער האָט אַזאַ פייערדיקן קאָפּ, וואָס אַלע האַלטן אים פאַר אַן עלוי, האָט ער מורא פאַר אים. דערצו האָט ער זיינע אייגענע געזנג, דער קליינער, אַלץ וויל ער וויסן, אומעטום שטעקט ער אַריין די נאָז, אַלץ כאַפּט ער, פאַרשטייט, תמיד איז ער אומרואיק. ר׳ אברהם הערש ווייסט, אַז דאָס איז צוליב זיין קאָפּ, דעם פייערדיקן און גוטן. אַלע עלוים, ווייסט ער, זענען אַזוי. אָבער רואיק דעריבער איז ער נישט. ער ווייסט, אַז יידישקייט איז גרעסער ווי תורה, אַז ס׳איז בעסער אַ פּראָסטער ייד אַ פרומער, איידער אַ שאַרפער למדן אַ נישט אָפּגעהיטענער. און ער שיקט אַוועק שמחה מאירן אין קיך אַריין נאָך שבת־אויבסט, כדי צו קאָנען רעדן מיטן מלמד זיינעם וועגן יידישקייט.

— געדענק, מאַך אַ ברכה, — זאָגט ער אים אָן, — און זאָג וואָרט ביי וואָרט, כאַפּ נישט אָפּ.

ער רעדט צו ברוך וואָלפן מיט טיפע זיפצן.

— ר׳ ברוך וואָלף, האַלט אים אין די הענט! זשאַלעוועט אים נישט דעם קאַנטשיק!

ער האָט אים ספּעציעל אָפּגעגעבן צו ר׳ ברוך וואָלף לענטשיצער, ר׳ אברהם הערש. די מוטער האָט זיך קעגנגעשטעלט אָפּצוגעבן איר קינד מאירל צו ברוך וואָלפן, וואָרעם ער שמט אין לאָדזש פאַר אַ גזלן. ער מאַכט יינגלעך פאַר קאַליקעסביים לערנען. אויך לערנט ער צופיל מיט די יינג־לעך. ער לאָזט גאָרנישט אָפּ פון חדר, פון באַלד אינדערפרי ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. דאָנערשטיק ביינאַכט איז ביי אים אַ וואָך־נאַכט. ער לערנט נישט נאָר גמרא מיט תוספות, נאָר אויך פּשטלעך, פּרעמדע, און נאָך מער אייגענע. אָבער ר׳ אברהם הערש האָט, ווי שטענדיק, נישט גע־וואָלט הערן, וואָס אַ יידענע רעדט דאָרטן, און אים דווקא אָפּגעגעבן צו ברוך וואָלפן. ער האָט געוואָלט, אַז דאָס יינגל זאָל האָבן אויף זיך אָן עול, אַ יאָך, איינשפּאַנען אים אין תורה און אין יידישקייט, און קיינער קאָן נישט אַזוי האַלטן אַ יינגל אין יאָך, ווי ר׳ ברוך וואָלף לענטשיצער.

ער איז שוין נישט קיין יונגערמאַנטשיק, ר׳ ברוך וואָלף, נישט קיין נעכטיקער. ער איז אַ קנאַפּער זיבעציקער שוין ,אָבער אַ קרעפּטיקער נאָך, אַ ביינערקער, אַ קנאָכיקער, מיט פינגער, ווי די צוואַנצען. זיין פּנים איז אַביסל אויסגעקרימט פון אַ פּאַראַליז, וואָס ער האָט געכאַפּט אַמאָל פון אַ פאַרקילונג, ווען ער איז געגאַנגען צופוס אין אַ גרויסן פראָסט צום רבין זיינעם פון לענטשיץ קיין קאָצק. די רעכטע זייט פּנים הויבט זיך ביי אים אַ ביסל אַרויף. איין שפּיזיקע ברעם גייט אַרויף, די צווייטע אַראָפּ; איין וואָנצע רייסט זיך אַרויף האָפּערדיק, די צווייטע גייט ברוגז אַראָפּ. פּונקט אַזוי קרום, ווי זיין פּנים, איז זיין מוח. ער לערנט קיינמאָל נישט מיט די קינדער די אגדתות, די מעשות אין דער גמרא. ער האַלט דאָס פאַר ווייַ־בערישע זאַכן, וואָס עס דאַרפן לייענען די מתנגדים און קליינע לומדים. וואָס שטייט נישט אָן פאַר אַ ייד אַ למדן און שאַרפן חסיד צו לערנען אַזעלכע. אויך האָט ער נישט ליב צו לערנען קיין תנ״ך אין חדר, אַפילו קיין חומש נישט. דאָס דאַרפן די יינגלעך לערנען אַליין אין שבת, ווען מען גייט נישט אין חדר, אַפילו פון די לייכטסטע מסכתות, די פּריילעכע, וואָס רעדן פון מנהגים און יום־טובים, האַלט ער נישט. ער האָט ליב צו לערנען די שווערע מתכתות, די שכלדיקע, וואָס רעדן וועגן מסחר, וועקסלען, שאָדנס. נאָך גערנער האָט ער די מסכתות, וואָס רעדן וועגן טומאה און טהרה, וועגן אומריינקייט און ריינקייט אין ארץ־ישראל און אין חוץ־לארץ; אַזוי אויך וועגן קרבנות, שעכטן, אַלץ אַזעלכע גמראס, וואָס האָבן כסדר צו טאָן מיט כהנים, ברענען שעפּסן און רינדער, דעמפּן פּעטס און חלב. זיין ליולקע מיטן שאַרפן שטינקענדיקן טאַבאַק לאָזט כסדר רויך, וואָס פּרעסט זיך איין

די תלמידים אין די אויגן און אין די העלדזער און וואָס דערמאָנט אינגאַנצן מיט איר ריח אין די פּאַרצייטיקע מזבחות, פֿרעגלערייען און רויכערן.

פּונקט אַזוי טרוקן, קנאָכיק און קניפּיק, ווי עס איז זיין אַלטער דאַרער קערפּער, איז קנאָכיק, אָדערדיק און טרוקן זיין לערנען. ער האָט קיינמאָל נישט ליב צו נעמען אַ זאַך גלייך, ווי עס לייגט זיך אויפֿן שכל, נאָר פֿאַר־דרייט. ער זאָגט נישט אַרויס קיין גאַנצע ווערטער, ווייל ער האַלט, אַז אַ גוט יינגל דאַרף פֿאַרשטיין פֿון וואונק, פֿון אָנצוהערעניש. נאָך איידער מען זאָגט עפּעס, דאַרף אַ יינגל אַרויסכאַפּן די ווערטער פֿון מויל. ער רעדט דערפֿאַר בלויז האַלבע ווערטער, וואָס ווערן נאָך דערצו פֿאַרשלונגען פֿון זיין געדיכטער באָרד און וואָנצעס און פֿון דער ליולקע, וואָס ער לאָזט קיינמאָל נישט אַרויס פֿון מויל. ער שיט מיט דריידלעך, פֿרעגענישן, אָפּ־פֿרעגענישן. ער פֿאַרדרייט זיך אַזוי אין די אייגענע קרומקייטן, אַז ער קאָן דערנאָך אַליין פֿון זיי נישט אַרויסקריכן. און ער קלאַפּט מיטן גרויסן ציבעק איבערן טיש און איבער די יינגלערישע פּלייצעס, ווי אַ באַ־לעגאָלע אויף פֿערד, וואָס קאָנען דעם וואָגן נישט אַרויסציען פֿון בלאָטע.

— נו, גויעצעס, — קריצט ער מיט די עטלעכע פֿאַרבליבענע געלע צי־ין אין מויל, — נו, יאַריד־פּויערים, וואַיטעקס, עשוס, האָב איך אַכט און אַכציק שוואַרצע יאָר!

ער שלאָגט, ר׳ ברוך וואָלף, קיילט מיטן גרויסן האַרטן ציבעק פֿון דער ליולקע, ממיתט אָן רחמנות. ער קוקט נישט, ווי אַנדערע מלמדים, אויף יחוס. ער שלאָגט גלייך נגידישע יינגלעך ,ווי אָרעמע; אַפֿילו חתן־בחורים מיט גאָלדענע זייגערס אין די קעשענעס שוינט ער נישט. די יינג־לעך שאָקלען זיך, רייבן די שטערנס, רייסן זיך, ווי די פֿאַרמאַטערטע פֿערד, וואָס ווילן זיך ראַטעווען פֿון באַלעגאָלעס פּייפּנדיקער בייטש איבער זייערע צעשמיסענע פֿעלן. אָבער עס גייט נישט, ס׳איז נישט פֿון אָרט צו רירן. צום וויפֿלטן מאָל הויבן זיי אָן:

— ארץ דחוץ־לארץ מטמא, די ערד אין חוץ־לארץ מאַכט אומריין. פֿרעגט תוספות די קשיא...

ר׳ ברוך וואָלף פֿאָכעט מיטן ציבעק, נאָר עס גייט נישט. זיי נעמען נישט, די גויים. דעמאָלט נעמט ער זיך צו שמחה מאירן, דעם בעסטן יינגל פֿון חדר, דעם עלוי. ער שלאָגט אים קיינמאָל נישט, נאָר ער דראָט אים בלויז מיט דעם ציבעק איבערן קאָפּ.

— נו, שמחה מאיר, — שרייט ער און קוקט אויף אים גזלניש מיטן רעכטן אויג, מיט דעם, וואָס הויבט זיך אויף ביי אים אין דער הויך, — זאָג זיי, די וואַיטעקס!

שמחה מאיר איז דער יינגסטער אין חדר. צווישן די בר־מצוה־יונגען איז ער דער איינציקער, וואָס האָט נאָך קנאַפּע דריי יאָר אָנצוהויבן לייגן תפֿילין. אָבער אויף אים לייגט דער מלמד אַלע האָפֿענונגען, ער איז דאָס שיינדל אין חדר.

שמחה מאיר ווייסט נישט איין וואָרט פון לערנען. וואָרעם די גאַנצע צייט, וואָס דער רבי לערנט וועגן קרבנות, וואָס מען דאַרף ברענגען, און וועגן דעם, ווי אַ ייד, וואָס שטעלט אַרויס דעם פוס פון ארץ־ישׂראל אויף פרעמדער ערד, ווערט ער אומריין, זיצט ער זיך גאַנץ געשמאַק און שפּילט מיט די ייִנגלעך אין קוויטלעך אונטערן טיש. שאָקלענדיק זיך איבער דער גרויסער צעריסענער גמרא, וואַרפנדיק מיט די העל־פלאַקסענע צע־קרייזלטע פּאות, וואָס קריכן אַרויס פון זיין חסידיש־נגידיש זיידן היטל, וויקלט ער דערווייל די קוויטלעך מיט זיינע שנעלע רירעווודיקע פינגער. ער נעמט צו גראָשן איינשטעל־געלט און ער געווינט אָפּ ביי די ייִנגלעך אַלע גראָשנס. כאָטש ער איז ייִנגער פון אַלע, כאָטש אַלע האַלטן אים פאַר אַ דרייער, אַ שקרית־מאַכער, אַ פאַלשן שפּילער, פירט ער פונדעסטוועגן די שפּיל, וואַרפן זיך אים אַלע אונטער, אַליין נישט ווּיסנדיק פאַרוואָס. מען ווייסט, אַז ער שווינדלט, נאָר קיינמאָל כאַפּט מען אים נישט ביי דער האַנט. ער איז תמיד אין אָרדענונג. פונקט אַזוי באַשווינדלט ער דעם רבין ביים לערנען, פאַרדרייט אים און בלייבט דערביי תמיד פון אויבן. קיינמאָל טרעפט נישט, אַז דער מלמד זאָל אים פאַקן ביי דער האַנט.

ער טוט פאַרשידענע שפּיצלעך, ר׳ ברוך וואָלף, צו כאַפּן די תלמידים זיינע אויף דער הייסער מינוט, ווען זיי ווייסן נישט, וואו זיי האַלטן אין דער גמרא. מיט אַ מאָל, אין מיטן בעסטן לערנען, גיט ער אַ כאַפּ פלוצלונג אַ ייִנגל און גיט האַסטיק אַ פרעג:

— וואו האַלט מען? האַ?...

מיט אַ ווילדער הנאה צעציט זיך זיין אויסגעקרימט פּנים, ווען דאָס דערשראָקענע ייִנגל ווייזט אָן מיט אַ פינגער נישט אויף דעם ריכטיקן אָרט.

— אָט דאָ, — גיט ער אַ קנאַק מיטן ציבעק דעם ייִנגל אויפן פינגער.

ספּעציעל וויל ער פאַקן שמחה מאירן. אָבער קיינמאָל געלינגט עס אים נישט. ווי ער זאָל נישט זיין פאַרטאָן אין די קוויטלעך, דער קליינער האַלט ער שטענדיק אָן אויג וואַך אויף דער גמרא. איין בליק זיינער פון די פלוטעוואַטע אויגן אין דער גמרא איז גענוג, אָנצופאַקן אויפן לעצטן וואָרט, וואו מען איז געבליבן שטיין. ר׳ ברוך וואָלף מאַכט פאַרשידענע קונצן אַריינצונאַרן זיינע תלמידים. ער פּראָוואָצירט זיי, פירט זיי ווי אַ בלינד פערד אין גרוב אַריין. מיט אַ מאָל ווערט ער גוט, אַ צדיק, און העלפט אַרויס די ייִנגלעך.

— מוז מען דאָך זאָגן, — דרייט ער מיט אַ ניגון, — אַז ראובן איז שול...

— שולדיק, כאַפּן זיך די ייִנגלעך אָן, ווי אָן אַ שטרוי.

— ניין, גויעץ, — פאַלט דעם רבינס בייז געלעכטער צוזאַמען מיט אַ קנאַק פון ציבעק, — טאַקע נישט שולדיק...

די ייִנגלעך כאַפּן זיך אויף זיינע קונצן און זאָגן שוין פונקט פאַרקערט פון דעם, וואָס ער רוקט זיי אונטער. אָבער ר׳ ברוך וואָלף זאָגט זיי ספּע־

ציעל אונטער דעם ריכטיקן ענטפער, כדי זיי זאָלן אים אויסבייטן אויף אַ פֿאַלשן. אַממייסטן וויל ער פּאַקן שמחה מאירן. דוקא דערפֿאַר, וואָס דער קליינער האָט אַן אײַזערנעם קאָפּ, טאַקע ווייל יענער לאָזט זיך קיינמאָל נישט כאַפּן אין נעץ, וויל אים דער אַלטער דורכאויס פֿאַנגען. אָבער שמחה מאיר דרייט זיך געשיקט אַרויס. נישט וויסנדיק קיין איין וואָרט אין דער גמרא, קאָן ער אָבער אויסגעבונדן אַלע שפּיצלעך דעם רבינס, אַלע זײַנע באַהאַלטענע קונצן, כיטרעקייטן און הינטער־געדאַנקען. מיט אָנגע־שטרענגטע בליקן כאַפּט ער אויף יעדן קנייטש, יעדער הינטערליסטיקן שפּיל אין רבינס צעקנייטשטן פּנים, ער ווייסט צו דער רגע, צו וואָס דער אַלטער צילט, און ער דרייט זיך אַרויס פֿלינק, געשיקט און גליטשיק.

אַז ס'האַלט שוין גאָר שלעכט, נעמט ער אָנגרייפֿן דעם רבין, אָנשטאָט לאָזן זיך פֿון אים אַטאַקירן. מיט די דינסטע כיטרעקייטן רייסט ער בײַ אים אַרויס מיט געוואַלט די ערשטע עטלעכע ווערטער, ווי מען וויל אָנ־כאַפּן אַן עק פֿון אַ פֿאַרפּלאָנטערטער קנויל, און אַבי ער פּאַקט נאָר דעם עק, דרייט ער שוין, פּלאָנטערט, כאַפּט אויף יעדן קניפּ און וויקלט לײַכט און קונציק. דערבײַ שרייט ער, מאַכט קולות, פּאַרטויבט, אַזוי אַז דער אַלטער ווערט פֿאַרטומלט, פֿאַרשריגן, פֿאַרלוירן, אין דער אייגענער נעץ, וואָס ער האָט פֿאַר דעם ייִנגל אויסגעשפּרייט, און ער איז אינגאַנצן צעחושט. זײַן רעכט אויג הויבט זיך בײַ אים אויף אַזוי הויך, אַז עס פֿאַרקריכט שיר נישט ביז דער גרינער סאַמעטענער יאַרמולקע, די אויפֿגעהויבענע וואָנצע שפּיזט ווי בײַ אַ קאָטער, וואָס האָט אַרויסגעלאָזט אַ מייזל פֿון די נעגל אַרויס. אים איז אַ בושה פֿאַר די תּלמידים, וואָס דער קליינער האָט זיך אים אַזוי גיך אַרויסגעדרייט פֿון די הענט, אויסגעלאַכט אים פֿאַר אַלע ייִנגלעך. ער איז אינגאַנצן געפּלעפּט. ער וויל שוין אָפּהאַלטן, אַרויס מיט כבוד, נאָר איצט לאָזט שמחה מאיר נישט אָפּ, ווי אַ שפּין כאַפּט אַרײַן אַ פֿליג אין שפּינוועבס, אַזוי פֿאַרדרייט דער קליינער דעם רבין זײַנעם, ער לאָזט אים אָפּ אַ ווײַלע, שפּילט זיך מיט אים, כדי דערנאָך אים נאָך פֿעסטער צו פֿאַרוועבן. מיט שקאָצישער הנאה ציט ער ווײַטער דאָס פּשטל, וואָס נישט ער, נישט דער רבי זײַנער ווייסן עפּעס דערין. ער וואַרפֿט אָן קשיות, דריידלעך, פֿרעגט זיך אַליין, פֿאַרענטפֿערט זיך אַליין און פֿרעגט אָפּ די תּרוצים. ווי דער רבי פֿריער, אַזוי פּראָוואָצירט ער איצט דעם רבין, ער טראָגט אים אונטער האַלבע ווערטער, אין וועלכע דער אַלטער כאַפּט זיך אָן, ווי אַ טרינקענדיקער אָן אַ שטרוי, נאָר ער פֿאַלט דורך. די ייִנגלעך קנײַפּן זיך, אַבי נישט אַרויסצולאַכן. דער אַלטער קאָרטשעט זיך אין ווײַטיק.

דערנאָך זיצט שוין שמחה מאיר מיט די חברים עטלעכע טעג פֿרײַ און שפּילט אין קוויטלעך אָפּן. ער באַמיט זיך גאָרנישט צו באַהאַלטן פֿאַרן רבין.

— חלב ושלמים, פּעטס און אַ גאַנץ אָפּער — יקטירי, זאָל מען דעמפֿן — לערנט ער מיט אַ ניגון — איך האָב אַן איין־און־דרײַסיק...

די ייִנגלעך זענען אַלע עלטער פון אים. פאַראַן צווישן זיי איינער אַפילו אַ חתן־בחור, מיט אַ גאָלדענעם זייגער אין דער קעשענע פון אַט־לעסענעם וועסטל, וואָס ער טראָגט אין דער וואָכן. זיי האָבן אים נישט ליב, דעם קליינעם, זיי פאַרגינען אים נישט דעם גוטן קאָפּ. עס פּאַסט זיי גאָרנישט מיט אַזאַ ראָצער זיך צו חברן. זייערע טאַטעס האַלטן זיי אין איין אַרויסשטעלן שמחה מאירן פאַר אַ מוסטער, פאַרשעמען זיי צוליב אים. אָבער זיי מוזן אָנקומען צו דעם קליינעם. יעדן דאָנערשטיק מוזן זיי אים אויפסניי בעטן, ער זאָל זיי אויסלערנען דעם שיעור גמרא פון דער וואָך. ער טוט עס נישט אומזיסט, שמחה מאיר, ער האָט נישט ליב צו טאָן קיין זאַך אומזיסט. מען מוז אים קויפן אייז־קרעם ביים קאַצאַפּ, וואָס טראָגט אַרום אַ פּעסל „סאַכאַרמאָראָזש" אויפן קאָפּ און כאַפּט דעם אָנבליק פון מלכי צדק אין טייטש־חומש, ווען ער גייט אַנטקעגן אברהם אבינו מיטן פּעסל ווייַן. ווער עס האָט אַ זייגערל, מוז אים לאָזן עפּענען דאָס געווערק און מייסטרעווען ביי די רעדלעך און דער האָרפּעדער, כדי צו דערגייןָ דעם שכל דערפון, וואָס ער האָט זייער גערן. אָרעמע ייִנגלעך, וואָס האָבן גאָרנישט וואָס צו געבן, דערציילן אים וועגן מאַן־און־ווייב־זאַכן. צווישן די דערוואַקסענע תלמידים אין חדר האָט זיך דער קליינער שמחה מאיר זייער פרי וועגן באַהאַלטענע זאַכן דערוואוסט, און ער שפּיצט אויף די האָזישע אויערלעך יעדעס מאָל, וואָס די ייִנגלעך דערציילן אים אויפסניי ווענן דעם, ווי די טאַטעס זייערע קריכן אַרויס פון די בעטן, ווען זיי, די ייִנגלעך, וואָס שלאָפן מיט זיי אין איין בעט, מאַכן זיך שלאָפן.

אַמאָל טוט ער אַפילו אַ שקאָצעריי, דער קליינער שמחה מאיר. ער טייטשט שלעכט אויס אַ ייִנגל אַ בלאַט גמרא און ער קוועלט פון נחת, ווען יענער זאָגט דערנאָך פאַלש דעם שיעור פאַרן מלמד און כאַפּט מיטן ציבעק אי־בער די פּלייצעס. זיי ווייסן, די ייִנגלעך, אַז דאָס האָט ער צופלייסיק געטאָן. אָבער ביי דער האַנט כאַפּט מען אים נישט. פאַרשידנס האָבן זיי קעגן דעם קליינעם מזיק. אָבער קיינער אין חדר קאָן נישט אַזוי פאַרדרייען דעם קאָפּ דעם בייזן מלמד ווי שמחה מאיר קיינער קאָן נישט אַזוי קונציק איינטיילן די קוויטלעך אונטערן טיש ווי ער; קיינער קאָן נישט אָנמאַכן אַזעלכע מחלוקות צווישן רבין מיט דער רביצין, ווי ער מאַכט עס.

ער האָט דאָס צווייטע ווייב, דער רבי, אַ סך אַ ייִנגערע פון אים, אָבער אַ שלימעזאַלניצע איז זי אַ גרויסע און אַן עקרה, וואָס דערפאַר טאַקע האָט זי דער ערשטער מאַן אירער געגט. זי דערזעט נישט, דערהערט נישט, דרייט אַלץ איבער, פאַרטשעפּעט זיך איבער אַ שטרוי. דער רבי קאָן מיט איר נישט אויסקומען. זי פאַרשטייט זיך נישט אויף זיינע קרומקייטן, וואָס עס דערצערנט אים אינגאַנצן. וואָס זי פרעגט אים, געפעלט אים נישט.

— ברוך וואָלף, — פרעגט זי מיט אַ ניגון, געצויגן יעדער וואָרט, ווי עס וואָלט געוועזן פון גומע, — ברוך וואָלף, וועסט גיין עסן ?

— וואָס דען, ס׳עסן וועט גיין צו מיר, בהמה? — פרעגט ברוך וואָלף צוריק.

— ברוך וואָלף, וואָס זאָל איך דיר געבן עסן?

—לאָקשן מיט יויך, — זאָגט ר׳ ברוך וואָלף.

— וואָס רעדסטו? — פרעגט ס׳ווייבל. — וואו זאָל איך דיר נעמען אין מיטן דער וואָך לאָקשן מיט יויך?

— וואָס דען פרעגסטו מיך, פערד? — בייזערט זיך ר׳ ברוך וואָלף.

— ברוך וואָלף, וועסט זיך גיין וואַשן צום עסן?

— וואָס דען האָסטו געמיינט, אָקס, כ׳על עסן אומגעוואַשן?

זי שווייגט אים ס׳ווייבל. זי קען אים שוין, אַז ער קאָן אויף קיין זאַך נישט ענטפערן גלייך. אָבער אַז ער נעמט זיך שטאַרק בייזערן אויף איר וויינט זי און ווישט זיך מיט אַן עק פאַרטעך די אויגן. דעמאָלט פאַלט ר׳ ברוך וואָלף אַריין אין אַ גוואַלטיקן כעס. קיין זאַך דערצערנט אים נישט אַזוי ווי טרערן. אַפילו די יינגלעך טאָרן ביי אים נישט וויינען ווען ער שלאָגט זיי. און ער קנאַקט מיטן ציבעק אין טיש, שאַרט אַוועק די גמרות און הייסט די יינגלעך אַהיימגיין.

— כ׳וויל נישט זיין קיין מלמד, — שרייט ער צום וויינענדיקן ווייבל, — איך דאַרף נישט האָרעווען פאַר דיר, זאָלסט מיר נאָך אָנווייגען אַ קאָפּ, אַז איך וועל זיצן אין שטיבל, וועלן מיר יידן אויך געבן עסן... יינגלעך, אַהיים!

נאָך איידער דער רבי האָט פאַרענדיקט דאָס וואָרט, זענען שוין אַלע יינגלעך אין דרויסן און גליטשן זיך פלינק אַראָפּ איינער נאָכן אַנדערן איבער די באַריערן פון די צוויי שטאָק געדרייטע טרעפּ. זיי פליען גיך, פאַרשווינדן, נאָך איידער דער רבי וועט חרטה קריגן און צוריקרופן לערנען.

די רביצין מיידט אויס צו דערצערענען איר מאַן. זי שלינגט אַראָפּ די טרערן. אָבער שמחה מאיר טוט שוין אַלץ, אַבי צו דערפירן צו אַ מחלוקת צווישן רבין מיט דער רביצין, אַזוי, אַז דער רבי זאָל ווערן אויס מלמד. ווען ער גייט צוריק פון הויף און שטעלט זיך אַוועק אין ווינקל ביים פאַס וואַסער, צו וואַשן די הענט און זאָגן אשר־יצר, מאַכט ער געשיקט אַ שאָדן. אָדער ער דרייט איבער אַ קרוג מיט באָרשטש, אָדער ער פאַרטשעפּעט דאָס קליינע אייזערנע טעפּעלע עסן, וואָס קאָכט זיך אויף אַ הינקעדיקן דרייפוס אויף דער קיך.

די רביצין, וואָס זיצט אין אַ ווינקל אַ פאַרטראַכטע, אַ פאַרטועגע אין שטריקן אַ זאָק אַרויפגעצויגן אויף אַ גלאָז, אַ שלימעזאַלניצע, אַ לייד־מערנע, דערזעט נישט, אַז דאָס איז דעם קליינעמס אַרבעט. איבריקנס, איז ער אומגעהויער פלינק, דער קליינער, שוין שטייט ער אינמיטן חדר, ווישט זיך די הענט מיט אַ שפּיץ פּאָלע פון דער קאַפּאָטע און זאָגט זייער פרום אשר־יצר. זי פאַרברעכט מיט די הענט, דערהערנדיק דאָס לעשן זיך פון איבערגעקערטן טעפּל. מיט די ליימיקע פיס לאָזט זי זיך לויפן

צו דער קיך, אויפצוהויבן דאָס וואַרעמעס. זי וואָלט עס וועלן אָפּראַ־טעווען, נאָך איידער דער מאַן וועט דערהערן.

— אַפּשיק, אַ מיתה־משונה אויף דיר, — שעלט זי די קאַץ פאַרן שאָדן.

נאָר שוין האָט דער רבי אין מיטן שווערסטן פּשטל דערהערט, אַז מיטן עסן איז געשען אַן אומגליק, און ער הויבט אָן מאַכן קולות:

— אין די הייזער וועל איך גיין צוליב דיר, שלימזל, ברענגסט מיר אויס אויף פונט און קווינט.

פון גרויס איילעניש און דערשראָקנקייט וואַרפט די רביצין אַראָפּ אַ ליימענע שיסל, וואָס צעקנאַקט זיך מיט אַ טעמפּן הילך. דער רבי ווערט ווילד. זי מוז שוין וויינען. זי קאָן נישט איינהאַלטן די טרערן. און דער רבי קנאַקט מיטן ציבעק אין טיש און שרייט:

— יינגלעך, אַהיים, כ׳בין אויס מלמד!

שעהן לאַנג שלעפּן זיך די יינגלעך אַרום איבער די גאַסן. שמחה מאיר, דער קלענסטער, גייט אין דער מיט, די חברים בויגן זיך אַראָפּ צו אים, פאַרלייגן די הענט אויף זיינע אַקסלען און לויפן איבער אַלע זייטיקע מערק, גאַסן און געסלעך, פריי פון לערנען און פון עול. זיי לאָזן זיך איבערן מאַרק, וואו פויערים שטייען מיט פערד און וואָגן, בהמות, חזירים, הינער, זעקלעך תבואה. ווייבער אין שלאָף־קאָפּקעס אויף די געשווירענע קעפּ דרייען זיך אַרום די פורן, בלאָזן אין הינערשע הינטערלעך, קריכן אַפילו אַריין מיט אַ פינגער אין די געדערעם פון די עופות, צו דערגיין, צי עס איז דאָ דאָרט אַן איי. יידן פּאַטשן איין אין גויאישע הענט, דינגען זיך, עסן קערנער ווייץ. פון מאַרק לאָזט זיך חברה צו די הינטערגאַסן, וואו מוליאַ־רעס שלעפּן ציגל, לעשן קאַלך. מען בויט אין לאָדזש, גאַס נאָך גאַס, די שטאָט וואַקסט, געוועלבער, מאַגאַזינען, סקלאַדעס עפענען זיך. זיי לאָזן זיך אויך אַראָפּ צום באַלוט, צו די קליינע געסלעך, וואו פון אַלע זייטן קלאַפּן וועב־שטולן און ניי־מאַשינען, לידער רייסן זיך אין דער לופט, חזנישע שטיקלעך. זיי קויפן קלעפּעדיקע מאַנדלען אין קליינע שפּייז־קרעמלעך, וואו עס ראַיעט מיט פליגן, אַלערליי זיסע קיכלעך און צוקערלעך. שמחה מאיר נעמט ביי די יינגלעך צונויף צו גראָשן, ער כאַפּט זיך אַריין צום טערק מיט דער רויטער יאַרמולקע, וואָס פאַרקויפט ראָזשינקע־ברויט, און קויפט אַ מוציא. די יינגלעך ווייסן נישט, צי דאָס ברויט איז כשר און זיי קווענקלען זיך צו פאַרזוכן. נאָר שמחה מאיר קלערט נישט, ער ברעכט שטיקער און קייט מיט הנאה. ביי יעדער ראָזשינקע, וואָס ער טרעפט אָן, גיט אַ פריילעכן בליץ מיט די פּלוטעוואַטע אויגן. מען לאָזט זיך אויך אַרויס צום אָפּגעגעסענעם פעלד, וואו מחנות ציגן פּאַשען זיך. מ׳צעלייגט זיך אויפן גראָז און מען שפּילט אין קוויטלעך. ווי שטענדיק געווינט שמחה מאיר אָפּ ס׳גאַנצע געלט.

דער טאָג ציט זיך לאַנג, נאָר פאַר די חדר־יינגלעך איז ער אַלץ צו ווייניק. זיי קריכן אַרויס צו די זאַמדן, וואו די דראַגאָנער מושטירן זיך

און די אונטער־אָפיצירן שלאָגן זיי מיט די שיידן פון די שווערדן איבער די פּיס. זיי זאַמלען זיך אין די מערק, וואו דער שטאָטישער פּויקער פּויקט און רופט אויס אַלע אַמטלעכע נייעסן, ביי ווען עס איז געשען אַ גנבה ביי וועמען עס איז פאַרלוירן געגאַנגען אַ חזיר, ווער עס דאַרף אָפּזיצן אין תפיסה און ביי וועמען מען פאַרקויפט די לייכטער אָדער דאָס בעטגעוואַנט פאַר נישט איינצאָלן צינז דער מלוכה.

צום סוף לאָזט מען זיך דורך דעם שמאָלן זונות־געסעלע, וואָס מיט עטלעכע יאָר צוריק זענען נאָך דאָרט קיין הייזער נישט געווען, בלויז פון אַלע גאַסן אַרום זענען דאָרט מענטשן געקומען אָפּטאָן זייער מענטשלעך געברויך. איצט שטייען דאָרט הייזלעך קליינע, לייכטע, מיט קרומע גאַניקלעך און נידעריקע פענצטערלעך. טאָמער קומט אימעצער נאָך אַהער, פון אַל־טער געוואוינהייט, טאָן אַ מענטשלעך געברויך קריגט ער אָנגעשלאָגן פון די באַלעבאַטים פון די הייזלעך. אָבער דערפאַר האַלטן זיך דאָ זונות אויס, גאַסן־מיידלעך פאַר זעלנער און אָרעמע פּויערים, וואָס האָבן געלאָזט די ווייבער אין די דערפער און געקומען אַרבעטן אין די פאַבריקן; אויך פאַר יידישע געזעלן, וואָס אַרבעטן ביי מייסטערס פון האַנטשטולן.

די יינגלעך ווייסן, אַז מען מיידט אויס דאָס געסעלע און דערפאַר טאַקע ציט עס זיי אַהין. זיי לויפן שנעל פאַרביי דאָס שמאָלע געסעלע, קוקן מיט גנבישע בליקן אויף די צעשויבערטע שיקסעס און מיידן, וואָס זיצן אויף די שוועלן פון די הייזלעך און קנאַקן קערלעך. זיי גייען נישט צו די מיידן, וואָס ווינקען צו זיי, חלילה! זיי אַנטלויפן פאַרפלאָמטע, פאַרשעמטע. דאָך האָבן זיי ליב יעדעס מאָל אויפסניי פאַרבייצולויפן און הערן, ווי די מיידן שרייען זיי נאָך:

— יינגלעך, קומט אַהער, ס'עט הנאה האָבן...

און אַהיים לויפט מען שוין פאַרנאַכט צו מנחה, ווען איבער די שלעכט־געפלאַסטערטע גאַסן גייען אַרום די שוואַרצע לאַמטערן־צינדער מיט לאַנגע שטעקנס אין די הענט און צינדן די נאַפט־לאַמטערנעס, וואָס זענען שיטער פונאַנדערגעוואָרפן איבער די גאַסן.

זייער פאַנטאַסטיש זעען זיי אויס, די לאַמטערן־צינדער, סיי מיט די לאַנגע שטעקנס, מיט וועלכע זיי ציען אַראָפּ די שטריק פון די נאַפט־לאַמ־טערנעס, סיי מיט די שטורקאַצן, מיט וועלכע זיי צינדן די פייערן. די יינגלעך קאָנען גאָרנישט אָפּרייסן די אויגן פון יעדער באַוועגונג זייערער. זיי קוקן זיך צו, ווי זיי רייניקן די פאַררויכערטע גלעזלעך, ווי זיי גיסן דעם נאַפט פון די קענדלעך, פאַרשנייצן די קנויטן און ציען ביי די שטריק אַרויף און אַראָפּ די לאַמפּן פון די קלעצער.

— גוט־וואָך! — רופן זיי מיט קולות, ווען דער לאַמטערן ווערט אָנ־געצונדן, — גוט־וואָך!

דעם גוי פאַרדריסט עס. ער פאַרשטייט נישט, וואָס זיי רעדן, און ער מיינט, אַז מען שפּאָט פון אים, יאָגט ער זיך נאָך נאָך די יינגלעך, כאַפּט

ביי דעם ערגסטן לויפער אַראָפּ דאָס היטל פון קאָפּ און פאַרוואַרפט עס אויפן שפּיץ לאַמטערן.

די ייִנגלעך פליען, פלאַטערן מיט די פּאָלעס פון זייערע כאַלאַטלעך און מיט די ציצית פון זייערע טלית קטנס.

—פלעדערמויז! — רופן זיי צום נאָכיאָגנדיקן צינדער. — מלאך־המוות!

צוזאַמען מיט די בר־מצוה־ייִנגלעך, לויפט מיט אַ פאַרפלאָמטער דער קליינער שמחה מאיר.

אין שטוב טרעפט ער יעקב בונמען, ווי ער קריכט אויף אַלע פיר און די שוועסטערלעך רייטן אים אויפן רוקן. אויך דינהלע איז דאָ אין רעדל. כאָטש זי וואוינט שוין אין אַן אַנדער גאַס, קומט זי דאָ אָפט אַהער צו די חברטעס אירע, צו ר׳ אברהם הערשס טעכטערלעך, נאָך מער צו יעקב בונמען. ער קאָן זיך זייער גוט שפּילן, דער יעקב בונם. כאָטש ער איז שוין אַ גמרא־ייִנגל, האָט ער זיך ליב צו שפּילן מיט די שוועסטערלעך. עס פאַרגעסט אַפילו, אַז אַזאַ חתן־בחור דאַרף זיך האַלטן פון דערווייטנס פון מיידעלעך. ניין, ער קאָן זיך נישט האַלטן אין דער מעלה, דער יעקב בונם. ער לייגט זיך אויס אויף אַלע פיר, ווען די מוטער זיינע זעט נישט, און מאַכט פון זיך אַ פערד. אַלע שוועסטערלעך הייסט ער אַרויפקריכן צו זיך אויפן רוקן, אויך דינהלען. ער לויפט גיך איבער דער פּאָדלאָגע, טראָגנדיק די גאַנצע כאַליאַסטרע אויף זיך. ער שפּרינגט אַפילו אונטער, ווי אַן אמת׳ פערד. די מיידלעך קריגן מורא, זיי זאָלן נישט אַראָפּפאַלן. דינהלע כאַפּט אים אַרום מיטביידע פולכנע הענטלעך פאַרן האַלדז, זי זאָל נישט אַראָפּ־פאַלן, און קלאַמערט זיך אין אים, לאַכנדיק ביז טרערן. יעקב בונם צע־שפּרינגט זיך אין התלהבות, הירזשעט ווי אַ יונג פערדל.

— יעקב בונם, — פרעגט אים דינהלע, — פאַר אַ לייב האָסטו מורא?

— ניין, — זאָגט יעקב בונם פעסט.

אַז שמחה מאיר קומט אַריין און דערזעט דעם ברודער זיינעם מיט די מיידלעך אויף דער ערד, נעמט ער אים פאַרשעמען.

— חמור־אייזל, — רופט ער אים, — כ׳וועל שוין דערציילן דעם טאַטן. אַז דו שפּילסט זיך מיט מיידלעך. פויערן־קאָפּ, ווערסט פאַרגעסן ס׳לערנען!

יעקב בונם איז רויט פון בושה. עס פּאַסט אים נישט פאַר דינהלען, איבערהויפּט דאָס, וואָס מען רופט אים פויערן־קאָפּ, וואָס איז אַן אמת.

— מסור, מ׳עט דיך הענגען אויף יענער וועלט אויף דער צונג, — זאָגט אים יעקב בונם.

אַ ווײַלע פירט יעקב בונם מיט אים פאַרהאַנדלונגען. ער האָט מורא, ער זאָל נישט דערציילן דעם פאָטער. ער ווייסט, אַז דער פאָטער וועט אים נישט שוינען, און ער גיט פון זיך אַלץ אַוועק שמחה מאירן, אַלע זאַכן, ער זאָל נישט דערציילן. אָבער שמחה מאיר וויל נישט.

אַז קיין זאַך פועלט נישט, נעמט יעקב בונם שפּילן מיט אים אין קוויטלעך. מיט קיין זאַך נעמט מען אים נישט, דעם שמחה מאירן, ווי מיט

קוויטלעך. שמחה מאיר שפּילט שנעל, גיך, און ער געווינט אָפּ ביים ברודער דאָס גאַנצע געלט.

די שוועסטערלעך, נאָך מער זייער חברטע דינהלע, קוקן אויף אים מיט בייזע בליקן.

— שמחה מאיר, דרייער, נאַ דיר אַ צווייער און גיב מיר אַ מייער, — זינגען זיי אויף אים אַ לידל, ווי אַמאָל אין הויף.

## קאַפּיטל זיבן

ר׳ אברהם הערש אַשכנזי האָט דורכגעפירט זיינס.

היינץ הונצע האָט געשריגן, געזידלט, געטופּעט מיט די פיס, אַז ער זאָל אַפילו דאַרפן גיין בעטלען, וועט ער נישט וועלן קענען דעם שווייַן־הונט, דעם ראָץ־בוב פּריץ געצקע. אָבער ר׳ אברהם הערש האָט זיך גע־טאָן זיינס. ער איז געגאַנגען פון הונצען צו געצקען, פון געצקען צו הונצען, ער האָט גערעדט צום שכל, געבראַכט משלים פון די הייליקע ספרים, אַז כעס איז אַ מיאוסע מידה, אַז אויף שלום שטייט די וועלט, און ער האָט דערפירט צו אַ שותפות פוןביידע פאַבריקן, וואָס טראָגן זינט דעמאָלט אָן דעם נאָמען פון היינץ הונצע און פּריץ געצקע.

איבער דעם נאָמען איז שיר דאָס שותפות אין דער לעצטער מינוט נישט צושטאַנד געקומען. ביידע שותפים זענען געווען גלייך איינגעשפּאַרט, איינער האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן דעם צווייטן דעם כבוד צו פיגורירן דער ערשטער. ר׳ אברהם הערש האָט געמוזט אַ סך גלייכווערטלעך און ציטאַטן פון די הייליקע ספרים ברענגען, ביז געצקע האָט ענדלעך אָפּ־געטראָטן און איינגעגאַנגען אָפּצוגעבן הונצען די בכורה. אַזוי איז טאַקע געבליבן: היינץ הונצע עט פּריץ געצקע.

אַ באַלוינונג דערפאַר האָט ר׳ אברהם הערש געקריגן פון דער שותפות־דיקער פאַבריק די גענעראַל־פאַרטרעטונג. אויף די אַמאָליקע „ווילקעס", וואו אַ ייד האָט נישט געטאָרט וואוינען און וואָס איצט רופט זי זיך די פּיעטראָקאָווער גאַס, האָט הונצע אויסגעבויט פאַר זיין פאַרטרעטער אַ גרויסע מויער מיט שווערע אייזן־באַשלאָגענע טיר און פענצטער, מיט טיפע קעלערס, שפּייכלערס און הויכע בוידעמס. אין דער דאָזיקער דיק־ווענטיקער שווערער מויער ליגן אָנגעלייגט פון אויבן ביז אַראָפּ באַלן סחורות פון היינץ הונצעס עט פּריץ געצקעס אויסאַרבעטונג. אַלע גאָלדענע, זילבערנע און בראָנזענע מעדאַלן פון דער פאַבריק באַצירן די שילד, צוזאַמען מיט די נעמען פון די שותפותדיקע פאַבריקאַנטן און מיט דעם נאָמען פון דעם גענעראַל־פאַרטרעטער אברהם הערש אַשכנזי. דער שילדן־מאָלער האָט אַפילו געהאַט אויך אויסגעמאָלט די פאַבריק־מאַרקע אויף דער שילד — צוויי בערדיקע נאַקעטע גערמאַנער מיט פייגנבלעטער אויף דער שאַנד און

מיט שפּיזן אין די הענט. אָבער ר׳ אברהם הערש האָט דאָס געהייסן אויס־מעקן ווייל אַ ייד טאָר נישט אויסמאָלן קיין פיגורן און געטשלעך. פאַר אים זענען געבוג געווען די מעדאַלן און דער טיטול גענעראַל־פאַרטרעטער.

שוין לאַנג האָבן הונצעס טעכטער, וואָס לאָזן דעם פאָטער זייערן נישט רעדן קיין פאָלקס־דייטש, נאָר האָך־דייטש, געקרימט מיט די נעז, וואָס אין פאַבריק־הויף, אין קאַנטאָר ביים פאָטער דרייען זיך אַרום די יידישע סוחרימלעך, קרעמער און מעקלערס, וואָס קומען קויפן סחורה. זיי טומלען שטאַרק, די קרעמער, רעדן יידיש מיטן אַלטן ,נעמען אים ביי די לאַצן, ציען אים היימיש ביי אַ קנעפל. ווען מען זאָל נישט אַרויסקומען פון פּאַלאַץ, וואָס איז אויסגעבויט ביי דער פאַבריק, איז פול מיט יידן אין לאַנגע קאַ־פּאָטעס, וואָס שרייען, טומלען. שוין לאַנג האָבן זיי געפּאָדערט איבערגעבן די סחורות צו אַ פאַרטרעטער. דער אַלטער האָט נישט געוואָלט. אים איז אַ שאָד געווען געלט, ער האָט ליב געהאַט שפּאָרן. נאָך מער האָט ער הנאה געהאַט פון מסחרן, פון דינגען זיך, קאָכן זיך. ער האָט גערן געהאַט אי־בערצוכיטרעווען די יידן, איבערצוקליגן זיי. אים האָט כסדר געצויגן צו פּראָסטע זאַכן, צו טרינקען אַ ביר מיט אַ קאָלעגע, צו רויכערן די ליולקע, נישט קיין ציגאַרן, צו רעדן יידיש מיט די סוחרים ,אַריינצומישן אַ לשון־קודש־וואָרט און פילן זיך היימיש, פריי. אָבער די טעכטער זענען אים דער־גאַנגען די יאָרן, ער זאָל האַלטן שטאַט. דערצו איז דאָס געשעפט געוואַלטיק אויסגעוואַקסן. אויך האָט מען געדאַרפט דעם ייד, דעם אַשכנזי, באַלוינען פאַר זיין דורכפירן דאָס שותפות, וואָס האָט די פאַבריק אָפּגעראַטעוועט פון אַ רואין. אוןביידע שותפים האָבן ר׳ אברהם הערשן געמאַכט פאַר זייער גענעראַל־פאַרטרעטער.

אין גרויסן לאַגער אויף פּיעטראָקאָווער גאַס איז איצט געווען טומלדיק, ראַשיק. יידן קרעמער, סוחרים, מעקלערס האָבן זיך געדרייט צווישן די שווערע פּעק און באַלנס סחורות, וואָס זענען געלעגן אָנגעשטאָפּט פון דער ערד ביזן באַלקן, אין אַלע קעלערס, שפּייכלערס, בוידעמס. אַלע האָבן זיך געריסן צום אָפּגעצוימטן ברוין־געפּאַרבטן קאַנטאָרל, וואו ר׳ אברהם הערש איז געזעסן אין דער יאַרמולקע איבער גראָבע, שווערע האַנדלס־ביכער, ענלעכע צו גמרות.

— ר׳ אברהם הערש, — האָט מען זיך געבעטן, — ווען וועט איר שוין קאָנען מיט מיר רעדן עטלעכע ווערטער? די צייט ברענט מיר אונטער די פיס.

די משרתים, יונגעלייטלעך מיט געהאַקטע קאַפּאָטעס און מיט בליי־פעדערס פאַרשטעקט הינטער די אויערן, האָבן אַליין געוואָלט באַזאָרגן די קלענערע סוחרים.

— דער אַלטער איז פאַרנומען, — האָבן זיי געטענהט, — מיר וועלן אַליין באַזאָרגן.

נאָר די סוחרימלעך האָבן זיך געריסן דורכאויס צום באַלעבאָס אַליין.

— וואָס דאַרף איך גיין צום ווײַדל, — האָבן זיי געזאָגט, — אַז איך קאָן גיין צום קאָפּ.

פון צײַט צו צײַט האָט זיך אַ פרעמדער ייד אַ סוחר דערמאָנט, אַז ער האָט אין גרויס איילעניש פאַרגעסן אָרײַנצוכאַפּן אַ קדיש נאָך געשטאָר־בענע עלטערן, און טאַקע אין געשעפט, צווישן אַלע אָנגעוואָרפענע סחורות, האָט ער גיך אַ רייב געטאָן די הענט אין דער טרוקענער שטויב און אַרײַנ־געכאַפּט אַ קדיש פאַר אַ מנין יידן, קרעמער, משרתים און באַלעבאָס פון געשעפט. די יידן האָבן אומגעדולדיק נאָכגעברומט אמן, איילנדיק זיך צו מסחרן. די משרתים האָבן געוואָרטשעט, וואָס מען דרייט זיי אַ קאָפּ מיט די קדושות אין מיטן מעסטן און וויקלען סחורות, נאָר זיי האָבן נישט געוואַגט צו רעדן. וואָרעם ר׳ אברהם הערש אַליין האָט שטענדיק אָוועק־געלייגט די ביכער ביי אַזאַ קדיש, ער האָט זיך גיך געוואַשן די הענט און נאָכגעזאָגט הויך אמן. בלויז גאָלדלוסט דער בוכהאַלטער, אַ ייד מיט אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ, האָט זיך הויך געבייזערט און אויף דייטשמעריש אויף די קדישים־זאָגערס:

— זי, — האָט ער זיך געקאָכט אויף די יידן, — איין געשעפט איזט קיין חסידים־שטיבל. זי, קליינשטעטלדיקע חיה...

אין דער היים ביי ר׳ אברהם הערשן, זענען די שטובן תמיד געווען פול מיט פרעמדע. קאָמיסיאָנערן ליטוואַקעס, רוסישע, יידן סוחרים, וואָיאַ־זשאָרן זענען אין די הונדערטער געקומען קיין לאָדזש איינצוקויפן ביליק סחורות, וואָס זיי האָבן געפירט איבערן גאַנצן, גרויסן, ברייטן רוסלאַנד, ביז דער כינעזישער און פּערסישער גרענעץ. קורץ־געקליידעטע, מיט געשוי־רענע און אַפילו מיט געגאָלטע בערד, נישט־איבעריקע צדיקים, וואָס לאָזן דורך אַ דאַוונען, אַ ברכה און כאַפּן אַפילו אַ פּאָר אין שבת אַרײַן, האָבן זיי נישט ליב געהאַט די פּוילישע יידן מיט זייערע לאַנגע קאַפּאָטעס, קליינע היטעלעך, צעצויגענער שפּראַך און פרומקייט, פּונקט ווי די פּוילישע יידן האָבן זיי פיינט געהאַט, געהאַלטן זיי פאַר צלם־קעפּ, חזירים, אַפּיקורסים, גאָר קיין יידן נישט. אָבער געהאַנדלט האָט מען פונדעסטוועגן. האָטעלן זענען נאָך אין לאָדזש געווען ווייניק, בלויז איינפאָר־הייזער און אכסניות. מערסטנס אָנגעפאָרענע זענען איינגעשטאַנען טאַקע ביי די סוחרים אַליין, געגעסן דאָרט, געשלאָפן.

צו מיטאָג זענען איצט שטענדיק ביי ר׳ אברהם הערשס טיש אַ סך פרעמדע געזעסן. יידן אין האַרטע קאַפּעליושן, וואָס האָבן געריבן אויף ביידע באַקן די פעטע פּוילישע געבראָטענע גענדזלעך און די זיסע געפילטע פיש, וואָס אין ליטע זעט מען גאָרנישט אַזעלכע. צוליבן כבוד פון באַלעבאָס האָבן זיי זיך געוואַשן צום עסן, געמורמלט ברכות, געטונקען ברויט אין זאַלץ און אַפילו אַרײַנגעוואָרפן שטיקלעך תורה, דער עיקר פּסוקים פון תנ״ך, אויף וואָס זיי זענען גרויסע בריות געווען. נאָך מער האָבן זיי גערעדט פון מסחר, פון רוסלאַנד, פון ברייטע רוסישע סוחרים. זיי האָבן דערציילט

מעשות פון אַלערליי ווייטע שטעט, מענטשן, געוואוינהייטן. אין די נעכט זענען אַלע שטובן געווען אויסגעשטעלט מיט קאַנאַפּעס, וואו די פרעמדע זענען געשלאָפן.

ר׳ אברהם הערש האָט שטאַרק געוואָלט אויסהיטן זיינע ייִנגלעך פון די פרעמדע לייט, די אַפּיקורסים, אויסהיטן זיי סיי פון זייערע מעשׂות, געשיכטן, סיי אַפילו פון זייער תורה מ׳שטיינס געזאָגט. ער האָט זיי אַוועקגעשיקט וואָס פריער פון טיש. יעקב בונם איז אַוועק צו זיינע שפּילעכלעך, צו זיינע מעסערלעך, בייטעלעך און שניצערייען, פון וואָס ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אָפּגעוואוינען, כאָטש ער איז שוין געווען אַ גמרא־בחור. שמחה מאיר איז געזעסן מיט אויפגעשפּיצטע אויערן, ווי אַ העזל, און מיט גרויס לוסט אויפגעכאַפּט יעדעס וואָרט, מעשה און פּאַסירונג פון די ווייטע, פרעמדע און צוציִענדיקע שטעט און געגנטן.

— שמחה, — האָט דער פאָטער אים גערופן בלויז ביים ערשטן נאָמען פון פּשיסכער רבין, — גיי לערנען, בטל נישט!

נאָר שמחה מאיר האָט זיך נישט געאיילט צו פאַרלאָזן דעם טיש. פאַרשידענע תירוצים און פאַררעדענישן, אויף וואָס ער איז געווען אַזאַ בריה, האָט ער זיך אויסגעזוכט, צו פאַררעדן דעם פאָטער און צו בלייבן נאָך אַביסל מיט די פרעמדע און ווייטע פאַרשוינען. אָן פאָטערס וויסן, האָט ער אויך די געסט זייערע אַרומגעפירט איבער דער שטאָט, אָנגעוויזן זיי דעם וועג צו גאַסן, מערק, קראָמען, סוחרים, פאַרוואָס די פרעמדע האָבן אים מיט אנערקענונג געקניפּט אין די באַקן און איבערגעלאָזט אים האַלבע רובלס און אַפילו קערבלעך. זיי האָבן אים אויך צוגערעדט צו בילדונג, צו ווערן אַ מענטש.

— נאָר „פּראָסוועשטשעניע״, — האָבן זיי אים אָנגעזאָגט, — הערסט, בחור!

דער קליינער האָט נישט רעכט צעקייט דעם טייטש פון דעם שווערן רוסישן וואָרט, אָבער ער האָט פאַרשטאַנען דעם מיין דערפון, גוט אין קאָפּ אַריין עס זיך גענומען.

אויך צום פאָטער אין געשעפט האָט ער זיך אָפּט אַריינגעכאַפּט, כאָטש דער פאָטער האָט אים געהייסן דאָרט דעם שוועל נישט איבערטרעטן. אונטער פאַרשידענע אויסריידן איז ער אַלעמאָל אויפסניי אַריינגעפאַלן און געוואונקען צו די משרתים, זיי זאָלן נישט זאָגן דעם פאָטער, אַז ער איז דאָ. ר׳ אברהם הערש האָט אָנגעזאָגט די מענטשן זיינע, זיי זאָלן אים נישט אַריינלאָזן, זיי זאָלן אים טרייבן אין חדר אַריין, נאָר שמחה מאיר האָט זיי שטאַרק געבעטן, זיי זאָלן אים נישט פאַרמסרן פאַרן פאָטער, און זיי האָבן אים אויסבאַהאַלטן, פאַרשטעקט אים צווישן די באַלן סחורות. בגניבה איז ער געזעסן צווישן די פּעק סחורות, ער האָט געלייענט די פאַבריקעטיקעטן פון די באַלן. ער האָט אָפּגעריסן די פּלאָמבעס, באַטראַכט אַלע מוסטערן, פאַרבן, צוהערנדיק זיך צום גערויש פון געשעפט, צום טומל

פון די קונים, וואָס ער האָט גיריק געשלונגען, גיריקער ווי נאַשערייען, געשמאַקער ווי דאָס טערקישע ראָזשינקע־ברויט.

ווען דער פאָטער איז נישט געווען אין געשעפט, איז ער אַריינגעקראָכן אין זיין אָפּגעצוימטן קאָנטאָרל, ער האָט אַריינגעקוקט אין די גראָבע ביכער, ער האָט זיך וועגן אַלץ אויסגעפרעגט ביי גאָלדלוסטן דעם בוכהאַלטער, פאַרנודיעט די משרתים. אַלץ האָט ער געמוזט וויסן, אַלץ דערגיין. מיט דער גרעסטער קנאה, מיט אַ געוואַלטיקן אייפער האָט ער געקוקט אויף די דערוואַקסענע, די גרויסע, וואָס דאַרפן נישט גיין אין חדר, וואָס זענען פריי, קאָנען טאָן, וואָס זיי ווילן און ווען זיי ווילן. ווי אַ יונג הינטל, האָט ער אומעטום געגנישטערט, געשנאַפּט, אַריינגעשטעקט דאָס לאַנגע נעזל, אַריינגעדרונגען מיט די פלוטעוואַטע אויגן, וואָס זעען אויס אין ערשטן אויגנבליק ווייך, מילד, נאָר אין דער אמתן קוקן זיי אויף אַלץ שאַרף, מיט עקשנות, פאַרביסנקייט און אומצוטרוי.

— דער קנאַבע וועט מיך קעלביק מאַכן מיט זיינע פראַגן, — זאָגט גאָלדלוסט דער בוכהאַלטער בייז, וואָס דער קליינער קוקט אים אין זיינע ביכער אַריין.

— ער וואַקסט אַ פויגל, — מורמלען די משרתים, פאַרקוועטשנדיק מיט די ליפּן, — האָ, האָ!

שמחה מאיר מאַכט זיך נישט פון זייערע רייד און ער איז אומעטום פול. אַז ער וועט זיין אַ גרויסער, מאַכט ער אָפּ ביי זיך, וועט ער אויך זיצן אין אַזאַ אָפּגעשלאָסן קאָנטאָרל, ווי דער פאָטער זיינער, נאָר ער וועט נישט טראָגן קיין יאַרמולקע. ניין, ער וועט זיצן אין בלויזן קאָפּ, ווי די דייטשן די סוחרים, וואָס האָבן זייערע קאָנטאָרן קעגנאיבער זייער לאַגער. אויך וועט ער נישט אַריינלאָזן צו זיך די אַלע קרעמער, ווי דער פאָטער. דאָס היטל וועט מען מוזן פאַר אים אַראָפּנעמען, ווען מ׳וועט עפּעס דאַרפן צו אים. און רעדן וועט ער דייטש.

## קאַפּיטל אַכט

אין גרויסן עס־צימער ביים פאַבריקאַנט פון ווייבערישע טיכער ר׳ חיים אַלטער איז ליכטיק און וואַרעם.

ס׳איז שבת־צו־נאַכטס, שוין לאַנג אייגנטלעך נאָך דעם אויפגיין פון די דריי ערשטע שטערן, אָבער ר׳ חיים אַלטער מאַכט ערשט איצט הבדלה. ער האָט ליב לאַנג צו זיצן אין חסידים־שטיבל צום שלוש־סעודות, ר׳ חיים אַלטער. ער איז אַ בעל־מנגן און ער האָט געערן אַ סך זמירות צו זינגען פאַרן עולם. ער איז אויך אַ בעלן אויף מצוות, ער קויפט שטענדיק דאָס בענטשן פאַר עטלעכע פלאַשן ביר; דערנאָך דאַוונט ער מעריב פאַרן עמוד, אַזוי, אַז ער קומט אַהיים מאַכן הבדלה שוין היפּש שפּעטלעך.

— גוט־וואָך, גוט־וואָך, — זאָגט ער ברייט, מיט אַ זיסן שמייכל צו דער משפּחה זיינער, צו דעם ווייב, זיין טאָכטער און קרובים ,וואָס זענען פאַרזאַמלט אין גרויסן געדיכט־באַמעבלטן עס־צימער. די שטוב איז העל באַלויכטן פון די פיל ליכט אין די זילבערנע לייכטער און פון גרויסן קו־פּערנעם בליץ־לאָמפּ, וואָס הענגט אויף דיקע קייטן פון באַלקן איבערן ריזיקן דעמבענעם טיש.

געלאַסן גיסט ער אָן אַ גרויסן זילבערנעם געשניצטן בעכער מיט וויין, פאַרגיסנדיק דערביי אויפן טעצעלע, אַ סימן ,אַז עס זאָל זיך איבער־גיסן פון הצלחה און שפע. מיט אַ ניגונדל אונטערברומענדיק, נעמט ער אַרויס פון דער זילבער־אָנגעפּאַקטער סערוואַנטקע דעם הויכן זילבערנעם געשניצטן בשמים־ביקס, מיטן גרינעם טורעם און מיט די זילבערנע פענדלעך און גלעקלעך. ער פאַרבויגט די אַרבל פון זיין גלאַנציק זיידענער קאַ־פּאָטע איבער די האָריקע, פליישיקע, נגידישע הענט, ער זאָל זיי נישט פאַרגיסן מיט וויין, און ער הייסט דינהלען, זיין בת־יחידה, האַלטן די הבדלה.

— נו, אָ, העכער, דינהלע, — זאָט ער זיס צום דרייצן־יאָריקן מיידל מיט די ברוינע קאַשטאַן־צעפּ, — ווען סט האָבן דערפאַר אַ הויכן חתן.

די רויטע פאַרבן אין דעם מיידלס קלאָרע באַקן צעגיסן זיך איבער דעם גאַנצן פּנים. זי פאַרקרימט זיך אויפן פאָטערס רייד, נאָר פונדעסטוועגן האַלט זי די הבדלה הויך. ר׳ חיים הויבט אויף דעם בעכער אין דער הויך, ער כאַפּט אַ בליק איבער דער גאַנצער שטוב, צי אַלע זענען דאָ, אַפילו הדס די דינסט. זיי זענען דאָ אַלע. ער איז דערפון צופרידן און ער נעמט מאַכן הבדלה הויך, מיט אַ ניגון, מיט אויסציקלען יעדעס וואָרט, אַז עס זאָל זיך צעגיין אין די ביינער פון זיסקייט. ער באַלויכט ביי דער פלאַ־קערנדיקער הבדלה די פליישיקע האָריקע הענט און ער לויבט גאָט דער־פאַר וואָס ער האָט באַשאַפן פייער. ער שאָקלט לאַנג מיטן בשמים־ביקס, כדי אַרויסצורופן מער געשמאַק פון די נעגעלעך, און ער ציט מיט תענוג אַריין אין דער פליישיקער נאָז די גוטע ריחות, וואָס גייען דורך דעם געעפנטן טירל.

— אַ, אַ, — קוויקט ער זיך און ער לויבט גאָט דערפאַר, וואָס ער האָט באַשאַפן שמעקעדיקע געווירצן. ער גיט איבער דעם בשמים־ביקס צו ווייב און קינדער, זיי זאָלן אויך שמעקן דערפון. ער וואַרט אויס, ביז ער הערט, ווי אַלע מאַכן די ברכה.

— נו אָ, — מאַכט ער לייכט אַ פאַרוואורף זיין טאָכטער, וואָס וויל די ברכה איבער די בשמים מאַכן גיך, אַבי יוצא צו זיין. — עי, בורא מיני בשמים.

אַפילו דער דינסט הדס מוז מען דערלאַנגען צום סאַמע סוף דעם בשמים־ביקס. יעדעס מאָל אויפסניי וווייסט נישט הדס, פון גרויס צע־טומלטקייט, ווי אַזוי אַריינצושטעקן די נאָז אין זילבערנעם טירעלע. דער עולם לאַכט דערפון. ר׳ חיים אַליין האַלט זיך קוים איין נישט אַרויסצולאַכן. דערנאָך פאַרענדיקט ער די הבדלה. ער פאַרבויגט אַן עק טישטעך, ער

גיסט אָן אַ סך ווײַן אויפֿן טיש, פֿאַרלעשט אין דעם די פֿלאַקערנדיקע הבדלה, דערנאָך טונקט ער איין בײדע הענט אין ווײַן, ער לייגט אַרײַן די נאַסע פֿינגער אין אַלע קעשענעס, נישט בלויז אין די הינטערשטע קעשענעס פֿון דער זײדענער קאַפּאָטע נאָר אויך אין די קעשענעס פֿון די נגידיש־טוכענע הויזן און פֿון דער סאַמעטענער וועסט. דאָס איז אַ סגולה צו פּרנסה, צו אַ גוטער וואָך, אַ סימן, אַז אין אַלע קעשענעס וועט רינען און שווימען און עס וועט זײַן פֿול, מיט גאָטס הילף. ער וואַשט זיך אויך אויס מיט ווײַן פֿון דער הבדלה די שוואַרצע, גלאַנצנדיקע אויגן פֿאַר אַ רפֿואה און ער ווינטשט פֿון אַלע זײַטן ברייט, זיס, שמייכלענדיק און מיט אַ ניגון:

— גוט וואָך, אַ פֿריילעכע וואָך, אַ לוסטיקע וואָך, אַ פּרנסהדיקע וואָך, אַ מזלדיקע וואָך.

ער טוט אויס די זײדענע קאַפּאָטע און ער רופֿט הויך:

שמואל לייבוש, דערלאַנג מיר דעם שלאַפֿראָק!

שמואל לייבוש דער משרת, אַ יונגערמאַן מיט אַ בלאָנד צוגעשוירן בערדל און מיט אַ פּאַפּירן קעלנערל, לויפֿט צו גיך, געשיקט, ער כאַפּט די זײדענע קאַפּאָטע, וואָס ר׳ חיים אַלטער טוט אויס, און ער טוט אים אָן דעם טוכענעם געבלומטן שלאַפֿראָק.

— די ציגאַרן, ר׳ חיים, — זאָגט ער מיט אַ שמייכל און ער טראָגט אונטער זײַן באַלעבאָס דאָס קעסטל אויסלענדישע ציגאַרן.

ער ווייסט, וויפֿיל ר׳ חיים ליידט זיך אָן איבער דעם שבתדיקן טאָג אָן אַ ציגאַר. ער גרייט אים דעריבער אָן די ציגאַרן באַצײַטנס, גלייך נאָך הבדלה. ר׳ חיים אַלטער שמעלצט זיך פֿון צופֿרידנקייט איבער זײַן מענטשנס גוטער באַדינונג. גיך בײַסט ער אָפּ דאָס שפּיצל פֿון ציגאַר און ער ציט מיט גיריקייט דאָס פֿײַער, וואָס דער משרת טראָגט אים אונטער. רויכערנדיק אַזוי דעם געשמאַקן ציגאַר, זאָגט ער בעת־מעשה ויתן־לך. ער צעקײַט מיט טעם די זיסע רייד פֿון דעם האָפֿערדיקן שבת־צו־נאַכטיקן געבעט. ער פֿילט דעם גוטן ריח פֿון די טויען און בוימל, וואָס גאָט וועט געבן די יידן, ווען זיי וועלן גיין אין די גוטע וועגן. זאָגנדיק אַזוי די מחיהדיקע געבעטן, עפֿנט ער דערווייל אויף די בריוו און טעלעגראַמעס, וואָס זענען אָנגעקומען איבער שבת און מען האָט זיי נישט געטאָרט אויפֿרײַסן. אַז ער קומט שוין צו צו די אל־תיראס, יאָגט ער צו, מאַכט עס גיך, ווײַל ער חלשט שוין אויסטרינקען אַ גלאָז פֿרישע, שמעקעדיקע שבת־צו־נאַכטיקע טיי, נאָך וואָס ער האָט אַ גאַנץ שבת געבענקט.

— פּריוועשי, — רופֿט ער זײַן ווײַב, — פּריווע־לעב, וועסט זאָגן דער דינסט, זי זאָל מיר אַרײַנברענגען טיי און מיט ציטרין, הערסט פּריוועשי?

פּריווע, אַ שיינע, קלאָרע און אויסגעפּילטע יידענע, אויסגעפּוצט אין אַ זײַדן קלייד מיט אַ שלעפּ, באַהאַנגען מיט פּערל אויפֿן פּעטן, גלוסטיקן האַלדז, מיט ברילייאַנטן אויף אַלע רונדע, אויסגעצערטלטע פֿינגער און מיט אַ העל־געלאָקט שייטל אויפֿן קאָפּ, וואָס מאַכט זי ענלעך צו אַן אָפּערע־

אַקטריסע, דערנענטערט זיך צום מאַן מיט קורצע טריטעלעך, פלאַנטערנדיק זיך אין לאַנגן שלעפ. מיט דעם סאַמע זיסטן שמייכעלע אויף די בלוט־רויטע ליפּן הנדלט זי זיך פאַר אים, פּיעשטשעט זיך און שטרעקט אויס דאָס פולכנע ווייבערישע הענטל נאָך געלט, אויף דער פולער וואָך.

— געלט, געלט, — ברומט ר׳ חיים, — וואָס טויג דיר, פריוועשי, אַזויפיל געלט, הע?

פריווע פאַרלירט אין איין אויגנבליק דאָס זיסע שמייכעלע פון אירע רויטע ליפּן.

— פיר דו די ווירטשאַפט, — וואַרפט זי צו איר מאַן אַ פאַראַכטנדיקן בליק, צוזאַמען מיט דעם בינטל שליסעלעך פון אַלע שאַפעס און קאָמאָדעס. און גייט אַוועק מיט די סאַמע שטאָלצסטע טריט פון אַ באַליידיקטער קעניגין.

ר׳ חיים צעגיסט זיך שיר נישט פון צרות.

— פריוועשי, פריווע־לעב, — בעט ער זיך, נאָכלויפנדיק איר, — איך האָב גאָרנישט נישט געמיינט, כ׳האָב עס געזאָגט אויף אַ געלעכטער...

פריווע לאָזט זיך נישט איבערבעטן. זי ווייסט, אַז איר חיים גייט נאָך איר אויס, אַז ער שטאַרבט פאַר אירע טריט, און זי וויל אים אָנלערנען, אַז ער זאָל וויסן, ווי אַזוי צו רעדן צו איר, צו ר׳ אַנשל וואַרשעווערס טאָכטער. ר׳ חיים וויינט שיר נישט פאַר איר. ער האָט זיך פיינט קוועלן אין לעבן. ער פאַרטראָגט נישט קיין זאָרג, קיין ברוגז. ער האָט ליב וואוילטאָג געניסן. זיין ווייב פריווע האָט גראָד זיך ליב ברוגזן. פאַר אַ ליאַדע וואָס הייסט זי הדסן דער דינסט, זי זאָל אויסבעטן דעם באַלעבאָס אַ געלעגער אין עס־שטוב אויף דער קאַנאַפּע און זי לאָזט אים נישט צו צו זיך. ר׳ חיים ליידט דעמאָלט, ליידט שטאַרק. ער בענקט נאָך איר פולכנע וואַרעם לייב, נאָך איר פעטן באַטעמטן האַלדז. ער פּרובירט קיינמאָל נישט אויסהאַלטן קיין ברוגז, ער איז צו שוואַך, צופיל ליבהאָבער פון גוטס און באַקוועמ־לעכקייט, און ער גיט גלייך נאָך. ער בעט זי איבער מיט אַ טייערער מתנה, אויף וואָס פריווע איז אַ גרויסע בעלנטע, מיט אַ ניי קלייד אָדער גאָר מיט אַ שטיקל צירונג. ער עסט זיך שיר נישט אויף אַ לעבעדיקן, וואָס גראָד איצט, צו דער נייער וואָך, האָט ער אַרויסגערעדט אַ נאַרישקייט און זיך אָנגעאַרבעט אַ שלעכטע וואָך. אמת, אַז פריווע נעמט ביי אים אַ סך געלט אויף דער הוצאה, גאָר אַ סך. ער ווייסט גאָר אַליין נישט, צו וואָס זי דאַרף אַזויפיל. אָבער ער האָט נישט געדאַרפט זאָגן וועגן דעם, די צונג האָט עָר זיך געדאַרפט פריער אָפּבייסן, שונאי ציון. און ער בעט זי איבער, ער גלעט אַלע בלאָנדע לעקעלעך פון איר אָנקאָרבירט שייטל און ער וואַרפט צו אירע פיס דעם גאַנצן אָנגעשטאָפּטן בייטל געלט, וויפיל נאָר ער האָט ביי זיך.

— נאַ פריוועשי, נעם, וויפל דו ווילסט, — בעט ער זיך, — איידער דו זאָלסט זיך אָפּעסן ס׳האַרץ, זאָל ס׳גאַנצע געלט אַ שיינע ריינע כפרה זיין...

פריווע ווערט ווייכער און זי נעמט ענדלעך צו דעם פּאַק באַנקנאָטן, וואָס ר׳ חיים שטופּט איר אַריין אין האַנט אומגעציילט.

— נו, שוין גוט? — פרעגט ער זי אַ גליקלעכער, און אין קעגנוואַרט פון משרת גיט ער איר אַ גלעט איבערן פולן פּנים.

— טרינק די טיי, חיימשע, — זאָגט ענדלעך פריווע אַ לייטזעליקע, — ס׳וועט קאַלט ווערן.

ר׳ חיים טרינקט די טיי מיט גרויסע שלונגען, גליקלעך דערפון, וואָס ווידער וועט זיין אין שטוב גוט, וואויל און גליקלעך, און ער נעמט זיך איבערקוקן די רעכענונגען און די ביכער פאַר דער גאַנצער וואָך. שמואל לייבוש דער משרת העלפט אים אין דער אַרבעט. אַ היפּשע צייט זיצן ביידע ביי דעם פּאַק פּאַפּירן, זוכן, חשבונען, פּלאָנטערן און קאָנען נישט אַרויסקריכן. ער פירט אַליין די ביכער, ר׳ חיים, אויף דעם לאָדזשער יידישן סוחרישן שטייגער, אין דייטשמעריש און אין גרייזיקן לשון־קודש, מיט אָפּטיילונגען פון „לקח" און „נתן". אָבער קיין גרויסער בעל־חשבון איז ער נישט. אויך זיין משרת קען נישט קיין סך אין די קליינע אותיות. אַ פוילער, אַ גניסער, אַ צעטראָגענער, פירט ער, ר׳ חיים, די חשבונות אָפּגעלאָזן, אויף יוצא זיין. ער וואַרפט אָן אין אַלע קעשענעס פּאַפּירן, רע־כענונגען, וואָס ער דאַרף אַריינציען אין די ביכער, נאָר ער לייגט עס אָף אַלעמאָל אויף שפּעטער. די ביכער זענען נישט גלייך, נאָר פּאַרקרומט, פאַרלאַטעט, מיט אַריינגעקוועטשטע ציפערן, באַמערקונגען, וואָס ער אַליין קאָן שפּעטער פון זיי נישט אַרויסקריכן. פאַר דער וואָך זאַמלט זיך אָן אַ מאַסע חשבונות, וואָס דאַרפן פאַרנעמען שעהן לאַנג, ביז מען זאָל זיי דער־פירן צו אַן אָרדענונג. נאָר ר׳ חיים איז פויל, די פּאַפּירן זענען צעפּלאָנטערט, מען דאַרף צולייגן קאָפּ. און קיין זאַך מאַטערט אים נישט אַזוי, ווי צו־צולייגן קאָפּ צו אַ זאַך. ער קאָן נישט טראַכטן. און נאָך אַביסל מאַטערן זיך אין די חשבונות, לייגט ער אַלץ אַוועק און ער הייסט דעם משרת נעמען די לאַמטערנע און גיין מיט אים אין דער וועבעריי, וואָס ליגט טיף אין הויף.

— וואָס ווייניקער חשבון, אַלץ מער מזל־ברכה, — זאָגט ער צום משרת. — נישט אַזוי, שמואל לייבוש?

— אַוודאי, ר׳ חיים, — שאָקלט אים דער משרת צו חניפהדיק און ער צינדט אָן אַ ליכט אין דעם האַנט־לאַמטערן.

אויפן הויף אין דער פאַבריק קלאַפּן איצט כסדר די וועב־שטולן. ער האָט ליב די וועבעריי זיינע. דאָס זענען נישט קיין חשבונות און פאַרדרייטע רעכענונגען, וואָס מאַטערן, צו וועלכע מען דאַרף צולייגן קאָפּ. דאָס איז אַ גלייכע זאַך, וואָס מער די שטולן קלאַפּן, ווייסט ר׳ חיים, אַלץ מער ריווח ברענגען זיי אַריין, וואָס מער די וועבער אַרבעטן, אַלץ בעסער איז פאַרן געשעפט.

אין שבת־צו־נאַכטס אַרבעטן די וועבער לענגער, ווי אין די נעכט פון דערוואָכן. זיי דאַרפן צויאָגן די אַרבעט, וואָס זיי האָבן דורכגעלאָזט שבת.

ביי חלבנע ליכטלעך, וואָס זענען צוגעטריפט צו די שטולן, זיצן זיי, די פּופּציק וועבער, און וועבן פלייסיק ווייבערשע טיכער, אונטער דעם טריבן טונקעלן שיין פון שמעלצנדיקע ליכטלעך. די ליכטלעך צו דער אַרבעט דאַרפן די אַרבעטער קויפן פאַר אייגן געלט. אַזוי האָבן איינגעפירט די באַלעבאַטים. די ערשטע קליינע מייסטערס, וואָס האָבן געהאַלטן צו צוויי־דריי געזעלן. און כאָטש ר׳ חיים אַלטערס וועבעריי איז אַ גרויסע, איז נאָך אַלץ דאָ געבליבן דער אַלטער מנהג. ער האָט פיינט נייקייטן, ר׳ חיים. ער האָט ליב צו פירן זיך אַזוי ווי טאַטעס און זיידעס האָבן זיך געפירט — יידיש. צוליב דעם טאַקע גייט ער נישט איבער אויף קיין דאַמף־מאַשינען, נאָר האַלט זיך ביי די האַנט־שטולן. מענטשן רעדן אים צו צו מאַשינען, מען זאָגט אים, אַז מען קאָן ווערן דערביי שטיין־רייך. נאָר ער וויל עס נישט.

ער האַלט זיין וועבעריי יידיש. ביי די טירן זענען צוגעשלאָגן מזוזות. אין דער פּאַק־קאַמער, צווישן די פּעק וואָל און קאַסטנס, האָט ער אַפילו אַ קליין שטענדערל געלאָזט אַוועקשטעלן, אַ בלעכענע מנורה אויף ליכט צו־געשלאָגן, כדי די אַרבעטער זאָלן קאָנען דאָרט דאַווענען מנחה און מעריב מיט מנין. אי די יידן קאָנען דאַווענען בציבור, אי זיי דאַרפן נישט פּטרן אומזיסט קיין צייט אויף צו גיין אין בית־מדרש. ווינטער, ווען מען קומט צו דער אַרבעט פאַרטאָג, אַ שטיק פאַרן מאָרגנשטערן, און מען טאָר נאָך דעמאָלט נישט דאַווענען קיין שחרית, דאַוונט מען טאַקע אויך אין דער פּאַק־קאַמער.

ער גיט אויך אַכטונג, ר׳ חיים, אַז די אַרבעטער זיינע זאָלן אָפּהיטן יידישקייט. ביי אים טאָר קיין יונגער אַרבעטער נישט זיצן ביי דער אַר־בעט אָן אַ היטל אַפילו אין די גרעסטע היצן, מען דאַרף טראָגן אַ יאַרמולקע, מעג זיין אַ פּאַפּירענעם שקאַרמיץ אויפן קאָפּ, אַבי נישט בגילוי־ראש. אויך מוז מען ביי דער אַרבעט גיין אין ציצה־כנפות. ער גיט אויך אַכטונג אַז די בחורים זאָלן זיך נישט אָפּקראַצן די בערדלעך, נישט אָנטאָן זיך קיין רעקלעך. ר׳ חיים ווייסט, אַז צוליב דריי זאַכן זענען יידן אויסגעלייזט געוואָרן פון מצרים, ווייל זיי האָבן נישט געביטן זייערע מנהגים, זייער לשון און זייערע קליידער. ער ווייסט פון די הייליקע ספרים, אַז אָן עבירה איז אָנשטעקנדיק, ווי די פּעסט, אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן, אַז איין קרעציקע שאָף קאָן אַ גאַנצע סטאַדע פאַראומריייניקן. און ער דערלאָזט נישט אַפילו קיין איינעם פון די יונגע געזעלן אָנטאָן זיך דייטש.

— ווען איך זאָל וועלן האָבן גוים, — זאָגט ער צו די אַרבעטער זיי־נע, — קאָן איך דאָך צונעמען אמתע גוים, ערלים און אַרבעטן אויף דאַמף. ווער עס וויל אַרבעטן ביי מיר, מוז זיין אַ ייד.

— אַ געזונט אייך אין די ביינער, ר׳ חיים, — חנפהנען אים די עלטערע וועבער, יידן דאַרע, צעבראָכענע מיט פאַרבלאָזע בערד, מיט פאַרמאַטערטע מידע פּנימער און מיט רויטע אויגן פון ביינאַכטיקער אַרבעט.

ער גיט זיי דערפאַר צושטייער אויסצוהאַלטן דאָס וועבערישע שולעכל

„אהבת רעים", וואָס איז אויפן באַלוט, אַריינגעקוועטשט צווישן נידעריקע וועבערישע הייזלעך און צווישן פּאַרקאַנעס פון האָלץ און קוילן־לאַגערס. אויך האַלט ער אַ מלמד פאַר זיי, וואָס לערנט מיט זיי יעדן שבת נאָכמיטאָג — פּרק אין זומער און ברכי נפשי אין ווינטער. ער איז אַ וואויל־געלערנטער, דער מלמד, אַ גרויסער קענער אין יענער־וועלט. ער זיצט אין קליינעם שולעכל ענג אַריינגעקוועטשט צווישן די שלעפעריקע מידע וועבער און ער לערנט וועגן נאַרישקייט פון מענטשנס לעבן און וועגן דער נישטיקייט פון מענטשנס לייב.

— מאין באת, — זאָגט ער מיט אַ טרויעריקן ניגון, פון וואַנען קומסטו, מענטש? — מטפה סרוחה — פון אַ פאַרשטונקענעם טראָפּן. — לאן אתה הולך, — וואוהין גייסטו? — למקום, — צו אַן אָרט, — רמה, פון ווערעם, ותולעה — און ווערעם...

אַרום באַלוט, ווייטער אַביסל, ציען זיך פעלדער אָפּענע, אויף פרייע לאָנקעס פּאַשן זיך פערדלעך פון יידישע באַלעגאָלעס. די באַלעגאָלעס ליגן זיך צעלייגט אויפן גראָז און דרימלען. באַלד נאָך דער לאָנקע גייט אַ סאָסנע־וואַלד, אַ שמעקנדיקער און אַ שאָטנדיקער. אָבער די וועבער פון ר' חיימס וועבעריי גייען דאָרט נישט. וואָרעם ר' חיים פרעגט זיך נאָך ביים מלמד, ווער עס האָט געפעלט ביים לערנען שבת בייטאָג. ווער עס קומט נישט עטלעכע מאָל, גיט אים ר' חיים דעם וועג. וואָרעם אַ ייד דאַרף נישט אַרומקריכן אין פעלדער און וועלדער אין הייליקן טאָג שבת. אַלערליי שקצים, מיידן און ערב־רב קומען דאָרט. מ'רעדט נאַרישקייטן, מען איז מחלל שבת. אַ ייד דאַרף לערנען שבת בייטאָג, ווי ער אַליין ר' חיים, פירט זיך. אַ גאַנצן שבת נאָכמיטאָג זיצט ער ביי זיך אויף דער וועראַנדע פון דער ווילע אויף דער זומער־וואוינונג און קוקט אַריין אין אַ ספר אָדער ער רעדט מיט יידן חסידים וועגן יידישקייט. ווי זאָגט די הייליקע תורה, ההולך בדרך, אַז אַ ייד גייט אין וועג און זאָגט, ווי שיין איז דער בוים, ווי גלוסטיק איז דער אַקער, מתחייב בנפשו, איז ער זיך שולדיק אין זיין לייב; זאָגט דער ברטנורא, אַז ער איז חייב מיתה. ניין, אַ ייד דאַרף נישט פּטרן די צייט אויף נאַרישקייטן. דאָס ברענגט קיין גוטס נישט. מען ווערט פויל פון די אַלע שפּאַצירנס, מען האָט דערנאָך דעם קאָפּ נישט צו דער אַרבעט, און שבת־צו־נאַכטס דאַרף מען לאַנג אַרבעטן, ביז צוועלף אַזייגער, כדי אָנצויאָגן דאָס, וואָס מען האָט דורכגעלאָזט אין הייליקן טאָג, ווען יעדער ייד דאַרף רוען, דיין שאָף, דיין אייזל, דיין דינסט און דיין קנעכט.

ער איז אויך אַ פאָטער צו זיינע אַרבעטער, ר' חיים אַלטער. טאָמער ווערט ביי אַן אַרבעטער געבוירן אַ קינד, אַ ייגגל, און דער פאָטער קומט מיט לעקעך און בראַנפן צו אים אין שטוב, כדי אים איינצולאַדן אויפן ברית און מכבד זיין מיט סנדקאות, זאָגט ער קיינמאָל נישט אָפּ, ווי פאַרנומען ער זאָל נישט זיין. וואָרעם כאָטש ער איז אַ נגיד, דאַנקען גאָט, האַלט ער זיך נישט גרויס קעגן זיינע אַרבעטער. אַלע יידן זענען חברים, שטייט

געשריבן. אויך איז די מצוה פון סנדקאות זייער גרויס. ער באַשיינט דעם אָרעמען ברית, ער עסט דעם אָרעמען לעקעך, וואָס מען איז אים מכבד. כאָטש ער מיאוסט זיך פון אים און ער שטייט אים אין האַלדז. ער לאָזט אויך איבער דעם בעל־ברית אַ דרייער־קערבל. אויך אַז אַ וועבער מאַכט חתונה אַ טאָכטער, גיט ער אַ שיינעם דרשה־געשאַנק. ער גייט נישט אויף די חתונות, ער איז צופיל פאַרנומען. אָבער דרשה־געשאַנק גיט ער. אויף פסח גיט ער יעדן אַרבעטער אַ פלעשל ראָזשינקע־ווייַן, וואָס אַ ייד אַ חסיד פון זיין שטיבל שטעלט אים ביליק צו. אויף סוכות קויפט ער אַן אתרוג פאַר דעם שולעכל „אהבת רעים״, אמת נישט אַזאַ שיינעם אתרוג, ווי פאַר זיך, סך־הכל אַ ביליקן אתרוג, וואָס מען מעג קוים איבער אים אַ ברכה מאַכן, אָבער אָן קיין אתרוג לאָזט ער נישט דאָס שולעכל פון זיינע אַרבעטער. אויף לויות, אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן, טאָמער שטאַרבט אַן אַרבעטער פון זיין וועבעריי, גייט ער תמיד. ער לאָזט איבער אַלע געשעפטן און ער גייט מיט ביזן בית־עולם באַגלייטן. וואָרעם באַגלייטן צו דער אייביקער רו אַ יידן איז אַ גרויסע מצוה. ער גיט צושטייער אויף תכריכים און ער שיקט אויך צו מיט שמואל לייבושן אַ נדבה צו דער פאַרבליבענער משפחה, זי זאָל האָבן פאַרוואָס דורכצולעבן די שבעה.

ער טוט אַלץ פאַר זיינע מענטשן. אין חסידים־שטיבל לויבט מען אים טאַקע דערפאַר. מען גיט אים אָפּ כבוד. אויך עלטערע וועבער ווינטשן אים דאָס אייביקע לעבן. ער האָט דערפאַר ליב זיין וועבעריי און ער הערט איצט מיט הנאה ווי עס רוישט דאָרט, עס קלאַפּט אויף אַלע שטולן.

אין שלאָפראָק און אין דער יאַרמולקע לאָזט ער זיך צו דער וועבעריי. אַ קוק טאָן, ווי די אַרבעט גייט דאָרט. פאַראויס גייט שמואל לייבוש מיט דער לאַמטערן און עפנט די טיר פאַר זיין באַלעבאָס.

— שמואל לייבוש, אַלץ איז אין אָרדענונג? — פרעגט ר׳ חיים אין וועג.

— אַלץ, ר׳ חיים, — ענטפערט שמואל לייבוש, קוקנדיק זיין באַלע־באָס אין די אויגן, — צוויי שטולן האָבן נישט געאַרבעט, איצט אַרבעטן זיי שוין.

— ווער האָט זיי פאַרריכט? — וויל ר׳ חיים וויסן.

— „טוביהלע, ס׳איז נישט אַ הפקר וועלט״ — זאָגט שמואל לייבוש, — ער האָט אַזוי לאַנג געמייסטערוועט, ביז ער האָט זיי פאַרריכט, איצט גייען זיי ווי געשמירט.

— גאָלדענע הענט האָט דער יונג, — זאָגט ר׳ חיים, — נאָר אַ שייגעץ אַ גרויסער, רייסט יונג און אַלט די אויגן אויס.

— אַז איר מאַכט אים אַ געשמדטן האַלדז, ר׳ חיים, — אַ קלייניקייט. פינף רובל אַ וואָך גיט איר אים, — זאָגט שמואל לייבוש מיט חניפה, עפענענדיק ברייט די טיר פון דער וועבעריי פאַר ר׳ חיימען.

— גוט וואָך, — זאָגט ר׳ חיים ברייט צו די אַרבעטער, — גוט וואָך יידן! אין דער טונקל־באַלויכטענער וועבעריי ווערט אַ גערודער. די עלטערע

יידן, וואָס האָבן צווישן זיך געשמועסט ביי דער אַרבעט וועגן חתונה מאַכן טעכטער, וואָס קומט ביי היינטיקע צייטן זייער שווער אָן, רייסן איבער זייער שמועס און נעמען אַרבעטן גיך. זיי פאַרריכטן אויף די אָפּגעשטאַ־נענע בלאַסע אויערן די דרעטלעך פון די ברילן, וואָס מערסטנס פון זיי טראָגן, זיי באַוועגן זיך גיך מיט די אָדערדיקע בלייכע הענט, קלאַפּן מיט די מידע פיס און האַצקען זיך אויף די זיץ־ברעטלעך.

— גוט וואָך, ר׳ חיים, גוט וואָך, — טראָגן זיי אַנטקעגן שבת־צו־נאַכטיקע ברכות זייער באַלעבאָס, נישט איבעררייסנדיק די אַרבעט.

ביי מאָגערע יונגעלייטלעך, וואָס האָבן געזונגען אל תירא עבדי יעקב מיט גרויס חזנישע קונצן, איז געבליבן שטעקן אַ נישט־דערזאָגטער פּסוק אין די מיילער. מיט געוואַלטיקער פלינקייט האָבן גענומען קלאַפּן זייערע שטולן, די פעדעם זענען געלאָפן בליץ־שנעל. זייערע ביינערדיקע פינגער האָבן קונציק געקניפּט פעדעם.

ר׳ חיים איז געגאַנגען פון שטול צו שטול, אומעטום אַריינגעקוקט, אַ גלעט געטאָן מיט דער האַנט איבער אַ טיכל, געמאַכט באַמערקונגען, ווע־ ס׳איז געווען שלעכט געאַרבעט, געדראַט מיט אַ פינגער, וואו ער האָט געפּאַקט אַ פלעק פון אַ פאַרשוויצטער האַנט.

— נישט פּושערן, — האָט ער געוואָרנט, — און נישט עסן ביי דער אַרבעט, שמואל לייבוש, זאָלסט אַכטונג געבן ,הערסט ?

— כ׳הער, ר׳ חיים, — האָט שמואל לייבוש געזאָגט הויך, וואַרפנדיק בייזע בליקן אויף די וועבער, וויפיל מאָל האָב איך אייך געזאָגט, די הענט זאָלן זיין ריין !

קיינער האָט עס, אמת, פון אים קיינמאָל נישט געהערט, נאָר מען האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט. אַלץ האָט געאַרבעט, די שטולן האָבן גע־קלאַפּט. ר׳ חיים האָט מיט צופרידנקייט אויפגענומען דאָס רעגלמעסיקע קלאַפּן, עס איז געווען ביי אים, ווי ער וואָלט הערן דאָס קלאַפּן פון מינצן געלט. ער האָט אַריינגעקוקט אין די פּאַק־קאַמערן, אין אַלע ווינקעלעך, אומעטום איז געווען פול מיט וואָל, מיט אויסגעאַרבעטע טיכער. זיין האַרץ איז געוואַקסן.

זאָלן מענטשן זאָגן, וואָס זיי ווילן, — האָט ער געטראַכט, — זאָלן זיי דערציילן מעשות ,אַז האַנט־וועבעריי האָט נישט קיין צוקונפט, אַז נאָר דאַמף איז אַן עסק, ער האַלט נישט דערפון. ער וועט זיך האַלטן ביי שטולן. זיי ברענגען אים אַריין אַ שיינע הכנסה, די. שטולן, געלויבט זיין ליבן נאָמען, הלואי ווייטער נישט ערגער, בעסער האָט קיין שיעור נישט. די ווייבערישע טיכער זיינע גייען איבער גאַנץ פּוילן, איבער רוסלאַנד, די גויעס כאַפּן זיי. מעגלעך, אַז מען וועט נאָך מוזן פאַרלענגערן די אַרבעטס־שעהן, אַזויפיל באַשטעלונגען קומען, קיין עין־הרע, אָן. זיי אַרבעטן זייער גוט, די וועבער זיינע, בעסער ווי די מאַשינען. זאָלן זיך די דייטשן מיט די יידן אפּיקורסים,

וואָס מאַכן זיי נאָך, שטעלן מאַשינען און קוימענס. ער וועט זיך בלייבן ביי זיינע האַנט־שטולן. אַ ייד דאַרף נישט איינרייסן אַ וועלט. צו וואָס דער טאַראַראַם מיטן גערודער, מיטן רייסן זיך פון די קוימענס, מיטן פייפן פון די סירענעס? ס'איז אַלץ איבעריק, גויאישע דרכים. זיינע וועבער קומען אַזוי אויך צו דער צייט צו דער אַרבעט, אָן פייפן. אויך דאָס יידישקייט שטערט נישט, אַזאַ יאָר זאָל מען שוין האָבן, ווי מען קאָן זיין אַ ייד און אַ שיינער נגיד, תורה מיט סחורה צוזאַמען...

ער איז מיט שטאָלץ וועגן זיך און וועגן זיינע מעשים דורכגעגאַנגען נאָכאַמאָל לענגאויס אַלע שטולן. ער האָט אָנגעשטעלט אומעטום די שוואַרצע גלאַנציקע אויגן, געזען, ווי די טיכער וואַקסן, מיט יעדער מינוט, מיט יעדער רגע. הינטער אים איז נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן שמואל לייבוש דער משרת. צום סוף איז ער צוגעגאַנגען צו טוביהלען, צו דעם, וואָס מען רופט איב מיטן צונאָמען „טוביהלע ס'איז נישט הפקר אַ וועלט".

דער איינציקער פון אַלע אין דער וועבעריי איז טוביה געבליבן שטיין ביי זיין שטול און זיך געטאָן זיין אַרבעט, נישט אומקוקנדיק זיך גאָר צום באַלעבאָס פון דער פאַבריק.

מיט אַ געל שפּראָצנדיק בערדל, אַביסל צוגעשוירן אין די זייטן, מיט אַ פּאַפּירן קעלנערל אויפן דאַרן האַלדז, אין וועלכן דער שאַרפער קנאָפּ האַלט אין איין לויפן אַרויף און אַראָפּ, אַ דינער, אַ באַוועגלעכער, מיט צוויי שאַרפע געלע אויגן אונטער געדיכט־צעשויבערטע ברעמען, מיט אַ קליין פּיצעלע טלית־קטנדל, נישט געמאַכט פון וואָל און מיט תכלת־פּאַסן, נאָר אויסגעשטריקט פון קאָלירטער וולוטשקע, מיט זייער קליינע און דינע ציצית — איז ער געשטאַנען ביי דער שטול און גיך דורכגעוואָרפן רויטע פעדעם ביי די ברעגן פון אַ שוואַרצער שאַל, פליענדיק מיט די פאַרקאַשערטע דאַרע הענט אַזוי קונציק, ווי אַ קונצנמאַכער ביים ציען סטענגעס, און צוזינגענדיק אַ לידל, נישט קיין חזניש שטיקל פון דאַווענען, נאָר עפּעס אַ יידיש לידל, מיט גראַמען. דערשפּירנדיק דעם באַלעבאָס לעבן זיך, האָט ער בלויז אויפגעהערט זינגען, אונטערברומענדיק שטיל, אַזוי אַז מען זאָל יאָ הערן און נישט הערן.

דאָס איז געווען אַ מאָדנע לידל, וואָס אַזעלכעס האָט מען גאָרנישט געהערט אין די וועבערייען, עפּעס אַ לידל נישט פון קיין פּורים־שפּיל, נישט פון קיין ליבעס אין דייטש, נאָר אַ פּרעמדס און דערביי זייער אַן אייגנס, אַ נאָענטס און פאַרשטענדלעכס. זייט עטלעכע וואָכן האָט עס טוביה גע־בראַכט דאָ אַהער אין דער וועבעריי, קיינער האָט נישט געוואוסט, פון וואַנען עס האָט געשטאַמט, ווער עס האָט עס פאַרפאַסט. מיטאַמאָל האָט עס טוביה גענומען זינגען ביי דער אַרבעט. אַ לידל וועגן אַ רייכן באַלעבאָס, וואָס טרינקט זיך דאָס ביר, רויכערט די ציגאַרן, און ווען די אַרבעטער זיינע וויינען ביי דער אַרבעט, וואָרנט ער זיי:

„הער שוין אויף צו גיסן דיינע טרערן,
דו מאַכסט אויף דער אַרבעט אַ פלעק,
ווען דאָס דערזעט נאָך דער מייסטער,
טרייבט ער דיך פונדאַנען אַוועק...״

ר׳ חיים אַלטער האָט שוין פון זיין משרת געהערט וועגן אַ פאַרשייט לידל, וואָס מען זינגט אין דער וועבעריי. ער האָט איצט די ברומענדיקע ווערטער פון טוביהלען נישט דערהערט, אָבער פאַרשטאַנען האָט ער, אַז דאָס איז דאָס לידל, אין וועלכן ער, ר׳ חיים אַליין, מיט זיינע ציגאַרן, זאָל דאָרט ווערן דערמאָנט. ער האָט אונטערגעשטעלט אַ האַנט צום אויער.

— וואָס זינגט מען דאָס, טוביהלע? — האָט ער געפרעגט מיט אַ גע־מאַכט שמייכעלע.

— אַ לידל, — האָט טוביה געזאָגט, נישט אַוועקנעמענדיק דעם קאָפּ פון דער אַרבעט.

— זמירות? — האָט ר׳ חיים זיך געמאַכט תמעוואַטע. — נו, וואָס־זשע האָסטו אויפגעהערט? לאָמיך אויך הערן אַ וואָרט, ס׳איז דאָך עפּעס שבת־צו־נאַכטס...

טוביה האָט נישט געענטפערט. ער האָט אויפגעהערט ברומען.

ר׳ חיים האָט אַ בליק געטאָן אויף זיינע ציצית, אויף די קליינע דינע ציצית, צונויפגעקלעפּטע פון וואַשן, כמעט פסולע, און ער איז אַרויס אַן אומצופרידענער פון דער וועבעריי.

— איי, טוביהלע, — האָט ער געזאָגט, נישט פאַרענדיקנדיק די ווער־טער, — איי!...

אַלעמענס אויגן האָבן מיטאַמאָל זיך אָנגעשטעלט אויף טוביהן. שמואל לייבוש דער משרת האָט געקוקט אויף אים מיט גזלנישע אויגן. ר׳ חיים איז אַריין אַ פאַרוואָלקנטער צו זיך. אין דער גוטער שבת־צו־נאַכטיקער שטי־מונג איז דער וועבער מיט דעם קליינעם געשטיקטן טלית־קטנדל און ברו־מענדיקן לידל געוועזן אַ שוואַרצער פלעק. אָבער, ווי שטענדיק, האָט ער נישט געקאָנט לאַנג פאַרטראָגן קיין עגמת נפש. דערצו האָט ער געטראָפן אין שטוב ביי זיך אימעצן, וועמען ער האָט געוואָלט זען, און זיין פּנים האָט זיך צוריק אויסגעלייטערט.

— אַ, שייגעץ, ביסטו, גוט־וואָך! — האָט ער פריילעך באַגריסט דעם גאַסט ביים טיש און אים אָנגעדרייט פאָטערלעך אַן אויער.

דאָס איז געווען שמחה מאיר ר׳ אברהם הערשס. ער איז געזעסן מיט ר׳ חיימס יינגלעך און געשפּילט אין קוויטלעך. ר׳ חיימס יינגלעך זענען געווען גרעסער פון אים, פליישיקע, צעוואַקסענע, גאָרנישט אויף זייערע יאָרן. אָבער געלערנט האָבן זיי מיט אים אין איין חדר ביי ר׳ ברוך וואָלפן און זייער געקלעפּט צו שמחה מאירן. נאַרישעוואַטע, טעמפּע, פריילעכע, האָבן זיי זיך געלאָזט פירן פון דעם קליינעם פּיפּיקן שמחה מאיר, פאַר־

שפּילט ביי אים ס׳גאַנצע געלט אין קוויטלעך. ר׳ חיים אַלטער איז זייער צופרידן געווען דערפון, וואָס דער קליינער שמחה מאיר חברט זיך מיט זיינע ייִנגלעך. ער האָט געשמט פאַר אַ שאַרף קעפּל, שמחה מאיר, ער האָט אַלץ געוואוסט, אומעטום אַריינגעשטעקט דאָס לאַנגע נעזל, צו אַלץ זיך צוגעהערט און גערעדט אינגאַנצן ווי אַ דערוואַקסענער. אַפילו אין געשעפט האָט ער זיך שוין פאַרשטאַנען, האָט ליב געהאַט צו חשבונען אַ סך, די שווער־סטע פאַרוויקלטע חשבונות אויסצורעכענען. וויפיל מאָל ר׳ חיים האָט געהאַט אַ שווערן חשבון און נישט געקאָנט אויסרעכענען, האָט שמחה מאיר עס אים געמאַכט איינס און צוויי. רעדנדיק צו זיך אַליין, בעצנדיק דעם שפּיץ בלייפעדער אין דער צונג, האָט ער גיך אָנגעוואָרפן די ציפערן, אַראָפּ־גענומען, געטאָפּלט, צוגעגעבן, אַלץ אויפן היימישן שטייגער, מיט אַ סך איבעריקע ציפערן, אָבער געשטימט האָט דער סך־הכל צו דער האָר. ר׳ חיים אַליין, אַ ייִד מיט אַ שווערן קאָפּ, האָט געמוסרט זיינע ייִנגלעך פאַר זייערע שווערע קעפּ.

— עסט זעט, פּויערים־קעפּ, — האָט ער זיי אָנגעוויזן אויף דעם קליינעם שמחה מאיר, — אַ פייערדיקער קאָפּ וואַקסט עס. ער וועט נאָך אַמאָל גאַנץ לאָדזש פירן ביי דער נאָז...

אין זיין טאַטעשן קאָפּ האָט זיך שוין איצט געבאָמבלט אַ געדאַנק וועגן אַ תכלית, וועגן אויסכאַפּן דעם קליינעם פאַר אַ חתן פאַר זיין דינהלען, דער בת־יחידה.

אמת, ער איז נאָך אַ ייִנגל, קיין בר־מצוה נישט, און מען וועט מוזן וואַרטן צו דער חתונה עטלעכע יאָר, ביז ער וועט כאָטש אַלט ווערן אַ יאָר זעכצן. אָבער אַ שידוך טאָן מעג מען שוין מיט אים. מ׳דאַרף אים כאַפּן באַצייטנס, אַ נישט וועלן אַנדערע אים אויסכאַפּן. און ער איז דעריבער געווען זייער צופרידן, טרעפנדיק דאָ דעם קליינעם.

— דינהלע, — האָט ער גערופן, — טאָכטער מיינע, זיי מכבד דעם גאַסט מיט טיי און מיט שטרודל.

דינהלע האָט נישט מיט קיין איבעריק גוטן ווילן דערלאַנגט טיי דעם קליינעם חסידישן ייִנגל אין שבתדיקן אַטלעסענעם קאַפּאָטקעלע און אין סאָמעטענעם פאַררוקטן היטעלע, וואָס איז געזעסן ביים טיש און געקוקט אויף איר מיט פלוטעוואַטע חסידישע בליקן. ער האָט נישט אויפגעהערט באַוועגן מיטן קאָפּ, ווי אַ פויגל, וואָס זוכט קערנער, און די העלע גע־קרייזלטע פּיאות זיינע האָבן קאָמישע שאָטנס געמאַכט אויף דער וואַנט.

זי האָט קיינמאָל נישט געהאַט צו אים קיין גרויס סימפּאַטיע. נאָך דע־מאָלט, ווען ער פלעגט איר אין הויף אויפבינדן די בלויע שלייף אין די האָר און שיטן זאַמד איר אויפן קאָפּ. דערצו איז זי שוין געווען עטלעכע יאָר אַ שילערין פון אַ גויאישער פענסיע, וואו מען האָט איר אָנגעפּאַקט דעם קאָפּ מיט געשיכטן פון קעניגן, ריטערס און העלדן, וואו מען האָט זי, די חסידישע טאָכטער, דערצויגן אין צירלעך־מאַנירלעכע געוואוינהייטן

צערעמאָניעס און זיטן. זי האָט שוין אויך געלערנט זיך טאַנצן אין דער פּענסיע, שפּילן אויף דעם קלאַוויר, און אויף די פאָרשטעלונגען, וואָס מען האָט געגעבן, האָט זי תמיד געשפּילט אַ הויף־דאַמע און געטראָגן אַ קרינאָ־לינע און אַ ריזיקן פעכער.

אַ ברוין־האָריקע, אַ בלוי־אויגיקע, אַ צעפּיעשטשעטע, אַ געוויקסיקע און אַ שיינע, האָט זי זייער אויסגענומען ביי די גויאישע חברטעס אירע. ביי קנאַפּע דרייצן יאָר האָט זי שוין געלייענט אַ סך דייטשע און פראַנצויזישע ראָמאַנען וועגן גראַפן, פירשטן און באַראָנען, דועלן און ראָמאַנטישע ליבעס. זי האָט שוין אַליין געטרוימט וועגן אַ ריטער, וואָס וועט קומען אויף אַ שוואַרץ פערד צו רייטן, וועט זי אַרויסגנבענען פון די עלטערנס שטוב און אַוועק־פירן זי צו אַן איינזאַמען שלאָס, וואָס שטייט ערגעץ אויף אַ שפּיץ באַרג.

און איר איז געווען קאַמיש צו קוקן אויף דעם חסידישן יינגל, וואָס זיצט קיין רגע אויף קיין אָרט נישט איין, שטעקט אומעטום אַריין די אויגן, קוקט אַריין אין אַלע פּאַפּירן אויפן טיש, זוכט, נישטערט און עס הויבט אים פון אָרט.

אָבער פונקט ווי זי האָט געקוקט קרום אויף שמחה מאירן, אַזוי האָט דער פאָטער אירער זיך געשפּיגלט אין אים, שטיקער באַקן אים אויסגע־קניפּט פון גרויס ליבשאַפט. אַליין אַ שווערער קאָפּ, האָט ער שטאַרק דרך־ארץ געהאַט פאַר עילוים, און שמחה מאיר האָט געשמט פאַר אַן עילוי.

דינהלע האָט גיך אַוועקגעשטעלט דאָס גלאָז טיי פאַר דעם יינגל און זיך אָפּגערוקט. זי האָט זיך געאיילט צו די ביכלעך אירע. נאָר דער פאָטער האָט זי פאַרהאַלטן.

— דערקענסט אים נישט, דינהלע ? — האָט ער זיך געוואונדערט. — דאָס איז דאָך ר׳ אברהם הערשס בחור, שמחה מאיר, ער קאָן גאָר גוט שרייבן.

ער האָט אַ בליק געטאָן מיט די שוואַרצע לוסטיקע אויגן, אין וועלכע עס האָט זיך שוין באַצייטנס געשפּיגלט טאַטעשער נחת, און באַפוילן :

— וויז, שמחה מאיר, ווי שיין דו שרייבסט אַ דייטש בריוול. זאָל זי נישט מיינען, אַז נאָר אין די שקאָלעס לערנט מען זיך אויס זיין אַ מענטש. ביי דער גמרא, להבדיל, קאָן מען זיך נאָך אַ סך בעסער אויסלערנען, אַז מען האָט אַ גמרא־קעפּל...

שמחה מאיר האָט מיט דער שענסטער האַנטשריפט צונויפגעשטעלט אַ סוחריש דייטשיש בריוול אין שפּיציקע גאָטישע בוכשטאַבן, געשריבן צו איינעם אַ הער גאָלדמאַן אין לייפּציק, ווי זיין שטוב־לערער, גאָלדלוסט דער בוכהאַלטער, האָט אים אויסגעלערנט.

„האָכוואָלגעבאָרען הער סאָלאָמאָן גאָלדמאַן,״ האָט ער געשריבן און געפּלייסט זיך עס צו מאַכן וואָס בעסער.

דינהלע איז, קוים נישט אויסצושיסן, אַריינגעלאָפן צו דער מוטער אין שטוב און געוואָרפן זיך אויף איר אין אַזאַ ווילדן געלעכטער, אַז די

מוטער האָט אַזש מיט אַלע לעקעלעך פון איר בלאַנד אָנקאַרבירט שייטל געגומען טרייסלען. ר׳ חיים האָט באַוואונדערט דאָס כּתב פון יינגל, פּאַטשנ־דיק אין התפּעלות מיט די פלײשיקע ליפּן, און ער האָט אָפּגעמאַכט באַצייטנס צו שיקן צום יינגלס פאָטער דעם אָפּגעקומענעם נגיד שמואל זיינוול אַלעק־סאַנדערער, ער זאָל רעדן וועגן אַ שידוך, ווי לאַנג ס׳איז נאָך צייט.

— שמואל לייבוש, — האָט ער גערופן דעם משרת, וואָס האָט זיך אַלץ געפּלאָנטערט אין די חשבונות און נישט אַרויסגעקראָכן, — מאָרגן, אם ירצה השם, זאָלסטו אַריבערגיין צו שמואל זיינוול אַלעקסאַנדערער, און זאָלסט אים זאָגן, אַז ער זאָל אַרויפקומען צו מיר, כ׳דאַרף אים נויטיק האָבן, הערסט?

— גלייך אינדערפרי וועל איך צו אים אַריבערגיין, ר׳ חיים, — האָט דער משרת געזאָגט.

— זאָג כאָטש, אם ירצה השם, גראָבער יונג, — האָט אים ר׳ חיים געשטראָפט, — וואָרעם, וואָס ווייסט אַ זינדיקער מענטש, וואָס מאָרגן וועט זיין?

— מערטשישעם, — האָט שמואל לייבוש געזאָגט אַ פאַרשעמטער צו־ליב זיין גראָביונגערישקייט.

## קאַפּיטל ניין

פאַר שמחה מאירס און יעקב בונמס בר־מצוה, וואָס איז אויסגעפאַלן אין פּסח, איז ר׳ אברהם הערש אַריבערגעפאָרן קיין אַלעקסאַנדער צום רבין. ער האָט מיטגענומען מיט זיך ביידע יינגלעך.

דער וואָרקער רבי האָט שוין נישט געלעבט און ר׳ אברהם הערש איז געפאָרן צום אַלעקסאַנדערער, וואָס איז געזעסן טאַקע אין אַלעקסאַנדער, נישט ווייט פון לאָדזש. ווי תמיד, האָט דאָס ווייב זיינס געוויינט און גע־קלאָגט, אַז ער לאָזט זי איבער אויף פּסח אַליין, ווי אַן אלמנה, שונאי־ציון, און ווי תמיד האָט ר׳ אברהם הערש זי נישט געהערט. ערשטנס, האָט ער זיך געפירט, פּונקט ווי פריער ביים וואָרקער, צו זיין אַלע יום־טוב ביים רבין. צווייטנס, האָט ער געוואָלט ברענגען די יינגלעך צום רבין פאַר דער בר־מצוה, דער רבי זאָל מיט זיי רעדן וועגן יידישקייט און זיי ווינטשן צו זיין ערלעכע יידן. ער האָט זייער גוט געדענקט נאָך די רייד פון וואָרקער, זכרונו לברכה, אַז זיינע קינדער וועלן זיין נגידים. וועגן דעם, אַז זיינע קינדער וועלן זיין פרומע יידן, יראי־שמים, האָט דער רבי נישט דערמאָנט. ר׳ אברהם הערש האָט שטענדיק וועגן דעם געטראַכט, געזען דערין אַ שלעכטן סימן. ביי זיין גאַנצער נגידישקייט, פאַרנומענקייט אין געשעפטן, האָט ער געוואוסט, ר׳ אברהם הערש, אַז דאָס זענען אַלץ נישט מער, ווי נאַרישע פּוסטע זאַכן קעגן דער תורה, קעגן גאָט אין הימל, וואָס איז אייביק. אַ גרויסע איז זי די תורה, אַ פאַרכטיקע, אויך גאָט איז אַ פאַרכטיקער, אַ

נוקם ונוטר אין די אַלע, וואָס היטן נישט אָפּ זיינע מצוות. ער האָט מורא געהאַט פאַר גאָט, מורא געהאַט פאַר זיין גרויסן גיהנום, און ער האָט נישט איינמאָל געבעטן גאָט, אַז אויב, חלילה, עס איז אָנגעשריבן געוואָרן פון הימל, אַז זיינע קינדער זאָלן זיין נגידים און נישט אָפּהיטן יידישקייט, זאָלן זיי בעסער זיין קבצנים, מלמדים, און פרומע יידן. זאָלן זיי אַפילו, נישט אויסגערעדט אין קיין בייזער שעה, אַוועקגיין פון דער וועלט, אַבי זיי זאָלן אים נישט מבייש זיין, חלילה, אויף דער וועלט און יענער וועלט. איצט, איידער די ייִנגלעך זענען געוואָרן בר־מצוה, האָט ער וועגן דעם געוואָלט רעדן מיטן רבין זיינעם פון אַלעקסאַנדער.

דריטנס, האָט ער געוואָלט פרעגן דעם רבין אַן עצה, וואָס צו טאָן מיט שמחה מאירן אין לערנען.

וועגן יעקב בונמען האָט ער זיך נישט געזאָרגט. ער איז נישט געווען קיין גרויסער למדן, דער יעקב בונם. קוים וואָס דער מלמד זיינער האָט אין אים אַריינגעפּאַקט אַ בלאַט גמרא. דער פאָטער האָט שוין פון אים קיין גרויסע זאַכן נישט דערוואַרט. ער האָט געוואוסט פריער, אַז כאָטש ער וועט אים האַלטן ביז צו דער חתונה ביי מלמדים, וועט ער קיין רב נישט זיין, ער וועט זיין אַ בן־תורה בלויז. און ער האָט נאָר געזען, אָפּצוהיטן אים אין יידישקייט. גאַנץ אַנדערש איז געווען מיט שמחה מאירן. פאַר אים איז שוין ר׳ ברוך וואָלף לענטשיצער געווען צו קליין. מען האָט אים געדאַרפט אַוועקגעבן אין גוטע הענט. ר׳ אברהם הערש האָט שטאַרק חשק געהאַט אים אַוועקצושיקן אין אַ ישיבה אַריין, כדי ער זאָל זיין מיט אָרעמע בחורים צוזאַמען, ער זאָל אַפילו עסן טעג ביי באַלעבאַטים, צוגלייך מיט אַלע אָרעמע ייִנגלעך, ער זאָל פאַרשוואַרצט ווערן און דאַדורך ווערן אַ ייד. ר׳ אברהם הערש ווייסט, אַז אַ ייִנגל דאַרף נישט זיצן אין דער היים, נאָר אין דער פרעמד, ווי זיין פאָטער האָט אים ייִנגלוויז געהאַלטן, אַז נאָר דורך האַרטקייט און וואָגלעניש קאָן אַ גוט ייִנגל קומען צו תורה און יראת־שמים.

דאָס ווייב זיינס האָט שוין געגומען באַצייטנס וויינען, אַז זי וועט איר מאירל, איר בלוט און פלייש, נישט לאָזן פאַרשעמט ווערן ביי פרעמדע טישן. דאָס האָט אים נישט געאַרט. מאַלע וואָס אַ יידענע וויינט! אָבער אויך יידן חסידים האָבן אים אָפּגערעדט דערפון, געדרונגען, אַז אַ ייִנגל דאַרף זיין לעבן טאַטן. און ער האָט געוואָלט הערן, וואָס דער רבי וועט אים זאָגן. ווי דער רבי וועט הייסן, אַזוי וועט זיין.

פערטנס, האָט געהאַלטן ביי אַ שידוך.

ר׳ חיים אַלטער האָט געשיקט שמואל זיינוולען דעם אָפּגעקומענעם נגיד, זאָגן, אַז ער וויל זיך משדך זיין מיטן עלטערן, שמחה מאירן. ר׳ אברהם הערש האָט זיך נישט געאיילט, ער איז נישט געווען פון די איילִיקע, און האָט געהייסן ענטפערן, אַז ער זאָגט נישט יאָ, אַז ער זאָגט נישט ניין, אַז מ׳וועט זען, און אַז דאָס ייִנגל איז נאָך אַפילו נישט קיין בר־מצוה. אָבער

שמואל זיינוול האָט נישט געלאָזט רוען, דערגאַנגען די יאָרן. אַ ייד אַ למדן, אַן אַמאָליקער נגיד און אַ גרויסער עזות־פּנים, וואָס זאָגט אַלעמען „דו" און האָט נישט קיין ברעקל דרך־ארץ פאַר גבירים, איז שמואל זיינוול נישט נתפּעל געוואָרן פון ר' אברהם הערשס אויסדרייען זיך און ער האָט נישט אויפגעהערט קומען צו אים. ער איז נישט געווען פון די, וואָס לאָזן זיך אַוועקמאַכן מיט דער האַנט, דער שמואל זיינוול. ער האָט געקענט אַ וועלט און אַ וועלט האָט אים געקענט. ער האָט געוואוסט אין לאָדזש וואָס ביי יעדן קאָכט זיך אין טעפּל, געקאָנט צונויפפּירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, אויס־שייגעצן דעם גרעסטן שיינעם ייד און גביר און זאָגן דעם אמת יעדן אין די אויגן.

— איך וויל, אברהם הערש, זאָלסט טאָן דעם שידוך מיט חיים אַל־טערן, — האָט ער באַפוילן מער ווי צוגערעדט, — איך בין נישט דיין משה משרת, איך זאָל דיר נאָכקריכן. שרייב תנאים און לאָז מיך נעמען שדכנות, וואָרעם איך דאַרף אַליין חתונה מאַכן אַ טאָכטער, כ'קאָן נישט וואַרטן...

ר' אברהם הערש האָט זיך נישט געקאָנט פון אים אויסבאַהאַלטן, נישט אין שטוב, נישט אין חסידים־שטיבל, נישט אַפילו אין געשעפט. מיט כעס האָט שמואל זיינוול אויפגעריסן דאָס טירל פון קאַנטאָרל, וואו ר' אברהם הערש איז געזעסן ביי די ביכער, מיט כוח האָט ער אָפּגעשטופּט די משרתים, וואָס האָבן אים נישט צוגעלאָזט.

— האָסט געהערט אַן עזות פון שקאָצים, — האָט ער זיך געבייזערט אין קאַנטאָרל, — זיי לאָזן דאָך גאָרנישט צו צו דיר, אברהם הערש, אַזוי ווי צו אַ גובערנאַטאָר...

ר' אברהם הערש האָט שוין געזען, אַז ער וועט פון דעם שמואל זיינוול נישט פּטור ווערן. אגב איז עס טאַקע קיין שלעכטער שידוך אויך נישט געווען. ר' חיים איז אַ ייד אַ נגיד, דאָס מיידל זיינס איז אַ בת־יחידה, און אַ נדן וויל ער געבן אַ בכבודן, אויך שיינע מתנות און קעסט. ער גייט אויס נאָכן יינגל און ער וועט זיך לאָזן קוועטשן. אמת, אַז אויף זיין ווייב מורמלט מען, מען זאָגט, אַז זי טראָגט נישט קיין קאָפּקע אויפן קאָפּ, נאָר אַ שייטל, אויך פּירט זי זיך פּריציש. אָבער אַ שטוב פירט זיך דאָרט אַ יידישע, חסידים זענען דאָרט שטענדיק פול, און ער האָט געוואָלט הערן דעם רבינס וואָרט. אָן רבינס עצה האָט ער קיין זאַך נישט געטאָן.

און ער האָט געהייסן דעם באַלעגאָלע, דעם דייטש, וואָס פירט אים סחורות פון דער פאַבריק אין לאַגער, ער זאָל שפּאַנען די פאַבריק־פערד אין דער בריטשקע און אים פירן אויף פּסח קיין אַלעקסאַנדער.

ער האָט איינגעפּאַקט די שבתדיקע מלבושים זיינע, די יינגלעכס נייע אַטלאַסענע קאַפּאָטקעלעך און די סאַמעטענע היטלען, וואָס ער האָט זיי געלאָזט מאַכן לכבוד דער בר־מצוה. ער האָט אין דריי נייע רויטע קעשענע־פאַטשיילעס איינגעפּאַקט מצה שמורה, שוואַרץ־מעליקע, האַרטע און קרומע מצות, פאַר יעדן זיין פּעקל אויף גאַנץ פּסח. ער האָט מיטגעפירט אין

שטרויענע קוישלעך געפּאַקט עטלעכע גוטע פלעשער ווייַן אויף ארבע כוסות פאַרן רבין, און ביז אַלעקסאַנדער האָט ער אַזוי פיל אָרעמע חסידים אַרויפגענומען אויף דער בריטשקע, אַז דער דייטש, דער קוטשער, האָט שיר נישט די אַפּאָפּלעקסיע געקריגן פון כעס.

— אַך, דו ליבער יעזו, — האָט ער געגוידערט, — דאָס יודן פּאַק ווירד מיר די פּפערדע קאַפּוט מאַכן. הערונטער!

נאָר די חסידים האָבן זיך אַריינגעקוועטשט וואָס מער און שוין אויף דער פור גענומען פאַרזוכן פון ר׳ אברהם הערשס פּסחדיקן בראנפן און געזונגען אַ זמרל.

— ווייסעך וואָס אַ גוי אַ בהמה רעדט, — האָבן זיי געזאָגט מיט ביטול.

איבער גאַנץ פּסח האָט ר׳ אברהם הערש נישט אָפּגעלאָזט די יינגלעך פון זיך אויף קיין מינוט, איבערהויפּט שמחה מאירן. ער האָט זיי אַריינגע־נומען צווישן די חסידים, וואָס זאָגן נאָך דעם רבינס תורה און דערציילן מופתים פון אַמאָליקע און היינטיקע צדיקים. ער האָט זיי אַריינעשלעפּט אין די רעדלעך טאַנצנדיקע יידן, גאָרנישט ווי יינגלעך, נאָר ווי מען נעמט אַריין דערוואַקסענע. ער האָט אויף שמחהס שמאָלע פּלייצעס אַרויפגעלייגט זיין ברייטע האַנט, געצויגן אים צום טאַנץ, אַריינגעקוועטשט צווישן יידן, אַריינגעדרונגען אין אים מיט יידישקייט, געצוואונגען אים מיטצוטאַנצן און מיטצוזינגען מיט די חסידים ביז מיד ווערן, ביז שווייס.

— זעסט, ווי יידן דינען דעם אויבערשטן, — האָט ער אים געמונ־טערט, — זיי אַ ייד, שמחה.

ביים געזעגענען האָט דער רבי געקניפּט אין באַק יעקב בונמען, אָבער מיט שמחה מאירן דעם עילוי האָט ער גערעדט אין לערנען. ער האָט אים געוואָלט כאַפּן ביי אַ קשיה, נאָר שמחה מאיר האָט זיך נישט געלאָזט און באַצייטנס אָפּגעשלאָגן. דער רבי האָט אים געלויבט פאַרן פאָטער.

— האָסט אַ וואוילן בחור, אברהם הערש, — האָט ער געזאָגט, גלעטנדיק דעם יינגל איבער דער באַק, — ער האָט אַ גוט קעפּל. נעם אים שטענדיק מיט צו מיר אויף יום־טוב. און דער שידוך געפעלט מיר. אַ גאַנץ וואוילער שידוך, און אין קיין ישיבה דאַרפסטו אים נישט שיקן. גיב אים אַוועק אין לאָדזש צו ר׳ נאָסקע מורא הוראה. ער פאָרט אַפילו נישט צו קיין רבין, דער נאָסקע, אָבער ער איז אַ ייד אַ למדן אַ גרויסער, און אַ צדיק, גאָר פון די גרויסע.

ר׳ אברהם הערש האָט געגעבן דעם רבין אַ פּדיון צוויי מאָל חי, זעקס און דרייסיק זילבערנע רובל, און אַ היים געפאָרן אַ צופרידענער מיטביידע יינגלעך און מיט די אָרעמע חסידים, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אַרום אים. שוין אויף דער בריטשקע האָט ער מכבד געווען די חסידים מיט לעקעך און בראנפן און די יידן האָבן געוואונטשן שמחה מאירן מזל טוב.

— מזל־טוב, חתן, דער שידוך זאָל עולה־יפה זיין, לחיים.

זיי האָבן געשטרעקט הענט צום פֿאָטער זיינעם און אויך צו יעקב בונמען.

— לחיים דעם חתנס ברודער, אם ירצה השם ביי דיר. בחור.

יעקב בונם איז געזעסן אַ טרויעריקער. דאָס ערשטע מאָל, ווי די פֿריילעכקייט איז פֿון אים פֿאַרשוואונדן. די אויגן זיינע, די גרויסע, שוואַרצע און פֿריילעכע זענען געווען איבערגעצויגן מיט אַ טרויער פֿון ערשטע ליידן.

שוין איבער גאַנץ פּסח האָט ער געליטן. די חסידים האָבן זיך אויף אים ווייניק אומגעקוקט. אַלע האָבן זיי נאָר גערעדט מיט שמחה מאירן, אויסגע־טענהט זיך מיט אים, ווי מיט אַ גרויסן. אויך דער רבי אַליין האָט מיט אים ווייניק גערעדט. ער האָט אים בלויז געגעבן אַ קניפּ אין באַק, ווי אַ חדר־יינגעלע. גערעדט האָט ער בלויז מיט שמחה מאירן און אים געלויבט פֿאַרן פֿאָטער. דאָס האָט אים געווייטיקט. ער האָט זיך געפֿילט זייער נידערגע־שלאָגן, קליין און פֿאַרשעמט. דאָ איז נישט געווען דער הויף מיט די קינדער, וואו מען האָט געקאָנט אויסנעמען מיט כוחות, פֿלינקייט. דאָ איז שמחה מאיר געווען אויפֿן פֿערדל. און ער האָט עס אים טאַקע געגעבן צו פֿילן אויך, דער שמחה מאיר. ער האָט געקוקט אויף אים פֿון אויבן אַראָפּ, גאָרנישט געוואָלט רעדן מיט אים און כסדר זיך געשטופּט צווישן די גרויסע.

ער איז געווען זייער נידערגעשלאָגן און קליין ביי זיך, דער גרויסגע־וויקסיקער יעקב בונם, קעגן זיין צווילינג־ברודער שמחה מאיר, וואָס דער־גרייכט אים בלויז צום אַקסל.

אָבער פֿאַרקלעמט אים דאָס האַרץ האָבן אים די יידנס באַצייטנדיקע מזל־טובס, וואָס זיי האָבן געוואונטשן שמחה מאירן.

ער האָט שוין פֿריער געהערט מורמלען וועגן דעם שידוך אין שטוב, אָבער ער האָט נישט געגלויבט, אַז עס האַלט שוין טאַקע דערביי. ער האָט נישט געוואָלט גלויבן. איצט האָט ער געזען, אַז עס איז געשען. דער רבי האָט געהייסן דעם שידוך טאָן. אַ גאַנץ וואוילער שידוך, — האָט ער געזאָגט. די חסידים טרינקען שוין אַפֿילו בראנפֿן און ווינטשן שמחה מאירן מזל־טוב. און אים האָט אַזוי פֿאַרקלעמטביים האַרץ, אַז ער האָט געוואָלט שטאַרבן.

— וואָס האָסטו אַראָפּגעלאָזט די נאָז, בחור? — האָבן חסידים אים אויסגעלאַכט. — וועסט אויך אַ חתן ווערן אינגיכן, מיט גאָטס הילף. גיב דעם חתן די האַנט און זאָג אים מזל־טוב.

ער האָט אויסגעשטרעקט אַ פֿאַרשעמטער די האַנט צו שמחה מאירן און אים אַ מורמל געטאָן „מזל־טוב", ווי די יידן האָבן אים געהייסן. ביידע ברידער האָבן אויף זיך געגעבן אַ בליק. איין קורצן בליק, וואָס איז געווען פֿון איין זייט פֿול מיט באַרימעריי און נצחון און פֿון דער אַנדערער זייט — פֿול מיט יאוש און האַס. זיי האָבן זיך ביידע פֿאַרשטאַנען.

ניין, עס זענען נישט געווען די מתנות, דער גאָלדענער זייגער און דער נייער לעמבערגער ש"ס, וואָס שמחה מאיר האָט געדאַרפֿט קריגן נאָך די

תנאים. עס איז געווען חיים אַלטערס טאָכטער דינהלע, וואָס שמחה מאיר דאַרף קריגן פאַר אַ כלה. יעקב בונם האָט געפילט, ווי זיין האַרץ צעגייט אים. ער האָט זיך געביסן די אונטערשטע ליפּ ביז בלוט, ס'זאָל אים ווייטאָן וואָס מער.

נאָך פון קינדווייז אָן, ווען זיי פלעגן זיך צוזאַמען שפּילן ביי זיי אין הויף, האָט ער די דינהלע ליבער געהאַט פון אַלע איבעריקע קינדער. מער פון די אַנדערע האָט ער זי געטראָגן אויף די אַקסלען. געפירט אין דער טאַטשקע. זי האָט אים מיט די פולכנע הענטלעך אַזוי אַרומגעקלאַמערט זיך אַרום זיין האַלדז, ווי אַ געפרוירן פייגעלע קלאַמערט זיך מיט די דינע פינגערלעך אַרום אַ וואַרעמען מענטשלעכן פינגער, ווען מען נעמט עס אַריין אין שטוב. אויך שפּעטער, ווען זי איז שוין עלטער געוואָרן, פלעגט זי קומען צו זיי אין שטוב. ער איז שוין געווען אַ גמרא־יינגל, נאָר ער האָט זיך בגנבה געשפּילט מיט איר, גענומען זי אויפן רוקן רייטן. ער האָט שמחה מאירן אָוועקגעגעבן אַלע בעסטע זאַכן, דאָס מעסערל, ס'בייטעלע, געלט אַפילו, אַבי ער זאָל נישט דערציילן דעם טאַטן. שפּעטן לאַנג איז ער אַרומגעקראָכן אויף אַלע פיר, אַבי צו האַלטן זי אויף זיך, צו פילן אירע פולכנע וואַרעמע הענטלעך אַרום האַלדז. יעדעס מאָל, וואָס לאה שרה די דינסט פלעגט אַריינקומען און זאָגן:

— אַ שיינע חתן־כלה, ווי גאָלד...

פלעגט אים ווערן אַזוי זיס, אַז ווען ער וואָלט זיך נישט געשעמט, וואָלט ער דער יידענע אויסגעקושט ביידע באַקן.

שפּעטער האָבן זיי זיך נישט געזען. ער איז אַריבער צו אַ נייעם גמרא־מלמד לערנען. אויך דינהלע איז אַריין אין פּענסיאָן, אַ גויאישער פּענסיאָן, זי האָט געקריגן נייע חברטעס, גרויסאַרטיקע, גויאישע, און איר איז נישט אָנגעשטאַנען מער צו קומען צו ר' אברהם הערשס מיידלעך, וואָס דער טאַטע זייערער האָט זיי אין קיין שקאָלעס נישט געוואָלט שיקן. אָבער ער האָט די גאַנצע צייט נישט אויפגעהערט בענקען נאָך איר. און ער פלעגט זיך אַפילו דרייען שעהן לאַנג אַרום זייער הויז, כדי, ווען זי וועט פאַרבייגיין מיט די ביכלעך אין איר ברוין פּענסיאָן־קליידל און אין דער בלויער פּעלערינקע, זאָל ער זי בלויז אָנקוקן און אַראָפּנעמען פאַר איר דאָס יידענע היטעלע, ווי פאַר אַ פּריצה.

אַ געזונטער, אַ פעסט־געבויטער, אַ פול־בלוטיקער, איז יעקב בונם ביי זיינע דרייצן יאָר שוין געווען אַ רייפער בחור. ער האָט נישט, ווי די איבעריקע יינגלעך אין חדר, פאַרטרונקען זיינע ערשטע געפילן מיט שושקענדיקע סודות פון מאַן און ווייב און מיט זוכן פּעטע ערטער אין די גמרות. אַ פּשוטער און אַ רייפער, האָט אים געצויגן צו געניוס און צו ליבע. ער האָט געגאַרט נאָך צערטלעכקייט און וואַרעמקייט, נאָך ווייכע מיידלשע הענט. און ער האָט נישט אויפגעהערט טראַכטן וועגן דער דינהלען. וועגן דעם מיידל מיט די ברוינע האָר, געלאָקטע און געקרייזלטע, ווי רינגעלעך גאָלד. נאָך

אירע פולכנע ווייכע פינגער, וואָס זאָלן קלאַמערן זיך אַרום זיין האַלדז. ער האָט זי געזען ביי דער גמרא, ביים דאַווענען, און איבערהויפּט אין די נעכט פון זיין בחוריש געלעגער. ווען שמואל זיינוול דער שדכן איז געקומען צו זיי אין הויז, און דער פאָטער האָט אים, יעקב בונמען, אַרויסגעשיקט פון שטוב, האָט אים גלייך געצומען קלאַפּן דאָס האַרץ. שרה לאה די דינסט האָט צו אים פריילעך געוואונקען. אָבער באַלד האָט ער זיך דערוואוסט, אַז מען מיינט דאָס שמחה מאירן דעם עילוי, און פלוצלונג, ווי פון אַ מעסער אָפּגעשניטן, איז פון אים אָפּגעפאַלן זיין שטענדיקע פרייד און גע־לעכטער. ער האָט אָנגעוואוירן דעם אַפּעטיט, זיינע שטענדיק־פריילעכע אויגן, וואָס האָבן געשפּראָצט מיט שמחה, זענען איבערגעצויגן געוואָרן מיט צער.

קיינער האָט עס אין שטוב נישט געזען. נישט ער האָט געקאָנט רעדן מיט טאַטע־מאַמע, נישט זיי האָבן זיך אומגעקוקט אויף אים. דער פאָטער האָט אים געהאַלטן פאַר אַ קנאַפּן למדן און בלויז אַכטונג געגעבן אויף זיין יידישקייט. די מוטער האָט נאָר אין זינען געהאַט שמחה מאירן, וואָרעם ער איז געווען דער שוואַכערער, אַ סך קינדערישע קראַנקהייטן דורכגעגאַנגען. יעקב בונם איז תמיד געווען געזונט, קיינמאָל זיך נישט פאַרקילט, שטענדיק געהאַט אַפּעטיט, און די מוטער האָט אים נישט נאָכגעקוקט. זי האָט גלייך ליב געקריגן דעם שוואַכערן, ווי נאָר מען האָט איר דעם צווילינג דערלאַנגט אין בעט אַריין ביי דער קימפּעט. די איינציקע, וואָס האָט דערזען דעם יינגלס ליידן, איז געווען שרה לאה די דינסט. זי האָט אים אַלע מאָל מער ליב געהאַט פון שמחה מאירן.

— זאָרג זיך נישט, יעקב בונם, — האָט זי אים אונטערגערוקט אַ גלאָז מילך.

ווער זאָרגט זיך ? וואָס ווילט איר ? — האָט זיך יעקב בונם אָנגעבייזערט אויף דער יידענע, וואָס זעט זיין ווייטיק, און ער האָט פאַרקלאַפּט די טיר.

ער איז געוואָרן בייז, פאַרביטערט, פול מיט קנאה צו שמחה מאירן. ער האָט פיינט געקריגן די עלטערן, דעם טאַטן, וואָס האַלט נאָר פון שמחה מאירן ; די מאַמע, וואָס האָט יענעם פריער מיט אַ מינוט געבוירן ; די יידן די חסידים, וואָס שפּיגלען זיך אין דעם עילוי, און מער פון אַלץ זיך אַליין, דעם אייגענעם גרויסן, געזונטן קערפּער, דעם שיינעם קאָפּ זיינעם, וואָס טויג נישט צו קיין תורה. מיט די פויסטן האָט ער זיך אין קאָפּ געשלאָגן.

— גראָבער קאָפּ, — האָט ער זיך אַליין גערופן, — פויער !

ער האָט זיך געהאַסט. נאָך מער האָט ער געהאַסט דעם ברודער, גע־האַסט שטאַרק, פאַרביסן, גאַרנישט ווי זיין טבע איז געווען מוחל צו זיין.

אויך דינהלע האָט געוויינט, ווען דער טאַטע אירער האָט זי פלוצלונג גע־נומען צו זיך אויף דער שויס, ווי ווען זי איז נאָך אַ קליין מיידעלע געווען, געגלעט איר די באַקן, געקרויזט איר די לאָקן און איינגערוימט איר שטיל :

— ווייסט, טאַטער, ס׳קומט דאָך דיר אַ מזל־טוב. מיט ר׳ אברהם הערש אשכנזיס בחור. פרייסט דיך גאָרנישט, דינהלע?

דינהלע איז אַראָפּ פון איר פאָטערס שויס אַ פאַרשעמטע און מיט אַזאַ געוויין אַריינגעלאָפן האַסטיק צו דער מוטער אין שטוב, אַז די מוטער איז אַזש בלאַס געוואָרן.

— קינד, וואָס איז?

— כ׳וויל נישט, — האָט דאָס מיידל געוויינט.

די מוטער האָט גענומען די טאָכטער אין די פולע אָרעמס, וואָס פּלאַצן שיר נישט פון די שטייף־אָנגעצויגענע זיידענע אַרבל פון דער בלוזקע, און באַדעקט זי מיט קושן.

— נאַרעלע, קינד־לעבן, — האָט זי איר אויסגערעדט, — מיר ווילן דאָך דיין גליק. מענטשן וועלן דיך מקנא זיין מיט אַזאַ חתן.

אַכט טעג צייט איז ר׳ חיים אַלטערס שטוב געווען טומלדיק. דינהלע האָט געוויינט, נישט געוואָלט הערן פון קיין כלה־ווערן.

זי האָט זיך זייער געשעמט, וואָס מען גיט איר פאַר אַ חתן אַ חסידל אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, געשעמט זיך פאַר די גויאישע חברטעס, מיט וועלכע זי האָט זיך שוין געהאַט אָפּגערעדט אויסצוקלייבן זיך אַ שוואַרץ־אויגיקן רי־טער, אַן אַדלמאַן. ביי איר גאַנצער ליבע צו דער שטוב, צו טאַטע־מאַמע, האָט זי נישט געקאָנט ליידן די יידן אין די לאַנגע קאַפּאָטעס, וואָס קומען אַריין צו זיי אין שטוב, געפילט זיך וויט פון זיי און זיך אַפילו פון זיי געמיאוסט. זי האָט נישט פאַרטראָגן די אייגענע ברידער, די צעבאַלעוועטע טעמפּע יונגען, וואָס קריגן זיך מיט איר, רייסן זי ביי די צעפּ און פאַראַכטן זי דערפאַר, וואָס זי איז אַ מיידל. איר קאָפּ איז געווען אינגאַנצן אין אַנדערע וועלטן, אין די דייטשע און פראַנצויזישע ראָמאַנען און אין זייערע העלדן און העל־דינס. זי האָט נישט געקאָנט הערן, ווי דער פאָטער רופט זי ביים יידישן נאָמען, דינהלע. זי האָט זיך גערופן דיאַנאַ.

ווען זי האָט גענומען וויינען, אַז זי וויל נישט קיין כלה ווערן, האָט דער פאָטער זי באַטראַכט מיט זיינע גרויסע שוואַרצע שמאַלציקע אויגן.

— נאַריש מיידל, — האָט ער געזאָגט, — דו ווייסט דען, וועמען מען גיט דיר? — אַן עילוי!

ער האָט פון דעם מיידלס געדאַנקען נישט געוואוסט. ער האָט גע־וואוסט, אַז אַ מיידל דאַרף נישט קענען קיין תורה, נישט זאָגן קיין קדיש, דעריבער מעג זי זיך מאַכן נאַריש, לערנען אין די שקאָלעס, לייענען ביכ־לעך, טאַנצן און שפּילן, אָבער דאָס איז אַזוי לאַנג, ווי זי איז אַ קינד, ווי קינדער שפּילן זיך אין ליאַלקעס. ווי נאָר זי ווערט עלטער, אַ כלה־מיידל, דאַרף מען זי פאַרקנסן, געבן איר אַ מאַן אַ וואויל־לערנער, אַ שיינעם נדן מיט מתנות, און זי דאַרף זיין אַ ווייב, געבוירן קינדער דעם מאַן און איי־ניקלעך די עלטערן. אַזוי פירט זיך ביי אַלע יידן נגידים, דאַנקען גאָט.

— וועסט זען די מתנות, וואָס דו וועסט קריגן, — האָט ער זי גע־טרייסט.

דאָס מיידל איז געפאַלן דער מוטער אויפן האַלדז. די מוטער איז שוין געווען אַ היינטיק־וועלטיקע, געלייענט אויך ביכלעך, געטראָגן שיינע קליידער, ווי אַ פּריצטע. אָבער אויך די מוטער האָט געלאַכט פון מיידלס טרערן.

— איך האָב אויך אַזוי געוויינט, דיאַנאַ, — האָט זי זי געררופן מיט גויאישן נאָמען, — איך בין געווען אַ גרויסאַרטיק מיידל, גערעדט פראַנצוי־זיש, פונדעסטוועגן האָב איך קיין חרטה נישט. זאָלסט נאָר האָבן אַזאַ ליכטיק מזל ביי דיינעם, ווי איך האָב ביים טאַטעשי.

— אָבער אַז איך האָב אים נישט ליב, — האָט די קליינע גערעדט מיט האַרץ.

די מוטער האָט זיך אַזוי פונאַנדערגעלאַכט, אַז אַלע לעקעלעך פון איר העל אָנגעקאַרבירט שייטל האָבן זיך געטרייסלט.

— נאָך דער חתונה וועסטו אים ליב האָבן, — האָט זי זי באַרואיקט.

זעענדיק אַז איר גורל איז געחתמעט, האָט דינהלע כאָטש געוואָלט אויסבעטן זיך איין זאַך.

— מאַמעשי, — האָט זי געזאָגט אַ פאַרפלאָמטע, — נו, גוט, כ'וועל אַ כלה ווערן, נאָר נישט מיט אים... כ'האָב אים פיינט...

זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און קוים אַרויסגעמורמלט:

— דער ברודער זיינער... רעד מיטן טאַטעשי...

און זי האָט גענומען קושן די מוטער, קושן זי און וויינען צוזאַמען.

די מוטער האָט איר אויסגעווישט די אויגן מיטן קליינעם אויסגעהאָפ־טענעם טיכעלע און געגאַנגען איבעררעדן זיך מיטן מאַן.

— ס'מיידל פילט אַ האַרץ צום אַנדערן יינגל, חיימשי, — האָט זי גע־זאָגט, — זי וויינט.

ר' חיים האָט זיך פאַרשטאָפּט ביידע אויערן מיט די פינגער, ער זאָל גאָרנישט הערן אַזעלכע רייד:

— וואָס רעדסטו, פריוועשי? — האָט ער געזאָגט אַ צעקאָכטער, — שמחה מאיר איז אַן עילוי, מענטשן זענען מיך מקנא, און דער אַנדערער איז אַ גאָרנישט, אַ גראָבער קאָפּ...

אַז פריווע האָט נאָך געפּרואווט רעדן, האָט זיך שוין שמואל זיינוויל דער שדכן אויך אַריינגעמישט:

— ס'איז נישט דער שטייגער חתונה צו מאַכן אַ יינגערן פאַר אַן על־טערן, — האָט ער געזאָגט מיט די רייד, וואָס לבן האָט געזאָגט צו יעקבן, ווען ער האָט געוואָלט נעמען רחלען פאַר לאהן.

— יינגער מיט פינף מינוט... — האָט פריווע געשפּאַסט.

— אַלץ איינס, — האָט ר' שמואל זיינוויל געזאָגט, — איך וועל צו־

ר׳ אברהם הערשן נישט גיין רעדן דערפון... ער וועט מיך פון שטוב אַרויסוואַרפן.

פריווע האָט מער נישט גערעדט דערפון. דערצו זענען זיך אָנגעקומען אַלע מומעס, עלטער־מומעס, געשוועסטער־קינדער, קרובות פון טאַטנס און פון דער מאַמעס צד. זיי האָבן נישט אויפגעהערט רעדן, לויבן דעם עילוי, בעטן, קושן דינהלען, ווינטשן, מוסרן, באַשווערן זי, איינרעדן, ביז די קליינע — אַ ווייכע, אַ סענטימענטאַלע, — איז מיד געוואָרן און זיך אונטערגעגעבן. זי האָט מיט פאַרוויינטע אויגן אויפגעווייט אַ סאַמעטן תפילין־זעקל פאַרן חתן אירן, מיט גאָלדענע פעדעם אויסגעהאָפטן דערין אַ מגן־דוד, דעם חתנס ביידע נעמען און דאָס יידישע יאָר פון דער וועלט־באַשאַפונג. דער פאָטער האָט איר אַ סך שיינע מתנות אָנגעקויפט. די מוטער האָט איר צו די תנאים שיינע לאַנגע קליידער געמאַכט.

די תנאים זענען געפּראַוועט געוואָרן מיט גרויס פּאָמפּע ביי ר׳ חיימען אין הויז. אַלע לאָדזשער נגידים, שיינע יידן און חסידים פון ביידע צדדים זענען געווען אויף דער שמחה. ר׳ חיים האָט אַפילו מיט שמואל לייבושן אַריינגעשיקט לעקעך און בראַנפן צו די וועבער און אָפּגעלאָזט זיי פון דער אַרבעט באַלד נאָך מנחה. גלייך צו די תנאים האָט דער חתן געקריגן פון מחותן איינגעלייגט פינף טויזנט רובל אין באַנק און צוויי טויזנט רובל האָט ער זיך מתחייב געווען סילוקן פאַר דער חתונה. ר׳ אברהם הערש האָט וויניקער נישט געוואָלט און ר׳ חיים האָט געמוזט נאָכגעבן. די איבעריקע דריי טויזנט רובל האָט איינגעלייגט ר׳ אברהם הערש. ער האָט אַפילו נישט געדאַרפט געבן קיין גאַנצע דריי טויזנט, ווייל פון חתנס צד קומט בלויז אַ דריטל ווי פון כלהס צד, אָבער ר׳ אברהם הערש האָט ליב געהאַט אַ גלייכן חשבון, און ער האָט צוגעלייגט די גאַנצע דריי, עס זאָל צוציען ביז די קיילעכדיקע צען טויזנט.

די כלה האָט אונטערגעשריבן אויף די תנאים אין אַלע שפּראַכן וויפיל נאָר זי האָט געקענט, — אין יידיש, פּויליש, רוסיש, דייטש און אַפילו אין פראַנצויזיש, כדי פאַר יעדער חתימה באַזונדער צו קריגן אַ נייע מתנה. מען האָט זי באַהאַנגען מיט בריליאַנטענע פינגערלעך, אוירינגלעך, בראָשן און מיט אַ שווערער קאָליע. די חתונה איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף עט־לעכע יאָר.

גלייך נאָך די תנאים האָבן די חסידים אַראָפּגעוואָרפן די בלומען, וואָס פריווע האָט אָוועקגעשטעלט אויף די טישן, זיי האָבן אַוועקגעשאַרט דאָס טייערע גלאָזוואַרג און טעלערס און גענומען טרינקען און טאַנצן אויפן טיש. פריווע האָט זיך געבייזערט, נאָר ר׳ חיים האָט די חסידים אונטער־געוואָרפן חשק:

— טאַנצט, יידן, אויף טיש און אויף בענק...

בלויז יעקב בונם איז געזעסן ביים עק טיש אַ טרויעריקער, ווי אַן אבל, אין דער גרויסער שמחה. ער האָט נישט געהערט, ווי די יידן שטעקן

אים פאַרשוויצטע הענט „לחיים" און ווינטשן אים אינגיכן, אם ירצה השם ביי זיינע תנאים. ער האָט נישט געזען די מאכלים, וואָס די קעלנער'ס אין די זיידענע יאַרמולקעלעך האָבן אים צוגעטראָגן. ער האָט נישט געענטפערט דעם מחותנס יינגלעך, די צעיאַכמערטע און צעהאָצקעטע, וואָס זענען גע־שפּרונגען אויף זייער שוועסטערס תנאים. זיי האָבן אים איינגערוימט חסידישע נבול־פּה, וואָס געהערן זיך אָן מיט חתן־כלה, און זיי האָבן גע־קוואָלן פון נחת.

— ס'גוט געזאָגט, אַה? — האָבן זיי געפרעגט מיט הנאה ביי יעקב בונמען.

ער האָט זיי נישט געהערט.

ער האָט פאַרריסן דעם קאָפּ צו דער אַנדערער שטוב, וואָס איז גע־שטאַנען אָפן און וואו די כלה איז געזעסן אַרומגערינגלט מיט ווייבער. ער האָט זי געוואָלט זען, קוקן איר אין די אויגן אַריין. אָבער זי האָט די אויגן נישט אויפגעהויבן. בלויז איין מאָל האָבן זיך זייערע בליקן באַגעגנט, בליקן פול מיט טרויער. ביידע האָבן גלייך אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

די חסידים האָבן גענומען דעם חתן אין רעדל אַריין טאַנצן.

## קאַפּיטל צען

גלייך נאָך די תנאים, באַלד צומאָרגנס, האָט ר' אברהם הערש אָפּגע־געבן דעם חתן שמחה מאיר לערנען ביי ר' נאָסקע מורה הוראה, ווי דער רבי זיינער האָט געהייסן. דער מחותן ר' חיים האָט אויך אָפּגענומען זיינע יינגלעך פון ר' ברוך וואָלפן, כאָטש ער איז נאָך פאַר זיי געווען צו גרויס, און אָנגעדונגען זיי צו ר' נאָסקע, זיי זאָלן לערנען מיט שמחה מאיר צוזאַמען.

אויפן באַלוט, צווישן וועבער, שניידער, קונצנמאַכער, באַלעגאָלעס און הייזער־גייער, אין אַ קליין נידעריק הייזל, האָט געוואוינט דער למדן ר' נאָסקע צו וועמען נגידים האָבן אָפּגעגעבן זייערע בחורים לערנען. ער איז אייגנטלעך געווען אַ מורא הוראה, ר' נאָסקע, נישט קיין מלמד, נאָר ער האָט זיך צום רבנות נישט געטויגט און ער האָט געמוזט צוקנעלן, ער זאָל האָבן אויף זיין אויסקומעניש. ער איז נישט געווען צוגעפּאַסט פאַר לאָדזש.

אין דער וואַקסנדיקער שטאָט, אין גרויסן יאַריד און טומל, וואו יידן האָבן געוואַנדלט, געהאַנדלט, געמעקלערט און געדרייט, האָבן רבנים זייער גוט געמאַכט. יידן האָבן כסדר געפירט צווישן זיך דין־תורהס, געגאַנגען אויף אויסגלייכענישן, איינגעלייגט געלטער, געמאַכט שותפותן. מען איז מער געגאַנגען צו די דין־תורהס, ווי אין די געריכטן, און רבנים האָבן אַ סך געלט פאַרדינט. אָבער ר' נאָסקע האָט זיך צו לאָדזשער רבנות נישט געטויגט. לאָדזשער רבנים האָבן געדאַרפט קענען מער אין וועקסעלעך, ווי אין דער תורה, געדאַרפט זיין קלאָר אין אַלע קאָמבינאַציעס, סוחרישע

דריידלעך, אָפּמאַכן, האָסעס און בעסעס פון וואָל און ביינוול. ר׳ נאָסקע האָט די אַלע זאַכן נישט געקענט, נישט געוואָלט קענען. ער האָט בלויז געקענט די תורה.

אַ למדן אַ גרויסער, אַ מתנגד, כאָטש אַ פּוילישער, האָט ער בלויז גע־לעבט מיט גאָט און זיין תורה, נישט געוואָלט אַראָפּגיין פון די דינים אויף קיין האָר, נישט פאַרשטאַנען זיך אויף קיין פשרות און זייטיקע גענג. אין זיין שוואַרצן ביינערדיקן קאָפּ איז קיין אָרט נישט געווען פאַר עפּעס אַנ־דערש, אַחוץ פאַר דער תורה, פאַר די טויזנטער ספרים און פירושים, וואָס ער האָט זיי געהאַט אין זכרון, געחזרט זיי אויפסניי, פאַרטיפט זיך אין זיי און געגרונטעוועט. ער האָט געוואוסט, אַז מענטשן קאָנען זיין גערעכט אָדער שולדיק, אַז קיין מיטן איז נישטאָ, אַז מען קאָן נישט זיין אַביסל גערעכט אָדער אַביסל אומשולדיק. ווייל אַביסל אומגערעכט איז אַזוי גוט ווי אינ־גאַנצן. די אַלע טענות, דריידלעך און געוואלטן פון די צדדים ביי די דין־תורהס, זענען צו זיינע אויערן נישט דערגאַנגען.

— ראובן איז שולדיק און שמעון איז אומשולדיק, — האָט ער גע־פּסקנט פעסט, נישט קוקנדיק סיי אויף די צדדים, סיי אויף דעם פּסק־געלט וואָס מען האָט אים אויפן טיש אַוועקגעלייגט.

די פאַרשפּילטע האָבן געשריגן, געטומלט, געטענהט וועגן יושר, נאָר ר׳ נאָסקע האָט נישט געהערט.

— אַזוי זאָגט די תורה, — האָט ער געזאָגט פעסט, — און מען טאָר נישט אַראָפּגיין אַ האָר נישט אויף רעכטס, נישט אויף לינקס פון דער תורה.

דערביי האָט ער גלייך זיך גענומען צו די ספרים זיינע, די גרויסע און די זאַק־געבונדענע.

די סוחרים האָבן באַלד דערזען, אַז דער ייד מיטן ברוינעם טרוקענעם פּנים און גלאַטע שוואַרצע פּיאות איז נישט קיין לאָדזשער מענטש, אַז מען קאָן פון אים קיין גרויס נחת נישט האָבן, און זיי האָבן אויפגעהערט קומען צו אים, אויסגעמיטן אים, געגאַנגען צו די אַנדערע רבנים, וואָס ווייסן מער אין וועקסלען און אין באַנקראָטן ווי אין דער תורה. פּונקט אַזוי האָבן אים גענומען וויכן די ווייבער מיט שאלות.

ער איז געווען אַ מחמיר אַ גרויסער, ער האָט שטענדיק געציטערט פאַר גאָט, געזען פאַר זיינע גרויסע שוואַרצע ברענענדיקע אויגן דאָס גיהינום, ווי עס פּלאַקערט פאַר די, וואָס גייען אַראָפּ פון גאָטס וועג. נאָך שטאַרקער פּלאַקערט עס פאַר די, וואָס דאַרפן פירן יידן אין גאָטס וועג. ביי יעדער שאלה האָט ער געציטערט, מורא געהאַט, צי ער מאַכט נישט, חלילה, כשר טריפות. אמת, די תורה זאָגט, אַז ווען עס לויפט אונטער מילך אונטער פלייש, איז אויב עס איז דאָ ששים, זעכציק מאָל אַזויפיל פלייש־קס אין אַ טאָפּ, וויפיל מילך עס איז אונטערגעלאָפן, איז כשר. אָבער ער האָט קיינמאָל נישט געקאָנט זיך פאַרלאָזן אויף די ווייבער, וואָס האָבן געדאַרפט אָפּשאַצן די אויסגעלאָפענע מילך. ער האָט געוואוסט, אַז ווייבער זענען

גרינג אין זייער מיין; אויך איז זיי אַ שאָד געלט, און ער האָט געציטערט כשר צו מאַכן. ער האָט איבערגעפּרעגט די ווייבער, געוואָרנט זיי, נישט קוקנדיק אין זייערע פּנימער, און ערשט צום סוף האָט ער מורא געהאַט זיך צו פאַרלאָזן אויף זיי, און טריף געמאַכט.

— אַרויסגיסן דאָס עסן אין אַן אָרט, וואו אַ הונט זאָל אַפּילו נישט קאָנען צוקומען, — האָט ער געזאָגט אַ ציטערדיקער, — טריף.

די ווייבער זענען אַוועק טרויעריקע. נאָך טרויעריקער פון זיי איז גע־ווען ר׳ נאָסקע אַליין. וואָרעם אויך פאַר אויסברענגען יידיש געלט, האָט ער געוואוסט, ברענט מען און מען בראָט אין גיהינום, און ער האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן. די ווייבער האָבן גענומען גיין צו אַנדערע דיינים, וואָס קלערן נישט אַזויפיל אַריין און מאַכן כשר.

רבנים אין לאָדזש האָבן געמאַכט געלט ביי שטר־מכירהס. מיט יעדן טאָג מער זענען לאָדזשער יידישע פאַבריקאַנטן איבערגעגאַנגען פון האַנט־שטולן צו דאַמף און צוגענומען גויאישע אַרבעטער, וואָס נעמען ביליקער און אַרבעטן אין שבת. די פרומע פאַבריקאַנטן האָבן זייער לייטיש באַצאָלט די רבנים פאַר זייערע גרייזיק געשריבענע לשון־קודשדיקע שטר־מכירהס. ר׳ נאָסקע האָט קיין שטר־מכירהס נישט געשריבן. ער האָט נישט געהאַלטן פון קיין דריידלעך ,פון אַרומגיין די תורה. ער האָט נישט געוואָלט אַראָפּגיין אַ האָר פון דין.

זיין ווייב, די רביצין, אַ טאָכטער פון אַ ייד אַ נגיד, וואָס דער פאָטער אירער האָט זיך געלאָזט קאָסטן אַ מטמון מיט געלט, אַבי צו געבן איר אַ מאַן אַ למדן, האָט דעם מאַן אירן געמוסרט, אויסגעלאַכט. אַ רירעווודיקע, אַ געשיקטע, אַ מאַנסבילשער קאָפּ, האָט זי, זיצנדיק ביי זיך אין שטוב, צו־געהערט זיך צו אַלע דין־תורהס, פאַרשטאַנען אַלע חשבונות, סוחרישע טענות און סכסוכים, און זי האָט אַפּילו אויסגעאַרבעט ביי זיך גרייטע פּשרות, פון וועלכע ביידע צדדים זאָלן זיין צופרידן. זי האָט זיך אויף אַזעלכע זאַכן פאַרשטאַנען. אָבער זי האָט גאָרנישט געקאָנט טאָן. אַ יידענע, האָט זי גע־וואוסט, דאַרף זיצן אין קיך. האַנדל און תורה געהערן צום מאַן. און דער מאַן האָט נאָר געקענט צוויי זאַכן — גאָט און זיין תורה. דעם נדן האָט מען שוין לאַנג געהאַט אויפגעגעסן, אין שטוב איז געווען אַ דלות, נויט, וואָס איז פאַר דער אַמאָליקער נגידישער טאָכטער געווען שווער אַריבער־צוטראָגן. דער ווירט פון הויז אויף דער אַלטער שטאָט האָט נישט געוואָלט וואַרטן מיט דירה־געלט. דירות האָבן געברענט אין לאָדזש, געשטיגן מיט יעדן טאָג, און ר׳ נאָסקע האָט געמוזט אַרויס פון דער גרויסער וואוינונג אין שטאָט און באַזעצן זיך אין אַ קליין הייזל אויפן באַלוט צווישן באַלמע־לאָכעס און אָרעמעלייט.

זיין ווייב, די אַמאָליקע נגידישע טאָכטער, האָט געוויינט, געקלאָגט. זי האָט זיך נישט געקאָנט איינלעבן מיט דעם געדאַנק, אַז זי זאָל וואוינען אויפן באַלוט. זי האָט זיך נישט געקאָנט צוגעוואוינען צום דלות, צו די שכנים.

ר׳ נאָסקע האָט דאָ געפונען מנוחה. קיינער האָט אים נישט געשטערט אין דער אָרעמער גאַס צו דינען גאָט און לערנען זיין תורה. די מענער האָבן גע־אַרבעט. די ווייבער האָבן זעלטן פלייש געקאָכט און קיין שאלות נישט גע־מאַכט, אויך האָבן זיי קיין עופות נישט געשאָכטן, בלויז פון צייט צו צייט זענען אָרעמע ווייבער אַריינגעקומען פרעגן אַ שאלה אויף אַ בלוטס־טראָפּן אין אַן איי. פון מאָל צו מאָל איז אַ ייד געקומען פרעגן אַ דין וועגן אַ יאָרצייט. טאָמער איז שוין יאָ אַמאָל אַריינגעקומען אַ מייסטער אונטער־צושרייבן אַ לשון־קודשדיקן קאָנטראַקט מיט אַ לערן־יינגל, וואָס ער נעמט צו אויף דער לער אויף דריי יאָר, האָט ער ר׳ נאָסקען באַצאָלט גראָשנס. ר׳ נאָסקע האָט אַפילו אויף דעם געלט נישט געקוקט.

— לייגט, זייט מוחל, אַנידער אויפן טיש, — האָט ער געזאָגט, נישט אויפהויבנדיק די אויגן.

גלייך נאָכדעם האָט ער געשיקט רופן דאָס ווייב זיינס, זי זאָל די מטבעות צונעמען. ער האָט גאָר מורא געהאַט צו געלט זיך צוצורירן.

די רביצין, אַ פאַרביטערטע, אַ קראַנקע, כמעט שטענדיק מיט אַ נאַס טיכל אַרומגעבונדן דעם ווייטיקדיקן קאָפּ, האָט מיט עקל אַראָפּגעשאַרט פון טיש די עטלעכע גראָבע קבצנישע צענערס און געוואָרפן זיי אים פאַר די פיס.

— בטלן, — האָט זי אים געזידלט, — שוטה, דערמיט וועל איך שפּייזן די קינדער?

ער האָט נישט געענטפערט, ער האָט געוואוסט, אַז תורה קאָן מען נאָר לער־נען אין אָרעמקייט, ברויט מיט זאַלץ דאַרף מען עסן, ווען מען וויל האַלטן די תורה, אויף דער ערד שלאָפן און אין אָרעמקייט פאַרברענגען. ער האָט געוואוסט, אַז די גאַנצע וועלט, וואָס מען לעבט אָפּ, איז נישט מער ווי אַ ווײַלע, אַ פאָרהויז צו דעם אַנדערן לעבן, דעם גרויסן און אייביקן. און וואָס איז דען אַן אונטערשייד, ווי אַרומעט אַ פאָרהויז זעט אויס? ער האָט צו זיין ווייב קיין טענות נישט געהאַט. וואָרעם ער האָט געוואוסט, אַז צוליב דעם, וואָס זיי לערנען נישט קיין תורה, די ווייבער, זענען זיי אַריינגעטאָן אין דער וועלט און זיי זעען נישט דעם עיקר. און ער האָט אָנגענומען באהבה אַלץ, וואָס זי האָט אים געזידלט, אויסגעלאַכט, חוזק געמאַכט פון אים. קיין איין וואָרט האָט ער נישט געענטפערט. דאָס האָט איר נאָך צאָרנדיקער גע־מאַכט.

— ענטפער כאָטש, שוטה! — האָט זי געשריגן אין היסטעריע, — כ׳בין דאָך דיך מבזה!

ער האָט געשוויגן, געוואָלט, זי זאָל אים מבזה זיין, כדי עס זאָל זיין אַן אָפּקומעניש פאַר זיינע זינד אויף דער וועלט, אין וועלכער ער האָט זיך געזען איינגעריכט פון קאָפּ ביז די פיס און פאַרוואָס עס וואַרט אויף אים דער גיהנום, אַ גרויסער און פלאַקערנדיקער... אַז דאָס ווייב האָט שוין מער קיין כוחות נישט געהאַט צו זידלען אים, איז ער אַריין צו זיך אין שטוב, וואָס איז געווען פול מיט ספרים. ער האָט פאַרקייטלט די טיר אויף אַ דיז

קייטעלע, פאַרטיפט זיך אין די גרויסע זאַק־געבונדענע ספרים און געשריבן פירושים צו דער תורה אויף אַלע גליונות פון די צעריסענע ספרים. אַלע בלעטער זענען אין די זייטן געווען פאַרשריבן מיט זיינע קליינע געדיכטע אותיות, פול מיט רמזים און ראשי־תיבות, וואָס מען האָט געדאַרפט האָבן אַן אייזערנעם קאָפּ זיי צו פאַרשטיין.

אין שטוב איז געווען אַ דלות. די קינדער האָבן געוויינט צוליב אַ קליידל, אַ פּאָר שיך, די קרעמער האָבן אָפּגעריסן די טיר פאַר חובות, געשריגן, אַז זיי וועלן מער נישט באָרגן. ר׳ נאָסקע האָט נישט געהערט, נישט געזען. ער איז געזעסן פאַרקייטלט אין זיין שטיבל, געווען בלויז מיט גאָט און זיין גרויסער תורה. ער פלעגט קיינמאָל נישט אַרויסגיין פון זיין שטוב, אַ חוץ אין קליינעם בית־המדרשל צום דאַווענען און אין מקוה זיך טובלען. פון דעם רבנות זיינעם האָט ער גאָרנישט געהאַט. דאָס איינציקע, וואָס זיין ווייב האָט ביי אים געפּועלט, איז געווען, ער זאָל לערנען מיט נגידישע בחורים תורה. יידן, וואָס ווילן מאַכן זייערע זין פאַר לומדים, האָבן גערן געשיקט צו אים תלמידים. ער האָט געשמט פאַר אַ למדן אַ גרויסן, וואָס די גרעסטע רבנים קומען נישט צו זיין קנעכל. און אויך ר׳ אברהם הערש אשכנזי האָט געשיקט זיין שמחה מאירן אויפן באַלוט צו ר׳ נאָסקען. צוזאַמען מיט אים זענען אויך געגאַנגען זיינע צוקונפטיקע שוואָגערס, דער כלהס ברידער.

באַלד אין ערשטן טאָג האָט שמחה מאיר קיין חשק נישט געהאַט ביי ר׳ נאָסקען צו לערנען און גענומען אים נאַרן, פירן פאַר דער נאָז.

ער האָט תחילת געפּרואווט פאַרדרייען, פאַרשרייען מיט זיינע פשטלעך, ווי ער פלעגט עס טאָן ביי די פריערדיקע מלמדים. נאָר ר׳ נאָסקע האָט ניט געוואָלט הערן. כאָטש אַ פּוילישער, האָט ער נישט געהאַלטן פון דעם פּויליש אַרט לערנען, פּונקט ווי ער האָט נישט געהאַלטן פון חסידות און פון די רביים. ער האָט נישט גערעדט קיין וואָרט. ער האָט בכלל נישט גערעדט, ווייל רייד זענען אַ זינד, דאָס מויל איז באַשאַפן געוואָרן בלויז צו דינען גאָט און לערנען. אָבער געהאַלטן פון חסידות האָט ער נישט. ער האָט געזען דערין ליידיקגייעריי, אָפּנויגונג פון דער תורה. ווי נאָר שמחה מאיר האָט גע־נומען ווייזן לומדות, דרייען פשטלעך און שרייען, ווי זיין שטייגער איז געווען, האָט אים ר׳ נאָסקע אָפּגעשטעלט.

— גלייך, גלייך, — האָט ער איבערגעריסן, — די תורה דאַרף מען דער־גרונטעווען גלייך, נישט פאַרדרייען.

שמחה מאיר האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט.

— צוריקגעשמועסט קאָן מען דאָך זאָגן... — האָט ער גענומען דרייען צוריק.

— די תורה איז אמת, — האָט אים ר׳ נאָסקע ווידער איבערגעריסן, — און אמת קאָן מען נישט נעמען הין און צוריק. אמת איז איינס.

שמחה מאיר האָט גלייך געוואָרפן אַן אומחן אויף דעמדאָזיקן נייעם מלמד זיינעם. דעם יידס רייד זענען אים געווען נאַריש, פרעמד, גאָרנישט צו

באַגרייפן. זינט ער איז געווען אין לאָדזש, האָט ער נאָך אַזעלכע ווילדע רייד פון קיינעם נישט געהערט.

— אַ צעדרייטער, — האָט ער גלייך איינגערוימט זיינע צוקונפטיקע שוואָגערס, וואָס זענען געזעסן לעבן אים, בייז דערויף, וואָס מען לאָזט אים נישט באַווייזן זיין למדנות.

איבערשפּאַרן דעם ר׳ נאָסקען, האָט ער דערזען, וועט ער שוין נישט, יענער לאָזט זיך נישט פּאַרדרייען, אָבער נישט אַריינקוקן אין דער גמרא קאָן מען ביי אים. ער האָט מיט זיין פלינקן בליק גלייך געכאַפּט, אַז דער ייד איז נישט קיין מלמד, קאָן זיך נישט אויס אויף די מלמדישע קונצן. ר׳ נאָסקע האָט נישט געקוקט, ווער עס קוקט יאָ אַריין אין דער גמרא, ווער נישט. ער איז אַזוי פאַרטיפט געווען אין לערנען, אַז ער האָט קיין זאַך פאַר די אויגן נישט געזען. מיט אַמאָל פלעגט ער גאָר איבעררייסן דאָס לערנען און זאָגן מוסר, גאָר נישט ווי ביי פּוילישע יידן, נאָר ווי ביי ליטוואַקעס אין די ישיבות. שמחה מאיר האָט גלייך דערויף אַרויסגעצויגן אַ פּעשל קאָרטן פון דער הויזן־קעשענע און אויפן וואונק איינגעטיילט די איבעריקע תלמידיםביים טיש. די תלמידים, מערסטנס נגידישע בחורים, זאַטע, צעבאַלעוועטע און עלטערע פון שמחה מאירן, האָבן אין אים דערפילט אַן אייגענעם מענטשן און אים גענומען מיטפירן מיט זיך אין באַהאַלטענע לאָדזשער ווינקעלעך, וואו מען קאָן שטילערהייט לעבן אַ טאָג. חיים אַלטערס יונגען האָבן גאָר אָפּגעלעבט.

לאָדזש האָט געהוליעט. די שטאָט איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג, מיט יעדער שעה. מען האָט געהאַלטן אין איין בויען, מויערן. אויסלענדער זענען געקומען אָפּט, אַלערליי רייזנדע, האַנדלס־פּאָרשטייער. פון דייטשלאַנד זענען כסדר געקומען אינזשיניערן, מייסטערס. פון ענגלאַנד זענען כעמיקער אָנגעקומען, מוסטערצייכענער. פון רוסלאַנד האָבן גרויסע סוחרים, קאַצאַפּעס אין בלויע קאַפּאָטעס און אין ברייטע הויזן איבער קורצע לאַקירענע שטיוול, געצויגן אַהער און געהאַנדלט און געהוליעט. יידישע וואָיאַזשאָרן, קאָמיסיאָנערן, אַגענטן, פּריילעכע יונגען, וויצלער, הוליאַקעס האָבן זיך וואָס מער באַזעצט אין שטאָט. לאָדזשער יונגעלייט האָבן גענומען אָנטאָן זיך גויאישע קליידער, אָפּגאָלן די בערד. רעסטאָראַנען, קאַבאַרעטן, שפּיל־הייזער האָבן זיך געעפנט אַלע מאָל נייע און זענען פול געווען מיט געסט. אונגאַרישע טענצערינס האָבן אָנגעשמעקט די נייע גאָלד־שטאָט און גע־קומען דאָ פאַרברענגען. וואַנדערנדיקע טרופּעס, צירקן, האָבן געצויגן פון וואַרשע, פּעטערבורג, בערלין און בודאַפּעסט. רוסישע באַאַמטע, אָפי־צירן האָבן גענומען כאַבאַר, פאַרקויפט אויף עבירות, געשיכורט, געהוליעט און געוואָרפן זיך מיט געלט. לאָדזש האָט געטרונקען, געזונגען, געטאַנצט, אַפּלאָדירט אין די טעאַטערס, געזינדיקט אין די פריילעכע הייזער און גע־שפּילט אין קאָרטן. חסידיש־נגידישע יידן זענען אָנגעשטעקט געוואָרן פון דער הפקרות. באַלעבאַטישע יידן האָבן גענומען גיין אָפּט אין די כשרע

רעסטאָראַנען, וואו קעלנערס מיט זיידענע יאַרמולקעס דערלאַנגען פעטע גענדזענע פּאָלקעס און פליישיקע קעלנערקעס טראָגן צו מיט אַ שמייכל געטריקנטע אַרבעס און שוימיק ביר. חסידישע יונגעלייטלעך, ליידיקגייערישע קעסט־איידעמלעך, האָבן בגנבה געשפּילט אין די חסידים־שטיבלעך אין קאָרטן, קיין וואָרט תורה נישט גענומען אין מויל.

די געשעפטן אין שטאָט זענען געווען גוטע, די באַשטעלונגען זענען געוואקסן, די ברייטע רוסישע סוחרים האָבן זיך נישט געדונגען, געגעבן גוט צו פּאַרדינען. אין די פּאַבריקן און אין די ווערקשטאַטן האָבן די אַרבעטער געאַרבעט אָן איבעררייס, פון די כוחות זיך אַרויסגעשלאָגן.

און אויך די נגידישע יינגלעך און חתן־בחורים אין די גלאַנציקע אַלפּאַגענע געהאַקטע קאַפּאָטקעלעך, אין די געמזענע שטיוועלעך און מיט די גראָבע גאָלדענע חתנישע זייגערס אין די קעשענעס, האָבן געלעבט אַ גוטן טאָג. אין באַהאַלטענע יידישע הייזער האָבן זיי געשפּילט אין קאָרטן, געגעסן געטריקנטע פּלעצלעך, געבראָטענע גענדזלעך אין דער וואָכן, געמאַכט שנעפּסלעך און געכאַפּט אַפילו אַ נאָענטע באַקאַנטשאַפט מיט די דינסט־מיידלעך, וואָס האָבן דערלאַנגט צום טיש.

דעם גרעסטן דערפאָלג ביי דידאָזיקע נגידישע בחורימלעך האָט געהאַט שילם „סראָקער". ער איז געווען אַ בעקער, דער שילם, געבאַקן זיס געבעקס און שטענדיק איז ער אַרומגעגאַנגען איבער דער גאַס מיט אַ פאַרמעלטער באָרד, מיט אַ פּאַפּירענעם שקאָרמיץ אויפן קאָפּ און אין די בלויזע אונטערהויזן מיט אַ טלית־קטן פון אויבן. אָבער מיט דער בעקעריי האָט ער זיך ווייניק פאַרנומען. דאָס האָט געטאָן זיין ווייב די בעקערין צוזאַמען מיט די געזעלן, די יונגען. שילם אַליין האָט געהאַט בעסערע געשעפטן, ער איז געווען אַ קאָרטן־שפּילער, אַ, לאָדזשער „סראָקער".

אין זיין אייגן הילצערן איינשטאָקיק הייזל, אויפן ערשטן שטאָק איבער דער לעקעך־בעקעריי, זענען שטענדיק ביי אים געזעסן ביים טיש אַ סך חסידישע בחורים און געטראַסקעט אין קאָרטן. געשפּילט האָט מען גרויס און זעלטן אַז מען האָט געוואונען. דער באַלעבאָס אַליין האָט אָפּגעוואונען דאָס גאנצע געלט. אָבער וואָס מער מען האָט ביי אים פאַרשפּילט, אַלץ מער האָט מען צו אים געקלעפּט. וואָרעם ער איז געווען אַ גוטער ייד, דער שילם, אַ פריילעכער, אַ וויצלער, און ער האָט שטענדיק געטרויט געלט די נגידישע בחורימלעך. ער האָט זיי בלויז געלערנט, ווי אַזוי זיך צוצוכאַפּן צום טאַטנס שופלעדל און מאַכן אַ „קראַץ". ער האָט אויך געליען געלט אויף וועקסעלעך, וואָס זענען אויסגעשטעלט געוואָרן אויף לאַנגע טערמינען, אויף דער צייט, ווען די בחורימלעך וועלן ווערן יונגעמאַנטשיקלעך, באַלעבאַטימלעך און קענען אָפּצאָלן די וועקסעלעך פון זייערע נדנס מיט אַ סך פּראָצענט. ער האָט געגעבן געלט וויפיל מען האָט געוואָלט און ווען מען האָט געוואָלט.

אין דער גרויסער שטוב זיינער, וואו אויף די ווענט זענען געהאַנגען

אַ סך אויסגעשטריקטע בילדער, ווי אַזוי אברהם אבינו ברענגט זיין זון יצחק אויף דער עקידה, ווי פּרעהס טאָכטער ציט אַרויס משהן פון טייך און ווי די שבטים פאַרקויפן זייער ברודער יוסף צו די ישמאלים קיין מצרים, איז תמיד געווען געפּאַקט. אויבן־אָן איז געזעסן שילם בעקער אין פּאַפּי־רענעם שקאַרמיץ אויפן קאָפּ און אין די בלויזע אונטערהויזן און ער האָט פּלינק טאַשירט די קאָרטן. ער האָט כסדר געוואָרפן מיט פּאַפּירענע באַנק־נאָטן, קערבלעך, דרייערלעך און פינפערלעך, וואָס זענען פאַרמעליקט גע־וואָרן אין זיינע הענט. די טעכטער זיינע, פליישיקע מוידן, האָבן דערלאַנגט צום טיש צוצובייסן, געבראָטענע גענדזלעך, פּופּיקלעך, דאַרע גריוון, פּלעצ־לעך, ווייכן שטרודל און פלעשער ביר. אַ רויך פון פּאַפּיראָסן, אַ קלינגערײ פון געלט, חסידישע זמרלעך, קאָרטן־חכמות, צווײדײטיקע וויצן, געשרייען, קריגערייען, איבערבעטענישן האָבן זיך געמישט געדיכט אין איין קנויל. פאָרן פענצטער איז געזעסן אַ יינגל אויף דער וואַך, צו וואָרענען באַצייטנס, ווען אַ טאַטע פון אַ זון אַ שפּילער וועט זיך ווייזן.

די צוויי דינסט־מיידלעך, די שיקסעס, האָבן שוין שטענדיק געוואוסט, ווי אַזוי אַראָפּצופירן בסוד אימעצן פון די בחורים, וואָס ווילן עס, אין קליי־נעם שטיבעלע אין קעלער, צווישן די זעק מעל, וואו עס איז דומפּיק און פינצטער סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט.

און ר׳ נאָסקעס תלמידים זענען דאָ אָפטע געסט געווען, מער אָפּגעזעסן ביי דעם בעקער ווי ביי דעם מלמד זייערן. ר׳ חיים אַלטערס זין, די טעמפּע פליישיקע בחורים מיט די יצר־הרע־פּרישטשעס אויף די דיקע באַקן, וואָס לאָזן שוין אַרויס די ערשטע הערעלעך, האָבן גוט געלערנט זיך ביים שילם „סראָקער״ ווי אַזוי צו מאַכן אַ „קראַץ״ ביים טאַטן אין שופלעדל. זיי האָבן דעם בעקערס לערע אַ סך פלינקער אויפגעכאַפּט איידער דעם מלמדס. זיי האָבן אַ סך געלט, וואָס ליגט ביי דעם טאַטן זייערן אומגעציילט, אָן חשבון, געבראַכט צום בעקער און איבערגעלאָזט עס אין זיינע שטענדיק פאַרמעליקטע הענט. אויך אין פינצטערן קעלער־שטיבל זענען זיי אָפט געגאַנגען. זיי האָבן גאָר קיין מזל נישט געהאַט אין קאָרטן, אַלץ פאַרשפּילט. פּונקט אַזוי האָט שמחה מאיר געוואונען. ער האָט גלייך אויפגעכאַפּט שילם בעקערס שטיקלעך ביים שפּילן און אים געגומען אין די הענט אַריין, נישט געלאָזט זיך פון אים, איבערגעקליגלט אים. שילם „סראָקער״ האָט דעם פּיפּיקן פאַרשווין אָפּגעשאַצט און געשפּילט מיט אים אָרנטלעך, ווי מיט אַן איי־גענעם גוטן ברודער. נאָר אין אַ קורצער צייט האָט שמחה מאיר שיינע עטלעכע הונדערט רובל אָנגעוואונען און זיי אַוועקגעגעבן אויף פּראָצענט טאַקע צו זיינע אייגענע צוקונפטיקע שוואָגערס, כדי זיי זאָלן נאָכאַמאָל ביי אים פאַרשפּילן.

און ר׳ נאָסקע איז געזעסן ביי די גמרות און אַפילו נישט געמערקט, ווער עס איז דאָ ביים לערנען און ווער עס פעלט. דער עולם איז מער אָפּ־געזעסן ביי שילם בעקער ווי ביי דער גמרא. בלויז דאָנערשטיק, אין לעצטן

טאָג פון דער וואָך לערנען, ווען מען האָט געדאַרפט זיך אויסלערנען דעם שיעור, טאָמער וועלן טאַטעס שבת בייטאָג פאַרהערן, האָבן די יינגלעך גענומען לערנען און צולייגן קאָפּ. שמחה מאיר האָט ווי אַלעמאָל געוואָלט פירן די גרענדע, זיין דער עילוי צווישן די חברים, און ער האָט געשריגן, כדי ר׳ נאָסקען איבערצושרייען און פאַרטומלען. נאָר ר׳ נאָסקע האָט אים איבערגעריסן.

— זאָג דו, ניסן, דעם שיעור, — האָט ער געזאָגט צו זיין יינגל ,— און גיב זיי צו פאַרשטיין.

ניסן, אַ בר־מצוה־יינגל, פונקט אַזאַ ברוין־הויטיקער, בייניקער און שוואַרץ־אויגיקער ווי דער טאַטע זיינער, וואָס פעלט אים נאָר צו אַ באָרד, ער זאָל זיין אינגאַנצן ענלעך אויף דעם מורה הוראה, האָט אויפגעמישט די גמרא און קלאָר און הויך איבערגעזאָגט דעם שיעור פאַר אַלע יינגלעך.

שמחה מאיר האָט פאַר כעס געשטויסן ניסנען אונטערן טיש מיט די פיס. קיין זאַך האָט אים נישט אַריינגעבראַכט אין אַזאַ כעס, ווי אַז מען האָט זיך אַרויסגעוויזן העכער פאַר אים.

## קאַפּיטל עלף

פונקט ווי די תלמידים האָבן גענאַרט ר׳ נאָסקען, אַזוי האָט אים גענאַרט זיין אייגענער זון, דאָס בר־מצוה־יינגל ניסן. נאָר ר׳ נאָסקע האָט נישט געוואוסט דערפון.

ער האָט נישט ליב געהאַט דעם פאָטער, ניסן, ער האָט אים פאַר־אַכט, געטראָגן אַ שנאה אויף אים. ער האָט אים נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס ער לאָזט שטענדיק די שטוב אין דחקות, וואָס די מוטער זיינע גייט שטענדיק אַרום אַ פאַרוויינטע מיט אַ נאַס טיכל אַרום קאָפּ, וואָס די שוועס־טערלעך זיינע וויינען זיך אויס די אויגן איבער אַ קליידל, אַ פּאָר שיך. און ער האָט אים אויך נישט געקאָנט מוחל זיין זיין אייגן יינגליש לעבן, וואָס ווייסט גאָרנישט פון קיין פרייד. נאָר שטענדיק פון תורה, מוסר און מרה־שחורה.

פון קינדווייז אָן, ווי נאָר ניסן איז צום שכל געקומען, און געקומען צום שכל איז ער פרי, ווען אַנדערע יינגלעך שפּילן זיך נאָך אין יאַגעלעך, איז געפאַלן אויף אים דער שווערער יאָך פון שטוב. פון קינדווייז אָן האָט ער געהערט דער מוטערס קרעכצן און אירע שטעכווערטלעך אויפן פאָטער. אָן איידעלע, אַ בלאַסע, אַן אויסגעצערטלטע נגידישע טאָכטער, האָט זי זיך בשום אופן נישט געקאָנט צוגעוואוינען צו אָרעמקייט ביי איר מאַן דעם בטלן. זי האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן די קיך, די טעפּ, די אָרעמע שכנות מיט זייערע פּראָסטע רייד, דעם גאַנצן ביטערן גורל, וואָס פּראָסטע אָרעמע ווייבער טראָגן אַזוי געדולדיק אויף זייערע רוקנס. זי האָט געהאַט טענות

שטענדיק צום פֿאָטער אירן, וואָס צוליב זיין יאָגן זיך נאָך אַ גוטן איידעם, האָט ער אַן אייגענע טאָכטער אומגליקלעך געמאַכט אויפֿן גאַנצן לעבן, נאָך מער האָט זי געהאַט טענות צו איר מאַן, דעם שלים־מזל, וואָס טויג נישט צו קיין שום זאַך, וואָס אַנטלויפֿט פֿון מענטשן, פֿון געלט. זי האָט אים נישט אויפֿגעהערט באַרעדן פֿאַר די אייגענע קינדער, אויסלאַכן אים, מאַכן אים צו געלעכטער. איבערהויפּט האָט זי אים פֿאַרמיאוסט אין די אויגן פֿון איר אייגענעם זון ניסן.

— נאַ, אָט גייט ער, דער טאַטע דיינער, — האָט זי געוויזן מיט אַ שפּי־ציקן שפּאָטישן פֿינגער אויף דעם מאַן אירן. — אָט גייט ער, דער שלים־מזל, קוק אים נאָר אָן, ווי ער גייט אויף די גלייכע ווענט...

פֿון קינדוויז אָן האָט ער זיך צוגעהערט צו די טענות פֿון די אָרעמע קרעמער און מאַרק־זיצערינס, וואָס קומען מאָנען פֿאַר עסנוואַרג און שווערן ביי נאמנות, אַז זיי וועלן מער נישט באָרגן. ביי יעדער מאָל מאַכן שבת, צאָלן דירה־געלט, נעמען פֿאַר אַ קינד אויף אַ קליידל, איז געקומען צו גע־וויינען, טענות. אָבער דער פֿאָטער האָט דערפֿון נישט געוואוסט, נישט געוואָלט וויסן. ער איז געזעסן ביי זיך אין שטיבל, פֿאַרשלאָסן די טיר אויף אַ דין קייטעלע און געלערנט אָדער געשריבן חידושים אויף דער תורה מיט זייער קליינטשינקע אותיעלעך.

דער גאַנצער עול פֿון דער שטוב איז געפֿאַלן אויף דעם קליינעם ניסן, אויף דעם איינציקן מאַנסביל אין שטוב. פֿון דער פֿריסטער קינדהייט אָן האָט ער געטראָגן דעם יאָך אויף זיינע שמאָלע אַקסלען. ער האָט געמוזט גיין צו די רייכע נאָר שלעכטע פּעטערס בעטן אַלעמאָל אויפֿסניי געלט. ער האָט געמוזט באַזאָרגן ווינטער די שטוב מיט האָלץ, רופֿן אַ באַלמעלאָכע, ווען עס ווערט עפּעס קאַליע, אַריינשלאָגן אַ טשוואָק אין אַ וואַנט, צוקלאַפּן אַ ברעטל, וואָס פֿאַלט אַראָפּ, אָפּרוקן אַן אַלמער פֿון וואַנט, טאָן יעדע מאַנסבילישע אַרבעט, וואָס איז דאָ אַזויפֿיל צו מאַכן אין אָרעמע שטובן. דער פֿאָטער האָט מיט אים געלערנט, אָבער זיין לערנען איז געווען פֿול מיט אומעט, מרה־שחורה. קיינמאָל פֿלעגט קיין מענטש אין שטוב נישט אַריינקומען, אויסער די אָפּגעריסענע ווייבער מיט די שאלות. קיינמאָל האָט מען קיין לאַך נישט געהערט, קיינמאָל איז קיין פֿרייד נישט געווען אין שטוב. דער פֿאָטער האָט תמיד נאָר גערעדט פֿון דער תורה, פֿון דער נאַרישקייט פֿון דער וועלט, פֿון דעם הבל־הבלים פֿון מענטשלעכן לעבן און פֿאַרגעניגנס. יעדער זיפֿץ זיינער האָט אַ שטיק האַרץ אויסגעריסן.

— האָב מורא פֿאַר גאָט, — האָט ער אָפּט איינמיטן לערנען אים דער־מאָנט, — הערסט ניסן?

נאָך אומעטיקער ווי אין די וואָכן־טעג זענען געווען די שבתים און יום־טובים. אָן אַ שיעור תפֿילות האָט ר׳ נאָסקע געהאַט צו זאָגן אין די שבתים און יום־טובים, אָן אַ שיעור ספֿרים צו לערנען. ער האָט מעביר געווען די סדרה שעהן לאַנג, געזאָגט זוהר, געדאַוונט אין אַלטע גראָבע

סידורים, אין וועלכע די תפילות זענען לענגער ווי אין די געוויינלעכע סידורים. אַליין, בלויז מיט ניסנען, האָט ער זיך אַרומגעדרייט איבערן בית־המדרש, מיטן טלית איבערגעדעקט איבערן קאָפּ, און געזאָגט, געלערנט מיט אַן איינעסנדיקן טרויעריקן ניגון. דעם יינגל איז פאַרגאַנגען דאָס האַרץ, אומעטיק געוואָרן פון דער בית־המדרשדיקער ליידיקייט, פּוסטקייט און אומעט, נאָר עס האָט גאָר קיין סוף נישט גענומען צום פאָטערס זאָגן און ברומען. ער פלעגט פאַרטיק ווערן מיטן דאַווענען ערשט אין מיטן טאָג שוין, ווען די יידן האָבן שוין לאַנג געהאַט אָפּגעגעסן און געשלאָפן שוין נאָכמיטאָג.

די מוטער מיט די מיידלעך אין שטוב האָבן זיך קיינמאָל נישט געקאָנט דערוואַרטן אויף די מאַנסבילן און אַליין אָפּגעגעסן, אָן הערן קידוש. דאָס עסן איז געווען פאַרשטאַנען, קאַלט. ביים טיש איז געווען אומעטיק. דאָס שפּעטע עסן בלויז מיטן פאָטער האָט קיין טעם נישט געהאַט, ס'איז געבליבן שטעקן אין האַלדז. פונקט אַזוי אומעטיק און פול מיט טרויער זענען געווען די זמירות, וואָס דער פאָטער האָט נישט געזונגען נאָר געברומט. און ווי נאָר ער האָט אָפּגעגעסן, לאַנג געבענטשט דערנאָך, האָט ער שוין ווי־דער גענומען אַ ספר אין דער האַנט און געלייגט זיך בייטאָג, כדי צו דרימלען אין שבת, ווי דער דין איז.

— ניסן, — האָט ער געזאָגט, — נעם אַ ספר אין האַנט, לייג זיך צו, שבת דאַרף אַ ייד שלאָפן.

און ער האָט פיינט געהאַט דעם פאָטער זיינעם, ניסן. געהאַסט אים פאַר דער מוטער, פאַר די שוועסטערלעך, פאַר דעם אומעט. פאַר די שטענ־דיקע געוויינען און קרעכצן. פאַר די פאַרשטערטע יום־טובים, פאַר זיין גאַנץ יינגליש אָרעם לעבן. צוזאַמען מיטן פאָטער האָט ער פיינט געהאַט די ספרים זיינע, וואָס רעדן שטענדיק פון פיין, וואָס זענען פול מיט מוסר און מרה־שחורה; די תורה זיינע, וואָס איז שווער, פאַרדרייט, גאָרנישט אַרויסצוקריכן פון איר; די תפילות, וואָס זענען דאָ אַזויפיל, אַז עס איז גאָר קיינמאָל פון זיין נישט פריי צו ווערן; דאָס יידישקייט דאָס גאַנצע, וואָס דריקט, באַשווערט מיט מצוות און מעשים טובים און לאָזט גאָר קיין מנוחה נישט; און מער פון אַלעם האָט ער געהאַסט זיין גאָט, דעם פאָטערס גאָט, דעם גרויזאַמען, דעם אומברהמנותדיקן, דעם נוקם־ונוטרדיקן, וואָס פאַרלאַנגט פון מענטשן רק ער זאָל אים דינען, דאַווענען צו אים, פאַסטן, פייניקן זיך, מורא האָבן, לערנען זיין תורה, גאָרנישט זיך אַליין אין זינען האָבן, גאָר קיין ווילן נישט האָבן, נאָר אַלץ פאַר אים; וויפיל מען זאָל זיך נישט מוסר־נפש זיין פאַר אים, איז אים אַלץ נאָך ווייניק, איז ער אַלץ נישט באַפרידיקט און פאַר כעס שטראָפט ער, בראָט, ברענט און מאַטערט...

צוליב גאָט, האָט ניסן געוואוסט, וואָס פאַרלאַנגט אַזויפיל פאַר זיך, איז ביי זיי אין שטוב אָרעם און פינצטער, צוליב אים איז די מוטער קראַנק, גייען די שוועסטער אָן שיך, גייט ער אַליין, ניסן, שטענדיק אין איין פאַר־

לאַטעט קאַפּאָטקעלע, תמיד אין אויסגעדרייטע שטיוועלעך; צוליב אים איז אין שטוב נישטאָ קיין פרייד, קיין פרייע מינוט, נאָר שטענדיק זאָרג, מרה־שחורה און זיפצן. און ער האָט פיינט געהאַט גאָט, געהאַסט אים פיל מער ווי דעם פאָטער. פאַר כעס האָט ער אים איבערגעהיפּט אין דאַווענען, געריסן פּאַפּיר אום שבת, געקוקט אויפן צלם פון דער קירכע, געגעסן מילכיקס, נישט וואַרטנדיק קיין זעקס שעה נאָך פליישיקס, נישט געפאַסט קיין תעניתים און געלייענט אַפּיקורסישע ביכלעך ביי פּייוועלע דעם שמאַטע־הענדלער אין שטוב.

פּייוועלע דער שמאַטע־הענדלער האָט געוואוינט אין עק שטאָט שוין האַרט ביי די פעלדער. אויף דעם גרויסן הויף זיינעם זענען גריבער געווען אויסגעגראָבן, אין וועלכע מיידלעך זענען געזעסן און סאָרטירט און געקראַצט מיט אייזערנע קעם ריזיקע פּעק שמאַטעס, וואָס מען האָט דאָרט כסדר גע־בראַכט צו פירן. אָט די שמאַטעס, געריניקט און געוואַשן, האָט פּייוועלע דער שמאַטע־הענדלער פאַרקויפט צוריק אין ביליקע פאַבריקן, וואָס האָבן דערפון שלעכטן גאַרן געמאַכט. אָבער פּונקט ווי פּייוועלעס הענט זענען געווען איינגעטונקט אין שמאַטעס, אַזוי איז זיין קאָפּ תמיד געווען איינגע־טונקט אין אפיקורסות און אין אויפקלערונג. אַ קליין־געוויקסיקער, אַ שנעלער, מיט אַ פאַרפעטסט קאַפּעליושל אויף די געקרייזלטע און פאַרשטויבטע האָר, מיט גלאַנציקע אויגן, וואָס קוקן אַרויס פון פריילעך־צעקנייטשטן שטויביקן פנים, מיט שטיקלעך צויטן און פעדעם אין געקרייזלטן בערדל, אַ פאַרנומענער מיט די שמאַטעס, אַרבעטאָרינס, באַלעגאָלעס, סוחרים, האָט ער שטענדיק געפונען צייט געננוג, אויף לויפן מיילן ווייט, ווען נאָר עס איז אָנגעקומען אַ ניי אַפּיקורסיש ספר.

אין דער גרויסער דירה זיינער, וואָס איז פול מיט טעכטער, אָנגעוואָרפן מיט פּאַפּירן, וועקסעלעך, בעטגעוואַנט, זענען ביי אַלע אָפּגעשיילטע ווענט געשטאַנען פולע אַלמערס מיט ביכער און ספרים, וואָס ער איז גאָרנישט מיד געוואָרן קויפן, אויסגעבנדיק אַ פאַרמעגן אויף זיי. זיי האָבן זיך גע־וואַלגערט, די ביכער, איבער אַלע טישן, שאַפעס, אַלמערס, פּאַליצעס. סיי דאָס ווייב זיינס, די פרומע יידענע, סיי די טעכטער זיינע, די צעוואקסענע מוידן, האָבן די ביכער געוואָרפן, געשליידערט, פאַרברענט, נישט געוואָלט זיי לײדן, פּונקט ווי זיי האָבן נישט געקאַנט ליידן פּייוועלען אַליין, וואָס לייגט אין די ביכער אַריין דעם טאַטן און די מאַמען און האָט זיי מער ליב ווי די שטוב, ווי ווייב און קינדער.

אָבער וואָס מער זיי האָבן די ביכער אַרויסגעשליידערט, אַלץ מער האָט זיי פּייוול געקויפט. אין מיטן די בעסטע געשעפטן, האָט ער געלאָזט שטיין זיינע מענטשן און געלאָזן זיך לויפן אַ צעיאַכמעטער, אַ פאַרשטויבטער, מיט די צויטן אין בערדל, ווי נאָר אַ פאַקנטרעגער האָט אים צוגעווויסנגעגעבן, אַז ער האָט עפּעס אַן אַנטיקל, אַ ניי השכלה־ספר. די אויגן האָבן ביי אים געלויכטן פון דעם פאַרשטויבטן פנים אַרויס, ווען ער האָט מיט די הענט,

שוואַרצע פון די שמאַטעס, געגלעט די בלעטלעך פון די אַפּיקורסישע ספרים. פּונקט אַזוי האָט ער שטענדיק געפונען צייט, געקאָנט לויפן אין עק שטאָט, כּדי איבערצורעדן אַ חסידישן בחור, אַרויסצוציען אים פון בית־המדרש און איינפלאַנצן אין אים זיין אייגענע אפּיקורסות און השׂכּלה.

אין די אָוונטן, אין די שבתים און יום־טובים, אין די חגאות, און אַפילו אין מיטן דער וואָך זענען שטענדיק ביי אים געזעסן חסידישע בחורים און בגנבה געלייענט די טריפהנע ביכער. פון שטיבל צו שטיבל, פון בית־המדרש צו בית־המדרש פלעגט ער גיין, אַריינקריגן בחורים, צורעדן זיי, אויפגעקלערט זיי, געשיט מיט תורה און וויסן, וואָס זענען צוזאַמען געלעגן אין זיין צעקרייזלטן קאָפּ, הינטער דעם פאַרשמאָלצעוועטן האַרטן קאַפּעליוש. ער האָט די בחורים געגעבן געלט, געגעבן זיי צו עסן טעג ביי זיך אין שטוב, געלאָזט זיי איבערנעכטיקן, דאָס העמד פון זיך אַוועקגעגעבן, אַבי ער זאָל זיי אויפהעצן קעגן גאָט, מאַכן זיי פאַר אַפּיקורסים.

ער האָט נישט געקענט רואיק איינשטיין אויפן הויף ביי די שמאַטעס און אַלע ווײַלע אַריינגעלאָפן און געכאַפּט אַ בליק צו די בחורים זיינע, וואָס זיצן פאַרטיפט איבער די אַפּיקורסישע און אויפקלערנדיקע ביכער.

— לייענסט? לערנסט? — האָט ער איבערגעפרעגט מיט הנאה — גוט, וואויל...

פון גרויס תענוג, האָט ער גערופן דאָס ווייב, די טעכטער, זיי זאָלן דעם בחור געבן אַ גלאָז טיי, עפּעס צוצובייסן. סיי דאָס ווייב זיינס, סיי די טעכטער האָבן זיך נישט געאיילט צו פאָלגן פייוולס באַפעלן, איז ער אַליין אַריין אין קיך, געבערענגט טיי צו טראָגן, ברויט מיט שמאַלץ און דערלאַנגט די בחורים זיינע מיט אַזאַ שׂמחה, ווי פרומע ווייבער באַדינען אַ פרומען בחור אַ טאָג־עסער, וואָס לערנט תורה.

אַ סך מאָל פלעגט ער גאָר אַליין זיך אַוועקזעצן מיט אַלע זיינע בחורים בײַם טיש און געלערנט מיט זיי די שווערע ספרים, אויפגעקלערט זיי פי־לאָזאָפישע ווערק, שיטות, מיט לייכטנדיקע אויגן, מיט אַ גמרא־ניגון, קראַצנ־דיק אין פאַרטיפטקייט דאָס בערדל, וואָס איז תמיד פול מיט צויטן, האָט ער געזאָגט פאַר די בחורים אפּיקורסות מיט אַזאַ ברען און פייער, ווי אַ מגיד אַ דרשה. אין די שבתים זענען די שטובן זיינע געווען פול מיט בחורים. אין די יידענע קאַפּאָטעס, אין די סאַמעטענע היטלען און יאַרמולקעס, זענען זיי געזעסן ביי זיין גרויסן טיש, געגעסן טשאָלנט, געטרונקען שבתדיקע טיי, וואָרעם נישט דאָס ווייב פייוולס, נישט די טעכטער האָבן געוואָלט קאָכן אום שבת. אויבן־אָן איז געזעסן פייוועלע אין דעם פאַרשמאָלצעוועטן סורדוט, געגלעט זיך דאָס בערדל, געבליצט מיט די אויגן פון פאַרקנייטשטן פּנים אַרויס און געלערנט, געזאָגט מאמרים, געלערנט פילאָזאָפיע און מאַטעמאַטיק, גע־שיכטע און אַסטראָנאָמיע, געאָגראַפיע און ביבל־קריטיק.

ער האָט אויסגעטייטשט שווערע שטעלן אין תנ״ך, קלאָר געמאַכט די גמרא, אָפּגעלאַכט פון רעליגיע, צוגערעדט צו בילדונג, השׂכּלה און אַרבעט.

— נאָר בילדונג, שכל און אַרבעט, קינדער — האָט ער אַלעמאָל אויפּסניי דערמאָנט.

טאָמער האָט ער אַריינגעקריגן אַ נייען מענטשן, איז ער געווען גליק־לעך, אַלע קרייזעלעך פון זיין בערדל האָבן געקוואָלן פון נחת. פאַררוקנדיק די פאָרהענגלעך, פאַרשפּאַרנדיק די טירן פאַר דעם אייגענעם ווייב, פאַר וועלכער ער האָט מורא געהאַט, האָט ער נאָכן שבתדיקן טשאָלנט פאַררויכערט אַ ציגאַר און אַלעמען איינגעטיילט פּאַפּיראָסן.

נישט אַלע האָבן גלייך געוואָלט רויכערן אין שבת. טייל האָבן זיך נאָך געקווענקלט. אָבער אַנדערע האָבן פאַררויכערט, געלאָזט צו־להכעיסדיקע קנוילעכלעך רויך דורך דער נאָז גלייך אויף די שבתדיקע לייכטער אַרויף. ביי פייוועלען האָבן אַלע קנייטשן פון זיין האָריק פּנים געקוואָלן פון נחת, קוקנדיק אויף די רויכערער. מיט זיי איז ער שוין געווען זיכער, אַז ער האָט זיי געראַטעוועט, אַז זיי געהערן צו אים.

צווישן די אַלע בחורים איז אויך ניסן דעם מורה הוראהס אָפּגעזעסן זיינע טעג ביי פייוולען דעם שמאַטע־הענדלער און געשלונגען די ביכער זיינע איינס נאָך דאָס אַנדערע.

מיט זיין געניט אויג פון אַ משכיל, האָט פייוועלע דערזען אין דעם באַלוטער דיינס ייִנגל אַן אומרואיקייט, אַז ער זוכט און נישטערט עפּעס, אַז ער רייסט זיך פון דער שטוב, און ער האָט אים אַריינגעצויגן צו זיך. ער האָט קיין טעות נישט געהאַט. דער בר־מצוה־בחור האָט זיך מיט אַזאַ דורשטיקייט געוואָרפן אויף די ביכער ביי אים אין הויז, ווי אַ הונגעריקער הונט וואַרפט זיך אויף אַ ביין. ער האָט געשלונגען די לשון־קודשדיקע השכלה־ספרים, און פייוועלע האָט אים געהאָלפן. ער האָט גלייך דערזען, אַז דער קליינער האָט אַן אָפענעם קאָפּ, אַז איידער מען זאָגט אים נאָך אַרויס אַ וואָרט, כאַפּט ער שוין צען. און ער האָט אים געהאַלטן ווי אַן אבן־טוב, ער האָט אים געלערנט, אויפגעקלערט, שעהן מיט אים גערעדט און באַוואונ־דערט אים.

— ניסן, — האָט ער געזאָגט, — כ׳ווער בטל פאַר דיר, הערסט!

זיין פאָטער האָט, ווי שטענדיק, נישט געוואוסט, וואָס אַרום אים טוט זיך. אַ פאַרטראַכטער, אַן אויסגעטוענער פון דער וועלט, האָט ער נישט געזען, ווי זיין זון איז פרעמד פון אים, ווי ער פאַרשווינדט אויף גאַנצע שעהן, ווי ביי דער גמרא נאַרט ער אים און לייענט אַפּיקורסות אין זיינע אויגן.

— ניסן, — האָט ער אים אָפט געמונטערט, — האָב מורא פאַרן אויבערשטן, הערסט?

— כ׳הער, — האָט ניסן געזאָגט מיט שפּאָט, איבערמישנדיק אַ בלעטל אין בוך.

דאָס נאַרן דעם פאָטער זיינעם, דאָס פאַרראַטן אים אין די אויגן האָט אים אַ געוואַלדיקע הנאה פאַרשאַפט.

ער האָט געלייענט בייטאָג און ביינאַכט. גאַנצע נעכט איז ער געלעגן וואַך אויף זיין שמאָלער שלאָפבאַנק און ביי די שטיקלעך ליכט, וואָס ער האָט פון בית־המדרש אַהיימגענומען, האָט ער געזוברעוועט די ביכער. ער האָט געלייענט אַלץ, געלערנט אָן אַ סיסטעם, אָן אַן אָרדענונג. אַלץ נאָר, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן ביי פּייזול דעם שמאַטע־הענדלער אין אַלע אַלמערס און פּאָליצעס. ער האָט געלערנט דייטש פון מענדלסאָנס „ביאור", וואָס איז מיט רש"י־אותיות געדרוקט, און ער האָט געאַרבעטביים מורה נבוכים פון רמב"ם. ער האָט געשלונגען די מאמרים אין די „השחרס", וואָס זענען פון פיל לייענען געוועזן צעשיט ווי די שמות, און ער האָט געקוויקט זיך מיט די אויפקלערערישע מעשיות און שירים פון סמאָלענסקין, מאַפּו, אד"ם הכהן, גאָרדאָן און אַנדערע משכילים פון דער צייט. צוזאַמען מיט די מאמרים פון קראָכמאַל, מיט די געשיכטעס פון כוזרי, פאַנטאַסטישע רייזע־באַשרייבונגען, לשון־קודשדיקע ספרים איבער אַסטראָנאָמיע און העכערע מאַטעמאַטיק, האָט ער באַצייטנס, נאָך רעכט נישט צעקייענדיק די דייטשע שפּראַך, געכאַפּט זיך צו די פילאָזאָפן, צו מענדעלסאָן און מיימאָן, צו שפּינאָזאַ, קאַנט און שאָפּענהויער.

אין זיין קאָפּ האָט געהערשט אַ תוהו־ובוהו, ווי אין פּייזועלעס אַלמערס, וואָס זיין ווייב און טעכטער האַלטן אין איין צעוואַרפן.

ביי דעם אַלעמען האָט ער נאָך אויך געכאַפּט דעם טאַטנס שיעור יעדע וואָך און איבערגעזאָגט אים פאַר די תלמידים, וואָס האָבן געהאַט די קעפּ ביי שילם בעקער אין די קאָרטן.

זיי האָבן זיך גלייך פיינט געקריגן, דעם טאַטנס תלמידים, מיט ניסנען דעם מורה־הוראהס. זיי האָבן אים נישט פאַרגונען דעם גוטן קאָפּ זיינעם, דאָס, וואָס שטענדיק ווייסט ער דעם שיעור, פלאָנטערט נישט מיט דער צונג און טייטשט אויס גלאַטיק און פאַרשטענדלעך, ווי ער וואָלט אין מויל אַריינגעלייגט. איבערהויפּט האָט אים דאָס נישט געקאָנט מוחל זיין שמחה מאיר. ער האָט אים צוגענומען די מערכה צווישן די יינגלעך, אויסגעכאַפּט אים דעם עילוישן קאָפּ. ניסן ווידער האָט נישט געקאָנט זיי מוחל זיין די שיינע קאַפּאָטקעלעך, וואָס זיי האָבן געטראָגן, די נייע זיידענע היטלען, די זיידענע האַלדז־טיכלעך, די גלאַטיקע שטיוועלעך און די גאָלדענע זייגערלעך, וואָס די יונגע חתנימלעך האָבן שוין געטראָגן און אַלעמאָל זיך מיט זיי געשפּילט.

צווישן אַלע איז ער געווען דער איינציקער, וואָס האָט געטראָגן אַ צייגן כאַלאַט, שטענדיק אויסגעוואַקסן און פאַרלאַטעט, אויסגעדרייטע שטיוול, אַ צעשיט זיידן היטל, דורך וועלכן דער טאָוול קוקט אַרויס. צווישן דעם נייקייט און נגידישקייט פון די יינגלעך אַרום האָט זיין אָרעמקייט נאָך מער אַרויסגעשריגן. מער נאָך דערפון האָט ער געליטן, וואָס זיי מאַכן חוזק פון דעם טאַטן זיינעם ביים טיש, נאַרן אים און מאַכן צום נאַר. ביי זיין גאַנצער שנאה צום פאָטער זיינעם, האָט ער נישט געקאָנט פאַרטראָגן,

וואָס פרעמדע מאַכן חוזק פון אים. דער פאָטער האָט נישט געזען אַלץ, און עס האָט אים געשטאָכן, ביים האַרצן פאַרקלעמט.

נאָך אַ צייט לערנען צוזאַמען, האָבן די תלמידים אַפילו געפּרואווט דעם רבינס יינגל אַריינגעמען אין חברה. זיי האָבן מורא געהאַט, ער זאָל נישט דערציילן דעם פאָטער פון זייערע קאָרטן, וואָס זיי שפּילן ביים טיש, פון זייערע וויזיטן ביי שילם בעקער און זיי האָבן אים מיטגענומען מיט זיך צו שילמען. אָבער ניסן האָט נישט געפילט קיין טעם אין די קאָרטן, נישט געקאָנט זיך אפילו דערויף און ער איז גלייך אַוועק פון דאָרט. אָנשטאָט לאָזן איבערציען זיך אויף זייער זייט, האָט ער גאָר געפּרואווט זיי אַריבער־צוציען אויף זיין זייט.

פּונקט ווי דער פאָטער זיינער איז געווען פאַרגלויבט אין די ספרים, גאָרנישט אַרויסגעקראָכן פון זייערע געדיכטע שורות, גאָרנישט אַראָפּגעגאַנגען אויף אַ האָר פון זייערע געדאַנקען און רייד, אַזוי האָט אויך ניסן גע־שטעקט אין זיינע אַפּיקורסישע ביכער, וואָס ער האָט עוסק געווען אין ז ביי־טאָג און ביינאַכט. אַלץ, וואָס זיי האָבן געשריבן, איז געווען פאַר אים הייליק, גאָרנישט צו ענדערן אויף קיין האָר אַראָפּצוגיין. און פּונקט ווי זיין פאָטער האָט נישט יוצא געווען בלויז מיט זיין אייגענער יידישקייט, נאָר געוואָלט שטענדיק פאַרשפּרייטן די תורה, גאָטס רייד צווישן אַלע, אַזוי האָט אויך ניסן, פייוועלע דעם שמאַטע־הענדלערס תלמיד, געוואָלט פאַרשפּרייטן אומעטום די רייד פון זיין נייער תורה, אַריבערצוציען אַלעמען צו פייוועלען און צו זיינע אַלמערס מיט ביכער.

שטילערהייט, בסוד סודות, האָט ער גענומען איינטענהן מיט דעם טאַטנס תלמידים, אַריינוואַרפן רייד פון ספקות, אַפּיקורסות. פייוועלע האָט געשיינט פון גליק, ווען ניסן האָט אים דערציילט פון די יינגלעך, און געשיקט מיט אים אַפּיקורסישע ספרים פאַר זיי.

די נגידישע בחורים האָבן אַריינגעבליקט אין די פרעמדע ספרים און זיי גיך צוריקגעגעבן. זיי זענען געווען שווער, מען האָט געדאַרפט צולייגן קאָפּ צו זיי, און זיי האָבן נישט געהאַט קיין חשק דערצו. זייערע קעפּ זענען געלעגן ביי שילם בעקער. בלויז שמחה מאיר האָט איין ביכל דורכגעקוקט און וועגן דעם זיך איבערגערעדט נישט מיט ניסנען, נאָר מיט זיין פאָטער, דעם מורה־הוראה.

— רבי, — האָט ער פלוצלונג אַ פרעג געטאָן ר׳ נאָסקען אין סאַמע מיטן מוסר, ווען יענער האָט געזאָגט, — די תורה איז געגעבן געוואָרן אויפן באַרג סיני פון רבונו של עולם?

ר׳ נאָסקע איז געוואָרן בלאַס.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ שאלה, שמחה מאיר? — האָט ער געפרעגט מיט שרעק.

— ווייל ניסן זאָגט, אַז משה רבינו אַליין האָט זי אָנגעשריבן פון אייגענעם שכל, — האָט שמחה מאיר כלומרשט תמעוואַטע געענטפערט.

ר׳ נאָסקע איז געבליבן זיצן אַ פאַרגליווערטער. אַלע האָבן געשוויגן ביים טיש. נאָך אַ היפשער פאַרגליווערונג האָט דער מורה־הוראה צוריק־געקריגן דאָס לשון.

ניסן האָט געשוויגן, נישט געלייקנט.

דער פאָטער זיינער האָט זיך אָנגעהאַלטן ביי דער שטול, ער זאָל נישט פאַלן, ווי די פיס זיינע האָבן שטאַרק חשך געהאַט.

— ירבעם בן נבט, — האָט ער געזאָגט, — טאָרסט נישט זיין מיט יידן אין איין שטוב!

ניסן האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט, אַרויסגעגאַנגען פון שטוב און מער נישט צוריקגעקומען.

ער איז אַוועקגעגאַנגען צו אַ וועבער און אָנגעדונגען זיך אויף דער לער מיט עסן און שלאָפן. דער מייסטער האָט אים תחילת נישט געוואָלט נעמען, ווייל מיט אַ לערן־יינגל דאַרף קומען אַ פאָטער מאַכן אַ קאָנטראַקט און צוצאָלן פאַר דער לער. אָבער ניסן האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט מיט דעם מייסטערס כלה־מוידן לערנען עברי און אויסלערנען אונטערשרייבן זיך אויף די תנאים; אויך די יינגלעך זיינע וועט ער לערנען רעכענען און אָנשרייבן אַן אַדרעס, און דער מייסטער האָט אים צוגענומען אויף דריי יאָר.

צו דער שטול האָט ער אים נישט צוגעלאָזט, ווי אַלע לערן־יינגלעך. ער האָט אים בלויז געגעבן צו וויקלען ביינוול. די מייסטערין האָט אים געהייסן זיך נעמען אַ קליין בענקעלע אויף דריי פיסלעך און צוואוויגן איר דאָס קינד, וואָס האָט זיך געריסן אין וויגל פון היץ און נאַסקייט.

אין דער נידעריקער גרויסער שטוב, אָנגעשטעלט געדיכט מיט וועב־שטולן, בעטן און שלאָפבענק, זענען עטלעכע געזעלן אין די בלויזע הויזן און אין די יאַרמולקעס געזעסן ביי די שטולן, גיך געוועבט, ציקלענדיק זיך ביי יעלות און גאָרגלענדיק זיך ביי חזנישע קדושהס. דער מייסטער, אַ ייד מיט אַ פאַרפעדערטער יאַרמולקע און מיט אַן אויסגעשטעפטן פאַרפעטסטן וואַטענעם שפּענצער, וואָס שטיקער וואַטע הענגען זיך אים נאָך פון ד־עלענבויגנס און וואָס ער טראָגט אים סיי אין ווינטער, סיי אין זומער, האָט אומעטום אַריינגעשטעקט די רויטע אויגן, אַכטונג געגעבן, צי מ׳פּושערט נישט, צי מ׳גנבעט נישט, און אונטערגעיאָגט די געזעלן יעדעס מאָל, ווען אימעצער פון זיי האָט זיך אָפּגעשטעלט אָפּווישן דעם שוויס פון פּנים אָדער פאַרדרייען אַ פּאַפּיראָס.

— נישט ליידיק געגאַנגען, — האָט ער געמונטערט, — יעדע מינוט ליידיק גיין איז געגליכן צו גזילה.

ביי דער קיך איז געזעסן די באַלעבאָסטע, אַ יידענע מיט אַ שוואַרץ צעקודלט שייטל, וואָס דורך די שפּאַלטן זיינע קוקן אַרויס רויטע בינט־לעך אייגענע האָר. אַ חברה שוואַרצע און רויטע מוידן, איינע עלטער פון דער אַנדערער, זענען געזעסן אַרום איר אויף קליינע בענקעלעך צופוסנס, און אַלע צוזאַמען האָבן זיי גיך געשאָבן קאַרטאָפל מיט די שפּיציקע מעסערס.

אַ רויך פון פּרעגלדיק פעטס, אייל, אַ האַרבער ריח פון אָנגעברענטע ציבע־לעס, צוזאַמען מיט אַ געדיכטער פּאַרע פון גרויסע אייזערנע טעפּ, האָט אַרומגענומען די שטוב. דאָס האָט מען געגרייט עסן פאַר די געזעלן.

— אַלטע, וואָס קאָכט מען היינט? — האָט געררופן אַ געזעלן פון פּלאַנ־טער פעדעם אַרויס, ענלעך צו אַ שפּין אין שפּינוועבס. — ווידער גע־ריישטע קאַרטאָפלעס?

— האַלט בעסער די אויגן ביי דער אַרבעט, שוואַרצער קאָטער, — האָט אים אָפּגעענטפערט די באַלעבאָסטע פון דער פּאַרע אַרויס, — זאָל דיר דער קאָפּ נישט דאַרן צו די טעפּ...

דער „שוואַרצער קאָטער" האָט גענומען גיך וואַרפן מיט די פעדעם, נאָר צוזאַמען דערמיט האָט ער גאָר פּלוצלונג אָנגעהויבן לייענען די מגילה.

— ארורה זרש אשת המן, — האָט ער געדרייט מיט אַ פּורימדיקן ניגון.

די געזעלן, וואָס האָבן פאַרשטאַנען גלייך, ווען מען דער פּסוק מיינט, האָבן אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער און צוגעטופּעט מיט די פיס, ווען מען האָט דערמאָנט זרשס נאָמען.

די באַלעבאָסטע האָט גיך געשאָבן מיטן שפּיץ מעסער און געוואָרפן האַלב־נישט־דערשיילטע קאַרטאָפל מיט כעס אין שוואַרצן טאָפּ אַריין, אַז וואַסער האָט אַלץ באַשפּריצט.

—— אַ מכה וועט עך ביי מיר פרעסן קליסקעלעך מיט בעבלעך. — האָט זי געשריגן צו די יונגען, — קאַרטאָפל מיט אייל וועט עך ביי מיר פרעסן יעדן טאָג, וועט עך וויסן, וואָס זרש קאָן...

פאַר כעס האָט זי זיך צעבלוטיקט אַ פינגער און געוואָרן ווילד. מיט אַ פּאַרריקט שווארץ שייטל איבערן געלן קאָפּ, איז זי צו צו די פיל שלאָפ־בענק, וואָס שטייען ביי די ווענט פאַר די בעסערע געזעלן צו שלאָפן, און זי האָט אַרויסגעוואָרפן פון זיי די ברודיקע נישט־איבערגעצויגענע קישנס.

— זאָל איך אַזוי דערלעבן צו פירן מיינע טעכטער צו דער חופּה, טאַטע געטרייער אין הימל, — האָט זי געוואַלדעוועט, — צי איך וועל ענק געבן קישנס אונטערצולייגן צוקאָפּנס. צ'זענט נישט קראַנק צו כאַליען אויף דער הוילער ערד, נישט אויף מיינע פּעדערן.

ביי דער טיר, מיט איין פוס צוואוויגנדיק דאָס קינד, וואָס די באַלעבאָסטע האָט געהאַט אויף די עלטערע יאָרן, מיט די הענט פאַרפּלאָנטערט אין די־ביינוולס, איז געזעסן ניסן, ר' נאָסקע מורה־הוראהס, און געוויקלט. די געזעלן האָבן פון אים געלאַכט, גערופן אים מיט צונעמען, געשיקט אים אין קרעמל נאָך אַ שטיקל הערינג, נאָך אַ זייטיק שטיקל ברויט, די באַלע־באָסטע האָט זיך אויף אים געוואָרפן, ס'קינד אין וויגל האָט זיך געריסן, נאָר ער איז ניט אָפּגעטראָטן פון זיינס. ער איז געזעסן דאָ יעדן טאָג זיינע שעהן, צוגעקוקט זיך צו דער אַרבעט, געגעסן מיט די אויגן די

וועב־שטולן, דורכגענומען יעדן שטאַנג, יעדע שנור, כדי צו דערגיין דעם שכל דערפון, און דערביי געטראַכט וועגן זיינע ביכער.

די מוטער איז געקומען צו אים און פאַרבראָכן מיט די הענט, זעענדיק אים אין ווינקל־שטוב ביי דער אַרבעט.

— ניסן, — האָט זי געוויינט, — וואָס איך האָב דערלעבט צו זען... דו אַ באַלמעלאָכע... קום אַ היים!

ער איז ניט געגאַנגען. ער האָט געאַרבעט אין דער וועבעריי, געלערנט מיטן מייסטערס קינדער און ווען נאָר ער האָט געהאַט צייט, האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט צו פּיוועלען און צוגעפאַלן צו די נייע ביכער און ספרים, וואָס ער האָט אָנגעקויפט. אין די נעכט, ליגנדיק אין ווינקל־שטוב אויפן שמוציקן שטרוי־זאַק, איבערגעדעקט מיט די אויסגעאַרבעטע סחורות, האָט ער ביי אַ טריפנדיק ליכטל געלערנט, שטודירט און געגרייט זיך צו אַ תכלית.

אויפן באַלוט אין אַלע בתי־מדרשים, שטיבלעך, האָט מען גערעדט וועגן אים, געוואָרנט יינגלעך פאַר זיין סוף.

— אָט אַזוי איז דער סוף פון די, וואָס גייען נישט אין גאָטס וועגן... נישט די וועלט און נישט יענע וועלט...

„ניסן תרבות־רעה", — האָט מען אים גערופן אין דער וועבעריי מיט אַ צונאָמען, ווי יעדער באַלמעלאָכע האָט געמוזט האָבן.

ביי נאָסקע מורה־הוראה זענען געזעסן די נגידישע יינגלעך און גע־שפּילט אין קאָרטן אונטערן טיש ביים לערנען. מער ווי שטענדיק איז ר' נאָסקע געזעסן אַ טרויעריקער. ער האָט געזען דאָס גרויסע גיהנום, וואָס פלאַקערט שוין גרייט פאַר אים, פאַר די זינד פון זיין זון, וואָס איז אַוועקגעגאַנגען פון גאָט.

— יינגלעך, זייט יידן, — האָט ער אַלעמאָל געמוסרט די תלמידים, פונקט ווי פריער פלעגט ער דערמאָנען ניסנען, — האָט מורא פאַרן אויבערשטן, איר הערט?

— מ'הערט, — האָט שמחה מאיר געזאָגט און פלינק אויסגעטאַשירט די קאָרטן.

ער איז צוריק געוועזן דער עילוי צווישן אַלע חברים.

## קאַפּיטל צוועלף

נאָך עטלעכע חול־המועדס, פּסחדיקע און סוכותדיקע, אין וועלכע דער חתן איז פאַרבעטן געוואָרן צו דער כלהס הויז, פאַר וואָס די כלה האָט געקריגן יעדעס מאָל אַ נייע מתנה פון חתנס צד, און נאָך פונקט אַזויפיל פאַרבעטענישן פון דער כלה אין חתנס הויז, פאַר וואָס דער חתן האָט גע־קריגן מתנות פון כלהס צד, איז געפּראַוועט געוואָרן די חתונה פון די

אַכצן־יאָריקע חתן־כלה, שמחה מאיר אַשכנזי און דינהלע אַלטער, מיט גרויס פּאַראַד.

מאַדמואַזעל אַנטואַנעט אַליין, די האַלב־דייטשקע, האַלב־פראַנצויזקע, וואָס נייט מלבושים פאַר הונצעס טעכטער, האָט געניית חתונה־קליידער פאַר דער כלה דינהלע. ר׳ חיים אַלטער האָט אויפגעעפנט זייער ברייט זייַנע שמאַלציקע שוואַרצע אויגן, ווען זיין ווייב פּריווע האָט אים געזאָגט, וויפל געלט אָט די מאַדמואַזעל אַנטואַנעט נעמט פאַר דעם אויסשטייער.

— וואָס טוט זיך מיט דיר, פּריוועשי, — האָט ער געזאָגט אַ דערשראָ־קענער, ציענדיק מיט די פליישיקע הענט די קויל־שוואַרצע באָרד, — ווי איז גאָר אַזוינס געהערט געוואָרן אין דער וועלט, אַנצוצאָלן אַזאַ פאַרמעגן עפּעס אַ שניידערקע דאָרט ?

פּריווע האָט גלייך אַרויפגעצויגן אַ מינע פון אַ באַליידיקטער קעניגין אויף איר העל, פול פּנים.

— מאַדמואַזעל אַנטואַנעט איז נישט עפּעס קיין שניידערקע, — האָט זי געזאָגט מיט כּעס, — נאָר די בעסטע שניידערקע פון לאָדזש, מ׳דאַרף האָבן אַ זכיה, זי זאָל װעלן אָננעמען אַן אויסשטייער.

ר׳ חיים אַלטער איז אַזוי צעטומלט געוואָרן סיי פון דער גרויסער סומע, וואָס די שניידערין נעמט, סיי פון זיין ווייבס רייד וועגן דער זכיה, וואָס מען דאַרף האָבן צו איר אָנצוקומען, אַז ער האָט אַזש פאַרגעסן מורא צו האָבן פאַר זיין פּריוועשי, ווי שטענדיק, און ער האָט זיך געגומען קעגנשטעלן.

— זי וועט דאַנקען, די שיקסע, אַז איך וועל איר געבן אַ דריטל, — האָט ער געזאָגט, — נישקשה, ס׳איז דאָ נאָך שניידערקעס אין לאָדזש, פעלט נישט די מציאה...

פּריווען האָבן דערויף גלייך גענומען פליסן טרערן פוןביידע בלויע אויגן איבער די קלאָרע באַקן.

— מאַמע קרוין, — האָט זי גענומען רופן איר שוין לאַנג פאַרשטאָר־בענער מוטער, — כ׳וועל עס נישט איבערטראָגן...

פאַר די עטלעכע יאָר פון די תּנאים אָן, האָט זי שוין געלעבט מיט דעם געדאַנק, אַז נאָר מאַדמואַזעל אַנטואַנעט וועט נייען דעם אויסשטייער פאַר איר דינהלען. איר איז נישט אַזוי געגאַנגען אין דעם, אַז איר טאָכ־טערס קליידער זאָלן זיין אַזוי גוט גענייט. זי האָט גאַנץ גוט געוואוסט, פּריווע, נאָך פון איר אייגענער חתונה, אַז די צענדליקער סאַמעטענע, זייַ־דענע און אַטלאַסענע קליידער, די אַלע טייערע שפּיצן און טיולן, וואָס מען מאַכט די כּלות צו זייער חתונה, זעען זעלטן די ליכטיקע שיין, ווערן פאַר־שימלט אין די שאַפעס, גייען זיך אַרויס פון דער מאָדע. איר איז געגאַנגען אין אַמביציע, צו ווייזן לאָדזש אַז מאַדמואַזעל אַנטואַנעט די מיוחסת, די גרויס־האַלטערקע, וואָס וויל מיט די רייכסטע דאַמען נישט רעדן, וואָס נייט פאַר הונצעס טעכטער אַליין, אָט זי וועט דאָס נייען דעם אויסשטייער פאַר דינהלען איר טאָכטער, און זאָל לאָדזש פּלאַצן !

גענוג האָט זי געאַרבעט, גענוכט פּראָטעקציע, געפירט פּאָליטיק, ביז זי האָט זיך צו דער מאַדמואַזעל אַנטואַנעט דערשלאָגן. שטילערהייט, בסוד סודות, קיינער זאָל זיך, חלילה, נישט דערוויסן, האָט זי שוין פאַר אַ האַלבער שטאָט ווייבער דערציילט וועגן דעם. און זי איז געווען זייער אומגליקלעך, ווען איר חיים האָט גענומען זיך דינגען איבערן פּרייז און אַוועקמאַכן גאָר מיט דער האַנט די מאַדמואַזעל אַנטואַנעט.

— מאַמע, — האָט זי גערופן איר מוטער פון יענער וועלט און געגאָסן מיט טרערן, — כ׳וועל די בושה נישט איבערטראָגן, כ׳וועל מיין איינציקער טאָכטערס חופּה נישט דערלעבן...

ר׳ חיים אַלטער איז אַזוי גערירט געוואָרן פון זיין ווייבס טרערן און רייד, אַז ער האָט אַליין שיר נישט גענומען וויינען פון צרות.

— בייס דיר אָפּ די צונג, — האָט ער געזאָגט מיט אַ פייכטער שטים. — ווי איז מיר נישט געשען, וואָסערע ווערטער דו רעדסט, פּריוועשי, פאַר אונדזער טאָכטערס שמחה. זאָל עס נאָר פאַלן אויף אַלע וויסטע וועלדער, אויף אַלע פּוסטע פעלדער...

זי איז דאָס מאָל נישט ברוגז געוואָרן, ווי איר טבע איז אַלעמאָל. זי איז אַזוי גליקלעך געווען פון איר מאַנס נאָכגעבן, אַז זי איז צוגעפאַלן צו אים און אים גענומען קושן אין ביידע אָנגעבלאָזענע באַוואַקסענע באַקן אין קעגנוואַרט פון שמואל לייבוש דעם משרת.

— פּריוועשי, — האָט זיך ר׳ חיים גערויטלט, — פאַרן משרת...

— ס׳מאַכט נישט, — האָט דער משרת געזאָגט אַ פאַרלוירענער, אַליין נישט וויסנדיק, וואָס אַזוינס מיט זיך צו טאָן.

מיט דער אייגענער צעוואָרפנקייט און אויסברענגערישקייט האָט מען פאַר דעם כלה־מיידל אָנגעקויפט אַ סך זיידנס, אַטלאַס, שפּיצן, פוטערס, היטן, אַלערליי זילבערן געשיר, צירונג, מעבל, וואָס מען האָט גאָר אַליין נישט געוואוסט אויף וואָס און אויף ווען זיי וועלן נוצן. ר׳ חיים האָט אָפּגעדונגען דעם גרעסטן חתונה־זאַל. אויך די בעסטע קלעזמער, בדחנים און סאַרווערס האָט ער גענומען. חתונה־קאַרטן זענען צעשיקט געוואָרן אין די פילע הונדערטער. ער האָט געוואָלט, אַז לאָדזש זאָל רעדן פון אים, אַז אין גאַנץ פּוילן זאָל קלינגען מיט זיין טאָכטערס חתונה. און ער האָט איינגעלאַדן אַלץ, וואָס לאָדזש פאַרמאָגט פון גבירים, שיינע־יידן און מיוחסים. אויך פון חתנס צד האָט מען ר׳ חיימען דערלאַנגט אַ צעטל פון אַ סך געסט איינצולאַדן. אין דעם גרויסן חתונה־זאַל מיט די געגילדטע שפּיגלען, רויט־פּליושענע, גאָלד־באַפּוצטע שטולן און צעצווייגטע זשיראַנדאָלן, האָט זיך געשטופּט און געפּלאָכטן צווישן זיך דער גאַנצער לאָדזשער מיש־מאַש: גרויסבערדיקע גבירים, חסידים אין גלאַנציק־זיידענע קאַפּאָטעס און אין גביריש־גלאַנציקע שטיוועלעך, און געגאָלטע פּעט־גוידערדיקע פאַבריקאַנטן מיט שוואַרצע גלאַנציקע צילינדערס און מיט ווייסע הענטשקעס אויף די הענט; באַשטריימלטע רבנים אין צעשיטע אַטלעסענע קאַפּאָטעס און האַרט־

קאַפּעלושדיקע ליטווישע קאָמיסיאָנערן אין באַלעבאַטישע סורדוטן, שאַרפֿע חסידים אין גרויסע סאַמעטענע היטלען און מיט צעכראַסטעטע העמדער און טלית־קטנס און בלאָנד־האָריקע באַפּראַקטע דייטשן, פֿאַבריקאַנטן מיט הויכע פּאָטער־מערדערס און טיפֿע גאָרסן, צוזאַמען מיט עפּעס אַ פּאַר־בלאָנדזשעטן רוסישן פּאָליציי־קאָמיסאַר מיט געקרייזלטע באַקן־בערד און מיט אַ פּולער ברוסט מעדאַלן אויף דעם פּייערלעכן מונדיר. פּונקט אַזאַ מיש־מאַש איז געווען צווישן די ווייבער. עס האָבן זיך אַרומגעטראָגן פּאַר־שמייעטע פּעטע מחותנתטעס אין שטאַרק־אָנגעקאַרבירטע שייטלען און אין פּאַרביקע זיידענע קליידער מיט שלעפּעס און בופֿן, באַהאַנגען אינגאַנצן מיט שווערע גאָלדענע קייטן, בריליאַנטענע רינגען און אויררינגען און אַלטע באָבעס מיט אַטלעסענע טשיפּיקעס און מיט פֿאַרצייטיקע אַלטע קליידער פֿון די אייגענע חתונות נאָך; אויסגעדעקאָלטירטע שוואַרץ־חנעוודיקע יונגע ווייבלעך אין ווייסע קליידער לויט דער סאַמע לעצטער מאָדע און לאַנג־אויסגעצויגענע דייטשקעס מיט בלאָנדע לאַנגע צעפּ און מיט אַ סך פּאַרבן אין די ווייס־הויטיקע באַקן. יידיש, פּויליש, דייטש, רוסיש, האָבן זיך גע־מישט צוזאַמען און צונויפֿגעגאָסן זיך אין איין ווייבערישן פּישטשעריי. מען האָט זיך געגעסן מיט די אויגן איינס ס׳אַנדערע, געבליצט מיט ד־בריליאַנטן, געפֿינקלט מיט גאָלד, געשימערט מיטן זיידנס, געפֿאָכעט מיט די פֿעכערס, געזאָגט זיך קעגנזייטיק קאָמפּלימענטן, אָפּגעשאַצט זיך, גע־רייצט זיך, געערגערט זיך, נקמה גענומען.

קאַרעטעס מיט ווייסע פֿערד געשפּאַנט זענען אַרומגעפֿאָרן אין גאַלאָפּ איבער די שלעכט־געפּלאַסטערטע און גריבערדיקע שמאָלע לאָדזשער גאַסן און געפֿירט כסדר ווייס־געקליידעטע נגידישע טעכטער צו דער יונגער כלה. וואָס איז געזעסן אויפֿן כלה־טראָן אַרומגערינגלט מיט רויזן און מיידלעך. דעם חתנס שוועסטער האָבן געפֿלאָכטן רויזן־קרענצלעך פֿאַר דער כלהס ברוינע האָר, וואָס האָבן צומאָרגנס געדאַרפֿט אָפּגעשניטן ווערן. דער כלהס ברידער, ביידע אין נייע קאַפּאָטקעלעך, אין סאַמעטענע היטעלעך, זענען בסוד פֿון פֿאָטער געזעסן לעבן קוטשער אין צילינדער און מיטגעפֿאָרן נאָך די געסט פֿון שטוב צו שטוב. כאָטש זיי זענען שוין אַליין געשטאַנען אין שידוכים, האָבן זיי נישט געקאָנט דורכלאָזן אַזאַ געלעגנהייט, נישט אַרומ־צופֿאָרן מיט אַ קאַרעטע און טאַקע זיצן לעבן קוטשער אַליין. אַפֿילו די מורא פֿאַרן פֿאָטער האָט זיי נישט געקאָנט אָפּהאַלטן פֿון אַזאַ זעלטענעם פֿאַרגעניגן. די פּאָליציאַנטן מיט די געבויגענע שווערדן האָבן געיאָגט, גע־טריבן און געשטויסן די הונדערטער אָרעמע מיידלעך, ווייבלעך און יינגלעך, וואָס האָבן זיך געזאַמלט פֿאַר דעם חתונה־זאַל, באַוואונדערט די אויסגעפּוצטע געסט, די מוזיק, און געריסן זיך צו דער טיר.

ווי אויף מערסטנס יידישע חתונות, איז געקומען צו מחלוקות אין דער לעצטער מינוט. ר׳ חיים אַלטער האָט נישט געוואָלט איינלייגן די צוויי טויזנט רובל צום נדן ערב דער חתונה, ווי עס איז געווען אָפּגערעדט אין

די תנאים. גראָד איצט, ווען ער איז געווען פֿאַרענגט אין געלט, ווען די חתונה האָט אים אַ וועלט מיט געלט אָפּגעקאָסט, איז אים נישט געווען צו דער האַנט צוצולייגן די צוויי טויזנט רובל צו די פֿריערדיקע פֿינף טויזנט, וואָס זענען שוין געלעגן אין באַנק.

— מחותן, — האָט ער זיך געבעטן, — איך בין אייך מבטיח אויף נאמנות, אַז איך וועל זיי סילוקן באַלד נאָך דער חתונה, בלי־נדר.

— ביי נדן איז נישטאָ קיין נאמנות, — האָט ר׳ אברהם הערש געזאָגט, — אַז די צוויי טויזנט רובל וועלן נישט ליגן אויפֿן טיש, נעם איך דעם חתן און גיי מיט אים אַהיים פֿאַר דער חופּה.

ר׳ חיים אַלטער האָט גענומען דעם חתן אונטער דער האַנט און מ׳ט איינגעטענהט, ער זאָל איבעררעדן מיטן פֿאָטער.

— שמחהלע, — האָט ער אים געחנפֿהט, — ביזט דאָך אַ גאָלדענער מענטש, וועסט מיר טאָן אַ גרויסע טובה. כ׳זאָל אַזוי דערלעבן נחת פֿון דיר, ווי גלייך נאָך דער חתונה טראָג איך דיר אַריין דאָס געלט בתשואות חן.

שמחה מאיר האָט צוגעזאָגט רעדן מיטן פֿאָטער, נאָר ער האָט אַפֿילו קיין וואָרט נישט גערעדט.

ביי זיינע אַכצן יאָר איז ער שוין געווען גענוג לאָדזשער, ער זאָל וויסן, אַז שבועות, נאמנותן און צוזאָגענישן זענען אין לאָדזש קיין גראָשן נישט ווערט, און אַז דאָס, וואָס מען קריגט נישט אויסגעצאָלט צו אַ פּרוטה פֿאַר דער חופּה, זעט מען נישט דערנאָך פֿאַר די אויגן.

— כ׳האָב זיך דאָס האַרץ אָפּגערעדט מיטן טאַטעשי, — האָט ער אָפּגעזאָגט אַ ליגן דעם מחותן אין די אויגן, גאָרנישט זיך פֿאַררויטלענדיק, גאָר זיך נישט פֿאַרהיקענדיק, — ער איז איינגעשפּאַרט, וואָס קאָן איך טאָן? כיבוד־אב...

שמואל לייבוש דער משרת איז זיך גענוג אָנגעלאָפֿן, ביז ער האָט געבראַכט צו שלעפּן די צוויי טויזנט רובל אין אַלערליי צעקנייטשטע פּאַפּירלעך.

אַז מען איז דערמיט פֿאַרטיק געוואָרן, האָבן זיך אָנגעהויבן נייע מחלוקתן. שוין נישט צוליב געלט, נאָר צוליב גאַט. ר׳ אברהם הערש אַשכנזי האָט גלייך גענומען קוקן קרום אויף די אַלע דייטשן און געגאָלטע בערד, וואָס זיין מחותן האָט איינגעלאַדן. ער האָט אַראָפּגעבראַכט פֿון זיין צד, ר׳ אברהם הערש, דעם אַלעקסאַנדערער רבין אַליין אויף דער חתונה פֿון זיין זון, און ער האָט זיך געשעמט מיט די געסט, די גאָלעבראָדניקעס.

מיטן רבין האָבן זיך אַריינגעריסן אין זאַל הונדערטער חסידים, נישט־געבעטענע, אָרעמע, אין צעריסענע שטיוול, אין צעשיטענע אַטלאַסענע קאַפּאָטעס. מיט אַ טומל, אַ געשריי, האָבן זיי זיך געוואָרפֿן צו די טישן, און איידער די חשובֿע, אויסגעפּראַקעוועטע, צירלעך־מאַנירלעכע פֿאַבריקאַנטן און באַנקירן האָבן באַוויזן זיך אומצוקוקן, זענען זיי שוין געווען אַריינגע־

קוועטשט צווישן די חסידים, וואָס האָבן געגוואַלדעוועט און געזונגען גאָר ביז הייזעריק ווערן.

ר׳ חיים אַלטער האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ.

— מחותן, — האָט ער געוויינט, — איר קוילעט מיך אָן אַ מעסער. איר פאַרטרייבט מיר אַלע געסט, די שענסטע לאָדזשער באַלעבאַטים, די סמע־טענע.

— כ׳דאַרף נישט קיין גאַלעבראַדניקעס, — האָט ר׳ אברהם הערש גע־ענטפערט מיט כעס, — זאָלן זיי גיין צו אַלדע שוואַרץ יאָר!

באַלד דערנאָך האָט זיך ר׳ אברהם הערש גענומען צו דער ווייבע־רישער סאַלע. מען איז אים געקומען זאָגן, אַז דאָרט טאַנצן קאַוואַלערן מיט מיידלעך. ר׳ אברהם הערש האָט אַראָפּגענומען דאָס שטריימל פון דער יאַרמולקע, ער איז אַריין אין זאַל און גענומען טרייבן די טאַנצנדיקע.

— אַרויס, חצופות און גויים, — האָט ער געמאַכט קולות, — דאָ איז נישט קיין דייטשע חתונה!

די מחותנתטעס האָבן געחלשט, די כלה האָט ספּאַזמירט, ווייבער האָבן געקוויטשעט, מיידלעך האָבן געלאַכט. פריוועו, די מחותנתטע, האָט פאַר־שטעלט די געסט מיט די אויסגעבריליאַנטעוועטע הענט, נאָר ר׳ אברהם הערש האָט ניט נאָכגעגעבן. אַ גרויסער, אַ צאָרנדיקער, מיט אַ צעלאָזענער באָרד, מיט אויגן, וואָס שפּריצן פייער, האָט ער געטריבן אַלעמען מיטן שטריימל.

— דרך ארץ פאַר אַלעקסאַנדערער רבין! — האָט ער געדונערט. — אַפשיי פאַר אַן עדה יידן!

די צעיאַכמערטע יידן האָבן געלאָשן די לאָמפּן, געגאָסן שעפערס וואַסער אויף די געוואַקסענע דילן, כדי מען זאָל נישט קאָנען טאַנצן אויף זיי. די יידענעס אין די טשיפּקעס האָבן געפּאַטשט מיט די הענט:

— גוט אַזוי, רעכט אַזוי...

פאַר שמחה האָבן די חסידים געגליטשט זיך אויף דער פאָדלאָגע, זיי האָבן דעם אויסגעפּוצטן זאַל צעטראָגן.

ביי דער חופה האָט זיך שמחה מאיר געשטעלט אויף די שפּיץ פינגער, כדי ער זאָל אויסזען העכער פאַר דער כלה. כאָטש ער האָט אָנגעזאָגט דעם שוסטער, ער זאָל אים מאַכן הויכע קנאַפּל אין די שטיוול, איז ער נאָך אַלץ געווען נידעריק לעבן דער הויכגעוויקסיקער כלה זיינער. דאָס קליינ־געוויקסיקייט האָט אים שטאַרק געערגערט. מיט געוואַלט האָט ער זיך געריסן צו זיין הויך. יעקב בונם האָט עס געזען און ער האָט זיך אַוועק־געשטעלט לעבן אים מיט אַ פאַררייסענעם קאָפּ, אין דער גאַנצער צוואַקסנ־קייט. פאַר כעס האָט שמחה מאיר דער ערשטער אָנגעטראָטן דער כלה זיינער אויפן אַטלאַסענעם שיכל, נאָך איידער זי וועט עס טאָן, כדי ער זאָל זיין דער הערשער אין שטוב.

און אַז שפּעט ביינאַכט האָבן צוויי אַלטע יידן גענומען אים אונטער

די הענט צום יחוד־שטיבל און אים אַנטפּלעקט די סודות פון אַ מאַן, האָט שמחה מאיר פאַרדעקט זיך אינגאַנצן ס׳פּנים מיטן נאָז־טיכל. ער האָט געמוזט גוט פאַרשטעלן דאָס געלעכטער, וואָס האָט אים געשטיקט איבער די צוויי נאַרישע יידן, וואָס לערנען אים אַזוי ערנסט.

צומאָרגנס זענען ביידע שוואָגערס זיינע, צוזאַמען מיט די איבעריקע חברים פון ר׳ נאָסקען און שילם בעקער, געקומען צעהיצטע, כדי צו הערן פון שמחה מאירן סודות פון דער נאַכט, אַזוי ווי זיי האָבן זיך געהאַט אָפּגערעדט פאַר דער חתונה. אָבער שמחה מאיר האָט אַפילו מיט זיי נישט געוואָלט רעדן. ווי אַלע שאַרפע חסידישע יונגעלייט, האָט ער שוין געקוקט אויף בחורים פון אויבן אַראָפּ, מיט ביטול.

— כ׳רעד נישט מיט קיין יינגלעך, — האָט ער זיי אָפּגעשייגעצט, פאַררוקנדיק זיך דאָס שטריימל אויף אַ זייט, מעשה קאָזאַק.

## קאַפּיטל דרייצן

די איינציקע אין דער גרויסער שמחה, וואָס איז געווען טרויעריק און איינזאַם, איז געווען דינהלע, די כלה.

אַ פאַרחלומטע, אַ פאַרטאָענע אין די ביכלעך פון די דייטשע ראָמאַנטיקער, וואו העלדן שפּרינגען אין די לייבן־גרובן, אַבי צו דערלאַנגען די אַראָפּגעלאָזענע הענטשקע דער געליבטער, וואו אומגליקלעכע פאַרליבטע שיסן זיך, טוליענדיק ווייסע רויזן צו דער ברוסט און קושנדיק דעם בלאָנדן לאָק פון זייערע האַרץ־דאַמען, האָט זי זיך געפילט זייער עלנט, פרעמד און פאַרבלאָנדזשעט צווישן די הונדערטער חסידים, מחותנים, מחותנתטעס, ווייבער און אָנגעפּאָרענע געסט. אין דעם גאַנצן טומל און געפּילדער צוליב דער כלה און איר שמחה, האָט מען פאַרגעסן די כלה אַליין. יידן האָבן געזונגען, געטאַנצט, געוואונטשן דעם פאָטער גליק. ווייבער האָבן געשמייעט, געקושט זיך, פון דער הויט געשפּרונגען פאַר שמחה, געוואונטשן זיך צו דערלעבן ביי אייגענע טעכטער אַזאַ גליק און מזל. דינהלע האָט עס נישט פאַרשטאַנען.

— אַזאַ שידוך! — האָט מען זי מקנא געווען. — אַזאַ עילוישער קאָפּ, אַ גאון וואַקסט ער.

דינהלע האָט עס נישט געפילט, נישט געקאָנט זיך דערויף, נישט געזען דאָס גליק אירס אין דעם יונגנמאַנטשיקל מיט די פלוטעוואַטע אויגן, מיט וועלכן זי האָט נאָך קיין דריי ווערטער נישט אויסגערעדט און נישט געהאַט פון וואָס צו רעדן. זי האָט זיך אויף זיין לומדות נישט אויסגעקענט, נישט געהאַט קיין ברעקל זין דערפאַר. ווי יעדער יידישער טאָכטער, האָט מען זי קיין תורה נישט געלערנט. בלויז עברי האָט זי אַ מלמדכע אויסגעלערנט קוים זאָגן. איר גאַנץ יידישקייט איז געווען דער מודה־אַני, וואָס

זי האָט געדאַרפט זאָגן יעדן פרימאָרגן, דאָס קריאת־שמע־לייענען פאַרן שלאָף און אַ ברכה מאַכן פאַרן עסן. זי האָט די ווערטער, די שלעכטע און געלערנטע און פרעמדע, נישט צעקייט. זיי זענען איר אויסגעקומען ווילד און קאָמיש. אַזוי, אַז יעדעס מאָל האָט זיך איר אויפסניי געגלוסט לאַכן פון זיי, ווען הדס די דינסט האָט אינדערפרי, אַרויפציענדיק איר די זעקלעך אויף די פיס, געזאָגט מיט איר דעם מודה־אַני. פונקט אַזוי האָבן זיך די ווערטער נישט געקלעפּט, ווען הדס האָט פאַרן שלאָפן, אויסטועענדיק איר די קליידע־לעך, געדרעפּטשעט מיט איר די פרעמדע, פאַרשלאָפענע, געגנעצדיקע רייד פון דעם קריאת־שמע־לייענען.

— „שיך און זאָקן״, — האָט זי געזאָגט, אָנשטאָט הדסעס „שהחזרת״.

נאָך מער האָט זיך איר געגלוסט לאַכן, ווען די שלעפערדיקע הדס האָט געצויגן דעם האַלדז ביים אחד פון שמע־ישראל, פונקט ווי אַ הון ביים טרינקען וואַסער.

— א—ח—דדד! — האָט דינהלע נאָכגעשפּעט און פאַרגאַנגען זיך אין לאַכן.

הדס האָט זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ.

— דינהלע, וועסט קריגן ביי דער נאַכט טויטע קניפּן פאַר לאַכן פון קריאת־שמע, מען טאָר נישט, ס׳איז אַן עבירה.

זי האָט מורא געקריגן, אָבער לאַכן האָט זיך איר פאַרט געגלוסט.

פונקט אַזוי קאָמיש און אומזיניק זענען געווען פאַר איר דעם פאָטערס תורה, וואָס ער האָט זי געלערנט.

קיין זאַכן, וואָס זאָלן איר נוצן, האָט ער זי נישט געלערנט. נישט ער האָט איר געקאָנט אַרויסהעלפן ביי אַ קינדערישן חשבון, וואָס זי האָט גע־דאַרפט מאַכן פאַר דער לעקציע, נישט ער האָט איר געקאָנט אָנשרייבן ווי געהעריק אַ בריוועלע אין שולע, ווען זי איז פאַרשלאָפן און מען האָט געדאַרפט שרייבן אַ ליגן, אַז זי פילט זיך נישט גוט. די גאַנצע לערע זיינע איז געווען, צו דערמאָנען כסדר און מאַכן ברכות, אין מונטערן צו יידישקייט און אין מאַכן שווער ס׳געמיט.

— דינהלע, האָסט פאַרגעסן מאַכן אַ ברכה. דינהלע, מען טאָר זיך נישט קעמען די האָר אום שבת! דינהלע, עס נישט קיין מילכיקע שאָקאָלאַד, ס׳איז נאָך נישטאָ קיין זעקס שעה נאָכן פליישיקן עסן! דינהלע, טרינק נישט אָן אַ שהכל!...

זי האָט אים ליב געהאַט, דעם טאַטן אירן. ער איז געווען זייער גוט צו איר, געברענגט איר מתנות. אָבער ר׳איז איר אויך געווען פרעמד, סיי מיט זיינע שטענדיקע „מ׳טאָר נישטס״, סיי מיט זיין ברייטן זינגען ביי די זמירות, צוזאַמען מיט די ברידער אירע, אַז דער גאַנצער הויף האָט געציטערט פון די קולות, סיי פון זיינע חסידישע סעודהלעך, וואָס ער האָט אין איין פראַווען אין שטוב און די חסידים מיט זייערע געוואַלטן פאַרטויבן, אַזוי, אַז מען קאָן נישט איינזיצן מיטן ביכל אין האַנט אַפילו אין לעצטן צימערל.

מער ווי דער פֿאָטער זענען איר געווען דערווידער די חסידים זיינע, וואָס זענען תּמיד פֿול געווען אין שטוב. אויך די מוטער, די אויסגעפּיעשטשע־טע, די אויסגעפּוצטע, האָט זיי נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן. זיי האָבן איר מיט די בלאָטיקע שטיוול אַ תּל געמאַכט פֿון די געוועקסטע פּאָדלאָגעס, אָנגעשפּיגן אויף דער ערד.

— די חסידאַרניע איז שוין אָנגעקומען, — האָט זי געזאָגט מיט חוזק.

אָבער זי איז שוין געווען געוואוינט דערצו און עס איבערגעטראָגן מיט דערזעלבער רואיקייט, ווי ווייבער טראָגן איבער אַ סך מענערישע אויסטער־לישקייטן. זי האָט זיי פֿאַרשטאָפּט די מיילער מיט אַ באָרשט.

— הדס, — האָט זי גערופֿן די דינסט, — מאַך אַ קנאָבל־באָרשט פֿאַר די חסידים. איך גיי אַוועק, כ׳קאָן נישט הערן זייערע געוואַלדן.

און זי איז אַוועק איבער די געוועלבער קויפֿן מציאות.

אַנדערש ווי די מוטער האָט געקוקט אויף דעם פֿאָטערס געסט די קליינע דינהלע. זי האָט זיך געמיאוסט פֿון די יידן אין די צעשיטע אָט־לעסענע קאַפּאָטעס, מיט די פֿאַרקאָלטנטע בערד און פּיאות, די שפּרינגענדיקע און קאָכעדיקע, וואָס אומעטום זענען זיי דאָ, אומעטום קריכן זיי אַריין, קלאַפּן נישט אָן, שטעקן אַריין די קעפּ און זינגען ווילד האָפּקעס און זמרלעך. עס האָט איר געעקלט פֿון זייערע בלאָטיקע שטיוול, פֿון זייער וואַשן זיך כּסדר די הענט צו די אשר־יצרס, וואָס זיי האַלטן אין איין זאָגן, פֿון זייער קאָמישן גאַנג, צעקראָכנקייט און שלימזלדיקייט און לויפֿן אויף די גלייכע ווענט. זי האָט זיך געמיאוסט פֿון זיי, אָפּגערוקט זיך, ווען זיי זענען פֿאַר־ביייגעגאַנגען, ווי פֿון מצורעים, עס זאָל זיך עפּעס נישט צוקלעפּן.

נאָך מער האָט זי זיך געמיאוסט פֿון די שיינע יידן און אורחים. זיי האָבן כּסדר געפּאָדערט בראַנפֿן, לעקעך, פֿאַרבייסנס, גערעדט האָבן זיי ברייט, דערציילט אויסטערלישע מעשׂות, געשנייצט די נעזער, געריסן אַלע ווייַלע חלה מיט די הענט, וואָס כאָטש זיי האַלטן זיי אין איין וואַשן, זענען זיי שמוציק און פֿאַרטאַבעקט. דערצו נאָך האָבן זיי איר גערעדט שידוכים, טאַקע אין איר קעגנוואַרט. זי איז אַנטלאָפֿן פֿון טיש אינמיטן עסן אַ רויטע און פֿאַרשעמטע.

נישט בעסער האָבן אויסגעזען די רבנים און רביים, וואָס פֿלעגן קומען צו זיי פֿון צייט צו צייט.

דער פֿאָטער פֿלעגט די רביים אַוועקזעצן פֿון אויבן־אָן, באַדינט זיי, ווי אַ יינגל, געגאַנגען אויף די שפּיץ־פֿינגער. די מוטער פֿלעגט ער גאָר אין שטוב נישט לאָזן, זי זאָל, חלילה, נישט ווייזן זיך פֿאַרן רבין. די שטוב איז געווען הפקר; חסידים, בחורים, אָרעמעלייט זענען אַריין, אַרויס, גע־לייגט זיך מיט די שטיוול אין די בעטן, געטאַנצט, געדאַוונט, גערודערט און געגוואַלדעוועט. דער פֿאָטער פֿלעגט דינהלען אַריינפֿירן צום רבין און זי לאָזן בענטשן.

— טאָכטער, — האָט ער איר געזאָגט מיט מורא, — גיי אַריין מיט דרך־ארץ, דער רבי איז אַ געטלעכער מאַן.

זי איז נישט געווען אומגלויביק. פאַרקערט, זי האָט מורא געהאַט פאַר גאָט, וואָס זיצט אין הימל און פאַרשרייבט אין אַ גרויסן פייערדיקן בוך יעדעס מאָל, וואָס זי עסט מילכיקן שאָקאָלאַד נאָך פליישיקס, אויך ווען זי קעמט זיך די האָר אין שבת. פונקט אַזוי האָט זי מורא געהאַט פאַר די צדיקים זיינע, אָבער די מורא פאַר זיי איז געווען, ווי מען האָט מורא פאַר מכשפים, וואָס קאָנען שלעכטס טאָן, שטראָפן. קיין אָפּשיי פאַר זיי האָט זי נישט געהאַט. זי האָט זיך פון זיי געמיאוסט, אָפּגעקערט זיך אין אַ זייט.

די שטוב איז ביי איר געווען אַן אָפּקומעניש. אויפגעלעבט האָט זי אין דער פּענסיע. אַ גויאישע איז זי געווען, די פּענסיע, אַ צירלעך־מאַניר־לעכע, וואו מען האָט מער פון אַלץ געלערנט עטיקעטע, שיינע מאַניערן, טאַנצן, דעקלאַמירן און פריצישע קניקסן. די פראַנצויזישע לערער זענען געווען עלעגאַנט און העפלעך. פונקט אַזוי עלעגאַנט און העפלעך זענען גע־ווען זייערע לערעס. מען האָט זיך נישט איבערגעלערנט אין דער פּענסיע. מען האָט מער אַכטונג געגעבן אויף גוטער אויפפירונג ווי אויף מאַטעמאַטיק. דער עיקר איז געווען די דערציאונג. זי האָט מזל געהאַט אין דער פּענ־סיע. כאָטש אַ יידישע, האָבן זי די לערער, און אַפילו די לערערינס, שטאַרק ליב געהאַט.

— דיאַנאַ, — האָבן זיי איר געפראַוועט קאָמפּלימענטן, — האָסט גאָר־נישט קיין סעמיטישן אויסזען. העל און בלוי־אויגיק, ווי אַן אמתע קריסטין.

אויך די שיקסעס האָבן זי ליב געהאַט. זי איז געווען אַ שטילע, אַ צאַרטע, מיט קיינעם זיך נישט אַרומגעריסן, צו אַלעם געווען גוט, און מיידלעך האָבן צו איר געקלעפּט, איבערהויפּט די שטאַרקע און מענלעכע מיידלעך.

— דיאַנאַ, שמד זיך, — האָבן זיי זי צוגערעדט, — אַזוי שיין ביסטו, אַז אַ גראַף וועט דיך נעמען.

ניין, זי האָט פון אַזעלכע זאַכן נישט געטראַכט. זי האָט מורא געהאַט פאַר גאָט, פאַר דעם יידישן גאָט, וואָס זי האָט אים יעדן אינדערפרי און פאַרן שלאָפן אומזיניקע, אומפאַרשטענדלעכע לשון־קודשדיקע ווערטער אָנ־געזאָגט. אָבער, אַז די חברטע האָט זי מיטגענומען אין קירכע אַריין, איז זי געגאַנגען. זי איז געשטאַנען אין דער טונקלקייט פון דער פייערלעכער קירכע, זי האָט געקוקט מיט גרויסע אויגן אויף די פאַרביקע וויטראַזשן פון די לאַנגע גאָטישע פענצטער, אויף די שניצערייען און פיגורן. זי האָט געהערט די פייערלעכע קלאַנגען פון די אָרגלען, געזען די פיל ליכט און פּענער, די גלהישע קליידער און צערעמאָניעס, דאָס קניען פון די מענטשן, דאָס בעטן, און איר האָבן זיך טרערן געשטעלט אין די בלויען אויגן פון פייערלעכקייט און געהויבנקייט.

ניין, דאָס איז גאָרנישט געווען ענלעך צו דעם טאַטנס חסידים־שטיבל,

וואו עס איז געווען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, אַנגעוואָרפן, אַנגעמיסטיקט, און די יידן זענען אַרומגעלאָפן אַרויף און אַראָפּ, געשאָקלט זיך, געשריגן, האָפּקעס געזונגען און געשפּיגן אויף דער ערד. זי איז דאָרט זעלטן געקומען. ווייבער טאָרן אין קיין מקום־קדוש נישט אַריינקומען. אָבער איינמאָל אין יאָר, אין שמחת־תורה, האָט זי דער פּאָטער מיטגענומען. אויך ראש־השנה צו שופר־בלאָזן האָט זי די מוטער גענומען אין דער ווייבער־שול. זי האָט פּאַר די ספר־תורהס, וואָס די יידן טראָגן, מורא געהאַט, געשראָקן זיך פּאַר זיי, פּונקט ווי זי האָט געציטערט פּאַר דעם שופר און פּאַר די יום־כפורדיקע ליכט, אָבער צוזאַמען דערמיט איז עס געווען פרעמד, קאָמיש, אָפּשטויסנדיק, אַזוי, אַז זי איז אַנטלאָפן דערפון, מורא געהאַט, עס זאָל זיך צו איר נישט צוקלעפּן.

פרעמד איז איר געווען אַלץ אין שטוב: דער פּאָטער, זיינע געסט, די אייגענע ברידער, די צעוואַקסענע און די פּרא־אדמס, וואָס האָבן געקוקט אויף דער שוועסטער זייערער ווי אויף אַן איבעריקע, אומווירדיקע זאַך און געריסן זי ביי די צעפּ. זי האָט זיך געשעמט פּאַר די חברטעס מיט דער שטוב, מיט טאַטע־מאַמע, מיט דער יידישער גאַס, מיט די ברידער. טאָמער פלעגט זי אַמאָל באַגעגענען אימעצן פון די ברידער אויף דער גאַס, האָט זי גיך זיך אַוועקגעדרייט, ס׳פּנים האָט איר געפלאַמט, זיי זאָלן נישט אַמאָל צוגיין צו איר. זי האָט מקנא געווען די חברטעס אירע, די שיקסעס, אָדער די יידישע, וואָס קומען פון אויפגעקלערטע הייזער, מקנא געווען זיי דער־פאַר, וואָס זיי דאַרפן זיך נישט שעמען מיט זייערע שטובן, מיט זייערע עלטערן, ברידער. יעדעס מאָל, וואָס אַ חברטע איז אַמאָל געקומען צו איר אין שטוב אַריין, האָט זי געפלאַמט פאַר בושה. זי האָט זיך געשעמט מיט דעם פּאָטערס לאַנגע, חסידישע מלבושים, מיט דעם שלעכטן, גרייזיקן פּויליש זיינעם, מיטן גאַנצן אויסזען זיינעם.

ווי אַלע מיידלעך אין די יאָרן פון דער ערשטער רייפקייט, האָט זי גע־לעבט אין אַ שטענדיקער אויפגעהייטערטקייט, פּאַרטאָן געווען אין אויס־פאַנטאַזירטע וועלטן. אַלע טאָג האָט זי זיך אין אימעצן אַנדערש פאַר־ליבט, דאָ אין לערער פון פראַנצויזיש, דאָ אין פּיאַניסט, וואָס האָט זי געלערנט שפּילן קלאַוויר, און מער פון אַלץ האָט זי זיך געליבט אין די חברטעס אַליין, פּונקט ווי זיי האָבן זיך אין איר געליבט. כסדר האָבן זיי זיך גענומען פּאַר די הענט, געקושט זיך, געצערטלט זיך, סודות זיך איינ־גערוימט, געלאַכט און געוויינט.

ווען זי איז אַלט געוואָרן פערצן יאָר און מען האָט זי געמאַכט פאַר אַ כלה מיט דעם חסידישן בחורל, וואָס האָט נאָך דערצו געהאַט אַזאַ קאָמישן נאָמען — שמחה מאיר — האָט זי געוויינט, געשעמט זיך, געווען אומגליק־לעך. ער האָט שוין גאָרנישט נישט אויסגעזען, אָט דער קליינגעוויקסיקער, פלוטעוואַטער בחורל, ווי די ריטער פון די ביכלעך. אָבער אַ שטילע, אַ זאַנפטע, האָט זי נישט געקאָנט זיך קעגנשטעלן די עלטערן, די אַלע מומעס,

קרובות, וואָס האָבן זיך אויף איר אָנגעלייגט, געבעטן, גערעדט, באַשיט מיט קושן און מתנות. זי האָט די תנאים אונטערגעשריבן.

פאַר די עטלעכע יאָר, וואָס עס האָט געדויערט די פאַרקנסונג, האָט זי וועגן דעם, וואָס דאַרף קומען, נישט געטראַכט, נישט געוואָלט טראַכטן. זי איז ווייטער געגאַנגען אין דער פענסיע, געלעבט איר אָפּגעזונדערט און ווייט לעבן. מיט דעם חתן אירן האָט זי קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. נישט ער איז געקומען צו זיי אין שטוב, נישט זי איז געגאַנגען צו אים אין שטוב. בלויז אויף חול־המועד איז דער חתן געוואָרן איינגעלאַדן צו זיי אין הויז. זי איז געזעסן דאַן ביי איין טיש, ווי די מוטער האָט געהייסן, צוגעטראָגן עסן דעם פרעמדן בחור, און קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. דעם צווייטן חול־המועד איז זי איינגעלאַדן געוואָרן צו דעם חתנס עלטערן. אין דער פרעמדער, קאַלטער שטוב איז געווען גאָר שלעכט. די מחותנתטע, אַ יידענע אין אַ קאָפּקע אויפן קאָפּ, האָט גערעדט וועגן פרומקייט, אַ סך מכבד געווען, שיר נישט דערשטיקט צו ווערן. דער מחותן האָט געקוקט שטרענג, אַזוי אַז פון זיין בליק איז מען פאַרציטערט געוואָרן. ווי פון אַ גיהנום פלעגט זי אַנטלויפן פון דער קאַלטער שטוב. אַפילו די מתנות, וואָס זי האָט יעדעס מאָל געקריגן, זענען איר געווען דערווידער.

מער ווי פריער האָט זי געלעבט איר אייגן לעבן. וועגן דער חתונה נישט געטראַכט, ווי מען וויל נישט טראַכטן וועגן טויט, וואָס מוז קומען. פונקט ווי דער פאָטער אירער, וואָס האָט פיינט חשבונען און טראַכטן, וואָס שפּעטער וועט זיין, האָט זי אויך נישט געוואָלט קלערן וועגן דעם, וואָס דאַרף קומען. געקומען איז עס פּלוצלונג, ווי אַ שטיין, וואָס פאַלט אין קאָפּ אומגעריכט. און זי איז געווען צעטומלט, דערשראָקן, עלנט און איינזאַם, שרעקלעך איינזאַם אין די טעג פון איר שמחה.

איר זענען געווען פרעמד די אָנגעבעטענע געסט, די אַלערליי סוחרים און חסידים, וואָס האָבן געטאַנצט, געשפּרונגען צוליב איר חתונה, איר איז געווען דערווידער דער גאַנצער טומל און גערודער. זי האָט געפלאַמט פון חרפּה צוליב די ווייבערשע דינים, וואָס מען האָט מיט איר געלערנט. זי האָט געמיאוסט זיך פון דער מקוה, פון די טוקערינס, וואָס האָבן זיך אַרום איר געדרייט, גערעדט, געבענטשט און געקלאַפּט. זי האָט זיך גע־שעמט פאַר די גויאישע חברטעס מיט די יידישע דינים און צערעמאָניעס אויף דער חתונה, פאַר דעם מחותן, וואָס האָט די געסט אין מיטן טאַנצן צעיאָגט. אָבער מער פון אַלץ האָט זי געשראָקן די ערשטע באַגעגעניש מיט איר באַשערטן. ער איז איר געווען פרעמד, זי האָט גאָר קיין געפיל פון ליבשאַפט נישט געהאַט צו אים, ווייט געווען פון אים, ווי פון די אַלע איבעריקע יידן אין די אַטלעסענע קאַפּאָטעס און שטריימלעך, וואָס האָבן זיך געפרייט אויף איר שמחה. זי האָט מיט אים קיין איין וואָרט נישט אויסגערעדט, ווען זיי זענען געבליבן אַליין ביים עסן די גילדענע יויך. שמחה מאיר האָט צו איר גערעדט:

— ווי איז דיר צוגעגאַנגען דער תענית? — האָט ער זי געפרעגט, כדי זי אַריינצוציען אין אַ שמועס.

אָבער זי האָט געשוויגן, נישט געהאַט וואָס צו רעדן מיט דעם יונגנמאַן אין דעם גרויסן צו־לויזן שטריימל אויפן קאָפּ. ווען די ווייבער האָבן זי אַריינגעפירט אין חדר־מיוחד, אָנגערעדט איר אַ סך רייד, פון וואָס זי האָט זיך באַגאָסן מיט רויטקייט, און איבערגעלאָזט זי דערנאָך אַליין, כדי צו לאָזן די מענער אַריינפירן דעם חתן צו איר, איז זי געווען דערשראָקן. זי האָט זיך אין אַ ווינקל בעט צוגעשאַרט, ווי זי וואָלט זיך אויסהיטן פון אַן אָנפאַל. זי האָט אינגאַנצן געציטערט.

— ניין, — האָט זי געבעטן ביים פרעמדן מענטש, וואָס האָט זיך דער־נענטערט צו איר, — ניין.

אָבער דער פרעמדער מענטש האָט אירע ווערטער נישט געהערט. ער האָט אַפילו זי נישט געפּרואווט איינגעמען, באַרואיקן, רעדן צו איר, דער־נענטערן זי. ער האָט פון אַזעלכע זאַכן נישט געוואוסט, שמחה מאיר. געוואוינט, ווי אַלע חסידים, צו קוקן אויף ווייבער פון אויבן אַראָפּ, ווי אויף באַשעפענישן, וואָס זענען נישט מער באַשאַפן געוואָרן ווי צו זיין ווייבער פאַר אַ מאַן, וואָס אַ חוץ דעם איז נישטאָ קיין שום זאַך וועגן וואָס מען זאָל קאָנען מיט זיי רעדן, ווייל נישט זיי פאַרשטייען אין תורה, נישט אין מסחר, האָט ער גאָרנישט געהאַט וואָס צו רעדן מיט איר, מיט אָט דער באַשערטער זיינער. ער איז געווען טויב צו אירע בקשות.

— דינהלע, וואָס איז מיט דיר? — האָט ער נישט פאַרשטאַנען. — וואָס מאַכסטו דיך נאַריש?

אַז אירע ווערטער האָבן קיין פּעולה נישט געהאַט, האָט דינהלע גענו־מען וויינען, טרייבן אים פון זיך, שטויסן מיט די הענט. דאָס האָט שמחה מאירן נאָר צערייצט. ער האָט פיינט געהאַט צו שענקען זיינס, מוחל צו זיין דערויף, וואָס אים קומט. איבעריקנס, האָט אים נישט געפּאַסט. אַ שייך פּנים וועט ער האָבן צומאָרגנס, ווען די יידן וועלן אים לאַכן אין פּנים אַריין און די ווייבער וועלן אויף אים טייטלען מיט די פינגער. און ער איז געווען בלינד און טויט צו דינהלעס בקשות און טרערן. ער האָט גענומען מיט געוואַלט ,וואָס עס קומט אַ מאַן.

זי האָט מורא געקריגן פאַר אים, אָבער קיין ליבע צו אים נישט דער־פילט. פאַרקערט, זי האָט אים געהאַסט. ער איז געווען גראָב, ברוטאַל. די מוטער אירע האָט געלאַכט, ווען די טאָכטער האָט זי באַגעגנט אינדערפרי מיט אַ געוויין.

— נאַרעלע, — האָט זי איר אויסגעלאַכט, גלעטנדיק מאַמיש די בעק־לעך, — ביזט אַ קינד, וועסט אים ליב האָבן. וועסט זען. איך בין אויך אַזוי געווען.

אָבער זי האָט אים נישט ליב געקריגן, ווי די מוטער האָט פאָראויס־געזען. ניין, נישט דאָס איז געווען די ליבע, וועגן וועלכער זי האָט

אַזויפיל געטרוימט פון ערשטן טאָג אָן, וואָס די חברטעס אירע פון דער פּענסיע האָבן איר דעם סוד פון ליבע דערציילט, ווען וואָס זי האָט אַזויפיל אין די ראָמאַנטישע ביכלעך געלייענט, פאַר וועלכע מענטשן שפּרינגען אין די לייבן־גרובן און שיסן זיך, קושנדיק דעם לאָק פון דער געליבטער. דאָס איז געווען גראָב, געמיין, וואָס האָט בלויז ווייטיק און בושה געבראַכט. און זי איז געווען טרויעריק און אומגליקלעך אין די טעג, ווען אַלע האָבן געטאַנצט און געפרייט זיך צוליב איר שמחה.

זי איז געווען אַזוי פאַרלוירן, אַז זי האָט זיך אַפילו נישט קעגנגעשטעלט, ווען די שוויגער אירע אין אַטלעסענעם טשיפּעק איז געקומען מיט דער טוקערין איר אָפּשערן די שיינע, לאַנגע, ברוינע האָר פון קאָפּ. זי האָט געפילט, אַז זי האָט שוין סיי ווי סיי גאָרנישט איצט צו פאַרלירן. גראָד די מוטער אירע האָט זיך איינגעשטעלט פאַר איר.

די שוויגער, אַ יידענע אַ פרומע, מיט אַ געגאָלטן קאָפּ, האָט שטאַרק חשק געהאַט אויך איר שנור אָפּצושערן דין דעם קאָפּ. פון גאָלן האָט זי מורא געהאַט צו רעדן אין דער פּריצישער שטוב, אָבער שערן האָט זי גע־וואָלט וואָס דינער, עס זאָל קיין איין לעקעלע נישט אַרויסקריכן דעם ווייבל פון שייטל אַרויס. אָבער פּריווע האָט נישט געלאָזט.

— מחותנתטע, איך וועל עס שוין מאַכן, פאַרלאָזט זיך אויף מיר.

זי האָט בלויז געהייסן אָפּשניידן דער טאָכטער די לאַנגע צעפּ און די איבעריקע האָר געלאָזט. די שוויגער האָט פאַרבראָכן מיט די הענט.

— מחותנתטע קרוין, אַזעלכעס איז צווישן יידן נישט געהערט גע־וואָרן, די גאַנצע האָר האָט איר דאָך דעם ווייבל איבערגעלאָזט. איך וועל עס נישט דערלאָזן, איר דאַרפט ווייסן, אַז איך בין דעם אָזערקאָווער דיינס אַ טאָכטער...

— מחותנתטע, און איך בין ר׳ אַנשל וואַרשעווערס טאָכטער, — האָט איר פּריווע גלייך דערציילט איר יחוס מיט אַזאַ גדלות, אַז די יידענע אין אַטלאַסענעם טשיפּעק איז אַנטשוויגן געוואָרן.

זייער קונציק, מיט אַ פלינקייט אין די ווייבערישע פינגער, וואָס קענען זיך אויס אין פלעכטן און אין קרויזן האָר, האָט פּריווע שיין פאַרקעמט דער טאָכטער דעם קאָפּ, זי האָט אויף די האָר אַרויפגעזעצט אַ קליין שיי־טעלע, אַ העלס און אָנגעקאַרבירטס, ענלעך צו איר אייגנס. מיט גרויס בריהשאַפט האָט זי אַרויסגעקריגן דער טאָכטערס אייגענע האָר פון פאָרנט איבערן שטערן און ביי די אויערן און קאַרק. זי האָט עס אַזוי אָפּגעאַרבעט, אַז עס איז שווער געווען צו דערגיין, וואו עס זענען די אייגענע האָר און וואו דאָס שייטל.

— דינהלע, — האָט זי גערופן די טאָכטער צום גרויסן שפּיגל, — קוק דיך אָן און זע, צי מען דערקענט אַזוי גרויס. אָסור, אויב מען וועט דיך נישט האַלטן פאַר קיין פריילין מיט דער פריזור — ס׳שמעקט אַראָפּ פון דיר...

— אײדער אַזאַ שײטל, איז שוין גלײכער אין די אײגענע האָר, — האָט די שוויגער געזיפצט. — נאַרט מען כּאָטש קײן מענטשן נישט אָפּ... שײן נחת האָב איך דערלעבט, דעם אָזערקאָווער רבס טאָכטער.

די װײַבער האָבן זי געשטאָכן, געשפּיזט. בײַ ר׳ אברהם הערשס װײַב האָט זיך דער אַטלעסענער הױכער טשיפּעק געשאָקלט און געציטערט װי אַלע אָנגעקאַרבירטע לעקעלעך פון פריװעס שײטל. אָבער דינהלע אַלײן האָט זיך נישט אַרײַנגעמישט, גלײַך די גאַנצע מלחמה װאָלט נישט געגאַנגען איבער איר. און אַפילו אַז די מוטער האָט איר איבערגעגעבן בײדע גרױסע צעפּ צו באַהאַלטן פאַר אַ זכר פון די מײדלשע יאָרן, האָט זי זײ גענומען נאָכ־לעסיק און אָן װילן.

פּונקט אַזױ גלײַכגילטיק האָט זי אױסגעהערט דעם נײַעם פּאַק דינים, װאָס די שװיגער האָט איר גענומען אַרײַנרעדן גיך און הײס. פריװע האָט זיך װידער אױפגעקאָכט, װאָס די מחותּנתטע אין טשיפּעק מישט זיך איר אַרײַן. זי האָט געװאױסט, אַז אַזעלכע זאַכן געהערן צו איר, דער מוטער און זי האָט עס געלאָזט װיסן דער יידענע אין טשיפּעק.

— מחותּנתטע קרױן, — האָט זי איר געזאָגט, שנורעװוענדיק דאָס פּיסקל, — איך װײס אױך, דאַנקען גאָט, װעגן יידישקײט, כּאָטש איך טראָג נישט קײן אַטלעסענע קאָפּקע. איר קאָנט זיך פאַרלאָזן...

און זי האָט אַװעקגעפירט די טאָכטער בײַ דער האַנט מיט אַ קעניג־לעכן זשעסט.

פּונקט װי צו שמחה מאירן, זענען אױך צו דינהלען אירע גאָר נאָענטע חברטעס געקומען פאַרפלאָמטע, כּדי צו הערן װעגן דעם גרױסן סוד פון ליבע. אָבער דינהלע האָט קײן װאָרט נישט געװאָלט רעדן. זי איז בלױז די מײדלעך אױף די העלדזער געפאַלן און געװײנט.

— איר זאָלט קײנמאָל נישט חתונה האָבן אָן ליבע, — האָט זי זײ גע־װאָרנט, — קײנמאָל נישט.

זי האָט אױף קײן מאָן נישט געקאָנט קוקן, אַפילו אױף דעם אײגענעם טאָטן און ברידער. נאָך מער װי מײדלװײַז, האָט זי ליב געקריגן די חברטעס, געהאַלטן, אַז נאָר צו זײ קאָן מען פילן אָן אמתע ליבשאַפט. נאָך מער האָט זי זיך פאַרטאָן אין די ביכלעך, אין די ראָמאַנען, װאו אַלץ איז אַזױ אַנדערש, אַזױ אידיליש, שײן און דערהױבן.

שמחה מאיר האָט פּרובירט צו װערן הײמיש מיט איר, רעדן, אָבער זי האָט אים אױסגעמיטן, נישט געענטפערט, דעם קאָפּ נישט אַרױסגענומען פון די ביכלעך. שמחה מאיר האָט זיך געפילט געטראָפן און ער האָט אַ ריס אַרױסגעגעבן דאָס ביכל פון איר האַנט און גענומען אַרײַנקוקן דערין. מיט חסידישער גיכקײט האָט ער אַ לײען איבערגעגעבן אין דײטש עטלעכע שורות, װאָס האָבן דערצײלט װעגן עפּעס אַן אַלפרעד און אַ היראָגאַלדאַ.

— װאָס איז עס ? — האָט ער געפרעגט.

— אַ ראָמאַן, — האָט דינהלע געענטפערט.

— מעשות, אויסגעטראַכטע זאַכן, — האָט שמחה מאיר געברומט מיט ביטול און צוריקגעגעבן איר דאָס ביכל.

ער האָט נאָך פּרובירט עפּעס רעדן, נאָר זי איז געווען פאַרטאָן אין לייענען, איז ער אַרויס אַ באַליידיקטער.

— אַזוי פאַרטאָן ביסטו אין דער תורה, אַז דו טאָרסט אַזש נישט אויסריידן! — האָט ער געזאָגט מיט כעס און אָפּגעריבן זיך איין האַנט אין דער צווייטער, ווי ער וואָלט אָפּגעשאָקלט זיך פון אַ מיאוסער זאַך, וואָס ער האָט אין די הענט גענומען.

זי האָט זיך צעכליפּעט נאָך זיין אַרויסגיין פון שטוב. זי האָט געזען, אַז שוין קיינמאָל וועט נישט זיין קיין נאָענטקייט צווישן איר און דעם, מיט וועלכן זי דאַרף אָפּלעבן אַ וועלט. עס האָט איר ביים האַרץ פאַרקלעמט.

זי האָט געזוכט פאַר וועמען אויסצורעדן זיך דאָס האַרץ, אויסוויינען זיך, אָבער עס איז נישט געווען פאַר וועמען. די אַלע הונדערטער מענטשן, וואָס האָבן געטאַנצט און געפרייט זיך צוליב איר, האָבן זי נישט אין זינען געהאַט. די מוטער איז געווען פאַרנומען מיט די שבע־ברכות, מיט די כסדרדיקע געסט, מחותנים, קרובים, וואָס זענען זיך אָנגעקומען פון גאַנץ פוילן. זי האָט נישט אויפגעהערט אַרומלויפן מיט די שליסלען, קלינגען, צוגרייטן, אָנשטעלן פולע טישן, שטעלן זיך גרויס, אַזוי, אַז לאָדזש זאָל צעפּלאַצט ווערן, נישט אויפהערן רעדן וועגן דעם. צום הונדערטסטן מאָל האָט זי אַרויסגענומען די כלה־קליידער, וואָס אַליין די מאַדמואַזעל אַנטואַנעט האָט אויפגענייט, און געריסט זיך מיט זיי פאַר די ווייבער. זי האָט גע־וואָלט, אַז דער שם זייערער זאָל זיך צעטראָגן אומעטום, איבער וואַרשע, איבער גאַנץ פוילן. זאָלן מענטשן זען, ווי אַזוי מען מאַכט חתונה אַ טאָכטער ביי די אַלטערס! זי האָט דעריבער קיין צייט נישט געהאַט פאַר דינהלען, אויסצוהערן אירע קינדערשע עגמת־נפשן.

נאָך ווייניקער האָט מען געקאָנט רעדן וועגן דעם מיטן פאָטער. אי־בעריקנס איז ער געווען פאַרנומען מיט זיינע זאַכן.

ער האָט איצט געהאַט אַ סך זאָרגן אויפן קאָפּ, געהאַט מיט זיך צו טאָן.

## קאַפּיטל פערצן

נאָך די שבע־ברכות, נאָך אַלע אויפּרופּעניש, שמחות, גרויסע סעודות, באַשיטעכצן, באַזינגעניש און פאַרבעטעכצן, האָט זיך די משפּחה אַלטער געפילט זייער מיד, פאַרמאַטערט, נערוועז און בייז. פון די הונדערטער ווינטשעניש, קושערייען, ברכות און האַנט־דריקעניש איז אויסגעוואַקסן ביי די מחותנים אַ געוואַלטיקער ווידערווילן צו מענטשן, אַ האַס אַפילו. עס איז מיאוס געווען אַ מענטש אָנצוקוקן. מער פאַרביטערט, בייז און

אויפגערעגט ביז גאָר, גאָרנישט ווי זיין טבע איז געווען, איז איצט געווען דער הויפּט־מחותן, ר׳ חיים אַלטער אַליין.

לאָדזש האָט טאַקע געקלונגען מיט דער ברייטער חתונה, וואָס ער האָט געמאַכט זיין טאָכטער. נישט נאָר לאָדזש אַליין, נאָר אויך אין די אַרומיקע שטעט האָט מען גערעדט דערפון, אַפילו אין סאַמע וואַרשע. אָבער די חתונה, דער פאַרשווענדערישער אויסשטייער, די פילע מתנות, סעודות, מוזיקעס, צירונג און איבערהויפּט דער נדן אַליין, די מזומנע טויזנטער רובל, וואָס מען האָט געמוזט סילוקן פאַר דער חתונה, האָבן אַ גרויס לאָך געמאַכט אין ר׳ חיימס פינאַנצן, גאָר אַ גרויס. די געשעפטן זענען אויך שוואַך געגאַנגען, דער סעזאָן האָט זיך געוויזן אַ שוואַכער. מיט געלט איז געוואָרן שווער אין לאָדזש, די בענק האָבן אויפגעהערט געבן. און ר׳ חיים האָט זיך געפילט זייער דערדריקט אין די דאָזיקע טעג, דאָס גליק איז אים נישט באַקומען.

ביים דאַווענען, ווי אויף צו להכעיס ביי שמונה־עשרה, ווען אַרום איז זייער שטיל, זענען אים אַלע חשבונות פון דער פאַבריק געקומען אין קאָפּ אַריין, זייער נישט קיין פריילעכע חשבונות.

ער האָט, אמת, קיין גענויע רעכענונגען פון זיין וועבעריי נישט גע־וואוסט. פון זיין היימיש ביכל אין האַלב־גרייזיקן לשון קודש און דייטש־מעריש מיט די פאַרפלאָנטערטע ציפערן, אַריינגעקוועטשטע שורות און צע־דרייטע באַמערקונגען, איז געווען שווער עפּעס צו דערגיין. נישט ער, נישט זיין משרת שמואל לייבוש האָבן געקאָנט דערגיין צו אַ טאָלק. אָבער געזען האָט ר׳ חיים, אַז עס גייט נישט ווי אַלעמאָל, עס פעלט כסדר אויס געלט, וועקסלען רוקן זיך אונטער צו צאָלן און ס׳איז נישטאָ מיט וואָס. דאָנערשטיק קאָן מען נישט אויסצאָלן די אַרבעטער אויף שבת. זיי מאָנען נישט, זיי האָבן נישט די העזה, אָבער זיי קרעכצן, זיפצן אָן פולע אויערן. און ר׳ חיים איז אַרומגעגאַנגען אַ צערודערטער, ער האָט נישט געקאָנט דאַווענען רואיק. אין סאַמע מיטן שמונה־עשרה, ביים ציען דעם אחד אין שמע־ישראל, ווען אַ ייד דאַרף אינגאַנצן זיך אויסטאָן פון פרעמדע מחשבות, זענען אים די געשעפטן דוקא געקראָכן אין קאָפּ אַריין. ער האָט נישט געקאָנט עסן מיט הנאה ביים טיש, ער האָט נישט געקאָנט רואיק כאַפּן דעם נאָכמיטאָג־דרימל אויף דער ווייכער, פּלושענער אָטאָמאַנע.

ר׳ חיים האָט געטראַכט און געקלערט און גאָרנישט געקאָנט דערגיין צו קיין טאָלק, ווי אַזוי אַרויסצוקריכן פון די דאגות. די וועבעריי, האָט ער געוואוסט, אַרבעט ווי שטענדיק. צי מען צאָלט יאָ אויס דאָנערשטיק דעם געהאַלט, צי מען שלעפּט אָפּ אַ פּאָר טעג, די אַרבעטער טוען זייערס. קיין אויסברענגעכץ איז דאָרט נישטאָ. שבת־צו־נאַכטס אַרבעטן די מענטשן ביז האַלבער נאַכט, אויך דאָנערשטיק ביינאַכט אַרבעט מען לענגער. ליכט־לעך קויפן די אַרבעטער אַליין. שמואל לייבוש איז געטריי ווי אַ הונט. וואָס נאָך קאָן מען איינשפּאָרן? וויפיל ער האָט נישט געבראָכן זיך דעם

קאָפּ, האָט ער גאָר נישט געקאָנט צוטראַכטן. ער איז נישט געווען געוואוינט צו טראַכטן; נאָך ווייניקער איז ער געוואוינט געווען צו זאָרג, עגמת־נפש.

פאַר אַלע יאָרן זיינע, זינט ער האָט חתונה געהאַט און פאַר דעם נדן זיינעם פאַרלייגט אַ וועבעריי, האָט ער נישט געוואוסט פון קיין זאָרגן, חשבונות. ער האָט געלעבט ברייט, ווי פאַר אַ ייד אַ נגיד פּאַסט. די וועבעריי איז געגאַנגען פאַרשידן, אַמאָל בעסער, אַמאָל ערגער, אָבער ר׳ חיים האָט זיך קיינמאָל דערפון נישט געמאַכט. ער האָט געוואוסט, אַז אין אַ געשעפט מוז אַזוי זיין. אויך ווען מען פלעגט אים פון מאָל צו מאָל אָנזעצן, האָט ער זיך נישט זייער שטאַרק געזאָרגט. ער האָט געוואוסט, אַז באַנקראָטן געהערן צום געשעפט, וואָס איז נישט אויסצומיידן. דאָס ווערט באַלד צוגערעכנט צום פּרייז פון די סחורות, ווי מען רעכנט אַריין אַנדערע הוצאות, אַרבעטס־לוין, רוי־שטאָף. דערביי קומט מען שטענדיק דורך מיט די אָנזעצער, אַמאָל אויף אַ העלפט, אַמאָל אויף אַ דריטל, ווי גאָט גיט. אָן מסחר זענען קיין באַנקראָטן נישטאָ און אָן באַנקראָטן איז קיין מסחר נישטאָ. אַדערש קאָן עס גאָר נישט גיין.

יאָרן לאַנג איז עס אַזוי געגאַנגען ביי ר׳ חיימען. ער האָט נישט גערעכנט, וואָרעם וואָס מער חשבון, אַלץ ווייניקער מזל־ברכה. אָבער געוואוסט האָט ר׳ חיים, אַז ער איז אַ ייד אַ נגיד, דאַנקען גאָט, אַפילו אַ גביר. עס וואַלגערן זיך נישט אַרום אַ סך אַזעלכע ווי ער אין לאָדזש. און מענטשן ווייסן עס. אָ, מען גיט אים אָפּ כבוד, ווי אים קומט, ווי אַזאַ פאַבריקאַנט שטייט אָן. אין די בענק, וואו ער קומט, טראָגן אים די דירעקטאָרן אַנטקעגן דעם ברייטן גוט־מאָרגן. אַפילו די באַנקירן אַליין, די גאָלדבראָדניקעס, לאַדן אים איין צו זיך אין די קאַבינעטן, בעטן אים זיצן און זענען אים מכבד מיט ציגאַרן. אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט שוין קאַליע געוואָרן, האָט ר׳ חיים געטראַכט נישט איינמאָל, וואָלט שוין צוגעשוירן די באָרד, אַריינגעקראָכן אין קורצע קליידער, אָבער ער בלייבט אַ ייד, אַ חסיד אַפילו. די חסידים אין שטיבל ווייסן עס און זיי טוען אים טאַקע דערפאַר אָן כבוד. אויך דער רבי זאָל לעבן אַליין איז אים מכבד.

ער איז נישט געווען קיין קאַרגער, ר׳ חיים, אָ, ניין! קיינער האָט עס אויף אים נישט געקאָנט זאָגן. ער האָט תמיד געגעבן אין שטיבל אַ שיינע נדבה, צושטייער געגעבן אויף חתונה מאַכן אָן אָרעמע כלה. ביים רבין האָט ער זיך ברייט געשטעלט. ער איז נישט געווען ווי אַנדערע נגידים, וואָס ליגן אויפן בייטל. וואָרעם ר׳ חיים ווייס, אַז נישט בלויז די וועלט איז אַ וועלט. ס׳איז דאָ אַ יענע וועלט, אַזוי גרויס גאָלד זאָל מען האָבן, וואָסער גרויסע יענע וועלט עס איז דאָ. און אַ ייד דאַרף זיך צוגרייטן אויף יענער וועלט, מיטברענגען מצוות און מעשים־טובים, אַ נישט ווערט מען, חלילה, פאַרפאַלן אין גיהנום, מען ברענט און מען בראָט. ער האָט זיך דעריבער געלאָזט קאָסטן. ער האָט קיינמאָל קיין חרטה נישט געהאַט דערויף, וואָרעם ר׳ חיים ווייסט, אַז אַ ייד דאַרף זיין אַ ייד. דער רבונו־של־עולם מוז האָבן

אויף דער וועלט אַלץ, נגידים און אָרעמעלייט, צדקה־געבער און צדקה־נעמער. מיט זיין גרויס חסד האָט גאָט אין הימל אים, ר׳ חיימען, אויסגע־ווילט, אַז ער זאָל זיין פון די נגידים, אָן קיין בייז אויג, האָט ער אים איבערגעגעבן געלט אין די הענט, דאַרף ער אָפּדינען דעם רבונו־של־עולם און געבן צדקה צו אָרעמעלייט, זען, אַז זיינע אַרבעטער זאָלן האָבן אַ שולעכל, אַן אתרוג אויף סוכות, אַ מלמד צו לערנען שבת; אויך דאַרף מען זיי מכבד זיין און גיין צו זיי אויף אַ ברית, געבן דרשה־געשאַנק ביי אַ חתונה, גיין אויף אַ לויה, עס זאָל זיך נישט טרעפן, און צושיקן עטלעכע גילדן פאַר אבלים, זיי זאָלן נישט דאַרפן אַרבעטן אין דער צייט פון שבעה־זיצן.

גאָר ברייט האָט ער זיך געפירט ביי זיך אין שטוב. ער האָט קיינמאָל נישט געוואוסט וויפל ער גיט אויס. ער האָט נאָר געוואוסט, אַז יעדעס מאָל, וואָס זיין ווייב פריוועט שטעקט אויס די אויסגעבריליאַנטעוועטע האַנט נאָך געלט, גיט ער איר, אַפילו אומגעציילט. נאָך ווייניקער פון איר מאַן, האָט פריווע געוואוסט וויפל זי גיט אויס. זי האָט זייער שיטערע פינגער, די פריווע, דאָס געלט צעפליסט איר צווישן די הענט. זי פאַרגעסט וואָס זי טוט, זי פאַרלירט אָפּט געלט, זי פאַרוואַרפט די בריליאַנטענע פינגערלעך אויף אַלע וואַש־טישן, נאַכט־טישלעך. זי דרייט די שטובן אויס, רייסט זיך אַרום מיט די ווייַנענדיקע דינסטן, וועלכע זי איז חושד אין גנבה, קערט די שטובן איבער ביז זי געפינט דאָס צירונג ווידער, כדי עס באַלד דערנאָך ווידער צו פאַרלירן. גרויס פאַרגעניגן האָט זי פון קויפן מציאות. וואָס זי זאָל נישט זען אין אַ קראָם, מוז זי קויפן, צי מען דאַרף עס יאָ, צי נישט. און קויפן האָט זי ליב אַ סך, ברייט. זי מאַכט זיך קליידער, וואָס זי טוט אַפילו נישט אָן, ווייל ווי גיך זי אַנטציקט זיך מיט זיי, אַזוי גיך אַנטוישט זי זיך אין זיי. שטענדיק איז אין שטוב פול מיט סוחרים, קרעמער, וואָס קומען מיט חשבונות. עס איז גאָר פון זיי נישט אַרויסצוקריכן.

אויך אין די בעדער האָט זי ליב צו פאָרן, דאָקטאָרן זיך ביי גרייסע פּראָפעסאָרן אין אויסלאַנד, פון וועלכע מען קאָן דערנאָך רעדן אַ גאַנצן ווינטער צווישן געסט. זי פאָרט פון באָד צו באָד, פון פּראָפעסאָר צו פּראָפע־סאָר. אַלע שאַפעס אין שטוב זענען פול מיט פלעשעלעך, שאַכטעלעך, סלאָיקעלעך, מיט אַלערליי פאַרביקע מעדיצינען, וואַסערן און פילן, וואָס זי נעמט זיי קיינמאָל נישט. אויך מציאות ברענגט זי פון אויסלאַנד, גאַנצע וואַליזעס, אַלערליי זיידנס, צירונג, שפיצן, קריסטאַלן, אַנטיקן. יעדעס מאָל אויפסניי האָט זי עסקים מיט די צאָל־באַאמטע, וואָס געפינען ביי איר אויס די באַהאַלטענע מציאות. פון די שטראָפן, וואָס מען לייגט אויף איר אַרויף פאַר שמוגלען, פון דעם רייסן זיך מיט די באַאמטע, ווערט זי אויפסניי קראַנק, ווערט אָן ס׳האַרץ, צוליב וואָס זי מוז שפּעטער ווידער פאָרן אין די בעדער ,כדי ווידער צו שמוגלען און ווידער קראַנק צו ווערן.

אין שטוב איז שטענדיק אַן אומאָרדענונג, ווייל פריווע בייט כסדר דאָס מעבל, די פאָרהאַנגען, די טאַפּעטן אויף די ווענט, וואָרעם אַנדערע

נגידים האָבן באַנייט זייערע וואוינונגען און פּריוועָ אַלטער קאָן נישט דערלאָזן, אַז זי זאָל וואוינען ווי אַ שלעפּערין.

ר׳ חיים ווייסט, אַז דאָס אַלץ קאָסט אַ סך געלט, גאָר אַ סך, אָבער ער זאָגט נישט אָפּ זיין פּריוועָן. ער האָט זי ליב. זי איז גאָר אַ שיינע, כאָטש זי האָט שוין דערוואַקסענע קינדער, אַ באַטעמטע זייער. מען קוקט איר טאַקע נאָך אויף די גאַסן און אין די פּאַרקן, ווען ער איז מיט איר אין די אויסלענדישע בעדער, וואָס פּילט אים אָן מיט שטאָלץ. ער קאָן איר נישט אָפּזאָגן, ווען זי שטעקט אויס דאָס פולכּע הענטל נאָך געלט, נאָך אַ סך געלט.

איבעריקנס, גיט ער אַליין אויך אויס גענוג. אויסער וואָס ער גיט אויס פאַר דעם שטיבל מיט דעם רבין מיט אַלע אַנדערע זאַכן, פאָרט ער אַליין אויך יעדן זומער אין די בעדער, מאַכט אַנדערע הוצאות. אָבער ר׳ חיים ווייסט, אַז דאָס אַלץ דאַרף אַזוי זיין, אַז אַפילו דאָס, וואָס מען גיט אויס אויף די שטובן, קליידער, איז אויך נישט קיין עולה. וואָרעם ערשטנס, פאַרוואָס זיך קאַרגן? וואָס איז דען דער מענטש? אַ פליג! היינט דאָ, מאָרגן דאָרט, נישט כדאי צו לעבן ווי אַ חזיר. צווייטנס, טויג עס צום געשעפט. לאָדזש האָט ליב אַ נגיד, לאָדזש ווייסט, וואָס ביי יעדן אין טעפּל קאָכט זיך. גענוג אַז אַ לאָדזשער נגיד זאָל איינמאָל נישט שיקן דאָס ווייב אין די בעדער, גענוג אַז אימעצנס ווייב זאָל קומען אויף אַ שמחה נישט באַהאַנגען מיט בריליאַנטן, אַז מען זאָל אים שוין נעמען אויף דער צונג, מורמלען וועגן אים, אַז ער האַלט ביי באַנקראָט, אַז ער איז אַ קבצן, אַ פּאַרך.

ער האָט נישט געוואָלט רעכענען, ר׳ חיים. ער האָט געוואוסט, אַז די וועבעריי אַרבעט געשמאַק, אַז די אַרבעטער גייען נישט ליידיק, אַז די ווייבערישע טיכלעך זיינע גייען, אַז מען האַלט אים אין גאַס פאַר אַ נגיד, און ער האָט געלעבט ווי אַ מענטש, צו גאָט און צו לייט. אויך זיינע קינדער האָט ער נישט געקאַרגט. ער האָט טאַקע פאַר זיין טאָכטער אויסגעזוכט דאָס בעסטע יינגל פון לאָדזש, געגעבן אים אַ גרויסן נדן, מתנות אַ סך. אַ חתונה האָט ער געמאַכט אַ קייזערלעכע. לאָדזש האָט געהאַט פון וואָס צו רעדן. פאַר דער גאַנצער צייט פון דער שמחה האָט ער טאַקע וועגן גאָרנישט נישט געטראַכט. פּריוועָ האָט מער ווי שטענדיק אויסגעשטעקט די הענט, ער האָט געגעבן געלט אומגעציילט.

איצט, נאָך די שמחות, טומלענישן און בהלות, האָט שמואל לייבוש דער משרת גענומען רעדן טרויעריקע רייד. פון אַלע זייטן זענען געקומען בעל־חובות, ביי וועלכע פּריוועָ האָט אָנגענומען, אַליין גאָרנישט געדענקענדיק פאַר וואָס. וועקסלען צו צאָלן האָבן זיך אָנגערוקט. אַלערליי שניידערס, שוסטערס, נייטאָרינס, טאַפּעצירער, שפּייז־קרעמער, קצבים, פישערקעס זענען מיט אַמאָל, ווי אַ היישעריק, אָנגעקומען. שמואל לייבוש האָט זיך גאָרנישט געקאָנט פון זיי אָפּיאָגן. אין דער וועבעריי האָבן די אַרבעטער

געקרעכצט, געוואָלט מען זאָל זיי אויסצאָלן אויף שבת. פון אויסלאַנד זע־נען גרויסע רעכענונגען פאַר וואָל אָנגעקומען. קיין געלט איז נישט איינ־געפלאָסן, אין די בענק האָט מען קיין קרעדיטן נישט געגעבן. דער רובל האָט געברענט אין לאָדזש. און שמואל לייבוש דער משרת האָט אַזוי אַראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ פאַר זיין באַלעבאָס, ווי ער וואָלט אין אַלעם שולדיק געווען.

— ר׳ חיים, — האָט ער געזאָגט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, ווי אַ גנב, — איך האָב מורא, אַז מ׳האַלט שמאָל.

ר׳ חיים האָט תחילת אַוועקגעמאַכט מיט דער פליישיקער, האָריק־באַ־וואַקסענער נגידישער האַנט. ער איז נאָך געווען מיד פון דער שמחה און ער האָט זיך נישט געוואָלט אָפּעסן דאָס האַרץ, אָנטאָן זיך עגמת־נפש.

— ווייס איך, וואָס דו רעדסט, — האָט ער אים אָפּגעפּטרט.

נאָר שמואל לייבוש האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס. ער האָט טעג און נעכט געזעסן איבער די קאָנטאָ־ביכער. ער האָט גענישטערט אין באַלעבאָס היימישע ביכלעך, אַרויסגענומען זיך די אויגן אין די צעדרייטע ציפערן, געקלאַפּט מיט די ביינדלעך פון רוסישן „שטשאָט", געחשבונט, טעותן געמאַכט, צעוואָרפן די ביינדלעך, צוריק אָנגעהויבן. דער קאָפּ האָט אים געגומען ווי טאָן, די אויגן זענען אים רויט געוואָרן, נאָר צו קיין טאָלק האָט ער זיך נישט דערשלאָגן. האָט ער אַלץ אַוועקגעוואָרפן און געראָטן ר׳ חיימען נעמען אַ בוכהאַלטער אויף עטלעכע וואָכן.

ר׳ חיים האָט נישט געוואָלט הערן.

— איך האָב פיינט די בוכהאַלטערס מיט זייערע ביכער, — האָט ער געזאָגט. — ווייסט דאָך מיינע רייד, וואָס מער חשבון, אַלץ מער דלות...

אגב, האָט ער טאַקע נישט געקענט קוקן אויף די ליטוואַקעס, די פּושעי־ישראלים, וואָס אַלע זענען זיי בוכהאַלטערס געוואָרן אין לאָדזש. אָבער שמואל לייבוש האָט נישט אויפגעהערט רעדן וועגן דעם, דערגייען די יאָרן, ביז ר׳ חיים האָט שוין נישט געקאָנט פּטור ווערן פון אים און אים צוליב געטאָן.

— מיין כפּרה איז עס, — האָט ער געקרעכצט, — ברענג צו פירן אַ שלימזל דאָרט.

אַכט טאָג איז דער דאַרער ליטוואַק מיט די פּענסנע אויף אַ גראָב שוואַרץ בענדל געזעסן ביי ר׳ חיימס היימישע ביכלעך און גענישטערט אין פּלאָנטער פון ציפערן און גרייזיקע לשון־קודשדיקע און דייטשמערישע אויפשריפטן.

— נתן, לקח, — האָט ער כסדר געברומט און געחשבונט. — דער רוח זאָל עס נעמען!...

ר׳ חיים האָט אים געוואָלט אויסמיידן, גאָר נישט קוקן אויף דעם קבצן מיט דער נישט־דערגאָלטער שטעכעדיקער מאָרדע און מיטן גו־מענעם קראַגן אויפן דאַרן קנאָפּיקן האַלדז. ער האָט נאָך פאַרשטאַנען, ר׳ חיים, די באַנקירן און די פאַבריקאַנטן די פּושעי־ישראל. מילא, עולם־

הזה איז אויך אַ זאַך! אָבער אַ קבצן אַ פושע־ישראל, דאָס איז גאָר אין זיין קאָפּ נישט געקראָכן. נישט די וועלט, נישט יענע וועלט. ער האָט זיך פשוט געמיאוסט צוצוגיין נאָנט צו דעם פאַרשוין אין אויסגעריבענעם רעקל מיט די צו־קורצע אַרבל, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן פון ווי ווייט מיטן ריח פון ליטווישן קנאָבל. אָבער דער ליטוואַק האָט אים נישט אָפּגעלאָזט.

— אָט דאָס וואָס איז? — האָט ער אים געפרעגט שאַרף, ווייזנדיק מיט אַ שפּיציקן פינגער אויף די צעדרייטע ציפערן.

ר׳ חיים האָט פּרובירט זאָגן, וואָס עס איז אים געקומען אין מויל אַריין, נאָר דער ליטוואַק האָט זיך נישט געלאָזט פאַררעדן די ציין.

— „ראַסכאָד" איז דאָך ניט „פּריכאָד", — האָט ער זיך געבייזערט. — דער רוח זאָל עס נעמען!

נאָך אַכט טאָג שווערער איינגעקשנטער אַרבעט, איז דער ליטוואַק אַרויס־געקראָכן. פון די אַלע פאַרפּלאָנטערטע ציפערן, רמזים, ראשי־תיבות, פון די אַלע נתן־לקחס, רוכ״ס און אַנדערע אָנצוהערענישן, האָט ער אַ גלאַטיקן חשבון געמאַכט, אַ גלייכן און אַ פּינקטלעכן, מיט אַ קרעדיט און אַ דעבעט, מיט פעסטע, פעט־געשריבענע אויסגעציקלטע רייען ציפערן, וואָס זענען געשטאַנען אין די רייען, ווי זעלנער פאַר אַ גענעראל. ער האָט זיך זייער געלאַסן אויפגעהויבן פון אָרט, אויסגעצויגן די דאַרע הענט, פאַרלאָשן מיטן קלעק־פּאַפּיר דעם סך־הכל, גלייך געמאַכט די אַראָפּפאַלנדיקע פענסנע אויפן גראָבן שווארצן בענדל און געזאָגט האָט ער געציילטע ווערטער מיט זייער אַ שאַרפער ליטווישער אויסשפּראַך:

— איר זייט באַנקראָט, גאָספּאָדין אַלטער, — האָט ער געזאָגט.

ר׳ חיים האָט געגעבן אַזאַ שפּרונג פון אָרט, ווי ער האָט עס נישט געטאָן ביי קדושה אַפילו אין ראש־השנה ביים רבין.

— איר ווייסט נישט פון אייערע הענט און פיס צו זאָגן, ליטוואַק חזיר! — האָט ער אויסגעשריגן מיט כעס און ער האָט פאַרקלאַפּט מיט צאָרן די טאָוולען פון נייעם בוך, וואָס דער ליטוואַק האָט געהאַט צונויפ־געשטעלט. נאָר דער ליטוואַק האָט זיך נישט געבייזערט. ער האָט זייער געלאַסן צוריקגעעפנט דאָס בוכהאַלטערישע בוך, ער האָט אויפגעמישט אויף דעם באַלאַנס, אָנגעוויזן מיט שפּיציקע פינגער אויף די רייען ציפערן, וואָס זענען ווי זעלנער פאַר אַ גענעראל געשטאַנען, און ער האָט געזאָגט נאָך שאַרפער ווי פריער:

— איר זייט באַנקראָט, גאָספּאָדין אַלטער, אי „קאָנטשענאָ"...

די לעצטע רוסישע ווערטער האָבן ר׳ חיימען איבערצייגט. ער האָט פּלוצלונג אַריינגעשטעקט ביידע הענט אין די הויזן־קעשענעס, אַרויס־געשטעקט דאָס סאַמעטענע גבירישע וועסטל, מיט אַלע רויטע און בלויע פּינטעלעך, וויפל נאָר עס האָט געהאַט, און ער האָט געזאָגט צום משרת מיט גרויס כעס, גלייך יענער וואָלט אין אַלץ שולדיק געווען:

— נו, וואָס זאָגסטו צו דיינע געשעפטן, שמואל לייבוש? — האָט ער געצויגן די ווערטער מיט אַ ניגון. — הא, וואָס זאָגסטו?...

שמואל לייבוש דער משרת האָט אַזעלכע פלעקן געקראָגן אין פּנים, ווי ער וואָלט שולדיק געווען אין אַלץ. און ר׳ חיים אַלטער איז אַרומגע־גאַנגען זייער אַ צעטראָגענער, ווי נאָך קיינמאָל נישט. ער האָט נישט אויפגעהערט שפּאַנען איבער אַלע שטובן זיינע. דעם ליטוואַקס רייד האָבן אים קיין מנוחה נישט געגעבן, און ווי אויף צו להכעיס זענען זיי אים געקומען אין קאָפּ אַריין גראָד ביי שמונה־עשרה, ווען אַרום און אַרום איז שטיל.

— איר זייט באַנקראָט, גאָספּאָדין אַלטער, — האָט ער כסדר געהערט דעם ליטוואַקס האַרטע רייד.

צום ערשטן האָט ר׳ חיים פּרובירט זיך איבעררעדן מיט זיין ווייב פּריווע. אָבער זי האָט נישט געהאַט קיין געדולד אים אויסצוהערן.

— ווייסט דאָך, חיימשע, אַז איך פאַרשטיי מיך נישט אין די זאַכן, — האָט זי אים געזאָגט — וועסט שוין אַליין דיר אַן עצה געבן.

זעענדיק, אַז זי פאַרשטייט אים נישט, האָט ר׳ חיים גענומען מיט איר רעדן פּשוטע ווערטער, אַריינוואַרפנדיק עטלעכע רייד, אַז זי וועט אים מוזן אפשר אַוועקגעבן די בריליאַנטן אויף אַ צייט, דאָס פולע צירונג אירס, וואָס ער וועט שטאַרק בסוד לאָזן דורך שמואל לייבושן ערגעץ פאַרזעצן, ביז גאָט וועט העלפן און עס וועט ווערן בעסער, אַבי דערוויילן זיך אָפּצויאָגן פון די קליינע בעל־חובות, פון די אַלע באַלמעלאָכעס און קרעמערלעך, וואָס רייסן אָפּ די פּאָלעס. פּריווע איז בלאַס געוואָרן, ס׳גאַנצע בלוט איז איר אַרויס פון פּנים און צוגעשפּאַרט בלויז צו די אויגן, אויס־שפּרייטנדיק זיך אין זייער רויטע קרענקלעכע ווייבערישע פלעקן.

— מאַמע! — האָט זי ווי שטענדיק, גענומען רופן איר שוין־לאַנג פאַרשטאָרבענע מוטער, און פון אירע בלויע אויגן האָט געפלאָסן ווי פון אַ קוואַל. נאָך מער האָט זי זיך צעוויינט, ווען דער מאַן האָט גענומען רעדן וועגן שפּאָרן אין שטוב.

— דאָס, וואָס איך עס אויף, מ׳שטיינס געזאָגט, — האָט זי געביטערט, — קען איך נישט אויפעסן. איך קאָן עסן ברויט אָן פּוטער, טיי נישט אָפּ־געצוקערט, נאָר טרינקען מיט האַרטן צוקער צוגעביסן...

ר׳ חיים האָט געזען, אַז זי פאַרשטייט אים נישט, אַז זי איז אים פרעמד, ווייבעריש־קליינלעך, און אַז ער וועט מיט איר גאָרנישט מאַכן. פון אַלעם האָט זי געוואָלט וויסן איין זאַך, צי זי וועט קאָנען פאָרן אין די בעדער. ר׳ חיים האָט זי באַרואיקט, אַ גלעט געטאָן איר איבער דעם אָנגעקאַרבירטן העלן שייטל. גלייך צומאָרגנס איז ער אַוועקגעפאָרן צו זיין רבין פרעגן אַן עצה. אָבער דער רבי האָט אים נישט מער געקאָנט זאָגן פון פּריוועין. אויף אַלע זיינע צרות האָט ער אים בלויז אָנגעוואונטשן, גענומען אַ פּדיון און צוגעזאָגט, אַז דער אויבערשטער וועט העלפן. מיט סוחרים רעדן האָט

ער מורא געהאַט, געציטערט זיך נישט אויסצוגעבן. די זין זענען געווען יונג, נאַריש־פריילעך און פון קיין שום זאַך, אַ חוץ שלעפן געלט פון טאַטן, האָבן זיי נישט געוואוסט. ר׳ חיים האָט פּרובירט דורכרעדן זיך מיט זיין מחותן ר׳ אברהם הערש אַשכּנזי.

אין אַ שבת־צו־נאַכטס, גלייך נאָך דער הבדלה, איז ער אַוועק צו איבּ אין שטוב. ר׳ אברהם הערש האָט אַוועקגעלייגט די רויטע קעשענע־פּאַטשיילע אויף דער גמרא, אַ סימן, אַז ער פאַרמאַכט זי נישט אינגאַנצן, נאָר ער לאָזט זי דערווייל אין דער מיט, כּדי ווייטער זיך צוריקצונעמען צו איר, ווי נאָר ער וועט דערליידיקן די עסקים. געלאַסן, שווייגנדיק, נישט איבעררייסנדיק מיט קיין איין אייציק וואָרט, האָט ער אויסגעהערט אַ שעה צייט לאַנג זיין מחותנס פילע רייד. ר׳ חיים האָט געשוויצט אין דער אַלטמאָדישער קאַלטער גרויסער שטוב מיטן באַלעבאַטישן פאַרצייטיקן שווערן און אומעטיקן מעבל. קיין שום וואַרעמקייט איז נישט געווען אין דער שטוב, נישט אין די ברוין־בלעטערדיקע טאַפּעטירטע ווענט, נישט אין די אַלמערס מיט ספרים, נישט אין טונקעלן שיין פון נאַפט־לאָמפּ, נישט אין דער שוואַרצער שווערער אייזערנער קאַסע. פּונקט אַזוי קאַלט און שווייגנדיק איז געווען ר׳ אברהם הערש אַליין. ר׳ חיים האָט נישט דערטרונקען דאָס גלאָז טיי, וואָס מען האָט אים צוגעטראָגן, און כּסדר גערעדט, גערעדט מיט ברען, מיט אי־בערצייגונג. נאָר דער מחותן איז געבליבן שווייגנדיק, קאַלט. ערשט, אַז ער האָט שוין אַלץ געהאַט אויסגערעדט און ער האָט אָנגעשטעלט די שוואַרצע שמאַלציקע אויגן אויף דעם מחותן זיינעם, וואָס ער האָט אים צו זאָגן אויף זיין בקשה וועגן אַ גרעסערער הלואה, כּדי זיך צו ראַטעווען, האָט ר׳ אברהם הערש אויסגעגלייכט די באָרד און געענטפערט צוויי געציילטע ווערטער:

— ניין, מחותן!

ר׳ חיים אַלטערן האָט אַ שוויס באַגאָסן.

— איר וועט מיך לאָזן פאַלן, מחותן? — האָט ער געפרעגט מיט חידוש. — צו וועמען דען זאָל איך גיין, אַז נישט צו אייך?

— אַז מען לעבט אָן חשבון, שטאַרבט מען אָן וידוי, — האָט ר׳ אברהם הערש געזאָגט מיט אַ מוסר־טאָן.

און אַז דער מחותן האָט אים נאָך געוואָלט רעדן צום האַרץ, אָנגעגע־נומען ביי דער באָרד, האָט ער אַראָפּגענומען די פּאַטשיילע פון דער גמרא און גענומען לערנען די דינים וועגן דער צאָל מלקות, וואָס קומט צו שמייסן אַ זינדיקן.

— כּמה לוקין, וויפל דאַרף מען שלאָגן מלקות? — האָט ר׳ אברהם הערש געברומט, גאָרנישט אומקוקנדיק זיך אויף דעם מחותן זיינעם.

ר׳ חיים אַלטער איז אַוועק אַזאַ צעשמעטערטער פון מחותנס שטוב, אַז ער האָט אַפילו נישט געדענקט צו זאָגן אין דערהיים דעם ויתן־לך דעם ברייטן זינגענדיקן ויתן־לך, וואָס ער פלעגט אַלע שבת־צו־נאַכטס

זאָגן מיט אַזויפיל הנאה און טעם. מיט גרויס כעס האָט ער אויסגעשפּיגן דעם ציגאַר, וואָס שמואל לייבוש דער משרת האָט אים פאַררויכערט.

— פּאַסקודנע ציגאַרן, — האָט ער זיך געבייזערט, — ביטער ווי גאַל...

פּונקט אַזוי איז נישט געפעלן געוואָרן אין זיינע אויגן דאָס גלאָז שיינע און שמעקעדיקע טיי, וואָס הדס די דינסט האָט אים צוגעטראָגן אויף אַ זילבערנער טאַץ.

— מען האָט נישט געקאָנט אויפקאָכן קיין פרישע טיי? — האָט ער זיך געכעסט. — נאָר געבן מיר טשאַלנט־טיי...

הדס די דינסט איז רויט געוואָרן ווי פייער.

— מיין מזל זאָל מיר נאָר אַזוי לייכטן, טאַטע זיסער אין הימל, — האָט זי פאַרגלאָצט די אויגן, — וואָסער פרישע, שמעקעדיקע טיי דאָס איז. זאָל דער באַלעבאָס זען...

נאָר ר׳ חיים האָט נישט געוואָלט זען. ער האָט בעסער געזען איצט ווי די בחורים זיינע שפּילן אין קאָרטן און ער האָט געכאַפּט די קאָרטן און צעריסן אויף פּיצלעך.

— קאָרטאָוויקעס! — האָט ער געמאַכט קולות, גלייך ער וואָלט זיי דאָס ערשטע מאָל געכאַפּט ביי די קאָרטן. — ס׳וועט מיך מיט אייערע קאָרטן איבער די הייזער טרייבן....

אַ גאַנצע נאַכט צייט האָט ער געוואָרפן דעם קאָפּ אויף די דריי פולע גבירישע פּוכנע קישנס צוקאָפּנס, וואָס זענען אים פלוצלונג שטאַרק האַרט געוואָרן. גאַנץ לאָדזש איז פאַרביי זיין קאָפּ אין דער שלאָפלאָזער נאַכט. אָבער ער האָט קיינעם נישט געקאָנט אויסקלייבן צו וועמען צו גיין, וועמען זיך אָנטרויען. ערשט פאַרטאָג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם סאַמע נאָענטסטן מענטשן, וואָס האָט געוואוינט טאָקע ביי אים אין שטוב — אויף זיין אייגענעם איידעם שמחה מאיר און אויף זיין נדן פון צען טויזנט רובל, וואָס ליגן אין באַנק און פּוסטעווען.

ער האָט זיך שיר אַליין נישט אויסגעקניפּט, פאַרוואָס עס איז אים גלייך נישט איינגעפאַלן דער גליקלעכער געדאַנק. מיט אַ פריילעך גע־מיט און מיט אַ סך בטחון איז ער איינגעשלאָפן נאָך דער שווערער שלאָפ־לאָזער נאַכט.

## קאַפּיטל פופצן

אַנדערש ווי דער פאָטער זיינער, האָט שמחה מאיר דער קעסט־איידעם אויסגעהערט דעם באַרעדעווודיקן שווער זיינעם, אַלע זיינע מעשות, זיסע רייד און גוטע ווערטער, וואָס האָבן זיך כסדר פאַרענדיקט מיט דעם זעלבן אויספיר:

— כ׳זאָג דיר, שמחה מאירשע, אַז כ׳על דיר צאָלן אַ סך אַ בעסערן

פּראָצענט ווי אין דער באַנק, און שלאָפן מעגסטו רואיק, כ׳וועל מיין אייגן קינד, חלילה, נישט קיין רעה טאָן.

— אודאי, שווער, — האָט שמחה צוגעשאָקלט.

ר׳ חיים איז געווען אויסער זיך פאַר פרייד פון איידעמס נאָכגיביקייט.

— דיין געלט וועט וואַקסן, שמחה מאיר, וועסט האָבן פּראָצענט פון פּראָצענט, און זאָרגן וועסטו נישט דאַרפן, וועסט עסן קעסט ביי מיר ווי לאַנג נאָר וועסט וועלן. פאַרשטייסט, שמחה מאיר לעבן?

— כ׳פאַרשטיי, שווער, — האָט שמחה מאיר צוגעשאָקלט גוטמוטיק.

נאָר אַז ס׳איז געקומען צו גיין אין באַנק און אַרויסנעמען דאָס געלט, האָט שמחה מאיר זיך נישט געאיילט.

— כ׳מוז זיך מישב זיין מיטן טאַטעשי, — האָט ער געזאָגט פרום.

— צו וואָס מטריח זיין דעם טאַטן? — האָט דער שווער נישט פאַר־שטאַנען. — ביסט נישט קיין נאַר, ווייסט אַליין, וואָס דו טוסט.

— כיבוד־אב! — האָט שמחה מאיר געענטפערט מיט צדקות. — אָן טאַטנס עצה וועל איך גאָרנישט טאָן.

ר׳ חיים איז מיט אים שעהן־לאַנג אַרומגעגאַנגען אונטער דער האַנט איבער אַלע שטובן, געגלעט אים די בעקלעך, געציילט אים די קנעפּלעך פון וועסטל, געלויבט אים זיין חכמה, דעם גוטן קאָפּ, דעם גרויסן שכל, נאָר שמחה מאיר איז געבליבן ביי זיינס.

— גלויבט מיר, שווער, אַז כ׳וואָלט אייך געטרויט אַ וועלט, — האָט ער זיס גערעדט, — נאָר אָן טאַטעשיס הסכמה טאָר איך גאָרנישט נישט טאָן. כיבוד־אב. נאָך היינט וועל איך צו אים צוגיין און זיך איבעררעדן.

ער איז צום פאָטער נישט געגאַנגען. ער האָט געוואוסט פריער־אויס, אַז דער טאַטע וועט אים נישט לאָזן רירן דאָס געלט, אַז ער וועט אים הייסן זיצן און לערנען. אים איז אַפילו אויף קיין רגע נישט איינגעפאַלן צו פרעגן דעם טאַטן עצות. גענוג איז ער געווען אונטער דעם טאַטנס יאָך ביז דער חתונה. איצט איז ער פריי. ס׳געלט זיינס ליגט אין באַנק אויף זיין נאָמען און ער ווייסט אַליין, וואָס ער האָט צו טאָן. ער ווייסט עס בעסער פון טאַטן. אָבער אויסנוצן דעם פאָטער קעגן שווער האָט געטויגט, ס׳האָט אים גע־לוינט צום עסק. ער האָט דעריבער אָפּגעשלעפּט דעם שווער עטלעכע טעג צייט, אַלץ אים דערציילט מעשות, אַז ער האָט דעם פאָטער נישט געטראָפן. ערשט נאָך עטלעכע טעג, ווען דער שווער איז שוין שיר נישט פון דער הויט געקראָכן פון אומגעדולדיקייט, איז ער געקומען ענדלעך מיטן טאַטנס תשובה. מיט דער רואיקסטער מינע, נישט פאַרהיקנדיק זיך אויף קיין רגע, נישט פינטלענדיק אַפילו קיין איין מאָל פאַרלעגן מיט אַן אויג, האָט ער איבערגעגעבן דעם שווער ביים עסן דעם גאַנצן שמועס מיטן פאָטער זיינעם. ער האָט אָנגעשמירט אַ בייגל מיט פּוטער, אַ געשמאַקן ביס געגעבן

אין פרישן בייגל אַריין און מיט אַ פול מויל עסן אַרויסגעזאָגט דעם טאַטנס באַדינגונגען.

— דער טאַטעשי וויל אַ פאַרזיכערונג, דורכאויס אַ פאַרזיכערונג...

ר׳ חיים איז אויפגעשפּרונגען אַ צעשטראַלטער.

— קריגסט וועקסלען, שמחה מאיר, כ׳וויל נישט אויפן וואָרט.

שמחה מאיר האָט זיך צוגעשניטן אַ שטיקל קעז, אַרויפגעלייגט עס גיך אויפן בייגל און אָפּגעוואָרפן דעם שווערס געדאַנק וועגן וועקסלען.

— דער טאַטעשי האָט מיר אָנגעזאָגט, כ׳זאָל קיין וועקסלען נישט נעמען, — האָט ער געענטפערט גלייך אויפן אָרט. — דער טאַטעשי וויל אַ היפּאָטעק אויף דעם שווערס הויז.

ר׳ חיים האָט אַראָפּגעלאָזט די נאָז.

— אַ היפּאָטעק? — האָט ער איבערגעפרעגט. — וואָס איז די טובה, וואָס דו טוסט מיר? אויף אַ היפּאָטעק קאָן איך ביי יעדן קריגן.

— פאַרוואָס דען נעמט נישט דער שווער? — האָט זיך שמחה מאיר געמאַכט תמעוואַטע און געקוקט מיט ממזרישע בליקן דעם שווער אין די אויגן אַריין.

אַ גאַנצן טאָג צייט האָט ר׳ חיים געאַרבעט מיטן איידעם, אַלץ געגעבן אים צו פאַרשטיין, ווי קוראַנט ער איז, ווי נישט שיין דאָס איז, וואָס אַן אייגענער איידעם וויל אים נישט געטרויען אויף וועקסלען, אים, חיים אַלטערן, וואָס מענטשן גיבן אים געלט אומגעציילט. שמחה מאיר האָט זיך נישט געלאָזט בויגן.

— כיבוד־אב! — האָט ער אָפּגעענטפערט. — וואָס קאָן איך טאָן?

און אַז אַפילו דער שווער איז ענדלעך איינגעגאַנגען אויף אַ היפּאָטעק, האָט זיך שמחה מאיר נישט געאיילט און ווידער דערציילט, אַז ער מוז פרעגן דעם טאַטעשי. ר׳ חיים איז שוין אַרויס פון די כלים.

— ווידער פרעגן דעם טאַטעשי? — האָט ער זיך געכעסט. — ס׳איז דאָך אַ מעשה אָן אַ סוף.

שמחה מאיר האָט שנעל געוואַשן די הענט צו מים־אחרונים און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. נאָך פון די קאָרטן־צייטן ביי שילם בעקער, האָט ער געוואוסט, אַז ווען יענער קאָכט זיך, איז די בעסטע זאַך צו בלייבן רואיק, קאַלט. דוקא ווייל דער שווער האָט זיך אַזוי געאיילט, האָט ער גע־האַט צייט. ער האָט גענומען דעם שווער ציען די אָדערן. דאָ האָט ער דעם פאָטער נישט געטראָפן אין דער היים, דאָ איז ער געווען פאַרנומען. ענדלעך האָט ער געבראַכט פון טאַטן אַן ענטפער.

— דער טאַטעשי וויל נישט אַנדערש ווי אַן ערשטן היפּאָטעק, — האָט ער געזאָגט פרום. — אַ נישט, הייסט ער נישט רירן ס׳געלט, דער טאַטעשי...

ר׳ חיים האָט זיך געקאָכט, געטומלט. ער האָט קיין ערשטן היפּאָטעק נישט געקאָנט געבן, ווייל דער ערשטער היפּאָטעק איז נאָך פריער, פאַר דער

חתונה, געווען אָנגעשריבן אויף אַן אַנדערן. שמחה מאיר האָט עס גע־וואוסט. ער האָט זיך פריער גוט דערוואוסט אין גאַס, ווי עס האַלט מיטן שווערס געשעפטן, ווי עס זעט אויס מיט זיינע חובות. און טאַקע דער־פאַר האָט ער אים אונטערגערוקט אַזאַ היפּאָטעק, וואָס זאָל נישט קאָנען געגעבן ווערן.

ער האָט נישט געוואָלט קיין היפּאָטעקן, שמחה מאיר, ער האָט געוואָלט גאָר עפּעס אַנדערש.

נאָך פון די יינגלשע יאָרן, ווען ער איז אַריינגעקומען צום מחותן אי־ן שטוב אַריין, האָט ער געוואָרפן אַן אויג אויף דער וועבעריי זיינער. ער האָט, אמת, נישט געהאַט קיין גרויסע סימפּאַטיעס פאַר האַנט־שטולן. ער האָט ליב געהאַט דאָס נייע לאָדזש, נישט דאָס אַלטע; אים האָט פון קינד־ווייז אָן פאַרכאַפּט דאָס גרויסע, דאָס שרייענדיקע, דאָס הילכיקע. ווי קליין־געוויקסיק ער איז געווען, האָט ער ליב געהאַט זאַכן ריזיקע: הויכע, ברייטע פאַבריקן, הויכע הימל־קריכנדיקע קוימענס, דאָס פייפן פון סירענעס האָט אים ווי די בעסטע מוזיק געקלונגען, קיין זאַך האָט אים נישט געשמעקט אַזוי גוט אין דער נאָז ווי דער רויך פון פאַבריק־קוימענס. די שטילע האַנט־שטולן, די יידן מיט יאַרמולקעס און פּיאות ביי דער אַרבעט, זיי יידישלעכע היימישקייט פון באַלעבאָס און געזעלן איז אים געווען דערווידער; דאָס האָט אים דערמאָנט אין בית־המדרש, וואָס ער האָט נישט געקאָנט ליידן, פאַראַכט. ער האָט פון תמיד אָן געשטרעבט צו דעם נייעם, גרויסן; ער האָט שטענדיק זיך געזען ווי איינער פון די גרויסע פאַבריקאַנטן, וואָס דינער שטייען פאַר אים אויסגעצויגן און וואַרטן אויף זיין באַפעל, וואָס דורך איין וואונק זיינעם ווערן געלאָזן אַלע מאַשינען, קוימענס און סירענעס אין גאַנג.

אָבער געהערט האָט ער אויך, אַז קראָקע איז נישט מיט אַמאָל געבויט געוואָרן. ביי זיינע יונגע יאָרן האָט ער שוין געוואוסט, אַז כדי אַרויפ־צודראַפּען זיך אויף אַ שפּיץ פון אַ קוימען, מוז מען פריער קלעטערן פון שטיג צו שטיג, ביז מען דערגרייכט דעם שפּיץ. ער האָט גוט געקענט לאָדזש, אַלע פאַבריקן, פאַבריקלעך, פאַבריקאַנטן און סוחרים. ער האָט געקענט יעדנס לעבן, יעדנס וועג. ער האָט געוואוסט, אַז אַלע דאָ אין שטאָט האָבן זיי אָנגעהויבן צוערשט ביי איין שטול, אַריבער צו עטלעכע, אַרויפ־געשלאָגן זיך צו אַ ווערקשטאַט, אַריינגעקראָכן אין אַ פאַבריקל און אַרויס־געוואַקסן ביז צו קוימענס, סירענעס און פּאַלאַצלעך ביי די ציגל־רויטע פאַבריקן.

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין וועג דאַרף נישט זיין אַזאַ לאַנגזאַמער, ווי ער איז געווען ביי אַנדערע, ביי די ערשטע. לאָדזש איז שוין נישט דאָס וואָס אַמאָל. אַלץ גייט שנעלער, אויך איז ער נישט דער מענטש פון געדולד, פון וואַרטן. ער האָט קיינמאָל נישט געקאָנט וואַרטן אויף עפּעס צו־לאַנג. ער וועט שוין ביי קיין איין וועב־שטול נישט אָנהויבן. נישט דערצו

איז ער אַ זון פון ר׳ הערש אַשכּנזי און אַן איידעם פון ר׳ חיים אַלטער און אַליין אַ באַלעבאָס פון גאַנצע צען טויזנט רובל אין באַנק — אַ חוץ פּראָצענט. מיט אַזאַ סומע קאָן מען שוין עפּעס אויפטאָן, ווען מען פאַר־שטייט אַן עסק. מיט אַזאַ געלט קאָן מען שוין פונאַנדערפירן די הענט. מען דאַרף באַלד אַריינקריכן אין גרויסן אַריין, און אָנצוהויבן מיט אַ וועבעריי ווי דעם שווערס, מיט פּופּציק שטולן, דאָס איז שוין אַן עסק, ס׳איז כדאַי צו רעדן וועגן דעם.

מיט דעם שאַרפן בליק פון זיינע פּלוטעוואַטע גרויע אויגן, וואָס זעען אין ערשטן אויגנבליק אויס שטיל, ווייך, נאָר אין דער אמתן זענען זיי דורכ־דרינגלעך און גיריק, האָט ער נאָך חתן־וויז דערזען, אַז דער שווער זיינער איז אַ פּוילער, אַ ווייכער, אַ מענטש, וואָס האָט ליב רו, באַקוועמלעכקייטן, און ליגט ביים ווייב זיינס אונטערן פּאַנטאָפל. שוין דעמאָלט האָט ער געזען, אַז ער איז נישט פאַר לאָדזש, ר׳ חיים אַלטער, אַז ער וועט סוף־כּל־סוף מוזן אַרויסשפּרינגען פון דער פאַבריק אַרויס. ער האָט געזען די אָפּ־געלאָזנקייט אין געשעפט, די נאַכלעסיקייט, און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס וועט מוזן קומען דער, וואָס וועט האָבן מער שכל, וועט זיין מער טיכטיק, און אים אַרויסבייסן. ער האָט געמערקט, אַז ביי דער גאַנצער ברייטקייט אין שטוב, וואָס ביי זיי אין דערהיים איז עס גאָרנישט צו זען, זענען די געשעפטן ווייט נישט אַזעלכע גוטע. דערפאַר טאַקע האָט ער זיך נישט געלאָזט אַריינרוקן קיין וועקסלען פאַר דער חתונה צום נדן, וואָס מען האָט אים געדאַרפט סילוקן. איצט האָט ער איינגעזען, אַז ער האָט ריכטיק גע־האַנדלט, זייער ריכטיק.

איצט איז ער טאַקע געקומען צו אים לייען דעם נדן, דער שווער זיי־נער, וועקסעלעך אים געבן און אַ פּראָצענט אין קעשענע, כּדי ער זאָל קאָנען זיצן רואיק און לערנען און עסן קעסט. אָבער שמחה מאיר האָט גאָר קיין חשק נישט געהאַט צו זיצן און לערנען. געענוג איז ער געזעסן אין בית־המדרש און ביי מלמדים ביז דער חתונה. איצטער איז ער אַ פרייער מענטש, האָט צען טויזנט רובל אין מזומנים, אַ חוץ פּראָצענט, ליגן אין באַנק אויף זיין נאָמען. צו יעדער צייט קאָן ער זיי אַרויסנעמען און לאָזן אין גאַנג, כּדי זיי צו פאַרמערן וויפיל נאָר עס וועט זיך לאָזן.

אמת, דער טאַטע זיינער וועט שרייען אויף אים, בייזערן זיך, טומלען, אַלמאַי ער זיצט נישט אויס די קעסט און לאָזט זיך אַריין צו־פרי אין עסקים, ווען ער דאַרף גאָר זיצן און לערנען תורה. אָבער דערויף איז ער אַ טאַטע, ער זאָל זיך בייזערן, און דערויף איז ער, שמחה מאיר, אַליין אַ באַלעבאָס פאַר זיך, ער זאָל אים נישט הערן. מיט דעם סאַמע בעסטן בליק, ווי ער איז עס געוואוינט געווען ביי די קאָרטן אין שילם בעקערס הויז, האָט ער דערזען אַ שאַנס אויף אַריינצוקריכן אין געשעפט אַריין, צו ווערן אַ שותּף צו דער וועבעריי „חיים אַלטער״, וואָס זאָל זיך רופן: „וועבעריי חיים אַלטער עט שמחה מאיר אַשכּנזי״.

ער האָט עטלעכע מאָל אַרויסגעזאָגט אויפן קול ביי דער גמרא — וועבעריי אַלטער און אַשכנזי, — און עס איז אים געפעלן געוואָרן. מיט דער סאַמע שענסטער האַנטשריפט האָט ער אויפן שער־בלאַט פון ספר אויפגעצייכנט די צוויי נעמען — זיין שווערס און זיין אייגענעם. עס האָט זייער שיין אויסגעזען. ער איז נישט געווען אָן פאַנטאַזיע, שמחה מאיר, אָ נייך! ער האָט פון אַלע צייטן פריי געלאָזט זיין פאַנטאַזיע, נאָך ווען ער פלעגט יינגלווייז זיך אַריינכאַפן בגנבה אין לאַגער פון הונצע עט געצקעס פאַרטרעטונג און מקנא זיין דעם טאַטן, וואָס זיצט אין קאַנטאָר ביי זיך, אַרומגערינגלט מיט גראָבע ביכער און פאַפירן. אויך איצט האָט ער זיצנדיק ביי די ספרים, אָנגעשלאָגן זייער ווייט. ער האָט כסדר אויסגע־צאַצקעט אויפסניי די שותפותדיקע וועבעריי פון זיין שווער און זיך אַליין, ביז ער האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן שטעלן פריער זיין נאָמען און דערנאָך דעם שווערס. אַשכנזי און אַלטער האָט אים פיל שענער געקלונגען, ווי אַלטער און אַשכנזי, אַ סך בעסער אויסגעזען. ביסלעכווייז איז דעם שווערס נאָמען אינגאַנצן אַרויסגעפאַלן פון דעם גמרא־בלאַט, פאַרלאָרן געגאַנגען; בלויז „וועבעריי פון ש. מ. אַשכנזי" האָט זיך אויסגעלייגט אין זייער ציקלדיקע געדרוקטע בוכשטאַבן מיט דריידלעך און עקעלעך.

און ביים עסן ביים שווערס טיש האָט ער געלאָזט דעם שווער זיינעם צאַפּלען זיך, ווי אַ פליג אין שפּינוועבס. ער האָט געוואוסט, וואָס ער טוט. מען דאַרף שטענדיק לאָזן אַ מענטשן זיך קאָכן וואָס מער, האָט ער נישט איין מאָל געהערט ביים טאַטן זיינעם אין שטוב. וואָס מער אַ מענטש קאָכט זיך, אַלץ ווייכער ווערט ער, ווי אַן אָקס, אַ שטייגער. ער האָט געוואוסט, אַז אין לאָדזש איז איצט ביטער, דער סעזאָן איז אין דער ערד און אַ מזומנער רובל איז טייער, מען לאָזט אים גאָרנישט פון דער האַנט אַרויס, ווי אַן אבן־טוב. ער וועט ווייכער ווערן, דער אַלטער, וועט איינגיין אויף אַלץ, וואָס נאָר ער, שמחה מאיר, וועט וועלן. זאָלן זיך נאָר צורוקן די טערמינען פון צאָלן!

און ער האָט זיך דערוואַרט.

ר' חיים אַלטער האָט זיך תחילת געקאָכט, געהיצט, געזאָגט דעם איידעם זיינעם ביים טיש, אַז ער האָט אַ שטיינערן האַרץ, אַז אַ גזלן איז ער, נישט קיין איידעם. נאָר שמחה מאיר האָט אים נישט געענטפערט. ער איז גאָר מיטאַמאָל געוואָרן אַ געוואַלטיקער מתמיד און גאָרנישט אָפּגעלאָזן די גמרות. דער שווער האָט אים אויסגעמיטן, קיין וואָרט מיט אים מער נישט אויס־גערעדט. אָבער אַז די טערמינען צו צאָלן האָבן זיך אָנגערוקט און שמואל לייבוש האָט אַלץ קיין געלט נישט געקריגן, האָט ר' חיים זיך איבערגעבעטן מיט זיין איידעם, ווי שמחה מאיר האָט עס פאָראויסגעזען, און איינגעגאַנגען אויף אַלע באַדינגונגען. פאַר די צען טויזנט רובל זיינע איז שמחה מאיר געוואָרן אַ שותף אויף אַ גאַנץ דריטל פון דער וועבעריי. מיט אַ סך פאַרזיכע־רונגען, אַדוואָקאַטישע פאָראויסזעענישן און אַלערליי באַוואָרענישן איז אויס־

געאַרבעט געוואָרן ביים נאָטאַר דאָס שותפות צווישן שווער און איידעם. ר׳ חיימען זענען גוט די אויגן אַרויסגעקראָכן, ביז ער האָט דערלעבט צו זען צוריק דאָס אייגענע געלט, פאַר וועלכן ער האָט זיך איינגעהאַנדלט דעם וואויל־לערנער שמחה מאיר פאַר זיין בת־יחידה.

— אוי ביסטו אַ שווערער פאַרשוין, שמחה מאיר, — האָט ר׳ חיים אָפּגעזיפצט נאָך דעם ווי זיי זענען אַרויס פון דער שטיקנדיקער נאָטאַרישער קאַנצעלאַריע און זיך געוואונטשן מזל־טוב צום נייעם שותפות.

ר׳ חיים האָט איצט געוואָלט האָבן וואָס ווייניקער דעם איידעם זיינעם אין דער וועבעריי און ער האָט אים געשיקט אין שטיבל אַריין לערנען.

— מעגסט זיין אַ שותף, — האָט ער אים געזאָגט, — אָבער קענסט וועסטו ווייטער מעגן עסן און זיצן אין שטיבל און לערנען. מיין וואָרט איז אַ וואָרט.

נאָר שמחה מאיר האָט אַפילו נישט געטראַכט צו גיין אין שטיבל אַריין.

— אַז שותפות, איז צו אַלעם, שווער, — האָט ער פרום געענטפערט. — איך וועל נישט לאָזן דעם שווער אַרבעטן פאַר מיר. איך וועל אַרבעטן גלייך מיטן שווער...

אַז ר׳ אברהם הערש אַשכנזי האָט זיך דערוואוסט פון מענטשן וועגן זיין שמחה מאירס געשעפטן, האָט ער גלייך געשיקט נאָך אים יעקב בונמען. יעקב בונם איז געגאַנגען מיט גיכע האַסטיקע טריט אויספירן דעם טאַטנס שליחות, די מינוט איז אים געווען צו־לאַנג.

אין עס־שטוב האָט ער געטראָפן דינהלען, וואָס איז, ווי שטענדיק, געזעסן מיט די פיס אונטער זיך אויף דער אָטאָמאַנע, פאַרטיפט אין אירע ראָמאַנען.

— גוטן אָוונט, — האָט ער געזאָגט מיט אַ פרעמד קול.

זי האָט זיך דערשראָקן פון דעם פלוצלונגדיקן קול און אַ ציטער געטאָן.

יעקב בונם האָט זיך פאַרלאָרן און געכאַפּט זיך מיט די פינגער ביים דאַשעק פון זיין זיידן היטל, ווי תמיד, ווען ער פלעגט זי זען אין גאַס. ער האָט גאָר פאַרגעסן, אַז ער איז אין שטוב. זי האָט זיך פאַררויטלט.

— וואָס מאַכט יעקב? — האָט זי אים געפרעגט נישט פער „דו״, נישט פער „איר״, נאָר אין דער דריטער פערזאָן...

זי האָט אים גערופן בלויז ביים ערשטן נאָמען, יעקב, וואָס איז איר בעסער געפעלן.

— וואָס מאַכט דינהלע? — האָט יעקב בונם זי צוריקגעפרעגט אַ פאַר־לאָרענער.

זיי האָבן ביידע גלייך אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געשוויגן.

שמחה מאיר האָט נישט איבעריק־פריינטלעך אויפגענומען זיין ברו־דער. ער האָט געוואוסט, אַז קיין גוטס דערוואַרט אים נישט אינדערהיים. נאָר ער איז געגאַנגען. דער פאָטער האָט, ווי אַלע מאָל, אַרויפגעלייגט די קעשענע־פאַטשיילע אויף דער אויפגעמישטער גמרא, אַ סימן, אַז ער

לייגט זי נישט אַוועק, נאָר ער פאַרלאָזט זי בלויז אויף אַ ווייל, ביז ער וועט פריי ווערן און צוריקנעמען זיך צו איר, און גלאָזט דעם זון זיינעם שטיין, נישט געבעטן אים זיצן.

— שמחה, — האָט ער אָנגעהויבן שטיל, ווי אַלע מאָל, ווען ער איז גאָר שטאַרק אין כעס, — האָסט מיך געפרעגט, צי דו מעגסט אַרויסנעמען דאָס געלט פון באַנק?

— ניין, טאַטע.

— פאַרוואָס האָסטו עס אַרויסגענומען אָן מיין וויסן?

— דער שווער איז געדריקט, — האָט שמחה מאיר געמאַכט אַ פריב פנים, — אַ רחמנות, נעבעך.

— האָסט, הייסט עס, געוואָלט טאָן אַ מצווה, האַ? — האָט ר׳ אברהם הערש געפרעגט מיט שפּאָט.

—יאָ, טאַטע, — האָט זיך שמחה מאיר געמאַכט תמעוואַטע.

— נו, און פאָלגן דעם טאַטן איז נישט קיין מצווה?

שמחה מאיר האָט געשוויגן.

ר׳ אברהם הערש האָט אַרויפגערוקט די יאַרמולקע העכער איבערן קאָפּ און באַטראַכט דעם זון זיינעם, גוט אים דורכגענומען. ער האָט געוואָלט, אַז ער זאָל כאָטש אַראָפּלאָזן די אויגן זיינע ביי די שקרים, וואָס ער וויל אים איינרעדן. אָבער שמחה מאיר האָט אַפילו קיין שאָקל מיט קיין אויג נישט געטאָן. די פרומע מינע איז גאָרנישט אַראָפּ פון זיין פנים. דעם יונגס גנבהשע פרומקייט האָט דעם פאָטער אויפגעקאָכט.

— זאָג נאָר, צדיק, — האָט ער באַפוילן, — איך הייס דיך וויטער זיצן און לערנען!

— איך וועל לערנען, ווען איך וועל זיך נאָר קאָנען אָפּרייסן, — האָט שמחה מאיר געזאָגט, — בלי נדר....

— ניין, וועסט לערנען פינף יאָר, ווי לאַנג דו דאַרפסט עסן קעסט ביים שווער!

כ׳קאָן נישט לאָזן דעם שווער אַליין אַרבעטן. עזוב תעזוב, שטייט געשריבן...

ר׳ אברהם הערשן האָט דער כעס צוגעשלאָגן צום האַלדז. דעם זונס פּסוקים האָבן אים דאָס בלוט אויפגערודערט.

— עוכר ישראל, — האָט ער גענומען כאַרכלען, דיין פוס זאָל נישט איבערטרעטן די וועבעריי, איידער דו וועסט אָפּעסן די פינף יאָר קעסט! גיב מיר שוין אַ תקיעת־כף!

דער פאָטער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַריקע, אָדערדיקע האַנט. נאָר שמחה מאיר האָט די אויסגעשטרעקטע פאָטערשע האַנט געלאָזט הענגען אין דער לופט.

אַ ווײַלע האָט אין שטוב געהערשט אַ שטילקייט, אַזאַ שטילקייט, אַז מען האָט אַפילו געהערט יעקב בונמס הייסן אָטעם. ר׳ אברהם הערשס רעכטע

האַנט האָט געשטעקט אין דער לופט און געוואַרט אויף זיין זונס האַנט־אויסשטרעקן. נאָר עס איז נישט געקומען. ר׳ אברהם הערש האָט געדולדיק איבערגעטראָגן זיין פּאָטערשע דערנידערונג אפשר אַ האַלבע מינוט צייט. אָבער אַז דער זון האָט זיך אַלץ פון אָרט נישט גערירט, האָט ער אויפגע־הויבן די האַנט אין דער הויך און מיט דער גאַנצער קראַפט אַראָפּגעלאָזן זי אויף שמחה מאירס לייכט־באַבערדלטער באַק:

— אַרויס, בן סורר־ומורה, פון מיין שטוב!...

שמחה מאיר האָט שווייגנדיק אויפגעהויבן דאָס זיידענע היטל זיינס, וואָס איז אים אַראָפּגעפלויגן פון קאָפּ פון פּאָטערס פּאַטש, אַ רייב געטאָן די פאַרפלאַמטע באַק און איז אַרויס פון שטוב.

אויסער דעם ווייטיק פון קלאַפּ, האָט ער קיין שום אַנדער ווייטיק פון בושה נישט געפילט. ער האָט אַפילו געשמייכלט, גייענדיק אויף דער גאַס אַהיים.

וואָס פאַר אַ ראָלע האָט געשפּילט איצט אַ טאַטישער פּאַטש פאַר אים, דעם שותף פון דער וועבעריי אַלטער און אַשכנזי, דעם זעלבסטשטענדיקן מענטשן, וואָס גייט איינגעמען לאָדזש, וואָס הויבט־אָן גלייך ביי פופציק שטולן און קוקט אַרויף צו די העכסטע שטאָטישע קוימען־שפּיצן!

ער האָט מיט ברייטע, אָפענע נאָזלעכער טיף איינגעאָטעמט אין זיך דעם לאָדזשער רויך און שטויב פון די גאַסן. זיינע פיס האָבן געטראָטן זיכער אויף די שלעכט־געפּלאַסטערטע שטיינער.

## קאַפּיטל זעכצן

מיטן גאַנצן ברען פון זיינע יונגע, הייסע יאָרן, מיט דער זעלבער היץ, ווי ער פלעגט פריער אַרבעטן ביי די קאָרטן ביי שילם בעקער אין הויז, האָט שמחה מאיר איצט גענומען אַרבעטן אין דער וועבעריי, וואָס איז ביים שווערס הויז. אומעטום האָט ער אַריינגעשטעקט די נאָז, צו אַלעם אויפ־געשפּיצט זיינע אויפגעהויבענע אויערן, וואָס זענען, ווי ביי אַ האָז, שטענדיק וואַך און געשפּיזט, אויף אַלץ אָנגעשטעלט זיינע גרויע אויגן, וואָס זעען אויפן ערשטן בליק אויס מילד, נאָר אין דער אמתן קוקן זיי מיט עקשנות, פאַרביסנקייט און אומצוטרוי. אַלץ האָבן זיי געזען, די פלוטעוואַטע אויגן, די לאַנגע, דינע נאָז האָט אומעטום געשפּירט, דערשנאַפּט.

קודם־כל האָט ער זיך גענומען צו די ביכער, צו די זעלבע פאַרפלאָנ־טערטע און צעדרייטע ביכער, וואָס דער שווער מיטן משרת האָבן געפירט און קיינמאָל פון זיי נישט אַרויסגעקראָכן. בעסער פונם ליטוואַק דעם בוכ־האַלטער האָט ער זיך אויסגעטויגט אין דעם פלאָנטער פון ציפערן, חסידישע רמזים, היימישע אָנצוהערענישן און פאַרגרייזטע לשון־קודשדיקע סוחרישע באַמערקונגען. ער האָט גערעכנט, געמעקט, געכפּלט, אַראָפּגענומען, צוגע־

שטעלט, אַלץ מיט אַ סך איבעריקע ציפערן, אויפֿן היימישן שטייגער, אָבער געשטימט האָט אַלץ ביי אים צו דער האָר. אַז ער איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט די ביכער, צו וועלכע ער האָט איצט קיינעם שוין מער נישט צוגעלאָזט, נישט שמואל לייבושן, נישט אַפּילו דעם שווער, האָט ער זיך גענומען צו אַלערליי בריוו, פֿאַרלעגענע באַשטעלונגען, וועקסלען און קבלות, וואָס האָבן געהאַט אַ טבע זיך צו וואַלגערן אומעטום און אַממערסטנס טאַקע אין שווערס אַלע קעשענעס פֿון די קאַפּאָטעס, וועסטלעך און הויזן, וויפֿיל נאָר ער האָט זיי געהאַט. ער האָט קיין שפּראַכן נישט געקענט, אַ חוץ אַביסל גרייזיקן דייטש, וואָס ער האָט זיך האָט אויסגעלערנט פֿון גאָלדלוסטן דעם בוכ־האַלטער, אַרויסגענומען פֿון די בריוונשטעלערס, וועלכע פֿאַרפֿאַסן בריוו צווישן האָכוואָלגעבאָרן הערר סאַלאָמאָן גאָלדמאַן פֿון לייפּציג און האָכוואָל־געבאָרן הערר ראַבינאָוויטש אין אָדעס. נאָך וויניקער האָט ער געקענט רוסיש, אויסער די געציילטע ווערטער, וועלכע ער פֿלעגט זיך אָנהערן פֿון די ליטוואַקעס די קאָמיסיאָנערן און וואָיאַזשאָרן ביי זיך אין שטוב. אָבער ער האָט געהאַט אַ פֿלינקן קאָפּ צו כאַפּן, פֿון איין וואָרט צו פֿאַרשטיין צען. נאָך מער האָט ער געהאַט חוצפּה, גלויבן אין זיך, און ער האָט גלייך גענומען ענטפֿערן בריוו צו קונדן, בריוו גרייזיקע, שלעכט־געשריבענע, אָבער געשיקטע און שכלדיקע.

אַז ער איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט די פּאַפּירן, האָט ער גענומען שמואל לייבושן אין די הענט אַריין. קודם־כל האָט ער אים צוגענומען די קאַסע פֿון די הענט, וועלכע ר׳ חיים אַלטער האָט אים איבערגעגעבן פֿאַר אַלע יאָרן, וואָס ער האָט געאַרבעט. שמואל לייבוש האָט זיך נישט געלאָזט לייכט איינברעכן. צוגעוואוינט זינט יאָרן צו זיין דער גאַנצער באַלעבאָס אין דער וועבעריי, צו טראָגן דעם עול פֿון אַלעם און באַזאָרגן דעם באַלעבאָס מיט געלט, וויפֿיל נאָר ער דאַרף, איז אים נישט אָנגעשטאַנען צו האָבן איבער זיך אַ נייעם באַלעבאָס, נאָך דערצו אָט דעם פּלוטעוואַטן יונגנמאַנטשיקל, וואָס האַלט זיך אין איין צופּן דאָס שפּראָצנדיקע בערדעלע פֿון קין, ווי ער וואָלט עס וועלן אַרויסקריגן פֿאַר דער צייט, אָט דעם ראָצער, וואָס דער מאַמעס מילך ליגט אים נאָך אונטער דער נאָז.

ער האָט טאַקע נישט געוואָלט פֿאָלגן. געמאַכט זיך טויב צו שמחה מאירס באַפֿעלן און געקוקט אויף אים פֿון אויבן אַראָפּ, וואָס האָט ר׳ חיימען גרויס נחת פֿאַרשאַפֿט. איבערהויפּט האָט שמואל לייבוש נישט געוואָלט אַרויסלאָזן די קאַסע פֿון די הענט, צו וועלכער שמחה מאיר האָט זיך אַזוי געריסן.

— כ׳וועל אויסצאָלן דעם באַלעבאָס אַליין, — האָט שמואל לייבוש גע־זאָגט, ווען שמחה מאיר האָט געפֿאָדערט ביי אים די קאַסע יעדן אָוונט, — זאָל זיך שמחה מאיר נישט זאָרגן.

דערמיט האָט ער אים געגעבן אָנצוהערן, אַז פֿאַר אים, שמואל לייבושן, איז דער באַלעבאָס בלויז ר׳ חיים אַלטער, אַלץ איינס צי דער איידעם זיינער

איז יאָ צוגעטראָטן צום שותפות אָדער נישט, און ער וועט זיך פירן ווי ער האָט זיך שטענדיק געפירט, נישט לאָזנדיק זיך זאָגן קיין דעה פון ביידע באַלעבאָטים. ר׳ חיים, אַ צעשטראָלטער דערפון, וואָס זיין משרת אנערקענט נישט דעם ניי־געבאַקענעם שותף זיינעם, האָט טאַקע גלייך אויסגעשטעלט די האָריקע פליישיקע הענט זיינע און אַריינגעוואָרפן דאָס געלט, וואָס שמואל לייבוש האָט אים דערלאַנגט, אומגעציילט אין אַלע קעשענעס פון זיין קאַפּאָטע און הויזן. אָבער עס האָט נישט לאַנג געדויערט, איידער דער משרת האָט זיך רעכט אַרומגעזען, ווי ער איז געלעגן ביי שמחה מאירן אין די הענט. צום ערשט האָט שמחה מאיר אים אַרויסגעשטויסן פון דער וועבעריי. ער איז געקומען אין דער וועבעריי פאַר דעם משרת, צוגלייך מיט די אַרבעטער פאַרטאָג, און אַוועקגעגאַנגען שפּעט. עס איז אים גאָרנישט געווען צו דערבעטן צום טיש. הדס די דינסט האָט אים עטלעכע מאָל געמוזט לויפן רופן צום מיטאָג.

ער האָט אַרויסגעגעבן די אַרבעטער די וואָל, ער האָט אַכטונג געגעבן, מען זאָל נישט פושערן, ער האָט געציילט דורך אַ שפּאַקטיוול די פעדעם, געהאַלטן אַן אויג, מען זאָל זיך נישט פוילן, צולייגן אַ האַנט ביים צוקלאַפּן די קעטע, נישט מאַכן שיטער. די אַרבעטער האָבן אין אים דערזען אַ מבין, אַ געשיקטן פאַבריקאַנט, וואָס לאָזט זיך נישט אָפּנאַרן, וואָס פאַרשטייט אַן עסק, און זיי האָבן גענומען זיך רעכענען מיט זיין מיינונג. ער האָט זיי אַזוי שנעל אין די הענט אַריינגענומען, אַז זיי האָבן נאָר מיט אים גערעדט וועגן אַרבעט, נאָר זיינע באַפעלן אָנגענומען און איגנאָרירט דעם משרת, וואָס איז אַריינגעלאָפן אויף אַ ווײַלע און אָנגעשריגן זיך, אַליין נישט וויסנדיק וואָס.

— גיי, גיי, — האָט אים שמחה מאיר משלח געווען, — דאָ בין איך דאָ.

שמואל לייבוש איז אַוועקגעגאַנגען אַ ברוגזער און אויפגעהערט צו קומען אין דער וועבעריי.

באַלד דערנאָך האָט אים שמחה מאיר פון אַנדערע זאַכן אַרויסגעשטויסן. ער האָט גענומען אַליין זען זיך מיט די סוחרים, קאָמיסיאָנערן, שרייבן בריוו, טראַכטן וועגן די פּראַכטן, וואָס זאָלן אַוועקגיין אין צייט. די סוחרים און קאָמיסיאָנערן, וואָס האָבן יאָרן־לאַנג געמוזט געבן שמואל לייבושן קאָמיסיע, האָבן גערן גערעדט איצט מיט דעם נייעם שותף, וואָס האָט קיין קאָמיסיע נישט גענומען. דערצו איז ער געווען געשיקט, פלינק, פאַרשטאַנען אַן עסק נאָך איידער מען האָט אַ וואָרט אַרויסגעזאָגט, רעדנדיק אַזוי מיט די סוחרים און קאָמיסיאָנערן, האָט שמחה מאיר אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט דעם משרת שמואל לייבוש און געגעבן אָנצוהערן, אַז מען זאָל וואָס ווייניקער עסקים האָבן מיט אים און דער עיקר קיין געלט אים נישט אַרויסגעבן, נאָר אים, שמחה מאירן אַליין.

שמואל לייבוש דער משרת האָט ווייטער געמסחרט ווי פריער, אָבער וואו ער איז נישט געקומען, האָט מען אים געענטפערט, אַז דער יונגער אַשכנזי

איז שוין געווען פריִער און אַליין אַלץ באַזאָרגט. שמואל לייבוש האָט גלייך דערפילט, אַז דער נייער שותף איז נישט פון די, וואָס מ׳קאָן בלאָזן אין דער קאַשע, און ער האָט גענומען מער דרך־ארץ אים אַרויסווייזן, לעבן מיט אים גוט, כדי אים צו געווינען פאַר זיך. אָבער שמחה מאיר האָט אים נישט צוגעלאָזט. ער האָט אים געהאַלטן פון דערווייטנס, געשאַפן זיך מיט אים, געשיקט אים מיט שליחותן ווי אַ שיק־יינגל. און אַז שמואל לייבוש האָט זיך געברוגזט און געברומט:

— זאָל מיך שמחה מאיר נישט אַזויפיל אַרומשיקן, כ׳בין נישט קיין יינגעלע...

האָט שמחה מאיר גאָר אַריינגעלייגט די הענט אין די הויזן־קעשענעס געשטעלט זיך אויף די שפּיץ־פינגער, כדי זיך צוגעבן געוויקסיקייט, און אים געלערנט דרך־ארץ אויפן גרויסן שטייגער.

— אַז ס׳געפעלט דיר נישט, קאָנסטו דיר זוכן בעסערע געשעפטן, — האָט ער אים געזאָגט שאַרף, — און רעדן זאָלסטו אויך צו מיר אַנדערש. איך האָב מיט דיר צוזאַמען חזירים געפּאַשעט, וואָס דו רופסט מיך ביים נאָמען ?

שמואל לייבוש האָט גלייך אַראָפּגעלאָזט פון זיין גדלות.

— ר׳ שמחה דאַרף זיך נישט אויפרעגן, — האָט ער געענטפערט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, — שוין גיי איך.

שמחה מאיר האָט אים אויסגערעכנט אַלע שליחותן, וואָס ער דאַרף טאָן, און פון איצט אָן געהאַלטן דעם משרת אונטער די טריט. ר׳ חיים אַלטער האָט זיך געפילט באַליידיקט פאַר זיין משרת, אָבער ער האָט גאָרנישט געקאָנט טאָן. אַ פוילער, אַ געניסער, אַ בעלן אויף זיצן אין שטיבל און פירן די גרענדע צווישן די חסידים, אַ ליבהאָבער פון כאַפּן אַ דרימ׳ל נאָכן עסן, פון אַרויספאָרן אין הייסע זומער־טעג אויף דער פרישער לופט, איז ער ווייניקער ווי אַלע מאָל געקומען איצט אין דער וועבעריי. וואָס ער האָט נישט געגרייט זיך טאָן, האָט שוין שמחה מאיר געהאַט אָפּגעטאָן פאַר אים.

— דער שווער מעג זיך גיין אָפּרוען, — האָט אים שמחה מאיר געזאָגט מיט געטריישאַפט, — איך וועל שוין אַלץ מאַכן.

ר׳ חיים האָט זיך צוגעכאַפּט מיט הנאה צו דער אָטאָמאַנע, געלייענט מיט פאַרגעניגן די חסידישע מעשה־ביכלעך פון די גוטע־יידן, די אַלע פאַר־כאַפּנדיקע געשיכטעס וועגן פריצים מכשפים, וואָס פאַרשטעלן זיך פאַר וואָלקאָלאַקעס, כדי צו טאָן שלעכטס יידן, און וועגן די בעל־שמס, די צדיקים, וואָס כאַפּן די מכשפים מיט הייליקע שמות און מאַכן זיי מגוגל אין הינט און אין קאָטערס. ליגנדיק אַזוי פוילערהייט אויף דער ווייכער אָטאָמאַנע, האָט ער נישט אויפגעהערט מוסרן זיינע בחורים, פּונקט אַזעלכע פוילע און ליבהאָבער פון באַקוועמלעכקייט ווי ער אַליין, פאַר זייער פוילקייט און ליידיק־גייעריי.

— ס׳מעגט זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר פון שמחה מאירן, — האָט ער געברומט, — ווי דער סמבטיון אַזוי רוט ער נישט.

אין שטיבל האָט שמחה מאיר מער נישט אַריינגעשמעקט, בלויז אָפּגע־כאַפּט גיך דאָס דאַוונען. דערפאַר איז ער אַרומגעגאַנגען צווישן די רעסטאָ־ראַנדלעך, וואו סוחרים, קאָמיסיאָנערן, מעקלערס, פּראָצענטניקעס און גלאַט יידן, וואָס דרייען זיך אַרום געשעפטן, זענען געזעסן ביי ביר מיט האַרטן געפּעפּערטן אַרבעס און געמסחרט, געמעקלט, געטוישט, גערעדט פון ביינוול און וואָל, פון הויכע און נידעריקע פּרייזן, פון יעדנס פאַרדינסטן און היזקות, פון יעדנס וואוילשטאַנד און שלימזל. אין די טומלדיקע רעסטאָראַנדלעך ביי די שמוציקע טישלעך, פאַרגאָסענע מיט ביר און פאַרשריבענע מיט קרייד, איינגעהילט אין שטויב און אין רויך, זענען זיי געזעסן אין די הונדערטער, די סוחרים און די מעקלערס, און געהאַלטן די וואַקסנדיקע שטאָט מיט אַלע אירע שטולן, קוימענס און געשעפטן אין די הענט. דאָ האָט מען אָפּגעשאַצט, ווער עס איז רייך און ביי וועמען עס גייט מיט דער פּוטער אַראָפּ, ווער עס איז לייט און ווער עס איז אַן אָרעמאַן, אַ שלעפּער, ווער עס איז קוראַנט און ווער ס׳איז אַ גנב, אַ שווינדלער, וואָס מ׳טאָר אים קיין פּעקל סחורה פון דער האַנט נישט אַרויסגעבן.

ביי די פאַרשמוציקטע טישלעך האָט מען פאַרקויפט ביינוול־פּעלדער פון טויזנטער מיילן ווייט; האָט מען פעסטגעשטעלט פּרייזן; האָט מען גע־הויבן סחורות און געוואָרפן. אין טומל פון חסידישע ווערטלעך, וואָיאַזשאָ־רישע וויצן, קאָמיסיאָנערישע ליטווישע חכמות, און געפּילדער פון לשון־הרע, רכילות, באַרעדענישן, אָפּשפּאַסענישן און גראָבע וויצן, האָט מען פאַרהאַנדלט די מי פון אָדערדיקע אַרבעטס־הענט, די שלאָפלאָזע נעכט פון רויט־אויגיקע אַרבעטער־מיידלעך, די געהירן פון מוסטער־צייכענער, כע־מיקער און דערפינדער. מען האָט מיט פלינקע פינגער אַרומגעטאַפּט סחורות, צעוויקלט דרימען, צעדרילעוועט פעדעם. און צווישן אַלע רעדלעך איז אויך שמחה מאיר אומעטום געווען, אומעטום אַריינגעשטעקט זיינע אָנגעשפּיצטע אויערן, צו אַלעם זיך צוגעהערט, אויפגעכאַפּט, קאָפּ צוגעלייגט און באַנומען.

מיט דער גיריקייט פון אַ דאָרשטיקן, האָט ער געטרונקען און אַריינ־געצויגן אין זיך די געדיכטע לופט אין די רעסטאָראַנדלעך אַרום די שמוציקע ביר־טישלעך, קיין וואָרט נישט דורכגעלאָזט. מען האָט אים נאָך ווייניק געקענט, אָט דעם יונגנמאַנטשיקל, וואָס האַלט זיך אין צופּן די ערשטע הערלעך פון זיין קין, ווי ער וואָלט זיי וועלן אַרויסציען פאַר דער צייט און מען האָט זיך אויף אים נישט שטאַרק אומגעקוקט. אָבער שמחה מאיר האָט זיך נישט געמאַכט דערפון. אַזוי ווי ער האָט נישט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן, געברענט צו יעדער זאַך, האָט ער שוין אָבער פון דער פּריסטער יוגנט אָן, נאָך פון די צייטן ביי שילם בעקער, געוואוסט, אַז מען דאַרף זיך נישט באַלד אויסגעבן ביי אַ גוטער קאָרט. פאַרקערט, מען דאַרף וואַרטן.

זיך מאַכן געפגרט, כדי דערנאָך צו קאָנען געבן אַ וואָרף די זיגערישע קאָרט אין טיש.

ער האָט טאַקע דערווייל געשוויגן, נישט אַריינגעמישט זיך, נישט גע־רוקט זיך פאָראויס אין די רעדלעך, נאָר בלויז ווי אַ שוואָם אַלץ אין זיך איינגעזאַפּט. ביסלעכווייז האָט ער אַליין אויך גענומען אַריינוואָרפן אַ וואָרט, אויספרעגן זיך וועגן אַ געשעפטל, אַ טאַפּ טאָן צו אַ שטיקל סחורה, צע־דרילעווען אַ דרים. באַלד האָט ער אויך געכאַפּט דעם לאָדזשער שניט פון רעדן מיט אַ מענטשן, פון דערהערן וואָס מען דאַרף, און פון זיין שטום און טויב, ווען מען דאַרף אויסמיידן אַן ענטפער. אַפילו אָננעמען יעדן מענטשן ביים לאַץ, ווען מען רעדט, כדי אויסצוטאַפּן די סחורה פון זיין מלבוש, האָט ער גענומען באַנוצן, ווי יעדער לאָדזשער סוחר. מענטשן זענען אויף אים אויפמערקזאַם געוואָרן, גענומען אויספרעגן זיך וועגן אים.

— אברהם הערש אַשכנזיס זון, — האָט מען זיך איבערגעגעבן, — חיים אַלטערס איידעם.

— אָ, — האָט מען געזאָגט מיט אָפּשיי און זיך פונאַנדערגערוקט אַרום טישל, כדי אים אויך צו מאַכן אַן אָרט.

איידער מען האָט זיך אומגעקוקט, איז שוין דער נייער געווען אַ גאַנצער כל־ולך ביים טישל, געזאָגט וויצן, חכמות, גלייכווערטלעך און זייער גע־שיקט און פלינק זיך אָפּגעיאָגט פון אַלע בייזע ווייצלער און קיבעצער, וואָס האָבן אים געפּרוווט נעמען אויפן צימבל, ווי יעדן „פריץ״.

— אַה, — האָט מען הנאה געהאַט, — ער איז נישט פון די צוויי פּאַר אַ דרייער, דער קליינער, מען דאַרף אים דאָס צינגל נישט שלייפן...

אַזוי, מיר־נישט דיר־נישט, איז אין די שמוציקע רעסטאָראַנדלעך קלאָר געוואָרן, אַז שמחה מאיר, וואָס קוים די ערשטע האָר שפּראָצן אים אויפן פּנים, איז נישט נאָר אַ זון פון אַ טאַטן און אַן איידעם פון אַ שווער, נאָר אַז אַזוי יונג ווי ער איז, איז ער שוין טאַקע אַ שותף צום שווערס וועבעריי, אין וועל־כער ער האָט שטעקן גאַנצע צען טויזנט רובל מזומנים, און דערביי קוועטשט ער מער נישט די באַנק אין חסידים־שטיבל, נאָר פירט דעם שווערס געשעפטן גאָר מעשה־מענטש.

— ס׳דער אמתער פויגל, — האָבן יידן וועגן אים זיך איבערגעוואונקען און אים אַריינגענומען מיט אָפענע אָרעמס אין די רעדלעך אַריין. באַלד טאַקע האָבן סוחרים גענומען מיט אים רעדן וועגן מסחרים, מעקלערס האָבן זיך אַרום אים אָנגעהויבן דרייען און עלטערע יידן האָבן אים שוין אַפילו גענומען אַוועקפירן אין אַ ווינקל און פרעגן זיך ביי אים עצות וועגן גוטע מסחרים, וואָס קיינער דאַרף וועגן זיי נישט הערן.

— אַ בר־דעת, אַן עילוישער קאָפּ, — האָבן יידן מיט בערד אויף אים אָנגעוויזן, — נאָר אַן אַכבראָש פערווי סאָרט, נאָטע גנב...

דאָס איז געווען אין לאָדזש דער גרעסטער שבח.

ער האָט נישט געררוט, שמחה מאיר. דער הויכער שטערן, באַזוימט מיט

אַ דין געשוירן שפּיצל האָר, אויף וועלכע דאָס חסידישע זיידענע היטל ליגט שטענדיק פּאַרקאַשערט, האָט נישט אויפגעהערט טראַכטן, זוכן, שפּעקולירן. דאָ האָט ער אויסגעפונען, אַז די ווייבערישע טיכער, וואָס ער אַרבעט אויס, זענען צו־גרויס און ברייט, כאַפּן אַ סך וואָל אַריין. אמת, זיי גייען, אָט די דאָזיקע טיכער, מען פאַרדינט אין זיי זייער שיין, אָבער וואו שטייט עס געשריבן, אַז זיי מוזן פּונקט זיין אַזוי גרויס און ברייט ווי זיי זענען? עס וועט נישט זיין קיין אומגליק, אַז זיי וועלן זיין אויף אַ צאָל שמעלער און קירצער. קיין שום יידענע, קיין קאַצאַפּקע אין רוסלאַנד וועט זיך נישט כאַפּן, צי איר טוך איז אויף איין אײנציקן צאָל קלענער. אַפילו סוחרים וועלן זיך נישט כאַפּן. וואָס איז אַ צאָל? גאָרנישט מיט נישט פאַרן קונה, אָבער גאָר אַ סך פאַרן פאַבריקאַנט. שמחה מאיר, וואָס האָט קיינמאָל נישט אַרויסגעלאָזט דאָס בליי־שטיפטל פון אונטערן אויער, כדי עס צו כאַפּן ביי יעדער געלעגנהייט און אַ רעכן־טאָן אויף וואָס נאָר עס לאָזט זיך, אויף פּאַפּיר, אויפן טישטעך פון טיש, אויף דער וואַנט אָדער אויף דעם ערשטן בעסטן שטיקל סחורה, האָט שנעל אויסגערעכנט, אַז יעדער אַרבעטער מאַכט דריי טיכער אַ טאָג, וואָס מאַכט אויס הונדערט און פערציק שטיק אויף איין טאָג, אַ קנאַפּע טויזנט אַ וואָך און פערציק טויזנט אַ יאָר. ווען מען זאָל בלויז אַראָפּכאַפּן צו איין צאָל פון אַ טוך, וואָס וועט זיך גאָר נישט אָנזען, וועט עס אַריינברענגען אַ שיינע סומע, גאָר אַ לייטישע ביים שפּאָרן וואָל.

שוין אויף צומאָרגנס האָט ער געהייסן די וועבער אַראָפּכאַפּן אַ צאָל פון די טיכער.

— דער אַלטער וויל, מען זאָל „שיסן" אויפן צאָל? — האָט טוביה „נישט הפקר" געפרעגט און געוואונקען מיט אַן אויגל.

— איך וויל נישט הערן אַזעלכע רייד, — האָט אים שמחה מאיר גלייך אָפּגעשייגעצט. — די טיכער זענען בלויז צו לאַנג. טו, וואָס מ'הייסט און רעד נישט אַזויפיל. קיינער דאַרף נישט וויסן, וואָס אין דער וועבעריי טוט זיך.

די וועבער האָבן געטאָן, וואָס שמחה מאיר האָט געהייסן. זיי האָבן אַפילו אַ ביסל אונטערגעצויגן די טיכער, זיי זאָלן דעם אָפּגעשאָסענעם צאָל צוריקגעבן, ווי שמחה מאיר האָט עס געגעבן אָנצוהערן. קיינער האָט זיך נישט געכאַפּט, נישט נאָר די ווייבער, נאָר אַפילו נישט די סוחרים. ס'איז אַראָפּ גלאַטיק, ווי אויף פּוטער, און שמחה מאיר האָט געקוואָלן פון נחת. זעענדיק אַז עס גייט, האָט שמחה מאיר ווייטער געטראַכט וועגן אָפּשפּאָרונגען. ער האָט געלאָזט מאַכן אַ טוך מיט שטרייך־גאַרן, אַ וואָל־פּאָדעם, וואָס איז געמישט מיט אָפּפאַל, לאָדזש האָט גענוג שפּינערס געהאַט איצט, וואָס זענען געווען ספּעציאַליסטן אויף אַזאַ פּאָדעם אויסצואַרבעטן. נאָר גרויסע מבינים האָבן זיך דערויף פאַרשטאַנען, ווען זיי האָבן אַ פּאָדעם צעדרילעוועט, פונאַנדערגעוויקלט. סוחרים האָבן זיך דערויף נישט געכאַפּט.

ער האָט צוערשט געמאַכט אַ פּראָבע צו זען, ווי אַזוי עס וועט גיין. עס איז אַוועק, נישט ערגער ווי דער אַראָפּגעשאָסענער צאָל און שמחה מאיר איז אַ גרויסער אָפּנעמער פון היימישן שטרייך־גאַרן געוואָרן.

וואָס ווייטער האָט ער אַלץ נייערע פּרוּוון געמאַכט. ער האָט געלאָזט וועבן אַ טוך, וואָס פון אויבן האָט עס וואָל, פון אונטן וואָל, נאָר אין דערמיט איז אַריינגעוועבט ביינוול. דערפאַר האָט ער געלאָזט אין די ברעגן זייער שיינע און רויטע בלומען איינוועבן. טוביהלע „ס'איז נישט הפקר אַ וועלט" האָט זייער פאַרביקע בלומען געוואוסט אַריינצואוועבן אין די ביליקע שאַלן. רוסישע ווייבער האָבן די טיכער געכאַפּט פון די הענט און שמחה מאיר האָט גענומען אויסאַרבעטן אַ סך אַזעלכע. ער האָט אַפילו צוגענומען נייע געזעלן אויסצואַרבעטן די בלומען. די טאָפּל־טיכער זענען געוואָרן די סענ־סאַציע פון לאָדזש. באַלד האָבן אַנדערע גענומען זיי נאָכמאַכן, אָבער ביז וואָס וועז, האָט שמחה מאיר געמאַכט געלט.

מיט דער צייט האָט ער גענומען אויסאַרבעטן אַ ביליק טוך פון בלויז ביינוול. אַ טוך אַ געמיינס, אַ דינס, אָבער זייער אַ ביליקס, וואָס זאָל קאָנען זיין צוטריטלעך פאַר אַלע ווייבער, פאַר די סאַמע אָרעמסטע. די אַרבע־טער האָבן זייער שנעל געמאַכט די ביליקע טיכער, שיטער, פלינק, אויסגע־אַרבעט צו זיבן־אַכט שטיק אין אַ טאָג, אָבער דערפאַר זענען זיי געווען זייער פאַרביק, דורכגעוואָרפן מיט די שרייענדיקסטע פּאַסן. ער האָט אַלעמאָל געוואוסט, שמחה מאיר, כאָטש ער איז נאָך גאָר אַ יונגערמאַנטשיקל, נישט לאַנג פון דער גמרא, געווען, אַז אַ ביליק צוקערל דאַרף מען אין אַ זייער פאַרביק פּאַפּירל איינוויקלען, עס זאָל ציען. און די טיכער זיינע האָבן געצויגן. ער האָט געקריגן באַשטעלונג נאָך באַשטעלונג. דער שווער זיינער האָט זיך געבלאָזן, עס איז אים נישט אָנגעשטאַנען, וואָס זיין ווע־בעריי די סאָלידע און די גוטע, מאַכט שמאַטעס, אַרבעט ביינוול און „ווי־גאָניע", אָפּפאַל פון ערגסטן סאָרט. אָבער שמחה מאיר האָט אים נישט געהערט. די דאָזיקע טיכער האָבן גענומען בעסער גיין פון די וואָלענע און טייערע, אַריינגעבראַכט זייער גוטע פאַרדינסטן, און שמחה מאיר האָט נישט איינגעזען, פאַרוואָס ער זאָל זיי נישט מאַכן.

— אין וועלכער תורה שטייט עס געשריבן, אַז פאַר וואָל קריגט מען מער גן־עדן, ווי פאַר ביינוול? — האָט ער געפרעגט מיט אַ גמרא־ניגון. — זאָל מיר דער שווער ווייזן, כ'בין אַ בעלן צו זען.

ר' חיים אַלטער האָט גענומען רעדן וועגן סוחרישקייט, וועגן סאָליד־קייט, נאָר שמחה מאיר האָט אַפילו נישט געהערט.

— דער שווער קאָן זיך פאַרלאָזן, — האָט ער געזאָגט אין אים פאַר־שטעלט די קונים, מיט וועלכע ער האָט געוואָלט רעדן. — צו וואָס זאָל זיך דער שווער מטריח זיין? איך וועל שוין אַלץ אַליין באַזאָרגן.

ר' חיים האָט עפּעס דערפילט, אַז שמחה מאיר איז צו גוט צו אים, צופיל צדיק אין פּעלץ, וואָס האָט אים באַאומרואיקט, געשראָקן אַפילו.

אויך האָט ער זיך געפילט באַליידיקט, וואָס דער ראָצער איז אים דאָ אַזוי אַריינגעקראָכן און פונאַנדערגעלייגט זיך ווי ביים טאַטן אין ווייַנגאָרטן. ער האָט כסדר געבונטעוועט זיך, אָפּגעמאַכט יעדן טאָג צו נעמען אים אין די הענט אַריין, צו ווערן צוריק באַלעבאָס, צו ווייזן אים, ווער עלטער איז. מיטאָמאָל פלעגט ער זיך טאַק אַריינרייסן אין דער וועבעריי, נעמען שרייַען, זאָגן דעות, רעדן מיט סוחרים, אָבער סיי די וועבער, סיי די סוחרים האָבן געזען, אַז ער ווייסט נישט וואָס ער רעדט, אַז ער האָט קיין אַנונג נישט וואָס אין געשעפט טוט זיך, און זיי האָבן זיך אַרויסגעדרייט פון אים און גערעדט מיט שמחה מאירן. ניין, ער האָט שוין נישט געקאָנט צוריקכאַפּן דאָס, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט. אויך פריער, פאַר שמחה מאירן, האָט ער ווייניק געוואוסט אין די מסחרים, אַלץ האָט געטאָן פאַר אים שמואל לייבוש. ער האָט בלויז אונטערגעשריבן פּאַפּירן, וועקסלען, און גענומען געלט, ווען נאָר ער האָט געדאַרפט. איצט האָט ער גאָרנישט געוואוסט מער אין מסחר. אַלץ האָט געטאָן שמחה מאיר. און אָפּשרייַענדיק, אָנטומלענדיק, אָן אַ סדר, אָן אַ טאַלק, איז ער אַוועק פון דער וועבעריי מיט דעם אייגענעם, מיט וואָס ער איז געקומען.

ער האָט אים נישט באַהאַנדלט שלעכט, דער אײדעם זייַנער, חלילה, ער האָט אים, ווי פריער דער משרת זייַנער, געגעבן אונטערצושרייבן אַלערליי פּאַפּירן און וועקסלען, אין וועלכע ער האָט אַפילו נישט רעכט אַריינגעקוקט, נישט געוואוסט, וואָס אַזוינס דאָרט איז געשריבן. פונקט אַזוי האָט ער אים געגעבן געלט, וויפיל ער האָט נאָר געוואָלט אויף דער הוצאה. פריוועס זייַן ווייב, האָט ווי שטענדיק אויסגעשטרעקט די פולכנע אויסגעבריליאַנטע־וועטע האַנט נאָך געלט, נאָך אַ סך געלט. אויך ער אַליין, ר׳ חיים, האָט געהאַט שיטערע פינגער, ער האָט געדאַרפט אויף סעודהלעך פאַר די חסידים, אויף רייזעס זומער אין די וואַרעמבעדער. שמחה מאיר האָט אים נישט אָפּגעזאָגט. אָבער ער האָט זיך נישט געפּירט, שמחה מאיר, ווי פריער ס׳איז געווען דער מנהג, צו געבן אומגעציילט, אומפאַרשריבן. ער האָט נישט גע־האַלטן, ווי זייַן שווער, אַז וואָס ווייניקער חשבון, אַלץ מער מזל־ברכה. ר׳האָט אַלץ פאַרשריבן, יעדן גראָשן, יעדע פרוטה.

שמואל לייבוש, דער משרת, האָט זייער שטיל געפּרואוווט אַמאָל אָנטאָן עגמת־נפש זייַן באַלעבאָס.

— ר׳ חיים, — האָט ער געברומט, — דער קליינער געפעלט מיר נישט, האַלט אים אויפן אויג.

נאָר ר׳ חיים, אַ ייד אַ פוילער, אַ געניסער, אַ מענטש וואָס לאָזט צו זיך נישט צו קיין עגמת־נפש, האָט פיינט זיך אָפּצוזעסן דאָס האַרץ, האָט מיטן גרעסטן בטחון, וואָס נאָר ער האָט געהאַט, אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט און נישט געלאָזט פאַלן קיין שטויב אויף זייַן געמיטלעכקייט. ער האָט נישט געקאָנט זיך אָפּזאָגן פון זייַן ווייכער אָטאָמאַנע, פון זייַנע סעודהלעך, פון זייַנע שמעקעדיקע ציגאַרן. איבערהויפּט האָט ער נישט געקאָנט אָפּלאָזן זייַן באַ־

טעמטע פּריווע, לאָזן זי פאָרן אַליין אין די אויסלענדישע בעדער, וואו מענער עסן זי מיט די אויגן, ווען ער באַווייזט זיך מיט איר ביים שפּרודל־קוואַל. ער האָט געהאַלטן פון דעם כלל — לויב גאָט פון טאָג אויף טאָג, אַ מענטש דאַרף האָבן בטחון, מיט גאָטס הילף וועט זיין אַלץ רעכט.

ר׳ חיים האָט גענומען געלט ביי שמחה מאירן, וויפיל נאָר ער האָט געוואָלט, און שמחה מאיר האָט פאַרשריבן, וויפל נאָר ער האָט געוואָלט.

— זאָל דער שווער פאָרן געזונט, — האָט אים שמחה מאיר צוגע־וואונטשן צו זיינע רייזעס אין די בעדער. — צו וואָס זיך שטיקן דאָ אין רויך און אין טומל? איך וועל שוין אַלץ באַזאָרגן.

צום יאָר, ווען שמחה מאיר האָט אונטערגעפירט אַ סך הכל פון די געשעפטן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די וועבעריי האָט גאָר גוט געמאַכט. זיינע נייע טיכער, די אָפּשפּאָרונגען ביי וואָל, דאָס פירן אין אָרדענונג די ביכער, דאָס אַרומשפּאַנען אין די רעסטאָראַנדלעך צווישן די טישלעך, דאָס באַזאָרגן די פּראַכטן אין צייט, דאָס האַלטן די וועבער אויפן אויג, דאָס אַלץ האָט אַ גרויסע פּעולה געהאַט. אויך האָט שמחה מאיר אין די קליינע רעסטאָ־ראַנדלעך עטלעכע זייער געלונגענע געשעפטלעך געמאַכט. ער האָט איינ־געהאַנדלט אויף קרעדיט עטלעכע פּאַרטיס ביינוול צו דער צייט און פאַר־קויפט זיי צו דער צייט מיט זייער אַ גוטן ריוח. ער האָט אָט די געשעפטן נישט פאַרשריבן אין די ביכער. זיי האָבן גאָרנישט געהאַט צו טאָן מיט דער וועבעריי, זיי זענען געווען זיינע אייגענע, צו וועלכע דער שווער האָט נישט קיין עסק און פון וועלכע ער דאַרף גאָרנישט וויסן. נישט ער האָט דעם ביינוול געהאַלטן ביי זיך, נישט ער האָט אים געקויפט פאַר זיך. ער האָט די פּעק ביינוול אַפילו פאַר די אויגן נישט געזען. ער האָט זיי געקויפט אומגעזען און אַזוי פאַרקויפט. דערצו נאָך האָט דער שווער אַרויסגענומען פיל מער, ווי אים איז געקומען פאַרן יאָר.

שמחה מאיר האָט מיט הנאה געשריבן די חשבונות אומעטום, אויף אַלע טישטעכער, שטיקלעך סחורה, ווענט און טירן. פאַרן ערשטן יאָר האָט די אַרבעט זייער אַ שיינע הכנסה געגעבן. ער האָט געקאָנט זיין צו־פרידן. אָבער ער איז עס נישט געווען.

יעקב בונם, זיין צווילינג־ברודער, וואָס איז יינגער פון אים מיט עטלעכע מינוט, האָט אים קיין מנוחה נישט געגעבן. פּונקט ווי אַמאָל אין הויף זייערן, האָט ער איצט ווידער געהאַט די אויבערהאַנט איבער זיין עלטערן ברודער. שמחה מאירן האָט געפרעסן די קנאה. ער איז שלעכט געשלאָפן אויף זיין געלעגער אין די נעכט.

## קאַפּיטל זיבעצן

באַלד נאָך שמחה מאירס חתונה האָט שמואל זיינוול דער שדכן גענומען רעדן יעקב בונמען אַזאַ גרויסן שידוך, אַז ר׳ אברהם הערש איז געבליבן

זיצן אין דער ערשטער ווײלע אַ צעחושטער, וואָס איז גאָרנישט אין זײַן טבֿע געווען.

— מיט וועמען רעדט איר, ר׳ שמואל זײַנוול, מײַן בחור אַ שידוך? — האָט ער איבערגעפרעגט. — מיט ר׳ קלמן אײַזנס אַן אייניקל?

— יאָ, יאָ, מיט קלמן אײַזנס אַן אייניקל, — האָט שמואל זײַנוול איבער־געזאָגט, אויסציִענדיק יעדעס וואָרט און קוקנדיק זיגעריש ר׳ אברהם הערשן אין די אויגן. — אַזוי ווי איך זאָג דיר, אברהם הערש, מיט קלמן אײַזנס אייניקל.

ווי שטענדיק האָט ער ר׳ אברהם הערשן געזאָגט „דו״ און קלמן אײַזן, וואָס אַפֿילו הינטער די אויגן רופֿן אים ייִדן מיט אַ „רב״, האָט ער אָנגערופֿן בלויז ביים נאָמען — קלמן.

שמואל זײַנוול האָט זיך גענומען רימען, וואָסער עזות־פּנים ער איז, און אָפּגעטאָקט אַ ליגן, אַז ער איז אַרײַנגעגאַנגען צו קלמן אײַזן אין די סאַליעס און אים געזאָגט:

— הערסט, קלמן, איך וויל זאָלסט טאָן מיט אברהם הערשן פֿון לאָדזש...

אָבער ר׳ אברהם הערש האָט אים נישט געוואָלט הערן. ער האָט זיך געקענט אויף שמואל זײַנוולס גוזמאות.

— יאָ געזאָגט, נישט געזאָגט, — האָט ר׳ אברהם הערש אים אי־בערגעהאַקט, — דער עיקר איז, צי עס איז אייערס אַ המציאה, ר׳ שמואל זײַנוול, צי מען האָט אײַך געהייסן רעדן דעם שידוך?

— געהייסן, געהייסן, — האָט שמואל זײַנוול געענטפֿערט בייז, וואָס מען גלויבט אים נישט זײַנע מעשׂות, — פֿון כּלהס צד וויל מען.

— נישט צו פֿאַרשטיין, — האָט ר׳ אברהם הערש געזאָגט, נעמענדיק אַ גוטן שמעק טאַבאַק, עס זאָל אים קלערער ווערן אין קאָפּ.

כאָטש דער ר׳ קלמן אײַזן האָט געוואוינט אין וואַרשע, איז פֿונדעסטוועגן נישט געווען קיין אײן ייִד אין לאָדזש, אין גאַנץ פּוילן אַפֿילו, וואָס זאָל פֿון אים נישט וויסן. מען האָט אים געשאַצט אין די מיליאָנען. דערצו איז ער געווען אַ גדלן אַ גרויסער, מענטשן האָבן פֿאַר אים געציטערט. אויך איז ער געווען אַ גערער חסיד, אַ שׂונא פֿון די אַלעקסאַנדערער חסידים. און ר׳ אברהם הערש האָט נישט געקאָנט פֿאַרשטיין, וואָס דאָ איז געשען אַזוינס, אַז פֿון ר׳ קלמנס הויז זאָל מען שיקן צו אים. און וועגן וועמען? וועגן יעקבֿ בונמען! ער וואָלט נאָך פֿאַרשטאַנען, ווען עס וואָלט געגאַנגען וועגן שׂמחה מאירן. אַן עילוי כאָטש! אָבער יעקבֿ בונם?....

דער אײנציקער וואָס האָט געוואוסט דעם סוד, איז געווען יעקבֿ בונם אַליין.

אויף דער חתונה פֿון זײַן ברודער, טאַקע ביי דער חופּה, אין הױף, האָט אַ מיידל, אַ גרינגע און דאַרע, וואָס האָט נאָך גרינער און דאַרער אויסגעזען אין לאַנגן ווייס־זײַדענעם קלייד, גענומען מיט אים רעדן.

— אפֿשר ווען זי זיך אַביסל אָפּרוקן, קאַוואַליער, — האָט זי אים

געזאָגט, — איך וויל זען די חופּה, און זי זענען מיר, קיין עין־הרע, צו גרויס געוואקסן...

ער האָט זיך אָפּגערוקט. אָבער זי האָט נאָך אַלץ נישט געזען.

— אפשר וועלן זי מיך אַביסל אונטערהויבן, קאַוואַליער? — האָט זי אים ווידער געזאָגט און זיך פונאַנדערגעלאַכט צו איר חברטע. — און שאָקלען זי נישט אַזוי מיט דער הבדלה אין דער האַנט, זי וועלן מיר פאַרטריפן דאָס קלייד מיט חלב.

ער איז רויט געוואָרן. זי האָט פון אים געלאַכט:

— זי מיינען, אַז איך וואָלט אין עפּעס אָפּגעביסן? — האָט זי געזאָגט. — איך בייס נישט.

ער האָט געענטפערט חסידיש:

— איך מיין גאָרנישט.

דאָס מיידל האָט געלאַכט פון זיין פאַרשעמטקייט.

— זי זענען גאָר נישט אויס צו זיין אַזוי פאַנאַטיש, ווי זי מאַכן זיך, — האָט זי אים געזאָגט און זיך צוגערוקט נאָענט צו אים, געטוליעט זיך מיט אירע זיידנס אין דער גרויסער ענגשאַפט אינגאַנצן אין אים אַריין. אַליין נישט וויסנדיק ווי אַזוי, האָבן זיי זיך פלוצלונג געהאַלטן ביי די הענט.

— פאַרוואָס האָבן זי געלאָזט אינס ברודער חתונה האָבן פאַר אינען? — האָט זי אים שטיל געפרעגט, — זי זענען דאָך גרעסער.

— ער איז עלטער, — האָט יעקב בונם געענטפערט.

— אָ, — האָט דאָס מיידל זיך געוואונדערט, — און זי ווילן אַ כלה?

יעקב בונם האָט נישט געענטפערט, געשעמט זיך.

דאָס מיידל האָט אים אַ דריק געגעבן מיט דער האַנט.

— מיך וואָלטן זי וועלן פאַר אַ כלה? — האָט זי געזאָגט און זיך שפּיציק פונאַנדערגעלאַכט.

יעקב בונם האָט זיך אינגאַנצן באַגאָסן מיט רויטקייט.

— זי זענען אַ שיינער קאַוואַליער, — האָט אים דאָס מיידל געזאָגט. — נאָר ווען זי גייען נישט חסידיש געקליידט, וואָלט איך אין מער גוסטירט. און איך בין אַ שיינע?

ער האָט נישט געענטפערט, ער האָט זיך געשעמט. דערצו זענען מענטשן געשטאַנען אַרום. ער האָט מורא געהאַט, מען זאָל נישט דערזען ווי נאָענט ער שטייט מיט אַ מיידל. אָבער דאָס מיידל האָט אים נישט אָפּגעלאָזט. זי האָט זיך פון אַרומיקן עולם גאָר נישט געמאַכט.

— זי מוזן מיר זאָגן, צי איך געפעל איך, — האָט זי געזאָגט, כאָטש זי איז אים נישט געפעלן געוואָרן פאַר אַ שיינע.

— מיין נאָמען איז פּערל, פּערל אייזן פון וואַרשע, — האָט זי געזאָגט מיט שטאָלץ. — אַז זי ווילן, זענען מיר גאָר קרובים, ווייל מיר געהערן זיך אָן מיט דער כלה דינהלע פון דער מוטערס זייט. איך בין ספּעציעל געקומען פון וואַרשע אויף דער חתונה.

דער עולם האָט זיך גענומען פונאַנדערגיין פון דער חופּה. דאָס מיידל האָט אים אַ פעסטן קוועטש געטאָן ביי דער האַנט און זיך אויסגעמישט מיטן עולם, צוטאַנצנדיק צו דער מוזיק פון דער קאַפּעליע.

יעקב בונם האָט זי מער נישט געזען. ער האָט זי געדענקט. זי איז געווען דאָס ערשטע מיידל, וואָס האָט אים ביי דער האַנט גענומען, גערעדט מיט אים אַזוי. אָבער געטראַכט וועגן זיך און דעם מיידל האָט ער נישט. גאַנץ אַנדערש איז געווען מיט דעם וואַרשעווער מיידל פּערעלע אייזן. זי האָט דעם גרויסן צוואָקסענעם שוואַרצאויגיקן בחור, וואָס פייער שפּריצט פון זיינע בליקן, ליב געקריגן, צוגעזאָטן געוואָרן צו אים מיט איר גאַנצן מאַגערן גרינלעך־קרענקלעכן מיידלשן לייב. און זי האָט גענומען רעדן אין שטוב, מען זאָל שיקן אַ שדכן צום בחורס פאָטער רעדן אַ שידוך.

אַז פּערעלע האָט די ווערטער אַרויסגעזאָגט פאַר דעם פאָטער אירן, איז ער געוואָרן בלאַס.

— פּערעלע, ברענג עס נישט פאַרן מויל! — האָט ער זיך געבעטן אַ דערשראָקענער און פאַרהאַלטן איר דאָס מויל מיט דער האַנט. — מער פעלט נישט, דער זיידע זאָל עס דערהערן.

דער זיידע ר׳ קלמן, כאָטש שוין אַ ייד אין די העכערע זיבעציקער, האָט געהאַלטן דאָס הויז זיינס, די דערוואַקסענע זין מיט די גרויע בערד, ווי חדר־יינגלעך, מען האָט געציטערט פאַר זיין בליק.

ער איז געווען אַ מיליאָנער. ער ווייסט גאָר אַליין נישט, וויפיל ער פאַר־מאָגט, האָט מען גערעדט וועגן אים, און ער האָט טאַקע נישט געוואוסט. ער האָט געהאַט הייזער אַ סך, אַ גאַנצע גאַס הייזער אין וואַרשע, וואָס האָט זיך טאַקע גערופן אויף זיין נאָמען, „ר׳ קלמן אייזנס גאַס". אויך האָט ער פאַרמאָגט פיל וועלדער און ער האָט געפירט גרויסע מסחרים מיט דער מלוכה. ער האָט צוגעשטעלט שוועלן, סלופּעס און אַנדערע געהילץ פאַר אַלע באַן־ליניעס און טעלעגראַפן, וואָס די רעגירונג האָט געבויט. אָבער געפירט האָט ער דאָס אַלץ אויפן אַלטן שטייגער, ווי אין דער צייט, ווען ער איז נאָך גאָר אַ יונגערמאַן נאָך דער חתונה געווען און געהאַט אַ קליינעם האָלץ־סקלאַד אויף דער אייזנגאַס אין וואַרשע. ער האָט נישט געהאַלטן פון קיין דירעקטאָרן און בוכהאַלטערס. פונקט ווי ער איז געקומען צו זיין פאַרמעגן אַליין מיט די אייגענע הענט, אַזוי האָט ער געוואָלט פירן עס מיט די אייגענע הענט, אָן די נייע מאָדעס, אָן די גויים און דייטשן מיט זייערע ביכער.

ער האָט פיינט געהאַט נייקייטן, ר׳ קלמן אייזן. ער האָט זיך געהאַט זיין גאַנג פון וועלכן ער איז נישט אַראָפּ אויף קיין האָר.

ווי לאַנג ער האָט געלעבט, האָט ער די זין זיינע, כאָטש זיי זענען שוין געווען יידן אין די יאָרן, נישט צוגעלאָזט צום מסחר. ער האָט זיי געהאַלטן אַלע ביי זיך אין גרויסן הויף, יעדן אָפּגעגעבן זיין היפּשע דירה און אים מיט דער פאַמיליע באַזאָרגט מיט אַלעם. אָבער טאָן עפּעס ביי זיין לעבן

האָט ער זיי נישט געלאָזט. זיי האָבן בכלל נישט געהאַט קיין דעה אין הויז. זיי האָבן נישט געטאָרט אַליין טאָן קיין שידוכים מיט זייערע קינדער, נאָר דער פאָטער האָט געדאַרפט אַליין אויסזוכן שידוכים פאַר זיי, אַליין געבן נדן און קעסט. יעדעס מאָל, וואָס עס איז צוגעקומען אַ נײַ פּאָר, האָט ר׳ קלמן געהייסן צובויען אַ נײַעם שטאָק אָדער אַ פליגל אין דעם לאַנגן הויף, וואָס האָט זיך געצויגן אין צוויי גאַסן אַרײַן. אויך שבת און יום־טוב האָט קיינער פון זײַנע זין און איידעמס נישט געטאָרט אַליין פירן ביי זיך טיש, נאָר קומען צום פאָטערס טיש, צוזאַמען מיט זייערע קינדער און אייניקלעך. דער טיש, אַ לאַנגער איבער דער גאַנצער לענג פון גרויסן עס־זאַל, איז געווען באַזעצט פון ביידע זייטן מיט אַ מאַסע מענטשן, מיט אַלע זין, טעכטער, איידעמס, שנורן, אייניקלעך און אור־אייניקלעך, אַ חוץ אורחים, שיינע יידן, מלמדים פון די יינגלעך און הויז־מענטשן.

עטלעכע דינסטן, צוזאַמען מיט משרתים, האָבן באַדינט דעם גרויסן עולם. געזעסן זענען אַלע מיט אַ סדר, יעדער לויט זײַנע יאָרן און יחוס. אויבנאָן, אויף אַ הויכער פאָטערשטול, איז געזעסן ר׳ קלמן אַליין, אַ הויכער, אַן אָנגעזעענער, מיט אַ שניי־ווייסער באָרד, און געקיניגט איבער אַלע. קיינער האָט נישט געטאָרט אָנרירן דעם גאָפּל, איידער ער האָט גענומען זײַן גאָפּל אין האַנט; קיינער האָט נישט געוואָגט אַרויסרעדן אַ וואָרט ביז ער האָט נישט עפּעס געפרעגט. צו די עלטערע זין זײַנע, די יידן מיט די ווייסע בערד, האָט ער גערעדט ווי צו יינגלעך.

פונקט אַזוי האָבן מורא געהאַט פאַר אים אַלע יידן אין וואַרשע, די גרעסטע גבירים און לומדים. ער איז געפאָרן אין אַ קאַרעטע מיט אַ פּאָר ווייסע שימלען. אויף זומער אין די בעדער האָט ער מיטגעפירט משרתים און אַן אייגענעם שוחט. אויך צום רבין קיין גער איז ער געפאָרן אין דער קאַרעטע. און כאָטש ער איז געווען אַ חסיד און פרומער ייד, האָט ער געטראָגן אַ געפּרעסטן קאָלנער און אַ היטל אַן אייגנס, וואָס ער אַליין האָט צוגע־טראַכט, אַ זיידענעם קאַשקעט מיט אַ ליאַקירענעם גלאַנציקן דאַשעק, ווי עס טראָגן נאָר גויים. קיינער פון זײַנע קינדער האָט אַזאַ היטל נישט גע־טאָרט טראָגן. דאָס איז געווען זײַן פּריווילעגיע. ביי זײַן גאַנצער פרומקייט האָט ער דאָס גויאישע היטל געטראָגן. צוליב זײַן גרויס גבירישקייט האָט דער דין פון נישט גיין אין די גויאישע וועגן צו אים קיין שייכות נישט געהאַט, ווי צו אַ מלך, אַ שטייגער. אין שטאָט האָבן יידן זיך געסודעט וועגן זײַנע פּריצישע געננ. מען האָט געזאָגט, אַז אין זײַנע סאַליעס שטייען זילבערנע שפּיי־קעסטלעך. אויך ווען ער גייט אין גאַס, טראָגט אים דער לייב־משרת נאָך אַ זילבערן שפּיי־קעסטל.

דער סאַמע גרעסטער בעל־פּחדן פאַרן פאָטער און זײַן בליק איז געווען זײַן יינגסטער זון שלמהלע. נישט קיין למדן, נישט קיין איבעריקער חכם, אויך אויסערלעך נישט קיין פאַרשוין, אַנדערש פון אַלע זײַנע צעוואַקסענע ברידער, האָט ער פאַרן פאָטער מורא געהאַט זיך גאָר צו ווייזן. ער האָט

קיינמאָל צווישן די ברידער נישט גענומען קיין וואָרט, נישט געמישט זיך אין קיין שום זאַך און אַרויסגעדרייט זיך פון זאָגן אַ דעה אין עפּעס.

— יאַך בין דאָך נישט קיין בר־דעת, — האָט ער אויף זיך אַליין גע־זאָגט און אָפּגעקערט זיך אין אַ זייט, כדי מען זאָל אים לאָזן צורו.

דערצו איז ער אויך געווען אַן אַלמן, זיין קרענקלעך ווייב איז אים געשטאָרבן. אויך האָבן זיך ביי אים קיין קינדער נישט געהאַלטן. די איינ־ציקע איז געווען זיין טאָכטער פּערעלע, אַ קרענקלעכע ווי די פאַרשטאָרבענע מוטער אירע, אויך אַזאַ עקשנטע און גרויסהאַלטערקע. דער פאָטער האָט פאַר איר מורא געהאַט. הענט און פיס האָבן גענומען אין אים וואַרפן ווען פּערעלע האָט גענומען רעדן וועגן לאָדזשער בחור, וואָס געפעלט איר, וועגן שיקן אַ שדכן.

— בייס דיר אָפּ די צונג, איך האָב גאָרנישט געהערט, — האָט ער געזאָגט, כדי צו באַרואיקן די אייגענע מורא. — אָפּגעהיט זאָל מען ווערן, דער זיידע זאָל זיך דערוויסן...

קיינער אין ר׳ קלמנס הויז האָט נישט געוואַגט אַליין צו טאָן אַ שידוך מיט אַ קינד. דאָס האָט געהערט צום זיידן. דער שטענדיקער הויף־שדכן עזריאל כהן, אַ ייד אַ לשון־הרעניק, אַ גרויסע צונג, וואָס קאָן קאַליע מאַכן שידוכים ווען אים טויג צום עסק, אַ באַרעדער און אַן עזות־פּנים, וואָס דער־פאַר טאַקע האָט מען אים געמוזט האַלטן אין הויז, האָט אַלע שידוכים אין הויף דורכגעפירט. ער איז געווען אויסגעקאָכט אין יעדנס פאַרמעגן, שטאַנד, ער האָט געקענט גאַנץ פּוילן, געקאָנט אויסרעכענען יעדנס יחוס ביז אין וויפלטן דור אַריין. ר׳ קלמנס הויז איז געווען זיינס. ער האָט געהאַלטן אַלעמען אויפן אויג, און ווי נאָר עס איז געקומען די צייט אַ שידוך צו טאָן מיט אַן אייניקל, איז ער אַריין צו ר׳ קלמנען און גענומען רעדן. ער האָט קיינמאָל קיין טעות נישט געהאַט, נישט אין געלט, נישט אין יחוס. ר׳ קלמן האָט זיך אויף אים פאַרלאָזט. און אַמאָל, אַפילו שוין נאָך דער חתונה, אַז ר׳ קלמן האָט געוואָרפן אַן אומחן אויף אַן איידעם פון אַן אייניקל, האָט ער גלייך געהייסן דעם ווייבל זי זאָל איר מאַן אָפּגטן. און מען האָט אָפּגעגט. מען האָט געוויינט און אָפּגעגט. פון אַליין זיך אויסקלייבן אַ זיווג האָט מען דאָ אין הויז נישט געוואוסט. ר׳ קלמן, און נאָך מער זיין שדכן עזריאל כהן, וואָלטן אַזאַ זאַך נישט מוחל געווען. און שלמהלע האָט געפלאַטערט בלויז פון געדאַנק, צו גיין רעדן מיטן פאָטער וועגן פּערעלעס בחור, וואָס איר איז געפעלן געוואָרן אין לאָדזש.

אָבער פּערעלע, אַ קרענקלעך־אויפגעהייטערטע, אַ מיוחסת ביי זיך דערפון, וואָס זי איז געבליבן איינע פון אַ סך, אַ גרויס־האַלטערקע און אַן איינגעשפּאַרטע, האָט נישט נאָכגעגעבן און געאַרבעט מעשים. זי איז גע־גאַנגען צו דער באָבע תרצה.

די באָבע תרצה, אַ געליימטע, אַ קראַנקע און אַלטע, איז געווען די איינציקע, וואָס האָט געהאַט ביי ר׳ קלמנען אַ דעה. צוזאַמען מיט איר איז

ער דאָס דערגאַנגען צו זיין פאַרמעגן. זי האָט געאַרבעט, עצות אים גע־געבן, אַ חכמה אַ יידענע געווען, און כאָטש זי איז שוין געלעגן זינט עטלעכע יאָר געליימט, האָט זי געוואוסט וועגן אַלעם, וואָס אין שטוב טוט זיך, וועגן אַלע געשעפטן, מסחרים, נחתן און דאגות.

אין אַ ברייט הימל־בעט, איינגעהילט אין טיולן און אין שפּיצן, האָט זי, ווי איר געזונטער מאַן ביים טיש, געקיניגט אַ געליימטע אין בעט; יעדן פרימאָרגן האָבן אַלע קינדער און אייניקלעך געדאַרפט צוקומען צו איר בעט און זאָגן איר גוט־מאָרגן, דערביי איר געבן אַ קוש אין דער האַנט. יעדן יום־טוב האָט מען געמוזט צוקומען איר גוט־יום־טוב ביטן. אַלע דינסטן און משרתים האָבן איר געדאַרפט אויספרעגן וועגן איינקויפן, פּרייזן. ביי איר האָט מען געדאַרפט נעמען די שליסעלעך פון די שאַפעס, וואו דאָס פיל זילבערנע געשיר איז באַהאַלטן. אויך האָט אַ מנין יידן פון די שטוי־ביקע טעלערלעקער געדאַוונט ביי איר יעדן שבת און יום־טוב, זי זאָל קאָנען נאָכזאָגן — ברוך הוא, ברוך שמו, אמן.

אָט צו דער באָבע תרצה אין הימל־בעט האָט זיך פערעלע פאַרנומען. די אַלטע האָט גלייך מיט איר ווייבערשן שכל פאַרשטאַנען, וואָס די קליינע וויל.

— פאַרליבט זיך, האַ, שיקסע? — האָט זי געפרעגט און געשאָקלט מיט אַלע שפּיצן און טיולן פון איר אַלטן קאָפּ.

פערעלע האָט זי גענומען קושן, שטאַרק, מיט פייער.

— באָבעשי, באָבע לעב, מלכה מיינע...

די אַלטע האָט זיך אַ כח אָנגעטאָן, אַ גלעט צו געבן דעם אייניקל מיט די געליימטע הענט, און זי געמוסרט.

— נישט פאַרלאָזט זיך אויפן זיידן, האַ... — האָט זי געזיפצט. — נו, מילא, איך וועל רעדן מיט אים... נאָר פאַרוואָס ביסטו אַזאַ גרינע? אַ כלה־מיידל דאַרף האָבן רויטע באַקן, ווי די עפּעלעך, ווי איך האָב געהאַט צו דער חתונה...

מער פון אַלע אייניקלעך האָט זי פערעלען ליב געהאַט, טאַקע דערפאַר, וואָס זי איז געבליבן איינע פון אַ סך; טאַקע דערפאַר, וואָס זי איז אַ טאָכטער פון שלמהלען, וואָס אַלע אין הויז לאַכן פון אים. ווי יעדע מוטער, האָט זי ליב געהאַט דעם שוואַכערן פון די קינדער.

אַז די אַלטע האָט אַריינגערופן דעם מאַן אירן צו זיך, געהייסן אים אַוועקזעצן זיך אויפן בעט און גענומען רעדן וועגן פערעלען, איז דער אַלטער געוואָרן אַן אויפגעקאָכטער.

— וואָס, ליבעס ביי מיר אין הויז, ווי ביי קלעזמער! כ׳וויל נישט הערן.

אָבער די אַלטע האָט אים געהייסן צוריק אַוועקזעצן זיך אויפן בעט.

— קלמן! — האָט זי געזאָגט. — שפּילסט זיך מיט פייער. זי איז אַן אויסגעווויינטע, נעבעך, פון אַזויפיל קינדער, אַ יתומה....

ר׳ קלמן האָט זיך געקאָכט, נאָר אַז די אַלטע האָט געלאָזט אַ טרער:

— קלמן, לאָמיך נאָך זען איר חופּה פאַרן טויט. איך פיל, אַז כ׳וועל לאַנג נישט אָנטרייבן...

איז דער אַלטער געוואָרן אַפּהעטיק און גענומען שטאַרק שנייצן די נאָז אין שניפּ־טוך.

— מסתם איז אַזוי באַשערט אויף מיינע אַלטע יאָרן, — האָט ער גע־זאָגט און אַ גלעט געגעבן דער אַלטער איבערן פּנים מיט דער האַרטער האַנט.

ער האָט גלייך געשיקט דעם לייב־משרת נאָך עזריאל כהן.

— זאָג נאָר, עזריאל, — האָט ער אים געפרעגט, — ווער איז דאָס איינער אַן אברהם הערש אַשכנזי אין לאָדזש? ווייסט נישט?

— ס׳הייסט איך ווייס נישט? — האָט זי עזריאל כהן באַליידיקט און ער האָט גענומען אויסרעכענען יענעמס יחוס ביז צען דורות, אַזוי אויך דעם יחוס פון אַלע זיינע נאָנטע, ווער פון וועמען עס שטאַמט און ווער מיט וועמען עס האָט זיך משדך געווען.

— לאָדזש, לאָדזש, — האָט דער אַלטער געברומט בייז.

ער האָט נישט געהאַלטן פון לאָדזש, פון דער ניי־אויפגעקומענער שטאָט, וואָס ער האָט נאָך געקענט פאַר אַ פּיצעלע שטעטעלע.

— און צו וועמען פאָרט ער, דער אברהם הערש? — האָט ער גע־וואָלט וויסן.

— קיין אַלעקסאַנדער. ביים וואָרקערס לעבן, איז ער געפאָרן צום וואָרקער.

— אַלעקסאַנדער... וואָרקע... — האָט זיך דער אַלטער פאַרקרימט.

ווי אַן אמתער גערער, האָט ער פון אָט די רביים נישט געקאָנט הערן. אָבער ער האָט קיין ברירה נישט געהאַט.

אַז עזריאל כהן האָט זיך דערוואוסט, אַז עס האַלט ביי אַ שידוך מיט לאָדזש, איז ער גאָר געוואָרן אַן אויפגעקאָכטער. ער האָט שוין געהאַט פאַר דעם מיידל זיין שידוך, ווי אין קעשענע, אַ סך אַ בעסערן שידוך, ווי פאַר ר׳ קלמנס הויז שטייט אָן. דערצו האָט ער נישט געקאָנט ליידן, וואָס אַ מיידל דאָרט נעמט זיך בונטעווען קעגן אים. וואָס שייך שידוכים, איז ער געווען דער באַלעבאָס. ער האָט טאַקע גלייך גענומען פּליאַטקעווען, באַרעדן, אַרבעטן מעשים, קאַליע מאַכן, ווייזן זיין כוח. נאָר ר׳ קלמן אַליין האָט אים געהייסן זיך אונטערגעבן.

— עזריאל, — האָט ער אים געזאָגט אַ געבראָכענער, — דאָס מאָל מוזן מיר פאַרבויגן. דיין שדכנות וועסטו סיי־ווי־סיי האָבן.

אָבער אַזוי ווי עס האָט נישט געפּאַסט, אַז פון ר׳ קלמנס הויז זאָל מען אָנשלאָגן די ערשטע, איז עזריאל אַוועקגעפאָרן אויפן חשבון־הגביר קיין לאָדזש. דאָרט האָט ער זיך געזען מיט זיין גרעסטן שונא ר׳ שמואל זיינוול, וואָס איז אַליין אַמאָל געווען אַ נגיד און קען אַ וועלט, און אים געלאָזט פאַלן אַ וואָרט

וועגן דעם שידוך, וואָס ר׳ קלמן וועט אודאי נישט וועלן הערן, נאָר רעדן מאַכט נישט אויס. און אַז גאָט וועט העלפֿן, וועלן ביידע צום רב וועגן שדכנות נישט גיין, און האַלטן דאַרף מען די זאַך בסוד, קיין האָן זאָל נישט קרייען.

שמואל זיינוויל האָט גלייך פֿאַרשטאַנען, אַז דער עזריאל כהן, דער גרעסטער שונא זיינער און באַרעדער, איז אים עפּעס צו גוט געוואָרן מיט אַ מאָל, האָניק זיס, און אַז פֿון יענעם צד מוז מען ברענגען צום שידוך. אָבער עס האָט געשמעקט מיט אַ פֿעטן ביסן שדכנות און ער האָט זיך נישט געלאָזט בעטן. ער איז אַוועק צו אברהם הערשן און טאַקע גלייך אַרויסגעלייגט אויף טע־לערלעך, אַז מען האָט געשיקט פֿון יענעם צד.

ר׳ אברהם הערש האָט אַריינגערופֿן יעקב בונעמען און אים אָפּגעמאָסטן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס.

ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז די זאַך איז דאָ נישט גלאַטיק, אַז נישט ר׳ קלמנס קאָפּ איז דאָ דערביי, נאָר דעם מיידלס, און אַז עפּעס איז דאָ יעקב בונם נישט אינגאַנצן כשר.

— זאָג נאָר, יעקב בונם! — האָט ער געזאָגט שאַרף, — וואָסערע מחזקות האָסטו געהאַט מיט ר׳ קלמן אייזנס אייניקל?

יעקב בונם האָט זיך פֿאַררויטלט.

— כ׳האָב זי בלויז געזען ביי דער חופּה אויף שמחה מאירס חתונה.

ר׳ אברהם הערש האָט אַ טיפֿן זיפֿץ געטאָן.

— קאָנסט שוין גיין, — האָט ער אים געזאָגט.

שוין דאָס צווייטע מאָל, ווי ער איז נישט צופֿרידן געוועזן פֿון זיינע זין. דעם וואָרקער רבינס ווערטער ווערן מקוים, האָט ער געזען. אָבער קעגן דעם שידוך האָט ער גאָרנישט געהאַט. ר׳ קלמנס אייניקל! און כאָטש ער האָט קיין רגע נישט געדאַרפֿט טראַכטן, האָט ער נישט באַלד געזאָגט יאָ, נישט אויסגעגעבן זיך פֿאַר דעם שדכן און בלויז געלאָזן געגעבן אָנצוהערן, אַז ס׳לאָזט זיך רעדן.

די תנאים זענען דורכגעגאַנגען שטיל. ר׳ קלמן האָט זיך נישט געוואָלט צופֿיל באַווייזן מיט זיין געפֿאַלנקייט. מען האָט שוין אין וואַרשעווער היי־זער אַזוי אויך גערעדט מיט חידוש וועגן דעם שידוך. אָבער די חתונה איז געווען אַ גרויסע. ווי אַלע חתונות ביי אים אין הויז. דער גערער רבי אַליין איז געקומען מסדר־קדושין זיין. אַ נדן האָט דער חתן געקריגן אַ גרויסן, אין די שווערע צענער טויזנטער, אויך האָט די כלה געהאַט אַ שיינע ירושה פֿון דער פֿאַרשטאָרבענער מוטער, געלט אין באַנק און הייזער. אויך מתנות האָט ער געקריגן אַ וועלט. נאָך שבועות איז געפּראַוועט געוואָרן די חתונה אין וואַרשע.

שמחה מאיר, צוזאַמען מיט זיין דינהלען און שווער און שוויגער, אויך די גאַנצע משפּחה פֿון טאַטנס און דער מאַמעס זייט זענען אַרויסגעפֿאָרן קיין וואַרשע אויף דער שמחה. שמחה מאיר האָט אויך זיין ברודער שיינע מתנות דרשה־געשאַנק געקויפֿט. מיט זיין ניכטערן שכל האָט ער גלייך פֿאַרשטאַ־

נען, אַז יעקב בונם איז אַריין צווישן די גרויסע, און מיט די גרויסע דאַרף מען לעבן בשלום. אָבער פאַרגונען האָט ער אים נישט, ניין.

דאָס, וואָס ער האָט געמוזט מאַכן מיט אַרבעט, קאָפּ, שכל, יאָגן, דרייען, איז דעם ברודער זיינעם אַריינגעפאַלן פיל מער פלוצלונג, אומגעריכט, פאַר גאָרנישט, נישט פאַר זיין תורה, נישט פאַר זיין קאָפּ, נאָר גלאַט אַזוי, פאַר עפּעס אַ נאַרישקייט פון אַ מיידל דאָרטן, וואָס איר איז געפעלן געוואָרן זיין פּנימל.

שמחה מאיר האָט זיך געפילט באַעוולט, שטאַרק באַליידיקט. וואָסער פּנים האָבן געהאַט ביי אים זיינע צען טויזנט רובל נדן קעגן דעם פאַרמעגן, אין וועלכן יעקב בונם איז אַריינגעקראָכן! גאָרנישט מיט גאָרנישט, מיסט, פּליעווּעס, וואָס דער ווינט יאָגט אַוועק! ער האָט געפילט די עוולה שווער, די קנאה האָט אים אויפגעגעסן. ער האָט נישט געקאָנט עסן, נישט געקאָנט רואיק שלאָפן. איינס און צוויי האָט ער אָפּגעכאַפּט ביים טיש דאָס עסן ער האָט מער גערעכנט מיטן בליישטיפטל אויף די פּאַפּירן, טישן, טישטעכער, איידער געגעסן. ער האָט אויפן אָרט נישט געקאָנט רואיק איינזיצן. ער האָט גערעכנט דעם ברודערס פאַרמעגן, זיין נדן, דעם ווייבס ירושה, די ירושה, וואָס וועט קומען נאָך ר׳ קלמנס טויט, די מתנות, אַלץ האָט ער באַרעכנט, פאַרשריבן וואו נאָר עס האָט זיך געלאָזט.

לעבן זיי האָט ער אַוועקגעשטעלט זיינע ציפערן, פון דער וועבעריי, פון יאָר פאַרדינסט. יאָ, זיי זענען געווען נישט שלעכט. פאַר איין יאָר האָט ער אַ סך דערגרייכט, אָבער וואָסער פאַרגלייך איז דאָס מיט דעם ,וואָס זיין ברודער האָט דערגרייכט! און אַ פייער פון קנאה און צאַרן און אַ חשק נאָך פאַרדינסטן, נאָך גרויסע, שטאַרקע און לאָקנדיקע.

ער וועט אים ווייזן, דעם גראָבן קאָפּ, דעם יעקב בונם, ווער עלטער איז! ער וועט אים ווייזן אַ קונץ, אַז כאָטש ער איז צוגעגאַנגען מיט די בלויזע הענט, מיט וואָסערע נישטיקע צען טויזנט קאַרבאָוואַנצעס, וועט ער אים איבעריאָגן מיט זיינע פאַרמעגנס. אָ, מען דאַרף נאָר זיך נעמען צו דער אַרבעט! מ׳עט זען. דאָס גרייטע!

און לאַכן וועט דער, ווער עס וועט לאַכן דער לעצטער.

מער ווי פריער האָט ער געטראַכט אין די נעכט וועגן דער וועבעריי, ווי אַזוי אַרויסצוציען פון איר וואָס מער. ער האָט געזען, אַז האַנט־וועבעריי האָט נישט קיין אָרט אין לאָדזש, אַז די צוקונפט געהערט דער מאַשין. די האַנט־שטולן, האָט ער געזען, זענען אַן אַלט געפּגרט פערדל, וואָס שלעפּט די לעצטע טריט און וואָס דאַרף אים דערפירן צו דאַמף און קוימענס, כדי זיך דערנאָך אַוועקצולייגן און אויסציען די קאָפּיטעס. ניין, ער האָט נישט בדעה צו זיצן ביי די וועב־שטולן. קוימענס זענען זיין וועג. די שטולן זענען בלויז די טרעפּ, דאָס פערדל, וואָס שלעפּט אים דערצו, און אַ פערדל אַ פּגירה דאַרף מען די לעצטע בייטשן געבן, עס זאָל מער שלעפּן, נישטאָ וואָס צו קאַרגן.

קיין גרויסע זיבן זאַכן פון די ביליקע טיכער, ווי ער האָט געמאַכט פריער, וועט ער שוין נישט מאַכן איצט, האָט ער־ געזען. לאָדזש איז אַ שטאָט פון נאָכמאַכער, פון אויסכאַפּן ביי אימעצן אַ קאָמבינאַציע, אַן איינפאַל. ווי נאָר ער האָט געמאַכט אַ רובל, האָבן שוין אַנדערע גענומען אים נאָכ־מאַכן, קאָנקורירן און אַרויסשלאָגן פון מאַרק. מען וועט מוזן טראַכטן וועגן נייע זאַכן. דערווייל ביז וואָס ווען — דאַרף מען שפּאָרן אויף וואָס עס לאָזט זיך. שמחה מאיר האָט באַזייטיקט עטלעכע מעקלערס און קאָמיסיאָנערן וואָס האָבן גענומען קאָמיסיע, און ער האָט געזען אַליין זיך פאַרבינדן מיט די סוחרים און קונים. דאָס האָט פאַרשפּאָרט אַ שיינע מטבע. ער האָט זיך אויך אַראָפּגעכאַפּט אין עטלעכע קליינע שטעטלעך אַרום לאָדזש און אויס־געזוכט עטלעכע יידן לוינקעטניקעס, וואָס זאָלן אים אויסאַרבעטן טיכער פאַר זייער ביליק. ביליקער נאָך ווי עס מאַכט אויס צו אַרבעטן אַליין. דערנאָך האָט ער אויך זיך דערטראַכט, אַראָפּצונעמען די וועבער זיינע אַ האַלבן רובל אַ וואָך פון לוין, וואָס וועט אַריינברענגען ריינע פינף און צוואַנציק רובל אַ וואָך, הונדערט רובל אַ חודש, און העכער טויזנט רובל אַ יאָר, נישט רעכענענדיק קיין פּראָצענט פון דער סומע.

מיט דער שענסטער האַנטשריפט, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט פון די בריוונשטעלערס, האָט ער אויפגעציקלט אַ מעלדונג וועגן דעם און גע־הייסן שמואל לייבושן אויסהענגען זי אויף דער וואַנט פון דער וועבעריי.

די געזעלן האָבן געוויינט, געבעטן. די ווייבער זענען געקומען פאַלן צו די פיס, נאָר שמחה מאיר האָט נישט נאָכגעגעבן.

— ווער עס וויל נישט, קען זיך גיין געזונטערהייט, — האָט ער גע־זאָגט, פאַררוקנדיק די הענט אין די קעשענעס פון די טוכענע הויזן און שטעלנדיק זיך אויף די שפּיץ־פינגער, אויסצוציען העכער, — איך וועל גאָר איבערגיין אויף דאַמף.

## קאַפּיטל אַכצן

אין וועברישן שולכל „אהבת רעים״, וואָס איז אויפן באַלוט, אַריינגע־קוועטשט צווישן נידעריקע וועברישע הייזלעך און פאַרקאַנעס פון האָלץ און קוילן־סקלאַדעס, איז געווען הייס און אָנגעשטרענגט.

די וועבער האָבן שוין לאַנג געהאַט אָפּגעזאָגט עלינו לשבח נאָכן שבתדיקן דאַווענען און אָנגעשפּיגן פון אַלע זייטן אויף די געצנדינער, וואָס דינען צו נאַרישע און פּוסטע געטשן, וועלכע העלפן זיי נישט אין זייערע געבעטן. די באַווייבטע וועבער האָבן שוין געהאַט איינגעפּאַקט די ביליקע טליתים אין די קליינע קאָלירטע באַלמעלאָכישע טלית־זעקלעך. די בחורים האָבן באַהאַלטן אין די קעשענעס פון די טוכענע שבתדיקע געהאַקטע קאַפּאָטעס די קליינטשינקע סידורימלעך. דאָך האָט מען זיך נישט געאײלט אַהיימ־

צולויפן צום טשאָלנט, ווי געוויינלעך אין שבתדיקע טעג, נאָר מען האָט זיך געשטופּט און געשטויסן אַרום באַלעמער.

דאָרט, אויפן באַלעמער, וואו מען לייענט געוויינלעך די תורה, איז געשטאַנען דער בעל־קורא פון שולעכל, טוביה, וואָס מען רופט אים „ס'איז נישט הפקר אַ וועלט", און געקלאַפּט מיט דער האַנט אין אויסגעריבענעם סאַמעטענעם טישטעך, וואָס ליגט פאַרשפּרייט אויפן שולחן.

— יידן, שאַ! — האָט ער געריפן. — יידן, לאָזט רעדן!

נישט וועגן הייליקע זאַכן האָט טוביה דער בעל־קורא גערופן דאָס מאָל פון באַלעמער אַראָפּ, נישט וועגן אַ מגיד, וואָס וועט זאָגן אַ דרשה פאַרן עולם נאָכן שבתדיקן שלאָף, נישט וועגן אַ ניי מענטעלע, וואָס מען דאַרף מאַכן פאַר דער איינציקער ספר־תורה, נישט וועגן אַ קידוש, וואָס אַ וועבער מאַכט פאַרן עולם צוליב דעם, וואָס דאָס ווייב זיינס האָט אים אַ מיידל געבראַכט אויף דער וועלט. וועגן גאָר וואָכעדיקע זאַכן האָט טוביה גערעדט אין הייליקן שבתדיקן טאָג פון באַלעמער, וואָס הערט נאָר שטענדיק רעדן וועגן געטלעכע ענינים. וועגן וועבעריי האָט ער גערעדט, וועגן שמחה מאירס גזירה אַראָפּצונעמען אַ גאַנצן האַלבן רובל אַ וואָך די פּופּציק געזעלן פון ר' חיים אַלטערס וועבעריי.

— שאַ, שטיל זאָל זיין! — האָבן די פאַרזאַמלטע יידן אין די גרינלעכע שבתדיקע קאַפּאָטעס איינגעשטילט דאָס גערויש, וואָס איז געשטאַנען אין ענגן שולכל. — זאָל מען הערן אַ וואָרט!

אָבער נישט לייכט איז געווען איינצושטילן דאָס גערויש און די אויפרעגונג, וואָס האָט אין שבתדיקן רו־טאָג אויסגעלייגט זיך אין קליינעם באַלוטער שולכל. עס האָט געברוישט ווי אין אַ בינשטאָק, ווען מען גרייט זיך אַרויסצונעמען דעם וואַקס און האָניק. שמחה מאירס גזירה האָט דאָס קליינע שטיקנדיקע גאָטס־הויז פון שפּיץ מגן־דוד אויפן אָרעמען ארון־קודש ביז די גלאָטעטע שויבן פון די נידעריקע פענצטער אויפגעטרייסלט. די בלאַסע אויסגעצערטע מענטשן אין די שבתדיק־אויסגעוואַשענע גלאַטעטע העמדער האָבן געקאָכט פון צאָרן און ווייטיק.

אויך ביז איצט, ביז דער גזירה, וואָס איז געווען אויסגעהאַנגען אין דער וועבעריי אויף דער וואַנט, איז דאָס לעבן פון די מענטשן געווען שווער, אַ יאָך איבער די כוחות. פון דעם קליינעם לוין פאַר דער שווערער אַרבעט האָט מען נאָך געמוזט אַליין קויפן חלבנע ליכטלעך אויף אייגענעם חשבון, צו באַלייכטן די וועב־שטולן ביי דער אַרבעט אין די נעכט. אין די ווינטער־נעכט, איבערהויפּט אין דאַנערשטיק און אין שבת־צו־נאַכטס, ווען מען אַרבעט ביז היפש אין דער נאַכט אַריין, האָט עס אַ סך ליכטלעך איינגעשלונגען, וואָס איז אַ גרויסע הוצאה געווען. עטלעכע וואָכן אין יאָר פלעגט אויך אויסקומען צו גיין ליידיק, אַמאָל אַפילו עטלעכע חדשים אויך. מען האָט דעמאָלט געדאַרפט לעבן דערפון, וואָס מען שפּאָרט אָפּ אין די אַרבעטס־טעג. אָבער אויך אין די אַרבעטס־טעג האָט מען אַזוי ווייניק פאַרדינט,

אַז מען האָט זיך גענערט כסדר מיט גריצן פון קאַרטאָפּל, און גרויפּן, נישט אַלע מאָל געשמאַלצן מיט פעטס, נאָר מיט אייל, וואָס האָט זייער געברענט אויפן האַרץ. פליישׁ, דאָס סאַמע ביליקסטע, גריישלעך, פיסלעך אָדער אַ שטיקל לונג־און־לעבער האָט מען נאָר געקויפט אויף שבת. אַ שטיקל פיש האָט מען נאָר פאַרזוכט אין די הייסע זומערס, ווען עס זענען צופיל פיש אָנגעקומען אויפן מאַרק און די פישערקעס האָבן פאַרקויפט מציאות, וואָס האָבן צוליב די היצן צו־פרי געגומען אונטערשמעקן. געוויינלעך האָט מען יוצא געווען אין שבת בלויז מיט געהאַקטע הערינג מיט ציבעלע, מיט באַלוטער „קראַץ־באָרשט”. אויך ראָזשינקע־וויין האָט מען נישט אַלע מאָל געקאָנט אָנשטעלן אויף קידוש, יוצא זייענדיק בלויז מיט קידוש מאַכן איבער די קליינע חלהלעך. פונקט אַזוי האָט מען נישט געקאָנט אָנצינדן קיין ליכטלעך אין פרייטיק־צו־נאַכטס פאַר אַלע קעפּ פון הויזגעזינט, און קינדערלעך זענען געווען אַ סך.

די תלמוד תורהס פאַר די חדר־יינגלעך זענען געווען געדיכט און מבוזה־דיק. די באַלעבאַטישע יינגלעך פון די חדרים האָבן געשפּאָט פון די תלמוד־תורה־יינגלעך. די מלמדים אין די תלמוד־תורהס, וואָס אַלע מאָל זענען די גבאים זיי שולדיק געבליבן מלמד־געלט, האָבן די אָרעמע יינגלעך גע־שלאָגן, פאַר קאַליקעס געמאַכט, גערופן זיי צונעמען און אין פרייטיק זיי אַרומגעשיקט מיט אַ פּושקע איבער די הייזער צונויפצונעמען תלמוד־תורה־געלט. קינדער זענען אַהיימגעקומען מיט ברוין־און־בלויע צייכנס אויף די לייבער, מיט אונטערגעהאַקטע אויגן און צעקראַצטע הענט. אָבער אויך אָט די תלמוד־תורהס זענען געווען ווייניק פאַר אַלע חדר־יינגלעך פון באַלוט. מען האָט געמוזט אָפּגעבן די קינדער צו מלמדים אין די חדרים, אַוועקנע־מען דעם ביסן פון מויל און שיקן מלמד־געלט. פונקט אַזוי זענען געווען ווייניק דאָס שפּיטאָל מיט די חברהס „תומכי־חולים” פאַר אַלע אָרעמע באַלוטער חולאים. קראַנקע זענען געווען אַ סך. תמיד האָבן דאָ אונטערגעקרענקט די ראַכיטישע קרומפיסיקע און אָנגעבלאָזענע קינדער פון שלעכטער דערנערונג און שטיקנדיקער לופט. די ווייבער האָבן געהאַלטן אין איין אַרומקריכן מיט הויכע בייכער פון שטענדיקן טראָגן. די מענער האָבן געהוסט פון דעם שטויב פון דער אַרבעט, פון איינזאַפּן אין זיך די עיפּושדיקע ריחות ביים פונאַנדערנעמען און צעקראַצן אַלטע שמאַטעס, פון וועלכע מען מאַכט וואַטע אָדער נייע ביליקע סחורות. די היימישע „תומכי־חולים”־יידן האָבן ווייניק וואָס געגעבן, סיידן אין די מגיפה־צייטן, ווען זיי האָבן געריבן קראַנקע די בייכער מיט ספּירט. רפואות האָט מען געמוזט קויפן אין דער אויסגעפּוצ־טער אַפּטייק, וואו מען קאָן גאָר נישט אָפּדינגען און מען מוז נאָך אַראָפּ־נעמען דאָס היטל פאַר דעם הייליקן בילד, וואָס איז באַלויכטן מיט אַ רויט לעמפּעלע. פונקט אַזוי האָט מען נישט געקאָנט אָפּדינגען קיין גראָשן ביי סענדער דעם באַלוטער רופא, וואָס צו אַלע קראַנקהייטן האָט ער געשטעלט באַנקעס און געמאַכט אַ קאַנע און נישט גענומען ווייניקער פון אַ גאַנצן

גילדן דערפֿאַר. די פּרייזן פֿון קאַרטאָפֿל און גרינס זענען געוואַקסן. וואָס מער די שטאָט איז געוואָרן גרעסער, אַלץ גרעסער איז געוואָרן דאָס יקרות.

טאַטעס האָבן געמוזט אָפּרייסן יינגלעך פֿרי, פֿאַר דער בר־מצוה נאָך, פֿון דער תורה און אַוועקגעבן זיי אויף דער לער, כדי איינצושפּאָרן זיך אַן עסער ביים טיש. מאַמעס האָבן געמוזט אַוועקגעבן די טעכטערלעך, קינדער נאָך, פֿאַר דינסטן, כדי אין די קינדער־יאָרן שוין צו שלעפּן עמערס וואַסער פֿון ברונעם פֿאַר זייערע באַלעבאָסטעס און אַרומשלעפּן פֿרעמדע קינדער אויף זייערע דינע קינדערשע הענט. עס איז אוממעגלעך געווען אַלעמען צו שפּייזן, און נייע עסערס זענען כסדר צוגעקומען. גאָט האָט כסדר געבענטשט די טראַכטן פֿון די אָרעמע ווייבער אויפֿן באַלוט. די ווייבער האָבן זיך געשניטן די פֿינגער ביים גרייטן עסן. העמדער און קליידער האָט מען אַזוי לאַנג געלאַטעט, פֿאַרריכט, פֿאַרנייט און פֿאַרצירעוועט ביז זיי זענען זיך צעפֿאַלן פֿון לייב. דאָס דירה־געלט האָט געדריקט. זעלטן אַז אימעצער פֿון די וועבער האָט אַליין געהאַט אַ הייזל. מערסטנס האָט מען געמוזט דינגען אַ שטיבל. דאָס ערשטע האָט מען פֿון די עטלעכע גילדן לוין אַראָפּגענומען אַ גילדן פֿאַר דירה־געלט, געזאַמלט די מטבעות אין אַ סליחה, פֿאַרבונדן מיט אַ טיכל, אַבי צו קאָנען באַצאָלן דעם באַלעבאָס דירה־געלט צום זמן. אין דער גרעסטער נויט האָט מען זיך צו דער פֿאַרבונדענער סליחה נישט צוגע־רירט. און מיט אַמאָל האָט מען גאָר געדאַרפֿט איצט קריגן מיט אַ האַלבן רובל אַ וואָך ווייניקער, אַ גאַנצן האַלב־קערבל ווייניקער!

די ווייבער האָבן געיאָמערט, געשאָלטן, אַוועקגעשטעלט די שוואַרצע אָפּגעשפּרונגענע אייזערנע טעפּ פֿאַר די מאַנען זייערע און נישט געוואָלט קאָכן.

— קאָכטס אַליין פֿאַר דעם געלט! — האָבן זיי געשריגן צו די מאַנען.

די עלטערע וועבער, די אויסגעהאָרעוועטע, די מידע, האָבן געשוויגן, גענומען די גזירה אויף זייערע אויסגעקרימטע צעבראָכענע ביינער, ווי זיי האָבן אַלע מאָל גענומען פּיין און יאָך אויף זיך. אָבער די יינגערע האָבן זיך געקאָכט, געשריגן. מער פֿון אַלע האָט זיך געקאָכט טוביה „נישט הפקר". מער ווי שטענדיק האָט ער געבונטעוועט ביי דער אַרבעט אין דער וועבע־ריי, מער ווי שטענדיק האָט ער געזונגען דאָס לידל זיינס, וואָס קיינער האָט נישט געוואוסט פֿון וואַנען ער האָט דאָס געבראַכט. אָבער פּונקט ווי פֿריער האָבן די וועבער פֿאַר דעם לידל מורא געהאַט, נישט געוואַגט עס נאָכצו־זינגען, אַזוי האָבן איצט, פֿון יעדער צווייטער, דריטער שטול גענומען טראָגן זיך ווערטער פֿון דעם לידל, צום אָנהייב, בלויז אונטערגעברומט אונ־טער דער נאָז, באַלד דרייסטער, דייטלעכער און העכער, די חזנישע עזרת־ישראלס, די געדרייטע יעלות זענען אינגאַנצן אויסגערונען. שמואל לייבוש דער משרת האָט געדראָט מיט אַ פֿינגער.

— זינגטס, זינגטס, — האָט ער געברומט, — זאָל נאָר שמחה מאיר דערהערן, וועט ער האָבן צו זינגען און צו זאָגן.

נאָר מען האָט אים נישט געהערט און ווייטער געזונגען. און נאָך דער אַרבעט, ווי שפּעט עס זאָל נישט זיין, איז טוביה „נישט הפקר" גאָר נישט אַהיימגעגאַנגען צו זיך אין שטוב, נאָר אַרומגעקראָכן פון שטיבל צו שטיבל אויפן באַלוט, פון וואוינונג צו וואוינונג, און געקאָכט זיך, געסודעט זיך, אָפּגעהאַלטן אַסיפות, איינגערעדט, געמאַכט מיט די הענט.

זיין ווייב, אַ גרויסע פּריצייטיק געעלטערטע יידענע, וואָס פון אַלע זייטן הענגען איר נאָך קינדערביים פאַרטעך, ביים קלייד, ביי די הענט, און שטענדיק ליגט ביי איר אַ זויג־קינד און ציט די אָפּגעדעקטע טאָרבעדיקע פאַרשוואַרצטע ברוסט, שטויסנדיק מיט די פּיסלעך אין איר אויפסניי טראָגע־דיקן בויך, אַ יידענע אַ פאַרביטערטע, אַ שרייערקע, אַ שילטערקע, האָט איר מאַן געזידלט און געשאָלטן איבער אַלע באַלוטער געסלעך.

— טוביה, — האָט זי אים גערופן מיט קוויטשיקע קולות, — טוביה, אַזוי פאַרטריקנט זאָלסטו נאָר ווערן, גאָט געטרייער אין הימל, ווי פאַרטריקנט די וועטשערע איז שוין פון שטיין. אַזוי זאָלסטו נאָר אויסבלאָזן די נשמה, גזלן, ווי איך בלאָז אַרויס פון זיך די נשמה ביים אָנוואַרעמען ס'ביסל גע־קעכטס אין קיך...

אַלע קינדער אירע, וויפיל נאָר זי האָט געהאַט, האָט זי מיטגעשלעפּט מיט זיך, זוכנדיק דעם מאַן, און אַלע האָבן זיי איר געהאָלפן שרייען, גע־וואַלדעווען. נאָר טוביה האָט זיי נישט געהערט. ער איז געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, נישט געגעסן, נישט געטרונקען, נישט געשלאָפן, נאָר כסדר גערעדט, געהעצט, געצונדן, מיט פייער, מיט ברען, און נישט אָפּגעטראָטן אַזוי לאַנג, ביז ער האָט דעם צווייטן נישט אָנגעצונדן.

— אחדות, — האָט ער גערופן, — נאָר אחדות זיך האַלטן, וועלן זיי מוזן נאָכגעבן, די גזלנים.

נישט גרינג איז אים אָנגעקומען מיט די געזעלן. מידע, אונטערטעניקע פאַרן באַלעבאָס' מאַכט און פון דער אייגענער איבעריקייט, איבערגעשראָ־קענע פאַר די פאַבריקאַנטן און קוימנס, וואָס מערן זיך מיט יעדן טאָג אין שטאָט און צו וועלכע זיי האָבן נישט קיין צוטריט, ווייל מען דאַרף דאָרט פאַרשווערכן דעם שבת, פאַרקנעכטעטע ביי די אייגענע ווייבער, דערשלאָגענע, אויסגעהאָרעוועטע און גלייכגילטיקע צו אַלעם, לעכצנדיק נאָך אַ ביסל רו און שלאָף, וואָס מען האָט קיינמאָל נישט צו דער זעט, זענען זיי געווען טויב און פאַרשטיינערט צו טוביהס רייד, וואָס זיי האָבן גוט פאַרשטאַנען, נאָר נישט געגלויבט אין זיי.

— אַ באַשערטע זאַך, — האָבן זיי געטומלט, — אַ גזירה פון הימל.

יעדער האָט מורא געהאַט פאַר זיך, פאַר זיין באַלעבאָס, פאַר זיין שטיקל ברויט. דאָס איינציקע, צו וואָס יעדער האָט זיך געריסן, איז געווען — אַרויפצואַרבעטן זיך אַ ביסל, צו קומען אַליין צו עטלעכע וועב־שטולן, אַריינ־צונעמען עטלעכע געזעלן און גיין פאַר זיך. בחורים האָבן געוואַרט אויף נדן, כדי צו ווערן אַליין מייסטערס. דערווייל האָבן זיי זיך געטרייסט דערמיט,

וואָס זיי זענען דערגאַנגען די יאָרן, געפּייניקט די קלענערע פון זיך. די זמניקעס, וואָס אַרבעטן נישט אויף דער וואָך, נאָר אויפן זמן, פון חול־המועד, ביז חול־המועד און צו פּסח און סוכות נעמען זיי אָפּ לוין פאַר דער גאַנצער צייט, כדי צו קאָנען זיך אויפנייען אַ קאַפּאָטע און אַ פּאָר שטיוול. דאָס, וואָס זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין פון די מייסטערס און מייסטערינס, האָבן זיי אָפּגעצאָלט טאָפּלט די זמניקעס. זיי האָבן זיי באַליידיקט, גערופן מיט צונעמען, אָפּגעטאָן זיי שפּיצלעך. זמניקעס האָבן אָפּגעצאָלט די לערן־יינגלעך. — איך האָב געליטן, — האָבן זיי געזאָגט, — זאָל יענער אויך וויסן פון אַ טעם.

דער איינציקער, וואָס האָט טוביהן אונטערגעהאַלטן, פאַרשטאַנען אים, איז געווען נאָסקע מורה־הוראהס בחור — ניסן.

אַליין שוין אַ זמניק, אַ פאַרהאָרעוועטער אין די טעג ביי דער וועב־שטול און אַ פאַרנומענער אין די נעכט ביים לערנען, ביים גרייטן זיך אַליין פון פאַרעלטערטע ביכער אַרויס צו בילדונג און צו וויסן, האָט ער געפילט דעם גאַנצן טעם פון אַ וועבער אויפן באַלוט. אַנהויבנדיק אַרבעטן בלויז אויף דערוייל, כדי צו קאָנען פאַרדינען אויף ברויט, כדי נישט צו זיין אָנגעוואָרפן אויפן פאָטער דעם מורה־הוראה, וואָס וויל אים האַלטן ביי דער גמרא און אים חתונה מאַכן וואָס גיכער, נאָר צו קאָנען זיך לערנען און זיין פריי, איז ער, דעם באַלוטער מורה־הוראהס זון, אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אַרבעט, אַריינגעפלאָכטן געוואָרן אין די וועב־שטולן, ווי אַלע איבעריקע וועבער פון דער לאָדזשער אָרעמער געגנט און פון די שכנהשע שטעטלעך.

דער פאָטער האָט אים איבערגעבעטן שפּעטער. ער האָט אים נישט געזידלט, נישט געשריגן אויף אים, ער האָט בלויז געקרעכצט יעדעס מאָל, ווען ער האָט אים געזען.

— אוי, ניסן, אוי! — האָט ער געזיפצט, אַז ס'האָט שטיקער האַרץ אויסגעריסן.

ניסן האָט דעם פאָטערס זיפצן נישט געקאָנט פאַרטראָגן. ער וואָלט שוין בעסער געוואָלט דער פאָטער זאָל אים שלאָגן, שרייען אויף אים, שעלטן, ווי אַנדערע פרומע טאַטעס, אַבי נישט זיפצן אַזוי איבער אים. ביי דער גאַנצער פאַראַכטונג צום פאָטער זיינעם, האָט ער געפילט אַ באַהאַלטענע ליבע צו אים, נישט געקאָנט הערן זיינע זיפצן. און ער איז דעריבער איינגאַנצן אַריבער צו דער אַרבעט, צום מייסטער זיינעם דעם לוינקעטניק, צוגלייך מיט אַלע איבעריקע געזעלן און זמניקעס. ער האָט געפילט אויף זיין הויט די גאַנצע קנעכטשאַפט פון אַ זמניק.

מער נאָך פון די פאַבריקאַנטן, האָבן די לוינקעטניקעס, די קליינע מייסטערס, וואָס נעמען אַהיים פון די באַלעבאַטים אַ קעטע אויסצואַרבעטן, געדריקט די געזעלן זייערע. אויך זיי אַליין האָבן געהאַט אויסצושטיין פון די פאַבריקאַנטלעך, די אַרויסגעבער. ביי מערסטע אַרויסגעבער זענען געווען

ווערקפירער, וואָס האָבן פאַרלאַנגט פון לוינקעטניק געלט, מתנות, אַנישט האָבן זיי נישט אַרויסגעגעבן קיין קעטע אָדער זיי האָבן זיך געטשעפּעט אומזיסט, געקוקט אויף דער סחורה דורך שפּאַקטיוולעך, געפּאַקט לעכער, פלעקן און פאַרבראַקירט, וואָס נאָר זיי האָבן געוואָלט. מען האָט זיי געמוזט צאָלן פאַר יעדער קעטע, וואָס זיי גיבן אַרויס. קליינע אַרויסגעבער פלעגן אַראָפּגנבענען ביים מעסטן די סחורות, אַמאָל אַן אייל, אַמאָל עטלעכע איילן, ווי עס האָט זיך געלאָזט, און דער לוינקעטניק האָט געזען און געשוויגן, ווייל אַנישט האָט ער אינגאַנצן קיין קעטע מער נישט געקריגן. אַ סך מאָל האָט מען געקריגן אַ שלעכטע קעטע, טרוקענע וואָל, וואָס רייסט זיך און ברעכט זיך, מען האָט געהאַט מער צו קניפּן די רייסנדיקע פעדעם, ווי וועבן, מען איז אויסגעריסן געוואָרן, און אַז עס איז געקומען פרייטיק, האָט מען ערשט זיך אַרומגעזען, אַז ס'איז נישטאָ פאַרוואָס שבת צו מאַכן. אָפטמאָל האָט מען גע־מוזט אָפּשטיין נאָך אַ קעטע הינטער דעם אַרויסגעבערס טיר, ווי אַ קבצן נאָך אַ נדבה, און אַז מען האָט אָפּגעטראָגן שפּעטער די סחורה, האָט מען נישט געקריגן דעם לוין, נאָר אַ וועקסעלע, וואָס מען האָט געמוזט זוכן אַ פּראָצענטניק דער־רויף, ער זאָל געבן געלט דערפאַר און אַראָפּנעמען פּראָצענט אויף פּראָצענט.

די לוינקעטניקעס האָבן זיך אָפּגענומען ביי די געזעלן, געדריקט זיי, געקוועטשט. די מייסטערינס האָבן פאַר די געזעלן געקויפט ברויט ביי די זעלנער אין מאַרק, אַלט־געבאַקנס און וואָלוולס, עס זאָל זיך נישט עסן קיין סך. יעדן פרימאָרגן האָבן זיי אויסגעשניטן קאַרגע מוציאס ברויט פאַר יעדן געזעלן און אַוועקגעלייגט אויף דער באַנק. די געזעלן האָבן נישט אויסגערעכנט, געקנייפּט שטיקער ברויט פון די אויסגעטיילטע מוציאס און נאָך וואַרעמעס געבליבן אָן ברויט.

— מייסטערין, ברויט! — האָבן זיי געבעטן שפּעטער פאַרשעמטע. — ס'נאָגט ביים לעפּעלע — נאָך איין שטיקעלע ברויט.

— זאָל דיר זיין צום טויט! — האָט די באַלעבאָסטע געגעבן אַ קללה אָנשטאָט אַ מוציא. דרייסטע בחורים, פלינקע אַרבעטער, האָבן געגנבעט שטיקלעך ברויט פון דער פּאָליצע; שעמעוודיקע האָבן געליטן הונגער. קיין שטיקל פלייש האָט מען קיינמאָל פאַר די אויגן נישט אָנגעקוקט, צוקער צו ציקאָריע האָט מען געקריגן אַ לעק. געאַרבעט האָט מען גאַנצע נעכט ביים פינצטערן שיין פון קאַגאַניקלעך און בוימל, ביי קאָפּטשענדיקע קנייטלעך. דער רויך פון דער קיך האָט געפרעסן די אויגן, די קינדער האָבן געוויינט, די ווייבער האָבן געשאָלטן, געקריגט זיך, און אַז די אויגן, רויטע און מידע פון אַרבעט, האָבן זיך שוין מער נישט געוואָלט האַלטן, האָט מען זיך אויס־געלייגט אויף דער שמוציקער פּאָדלאָגע, אונטערגעלייגט זיך שטיקער סחורה און אַזוי איינגעשלאָפן, ווינטער פרירנדיק פון קעלט און זומער שטיקנדיק זיך פון היץ און ענגשאַפט, צעגעסן־ווערנדיק פון פליגן און פליי.

אָפטמאָל זענען די סחורות געווען נאַס, פול מיט זאַמד. וואָרעם פונקט ווי די אַרויסגעבער האָבן באַגנבעט די לוינקעטניקעס, אַראָפּגעריסן זיי פון

לוין, אַריינגעכאַפּט איבעריקע עטלעכע איילן, אַזוי האָבן די לוינקעטניקעס באַשווינדלט די אַרויסגעבער. זיי האָבן גענומען וואָל און ביינוול אויף דער וואָג און געדאַרפט אומקערן אויף דער וואָג. אָבער אַזוי ווי זיי האָבן שטענדיק אַראָפּגעכאַפּט אַ ביסל וואָל, אַראָפּגעשאַרט אַ „מאַצע״, אָדער שיטערער געוועבט, האָבן זיי די סחורה גענעצט אין וואַסער, פאַרשאָטן מיט זאַמד, זי זאָל מער וועגן. די נאַסקייט פון די סחורות פלעגט זיך איינעסן אין די ביינער פון די שלעפּער, דער זאַמד האָט געפרעסן. אַמאָל האָט גאָר די שוואַרצע פאַרב פון אַ ביליקער סחורה געלאָזט און מען איז אויפגעשטאַנען אין דער פרי אויסגעשמירט ווי אַ קוימענקערער. פאַרשידן האָט געטראָפן.

די געזעלן האָבן אויך געמוזט העלפן דעם מייסטער אין זיינע גנבות, אַראָפּוואַרפן אַ „מאַצע״ פון דעם וואָל אָדער ביינוול. ציען די סחורה, זי זאָל זיך אויסציען לענגער און האָבן מער ווי זי דאַרף. כדי דער אַרויסגעבער זאָל זיך נישט כאַפּן, מאַכט מען בלויז די לעצטע עטלעכע איילן דיקער און גלאַטיקער. אַמאָל כאַפּט מען אויך אַראָפּ פון דער ברייט. אַלץ מוז מען טאָן וואָס דער מייסטער הייסט, אַנישט קריגט מען נישט אויסגעצאָלט פרייטיק דעם לוין. און אַז די סחורה ווערט פאַרטיק, נעמט מען ערשט די אויסגעאַרבעטע פעק און מען טראָגט זיי אויף די פּלייצעס איבער גאַנץ לאָדזש ביז צום אַרויסגעבער, ווייל דער לוינקעטניק קאַרגט אויסצוגעבן אויף אַ דראָשקע.

אַליין געדריקטע, אָרעמע, פאַרקנעכטע ביי די פאַבריקאַנטן און נאָך מער ביי זייערע ווערק־פירער, די כאַבאַרניקעס, האָבן זיי, ווי אמתע קנעכט, געפייניקט זייערע קנעכט. זיי האָבן די מענטשן זייערע געיאָגט, געטריבן, אָפּגעטעמען נישט געלאָזט, גערופן מיט צונעמען, געשאָלטן, געזידלט. די ווייבער זייערע האָבן אָווקגעכאַפּט דעם ביסן פון מויל. אָפטמאָל האָט געטראָפן, אַז אַ געזעלן האָט אָפּגעאַרבעט אַ גאַנצן זמן און דערנאָך האָט אים דער מייסטער נישט באַצאָלט. מען איז געגאַנגען צו מענטשן, צו רבנים מיט דין־תורהס, נאָר קיין געלט האָט מען נישט געקריגן.

— נאַ, נעם די נשמה! — האָט דער לוינקעטניק געזאָגט, אויפרייסנדיק די וואַטענע וועסט אויף אַלע קנעפּלעך. — כ'האָב נישט, כ'בין אַליין אַ ביטערער אָרעמאַן!

זייער שווער איז געווען טוביהן צו רעדן מיט אָט די אַלע פאַרביטערטע, פאַרהאָרעוועטע און צעריסענע מענטשן וועגן שלום צווישן זיך, וועגן אחדות, וועגן קעגנשטעלן זיך די באַלעבאַטים.

— טוביה! — האָט מען אים געוואָרנט. — מיש זיך נישט אַריין, מען וועט דיך דעם ערשטן אַרויסטרייבן פון דער אַרבעט.

מער פון אַלע האָט אים פאַרשטאַנען ניסן דעם מורה־הוראהס, וואָס האָט געלעבט דאָס ביטערע לעבן פון אַ זמנניק און געטראָגן אַ צונאָמען שוין, ווי אַ זמנניק: ניסן תרבות־רעה — האָט מען אים גערופן. אים איז נישט געפעלן געוואָרן, ניסנען, נישט דאָס לעבן פון אַ זמנניק, נישט

דער צונאָמען, נישט דאָס גאַנצע שלעכטע און אומזיניקע פירעכץ אין די אָרעמע באַלוטער שטובן. און ער האָט מיט אָפענע אויערן אויפגעכאַפּט טוביהס הייסע רייד. ער האָט נישט אָפּגעשטעלט זיך, טוביה, ווי אַלע האָבן אים געהייסן. אַ מידער, אַן אָנגעהאָרעוועטער נאָך די שווערע טעג אַרבעט, אַ דערשלאָגענער פון זיין ווייבס קולות און קללות, פון די קינדערס געוויינען, האָט ער פונדעסטוועגן נישט אויפגעהערט רעדן, איבערצייגן, איינ־שמועסן, ברענגען משלים פון דער תורה, רעדן צום שכל, אויפקלערן, צוגעבן מוט, אויפמונטערן און רופן צו אחדות.

— נאָר אחדות, — האָט ער גערופן מיט זיין הייזעריקלעך קול.

צוזאַמען מיט אים איז מיטגעגאַנגען ניסן דער זמנניק. פונקט ווי טוביה האָט ער נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרבעט און לערנען זיך אין די ביכלעך, אָפּגע־שפּאָרט צייט פאַר אַרומצוגיין איבער די באַלוטער וועבער־שטיבלעך און רופן צו אחדות. אַ וואויל־לערנער, אַ זון פון באַלוטער מורה־הוראה, וואָס אַלע האָבן אים געקענט, איז ער געפעלן געוואָרן די וועבער, וואָס ער האָט זיך גענומען צו זייער אַרבעט, וואָס ער איז געוואָרן זייערס אַ מענטש. זיי זענען שטאָלץ געווען מיט אים, געגרויסט זיך, ווען ער פלעגט שבת אַריינ־קומען צו זיי אין קליינעם שולכל. אויך די ווייבער אין באַלוט האָבן פאַר אים אָפּשיי געהאַט. זיי האָבן אים נישט פאַרשטאַנען, דעם וואויל־לערנער, וואָס האָט געקאָנט קריגן אַ באַלעבאַטישע כלה מיט אַ לייטישן נדן און דאָך פאַרבליבן אין באַלוט, אַ באַלמעלאָכע געוואָרן. אָבער זיי האָבן פאַר אים דרך־ארץ געהאַט. עפּעס זענען דורך אים זייערע אייגענע מאַנען אויסגע־וואַקסן אין זייערע אויגן, נישט אויסגעזען אַזוי שפּלדיק.

דערצו האָט מען פון אים אַ סך נוצן געהאַט אויפן באַלוט. ער האָט איבערגעלייענט פאַר מאַמעס קאַרטלעך פון זייערע אויסגעגעבענע קינדער אין דער פרעמד, ער האָט געשריבן רוסישע אַדרעסן פאַר ווייבלעך סאָלדאַט־קעס, וואָס זייערע מאַנען דינען אין ווייטע רוסישע שטעט ביי די זעלנער, ער האָט אויסגעלערנט כלה־מיידלעך זיך אונטערשרייבן אויף די תנאים. ער האָט אויסגעטייטשט רוסישע פּאַפּירן, וואָס מען קריגט צוגעשיקט פון דער פּאָליציי און געריכט. אָנגעזאַפּט מיט תורה, פול מיט גלייכווערטלעך און מיט אַ כוח צו רעדן צום שכל, געוואוינט פון קינדהייט אָן אין שטוב צו אָרעמקייט, צו טראָגן אַן עול און וויסן דעם טעם פון אָרעמע מענטשן צוגעוואוינט צו לערנען מיט נגידישע בחורים, דעם פּאַטערס תלמידים, גוט אויסצוטייטשן אַן ענין, צו צעקייען אַ זאַך און אַריינלייגן זי אין מויל אַריין, האָט ער מיט זיינע ווערטער וועגן אחדות שטאַרק גערירט די הער־צער פון די וועבער. נאָך מער האָט ער אויסגענומען ביי די ווייבער, וואָס ווילן קיין זאַך, אַחוץ די טעפּ, נישט וויסן.

— שוין איינמאָל אַ צינגל, — האָט מען אים געלויבט אין די אויגן. — ס'וועט אין פייער און אין וואַסער נישט אומקומען.

מאַמעס פון טעכטער האָבן אים מיט די אויגן געגעסן. און אַפילו

טוביהס וויב, די מרשעת און שעלטערקע, האָט ווייניקער געגריזשעט איר מאַן, ווען ניסן פלעגט זיצן מיט אים ביים אָנגעמושבטן טיש און רעדן וועגן אחדות. גלייך ווי נאָר מען האָט אויפן באַלוט גענומען רעדן וועגן דער גזירה אין חיים אַלטערס וועבעריי, האָט זיך ניסן דעם מורה־הוראהס געני־מען צו דער זאַך. אָ, ער האָט אים נאָך גוט געדענקט, דעם שמחה מאירן, דעם פאָטערס נגידישן תלמיד, וואָס פלעגט כסדר שפּילן אין קאָרטן ביים לערנען. שוין דעמאָלט האָבן זיי זיך געהאַסט, נישט פאַרטראָגן זיך, דער נגידישער בחור מיטן גאָלדענעם זייגער, מיט דעם אָרעמען מורה־הוראהס יינגל אין אַ פאַרלאַטעטן אויסגעוואקסענעם כאַלאַטל און צעריסן היטל. איצט זענען זיי גאָר ווייט געווען איינער פון אַנדערן. שמחה מאיר, אַ פאַב־ריקאַנט, וואָס גיט אַרויס גזירות קעגן יידן מיט זייערע ווייבער און קינ־דער, און ניסן, אַ זמנניק אויף באַלוט. כאָטש ער האָט נישט געאַרבעט ביי דעם שמחה מאירן און זיין שווער, האָט ניסן געפילט ווי עס וואָלט זיינס אַ זאַך געווען. יעדע עוולה, וואָס איז געשען דעם באַלוט, זיין באַלוט, איז געווען ווי זיין אייגענע. ער האָט דעריבער גלייך זיך געשטעלט לעבן טוביהן און אים געהאָלפן אין דער אַרבעט. נישט נאָר די וועבער, וואָס מען נעמט זיי שוין אַראָפּ פון לוין, האָט ניסן גערופן אין שולכל, נאָר אַלע־מען, פון אַלע באַלוטער געסלעך.

און דער עולם איז געקומען. עס זענען געקומען וועבער און זמנניקעס, לערן־יינגלעך און אַפילו לוינקעטניקעס אָרעמעלייט. דאָס קליינע שולכל איז געווען פול, געפּאַקט. מען האָט זיך געשטופּט, געשטויסן, געקריגט זיך צווישן זיך, געוואָרפן מיט די הענט, געוואָלט רעדן.

און אויף דעם באַלעמער איז געשטאַנען טוביה, דער בעל־קורא פון שולכל, וואָס זיין לייענען אין דער תורה איז מלא־טעם, אַ שטיק געזונט קומט דערפון צו. זיין אָפּגעשאָסענע גרינלעך־געהאַקטע קאַפּאָטע מיט די אַרומגעזוימטע טאַשמעלעך אַרום די אויסגעטעפּטע ברעגן, וואָס ער האָט געהאַט נאָך פון דער חתונה, איז געווען צעקנעפּלט, דאָס פאַפּירענע קעל־נערל, וואָס איז געלעגן אויפן האַלדז באַזונדער, אָפּגעשפּיליעט פון העמד, איז געווען צעקנייטשט, דורך די גלעזלעך פון זיינע דראָטענעברילן האָבן די געלע אויגן זיינע שטיקער פייער אין שבת געוואָרפן.

— יידן, אחדות! — האָט ער גערופן הייס. — נאָר אחדות זיך האַלטן און מיר וועלן געהאָלפן ווערן.

ניסן מורה־הוראהס האָט פונאַנדערגעוויקלט אַ בויגן פּאַפּיר, וואָס ער האָט מיט שיינע געכתיבהטע אותיות אָנגעשריבן, און עס פאָרגעלייענט פאַרן עולם:

„תקנות של החברה וועבער מבאַלוט,” האָט ער געלייענט פייערלעך הויך, יעדעס וואָרט באַזונדער:

„א) די וועבער, וואָס דאַווענען אין־ דער שול אהבת רעים, אויך די אַנדערע וועבער פון באַלוט גייען נישט איין אויף דעם, דאָס מען זאָל זיי

אַראָפּרייסן פון זייער אָרעמען לוין, דען דאָס איז געגליכן צו גזילה, און זיי נעמען אויף זיך אַן איסור נישט צו גיין אַרבעטן, בפרט איינער זאָל דעם אַנדערן נישט משיג־גבול זיין און גיין אַרבעטן אויף זיין אָרט, דען השגת־גבול איז געגליכן צו רציחה, ווי איינער זאָל אויפשטיין און מאָרדן זיין חבר אין מיטן פעלד;

ב) דאָנערשטיק זאָל מען נישט אַרבעטן אַ גאַנצע נאַכט, נאָר בלויז ביז צוועלף אַזייגער. אויך שבת־צו־נאַכט זאָל מען נישט אַרבעטן ביז צוויי ביינאַכט, נאָר בלויז פון נאָך הבדלה ביז צוועלף אַזייגער אין די זומער־טעג;

ג) אין מיטן דער וואָך טאָר מען נישט אַרבעטן מער ווי פערצן שעה אַ טאָג, פון זעקס אינדערפרי ביז אַכט אין אָוונט. פאַר דער צייט פון דאַוונען מנחה און מעריב און אויך שחרית אין די ווינטער־טעג, ווען מען קאָן נישט דאַוונען פאַרן גיין צו דער אַרבעט, זאָל מען נישט דאַרפן אָפּאַרבעטן;

ד) פרייטיק זאָל מען אויפהערן די אַרבעט מיט צוויי שעה פאַר ליכט־צינדן און ערב יום־טוב — צוויי שעה פאַר זון־אונטערגאַנג, כדי מען זאָל נאָך האָבן צייט צו גיין אין מרחץ אַריין, אַרומוואַשן זיך פון דער אַר־בעט און צוגרייטן זיך לכבוד שבת און יום־טוב;

ה) דער לוין פאַר דער וואָך טאָר נישט ווערן אָפּגעלייגט אויף דער אַנדערער וואָך, נייערט מוז אויסגעצאָלט ווערן צו די געזעלן דאָנערשטיק ביינאַכט, כדי זיי זאָלן האָבן פאַר וואָס צוצוגרייטן אויף שבת. אויך פאַר יום־טובים זאָל דער לוין אויסגעצאָלט ווערן באַצייטנס. דען ווער עס לאָזט איבערנעכטיקן דעם לוין פון זיין טאָגלוינער, איז געגליכן צו אַ גזלן;

ו) די ליכטלעך צו דער אַרבעט זאָל נישט קויפן דער פועל, נאָר דער באַלעבאָס;

ז) די באַלעבאַטים טאָרן נישט רופן די געזעלן מיט צונעמען, דען עס איז אַ זינד צו פאַרשעמען זיין חבר, אויך נישט אויפהויבן קיין האַנט און שלאָגן, דען ווער עס הויבט אויף אַ האַנט אויף אַ צווייטן, ווערט אָנ־גערופן רשע. אויך די געזעלן און זמנניקעס טאָרן זיך נישט רופן מיט צונעמען, מבייש זיין זיי, אָדער, חלילה, שלאָגן; אויך נישט די לערן־ייִנג־לעך, וואָרעם יעדער דאַרף געדענקען ווי ער אַליין איז פאַרשעמט און גע־פייניקט געוואָרן. ווער עס וועט עובר זיין דערויף, זאָל ווערן אַרויסגעוואָרפן פון דער חברה;

ח) אין תענית־טעג זאָל מען נאָר אַרבעטן ביז מנחה;

ט) חול־המועד פסח און סוכות זאָל מען נאָר אַרבעטן ביז מנחה;

י) די פועלים, זמנניקעס און לערן־ייִנגלעך, וואָס זענען ביי די באַ־לעבאַטים מיט עסן און שלאָפן, דאַרפן קריגן עסן געשמאַלצן, אויך די קאַווע זאָל זיין געזויסט און זיס, דען ווען זיי עסן נישט צו דער זעט און מען פאָדערט פון זיי אַרבעט, איז עס געגליכן צו די מצריים, וואָס האָבן נישט געגעבן קיין שטרוי און געפאָדערט ציגל;

„די אַלע צען תקנות זענען געגעבן געוואָרן אין שבת פּרשת תזריע־מצורע אין בית־הכנסת של אהבת־רעים בבאַלוט.״

אַ טומל האָט זיך אויפגעהויבן פון אַלע זייטן:

— גערעכט, גערעכט! — האָבן קולות גערופן.

— הייליקע ווערטער!

— ס'עט נישט אויסהאַלטן! — האָט אַ פאַרצווייפלט קול איבערגעריסן.

— אַז ס'וועט זיין אַחדות, וועט אויסהאַלטן! — האָבן גלויביקע שטימען געענטפערט.

טוביה האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין שולחן און, וואַרטנדיק ביז אַלע וועלן זיך איינשטילן, האָט ער געהאַלטן אַ דרשה, אַ לאַנגע דרשה מיט משלים פון די הייליקע ספרים, מיט קלוגע ווערטלעך, מיט היימישע ביישפּילן. ער האָט זייער שיין פאַרגליכן די פּועלים צו די יידן אין מצרים, וואָס האָבן געבויט פּיתום און רעמסס. די באַלעבאַטים האָט ער פאַרגליכן צו די מצריים און זייערע משרתים — צו די נוגשים ושוטרים, וואָס זענען אַליין געווען יידן, נאָר זיי זענען געזעצט געוואָרן דורך די מצריים צו שלאָגן און פּייניקן זייערע אייגענע ברידער, כדי אַרויסצוציען פון זיי די שווערע אַרבעט. מיט גרויס קונציקייט האָט ער אויסגעטייטשט, אַז פּונקט ווי די מצריים האָבן איינגעמויערט די קינדער פון ישראל אין די ווענט, אַזוי צווינגען אויך די באַלעבאַטים זייערע קנעכט, די פּועלים, אַליין מיט די אייגענע הענט אַריינצוואַוועבן זייערע קינדער אין די קעטעס, ווייל ווען די טאַטעס אַרבעטן טאָג און נאַכט און קאָנען זייערע קינדער נישט געבן קיין טראָפּן מילך, קיין רפואה, פאַר וואָס זיי גייען פּרי אַוועק פון דער וועלט, איז דאָס דאָס אייגענע, ווי מען וואָלט די קינדער איינגעמויערט אין די ווענט פון פּיתום ורעמסס.

— אמת, אמת! — האָבן קולות גערופן. — ווי אמת ס'איז דער הייליקער טאָג שבת אויף גאָטס וועלט.

האָבנדיק אַלעמען באַהערשט, האָט טוביה געפאָדערט, מען זאָל נאָך אין שבת־צו־נאַכטס איבערגעבן די באַלעבאַטים די צען תקנות און נישט גיין אַרבעטן, אַזוי לאַנג, ביז זיי וועלן נישט נאָכגעבן.

ווידער האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל.

— מירן בלייבן אָן ברויט! — האָט אַ קול גערופן.

— זיי וועלן אונדז נישט נאָכגעבן!

— מען דאַרף גיין מיט גוטן, מען קאָן זיי נאָך אַריינברענגען אין כעס.

— קיינער וועט נישט גיין. די ערשטע וועלן זיי אַרויסוואַרפן די בונטאָווי־שטשיקעס......

— מיר האָבן ווייבער און קינדער.

טוביה האָט אַזאַ שטאַרקן זעץ געטאָן מיט דער פויסט אין שולחן, אַז דער קרומער הענגלייכטער, וואָס הענגט איבער אים, האָט זיך אַזש צעשקאָלט.

— אַזוי האָבן אויך געזאָגט די קנעכט אין מצרים! — האָט ער געשריגן מיט צאָרן. — מיר געדענקען די פיש, — האָבן זיי געזאָגט, — וואָס מיר האָבן געגעסן אין מצרים. איר זענט דאָך ערגער פון זיי, ווייל איר קריגט נישט קיין פיש; אַפילו נישט קיין ברויט צו דער זעט. אָבער משה האָט נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די קנעכט האָבן געמורמלט, און זיי אויס־געלייזט פון פרעהן.

דער עולם האָט זיך פאַרשעמט און געשוויגן. טוביה האָט זיגעריש אַ בליק געטאָן אויפן עולם און אויפגעהויבן אַ האַנט.

— איך וועל גיין צו אונדזער פרעהן און רעדן אין נאָמען פון אייך אַלעמען. אָבער קיינער זאָל נישט פּרואוון אונטערגיין מיט ערמה און כיט־רעקייט צו די באַלעבאַטים, קיינער זאָל נישט משיג־גבול זיין און גיין אַרבעטן. זאָל מען זיך נישט איבערשרעקן, איינס זיך האַלטן, אַחדות זיין און מיר וועלן מנצח זיין!

דער עולם איז געווען צעפלאַמט.

— קיינער וועט זיך נישט פאַרקויפן! — האָבן אַלע אויסגערופן.

— איך וויל אַ שבועה פון אייך! — האָט טוביה גערופן. — אַ שבועה אין בית־המדרש פאַרן שולחן, אַז קיינער וועט נישט גיין צו דער אַרבעט ביז מען וועט נישט הייסן; אַז קיינער וועט נישט דעם אַנדערן משיג־גבול זיין.

אַן עלטערער וועבער, אַ ייד מיט אַ פאַרקאַלטנטער באָרד, וואָס זעט אויס ווי אַ פּעקל שמוציקע וואַטע, מיט רויטע אויגן, אַ צעבראָכענער, אַן אויסגעבויגענער פון אַרבעט, אָרעמקייט און יאָרן, האָט זיך אַרויפגעריסן אויפן באַלעמער און געגומען קלאַפּן אין טיש מיט דער ציטערדיקער האַנט.

— יידן! — האָט ער גערופן — יידן טאָרן ניט שווערן אַפילו אויף קיין אמת. יידן, אום שבת טאָר מען נישט שווערן, עס איז אַ זינד!

נאָר ניסן דעם מורה־הוראהס האָט דעם אַלטן איבערגעשריגן.

— יידן, ביי סכנות־נפשות מעג מען אַפילו מחלל־שבת זיין, — האָט ער געזאָגט, — און ברויט פאַר ווייבער און קינדער איז געגליכן צו סכנות־נפשות. יידן, פאַר אַזאַ זאַך מעג מען שווערן אַפילו אום יום־כפור!

נישט פרעגנדיק קיינעם, מיט פעסטע טריט איז טוביה צוגעגאַנגען צום אָרעמען הילצערנעם אָרון־קודש און אַרויסגענומען די איינציקע ספר־תורה אין צעשאָטענעם רויטן אַטלעסענעם מענטעלע און פייערלעך זי אַוועקגע־לייגט אויפן שולחן.

— ביי דער תורה, אין מקום קודש, גיבן מיר אונדזער וואָרט, אַז קיי־נער פון אונדז וועט נישט אַליין, אָן דער ידיעה פון אַלעמען, גיין צו דער אַרבעט. דאָס איז געגליכן צו אַ שבועה. גיט אייער וואָרט!

— מיר גיבן ס׳וואָרט! — האָבן אַלע פייערלעך אויסגערופן.

קאַפּיטל ניינצן

מיט אַ לוסטיקער עקשנות און האַרטנעקיקייט האָט שמחה מאיר אויפ־געגומען די מלחמה קעגן די פּופּציק באַלוטער וועבער פון זיין שווערס פאַבריק.

דער שווער איז נישט געווען אין דער היים. ווי אַלע יאָר אין דער צייט, איז ער באַלד נאָך שבועות אַוועקגעפאָרן אין די עסטרייכישע בעדער צו־זאַמען מיט זיין פריווען. ער האָט זיך נישט געקאָנט באַגיין אָן איר, אָן דער שיינער באַטעמטער יידענע זיינער, און ער האָט איינגעפּאַקט די גרייסע לעדערנע וואַליזעס, מיטגענומען אין אַ שאַכטל זיין דייטשן קאַפּעליוש, וואָס ער האָט אָנגעטאָן, ווי נאָר מען איז אַריבער די רוסישע גרענעץ, כּדי זיין אויסגעפּוצטע פריווע, וואָס זעט אויס ווי אַן אָפּערע־אַקטריסע, זאָל זיך נישט דאַרפן שעמען מיט אים צווישן די דייטשן. שמחה מאיר איז פון שווערס נסיעה צופרידן געווען. ער האָט אים געוואָלט האָבן וואָס ווייניקער אין דער וועבעריי; נאָך דערצו איצט, ווען ער האָט זיך אָנגעהויבן מיט די וועבער. אָבער נישט צופרידן איז ער געווען, וואָס צוזאַמען מיט שווער און שוויגער, איז אויך זיין ווייב דינהלע מיטגעפאָרן. אים איז געווען זייער אומעטיק און ער האָט שטאַרק געבענקט נאָך איר. איר אַוועקפאָרן האָט אים צערודערט און אַן אומרואיקייט אין זיין קאָפּ אַריינגעשרויפּט.

ניין, ער איז נישט געווען גליקלעך אין שטוב ,שמחה מאיר, וואָס איז מיט אַזעלכע ברייטע טריט געגאַנגען נצחונדיק איבער דער קאָכעדיקער שטאָט. זיינע בריהשע מסחרים, זיינע עילוישע שטיקלעך און איינפאַלן, וואָס האָבן אין די רעסטאָראַנדלעך ביי די טישלעך סוחרים און מעקלערס פון די כּלים אַרויסגעבראַכט, האָבן אויף דעם יונגן שיינעם ווייבל זיינעם קיין שום רושם נישט געמאַכט. ער האָט איר דווקא געגומען דערציילן ווען זיך ביים עסן. טרינקענדיק גיך די קאַווע ביים טיש, בייסנדיק פּלוטעוואַטע די בייגל מיט פּוטער זייער הויך און זייער צעטראָגן, האָט ער מיט חסידישן ברען פּרובירט אויסדערציילן פאַר זיין דינהלען אַלע זיינע גליקן און סוחרישע קאָמבינאַציעס, קוועלנדיק אַליין פון נחת.

— פאַרשטייסט, דינהלע, פאַרשטייסט? — האָט ער אַלע מאָל פאַר־ענדיקט מיט אַ גמרא־ניגון, ווי ער וואָלט שמועסן אין לערנען.

ער האָט אַליין הנאה געהאַט פון זיינע עילוישע שטיק און געוואָלט, אַז אויך דינהלע זאָל פון אים אָנקוועלן. אָבער דינהלע האָט נישט אָנגע־קוואָלן פון אים; זי האָט אים אַפילו נישט רעכט אויסגעהערט. פון דעם אַלעם, וואָס ער האָט דערציילט מיט אַזאַ ברען און שמחה, האָט זי ווייניק פאַרשטאַנען; נישט געוואָלט פאַרשטיין. ניין, זי האָט גאָרנישט אויסגעקוקט זיך אויף אָט די אַלע לאָדזשער סוחרישע חכמות, נישט געזען די בריהשאַפט

פון איר מאַן. זי האָט בלויז געזען פאַר זיך אַ חסידיש צעטראָגן יונגנמאַנ־טשיקל, וואָס זיצט נישט איין רואיק ביים טיש, וואָס טרינקט צו־גרויסע שלונגען, עסט נישט שיין, טונקט די בייגל אין פוטער, שיט אָן אַ סך זאַלץ, שאָקלט אָפּ און שיט ווידער אָן, כדי ווידער אָפּצושאָקלען. עס האָט אים געטראָגן, געהויבן פון אָרט. ביים גאַנצן עסן האָט ער נישט אויפגעהערט רעכענען, חשבונען, פאַרשרייבן מיטן בלייפעדער אַלע טישטעכער, אַלע שטיקלעך פּאַפּיר, וואָס ליגן אים פאַר די אויגן. פּונקט אַזוי שנעל ווי ער האָט געגעסן, אַזוי האָט ער שנעל, פלוצלונג, אַ כאַפּ געטאָן אַ גלאָז, אָפּ־געגאָסן זיך האַסטיק מים־אחרונים, ווי אַ מיל געמאָלט די ווערטער פון בענטשן, און געלאָזט זיך אַ צעקנעפּלטער לויפן צו די מסחרים.

— פאַרשטייסט, דינהלע, פאַרשטייסט? — האָט ער גיך געפרעגט. — גוט געטאָן, האַ?

— שאָקל דיר אָפּ די ברעקלעך פון פּנים, — האָט זי אים בלויז גע־זאָגט, — און ביים עסן שרייב נישט אויף די טישטעכער. אַלע טישטעכער פאַרפּאַטשקעסטו...

שמחה מאיר האָט זיך געפילט געקרענקט, דערשלאָגן. כאָטש ער האָט געקוקט אויף ווייבער מיט חסידישער גדלות, ווי דער טאַטע זיינער, האָט ער אָבער ביי דעם ווייב זיינעם שטאַרק געוואָלט אויסנעמען. מיט די פלוטעוואַטע חסידישע אויגן, וואָס האָבן אַ טבע אין אַלץ אַריינצוקריכן, אַלץ צו זען, האָט ער אויך זיין ווייבס שיינקייט דערזען, אַלע אירע ווייבערשע רייצן. זי איז אים שטאַרק געפעלן געווען, מיט יעדן טאָג מער. אָבער דינהלע איז געווען קאַלט צו אים, פרעמד און שווייגנדיק.

ער האָט צו איר גאָרנישט געקאָנט האָבן. זי איז אים געווען אַ ווייב. זי האָט אים זייער פּינקטלעך צוגעטראָגן עסן צום טיש, פרייטיק אים דער־לאַנגט פרישע וועש, אַכטונג געגעבן, ער זאָל תמיד האָבן קלאָרע נאָז־טיכלעך אין קעשענע, און אים דערמאָנט אָפּפּוצן זיך פאַרן אַרויסגיין פון שטוב, אַראָפּ־צושאָקלען דעם אַש פון די פּאַפּיראָסן, וואָס ער האָט אַ טבע אָנצושיטן זיך אויף די לאַצן פון דער קאַפּאָטע. אין די ימים־טובים איז זי זייער פּינקט־לעך געגאַנגען מיט אים אויף כיבוד צו משפּחה, אָבער קיין איין האָר וואַ־רעמקייט האָט זי אים נישט אַרויסגעוויזן, קיין צערטלעכקייט, קיין ליכטיקן שמייכל. אין איר אָפּשאָקלען אים די ברעקלעך און אַש פון דער קאַפּאָטע איז נישט געלעגן די וואַרעמקייט און ליבע, וואָס ליבנדיקע ווייבער לייגן דעריין אַריין פאַר זייערע מאַנען; נאָר אַ מין אייגענע אַכטונג צו זיך און אַ חוזק צום מאַן, דעם צעטראָגענעם און פּרא־אדם. ביי זיין גאַנצער צע־טראָגנקייט און צעיאַכמערקייט, האָט ער עס זייער גוט אַרויסגעפילט, שמחה מאיר, און געשפּירט זיך געקרענקט.

נאָך מער האָט אים געקרענקט איר קאַלטקייט צו אַלע זיינע נצחונות און גליקן. ער איז נישט געווען פון די צוויי פאַר אַ גראָשן. מען האָט פון אים געהאַלטן אין לאָדזש, אַרומגעטראָגן זיך מיט זיינע חכמות און סוחרישע

דריידלעך. אַפילו עצות האָט מען אים געפרעגט. מענטשן זענען צו אים מיט אויסגלייכענישן געקומען. אויך צווישן לומדים האָט מען פון אים געהאַלטן אַ וועלט. אין מיטן אַלע זיינע געשעפטן, האָט ער זיך געקאָנט אַריינלאָזן מיט יידן לומדים אין לערנען און אַלעמען פאַרדרייען מיט זיינע פּשטלעך. כאָטש אַ ווייבל קען זיך נישט אויס אין אַזעלכע זאַכן, האָט ער פונדעסטוועגן געוואָלט דינהלען דערציילן וועגן זיין גדלות. זאָל זי וויסן וועמען זי האָט פאַר אַ מאַן! אָבער זי האָט נישט געוואָלט אויסהערן אַפילו קיין איין וואָרט פון אַלע זיינע מעשיות; פאַר קיין פּרוטה אנערקענונג נישט אַרויסגעוויזן אים.

שמחה מאיר האָט זיך פאַרלוירן, נישט געוואוסט, ווי אַזוי צוציען צו זיך די, וואָס ער גייט אַזוי אויס נאָך איר ליבע, נאָך אירס אַ פריינטלעכן בליק. ער האָט זי געוואָלט צוציען, איינגעמען; אָבער ער האָט נישט געוואוסט ווי אַזוי, קיין וועג נישט געהאַט צו איר. זיין וועלט איז געווען אָדער די חסידים פון שטיבל מיט זייערע מחלוקות וועגן רביים, אָדער לאָדזשער מסחרים, וועקסעלעך, האָסעס און בעסעס פון ביינוול און וואָל. זי האָט קיין געפיל נישט געהאַט פאַר די זאַכן, קיין פאַרשטענדעניש. זי האָט נאָך אַלץ, ווי אין די מיידלשע יאָרן, געלעבט מיט ביכלעך, ריטער, שלעסער, דועלן און פירשטינס. איר באַשייטלטער קאָפּ האָט געשטעקט אינגאַנצן אין אַ וועלט אַ ווייטער, אַ פרעמדער, אַ פאַנטאַסטישער און אַ לאָקערנדיקער.

— גאָט מיינער, ווי איך האָב מיך דערשראָקן! — פלעגט זי זיך אָנ־כאַפּן ביים האַרץ, ווען אין סאַמע מיט ווי זי איז געווען פאַרטיפט אין אירע ביכלעך פלעגט זיך דער מאַן אַריינשאַרן און זי אָננעמען ביי דער האַנט.

— וואָס לייענסטו? — האָט ער זי געפרעגט, כאָטש ער האָט עס געזען.

— ביכלעך, — האָט זי געענטפערט און אַרויסגעצויגן די האַנט פון זיינער, נישט אויפהויבנדיק אַפילו די אויגן צו אים.

אין שמחה מאירן האָט אויפגעקאָכט אַ צאָרן קעגן די ביכלעך, אין וועלכע זיין דינהלע שטעקט אַזוי מיט לייב און לעבן. ער איז אַ בעלן געווען זען נאָכאַמאָל די ביכלעך, אָנקוקן זיי, וואָס זיי נעמען אַוועק זיין ווייב פון אים. מיט חסידישער טשיקאַוועשטש האָט ער געגעבן אַ ריס אַרויס ביי דינהלען דאָס ביכל פון די הענט און אַריינגעקוקט. אָבער אַמאָל און ווידער אַמאָל האָט ער איבערגעלייענט די זעלבע עטלעכע שורות וועגן עפּעס גויים און זייערע ליבעס, און ער האָט דאָס ביכל אַוועקגעוואָרפן מיט פאַראַכטונג.

— מען זאָל מיר צוצאָלן, איך זאָל עס אין דער האַנט אַריין נעמען, — האָט ער געזאָגט מיט כעס. — וואָס האָט מען דערפון?

וואָס מער זי האָט זיך געהאַלטן ווייט פון אים, אַלץ מער האָט עס אים געצויגן צו איר. עס האָבן אים געלאָקט אירע ווייכע ווייסע הענט, וואָס בלענדן אַזש פון קלאָרקייט פון די שוואַרצע, זיידענע, לאַנגע אַרבל אַרויס,

איר זיסער געטאָקטער האַלדז, יעדע רונדיקייט פון אירע גלידער, דאָס גאַנצע ווייבערישקייט אירס, וואָס האָט מיט יעדן טאָג זיך מער צעבליט. ער האָט אַזש געציטערט פון אויפרעגונג, שטייענדיק לעבן איר.

ער האָט, אמת, קיינמאָל נישט געשאָנקען דאָס, וואָס אים קומט, און אויך אויף זיינע רעכט פון אַ מאַן האָט ער נישט נאָכגעלאָזן. אָבער דאָס איז געווען אין די נעכט, אין דער פינצטער. ער האָט געקאָנט באַצווינגען, אָבער נישט צוציען. אין די טעג, ווען מענטשן קאָנען נישט באַצווינגען, נאָר זעען זיך, קוקן זיך אין די אויגן, שענקען זיך אַ שמייכל און ליב האָבן, האָט ער קיין שום וועג נישט געהאַט צו דער, וואָס מען האָט אים פאַר טויזנטער רובל אין מזומנים אויסגעוויילט. נאָך די שטענדיקע אַרומריי־סענישן צווישן מענטשן, מיט טאַטע־מאַמע, שווער, יונגעלייט אין שטיבל, סוחרים, אַרבעטער אין דער וועבעריי, האָט ער געגאַרט נאָך וואַרעמקייט, ליבע, הערן א גוט וואָרט, פילן אַ צערטלעכקייט; אָבער דינהלע האָט אים אָפּגעשטויסן. אָן ווערטער, בלויז מיט אַ קוק פון אירע קלאָרע אויגן, האָט זי אים דאָס בלוט פאַרקילט.

ער האָט זיך מיט מער אייפער אַריינגעוואָרפן אין די געשעפטן, קוים אויף עטלעכע מינוט זיך אַריינגעכאַפּט אין שטוב אָפּעסן און ווידער געלאָפן צווישן מענטשן. דאָרט איז זיין וועלט געווען, דאָרט האָט ער געהערשט. אַהיימ־קומען פלעגט ער נאָר ביינאַכט. אָבער אויך די נעכט זענען געווען נישט האַניקדיק, ווי זיי דאַרפן זיין פאַר אַ יונגנמאַן אין ערשטן יאָר נאָך דער חתונה. זי האָט זיך אים נישט קעגנגעשטעלט, — נאָך דאָס וואָלט געפעלט! — אָבער קיין קעגנזייטיקייט אויף זיין חסידישן ברען האָט ער נישט אַרויס־געפילט. כאָטש ער האָט פון קיין אַנדערע פרויען נישט געוואוסט, האָט ער, פונדעסטוועגן פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז דער מער מיט דעם, אויף וואָס ער האָט בחורוויז אַזוי געוואַרט און געהאָפט. ער פלעגט זיך אויפהויבן אַ געררייצטער מיט אַ שווערן קאָפּ, און ביטערער געווען צו די מענטשן, בייז און האַרטנעקיק.

אין אַ גאָר גיכער צייט איז אַ געשעעניש געקומען אין שטוב. אין איינעם אַ טאָג איז דינהלע דער מוטער אויפן האַלדז געפאַלן און אַ רויטע, אַ פאַר־שעמטע, פונאַנדערגעוויינט זיך צוליב דער ענדערונג אין איר לייב. די מוטער האָט זי געקושט, געלאַכט פון איר און איר געווישט די טרערן פון די אויגן.

— נאַרעלע, — האָט זי איר געפליסטערט, — וואָס איז דאָ צו וויינען? זאָג אָן שמחה מאירן די בשורה.

— כ׳וועל נישט גיין, מאַמעשי, — האָט דינהלע זיך געקלאַמערט ביי דער מוטער און נישט געקאָנט איינהאַלטן די טרערן פון די אויגן.

שמחה מאיר האָט זיך דערפילט זייער מאַנסביליש געהויבן, ווען די שוויגער זיינע האָט אים, אַ פאַררויטלטע, ווי אַ מיידעלע, דערציילט שטיל וועגן דינהלעס טראָגן, אין וואָס זי איז פאַרגאַנגען.

— זי וואָלט שוין געמעגט אָוועקוואַרפן די נאַרישע ביכלעך, — האָט ער געזאָגט, — זי איז שוין נישט קיין מיידעלע.

ער איז געווען זיכער, אַז איצט וועט זיך אַלץ ענדערן; אַז איצט וועט זי זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ די פּוסטע נאַרישקייטן, די ביכלעך מיט די מחשבות, און זי וועט זיין אים אַ ווייב, ליב האָבן אים. ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן, ווען עפּעס שטעלט זיך אים קעגן, ווען ער באַצווינגט נישט אימעצן אינגאַנצן. ער האָט, אמת, ווייבער פאַראַכטעט, ווי דער פאָטער זיינער, ווי אַלע חסידים; אָבער ביי דער גאַנצער פאַראַכטונג האָט זי, דינהלע, געהאַט אַן אויבערהאַנט איבער אים, פאַרמאָגט עפּעס, נאָך וואָס ער גייט אויס און זי וויל אים נישט שענקען. די רייד פון דער שוויגער זיינער האָבן אים דעריבער אָנגעפילט מיט זיכערקייט. איצט איז ער דער באַ־לעבאָס אין שטוב — איז ער געווען זיכער. אָבער דינהלע איז געבליבן די אייגענע וואָס פריער.

זי האָט נישט געפילט קיין איין ביסעלע ליבע צום מאַן, וועמעס פרוכט זי האָט איצט געטראָגן אין איר לייב, — ווי עס איז דער פאַל ביי אַנדערע ווייבלעך. פאַרקערט, זי האָט גלייך אָנגעהויבן אַריבערטראָגן זיך מיט אַלע געדאַנקען און געפילן צו דעם, וואָס דאַרף קומען, צו דעם באַשעפעניש, וואָס זי פילט עס נאָך אָפילו נישט, נאָר זי ווייסט בלויז וועגן דעם, אַז עס רוט אין איר לייב. שעהן לאַנג האָט זי געקאָנט ליגן אויף דער אָטאָמאַנע און צוהערן זיך מיט אויסגעשפיצטע אויערן צום אייגענעם לייב, ווי זי וואָלט וועלן אויפכאַפּן אַ שאָרך פון דעם, וואָס רוט אין איר.

— מאַמעשי, איך פיל עס, — האָט זי געזאָגט, — הער זיך צו.

— נאַריש ווייבל, וואָס דו ביסט, — האָט די מוטער פון איר געשפּאָסט. — עס דאַכט זיך דיר בלויז אויס; נאָך צו־פרי...

— און איך פיל עס, — האָט דינהלע געזאָגט און אַ גליקלעכער מו־טערלעכער שמייכל האָט צעצויגן איר שיין פּנים.

זי האָט זיך נישט פאַרענדערט אין טראָגן, ווי אַנדערע ווייבלעך. פאַר־קערט, זי איז נאָך שענער געוואָרן, ליכטיקער, ווייבלעכער. קיין איינציק פלעקעלע, ווי עס טרעפט ביי ווייבער אין טראָגן, איז נישט אַרויסגעטראָטן אויף איר ליכטיק פּנים. אירע בלויע אויגן זענען געוואָרן וואַרעמער, גלאַנ־ציקער. די אויבערשטע ליפּ, וואָס האָט זיך איר לייכט פאַרהויבן אין דער הויך, אַרויסווייזנדיק אַלע אירע פּערלדיקע ציין, האָט איר דעם זיבעטן חן צוגעגעבן. די מוטער האָט זי נישט אויפגעהערט אָפּבלאָזן פאַר אַ בייז אויג. שמחה מאיר האָט זיך נישט געקאָנט זאַט אָנקוקן אין איר צעבליטער ווייבערישקייט.

— דינהלע, וואָס מאַכסטו? וואָס מאַכסטו? — האָט ער זי פּלוטעוואַטע געפרעגט און געזוכט זי אַריינצונאַרן צו זיך אין שטוב, כדי אויסצוקושן יעדעס גליד אירס.

אָבער זי איז געווען פרעמד צו אים ווי פריער. ווי אַן אמתע מוטער,

וואָס נאָכדעם ווי זי פאַרגייט אין טראָגן, איז איר לייב פאַרשלאָסן פאַר אַ מאַן, אַזוי האָט זי זיך אָפּגעזונדערט פון אים אַפילו אין די נעכט.

— איך בין מיד, — האָט זי אים געזאָגט און אויסגעדרייט זיך צו דער וואַנט.

און אַז עס איז געקומען נאָך שבועות און די עלטערן אירע זענען גע־פאָרן קיין אויסלאַנד אין די בעדער, האָט זי אויך איינגעפּאַקט אירע קליידער און מיטגעפאָרן מיט זיי. זי האָט איר מאַן אַפילו נישט געפרעגט.

— זיי געזונט, — האָט זי אים בלויז געזאָגט, נישט אָנרופנדיק ביים נאָמען, נישט אָנקוקנדיק אים אַפילו אויף אַ ווײַלע.

ער האָט זיך געפילט זייער ברוגז, זייער געקרענקט און זייער איינזאַם. שטאַרק אומעטיק איז אים איצט געווען אין די ליידיקע פּוסטע שטובן ביים שווער אין הויז. נאָך איינזאַמער איז ער געווען אין די נעכט. דאָס ברייטע פאַרבעטעט בעט לעבן זײַנעם האָט אים קיין רו נישט געגעבן, געשפּאָט פון אים. אויך זענען אים פאַרשידענע שלעכטע געדאַנקען געקומען אין קאָפּ, פאַרדאַכטן אַלערליי, איבערקלערענישן. אַ ווײַבל אַליין אין אויסלאַנד, צווישן אַזויפיל ליידיקגייער און דײַטשן!

אין די וואָכן־טעג האָט ער זיך פאַרשלונגען מיט אַרבעט, מיט מסחרן, דרייען. געוואַלטיק דערשלאָגן האָט ער זיך געפילט אין די שבתים, אין די לאַנגע זומערדיקע שבתים, ווען די טעג ציִען זיך ווי אייביקייטן און מען קאָן נישט גיין נישט אין די רעסטאָראַנדלעך צו די סוחרים און מעקלערס, נישט אין דער וועבערײַ. צו די ספרים האָט ער נישט געהאַט דעם מינדסטן חשק מער. זיי האָבן אים געלאַנגווײַליקט מיט זייערע פרעמדע דינים און ענינים. אויסער אין מסחר, אַרבעט, האָט ער קיין אינטערעס אין אַנדערע זאַכן נישט געפונען.

אין אַזאַ צײַט, אין אַזאַ הייסן שבתדיקן טאָג, ווען ער האָט שוין קוים דערוואַרט זיך אויף די ערשטע דריי שטערן אין פאַררויכערטן לאָדזשער הימל, כדי וואָס גיכער אַרײַנצוכאַפּן דעם וואָכעדיקן מעריב און הבדלה און אַראָפּלויפן מיט אַ פּאַפּיראָס אין דער וועבערײַ, זענען דאָס צו אים געקומען טוביה „ס׳איז נישט הפקר אַ וועלט״ און ניסן דעם מורה־הוראהס מיט זייערע צען תקנות, אויפגעשריבן אויף אַ בלעטל געווירעט פּאַפּיר, אויס־געריסן פון אַ העפט.

אַ ווײַלע האָט שמחה מאיר באַטראַכט שווײַגנדיק די צוויי פאַרשווינען אין די שבתדיקע קאַפּאָטעס. דאָ אין שטוב פלעגן קיינמאָל נישט אַרויפ־קומען די געזעלן פון באַלוט. דערצו זענען די מענטשן אַרײַנגעקומען נישט דרייסט.

— גוט־וואָך, — האָבן זיי שטיל געזאָגט.

שמחה מאיר האָט, אַראָפּציִענדיק טיף דעם רויך פון שבת־צו־נאַכטיקן אויסגעבענקטן פּאַפּיראָס, אַרויסגעלאָזט אים צוריק די אַרײַנגעקומענע גלײַך אין די אויגן אַרײַן, אָנשטאָט אַ גוט־יאָר זיי צו ענטפערן.

— אונטן, אונטן, — האָט ער געברומט, — אין דער וועבעריי.

נאָר טוביה האָט אים אונטערגערוקט דאָס בלעטל פּאַפּיר און געזאָגט:

— אונטן טאָר מען נישט אַראָפּגיין. איר'ט מוחל זיין פריער איבער־לייענען.

האָט שמחה מאיר מיט פלוטעוואַטער טשעקאַוועס אַרויסגעריסן דאָס בלעטל פון טוביהס הענט און גיך דורכגעוואָרפן עס מיט אַ בליק, אין עטלעכע געציילטע רגעס בלויז.

צום ערשטן האָט ער חוזק געמאַכט פון די מענטשן. ער האָט געקנייטשט דאָס בלעטל פּאַפּיר הין און צוריק אין די הענט און אַריינגעקוקט זיי גלייך אין די אויגן אַריין.

— דאַכט זיך, ביזט ר' נאָסקע מורה־הוראהס בחור, — האָט ער געזאָגט צו ניסנען און אים באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס, — ווי קומסטו עפּעס צו אים?

ער האָט געוויזן מיט אַ פינגער אויף טוביהן.

— איך בין אַ וועבער, — האָט ניסן געזאָגט.

— אַזוי, — האָט שמחה מאיר געצויגן די ווערטער צוזאַמען מיטן בערדל, — ביזט גאָר געוואָרן אַ באַלמעלאָכע? וואָס זאָגט דער טאַטע דערצו?

נאָר ניסן האָט אים דערויף נישט געענטפערט. האָט שמחה מאיר אַריינ־גערוקט די הענט אין די קרומע קעשענעס פון זיין זיידענער קאַפּאָטע, וואָס ער האָט נאָך נישט באַוויזן אַראָפּצונעמען פון שבת, און גענומען רעדן מיט רוגזה.

— דאַכט זיך, אַז דו אַרבעטסט נישט ביי מיר, — האָט ער געזאָגט צו ניסנען, — ווי קומסטו עפּעס מיט עסקים צו מיר?

— איך קום אין נאָמען פון די וועבער, — האָט ניסן געזאָגט, — זיי האָבן מיך געשיקט איבעררעדן.

— און איך וויל מיט דיר נישט רעדן, — האָט אים שמחה מאיר גלייך אונטערגעהאַקט די פליגל, — כ'וויל דיר נישט פאַר קיין שאַלאַטן־שמש...

ניסן איז צעמישט געוואָרן. ערשטנס, האָט ער נישט געוואוסט, ווי אַזוי מיט שמחה מאירן צו רעדן. „דו" האָט ער אים נישט געקאָנט זאָגן און „איר" האָט ער אים נישט געוואָלט זאָגן; צווייטנס, האָט ער זיך אויף אַזאַ אָפּשניט נישט געריכט, און ער האָט זיך געפילט זייער נישט גע־הויבן אין דער דאָזיקער נגידישער שטוב, פונקט ווי ער פלעגט זיך פילן ייִנגלוויַיז ביי די רייכע פעטערס זיינע, ווען די מוטער פלעגט אים שיקן אַלע מאָל נאָך אַ נייער הלוואה. דערצו נאָך האָט שמחה מאיר אַוועקגעוואָרפן אויף דער ערד דאָס בלעטל מיט די תקנות, וואָס ער, ניסן, האָט אַזוי פלייסיק אויסגעציקלט, ער איז זייער געפאַלן געוואָרן ביי זיך דעריבער און פאַר־שעמט געשוויגן. נאָר טוביה האָט אויפגעהויבן פון דער ערד דאָס צע־קנייטשטע בלעטל, אויסגעגלייכט עס און האַרט זיך אָנגערופן:

— אַלע וועבער זענען אחדות, לייענט!

האָט שמחה מאיר נאָך אַמאָל אַ בליק געטאָן אין בלעטל און איבער־געקוקט די תקנות.

— הייסט עס, אַז ס׳איז אחדות ? — האָט ער געפרעגט מיט אַ גמרא־ניגון. — אי מען וויל מער געלט, אי וויניקער אַרבעטן, האַ ?

— יאָ, — האָט טוביה צוגעגעבן, — מער געלט און וויניקער אַרבעטן.

— נו, און אַז איך וועל נישט וועלן געבן ? וואָס אַזוינס וועט עץ טוען ?

— וועלן מיר נישט אַרבעטן, — האָט טוביה געזאָגט.

— און ווער וועט זיי געבן אויף פרנסה, דו ?

— אַלץ איינס הונגערט מען, זאָל מען כאָטש נישט אַרבעטן, — האָט טוביה געזאָגט, — ס׳איז שוין נישטאָ מער קיין כוח.

— דאָס זענען דיינע שמד־שטיק, טוביהלע, — האָט שמחה מאיר גע־דראָט אים מיט אַ פינגער, — דיינע און דעם יונגס, — ס׳פאַרדרייט די מענטשן די קעפּ, ס׳נעמט זיי צו דאָס שטיקל ברויט פון מויל.

ער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז מען זאָל נישט אַרבעטן. זינט ער האָט געדענקט, פון קינדווייז אָן, איז ער געוואוינט געווען צו הערן דעם גערויש פון אַרבעט אין דער שטאָט, צו זען מענטשן פאַרוועבט אין די שטולן. דאָס איז געווען אַזוי פּשוט און רעגלמעסיק, ווי מען איז געוואוינט ווען מען הויבט זיך אויף פון שלאָף, צו טרעפן די מאָרגן־ליכט אין שטוב. עס האָט זיך אים אין קאָפּ נישט געלייגט.

— מען וועט בעסער ווערן, — האָט ער געזאָגט, — זאָל נאָר קומען דאַנערשטיק און די ווייבער וועלן דאַרפן מאַכן שבת, וועט מען מיך קומען בעטן, צו די פיס וועט מען מיר פאַלן.

אַ גאַנצע וואָך איז געשטאַנען די וועבעריי ליידיק, אָבער קיינער איז נישט געקומען פאַלן שמחה מאירן צו די פיס. די ווייבער אויפן באַלוט האָבן געקרעכצט, געזיפצט, די ערשטע גענומען שרייען, אַז מען וועט אויסגיין פון הונגער, אַז מען קוילעט זיך אָן אַ חלף, און יעדער פון זיי איז דערגאַנגען די יאָרן איר מאַן, ער זאָל איבערגיין צו דער אַרבעט. פונקט ווי זיי האָבן פריער אָוועקגעשטעלט די טעפּ און נישט געוואָלט קאָכן פאַר דעם קליינעם לוין, וואָס די מענער האָבן אַהיימגעבראַכט, אַזוי זענען זיי איצט געווען די ערשטע צו באַקלאָגן די גאָלדענע צייטן, ווען די מענער האָבן אַהיימגעבראַכט די עטלעכע גילדן, פאַרוואָס מען קאָן אָנקויפן פון אַלעם גוטן, פון קאַרטאָפל ביז אַ לעבל ברויט.

— גזלנים ! האָבן זיי געגעסן די מענער. — האָטס רחמנות אויף די קליינע שוואַלבן ! — נאָר די מענער זענען נישט געגאַנגען.

שמחה מאיר האָט זיך אַרומגעדרייט אַ פאַרלוירענער אַרום דער שטילער וועבעריי. ער האָט נישט געקאָנט איינשלאָפן אָן דעם גערויש פון די שטולן, ער האָט נישט געפילט קיין טעם אין לעבן אָן דער אַרבעט. ער האָט שוין מיט אומגעדולד אָפּגעוואַרט דעם דאָנערשטיק, ווען די פּועלים וועלן אים קומען בעטן, פאַלן צו די פיס, נאָר זיי זענען נישט געקומען. און ווי אויף

צו להכעיס זענען כּסדר איצט אָנגעקומען באַשטעלונגען, יעדער פּאָסט האָט זיך געבראַכט נייע. ער איז אַרויס אויפן מאַרק, געזוכט וועבער, געשיקט שמואל־לייבושן שאַפן באַלמעלאָכעס, נאָר קיין גרויסע זאַכן האָט מען נישט געמאַכט. אַרבעט איז געווען אַ סך אין שטאָט, און מען האָט בלויז געקראָגן עטלעכע אַלטע דייטשקעס, וואָס האָבן געאַרבעט פּאַמעלעך, און אַ צוויי־דריי שיכּורים, וואָס האָבן מער געטרונקען ווי געטאָן און מען האָט זיי כּסדר געמוזט קוקן אויף די הענט, ווייל זיי האָבן געגנבעט אין די אויגן.

אויף שבת האָט ער געשיקט אין וועבערישן שולכל „אהבת־רעים״ דעם מלמד, וואָס זיין שווער האָט געהאַלטן אויף צו לערנען מיט די וועבער פּרק. ער האָט איבערגערעדט לאַנג מיט דעם מלמד, געהייסן אים מוסרן די וועבער ביים לערנען, צורעדן זיי, זיי זאָלן זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון די, וואָס ווילן פון זיי דאָס ברויט פון מויל צונעמען, און צוריקגיין אַרבעטן, פאַרוואָס מען וועט זיי מוחל זיין. אָבער די וועבער האָבן נישט געוואָלט הערן דעם פּרק, און דעם מוסר פון מלמד. אָנשטאָט פּרק, האָבן טוביהלע און ניסן געלערנט מיט זיי אין שולכל ווייטער צו בלייבן פעסט, ביז מען וועט נישט אויספירן. מען דאַרף נאָר זיך האַלטן אחדות.

— איך האָב פאַרזעצט דאָס קישן אויף ברויט, — האָט אַ וועבער גע־קרעכצט.

— איך האָב די קופּערנע לייכטער אַראָפּגענומען פון טיש און איבער־געלאָזט פאַר קאַרטאָפּל.

— איך האָב דעם טלית און תּפילין פאַרמשכּונט אויף שבת.

— אחדות, נאָר אחדות, און מען וועט מנצח זיין, — האָט טוביהלע געמונטערט. — זאָלן נאָר אַוועקגיין עטלעכע טעג, וועלן זיי שיקן נאָך אונדז. אירט זען מיינע רייד. זיי ווערן בדלות פון לאָזן שטיין די וועבערייען.

ער האָט געוואוסט, וואָס ער האָט גערעדט, טוביה. ער האָט געקענט די שטאָט, פאַרשטאַנען זיך אויף אַלע סוחרישע קונצן. זיי האָבן נישט געקאָנט אָפּשטעלן זיך, די האַנט־וועבערייען, אין דער שטאָט, וואו יעדן טאָג זענען נייע קוימענס אויסגעוואַקסן און די מאַשין האָט פאַרשלונגען די האַנט. נאָך בעסער פון טביהן האָט עס פאַרשטאַנען שמחה מאיר. ער האָט איצט כּסדר גערעכנט מיטן בליישטיפט אויף יעדן שטיקל פּאַפּיר, וואָס איז אים געקומען אונטער דער האַנט, געחשבונט, וויפל ער האָט שאָדן פאַר יעדן טאָג, וואָס די וועבער־שטייט גראָד איצט, ווען די באַשטעלונגען קומען אָן אַזוי היפּש און מען קאָן מאַכן אַ רובל. ניין, עס איז אים נישט געווען אונטער דער האַנט דער עסק מיט די וועבער. אמת, ער האָט קיינמאָל נישט געהאַלטן פון האַנט־שטולן, און ער רעכנט נישט צו בלייבן דערביי. ביי דער ערשטער געלעגנהייט וועט ער איבערגיין צו דאַמף, צו קוימענס. אָבער כּדי צו קומען צו קוימענס, דאַרף מען דערוויל גיין מיט די האַנט־שטולן, וואָס מער געלט מאַכן, וואָס שנעלער אָנ־יאָגן, קומען צו דער מטבע. דאָס שטיין פון דער וועבעריי איז גאָרנישט געווען קיין מעלה איצט, ווען מען דאַרף יאָגן. ער האָט נישט אויפגעהערט נעצן דעם

שפּיץ בליישטיפט אין מויל און רעכענען אויף אַלע פּאַפּירן, אויף אַלע טישטעכער, וואָס מען שפּרייט אים צום עסן.

אָבער פון דער צווייטער זייט האָט ער אויסגעחשבונט, אַז אויב ער וועט נאָכגעבן, וועט עס אים קאָסטן טייערער. אויסער די פינף און צוואַנציק רובל אַ וואָך, וואָס ער וועט מוזן צאָלן, וואָס דאָס מאַכט אויס גאַנצע הונדערט רובל אַ חודש, צוועלף הונדערט רובל אַ יאָר, נישט רעכענענדיק פּראָצענטן פון דער סומע, ווילן זיי נאָך די עזות־פּנימער, די קבצנים, וויניקער אַרבעטן, קיין ליכט נישט קויפן שבת־צו־נאַכטס נישט אָפּאַרבעטן פאַר שבת, וואָס מען רוט, און מאַכן נאָך אַנדערע ליידיקגייעריי, וואָס אַזוינס איז גאָרנישט געהערט געוואָרן. דערצו וועט דער אַפּעטיט ביי זיי וואַקסן מיטן עסן. ווען מען גיט אַ הונט אַ פינגער, וויל ער דערנאָך די גאַנצע האַנט. מען דאַרף גלייך קיין פינגער נישט געבן. אמת, מען ווערט בדלות, ווייל די וועבעריי שטייט, די באַשטעלונגען קומען אָן און מ׳קאָן זיי נישט ליפערן, מען מאַכט זיך קאַליע דעם מאַרק. אָבער זאָלן זיי נאָר מיד ווערן, וועלן זיי זיך קומען בעטן צו דער אַרבעט, פאַלן צו די פיס, וועט מען זיך, מיט גאָטס הילף, דעם היזק אָפּ־נעמען, נאָך מיט ריווח. פאַר אַלץ וועלן זיי באַצאָלן. די אַרבעט וועט אַוועק, מען וועט מאַכן אַ מטבע, אַניאָגן עטלעכע יאָר, און היידאַ, אַריבער צו קוימענס.

— כ׳האָב צייט, — האָט ער געזאָגט צו די רעדלעך אין די שענקלעך, טרינקענדיק ביר און פאַרבייסנדיק מיט האַרטע געפּעפּערטע אַרבעס. — מען דאַרף זיי נאָר לאָזן שמעקן פּעפּער...

זיי האָבן געשמעקט פּעפּער אויפן באַלוט. שמואל לייביש האָט עס יעדן טאָג אויפסניי אויסגעפּונען און עס איבערגעגעבן שמחה מאירן.

אין קליינע באַלוטער געוועלבלעך, וואו עס רויעט אין אַלע בלעכענע שאַכטלען צוקערלעך פון פליגן און „אָסעס״, האָבן די צעשויבערטע, מידע און שווייסיקע קרעמערקעס נישט אַרויסגעלאָזט קיין ברויטל פון דער האַנט אָן באַצאָלט.

— די ביכלעך זענען שוין געשוואָלן פון חובות, — האָבן זיי געשריגן, ווייזנדיק די הערינג־פאַרפלעקטע און גרייזיק־פאַרשריבענע ביכלעך. — נישטאָ קיין ברויט אויף באָרג. די בעקערס שענקען אונדז אויך נישט.

די וועבערקעס האָבן געבראַכט משכנות: אַ צעריסן ציכל פון אַ קישן, אַן אַלט־מאָדיש חתונה־קלייד, וואָס האָט זיך נאָך ערגעץ פאַרוואַלגערט, אַ וויג־טערדיק קאָפּ־טוך, און אַפילו אַ טייטש־חומש. אָבער באַלד האָבן זיך די משכנות אויסגעלאָזט. די טעג האָבן זיך געצויגן לאַנגע, גאָר אָן אַ סוף, און די קינדער האָבן כסדר געריסן ביי די פאַרטעכער: — מאַמע, ברויט!

צווישן די וועבער, וועלכע האָבן זיך גאַנצע טעג אַרומגעדרייט איצט איבער די שמאָלע געסלעך אין די שבתדיקע קאַפּאָטעס, וואָס זיי האָבן נישט אַראָפּגענומען צו דער אַרבעט און אַזוי שוין געבליבן אין זיי, האָט גע־

רוישט און געקאַכט. אין אַלע ווינקעלעך האָבן זיך קופּעלעך געזאַמלט, גערעדט, געשריגן, געמאַכט מיט די הענט.

— טוביה איז גערעכט, — האָבן די יונגע ווייבער געזאָגט, — נאָר נישט פאַלן, נישט אַראָפּלאָזן באַלד די פליגל, וועט מען אויספירן.

— אייך איז גרינג צו רעדן, — האָבן די אַלטע געקרעכצט, — די קינדער לויפן אייך נאָך נישט נאָך ביי די פּאָלעס. ווען עץ וואָלט אַזוי געפילט דעם טעם ווי מיר, וואָלט עץ אַנדערש געוועזן. שמחה מאיר וועט קריגן אַנ־דערע און מען וועט בלייבן אויף דער פליישׂ־באַנק.

— מען דאַרף אים גיין בעטן, זאָגן אַז מיר האָבן עס נישט געוואָלט, אַז דאָס איז אַלץ טוביהלעס און ניסנס אַרבעט, — האָבן אַלטע צעבראָכענע יידן געברומט, — אַז נישט וועט אויסקומען צו נעמען די טאָרבע אויפן האַלדז און גיין בעטלען אויף די עלטערע יאָרן.

— מיר האָבן געגעבן אַ שבועה, — האָבן יידן גערעדט מיט מורא.

— אַ רב וועט אונדז מתיר זיין, — האָבן אַנדערע געפונען אַן עצה, — ס'איז דאָך פּיקוח־נפש.

אַן די מענערס וויסן, האָבן ווייבער גענומען גיין צו שמחה מאירן און בעטן עטלעכע גילדן אַ דערויף.

— מיין אַלטער וועט אָפּאַרבעטן, — האָבן זיי געזאָגט, — קינדער גייען אויס פאַר אַ שטיקל ברויט. צו וועמען דען זאָל מען גיין? אַ פאָטער זענט איר דאָך צו אונדז!

שמחה מאיר האָט קיין געלט נישט געגעבן. ער האָט זיך קיינמאָל נישט געאיילט מיט אַזעלכע זאַכן. געלט איז ווי אַ פויגל, האָט ער געוואוסט, עס קומט זעלטן צוריק, ווען מען לאָזט עס אַרויס פון דער האַנט. אָבער מוסר האָט ער די ווייגענדיקע ווייבער נישט געקאַרגט, אָנגעזאָגט זיי וויפל נאָר עס האָט געקאָנט אין זיי אַריין.

— די הולטאַיעס, דער טוביהלע מיטן מורה־הוראהס זונדל, וועלן די מענער אייערע קוילען, — האָט ער גערעדט מיט האַרץ. — זיי וועלן זיי צונעמען די וועלט און יענע וועלט.

— אַז די מיילער זאָלן זיי נאָר פון הינטן שטיין, — האָבן די ווייבער געשאָלטן, — פאַר די זיסע ריידעלעך ,וואָס זיי האָבן איינגערעדט.

— זיי וועלן זיי נאָך אָנרעדן צו דער שמד, — האָט שמחה מאיר נביאות געזאָגט. — זיי וועלן נאָך ווייב און קינדער הייסן איבערלאָזן אויף הפקר.

— אוי ווי איז אונדז, — האָבן די ווייבער גענומען ברעכן מיט די בלייכע דאַרע הענט, גלייך ווי די מענער וואָלטן זיי שוין פאַרלאָזט. — מיט בע־זעמער דאַרף מען זיי פאַרטרייבן פון גאַס. איבער איין קרעציקער שאָף וועט די גאַנצע סטאַדע קרעציק ווערן.

די אויפגעהעצטע ווייבער האָבן גענומען נאָכלויפן טוביהן און ניסנען מיט קולות איבער די געסלעך. מער פון אַלע האָט געליאַרעמט טוביהס ווייב אַליין. אַ צאָרנדיקע, מיט עטלעכע קינדער, איינס קלענער פאַרן אַנדערן,

אָנגעהאַנגען ביי דעם שלוימפּערדיקן קלייד און מיט דעם זויג־קינד ביי דער נאַקעטער ברוסט, האָט זי אַרומגעשלעפּט זיך איבער די שטויביקע הייסע געסלעך און געשאָטן פייערדיקע קללות אויף איר מאַן.

— קהלשער צאַפּ, — האָט זי אים נאָכגעשריגן, — אַז צאַפּן זאָל זיך דיר בלוט פון האַלדז, — פּרעמדער בעזעם, וואָס קערט אויס אַלע ווינקעלעך און דערנאָך וואַרפט מען אים אַרויס פאַר דער טיר, אַז הייזער הויך זאָל עס דיך וואַרפן. — וואָס באַזאָרגסטו אַ וועלט? זאָרג פאַר דיין ווייב און קינדער, וויסטע בהמה!...

אַלע קינדער האָבן איר צוגעהאָלפן שרייען און וויינען.

פונקט אַזוי האָט זי געשאָטן אויף ניסנען.

— אַלץ זיין קעפּל דערביי. מיט הייס וואַסער וועל איך דיך אָפּגיסן, אַז דו וועסט אַריינקומען צו מיר אין שטוב אַריין, תרבות־רעה איינער!

אָבער טוביה האָט זיך פון קיין זאַך נישט געמאַכט און נישט אויפגעהערט רעדן, סודען זיך, איבערצייגן, היצן זיך, בעטן און רופן צו אחדות.

— נאָר אחדות און געדולד, — האָט ער געבעטן, — און מיר וועלן מנצח זיין.

ער האָט געהאַט אַ כוח, דער טוביה. ער האָט אַלעמען געקאָנט איבער־רעדן, מוט צוגעבן, רעדן צו שכל, שטאַרקן. אים האָט צוגעהאָלפן ניסן. שמחה מאיר האָט געוואַרט אויף דעם צווייטן דאָנערשטיק, ווען די וועבער דאַרפן מאַכן שבת, אָבער אויך דעמאָלט איז קיינער נישט געקומען צו דער אַרבעט. די וועבעריי האָט געפּוסטעוועט.

אויף דער דריטער וואָך האָט שוין שמחה מאיר גענומען קנייטשן דעם שטערן און זייער נערוועז ציען דאָס בערדל. די שאַדנס זענען געווען היפּשע. קאָמיסיאָנערן האָבן געדראָט, אַז זיי וועלן איבערגיין צו אַנדערע פאַבריקאַנטן. ביי זיין גאַנצער עקשנות, האָט ער אַלעמאָל געהאַט דעם קאָפּ אויף די פּלייצעס, שמחה מאיר, און נישט צופיל ריזיקירט. דאָס האָט ער נאָך פאַרשטאַנען ביי די קאָרטן, ווען ער איז געווען אַ יינגל, קיין מאָל נישט געוואָלט זיך איין אויג אַרויסנעמען, אַבי דעם צווייטן ביידע אויגן. אויך איצט האָט ער גענומען טראַכטן, אַז די שפּיל זיינע איז פאַרן טייוול אַז ער האָט אַ שלעכטע קאָרט געפּאַקט, און אַז דאָס בעסטע איז אין אַזאַ פאַל אָפּצושניידן וואָס פריער, כדי אַרויס באַצייטנס מיט גאַנצע ביינער און אָפּוואַרטן אויף אַ בעסערער געלעגנהייט. אָבער אין דער לעצטער רגע האָט אים אַ בליץ געטאָן אַ געדאַנק אין קאָפּ, פון וואָס עס איז אים אַזוי קלאָר געוואָרן, אַז ער האָט זיך אַזש אַליין פונאַנדערגעלאַכט אויפן קול.

— שמואל לייבוש! — האָט ער גערופן. — לויף שוין און ברענג מיר ליפּע חלפן צופירן. זאָג אים, אַז איך דאַרף אים שוין, זייער נויטיק.

ליפּע חלפן, אַ ייד אַ ליטוואַק, מיט אַ שפּיציק געשוירן בערדל, וואָס רעדט רוסיש מיט „סינס" אָנשטאָט „שינס", איז געווען זייער אַ נוצלעכער מענטש אין לאָדזש. אָנקומענדיק פון דער ליטע בלויז מיט אַ טשייניק אין איין האַנט

און מיט אַן אַלטן שירעם אין דער צווייטער, האָט ער גלייך גענומען שטורמען דאָס נייע לאָדזש. מיט גרויס טומל האָט ער צום ערשט פאַרקויפט אויף די גאַסן בענדלעך צו שיך, פּאַפּירענע קראַגנס, נאָדלען, שפּילקעס. געגעסן האָט ער בלויז ברויט מיט הערינג און פאַרטרונקען מיט הייס וואַסער פון זיין טשייניק, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך. ביסלעכווייז האָט ער גענומען באַזאָרגן פאַר סוחרים אַ שליחות אויף דער פּאָסט, אויף דער באַן. בעסער פון די לאָדזשער האָט ער זיך געקאָנט אויסטענהן מיט די רוסישע באַאמטע. גאַר גיך האָט ער איבערגענומען אַ הויז, צו פירן אין רוסיש די איינמעלדונגען. איידער מען האָט זיך אומגעקוקט, האָט ער שוין צוגעקלאַפּט אַ שילדל צו זיין וואוינונג, אַז ער שרייבט ביטעס אין געריכט און אין אַלע אַנדערע רוסישע אַמטן. אין לאָדזש האָט זעלטן אימעצער געקענט רוסיש. געשעפטן זענען געווען אַ סך, און דער ליטוואַק האָט אַ סך געלט פאַרדינט ביי זיינע ביטעס.

אין דער גיכסטער צייט איז ער געוואָרן אַ חשוב אין דער פּאָליציי, אויסגעקאָכט מיט אַלע טשינאָווניקעס. ווער עס האָט עפּעס געהאַט אַן עסק מיט דער פּאָליציי, איז געקומען צום ליטוואַק, געגעבן אים געלט אויף „שמירן״, און דער ליטוואַק האָט געפּועלט, פון אַלע צרות האָט ער אַרויס־גענומען. ער האָט שוין פאַרוואָרפן זיין אַלטן שירעם, געקליידט זיך באַ־לעבאַטיש, אַרומגעשלעפּט זיך שטענדיק מיט אַ דיקן פּאָרטפעל, פול מיט פּאַפּירן, און געגריסט זיך מיט אַלע באַאמטע אויף די גאַסן, אַפילו מיטן סאַמע פּאָליצמייסטער אַליין.

— „מאָיאָ פּאָצטעניע״, — האָט ער געגריסט אין זיין ליטווישער אויסשפּראַך און געצויגן דעם האַרטן קאַפּעליוש, — „צעסט אימעיו קלאַ־נאַטסיאַ״...

כאָטש אַלע אַדוואָקאַטן האָבן אויף אים קרום געקוקט, חוזק געמאַכט פון אים, געלאַכט פון זיינע גרייזן, פון די „סינס״ אָנשטאָט „שינס״, וואָס ער פאַקט אַריין אין זיינע ביטעס אין געריכט, האָבן זיי אים גאָרנישט געקאָנט טאָן. ער האָט געהאַט מער פּראַקטיק פון זיי. וואָס זיי האָבן נישט געקאָנט מאַכן מיט זייערע רעדעס און גוט־געשריבענע ביטעס, האָט עס דער ליטוואַק געמאַכט מיט זיינע גרייזן.

— אַז די פּאָליציי איז ביי מיר אָט דאָ! — האָט ער געוויזן אויף דער קעשענע פון זיין גלאַנציקן סורדוט. — וואָס ווייסן זיי, אָט די אַלע אַדוואָ־קאַטלעך ? גאָרניט מיט גאָרניט...

ער האָט אַלץ געטאָן, אויפגעקויפט שלעכטע וועקסעלעך, אַרויסגע־שטעלט בעל־חובות אויף ליציטאַציע, געליען געלט אויף לאָמבאַרד־קוויטן, אָנגענומען פּרעטענציעס צו דער באַן, ווען עפּעס איז נישט געווען אין אָרדע־נונג, אַרויסגטראָטן אין געריכט ביי פּראָצעסן, כאָטש ער האָט דערויף קיין רעכט נישט געהאַט, געגעבן געלט אויף גוטע פּראָצענטער, און אַריינגע־טראָגן אַ מסירהלע, אַז מען האָט געדאַרפט, אין די הויכע פענצטער אַריין.

— ס'וועט סוין רעכט זיין, — האָט ער געזאָגט געלאַסן, ווען מען האָט אים געשיקט מיט אַ מסירה אויף אימעצן. — גיט נאָר אַהער די געלט, וואָרעם אויף דריי זאַכן סטייט די וועלט, אויף געלט, געלט און געלט...

אָט צו דעם ליטוואַק האָט דאָס שמחה מאיר איצט געשיקט און זיך קוים נעקאָנט דערוואַרטן אויף זיין קומען.

דער ליטוואַק האָט לאַנג אויסגעהערט שמחה מאירס שנעלן עכט־לאָדזשער יידיש, נישט איבערגעשלאָגן אים מיט קיין וואָרט, סיידן, ווען שמחה מאיר האָט פאַרגעסן און אים גערופן ביים נאָמען בלויז ר' ליפּע. „גאָספּאָדין כאַלפן", — האָט אים דער ליטוואַק איבערגעשלאָגן און אים ווייטער געלאָזט רעדן. אַז שמחה מאיר האָט זיך ענדלעך דאָס גאַנצע ביטערע האַרץ זיינס אויסגערעדט, אַלע צרות, וואָס ער האָט אויסצושטיין פון דעם טוביהלע און ניסן מורה־הוראהס, האָט דער ליטוואַק אַרויסגענומען אַ פּאַפּיר פון זיין אָנגעשטאָפּטן פּאָרטפעל. ער האָט אין רוסיש פאַרצייכנט זייער דייטלעך די נעמען פון שמחה מאירס שונאים און דאָס פּאַפּיר צוריק אַריינ־געלייגט אין פּאָרטפעל.

— סוין, — האָט ער געזאָגט, — זיי ליגן סוין ביי מיר אין די הענט. נעמט אַרויס די געלט...

שמחה מאיר האָט מיט גרויס ברייטקייט אַרויסגעצויגן דעם גרויסן נגידישן בייטל פון דער הויזן־קעשענע און אַרויסגעצאָלט עטלעכע קנאַקע־דיקע שפּאָגל־נייע באַנקנאָטן. דער ליטוואַק האָט זיי איבערגעציילט און זיך נישט געדונגען.

— דאָס איז אַ פּערסטעפּלעניע נומער הונדערט איין און אַכציק פון סוואָד זאַקאָנאָוו, — האָט ער געלייענט פון אויסנווייניק דעם רוסישן קאָ־דעקס — סוין גיי איך אַריבער צום פּאָליצמייסטער.

— קיינער דאַרף וועגן דעם נישט וויסן, — האָט שמחה מאיר געמורמלט אַרויסבאַגלייטנדיק דעם ליטוואַק. — איר פאַרשטייט דאָך...

— קאַניעצנאָ, — האָט דער ליטוואַק צוגעגעבן, — קאַניעצנאָ.

אין זעלבן טאָג נאָך, שפּעט ביינאַכט, זענען פּאָליציאַנטן באַפאַלן אויפן באַלוט די שטיבלעך, וואו טוביה און ניסן האָבן געוואוינט, אוןביידע וועבער אַרויסגענומען פון די בעטן.

— פאַרוואָס ? — האָבן די אַרעסטירטע נישט פאַרשטאַנען.

— אין דער פּאָליציי וועט שוין קלאָר ווערן, — האָבן די פּאָליציאַנטן געענטפערט און צוגעבונדן אַ קייטעלע איינעם צום צווייטנס האַנט. — נאָ. פּאָשאָל!

כאָטש עס איז געווען אין מיטן נאַכט, האָט זיך גלייך דער באַלוט דערוואוסט וועגן אַלעם און אַלע זענען אַרויס פון די בעטן. די פּאָליציאַנטן האָבן געפּאָכעט מיט די קרומע שווערדן רעכטס און לינקס, געטריבן די מענער אין די אונטער־הויזן און די ווייבער אין די האַלקעס.

טוביהס ווייב, אין בלויזן אונטער־קלייד, אַרומגערינגלט מיט אַלע

ווײנענדיקע קינדער, האָט באַגלייט איר טוביהן, ווי מען וואָלט אים גע־פירט צום בית־עולם.

— יידן, בני רחמנים, — האָט זי געבראָכן מיט די הענט, — אויף וועמעז בלייב איך מיט מיינע ווערעם?

ביז מיטאָג זענען ביידע אַרעסטאַנטן אָפּגעלעגן אין אַרעסט, צווישן שיכורים, גנבים און פרעמדע אָן פּעסער.

— פאַרוואָס האָט מען ענק אַרײנגעשׂבט אין קיטשמע? — האָבן די גנבים זיי געפרעגט.

— מיר ווייסן אַליין נישט, מיר האָבן קיין זאַך נישט געטאָן, — האָבן די אַרעסטירטע געענטפערט.

— יאָלדן, — האָבן גנבים געלאַכט און זיי גענומען איבערוואַרפן פון איינעם צום צווייטן, ווי אַ באַל.

וויפל שמאַטעס עס זענען נאָר געווען אין אַרעסט, האָט מען זיי גע־וואָרפן, די בייע, אין קאָפּ אַריין. דערנאָך האָבן זיי געמוזט אַרויסטראָגן דאָס שאַף מיט אומרײנקייט. נאָך צוויי טעג האָט מען זיי אַרויסגענומען פון אַרעסט און אַריינגעפירט אין דער קאַנצעלאַריע צום סאַמע פּאָליצמייסטער אַליין.

— סמירנאַ! — האָט דער פּאָליצמייסטער מיט די געלע באַקן־בערד געשריגן. — נישט רירן זיך!

זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין וואָרט רוסיש און גענומען ברומען עפּעס וועגן דעם, אַז זיי זענען אומשולדיק, אַז זיי האָבן פּאַספּאָרטן. נאָר די פּאָליציאַנטן האָבן זיי אויסגעטייטשט מיט קלעפּ אין די זייטן דעם פּשט פון די רוסישע ווערטער.

— „טאַק", — האָבן זיי געלערנט די דערשראָקענע ווי אַזוי צו שטיין און זיי מיט די פויסטן אַרײנגעקלאַפּט די בייכער און אונטערגעהויבן די אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

דער פּאָליצמייסטער האָט ביידע געלע באַקן־בערד צעקעמט מיט די אָנגעבלאָזענע פינגער פון גרויס הנאה.

דערנאָך האָט ער גענומען צוגיין צו די צוויי יונגעלייט, נאָענט, שיר זיי נישט אויף די פּיס אָנגעטראָטן.

— אַזוי גאָר? — האָט ער זיך געשפּילט מיט זיי, ווי אַ קאָץ מיט אַ מויז. — בונטאָווטשיקעס! מען בונטעוועט דעם נאַראָד, האַ?

ביידע האָבן שוין געכאַפּט איצט, וואָס אַזוינס זייער זינד איז, און זיי האָבן זיך גענומען פאַרענטפערן. אין אַ געמיש פון אַ שלעכטן פּויליש און רוסיש האָבן זיי געוואָלט דערציילן וועגן דעם פינצטערן לעבן אין דער וועבעריי, וועגן די האַלבע רובלס אַ וואָך, וואָס מען וויל די אַרבעטער אַראָפּנעמען. נאָר דער פּאָליצמייסטער איז געוואָרן אין כעס.

— „מאַלטשאַט, סוקיני סיני"! — האָט ער געשטורעמט. — אין קייטן

וועט איר ביי מיר פאַרפוילט ווערן פאַר אַזעלכע זאַכן! פּאַסן וועל איך שינדן פאַר בונטעווען דעם רואיקן נאַראָד!

אויף דעם וואונק פון דעם פּאָליצמייטער, האָט זיך אַן אַלטער איינגע־הויקערטער פּאָליציאַנט אַוועקגעזעצט צום טיש און מיט געדרייטע רוסישע בוכשטאַבן אויפגעשריבן אַ לאַנגן בויגן פּאַפּיר, וואָס דער פּאָליצמייסטער האָט, שפּאַצירנדיק איבער דער שטוב, הויך דיקטירט. ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט אים דער שרייבער פאָרגעלייענט פאַר די אַרעסטירטע. ער האָט די שווערע רוסישע ווערטער געלייענט מיט זייער אַ פאַנפעוואַטער שטים. די אַרעסטירטע האָבן גאָרנישט פאַרשטאַנען, אַ חוץ דאָס שאַרפע וואָרט „בונטאָוושטשיקי״ וואָס האָט זיך כסדר איבערגעחזרט און וואָס דער פאַנ־פעוואַטער פּאָליציי־שרייבער האָט מיט אַ באַזונדער קלאָרקייט אַרויסגעברענגט.

— אונטערשרייבן זיך! — האָט דער פּאָליצמייסטער געדונערט. — ווער עס קאָן נישט שרייבן, זאָל מאַכן אַ קרייצל.

ביידע אַרעסטירטע האָבן זיך איבערגעקוקט. נאָר די פּאָליציאַנטן ביי דער זייט האָבן זיי דערלאַנגט מיט די שווערדן איבער די פיס.

— אונטערשרייבן האָט יעוואָ וויסאָקאָבלאַהאָראָדיע באַפוילן! — האָבן זיי געברומט. — גערירט זיך!

איינער נאָכן אַנדערן האָט אונטערגעשריבן זיין נאָמען.

— טאָוויאַ מעילעך מענדעליעוו מייערעוו בוכבינדער; ניסן נוסיניעווּ שליאַמאָוויטש אייבעשיץ, — האָט דער פּאָליצמייסטער לאַנגזאַם געלייענט די שווערע יידישע נעמען. — אָפּפירן זיי צוריק אין אַרעסט!

נאָך דעם זעלבן טאָג האָט דער פּאָליצמייסטער אָנגעשריבן קיין פּיעטראָ־קאָוו צום גובערנאַטאָר אַ ראַפּאָרט, אין וועלכן ער האָט אויף אַ פּליסיקן אופן פאָרגעשטעלט די צוויי געפערלעכע בונטאָוושטשיקעס, וואָס העצן אויף די רואיקע אַרבעטער אין דער אינדוסטריע־שטאָט לאָדזש, וואָס זענען אַ געפאַר פאַר דער באַפעלקערונג, און דעריבער בעט ער זיין עקסעלענץ, צו ווענדן זיך קיין סאַנקט פּעטערבורג, מען זאָל די צוויי בונטאָוושטשיקעס אַרויסשיקן אויף אַ צייט אויסער די צען גובערניעס פון פּוילישן קעניגרייך, אָן אַ משפּט, בלויז אויפן אַדמיניסטראַטיוון וועג. ביז די דערלויבעניש וועט אָנקומען פון דער רעזידענץ סאַנקט פּעטערבורג, האָט ער דערווייל, צוליב זיכערקייט, געהאַלטן ביידע אַרעסטירטע אין צייטווייליקן אַרעסט.

— ביז עס וועט אָנקומען אַן ענטפער פון פּעטערבורג, — האָט ליפּע חלפן באַרואיקט שמחה מאירן, — וועלן זיי זיך זיצן אַ יאָר אודאי, אויב נישט מער. זיי וועלן שוין פאַרזאָגן אַ צענטן נישט אָנצוהויבן זיך מיט פּאָליציי.

די באַלוטער וועבער זענען געלאָפן אין די שולן שרייען, אָפּגעריסן די טירן ביים רב; אָבער קיינער האָט זיך נישט געוואָלט אַריינמישן.

— פאַר אַ גנבה וואָלט מען עפּעס געקאָנט טאָן, אויסלייזן, — האָבן יידן געזאָגט. — פאַר בונטאָוושטשיקעס קאָן מען גאָרנישט נישט טאָן. מען קאָן נאָך אַליין שלעכט אָפּשניידן.

באַלד דערנאָך האָט די וועבעריי ביי שמחה מאירן געגומען גיין אויף אַלע שטולן. די אויסגערוטע און אויסגעהונגערטע וועבער האָבן מיט אַזאַ ברען געאַרבעט, אַז זיי האָבן אינגיכן אָנגעיאָגט אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַר דער צייט פון שטרייק דורכגעלאָזט. ביים אָפּנעמען פרייטיק דעם געהאַלט מיט אַ האַלבן רובל ווייניקער, האָט קיינער אַפילו קיין קרעכץ נישט געטאָן. מען האָט געדאַנקט, וואָס מען קריגט כאָטש עפּעס. שמחה מאיר האָט כסדר גערעכנט, געמאַכט שפּאָרונגען ביי יעדער געלעגנהייט. אויך דעם מלמד, וואָס דער שווער זיינער פלעגט האַלטן פאַר די מענטשן צו לערנען שבת בייטאָג אין שולעכל „אהבת רעים״, האָט ער אָפּגעשאַפט.

אין לאָדזש האָט מען גענומען פון אים רעדן.

— אַן אַכבראָש אַ יונג, נאָטע גנב! — האָט מען געזאָגט וועגן אים, וואָס איז אין לאָדזש דער גרעסטער שבח געווען. — ער וואַקסט, דער קליינער...

## קאַפּיטל צוואַנציק

נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן האָט ר׳ חיים אַלטער נישט געהאַט אַזאַ אומרואיקע צייט, האָט ער נישט דורכגעלעבט אַזויפיל צער און נחת צוזאַמען ווי איצט אין איין יאָר סך־הכל.

אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט נחת. זיין בת־יחידה דינהלע האָט זייער לייכט און זייער פּינקטלעך, צום טאָג, געבוירן אים אַן אייניקל, און טאַקע אַ יינגל. ווי שטענדיק, האָט ר׳ חיים זיך צעלאָזט, אָנגעבעטן אַ סך געסט, די שענסטע און בכבודסטע באַלעבאַטים פון שטאָט און געפּראַוועט אַ ברית ביי זיין ערשט אייניקל, אַז לאָדזש האָט געקלונגען, און אַפילו אין וואַרשע האָט זיך וועגן דער הוטשנער שמחה געלאָזט הערן.

— חיימשי, געלט, נאָך געלט, — האָט פּריווע אַלטער אויסגעשטרעקט די אויסגעברילִיאַנטעוועטע פינגער, וואָס אוצרות צערינען אונטער זיי.

— שמחה מאיר־לעב, געלט, געלט, — האָט ר׳ חיים אויסגעשטרעקט די האָריק נגידישע האַנט צום איידעם דעם געשעפטספירער, — פאַרשרייב אויף מיין חשבון.

שמחה מאיר האָט געגעבן און פאַרשריבן, געגעבן נאָך מער וויפל דער שווער האָט געוואָלט און פאַרשריבן מער וויפל דער שווער האָט געוואָלט. די שמחה איז געווען גרויס, עס זענען געקומען צום מאַלצייט אַלע חסידים, סיי פון שווערס שטיבל, סיי פון שמחה מאירס אַלעקסאַנדערער שטיבל. טאַקע דערפאַר, וואָס שמחה מאיר האָט געהאַט דאָס ערשטע קינד אַ יינגל, האָבן אים די יונגעלייט פון שטיבל זיינעם מוחל געווען דאָס, וואָס ער האָט זיך לעצטנס דערווייטערט פון דער תורה און פון די קעסט־קינדער.

— ניסים האָסטו, שמחה מאיר, וואָס דו האָסט געמאַכט אַ ברית, —

האָבן די יונגעלייט געחוזקט ביים טיש. — ווען דו מאַכסט אַ בריתניצע, וואָלט מען דיך אריבערגעלייגט איבערן טיש און אָנגעשמיסן.

אַפילו ר׳ אברהם הערש, דער פאָטער זיינער, וואָס האָט אים אַזוי מעשה־יינגל אויסגעפּאַטשט און אים געהייסן מער נישט קומען צו איב אין שטוב, האָט איצט, צוליב דעם יינגל, וואָס איז געבוירן געוואָרן, געלאָזט זיך איבערבעטן מיטן זון און געקומען אין שטריימל אויפן ברית. אוודאי איז גלייך געקומען צו אַ מחלוקת צווישן ביידע מחותנים, וואָרעם ר׳ חיים האָט דווקא געוואָלט, אַז מען זאָל דעם יינגל אַ נאָמען געבן נאָך זיין רבין, און ר׳ אברהם הערש האָט פאַרלאַנגט, מען זאָל דעם יינגל אַ נאָמען געבן נאָך זיין רבין, נאָך דעם וואָרקער. ר׳ חיים האָט זיך געקאָכט, געהיצט, געבעטן זיך, נאָר ר׳ אברהם הערש האָט אים נישט געוואָלט נאָכגעבן.

— ביי מיידלעך, — האָט ר׳ אברהם הערש געטענהט, — ווער איר, מחותן זיין גערעכט, ווייל איר האָט די טאָכטער. ביי יינגלעך האָב איך די דעה.

ר׳ חיים האָט כאָטש געוואָלט זיך טיילן, איין נאָמען געבן דעם יינגל פון זיין צד און איינעם פון מחותנס צד, אָבער ר׳ אברהם הערש האָט זיך איינגעעקשנט, ווי תמיד, און קיין איין נאָמען פון קיין פרעמדן רבין נישט צוגעלאָזט. מען האָט דעם יינגל אַ נאָמען געגעבן בלויז נאָכן וואָרקער רבי׳ן, יצחק. ר׳ אברהם הערש האָט זיין אייניקל אַליין מל געווען און אַזויפיל געטאַנצט מיט די חסידים פון שמחה, אַז פריווע האָט זיך מיט די הענט די אויערן פאַרשטעלט.

— מחותן, די קימפּעטאָרין איז שוואַך, זי קאָן נישט הערן, — האָט זי געזאָגט מיט כעס.

— יידן, לעבעדיק! — האָט ר׳ אברהם הערש אונטערגעגעבן די חסידים זיינע חשק און נאָך שטאַרקער זיך צעזונגען, נישט ענטפערנדיק דער יידענע אַפילו קיין איין וואָרט.

דינהלע די קימפּעטאָרין, אַ בלאַסע, אַ דערשראָקענע, האָט געטוליעט דאָס וויינענדיקע עופעלע און באַגאָסן זיך מיט טרערן צוליבן קינדס יסורים.

— גזלנים, — האָט זי געקלאָגט, — אַזאַ עופעלע, נעבעך...

— שאַ, אַ יידישע טאָכטער טאָר נישט אַזוי רעדן, — האָט זי די שוויגער אין אַטלאָסענעם טשיפּעק געשטראָפט.

— מען האָט דיין מאַן אויך אַזוי געטאָן, פונדעסטוועגן האָט אים נישט געשאַדט צו מאַכן קיין ברית... — האָבן ווייבער, רכילותניצעס און געניטע קינדלערינס, געמאַכט ליצנות פון דער יונגער קימפּעטאָרין. — וועסט נאָך האָבן פון יצחקן אַ סך אייניקלעך, מיט גאָטס הילף.

ר׳ חיים האָט זיך געפילט באַליידיקט צוליב זיין רבינס נאָמען, וואָס איז אים אַזוי פאַרשוועכט געוואָרן, עס איז אים געווען אַ חרפּה פאַר זיינע חסידים, וואָס די אַלעקסאַנדערער חסידים האָבן אויסגעפּירט. אָבער דער־פאַר איז דער ברית געווען אַ גרויסער, אַ רייכער, ווי אַלץ, וואָס ר׳ חיים

מאַכט. מען האָט לאַנג וועגן אים גערעדט אין שטאָט, אַפילו אין וואַרשע, און ער האָט זיך דערמיט געטרייסט.

— אם ירצה השם ביי אַ צווייט יינגל, וועט ער זיך שוין מעגן שטעלן אויפן קאָפּ, דער מחותן, וועט ער ביי מיר נישט אויספירן, — האָט ער געזאָגט צו די חסידים זיינע. — איך וועל דעם תקיף ווייזן.

גלייך נאָך דעם נחת איז געקומען עגמת־נפש אין שטוב, זייער גרויסער עגמת־נפש. הדס, די דינסט ביי ר׳ חיימען, האָט מיט איר געניט ווייבעריש אויג דערזען פּלוצלונג, אַז דאָס נייע דינסטמיידל, וואָס מען האָט צוגענומען אין שטוב אַריין צו דינהלען עטלעכע חדשים פאַר איר קימפּעט, באַהאַלט עפּעס אויס הינטערן פאַרטעך און צו אָפט שמעקט איר עפּעס אָן ביים קאָכן, אַזוי, אַז זי מוז גלייך פאַרזוכן, אַ נישט נעמט זי איבלען. הדס האָט גענומען דאָס מיידל אויף אַ פאַרהער, אָבער זי האָט זיך אַרויסגעדרייט. האָט הדס נישט געמאַכט קיין שהיות און איר אַרומגעטאַפּט דעם בויך מיט געוואַלט.

— פוי, — האָט זי געשפּיגן. — מיך אַ מאַמען פון ניין קינדער, פינף לעבעדיקע און פיר טויטע, אָפּגעשיידט זאָלן זיי זיין, גייסטו, ציג איינע, נאַרן? זאָלסט שוין זאָגן, צויג, פון וועמען דו האָסט עס!

— פון באַלעבאָס זין, — האָט דאָס דינסטמיידל זיך פונאַנדערגעוויינט. — זיי האָבן מיך נישט געלאָזט לעבן... זיי האָבן מיך אָנגערעדט...

די יונגען, די צעוואַקסענע, מיט די יצר־הרע־פּרישטשעס אויף די פולע לייכט־באַבערדלטע באַקן, האָבן געלייקנט שטיין אוןביין, אָבער סיי ר׳ חיים, סיי פּריוועו, האָבן געזען, אַז דאָס מיידל זאָגט אמת. זיי האָבן עס איר אָבער נישט צוגעגעבן.

— אַ נפקא איז נישט באַגלויבט! — האָט ר׳ חיים געבייזערט זיך אויף דער מויד. — קיינער וועט אויף מיינע בחורים אַזאַ בילבול נישט גלויבן.

— שוין די מינוט זאָלסטו אַרויס פון מיין שטוב, חצופה! — האָט פּריוועו די מויד געטריבן.

אָבער מורא געהאַט האָט מען פאַר איר, געציטערט, זי זאָל נישט מאַכן קיין סקאַנדאַל, זי זאָל נישט פאַרשעמען דאָס הויז. האָט מען איר געגעבן הונדערט רובל, אַין סאַמע קנאַקעדיקע פּאַפּירלעך, און זי מיט שמואל לייבושן אָפּגעשיקט אין דאָרף אַריין צו איר פעטער דעם אַרענדאַר, פון וואַנען זי איז געקומען. גלייך דערויף האָט ר׳ חיים געשיקט רופן שמואל זיינוולען, דעם געוועזענעם נגיד, וואָס קען אַ וועלט און זאָגט גבירים עזות אין די אויגן אַריין, און אים געהייסן רעדן שידוכים פאַר ביידע בחורים מיטאַמאָל.

— כ׳וויל פּטור ווערן, — האָט ער געזאָגט צו ר׳ שמואל זיינוולען. — און דאָס, וואָס זיי זענען נאָך נישט באַפרייט פון די זעלנער, איז גאָרנישט, מ׳וועט זיי, מיט גאָטס הילף, באַפרייען, ט׳קאָסטן נאָך אַ הונדערטער...

— ווערסט קיין חרטה נישט האָבן, חיים, — האָט שמואל זיינוול אים געזאָגט אויף „דו", ווי ער האָט שטענדיק געזאָגט צו נגידים. — דאַכט

זיך, אַז מיט שמחה מאירן ביסטו צופרידן, האָסט נישט צו מיר קיין טענות, האַ?

מיטן גאַנצן חסידישן ברען האָט זיך שמואל זיינוול גענומען צו דער זאַך און דורכגעפירט שידוכים מיט ר׳ חיימס זין. זייער גיך האָט מען געפּראַוועט די תנאים, מיט עטלעכע חדשים שפּעטער די חתונות. ווידער איז ר׳ חיימס שטוב געגאַנגען אויף רעדער. פריווע האָט אויסגעגעבן אַ סך געלט, אָנגעקויפט וועלטן מיט סחורות, לייוונט, מתנות, מלבושים. שניידערס האָבן גענייט, קירזשנערס האָבן געמאַכט פוטערס, שטריימלעך, ביי־טאָרינס האָבן געשטעפּט, העפּטערינס האָבן געהאָפטן. כסדר זענען געגאַנגען פאַרבעטענישן, אויפנאַמעס. דערנאָך זענען געקומען שול־פירענישן, באַ־שיטעכצן. די שטובן זענען געווען פול מיט געסט, מחותנים, חסידים. פריווע האָט געשטרעקט הענט צום מאַן נאָך געלט. ר׳ חיים האָט גענומען ביי שמחה מאירן אומגעציילט. שמחה מאיר האָט נישט אָפּגעזאָגט, געגעבן און פאַרשריבן.

ווידער אַמאָל האָט לאָדזש געקלונגען מיט די ברייטע חתונות. ר׳ חיים האָט זיך געקאָכט, געפּאָדערט פון די מחותנים זיינע ברייטקייט און אַליין ברייט געווען. ער האָט געשאָטן מיט מתנות, געסילוקט נדנס, כאָטש ער האָט געהאַט די זין, געוואָרפן מיט געלט. געדעכנט האָט ער נישט. ער האָט עס נישט געקאָנט, נישט געוואוסט. ער האָט בלויז געהאַט בטחון, אַ סך בטחון, ווי שטענדיק, און געהייסן שמחה מאירן פאַרשרייבן.

די חתונות האָבן פאַרגיטיקט פאַר דעם ביסל צער, וואָס עס איז געקומען פריער צוליב דער מויד. ר׳ חיים האָט גאָרנישט געוואָלט געדענקען מער דערפון. זאָל עס פאַלן אויף אַלע וויסטע פעלדער. איצט וועט זיין, מיט גאָטס הילף, אַלץ גוט, אַ סך נחת.

צום אָנהויב ווינטער האָבן זיך אָנגעהויבן די פּריזיווס. צוליבן נישט ריכטיקן פאַרשרייבן די יידישע יינגלעך אין די ביכער, האָט מען ביידע זין ר׳ חיימס אָפּגעשאַצט אויף עלטער און זיי גלייך גערופן צו די זעלנער.

אין לאָדזש, פונקט ווי אין אַלע אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך, זענען יידן אַרומגעגאַנגען פאַרזאָרגטע, איינגעהויקערטע און געקוקט מיט שרעק אויף די זין זייערע, וואָס האָבן איין און צוואַנציק יאָר דערגרייכט און זיי דאַרפן אַוועקגיין דינען גאַנצע פינף יאָר אין די ווייטע רוסישע גובערניעס. אַ סך פון די פּריזיווניקעס האָבן שוין געהאַט ווייב און קינדער. חסידישע יונגעלייט האָבן זיך געצערט, געפּאַסט אַ סך, געטרונקען זאַלץ־וואַסער, געגעסן הערינג פיל, כדי צו ווערן וואָס מאָגערער און אויסגעצערטער און נישט געפעלן ווערן די דאָקטוירים ביים פּריזיוו. נגידישע יונגעלייט האָבן געגעבן געלט צו די דאָקטוירים און טשינאָווניקעס, וואָס האָבן ביי זיי אויסגעפונען פעלערן און זיי באַפרייט. די איינציקע, וואָס מען האָט צוגענומען, זענען געווען די באַלמעלאָכעס און די באַלעגאָלעס. די באַלעגאָלעס האָבן זיך באַצייטנס געלאָזט מאַכן ביי סטאָליאַרעס קעסטלעך, גע־

פּאַרבּט אויף גרין, כּדי איינצופּאַקן אין זיי די זאַכן זייערע, ווען זיי וועלן גיין דינען פּאָניען. די אויסגעדאַרטע וועבּער־געזעלן האָבּן באַצייטנס אָוועקגעוואָרפן די אַרבּעט זייערע, איפּגעהאַלטן זיך אין די בּתּי־מדרשים, וואו זיי האָבּן געדאַרפט זאָגן תּהילים, בּעטן בּיי גאָט, ער זאָל זיי באַפרייען פון גויאישע הענט, אָבער אָנשטאָט תּהילים האָבּן זיי זיך גאָר געוואָרפן מיט האַנטעכער און טליתים אין די קעפ און געבּראָטן קאַרטאָפל אין די גרויסע בּית־המדרש־אויוונס.

זיי האָבּן געוואוסט פריער־אויס, אַז דער תּהילים וועט זיי ווייניק העלפן, פּונקט ווי ווייניק עס האָט געהאָלפן זייערע חברים פריער, ווען זיי האָבּן געדאַרפט שטיין. פּונקט אַזוי ווייניק וועלן העלפן זייערע טענות פאַר די דאָקטוירים, אַז זייערע הערצער זענען שוואַך אָדער די אויגן זענען קאַליע. זיי האָבּן געוואוסט פריער־אויס, אַז זייער גורל איז אָנגעצייכנט, אַז אָנשטאָט די לערנערס, וואָס מאַכן זיך פּעלערן, און די נגידישע בּחורים, וואָס די דאָקטוירים זוכן אויס בּיי זיי פּעלערן פאַר געלט, מוזן זיי, די באַלמעלאָכעס, גיין דינען שווערע פינף יאָר. זיי האָבּן אין תּהילים נישט שטאַרק געגלויבּט. האָבּן זיי בּלויז געמאַכט זיך זאָגן תּהילים. אין דער אמתן האָבּן זיי זייער נישט־קיין־פרומע זאַכן אָפּגעטאָן אין די בּתּי־מדרשים. זיי האָבּן געטרונקען בּראַנפן, געשלאָגן זיך, מושטירט זיך מיט שטעקנס אין די הענט, ווי זעלנער. אַנדערע האָבּן אַרויסגענומען אין מיטן נאַכט דעם שופר פון שולחן און געבּלאָזן תּקיעות. אַנדערע האָבּן זיך אָנגעטאָן אין טליתים און געפּראַוועט ימים־נוראים־תּפילות. און אַנדערע פלעגן זיך גאָר אָננעמען און אַרומגיין איבער די נגידישע און חסידישע שטובּן, כּדי צו וועקן די פּריזיוווניקעס פון געלעגער און מיטשלעפּן מיט זיך אין בּית־המדרש אויף דער וואַך־נאַכט.

חסידישע אָרעמע יונגעלייטלעך האָבּן זיך אויסבּאַהאַלטן, אָבער מען האָט זיי פון אונטער די בּעטן אַרויסגעקריגן און מיטגעשלעפּט מיט זיך. נגידישע יונגעלייטלעך האָבּן זיך אויסגעקויפט פון חבֿרה באַלמעלאָכעס מיט בּראַנפן, מיט געלט אויף סעודהלעך. צעלאָזענע, הפקרדיקע, פאַרביטערטע און באַעולהטע, האָבּן זיי גאַנצע נעכט אַרומגעשלעפּט זיך איבּער די גאַסן און געסלעך. געוועקט באַלעבּאַטים פון שלאָף, געקרייט ווי די הענער, איבּערגעשראָקן ווייבּלעך, געקלאַפּט אין לאָדנס און געזונגען מיט געמאַכטן קוראַזש:

בּעסער וואָלט איך געבּוירן געוואָרן אָן אַ קאָפּ,
איידער צו טראָגן אַ מעשענעם קנאָפּ,
אוי וויי, מיר זענען שוין פאַרלוירן,
ס׳איז דאָך גלייכער, אַז מ׳וואָלט נישט געבּוירן...

ר׳ חיים אַלטער האָט פאַר זיינע זין נישט געהאַט וואָס מורא צו האָבּן. קיין נגידישע קינדער זענען, בּרוך־השם, צו די זעלנער נישט געגאַנגען. אָבער עגמת־נפש האָט ער געהאַט. זיי זענען געווען שטאַרק צעוואַקסענע, גרויסע. עס איז שוין זייער נישט באַקוועם געווען פאַר די רוסישע מיליטערישע

דאָקטוירים אויסצוגעפינען ביי זיי שוואַכע לונגען. זיי האָבן אַ סך געלט געפּאָדערט דערפאַר. דערצו האָבן די מחותנים זיינע נישט געוואָלט צולייגן קיין פּלייצע ביים באַפרייען זיי. זיי האָבן אַלץ געפּאָדערט פון ר׳ חיימען, וואָרעם נאָך פאַר דער חתונה האָט ער געהאַט צוגעזאָגט, אַז וואָס שייך די זעלנער, וועט ער מיט גאָטס הילף אַליין זיי באַפרייען. איצט האָבן זיי פאַרלאַנגט, אַז ר׳ חיים זאָל האַלטן וואָרט.

ר׳ חיים האָט ביי שמחה מאירן אַ סך געלט גענומען. ווי תמיד, האָט ער נישט געקוקט וואָס ער שרייבט, נאָר אונטערגעשריבן פּאַפּירלעך, וויפל נאָר שמחה מאיר האָט אים אונטערגערוקט.

די דאָקטוירים האָבן זיי באַפרייט, די ביידע זין ר׳ חיימס, אויסגעפונען ביי זיי זייער שווערע פעלערס, ווי עס איז געווען אָפּגערעדט. אויף זייער אָרט האָט מען צוגענומען אויסגעדאַרטע געזעלן, אָרעמע און דערשלאָגענע. ר׳ חיים האָט גרויסע סעודות געמאַכט פאַר זיינע חסידים צוליב די זינס באַפרייאונג, אָנגעטומלט, אָנגעבעטן פולע שטובן. אָבער טייל פון די צוגענומענע באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן נישט געוואָלט גיין אין די וויטע רוסישע גובערניעס דינען, פול מיט כעס און קנאה אויף די נגידישע יונגעלייטלעך, וואָס בלייבן אין דער היים און מאַכן סעודהלעך, האָבן אויסגעגעבן דעם לעצטן גילדן ביי ליפע חלפן דעם ליטוואַק, ער זאָל אָנשרייבן מסירות צום גובערנאַטאָר אויף די יונגעלייטלעך, וואָס מען האָט זיי באַפרייט פאַר געלט. אויך ר׳ חיימס זין האָבן זיי געמסרט. זיי האָבן זיך געמוזט נאָכאַמאָל צושטעלן אין פּיעטראָקאָוו, אין דער גובערניע אַליין.

זיי האָבן נישט אויסגעפירט, די וועבער־יונגען. ר׳ חיימס זין, ווי אַלע אַנדערע נגידישע יונגעלייטלעך, זענען נישט געגאַנגען צו די זעלנער. אויך די גובערניע־דאָקטוירים האָבן ביי זיי געפונען שווערע פעלערס. געגאַנגען זענען בלויז די באַלמעלאָכעס, געפירט פון עלטערע רוסישע זעלנער, באַלאָדן מיט די הילצערנע קעסטלעך אויף די דאַרע אַקסלען. אָבער געקאָסט האָבן די מסירות ר׳ חיימען נייע געלטער, אַ סך געלטער. ער האָט גאָר אַליין נישט געוואוסט, וויפל עס האָט אים אָפּגעקאָסט. ער האָט ווי תמיד געהאַלטן, אַז וואָס ווייניקער חשבון, אַלץ מער מזל־ברכה, גערעכנט האָט בלויז דער איידעם זיינער. ר׳ חיים האָט זיך געמוזט גוט אויסרוען אין זומער דער־נאָך, אין עטלעכע וואָרעם־בעדער פאַרריכטן דאָס געזונט, וואָס איז אַ ביסל קאַליע געוואָרן פון די אַלע עגמת־נפשן אין ווינטער. אָבער באַלד נאָך די ימים־טובים, צו סוכות, האָט שמחה מאיר אַליין זיך געדאַרפט שטעלן צו די זעלנער.

מען פון אַלע נגידישע בחורים אין לאָדזש האָט מען שמחה מאירן געמסרט. ליפע חלפן דער ליטוואַק האָט גאָרנישט געקאָנט אָניאָגן מיט די מסירות, וואָס באַלוטער וועבער האָבן געלאָזט ביי אים שרייבן צום גובערנאַטאָר אויפן באַפרייטן שמחה מאיר אַשכנזי. מיט דעם אייגענעם פלייס, וואָס ליפע חלפן האָט אַמאָל געשריבן שמחה מאירס מסירות אויף

די באַלוטער וועבער זיינע, וואָס ווילן נישט אַרבעטן פאַר קיין שלעכטן לוין, האָט ער איצט געשריבן מסירות פון די וועבער אויף שמחה מאירן, וואָס וויל נישט גיין דינען דעם קייסער. שמחה מאיר האָט געוואוסט, וועמעס אַרבעט דאָס איז, אַז דאָס צאָלט אים אָפּ דער באַלוט אַזוי פאַר דעם ברויט זיינעם, וואָס די יונגען עסן. ער האָט זיי נישט צוליב געטאָן, די באַלוטער. אין אַלע דריי קאָמיסיעס, וועלכע האָבן שמחה מאירן באַטראַכט, האָבן די דאָקטוירים זיך זייער געקרימט, צולייגנדיק די אויערן צו זיין האַרץ, וואָס האָט שוין צוליב אויפרעגונג באמת שטאַרקער געקלאַפּט. אָבער ביז ער איז אַרויס מיטן רויטן בילעט אין האַנט, האָט אַ סך געלט געקאָסט און נאָך מער עגמת־נפש. שמחה מאיר, ווי אַ געניטער איידעם, האָט טאַקע געפּאָדערט, אַז אויך דער שווער זיינער זאָל צולייגן אַן אַקסל, צושטייער געבן צו זיינע גרויסע הוצאות, ווי עס פירט זיך ביי אַלע קעסט־קינדער. קיין מזומנים האָט ער נישט פאַרלאַנגט, אָבער פאַרשריבן אויפן שווערס חשבון האָט ער.

צו פּסח־צו האָט גאָט אַ סך נחת צוגעשיקט ר חיימען. פון ביידע זין, ווי אָפּגערעדט האָט ער דערלעבט אייניקלעך. ער האָט שוין נישט געהאַט קיין דאגות וועגן אַ נאָמען נאָך זיין רבין. ער האָט נאָך אַריינגעפּאַקט איי־נעם אַן אייניקל אַ נאָמען פון אַ זיידן אַן אייגענעם, אויסער דעם רבינס. אַ גרויסער בעל־בטחון, אַ פריילעכער, האָט ער זיך געגרייט איצט צו אַ רואיק גוט לעבן, צו אַ לעבן פון אַ ייד אין די יאָרן, וואָס האָט אויסגעגעבן די קינדער, אויסגעלייזט זיי פון די זעלנער, האָט נחת פון אייניקלעך, און דערביי האָט ער נאָך אַ ווייב, וואָס איז נישט קיין באָבע, נאָר יונג און פריש, מיט אַ זיסן באַטעמטן האַלדז און פּנים, וואָס מען קוקט איר נאָך אין די גאַסן.

— געלויבט דער אויבערשטער, — האָט ער געזאָגט דעם רבין זיינעם, דערלאַנגענדיק אים אַ נגידישן פּדיון, — נישט צו פאַרזינדיקן, חלילה, אָן קיין בייז אויג... איך האָב, ברוך השם, נחת פון די זין, פון דער טאָכטער און איידעם...

אָבער באַלד דערנאָך האָט ער דערזען, אַז ער האָט שוין גאָרנישט אַזאַ נחת פון איידעם, ווי ער האָט עס געזאָגט פאַרן רבין.

שמחה מאיר האָט אים געוויזן ציין, דעם שווער זיינעם.

אין איינעם אַ שבת־צו־נאַכטס, ווען ר׳ חיים האָט זייער אַ געהויבענעם ויתן־לך געזונגען, פילנדיק זייער אַ זיסן טעם אין דעם פול ווייַן און קאָרן און איילבירטן, וואָס גאָט וועט געבן זיין אויסדערוויילט פאָלק, ווען זיי וועלן גיין אין זיינע וועגן, האָט שמחה מאיר אים איבערגעריסן אין מיטן זאָגן און אים דערלאַנגט אַ וואָכעדיק צעטל וועקסלען.

— שווער, — האָט ער געזאָגט, — איך וויל, דער שווער זאָל מיר דעקן די וועקסלען. איך קאָן שוין מער נישט וואַרטן.

ר׳ חיים האָט נישט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, וואָס זיין איידעם רעדט צו אים.

— נו, אַ, איזה וועקסלען? — האָט ער געפרעגט מיט אַ ניגון.

שמחה מאיר האָט געלאָסן פונאַנדערגעלייגט אַלע ביכער, פּאַפּירן, וועקסעלעך, וואָס ער האָט געהאַלטן מיט בענדעלעך אַרומגעוויקלט, און אויסגערעכנט זיי מיט אַן אָרדענונג, לויט דער דאַטע פון טאָג און יאָר.

— דעם צענטן דעם ערשטן האָט דער שווער גענומען... דעם אַכצנטן דעם צווייטן האָט דער שווער גענומען... דעם...

ר׳ חיים האָט נישט גערן געהערט. ווי אַלע מאָל, האָט ער פיינט געהאַט חשבונות, דערצו נאָך אין שבת־צו־נאַכטס. אָבער שמחה מאיר האָט נישט אויפגעהערט לייענען פעק מיט פּאַפּירן, רעכענען, סומירן, חשבון נאָך חשבון סומע נאָך סומע, וואָס האָט גאָר קיין סוף נישט גענומען. וואָס מער ער האָט געלייענט, אַלץ מער זענען די פּאַפּירן געוואַקסן.

— נו, לאָמיך שוין זען דעם סוף, — האָט זיך ר׳ חיים אומגעדולדיקט — ס׳נעמט דאָך קיין סוף נישט ביי דיר.

— עס וועט קומען, — האָט שמחה מאיר אים באַרואיקט, — באַלד, באַלד...

נאָכדעם ווי ער האָט אַלץ געענדיקט, האָט ער די פּאַפּירן און וועקסלען צוריק פאַרפּאַקט, אַרומגעבונדן מיט די בענדעלעך יעדער פּעקל באַזונדער און אונטערגעצויגן דעם סך־הכל, אַ סך־הכל אַ גרויסן, אַ שווערן, וואָס איז אויף ר׳ חיימען ווי אַ שווערער שטיין איבערן קאָפּ געפאַלן.

— קומט פון שווער אַ קימא־לן, — האָט שמחה מאיר צונויפגערעכנט דעם לאַנגן צעטל אויסגעשטעלטע ציפערן, — דריי טויזנט, זעקס טויזנט צען טויזנט, עלף טויזנט...

מיט דער צאָל פון די ציפערן האָט זיך געהויבן ר׳ חיימס אָטעם. ער איז געוואָרן צוערשט שטאַרק בלאַס, באַלד שטאַרק רויט, ווי ערב אַן אַפּאָפּלעקסיע.

— פאַלשע חשבונות! — האָט ער גענומען קלאַפּן אין טיש.

— דער שווער האָט אונטערגעשריבן, — האָט שמחה מאיר רואיק געענטפערט.

ר׳ חיים האָט אַ בליץ געטאָן מיט די אויגן. גיך האָט ער געגעבן אַ צי אויס די האָריק נגידישע האַנט און געוואָלט אָנכאַפּן דאָס פּעקל וועקסלען.

— איך וויל זען די וועקסלען, — האָט ער געזאָגט.

אָבער צו דער רגע האָט שמחה מאיר געגעבן אים אַ צי אַוועק דאָס פּעקל, אַרויסגעכאַפּט עס פון אונטער דעם שווערס האָריקע הענט, וואָס האָבן עס חשק געהאַט צו צערייסן אויף שטיק־שטיקלעך.

— סיידן, — האָט ער געזאָגט געלאַסן, באַהאַלטנדיק דאָס פּעקל אין בוזעם־קעשענע פון אַטלאַסענעם וועסטל, — סיידן דער שווער וועט אָפּלייקענען זיין אונטערשריפט.

ר׳ חיים איז ווידער בלאַס געוואָרן. ער האָט דערזען איצט פאַר זיך

שמחה מאירן אַ נייעם, אַ פרעמדן, אַ רואיקן, נאָר אַן אומדערבאַרעמדיקן און געשיקטן, וואָס וויל כאַפּן, דערשטיקן, דעם לעצטן טראָפּן אויסזויגן.

— האָסט מיך אַריינגעכאַפּט? — האָט ער אים געפרעגט.

— כ'האָב דעם שווער געבאָרגט, — האָט שמחה מאיר געזאָגט געלאַסן, — און איך וויל אָפּ מיינס.

— נו, און אַז איך וועל דיר נישט געבן? — האָט ר' חיים געפרעגט. — אַז איך וועל דיר נישט געבן, וואָס וועסטו מיר טאָן?

— דער שווער ווייסט, וואָס מען טוט מיט וועקסלען.

— ווילסטו מיך רואינירן? ווייסט דאָך, אַז איך קאָן נישט איצט צאָלן. ווילסט אַן אייגענעם שווער אומברענגען?

— האַנדלשאַפט איז נישט קיין ברודערשאַפט, — האָט שמחה מאיר געענטפערט.

איצט איז פאַר ר' חיימען מער נישט געבליבן ווי שרייען.

— רויבער! — האָט ער געמאַכט קולות — וואַלד־גזלן!

פריווע איז געקומען צולויפן מיט פאַרבראָכענע הענט. נאָך איר איז דינהלע מיטן קינד ביי דער ברוסט אַריינגעלאָפן. אַפילו הדס די קעכין איז מיט אַ נאַסער שיסל אין די הענט אַריין. ר' חיים האָט נישט אויפגעהערט שרייען.

— שעכט! — האָט ער געשריגן צו שמחה מאירן און אויפגעריסן זיך דאָס סאַמעטענע וועסטל. — נעם אַ חלף און שנייד!...

אים איז שלעכט געוואָרן. דאָס סאַמעטענע געפינטלטע וועסטל האָט אים געדריקט. אַלע דריי ווייבער — פריווע, דינהלע און הדס די קעכין, — האָבן דעם שווערן מאַכטלאָזן ייד אָנגענומען ביי די הענט און אַוועקגעפירט צו דער אָטאָמאַנע.

— מענטשן, — האָבן זיי געשריגן, — וואָס איז דאָס אַזוינס געשען? גאָט אין הימל!

שמחה מאיר האָט צונויפגעשאַרט די פּאַפּירן און איז אַראָפּ גיך פון שטוב. ער איז נישט געגאַנגען אין דער וועבעריי, נאָר אין הסידים־שטיבל צו מלוה־מלכה, צו די יונגעלייט, ביי וועלכער ער איז שוין אַ צייט נישט געוועזן.

ביז פאַרטאָג איז ער מיט קעסט־קינדער אָפּגעזעסן, זינגענדיק אַלערליי ניגונימלעך און דערציילנדיק פאַרשידענע תורהס און גלייכווערטלעך. ער האָט נישט געאיילט זיך אַהיימצוגיין צו זיין דינהלען אין דער נאַכט.

צוגלייך מיט דער נייער וואָך האָבן זיך אָנגעהויבן צווישן שווער און איידעם דין־תורהס, אַרומרייסענישן, אויסגלייכענישן, לאָדענישן. ר' חיים איז גאַנצע טעג אַרומגעלאָפן איצט, זוכנדיק גערעכטיקייט קעגן זיין איידעם, וועמען ער האָט פאַר טויזנטער רובל פאַר זיין בת־יחידה איינגעהאַנדלט. צוערשט איז ער געגאַנגען צום מחותן זיינעם.

ר' אברהם הערש האָט, ווי זיין שטייגער איז, אַרויפגעלייגט די קע־

שענע־פּאַטשיילע אויף זיין גמרא, אַ סימן, אַז ער רייסט נישט איבער דאָס לערנען זיינס אינגאַנצן, נאָר בלויז אויף אַ צייט, און שווייגנדיק אויסגע־הערט דעם שרייענדיקן און טומלדיקן מחותן, ביז ער האָט זיך אינגאַנצן אויסגעקאָכט.

— ווער האָט אייך געהייסן גיין מיט אים אין שותפות? — האָט ר׳ אברהם הערש געזאָגט. — איך האָב געוואָלט, ער זאָל זיצן און לערנען. אָן מיין וויסן האָט איר אים אַוועקגענומען פון דער גמרא און אים אַריינגעצויגן אין מסחרים, איצט עסט אויף די קאַשע, וואָס איר האָט פאַרקאָכט. איך וויל דעם יונג נישט קענען.

ר׳ חיים האָט גענומען קלאַפּן אין טיש, שרייען געוואַלד, נאָר דער מחותן האָט אים נישט געהערט. ער האָט אַראָפּגענומען די פּאַטשיילע פון דער גמרא און גענומען ווייטער לערנען זיין שיעור.

זעענדיק, אַז דאָ וועט ער גאָרנישט מאַכן, איז ר׳ חיים געלאָפן אין אַלעקסאַנדער שטיבל, צו זוכן יושר ביי זיין אײדעמס אַלעקסאַנדערער חסידים, אָבער קיינער האָט זיך נישט געוואָלט אַריינמישן. ער איז אַוועק קיין אַלעק־סאַנדער צו שמחה מאירס רבין אַליין. אָבער דער רבי האָט זיך געפירט, אַז ער האָט זיך אין קיין געלט־סכסוכים נישט אַריינגעמישט. ער האָט בלויז אין זינען געהאַט יידישקייט.

— רוף אים צו אַ דין־תורה צו רבנים, — האָט דער רבי געגעבן אַן עצה. — ס׳איז דאָ אַ דין־תורה ביי יידן. אין געלט־ענינים מיש איך מיך נישט.

ר׳ חיים האָט געפאָלגט און געשיקט אַ שמש צו זיין אײדעם, ער זאָל אים רופן צום רב. שמחה מאיר איז געקומען, אָבער אַריינגעאַרן זיך פון די רבנים האָט ער נישט געלאָזט. פּונקט ווי אַמאָל זיינע מלמדים, ווען ער איז נאָך געווען אַ יינגל ביי דער גמרא, האָט ער איצט פאַרטומלט די רבנים, פאַרשריגן, פאַרפּלאָנטערט, אַזוי, אַז זיי האָבן נישט געקאָנט אַרויסקריכן. ער האָט געשאָטן מיט דריידלעך, סוחרישע שפּיצלעך, געוואָרפן מיט דינים פון חושן משפט און אָנגעמאַכט אַזאַ רעש און געפּילדער, אַז די רבנים האָבן זיך נישט געקאָנט מיט אים קיין עצה געבן.

וואָס מען האָט געוואָלט דערגיין צו אַ טאָלק, האָט ער פאַרדרייט, פאַר־פּלאָנטערט, אָפּגעשלעפּט, איינגערעדט אַז ער מוז ברענגען נייע פּאַפּירן, נייע עדות.

יאָ, ער האָט זיך געקענט אויף די רבנישע דין־תורהס, אויף די לאָדזשער דין־תורהס, וואו די תורה מיט די דינים האָבן קיין ווערט נישט און גע־ווינען געווינט שטענדיק דער, וואָס טויג זיך בעסער צום עסק.

חדשים־לאַנג האָט ער דעם שווער זיינעם אַרומגעשלעפּט, אים אויס־געמאַטערט, פאַרשריגן אים, ביז ר׳ חיים איז מיד געוואָרן, קיין כוחות מער נישט געהאַט און געמוזט איינגיין אויף וואָס עס לאָזט זיך. ער האָט געהאַט אַזוי אַלץ אַריינגענומען אין זיינע הענט, אַז דער שווער האָט גאָר־נישט געהאַט מער אין זיין וועבעריי, אויסער די הילצערנע שטולן, וואָס

האָבן אַ קליינעם ווערט געהאַט. אַלץ איבעריקע איז געווען ביי שמחה מאירן. אַנשטאָט דעם שווער, איז שמחה מאיר געבליבן ביי דער וועבעריי. דער שווער האָט יאָרן־לאַנג געדאַרפט צאָלן חובות און דערפאַר זיין אַ קליינער שותף מיט אַ קליינעם געהאַלט, וואָס דער איידעם דאַרף אים אויסצאָלן אויף חיונה.

ר' חיים האָט דעם איידעם געזידלט, געמאַכט אים מיט דער בלאָטע צוגלייך, נאָר שמחה מאיר האָט געשוויגן. פונקט אַזוי האָט ער געשוויגן, ווען די שוויגער זיינע, די גרויסאַרטיקע מיוחסת, האָט אים, ווי אַ פּראָסטע יידענע, אָפּגעגאָסן דאָס פּנים מיט אַ גלאָז טיי, וואָס זי האָט געהאַלטן אין דער האַנט. ער האָט מיט אַ האַנטעך אָפּגעווישט דאָס פּנים און אָפּגעפּוצט די פאַרגאָסענע קאַפּאָטע. ער האָט געוואוסט, אַז די אַלע זידלערייען און קללות, געוואַלדן און אַפּילו אַ פּאַטש, זענען נישט מער ווי נישטיקע וואָפן פון די שלימזלען. אַ פּאַטש פאַרגייט און אַ פאַרמעגן בלייבט.

פאַר דער איינציקער, וואָס ער איז געווען אומרואיק, איז געווען דינהלע זיין ווייב. ער האָט געוואוסט, אַז שווער און שוויגער פאַרשוואַרצן אים דאָס פּנים ביי איר, רעדן אויף אים אויס, וואָס אין דער קאָרט איז. ער האָט געוואָלט זיך אַרויסציען, גיין פאַר־זיך. כאָטש עס איז אים נאָך געקומען קעסט ביז די פינף יאָר, ווי אין די תנאים איז געווען פאַרשריבן, האָט ער געוואָלט אַרויס פאַר דער צייט פון שווער און שוויגער'ס שטוב. די טריט האָט מען אים דאָ געברענט. אַפּילו הדס די דינסט האָט אויף אים געקוקט מיט שנאה, צוגעטראָגן אים דאָס עסן מיט אַזאַ רוגזה, אַז די טע־לערס און גלעזער פלעגן קלינגען. אָבער שווער און שוויגער האָבן דינה־לען נישט געוואָלט אַרויסלאָזן פון שטוב.

— שוין וועל איך זי לאָזן צו דעם גזלן אַליין, — האָט פריווע געזאָגט און געטוליעט די טאָכטער צו דער ברוסט, ווי אַ קינד — נישקשה, מיר קאָנען זיך נאָך פאַרגינען צו געבן אַן איידעם קעסט, כאָטש אַזאַ איידעם... פאַר די פינף יאָר וועל איך מיין טאָכטער נישט אַרויסלאָזן.

שמחה מאיר האָט געוואָרט דינהלע זאָל זיך אַריינמישן. סוף־כל־סוף אַרבעט ער נישט בלויז פאַר זיך, נאָר אויך פאַר איר, פאַר דער שטוב. און זי, דאָס ווייב זיינס, דאַרף האַלטן מיט אים. זי איז שוין נישט מער קיין מיידעלע, וואָס זאָל זיך האַלטן ביי דער מאַמעס פאַרטעך. אַ ווייב דאַרף האַלטן מיטן מאַן. וואָס עס זאָל נישט זיין, דאַרף זי זיין מיטן מאַן. אַזוי שטייט געשריבן אין דער תורה: דעריבער דאַרף אַ מענטש פאַרלאָזן פאָטער און מוטער און באַהעפטן זיך מיט זיין ווייב און זיי זאָלן זיין ווי איין לייב. זי דאַרף זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר פון אים. אָט האָט זיין פאָטער אויך גע־וואָלט אים האַלטן אין די הענט, פונדעסטוועגן האָט ער זיך נישט געלאָזט, וואָרעם נאָך דער חתונה איז יעדער פאַר זיך, און האַנדלשאַפט איז קיין ברוי־דערשאַפט.

אָבער זי האָט זיך נישט אָפּגערופן מיט קיין וואָרט. זי האָט זיך נישט

אַריינגעמישט. געשוויגן בלויז, ווי שטענדיק, פאַרנומען געווען מיט דעם קינד און מיט די ביכלעך. שמחה מאיר האָט געליטן. ער האָט מיט איר געפּרוּווט רעדן וועגן גיין פאַר זיך, וועגן אַ תכלית. זי האָט זיך נישט אָפּגערופן און בלויז געקוקט מיט פאַראַכטנדיקע בליקן אויף אים. אַפילו דאָס קינד האָט זי אים נישט אַרויסגעגעבן, ווען ער האָט עס געוואָלט נעמען אויף דער האַנט.

— ס'דאַרף גיין שלאָפן, — האָט זי געזאָגט. — נעם עס נישט אַרויס פון שלאָף.

שמחה מאיר האָט געוואָלט זיך דורכשמועסן, אָפּשלאָגן די שנאה, וואָס די שוויגער העצט אויף קעגן אים ביי דינהלען. מען האָט אים דאָס ציגל נישט געדאַרפט האַקן. ער האָט שטענדיק געקאָנט באַווייזן, אַז ער איז גאָט די נשמה שולדיק. וואָס איז ער שולדיק, אַז דער טאַטע אירער לעבט אָן אַ חשבון און פאַרדרייט זיך? ער האָט אומזיסט ביי אים קיין געלט נישט גענומען. ער האָט אויף אַלץ געהאַט וועקסלען, אונטערגעשריבענע. אָבער זי האָט אים נישט געוואָלט אויסהערן.

— לאָז מיך לייענען, — האָט זי אים איבערגעריסן, ווי נאָר ער האָט געעפנט דאָס מויל.

שמחה מאירן האָט אַזש ביים האַרץ פאַרקוועטשט. ער האָט געמיינט, אַז זי וועט אים בעטן, רעדן מיט אים פאַר די עלטערן, בעטן תחנונים. כאָטש ער האָט דערפאַר מורא געהאַט, אַליין נישט אָנגעטרויט זיך, ווען זי זאָל נעמען אים רעדן און בעטן, געציטערט, ער זאָל נישט שוואַך ווערן און נאָכגעבן דאָס, וואָס ער דאַרף נישט נאָכגעבן, האָט ער אין דער אייגענער צייט געוואַרט, זי זאָל מיט אים רעדן. ער האָט געגאַרט איר ליבשאַפט, מיט יעדן טאָג מער. וואָס ווייטער זי איז געווען פון אים, אַלץ שטאַרקער האָט ער זי געוואָלט באַצווינגען, באַהערשן. ער פלעגט שלינגען אירס אַ וואָרט, אויסגיין נאָך יעדער ווייבערישער באַוועגונג אירער. אַפילו די קליידער אירע האָבן אים זיין בלוט אָנגעצונדן. נישט איינמאָל בייטאָג, נאָכן עסן, האָט ער, ביי זיין גאַנצער פאַרנומענקייט, געדרייט זיך אַרום איר אַ שוויגנדיקער און אַן אויפגערעגטער, כדי זי זאָל מיט אים אַריינגיין אין זיין קעסט־שטוב און ער זאָל זי נעמען אין זיינע אָרעמס. אַלערליי ייִנגלשע תירוצים האָט ער זיך אויסגעזוכט: אַז ס'פעלט אים אַ נאָז־טיכל, אַז אַ קנעפּל האָט זיך אים אָפּגעריסן — כדי ער זאָל זי אַרויסנאַרן פון דער גרויסער עס־שטוב און אַריינקריגן זי אין זייער שטוב. ער האָט געזען, אַז זי דרייט זיך פלייסיק אַרויס פון זיינע ייִנגלערישע צוגעטראַכטע צוטשעפּעניש, און דאָס האָט דערנידעריקט זיין מאַנסבילישן שטאָלץ. אָבער ער האָט נישט געהאַט גענוג כוח אָוועקצוגיין פון שטוב מיט אַ קלאַפּ אין טיר. ווי אַ הונט אין זיין פריי־לינגס־באַגער, וואָס דרייט זיך אַרום אַ פאַרמאַכטן הויף, אין וועלכן אַ צויג ליגט, האָט ער זיך אַ פאַרלוירענער און אומרואיקער געדרייט אַרום זיין

איגן ווייב, דער שיינער און אומצוטריטלעכער, וואָס איז אַזוי ווייבעריש־קאַלט און ווייט פון דעם, ווען זי האָט נישט ליב.

ער האָט דעריבער געוואַרט, אָפּגעוואַרט יעדן טאָג, יעדע מינוט, זי זאָל נעמען רעדן וועגן אירע עלטערן, בעטן זיך פאַר זיי, אָננעמען זיך. אַ ווײַלע איז אים אײַנגעפאַלן, אַז ער וועט זיין האַרט, אומבויגיק. איצט איז געקומען זיין צייט, ער איז אויפן פערדל. אין זיינע הענט איז דער גורל פון אירע עלטערן, און ער וועט ווייזן, ווער שמחה מאיר איז! זאָל זי נישט מיינען, אַז ער איז עפּעס אַ ייִנגעלע. נישקשה, פאַר די אַלע דערנידערונגען וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין ביי איר, וועט זי איצט אָפּצאָלן, ביי זיינע פיס וועט זי ליגן און בעטן פאַר די עלטערן. באַלד פלעגט ער טראַכטן, אַז ער וועט נאָכגעבן. ער איז געווען זיכער, אַז דערמיט וועט ער זי נעמען, געווינען אינגאַנצן. ער דאַרף בלויז אַרויסווייזן זיין ברייטקייט, אויפלאָזן די האַנט, אין וועלכער ער האַלט איר טאַטע־מאַמע, אָפּלאָזן זיי, ווי מען לאָזט אָפּ אַ זומער־פייגעלע, וואָס מען האָט אין דער האַנט ביי די פליגל געהאַלטן. ער האָט געזען באַצייטנס די שמחה, וואָס וואָלט אין שטוב געוואָרן פון בלויז געדאַנק. ער האָט שוין געפילט אין בלוט די זיסע ליבשאַפט פון דער, צו וועמען ער באַגערט אַזוי און גייט אויס נאָך אירע צערטלעכקייטן.

זי האָט געוואוסט, אַז ווען זי רעדט מיט אים, וואָלט זי אַלץ פאַר די עלטערן געפּועלט. זי האָט געזען, ווי ער גייט אויס נאָך אירע טריט. אָבער זי האָט נישט געקאָנט פּועלן ביי זיך, אַז זי, דינהלע, זאָל רעדן מיט אָט דעם כניאָק, בעטן תחנונים פאַר איר פאָטער, פאַר איר מוטער דער פריצה, דערנידעריקן זיך פאַר אים. און אַפילו אַז טאַטע־מאַמע האָבן גענומען מיט איר איינטענהן, האָט זי זיך בלויז פונאַנדערגעוויינט און נישט געוואָלט נאָכגעבן.

די מוטער האָט עס נישט פאַרשטאַנען. געוואוינט געווען שטענדיק אויס־צופירן ביי איר מאַן מיט אַ חנדל, מיט אַ ווייבערישער צערטלעכקייט, האָט זי נישט באַגריפן די טאָכטער, וואָס וויל נישט ראַטעווען אייגענע טאַטע־מאַמע.

— ביסט נאַריש ווי אַ קליין מיידעלע, נישט ווי אַ מאַמע פון אַ קינד שוין — האָט זי געטענהט, — גיי אַריין און רעד זיך דורך מיט אים. מיר האָבן פאַר דיר מער געטאָן, נישקשה...

— מאַטער מיך נישט, — האָט דינהלע געוויינט. — איך קאָן נישט... כ'האָב אים פיינט...

דער פאָטער האָט זיך אַריינגעמישט.

— זאָל זיך דיר דאַכטן, אַז דו דאַרפסט גיין צו אַ גזלן בעטן פאַר טאַ־טע־מאַמע, — האָט ער געזאָגט, — ס'אַ וואַלד־גזלן...

— נאַ דיר מיין צירונג, מיינע פערל, פאַר אַ דינסט וועל איך גיין, נאָר ביי אים זיך נישט בעטן, — האָט דינהלע געענטפערט אַ שטאָלצע.

און אַז די עלטערן האָבן איר גענומען רעדן וועגן דעם, ווי צוליב איר האָבן זיי זיך רואינירט, האָט זי גאָר פאַרלוירן איר שטענדיקע שטיל־קייט און גענומען אַזוי שרייען, אַז דער פאָטער האָט זיך אין אַ ווינקל שטול איינגעקאָרטשעט.

— נישט צוליב מיר, נאָר צוליב אייך! — האָט זי געשריגן. — צוליב אייער אייגענעם שטאָלץ צו כאַפּן אַן עילוי, צו באַווייזן זיך פאַר מענטשן... איך האָב אים נישט געוואָלט. איר האָט מיך גענויט... געצוואונגען..

באַלד איז זי צוגעפאַלן צו דער מוטער, צום פאָטער און ווי אַ קינד גע־נומען זיי קושן און האַלדזן:

— אַלץ וועל איך טאָן, אַלץ אַבי נישט דערנידעריקן זיך פאַר אים... כ׳קאָן נישט...

דער פאָטער מיט דער מוטער האָבן זי געקושט, געצערטלט.

— נו ניין, ניין, — האָבן זיי זי באַרואיקט. — נו, רעד נישט מער דערפון...

די שטאָלצקייט פון זייער טאָכטער האָט זיי אָנגעפילט מיט דערהויבנקייט, פאַרגלעט זייער געפאַלנקייט פון די ביטערע טעג.

שמחה מאיר האָט געוואַרט, געוואַרט מיט האַרץ־קלאַפּעניש אויף דער מינוט, ווען זי וועט קומען צו אים מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. אָבער זי איז נישט געקומען. ווי שטענדיק, גלייך גאָרנישט וואָלט זיך אָפּגעטאָן אין דער שטוב צווישן אים און אירע עלטערן, ווי זי וואָלט אַ פרעמדע געווען, האָט זי זיך מיט קיין איין וואָרט נישט אַרויסגעבראָכן. זי האָט אים ווי אַלע מאָל בלויז דערלאַנגט שווייגנדיק די וועש יעדן פרייטיק, אָפּגעהיט זיין עסן און געווען אים אַ ווייב אין די נעכט, ווי עס איז אויסגעקומען לויטן דין.

שמחה מאיר איז שוואַך געוואָרן. דינהלעס שטאָלץ שווייגן האָט אים צעטראָטן. פון אייגענעם גוטן ווילן, אַליין דער ערשטער, האָט ער זיך געלאָזט אָנוועקרופן דאָס ווייב זיינס אין אַ זייט און איר די גוטע בשורה אָנ־זאָגן, אַז ער וויל זיך אויסגלייכן מיטן שווער. זאָל זי נישט מיינען, אַז ער איז אַזאַ גזלן, ווי די טאַטע־מאַמע אירע רעדן איר איין. כאָטש האַנדלשאַפט איז קיין ברודערשאַפט, איז ער פונדעסטוועגן גרייט דורכצוקומען מיטן פאָ־טער אירן, שענקען אים אַלע וועקסעלעך, אַבי ס׳זאָל זיין שלום אין שטוב. ער האָט געוואוסט, אַז דאָס איז אַ טייערע קאָרט געשטעלט אין קאָן, אָבער אַ קאָרט, וואָס לוינט זיך.

— דינהלע, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, גרייט זיך פונאַנדערצורעדן.

אָבער אין דעם אויגנבליק איז ער צו זיך געקומען, פאַרהאַלטן זיך ביים ברעג פון אָפּגרונט, געוואונען צוריק דעם קאַלטן שכל און אויסרעכענונג.

דינהלע האָט געוואַרט. מיט אַ געלאַנגווייליקטער מינע האָט זי אַרויס־געקוקט מיט איין אויג פון איר ביכל, כדי וואָס גיכער אָפּצוטשעפּען זיך

פון איר מאַן, וואָס רעדט צו איר. שמחה מאיר האָט אויף איר אַ קאַלטן בליק געטאָן און זיך אויסגעדרייט צוריק.

— גאָרנישט, האָט ער געזאָגט, — כ׳האָב געמיינט, אַז איך האָב נישט קיין טיכל אין קעשענע.

ניין, ער איז נישט געווען אַזוי נאַריש צו טאָן אַזעלכע שטותים. שמחה מאיר איז שמחה מאיר. ער ווייסט, אַז שווער איז עפּעס צו געווינען און לייכט צו פאַרלירן. דאָס לעבן און דער טויט זענען ביי דער צונג אין דער האַנט. דער חשק נאָך געלט, מאַכט, נאָך הערשן און פאַרכאַפּן האָט זיך געשטאַרקט איבער אַלע שוואַכקייטן. ווי אַן איינעסנדיקע פליג האָט ער גע־טריבן פון זיך די שלעכטע געדאַנקען, די ייִנגלערישע און שוואַכע, אַרויס־געשליידערט זיי פון קאָפּ, ווי אַ שטיקל מיסט, וואָס קלעפּט זיך צו. אָ, נישט אַזוי לייכט איז אים אָנעקומען, ביז ער האָט דערגרייכט זיינס. צופיל מי, אַרבעט און מוח האָט ער אַריינעגלייגט, ער זאָל אַלץ פלוצלונג אַרויסלאָזן פון די הענט. צו דעם, וואָס ער האָט געשטרעבט, איז ער דערגאַנגען. פון איצט אָן איז ער אַליין געוואָרן דער באַלעבאָס פון דעם געשעפט. ווען מען האָט קיינעם נישט אונטער די הענט, ווען קיינער פּלאָנטערט זיך נישט ביי די פיס, קאָן מען אַ סך אויפטאָן אין דער וואַקסנדיקער שטאָט לאָדזש, האָט שמחה מאיר געוואוסט. מען דאַרף נאָר האָבן צו איר שכל, גוטע איינפאַלן און געלט. און דאָס האָט ער געהאַט. ער האָט שוין פאַר דער קורצער צייט אַ היפּשן רוק אַרויף זיך געגעבן. נאָך עטלעכע יאָר, נאָך עטלעכע גוטע געלעגנהייטן, און מען וועט אַריבער צו דאַמף, צו פאַבריקן און קוימענס.

מען קאָן גאָרנישט וויסן. אַלץ גייט דאָ שנעל און ראַשיק אין דער שטאָט, רירעוודיק און פלוצלונג.

קיין פאַרגעניגן אין דער וועלט האָט זיך נישט געקאָנט שטעלן קעגן דעם גרויסן פאַרגעניגן פון שטייגן, פון גיין צום ציל, צו פאַבריקן, קוימענס, סירענעס און מאַכט.

וואָס פאַר אַ ווערט האָבן געהאַט אַלע באַרעדענישן, פאַראַכטונג, ברע־נענדיקע בליקן פאַר אים, דעם מענטש, וואָס גייט מיט גרויסע שפּרייזן איבער דער וואַקסנדיקער שטאָט, וואָס קוקט מיט הויכע בליקן איבער מויערן, קוימענס און רויכן!

אין די רעסטאָראַנען, אין די מערק, אין די בערזעס האָט מען גענו־מען וועגן אים רעדן, דערציילן מיט וואונדער וועגן זיינע טריט.

— ער וועט נאָך זיך לאָזן הערן, — האָט מען נביאות געזאָגט.

עלטערע סוחרים האָבן נישט געקאָנט הערן.

— אַזוי טוט מען נישט, — האָבן זיי געטענהט. — נאָך אַן אייגענעם שווער, וואו איז יושר?

— בהמות! — האָבן יונגע לאָדזשער מענטשן געזאָגט צו די אַלטע מיט פאַראַכטונג. — יושר איז אין לאָדזש נישט קיין אַרטיקל. ס׳איז נישט קיין ביינוול.

— אויף דער בערזע ווערט עס נישט נאָטירט, — האָבן מעקלערס באַשטעטיקט און פאַרלאָשן די אויסגערויכערטע פּאַפּיראָסן אין די לעצטע ביסלעך ביר פון די גלעזער.

## קאַפּיטל איין און צוואַנציק

אין דעם פּאַלאַץ פון היינץ הונצע, וואָס איז אויפגעבויט ביי דער פאַבריק, אָפּגעצוימט מיט שווערע אייזערנע שטאַכעטן פון אַלע אַרומיקע געביידעס און באַוואַכט מיט צוויי גרויסע הינט, איז געווען טומלדיק און ראַשיק. עס זענען כסדר אָנגעגאַנגען אַרומרייסעניש צווישן דעם אַלטן הונצע און זיינע זין און טעכטער. ביי זיינע עטלעכע־און־זיבעציק יאָר, איז נאָך הונצע געווען געזונט און אַרבעטזאַם. גאַנצע טעג אָפּגעלעגן אין דער פאַבריק, אַרומגעקראָכן צווישן די שטולן, אַריינגעקוקט אין די פּאַק־קאַמערן, אַריינגעשטעקט די נאָז אין די בוכהאַלטערישע ביכער, כאָטש ער האָט זיך אין ציפערן וויניק פאַרשטאַנען, אויספּרובירט די פאַרבן, אומעטום געווען פול, אומעטום אַריינגעדרונגען, פון יעדער קליינינקייט געמוזט וויסן און אַלץ געהאַלטן אויפן אויג. טויבלעך פון אַלטקייט, האָט ער אומעטום אַריינגעשטעקט זיינע אויערן. אים האָבן די דירעקטאָרן געמוזט פרעגן וועגן יעדן טראַנספּאָרט וואָל און ביינוול, וואָס מען פאָרט קיין ענגלאַנד קויפן. אים האָבן די אינזשיניערן געמוזט פאַרלייגן זייערע פּלענער וועגן יעדער נייער אויסבעסערונג, וואָס מען דאַרף איינפירן. די כעמיקער האָבן נישט געטאָרט באַשטימען אַ פאַרב, וואָס ער זאָל פריער נישט זען, די מוסטער־צייכנער האָבן נישט געקאָנט איינפירן קיין נייע בלימעלע אָדער שטרייפעלע, וואָס ער זאָל נישט גוטהייסן, דער פאַבריק־אַדוואָקאַט האָט נישט געטאָרט פירן קיין פּראָצעס, נישט אַרומרעדנדיק מיט אים יעדע איינצלהייט. אַלץ האָט ער געמוזט וויסן, פון אַ מיליאָנען־טראַנזאַקציע ביז אַ נישטיקער געשעעניש אין דער פאַבריק. ווען אַן אַרבעטער רייסט זיך אָפּ ביי דער מאַשין אַ פינגער אָדער ס׳לעבן, אַ פאַרעלטערטער, אַ טויבלעכער, אַן איינעסנדיקער און אַ פּראָסטער דערצו, וואָס בייהייטן און מאָדערנע באַגריפן דערגייען שווער צו זיינע טויבלעכע אויערן, האָט ער פונדעסטוועגן געהאַלטן די גאַנצע פאַבריק אין זיינע הענט, נישט אָפּגעלאָזט זי אויף קיין רגע. ער איז געקומען גלייך מיט אַלע אַרבעטער פאַרטאָג אין פאַבריק אַריין און אַוועקגעגאַנגען שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

ווי יעדער טויבלעכער מענטש, איז ער געווען אייפערזיכטיק צו יעדעס וואָרט, וואָס די מענטשן זיינע רעדן אַרויס און ער דערהערט נישט.

— וואָס איזט לאָז, אַלברעכטכען? — האָט ער כסדר איבערגעפרעגט ביי דעם הויפּט־דירעקטאָר אַלברעכט, דעם דיקן צעגאָסענעם פאַרשוין, וואָס

שטענדיק צעגייט ער זיך אין שווייס און שטולן קרעכצן אונטער זיין שווע־רער משא. — וואָס שוואַצסטע, ביר־פּאַס ?

אויסגעצויגן, קוים האַלטנדיק זיך אויף זיינע קלאָצעוואַטע פיס, אין געוואַלטיק־ברייטע געקעסטלטע הויזן, האָט דער דיקער דירעקטאָר אַריינ־געשריגן אין די האָריקע אויערן פון זיין באַלעבאָס יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט פריער מיט אימעצן אויסגערעדט.

— שריי נישט זאָ ! — האָט אים הונצע געשטראָפט, כאָטש אַנדערש האָט ער נישט געהערט. — איך הערע !...

אַלע אין דער ריזיקער פאַבריק, פון הויפּט־דירעקטאָר, אינזשיניערן, כעמיקער, צייכנער, מייסטער, אַרבעטער זענען געלעגן ביי אים אין די הענט, מורא געהאַט פאַר אים, געשטאַנען ווי זעלנער פאַר זייער גענעראַל. אַ געבויגענער אַ ביסל, מיט אַ לויזן אַלטמאָדישן קאָסטיום, מיט דער פאַר־צעלייענער ליולקע אין מויל, מיט דעם שניי־ווייסן האַרט־געשוירענעם בער־שטעלע האָר אויפן שפּיץ־קאָפּ, איז ער אומעטום געווען פול, אומעטום אָנ־געראויכערט דעם פראָסטן טאַבאַק, וואָס ער האָט באַנוצט צו זיין ליולקע, אומעטום אָנגעשפּיגן. מיט אַ פּראָסטאַקישער הנאה האָט ער באַליידיקט די געבילדעטע מענטשן זיינע, די אַלע אינזשיניערן, כעמיקער, דירעקטאָרן, יעדן, אַפילו דעם עלטסטן, האָט ער געזאָגט „דו", אַוועקגעזעצט זיך אויף יענעמס שטול, געהייסן זיך אָנצינדן די פאַרצעלייענע ליולקע, ווען זי פאַר־לעשט זיך, און אָנגעשפּיגן אויף דער ערד, האַרט ביי דעם צוויטנס פיס. וואָס עלטער ער איז געוואָרן, וואָס מער ער האָט געפילט, אַז די טעג פון זיין הערשאַפט ווערן ווייניקער, אַלץ מער האָט ער געהערשט אין דער גרויסער פאַבריק זיינער, אַלץ איינגעשפּאַרטער איז ער געווען, נישט גע־וואָלט קיין שום זאַך נאָכגעבן. אין דער פאַבריק האָט ער אַלץ אויסגעפירט. קיינער האָט זיך אים נישט געוואַגט אַקעגנצושטעלן, און עס זענען כסדר אָנ־געגאַנגען געשרייען, געוואַלדן און טומלערייען אין דעם אָפּגעצוימטן פּאַלאַץ.

שוין פון לאַנג זענען הונצעס זין און טעכטער נישט געווען צופרידן פון פאָטער זייערן. אמת, ער האָט זיי אַ גרויסע ירושה געגרייט, אַ גאַנץ לעבן פאַר זיי געאַרבעט און געשאַפן, אָבער צוזאַמען דערמיט האָט ער זיי אַן אַנדער ירושה געגעבן, אַ ירושה גלייך ביים געבוירן ווערן, וואָס איז געווען אַ לאַסט, גאָרנישט פון איר פּטור צו ווערן — דאָס איז געווען דער פראָסטער אויסזען און דער נאָך־פּראָסטערער נאָמען, וואָס דער פאָטער האָט איבערגעגעבן, צוזאַמען מיט זיין רייכקייט, די קינדער זיינע, די זין ווי די טעכטער, נאָך מער טאַקע די טעכטער. העל־בלאָנדע, מיט וואַסערדיקע אויגן און פראָסטע פּאַרריסענע נעזער, האָבן זיי, די טעכטער זיינע, אין אַלע זיידנס און סאַמעטן, אויסגעזען ווי פראָסטע פּאָלקס־פרויען, גאָרנישט אַנדערש פון די פיל וועבערינס, וואָס אַרבעטן אין פאָטערס פאַבריק. גאָר־נישט האָט זיך נישט געלאָזט אָפּוואַשן פון דער ירושה, וואָס איז איבערגעגאַנגען פון טאַטן, דעם זאַקסישן האַנטוועבער, און דער מאַמען, דער פויערן־טאָכטער,

וואָס אַפּילו איצט, אין רייכקייט און אין פּאַלאַצן, רעדן זיי נאָך צווישן זיך פּאָלקסדייטש און רופן זיך מיט די אַלטע פאַרצויגענע פויערשע נעמען. דאָס הונצישע איז געלעגן אין דער קאַרטאָפל־נאָז, אין די הויכע קנאָכן פון די קינבאַקן, אין פויערישן שניט פון מויל, אין די צו רויטע ציינער, וואָס קוקן אַרויס פון די האַלב־געעפנטע ליפּן. און איבערהויפּט אין די געדיכטע זומער־שפּרינקעלעך, וואָס צעבליען זיך איבער דעם פּנים, האַלדז און הענט, פּונקט ווי ביי פיל פאַבריק־ווייבער. נישט בעסער האָבן אויסגעזען די זין, הונצעס. מער נאָך פון אויסזען האָט געלאַסטשעט דער נאָמען. גאָרנישט לייטישעס איז געלעגן אין דעם דאָזיקן פּראָסטן נאָמען.

אין לאָדזש האָט דער נאָמען הונצע זייער שיין געקלונגען. ער האָט מער קיין פאַרפּוצונגען נישט געדאַרפט, קיין טיטולן. הונצע האָט באַטייט — מיליאָנען, מאַכט. הונצע האָט מער קיין טיטול נישט געדאַרפט, ווי אַ שטייגער דער נאָמען פון אַ קעניג. אָבער הונצעס קינדער, די זין ווי די טעכטער, זענען זעלטן געזעסן אין לאָדזש. לאָדזש, די שטאָט פון רויך, קוימענס, וואָל און ביינוול, האָט פאַר זיי קיין ווערט נישט געהאַט. ווייניקער פון אַלץ זענען זיי געזעסן אין פאָטערס פּאַלאַץ, אין דער שטאָט, וואו מען האָט נאָך געדענקט דעם פאָטער זייערן, ווי ער איז מיט פערד און וועגעלע פון זאַקסן געקומען. מערסטנס זענען זיי געזעסן אין אויסלאַנד, אין דייטש־לאַנד, וואו זיי האָבן פאַר זיך אַלטע אַריסטאָקראַטישע גיטער צוזאַמען מיט די לאַקאַיען אָפּגעקויפט. מערסטנס זענען זיי איינגעשטאַנען אין די רייכע האָטעלן, געקומען אין קלובן צווישן אַדעליקע און מיוחסים, וואו דער נאָמען האָט זייער איינפאַך געקלונגען. זייער פּריקרע איז געווען יעדעס מאָל, ווען מען האָט דעם פּראָסטן נאָמען געדאַרפט אָנגעבן אין אַ האָטעל אָדער פאָרצושטעלן זיך אין אַ געהויבענער געזעלשאַפט, צווישן לויטער פאָנס, מאַרקגראַפס, באַראָנען, גראַפן און פירשטן. און זיי זענען נישט געווען צופרידן, הונצעס קינדער, פון פאָטערס ירושה. ווי נאָר זיי זענען אַהיים־געקומען אין פּאַלאַץ, האָבן זיי זיך אַרומגעריסן מיטן אַלטן. זיי האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן זיין שפּראַך, זיין פּיפּקען די ליולקע, זיינע וועבערישע אויסדרוקן, זיין האַרט בערשטעלע האָר אויפן שפּיץ קאָפּ, זיין פּאַטשן מיט די ליפּן ביים עסן, זיין גאַנצע פּראָסטאַקישע אויפפירונג, וואָס האָט דער־מאָנט אָן אַמאָליקן וועבער. פּונקט אַזוי האָבן זיי פיינט געהאַט די סביבה זיינע.

דער פאָטער האָט געוואָלט חתונה מאַכן די טעכטער זיינע מיט רייכע לאָדזשער פאַבריקאַנטן־זין. ער האָט געוואָלט געבן גרויסע נדנס, גאָר גרויסע, אָבער ער האָט געוואָלט פאַרן געלט קריגן עפּעס, וואָס האָט די ווערט. ער איז געווען אַ געשעפטסמאַן, דער אַלטער, געשטעקט מיט לייב און לעבן אין דער פאַבריק, וואָס ער האָט אויסגעבויט, אין דעם פאַרמעגן, וואָס ער האָט מיט די צוויי הוילע וועבערישע האַריקע הענט געמאַכט. ער האָט געוואוסט, כאָטש ער האָט נאָך אַלץ קיין חשבון אויפן פּאַפּיר נישט

געקאָנט צוזאַמענשטעלן, אַז געלט דאַרף גיין צו געלט, אַז אַ געשעפט דאַרף שטענדיק האַלטן אַן אויג אויף דעם באַלאַנס, נישט לאָזן פאַרגרעסערן די הוצאה פון דער הכנסה. ער איז געווען גרייט גרויסע נדבס צו געבן, ווי עס פירט זיך, ווען מען האָט טעכטער, אָבער ער האָט אויך געוואָלט געלט פון צווייטן צד; נישט בלויז אַרויסגעבן, נאָר אויך איינגעמען. דערצו האָט ער געוואָלט אַרייַנציען מענטשן פון פאַך אין זיין הויז אַריין, פאַבריקאַנטישע זין, וואָס זאָלן קאָנען העלפן, ווען מען זאָל קאָנען איבערלאָזן נאָכן טויט די פאַבריק און שטאַרבן מיט אַ רואיק געוויסן, אַז די געשעפטן וועלן ווערן גוט געפירט. ער האָט אויך געהאַט אַנדערע סוחרישע קאָמבינאַציעס. ער האָט געוואָלט פאַראייניקן גרויסע פירמעס, וואָס זאָלן צוזאַמען האַלטן לאָדזש אין די הענט, כדי קעגנצושטעלן זיך אַלע נייע, וואָס לאָקערן אויף דער שטאָט.

אָבער די טעכטער זיינע האָבן נישט געוואָלט הערן. זיי האָבן נישט געהאַט בדעה אַרייַנצוקריכן ווידער אין פעבל. דאַנקען גאָט, וואָס זיי זענען טעכטער און זיי קאָנען אויסבייטן דעם קאָמפּראָמיטירנדיקן נאָמען אויף אַ לייטישן, אויף אַ וואויל־קלינגענדיקן און אַדעליקן, וואָס מען דאַרף נישט אונטערפאָנפען שנעל אונטער דער נאָז, ווי ביז איצט, נאָר אַרויסזאָגן אי מיט שטאָלץ און ווירדע, דייטלעך און קלינגענדיק. זיי האָבן בעסער גע־וואָלט פאַרזיצן, איידער בלייבן אין דער לאָדזשער מאַנופאַקטור. דער אַלטער האָט געשריגן, געגוואַלדעוועט אין זיין פּראָסטאַקישן דייטש און באַל־מעלאָכעש געקלאַפּט מיט דער אויסגעאַרבעטער האָריקער האַנט אין טייערן טיש, אַז ער וועט קיין ליידיק־גייער נישט קויפן. אָבער די טעכטער האָבן געמאַכט היסטעריקעס, געדראָט צו אַנטלויפן אין טעאַטער, ווערן קאָמע־דיאַנטקעס, אויב דער פאָטער וועט זיך עקשנען. דערצו האָט זיך דאָס ווייב זיינס אַריינגעמישט, פונאַנדערגעוויינט זיך פאַר אים, ווי אין די אַלטע צייטן, ווען ער פלעגט זונטיק זיך צופיל אָנטרינקען און מאַכן סקאַנדאַלן.

— איך ביטע דיך, הייַנצכען, — האָט זי פאַר אים געקלאָגט און גע־פאַלן אים צו די פיס, ווי אַ פויערטע פאַר אַ פּריץ, — טו עס פאַר די מעדעלס...

האָט דער אַלטער אַוועקגעמאַכט מיט דער האָריקער באַלמעלאָכישער האַנט און נאָכגעגעבן. ביידע טעכטער האָבן איינע נאָך דער צווייטער יעדע איר באַראָן אַריינגעפירט. די עלטערע, עלזע, האָט איר באַראָן געבראַכט פון אויסלאַנד. געווען איז ער אַ בייזער, אָנגעבלאָזענער, פאַרריסן און אויס־געצויגן. ווי גרויס ער איז געווען, אַזוי גרויס איז זיין נאָמען געווען — באַראָן קאָנראַד וואָלפגאַנג פאָן היידעל־היידעללאָו. נאָך גרעסער פון זיין נאָמען זענען געווען זיינע חובות, וואָס ער האָט געהאַט אויף זיך אין זיין פרייסישן גוט, האַרט ביי דער רוסישער גרענעץ שוין. באַלד אין ערשטן טאָג, ווי נאָר ער איז קיין לאָדזש צוזאַמען מיט זיין דינער, יאַגד־הונט און יעגער־ביקס געקומען, האָט ער גלייך גענומען דרייען מיט זיין לאַנגער,

דאַרער נאָז סיי אויף דער שטאָט, „דעם פּאָליש־יידישן שווינען־נעסט", סיי אויף דער פאַבריק, וואָס שטינקט מיט רויך און פאַרב, סיי אויף שווער און שוויגער, וואָס קאָנען זיך נישט אָפּגעוואוינען פון זייער עקלהאַפטן פּאָלקט־זשאַרגאָן.

— איך וועל אין דעם מיסטקאַסטן קיין איינציקן טאָג נישט בלייבן! — האָט ער מיט כעס געזאָגט.

דער אַלטער הונצע האָט אים דעם גרויסן נדן אויסגעצאָלט ביזן לעצטן גראָשן. דער הויכער אויסגעצויגענער איידעם האָט זייער שנעל זיך גע־זעגנט מיט שווער און שוויגער, קוים מיט אַ לייכטן באַריר אַ קוש געטאָן אין דער שוויגערס האַנט און צוזאַמען מיט זיינע הינט, דינער און ווייב אַנטלאָפן צו זיין גוט. ער האָט מיט דעם שוויגער־פאָטער זיינעם קיינע געשעפטן נישט געהאַט מער, קיין גרוס צו זיין ווייבס בריוו נישט צוגעשריבן. בלויז נאָר, ווען ער האָט ווידער געמאַכט נייע חובות און נישט געהאַט צו צאָלן, האָט ער אויף זיינעם אַ בריוו מיט אַ הערב אָנגעשריבן צום אַלטן הונצע אַ פאָדערונג נאָך פריש געלט, און אונטערגעשריבן האָט ער זיך דערויף מיט זיין לאַנגן אַריסטאָקראַטישן נאָמען.

דער אַלטער הונצע האָט נישט געוואָלט געבן. האָט דער איידעם, דער באַראָן, גענומען עסן דאָס ווייב זיינס, ברוגזן זיך, אַוועק פון שטוב, ביז זי האָט געמוזט איינפּאַקן אַלע וואַליזעס, מיטנעמען אַ דינער מיט דעם הערב אויף דער ליוורעיע און לאָזן זיך קיין לאָדזש, כדי אויסצובעטן ביים אַלטן פריש געלט פאַר איר מאַן, וואָס האָט איר אַזאַ גרויסן אַריסטאָקראַטישן נאָמען געשענקט.

די צווייטע טאָכטער, גערטרודאַ, האָט שוין נישט אַזאַ בייזן מאַן גע־נומען. זי האָט זיך אויסגעזוכט אַ יונגן באַלטישן אָפיציר, אַ יונג מיט הוזאַרישע וואָנצעס, וואָס האָט זייער אַ שיינעם נאָמען געטראָגן — באַראָן אָטאָ פאָן טאַובע — און אין דער קייזערלעכער גוואַרדיע אין פּעטערבורג געדינט. אָבער גלייך ווי ער האָט חתונה געהאַט, האָט ער זיך אַרומגערינגלט מיט אַ חברה הוליאַקעס, געוואָרפן מיט געלט, פאַרשפּילט אין קאָרטן אוי מיט אַלע מאָל געפאָדערט נייע סומען, ווייל אויב נישט איז אים פאָרגעשטאַנען אַרויסצופליען פון דער אַרמיי און געבן זיך אַ קויל אין קאָפּ.

מער ווי מיידלווייז זענען די צוויי שוועסטער איצט אָפּגעזעסן ביים פאָטער. זיי האָבן זיך זייער געבלאָזן אין לאָדזש מיט די נייע אַריסטאָקראַ־טישע טיטולן, וואָס זיי האָבן געטראָגן, מיט קיינעם נישט געוואָלט פאַרקערן, און דערגאַנגען דעם פאָטער די יאָרן צוליב די געלטער, וואָס זיי האָבן גע־דאַרפט אַהיימפירן צו זייערע מאַנען.

— פאַרגעס נישט, פאָטער, אַז מיר זענען נישט מער קיין מיידלעך, — באַלמעלאָכעשער האָריקער האַנט, — מיר זענען די באַראָנעסינס פאָן... האָבן זיי אים געלערנט, ווען ער האָט גענומען קלאַפּן אין טיש מיט זיין

טאָמער איז דאָס געווען נאָך ווינציק, האָבן הונצעס זין, אַלע דריי, ווילהעלם, פרידריך און יאָהאַן, אָנגעזעצט זיך אויף דעם פאָטער און אים דערגאַנגען די יאָרן, ער זאָל נישט אַנדערש ווי ווערן אַ באַראָן.

פונקט ווי דער פריערדיקער פּיעטראָקאָווער גובערנאַטאָר האָט פאַר דעם אַלטן הונצע פאַר אַ היפשער מטבע אויסגעפּועלט אַ הייליקע אַננע, האָט דער איצטיקער פּיעטראָקאָווער גובערנאַטאָר געגעבן אָנצוהערן, אַז ביי גרויסע באַמיאונגען וואָלט מען אין פּעטערבורג געקאָנט אויספּועלן פאַר דעם אַלטן דעם טיטול באַראָן. ער האָט אים פאַרדינט, דעם טיטול, פאַר די גרויסע פאַרדינסטן, וואָס ער האָט געבראַכט דעם פאָטערלאַנד מיט זיין אויסבויען די וועבער־אינדוסטריע אין לאַנד. אָבער דערצו דאַרף מען פאָרן עטלעכע מאָל קיין פּעטערבורג, מאַכן הוצאות, אָנקניפּן די געהעריקע פאַרבינדונגען און הונצעס זין האָבן זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט.

פונקט ווי זייערע שוועסטער, האָבן אויך די דריי ברידער פיינט גע־האַט לאָדזש מיט אירע געשעפטן און מענטשן. דער פאָטער האָט זיי געשיקט קיין דייטשלאַנד לערנען אין דער האַנדלס־אַקאַדעמיע, שטודירן די מאָ־דערנסטע וועב־אינדוסטריע, כעמיע, אָבער די זין האָבן זיך נישט געוואָלט לערנען. זייערע בלאָנדע פול־בלוטיקע קעפּ האָבן גאָרנישט פאַרנומען פון ציפערן, מאַשינען און כעמישע שטאָפן. זיי האָבן געשטעקט אין פערד, הינט, קאָרטן און ווייבער. מיט דעם טאַטנס געלטער האָבן זיי אומעטום גע־קאָנט אַריינדרינגען, אין די גרעסטע פלעצער. אָבער צוזאַמען מיטן פאָ־טערס געלטער, האָט זיי באַגלייט זיין פּראָסטער באַלמעלאָכעשער נאָמען, וועלכער האָט זייער אָרעם אויסגעזען צווישן די באַטיטולטע חברים זייערע. דערצו זיינען זיי געווען מענער, וואָס האָבן נישט געקאָנט, ווי זייערע שוועסטער, קויפן זיך אַנדערע נעמען און טיטולן. זיי האָבן געדאַרפט זיך טראָגן מיט זייער ירושה ביזן טויט אַריין. און זיי האָבן דעם פאָטער קיין מנוחה נישט געגעבן, געפּייניקט אים, ער זאָל ווערן אַ באַראָן.

פון איין זייט איז זיי דעם פאָטערס הויכע עלטער געשטאַנען אין וועג. זיי האָבן זייער אַ סך געדאַרפט. די פערד־געיעגן, אויסהאַלטן אייגענע שטאַלן, קאָרטן, בעלער, ווייבער, די הלוואות, וואָס זיי האָבן געדאַרפט געבן אָרעמע אַריסטאָקראַטן, כדי זיי זאָלן אָנהאַלטן מיט זיי זייער פריינטשאַפט, האָבן אַ סך געלט געפאָדערט. דער פאָטער האָט נישט געוואָלט דעקן אַלע מאָל די הוצאות. אויך האָט ער אָנגעזאָגט אין קאַסע, אַז אָן זיין אונטערשריפט זאָל מען קיינעם פון די קינדער נישט אַרויסגעבן קיין געלט. אמת, עס האָט אים נישט אַלע מאָל געהאָלפן, דעם אַלטן. וואָרעם זיי האָבן געדראָט מיט זעלבסטמאָרד, ווען זיי פלעגן פאַרשפּילן אין די קלובן און געשטאַנען אונ־טער דער געפאַר נישט צו צאָלן קיין ערן־חובות. אָבער אויך לייכט איז עס נישט אָנגעקומען. גענוג האָט מען געמוזט שרייען, טומלען, אויסהערן דעם אַלטנס געוואלטן, קלאַפּן אין טיש. גענוג האָט מען געמוזט זיך אָנרעדן ביי דער מוטער, ביז זי האָט געפּועלט ביים אַלטן, ער זאָל אַרויסנעמען די

מטבע. דאָס האָט זיי זייער נישט געשמעקט, די דערוואקסענע זין הונצעס. זיי האָבן שוין אויסגעקוקט די מינוט, דער פאָטער זאָל צומאַכן אַן אויג און זיי זאָלן אַליין ווערן די באַלעבאַטים פון דער פאַבריק און טאָן, וואָס דאָס האַרץ גלוסט.

— דער אַלטער שייסער דענקט נאָך לאַנג צו לעבן, — האָבן זיי גע־רעדט מיט צאָרן, זעענדיק, ווי קיין קראַנקהייט נעמט אים גאָרנישט, ווי מיט יעדן טאָג ווערט ער אַלץ הערשערישער און האַרטער.

פון דער אַנדערער זייט האָט זיי זיין עלטער באַאומרואיקט. וואָרעם זיי האָבן געוואָלט אָפּירשענען נאָך אים נישט בלויז די מיליאָנען, נאָר אויך אַ בכבודן טיטול, אַ קלינגענדיקן באַראָן, מיט וועלכן מען זאָל זיך קאָנען ווייזן צווישן מענטשן. אַליין וועט זיין שווער אַזאַ טיטול צו דערגרייכן. איבעריקנס, וועלן עס נישט אַלע ברידער קריגן, בלויז איינער פון זיי. דאָס בעסטע וואָלט געווען איבערצונעמען גרייט דעם טיטול נאָכן פאָטער, לייכט, אָן אָנשטרענגונג, ווי אַלץ, וואָס וועט נאָך אים בלייבן. אַלץ איז שוין געווען צוגעגרייט, אָפּגערעדט מיטן פּיעטראָקאָווער גובערנאַטאָר, אָבער דאָס האָט געדאַרפט אַ סך געלט קאָסטן, גאָר אַ סך, און דער אַלטער הונצע האָט זיך איינגעשפּאַרט און דערויף קיין פּרוטה נישט געוואָלט פּטרן.

— איך שייסע דעראויף, — האָט ער געזאָגט אין זיין פּראָסטאַקישן דייטש, — קיין צעבראָכענעם פעניג וועל איך דערויף נישט געבן, איז מיין נאָמען נישט הונצע.

אויסער דעם שאָדן, אָוועקצוגעבן אַ פאַרמעגן מיט געלט, האָט ער זיך נאָך געפילט געטראָפן, וואָס די קינדער זיינע געניגט נישט זיין בלויזער נאָמען הונצע, נאָר זיי ווילן אַ טיטול דערצו. ער איז געווען זייער שטאָלץ מיט זיין נאָמען הונצע. ער האָט גוט געוואוסט, וואָסער ווערט דער נאָמען האָט אין לאָדזש און צווישן פאַבריקאַנטן אויף גאָר דער וועלט, נישט נאָר אין רוסלאַנד, נאָר אויך אין דייטשלאַנד און אין ענגלאַנד. גענוג מי און אַרבעט האָט ער אַריינגעלייגט ביז ער האָט דעם נאָמען אַזוי גרויס געמאַכט. דערצו האָט ער געפילט אויף זיין הויט די שפּאָטישע באַציאונג פון זיינע איידעמס, די באַראָנען, וואָס ווילן מיט אים אַפילו רעכט קיין וואָרט נישט אויסרעדן, אויסער שלעפּן ביי אים געלט. ביי דער גאַנצער רייכקייט זיינער, איז ער פאַרבליבן דער אַמאָליקער פּראָסטער מענטש, וואָס האָט פיינט מיוחסים און געבילדעטע. ווי ווייט ער האָט געקאָנט, האָט ער עס זיי געלאָזט פילן. ער האָט טאַקע אַלע זיינע דירעקטאָרן, אינזשיניערן און כעמיקער באַהאַנדלט גראָב, אויפן שטריקל זיי געהאַלטן, און זיי האָבן נישט געוואַגט אַנטקעגנצורעדן, גע־שטאַנען פאַר אים, ווי הינט אויף די הינטערשטע לאַפּעס. פּונקט אַזוי איז ער זיך באַגאַנגען מיט די פּוילישע גראַפן און פירשטן, ווען זיי האָבן געדאַרפט אָנקומען צו זיין טובה. ער האָט מיט זיי קיין וואָרט פּויליש נישט געוואָלט אויסרעדן, בלויז דייטש, און נאָך פאָלקס־דייטש דערצו, אויף צו־להכעיס. פאַר אים איז דער נאָמען הונצע געווען גענוג גרויס און שיין, וואָס דאַרף מער

גאַרנישט קיין טיטולן. און אים האָט אויפגעקאָכט, וואָס די זין זיינע ווילן אים אָנהענגען אַ יאַרליק, כדי אים צו ירשנען נאָכן טויט.

די זין האָבן זיך געבונטעוועט. זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז אויב זיי וועלן דורכלאָזן די געלעגנהייט, וועלן זיי שוין בלייבן מיט דער באַלאַסטנדי־קער ירושה ביזן טויט אַריין. מען קאָן גאַרנישט וויסן ביי די דאָזיקע אַלטע לייט. אַט לעבן זיי און לעבן, און ביי דעם מינדסטן צופאַל ווערן זיי נישט. זיי האָבן גענומען פאָדערן זייער טייל, וואָס קומט. אָבער דאָס האָט דעם אַלטן נאָך מער אויפגערעגט.

— נאָך מיין טויט, — האָט ער געשריגן, — נאָך מיין טויט וועט איר באַלעבאַטעווען. ווי לאַנג איך לעב, בין איך באַלעבאָס, איך, היינע הונצע!

פאַר כעס האָט ער אַפילו גענומען טאָן משונהדיקע זאַכן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש אָן דעם פאַראַדנעם ראָק, ווי די טעכטער האָבן אים אויסגעלערנט, נאָר אין די בלויזע העמד און הויזן. ער האָט אָפּגענאָגט די ביינער הויך און מיט אַפּעטיט, ווי אין די גאָר אַלטע צייטן. ער האָט געשפּיגן אויף די טעפּיכער, געגרעדט דעם סאַמע פּראָסטן דייטש און אַפילו אַריין אין אָוונט אין ביר־שענק, צוגעזעצט זיך צו אַ טישל אַלטע וועבער און געשטעלט זיי ביר.

די אַלטע וועבער זענען אַזוי פאַרשטאַרט געוואָרן פון שרעק, אַז זיי האָבן נישט געקאָנט קיין „פּראָזיט" אַרויסברענגען פון זייערע ציינלאָזע מיילער. זיי זענען פאַרשטומט געוואָרן. הונצע האָט זיי דערפאַר איבערגעלאָזט אין מיטן טרינקען און איז אַוועק צו זיך. און אין פּאַלאַץ האָט געראַשט און גע־רודערט.

די אַלטע הונצעכע איז אַרומגעגאַנגען צעדולט איבער די ריזיקע זאַלן, אָנגעשטעלטע מיט שווערע מעבל און באַהאַנגענע מיט גרויסע גאָבעלינען און פאַרפּלאָנטערטע הירשן־הערנער. דאָס, וואָס די קינדער האָבן מורא געהאַט אויסצולאָזן צום אַלטן, האָבן זיי אויסגעלאָזט צו דער מוטער. אַ פּראָסטע, אַן איינפאַכע, אַ דערשראָקענע פון אומגעריכטער רייכקייט, טייערן מעבל, גאָ־בעלינען און ריזיקע בילדער, אַן אומגעשיקטע, אַ פויערטע נאָך, נישט וויסנ־דיק ווי אומצוגיין מיט דינסטן און לאָקייען, אַ פאַרלוירענע פאַר די פרעמדע מענטשן, וואָס זי פאַרשטייט אַפילו נישט זייער שפּראַך, אַ דערשראָקענע פאַר דער אַדלקייט פון די אייגענע טעכטער און זין, וועלכע רעדן צו איר קיינ־מאָל קיין גוט וואָרט נישט אַרויס, האָט זי זיך געפילט זייער פרעמד און אומגליקלעך אין דעם גרויסן פּאַלאַץ אירן, צו וועלכן זי האָט זיך ביי קיין פאַל נישט געקאָנט צוגעוואוינען. זי האָט געבענקט נאָך דער צייט, ווען זי איז ביים שפּינדל געזעסן, ווען זי האָט גרויסע טעפּ עסן פאַר דעם מאַן און די געזעלן געקאָכט, ווען זי האָט מיט די ווייבער די שכנטעס גערעדט וועגן ווירטשאַפט, קינדער און ווייבערישע זאַכן. זי האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט צוגעוואוינען זיך צו די קאַרעטעס, צו די לאָקייען, צו די רייכע סאַלאָנען, צו די גרויסאַרטיקע דאַמען, וואָס דרייען זיך אַרום איר, צו די פּריצישע הערן,

וואָס קושן איר אין האַנט. יעדעס מאָל, וואָס מען האָט איר אַ קוש געטאָן אין האַנט, האָט זי זיך אויפסניי פאַרשעמט. זי האָט נאָך געדענקט די צייטן, ווען זי אַליין פלעגט קושן אין האַנט דעם דאָקטאָר, צו וועלכן זי פלעגט גיין אַמאָל מיט אירע קינדער, ווען זיי זענען געווען קליין.

אַמבעסטן האָט זי זיך געפילט, ווען זי איז געבליבן אַליין אין שטוב מיט איר אַלטן, מיט היינצען. איבערהויפּט, ווען ער שטופּט־אָן די ליולקע, ווי אין די אַמאָליקע צייטן, וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם ראָק און רעדט צו איר אין זאַקסישן אַלטן דייטש, בעת זי אַליין שטריקט דערביי אונטער אַ זאָק. אָבער זעלטן, אַז זי האָט געקאָנט מיט אים זיצן. ער איז שטענדיק געווען פאַר־נומען. און די קינדער האָבן זי געוויכט, נישט אויסגערעדט קיין וואָרט מיט איר, סיידן, ווען זיי האָבן עפּעס נישט געקאָנט אויספירן ביים פאָטער, זענען זיי געקומען מיט איר רעדן. אָבער אויך דעמאָלט האָבן זיי אויף איר מער געשריגן, ווי געבעטן, און וועגן פאָטער גערעדט מיט צאָרן, מיט זידל־ווערטער. אַנדערש ווי אַלטער שייסער האָבן זיי אים נישט גערופן. זי איז רויט געוואָרן, געפילט זיך באַליידיקט, געוואָלט זיי זאָגן, אַז מען טאָר אַזוי נישט רעדן, אַז ס'איז אַ זינד פאַר גאָט. נאָר זי האָט נישט געוואַגט קיין וואָרט אַרויסצוברענגען קעגן אירע אייגענע קינדער. זי האָט מורא געהאַט פאַר זיי, אַפשיי געהאַט פאַר זייער פריצישקייט און פרעמדקייט, ווי אַ פויערטע.

— אַך, דו גאָט מיינער, דו ליבער יעזוס, — האָט זי געבראָכן מיט די הענט. — איך ווערדע שאָן מיט דעם פאַטער שפּרעכען דאַריבער. נור באַ־ליידיגע ניכט... ניין...

אויך איצט האָבן די זין זיך געוואָרפן אויף דער מוטער. זי פלעגט ביים אַלטן פועלן. ווי פאַר אַ פּריץ, פלעגט זי זיך שטעלן פאַר אים אויף די קני און אויסוויינען פאַר אים אַלץ ניי געלט פאַר די „יונגען" און פאַר די „מעדעלס". זי האָט נישט געגנוי געוואוסט, וואָס אַזוינס די זין פאַרלאַנגען פון איר. זי האָט זיך נאָך פאַרגעשטעלט, אַז די קינדער אירע זאָלן זיין אַדל־לייט, באַ־ראָנען, אָבער אַז זי אַליין, די פויערן־טאָכטער, זאָל זיין אַ באַראָנעסע, האָט זיך גאָרנישט אין איר אַלטן קאָפּ געלייגט. דאָס איז געווען פאַר איר אַזוי ווייט, ווי ווען מען זאָל איר זאָגן, אַז זי דאַרף ווערן די הייליקע מוטער. זייער פרעמד זענען איר געווען אירע זינס באַגערן. אָבער זי האָט מורא געהאַט פאַר זיי, ווי יעדע אַלטע פויערטע, וואָס ציטערט פאַר אירע זין, ווען זי קומט אין די יאָרן. און זי האָט גערעדט מיטן אַלטן.

— היינצל, — האָט זי געבעטן ביי אים, פאַלנדיק אויף די קני און קלאַמערנדיק זיך אין זיינע פיס, — טו עס פיר דיין אַלטעס ווייב, אום ליבען גאָטעס נאַמען...

הונצען האָט זיין אַלטערס ווערטער גערירט, אָבער ברעכן זיך האָט ער נישט געלאָזט.

— אַלץ ווילן זיי גרייט, — האָט ער געגוואַלדעוועט, — אַלץ מיט מיינע

הענט. זאָלן זיי אַליין זיך דערשלאָגן צו עפּעס, מיט די אייגענע הענט. גענוג פאַר זיי געטאָן, לאָוזובובס.

אַז אין שטוב איז שוין נישט געווען איבערצוטראָגן, האָט הונצע פּרו־בירט אַן עצה זיך האַלטן מיט מענטשן. אָבער קיינער האָט אים גאָרנישט געזאָגט, געהאַלטן דיפּלאָמאַטיש די צונג צווישן די ציין און בלויז צוגע־באָמקעט מיט מיליטערישע „יאַ־וואָהלס" אויף יעדעס וואָרט זיינס. האָט הונצע אויסגעשפּיגן, און איינער אַליין, אָן דער קאַרעטע, אָן דינער, צופוס אַוועק צו זיין פּאַרטרעטער ר׳ אברהם הערש אַשכּנזי אין געשעפט אַריין, כּדי זיך מיט אים מישב צו זיין, ווי תּמיד בעת אַ וויכטיקן געשעפטלעכן ענין. ר׳ אברהם הערש האָט, ווי שטענדיק, זייער געלאַסן און זייער רואיק אויסגע־הערט אַלץ, וואָס דער אַלטער הונצע האָט אָנגערעדט, אַלע זיינע גראָבע ווער־טער און קללות, און דערנאָך הויך פאַרקנייטשט דעם שטערן ביז דעם ברעג יאַרמולקע אויפן קאָפּ.

— וואָס וועט עס דאַרפן קאָסטן, הער היינץ? — האָט ער סוחריש גע־פרעגט.

— אַ פעטע סומע, — האָט הונצע געזאָגט, — שיינע צענטליקער טויזנט רובל.

— און וואָס וועט עס ברענגען? — האָט ר׳ אברהם הערש געוואָלט וויסן.

— ניקס, — האָט הונצע געזאָגט.

— וואָס־זשע פאַר אַ געשעפט איז עס? — האָט ר׳ אברהם הערש אונ־טערגעצויגן דעם סך־הכּל.

דער אַלטער הונצע איז אַוועק אַהיים מיט דער פעסטער מיינונג, קיין צעבראָכענעם פעניג פאַר דעם באַראָן־טיטול נישט צו געבן.

— קיין וואָרט דאַריבער! — האָט ער באַפוילן, קנאַקנדיק אין טיש מיט דער האָריקער האַנט.

אין פּאַלאַץ האָט זיך אָנגעהויבן דער קריג.

## קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

אַ גאַנץ אַנדער מיינונג פון זיין פאָטער וועגן דער באַראָנענשאַפט פון דער פאַמיליע הונצע האָט געהאַט זיין אויסגעגעבענער זון שמחה מאיר, דער באַלעבאָס פון דער וועבעריי וואָס אַרבעט אויס ווייבערישע טיכער.

כאָטש ער איז וויניק אַריינגעקומען אין פאָטערס שטוב, זינט ער האָט געכאַפּט אַ פּאַטש פאַר זיין איבעררייסן די תּורה, האָט ער פונדעסטוועגן אַלץ געוואוסט, וואָס ס׳טוט זיך ביים פאָטער אין הויז און נאָך מער אין זיין געשעפט אויף פּיעטראָקאָווער גאַס, אין דער פאַרטרעטונג פון הונצעס מאַנו־פאַקטור. ער האָט עס געוואוסט סיי פון די משרתים, וואָס האָבן געאַרבעט ביים פאָטער, סיי פון גאָלדלוסט דעם בוכהאַלטער, סיי פון זיינע שוועסטער, וועלכע

ער פלעגט אָפט פאַרבעטן צו זיך אין שטוב, כדי צו דערגיין וועגן אַלץ אין פּאַטערס עסקים.

שמחה מאירן זענען די שוועסטער געווען פרעמד. ער פלעגט זיך קיינ־מאָל מיט זיי פריער נישט באַגעגענען, זעלטן מיט זיי אַ וואָרט אויסגערעדט. אָבער איצט האָט ער זיי געדאַרפט. כאָטש ער איז געווען פאַר זיך, געמאַכט ווייבערישע טיכער ביי זיך אין דער וועבעריי, האָט ער פונדעסטוועגן גע־האַלטן אַן אויג אויף אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין פּאָטערס פאַרטרעטונג. ער האָט געוואוסט וועלכע סעזאָנען זענען געווען גוטע און וועלכע שלעכטע, וועמער פון די פּראָווינצער סוחרים איז ראַיעל און וועמער אַן אַנזעצער, וואָסערע סחורות עס גייען און וואָסערע מען וויל אין האַנט נישט נעמען. ער האָט אַפילו געוואוסט דעם באַלאַנס פון פּאָטערס געשעפטן. ער האָט זיך גע־האַט זיין מיין דערביי. פון קינדווייז אָן האָט אים געצויגן צו דעם געשעפט, צו דער פאַרטרעטונג פון הונצעס פאַבריק. דער פּאָטער האָט אים, אמת, שטענדיק דערפון געטריבן, אָנגעזאָגט די מענטשן, זיי זאָלן אים נישט אַריינ־לאָזן. אָבער וואָס מער דער פּאָטער האָט אים געטריבן, אַלץ מער האָט עס אים געצויגן דאָרט. אַזוי איז עס געווען יינגלווייז, אַזוי אויך איצט, כאָטש ער איז שוין געווען פאַר זיך.

יאָ, ער האָט זייער גוטע געשעפטן געמאַכט, זינט ער איז געבליבן אין דער וועבעריי. ער האָט אויסער פאַבריצירן ווייבערישע טיכער אויך גע־שמאַק אונטערגעהאַנדלט, געקויפט און פאַרקויפט ביינוול, וואָל, ביי וואָס ער האָט פון צייט צו צייט אַ גוטן ביסן אַריינגעכאַפּט. מיט זיין שנעלער תפיסה און פלינקן קאָפּ האָט ער איינס און צוויי אויפגעכאַפּט אַלע קאָמבי־נאַציעס אין דעם מסחר און פאַרשטאַנען, ווען מען דאַרף קויפן און ווען מען דאַרף פאַרקויפן. דערביי איז ער אויך געווען געגוג געזעצט צו ווייט נישט צו ריזיקירן, נישט צו שטעלן אַלץ אויף איין קאָן. אין דער לעצטער מינוט האָט ער שטענדיק געקאָנט זיך באַדענקען און אָפּשטעלן זיך אַ ביסל ווייטער פון ברעג, כדי נישט אַריינצופאַלן אין אָפּגרונט. עס האָט אים געגליקט אין לאָדזש, אין דער וואַקסנדיקער שטאָט, וועלכע ער האָט געקענט דורך און דורך. ער איז געוואַקסן מיט דער שטאָט צוזאַמען. נייך, ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט באַקלאָגן, שמחה מאיר. זיינע אַריינגעלייגטע צען טויזנט רובל נדן האָבן שוין פאַר די עטלעכע יאָר היפּש זיך פאַרפילפאַכט. אים האָט גאָרנישט באַנג געטאָן, וואָס ער האָט נישט געפאָלגט דעם טאַטן און נישט געבליבן ביי דער גמרא אין שטיבל. ער האָט איצט שוין זייער אַ שיינעם נאָמען געהאַט צווישן סוחרים און קלענערע פאַבריקאַנטן. אָבער שמחה מאיר האָט זיך דערמיט נישט באַנוגנט.

ער האָט קיינמאָל נישט געהאַלטן פון קיין האַנט־אַרבעט. ווי אַן עכטער לאָדזשער האָט ער געוואוסט, אַז די שטאָט געהערט צו דאַמף, קוימענס. ער האָט די האַנט־שטולן גענומען, אָבער בלויז ווי אַ בריק, אַריבערצוגיין ווי־טער, ווי אַ רושטאָוואַניע, וואָס מען דאַרף צום אויסבויען אַ געביידע. ווען די

געביידע ווערט פֿאַרטיק, וואַרפֿט מען די רושטאָוואַניע אַוועק. ער האָט, אמת, געקאָנט שוין איצט איבערגיין צו דאַמף, צו אַ קליינער פֿאַבריק, וואו אָנשטאָט האַנט־שטולן זאָלן אַרבעטן דאַמף־שטולן, ביסלעכווייז אַריינפֿירן מער שטולן, פֿאַרגרעסערן די אַרבעט, ביז צו דערגרייכן צו אַ קוימען. אָבער שמחה מאיר האָט קיין צייט נישט געהאַט דערצו. ער האָט נישט געקאָנט וואַרטן. ער האָט געוואָלט געבן אַ האַסטיקן קלעטער מיטאַמאָל, אַ ריזן־שפּרונג, ביי וועלכן מען זאָל פֿאָרט נישט צעברעכן האַלדז און נאַקן. ער האָט געוואָלט נעמען די שטאָט מיט שטורעם, אַריינקריכן אין דער גרעסטער פֿעסטונג אַריין. אַריבערקלעטערן איבער מויערן מיט שטורעם האָט ער נישט געקאָנט. צו קליין און נישטיק איז ער געווען מיט זיינע עטלעכע צענדליק טויזנט רובל צו קריכן צו די הויכע מויערן פֿון די גרויסע פֿאַבריקן. אָבער שמחה מאיר האָט געוואוסט פֿון די ספֿרים, אַז דער קליינער מאָל איז שטאַרקער פֿון גרעסטן מלבוש, ווען ער קריגט זיך אַריין אין אַן אַלמער, אַז אַ פֿונק קאָן פֿאַרברענען דאָס גרעסטע הויז, ווען ער האָט אַן עפֿענונג וואו זיך אַריינצוכאַפּן.

ער האָט געקוקט הויך, דער לאָדזשער יונגערמאַנטשיק. זיינע פּלוטעוואַטע אויגן האָבן אַלעמאָל ליב געהאַט צו פֿאַררייסן זיך ביז די העכסטע קוימען־שפּיצן. העכער פֿון אַלע האָבן הונצעס קוימענס פֿאַרטשעפּעט אין ברודיקן לאָדזשער הימל. אמת, די מויערן אַרום זענען געווען פֿעסט, הויך, צו־הויך פֿאַר שמחה מאירס קורצע פֿיס. אָבער אַ לאָך איז אין דער פֿעסטונג געווען, אַן עפֿענונג, דורך וועלכער מען קאָן אַריינקריכן. דאָס איז געווען דעם פֿאָטערס פֿאַרטרעטונג. שמחה מאיר האָט מיט נישט־רואיקע בליקן געקוקט אויף דעם גרויסן אַלטמאָדישן לאַגער, וואָס איז אָנגעפּאַקט מיט סחורות. צו סאָליד און אַלטמאָדיש האָט דער פֿאָטער זיינער דאָס געשעפֿט געפֿירט. דער אַלטער הונצע איז געווען צופֿרידן פֿון זיין פֿאַרטרעטער. ער איז געווען אַזוי סאָליד און פֿאָרזיכטיק, ווי ער, הונצע, אַליין, נישט געוואָרפֿן זיך גרויס, נישט איינגעשטעלט. אָבער שמחה מאיר האָט אַן אַנדער מיינונג פֿון הונצען אין די זאַכן געהאַט. ער האָט געוואוסט די באַדייטונג פֿון אַ גענעראַל־פֿאַרטרעטונג פֿון דער גרעסטער לאָדזשער פֿאַבריק, ער האָט געזען, וואָס מען קאָן אין אַזאַ געשעפֿט אויפֿטאָן, ווען מען איז יינגער און געשיקטער, ווי מען קאָן די הענט פֿונאַנדערפֿירן. ווען מען לאָזט אים צו, וואָלט ער שוין געוויזן, וואָס דאָרט אויפֿצוטאָן. אין דער קירצסטער צייט וואָלט ער דאָס געשעפֿט צו דער העכסטער הויך דערפֿירט. ער וואָלט ערשט געוויזן הונצען, וואָס מען קאָן דאָרט דערגרייכן. אָבער דער פֿאָטער האָט אים דאָרט נישט געוואָלט האָבן. ער האָט אים געטריבן פֿון געשעפֿט פּונקט ווי יינגלווייז, ווען ער פֿלעגט זיך דאָרט אַריינקריגן.

שמחה מאיר האָט דערצו גאָרנישט געקאָנט טאָן. ער האָט געקענט דעם טאַטן זיינעם, געוואוסט זיין עקשנות, און ער האָט זיך פֿאַר אים וואָס ווייניקער געוויזן. אָבער אָפּלאָזן דאָס געשעפֿט פֿון אויג האָט ער נישט

געוואָלט. ער האָט שטענדיק געהאַלטן פון כלל, וואָס ער האָט געלערנט אין די ספרים, אַז ס'איז ווערט צו וואַרפן ברויט אויפן וואַסער, וואָרעם מיט דער צייט קאָנסטו עס געפינען. ער האָט דעריבער ביי יעדער געלעגנהייט אויס־געפאָרשט יעדן, וואָס שטייט נאָענט צום טאַטנס מסחרים. מער פון אַלץ האָט ער זיך דערוואוסט ביי די שוועסטער, וואָס האָבן געגעסן קעסט מיט זייערע מאַנען, ווי וואויל־לערנערס, ביים פאָטער, און נישט געהאַט וואָס צו טאָן מיט דער ליידיקער צייט. פון אַלעם פלעגן זיי קומען דערציילן שמחה מאירן, וועגן יעדן גאַסט, וואָס קומט אין שטוב, וועגן יעדן סוחר, וואָס פאַרפאָרט פון רוסלאַנד, וועגן יעדן קאָמיסיאָנער, וואָיאַזשאָר און מעקלער. און אויך וועגן הונצעס וויזיט ביים פאָטער אין קאַנטאָרל האָבן זיי, צוזאַמען מיט אַלערליי נישט־וויכטיקע זאַכן, גלייך דעם ברודער צוטראָגן.

שמחה מאירן איז גלייך ליכטיק געוואָרן אין קאָפּ, ווען די שוועסטער די פּלאַפּלערקע האָט אים די וויכטיקע נייעס, צוזאַמען מיט אַלערליי נאַ־רישקייטן, פאַרפּלאָנטערט.

— הונצע, — האָט ער זיך איבערגעפרעגט, — הונצע אַליין, זאָגסטו, איז געווען און מיטן טאַטן אַן עצה זיך געהאַלטן?

ער האָט שוין מער קיין וואָרט נישט געהערט פון אירע מעשות. ווי אַ געניטער אויספאָרשער, וואָס קאָן אַרויסציען דעם וויכטיקסטן פונקט פון אַ נאַרישן עדות אין מבול שטותים, אַזוי האָט ער גיך אַרויסגעכאַפּט די וויכ־טיקע נייעס, און דער קאָפּ האָט געגומען אַרבעטן ביי אים.

ער האָט נישט גערעכנט, ווי דער טאַטע זיינער, וועגן הונצעס באַראָנען־טיטול, וואָס עס קאָן קאָסטן דער פירמע און וואָס עס קאָן אַריינברענגען. ער האָט אַנדערש גערעכנט. ער האָט געוואוסט, אַז הונצע איז שטאַרק הער־שעריש, לאָזט זיך פון קיינעם נישט איבעררעדן, האָט זיך זיינע סימפּאַטיעס צו זאַכן, מענטשן, און וויל פון קיין נייעסן נישט וויסן. אַזוי טאַקע האַלט ער פון פאָטער זיינעם און וויל אים נישט פאַרבייטן מיט קיין שום אַנדערן פאַרטרעטער, כאָטש מען ביט אים אָן ריזיקע סומען. אָבער שמחה מאיר האָט אויך געוואוסט, אַז הונצע איז אַלט, אַז ער וועט אייביק נישט לעבן און אַז עס איז אַ נאַרישקייט צו בויען אויף אַן אַלטן מאַן, וואָס אַ ליאַדע טאָג קאָן ער אַוועק פון דער וועלט און איבערלאָזן יורשים נאָך זיך, יונגע, היינט־וועל־טיקע. שמחה מאיר האָט פאַרשטאַנען, אַז אַלעמאָל דאַרף מען זיך האַלטן מיט די, וועמען עס געהערט די צוקונפט. זיין פאָטער פאַרשטייט עס נישט. ער בויט אַלץ אויף דעם אַלטן הונצע, ווי יענער וואָלט ערשט אָנגעהויבן לעבן. ער פּרובירט גאָרנישט אַפילו איינצופעדעמען אַ דרים ביי די צוקונפטיקע יורשים. פאַרקערט, ער טוט אַלץ, וואָס ער קאָן, אַבי זיך ביי זיי צו פאַר־פיינטן. אָט אַ שטייגער איצט האָט ער געגעבן הונצען אַן עצה נישט נאָכ־צוגעבן די זין און נישט אויסצוגעבן קיין פעניג אויף דעם באַראָן־טיטול, וואָס די זין חלשן אַזוי נאָך דעם. שמחה מאיר האָט געלאַכט דערפון.

ניין, ער פּאַסט זיך נישט אַריין, דער פאָטער, פאַרן נייעם לאָדזש. ער

איז גוט געווען פריער ווען אַלץ אין שטאָט איז געגאַנגען באַלעבאַטיש, גע־מיטלעך. פֿאַרן נייעם לאָדזש, דעם ראַשיקן, דעם וואַקסנדיקן, דעם מאָ־דערנעם, איז נישטאָ קיין פּלאַץ פֿאַר אָט דעם מין יידן, ווי דער פֿאָטער זיינער איז. ווי לאַנג נאָך דער אַלטער הונצע לעבט, וועט ער זיך האַלטן. אָבער הונצע וועט אייביק נישט לעבן. ער איז שוין אַלט, שטאַרק אַלט. די נייע יורשים וועלן גאָרנישט וועלן האָבן ביי זיך אַזאַ פֿאַרצייטיקן מענטש אַלס זייער גענעראַל־פֿאַרטרעטער. זיי וועלן אים גלייך אַרויסשטויסן און צונעמען אויף זיין אָרט אַ נייעם מענטש, אַ היינט־וועלטיקן, אַ געשיקטן. קיין בעלנים וועלן נישט פֿעלן. אין די טויזנטער וואַרט מען אויף דער פֿאַרטרעטערשאַפֿט. און עס וואָלט געווען אַ גרויס נאַרישקייט אַריינצולאָזן אַ פֿרעמדן, וואָס זאָל קומען צום גרייטן. עס דאַרף בלייבן אין דער משפּחה. וואָלט דער פֿאָטער עס פֿאַרשטאַנען, וואָלט ער אַליין אים געבעטן, שמחה מאירן, ער זאָל אַריינ־גיין אין געשעפֿט אַריין. וואָרעם דער פֿאָטער איז שוין, קיין עין הרע, אַ ייד אין די יאָרן. ער דאַרף שוין נישט אַזוי שווער אַרבעטן, ער האָט שוין נישט מער נישט דעם קאָפּ, נישט די כּוחות דערצו. אָבער דער פֿאָטער איז אַן עקשן, ווי אַלע עלטערע מענטשן. ער לאָזט אים נישט אַריין צו זיך, זעט אים נישט גערן אין געשעפֿט ביי זיך. און דעריבער מוז ער אַליין, שמחה מאיר, טראַכטן באַצייטנס דערפֿון, אַז דאָס געשעפֿט זאָל זיך נישט אַרויס־גליטשן פֿון די הענט אַרויס. אמת, ווי לאַנג דער אַלטער הונצע לעבט, קאָן ער אין דער פֿאַבריק נישט אַריינגעקומען. דער אַלטער האַלט שטאַרק פֿון אַלטע, לאָזט נישט קיין יונגע אויף די אויגן. אָבער מיט די זין זיינע דאַרף מען וואָס פֿריער שליסן באַקאַנטשאַפֿט, צוגרייטן אַ באָדן אויף שפּעטער.

שמחה מאיר האָט שוין נישט איינמאָל געטראַכט וועגן דעם, ווי אַזוי צוצוקומען צו הונצעס זין, צו ווערן פֿאַר זיי דער פֿאַרטרויאונגס־מאַן, ווי דער טאַטע זיינער איז ביי דעם אַלטן. אָבער עס איז אַלץ נישט געווען קיין וועג. זיי זענען זעלטן אין דער היים, די יונגע הונצעס, שלעפּן זיך שטענדיק אַרום איבער דער וועלט. דערצו האָבן זיי מיט מסחר גאָרנישט צו טאָן. און וואָס קאָן זיי אינטערעסירן אַ חסידיש לאָדזשער יונגערמאַנטשיקל? זיי וועלן גאָרנישט וועלן רעדן מיט אים. נישט איינמאָל פֿלעגט זיך שמחה מאיר דרייען גלאַט אַזוי אַרום דער פֿאַבריק־מויער, אַרום דעם פּאַלאַץ, וואו די יונגע הונצעס פֿלעגן זיין. איצט האָט ער געפּאַקט אַ געלעגנהייט. פֿון דער שוועסטערס רייד האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז די יונגע הונצעס גייט עס זייער שטאַרק אין לעבן צו מאַכן דעם אַלטן פֿאָטער פֿאַר אַ באַראָן, נאָך איידער ער שטאַרבט. אמת, דער אַלטער וויל דערויף קיין געלט נישט געבן. אויך זיין פֿאָטער האַלט, אַז ס'איז דערויף נישט ווערט קיין גראָשן אויסצוגעבן. אָבער שמחה מאיר האָט אַן אַנדער מיינונג וועגן דעם. ער האַלט, אַז מען דאַרף אַלץ טאָן, אַבי די יונגע הונצעס זאָלן ווערן באַראָנען. ער, שמחה מאיר, וועט זיי מאַכן פֿאַר באַראָנען, מעג עס דער אַלטער הונצע וועלן אָדער נישט! אַלץ וועט ער טאָן דערפֿאַר, לייען געלט, פֿאַרמשכּונען זיך, ס'העמד פֿון זיך פֿאַרקויפֿן,

אַבי שאַפן גענוג געלט פאַר די יונגע הונצעס. נישקשה, מען מעג זיי געטרויען, כאָטש דער פאָטער זייערער האָט פאַרבאָטן אין פאַבריק אַרויסצוגעבן זיי געלט אָן זיין אונטערשריפט. עס איז ווערט צו שטעלן אויף זיי אַ קאָרט. עס וועט זיך אָפּצאָלן. זאָל נאָר דער אַלטער צומאַכן אַן אויג און זיי זאָלן ווערן די באַלעבאַטים.

עטלעכע נעכט צייט כסדר איז שמחה מאיר נישט געשלאָפן רואיק. דער היציקער קאָפּ זיינער האָט געאַרבעט אויף די דריי פּוכיקע קישנס. ער איז אַזוי פאַרטאָן געווען, אַז ער האָט אַזש צו זיך אַליין גערעדט. דינהלע, זיין ווייב, האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און לאַנג באַטראַכט דעם מאַן אירן, ווי ער רעדט צו זיך אַליין, אָבער ער האָט איר בליק נישט באַמערקט. זיינע אָפּענע, גרויע אויגן האָבן גאָרנישט געזען, אויסער פול־אָנגעפּאַקטע לאַגערס מיט סחורות, אַ סך קונים, פולע קאַסעס געלט, און מער פון אַלץ רויטע ציגל־ווענט פון פאַבריקן, גערויש פון אַרבעט, רויך און קוימענס, אַ סך הויכע קוימענס.

דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט צום טיש און אין די אויסגעזוכט־סטע דייטשע ווערטער, וואָס ער האָט נאָך געדענקט פון די בריוונשטעלער, פון וועלכע גאָלדלוסט דער בוכהאַלטער האָט אים געלערנט דייטש, האָט ער צונויפגעשטעלט אַ בריוו צו הונצעס זין, אין וועלכן ער האָט פאָרגעלייגט צו לייען געלט, וויפל זיי ווילן, אויף אַ טערמין ווי לאַנג זיי ווילן, און אויף אַ פּראָצענט, וויפל נאָר זיי אַליין וועלן פעסטשטעלן. מיט דעם קונציקסטן כתב, מיט אַלע שפּיצעלעך אויף די גאָטישע בוכשטאַבן, האָט ער צענד־ליקער מאָל איבערגעשריבן דעם בריוו, און אונטערגעשריבן האָט ער זיך מיט זיין נאָמען און מיטן נאָמען פון פאָטער, דעם גענעראַל־פאַרטרעטער פון היינץ הונצע־מאַנופאַקטור.

נישט לייכט איז אים אָנגעקומען אויסצודריקן אין זיין וויניקן דייטש די אַלע שיינע און איידעלע אַבזיכטן, וואָס ער האָט אין זיין פאָרלייגן זיין געלט צו די האָכוואָלגעבאָרענע העררן. ער האָט געדאַרפט אין די קורצע ווערטער אַרויסברענגען, אַז זיי, די האָכוואָהלגעבאָרענע העררן, וועלן אים אַ גרויסע טובה טאָן, ווען זיי וועלן באַווייליקן צו נעמען ביי אים די סומע געלט, וואָס ער באַזיצט, ווייל קיין קוראַנטערן אָרט זעט ער נישט אין לאָדזש, וואו מען זאָל אַ גרויסע סומע קאָנען מיט אַ רואיק געוויסן אָפּגעבן. ער האָט געקאָנט געפינען אין לאָדזש אַ בעסערן דייטש־קענער פון זיך, שמחה מאיר, אָבער ער האָט קיינעם נישט געוואָלט אָנטרויען זיינע סודות. אַפילו זיין ווייב, וואָס האָט זייער גוט געקענט דייטש, האָט ער נישט געוואָלט געבן אויסצופאַרריכטן דעם בריוו זיינעם. שמחה מאיר האָט געוואוסט, אַז קאָרטן און געשעפטן האָבן נישט ליב, ווען מען קוקט אין זיי אַריין. מעגן עס זיין די נאָענטסטע מענטשן. אַ גאַנצן מעת־לעת האָט ער געוואַרט אין פיבער אויף אַן ענטפער פון פּאַלאַץ. ער איז אַזוי אומרואיק געווען, אַז ער האָט נישט געקאָנט איינזיצן אויף קיין אָרט. עס איז אים געווען ענג אין דער וועבעריי, אין

די רעסטאָראַנדלעך ביי די טישלעך, אין שטוב. ער האָט נישט אויפגע־הערט קוקן אויף דעם גאָלדענעם חתן־זייגער. ביי יעדן קלונג ביי דער טיר איז ער אויפגעשפּרונגען פון אָרט. און אַז ענדלעך איז מעלכיאָר, דער דינער, אין דעם גרינעם יעגער־קאָסטיום, געקומען און אים געבראַכט אַ קליין בריוועלע, איז ער אַזוי צעקאָכט געוואָרן, אַז ער האָט אים אַ גאַנצן פּאַפּירענעם רובל אַריינגעשטופּט אין האַנט, כאָטש ער האָט נאָך נישט גע־וואוסט, וואָס אין בריוול שטייט.

בלויז עטלעכע ווערטער האָבן די דייטשן געענטפערט אויף שמחה מאירס לאַנגן בריוו. אָן אַ טיטול, ווי עס איז אין דער געוואוינהייט, אָן הקדמות, זענען בלויז געציילטע ווערטער, ווי אין אַ טעלעגראַמע, געווען פונאַנדערגע־וואָרפן נאַכלעסיק איבער דער וויזיט־קאַרטע — קומען מאָרגן פיר אַזייגער אין פּאַלאַץ. — אָנשטאָט אַן אונטערשריפט איז געווען בלויז אַן אויסגעצוי־גענער בוכשטאַב מיט אַן עק. שמחה מאיר האָט דאָך נישט אויפגעהערט צו לייענען די עטלעכע ווערטער אָבער־אַמאָל און ווידער־אַמאָל.

דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט ער גענומען אַ שפּיגעלע אין האַנט אַריין און פאַרריכט זיין בערדל. צוערשט האָט ער עס שטאַרק אַרונטערגעבויגן אונטער דעם קין, עס זאָל זיך נישט אַזוי שטאַרק אויסזען. אָבער עס האָט זיך נישט געלאָזט אַרונטערבויגן. האָט ער אויסגעזוכט אַ שערל און גע־נומען עס פאַרגלייכן. דער ערשטער שניט האָט אים געשראָקן, די הענט האָבן אים געציטערט, ווי ער וואָלט אַריינשניידן אין פלייש אַריין. באַלד האָט ער זיך צוגעוואוינט און געשניטן דרייסטער. וואָס מער ער האָט געוואָלט פאַרגלייכן, אַלץ מער האָט זיך דאָס בערדל אויסגעקרימט אַזוי, אַז ער האָט ווייטער געמוזט גלייכן. נאָך שטאַרקער האָט ער אַרומגעשניטן די קליינע פּאהלעך. קיין סימן פון זיי נישט איבערגעלאָזט. דערנאָך האָט ער לאַנג געפּוצט די שטיוול, אַרויסגענומען די הויזן פון די כאַליעוועס און זיי אַרי־בערגעוואָרפן איבער די שטיוול, עס זאָל אויסזען ווי ער טראָגט שיך, דייטש־מעריש. ער האָט זיי גוט געצויגן, די הויזן, זיי זאָלן זיך אויסקנייטשן פון שטענדיקן זיצן אין כאַליעוועס. שטיל, אין אַ זייטיק געסל, האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ קראָם און געקויפט זיך אַ שטייף קעלנערל מיט אַ שוואַרץ שניפּסל, וואָס זעט אויס ווי אַ פליענדיק שוועלבעלע. געגנוג גע־שוויצט האָט ער, ביז ער האָט געקאָנט פאַרשפּיליען דעם שטייפן קראַגן מיט דעם שניפּסל, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט האַלטן אויף זיין חסידישן האַלדז. די קורצסטע געהאַקטע קאַפּאטע, וואָס ער האָט נישט געקאָנט טראָגן צוליב דער אויסגעוואוקסנקייט, האָט ער אַרויפגעצויגן אויף זיך. אַ סאַמעטן וועסטל מיט רויטע שפּרענקעלעך, פאַרוואָרפן מיט דער גראָבער גילדענער קייט פון זיין חתן־זייגער, האָט באַצירט זיין ברוסט. מיט אַ זילבערנעם ציגאַר־טאַש אין דער קעשענע און מיט אַ שוואַרץ דין שטעקעלע מיט אַ זילבערנעם קאָפּ אין דער האַנט, האָט ער זיך אַריינגעזעצט אין אַ פאַרמאַכטער דראָשקע, קיינער זאָל נישט זען סיי זיין הילוך, סיי זיין וועג. האָצקענדיק זיך איבער

די שלעכט־געפּלאַסטערטע און גריבערדיקע לאָדזשער גאַסן, איז ער מיט אומרואיקייט און מיט האָפענונג גלייכצייטיק, געפאָרן צו הונצעס פּאַלאַץ.

— זאָל זיין די בויד אַראָפּגעלאָזט, — האָט ער געזאָגט צום קוטשער, וואָס האָט געוואָלט אויפהויבן די פאַרבלאָטיקטע בויד.

לאָדזש האָט געקאָכט, גערודערט, מענטשן האָבן זיך געשטויסן אויף די טראָטואַרן; באַלעגאָלעס האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט בייטשן און מיט קללות, וואָס מען מאַכט נישט פריי דעם וועג; ווייבער האָבן געקלאָגט נאָך אַ לויה; מיליטערישע מוזיק האָט געשפּילט. שמחה מאיר האָט קיין זאַך נישט געזען און געהערט.

— גיך, וועסט קריגן אַ ביר־געלט, — האָט ער געמונטערט מיטן שפּיץ שטעקעלע אין דער בלויער קוטשערישער פּלייצע. — לעבעדיקער פאָרן!...

## קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

די יונגע הונצעס זענען נאָר־וואָס אויפגעשטאַנען פון שלאָף, נאָך נישט פאַרטיק געווען אינגאַנצן מיט זייער טואַלעט, ווען שמחה מאיר איז פּונקט צו דער רגע, פיר אַזייגער, געקומען אין פּאַלאַץ.

—וואַרטן! — האָט דער לאַקיי ביי דער טיר מער באַפוילן ווי געבעטן, קוקנדיק פון אויבן אַראָפּ אויף דעם יונגנמאַנטשיקל, וואָס שוין פאַר דער טיר האָט ער אַראָפּגעצויגן דאָס היטל פון קאָפּ און געקוקט מיט פאַרבלאָנ־דזשעטע בליקן, אַ פאַרלוירענער.

זיי האָבן אַ גאַנצע נאַכט פריער געהוליעט, די יונגע הונצעס, ביז פאַר־טאָג געטרונקען, און זיי זענען איצט געווען שלעכט אויסגעשלאָפן, געפּילט אַ ברענונג אויף די הערצער פון פיל ווייַן און שנאַפּס. די קעפּ זענען זיי געווען לער. נאָך לערער זענען ביי זיי געווען די קעשענעס נאָך די קאָרטן.

עס איז זיי זייער נישט גוט געגאַנגען, די יונגע הונצעס, אין דער נעכ־טיקער הוליאַנקע, גאָרנישט מזלדיק. צוערשט האָבן זיי געהאַט אַ דורכפאַל אין ליבע. זייט עטלעכע וואָכן איז אין קאַבאַרעט „רענעסאַנס" אַרויסגעטראָטן אַ יונגע אונגאַרישע טענצערין, וואָס האָט לאָדזש גענומען מיט שטורעם. סוחרים, פאַבריקאַנטן, אָפיצירן, באַאמטע, פאַבריק־אינזשענירן און אַפילו וואָיאַזשאָרן און האַנדלס־אָנגעשטעלטע האָבן אויסגעפילט נאַכט ביי נאַכט דעם קאַבאַרעט און מיט הילכיקע קולות און טומלדיקע אָוואַציעס געשטורעמט דעם זאַל, ווען די טענצערין האָט זיך באַוויזן.

גלייך אין די ערשטע טעג פון אירע אויפטריטן, האָבן לאָדזשער לעבּ־יונגען גענומען שיקן איר מתנות און איינגעלאַדן אויף ווייַן צום טיש, כדי זי צו געווינען איידער אַנדערע וועלן זי אויסכאַפּן. די מתנות און בלומען האָט די טענצערין אָנגענומען. אָבער צוזעצן זיך צו אַ טיש צו אימעצן האָט זי נישט געוואָלט. נאָך ווייניקער האָט זי צוגעלאָזט צו זיך

אין קליינעם גאַרדעראָב־צימערל, וואוהין יונג און אַלט האָבן זיך געריסן. אַן עלטערע דאַמע מיט נאָך זייער גלאַנציקע אויגן און נאָך גלאַנצנדיקערע ברילִיאַנטן, האָט שטרענג געהאַלטן וואַך ביי דער טיר און זייער העפלעך, אָבער זייער פעסט, אָפּגעטריבן אַלעמען.

אין אַ געמיש פון אונגאַריש, דייטש, פראַנצויזיש און רוסיש, האָט זי געבעטן נישט שטערן דער טאָכטער אירער.

— נאָ, נאָ, — האָט זי פאַרהאַלטן מיט די הענט, — מען קאָן נישט. מיין טאָכטער טוט זיך איבער. נישט אַריינגיין!...

טאָמער האָבן די היציקע יונגעלייט זיך שטאַרק איינגעשפּאַרט, האָט זי אַרויסגערופן אַ שוואַרצן דינעם קרענקלעכן יונגנמאַן, וואָס האָט פּונקט אַזוי ווי די דאַמע גערעדט אין עטלעכע שפּראַכן מיטאַממאָל. אָט דער קרענקלעכער יונגערמאַן, אויסגעפּוצט שטענדיק ווי צו דער חופּה, אין אַ פראַק און אין ווייסע וועש, האָט מיט אַ דינער שוואַכער און געהיימניספולער שטים, פאַרבויגנדיק זיך טיף, געבעטן זיך פונאַנדערגיין.

— מאָסיע, — האָט ער שטיל גערעדט, — מיין פרוי בעט זי לאָזן צורו. זי איז מיד פון טאַנצן, און באַלד האָט זי ווידער אַן אויפטריט...

די שטילע רייד פון קרענקלעך־שוואַרצן יונגנמאַן האָבן זייער געווירקט אויף די אָנגרייפנדיקע מענער. זיי זענען געהאָרכזאַם אַוועק פון דער טיר, אָבער דאָס האָט נאָך מער אָנגעצונדן אַ פייער פון ליבע און לוסט צו דער יונגער טענצערין, וואָס טאַנצט אַזוי פאַרפירעריש, צינדט אָן די בלוטן און לאָזט נישט צו צו זיך, לאָדזש איז צו אַזעלכע טענצערינס נישט געוואוינט געווען.

אַז די קליינע פיש מיט זייערע קליינע מתנות האָבן קיין דערפאָלג נישט געהאַט, האָבן די לאָדזשער גרויסע העכט, די רייכע פאַבריקאַנטישע זין, פּרובירט גליק מיט גרויסע מתנות, מיט בריליאַנטן און פּערל. די טענצערין האָט די מתנות אין די אַטלעסענע שעכטלעך אָנגענומען, אָבער די בייגעלייגטע וויזיט־קאַרטלעך און די איינלאַדונגען צו עסן אָוונט־ברויט צוזאַמען האָט זי אָפּגעוואָרפן. גלייך נאָך איר אַרויסטריט, האָט זי זיך אָנגעטאָן זייער באַשיידן, און אין דער באַגלייטונג פון דער עלטערער דאַמע אין איין זייט און פון דעם קרענקלעכן אויסגעפּוצטן יונגנמאַן אין דער צווייטער זייט, איז זי אַוועק צו זיך אין האָטעל אויף פּיעטרקאָווער גאַס.

— אוממעגלעך, ס'וועט נישט גיין, — האָט דער קאַבאַרעט־דירעקטאָר אָפּגעזאָגט די פאַרליבטע פאַבריקאַנטישע זינדלעך וואָס זענען געקומען צו אים בעטן פּראָטעקציע ביי דער טענצערין. — זי רירט זיך נישט אָן דער מוטער און אָן דעם מאַן. איך וואָלט אַלץ געטאָן פאַר מיינע געסט, נאָר ס'גייט נישט.

— אויסגעשלאָסן, מיינע געערטע הערן, — האָט דער מעטר ד'האָטעל אין גרינעם פראַק אַוועקגעמאַכט טראַגיש מיט די הענט. — זיי האָבן פאַראָרדנט

קיינעם נישט אַריינצולאָזן. זיי גייען גלייך שלאָפן, ווי זיי קומען אַהיים, פירן זיך זייער לייטיש, גאָרנישט ווי קאָמעדיאַנטן...

די לאָדזשער גאָלדענע יוגנט איז געווען אויסער זיך. אין לאָדזש זע־נען קיין סודות נישט געווען. מען האָט געוואוסט גענוי, וויפל וועמען עס האָט געקאָסט יעדע מתנה, וואָס מען האָט אַריינגעשיקט צו דער טענצערין, פונקט ווי מען האָט געוואוסט גענוי דעם אָפּשניט, וואָס מען האָט פון דער מתנה־אָננעמערין געכאַפּט. איינער דעם אַנדערן האָט גערייצט, אויסגעלאַכט. פאַבריקאַנטן האָבן פאַרלאָזט זייערע געשעפטן, מענער זייערע היימען. נאָכט נאָך נאָכט איז מען געזעסן אין „רענעסאַנס", געטרונקען, אַפּלאָדירט, גע־שיקט בלומען, נאָר גאָרנישט איז דערפון אַרויסגעקומען.

— אַ הייליקע, — האָבן דייטשן געזאָגט. — אַ נאָנע...

— אַ רביצין, — האָבן יידן געחוזקט.

באַלד האָבן אָנגעהויבן אַרומגיין לעגענדעס וועגן דער טענצערקע. גויים האָבן געהאַלטן, אַז זי איז אַן אונגאַרישע גרעפין, וואָס איז אַנטלאָפן פון דער היים צוליב איר ליבע צו אַט טאַקע דעם קרענקלעכן יונגנמאַן, וואָס דער פאָטער אירער, דער גראַף, האָט נישט געוואָלט קענען. די עלטערע דאַמע איז טאַקע דעם יונגנמאַנס מוטער, וואָס רופט איר שנור „טאָכטער". יידן האָבן אויסגעפונען, אַז זי איז גאָר אַ רבישע טאָכטער פון גאַליציע, וואָס איז אַנטלאָפן פון דער היים צוליב דעם אונגאַרישן געליבטן אירן, וועלכער האָט זי געמאַכט פאַר אַ טענצערין. אַפּיקורסים האָבן געפונען, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ באַנדע שווינדלער, וואָס פאַרשטעלן זיך פאַר אייגענע, שפּילן אין צניעות, כדי אַריינצונאַרן יאָלדן און אַרויסציען ביי זיי די פּאָר רובל. לאָדזש איז נישט געווען רואיק. אומעטום האָט מען פון איר גע־רעדט. לאָדזשער ווייבער זענען געווען באַליידיקט, אינטריגירט. גיין אין קאָבאַרעט האָבן זיי נישט געקאָנט. אָנשטענדיקע ווייבער האָבן זיך נישט נאָר אין קיין קאָבאַרעט, נאָר אַפילו נישט אין קיין רעסטאָראַן און אין קיין קאָפע געוויזן. האָבן זיי געשפּאַצירט שעהן לאַנג איבער דער פּיעטראָקאָווער גאַס, כדי צו זען די, וועגן וועלכער די מענער רעדן אַזויפיל, און זען אין וואָס עס ליגט איר רייץ.

ענדלעך זענען די לעגענדעס וועגן דער טענצערין אַריבער ביז צו די הונצעס אין פּאַלאַץ אַריין. געבראַכט זיי האָט דער שווייצאַרישער כעמיקער פון הונצעס פאַבריק, דער איינציקער, מיט וועמען די טענצערין פלעגט זיך אויסטענהן, כדי צו איבן זיך אין פראַנצויזיש. און גלייך האָבן זיך ביי אַלע ברידער אָנגעצונדן די בלאָנדע פול־בלוטיקע קעפּ.

— קוואַטש, — האָבן זיי געזאָגט. — ביי אונדז וועט זי שוין גיין... אָהאָ !...

זיי האָבן נישט געהאַט בדעה צו קאָנקורירן מיט דער לאָדזשער גאָל־דענער יוגנט. עס איז זיי נישט אָנגעשטאַנען צוזיפצוקומען זיך מיט אָט די אַלע סוחרימלעך, וואַיאַזשאָרן און משרתים אין קאָבאַרעט. זיי האָבן אָנ־געזאָגט, מען זאָל קיינעם נישט אַריינלאָזן, און בלויז אַ געקליבענעם עולם

איינגעלאַדן אויף אָוונט־ברויט אין „רענעסאַנס", עטלעכע רוסישע העכערע אָפיצירן, עטלעכע געצײלטע רייכע פאַבריקאַנטישע זין, אַ פּאָר פּוילישע אַדעל־לייט פון די נאָענטסטע גיטער און דעם פראַנצויז, דעם כעמיקער פון פּאָ־טערס פאַבריק, וואָס האָט זיי פון דער טענצערין דערציילט. יעדער פון די ברידער האָט גלייך בסוד פאַר די אַנדערע ברידער אָנגעגרייט זיך אַ היפּשע מתנה, אַן עטלעכע־קאַראַטיקן בריליאַנט, כדי צו געבן אים דער טענצערין, ווען ער וועט זי די אַנדערע פון אונטער דער נאָז אַרויסכנעמען אין צוגעגרייטן קאַבינעט.

דער אָוונט איז געווען אַ פריילעכער, אַ לוסטיקער. דער דירעקטאָר אַליין איז געשטאַנען פאַר דער טיר און נישט אַריינגעלאָזט קיינעם אין קאַבאַרעט. די קעלנער אין די פאַבריקן האָבן וואונדערבאַרע עסנס דערלאַנגט, די טייער־סטע ווײַנען. די טענצערין האָט ווי אַ שלאַנג זיך געדרייט אין אירע לײַדנ־שאַפּטלעכע טענץ, פאַרפּירערישע אויגן געוואָרפן, געגרייצט, געלאָקט מיט יעדער גליד פון איר געטאָקטן קערפּער. דערביי האָט זי דאָס מאָל געמאַכט אַן אויסנאַם און אָנגענומען די איינלאַדונג פון די הונצעס צו עסן מיט זיי אָוונט־ברויט צוזאַמען. אָבער ווי גיך עס האָט זיך אָנגעהויבן, אַזוי גיך האָט עס זיך פאַרענדיקט. זייער מיאוס פאַרענדיקט פאַר די דריי ברידער.

ווי אמתע דײַטשן, וואָס ווייסן מער אין געוואַלט ווי אין פּאָליטיק, האָבן די דריי ברידער זייער גראָב אָנגעהויבן קעמפן צווישן זיך וועגן עראָבערן די, וואָס האָט גאַנץ לאָדזש אָפּגעזאָגט.

— הונדערט רובל פאַר דעם ערשטן קוש, — האָט איין הונצע אָנגעבאָטן.

— צוויי הונדערט ! — האָט אים דער צווייטער הונצע אויסגעדונגען.

— דריי הונדערט ! — האָט דער דריטער אָפּגעשלאָגן ביידע ערשטע.

די טענצערין האָט געשמייכלט. איר מאַן, דער קרענקלעכער און אויס־געפּוצטער, איז געזעסן אַ שווייגנדיקער און אַ פינצטערער.

אַז די טענצערין האָט די אָנגעבאָטענע סומען נישט אָנגענומען, זענען די הונצעס נאָך מער צעקאָכט געוואָרן.

— שאו מאָל, קליינע, — האָט איין ברודער געזאָגט אַ בליץ־געבנדיק מיט אַ בריליאַנטן פינגערל, — ווען דו ווירסט אײַן נעטעס מעדעל זיין, דאָ בעקאָמסט דו עס.

— ניין, צו מיר, — האָט דער אַנדערער איבערגעשלאָגן, ווייזנדיק אַ גרינעם איידל־שטיין אויף אַ שוואַרצן פּאָן.

— דאָס איז אַלעס יוקס קעגן מיין פּערל, — האָט דער דריטער קאָנקורירט, און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט ער גענומען אָנטאָן דעם פּערל אויף דער טענצערינס האַלדז, פאַרקריכנדיק איר מיט דער האַריקער האַנט אין דעקאָלט.

— מאָסיע, האַלטן זיך אַרטיק ! — האָט דער קרענקלעכער אויסגעפּוצ־טער יונגערמאַן, געזאָגט, אויפשטעלנדיק זיך פון דער שטול.

— אַך, נאָך הונדערט רובל דערצו! — האָט דער צעקאָכטער הונצע געענטפערט לאַכנדיק.

— מאָסיע, די מינוט זאָלט איר זיך אַנטשולדיקן! — האָט דער קרענק־לעכער יונגערמאַן באַפוילן, קוקנדיק מיט שטאַרע אויגן.

— ווען עס איז ווייניק, גיב איך צוויי הונדערט, פינף הונדערט! — האָט דער לאַכנדיקער דייטש געענטפערט און נאָך פעסטער צוגעצויגן די טענצערין צו זיך.

דאָ האָט דער קרענקלעכער יונגערמאַן זיך אויסגעצויגן, געוואָרן טאָפּלט גרויס און ביינערדיק און דעם לאַכנדיקן דייטש אַזאַ פּאַטש געגעבן, אַז די גלעזער ווייַן אויפן טיש האָבן גענומען טאַנצן.

די הונצעס זענען אַ ווײַלע געבליבן זיצן מיט אָפענע מיילער. דאָס ערשטע מאָל, ווי אימעצער האָט אויף איינעם פון זיי אויפגעהויבן אַ האַנט, און נאָך דערצו אַזאַ איינער, אַ מאַן פון אַ קאַבאַרעט־טענצערין. נאָך עטלעכע סע־קונדן צעטומלטקייט, האָבן זיי זיך אַלע גלייך אַ ריס געטאָן פון די ערטער, כדי דעם פאַרשווין צו צעטרעטן, אָבער שוין איז יענער, צוזאַמען מיט זיין ווייב און דער עלטערער דאַמע, געהאַט אַרויס פון קאַבאַרעט. נאָך זיי איז נאָכגעלאָפן דער דירעקטאָר, מאַכנדיק פאַרצווייפלט מיט די הענט.

פאַר כעס האָט דער געשלאָגענער הונצע צעבראָכן אַלע גלעזער פון טיש, אויסגעהאַקט מיט אַ פלאַש דעם גרעסטן שפיגל און באַגאָסן דעם דירעקטאָרס ווייסן גאָרס פון העמד מיט דעם ערשטן בעסטן גלאָז ווייַן, וואָס איז אים געשטאַנען אונטער דער האַנט.

— מער וועט מיין פוס אין דעם חזיר־שטאַל נישט איבערטרעטן, — האָט ער געשריגן און געוואָרפן באַנקנאָטן אויף דער ערד דעם פאַרנויגנדיקן דירעקטאָר.

כדי צו פאַרטרייבן די שטימונג, האָבן די אָפיצירן גענומען די מיליטאָ־נערישע זין אויף אַ שפּאַציר הינטער דער שטאָט, צום לאַגער אַרויס. דאָרטן האָט מען אַ סך געטרונקען, געגאָסן אין זיך אָן אַ שיעור און פאַרביסן מיט קאָרטן.

— ווער עס האָט מיסערפאָלג אין ליבע, האָט מזל אין קאָרטן, — האָבן די אָפיצירן געשפּאַסט.

די הונצעס האָבן געשפּילט ווילד, געוואָרפן מיט געלט; אָבער קיין מזל צו קאָרטן האָבן זיי נישט געהאַט, נאָך ווייניקער ווי צו ליבע פריער. די אָפיצירן האָבן כסדר געוואונען.

פאַרטאָג האָט מען די הונצעס, צעדרייטע, באַזויפענע, אָפּגעפירט אַהיים. אין די פראַקן און אין שטיפע ווייסע זענען זיי אויף די טעפּיכער אַנידערגע־פאַלן און אַנטשלאָפן געוואָרן. אויפגעכאַפּט האָבן זיי זיך ערשט צו מיטאָג, בייזע, אויפגערעגטע, פול מיט קאַצניאָמער נאָך די נעכטיקע מיסערפאָלגן. זיי האָבן געשאָלטן, געזידלט, געשלאָגן די לאַקייען, וואָס האָבן זיך איבער־

געטאָן. זיי האָבן געדענקט אָן דעם פּאַטש, געטראַכט מיט ביטערניש וועגן דעם, ווי גאַנץ לאָדזש וועט שוין איצט וויסן וועגן זייער מפּלה. דערצו האָבן זיי אויך געדענקט איצט, ווי מיאוס זיי האָבן זיך פאַרשפּילט. שיינע טויזנטער רובל האָבן זיי געדאַרפט צאָלן, און וואָס גיכער. די אָפּיצירן האָבן אַ ליאַדע טאָג געדאַרפט אַוועק מיטן לאַגער און מען האָט זיי געמוזט אָפּצאָלן דעם קאָרטן־חוב וואָס גיכער. ביים פּאָטער איז געווען שווער צו מאָנען. זיי זענען מיט אים געווען ברוגז אַ היפּשע צייט, אַלץ צוליב דעם באַראָן־טיטול, אויף וואָס ער האָט נישט געוואָלט געבן קיין צעבראָכענעם פעניג.

אין אָט דער צייט איז דאָס אָנגעקומען שמחה מאיר אין פּאַלאַץ, אַ פּאַררויטלטער, אַ צעטומלטער פון דער אַרומיקער רייכקייט און פּריציש־קייט, אַ פאַרלאָרענער און דאָך אַ האָפערדיקער, פול מיט גלויבן אין זיך און אין דער שטאָט לאָדזש.

אין דער ערשטער מינוט, אַז דער אויסגעפּוצטער דינער האָט זיי איבערגעגעבן וועגן דעם קאַפּטאַן־ייִד, וואָס וואַרט ביי די טרעפּ, האָבן הונצעס זין נישט געדענקט גאָר, אַז זיי האָבן אימעצן באַשטעלט אויף אָט דער שעה.

— שמייסע איהן הערויס, דען שווייַנען־יוד! — האָבן זיי באַפוילן.

אָבער דער אויסגעפּוצטער דינער, וואָס האָט שוין באַצייטנס געקריגן אַ טרינק־געלט פון שמחה מאירן, האָט זייער פאָרזיכטיק גענומען דערציילן די הערן, ווער דער ייִד איז און אַז זיי, די הערן אַליין, האָבן אים באַשטעלט. האָבן זיך די הונצעס ערשט דערמאָנט אין דעם בריוו און אים געהייסן אַריינפירן.

אויפגענומען האָבן די הונצעס שמחה מאירן אין באַסיין, באָדנדיק זיך אין קאַלטן וואַסער נאָך דער מידער נאַכט. שמחה מאיר האָט זיך זייער זייטיק אַריינגעשלייכט איבער די פיל צימערן, קוקנדיק מיט פאָרזיכטיקע בליקן אויף דעם ריזיקן וואָלף־הונט, וואָס האָט אים כסדר באַגלייט און מיט ווייניק צוטרוי געשמעקט צו זיין פאַרקירצטער קאַפּאָטע, וואָס איז פאַר אים, דעם הונט, נאָך אַלץ צו־לאַנג געווען.

— גוט מאָרגן, גערערטע הערן, — האָט שמחה מאיר זיך געגריסט און פאַרנויגט פאַר די דריי נאַקעטע פאַרשוינען, וואָס דינער האָבן זיי געגאָסן וואַסער אויף די קעפּ. קיינער האָט אים נישט געענטפערט. שמחה מאיר האָט זייער נישט דרייסט און פאַרשעמט געקוקט אויף די צעוואַקסענע נאַקעטע קערפּערס פון די גויים, וואָס האָבן גאָר קיין בושה נישט, און ער האָט געדרייט דאָס היטל אין דער האַנט. ער האָט גאָרנישט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט דעם היטל זיינעם. אַז די נאַקעטע פאַרשוינען האָבן זיך געלאָזט איינ־הילן אין די באָד־ליילעכער פון די דינער, האָבן זיי באַטראַכט דעם יונגנ־מאַנטשיק אין דער קאַפּאָטע מיט בייזע אויגן.

— זי, — האָט דער עלטסטער געזאָגט צום פרעמדן, — דאָס זענט איר אַ זון פון דעם אַלטן אַשקענאַזי, אונדזער פּאָטערס הויף־ייִד?

— יאָ, — האָט שמחה מאיר געענטפערט, — מיין פאָטער איז גענעראַל־פאַרטרעטער פון דער פאַבריק.

— און איר ווילט אונדזער הויף־ייִד זיין? האַ?...

— איך וויל מיין געלט לאָקירן ביי די הערן, — האָט שמחה מאיר געענטפערט.

— פאַרמאָגט איר פיל?

— וויפל די הערן וועלן ווינטשן, — האָט שמחה מאיר אָנגעבאָטן.

— אַ, — האָבן אַלע מיטאַמאָל אַרויסגעזאָגט.

דער עלטסטער הונצע האָט אַרויפגעוואָרפן אין דער הויך מיט אַ שאָקל אַלע זיינע בלאָנדע שקאָצישע האָר און אָפּגעטרייסלט זיך פון וואַסער, ווי אַ הונט נאָך אַ באָד.

— אָבער מיר ווייסן נישט, ווען מיר וועלן קאָנען צאָלן.

— איך קאָן וואַרטן, — האָט שמחה מאיר געענטפערט.

— אונדזער פאָטער דאַרף דערפון נישט וויסן.

— איך קאָן האַלטן אַ סוד, — האָט שמחה־מאיר געזאָגט.

— מיר רעכענען נישט צו קאָנען צאָלן פריער, ביז דער אַלטער וועט שטאַרבן. מיר קאָנען נישט וויסן, ווי לאַנג ער וועט לעבן.

— איך האָב געדולד, — האָט שמחה מאיר געענטפערט.

— מיר דאַרפן איצט פיל געלט, שוין באַלד דאַרפן מיר עטלעכע צענדליק טויזנט רובל. שפּעטער וועלן מיר דאַרפן נאָך.

— איך בין שטענדיק גרייט צו דינען די הערן, — האָט שמחה מאיר געענטפערט דרייסט, כאָטש ער האָט גאָר אַליין נישט געוואוסט, וואו ער וועט נעמען אַזויפיל געלט, — איך וועל נאָר בעטן די הערן מיר צו געבן פריער אַ טערמין פון אַ וואָך צייט...

— דאָס גייט, — האָט דער האַלב־נאַקעטער דייטש געזאָגט, מאַכנדיק גימנאַסטיק מיט די הענט, — אָבער איצט דאַרפן מיר שוין געלט, נאָך מאָרגן. אַדיע!

שמחה מאיר איז אַרויס אַ צעטומלטער, אַ דערדריקטער פון דייטשס אויפנאַמע, אָבער צוזאַמען דערמיט אַ זיכערער און אַ צופרידענער. דער לאָך אין דער פעסטונג איז געווען געמאַכט. אמת, דערווייל קומט נאָך אויס קריכן דורך דעם לאָך אויף אַלע פיר, אָבער דאָס איז אַלעמאָל אַזוי פון אָנהויב, האָט שמחה מאיר געוואוסט. יעדער אָנהויב איז שווער, זאָגן די חכמים, אָבער קלוג איז דער, וואָס זעט ווייטער, וואָס זעט דאָס, וואָס דאַרף שפּעטער קומען. און אַז עס וועט שפּעטער קומען עפּעס אַנדערש, איז שמחה מאיר זיכער געווען. קיינמאָל נאָך האָט ער נישט געפילט אַזויפיל קראַפט אין די הענט, אַזויפיל זיכערקייט און גלויבן אין זיך, ווי איצט, גייענדיק אויף דער ברייטער הינטערשטאָטישער פאַרשטויבטער גאַס, לענגאויס דעם רויטן פאַבריק־פאַרקאַן פון היינץ־הונצע. קיינמאָל זענען נאָך אים נישט געווען אַזוי נאָענט די הויכע אַרויסשטאַרטשענדיקע קוימענס, וואָס שוואַרצן

דעם הימל. עטלעכע אַרבעטער זענען פאַרביי און אים פאַרטשעפּעט, בילנדיק ווי הינט.

— מאָישע, ניע באָיטשע, — האָבן זיי געלאַכט, — איי וויי !

נאָר שמחה מאיר האָט זיי נישט געהערט. דער קאָפּ זיינער איז געווען הויך, אָנגעשפּאַרט העט, העט, ביי די שפּיץ הויכע פאַבריק־קוימענס.

מיט דער זעלבער שנעלקייט און אייפער, ווי ער איז אַריין באַלד נאָך דער חתונה זיינער אין דעם שווערס וועבעריי, איז ער איצט אַרויס דערפון. ער האָט נישט אויסגעוואַרט אויף קיין בעסערע באַדינגונגען ביים פאַרקויפן, ער האָט אַרונטערגעלאָזט אונטער דעם פּרייז, אַבי קריגן געלט וואָס פריער און צושטעלן עס צו די הונצעס צום טערמין. ער האָט געליען געלט אויף העכערע פּראָצענטער, פאַרזעצט זיך, פאַרשאַכטערט, און טויזנטער נאָך טויזנטער צונויפגעשטעלט. ער איז אויך פּלוצלונג געוואָרן גאָר נאָענט מיט די יונגע־לייטלעך, די קעסט־איידעמלעך אין חסידים־שטיבל, וואָס ער האָט אַ צייט נישט געוואָלט קענען, און איינגערעדט זיי איינצולייגן ביי אים זייערע נדבנס, פאַרוואָס זיי וועלן ווערן גוטע שותּפים צו זיינע געשעפטן, וואָס ער דאַרף מאַכן, און אַ סך געלט פאַרדינען. פּונקט אַזוי האָט ער גענומען זיך חברן פּלוצלונג מיט זיינע שוואָגערס, די מאַנען פון זיינע אויסגעגעבענע שוועסטער, די קעסט־קינדער, וועלכע ער פלעגט פריער קיינמאָל פאַר די אויגן נישט אָנקוקן. מיט די קונציקסטע ווערטער, מיט אַ סך זיסע ריידעלעך, וואָס האָניק טריפט פון זיי און זיי לייגן זיך מחיהדיק אויפן האַרץ, דרינגען אַריין און דערוועקן אַ לוסט צו פאַרדינסטן, גליקן, האָט ער איבערגערעדט די חסידישע שוואָגערס זיינע און די שוועסטער, זיי זאָלן זייערע נדן־געלטער אַריינלייגן צו אים אין די מסחרים אַריין.

— איך קאָן נאָך נישט זאָגן דערווייל וואָסער געשעפט דאָס איז — האָט ער איינגערוימט, — ס'איז אַ סוד, נאָר איך זאָג אייך צו, אַז מ'וועט, מיט גאָטס הילף, שיין פאַרדינען, אַ פעטן ביין אָפּלעקן. איך וועל מיין אייגן בלוט און פלייש קיין עוולות, חלילה, נישט טאָן.

און אַז עס איז נאָך אַלץ געווען ווייניק, האָט ער גאָר גענומען דעם שירעם און דעם פּאָרטפעל, ווי שטענדיק, ווען ער האָט אַ וויכטיקע זאַך דורכצופירן, און אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע צו יעקב בנומען אַ ביסל.

צוויי טעג האָט שמחה מאיר געפּרעגלט זיך אין אייגענער זיסקייט אין ברודערס רייכער דירה ביי ר׳ קלמן אייזן אין הויז. ער האָט אַזויפיל בריהשקייט און חכמה אַרויסגעבראַכט, אַז אַלע, פון זיין אייגענער שוועגערין ביז אַלע זין ר׳ קלמנס, די גרויסהאַלטער און מרוקעס, האָבן פון אים געלעקט די פינגער.

— אַן עילוישער קאָפּ, — האָט מען וועגן אים געזאָגט, — תורה און סחורה צוזאַמען.

אַפילו דעם ברודערס שווער, וואָס האָט מורא פאַר אַלעמען און גייט זיך זיין וועג, האָט זיך פאַרשטאַנען אויף זיין איידעמס ברודערס מעלות.

— מילא, יאָך בין דאָך נישט קיין בר־דעת, — האָט ער ווי שטענדיק וועגן זיך געזאָגט, — נאָר יאָך גיי אויס פאַר דעם שמחה מאירן.

ער האָט געהאַט אַ כוח, דער שמחה מאיר. פונקט ווי ער האָט געקאָנט אַרומגיין אָן אָפּגעזונדערטער און נישט דערקענען קיין מענטשן, ווען ער דאַרף אים נישט, אַזוי האָט ער געקאָנט פּלוצלונג ווערן ווייך, זיס, צוגעלייגט, האַרציק און האָניקדיק, ווען ער האָט צו אימעצן געדאַרפט. ער האָט אַ שטיין געקאָנט איבעררעדן, ווען ער האָט זיך פאַרלייגט אויף עפּעס. עס האָט אים קיינמאָל נישט אויסגעפעלט נישט קיין קלוג וואָרט פון די חכמים, נישט קיין פאָלקס־ווערטל, נישט קיין שכלדיקע, איבערצייגנדיקע הבטחות, וואָס דרינגען אַריין אין מענטשלעכע הערצער. גיכער ווי ביי וועמען־עס־איז, האָט מען געקאָנט עפּעס פועלן ביי יעקב־בונמען. ער האָט גלייך פאַר־געסן אָן אַלע עוולות, אָן אַלע טענות צום ברודער. אַ פריילעכער, אַ לוסטי־קער, וואָס האָט ליב אַליין הנאה האָבן און אַז אַנדערע זאָלן הנאה האָבן, וואָס קאָן נישט פאַרטראָגן קיין ברוגז, קאָן נישט האַלטן לאַנג קיין תרעומות, איז ער צום ברודער באַלד צוגעזאָטן געוואָרן און אים געגעבן געלט פאַר זיינע געשעפטן, וויפל נאָר ער האָט ביי אים געבעטן.

שמחה־מאיר האָט, אמת, געקאָנט קריגן אויף די וועקסלען פון די יונגע הונצעס געלט אָן אַ שיעור ביי רייכע פּראָצענטניקעס, אָבער ער האָט דאָס נישט געוואָלט. עס האָט נישט געטויגט, נישט פאַר די הונצעס, אַז זייערע וועקסלען זאָלן אַרומקריכן צווישן מענטשן, נישט פאַר שמחה מאירן. ער האָט נישט געהאַט בדעה אימעצן אַריינצולאָזן צו זיי אין פּאַלאַץ אַריין. ער האָט געדאַרפט זיין אויסשליסלעך אַליין זייער פאַרטרויאונגס־מאַן און געלט־געבער. און ער האָט נישט געטרוט, קוים אַריינגעכאַפּט דאָס עסן ביים טיש, וואו ער האָט מער געטרעכנט ווי געגעסן; ער האָט אָפּגעכאַפּט דאָס דאַווענען, אָפּגעוויקלט די רצועות פון דער האַנט נאָך איידער ער האָט זיי אַרומגע־וויקלט און געלאָפן זאַמלען געלט.

צו דער מינוט האָט ער צוגעשטעלט די יונגע הונצעס די ערשטע געל־טער, צו דעקן זייערע קאָרטן־חובות און אַנדערע אויסגאַבן. זיי האָבן אים געגלויבט, ווען ער האָט זיי די ערשטע געלטער געבראַכט.

— זייער נעט, זייער, — האָבן זיי געזאָגט, אונטערשרייבנדיק זיך נאָכ־לעסיק אויף די וועקסלען איינער נאָכן אַנדערן.

אַז זיי האָבן אַראָפּגעפּטרט די ערשטע היימישע חובות פון זיך, האָבן זיי גענומען טאָן אַ תכלית־זאַך, אַליין, פאַר אייגענע געלטער אויסצופּועלן דורכן פּיעטראָקאָווער גובערנאַטאָר אין פּעטערבורג דעם באַראָן־טיטול פאַר זייער פאָטער, כדי אים איבערצונעמען בירושה נאָך איידער דער אַלטער שטאַרבט. זיי האָבן געוואוסט, אַז זיי וועלן זיך זייערע אויסגאַבן אָפּנעמען. זאָל נאָר דער אַלטער צומאַכן אַן אויג. פונקט אַזוי האָט געהאַט בטחון שמחה מאיר, וואָס האָט פאַר זיינע געלטער די זאַך אַראַנזשירט. צו דער

מינוט האָט ער געבראַכט צו די הונצעס אין פּאַלאַץ די שווערע טויזנטער וואָס זענען דערצו בויטיק געווען.

דער פּיעטראָקאָווער גובערנאַטאָר האָט וואָס אָפּטער איבערגעלאָזט איצט זיין גובערניע אין דער האַנט פון זיי געהילף און אויף הונצעס הוצאות גע־פאָרן קיין פּעטערבורג.

## קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

דער באַל אין הונצעס פּאַלאַץ לכבוד דעם טיטול באַראָן, וואָס דער אַל־טער פאַבריקאַנט האָט געקריגן פון זיין מאַיעסטעט דעם זעלבסטהערשער פון רוסלאַנד און קעניג פון פּוילן פאַר זיינע גרויסע אינדוסטריעלע פאַר־דינסטן פאַרן פאָטערלאַנד, האָט צוגעצויגן דאָס רייכסטע און מעכטיקסטע פון לאָדזש און דער אומגעגנט.

ער האָט דורכגעפירט זיינס, דער פּיעטראָקאָווער גובערנאַטאָר. פּלוצלונג ווי אַ שטיין אין קאָפּ האָט דער אַלטער הונצע געקריגן אַן אַלערהעכסטע ידיעה, אַז פון זיין חסד פון זיין מאַיעסטעט ווערט אים מיטגעטיילט, דאָס פאַר זיינע פאַרדינסטן פאַרן לאַנד און זיין וואוילשטאַנד ווערט אים צו־געטיילט דער כבוד צו טראָגן דעם טיטול באַראָן, וואָס גייט איבער בירושה צו זיינע קינדער ביז דור דורות.

הונצע האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָבן די זין זיינע אָפּגעטאָן קעגן זיין ווילן, אַז זיי האָבן ערגעץ אָן זיין דערלויבעניש אַ סך געלט גע־ליען דערויף. ער איז געווען בייז, געקלאַפּט מיט זיין האָריקער באַלמעלאַ־כעשער האַנט אין די טישן, געשריגן, אַז ער וועט די ראָץ־יונגען אָנלערנען. אָבער נישט אָננעמען אַ מאַיעסטעטישע גענאָד האָט מען נישט געקאָנט. עס איז געבליבן נישט אַנדערש, ווי צו באַדאַנקען דעם גובערנאַטאָר פאַר זיין חסד און זיך גרייטן אָנצונעמען דעם טיטול מיט ערע און מיט גרויס־קייט, ווי עס פּאַסט פאַר דעם הויז הונצע. דער באַל צוליבן אָננעמען די מאַיעסטעטישע מתנה האָט געדאַרפט געפּראַוועט ווערן ביי הונצען אין פּאַלאַץ, אין די אויגן פון די רייכסטע, אַדעליקסטע און מעכטיקסטע, וואָס די געגנט אַרום פאַרמאָגט. און הונצע האָט אַרויסגערופן ביידע טעכטער זיינע, די באַראָנעסעס, זיי זאָלן, לויט זייערע אַדעליקע געוואוינהייטן, דורכ־פירן די זאַך. די טעכטער, צוזאַמען מיט די זין, האָבן אַ סך מי און געלט אַריינגעלייגט, כדי דורכצופירן דעם גרויסן באַל, וואָס עס שטייט אָן פאַר די נייע אַדל־לייט פון הויז פון באַראָן הונצע.

שוין מיט עטלעכע חדשים פריער האָט מען באַנייט דעם פּאַלאַץ ביי דער פאַבריק. דער פּאַלאַץ איז נאָך אייגנטלעך געווען פריש ניי כמעט, מען האָט נאָר בלויז געדאַרפט אַראָפּנעמען דעם פריערדיקן סוחרישן צייכן, וואָס הונצע האָט געלאָזט אויפן טויער אויסשניצן, צוויי בערדיקע נאַקעטע

גערמאַנער מיט פייגנבלעטער אויף דער שאַנד און מיט שפּיזן אין די הענט, און אויסשניצן דעם נייעם אַדעליקן הערב — אַ שטייענדיקער בער, וואָס שפּאַרט זיך אָן מיט בײדע פֿאָדערשטע פֿיס אָן אַ קרומען צלם. אָבער הונצעס קינדער האָבן געוואָלט, צוזאַמען מיט דעם נייעם טיטול, אַלץ באַנייען, גאָרנישט איבערלאָזן פֿון פֿריערדיקן, פֿון אַלטן. האָט מען אַראָפּגעבראַכט אַן אַרכיטעקט פֿון סאַמע מינכען, וואָס האָט דעם פּאַלאַץ איבערגעבויט, אויסגעבויט אין אים אַלערליי טורעמלעך און שפּיצן, אויפֿן מוסטער פֿון די דייטשע ריטער־שלעסער, באַצירט מיט העלדישע שטיינערנע פֿיגורן פֿון נאַקעטע גערמאַנער, וואָס שלאָגן זיך מיט לייבן און שלאַנגען, מיט פֿליישיקע פֿאַסטושקעס, וואָס קוקן זיך צו צו ליבנדיקע פּי, און מיט עטלעכע צעלאָזענע באַקכוס־מיידלעך אין אַ ווילדן טאַנץ מיט בעק און סאַטירן. דאָס אַלץ איז געווען פֿאַרפֿלאָכטן אין פֿיל שטיינערנע וויינטרויבן און בלעטער.

פּונקט מיט אַזעלכע פֿיגורן איז געווען אויסגעשטעלט דער ברייטער צופֿאָר צום פּאַלאַץ. ווענוסעס, נימפֿן, סאַטירן מיט ציגענע פֿיס, געטינס מיט צעלאָזענע האָר און מיט פֿאַרפֿלאָכטענע פֿינגער אויף גאָלדענע האַרפֿעס, נאַקעטע דאָרשטיקע יינגלעך ביי שפּרודלדיקע קוואַלן, בויגן־שיסער און דיקע מלאכים־קינדער מיט גראָבע פּיסלעך און פֿאַרהויבענע פֿליגלעך, אַלע אין ווייסן מאַרמאָר, האָבן אויסגעפּילט ביידע זייטן וועג, וואָס איז געווען אויסגעפֿלאַסטערט מיט גרויסע פּירקאַנטיקע שטיינערנע פּלאַטן און פֿאַרפּלאַנצט מיט קוסטן, בלומען און בוימער.

דער נייער הערב, דער בער מיט די פֿאָדערשטע פֿיס אויף דעם קרומען צלם, איז געווען אומעטום, אויפֿן טויער פֿון פּאַלאַץ, אויף די גרויסע דעמבענע געשניצטע טירן אין אַלע צימערן און זאַלן, אויף די קאַרעטעס, אויף די טייערע געשפּאַנען פֿון די פֿערד, אויף די טעלער, לעפֿל און גאָפּל, אויף די גאָלד־געדרוקטע וויזיט־קאַרטן, אויף די ליווּרעיען פֿון די דינער, אויף די גלאַנציקע צילינדערס פֿון די גרויס־וואָנצעסדיקע קוטשערס.

אַלץ איז באַשטעלט געוואָרן נייעס. דאָס שווערע טייערע מעבל איז אַרויסגעפֿירט געוואָרן און אויף דעם אָרט זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן ריזיקע געשניצטע שאַפֿעס, קאָמאָדן, קרעדענצן, טישן און פֿאָטעלן פֿון טייערסטן ניסן־האָלץ, רויזן־האָלץ, מאַהאָן, אַלץ פֿול מיט שניצערייען און פֿיגורן, געבראַכט פֿון מינכען און באַצירט מיט דעם נייעם הערב. די ווענט זענען באַדעקט געווען מיט טייערע זיידנס אין גאָלדענע ראַמען. די סופֿיטן האָבן געשווּיבלט און געגריבלט מיט סצענעס פֿון דער גריכישער מיטאָלאָגיע. די גרויסע גאַבעלינען מיט די קניענדיקע ריטער צו די פֿיס פֿון פֿליישיקע שיינקייטן האָבן באַדעקט די ווענט פֿון סופֿיט ביז די פּערסישע טעפּיכער. די פֿאָרצעלייענע קאַמינען, באַוואַכט מיט בערדיקע גערמאַנישע ריטער, זענען געווען אָנגעשטעלט מיט בראָנזענע און מאַרמאָרנע אָפּגוסן פֿון אַלע קלאַסישע ווערק. יאַפּאַנישע קרוגן, כינעזישע פֿאָרצעלייען, בייערישע צעראַמיקן, טשעכישע קרישטאָלן, פֿאַרביק ווענעציאַניש גלאָזוואַרג האָבן

געפינקלט פון יעדן ווינקעלע, פון אַלע באַגילדטע פּאָסטומענטן. די קרישטאָ־לענע פיל־רעריקע זשיראַנדאָלן און זילבערנע קאַנדעלאַבערעס האָבן געוואָרפן העלע ליכט אויף דעם גאָלד, זילבער, קרישטאָל, מאַרמאָר, פאַרביקן גלאָז־וואַרג, טייערן האָלץ, אַדאַמאַשעק, פּאָרצעליי, העלפאַנדביין און שפּיצן. די אויסגעפּוצטע לאַקייען מיט די זיידענע פראַקן, שוואַרצע זאָקן און אײַן לאַק־שיך מיט זילבערנע שנאַלן, ספּעציעל אַראָפּגעבראַכטע פון דייטשלאַנד, אויסגעדרעסירטע און שיין־געבויטע, זענען געשטאַנען ביי די שווערע רויט־פּלושענע פּאָרטיערן אַזוי שטייף און פאַרגליווערט, ווי די מאַרמאָרנע פיגורן.

פון אַלע זייטן לאָדזש, פון אַלע וועגן, וואָס פירן אין שטאָט, האָבן זיך געצויגן קאַרעטן מיט אויסגעפּוצטע געסט, געלאַדן צום באַל פון באַראָן הונצע. עס זענען געקומען דייטשע רייכע פאַבריקאַנטן, געוועזענע וועבער, וואָס זענען פּונקט ווי זייער קאָלעגע הונצע געקומען דאָ אַהער מיט איין פערדל און איין וועב־שטול, און איצט האָבן זיי געהאַט קוימענס און רום. פול מיט קנאה אויף דעם באַראָן־טיטול פון דעם אַלטן היינץ, זענען זיי געזעסן אין זייערע קאַרעטן צוזאמען מיט ווייב, קינדער, איידעמס און שנורן, אויסגעפּוצטע אין די טייערסטע באַל־קליידער און סוחריש געדעכנט, וויפל די געשיכטע וועט דעם אַלטן הונצע אַריינטרייבן. און עס זענען געפאָרן יידי־שע באַנקירן, בייכיקע און גרויס־וואָנצעסדיקע, עס זאָל צוגעבן זיי פּריציש־קייט, פול מיט אומרו פאַר זייער יידישקייט צווישן דער גרויסער פּריצישער געזעלשאַפט. עס זענען געפאָרן פון זייערע גיטער אין עלטערע קאַרעטעס אָפּגעקומענע פּוילישע שלאַכטשיצעס, אַדעליקע און גאַליקע אויף די שוואַ־בישע כאַמעס, וואָס נעמען צו אין זייער לאַנד דאָס געלט און דעם יחוס; און עס זענען געפאָרן אין זייערע מיליטערישע קאָטשן, אין דריי פערד געע־שפּאַנט, רוסישע מיליטער־לייט און טשינאָווניקעס פון דער נאָענטער גו־בערניע־שטאָט. עס האָט געצויגן מיט פּאַראַד, מיט טשערקעסן אויף פערד באַגלייט פון ביידע זייטן קאַרעטע, אַרומגערינגלט מיט אַדיוטאַנטן און באַאַמטע, דער גובערנאַטאָר אַליין, דער רעזערוו־גענעראַל פאָן־מילער. דער הויפּט־מחותן, וואָס האָט אין די הויכע פענצטער אין פּעטערבורג פאָרגע־שטעלט דעם פאַרדינסטפולן הונצע צו באַאדלען אים.

דער ברייטער צופאָר — באַצירט מיט אַ זיגעס־טויער, מיט דעם נייעם הערב, אויסגעצירט אין גרינס און אין בלומען, צוזאַמען מיט אַ ווילקאָמען אין געציקלטע גאָטישע בוכשטאַבן, — האָט געגריבלט און געשווויבלט מיט קאַרעטן און קאָטשן. קולות פון קוטשערס, קלאַפּן פון פערדישע פּאָדקאָ־וועס, הירזשען פון צעלאָזענע אויסגעפּיטערטע פערד און קנאַלן פון בייטשן האָבן זיך געמישט אינאיינעם.

— אַ וועג, אַ וועג מאַכן! — האָבן די רייכערע און אויסגעפּוצטערע קו־טשערס געשריגן מיט גאווה צו די אָרעמערע און ערגער־אָנגעטאָנענע, — העי!

בלאָנדע, גראָב־בייכיקע דייטשע פאַבריקאַנטן, פּוילישע גרויס־וואָנצעסדיי־קע און אָנגעבלאָזענע שלאַכטשיצעס, יידישע שוואַרצהאָריקע און גלאַנציק־פּליי־

כיקע קורץ־געוויקסעקע באַנקירן, רוסישע בערדיקע מיליטער־לייט און טשינאָווניקעס אין גאַלאַ־אוניפאָרמס און מיט פולע ברוסטן מעדאַלן, דאַמען אין לאַנגע זיידענע און אַטלאַסענע קליידער מיט שלעפּעס און מיט פעכערס, באַהאַנגען מיט בריליאַנטן, בראָשן, שנורן פּערל, רובינען, דימענטן, סאַפּירן אויף די פולע אָרעמס, אין די אויפגעטורעמטע, אַנגעקאַרבירטע קעפּ, אין די אויערן, אויף די פינגער, אין די קליידער, אַפילו אויף די שפּיצן פון די שיכלעך און אין די פעכערס און לאָרניאָנען, איינגעטונקען אין גאָרנאַסטאַיען און אין שפּיצן — האָבן געפינקלט און געגלאַנצט מיט די בליצן פון זייערע אוצרות, מיט דער בלענדקייט פון ווייסן לייב און מיט זיגערישע אָדער האַסנדיקע פייערלעך פון זייערע אויגן.

— ווילקאָמען, ווילקאָמען! — האָט דער אַלטער הונצע אויפגענומען די געסט ביי די טירן פון גרויסן זאַל, צוזאַמען מיט זיין אַלטער פרוי, וואָס האָט זיך געבויגן אונטער דער מאַסע פון גאָלד, בריליאַנטן.

— גראַטולירע, הער באַראָן פיל גליק, באַראָנעסע! — האָבן די געסט געענטפערט פול מיט זיסקייט און האָניק אויף די פאַרצויגענע ליפּן.

אַלע הונצעס זין, טעכטער, און אַפילו די איידעמס, די באַראָנען, זענען געווען אויסגעשטעלט און האָבן אויפגענומען די געסט. הונצעס זין האָבן זייערע שוואָגערס געדעקט אַלע חובות, אַבי נאָר זיי זאָלן ווערן אַראָפּקומען פון זייערע ווייטע ערטער און באַשיינען מיט זייער כבוד די שמחה. עס איז געווען בעסער צו האָבן עטלעכע פריערדיקע באַראָנען אין דער משפחה צו די איצטיקע פריש־באַאַדלטע. די איידעמס האָבן מיט זייער אַלטן יחוס גע־דאַרפט פאַרדעקן אַלע אומגעלומפּערטקייטן און פּראָסטאַקישע סיורפּריזן, וואָס די אַלטע, נישט־געשיקטע עלטערן, די נייע באַראָנען, וועלן מיט זייער אויפ־פירונג אַריינברענגען. די געסט האָבן גאָרנישט אויפגעהערט צו קומען. דער עלטסטער קאָמערדינער האָט זייער פייערלעך געמאָלדן יעדן גאַסט מיט אַלע טיטולן, וואָס ווער נאָר עס האָט געהאַט. צום לעצט איז געמאָלדן גע־וואָרן דער גובערנאַטאָר אַליין.

דער אָרקעסטער האָט גלייך אויפגעשפּילט דעם רוסישן הימן, אַז גאָט זאָל שיצן דעם צאַר, די מיליטער־לייט האָבן סאַלוטירט מיט אַ מאָפּסישער אָנגעבלאָזנקייט. די הערן און דאַמען זענען געשטאַנען שטייף. אַז דער אָרקעסטער האָט פאַרענדיקט, האָט דער גובערנאַטאָר אויסגערופן דריי מאָל הוראַ פאַר זיין מאַיעסטעט דעם צאַר און פון אַ פּאַפּיר אַרויס פאָרגעלייענט די מעלדונג פון דער קייזערלעכער קאַנצעלאַריע וועגן דעם טיטול באַראָן, וואָס ווערט געגעבן דעם אונטערטאַן היינך הונצע פאַר זיינע גרויסע פאַר־דינסטן פאַרן אַנטוויקלען די טעקסטיל־אינדוסטריע צום וואוילזיין פון פאָ־טערלאַנד. אַלע האָבן אַפּלאָדירט. היינך הונצע, וועלכער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, וויפל דער גובערנאַטאָר האָט פאַר דעם טיטול גענומען אין מזומנים, איז פונדעסטוועגן זייער גערירט געוואָרן, הערנדיק וועגן זיינע

אייגענע פאַרדינסטן פאַרן פאָטערלאַנד, וואָס זענען אַזש אין קייזערלעכן הויף אָפּגעשאַצט געוואָרן. ער האָט זיך פונאַנדערגעוויינט און פון גרויס צעטומלעניש זיך אויסגעווישט די אויגן מיט די פינגער, ווי אין די אַלטע גוטע צייטן.

אַלע מיטאַמאָל האָבן עס גלייך אויפגעכאַפּט און גלייך זיך איבערגעוואונ־קען זייער דיסקרעט איינער צום צווייטן.

— הוראַ! בראַוואָ! — האָט דער עולם געיובלט.

דערויף האָט דער באַראָן הונצע געדאַרפט ענטפערן. געווענוג לאַנג האָט מען מיט אים איינגעחזרט, ער זאָל נישט אַריינמישן די זאַקסישע פאָלקס־ווערטער אין זיין רעדן, ער זאָל זיך אויסלערנען אויסנווייניק די רעדע, וואָס מען האָט אים אָנגעשריבן; אַ רעדע, פול מיט הויכע, אומפאַרשטענדלעכע פראַזן וועגן בירגערלעכער פליכט, וועגן טרייקייט צו גאָט און צום קייסער, וועגן פאַרנונפט און גוטס פאַר דער געזעלשאַפט, אַלץ באַצירט מיט זייער פּאָעטישע אויסדרוקן, לירישע אויסגוסן און געטלעכע פּסוקים. געווענוג נעכט איז דער אַלטער נישט געשלאָפן, ביז ער האָט דאָס אַלץ געקאָנט אַריינגעמען אין זיין אַלטן קאָפּ מיטן גלייך געשוירענעם האַרטן בערשטעלע האָר. אָבער ווי נאָר ער האָט אָנגעהויבן רעדן, האָט ער זיך פאַרפּלאָנטערט און נישט געקאָנט אַרויסקריכן. ער האָט זיך געוואָלט ראַטעווען און זאָגן עפּעס אַליין פון קאָפּ אַרויס, אָבער דאָ איז ער אַריינגעפאַלן אין זיין פּראָסטאַקישן טאָן און אַפילו גענומען אַריינוואַרפן די זאַקסישע פאָלקס־ווערטלעך. פון גרויס מורא נישט אַרויסצולאָזן, האָבן זיך אַלע פאַרזאַמלטע שוין צופיל אָנגע־בלאָזן, ווי די גומענע ליאַלקעס.

— פאַרן געזונט פון זיין עקסעלענץ, דעם גובערנאַטאָר, און פאַרן גע־זונט פון אַלע האָכוואָלגעבאָרענע געסט! — האָט דער באַראָן פאָן היידעל־היידעלאָו, הונצעס איידעם, אויסגערופן הויך, הויבנדיק זיין בעכער, כדי צו ראַטעווען די לאַגע, — האָך!

— האָך! האָך! — האָבן אַלע געהויבן די בעכערס, וואָס מען האָט זיי גלייך צוגעטראָגן. איצט האָבן אַלע געקאָנט אויסלאַכן זיך צו דער זאַט פון הונצעס ערשטע נישט־באַראָנישע מאַניערן.

— ביי דעם ביר מיט זיינע אַלטע אַמאָליקע מייסטערס גייט עס אים בעסער... — האָבן מענער געלאַכט.

— איך וואָלט נישט געוואָלט קיין לעק טאָן אין די טעכטערס הערצער איצט, — האָבן ווייבער געזאָגט מיט פאַרגעניגן, — מען וואָלט זיך געקאָנט אָפּסמען פון גיפט...

— אַ גויאישער קאָפּ, — האָבן די יידישע באַנקירן געחוזקט.

— עס שמעקט מיט שוואַביש קרויט, — האָבן די פּוילישע שלאַכטשיצעס געקרימט מיט די נעזער פון אונטער די פאַרדרייטע וואָנצעס, קוויקנדיק זיך מיט די טייערע אונגאַרישע ווייַנען, — לאָדזשער מאַנופאַקטור־באַראָנען...

די לאַקייען זיינען אַרומגעגאַנגען מיט זילבערנע טאַצן אָנגעשטעלט מיט

ליקערן, קאָניאַקס און וויינען פון די טייערסטע מאַרקעס און קעלערס. די טישן האָבן זיך געבראָכן פון די שענסטע און קאָסטבאַרסטע שפּייזן. זיל־בערנע פּעסלעך אַסטראַכאַנער קאַוויאַר, טעלער מיט אַלערליי פישן, מושלען און אויסטערן, קאַלטע פלייש פון היימישע און עקזאָטישע עופות און חיות, טויבן, פאַזאַנען, קאַפּהענער, הירשן, ווילדער חזיר, קוראָפּאַטוועס, ווילדע ענטלעך, בערן־וואורשטן, באַפּוצט מיט פרישע ספּעקטן־גריוונוואַרג; קוישן מיט אַלערליי פּרוכטן, פרישע קאַרשן, וויינטרויבן, מאָרעלן, אַנאַנאַסן, גע־בראַכט פון די וואַרעמע לענדער אין קאַלטן רוסלאַנד, אַלץ באַפּוצט און באַצירט מיט בלומען און ווייסן בעז, געבראַכט פון דער ריוויערע — דאָס אַלץ איז געשטאַנען אָנגעשטעלט אויף די טישן און געבעטן זיך צו פאַרצערן.

אָפּערע־זינגער, טענצערינס, קאָלאָראַטור־זינגערינס, פידלער ווירטואָזן, האָבן אַרויסגעבראַכט אַלע זייערע טאַלאַנטן, כדי צו פאַרזיסן די פאַרזאַמלטע געסט די צייט און צו העלפן זיי פאַרדייען די פיל שפּייזן. די שענסטע אַריעס פון די בעסטע קאָמפּאָזיטאָרן האָבן אָפּגעקלונגען אין די הויכע געוועלבטע זאַלן. נאָר זעלטן אַז אימעצער פון די געסט האָט זיי געהערט, מען איז געווען פאַרנומען מיט עסן, טרינקען, באַרעדן זיך, שפּאַסן, לאַכן, מקנא זיין. ווייבער האָבן מיט קנאה געקוקט זיך איינע אויף דער צווייטער אויף די בריליאַנטן, אויף די טייערע קליידער, אויף די שיינע דעקאָלטן. די יידישע באַנקירן האָבן באַמיט זיך אויסצוגעמען מיט זייערע יידישע וויצן, וואָס זיי האָבן דערציילט פאַר די גויים, אַרויסרופנדיק געלעכטער און בייפאַל. די רוסישע מיליטער־לייט האָבן זיך איבערגעגעבן פאָרנאָגראַפישע וויצן און קאַזאַרמע־אינטריגעס. די דייטשע פאַבריקאַנטן האָבן זיך באַלעקט פון די היפשע ווײַ־בערישע דעקאָלטן און פליישיקע לענדן. די פּוילישע שלאַכטשיצעס האָבן געשאָטן שטעכווערטלעך קעגן די רוסן, דייטשן און יידן, וואָס האָבן פאַר־כאַפּט דאָס לאַנד.

די שטימונג איז דאָ געווען אַ רוסיש־דייטשע. מען האָט זעלטן אַ פּויליש וואָרט געהערט. מען האָט גאָר דאָ נישט געקאָנט אויסקומען מיט פּויליש. קיין דייטש האָבן די שליאַכטשיצעס נישט געקענט און זיי האָבן געמאַטערט זיך מיט דעם ביסל גרייזיקן פראַנצויזיש, וואָס זיי האָבן נאָך פון די יונגע יאָרן געדענקט. דאָס האָט זיי בייז געמאַכט און זיי האָבן נישט אויפגעהערט מורמלען צו זיך:

— פּראָסטאַקישע גרויסקייט, אָנגעשטעלט ווי אין אַ שענק.

— פאָרזיכטיק, וועסט נאָך געפינען אַ שוואַביש קישקעלע מיט קרויט.

— און אַ שטיקל יידישן הערינג מיט קנאָבל...

— שוין באַלד קיין אָרט נישט זיין פאַר קיין שליאַכטשיץ אין לאַנד, בלויז קאַצאַפּעס, שוואַבעס און כאַלאַטניקעס...

מען האָט געטרונקען צו זיך קעגנזייטיק. רוסישע טשינאָווניקעס האָבן געקלאַפּט אין די גלעזער צו פּוילישע פּריצים, וועמעס קרובים זענען נאָך געזעסן אין סיביר פאַר דעם אויפשטאַנד מיט אַ צייט צוריק. פּוילישע פּריצים

האָבן געדריקט די הענט פון יידישע באַנקירן, צו וועמעס טובה און קרעדיטן זיי האָבן געדאַרפט אָנקומען. דייטשע פאַבריקאַנטן האָבן געקלאַפּט זיך אין די פלייצעס גוטברודעריש. אָבער ווי נאָר מען האָט זיך צעשיידט, האָט מען זיך באַרעדט, באַזידלט.

— פוילישע קבצנים, בעל־גאוהס, — האָבן יידישע באַנקירן געברומט. — בלאָזן זיך ווי די אינדיקעס...

— שווייבישע שוואַבן, צעלייגט זיך ווי די באַלעבאַטים דאָ, — האָבן פּאָ־ליאַקן געשיפּעט.

— יידישע טאַנדעטניקעס, — האָבן די דייטשן געכעסט זיך, — די גאַנצע וועבעריי פאַרכאַפּן זיי.

— דאַמאָטשקי כאָראָשענקיע", — האָבן די רוסישע אָפיצירן געמורמלט, — נאָר די מענער דאַרף מען שיקן צום טייוול. בלויז פרעמדע, ווי מען וואָלט גאָרנישט אין אייגענעם רוסלאַנד געווען...

שנאה האָט געהערשט אין די רייכע באַלויכטענע זאַלן. די הונצעס האָבן געעפנט אַלע טירן, געוויזן פאַר די געסט די זאַלן, די שלאָפצימערן, אין סטיל פון לואי דעם פופצנטן; די ביבליאָטעק־זאַלן מיט די געגילדעטע ביכער; די יעגער־שטובן מיט די פיל הערשן־הערנער און אַלערליי וואָפן; די רויכער־זאַלן מיט די שווערע לעדערנע פאָטעלן; די בילדער־גאַלעריעס מיט די ריזיקע דייטשע קאָמפּאָזיציעס אין גילדענע ראַמען און מיט צוויי פאָרטרעטן פון די באַלעבאַטים פון הויז, זייער ענלעכע, זייער פייערלעכע און זייער צוגעפּוצטע, ווי די ביל־דער פון די קעניגן.

— פּראַכטפול, — האָט מען געלויבט הויך, — טאַנדעט, — האָט מען איינגערוימט זיך שטיל קעגנזייטיק.

— וואונדערבאַרע עקזעמפּליאַרן, — האָט מען געלויבט אויפן קול די חיות אין די יעגער־שטובן; — געקויפט גרייט, — האָט מען איינגערוימט זיך סודות.

מען האָט באַוואונדערט די ביכער און געפרעגט זיך אויפן אויער, צי דער אַלטער הונצע לייענט זיי בישט מיטן קאָפּ אַראָפּ. מען האָט זיך אַנטציקט מיט די מאַרמאָרן, יאַפּאַנישע קרוגן, און געוויצלט זיך, אַז די אַלטע הונצעכע וועט זיי באַנוצן אויף איינזויערן ביר.

ווייבער זענען דערגאַנגען די יאָרן זייערע מאַנען, וואָס אויך זיי האָבן בישט געטאָן עפּעס צו קריגן אַ טיטול און באַשיינען די פאַמיליעס. מוטערס האָבן געקוקט מיט קנאהדיקע אויגן אויף הונצעס זין, צו וועלכע עס וועט גאָרנישט זיין איצט צוצוטרעטן. עלטערע ווייבער האָבן געפרעסן די יונגע פאַר זייער שיינקייט און באַרעדט זיי פאַר זייער אויסגעלאַסנקייט. מיאוסע האָבן מקנא געווען די שיינע, וויניקער רייכע האָבן זיך געגעסן די גאַל צוליב די רייכע מיט זייערע בריליאַנטן.

אָבער אויסערלעך איז מען געווען צווישן זיך פריינטלעך, גוט, אויפ־

מערקזאַם, איידל. מען האָט געשנורעוועט פּיסקלעך, געטריפט מיט האָניק, געשאָטן קעגנזייטיק קאָמפּלימענטן. און די מוזיק האָט נישט אויפגעהערט שפּילן, די אָפּערע־זינגער — זינגען, די טענצערינס — טאַנצן, די ברי־ליאַנטן — בליצן, די וויינען — פינקלען.

— פּראָזיט, באַראָן, האָך, באַראָנעסין!

— פּראָזיט, מיינע ליבע טייערע געסט!

אין מיט־נאַכט האָט דער אָרקעסטער גענומען אויפשפּילן טאַנץ־מוזיק, וואַלצן, פּאָלאָנעזן און קאַדרילן. יונגע פרויען און מענער האָבן זיך געטוליעט איינער צום צווייטן, געררוימט זיך ליבע־ווערטער אין די אויערן, צוגעדריקט זיך, געקושט זיך בגנבה און געגליטשט זיך איבער די גלאַנצנדיקע דילן. די עלטערע מענער זענען אַוועק צו די קאָרטן־טישלעך, וואו מען האָט געשטעלט פּאַרמעגנס אין קאָן.

דער אַלטער הונצע און זיין ווייב האָבן נישט געקאָנט אויסזיצן אַזוי שפּעט און זיי זענען אַריינגעפירט געוואָרן באַצייטנס פון זייערע טעכטער אין דעם ניי־איינגעאָרדנטן שלאָף־צימער. פון דערווייטנס האָט זיך דער־טראָגן די מוזיק צו זיי, אָבער זיי זענען נישט געווען פרייליך אין די גרויסע געשניצטע בעטן מיט די בלויע זיידענע באַלדאַכינען. די גאַנצע געזעל־שאַפט איז זיי געווען שווער, שווער פאַר זייער עלטער, שטאַנד און באַגריפן. זיי האָבן זיך זייער פרעמד געפילט אין דער נייער באַראָנישער הויט. זיי האָבן זיך אין אַלץ פאַרטשעפּעט, אַרויסגעכאַפּט זיך מיט נישט־פּאַסנדיקע רייד. די טעכטער האָבן זיי כסדר אַוועקגעפירט אין די ווינקעלעך און געמוסרט.

— אום גאָטעס ווילן, שווייגט דאָך! — האָבן זיי זיי געשטראָפט.

זיי האָבן זיך דערמאָנט אין די אַמאָליקע יאָרן און געבענקט נאָך זיי.

— היינצל, שלאָפסט? — האָט די אַלטע געפרעגט דעם מאַן אירן.

— ניין, און דו, מאַטילדאַ?

— אויך נישט, — האָט די אַלטע געענטפערט.

און אין דרויסן, אַרום פּאַלאַץ, פון יענער זייט שטיינערנעם פּאַרקאַן, האָבן זיך געריסן טויזנטער מענטשן און געוואָלט כאַפּן אַ בליק אין באַ־לויכטענעם פּאַלאַץ אַריין, נאָר דער שטיינערנער צוים האָט אַלץ פאַרשטעלט.

מען האָט בלויז געזען די באַלויכטענע גרויסע פענצטער, די געדעמפּטע פייערן, וואָס האָבן זיך דורכגעשלאָגן דורך די שווערע פּאָרטיערן.

די קוטשערס האָבן געקנאַקט מיט די בייטשן אין דער נאַכט אַריין.

## קאַפּיטל פינף און צוואַנציק

ווי אַ שווערע משא, אַ לאַסטנדיקע און דריקנדיקע, האָט זיך געלייגט דער באַראָנען־טיטול אויף דעם אַלטן הונצע.

ערשטנס האָט ער אַריינגעטריבן, דער טיטול, אין ריזיקע קאָסטן, אַ סך מער אַריינגעכאַפּט, ווי עס איז פריער דורך די זין זיינע געוואָרן אויסגע־רעכנט, פילפאַך מער. דער גובערנאַטאָר האָט אַ וועלט מיט געלט איינגע־שלונגען. נישט קיין קלענערע געלטער האָט איינגעשלונגען דאָס איבער־בויען דעם פּאַלאַץ, דאָס נייע מעבל, זאַכן און דער באַל, וואָס זענען צום טיטול צוגעקומען. הונצע האָט די זין זיינע געדעקט די הוצאות. אָבער שמחה מאיר האָט זיך נישט געאיילט אָפּצונעמען דעם חוב. ער האָט אים בעסער געוואָלט האָבן ביי די הונצעס. די יונגע באַראָנען האָבן זיך נישט שטאַרק געשפּאַרט דעם חוב אָפּצוגעבן. מער ווי אַלעמאָל האָבן זיי איצט, אין דער נייער באַראָנישער הויט, געדאַרפט אַ סך געלט. אויפן באַל אַליין האָבן זיי אין קאָרטן פאַרשפּילט גרויסע סומען. דער דיקער הויפּט־דירעקטאָר אַל־ברעכט, וואָס שטולן ברעכן זיך אונטער זיין משא, האָט מיט אַ סך אַנט־שולדיקונגען, שיינע ווערטער און זיסע רייד דערמאָנט דעם אַלטן הונצע, דאָס דער באַלאַנס ווערט באַשווערט.

— טוט מיר זייער לייד, הער באַראָן, — האָט ער זיך פאַרענטפערט, — אָבער עס איז מיין פליכט אויפמערקזאַם צו מאַכן, אַז אין דער קאַסע זענען דאָ לעכער, היפּשע לעכער, און געצקע וויל מיט זיינע הכנסות נישט וואַרטן. קיין איין פעניג וויל ער נישט לאָזן שטעקן פון זיין זייט.

— דער שוויין־הונט געצקע! — האָט הונצע געברומט בייז, — דיזער לאַוז־בוב!

געצקע איז איצט ווידער געווען קריגעריש געשטימט קעגן הונצען, פּונקט ווי פריער, איידער זיי זענען נאָך געווען שותפים. דער באַראָן־טיטול, וואָס הונצע האָט איצט געהאַט, האָט געצקען קיין מנוחה נישט גע־געבן, געשטערט אים די רו אין די נעכט. פאַר דער גאַנצער צייט פון דעם שותפות האָט ער אַ שטילע שנאה געטראָגן צו זיין פּאַרטנער. וואָרעם כאָטש געצקע איז געווען אַ גלייכער שותף צו דער פאַבריק, גלייך געלט, אַרבעט, און אפשר נאָך מער פון הונצען אַריינגעלייגט, איז די פאַבריק אַלץ געגאַנגען אויף הונצעס נאָמען. אויף די שילדן, אויף די ־בריוו, אויף אַלע פּאַפּירן איז געווען דייטלעך אָנגעשריבן „הונצע עט געצקע״, אָבער צווישן מענטשן, אין גאַס, האָט מען אַלץ געזאָגט „הונצעס פאַבריק״, גאָרנישט צוגעבנדיק געצקעס נאָמען. אויך די דירעקטאָרן פון דער פאַבריק, די מענטשן, אַלע האָבן זיי אַרויסגעוויזן מער כבוד צו הונצען ווי צו געצקען. עפּעס האָט זיך דער נאָמען געצקע נישט אַריינגעקלעפּט אַהער, נישט אָנגענומען זיך. דאָס האָט געצקען אַ סך קרענקונג פאַרשאַפט.

טאָמער איז דאָס נאָך געווען ווייניק, איז נאָך צוגעקומען איצט דער עסק מיטן טיטול באַראָן, וואָס הונצע האָט געקריגן. אמת, אַז געצקע אַליין האָט דעם טיטול נישט אָנגענומען. פאַר אים האָט ער נישט עקזיסטירט אינ־גאַנצן. נישט נאָר איז ער נישט אויף דעם באַל צו די הונצעס געקומען, נאָר ער האָט קיין איין־איינציק מאָל נישט אויסגערעדט דעם טיטול אויף זיינע

ליפּן. ער האָט אים נישט באַנוצט, נישט ווען ער האָט גערעדט צום אַלטן הונצע, נישט ווען ער האָט זיך געטראָפן מיט די זין זיינע. ווי שטענדיק האָט ער דעם אַלטן הונצע גערופן „הער היינץ", און די זין זיינע — „יונגע". ער האָט עס אויך נישט געקאָנט הערן פון די דירעקטאָרן און אינזשיניערן, ווען זיי האָבן אָנגערופן דעם שותף זיינעם מיטן טיטול.

— אָך, הונצע, — האָט ער פאַרריכט יעדעס מאָל, ווען זיי האָבן גע־זאָגט „דער הער באַראָן".

וויפל ער האָט פון דער פּריסטער צייט אָן נישט באַמיט זיך נאָכצו־יאָגן דעם הונצע, איז ער אַלץ געבליבן הינטערשטעליק. ער האָט, אמת, אים באַזיגט, געצוואונגען דעם אַלטן אַמאָליקן מייסטער זיינעם אַריינצוציין מיט אים אין שותפות, מיט אים, געצקען, וואָס קיין אַנדער נאָמען ווי „לאָוז־בוב" האָט ער פאַר אים נישט געהאַט. דאָס איז געווען אַ גרויסער זיג. אָבער פאַר לייט, אין דער וועלט, איז פאָרט הונצע פאַרבליבן דער גרויסער פאַבריקאַנט, דער קעניג פון לאָדזש, און ווען געצקען האָט מען ווייניק גע־וואוסט, נאָר צווישן געציילטע מענטשן. ער האָט אַלץ געטאָן זיין אַמאָליקן מייסטער נאָכצומאַכן. ער האָט זיך אויסגעבויט פּונקט אַזאַ פּאַלאַץ ווי הונצע, געקויפט זיך די זעלבע קאַרעטן, די זעלבע פערד, אַריינגעשטעלט די זעלבע מעבל, נאָכגעמאַלפּעוועט אים אין אַלץ, אין קליידן זיך, אין רויכערן די פּיפּקע, אין רעדן מיט שטאַרקע ווערטער, נאָר עס האָט נישט געהאָלפן. איצט האָט זיך הונצע געגעבן אַ שטאַרקן רוק אַרויס פאָרויס, לאָזנדיק אים, געצ־קען, הינטערשטעליק אויף גאָר אַ היפּשן מהלך. און געצקע האָט געשוימט פאַר כעס, נישט הנאה געהאַט פון זיין עסן, נישט קיין טעם געפילט פון זיין שלאָף.

ער האָט שטאַרק געזוכט אַ געלעגנהייט ווי אַרומעט צו כאַפּן דעם הונצע אויף דער ווענדקע, אַריינשטעכן אים אַ שפּיזל, נקמה נעמען אין אים. איצט איז אים די געלעגנהייט אונטערגעקומען. אין דער קאַסע זענען געווען לעכער. נאַטירלעך, האָט מען זיי געקאָנט פאַרשטאָפּן. ווען ער, געצקע, וויל נאָר. געצקע האָט זייער לייכט געקאָנט וואַרטן מיט זיינע דיווידענדן. דאָס געלט האָט אים נישט געקוועטשט. אָנשטאָט אין די בענק, האָט ער עס לייכט געקאָנט לאָזן שטעקן אין דער פאַבריק און דערמיט הונצען אַ טובה טאָן. אָבער ער האָט עס נישט געוואָלט. וויפל דער דיקער דירעקטאָר אַל־ברעכט האָט אים נישט איינגערעדט, גענומען אים פאַר די לאַצן, פאַר דער טאַליע, געקלאַפּט אים חבריש אין די קני, האָט געצקע נישט נאָכגעגעבן.

— זאָל ער זיך ווערן אַ באַראָן אויף זיין חשבון, נישט אויף מיינעם, — האָט ער געזאָגט מיט עקשנותדיקער הנאה.

מעגלעך, אַז ווען הונצע אַליין בעט אים, וואָלט ער נישט אָפּגעזאָגט. דאָס וואָלט ביי אים ווערט געווען די סומע. אָבער הונצע האָט מיט דעם „לאָוז־בוב", מיט דעם שוויין־הונט נישט געוואָלט רעדן. נישט דערלעבן וועט עס דער געוועזענער געזעלן־יונג זיינער, אַז ער, הונצע, זאָל אים

בעטן טובות. בעסער קראַפּירן! און דער דיקער דירעקטאָר אַלברעכט, וואָס שטולן ברעכן זיך אונטער זיין משא, האָט אַזש געשוויצט אויפֿן גאַנצן דיקן קערפּער זיינעם פֿאַר עגמת־נפֿש. ער האָט געמוזט די לעכער אין דער קאַסע אויסגלייכן. אמת, הונצע וואָלט געקריגן קרעדיט וויפֿל נאָר ער וואָלט געוואָלט. הונצעס אַ וועקסל איז קוראַנט ווי אַ באַנקנאָט. אָבער הונצע וויל נישט אַרויסלאָזן קיין וועקסלען. זיין פּרינציפּ איז נישט אונטערשרייבן עפּעס. לאָדזש וויצלט זיך, אַז דאָס איז דערפֿאַר, ווייל ער קאָן זיך נישט אונטערשרייבן ווי געהעריק. אָבער אַזוי איז עס נישט. דאָס איז בלויז ביי אים אַ פּרינציפּ. אַ קעניג שרייבט נישט קיין וועקסלען, — ווייסט הונצע, — און ער איז קעניג, דער מאַנופֿאַקטור־קעניג פֿון פּוילן.

אויסער דעם אַלעמען האָט ער נישט געהאַט קיין מנוחה אין שטוב זינט ער איז געוואָרן באַראָן. די זין מיט די טעכטער האַלטן אים אין איין לער־נען דרך־ארץ, מאַניערן. אַלעמאָל אָרדענען זיי איין אין פּאַלאַץ בעלער פֿאַר אַריסטאָקראַטן, אויף וועלכע די אַלטע, הונצע, ווי דאָס וויב זיינס, פֿילן זיך זייער פֿרעמד, איבערגעשראָקן און פֿאַרזיכטיק, זיי זאָלן זיך מיט עפּעס נישט אַרויסכאַפּן. די איינגעלאַדענע אַריסטאָקראַטן לאַדן איין צו זיך אין די הויפֿן, אויף יאַגד, אויף בעלער. פֿאַר הונצען איז דאָס אַן אָפּקומעניש. ער ווייסט גאָרנישט צו זאָגן וועגן די זאַכן, וועגן האָזן, פֿערד, הינט, יחוס, קאָרטן און ווינען. דאָס גרעסטע פֿאַרגעניגן ביי אים איז אַרומצוקריכן אין פֿאַבריק, רעדן מיט סוחרים, וויצלען זיך מיט די מייסטערס, רעדן גראָב־קייטן צו די אינזשיניערן און כעמיקער. ווי פֿריער, טוט ער אָן באַלד איבּ־דערפֿרי דעם לויזן אָנצוג מיט די ברייטע טאָרביקע הויזן, כדי אַרומצוקריכן אין דער פֿאַבריק, אָבער די זין מיט די טעכטער לאָזן אים נישט, דערגייען אים די יאָרן.

— פֿאַרגעס נישט, פֿאָטער, אַז דו ביסט אַ באַראָן, — זאָגן זיי אים, — דו דאַרפֿסט זיך נישט אַריינלאָזן מיט דעם פּעבל.

זיי לאָזן אים נישט אויסרעדן קיין וואָרט מיט קיין מענטש, לאָזן אים נישט גיין צופֿוס, ווי ער האָט ליב, נאָר פֿאָרן אין דער קאַרעטע מיטן הערב. אויף די מענטשן אַרום, די נאָענטסטע, האָבן אים גענומען ווייכן, זינט ער איז געוואָרן באַראָן. זיי רעדן צו אים נישט אַזוי פֿריי ווי פֿריער, נאָר אָנגע־בלאָזן און פֿרעמד, טיטולירנדיק אים כסדר „הער באַראָן".

ערגער פֿון דעם אַלעם איז, וואָס מען האָט אים גענומען אַריינציִען אין פֿאַרשידענע אינסטיטוציעס, מאַכן אים אומעטום פֿאַר ערן־פֿאָרזיצער און מען פֿאָדערט ביי אים געלט אויף שפּיטעלער און קירכן. הונצע האָט פֿיינט צו געבן. ער גלויבט, אַז זיין פֿאַרמעגן האָט ער געמאַכט מיט זיינע אייגענע הענט, מיטן אייגענעם שכל. ער האַלט אַלע איבעריקע מענטשן, וואָס זענען נישט אויסגעוואַקסן אַזוי גרויס ווי ער, פֿאַר נאַריש, שלים־מזלדיק און פֿויל. איבערהויפּט האָט ער פֿיינט אָרעמע מענטשן. אַלע, איז ער איבערצייגט, זענען זיי שיכורים און פֿוילע. זיי וואָלטן נאָר וועלן ביים צווייטן פֿאַר־

כאַפּן, בעטלען. און אים פאַרדריסט זייער, ווען מען קומט צו אים בעטן פאַר די אַלע שלעפּערס, פאַר זייערע שפּיטאָלן, קירכן און אַנדערע זאַכן.

— איך צאָל שטייערן, אַ סך שטייערן דער מלוכה, — ענטפערט ער בייז, — און זאָל די מלוכה זיך זאָרגן פאַר זיי. איך גיב נישט דערויף.

פריער פלעגט ער טאַקע נישט געבן. אָבער זינט ער איז געוואָרן אַ באַראָן, האָט מען אָנגעהויבן קומען צו אים, שיקן בריוו. אינסטיטוציעס באַערן אים מיט כיבודים; מוטערס בעטן ביי אים שטיצע פאַר זייערע קינ־דער, וואָס זיי ווילן אויסבילדן; אלמנות בעטן הילף; אַלטע בעטן שטיצע. ער וויל אָפּזאָגן, אָבער די קינדער לאָזן אים נישט.

גערענק, פאָטער, אַז דו ביסט באַראָן הונצע! — דערמאָנען זיי אים.

— מוזט זיך פירן ווי אַלע אַדל־לייט.

אָבער דאָס ערגסטע פון אַלעם איז געווען דאָס, וואָס די אַלע זאַכן האָבן זיך געלייגט שווער אויף דער פאַבריק, געלאָסטעט זייער. און הונצע איז אומגעגאַנגען אַ פאַרזאָרגטער, אַ נידערגעשלאָגענער. ער האָט גאָר קיין רו נישט געהאַט אין דעם נייעם הערבינקן פּאַלאַץ זיינעם.

עטלעכע נעכט צייט זענען הונצע און דער דירעקטאָר אַלבערעכט נישט געשלאָפן און אַלץ געטראַכט, ווי אַזוי אויסצוגלייכן די לעכער, וואָס דער באַראָן־טיטול האָט אָנגעמאַכט אין דער פאַבריק. מען האָט די לעכער גע־מוזט אומבאַדינגט אויסגלייכן, ווייל לעכער זענען געפערלעך. לעכער, ווען מען פאַרשטאָפּט זיי נישט גלייך, האָבן אַ טבע זיך צו פאַרשפּרייטן, צו פאַר־טיפן, ביז זיי דערגרייכן מיטאַמאָל צו אַזאַ טיף, אַז זיי ווערן אַן אָפּגרונט. נאָך אַלע טראַכטונגען און זוכענישן, איז אַלבערעכט געקומען צו דער אי־בערצייגונג, אַז קיין אַנדער וועג איז נישטאָ ווי צו אויסגלייכן די לעכער מיט אייגענע מיטלען, מיט אָפּשפּאָרונגען אין דער פאַבריק אַליין. די פאַב־ריק, נישט קיין אַנדערע, דאַרף העלפן. דאָס געזינטסטע פאַר אַ קערפּער איז, ווען ער דאַרף נישט אָנקומען צו מיטלען, נאָר ווען ער העלפט זיך אַליין. דאָס איז נישט נאָר ביי אַ מענטש, האָט אַלבערעכט דער דירעקטאָר געוואוסט, נאָר אויך אין אַן אונטערנעמונג.

— שטימט, אַלבערעכטכען, — האָט אים הונצע צוגעגעבן, — האָסט גאָלד אים מונדע...

אַז אַלבערעכט האָט שוין געהאַט הונצעס הסכמה אויך, האָט ער אָנגע־הויבן טראַכטן ווי אַזוי די אָפּשפּאָרונגען אין דער פאַבריק דורכצופירן, אַז זיי זאָלן דעקן די לעכער. פאַרערגערן די קוואַליטעט קאָן מען נישט. נישט לייכט איז אָנגעקומען הונצען צו קריגן אַזאַ באַרימטן נאָמען, צו דער־אָבערן זיך דעם מאַרק, צו פּאָפּולאַריזירן זיך אַזוי, אַז יעדע באַלעבאָסטע, יעדע אָרעמע פרוי אַפילו זאָל וויסן, אַז סחורה מיט די צוויי נאַקעטע בערדיקע לייט מיט פייגנבלעטער אויף דער שאַנד און מיט שפּיזן אין די הענט איז די בעסטע, איז די ראַיעלסטע. עס האָט גענוג מי געקאָסט ביז מען האָט צו דעם דערגרייכט. הונצעס פאַבריק האָט שטענדיק געהאַלטן פון סאָלידקייט, פון

אויסבעסערן כסדר די סחורה. און עס האָט זיך געלוינט. די סאָלידקייט האָט זיך זייער גוט אָפּגעצאָלט. אַ סך מעדאַלן, זילבערנע, גאָלדענע און בראָנ־זענע, האָבן דערפאַר באַצירט די פאַבריק און די ברעגן פון די סחורות. אמת, אַז ביי דער פּאָפּולאַריטעט און גוטן שם וואָלט מען לייכט געקאָנט אַביסל צופּושערן, עטוואָס פאַרערגערן און איינשפּאָרן, אָבער דאָס איז אַ וועג אַ גליטשיקער, אַ געפערלעכער. עס פעלן נישט קיין שונאים, נישט־פאַרגי־נער, וואָס וועלן גלייך די זאַך צעפויקן, צעטראָגן. ניין, הונצע דאַרף בלייבן סאָליד, ווי געוועזן.

אמת, מען וואָלט געקאָנט פאַרקלענערן דעם בודזשעט פון הונצעס הויז. זייער לייכט קאָן מען אָפּשפּאָרן שיינע עטלעכע צענדליק טויזנט רובל אַ יאָר אין די הוצאות. אָבער דערפון איז נישט געוועזן לייכט צו רעדן, נישט פאַר דעם דירעקטאָר אַלברעכט, נישט פאַר דעם אַלטן הונצע. דאָס איז נישט געווען אין זייער האַנט. דאָס איז געווען געווענדט אָן די טעכטער, די זין, די איידעמס די באַראָנען. דאָס האָבן זיי געדאַרפט נישט פאַרשפּילן אַזויפיל אין קאָרטן, נישט אָנמאַכן אַזעלכע גרויסע חובות, נישט וואַרפן מיט געלט אויף אַלערליי נאַרישקייטן. הונצע האָט נישט איינמאָל געשריגן, געקלאַפּט אין טיש מיט זיין האָריקער באַלמעלאָכעשער האַנט, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. קעגן דעם האָט קיינער נישט געקאָנט זיין קיין בריה. דאָס איז געווען ווי אַ מכה, וואָס איז נישט אויסצוהיילן, נאָר צו טראָגן זי אויפן קערפּער.

די איינציקע זענען געבליבן די אַרבעטער, אויף וועלכע מען האָט גע־קאָנט שפּאָרן. זיי זענען נישט קיין סחורה, וואָס אָפּשפּאָרונגען אויף זיי דער־קענט מען. אמת, זיי נעמען נישט קיין סך, אָבער זיי זענען אַ סך, עטלעכע טויזנט, און די קאַסע איז איינע. ווען יעדער פון זיי וועט נאָר קריגן עטוואָס וויניקער, וועט עס אין סך־הכל אויסמאַכן אַ היפּשע סומע. אין פאַרלויף פון איין איינציק יאָר סך־הכל וועלן זיך די לעכער אויסגלייכן. עס איז געזונט פאַר דער פאַבריק, ווען זי וועט נישט אָנקומען צו קיין זייטיקע מיטלען, ווען זי וועט אַליין קומען צו זיך. די, וואָס וועלן נישט וועלן, וועלן זיך קאָנען גיין. ס׳פעלן נישט קיין בעלנים איצט צו גיין אין פאַבריק. יעדן טאָג שטייען פויערים און פויערטעס, וואָס קומען פון די דערפער אין שטאָט אַריין זוכן אַרבעט. זיי זענען גרייט צו אַרבעטן פאַר גראָשנס, איבערהויפּט די דאָרפישע מיידלעך, וואָס די עלטערן קאָנען זיי נישט אויסהאַלטן אויף דער מאַגערער ערד. זיי זענען די בעסטע אין אַ פאַבריק. זיי אַרבעטן גאָרנישט ערגער פון די מאַנסבילן. די מאַשינען אַרבעטן אַליין, זיי דאַרפן בלויז העלפן, און העלפן זענען אַמבעסטן די ווייבערשע. זיי פאַר־לאַנגען גראָשנס, די יונגע פויערטעס, זענען אונטערטעניק, טרינקען נישט און טוען זייער אַרבעט פּינקטלעך.

אַלברעכט איז געקומען צום געדאַנק, אַז גלייך צומאָרגנס וועט ער פאַר־אָרדענען די מייסטערס, זיי זאָלן זען וואָס מער אַרויסשטויסן די מענער און

אויף זייער אָרט צונעמען פרויען, איבערהויפּט יונגע מיידלעך. וואָס ייִנגער אַלץ בעסער.

נאָכדעם האָט אַלברעכט אויך געענדערט דעם ביז־איצטיקן לוין און אַראָפּגענומען פון אים גאַנצע פופצן פּראָצענט. דאָס האָט אויסגעמאַכט פאַרן יאָר פונקט אַזויפיל, וויפיל עס האָבן באַטראָפן די לעכער אין הונצעס יער־לעכע דיווידענדן, וואָס זענען געקומען צוליבן טיטול באַראָן, וואָס דער פּיעטראָ־קאָווער גובערנאַטאָר האָט אויסגעאַרבעט אין פּעטערבורג.

— שטימט, אַלברעכטכען, האָסט גאָלד אים מונדע, — האָט אים הונצע צוגעוואָרפן אַ קאָמפּלימענט צוזאַמען מיט אַ מתנה.

— צוליב דעם, וואָס מען האָט מיר געמאַכט איצט אַ נייע קאַרעטע מיט אַ הערב, — האָט הונצע געזאָגט, — וועל איך דיר, אַלברעכטכען, שענקען מיין פריערדיקע קאַרעטע מיט די פערד, געשפּאַן און קוטשער. ביסטו צו־פרידן ?

— דאַנקע, הער באַראָן ! — האָט אַלברעכט געזאָגט, בויגנדיק אומגע־שיקט זיין ריזיקן קערפּער, וואָס שטולן ברעכן זיך אונטער זיין משא.

גלייך צומאָרגנס האָבן זיך אָנגעהויבן די ענדערונגען אין הונצעס פאַב־ריק. מען האָט וואָס מער באַזייטיקט מענער און אַוועקגעשטעלט פויערשע מיידלעך אין געבלימלטע טיכלעך אויף די קעפּ ביי די שטולן. מען האָט זיי געצאָלט אַ דריטל דערפון, וואָס די מענער האָבן געקראָגן. ביי דער פאַב־ריק־קאָסע זענען געשטאַנען לאַנגע רייען פּוילישע דאָרפס־פּויערים, וואָס האָבן אַ צייט געאַרבעט אין דער פאַבריק, און געקנייטשט נערוועז די בלויע היטלען אין די הענט, וואַרטנדיק אויף דעם לעצטן חשבון פאַר דער וואָך.

— וואוהין גיין, יעזוס ? — האָבן זיי געברומט און געקנייטשט פעסטער די היטלען, וואָס זיי האָבן שוין באַצייטנס אַראָפּגענומען פון די בלאָנדע קעפּ, כאָטש עס איז נאָך ווייט געווען צו דער קאָסע.

די פאַרבליבענע דייטשע אַרבעטער, וואָס האָבן געוואוינט אין די קאַ־זאַרמעס אויף דער פאַבריק־ערד, האָבן געשאָלטן מיט שווערע קללות אין די סחורות אַריין, וואָס זיי האָבן אויסגעוועבט.

— קרויץ־סאַקראַמענט פערפלוכט, טויפל, — האָבן זיי נישט אויפ־געהערט דרייען די קללות צוזאַמען מיט די פעדעם, אומקוקנדיק זיך מיט אומרואיקע אויגן, צי די מייסטערס דערהערן נישט.

די מייסטערס האָט מען פון לוין נישט אַראָפּגענומען, אַזוי האָט אַל־ברעכט, דער דירעקטאָר, געראַטן, און הונצע האָט זיין עצה אָנגענומען. זיי זענען דעריבער געטרייער געווען ווי שטענדיק און נאָכגעשפּיאָנירט די אַרבעטער אויף טריט און שריט. זיי האָבן געדאַרפט וואָס מער פּטור ווערן פון די מענער און אַריינציען ווייבער אויף זייער אָרט. דאָס האָט זיך געלוינט סיי פאַר דעם דירעקטאָר, סיי פאַר זיך אַליין, ווייל די פויערשע מיידלעך, וואָס האָבן קיין וואָרט דייטש נישט פאַרשטאַנען, האָבן קיינמאָל די העזה נישט געהאַט קעגנצושטעלן זיך די מייסטערס, ווען זיי האָבן זיי אין

אַ ווינקל געפּאַקט און אויף די באַלנס סחורה אַוועקגעוואָרפֿן. זיי האָבן דע־ריבער כסדר אַרומגעשמעקט, געזוכט די פּרעטענזיעס, געטשעפּעט זיך צו די אַרבעטער, כדי פֿאַר דער מינדסטער קלייניקייט געבן אַ רעכענונג צו דער קאַסע און פֿאַרבאָטן מער קומען אין דער פֿאַבריק. זיי האָבן אַרומ־געשמעקט ווי די שפּיר־הינט. די אַרבעטער האָבן דעריבער זייער שטיל געשאָלטן אין די סחורות אַריין הונצען מיט אַלע הייליקע צוזאַמען פֿאַר די פּופּצן פּראָצענט, וואָס מען האָט אַראָפּגענומען זיי פֿון לוין.

מער פֿון אַלע פֿאַבריק־מייסטערס האָבן געלעבט איצט אַ טאָג דער פֿאַבריק־דינער מעלכיאָר, דער צוואַקסענער פּאַרשוין מיט די רויט־האָריקע לאַפּעס, וואָס טראָגט אַ גרינעם יעגער־קאָסטיום און טאַפּט אַרום די אַרבעטער ביים אַרויסגיין פֿון דער פֿאַבריק, און זיין נאָענטסטער פֿריינט יאָסטעל, דער הויפּט־וועכטער פֿון פֿאַבריק־הויף, דער פֿאַרוואַלטער איבער אַלע שליס־לען, טירן און טויערן.

ביידע האָבן זיי זיך פֿאַרנומען מיט וואָוכעריי אין דער פֿאַבריק. זיי האָבן געליען די אַרבעטער קליינע סומען, פֿון אַ האַלבן רובל ביז דריי. צווישן די אַרבעטער זענען פֿיל געווען, וואָס האָבן אויסער דער שטוב אַריינגעכאַפּט אַ גלאָז ביר אין שענק, פֿאַרשפּילט אין קאָרטן אַמאָל אַ וואָך לוין, אָדער געהיים ביי אַ פֿעלדשער זיך געהיילט פֿון אַ שלעכטער קראַנקהייט, פֿון וואָס זייערע ווייבער האָבן נישט געטאָרט וויסן. דאָס איז געווען שווער אַראָפּ־צונעמען פֿון לוין, וואָס מען גיט מערסטנס אַוועק די ווייבער אויף אַ גאַנצער וואָך, און מען האָט געמוזט אָנקומען צו זייטיקע הלוואות. זיי האָבן געגעבן הלוואות, די צוויי פֿאַבריק־וועכטער, אָבער בלויז אויף איין וואָך, פֿון שבת ביז שבת, ווען מען נעמט אָפּ דעם לוין, און גענומען האָבן זיי בלויז איין צענערל פֿון אַ רובל פֿאַר דער וואָך. זיי האָבן געגעבן ניינציק קאָפּיקעס און אָפּגענומען אַ רובל.

זיי האָבן אַ סך געלט געהאַט, די צוויי וועכטער. מעלכיאָר, דער ריזיקער פּאַרשוין אין גרינעם יעגער־קאָסטיום, האָט געקריגן טרינק־געלט פֿון די רייכע אינטערעסאַנטן, וואָס זענען געקומען אין הונצעס קאַבינעט און וועלכע ער האָט זייער דינסטפֿעליק באַדינט, שטייענדיק אויסגעצויגן פֿאַר יעדן מיט די רויט־האָריקע לאַפּעס איבער די נעט פֿון די געפּאַסטע גרינע יעגער־הויזן. נאָך מער פֿלעגט ער קריגן פֿאַר צושטעלן דעם דירעקטאָר אַלברעכט אַלעמאָל נייע וועבערינס, וואָס זאָלן אויפֿראַמען אים די בחורישע וואוינונג זיינע, וואָס ער האָט ביי דער פֿאַבריק. ער האָט ליב געהאַט, דער דיקער דירעקטאָר אַלברעכט, זייער פֿרישע און יונגע מיידלעך, וואָס זאָלן אים באַדינען. מעלכיאָר, וואָס האָט געהאַט גרויס דערפֿאָלג ביי די ווייבער אין פֿאַבריק ,סיי צוליב זיין אַמט, סיי צוליב זיין גרינעם יעגער־קאָסטיום, סיי צוליב זיין צוואַקסענער מענערישקייט, האָט זייער אַ לייכטן צוטריט געהאַט צו די אַרבעטערינס. דערצו האָט ער נאָך זייער שיין געשפּילט אויף אַ קלאַרנעט ביי זיך אין שטוב. און ער האָט שטענדיק געהאַט שטיין אַ סך ווייַן פֿון דעם, וואָס איז געבליבן

ביי הונצען אין די בעכערס נאָך די בעלער. די אַרבעטערינס זענען געלאָפן צו אים.

ער האָט זיך פאַרשטאַנען אויף אַ גוטן ביסן. ער האָט אויך געקענט דעם דירעקטאָרס געשמאַק און אים שוין אַלעמאָל אויסגעקליבן אַ בייע וועבערין פון דער פאַבריק, אַוועקגענומען זי פון דער שטול און געשיקט זי אויף אַ צייט צוצוראַמען די שטובן ביים הער דירעקטאָר. די מיידלעך פלעגן שטענדיק צוריקקומען אין פאַבריק אַריין מיט בלויע צייכנס אויף די העלדזער און הענט, מיט אַ ביליק קליידל און מיט אַ רובל אין קעשענע. דער דירעקטאָר האָט געוואוסט אָפּצוצאָלן מעלכיאָרן פאַר זיין גוטן צושטעלן און פעטן געשמאַק, און אים לייטיש באַלוינט. מעלכיאָר האָט פון דעם געלט, ווי פון זיינע טרינק־געלטער, אַ סך קאַפּיטאַל געמאַכט. זיי האָבן נישט געקאָנט איבעריק גוט רעכענען, די אַרבעטער, וואָס האָבן ביי אים גענומען עטלעכע גילדן אַ וואָך אַ הלואה. עס איז פאַר זיי שטענדיק ווערט געווען צו באַצאָלן אַ רובל פאַר ניינציק קאָפּיקעס, וואָס זיי האָבן געקריגן פון מעלכיאָרן צו יעדער צייט, ווען עס איז זיי נאָר נויטיק געווען. אַז דאָס מאַכט אויס קנאַפּע פינף הונדערט פּראָצענט אַ יאָר, דאָס האָבן זיי נישט געקאַנט אויסרעכענען, נישט זיי וואָלטן געגלויבט, ווען מען זאָגט זיי דאָס. זיי האָבן גערעכנט גלייך, אויף דער וואָך.

אויף די זעלבע חשבונות האָט געגעבן דער אַלטער פאַבריק־וועכטער יאָסטעל, וואָס איז דער באַלעבאָס איבער אַלע שליסלען, טיר און טויערן פון דער פאַבריק. אויך ער האָט אין זיין אייזערנעם געשמידטן קאַסטן, אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעקריצט מיט גאָטישע בוכשטאַבן, אַז „ווער ס׳שטייט אויף אינדערפרי צו דער אַרבעט, דעם שענקט גאָט זיין גנאָד" — געהאַט ליגן אַ מטמון מיט געלט. ער האָט גענומען געלט ביי יעדן, ביי די קאָמיסיאָנערן, וואָס ער האָט זיי אַריינגעלאָזט אין פאַבריק־הויף, ביי די אָפּקויפער פון אָפּפאַל, וואָס זענען געקומען מיט גרויסע וועגן ביי די טויערן, ביי די פויערים, וואָס זענען געקומען צונעמען דאָס מיסט פון די שטאַלן, ביי די באַלעגאַלעס, וואָס האָבן אַריינגעפירט רוי־שטאָף, ביי וועמען עס האָט זיך נאָר געלאָזט, אַפילו ביי די פויערים, וואָס זענען דאָס ערשטע מאָל אַוועק פון זייער אָרעמער ערד, כדי צו ווערן פאַבריק־אַרבעטער.

פונקט ווי מעלכיאָר, האָט ער געגעבן געלט צו די אַרבעטער אויף אַ וואָך, פאַרוואָס ער האָט גענומען צען קאָפּיקעס פון רובל. אָבער גע־האַנדלט האָט ער בעסער מיט די אַרבעטערינס ווי מיט די אַרבעטער. אויך די ווייבער האָבן געמוזט אָנקומען צו לייען געלט. אַמאָל, ווייל עס האָט אויסגעפעלט אין שטוב ברויט, אַמאָל, ווייל דער מאַן האָט פאַרשיכורט אַ וואָך געהאַלט, אַמאָל, ווייל מען האָט געדאַרפט באַצאָלן דער הייבאַם, זי זאָל קאַליע מאַכן אַ קינד, וואָס מען האָט געטראָגן פון אַ זינדיקער ליבע. פאַר־שידנס האָט געטראָפן. דער וועכטער יאָסטעל האָט שטענדיק געגעבן, אָבער

גערנער האָט ער געגעבן געלט צו ווייבער ווי צו מענער, איבערהויפּט צו מאַמעס פון קליינע טעכטערלעך.

פּונקט ווי מעלכיאָר, האָט ער אויך ליב געהאַט צו האָבן ווייבער אין זיין גרויסער שטוב, וואָס ער האָט געהאַט אין אַ ווינקל פאַבריק, ביי די לאַגערס. אָבער ער האָט נישט ליב געהאַט קיין דערוואַקסענע ווייבער, וואָרעם ער איז געווען אַלט און ער האָט קיין ווייבער שוין נישט געדאַרפט. ער האָט בלויז ליב געהאַט זיך שפּילן מיט יונגע מיידלעך, וואָס פאַרשטייען נאָך גאָרנישט און וואָס פאַר אַ צוקערל קושן זיי אַן אַלטן גוטן זיידעשי און שפּילן זיך שיין. נישט אַלע מאַמעס האָבן געוואָלט שיקן זייערע מיידלעך צו יאַסטלען לייען געלט, אָבער געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געשיקט, אַן דעם וויסן פון די מאַנען. זיי האָבן נאָך געדענקט זייערע אייגענע קינדערשע יאָרן, ווען כמעט יעדער פון זיי איז אויסגעקומען זיך אַמאָל צו טרעפן מיט אַזאַ סאָרט זיידעשי אָדער פעטער, צי עס איז געווען אַ לערער פון דער דאָרפישער שולע, צי אַ סוחר פון אַ קראָם, וואָס פלעגט געבן צוקערלעך דערפאַר. נישט איינמאָל פלעגן זיי עס דערציילן שפּעטער צווישן שכנות מיט אַ געלעכטער וועגן די נאַרישקייטן. זיי האָבן געוואוסט, אַז זיי האָט עס נישט געשאַדט, אַז זיי האָבן יאַקאָש שפּעטער חתונה געהאַט, געבאָרן קינדער און זייער גוטע ווייבער געווען. און זיי האָבן געשיקט די מיידלעך נאָך הלוואות צום גוטן פעטער יאַסטעל, אָנגעזאָגט די טעכטערלעך, זיי זאָלן זיין אַרטיק, פאָלגן און גאָרנישט דערציילן קיינעם. יאַסטעל האָט גערן געשיקט דערנאָך הלוואות צו די מוטערס, צוזאַמען מיט ביליקע פאַרביקע צוקערלעך. און אָפּטמאָל קיין גראָשן פּראָצענט נישט גענומען, אָפּגענומען אַ רובל פאַר אַ רובל.

איצט, ווען אין פאַבריק זענען אַרויסגעהאַנגען געוואָרן מעלדונגען, אַז מען נעמט אַראָפּ פּופצן פּראָצענט פון לוין ביי די אַרבעטער, זענען די געשעפטן זייער גוט אַוועק ביי די צוויי וועכטער. אין די קאַזאַרמעס ביי דער פאַבריק, וואו די אַרבעטער האָבן געוואוינט, איז געווען אָרעמקייט און מחלוקות. די ווייבער האָבן נישט געקאָנט מער שמעלצן די זופּן, גע־קאָכט כסדר די זעלבע הירזש מיט קאַרטאָפל, פון וואָס די מענער זענען געווען הונגעריק און בייז. פאַר כעס האָבן זיי געשלאָגן די ווייבער און די קינדער און געטרונקען אין שענקען. די ווייבער האָבן געזוכט אַ זייטיקן גילדן אין ליבע און אַרומגעפירט זיך מיט די וועבער, די בחורים, וואָס האָבן געוואוינט ביי זיי אין די קיכן. קינדער, אין בעסטן וואָקסן, זענען אָפּגעריסן געוואָרן פון די שפּילערייען און אַריינגעשטעלט געוואָרן אין די פאַבריקן, כדי אַהיימצוברענגען עטלעכע גילדן אַ וואָך.

דער פאַבריק־פּאַסטאָר איז אַן אָפטער גאַסט געוואָרן אין די אַרבעטער־קאַזאַרמעס. ער איז כסדר געקומען אַרויסבאַגלייטן מיט תפילות צו זייער אייביקער רו וועבערישע קינדער. פאָליציי איז אָפט געקומען זוכן געגנבעטע הינער און חזירימלעך, וואָס זענען ביי די שכנים פויערים פאַרלוירן גע־

גאַנגען. אַפילו הינט האָבן גענומען פאַרלאָרן גיין. מען האָט געמורמלט אין שטאָט, אַז די וועבער כאַפּן זיי און מאַכן פון זיי פליייש אויף זונטיק.

מער ווי שטענדיק האָבן די וועבער איצט גענומען הלוואות ביי די צוויי פאַבריק־וועכטערס. צוליב דעם גרויסן געברויך האָבן די וועכטערס געהעכערט דעם פּראָצענט אויף נאָך עטלעכע גראָשן. דער צוואָקסענער מעלכיאָר האָט נישט אויפגעהערט פריילעך שפּילן אויף זיין קלאַרנעט פאַר די שענסטע מיידלעך, וואָס זענען זיך צונויפגעקומען אין זיין שטוב, וואו עס איז געווען אָנגעשטעלט מיט ווייַנען, שיריים נאָך די בעלער ביי הונצען. דער אַלטער יאָסטעל האָט זיך געלאָזט וואוילגיין מיט די קליינע מיידעלעך, וואָס זענען כסדר געקומען בעטן הלוואות פאַר די מוטערס.

די פאַבריק האָט געאַרבעט שנעל, גיך, זי האָט פאַרשטופּט די לעכער, וואָס זענען געווען אין בודזשעט, געזונט זיך געמאַכט אַליין, אָן זייטיקע מיטלען, ווי דער דירעקטאָר אַלברעכט האָט עס אויסגערעכנט.

— צום יאָר וועט עס זיין אויסגעגלייכט, — האָט אַלברעכט באַרימט זיך פאַר זיין באַלעבאָס, — פּילייכט נאָך פריער, הער באַראָן...

— דו ביסט שלאו, אַלברעכטכען, — האָט אים הונצע געלויבט און אים מכבד געווען מיט אַ ציגאַר. — זאָלסט מיר נאָר נישט די קאַרעטע צע־ברעכן מיט דיין שווערן הינטן...

— אָ, דאָס טו איך ניכט, הער באַראָן, — האָט דער דירעקטאָר גע־ענטפערט, קוועלנדיק מיט אַלע פעטסן פון זיין גרויסן קערפּער איבער דעם באַלעבאָס' וויץ.

## קאַפּיטל זעקס און צוואַנציק

שנעלער ווי די הונצעס זיך, די יונגע באַראָנען, האָבן דערוואַרט, איז דער פאָטער זייערער, דער אַלטער שייסער, ווי זיי האָבן אים גערופן, אַוועק פון דער וועלט און איבערגעלאָזט זיי באַצייטנס די גרויסע ירושה צוזאַמען מיט דעם באַראָנען־טיטול.

ווי לאַנג ער איז אַרומגעקראָכן אין די ברייטע טאָרביקע הויזן איבער דער פאַבריק, אומעטום אַריינגעשטעקט די אַלטע בלויע אויגן, אומעטום אַריינגעשטופּט די טויבלעכע אויערן, גענישטערט, געשמעקט, געטאַפּט די סחורות, פּרובירט מיט די פינגער די פאַרבן, געבלאָנדזשעט אין די חשבונות, געזאָגט דעות אין די צייכענונגען, אויסגעבעסערט די אינזשיניערן די פּלענער, געדונגען זיך מיט סוחרים, געפּיפּקעט די ליולקע, געזידלט, גע־וואָרטשעט, גערעדט אין אַלטן פּאָלקס־דייטש, געוויצלט זיך מיט די מייס־טערס, אויפגעשטאַנען פאַרטאָג, גלייך מיטן ערשטן פאַבריק־פייף צו דער אַרבעט און אַוועק פון דאָרט דער לעצטער, אַזוי לאַנג איז ער געווען געזונט און פריש. קיין שום קראַנקהייט האָט אים נישט גענומען.

דאָקטוירים האָבן אים געוואָרנט, אַז ער טאָר נישט אַרומקריכן טאָג און נאַכט איבער די קאַלטע שטיינערנע פּאָדלאָגעס פון די פאַבריק־זאַלן, ווייל ביי דער עלטער זיינער קאָן ער גרינג כאַפּן אַ רומאַטיזם, אַז דער שטויב פון די ביינוולען פרעסט אים אויף די לונגען, אַז די פּאַרעס פון די פאַרבעררייען לייגן זיך שווער אויפן האַרצן, אַז דער רויש פון די מאַשינען פטרט אים די נערוון, אַז דאָס שטענדיק אַרומקריכן אויף די פיס מאַכט אים מיד און שוואַכט אים אָפּ, איבערהויפּט זומער. זיי האָבן אים שטענדיק געוואָרנט, ער זאָל אַרויספאָרן אין די אייגענע גיטער אויף לופט, אין די אויסלענדישע וואַרעמבעדער צו די קוואַלן, אָבער ער האָט נישט געוואָלט הערן.

— קוואַטש, — האָט ער געענטפערט, — ניקסט וויסן זי, די ערצטע.

וואָס עלטער ער איז געוואָרן, וואָס מער ער איז אַרומגעקראָכן איבער דער גרויסער פאַבריק, אַלץ געזינטער און פרישער האָט ער זיך געפילט. בלויז די אויערן האָבן אים אינגאַנצן נישט געדינט. ווייטער האָט ער קיין שום זאַך נישט געפילט. איצט, ווי נאָר ער איז געוואָרן באַראָן און די קינדער האָבן אים מער נישט געלאָזט קומען אין פאַבריק, נישט געלאָזט רויכערן די ליולקע, נאָר האַוואַנאַ־ציגאַרן, אָפּגעהיט אים און אים געפירט צו דאָקטוירים און וואַרעמבעדער, זענען אַלע שוואַכקייטן פון דער עלטער אַרויסגעקראָכן פלוצלונג און אים די אַלטע ביינער ווי מיט רייפן אַרומגענומען. אים האָט געבראָכן אין די געלענקען, די פיס האָבן גענומען געשוואָלן ווערן, די הויט האָט זיך שטאַרק געטריקנט, דער רוקן־ביין האָט ווי געטאָן. מער פון אַלעם האָט אים גענומען שמערצן דער קאָפּ. אָפט איז ער גאָר אַנדרימלט געוואָרן אינמיטן רעדן, אָדער פאַרגעסן וואָס ער וויל זאָגן.

— אָ, דו האַנסוואורסט, — האָט ער געזידלט און געברומט בייז, — פאַרוואָס רייסט מען מיר איבער אין מיטן רעדן?

— אָבער אום גאָטעס ווילן, — האָבן זיך די מענטשן פאַרענטפערט, — קיינער האָט דעם הער באַראָן נישט איבערגעריסן.

— דאָך, צום טייפל! — האָט זיך דער אַלטער איינגעשפּאַרט. — שטענדיק רייסט מען מיך איבער.

ער איז געוואָרן אין שטוב אומדערטרעגלעך. ער האָט די דינער פאַר־מאַטערט, דאָס אייגענע ווייב באַליידיקט, געוואָרפן גלעזער און טעלער אין דער ערד און נישט אויפגעהערט שפּייען, ווי אין די גאָר אַלטע צייטן, אויף די פערסישע טעפּעכער און די טיגרישע פעלן, וואָס זענען אויסגע־לייגט אויף די דילן. אין די ערשטע צייטן האָט ער זיך נישט געלאָזט באַ־הערשן פון דער קראַנקהייט. פול מיט ווייטיקן, מיט ברעכנדיקע ביינער און מאַכטלאָזע פיס, האָט ער זיך געשלעפּט איבער די ריזיקע פאַבריק־האַליעס, אומעטום געזאָגט דעות, געברומט, געבייזערט זיך, דערגאַנגען די יאָרן און אַלץ געהאַלטן אויפן אויג, ווי אין די אַלטע גוטע צייטן.

— הער באַראָן, — האָט אים אַלבערכט, דער הויפּט־דירעקטאָר, גענומען פֿאַר די הענט, — מיר ווען אַלץ אַליין באַזאָרגן, זאָל דער הער באַראָן גיין אין בעט.

— האַלט דען שנאַוץ! — האָט דער אַלטער הונצע געזידלט. — איך בין געזונט, און האַלט מיך נישט אונטער!

אָפּטמאָל פֿלעגן אים די דאָקטוירים מיט די קינדער אַריינלייגן מיט געוואַלט אין בעט אַריין. אָבער ער האָט נישט געוואָלט נעמען קיין מעדיצינען, אויסגעגאָסן זיי די דאָקטוירים אין די אויגן אַריין, און כסדר געהאַט צו טאָן מיט דער פֿאַבריק אין קראַנקן־בעט. צו אים צום בעט האָבן געמוזט קומען די צייכענער מיט זייערע נייעסטע מוסטערן, די כעמיקער מיט די פֿאַרבן, די אינזשעניערן מיט די פּלענער, די דירעקטאָרן מיט זייערע האַנדלס־אָפּמאַכן. אָפּטמאָל האָט ער געדרייט אַ קאָפּ, געזאָגט זאַכן, וואָס האָבן קיין זין נישט געהאַט, געשטערט אין דער אַרבעט. אָבער מיט אַמאָל פֿלעגט ער גאָר ווערן פֿריש און קלאָר און זאָגן זאַכן, פֿון וואָס די מענטשן האָבן געשטוינט. פֿון צייט צו צייט האָט ער זיך מיט כּוח אַרויסגעריסן פֿון בעט־געוואַנט, אָפּגעשטויסן פֿון זיך די ווייסע קראַנקן־שוועסטער מיט די דאָקטוירים און אין שטעק־שיך און אין שלאָפֿראָק, מיט אַ שטעקן אין האַנט, געלאָזט זיך צו דער פֿאַבריק. אַ מורא פֿלעגט דעמאָלט אָנפֿאַלן אויף אַלע מענטשן אין דער פֿאַבריק. ער פֿלעגט שרייען, טומלען, מאַכן סקאַנדאַלן, אַז אָן אים מאַכט מען פֿון אַלץ אַ תּל, אַז ס'איז אויף קיינעם זיך נישט צו פֿאַרלאָזן.

— האַלט! — האָט ער געשריגן, — אָפּהאַלטן די מאַשינען! ווער האָט געלאָזט די מאַשינען אָן מיין דערלויבעניש?

די מענטשן האָבן געוואוסט, אַז ער ווייסט נישט וואָס ער רעדט, אָבער קיינער האָט נישט געוואַגט אים זיך קעגנצושטעלן. אין דער אַלטקייט, צעבראָכנקייט און משוגעת, איז ער נאָך געווען דער הערשער איבער אַלעם. און אַז די קינדער האָבן אים מיט געוואַלט אַריינגעלייגט אין בעט און נישט אַרויסגעלאָזט, פֿאַרשלאָסן די טירן פֿאַר אים, פֿלעגט ער זיך וואַרפֿן, רייסן די וועש, שליידערן די קישנס און אַמפּערן זיך, ווי אַ פֿאַרוואונדעטע חיה אין שטייג.

— די מענטשן זאָל מען מיר ברענגען! — האָט ער געשריגן און געשוימט פֿאַר כּעס. — פֿאַרוואָס רופֿט מען מיר נישט מיינע מענטשן אַהער. איך מוז זיי געבן באַפֿעלן!

די זין האָבן די מענטשן נישט צוגעלאָזט. זיי האָבן געוואוסט, אַז זיינע טעג זענען געציילטע און זיי האָבן נישט געוואָלט צולאָזן קיינעם צו אים. זיי האָבן געהאַלטן די טירן פֿאַרשלאָסן. זיי האָבן געקענט דעם פֿאָטערס אומגעצוימטן ווילקיר, זיינע הערשערישע אויסברוכן, און זיי האָבן מורא געהאַט, ער זאָל נישט אָפּטאָן עפּעס קיין שלעכטס פֿאַר זיין טויט. איבערהויפּט האָבן זיי מורא געהאַט, ער זאָל נישט עפּעס מאַכן קיין ענדערונג

אין זיין צואה. דער אַלטער האָט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס די זין לאָזן צו אים קיינעם נישט צו, און ער האָט געברענט פון צאָרן.

— מערדער, — האָט ער געשוימט, ווען זיי זענען צו צו זיין בעט און אים געוואָלט איינגעבן עפּעס, — אַוועק פון מיין בעט, איר ווילט מיך פאַר־גיפטן!

אין די נעכט פלעגט ער ווערן ווילד פון ווייטיק. ער פלעגט וואַרפן אין די וועכטער, וואָס נאָר אים איז געקומען אונטער דער האַנט און נאָר גע־ריסן זיך אין דער פאַבריק.

— היינצכען, — האָט די אַלטע פרוי אים געבעטן, — היינצכען, וואו ווילסטו גיין?

— פאַרברענען די פאַבריק! — האָט ער געענטפערט, — איך וויל גאָרנישט איבערלאָזן נאָך זיך; זאָל אַלץ אַוועק מיטן רויך.

און מיט אַמאָל פלעגט ער גאָר אַריינפאַלן אין אַן אַפּאַטיע, נישט רעדן קיין וואָרט, נישט רירן מיט קיין אבר, און אַפילו אָפּטאָן מענטשלעכע געברויכן אין בעט, ווי אַ קליין קינד. פּונקט אַזוי האָט ער געוויינט ווי אַ קינד און געלאָזט מיט זיך טאָן, וואָס אימיצער האָט געוואָלט.

אין דער לעצטער נאַכט, ווען דער סוף איז געווען נאָענט, האָבן די דאָקטוירים געהייסן אָפּשטעלן די פאַבריק, קיין שום רעש און טומל זאָל זיך פון דאָרט נישט דערטראָגן. אָבער דער אַלטער הונצע האָט מיט זיינע טויבלעכע אויערן אויפגעכאַפּט די שטילקייט און זיך אויפגעריסן פון קישן.

— פאַרוואָס אַרבעט נישט די פאַבריק? — האָט ער געפרעגט מיט אומרו. — היינט איז דאָך נישט פייערטאָג.

די דאָקטוירים האָבן אים קלאָר געמאַכט זיין צושטאַנד.

— גוט, איך וועל שטאַרבן, — האָט ער געזאָגט, — נאָר איך וויל הערן די פאַבריק אַרבעטן. אַנדערש וועל איך נישט קאָנען רואיק שטאַרבן.

מען האָט אים געפאָלגט. די סירענעס האָבן גענומען פייפן מיט באַ־נומענע קולות, די מאַשינען זענען געלאָזט געוואָרן אין גאַנג. דער קראַנ־קער האָט אויסגעשפּיצט די אויערן, צוגעהערט זיך. אַ קרומער שמייכל האָט זיך צעגאָסן אויף זיין פּנים און פאַרגליווערט געוואָרן אויף אייביק.

די זין האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צום טויטנס בעט אויף די קני, אַ ווײַלע געקניט, באַלד אויפגעהויבן זיך, אויסגעגלייכט די קנייטשן פון די הויזן און אַריין צו זיך אין די שטובן.

— נאָ, ענדלעך! — האָבן זיי אָפּגעאָטעמט, ווי אַ שווערע משא וואָלט זיי אַראָפּ פון די אַקסלען, און גערופן צו זיך דעם דירעקטאָר אַלברעכט, ער זאָל באַזאָרגן אַ שיינע לויה, ווי פאַר דעם באַראָן היינץ הונצע פּאַסט.

אַלע קוימענס, וויפיל נאָר די פאַבריק האָט געהאַט, האָבן שעהן לאַנג גערופן מיט באַנומענע קולות איבער דעם פאַררויכערטן לאָדזש וועגן דעם טויט פון דעם מאַנופאַקטור־קעניג.

גלייך נאָך דער לויה, אויף וועלכע די יונגע באַראָנען האָבן זיך זייער געלאַנגווייליקט, סיי פון דעם געמאַכטן טרויער זייערן, סיי פון די פיל הויכע טרויער־רעדעס, מיט וועלכע זיי האָבן זיך געמוזט אָנהערן, האָבן זיי געלאָזט רופן צו זיך דעם דיקן דירעקטאָר אַלברעכט און אים פאַראָרדנט צו מאַכן ענדערונגען אין אַלעם, אין וואָס דער פאָטער זייערער האָט זיך געהאַלטן און וואָס עס איז נישט צוגעפּאַסט פאַר דער נייער צייט. אַלץ איז געוואָרן געענדערט, פון די שווערע מעבלען אין פאָטערס קאַבינעט, אין וועלכע די זין האָבן איצט געדאַרפט זיצן, ביז די מענטשן אין דער פאַבריק.

— יוגנט, יוגנט אַריינפירן! — האָבן די זין געגעבן באַפעלן. גענוג זיך געהאַלטן דאָ מיטן אַלטוואַרג. מיר ווילן נישט האָבן קיין מושב־זקנים.

צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע מענטשן, וואָס זענען פאַרביטן געוואָרן מיט יינגערע און מאָדערנערע, איז אויך פאַרביטן געוואָרן דער גענעראַל־פּאַרטרעטער ר׳ אברהם הערש אַשכּנזי, וואָס האָט יאָרן לאַנג געהאַלטן זיין לאַגער אויף דער פּיעטראָקאָווער גאַס, און אויף זיין אָרט איז אַריינגענומען געוואָרן זיין זון שמחה מאיר. דאָס איז געווען אַ באַלוינונג פאַר זיין אויסלייען געלט צו די יונגע הונצעס, ווען זיי האָבן געדאַרפט קריגן דעם באַראָנען־טיטול.

נישט ווי זיין מחותן ר׳ חיים אַלטער האָט ר׳ אברהם הערש אַשכּנזי אויפגענומען די מלחמה קעגן זיין זון, וואָס האָט אים אויף די עלטערע יאָרן אַרויסגעוואָרפן פון זיין געשעפט.

זייער רואיק האָט ער אויסגעהערט דעם דיקן דירעקטאָר אַלברעכט, וואָס איז פאַרפאָרן אין דער קאַרעטע צו זיין לאַגער, כדי אים איבערצוגעבן די בשורה.

— טוט מיר זייער לייד, הער אַשקענאַזי, — האָט דער דיקער דירעקטאָר געזאָגט אַ מידער, ווי שטענדיק, — אָבער די יונגע באַראָנען ווילן מער די עלטערע מענטשן ביי זיך נישט האָבן. זיי גלויבן, אַז אייער זון וועט בעסער מאַכן.

— קהלת, וואָס איז שלמה המלך, — האָט ר׳ אברהם הערש געזאָגט אין יידיש צום דייטש, — האָט געזאָגט, אַז פאַראַן אַ צייט צו פלאַנצן און אַ צייט אַרויסצורייסן, אַ צייט צו בויען און אַ צייט צו פאַרוויסטן. קיין זאַך ווערט נישט געטאָן אָן גאָט, אַפילו אַ קראַץ אין נאָגל, הער דירעקטאָר.

— יאָ, איצט וועט קומען די ריי אויף מיר, הער אַשקענאַזי! — האָט דער דיקער דירעקטאָר געזאָגט אַ טרויעריקער. — ניכטס צו מאַכן.

ביידע עלטערע מענער האָבן זיך געגעבן די הענט שווייגנדיק.

ר׳ אברהם הערש האָט אין אָרדענונג געבראַכט די פּאַפּירן, די קאַסע־שטיל, אָן רייסענישן, דין־תורהס, אָן לאָדענישן ביי רבנים אָדער סוחרים, איז ער אַרויס פון זיין לאַגער און איבערגעשיקט די שליסלען צום דירעקטאָר אין פאַבריק. בלויז די גמרא, וואָס ער האָט געהאַט אין קאַנטאָרל, האָט ער מיטגענומען מיט זיך. ער האָט אויך געטראַכט וועגן אַראָפּנעמען די מזוזות

פון די טירן, אָבער ער האָט זיי איבערגעלאָזן. ער האָט זיי געקושט צום לעצטן מאָל און געזעגנט זיך מיט די מענטשן.

— זייט געזונט, יידן, — האָט ער געזאָגט צו די משרתים און געגעבן זיי די האַנט.

די מענטשן האָבן געוויינט. נאָר ער אַליין האָט קיין טרער נישט געלאָזט.

גלייך צו מאָרגנס האָט שמחה מאיר געבראַכט אַרבעטער און געהייסן זיי רעמאָנטירן אַלץ פון קאָפּ ביז די פיס. אַפילו גאַז־באַלויכטונג, וואָס האָט נאָר־וואָס געוויזן זיך אין לאָדזש און געברענט בלויז אין די פּאַלאַצן, האָט ער געלאָזט אַריינפירן. אויף די נייע גרויסע שילדן, אויף וועלכע עס זענען שוין געווען אויך אויסגעמאָלט איצט די פאַבריק־מאַרקע, די צוויי נאַקעטע בערדיקע גערמאַנער מיט פייגנבלעטער אויף די לענדן, איז מיט גאָלדענע בוכשטאַבן אין דריי שפּראַכן, דייטש, רוסיש און פּויליש געווען אָנגעגעבן, אַז דער גענעראַל־פאַרטרעטער פון דער הונצע עט געצקע מאַנופאַקטור איז מ אַ ק ס  אַ ש כּ נ ז י .

דער זעלבער נייער פּרעמדער נאָמען איז געווען אָפּגעדרוקט אויף אַלע פירמע־פּאַפּירן.

אַז דער ברודער זיינער, יעקב בונם, האָט זיך דערוואוסט אין וואַרשע, וואָס שמחה מאיר האָט געטאָן מיטן פאָטער, איז ער גלייך געקומען צו פאָרן קיין לאָדזש און פון דער באַן זיך געלאָזט צו שמחה מאירן אין געשעפט.

— דער הער מאַקס אַשכּנזי איז באַשעפטיקט, — האָט אַ מאָגער, דייטש־געקליידעט משרתל פאַרהאַלטן יעקב בונמען.

יעקב בונם האָט אים אָפּגעשטויסן און אויפגעריסן די פּריש־געפאַרבטע טיר פון זיין פאָטערס קאַנטאָרל.

— שלום עליכם, יעקב בונם, — האָט שמחה מאיר אים אויסגעשטרעקט אַ האַנט.

יעקב בונם האָט נישט צוריקגעגעבן קיין האַנט.

— וואו איז דער טאַטע ? — האָט ער געפרעגט.

— השומר אחי אנכי ? — האָט שמחה מאיר געזאָגט מיט אַ פּסוק, וואָס קין האָט געענטפערט, ווען גאָט האָט אים געפרעגט, וואו זיין ברודער הבל איז.

יעקב בונם האָט זיך דערנענטערט צו זיין ברודער. שמחה־מאיר האָט זיך אָפּגערוקט הינטערן שרייבטיש און... איז צו דער וואַנט. יעקב בונם איז אים נאָכגעגאַנגען.

— דערויף האָסטו ביי מיר גענומען געלט, אויף אַרויסוואַרפן דעם טאַטן אויף די עלטערע יאָרן ? — האָט ער אים אַריינגעשיפּעט די ווערטער גלייך אין מויל אַריין.

שמחה מאיר איז בלאַס געוואָרן. ער האָט גענומען שטאַמלען :

— דיין געלט איז קוראַנט... בלי נדר...

יעקב בונם האָט אויפגעהויבן די האַנט און גענומען פּאַטשן איבער שמחה מאירס באַצייטנס־צוגעשוירענע באַקן אויף רעכטס און לינקס.

— נאַ דיר פאַרן טאַטן, — האָט ער געשיפּעט און געפּאַטשט.

שמחה מאיר האָט זיך נישט געוועהרט. ער האָט בלויז אויפגעהויבן דאָס היטל, וואָס איז אים אַראָפּגעפאַלן פון קאָפּ, און אָפּגעווישט די פאַרפלאַמטע באַקן.

— ווּעסט מיך נאָך געדענקען! — האָט ער געדראָט מיט אַ פינגער נאָך דעם האַסטיק אַרויסלויפנדיקן ברודער. — וואַרט, וואַרט! און פון דיין געלט ווּעסטו אָט דאָס זען! — האָט ער געשריגן נאָכווייזנדיק אים אַ פייג.

פאַר כעס האָט ער גענומען שרייען אויף די משרתים, וואָס האָבן זיך אַרום אים געשטופּט.

— צו דער אַרבעט! — האָט ער גערופן צאָרנדיק. — וואָסער געשטייערײ איז דאָ?

די מענטשן האָבן זיך פאַררוקט אין די ווינקעלעך.

שמחה מאיר האָט, גלייך ווי גאָרנישט, גענומען זיך צוריק צו די ביכער. ער האָט אַלץ איבערגעקערט אין געשעפט, גאָרנישט איבערגעלאָזט פון אַלטן.

צוזאַמען מיט דעם אַלטן נאָמען זיינעם, — שמחה מאיר — האָט מאַקס אַשכנזי אַרויסגעוואָרפן זיינע פריערדיקע חסידישע קליידער און אָנגעטאָן זיך קורצע מלבושים. ער האָט אָפּגעגאָלט זיין בערדל, איבערגעלאָזט דערפון קוים אַ קליין שפּיצעלע אויפן קין. דערנאָך האָט ער פאַרביטן דעם פאָטערס חסידישע משרתים אויף קורץ־געקליידטע דייטש־רעדנדיקע יונגעלייטלעך. ער האָט אויסגעביטן די לייכטע פּאַפּיראָסן אויף שווערע סאָלידע ציגאַרן און זיין יידיש — אויף לאָדזשער גרייזיקן דייטש. בלויז געלט האָט ער געציילט אין יידיש, כדי נישט צו מאַכן קיין טעות.

ר׳ אברהם הערש האָט, הערנדיק די שלעכטע בשורה, אויסגעטאָן די שטיוול פון די פיס און געריסן קריעה אין דעם לאַץ פון זיין קאַפּאָטע. ער האָט געהייסן לאה שרהן דער דינסט אַריינברענגען אים אַ קליין בענקעלע און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט דערויף שבעה נאָך זיין זון, וואָס איז אַוועקגעגאַנגען פון יידישקייט, וואָס איז אַזוי גוט ווי ער וואָלט געשטאָרבן.

ער האָט געלערנט דאָס ספר איוב.

סוף פון ערשטן טייל

אין צאַרישן הויף אין פּעטערבורג איז געווען אומרואיק און קריגעריש.
נאָך דעם ווי רעוואָלוציאָנערע סטודענטן האָבן אויפגעריסן מיט אַ באָמבע דעם רוסישן צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, דעם באַפרייער פון דער פּויערי־שער לייב־שקלאַפעריי און דעם אָנהענגער פון ליבעראַליזם, האָבן צוויי פּאַר־טייען אין הויף גענומען אין די הענט אַריין דעם נייעם רוסישן צאַר אַלעק־סאַנדער דעם דריטן.

די ליבעראַלן האָבן געראָטן דעם צאַר צו גיין אין זיין פּאָטערס וועגן, פירן אַ נאָך מער ליבעראַלע פּאָליטיק, וואָס דאָס וועט צוציען צו אים דאָס פאָלק און אָפּשוואַכן די רעוואָלוציאָנערע שטימונג. די רעאַקציאָנערן מיט פּאָביעדאָנאָסצעוון אָן דער שפּיץ האָבן גערופן דעם נייעם צאַר צו זיין שטרענג און האַרט און אויסצוראָטן אַלע שונאים פון דער מאָנאַרכיע און דער פּראַוואָסלאַוויע. דער מיניסטער גראַף איגנאַטיעוו איז געווען פון די ליבעראַלן. אָבער ער האָט אַ ברייט לעבן געפירט, אַ סך מער געלט אויס־געגעבן ווי זיינע גיטער האָבן אים אַריינגעבראַכט, און ער האָט די פּעטער־בורגער יידישע מיליאָנערן גערופן צו זיך און פאָרגעלייגט, אַז די יידן זאָלן אים געבן אַ האַלבן מיליאָן רובל, וועט ער דערפאַר בלייבן ווייטער ליבעראַל און שטיצן די יידן אין הויף. אויב נישט, וועט ער אַריבערגיין צו פּאָביע־דאָנאָסצעוון.

די יידישע מיליאָנערן האָבן אים אַזאַ סומע, כאָטש אַ גרויסע, געקאָנט שאַפן. אָבער זיי האָבן מורא געהאַט צו גיין אויף דעם וועג. ווייל אויב מען וועט איינמאָל געבן, וועלן די הויפישע לייט כסדר צאַפּן געלט און דראָען מיט באַרויבן יידן זייערע קליינע רעכט. אויך די רבנים האָבן אַזוי געהאַלטן. פאַר כעס איז דער גראַף אַריבער אויף פּאָביעדאָנאָסצעווס זייט און געפּועלט ביים צאַר, מען זאָל אַרויסטרייבן די יידן פון מאָסקווע.

די מאָסקווער יידן זענען אין די טויזנטער אַרויסגעשיקט געוואָרן פון שטאָט צוזאַמען מיט זייערע ווייבער, קינדער און געשעפטן. טייל פון זיי זענען געפאָרן קיין אַמעריקע. אָבער די מערהייט איז געפאָרן נעענטער, אין אייגענעם לאַנד, אין פּוילן, קיין וואַרשע, און נאָך מער קיין לאָדזש, אין דער שטאָט פון אינדוסטריע און האַנדל.

מיט אַ סך מעבלען, בעטגעוואַנט, שבתדיקע לייכטער, אייזערנע קאַסעס, גרויסע סאַמאָוואַרן און רוסישע „שטשאָטס" צו רעכענען, זענען זיי קיין לאָדזש געקומען און זיך באַזעצט אין דער האַנדלסגעגנט, אויף דער פּיעטראָקאָווער אויף ווסכאָדניע, פּאָלודניאָווע און די אַרומיקע גאַסן. גלייך האָבן זיי גע־

שעפּטן, אַגענטורן, קאָמיסיאָן־הייזער פאַרלייגט און אַ סך רוסישע סוחרים אין דער פּוילישער שטאָט אַריין אַראָפּגעצויגן. אין שטאָט איז באַלד ענג געוואָרן פון די נייע, פרעמדע לייט, וואָס די לאָדזשער האָבן זיי גערופן „ליטוואַקעס". זיי האָבן אָפּגעדונגען אַ סך וואוינונגען, אויסגעדונגען די גרעסטע געוועלבער. ברייטע, געוואוינט צו מאָסקווער רחבות, צו וואַרפן מיט אַ רובל, האָבן זיי אַוועקגעזעצט זיך אין די בעסטע הייזער, פאַרלייגט געשעפטן אין די אָנגעזעענסטע געוועלבער. דערפון איז געוואָרן אַ יקרות אויף דירות, אַן אויסכאַפּעניש אויף געוועלבער. אויך האָבן די ווייבער זייערע זיך נישט געדונגען אין די שפּייז־קרעמלעך, נישט געקאַרגט אויף די פיש־מערק און אין די יאַטקעס. גענומען האָבן זיי אַלץ אַ סך. די קרעמער, די קצבים און די פּישערקעס זענען דעריבער שטאַרק צעלאָזן געוואָרן, געקריגן געשמדטע העלדזער און גאָר מיט קיין היימישער באַלעבאָסטע קיין גוט וואָרט נישט געוואָלט אויסרעדן. דאָס האָט די לאָדזשער זייער בייז געמאַכט אויף די פרעמדע.

נאָך מער האָט פאַרדראָסן זייער גויאישקייט, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך. אויף די יידישע גאַסן האָבן זיך אָפּט איצט ייִנגלעך אין מונדירן מיט גאָלדענע קנעפּ געוויזן, מיידלעך מיט ברוינע גימנאַזיע־קליידלעך. גערעדט האָבן זיי אַ פרעמדע שפּראַך, רוסיש, גאָר ווי די פּאָליציי־לייט און די אָפיצירן. לאָדזשער ייִנגלעך האָבן זיי נאָכגעקוקט מיט שנאה, ווייל די פרעמדע האָבן מיט זיי קיין איין וואָרט נישט אויסגערעדט. אָבער צוזאַמען מיט דער שנאה איז געוואַקסן אַ קנאה צו די פרעמדע, צו זייערע גאָלדענע קנעפּ און בלויע מונדירן. טאַטעס האָבן נישט געלאָזט זייערע ייִנגלעך נאָכקוקן די פרעמדע.

— גויים וועלן זיי אויסוואַקסן, — האָבן זיי געזאָגט, — גלייך צו דער שמד...

אָבער אַפילו די עלטערע, וואָס האָבן גערעדט יידיש און געגאַנגען דאַווענען, האָבן די לאָדזשער יידן נישט געהאַלטן בעסער פאַר זייערע זין מיט די גאָלדענע קנעפּ. דער יידיש זייערער איז געווען פרעמד, אומפאַרשטענדלעך, איבערהויפּט ווען זיי האָבן גערעדט גיך. זייער דאַווענען און לערנען האָט נישט געהאַט קיין טעם און קיין ריח. אין די לאָדזשער שולן און בתי־מדרשים איז זייער ענג געוואָרן פון די פרעמדע. מען האָט געמוזט דאַווענען אינדערפרי פון פאַרטאָג אָן ביז שפּעט אין טאָג אַריין. ווי נאָר די לעצטע מנינים האָבן פאַרענדיקט זייער שחרית, האָבן שוין אַנדערע יידן אָנגעהויבן דאַווענען מנחה. די ייִנגלעך מיט די פּיאהלעך, וואָס זענען מיטגעקומען מיט די טאַטעס צו מנחה־מעריב, האָבן גאָרנישט געוואָלט אַריינקוקן אין די סידורים, נאָר געריסן די אויגן צו די פרעמדע מענטשן, וואָס האָבן זיך אין די בתי־תפילה געוויזן. איבערהויפּט האָבן זיי געקוקט מיט חידוש און מיט אויפגעריסענע אויגן, ווען די פרעמדע האָבן געזאָגט קדיש.

— נו, אָ, אָמן! — האָבן זיי די טאַטעס דערמאָנט. — נו, אָ!

אָבער די חדר־ייִנגלעך האָבן נישט געהערט וואָס די פאָטערס רעדן.

זיי זענען אינגאַנצן געווען פאַרנומען מיט די נייע יידן, וואָס האָבן זיך מיט יעדן טאָג אַלץ מער געוויזן, געגעסן זיי מיט די אויגן.

מאָדנע יידן זענען דאָס געווען, אַזעלכע, צו וועלכע מען איז אין פוילן גאָרנישט געוואוינט געווען. די עלטערע פון זיי האָבן אַפילו געטראָגן בערד, אָבער די קאַפּאָטעס זייערע זענען געווען קורצע, גויאישע, אַזוי אויך זייערע קאַ־קאַפּעליושן אויף די קעפּ. די יונגע זענען געווען געגאָלט, מיט שוואַרצע לאַ־טעס אויף די באַקן פון דעם נישט־אָפּטן ראַזירן, מיט האַרטע קאַפּעליושן אויף די קעפּ, אָדער אין ברייטע שטרויענע פּאַנאַמעס. ביים דאַוונען האָבן זיי זיך נישט געשאָקלט, ווי די פּוילישע יידן, נישט געוואָרפן זיך, נאָר געשטאַנען גלייך, ווי די סטרונעס. אָמן האָבן זיי נאָכגעזאָגט שאַרף הויך. נאָך שאַרפער האָבן זיי געזאָגט קדיש, וואָרט ביי וואָרט, דערביי האָבן זיי אַרויסגערעדט די ווערטער גאָרנישט ווי אַלע יידן, כמעט נישט צו פאַרשטיין. די לאָדזשער בית־המדרש־יידן האָבן געקוקט קרום אויף די דאָזיקע פרעמדע לייט. זיי האָבן נישט גע־ליטן סיי זייער גויאישן הילוך, סיי זייער האַרטן דאַוונען, סיי זייער לאַנגזאַמען קדיש־זאָגן. זיי האָבן נישט שטאַרק געגלויבט, אַז די קדישים פון אָט די לייט, געזאָגט אין אַזאַ אויסטערלישן לשון־קודש, זאָלן זיין שטאַרק אָנגעלייגט אין הימל. נאָך ווייניקער האָבן זיי געגלויבט אין דער פּעולה, וואָס אַזאַ קדיש קאָן האָבן פאַר די נפטרים, די עלטערן פון אָט די קדיש־זאָגער, מסתמא פּונקט אַזעלכע גויאישע ווי זייערע קינדער, וואָס זיי האָבן געלאָזן. זיי זענען נישט געווען גאַנץ זיכער, צי מען דאַרף נאָכזאָגן אמן נאָך אַזעלכע קדישים. און דערפאַר האָבן זיי טאַקע געזאָגט דעם אָמן מיט אַ האַלב מויל, אויף יוצא צו זיין בלויז. נאָך גרעסער איז געווען דער וואונדער סיי פון די יינגלעך, סיי פון זייערע טאַטעס, ווען נאָך מעריב האָבן די עלטערע פרעמדע לייט אַרויסגענומען גמראס פון די פאַכן, אָנגעטריפּט ליכט אויף די טישן און גענומען לערנען גמרא הויך, אויפן קול, וואָרט ביי וואָרט, און מיט עפּעס אַ פרעמדן ניגון, וואָס אין פוילן הערט מען גאָרנישט אַזעלכן.

— זע, — האָבן יידן צו זיך געזאָגט מיט חידוש, — זיי לערנען דאָך גמרא!

דאָס האָט נאָך מער אָפּגעשראָקן, ווי די תורה פון מיסיאָנערן. דערצו האָבן די פּוילישע יידן גלייך גענומען דערציילן ניסים וועגן דער געוואַלטי־קער בריהשקייט און חכמה פון די פרעמדע. ווי די ציגיינער, אַזוי זענען זיי. ווי אַ רוח, קאָן יעדער פון זיי מיט די אויגן פאַרדרייען, און מען דאַרף זיך היטן פאַר זיי ווי פאַר שדים. און יידן האָבן פון זיי געווייכט, אָפּגערוקט זיך פון זיי, נישט געוואָלט שטיין אין זייערע ד׳ אמות. נגידישע חסידים האָבן זיך אַרויסגעצויגן פון הייזער, וואו אַ ליטוואַק האָט זיך אַריינגעצויגן. פרומע יידן האָבן נישט גערן פאַררעכנט אַ ליטוואַק צום מנין אין אַ שולכל, ווען מען האָט געדאַרפט אַריינכאַפּן אַ צענטן צו אַ קדיש. ווייבער אין די הויפן האָבן אויסגעמיטן צו לייען אַ כלי צו אַ ליטוואַטשקע, נישט געווען גענוג זיכער מיט זייער כשרות און האַלטן אָפּגעזונדערט מילכיקס פון פליישיקס. פּונקט אַזוי האָבן זיי אויסגעמיטן צו שטעלן טשאָלנט אין אַן אויוון, וואו אַ

ליטוואַטשקע • שטעלט אַריין איר טשאָלנט־טאָפּ. חדר־יינגלעך האָבן נישט אויפגעהערט נאָכשרייען און זינגען:

„ליטוואַק חזיר, טשו, טשו, טשו,
לייג דעך אין דר'ערד אַריין,
ליו, ליו, ליו!...״

צווישן די סוחרים האָט מען מיט די נייע געמאַכט געשעפט. זיי האָבן אַ סך קאַנטשאַפּט געהאַט, די פרעמדע, אין די רוסישע שטעט. צו האַרבסט און פרילינג זענען פיל ברייט־הויזנדיקע און ברייט־בערדיקע רוסישע סוחרים געקומען צו זיי און מאַסן סחורות איינגעקויפט אין שטאָט. אין די גרויסע דירות זייערע זענען שטענדיק געשטאַנען זודנדיקע סאַמאָוואַרן און איינגע־מאַכטס. רוסישע סוחרים, קאָמיסיאָנערן און וואַיאַזשאָרן זענען געזעסן אַרום די גרויסע טישן, געשוויצט ביי דער פולער טיי, גענאַשט איינגעמאַכטס, געקנאַקט דאַרע גריוון, געשפּילט אין קאָרטן און געמסחרט און געחשבונט. מאַסן פון די פרעמדע זענען אַרומגעפאָרן איבער די גרויס־גובערניעס, אָנ־געשפּאַרט אין וויטן מזרח, פאַרקראָכן ביז כינע, ביז פּערסיע, און פאַר־שפּרייט לאָדזשער סחורה. לאָדזש האָט גוטע געשעפטן געמאַכט זינט די פרעמדע זענען דאָ אָנגעקומען. מען האָט מיט זיי געהאַנדלט, אָבער נאָענט מיט זיי איז מען נישט געוואָרן, זעלטן אַ ליטוואַק אין שטוב איינגעלאַדן, אויסגעמיטן זיי ווי די גויים. טאַטעס האָבן געהיט טעכטער, זיי זאָלן זיך אין קיין מחזקות מיט קיין ליטוואַק נישט אַריינלאָזן. פּונקט אַזוי האָבן זיך די ליטוואַקעס געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון די פּוילישע, געקוקט אויף זיי מיט פאַראַכטונג, געלאַכט פון זייער זינגענדיקער אויסגעצויגענער שפּראַך, וואָס זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, פון זייערע קאַפּאָטעס און היטעלעך.

— אַיי וואַי מיער, — האָבן זיי נאָכגעשפּאָט, — גי מיר אַ פאַרציקער!

דאָס האָבן זיי געשפּאָט פון די פּוילישע, וואָס רעכענען נישט אויף קאָפּיקעס, ווי אין רוסלאַנד, נאָר אויף גראָשנס, און אַ צוואַנציקער־קאָפּיקע רופן זיי אַ פאַרציקער.

נאָך גרעסער איז געוואָרן די שנאה צו די פרעמדע, ווען נאָך די רייכע מאָסקווער לייט האָבן אָנגעהויבן אָנקומען יונגעלייטלעך, פון ליטווישע שטעט און שטעטלעך, צו פאַרדינען אַ רובל אין פּוילן.

פּונקט ווי די מאָסקווער זענען געווען ברייט, זענען די ליטווישע יונגע־לייטלעך און בחורים געווען קאַרג, אָרעם, אויסגעדאַרט. זיי האָבן מיט־געבראַכט מיט זיך אין די פּוילישע שטעט בלויז אַ טשייניק אויף קאָכן טיי און אַ גאָל־מעסער צו גאָלן די בערד פון פרייטיק צו פרייטיק. זיי האָבן געהאַנדלט מיט אַלעם, וואָס נאָר עס האָט זיך געלאָזט; מיט נאָדלען, שיך־בענדלעך, זייף, ביליקע שיך. זיי האָבן אויסגעקויפט אין די פאַבריקן יעדער פּסולת, יעדער צוגעברענטע סחורה, יעדער „בראַק״, און פאַרקויפט עס אין

די גאַסן, שרייענדיק מיט שאַרפע ליטווישע קולות פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

די אָרעמע לאָדזשער ווייבער האָבן זיי פאַרדונגען וואוינונגען ביי זיך אָפּגעטראָטן אַ ווינקל אין קיך, אַ בעטל אויף איבערנעכטיקן. אָבער קיין נחת פון זיי האָבן זיי נישט געהאַט. קאַרגע, אָרעמע, אויסגערעכנטע צו זאַמלען וואָס מער אַ קאָפּיקע, כדי פאַר די ערשטע פּאָר רובל אַליין זיך נעמען צו אַ מסחר און אַרויפאַרבעטן זיך, האָבן זיי געלעבט מיט ברויט און הערינג. זיי האָבן אָפּגעפּטרט זייערע טעג מיט אַ קנאָבל, אַ ציבעלע, אַ זויערע אוגערקע.

זיי האָבן געקוקט מיט חידוש אויף די פּוילישע פּרעסערס, וואָס יעדן טאָג עסן זיי פלייש; זיי האָבן געעפנט גרויסע אויגן יעדן פרייטיק, ווען זיי האָבן געזען, ווי די אָרעמע ווייבער בראָטן געגנדז אויף שבת און באַקן אָן גרויסע בלעכן מיט קוכנס. זיי האָבן דאָס אין זייערע ליטווישע שטעטלעך קיינמאָל נישט געזען. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען די פּוילישע יידן, וואָס גייען אין די רעסטאָראַנען טרינקען ביר און פאַרבייסן מיט אַרבעס, ווי זיי מאַכן אָפּטע שנאַפּסן ביי די בופעטן און פאַרבייסן מיט געהאַקטע לעבערלעך. עס האָט זיך גאָרנישט געלייגט זיי אין די ליטווישע קעפּ, אַז דערוואַקסענע מענטשן, יידן דערצו, זאָלן אַזאַ זאַך טאָן, אַזוי זיך אויסברענגען. און גאָר צו לאַכן האָט זיי געמאַכט, ווען זיי האָבן געזען, ווי ווייבער אין די יאָרן גייען אַריין אין אַ צוקערניע און קויפן זיך שאָקאָלאַד אָדער אַ געפילט קיכל.

— פּוילישע נאַשערס, — האָבן זיי געזאָגט, — ווילדע מענטשן.

— ליטווישע קנאָבל־פּרעסער, — האָבן זיי די פּוילישע אָפּגעזידלט, — באָרשט מיט הערינג...

דערצו האָבן זיי קיינער נישט געוואָלט גיין אַרבעטן אין די וועבערייען. דאָס, האָבן זיי געהאַלטן, איז פאַר די פּוילישע, פאַר די איינגעזעסענע. זיי האָבן בעסער געהאַנדלט, געוואַנדלט און זייער שנעל זיך אַרויפגעאַרבעט. אויך האָבן זיי אַלע ערטער אין די געשעפטן און אין די פאַבריקן פאַרנומען. חסידים אַליין האָבן זיי אַריינגענומען צוליב דעם רוסיש, וואָס זיי רעדן, און פאַר דער בוכהאַלטעריע, וואָס זיי פירן. און וואָס האָט מער פאַרדראָסן די אָרעמע ווייבער, איז געווען דאָס, וואָס זיי האָבן בלויז געשטיפּט מיט די טעכטער זייערע, נאָר אַז עס איז געקומען צו אַ תכלית, האָבן זיי פון זיי פּוילישע מיידלעך נישט געוואָלט הערן און אויסגעשריבן זיך אייגענע ליט־וואַטשקעס פון די שטעטלעך, מיידן האַרטע און נישט־פאַרפּוצטע, גאָרנישט ענלעך צו די צעפּיעשטשעטע לאָדזשער טעכטער.

זיי האָבן גיך איינגענומען די שטאָט, די פּרעמדע. פריער האָבן זיי פאַרנומען אַ הויף. די לאָדזשער נגידישע יידן האָבן גלייך זיך אַרויסגעצויגן פון זייערע דירות. וואָרעם די פרעמדע האָבן זיך אין די בלויזע קעפּ אויף די באַלקאָנען אַרויסגעזעצט, מיט די ווייבער זייערע געלאַכט, רוסישע לידער געזונגען און מיט דעם רויך פון די סאַמאָוואַרן דעם הויף פאַרקאָפּטשעט. אין מיטן די שבתדיקע זמירות האָבן זיי זיך מיט זייערע גויאישע לידער אַריינ־

געריסן. די קינדער זייערע אויף די הויפן האָבן פון די ייִנגלעך מיט די פּיאהלעך געלאַכט, „טשמאַיער״ נאָכגעשריגן, און יידן נגידים האָבן זיך אַרויסגעצויגן פון די הייזער און אַריבערגעקליבן זיך אין די ווייטערע גאַסן, אין די היימישע און איינענע. גלייך אויף זייער אָרט האָבן זיך די ליט־וואַקעס באַזעצט. נאָך די הויפן האָבן זיי גענומען פאַרכאַפּן די גאַסן, טרייבנ־דיק די פּוילישע אַלץ ווייטער און ווייטער.

אינגיכן זענען זיי געוואָרן די באַלעבאַטים פון לאָדזש. זיי האָבן זיך אויסגעבויט שולן אייגענע, וואו זיי האָבן געדאַוונט מיט זייערע ניגונים און מנהגים; זיי האָבן געמאַכט זיך חדרים, שולן, וואו די מלמדים זענען גע־גאַנגען מיט געשוירענע בערד און געלערנט אַ סך לשון־קודש און פרעמדע לערעס. און אַז עס איז געקומען צו נעמען אין שטאָט אַ רב, האָבן זיי אַרויס־געשטעלט אַן אייגענעם, אַ ליטוואַק און אַ רוסיש־רעדער.

מיט אַ ליטוויש פוטער־היטל אויפן קאָפּ, גאָרנישט ענלעך צו אַ ספּאָדיק, מיט מלבושים מער ענלעכע צו דייטשע, איידער רבנישע, מיט קלענערע פּיאות און מיט אַ סך תקיפות, איז ער אַראָפּגעקומען, דער נייער רב, פון זיין שטאָט, און געהאַלטן אַ דרשה אַ ליטווישע און אַ לומדישע, געשאָטן מיט אַזוי פיל תורה, אַז די היימישע לומדים האָבן אים גאָרנישט געקאָנט נאָכ־יאָגן. די לאָדזשער חסידים האָבן געשריגן, געמאַכט קולות, אַז זיי וועלן נישט פרעגן אַ ליטוואַק קיין שאלה, נישט פאַרלאָזן זיך אויף זיין תורה. אָבער די גבירים אין שטאָט, די גאַלעבראָדניקעס און די דעה־זאָגער, האָבן געהאַלטן מיט דעם ליטוואַק. איבערהויפּט האָט מיט אים געהאַלטן דער ראש־הקהל, דער טעקסטיל־פאַבריקאַנט מאַקסימיליאַן פלידערבוים, דער מיליאָנער פון שטאָט. ערשטנס, האָט ער שוין לאַנג געוואָלט האָבן אין שטאָט אַ רב אַ רעפּרעזענטאַבעלן און הייגטוועלטיקן. עס האָט אים זייער נישט געפּאַסט ביי יעדער חתונה אין פּאַלאַץ זיינעם, ווען מען האָט גענאַרפט אַראָפּברענגען דעם אַלטן פריערדיקן רב, דעם צעיאַכמערטן און פאַרקאָלטענעם. דער נייער רב, כאָטש אַ ליטוואַק, האָט זייער שיין אויסגעזען, שיר נישט ווי אַ גלח, וואָס וועט זייער פּאַסן זיך אויף די רייכע שמחות, ווען מען וועט אים ברענגען. נאָך איידער מען האָט אים פאַר רב געמאַכט, האָט ער שוין באַצייטנס גע־לערנט זיך פּויליש, כדי צו קאָנען רעדן מיט לייט. דאָס איז דעם פאַבריקאַנט זייער געפעלן געוואָרן.

צווייטנס, איז דער רב געווען אַ חשוב ביים גובערנאַטאָר. אין דער ליטווישער שטאָט זיינער האָט ער צו דער קרוינונג פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן זייער אַ שיינע רוסישע דרשה געהאַלטן פאַר די יידן און די טשינאָוו־ניקעס, אויך האָט ער אַ גרויסע ברכה אויף פּאַרמעט צום קייזער אַליין געשיקט. ער האָט דערפאַר פון הויף אַ מעדאַל געקראָגן. צווישן יידן האָט מען גע־רעדט, אַז ער האָט אויך אַ גאָלדן שווערדל געקראָגן אַלס מתנה. קיינער האָט דאָס נישט געזען, דאָס געלדענע שווערדל, אָבער געוואוסט האָט מען דערפון אין אַלע יידישע שטעט. אויך אין לאָדזש האָט מען שוין וועגן דעם שווערדל

געוואוסט. דער פאַבריקאַנט פלידערבוים, אַ חשוב ביים גובערנאַטאָר, האָט דעריבער זיך גלייך אַוועקגעשטעלט אויפן צד פון די ליטוואַקעס, כאָטש ער האָט זיי, ווי מערסטנס פּוילישע יידן, נישט ליב געהאַט. קעגן פלידערבוימען האָט קיינער נישט געקאנט רעדן. דער נייער רב האָט טאַקע, ווי נאָר ער איז געקומען, אָפּגעשטאַט אַ וויזיט ביים שטאָטישן פּאָליצמייסטער, און טאַקע מיט דעם מעדאַל אויף דער זיידענער קאַפּאָטע. קינד און קייט איז געקומען צו לויפן אויף חידוש. און דער ליטוואַק איז געוואָרן רב אין שטאָט.

פון דעמאָלט אָן האָבן זיי גאָר פאַרריסן די נעז, די פרעמדע, געקוקט אויף די פּוילישע פון אויבן אַראָפּ. זיי האָבן גענומען בויען הייזער, פאַר־לייגן געשעפטן, עפענען פאַבריקן, אַראָפּברענגען רוסישע סוחרים און פירן לאָדזשער סחורות איבער אַלע ווינקעלעך פון גרויסן רוסלאַנד. ליטווישע לערער, בוכהאַלטערס, דענטיסטקעס, אַקושערקעס האָבן אָנגעהויבן ציען פון אַלע עקן רוסלאַנד קיין לאָדזש. מגידים, שאַרפע רעדנערס, פול מיט משלים און גלייכווערטלעך, האָבן געדרשנט אין די שולן. אַגענטן פון ניי־מאַשינען, פון רוסישע פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטן, אויפקויפער, מעקלער, קאָמיסיאָנערן, וואָיאַזשאָרן, האָטעל־גייער האָבן זיך מיט יעדן טאָג נייע געוויזן אין שטאָט, געהאַנדלט, געהאַנדלט, געמעקלט, געקויפט, פאַרקויפט און פול געווען אין אַלע גאַסן און געסלעך.

די שטאָט איז געוואַקסן, אויסגעשפּרייט זיך, אויפגערודערט געוואָרן פון דעם פרעמדן טומל, ראַשיקייט, באַוועגלעכקייט און ענערגיע. צוזאַמען מיט די פרעמדע ליטוואַקעס האָבן זיך אין איינעם אַ טאָג אויפן באַלוט צווייטע נייע מענטשן באַוויזן, וואָס האָבן גלייך דעם באַלוט אויפגערודערט מיט זייער קומען.

אין אַ פרייען ווינטערדיקן שטאַרק־פראָסטיקן אָוונט, ווען יידן זענען איינ־געהויקערטע, מיט די בערדלעך באַהאַלטן אין די לאַצן, פון מנחה און מעריב געגאַנגען, האָבן זיך אויף די שמאָלע געסלעך צוויי פרעמדע מאָדנע לייט געוויזן. מיט קורצע קליידער, מיט ווינטערדיקע קוטשמעס אויף די קעפּ, מיט זעלנערישע באַשליקעס אויף די העלדזער און מיט קעסטלעך, באַהאַנגענע מיט טשייניקעס, אין די הענט, האָבן זיי תחילת אויסגעזען ווי אויסגעדינטע זעלנער, וואָס קומען צוריק נאָך דינסט. אָבער אַז יידן האָבן זיך אין זיי נעענטער איינגעקוקט, האָבן זיי געזען, אַז גאָרנישט זעלנעריש איז דאָ סיי אין זייער הילוך, סיי אין זייער אויסזען. איינער פון זיי איז געווען אַן עלטערער, שוין אין די יאָרן; דער צווייטער איז געווען יונג, אָבער זיין פּנים איז געווען בלאַס, גאָרנישט ווי ביי קיין זעלנער. דער עלטערער האָט זיך דערנעענטערט צו אַ לאָמטערן און ביי דער טונקעלער שיין געזוכט אין אַ קליין שטיקל פּאַפּיר.

— צו וועמען דאַרפט איר? — האָבן יידן געפרעגט ביי די פרעמדע.

— אפשר ווייסט איר, וואו זיצט דאָ קיילע בוכבינדער? — האָט דער

עלטערער געפרעגט אין אַ האַלב ליטוויש און האַלב לאָדזשער לשון.

קיינער האָט נישט געוואוסט.

— קיילע, טוביה דעם װעבערס װײַב, — האָט דער עלטערער פאַרריכט.

קיינער האָט נישט געוואוסט.

— קיילע, „טוביה ס'איז נישט הפקר אַ װעלטס" װײַב, — האָט דער פרעמדער אויסגערעכנט.

— אַ, קיילע „טוביה ס'איז נישט הפקר אַ װעלטס" װײַב, — האָבן די יידן זיך דערפרייט. — אַזוי רעדט! קומט, װעלן מיר אייך װײַזן. זי װאוינט דאָ באַלד אין ראָג, אין אַ קעלער לעבן בעקער.

די פרעמדע האָבן אונטערגעהויבן די קעסטלעך און געגאַנגען מיט די יידן. אָבער פּלוצלונג האָט זיך איינער פון די יידן אויסגעדרייט, אָנגעקוקט גוט דעם עלטערן און אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט.

— טוביה, איך זאָל אַזוי האָבן אַ גוט יאָר, װי ס'איז טוביה! שלום עליכם!

איידער טוביה האָט נאָך באַװיזן אַהיימצוקומען צו זיין װײַב, זענען שוין עטלעכע יינגלעך, װאָס זענען געגאַנגען מיט די טאַטעס פון דאַװנען, געפלויגן צו דער טוביהכעס קעלער און אַלע אין איין אָטעם אויסגעשריגן:

— קיילע, אייער מאַן איז געקומען, קיילע!

נישט אַזוי לייכט, װי דער ייִד אין דרויסן, האָט קיילע דערקענט איר מאַן. זי האָט צום ערשטן אין צעטומלעניש אָנגעקוקט דעם פרעמדן מאַן אין די פרעמדע קליידער, דערנאָך אַ בליק געטאָן אויף דעם אַנדערן מאַן, דערנאָך האָט זי זיך באַגאָסן מיט רויטקייט, דערנאָך האָט זי געכאַפּט אַן עק פאַרטעך אין מויל אַריין, דערנאָך האָט זי גענומען װישן מיטן פאַרטעך אַ נאָס בענקל.

טוביה האָט פון זיך אַראָפּגענומען דעם באַשליק, נאָר קיילע האָט אַלץ נישט געגלויבט אירע אויגן. ער איז גאָרנישט געװען דער אייגענער טוביה, װאָס מען האָט אים ביינאַכט אַרויסגענומען פון בעט אַרויס. טוביה האָט גענומען רעדן:

— קיילע, — האָט ער געזאָגט, — װאָס מאַכסטו? ·

קיילע האָט נישט דערקענט נישט זיין קול, נישט זיין רעדן. ער האָט גערעדט גאָרנישט װי אַמאָל, עפּעס שאַרף און ליטוויש, און אַפילו, אַז ער האָט אַרויסגענומען פון זיין קעסטל אַ פּאַטשיילע און איר געגעבן אַ מתנה, האָט זי נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט קוקן אויף אים מיט אָפענע אויגן און מיט פאַרלייגטע הענט אויף דער ריזיקער ברוסט. נאָך װייניקער האָט זי געװאָלט גלויבן, אַז דער צװייטער מענטש איז ניסן מורה־הוראהס, װאָס מען האָט אים גערופן תרבות־רעה.

גאָר אַן אַנדערער איז ער איצט געװען דער באַלוטער געזעלן. אַן עלטערער, אַן אויסגעװאַקסענער, אַ ברוין־הויטיקער מיט אַ װייכן פּוך אויף די באַקן, װאָס האָבן אָנגענומען דעם אויסזען פון יידישע פּיאות, איז ער

שטאַרק ענלעך געווען צום פּאָטער זייַנעם. פּונקט ווי ביי דעם פאָטער זייַנעם, איז זיין פּנים געווען ביינערדיק און אַסקעטיש, פּונקט ווי ביים פּאָטער, זענען זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן געווען אָפן, ברייט פונאַנדער־געריסן, נאָר צוזאַמען דערמיט האָבן זיי נישט געקוקט גלייך, נאָר אַריבער זיך, ווי זיי וואָלטן עפּעס ווייטע זאַכן געזען, הימלישע, וואָס קיינער זעט זיי נישט. זעלטן אַז אַ שמייכל האָט זיך געוויזן אויף דעם שאַרפן טונקל־הויטיקן פּנים. אָבער די גאַנצע מענלעכע ביינערדיקע פיגור זיינע האָט געשטעקט אין זיינע פרעמדע קליידער, וואָס אין פּוילן זעט מען זיי גאָר־נישט. אויף די שוואַרצע הויזן האָט ער אַ רוסיש העמדל געטראָגן, גויאיש אויסגענייט ביים קראַגן, פאַרבונדן מיט אַ פאַרביק גאַרטעלע. די שוואַרצע געקרייזלטע האָר זיינע, וואָס פאַלן אַזש אַריין אין בלויקייט, האָבן אין אַ סך געדיכטע קרויזן באַדעקט זיין קאָפּ. די ברעמען גדיכטע, שאַרף אָנגע־צייכנטע, זענען זיך צונויפגעוואַקסן איבער דער נאָז, שטרענג און ערנסט. קיילע, צוזאַמען מיט אַלע קינדער אירע, וויפיל זי האָט נאָר געהאַט, האָבן נישט אויפגעהערט איינקוקן זיך אין דעם פרעמדן יונגנמאַן, וואָס איז האַלב ייִד, האַלב גוי.

— וואָס ס'האָט זיך מיר געחלומט די נאַכט און יענע נאַכט, — האָט זי געבייטלט חלומות און אויסגעשפּיגן. — ביסט אַ מבין !...

טאַמער איז דאָס נאָך געווען ווייניק, האָט ער געהאַלטן אין איין אַרויסשלעפּן ביכער און ביכלעך פון זיינע קעסטלעך און טעשלעך, שווערע, רוסישע, געדיכט־געדרוקטע ביכער, וואָס ער האָט זיי מיט אַזאַ צערטלעכקייט אַרומגעווישט און אָפּגעשטויבט, ווי פרומע ייִדן באַגייען זיך מיט ספרים. אַפילו אין רעדן האָט ער מער רוסיש אַריינגעוואָרפן ווי ייִדיש.

— אַ וואָרט נישט צו פאַרשטיין, — האָט קיילע געברומט.

פּונקט אַזוי האָט דער באַלוט נישט דערקענט די צוויי מענטשן, נישט זייער הילוך, נישט זייער רעדן, נישט זייער ניי ליטוויש לשון, און ווייניקער פון אַלץ זייער פּירעכץ.

תּחילת איז מען פון אַלע געסלעך געקומען צו לויפן אָנקוקן די צוויי פרעמדע לייט. ייִדן האָבן זיי געשטעקט שלום, ווייבער האָבן זיי געמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס, קינדער זענען געשטאַנען פאַר די טירן מיט די פינגער אין די נעזלעך פאַר חידוש. פּונקט אַזוי פלעגט דער באַלוט אויפנעמען יעדן צו־ריקגעקומענעם נייעם אויסגעדינטן סאָלדאַט, וואָס ברענגט מיט פון ווייטן רוסלאַנד נייע מעשׂות, נייע קליידער און אַ ניי לשון. אָבער בעת אַלע צו־ריקגעקומענע סאָלדאַטן האַלטן זיך בלויז מיט זייער פרעמדקייט עטלעכע טעג, דערנאָך ווערן זיי צוריק אייגענע, טוען אָן די אַלטע ייִדישע קליידער, לאָזן זיך וואַקסן בערד, נעמען רעדן דאָס היימישע לשון, און אַ חוץ אַ פאָטאָגראַפיע בלייבט גאָרנישט פון זייער פרעמדקייט — האָבן די צוויי צוריקגעקומענע גאָרנישט געוואָלט אַריינקריכן אין אַלטן.

שוין שבת, ווען דאָס וועבערישע שולכל „אהבת רעים" האָט זיך גע־

גרייט צוריק מכבד זיין טוביהן מיטן לייענען אין דער תורה, ווי זיין חזקה איז געווען יאָרן־לאַנג, איז טוביה נישט געקומען דאַווענען. דער עולם האָט געמיינט, אַז ער דאַוונט אין דער היים און איז געקומען צו אים בעטן אים אויף קידוש, וואָס מען האָט פאַר אים און פאַר ניסנען אָנגעגרייט. אָבער ער האָט אין דער היים אויך נישט געדאַוונט.

— ער דאַוונט גאָרנישט, — האָט קיילע געקלאָגט פאַר די יידן. — נאָר מען סודעט זיך און מען לייענט ביכלעך, און קיין היטל אויפן קאָפּ טוט מען נישט אָן, ווי די גויים...

— ליטוואַקעס געוואָרן, — האָבן פרומע יידן געזיפצט. — פאַרגעסן אָן גאָט.

אַ קורצע צייט האָט מען נאָך געגלויבט אויפן באַלוט, אַז די צוריקגעקומענע האָבן געבראַכט געלט פון רוסלאַנד. נישט איינמאָל האָט מען געהערט, ווי פאַרשיקטע קיין סיביר פאַר אונטערצינדן זענען דערנאָך צוריקגעקומען מיט אַ סך געלט. צוליב דעם טאַקע האָט מען באַרעכטיקט זייער גויאישקייט און מען האָט זיי מוחל געווען. אָבער אַז אינגיכן האָט זיך טוביה צוריקגענומען אַרבעטן ביי אַ מייסטער אויף אַ שטול און ניסן האָט גענומען געבן רוסישן לעקציעס אין אָרעמע הייזער, האָט מען געזען אויפן באַלוט, אַז זיי זענען גלאַט גויים, אָרעמע דליתים און אַפּיקורסים, וואָס אַזעלכע האָבן נישט די וועלט, נישט יענע וועלט, און מען האָט זיי גענומען אויסמיידן.

נאָך מער האָט מען אָנגעהויבן קוקן מיט מורא אויף טוביהס קעלער, ווען באַלד דערנאָך האָבן זיך מאָדנע פאַרשוינען גענומען דרייען דאָרט, פרעמדע און מאָדנע־אויסזעענדיקע, וואָס קיינמאָל האָט מען נאָך אַזעלכע אויפן באַלוט נישט געזען.

מיט דעם אָנפאַר פון אַלערליי סוחרים און קאָמיסיאָנערן, גאַסן־הענדלער און בוכהאַלטערס, וואָיאַזשאָרן און לערערס, האָטעל־גייער און „בראַק"־אויפקויפערס, זענען פון רוסלאַנד און ליטע מאָדנע יונגעלייטלעך קיין פוילן אָנגעקומען, גרויס־האָריקע, באַברילטע, מיט רוסישע העמדלעך אויף די יידישלעכע געבויגענע אַקסלען, מיט סטודענטישע היטלען אָדער מיט ווייכע ברייט־ראַנדיקע שוואַרצע היט. אויך זייערע מיידלעך, וואָס האָבן זיך לעבן זיי געהאַלטן, זענען געווען פּראָסט געקליידעטע, מענלעך־זעלבסטשטענדיקע, געשוירענע און רויכערנדיקע, וואָס אין פוילן האָט מען אַזעלכע גאָרנישט געזען.

אָט די יונגעלייט און מיידלעך האָבן איצט אָנגעהויבן אָפּט אַראָפּצוקריכן צו טוביהן אין קעלער. וואָס אַזוינס זיי האָבן דאָרט געטאָן, האָט קיינער נישט געוואוסט, נאָר פאַרשטאַנען האָט מען אויפן באַלוט, אַז קיין תהילים זאָגט מען דאָרט נישט. באַלד דערויף האָבן די יונגע באַלוטער געזעלן גענומען קלעפּן צו דעם קעלער, איבערהויפּט אין די שבתים און יום־טובים. ווייבער האָבן געוואָלט דערגיין ביי דער טוביהכע, וואָס מען קומט

דאָס אַזוי דאָרט צו דעם מאַן אירן, נאָר די טוביהכע האָט גאָרנישט גע־וואוסט וואָס צו זאָגן.

— נאָר מען רעדט און מען לייענט ביכלעך, — האָט זי געזאָגט. — אַז איך ווייס גאָרנישט, וואָס מען האָט אַזויפיל צו רעדן.

אויפן באַלוט האָט דאָס ווערבערישע שולכל „אהבת רעים״ מיט יעדן שבת מער אָנגעוואָרן די יונגע געזעלן ביים דאַווענען. אָנשטאָט אין שולכל, זענען די בחורים געגאַנגען צו טוביהן אין קעלער. דאָרט האָט פּאַר זיי ניסן דעם מורה־הוראהס און טוביה, דער אַמאָליקער בעל־קורא פון שולכל, נייע זאַכן דערציילט, זאַכן, וואָס זענען אָנפאַנגס אויס אויסטערליש, פאַנטאַסטיש, אָבער וואָס מער מען הערט זיך צו צו זיי, אַלץ מער ווערן זיי אייגן, נאָענט און פאַרכאַפּן אינגאַנצן. טוביה האָט וועגן דעם לעבן פון די אַרבעטער אין די ליטווישע שטעט דערציילט, וועגן זייערע שטענדיקע מלחמות מיט די באַלעבאַטים, וועגן זייער אחדות, אין וועלכער זיי האַלטן זיך, און וועגן די קאַסעס, וואָס זיי האָבן זיך געמאַכט פון די אייגענע צונויפגעזאַמלטע גראָשנס, כדי צו קאָנען קעגנשטעלן זיך זייערע באַלעבאַטים און באַדריקער. די געזעלן אין די שבתדיקע קאַפּאָטעס האָבן מיט אָפּענע מיילער געשלונגען די פרעמדע און נאָענטע רייד, וואָס דאָ האָט מען גאָר וועגן אַזעלכע זאַכן נישט געהערט קיינמאָל.

— אויך מיר וועלן צאָלן, — האָבן זיי געזאָגט, — ווי אַ נדר וועט מען צאָלן פּינקטלעך.

ניסן האָט וועגן העכערע זאַכן דערציילט, וועגן דעם לעבן פון אַרבע־טער אין אויסלאַנד, וועגן דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וועגן דער סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג, וועגן די רוסישע קעמפער און זייערע העלדנטאַטן, וועגן קאַפּיטאַל און אַרבעט און אויך אַביסל וועגן נאַטור־וויסנשאַפט און דער געשיכטע פון מענטשן און פעלקער. גלאַטיק און פאַרשטענדלעך, ווי ער איז געוואוינט געווען ביים פּאָטער אין שטוב ביים לערנען, מיט וואַרעמ־קייט און גלויבן, האָט ער אין טונקעלן קעלער פאַר די באַלומער אויסגע־אַרבעטע געזעלן — וועלט און מענטשן, זאַכן און געשעענישן אויפגעקלערט, קלאָר געמאַכט, מיט ליכט פון שכל באַלויכטן. די געזעלן זענען געזעסן מיט אויפגעריסענע אויגן, מיט אָפּענע מיילער.

— אמת, — האָבן זיי געזאָגט, — אמת.

זייער גאַנץ פינצטערער לעבן, די אייגענע שפלות איז אין טונקעלן קעלער ביי די מענטשן פאַרשוואונדן געוואָרן. זיי האָבן זיך געפילט געהויבן ביי זיך אַליין. דאָס ערשטע מאָל ווי מען האָט נישט גערעדט צו זיי וועגן זייער נישטיקייט און הבל־הבלים, ווי זיי האָבן עס שטענדיק געהערט פון די מלמדים און מגידים, נאָר וועגן זייער וויכטיקייט און כוח, זייער ווערט און חשיבות. דאָס לעבן האָט געקריגן אַ זין. נאָך מער זין האָט עס געקריגן, ווען טוביה און ניסן האָבן זיי אין אַ סוד איינגעהילט, קאָנספּיראַציע זיי געלערנט. שוין

דאָס וואָרט, דאָס פרעמדע און געהיימע, האָט די יונגע מענטשן פאַר־כאַפּט, אין מאַרך און אין בלוט זיי אַריינגעפּלאָסן.

— נאָט אייך תקיעת־כּף, — האָבן זיי געזאָגט און באַהאַלטן טיף אין די קעשענעס די קליינע מאָגערע ביכלעך און בלעטלעך, וואָס מען האָט זיי איינגעטיילט אין קעלער.

אויף די פּעק סחורות ליגנדיק נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, האָבן זיי, בגנבה, שטיל, די באַלעבאָסטעס זאָלן נישט הערן, אַרויסגעדרייט די פאַר־רויכערטע נאָפט־לעמפּלעך און געשלונגען די שלעכט־געדרוקטע ביכלעך.

טוביה האָט געשאַפן קרייזלעך, אַריינגעצויגן נייע וועבער און געזאַמלט צע־נער־גראָשנס ביי די געזעלן פאַר דער קאַסע. אַפילו עלטערע וועבער, יידן צעבראָכענע און אַלטפרענקישע, האָבן זייערע קופּערנע צענערס אַנטקעגנ־געטראָגן אים יעדן פרייטיק. ענג איז שוין געוואָרן אין די שבתים ביי טוביהן אין קעלער. אויף קעפּ איז מען געשטאַנען און נישט געקאָנט אַריין. די געזעלן האָבן אויפגעהערט אַרומקריכן איבער די הינטערשטאָטישע פעלדער מיט מיידלעך אין די שבת־טעג, נאָר געקומען צו טוביהן. פּונקט ווי אַמאָל זיי פלעגן הערן פּרק, האָבן זיי איצט געהערט די מאָראַלישע רייד וועגן מענטשן און לעבן, גערעכטיקייט און אומרעכט.

פון קעלער אַרויס האָבן זיך די קרייזלעך פאַרשפּרייט איבער דעם גאַנצן באַלוט. מען איז זיך אין די שבתים און יום־טובים צונויפגעקומען אין קליינע טיי־הייזלעך, אין קאָנסטאַנטינער וואַלד. מער ווי אומעטום האָט מען זיך פאַרזאַמלט ביי פּיוועלע דעם שמאַטע־הענדלער אין זיינע גרויסע אָפּגע־לאָזענע שטובן, וואָס זענען אָנגעשטעלט מיט ביכער פון אַלע זייטן.

פּיוועלע שמאַטע־הענדלער האָט פון קיין באַלמעלאָכעס נישט געהאַלטן. באַלמעלאָכעס, האָט ער געוואוסט, זענען גראָבע יונגען, וואָס פאַרשטייען גאָר־נישט אין השכלה און אפּיקורסות. אויך האָט ער אַליין ביי זיינע שמאַטעס געהאַלטן מיידלעך צו דער אַרבעט און אַ באַלעבאָס געווען ווי אַלע אַנדערע באַלעבאַטים. ניסנס רייד וועגן דער נייער תורה זיינער, וואָס ער האָט מיט־געבראַכט פון דער וועלט, זענען צו דעם קליינעם עלטערן יידל אין גע־קרייזלטן קאָפּ נישט פאַרקראָכן. אָבער פּונקט ווי פריער, איז ער אַן אַפּיקורס געווען, געברענט מיט צאָרן קעגן גאָט און זיין תורה. און פון ניסנס אַלע רייד האָט ער געוואָלט וויסן איין זאַך.

— אַפּיקורסות פאַרשפּרייט איר, צי נישט? — האָט ער געפרעגט זיך.

— יאָ, ר' פּיוועלע, — שטאַרק.

— אויב אַזוי, איז מיין שטוב פאַר דיר מיט דיינע לייט אָפן, — האָט פּיוועלע געזאָגט אַ גליקלעכער און אַלע קנייטשטן פון זיין פּנים, צוזאַמען מיט אַלע צויטן אין זיינע געקרייזלטע האָר און בערדל, האָבן געקוואָלן פון נחת.

די גרויסע אָפּגעלאָזענע שטובן זיינע, וואָס מיט די אָנגעוואָרפענע ביכער האָבן זיי אויסגעזען ווי אַ חסידים־שטיבל, זענען אין די שבת־טעג איצט פול געווען מיט מענטשן. אויך די בית־המדרש־בחורים, וואָס האָבן זיך דאָ

שטענדיק אויפגעהאַלטן, האָט ניסן אַריינגעצויגן. אַליין אַ געוועזענער ישיבה־בחור, האָט ער גלייך געקאָנט צוקומען צו זיי. ער האָט געקאָנט רעדן מיט זייער לשון, פירן מיט זיי ויכוחים וועגן תורה און אמונה. איבערהויפּט האָט ער זיי גענומען מיט דער לערע, וואָס ער האָט זיי געגעבן. ער האָט געקענט זייער לעכצן נאָך בילדונג און וויסן, און ער האָט זיי געגעבן לעקציעס, געלערנט מיט זיי רוסיש און מאַטעמאַטיק, נאַטורוויסנשאַפט און געשיכטע. צוזאַמען דערמיט האָט ער געלערנט אַנדערע לערעס, שאַרפע און פאַרבאָ־טענע, שכלדיקע און טיפע, וואָס האָבן די צעפלאַמטע ישיבה־בחורים אָנ־געצונדן.

ער האָט אַ סך שטודירט, ניסן, פאַר די יאָרן פון זיין פאַרשיקונג, געלערנט ביי די סטודענטן, וואָס זענען פאַרשיקט געוואָרן פון די אוניווער־סיטעטן, נאָך מער אַליין געאַרבעט. ווי דער פאָטער זיינער אין די ספרים, אַזוי האָט ער געגראָבן זיך אין זיינע ביכער, געשלונגען, און פּונקט ווי זיין פאָטער, האָט ער אויך אויף די מאַרגינעסן פון די ביכער מיט קליינינקע רו־סישע אותיות באַמערקונגען געשריבן, צוגעבענישן און קשיות. מער ווי אין אַלע אַנדערע לערעס, האָט ער געשטעקט אין דער מאַרקסיסטישער לערע, וואָס איז נאָך אין רוסלאַנד געווען אַ נייעס, נאָר אין די ליטווישע שטעט און שטעטלעך האָבן זיך שוין די יידישע רעוואָלוציאָנערן מיט איר אַרומ־געטראָגן און פאַרשפּרייט זי מיט גרויס אייפער. מיט אַ פייערדיקן דורשט האָט ניסן איינגעשלונגען די נייע לערע, פאַרכאַפּט געוואָרן פון איר לאָגיק און טיפקייט, פון איר גלייכקייט און גאונישן געבוי. ער האָט זיך שוין פון דייטשן בוך „קאַפּיטאַל" נישט געשיידט, אַרומגעפּירט אים מיט זיך, ווי אַ פרומער ייד מיט טלית און תפילין. און פּונקט ווי דער פאָטער זיינער, וואָס האַלט, אַז די תורה איז נישט בלויז אַליין צו לערנען, נאָר אויך צו פאַר־שפּרייטן איר חכמה צווישן אַלע, אַזוי האָט אויך ניסן פאַרשפּרייט די נייע תורה זיינע און אויסגעלאַכט, אויסגעשפּאָט די אַלע, וואָס ווילן זי נישט אנערקענען. נאָך דאָרט, אין דער ליטווישער שטאָט זיינער, האָט ער מיט אַן אייזערנער לאָגיק און מיט ביטערן חוזק באַקעמפט די אַלע נאַראָדניקעס, וואָס האָבן געשטעקט אין ראָמאַנטישע גלויבנס, געדינט פרעמדע געטער און נישט אָנגענומען די תורה זיינע, די אמתע און די איינציקע.

איצט האָט ער זי פאַרשפּרייט צווישן די ישיבה־בחורים ביי פייוועלע דעם שמאַטע־הענדלער אין שטוב.

אָרעמע, געדריקטע, מיט אויסגעשאַרפטע קעפּ פון תורה, מיט אָפענע מוחות פאַר פילאָזאָפישע געדאַנקען, אַבסטראַקטע באַגריפן, האָבן זיי שנעל אויפגעכאַפּט די מאַרקסיסטישע פילאָזאָפיע, וואָס ניסן האָט פאַר זיי שכלדיק אויסגעטייטשט, און פאַרכאַפּט געוואָרן פון איר. פייוועלע, דער שמאַטע־הענדלער, האָט געקוואָלן מיט אַלע צויטן אין זיין געקרייזלטן בערדל פון ניסנס פאַרשפּרייטן בילדונג ביי אים אין שטוב. ער איז געווען שטאָלץ מיט אים, ווי אַ טאַטע מיט אַ זון אַ מושלם. שבת פלעגן די וועבער זיך אָנקומען,

איבערהויפּט די חסידישע געזעלן, די, וואָס די נויט אין שטוב האָט זיי אַוועקגעריסן פון די גמרות און פאַרפּלאָנטערט זיי אין די וועב־שטולן. געוואוינט געוועזן שטענדיק צו לערנען, צו ספרים, האָבן זיי נישט געפילט קיין גרויסע הנאה אין די שבתדיקע שפּאַצירנס הינטער דער שטאָט, וואו נייטאָרינס און שפּולערקעס האָבן געקנאַקט קערלעך אין די זייטן פון די בחורים, און וואוילע יונגעז, לאָדזשער פּרעטענזיע־נעמער, האָבן זיך גע־טשעפּעט צו די געזעלן, אַראָפּגעריסן זיי די זיידענע טיכלעך און געפּאָדערט אויסקויף־געלט פאַר מעגן שפּאַצירן מיט די מיידלעך. זיי האָבן געזוכט תורה, און זיי זענען געקומען צו פּיוועלע דעם שמאַטע־הענדלער אין די שבתים.

די אויפקלערערישע זאַכן האָבן פּיוועלען נישט אינטערעסירט. זיי זענען געוועזן וועגן העכערן לוין, וועניק אַרבעט, וואָס האָבן גאָרנישט געהאַט מיט אַפּיקורסות צו טאָן. אָבער צוזאַמען דערמיט האָט מען אויך גערעדט קעגן רעליגיע, פרומע לייט, רבנים און צדיקים, און אים איז אַ שטיק געזונט צוגעקומען.

— רויכערט יידן, — האָט ער זיי געמונטערט און געטיילט פּאַפּיראָסן.

דער רויך אין שבת האָט אים פאַרשטעלט יעדע מורא פאַר די פאַר־זאַמלונגען.

אין די וועבערייען האָבן נייע לידער זיך געלאָזט הערן ביי דער אַרבעט, לידער וועגן קייסער, פון וואָס די מייסטערס האָבן זיך געכאַפּט ביי די אויערן:

— לאָבוסעס! — האָבן זיי געשריגן, פאַרשטאָפּנדיק זיך די אויערן. — ווענט האָבן אויערן. איבער אייך וועט מען אונדז פאַרשיקן אין קייטן קיין סיביר.

נאָך מער האָבן זיי זיך געכעסט, ווען אין די לידער האָט מען וועגן זיי אַליין, די מייסטערס, שלעכטע, בייזע ווערטער גערעדט.

— אַז די מיילער זאָלן זיי נאָר הינטן שטיין, — האָבן די מייסטערינט געשאָלטן די יונגען, — פאַרן שפּייען אויפן ברויט, וואָס מ׳פרעסט.

די לידער האָבן זיך פאַרשפּרייט שנעל, געגאַנגען פון וועבעריי צו וועבעריי. די מייסטערס האָבן געסטראַשעט די געזעלן, אַז זיי וועלן זיי פאַר־מסרן פאַר די טאַטעס זייערע, פאַרן רב, אָבער די יונגען האָבן זיך נישט געמאַכט דערפון.

— מיר זענען באַלעבאַטים איבער זיך אַליין, — האָבן זיי געענטפערט.

די מייסטערס זענען פאַרשטאַרט געוואָרן פון די עזותדיקע רייד, וואָס אַזעלכע האָט מען גאָר קיינמאָל נישט געהערט.

ביסלעכווייז האָבן די געזעלן אַלץ ווייניקער גענומען פאָלגן זייערע מייסטערס. זיי האָבן נישט געוואָלט אָפּטראָגן די סחורות צו די פאַבריקאַנטן־אַרויסגעבער, זיי האָבן אויפגעהערט אַרבעטן שפּעט אין דער נאַכט.

— גענוג, — האָבן זיי געזאָגט, — צייט צו מאַכן נאַכט.

זמנניקעס האָבן אויפגעהערט פּאָלגן אַ גאַנג דער מייסטערין, נישט געוואָלט אַרויסטראָגן דאָס מיסט, אָפּגעזאָגט זיך אָוועקצוטראָגן דאָס טשאָלנט פּרייטיק צום בעקער. אין די בתי־מדרשים האָבן טאַטעס גערעדט מיט זאָרג וועגן דעם זינדיקן דור, וואָס ווידערשפּעניקט אין די עלטערע.

— מען רעדט אויף גאָט און משיח, — האָט מען געזיפצט.

— מ'רעדט אַלדאָס בייז אויפן קייסער, — האָט מען זיך איינגערוימט שטילערהייט אויפן אויער, כדי מען זאָל נישט דערהערן דאָס וואָרט.

— אַלץ די ליטוואַקעס, — האָבן פרומע יידן געביטערט. — איין קרע־ציקע שאָף וועט די גאַנצע סטאַדע קרעציק מאַכן.

אויפן באַלוט האָבן פּאָליציאַנטן גענומען זיך אָפּטער ווייזן און אַרייַנ־קוקן אין די אָפענע טירן פון די וועבערייען.

— היי, טאַטעלע, מאַמעלע, — האָבן זיי געברומט, דראָענדיק מיט אַ פינגער, און אַוועקגעגאַנגען מיט גאָרנישט, פּונקט ווי זיי זענען געקומען.

## קאַפּיטל צוויי

דעם וואָרקער רבינס ווערטער, פּאַרוואָס ר׳ אברהם הערש אַשכנזי האָט אַזוי מורא געהאַט, זענען מקוים געוואָרן.

נאָך שמחה מאירן איז יעקב בונעם אַוועק פון יידישקייט. ווי לאַנג דער פאָטער האָט געלעבט, האָט יעקב בונם אויסגעהיט זיך פאַר אים מיט זיינע גויאישע דרכים. אין וואַרשע איז ער טאַקע געגאַנגען אין קורצע קליידער, אַרומגעפירט זיך מיט לעב־יונגען איבער די קאַבאַרעטן און גאָר־נישט אָפּגעהיט קיין יידישקייט. אָבער אַז ער פלעגט קומען קיין לאָדזש, האָט ער זיך אָנגעטאָן די לאַנגע מלבושים און מיטגעפאָרן מיטן פאָטער אַפילו צום רבין קיין אַלעקסאַנדער. ווי נאָר דער פאָטער איז פלוצלונג געשטאָרבן פון אַ האַרץ־שלאַג, באַלד נאָך דער שבעה, האָט יעקב בונם אַראָפּגעוואָרפן פון זיך יעדן סימן פון יידישקייט און אַריינגעקראָכן אין אַזאַ עלעגאַנץ, ווי ער וואָלט געווען אַ פּריצישער זון פון דור־דורות. אויך דעם טאָפּלטן חסידישן נאָמען האָט ער אַראָפּגעוואָרפן, דעם בונם איינגאַנצן אָפּגעטרייסלט און פון יידישן יעקב געמאַכט אַ פּוילישן יאַקוב. אָבער גאָר אַנדערש ווי שמחה מאיר, האָט יעקב בונם אויסגעזען אין זיין גויאישן הילוך.

אויף שמחה מאירן איז דער חסידישער יונגערמאַנטשיק, דער פלוטע־וואַטער עילוי, נישט אַראָפּ אויף קיין ווילע פון זיין פּנים, געלעגן אים אין יעדער באַוועגונג, געהאַלטן זיך אים אין יעדער קנייטש פון זיינע דייטשע קליידער. כאָטש ער איז געווען אַ דייטש, גערופן זיך מאַקס און נישט אַנ־דערש גערעדט ווי דייטש, אַפילו אין שטוב, איז אים דער אַמאָליקער שמחה מאיר געלעגן אין די ביינער. ווי אַמאָל, פלעגט ער אין פאַרטראַכטקייט רעדן צו זיך אַליין, קראַצן זיך ביים שפּיץ בערדל, ציען עס, ווי אין די אַלטע

צייטן, ווען ער האָט נאָך אַ חסידישע באָרד געהאַט. ער האָט אויך גערעדט דייטש מיט אַ גמרא־ניגון, געענטפערט יידישלעך מיט פראַגן אויף פראַגן, גערעדט מיט האַלבע ווערטער און אָנצוהערעניש, ווי אַמאָל אין חדר ביי ר׳ ברוך וואָלף דעם מלמד. ער איז תמיד געווען אומרואיק, פאַרשמאַיעט, פאַרקאָכט. ער האָט נאָך אַלץ גענומען מענטשן ביי די קנעפּלעך, ווען ער האָט מיט זיי גערעדט, געגאָלטע מענטשן אָנגעכאַפּט ביים קין, ווי זיי וואָלטן בערד געהאַט. דעם אַש פון די ציגאַרן האָט ער שטענדיק געהאַט פול אויף די לאַצן, אויפן וועסטל. דער קראַוואַט האָט נישט געוואָלט איינליגן ביי אים אויפן אָרט, נאָר פאַררוקט זיך אָן אַ זייט. פּונקט אַזוי האָט דער האַרטער דייטשער קאַפּעליוש, ווי דער צילינדער, נישט געוואָלט זיצן שטייף אויף זיין חסידישן צעטראָגענעם קאָפּ, נאָר פאַררוקט זיך אין דער הויך, ווי אַ חסידיש היטל. אַלע זיינע ענגלישע קאָסטיומען אין קראַטן, וואָס ער האָט געטראָגן, כדי צו מאַכן זיך וואָס עלעגאַנטער און אָנזעעוודיקער, זענען אויף זיין פיגור, אויף זיינע חסידישע אַקסלען גערונען, געשוואומען און גלייך זיך פאַרוואַנדלט אין אַ חסידישער קאַפּאָטע.

פּונקט אַזוי האָט זיין יינגערן ברודער יעקב בונם, וואָס האָט זיך איצט גערופן בלויז יאַקוב, אַלץ געפּאַסט, איז אַלץ געלעגן אויף זיין ברייטער שטאַר־קער פיגור מיט אַזאַ זיכערקייט, ווי ער וואָלט קיינמאָל אויף זיך קיין קאַפּאָטע נישט געטראָגן. ווי אַ פריץ האָט ער אויסגעזען אין זיינע האַלב־קינסטלערישע, האַלב־פריצישע קליידער, אין וועלכע ער איז מיט אַזאַ לייכטקייט אַריינגעקראָכן. אַפילו די שוואַרצע באָרד זיינע, וואָס ער האָט זיך איבערגעלאָזט. בלויז אָפּגעלנדיק די באַקן, האָבן גאָרנישט אין קיין יידי־שער באָרד דערמאָנט. אין דעם צילינדער, אין דער ברייטער שוואַרצער פּעלערינע, וואָס ער האָט מיט גראַציע פאַרוואָרפן אויף איין אַקסל, ווי ער האָט עס געזען אין דער אָפּערע, מיט די ווייסע הענטשקעס און מיט דעם עלעגאַנטן שטאָק אין דער האַנט, האָט ער אויסגעזען ווי עפּעס אַן אויס־לענדישער מאַגנאַט, עקסטראַוואַגאַנט און קינסטלעריש.

עס איז אים זייער גוט געגאַנגען, דעם יעקב בונמען, אויף דער וועלט; פון אַלע זייטן האָט דאָס גליק צו אים געשיינט. ווידער איז ער געווען פון אויבן איצט, פּונקט ווי אַמאָל אין הויף צווישן די קינדער. שמחה מאיר איז נישט רואיק געשלאָפן אין די נעכט איבער דעם יינגערן ברודער זיי־נעם. די קנאה האָט אים געפרעסן.

קודם־כל האָט ער אים נישט געקאָנט מוחל זיין די ירושה. באַלד נאָכ־דעם, ווי דער פאָטער זיינער האָט זיך נאָך אים, שמחה מאירן, געזעצט שבעה ביים לעבן, האָט ער אויך אים מעביר־נחלה געווען, איבערגעשריבן די צוואה זיינע, אַז זיין זון שמחה מאיר האָט נישט קיין חלק אין זיין פאַרמעגן, אַפילו קיין בענדל פון קיין שוך זאָל ער נאָך אים נישט ירשענען. די גאַנצע ירושה איז איצט אַריבערגעגאַנגען צו די שוועסטער און צו יעקב בונמען. די ירושה איז געווען אַ גרויסע. שמחה מאיר האָט גאָר אַליין נישט געטראַכט,

אַז דער פֿאָטער זיינער האָט אַזאַ פֿאַרמעגן געהאַט. אויף יעקב בונמס טייל זענען היפּשע עטלעכע צענדליק טויזנטער אין מזומנים אַריינגעפֿאַלן. שמחה מאיר איז אַרומגעגאַנגען אַ צערודערטער. ער האָט זיך גראָד אויף דער לויה ביים פֿאָטער שטאַרק געפּאָרעט, געלאָזט זיך אויפֿן בית־עולם איינרייסן דעם לאַץ פֿון אַ נייעם קאָסטיום, קדיש געזאָגט, אַפֿילו שבעה געזעסן. ער האָט געוואָלט פֿאַרריכטן איצט, אויסנעמען ביי דער מוטער, ביי די שוועסטער און ברודער. אָבער די יורשים האָבן גאָרנישט געוואָלט אים ענטפֿערן, ווען ער האָט גענומען רעדן וועגן דער ירושה. ער איז איבעריקנס נאָך אויך נישט געווען אינגאַנצן אויף אַ וועג מיט די הלוואות, וואָס ער האָט גענומען ביי זיי פֿאַר הונצעס באַראָנענשאַפֿט. זיי האָבן אים געהאַט אין די הענט איצט. מיט קיין געריכטן האָט ער נישט געקאָנט גיין. אָבער צו רבנים האָט ער גענומען שלעפּן די שוועסטער און דעם ברודער. ער האָט גע־פּרוווט פֿאַרשרייען, פֿאַרטומלען, אָבער יעקב בונם האָט זיך נישט געלאָזט. קיין פּרוטה האָט ער נישט געקאָנט אַרויסציען.

נאָך מער האָט אין אים געקאָכט, ווען יעקב בונם איז אַריין אין די גויאישע קליידער באַלד נאָכן פֿאָטערס טויט. אָט דאָס, וואָס ער אַליין האָט דורכגעמאַכט מיט אַזויפֿיל מלחמה, האָט יעקב בונם אָפּגעטאָן לייכט און גלאַטיק, ווי אַלץ וואָס ער טוט. שמחה מאיר האָט נישט געפֿילט קיין טעם אין לעבן. עפּעס אַלץ איז אים געגאַנגען גלייך, דעם יעקב בונמען, דאָס גליק איז אַליין צו אים אין די הענט געקראָכן, בעת ער, שמחה מאיר, האָט זיך שטענדיק געמוזט דערנאָך יאָגן, איינרייסן, מיט די נעגל אַרויס־דראַפּען.

יאָ, ער איז געבוירן געוואָרן אין אַ זיידן העמדל, דער יעקב בונם. שוין אויסערלעך האָט ער שמחה מאירן נאָך אין דער מוטערס בויך באַרויבט. ער איז געוואַקסן גרויס, הויך, שיין, פֿריילעך, פֿול מיט הנאה צו לעבן און צו זען אַנדערע לעבן. מען האָט אים ליב געהאַט, געקלעפּט צו אים. לייכט איז ער אין אַ מיליאָנעריש הויז פֿאַר אַן איידעם אַריין, כאָטש ער האָט גאָר קיין תורה נישט געקענט, קוים אַ בלעטל גמרא זיך אויסגעלערנט! לייכט איז ער אין די נייע קליידער אַריין; לייכט איז ער איצט אין דער לאָדזשער רייכער און פֿריילעכער וועלט אַריינגעקראָכן, אין די רייכסטע הייזער אַריינ־געקומען, צו וועלכע שמחה מאיר האָט גאָרנישט געוואוסט ווי אַזוי צוצוקומען.

ער האָט איצט געוואוינט מער אין לאָדזש ווי אין וואַרשע, יעקב בונם, און זייער אַ פֿריילעך לעבן געפֿירט. אין נייעם האָטעל, וואו די רייכסטע געסט שטייען איין, האָט ער אַ שיינע בחורישע וואוינונג זיך אָפּגעדונגען, גאַנצע טעג אין גומענע קאַרעטן איבער די לאָדזשער שלעכט־געפּלאַסטערטע גאַסן אַרומגעיאָגט זיך, כאָטש ער האָט גאָרנישט געהאַט נאָך וואָס צו איילן, און געגריסט זיך אויף רעכטס און לינקס צו די פֿאַרבייגייער אויף די טראָ־טואַרן. זייער גיך האָט ער זיך מיט דער לאָדזשער גאָלדענער יוגנט איינגעלעבט, אַ וועלט מיט באַקאַנטע און פֿריינט געקריגן, אין רייכע שטובן

אַ גאַסט געוואָרן, מיט קינסטלער, שרייבער און אַקטריסעס זיך אַרומגערינגלט, אין רעסטאָראַנען זיי געפירט, הלוואות געגעבן, און אַן אייגענער מענטש אין אַלע טעאַטערס, קאַבאַרעטן, נאַכט־קלובן געווען. אַלע קעלנער אין די רעסטאָראַנען, קוטשערס פון די קאַרעטן האָבן אים געקענט און די היטלען פאַר אים געצויגן. ער האָט געקאָנט פאָרן אין אַ קאַרעטע, ווי אַ געבוירענער מאַגנאַט. דאַמען האָבן אים מיט לאָרניאָנען נאָכגעקוקט.

— „האַבע די ערע, מאַיע אושאַנאָוואַניע, קיסע די האַנט!" — האָט ער פון אַלע זייטן געגריסט ברייט, געפאַכעט מיט דעם צילינדער צו מע־נער און דאַמען, צו פאַבריקאַנטישע רייכע זינדלעך און צו נאַכלעסיקע מאָ־לער, צו אויסגעפראַנטעוועטע שאַנסאָנעטקעס און צו לייטישע דאַמען.

— ווי גייטס, יאַקוב? — האָט מען אים צוריקגעגריסט, בלויז אָנרופנדיק אים ביים נאָמען.

פונקט ווי ער איז געווען לוסטיק, אויסגעקאָכט מיט אַ וועלט, אַזוי איז זיין ווייב, די רייכע, קרענקלעכע חסידישע טאָכטער, געווען תמיד אַליין, אָפּגערוקט פון מענטשן און פאַרזויערט. זי איז געווען מאָגער און פאַר־קרענקט. אויך איז זי אין טראָגן נישט פאַרגאַנגען, כאָטש אַלע אין שטוב האָבן איר אויפן בויך געקוקט און זי וועגן דעם מיט חידוש אויסגעפרעגט. זי איז געווען פאַרביטערט, שטענדיק אויפגערעגט. זי האָט אַליין נישט געפילט קיין טעם אין די גוטע עסנס און נישט פאַרגונען, ווען אַנדערע עסן מיט אַפּעטיט. זי האָט אַליין נישט געקאָנט שלאָפן געשמאַק. זי האָט איר מאַן ליב געהאַט, אויסגעגאַנגען פאַר אים. אָבער זי האָט נישט געקאָנט מיטגיין מיט אים. ער איז איר געווען שווער סיי מיט זיין טעמפּעראַמענט, וואָס פלעגט אויף אים אָנפאַלן און וואָס פאַר איר איז עס געווען בלויז אַן עול און אַ פּיין, סיי מיט זיין שטענדיקער פריילעכקייט און שמחה. ווען זי האָט נישט געקאָנט צונעמען קיין לעפל צום מויל, האָט ער געגעסן מיט אַ וואָלפישן אַפּעטיט. ווען זי האָט זיך געמאַטערט אין די שלאָפלאָזע נעכט־שלינגענדיק אַלערליי פּילן, וואָס האָבן נישט געהאָלפן, האָט ער געאָטעמט מיט לעבן און שטאַרקן שלאָף. זי האָט אים נישט פאַרגונען.

— יעקב, — האָט זי אים געוועקט, — —שלאָף נישט אַזוי, ווען איך קום אום וועלנדיק צומאַכן אַן אויג.

זי האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן די מענטשן זיינע, וואָס ער רינגלט זיך אַזויפיל מיט זיי אַרום, וואָס ער איז מיט אַלעמען גוט, פריילעך, גוט־ברודעריש און קלאַפּט יעדן אין פּלייצע, ווי מען קלאַפּט אים אין פּלייצע.

— איך לייד זיי נישט, — האָט זי געזאָגט אַ זויערע, קוקנדיק מיט האַס אויף די מענטשן.

זי איז געווען אייפערזיכטיק אויף אַלעמען, אויף אַלע ווייבער, פאַר וועלכע ער פלעגט ציען דעם צילינדער, אויף אַלע אַקטריסעס, וואָס ער פלעגט זיי מאַכן רוישיקע אָוואַציעס אין טעאַטער.

— ווער איז די קאָקאָטע? — האָט זי וועגן יעדער פרוי געפרעגט מיט גאַל.

זי אַליין האָט מיט אים נישט געוואָלט גיין; אויסגעמיטן זיינע באַקאַנ־טע, פריינט. אָבער טאָמער איז ער אַליין געגאַנגען איז זי געווען אייפער־זיכטיק, געמאַכט אים סצענעס. ער איז דעריבער זעלטן געזעסן אין וואַרשע, מערסטנס פאַרבראַכט אין לאָדזש. אין דער שטאָט, דער רוישיקער און ענערגישער, וואָס זידט פון אַרבעט און דראַנג, האָט ער אַ זייער זאָרגלאָז בחוריש האָטעל־לעבן געפירט. מען האָט אים ליב געהאַט און ער האָט אַנדערע ליב געהאַט. איבערהויפּט זענען פאַר אים אויסגעגאַנגען די ווייַ־בער — די שאַנסאָנעטקעס פון די לאָקאַלן, ווי די רייכע באַלעבאַטישע ווייב־לעך, וואָס די מענער זייערע זענען פאַרקאָכט אין מסחר און זיי אַליין גייען אויס פון לאַנגווייליקייט אויף זייערע שפּאַצירן אויף פּיעטראָקאָווער גאַס. זיי האָבן אים אַנטקעגן געשמייכלט, מיט די אויגן אים געגעסן. ער האָט פאַר זיי זייער נידעריק און בראַוועריש דעם צילינדער געהויבן, אַרומיאָגנ־דיק אין די קאַרעטן. אָמטיפסטן און נידעריקסטן פלעגט ער ציען דעם צי־לינדער פאַר זיין שוועגערין דינהלע, ווען ער פלעגט זי אָנטרעפן אין גאַס, ווי זי גייט מיט דער מוטער שפּאַצירן, ביידע אויסגעפּוצטע, מיט הויכע היט און פעדערן.

פונקט ווי אַמאָל, ייִנגלווייז, ווען ער פלעגט שטיין לאַנג שטיין ביי חיים־אַלטערס הויז, כדי ער זאָל זי זען, דאָס מיידל, אין פענסיע־קלייד און ציען פאַר איר דאָס חסידישע היטל, אַזוי פלעגט ער אויך איצט אַרומיאָגן מיט דער קאַרעטע הין און צוריק איבער דער פּיעטראָקאָווער גאַס, כדי צו דערזען זי און ציען פאַר איר נידעריק דעם צילינדער. ער האָט זי אַלץ נישט אויפגעהערט צו ליבן, געדענקט נאָך אַלץ די וואַרעמע הענטלעך אירע אַרום זיין האַלדז, ווען זי פלעגט זיצן אים אויפן רוקן, געדענקט איר גע־לעכטער און פאַרערונג.

ער האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט מוחל זיין דעם ברודער זיינעם, וואָס ער האָט זי אים צוגענומען, זי, וואָס אַלע אין הויף האָבן זי פאַר זיין כלה געהאַלטן. ניין, ער איז נישט געווען גליקלעך מיט זיין ווייב, דער פרעמדער און קרענקלעכער, וואָס קאָן אַליין נישט לעבן און פאַרביטערט אים דאָס לעבן. ער האָט תמיד געזוכט אַ געלעגנהייט דינהלען צו זען. ער איז צו איר אין שטוב נישט געקומען. שמחה מאיר איז געווען מיט אים ברוגז. אָבער אויף די גאַסן האָט ער איר נאָכגעקוקט, געגריסט צו איר טיף מיטן צילינדער. די גאַנצע וואַרעמקייט צו איר האָט ער אין די גרוסן אַרייַנ־געלייגט.

פונקט אַזוי פלעגט דינהלע ספּעציעל אַרומגיין איבער דער פּיעטראָקאָ־ווער גאַס, כדי אים צו זען, דעם עלעגאַנטן און שיינעם, וואָס איז שטאַרק ענלעך געווען צו די העלדן פון אירע ראָמאַנען.

זי האָט שוין געוואוינט איצט באַזונדער, אין זייער אַ גרויסער און

רייכער דירה, זינט דער מאַן אירער האָט איבערגענומען די גענעראַל־פּאַר־טרעטונג ביי די באַראָנען הונצעס. אויך איז דער מאַן אירער אַן אַנדערער געוואָרן. ער האָט אייראָפּעאישע קליידער געטראָגן, דאָס חסידישע בערדל אָפּגעגאָלט און נייע מענטשן צו זיך אין שטוב אַריינגעצויגן, היינט־וועלטיקע און רייכע. אַפילו דייטש האָט ער גערעדט אין שטוב, און זי, זיין ווייב, נישט מער גערופן דינהלע, נאָר דיאַנאַ. אָבער זי האָט אים נישט פאַרטראָגן, ווי פריער, ביי זיין גאַנצער דייטשקייט, איז ער געזעסןביים טיש אַ צעטראָגענער, גערעכנט, געברומט צו זיך אַליין, געיאָגט זיך, געאײַלט, עס האָט אים פון אָרט געהויבן.

— וואו לויפסטו? — האָט זי אים געמוזט אָפּשטעלן, ווען ער האָט גיך געגעבן אַ רייניק־אויס די ציין נאָכן פלייש און געלאָזט זיך לויפן. — מען דאַרף נאָך דערלאַנגען דעם קאָמפּאָט.

פּונקט אַזוי האָט זי אים געדאַרפט לערנען, וואָס ער האַלט אין איין רעכענען ביים עסן, פאַרשרייבט אַלע טישטעכער און סערוועטלעך, וואָס נאָר עס קומט אים אונטער דער האַנט.

— וואָלסטו אפשר אַכטונג געגעבן אויף די קינדער? — האָט זי אים געזאָגט. — זע, ווי אַזוי זיי פאַרהאַלטן זיך ביים טיש.

— די קינדער? — האָט מאַקס אַשכנזי איבערגעפרעגט.

ער האָט גאָר פאַרגעסן, אַז ער האָט קינדער. ער האָט זיי זעלטן געזען, זעלטן מיט זיי אַ וואָרט אויסגערעדט. וויפיל מאָל זיי האָבן געוואָלט, ער זאָל זיי נעמען אויף דער קני רייטן, הוידען אַ ביסל אויף דער פוס אָדער אויפ־הויבן אין דער הויך, האָט ער זיי אַוועקגעשיקט צו דער מוטער.

— פורכטבאַר באַשעפטיקט, — האָט ער אַ ברום געטאָן.

ער האָט בלויז געוואָלט וויסן, ווי אַזוי זיי לערנען זיך, איבערהויפּט ווי דאָס יינגל לערנט זיך.

— נאַ, צייגע מיר די העפטע, איגנאַץ, — האָט ער גערופן דאָס יינגל, וואָס האָט געלערנט אין דער דייטשער שולע, — איך מעכטע דיינע שול־צייגניסע נאָכזען.

דער קליינער איגנאַץ האָט נישט מיט קיין גרויסן חשק געוויזן זיינע העפטן. ער האָט זייער שלעכטע צייכנס געהאַט פון די לערער. דער פאָ־טער האָט זיי אים אַרויסגעריסן פון דער האַנט, אַ פלינקן בליק אין זיי געטאָן און זיך פאַרקרימט, איבערהויפּט אויף דער אַריטמעטיק, וואָס דער קליינער האָט אַמערגסטן געמאַכט.

— אונבעגרייפליך, ווי ער האָט ניכטס פאָן מיר געערבט, — האָט ער גערעדט מיט פאַדרוס און געקוקט מיט פאַרוואורף צו זיין ווייב.

די יינגערע, גערטרוד, אַ קאָפּיע פון דער מוטער, האָט גראָד מיט שמחה אָנטקעגנגעטראָגן אירע העפטן פון קינדער־גאָרטן. זי האָט זייער שיינע האַנט־אַרבעט געמאַכט, אַלערליי בלומען און שמעטערלינגען אין די העפטן אַריינגעקלעפּט, פאַרוואָס די לערערינס האָבן זי שטאַרק געלויבט.

אָבער דעם פֿאָטער האָבן אַזעלכע זאַכן ווייניק אינטערעסירט. ער האָט פֿון קיין מיידלעך קיין גרויסע זאַכן נישט דערוואַרט. דערוואַרט האָט ער פֿון ייִנגל, איבערהויפּט אין וויכטיקע זאַכן, אין חשבון. און ער האָט אַ פֿלוטע־וואַטן בליק געגעבן אין דער קליינערס העפֿטן און אַ ברום געטאָן אויף יוצא זיין:

— נעט, קליינע...

זיי זענען געוואָרן פֿרעמד צום פֿאָטער, ווי ער איז געווען צו זיי. זיי פֿלעגן זיך אַפֿילו איבערקוקן ביים עסן, ווי אַזוי דער פֿאָטער רעכנט, רעדט צו זיך אַליין, קראַצט זיך פֿאַרטראַכט ביים שפּיץ בערדל, פֿאַרלירט דאָס סערוועטל, רייניקט אויפֿן קול מיט דער צונג די שטיקלעך פֿלייש פֿון די ציין, און זיי האָבן זיך פֿונאַנדערגעלאַכט ביים טיש, איבערווינקענדיק זיך מיט די אויגן אויפֿן פֿאָטערס העויות. די מוטער האָט צו זיי בייזע בליקן געוואָרפֿן, כאָטש איר אַליין האָבן אויך דעם מאַנס חסידישע מנהגים אויפֿ־געדרעגט, צו לאַכן געמאַכט.

ביי איר גאַנצער גלייכגילטיקייט צו אים, האָט איר געערגערט, ווען עמעצער זעט זיינע לעכערלעכקייטן, זיינע חסידישע שטיק. עס איז איר, ר' חיים אַלטערס טאָכטער, נישט אָנגעשטאַנען, מ'זאָל פֿון איר מאַן לאַכן. נישט נאָר האָט זי נישט דערלאָזט די אייגענע קינדער איבערווינקען זיך איבער דעם פֿאַרטראַכטן פֿאָטער, נאָר זי האָט אויך אָפּגעהיט, אַז ער זאָל ביי פֿרעמדע מענטשן אין גאַס נישט אַרויסרופֿן קיין שפּאָט.

ביי דער טיר האָט זי אים געמוזט פֿאַרהאַלטן, דערמאָנען אים, ער זאָל זיך אָפּשאָקלען דעם אַש פֿון ראָק און פֿאַרבינדן זיך ווי געהעריק דעם קראַוואַט.

— שמחה מאיר, — האָט זי אים גערופֿן, — ווי אַזוי גייסטו צווישן מענטשן?

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, כאָטש ער האָט דעם אַלטן חסידישן נאָמען פֿיינט געהאַט, ספּעציעל פֿיינט געהאַט צו הערן אים פֿון זיין ווייבס מויל.

— פֿערבינדע מיר, דיאַנאַ, איך ביטע דיך, — האָט ער איר געזאָגט אין זיין לאָדזשער אונטערזינגענדיקן דייטש, — איך ווערדע ניע די קראַוואַ־טע אַאוסבינדן קענען.

זי האָט אים דעם קראַוואַט פֿינקטלעך אויסגעבונדן, אויך דאָס אַש פֿון ראָק אָפּגעשאָקלט, ער זאָל נישט ברענגען אויף זיך קיין לייטיש געלעכ־טער. אָבער יעדעס מאָל אויפֿסניי, ווען ער האָט זי דערביי אַרומגענומען פֿאַר דער טאַליע, האָט זי זיך האַסטיק אַרויסגעדרייט און אים מיט אַ קאַלטן בליק פֿון די בלויע אויגן דאָס בלוט פֿאַרפֿרוירן.

— שמחה מאיר, אפֿשר וועסטו איינשטיין? — האָט זי אים אָפּגעשניטן.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט האַסטיק די הענט, ווי אונטערגעזעגטע, סיי פֿון אירע רייד, סיי פֿון נאָמען, וואָס זי רופֿט אים, דעם אַלטן קאָמישן נאָמען, כאָטש ער הייסט שוין מאַקס. זי האָט אים פֿאַר קיין פֿאַל נישט געוואָלט

רופֿן ביים נייעם נאָמען, נישט גערעדט צו אים דייטש, כאָטש זי האָט עס גוט געקענט, נאָר יידיש, אַפֿילו ווען מענטשן קומען צו אים. דאָס האָט אים זייער געקרענקט. אַלעמען האָט ער געצוואונגען אין דער נישט־פּאַרגי־נערישער שטאָט צו באַוואונדערן אים, צו רעדן וועגן אים, נאָר נישט זיין אייגן ווייב. זי איז נישט נתפּעל געוואָרן פֿון זיינע סוחרישע גרויסקייטן, וועגן וואָס ער האָט איר דערציילט, פֿון זיין גיכן וואַקסן. זי האָט גאָרנישט געוואָלט הערן, ווען ער פֿלעגט זיך באַרימען פֿאַר איר מיט זיינע סוחרישע זיגן.

— וואַרף נישט די ציגאַרן אויף דער ערד, — האָט זי אים איבערגע־ריסן, — און שיט נישט דאָס אַש אויפֿן טישטעך; אָט שטייט אַן אַש־בעכער.

אַזוי האָט זי אויך נישט געוואָלט ווערן קיין לאָדזשער דאַמע, וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק פֿאַרלאַנגט פֿון איר. זי האָט אַפֿילו נישט אויסגעטאָן באַלד דאָס שייטל, כאָטש זי האָט עס שטענדיק פֿיינט געהאַט. דער מאַן אירער האָט עס נישט פֿאַרשטאַנען.

— וואָס איז, אַזוי פֿרום ביסטו? — האָט ער געפֿרעגט. — ס׳פּאַסט גאָרנישט פֿאַר מיר.

— מיר פּאַסט, — האָט דינהלע געענטפֿערט.

זי האָט נישט געוואָלט נאָכגיין זיינע פֿיס־טריט. עס איז איר נישט אָנגעשטאַנען. איבעריקנס, האָט זי עס נישט געדאַרפֿט. זי איז נישט מיט־געגאַנגען מיט אים אין די נייע הייזער, די רייכע און די פֿאַבריקאַנטישע, נישט געחברט זיך מיט זיינע סוחרים און זייערע היינט־וועלטיקע ווייבער. זי איז געווען פֿאַרנומען אָדער מיט די קינדער, וואָס אַלע מאָל איז אַן אַנדערס קראַנק געוואָרן, אָדער מיט דער שטוב, און מערסטנס פֿון אַלץ מיט אירע ביכלעך. זי האָט זיי גאָרנישט אויפֿגעהערט לייענען, די ביכלעך, גע־לעבט מיטן לעבן פֿון די העלדן זייערע, געפֿרייט זיך מיט זייער פֿרייד, געטרויערט מיט זייער טרויער. דערביי איז זי מער געווען ביי אירע עלטערן אין הויז, ווי ביי זיך אין דער היים. טאָג־טעגלעך איז זי מיט דער מוטער געגאַנגען איבער די גאַסן, געקוקט אין די פֿענצטער פֿון די גע־שעפֿטן און געפֿירט זיך אונטער די הענט. אויסגעפּוצטע, עלעגאַנטע, האָבן זיי זיך נישט שטאַרק אונטערשיידט איינע פֿון דער אַנדערער, גיכער אויס־געזען ווי צוויי שוועסטער, איידער ווי מוטער און טאָכטער. זי איז גאָר נישט עלטער געוואָרן, די פֿריוועלע אַלטער. מענער האָבן איר נאָכגעקוקט אויף די גאַסן, כאָטש זי איז שוין אַ באָבע פֿון עטלעכע אייניקלעך געווען. ווי תמיד, האָט זי נישט געקאָנט פֿאַרבייגיין קיין געשעפֿט, זי זאָל עפּעס נישט קויפֿן. זי האָט אויך די טאָכטער געשלעפּט מיט זיך. אַפֿילו אין דער צוקערניע נאָשן שאָקאָלאַד האָט זי זי געשלעפּט.

שמחה מאירן האָט זיין ווייבס צוגעבונדנקייט צו די עלטערן אויפֿ־געדעגט. ער האָט געפֿילט, אַז זיי, די שווער און שוויגער, רויבן דאָס אַוועק ביי אים דאָס ווייב זיינס, וואָס געהער צו אים. יעדעס מאָל, ווען זי פֿלעגט אַוועקגיין צו דער מוטער, האָט ער אויפֿסניי אויסגעברומט ביין:

— שוין ווידער צו דער מאַמען! כ׳וויס גאָרנישט, וואָס מען האָט אַזויפיל צו טאָן ביי אַ מאַמען! זאָ עטוואָס...

איבעריקנס איז ער נישט געווען גאַנץ זיכער, צי דאָס ווייב זיינס גיט נישט צופיל געלט די עלטערן. ער האָט גוט געקענט דעם שווערס שיטערע פינגער און דער שוויגערס ברייטקייט. ער האָט וועגן דעם נישט גערעדט, ער האָט מורא געהאַט פאַר דינהלען די ווערטער פאַרן מויל צו ברענגען. אָבער רואיק איז ער נישט געווען. ער האָט זי געוואָלט אָפּציען פון דער מוטער, אַריינציען אין נייע הייזער, אין רייכע און הײנט־וועלטיקע, ווי עס שטייט אָן פאַר אים און זיין שטאַנד. עס האָט אים געפּאַסט צו ווייזן זיך מיט אַזאַ ווייב, אַ שיינע און געבילדעטע. צו זיין נייעם הילוך וואָלט זייער גוט אויס־געזען, ווען דינהלע, די געוויקסיקע און עלעגאַנטע, זאָל מיט אים אונטער דער האַנט איבער דער גאַס גיין, אַזוי אַז מענטשן זאָלן אים באַוואונדערן. אָבער ער האָט זי פון די ביכלעך און פון דער מוטער נישט געקאָנט אָוועקרייסן. פון אונטער די הענט האָט זי זיך אים אַרויסגעדרייט. ער האָט זיך דעריבער מיט נאָך מער אייפער אין די געשעפטן אַריינגעוואָרפן, אַהיימגעקומען שפּעט אין די נעכט און אַוועק באַלד אינדערפרי פון שטוב.

ער איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג, מיט יעדער שעה, אָבער רואיק איז ער נישט געווען. די שנעלע נערוועזע פינגער האָבן גאָרנישט אויפגעהערט צופּן פאַרדאגהט ביים שפּיץ בערדעלע. ער איז געווען בייז, אויף דער שטוב, אויף שווער און שוויגער, אויף די שוועסטער, און מער פון אַלץ אויף יעקב בונמען, וואָס האָט גאַנץ לאָדזש אויפגערודערט מיט זיין פריילעך לעבן. אומעטום האָט מען אים אָפּגעגעבן פריילעכע גרוסן פון אים.

— דער יונג וועט נאָך מיט דער טאָרבע גיין, — האָט שמחה מאיר וועגן אים נביאות געזאָגט, — וויר ווערדען זען דאָס גרייטע...

אָבער יעקב בונם איז מיט דער טאָרבע נישט געגאַנגען, ווי זיין עלטע־רער ברודער האָט נביאות געזאָגט. פאַרקערט, דאָס גליק איז געשפּרונגען אים אין די הענט אַריין, אַליין נישט ווויסנדיק גאָר ווי אַזוי עס איז געקומען, איז ער אין גרעסטן לאָדזשער פּאַלאַץ, ביי מאַקסימיליאַן פלידערבוים דעם מיליאָנער, אַן איינגייער געוואָרן, מיט די מיליאָנערישע לאָדזשער זינדלעך דאָרט ווייַן געטרונקען, אין קאָרטן געשפּילט, און אַזוי טאַקע, צווישן ווייַנען, קאָרטן און געלעכטער, די גענעראַל־פאַרטרעטונג פון דער פאַבריק ביים פאַבריקאַנט אָנגענומען.

אַ בלייכער, אינגאַנצן אָן בלוט אין פּנים, איז געבליבן זיצן שמחה מאיר אויפן פאָטעל אין קאַנטאָר זיינעם, ווען מענטשן האָבן אים דערציילט וועגן יעקב בונמס פאַרטרעטונג.

— שקר וכזב! — האָט ער געשריגן אין יידיש, פאַרגעסנדיק גאָר, אַז ער רעדט דייטש.

שוין צופיל האָט אים די נייעס צעטראָגן.

אָבער עס איז נישט געווען שקר וכזב. טאַקע אויף דער פּיעטראָקאָווער

גאַס, פונקט אַנטקעגן הונצעס הויז, וואו שמחה מאיר האָט געהאַט זיין פאַר־טרעטונג, האָט דער ברודער זיינער אַ ריזיקן לאַגער פאַרלייגט. מיט ברייטער פאַרשווענדערישקייט אַ קאַנטאָר אויסגעשטאַט. גאָלדענע גרויסע שילדן מיט פלידערבוימס אַלע מעדאַלן און מיט דער פאַבריק־מאַרקע — אַן אַנקער מיט אַ שליסל איבערגעקרייצט — איבער דעם גאַנצן הויז אויפגעהאַנגען און אַפילו ביי דער טיר אַ דינער מיט אַ אוניפאָרם אַוועקגעשטעלט, ווי ביי אַ באַנק. אויך האָט זיך דער נייער פאַרטרעטער אַ קאַרעטע אַן אייגענע געקויפט און, ווי מערסטע יונגע פאַבריקאַנטן, אַליין די פערד געטריבן, אַוועקזעצנדיק דעם קוטשער אויבן־אָן.

שמחה מאיר האָט פאַרהאַנגען מיט גרינע פאָרהענגלעך די פענצטער פון זיין קאַנטאָרל אין געשעפט. ער האָט נישט געוואָלט קוקן אויף די שילדן אַנטקעגן. דאָס בלוט איז אים קאַליע געוואָרן, אָבער דעם ברודערס נאָמען האָט צו אים פון אַלע זייטן אַראָפּגעשריגן. עס האָבן דערציילט וועגן אים די גרויסע רעקלאַמעס אין די צייטונגען, די סוחרים, די מעקלערס, גאַנץ לאָדזש.

— ער רודערט אַ וועלט, — האָבן די סוחרים אים דערציילט, איבער־געגעבן וועגן אַלע זיינע געשעפטן אין די טעג און וועגן די הוליאַנקעס אין די נעכט.

באַלד דערויף האָט דער פאַבריקאַנט פלידערבוים אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג איבער זיינע קאָנקורענטן, די באַראָנען הונצעס. אומעטום האָט מען דערפון גערעדט. צוזאַמען מיט פלידערבוימען האָט אויך זיין גענעראַל־פאַרטרעטער יאַקוב אַשכנזי אַ קלעטער געטאָן אין דער הויך, אַרויפגעקראָכן העכער אַ שטאַפּל אויף דעם גאָלדענעם לייטער.

שמחה מאירס פּנים איז געוואָרן אַזוי גרין, ווי די גרינע פאָרהענגלעך פון די פענצטער אין זיין געשעפט, וואָס ער האָט שטענדיק געהאַלטן אַראָפּ־געלאָזן, כדי נישט צו זען דעם גאָלדענעם אויסגעקריצטן נאָמען פון שונא קעגנאיבער.

## קאַפּיטל דריי

אין פאַלאַץ פון טעקסטיל־פאַבריקאַנט פלידערבוים איז געווען לוסטיק און פריילעך.

דער פאַבריקאַנט פלידערבוים, וואָס האָט געפירט אַ שווערע קאָנקורענץ קעגן דער מאַנופאַקטור־פאַבריק פון הונצעס יורשים, האָט אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן נצחון — דער ניי־באַשטימטער גובערנאַטאָר פאָן מילער, וואָס איז אָנגעקומען פון פעטערבורג קיין פּיעטראָקאָוו, האָט אָנגענומען די ערשטע איינלאַדונג צום פאַבריקאַנט פלידערבוים, נישט צו די באַראָנען הונצעס.

זינט יאָרן האָבן פאַרביטערט געקעמפט די צוויי גרעסטע לאָדזשער

פֿאַבריקאַנטן — הונצע און פּלידערבוים. איינער דעם צווייטן איז דער־גאַנגען די יאָרן ביי יעדער געלעגנהייט, אָפּגעטאָן זיך שפּיצלעך.

פּונקט ווי דעם אַלטן הונצע, האָבן אויך דעם פֿאַבריקאַנט פּלידערבוים אַלטע לאָדזשער יידן געדענקט נאָך ווי ער איז געקומען אין שטאָט מיט ליידיקע הענט. אַן אָפּגעבערענטער פֿון דער דאָרפֿישער זון, אַ ברייט־פּלייצי־קער, אויף וועלכן ס'אויסגעוואַקסענע לאַנגע צייגענע כאַלאַטל האָט שיר נישט געפּלאַצט, מיט אַ פּאָר שווערע שטיוול, געשמידט מיט פּאָדקאָוועס, די קנאַפּל זאָלן זיך נישט אָפּרייבן, מיט אַן אָפּגעריסענער צווייג אין דער קרעפּ־טיקער האַנט, אָפּצויאָגן זיך פֿון דאָרפֿישע הינט אויף די וועגן און פֿון די פּאַסטעכער, וואָס וואַרפֿן נאָך יידן שטיינדלעך — איז ער געגאַנגען צופֿוס פֿון זיין דאָרף וואולקע קיין לאָדזש, צו פֿאַרדינען זיין ברויט פֿאַר זיך.

דעם טאַטן זיינעם דעם דאָרפֿס־קרעטשמער האָבן אַנדערע יידן, פֿאַר־מעגלעכערע פֿון אים, אויסגעדונגען די קרעטשמע ביים פּריץ. ער איז געבליבן מיט וייב און קינדער, גאַנצע צוועלף, איינס קלענער פֿון אַנדערן, אָן ברויט, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. דער פֿאָטער האָט גענומען דעם עלטסטן זון זיינעם, מענדל, ער האָט איינגעבונדן אין אַ זעקעלע אַ פֿריש קעזל, ער האָט אַרויסגענומען פֿון בינשטאָק אַ לויטערן האָניק, אָנגעגאָסן אַ פֿולע פֿלאַש און געלאָזט זיך דערמיט צופֿוס, צוזאַמען מיט זיין זון קיין קאָזמיר צום רבין, פֿרעגן אים אַן עצה, וואָס ער זאָל טאָן מיט וייב און קינדער.

דער רבי האָט געהייסן דעם קעז מיטן האָניק אַוועקגעבן דער רביצין און ער האָט געבענטשט דעם אַרענדאַר, אַז גאָט זאָל אים העלפֿן אין אַלעם, וואו ער וועט זיך קערן און ווענדן. אויך האָט ער אים און דעם זון זיינעם געגעבן צו קופּערנע דרייערס, וואָס זיי זאָלן שטענדיק טראָגן מיט זיך, אַ חוץ שבת און יום־טוב, וואָס עס וועט זיי ברענגען מזל. דער אַרענדאַר האָט זיך געלאָזט איבער די דערפֿער אויפֿקויפֿן ביי די פּויערים וואָל און פֿלאַקס, כדי צו דערהאַלטן זיין וייב און די קינדער ביים לעבן. ער האָט אויך געוואָלט, אַז דער עלטסטער זון זיינער, מענדל, זאָל אים העלפֿן מיטגיין און טראָגן די זעק. אָבער מענדל האָט נישט געוואָלט בלייבן קיין דאָרפֿס־גייער. אַ געזונטער, אַ ברייט־פּלייציקער, אַ בריה אין שענק אויפֿצוהויבן דאָס שווערסטע פֿאַס ביר און אַרויסצוּוואַרפֿן די גרעסטע גבורים פֿון קרעטש־מע, ווען זיי שיכורן זיך אָן און ברעכן פֿלעשער, פֿול מיט לעבן און הייס בלוט, וואָס שפּראָצט דורך דער פֿאַרברענטער הויט, אויסגעשמיסן פֿון זון און ווינט, האָט ער געגלויבט אין זיך, אַז ער איז באַשאַפֿן צו אַנדערע זאַכן, ווי צו קריכן מיט אַ זאַק איבער די דערפֿער. פֿון די דורכפֿאָרנדיקע יידן, וואָס פֿלעגן זיך פֿאַרהאַלטן אין זייער קרעטשמע אין דאָרף, האָט ער גע־הערט פֿון שטעטל לאָדזש, וואָס וואַקסט און ווערט רייך פֿון טאָג צו טאָג. ער האָט די שטאָט נישט געקענט, אָבער זי האָט אים געצויגן. האָט ער גענומען אַ זאַק, איינגעפּאַקט אין אים דאָס תּפֿילין־זעקל מיט די קליינע אָפּגעריבענע און פֿאַרפּעטסטע תּפֿילין, עטלעכע אויסגעוואַשענע, פֿאַרלאָ־

טעטע העמדער, אַ ברויט מיט אַ דאַר קעזל, עטלעכע יונגע ציבעלעס, אַ שמאַטקעלע זאַלץ און אַ קניפּער, אַ פּויעריש מעסערל, וואָס אַ גוי האָט פאַרזעצט אין קרעטשמע פאַר אַ קוואַרטירל בראָנפן און וואָס ער האָט דערנאָך געלאָזט שטעקן אין דער ערד עטלעכע טעג צייט, עס זאָל ווערן כשר.

אָט מיט דעם זאַק, מיט אַ רימען אונטערגעגאַרטלט דאָס צייגענע כאַלאַטל, מיט אַ צווייג אין האַנט און מיט עטלעכע גילדן אין גרויסע קופּערנע גלאַ־טע דרייערס, איינגעבונדן אין אַן עק פון אַ רויטער נאָז־פּאַטשיילע, איז ער געגאַנגען צוויי מעת־לעת צייט איבער די וועגן. ער האָט געבראָטן קאַרטאָפל אויף די פעלדער. איז געשלאָפן אין פּויערישע שייערן, אין וואַלד. צווישן צווייגן און מאָך, און געגאַנגען צו דער שטאָט, דער פרעמדער און לאָקנדיקער, כדי צו זוכן ברויט און אַ תכלית אין לעבן פאַר זיך.

אַלט געווען איז ער צוואַנציק יאָר. דעם רבינס דרייער אויף מזל האָט ער געטראָגן אין אַ לייוונטן בייטעלע, אָנגעהאַנגען אויפן האַלדז און באַהאַלטן אונטערן העמד.

אַזוי האָבן אים נאָך געדענקט די עלטערע יידן אין לאָדזש.

פּונקט ווי הונצע פון זאַקסן, אַזוי איז אויך מענדל דעם קרעטשמערס זון פון דאָרף וואולקע געקומען מיט ליידיקע הענט אין דער נייער שטאָט און זי איינגיכן איינגענומען. נישט ווייט פון זיך זענען געשטאַנען די פאַב־ריקן פון ביידע לאָדזשער הערשער — דעם דייטש הונצע און דעם ייד פלידער־בוים. אויך זייערע פּאַלאַצן זענען געווען די שענסטע פון שטאָט. אָבער קיין שלום איז נישט געווען צווישן די צוויי הייזער. איינער דעם צווייטן איז געווען אַ דאָרן אין אויג.

הונצע האָט נישט געקאָנט פלידערבוימען פאַרגעסן, וואָס כאָטש ער איז געקומען אַ סך שפּעטער פון אים, כאָטש ער האָט אין די ערשטע צייטן אַליין ביי אים געקויפט סחורות פאַר זיין געוועלב אויף ניי־שטאָט, האָט ער זיך אַזוי אַרויפגעאַרבעט, אַז ער איז געוואָרן גלייך מיט אים און אַפילו געוואָלט אים אַריבעריאָגן.

ער האָט קיינמאָל נישט געוואָלט אָנרופן פלידערבוימען ביי זיין נייעם נאָמען מאַקסימיליאַן, ווי ער האָט זיך געגעבן באַלד נאָך די ערשטע הונדערט טויזנט, וואָס ער האָט געמאַכט, נאָר גערופן אים ביים אַלטן יידישן נאָמען מענדל.

— ווי גייט עס, מענדל? — האָט ער אים ספּעציעל אַ פרעג געטאָן, ווען ער פלעגט אים טרעפן אויפן וועג אינדערפרי, פאָרנדיק אין דער קאַרעטע. — איך האָבע אַ ביסל רעשטלעך צו פאַרקויפן, ביליק...

דאָס איז געווען אַן אָנצוהערעניש אויף די אַמאָליקע צייטן, ווען פלידער־בוים פלעגט נאָך קויפן רעשטלעך ביי הונצען אין פאַבריק.

— איך קאָן אייך פאַרקויפן מיינע פערד, — האָט פלידערבוים אים

צוריק אָפּגעענטפערט. — איך קויף נייע און איך קאָן אייך די אַלטע אָפּטרעטן פֿאַר ביליק.

דאָס איז געווען אַ שטאָך דעם אַלטן הונצע. וואָס האָט ליב געהאַט צו קאַרגן און אַלע מאָל געהאַט ערגערע פֿערד צו זיין קאַרעטע, ווי פּלידערבוים.

זינט יאָרן האָבן זיי זיך אַרומגעריסן, דיביידע הייזער. אָפּגעטאָן זיך שפּיצלעך, אויסגעבערענגט זיך. אויסגעשטאָכן זיך איין אויג אָבי דעם צווייטן ביידע אויגן אַרויסצונעמען. אָבער אין דער צייט. ווען הונצע האָט געוואָלט אַריבעריאָגן פּלידערבוימען בלויז אין געשעפֿט, האָט פּלידערבוים אַריבער־געיאָגט הונצען אין פּריצישקייט, אין האַלטן שטאַט.

ניין, ער האָט נישט געקאָנט ווערן קיין באַראָן, פּלידערבוים, ווי הונצע איז עס געוואָרן. ביי די גרעסטע געלטער, וואָס ער וואָלט געגעבן דעם פּיעטראָקאָווער גובערנאַטאָר, וואָלט ער עס נישט דערגרייכט. נישט גערן האָט מען יידן געאַדלט אין קייזערלעכן הויף. אָבער אַ הייליקע אַננע אויף זיין האַלדז פֿאַר די גרויסע פֿאַרדינסטן פֿאַר דער רוסישער אינדוסטריע האָט אים דער גובערנאַטאָר אויסגעפּועלט. ער האָט זיי געטראָגן אויפֿן האַלדז צוזאַמען מיטן גלאַטן דרייער, וואָס דער קאַזימירער רבי האָט אים אַמאָל געגעבן אויף מזל און וואָס האָט אים זייער אָפּגעגליקט אויף דער וועלט. צוזאַמען דערמיט האָט ער געטראָגן שטאָלץ דעם טיטול — פֿאַרדינסטפּולער ביר־גער — וואָס מען האָט אים פֿון פּעטערבורג געגעבן און וואָס האָט געדאַרפֿט איבערגיין פֿון דור צו דור פּלידערבוימס. אויך די גאָלדענע און בראָנזענע מעדאַלן פֿון זיין פֿאַבריק האָבן באַצירט אַלע זיינע געביידעס און בריוו־פּאַפּירן. דאָס אַלץ האָט דעם אַלטן הונצע זייער געקרענקט. אָבער פֿאַר פּלי־דערבוימען איז דאָס אַלץ נאָך נישט געווען גענוג. ער האָט אַלע מאָל געזען צו לאָזן הערן זיין נאָמען אין לאָדזש, צום אייגענעם וואוילגענוס און צו דעם פֿאַרדראָס פֿון די הונצעס.

ער האָט אָפּטער ווי הונצע געביטן דאָס מעבל אין זיין פּאַלאַץ, ער האָט שענערע פֿערד געהאַט צו זיינע קאַרעטעס, גרעסערע און מיוחסדיקערע הינט אין זיין הויף, טייערערע ווייַנען אין זיינע קלערס און אָנגעזעענערע געסט אויף זיינע בעלער און קאַרניוואַלן. פֿון ייִנגלווייז אָן, ווען דער טאַטע זיינער, דער אַרענדאַר, האָט די קרעטשמע געהאַלטן ביים פּריץ און אים מיטגענומען מיטן וועגעלע צום הויף יעדעס מאָל ווען ער איז דאָרט אַהינ־געפֿאָרן, האָט ער מיט גרויסע אָפֿענע אויגן געזען דאָס פּירעכץ ביי די פּריצים. יעדע שטאָלצע באַוועגונג זייערע, יעדער מאַניער און ריר. מיטן היטל אין דער האַנט, ווי דער טאַטע זיינער, בויגנדיק זיך און קושנדיק דעם פּריצס פּאָלע, האָט ער פֿונדעסטוועגן נישט אַראָפּגעלאָזט די גרויסע אויגן זיינע פֿון אַלץ, וואָס איז געווען אין די פּריצישע הויפֿן. און ער האָט אַלץ איצט זיי נאָכגעטאָן, נאָך איבערגעיאָגט זיי. פּונקט ווי די פּריצים, האָט ער פֿאַרדרייט די שוואַרצע וואָנצע אַרויף, ווען ער האָט מיט עמעצן גע־רעדט; פּונקט ווי די פּריצים. האָט ער אַריינגעלייגט דעם טאַטן מיט דער

מאַמען אין די פערד. נישט נאָר האָט ער צו עטלעכע פּאָר פערד צו זיינע פיל קאַרעטעס, לאַנדערס און בריטשקעלעך געהאַט, נאָר ער האָט אויך אייגענע שטאַלן פּאַר געיעג־פערד געהאַלטן און אַ מחנה זשאָקייען. דאָס האָט אים אַ סך געלט אָפּגעקאָסט. אָבער דערפאַר זענען זיינע פערד געווען די בעסטע אין פוילן און זייערע נעמען זענען פול געווען אין די צייטונגען.

טראַגנדיק אין זיך אַ שנאה צו הינט פון קינדערווייז אָן, וואָס נישט איינמאָל האָבן זיי אים, געררייצט פון די פּריצים און זייערע עקאָנאָמען, אָפּגעריסן דאָס כאַלאַטל און אַמאָל אויך שטיקער פון די ליטקעס, האָט ער פונדעסטוועגן מיט די בעסטע הינט זיך אַרומגערינגלט, אָפּגעקויפט ביי די גרעסטע פּריצים זייערע יאַגד־הינט. פונקט אַזוי האָט ער ביי די פאַר־אָרעמטע פוילישע גראַפן אָפּגעקויפט זייערע גיטער, צוזאַמען מיט די דינער און לאָקייען. אַליין דער גובערנאַטאָר מיט אַלע זיינע פריינט, די העכערע אָפיצירן און הויכע באַאמטע, זענען צו פלידערבוימען אין די גיטער זו־מער און ווינטער אויף יאַגד געקומען. נישט פאַרטראָגנדיק קיין בלוט, האָט פלידערבוים פונדעסטוועגן אויסגעלערנט זיך אַזוי גוט שיסן און צילן, אַז ער האָט אַ מאַסע האָזן, ווילדע קאַטשקעס און פוקסן אומגעבראַכט אין זיינע וועלדער. דערנאָך האָבן זיינע וואַלד־יעגער אין די גרינע קאָסטיומען מיט די פעדערן אין די היט געטראָמייטערט מיט האָרנס. לאָקייען האָבן די געשאָסענע חיות אויף די פייערן געבראָטן און די יעגער האָבן סעודות אין וואַלד געפּראַוועט.

אין די ווינטערס זענען אָפטע בעלער געפּראַוועט געוואָרן אין פלי־דערבוימס פּאַלאַץ. מיט דער גרעסטער גראַציע, ווי נאָר ער האָט עס יינגל־ווייז געזען דורך די שפּאַלטן פון די הויפישע לאָדן אויף די פּריצישע בעלער, האָט ער געטאַנצט די פוילישע פּאָלאָנעזן, פאַרדרייענדיק מיט אַזוי פיל ווירדע די וואָנצע אָרויף, אַז דאַמען האָבן אים אַפּלאָדירט. ער האָט גאָר־נישט, ווי הונצע, איבערגעלאָזט אין זיך סימנים פון די צייטן, ווען ער איז מיט אַ צווייג אין האַנט און מיט אַ זעקל אויף די פּלייצעס אָנגעקומען אין לאָדזש. דער פּריץ איז אים געלעגן אין דער ברייטקייט פון פאַררויכערן אַ ציגאַר, אין דער מעכטיקייט פון זיין קערפּער, אין דער בויגעוודיקייט פון זיין גאַנג, אין דער נאַכלעסיקייט פון געבן געלט, אין לעבן און לעבן לאָזן!

אָבער ביי דער גאַנצער פּריצישקייט און גויאישקייט האָט ער מורא געהאַט פאַרן יידישן גאָט, געציטערט פאַר אים און שטענדיק פאַר אים גע־טאָן עפּעס, כדי אים איבערצובעטן פאַר די פיל זינד זיינע. ער האָט גוט נאָך געדענקט, כאָטש ער איז אַזוי רייך און גרויס געווען, אַז זיין גאַנץ גליק האָט ער צו פאַרדאַנקען דעם קאַזמירער רבין, וואָס האָט אים אַזאַ מזלדיקן דרייער אויף גליק געגעבן. ער האָט נישט איינמאָל געטראַכט מיט זאָרג, אַז נישט אַזוי האָט ער געדאַרפט אָפּדינען דעם רבין און זיין גאָט, אַז ער וואָלט געדאַרפט טאָן מצוות, נישט אָפּגאָלן די באָרד, נישט מחלל זיין שבת, נישט עסן טריפות מיט גויים, נישט זינדיקן מיט פרעמדע ווייבער און

נישט טאָן אַנדערע עבירות, וואָס גאָט האָט נישט ליב. ער האָט נישט איינ־מאָל אין די שלאָפלאָזע נעכט געזיפצט אויף זיין ווייך פראַנצויזיש הימל־בעט דערויף, וואָס ער איז נישט אַזוי גוט צום יידישן גאָט, ווי גאָט איז צו אים. ווי אַ גוטער סוחר, האָט ער געוואוסט, אַז אין יעדער געשעפט מוז זיין גלייכע, גוטע און קעגנזייטיקע באַהאַנדלונג. און אויב גאָט איז אַזוי גוט צו אים, גיט אים רייכקייט און כבוד און וואוילטאָג, וואָס זעלטן, אַז עמעצער זאָל אַזוינס האָבן, אויב גאָט און זיין שליח, דער רבי, האָבן אים אַזוי אויפגעהויבן, פון מיסט ביז אַזאַ פּריצישקייט און גרויסקייט, דאַרף ער גאָט עפּעס פּאַר דעם אָפּצאָלן, טאָן זיינע געבאָטן, אַריינלייגן אין געשעפט גלייך אויף גלייך.

אָבער זיין אַ ייד ווי אַלע פרומע יידן האָט ער נישט געקאָנט. צו גרויס און רייך איז ער געווען, צופיל האָט אים געצויגן צו פּריצישקייט און עולם־הזה. ער זאָל זיין אַ ייד ווי אַלע יידן. ניין, ער האָט נישט געקאָנט זיך אָפּ־זאָגן פון עסן מיטאָג, ווען דער גובערנאַטאָר אַליין האָט אים פאַרבעטן צו זיך. אויך האָט ער נישט געקאָנט פאַרמאַכן זיין קאַנטאָר אום שבת.

קיין תורה האָט ער טאַקע נישט געקענט. דער טאַטע זיינער דער אַרענדאַר האָט אים קוים אויסגעלערנט דאַווענען, אָבער דערפאַר האָט ער געהאַט געלט אַ סך, ער האָט געקאָנט געבן צדקה, וואָס איז אויך ביי גאָט אָנגעלייגט. גאָט האָט ליב, אַז מען גיט צדקה זיינע אָרעמעלייט. אויך האָט ער ליב אַז מען בויט אים שיינע שולן, תלמוד־תורהס פאַר אָרעמע קינדער, ישיבות. זייער ליב האָט ער, ווען מען גיט צדקה צו די צדיקים זיינע. און דער פאַבריקאַנט פלידערבוים האָט גאָט אַ סך צדקה געגעבן, אַזוי, אַז עס זאָל דעקן אַלע זיינע זינד און עבירות.

נישט בלויז האָט ער אויסגעהאַלטן בכבוד מיט געלט און מתנות דעם קאַזמירער הויף, אַלע קינדער און קינדס קינדער פון רבין, נאָר ער האָט אויך געשיקט געלט און מתנות צו אַנדערע גוטע־יידן. יאָ, ער אַליין האָט זיך דערמיט נישט פאַרנומען. ער האָט נישט געקאָנט דערלאָזן, אַז צו אים אין פּאַלאַץ, וואו עס שטייען ביי די טירן לאָקייען אין ליווריען און וואו עס זענען קיין מזוזות נישטאָ, זאָלן זיך דרייען רבנים, אייניקלעך און מחברים; אָבער דערפאַר האָט ער געהאַלטן אַ ייד אַ נאמן, וואָס האָט געדאַרפט אויס־קענען זיך אין די יידישע זאַכן, און ער האָט שוין אויסגעטיילט צדקה צו אַלע פרומע און גוטע לייט, וואָס זענען פון גאַנץ פּוילן געקומען נאָך נדבות. שטענדיק האָבן זיי געצויגן צו אים, אַלערליי רבנים, מחברים, אייניקלעך, נשרפים, טאַטעס פון אָרעמע כלה־מיידלעך. קיינער איז נישט אַרויס באַ־עולהט פון פאַבריקאַנט פלידערבוים.

יאָ, ער האָט אויך אַנדערע גבאים געמוזט באַזאָרגן. ער האָט נישט געקאָנט אָפּזאָגן, ווען דער גלח פון זיין געגנט איז געקומען בעטן אויס־צובויען אַ קירכע פאַר זיינע אַרבעטער פון דער פאַבריק. ער האָט אַליין דעם ווינקלשטיין געלייגט און דערפאַר טאַקע איז אויף דער קירכע, אויף אַ מאַרמאָרנעם טאָוול מיט גאָלדענע אותיות, געווען אויסגעקריצט די נעמען

פון פּלידערבוימען און זיין פרוי. אויך האָט ער געגעבן אויף אַ סך אַנדערע גויאישע זאַכן. דאָס האָט אים באַאומרואיקט אין די נעכט. ער האָט געוואוסט, אַז דער יידישער גאָט האָט נישט ליב, ווען מען גיט געלט פאַר אַנדערע געטער און מען בויט אויס געבעט־הייזער צו בעטן נישט צו אים, נאָר צו אַנדערע. אָבער דערפאַר האָט ער גלייך געלאָזט אויסבויען אַ נייע שול אויף זיין חשבון, עטלעכע ספר־תורהס געשריבן און אויפגעגעבן פאַר זיי אַזויפיל טייערע זיידענע, סאַמעטענע און אַטלעסענע מענטעלעך, באַזונדערע אויף דערוואָכן, אויף שבת, אויף ימים־טובים און ימים־נוראים, אַזוי, אַז גאָט זאָל פאַרגעסן אין דער זינד פון געבן געלט אויף דער קירכע.

ער האָט נאָך געדענקט פון זיינע יינגלשע יאָרן, ווען דער דאָרפישער מלמד האָט אים געלערנט, אַז אויף יענער וועלט שטייט אַ גרויסע וואָג מיט צוויי וואָג־שאָלן, אויף וועלכע מען לייגט אַרויף פון איין זייט דעם מענטשנס עבירות און פון דער אַנדערער זייט די מצוות זיינע. און ער האָט זיך טאַקע באַמיט שטענדיק אַרויפצולייגן וואָס מער וואָג אויף דער שאָל פון מצוות. יעדער עבירה האָט ער גלייך געלאָזט איבערוועגן מיט שולן, חדרים, צוימען פאַרן בית־עולם, זילבערנע שווערע קרוינען פאַר די ספר־תורהס, אַזוי, אַז עס זאָל שווערן אויף דער שאָל פון מצוות.

לעצטנס האָט די שאָל פון עבירות גענומען שטאַרק אַראָפּוועגן. נישט אַזוי אייגענע זינד, נאָר זינד פון קינדער. פּלידערבוימס זין און טעכטער האָבן גענומען וויכן פון יידישקייט, נישט נאָר פון מצוות, נאָר אַפילו פון יידישן גאָט. צוויי טעכטער זיינע האָבן חתונה געהאַט מיט משומדים און זיך אַליין אויך דערפאַר געשמדט. פּלידערבוים האָט זיך נישט געקאָנט אָפּזאָגן פון די טעכטער זיינע פאַר אַזאַ זאַך. וואָסער פּנים וואָלט ער געהאַט פאַר זיינע פריינט, פאַר דעם גובערנאַטאָר און פאַר די רייכע פּריצים, וואָס קומען צו אים אויף יאַגד און אויף די בעלער? דערצו נאָך זענען זיינע איידעמס ביידע געווען פון גרויס יחוס, זין פון מאַגנאַטן. דאָס האָט שטאַרק אויפגעהויבן דאָס הויז פון די פּלידערבוימס, וואָס האָבן געשטאַמט פון אַרענדאַרן. פּלידערבוים דער פאַבריקאַנט האָט נישט געקאָנט איינרייסן דעם לאַץ פון זיין פראַק און אַוועקזעצן זיך אין די זאָקן שבעה אויף אַן איבערגעקערט בענקעלע אין די זאַלן פון זיין פּאַלאַץ. ער האָט געמוזט צופרידן פאַרדרייען די פּריצישע וואָנצע אַרויף און געבן זיין פאָטערישע ברכה. אָבער קיין רו אויף זיין ברייט פראַנצויזיש בעט האָט ער נישט געהאַט אין די נעכט.

ער האָט געוואוסט, וואָס אַזוינס שמד הייסט. נאָך ביים טאַטן אין הויז האָט ער זיך אָנגעהערט פון די דאָרפס־גייער און פון די באַלעגאָלעס וועגן דער שרעקלעכער זינד, ווען אַ ייד בייט אויס דאָס רענדל און גייט אַוועק פון זיין גאָט. ער האָט געוואוסט, ווי גאָט איז בייז, ווען מען פאַרלאָזט אים, ווי אַ גרימצאָרן גייט אַרויס פון זיינע נאָזלעכער, ווען יידן ווערן אָפּטריניק און פאַרבייטן אים מיט אַנדערע געטער. כאָטש ער האָט זיך וויניק אויס־

געקענט אין די קליינע אותיותלעך און ווייט געווען פון יידישקייט, האָט ער געוואוסט, אַז גאָט באַצאָלט נישט בלויז די זינדיקע אַליין, נאָר אַז ער איז זיך אויך נוקם אין די עלטערן פאַר די זינד פון די קינדער און קינדס־קינדער ביזן פערטן דור. ער האָט געוואוסט, אַז אין די הימלען דאָרט, וואָס זענען אַזוי פאַררויכערט פון זיינע קוימענס, טוען זיך שרעקלעכע זאַכן אָפּ, דער גיהנום פלאַקערט, קעסלען מיט סמאָלע שטייען, אויף שטעך־בעטלעך לייגט מען די זינדיקע אויס, שדים און רוחות גיסן זיי הייסן פּעך אויף די קעפּ, הענגען זיי פאַר די צונגען און וואַרפן זיי פון איין עק וועלט ביז דער צווייטער.

אַ גרויל האָט אים אַרומגענומען, אַ קאַלטער שווייס האָט אים אָפּגע־גאָסן פאַר מורא און ער פלעגט שרייען אין די נעכט, אַזוי, אַז זיין ווייב עליזאַבעטאַ, וואָס איז געלעגן לעבן אים איינגעוויקלט אין די שפּיצן און האַפטן, האָט זיך אַזש אין שרעק פאַרגעסן סיי אין איר פּויליש, סיי אין איר פריצישקייט, און מיט יידענערישער שרעק גענומען אים וועקן אויף יידיש:

— מענדל, מענדל־לעבן, נעם אַראָפּ די האַנט פון האַרצן. כ׳האָב מורא

טאָמער איז נאָך דאָס ווייניק געווען, האָבן אויך די זין זיינע גענומען זיך צופיל חברן מיט גויים און גלחים. די לערער זייערע די גויאישע, פּונקט ווי די גוואווערנאַנטקעס, האָבן זיי פון קינדווייז אָן אין די קירכן געפירט, קניען געלערנט, וואונדער פון יעזוסן און דער הייליקער מוטער אָנדערציילט און שרעק־מעשות אויף יידן איינגעוואָרצלט. פריער האָט זיך פלידערבוים דערויף נישט אומגעקוקט. ער האָט געוואָלט האַלטן קריסטן צו זיי, זיי זאָלן האָבן אַ ריינע שפּראַך, סאַלאָן־מאַניערן און גוטע דערציאונג. אָבער, אַז זיי זענען עלטער געוואָרן און ער האָט פאַרלאַנגט פון זיי, זיי זאָלן זיך קדיש אויסלערנען און איין מאָל אין יאָר, אין יום־כּיפּור, מיט אים אין סינאַגאָגע מיטגיין, האָבן זיי נישט געוואָלט הערן דערפון. אויך האָבן זיי פיינט געהאַט יידן, געזאָגט, אַז די יידן האָבן יעזוסן געקרייציקט. די איי־ניקלעך זיינע האָבן אַפילו מורא געהאַט צו עסן מצה אין פּסח, ווייל די גוואווערנאַנטין האָט זיי דערציילט וועגן דעם קריסטלעכן בלוט, וואָס יידן טוען אַריין אין די מצות. די זין האָבן אָפּט גערעדט וועגן שמדן זיך. און פלידערבוים האָט געציטערט אינגאַנצן.

ער האָט געוואוסט, אַז אַ קדיש פון זין פאַר אַ פאָטער קען אַ סך אויפ־טאָן אויף יענער וועלט, אַז נישט איינמאָל האָבן שוין קינדערישע קדישים אַרויסגעשלעפּט אַ זינדיקן פאָטער פון דעם טיפסטן גיהנום. אין די שווערע נעכט פלעגט ער זיך נישט איינמאָל טרייסטן, אַז די זין וועלן אים אין דער גרויסער נויט זיינער איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר מיט זייערע קדישים ראַטעווען. איצט האָט ער געזען, אַז זיינע האָפענונגען זענען געווען אומזיסט. נישט נאָר וועלן זיי אים נישט אַרויסשלעפּן פון שרעקלעכן פייער, נאָר פאַרקערט, זיי וועלן אים נאָך מיט זייער אָפּטריניקייט פון יידישן גאָט אַלץ טיפער און טיפער אַריינשטויסן.

ער האָט געוואוסט, דער פֿאַבריקאַנט פּלידערבוים, אַז כאָטש זיינע וואָנ־צעס זענען שוואַרץ, איז עס נישט פֿון יוגנט, נאָר פֿון דער זייער גוטער פֿאַרב, וואָס דער פֿראַנצויז, דער ראַזירער, באַנוצט ביים פֿריזירן אים. ביי זיין גאַנצער קראַפֿט נאָך, האָט ער געוואוסט, אַז אַ מענטש איז נישט אייביק, אַז ער אַליין האַלט שוין ווייט אַריבער אויף דער צווייטער זייט יאָרן, ווען מען דאַרף טראַכטן וועגן דעם ווייטן און שרעקלעכן וועג. מען דאַרף זיך פֿאַרגרייטן דאָרט אַ וועג, וואָרעם ווי אַזוי מען בעט זיך, אַזוי שלאָפֿט מען. און דאָ, ווי אויף צו להכעיס, איז די וואָגשאָל זיינע פֿון עבירות אַלץ געגאַנגען נידעריקער אַראָפּ און אַראָפּ, ווייט איבערגעוואויגן די מצוות.

ער האָט אַלץ געטאָן, כדי אַרויפֿצולאָדעווען אויף דער מצווה־וואָגשאָל אַלץ שווערערע מעשים־ טובים. ער האָט באַצייטנס אָפּגעדונגען אַ קדיש, נישט איין קדיש, נאָר אַ גאַנצן מנין יידן, פֿרומע און גאָטספֿאָרכטיקע, זיי זאָלן נאָך אים קדיש זאָגן, פֿאַרוואָס ער האָט זיי זייער שיין באַלוינט. ער האָט אויך אויסגעבויט נייע תלמוד־תורהס פֿאַר אָרעמע קינדער. אויב זיינע אייגענע קינדער האָט ער קיין תורה און יידישקייט נישט געלערנט, זאָלן כאָטש די אָרעמע קינדער פֿון די באַלמעלאָכעס לערנען תורה פֿאַר גאָט. ער האָט געוואוסט, פּלידערבוים, אַז אויף דער וועלט איז שוין אַזוי גע־מאַכט, גאָט אַליין האָט עס אַזוי אָוועקגעשטעלט, אַז דער אָרעמער זאָל טאָן פֿאַרן רייכן, און דאָס איז נישט נאָר אין מסחרים, אין פֿאַבריקן, נאָר אויך אין מצוות און אין יידישקייט. ווען ער אַליין קאָן קיין יידישקייט נישט האַלטן, איז גוט, אַז דורך זיין געלט זאָלן אַנדערע היטן יידישקייט. דאָס איז גלייך, ווי ער אַליין וואָלט עס געטאָן. פּונקט אַזוי האָט ער געזאָרגט פֿאַר די אָרעמע באַלמעלאָכעס פֿון באַלוט, אַ סך מעשים־טובים געטאָן פֿאַר זיי.

קיין אַרבעט אין זיינע פֿאַבריקן האָט ער די באַלוטער וועבער נישט געגעבן. ערשטנס, האָט ער געאַרבעט אין שבת, און ער האָט דאָך נישט געקאָנט דער־לאָזן, אַז דורך אים זאָלן אַנדערע יידן מחלל שבת זיין. גענוג אייגענע עבירות, וואָס מ׳טוט, און מען דאַרף נישט ברענגען אַנדערע צו זינד. נישט מען האָט עפּעס דערפֿון און מען ליידט נאָך דערפֿון אויף יענער וועלט. צווייטנס, זענען די יידן מיוחסים, ווייסט ער, אַ ייד מוז האָבן אויף שבת, אויף צאָלן שכר־לימוד־געלט, קויפֿן כשר פֿלייש, דעריבער מוז ער מער האָבן. די גוים האָבן נישט די אַלע זאַכן. אויך זענען זיי שטאַרקער, קרעכצן נישט און זיפֿצן נישט. זענען נישט מקנא און האָבן דרך־ארץ, נעמען אַראָפּ דאָס היטל פֿאַר זייער ברויט־געבער. דערפֿאַר טאַקע האָט ער קיין ייד אין פֿאַב־ריק נישט אַריינגענומען. בלויז אין די קאַנטאָרן, ביי לייכטער אַרבעט, וואו מען דאַרף האָבן מוח, אַ יידיש קעפּל, האָט ער געהאַלטן יידן. צו די מאַשינען האָט קיין ייד נישט געטאָרט אַריינשמעקן. אָבער געזאָרגט פֿאַר די אָרעמע באַלוטער וועבער האָט ער. ער האָט זיי געגעבן געלט פֿאַר הכנסת־כלה, פֿאַר חברה־קדישא, ביקור־חולים. אויף יעדן פּסח האָט ער זיי אַריינגע־

שיקט אַ וואַגאָן מעל אויף מצות. טאָמער איז געוואָרן אַ הונגער, באַלוט האָט נישט געאַרבעט, האָט ער בילִיקע קיכן געמאַכט, וואו יעדער וועבער האָט געקריגן אַ טעפּל עסן און אַ שטיק ברויט.

איצט, נאָך די טעכטערס שמד, האָט ער געוואָלט אַ גרויסע מצוה אָפּ־טאָן, אַ שווערע, אַזוי, אַז זי זאָל זיך אויף דער וואָגשאָל אַרויפלייגן מיט אַ גוואַלדיקן קלאַפּ, זי זאָל אַלע עבירות, אייגענע און די קינדערס, אַרי־בערוועגן. און ער האָט אויסגעבויט אַ שפּיטאָל פאַר די אָרעמע יידן, אַ יידיש שפּיטאָל, וואו דאָס עסן זאָל זיין כשר, עס זאָלן נישט הענגען קיין צלמים און הייליקע בילדער, נאָר מזוזות זאָלן זיין ביי די טירן, און די קראַנקע יידן זאָלן קאָנען טראָגן ציצית, דאַוונען מיט מנין אין שפּיטאָל־שולעכל. אויך פאַר די מתים זאָלן ליכט ברענען און אַ מנין יידן זאָלן נאָך זיי תהילים זאָגן. זייער ברייט, פאַרשווענדעריש האָט ער דאָס שפּיטאָל גע־לאָזט אויסבויען. מיט די גרעסטע גאָלדענע אותיות אויסנווייניק פאַר דער וועלט און מיט קלענערע לשון־קודשדיקע אותיות פון אינעווייניק, זענען געווען אויסגעקריצט די נעמען פון פאַבריקאַנט פלידערבוים און זיין ווייב. צום חנוכת־הבית זענען די גרעסטע לייט פון שטאָט און אויך פון וואַרשע אַראָפּגעקומען. עס האָט געשוויבלט מיט קאַרעטעס. דער לאָדזשער רב, דער חשוב ביים מלכות, איז מיט דעם מעדאַל אויף דעם אַטלעסענעם כאַלאַט זיינעם געקומען צו דער שמחה. אַלע יינגלעך פון די חדרים און תלמוד־תורהס זענען נישט געגאַנגען דעם טאָג אין חדר, כדי צו זען דעם רבס גאָלדן שווערדל, וואָס כאָטש מ׳זעט עס נישט, רעדט מען שטענדיק דערפון.

באַלוטער וועבער האָבן געלאָזט די קעטעס אין דער מיט און געשטויסן זיך אַרום נייעם שפּיטאָל, וואו פּאָליציאַנטן אויף פערד האָבן זיי מיט די פער־דישע הינטנס צוריקגעשטויסן. פלידערבוימס פייערלעשער אין די מעשענע היטלען האָבן פריילעכע מאַרשן געשפּילט.

אָבער דאָס אַלץ איז געווען גאָרנישט קעגן דעם, וואָס אַליין דער פּיעטראָקאָווער גובערנאַטאָר מיט זיין סוויטע זענען געקומען צו דער פייע־רונג.

אַ גרויסע מלחמה איז אָנגעגאַנגען צווישן די הונצעס און דעם פאַב־ריקאַנט פלידערבוים וועגן דעם נייעם גובערנאַטאָר, וואָס האָט דאָס ערשטע מאָל געדאַרפט באַזוכן לאָדזש, ווער ס׳זאָל אים דער ערשטער אַריינקריגן צו זיך. די הונצעס האָבן געהאַט מער שאַנסן, זיי זענען געווען באַראָנען, אַדעליקע, פּונקט ווי דער נייער גובערנאַטאָר איז עס געווען. אָבער פלי־דערבוים האָט געהאַט אַ שפּיטאָל צו באַנייען. אויך האָט ער אַ פּאַטריאָטישע זאַך געטאָן, דער פאַבריקאַנט פלידערבוים, ער האָט איין פּאַוויליאָן אין זיין שפּיטאָל אַ נאָמען געגעבן אַליין אויף דעם צאַר פון רוסלאַנד און אַ צווייטן פּאַוויליאָן אויפן נאָמען פון דער צאַרין. די פּאָרטרעטן פון מאָנאַרך און פון זיין קייסערינע, אין די ראָזיקסטע פאַרבן, שיינענדיקע ווי מלאכים,

האָבן באַצירט די פּאַוויליאָנען, אַרומגערינגלט מיט לאָרבער־קרענץ און פענער. דאָס איז געווען שטאַרקער פון יעדן באַראָן־טיטול.

אָ, ער האָט געוואוסט, דער פאַבריקאַנט פלידערבוים, וואָס צו טאָן, ווי אַזוי די הונצעס אַרומצוגיין. פון אונטער דער נאָז האָט ער זיי דעם גובערנאַטאָר אַרויסגענומען. און פרייד האָט געהערשט אין פּאַלאַץ פון פלידערבוימען, שמחה און נצחון.

פּונקט אַזאַ פרייד האָט אַרומגענומען די יידן פון לאָדזש. אין אַלע בתי־מדרשים, מקוהס, אויף אַלע מערק האָט מען נישט אויפגעהערט רעדן וועגן פלידערבוימס שפּיטאָל און דעם גובערנאַטאָר.

שבת איז אין אַ סך בתי־מדרשים און שולן די שמחה ביי יידן צעשטערט געוואָרן. דאָנערשטיק ביינאַכט, נאָך דער שווערער נאַכט־אַרבעט, וואָס איז לענגער ווי אין די נעכט פון אַלע אַנדערע טעג, איז טוביה געזעסן ביי זיך אין קעלער־שטוב, ביי אַ קליין אַריינגעדרייט נאַכט־לעמפּל, און צוזאַמען מיט ניסנען אַ פּראָקלאַמאַציע פאַרפאַסט, אַ פּראָקלאַמאַציע קעגן דעם פאַבריקאַנט פלידערבוים, זיין גאַסט דעם גובערנאַטאָר, און קעגן קייסער אַליין. מיט שאַרפע רייד, בייסיקע און חוזקדיקע, האָבן די צוויי מענטשן אין קעלער גערעדט קעגן די רייכע, מעכטיקע און הערשנדיקע, און אויסגעטייטשט פאַר די אָרעמע און אומגליקלעכע נישט צו פרייען זיך מיט דעם בייז, וואָס זייערע שונאים וואַרפן זיי צו, ווי מען וואַרפט צו אַ הונט. קיילע האָט זיך געוועקט אין שלאָף, געשריגן, אַז מען ברענט איר אויס דעם נאָפט, אַז זי וועט די משוגעים מיט וואַסער אָפּגיסן, נאָר די צוויי מענטשן האָבן ווייטער געשריבן, געמעקט און פאַרריכט. פאַרטאָג האָבן זיי אַ גלייכן פאַרטיקן גרויסן בויגן פּאַפּיר געהאַט, ריין אויסגעשריבן און אויסגעציקלט.

ניסן האָט אים איבערגעשריבן ביי זיך אַ גאַנצן טאָג מיט שיינע געקתיבהטע אותיות, ווי געדרוקט. אים האָבן געהאָלפן זיינע ישיבה־בחורים. פרייטיק פאַר ליכט־צינדן, ווען אַלע יידן זענען געווען אין מרחץ, האָבן זיך די ישיבה־בחורים אַריינגעקריגן אין די שולן און בתי־מדרשים און אויבן־אָן ביים סאַמע ארון־קודש אויף דער מזרח־וואַנט, צווישן אַלע יהי־רצונס, יעלה־ויבאס און ראש־חודש בענטשן, די פּאַפּירן מיט פּאַפּ צוגעקלעפּט, אַזוי, אַז ווען די שמשים וועלן זיך כאַפּן, זאָלן זיי שוין נישט קאָנען זיי אַראָפּרייסן איבער שבת.

אַז די יידן אין די בתי־מדרשים האָבן גענומען לייענען די יידישע ווערטער, געקתיבהטע ווי אין סידור, איז זיי אַ גרויס שרעק באַפאַלן. דאָס פּאַפּיר, וואָס האָט ווי אַ „קול־קורא" אויסגעזען האָט זייער אַפּיקורסישע רייד געשריבן — רייד וועגן פאַבריקאַנט פלידערבוים, וואָס גיט נישט די יידן קיין אַרבעט אין זיין פאַבריק, וואָס מאַכט מיליאָנען פון שווייס פון די אָרעמע און דערנאָך בויט ער שפּיטעלער פאַר די, וואָס ער זויגט אויס זייער בלוט. נאָך ערגערע ווערטער זענען געווען קעגן גובערנאַטאָר און זיינע לייט. אָבער וואָס האָט גאָר אָפּגעשראָקן, זענען געווען די רייד קעגן מלכות

אַליין, קעגן דעם קייסער, דעם הערשער פון לאַנד, וואָס זיין נאָמען דער־מאָנט מען אין די שולן בלויז ביי די הנותן־תשועהס.

יידן האָבן גלייך געוואָלט די שרעקלעכע פּאַפּירלעך אַראָפּרייסן, אָבער אום שבת האָט מען עס נישט געקאָנט טאָן. האָט מען געשיקט פרעגן דעם רב. דער רב האָט גלייך אויסגעפונען, אַז די פּאַפּירלעך זענען סכנת־נפשות און געהייסן שיקן נאָך גויים, זיי זאָלן זיי אַראָפּקראַצן.

נאָכדעם האָבן יידן זיך געפילט זיכערער און געהויבענער.

סיי דאָס שפּיטאָל פון פּאַבריקאַנט פלידערבוים, סיי דאָס, וואָס דער רב איז געגאַנגען אין גאָלדענעם מעדאַל, און מער פון אַלץ דאָס, וואָס דער גובערנאַטאָר איז געקומען דער ערשטער נישט צו די הונצעס, נאָר צום ייד פלידערבוים, האָט אָנגעפילט מיט האָפענונג און בטחון. יידן האָבן גע־גלויבט אין ישועות ונחמות פאַר ישראל.

אין פלידערבוימס פּאַלאַץ האָבן העל געלויכטן אַלע ברייטע פענצטער. פיל קאַרעטן זענען געשטאַנען פאַרן ברייטן אַריינפאָר.

עס איז געפּראַוועט געוואָרן דער באַל פאַרן נייעם גובערנאַטאָר.

דער באַל איז געווען גרויס, ברייט. ווי אַלץ, וואָס פלידערבוים האָט געמאַכט. די ווייַנען זענען געווען די טייערסטע, די שפּייזן די געשמאַקסטע, די געסט די עלעגאַנטסטע. צווישן אַלע געהויבענע געסט אויפן באַל איז אויך געווען איינגעלאַדן דער נייער פאַרטרעטער פון פלידערבוימס פאַבריק, יאַקוב אַשכּנזי.

אין אַ פראַנק און אין שניי־ווייסער וועש, מיט אַ רויז אין לאַץ, האָט ער אויסגעזען זייער שיין און עלעגאַנט, דער יונגער אַשכּנזי. אַלע פלידער־בוימס טעכטער האָבן מיט אים געטאַנצט און קאָמפּלימענטן געמאַכט.

— איר זענט גאָר קיין ייד נישט, — האָבן זיי אים געזאָגט. וואָס איז ביי זיי דער גרעסטער קאָמפּלימענט געווען, און געטוליעט זיך צו זיין גראַציעזן קערפּער אין טאַנץ.

פונקט ווי פלידערבוים, האָט ער זיך געטראָגן לייכט איבער די גלאַנ־ציקע דילן, געטראָטן זיכער און לייכט אויף דער וועלט. נייַן, פלידערבוים האָט זיך נישט געדאַרפט שעמען מיט אים אין זיין פּאַלאַץ.

דער נייער גובערנאַטאָר, פאָן מיללער, איז געווען צופרידן פון דעם באַל, סיי פון די טייערע ווייַנען, סיי פון די עלעגאַנטע שיינע דאַמען, סיי פון די עטלעכע טויזנט רובל, וואָס ער האָט אָפּגעוואונען פאַרטאָג ביים פאַבריקאַנט פלידערבוים אין קאָרטן.

ער האָט געקענט, פלידערבוים, די הויכע רוסישע באַאַמטע, דורך און דורך זיי מיט זיינע אָפענע שוואַרצע אויגן געזען, און ער האָט שטענדיק זיי געגעבן אַ וועג אָפּצוגעווינען ביי אים אַ לייטישע סומע אין קאָרטן. דערמיט האָט ער זיי איינגאַנצן געקויפט. און אויך דעם נייעם גובערנאַטאָר האָט ער זייער קונציק, נישט צו מערקן, די שיינע קאָרטן־מתנה אונטער־געדרוקט. דער גובערנאַטאָר, אַן אויפגעהייטערטער און צעוואַרעמטער, האָט

דערפֿאַר זייער שטיל זיך פֿאַרטרויט פֿאַר פֿלידערבוימען וועגן דער נייער באַן־ליניע, וואָס מען האָט באַשלאָסן אין פּעטערבורג דורכצופֿירן אַרום לאָדזש און וואָס דערווייל איז עס נאָך אַ סוד.

מען האָט פֿלידערבוימען קיין פֿינגער אין מויל נישט געדאַרפֿט לייגן. ער האָט פֿאַרשטאַנען דעם גובערנאַטאָרס מיין, געוואוסט, אַז דאָס קאָן זיין אַ פּעטער ביסן סיי פֿאַרן גובערנאַטאָר, סיי פֿאַר זיך אַליין. מיט אַ לייכטן טריט האָט ער זיך געלאָזט צו זיין נייעם פֿאַרטרעטער, אים פֿון ווין, ווייבער און געזאַנג אָפּגעצויגן און אים אַ באַפֿעל געגעבן, שטילערהייט, בסוד סודות, אויפֿצוקויפֿן אַלע פּלעצער אַרום שטאָט, דורך וועלכע די נייע באַן־ליניע וועט געצויגן ווערן.

— איך האָף, אַז איר וועט די זאַך דורכפֿירן מיט שכל און טאַקט, — האָט פֿלידערבוים געזאָגט, אַרומנעמענדיק אים ביי דער טאַליע פֿון זיין פֿראַק.

— מאָרגן נעם איך זיך צו דער אַרבעט, — האָט אַשכנזי געענטפֿערט.

— מיר וועלן צום רב נישט גיין, — האָט פֿלידערבוים איינגערוימט אין יידיש. — און איצט קאָנט איר צוריקגיין צו אייערע דאַמען.

דער אָרקעסטער האָט אויפֿגעשפּילט אַ נייעם פּאָלאָנעז.

## קאַפּיטל פֿיר

מער ווי די הונצעס אַליין, האָט שמחה מאיר מאַקס אַשכנזי געפֿילט זיך געטראָפֿן, וואָס פֿלידערבוים האָט אַזוי מיאוס אונטערגעפֿירט די הונצעס און אַריינגעכאַפּט דעם גובערנאַטאָר פֿאַר זיך.

— אַז די קעפּ ליגן זיי נאָר אין הולטאַיען, די גויעצעס, — האָט ער געברומט בייז אויף די באַראָנען, וואָס אָנשטאָט אין זינען צו האָבן גע־שעפֿט, אָנשטאָט זאָרגן פֿאַר אָנקניפּן גרויסע פֿאַרבינדונגען, וואָס טויגן צום עסק, האָבן זיי גאָר אין זינען נאַרישקייטן, ווייבער, יאַגד, פֿעכטן און אַנדערע גויאישע שטותים.

יאָ, דער גובערנאַטאָר האָט אויך שפּעטער די באַראָנען אַ וויזיט אין זייער פּאַלאַץ אָפּגעשטאַט און שטאַרק באַוואונדערט אַלע זייערע אויסגעשטאָפּטע חיות, וואָס זיי זאַמלען, אַלע שווערדן און קינזשאַלן. אָבער קיין נוצן פֿון דעם אַלעם פֿאַר דער פֿאַבריק איז נישט אַרויסגעקומען. די סמעטענע האָט אַראָפּגענומען פֿלידערבוים. ער האָט אויסגענוצט דעם ערשטן וויזיט. כאָטש עס איז געהאַלטן געוואָרן בסוד, האָט לאָדזש געוואוסט, אַז נישט פֿון הימל זענען פֿלידערבוימען אַראָפּגעפֿאַלן די נביאות וועגן דער באַן־ליניע אין לאָדזש, וואָס קיינער האָט וועגן דעם נישט געוואוסט. אין לאָדזש זענען קיין סודות נישטאָ. מען האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דער גובערנאַטאָר האָט עס פֿון פּעטערבורג אין פֿלידערבוימס פּאַלאַץ געבראַכט און מסתמא די באָבעס ירושה נישט דערלייגט. אויסגענוצט דעם ערשטן וויזיט האָט פֿלידערבוים.

דורך דעם גובערנאַטאָרס עטלעכע ווערטער וועגן די פּלעצער האָט ער געמאַכט אַ פאַרמעגן. ער האָט געקויפט די פּלעצער ביליק, פאַר גאָרנישט, און איצט האָט זיי די רעגירונג אָפּגעקויפט פאַר גרויסע געלטער, כדי דאָרט דורכצופירן די ליניע. אַפילו די פּלעצער אַרום, וואָס זענען נישט אָפּגע־קויפט געוואָרן דורך דער רעגירונג, זענען אויך געשטיגן געוואַלטיק אין ווערט צוליב דער באַן, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן. גאַנץ לאָדזש האָט גערעדט דערפון. די פויערים, וואָס האָבן ביליק פאַרקויפט די ערד, האָבן געפּרעסן די וואָנצעס מיט כעס. אין די רעסטאָראַנדלעך און קאַפעס האָבן די מעקלערס און סוחרים געשאַצט פלידערבוימס פאַרדינסטן, דאָס פעטע גאָלד, וואָס ער האָט אָפּגעלעקט ביים עסק.

— דאָס שפּיטאָל זיינס האָט אים גוט אָפּגעצאָלט, — האָבן יידן גערעד'ט מיט קנאה.

— אַ גביר האָט די וועלט און יענע וועלט, — האָבן אָרעמעלייט גע־זיפצט.

מאַקס אַשכנזי האָט, ווי פריער, ווען ער איז נאָך געווען אַ חסידיש יונגער־מאַנטשיקל, גערעכנט מיטן בליישטיפט אויף אַלע טישן, שטיקלעך סחורה, טישטעכער, די געלטער, וואָס עס האָט געמאַכט דער פאַבריקאַנט פלידער־בוים, די פּראָצענטער, וואָס זיין אייגענער ברודער האָט ביים עסק אַראָפּ־געשלונגען, און ער האָט זיך אויסגעצופּט דאָס שפּיצל פון דער געגאָלטער באָרד פאַר פאַרדרוס. מער נאָך פון געלט האָט אים געקרענקט דאָס, וואָס אין לאָדזש האָט מען נישט אויפגעהערט רעדן וועגן די גליקלעכע. מאַקס אַשכנזי האָט עס נישט געקאָנט הערן, עס האָט אים געעגבערט אין די שפּי־ציקע אויערן.

— אַזעלכע הולטאַיעס, — האָט ער נישט אויפגעהערט ברומען מיט כעס אויף די באַראָנען. — אַזעלכע פּוסטע קעפּ...

ער האָט עס זיי נישט געקאָנט מוחל זיין.

כאָטש ער איז נאָר געווען דער גענעראַל־פאַרטרעטער, איז אים שטאַרק אָנגעגאַנגען אַלץ, וואָס טוט זיך אין דער פאַבריק, האָט ער אויף אַלעם געהאַלטן אויג, געמישט זיך און געוואוסט פון אַלץ, וואָס דאָרט טוט זיך.

אָנגעהויבן האָט ער, ווי אַלע מאָל, דערמיט, וואָס ער האָט זיך גע־מאַכט נוצלעך. שוין אין ערשטן יאָר, ווי ער האָט איבערגענומען די גע־נעראַל־פאַרטרעטונג נאָך זיין פאָטער, האָט ער פאַרקויפט סחורה עטלעכע מאָל אַזויפיל, ווי מען פלעגט פאַרקויפן פריער. ער האָט פונאַנדערגעשיקט וואָיאַזשאָרן איבער אַלע עקן רוסלאַנד, ער האָט געשריבן בריוו, געזעצן זיך מיט סוחרים, קאָמיסיאָנערן, גערעדט, געלאָפן, געטאָן, אונטערגעגעבן חשק, אָנגעצונדן. און ענדלעך האָט ער גאָר אַליין זיך אַרויסגעלאָזט קיין רוס־לאַנד, כדי אָנצוטאַפּן דעם מאַרק.

מיט ווייניק רוסיש אין באַזיץ, בטבע אַן איינגעהאַלטענער מענטש, נישט קיין פרעסער, נישט קיין טרינקער, האָט ער פונדעסטוועגן געקאָנט

אַריינקריגן זיך צו די גרויסע, צעוואַקסענע, גוטמוטיקע און צעלאָזענע רו־סישע סוחרים, וואָס ביי אַ גלעזל און אַ הוליאַנקע טוען זיי אויס דאָס העמד פון לייב, וואַרפן מיט געלט. ער האָט שוין שטענדיק געוואוסט, ווי אַזוי צו לאָזן עמעצן אויסטרינקען וואָס מער און אַליין צו בלייבן ניכטער. ער האָט שוין שטענדיק אַזוי אויסגעדרייט, אַז ער זאָל לאָזן די קאַצאַפּעס אָפּטאָן אַלערליי נאַרישקייטן און ער אַליין זאָל זיך באַצייטנס אַרויסדרייען פון די פריילעכע הייזער און ציגיינערינס, צו וועלכע זיי האָבן אים געפירט נאָכן באַגיסן אַ ניי געשעפט.

ער האָט נישט פאַרטראָגן דעם ריח פון בראַנפן, געמיאוסט זיך פון די זינדיקע הוליאַנקעס און אויסגעלאַסנקייט. מיט עקל און פאַראַכטונג, האָט ער געקוקט אויף די גויים, וואָס שיכורן און הולטאַיען. ער האָט מיט זיי מיטגעהאַלטן, ווייל ווען מען קומט צו קראָען, דאַרף מען קראַקען ווי זיי. אָבער ער האָט שוין אַזוי קונציק מאַנעווורירט, ער זאָל בלייבן ניכטער און קלאָר. ווי אַן אמתער בעל־תכלית, האָט ער געוואוסט, אַז אַלע שיכרותן און צעלאָזנקייט זענען זאַכן, וואָס זענען קיין שמעק טאַבאַק נישט ווערט. דער מענטש ווערט נאָר דערפון פאַרנאַרישט און טעמפּ, און דער עיקר איז ביי אַ מענטש דער שכל, דאָס קלאָרקייט. דער עיקר איז ביים מענטש דער קאָפּ, האַלטן דעם געדאַנק. ער האָט דעם קאָפּ געהאַלטן, פעסט אים געהאַלטן אויף די אַקסלען, שטענדיק געווען קלאָר, און עס האָט תמיד געהאַט אַ פּעולה. שוין אין ערשטן יאָר, ווי ער איז געוואָרן דער גענעראַל־פאַרטרעטער פון הונצעס פאַבריק, האָט ער געוויזן, ווער שמחה מאיר, וואָס רופט זיך איצט מאַקס אַשכנזי, איז אַזוינס און וואָס ער קאָן מאַכן פון אַ זאַך, וואָס ער נעמט צו זיך אין די הענט אַריין.

די פאַבריק האָט אים זייער שיין באַלוינט פאַר זיין אַרבעט, גוטע באַ־דינגונגען אים געגעבן, אויך אַ פּרעמיע אים אויסגעטיילט, אָבער וויכטיקער דערפון איז געווען פאַר מאַקס אַשכנזי, וואָס ער איז געוואָרן אַן אייגענער מענטש אין דער פאַבריק און די הונצעס האָבן זיך גענומען מיט אים מישב זיין אין אַלץ, וואָס זיי טוען.

מיט די פלוטעוואַטע אויגן, וואָס זעען אויף דעם ערשטן אויגנבליק אויס ווייך און אומשולדיק, נאָר אין דער אמתן קוקן זיי שאַרף און דורכ־דרינגלעך, האָט ער גלייך, אַריינשטעלנדיק די פּיס אין פאַבריק אַריין, דערזען, אַז דער דיקער הויפּט־דירעקטאָר אַלברעכט, וואָס שטולן ברעכן זיך אונטער זיין משא, איז פויל און פאַרשלאָפן און ער פירט אַזוי אויך די פאַבריק. וואָס ווייטער האָט ער איינגעזען, אַז דער דיקער דירעקטאָר פירט גאָר די פאַבריק אינגאַנצן נישט. זי גייט אַליין, מעכאַניש, אָנגעשטעלט ווי אַ גוטער זייגער, וואָס מען האָט אָנגעדרייט. פּונקט ווי פריער, פאַר דעם אַלטן הונצע, אַזוי אויך איצט פאַר די יונגע, האָט דער דירעקטאָר אַלברעכט אויסגעצויגן זיך ווי אַ סטרונע, ווען זיי האָבן צו אים גערעדט, קוים איינ־

געשטאַנען אויף זיינע דיקע קלאָצעוואַטע פיס אין די שטאַרק ברייטע טאָר־ביקע הויזן, און אויף אַלץ נאָכגעשאָקלט. געברומט:

— יאַ־וואָל, הער באַראָן!

און מאַקס אַשכּנזי האָט אַריינגעשטעלט אַ פוס אין דער פאַבריק אַריין. ער האָט די יונגע באַראָנען געגעבן אַן עצה, ווי אַזוי צו שפּאָרן, ווען צו אַרבעטן און ווען זיך אָפּצושטעלן, וואָסערע סחורות צוצוגרייטן צום סעזאָן, די עצות האָבן זיך שטענדיק אַרויסגעוויזן ריכטיקע, אויפן אָרט, און די הונצעס האָבן אים גענומען האַלטן ווי אַן אייגענעם מענטשן, נישט געטאָן קיין שום זאַך, נישט אָנפרעגנדיק זיך ביי דעם ייד זייערן.

— וואָ אייגענטליך האָבען זי דאָס אַלעס שטודירט, אַשכּנזי? — האָבן זיי אים געפרעגט מיט חידוש.

— אין דער אַקאַדעמי טאַלמוד, ביי דען פּראָפעסאָרען אַבאַיע וועראַ־ווע, — האָט מאַקס אַשכּנזי געזאָגט מיט גדלות, ווי ער האָט עס געהערט אַמאָל דערציילן אין בית־המדרש וועגן אַ גרויסן פּאַרצייטיקן למדן, וואָס האָט אַזוי געענטפערט ווען מען האָט אים געמאַכט פאַר אַ מיניסטער.

דעם דיקן דירעקטאָר אַלברעכט האָט דער עסק אָנגעהויבן פאַרדריסן. ער האָט געזען, ווי דער ייד דרייט זיך אים צופיל, ווערט אַ גאַנצער באַ־לעבאָס, און ער האָט געשוויצט אויפן גאַנצן גרויסן און דיקן קערפּער פאַר אויפרעגונג, וואָס דער פאַרשווין מישט זיך אים אַריין אין זיינע געשעפטן און מאַכט אים אַ בייזע מערכה ביי די הונצעס. אָבער קעגנשטעלן זיך האָט ער נישט געוואַגט. צופיל איז ער געווען אונטערטעניק זיינע באַלעבאַטים, ער זאָל עפּעס זאָגן קעגן זייער ווילן. נאָך מער איז ער געווען שלעפעריק און פויל. און ער האָט זיך געטרייסט מיט די וועבערינס, וואָס דער דינער מעלכיאָר האָט אים אַלע פּאָר וואָכן צוגעשטעלט אַ נייע, זי זאָל אים רוימען די וואוינונג ביי דער פאַבריק. וואָס ווייטער איז מאַקס אַשכּנזי אַלץ גע־וואָרן מער באַלעבאָס אין דער פאַבריק. ער האָט אַריינגעטראָגן לעבן און אומרואיקייט אין די שווערע פאַבריק־ווענט. ער האָט געטאָן, וואָס ער האָט געוואָלט, וואָס ער האָט פאַרשטאַנען פאַר נויטיק. פּונקט אַזוי האָט ער שטענדיק צוגעשטעלט געלט פאַר די הונצעס, וויפל נאָר זיי האָבן געדאַרפט. איידער נאָך דער דירעקטאָר אַלברעכט האָט גענומען טראַכטן וועגן קריגן געלט, האָט מאַקס אַשכּנזי שוין געבראַכט פון זיין געשעפט גרייטע סומען, ווען נאָר איינער פון די באַראָנען האָט געברויכט. זיין חשיבות איז אין פאַבריק געוואַקסן מיט יעדן טאָג. דער דירעקטאָר אַלברעכט אַליין האָט אים שוין חניפהדיק מכבד געווען מיט ציגאַרן, געוואָלט אים האָבן אויף זיין זייט. אויך זענען אַלע, וואָס האָבן געדאַרפט עפּעס אַ טובה ביי די באַראָנען, געקומען פריער צו אַשכּנזין, ער זאָל רעדן אַ גוט וואָרט פאַר זיי.

אָבער זינט דעם באַל ביי פלידערבוימען און דער געשיכטע מיט די פלעצער, האָט לאָדזש איינגאַנצן פאַרגעסן אין אים, מאַקס אַשכּנזי, נאָר גערעדט וועגן פלידערבוימען, אויך וועגן זיין נייעם גענעראַל־פאַרטרעטער,

וואָס האָט די פּלעצער אויסגעקויפט אַזוי קונציק. מער ווי אומעטום האָט מען וועגן זיין ברודער גערעדט אין זיין אייגענער שטוב. די שוויגער זיינע, וואָס איז אָפט צו דער טאָכטער געקומען, האָט געהאַלטן אין איין דערציילן וועגן יעקב בונמען, וועגן זיין עלעגאַנץ אויפן באַל, וועגן אַלע זיינע דערפאָלגן. דוקא, ווייל ער, מאַקס, האָט עס נישט געוואָלט הערן, האָט זי, די גרויסאַרטיקע יידענע, גערעדט וועגן דעם, צוגעלייגט אַלערליי פאַנטאַזיעס און גוזמאות.

— וואָלסט אים געמעגט זען, דינהלע, — האָט זי דערציילט פאַר איר טאָכטער, — ווי אַ פּרינץ זעט ער אויס, אַז ער פאָרט דורך דער פּיעטראָקאָווער גאַס. ווער וואָלט זיך געקאָנט ריכטן!

דינהלע האָט אויסגעהערט און געזיפצט. מאַקס אַשכנזין איז גערונען געוואָרן דאָס בלוט. ער האָט זיך נישט געבייזערט אויף דער שוויגער. צו וואָס זיך אויסגעבן? אָבער אירע רייד האָבן אים ווי מיט שטעכלקעס די הויט געשטאָכן. ער איז פאַרן קאָמפּאָט נאָך אַרויס פון שטוב.

כאָטש ער איז נאָך דערוויייל געווען בלויז דער גענעראַל־פאַרטרעטער, האָט ער געפילט די הונצעס דורכפאַל ווי זיין אייגענעם. ער האָט ליב גע־האַט אַריינוואַרפן זיך אין יעדער זאַך, צו וועלכער ער רירט זיך צו, מיטן גאַנצן לייב און לעבן, און אויך אין הונצעס פאַבריק האָט ער זיך אַזוי אַריינ־געוואָרפן. די מעשה מיט פלידערבוימס פּלעצער האָט אים נישט געגעבן קיין מנוחה אין די נעכט, קיין טעם אין עסן און אין טרינקען. וואָלט עס געווען געלעגן אין זיינע הענט, וואָלט ער שוין אַזאַ זאַך פון די הענט נישט אַרויסגעלאָזט. ער וואָלט שוין דעם פלידערבוים נישט צוגעלאָזט אַזאַ אוצר. אָבער ביי אַלע זיינע עצות, וואָס ער האָט געגעבן דער פאַבריק, האָט ער אין אַזעלכע זאַכן גאָרנישט געקאָנט טאָן. צו קורץ איז ער נאָך געווען צו אַזעלכע מענטשן ווי אַ גובערנאַטאָר. דאָס האָט מען געמוזט איבערלאָזן צו זיי אַליין, צו די באַראָנען הונצע, און אויף זיי האָט מען זיך נישט געקאָנט פאַרלאָזן. זייערע גויאישע קעפּ זענען געלעגן אין נאַרישקייטן, אין פּוסטע זאַכן. צוליב זייער נאַרישקייט און פּוסטקייט האָבן זיי פלידערבוימען אין די הענט אַריין אַ געפונענעם אוצר אַוועקגעגעבן.

איבעריקנס, האָט ער זיך געהאַט זיינע אויסרעכענונגען, מאַקס אַשכנזי. כאָטש ער האָט נאָך זייער טיף זיך געבויגן פאַר די הונצעס, אָנגעוויזן געווען בלויז אויף זייער חסד, האָט ער געזען, אַז עס וועט קומען אַזאַ טאָג, ווען ער אַליין וועט זיצן אין גרויסן פאַבריק־קאַבינעט און אַנדערע וועלן פאַר אים זיך בויגן. ער האָט געזען זייער לעבן, זייער אויסברענגערישקייט, און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט פלייס און אַרבעט קאָן מען אַ סך דער־גרייכן. מען דאַרף נאָר זען אַריינגעמען די פאַבריק וואָס מער אין די הענט אַריין, ווערן דער צענטער פון איר, דאָס האַרץ, און מיט געדולד, אַרבעט און שכל קאָן מען דעם ציל דערגרייכן. כאָטש דאָס איז נאָך געווען אַ וויטע זאַך, האָט ער שוין גענומען קוקן אויף אַלעם ווי אויף אייגנס, איז אים

אַלץ געווען טייער. מער נאָך פון די הונצעס אַליין, האָט ער שוין באַצייטנס געפילט אַ שנאה צו דעם קאָנקורענט פלידערבוים, געוואָלט אים פאַרניכטן, אָפּרוימען פון מאַרק, צוזאַמען מיט זיין גענעראַל־פאַרטרעטער, וואָס האָט זיך אים אַוועקגעזעצט גלייך אין די אויגן אַריין.

ביים עסן און שלאָפן, ביים רעדן מיט מענטשן און ביים דאַוונען אָפּילו, וואָס ער האָט נאָך אַמאָל אַריינגעכאַפּט אויף יוצא זיין, האָט אים געגאָגט, געפּייניקט, געגעסן. ער האָט כסדר געקלערט, וואָס אַזוינס צו טאָן, אַז דער פלידערבוים, דער ברודער זיינער, גאַנץ לאָדזש און זיין אייגענע שטוב זאָלן פון אים רעדן, פאַרגעסן אין אַלע אַנדערע. אָ, ער איז נאָך נישט געפּגרט. ער, מאַקס אַשכנזי, וועט נאָך ווייזן, וואָס ער קאָן! פּאַמעלעך, נאָר געדולד. און לאַכן וועט דער, וואָס וועט לאַכן צום לעצטן. ניין, ווען זיי, די באַראָנען זיינע, זענען שלימזלען און הולטאַיעס, מוז ער האַלטן די פאַבריק אויף זיין קאָפּ. דאָס איז נישט קיין קונץ צו גיין אין דער הויך, ווען דאָס גליק שטופּט אונטער, לויפט אין די הענט אַריין. אַ קונץ איז, ווען מען כאַפּט אַליין עפּעס, ווען מען דערטראַכט זיך אַליין צו עפּעס.

און מאַקס אַשכנזי האָט זיך דערטראַכט.

צום ערשטן האָט ער אַ זייער וויכטיקע ענדערונג אין דער פאַבריק דורכ־געפירט. ער האָט צוגערעדט די הונצעס אָפּצוטיילן זיך פון דעם שותף געצקע, און בעסער גרינדן אַן אַקציען־געזעלשאַפט פון דער מאַנופאַקטור־פאַבריק פון די באַראָנען־ברידער הונצע. די באַראָנען האָבן זיך אין דעם אָנגעכאַפּט. זיי האָבן שוין לאַנג געוואָלט פּטור ווערן פון דעם גראָבן יונג געצקע, וואָס האָט זייער באַראָנעשאַפט נישט אַנערקענט און גערופן זיי ביי די נעמען פאַמיליאַר, ווי אַמאָל, ווען זיי זענען נאָך ייִנגלעך געווען. עס האָט זיי נישט געפּאַסט איצט. מאַקס אַשכנזיס עצה פּטור צו ווערן פון שותף, האָט זיי אַריינגעטראָפן אין ריכטיקן פּינטל. אָבער זיי האָבן נישט געהאַט קיין צייט דורכצופירן די זאַך. זיי האָבן געהאַט אַנדערע אַרבעט, יאַגד, פעכטן און רייזעס. אַשכנזי האָט עס אַליין דורכגעפירט. דאָס איז געווען אַ גרויסער זיג פאַר אים.

אין לאָדזש האָט מען וועגן דעם גערעדט. אויך האָט ער פון דער פאַבריק אַ שיין פּעקל אַקציעס פאַר אַ באַלוינונג געקריגן. ער האָט נישט געוואָלט קיין געלט, נאָר אַקציעס.

באַלד דערנאָך האָט ער זיך גאָר צו אַ גרויסער זאַך דערטראַכט, וואָס האָט די שטאָט אויפגערודערט.

געקומען איז עס אים אויפן געדאַנק צופעליק, דורך אַ נאַרישקייט.

גייענדיק אַזוי פאַרטראַכט איבער דער גאַס, האָט אים פּלוצלונג אַ רויט ווייבעריש קלייד אַ בלענד געטאָן פאַר די אויגן. ער האָט זיך אָפּ־געשטעלט.

עס איז ניט געווען די פרוי, וואָס האָט אַשכנזין פאַרכאַפּט. וואָרעם כאָטש אַשכנזי האָט שוין מער נישט געהייסן שמחה מאיר, נאָר מאַקס,

און די באָרד און די קליידער אָפּגעשניטן, ווי אַ דייטש, האָט ער נאָך קיין ווייבער זיך נישט געיאָגט.

דער קאָפּ זיינער איז נישט געלעגן אין אַזעלכע זאַכן; ער האָט אויך נישט געהאַט קיין צייט דערצו. ער האָט געוואוסט, אַז צוליב אַזעלכע זאַכן פאַרלירן מענטשן דעם שכל, פאַרמעגנס. זיין קאָפּ איז געלעגן אין תכליתים, אין גרויסע זאַכן. זיינע אויגן האָבן גערנער פון אַלץ געזען ציגל־רויטע פאַבריק־ווענט, רויך, מאַשינען, אָנגעשטאָפּטע וואַגאָנען מיט סחורה. נייַן, נישט די פרוי איז עס געווען, וואָס האָט אַ בלענד געטאָן אין זיינע פּלוטע־וואַטע אויגן, דאָס איז געווען איר קלייד. אַ פּראָסט קלייד, אָבער זייער אַ פאַרביקס, פון אַזאַ גלאַטער און ליכטיקער רויטקייט, וואָס אין לאָדזש קאָן מען גאָר אַזאַ פאַרב נישט אַרויסקריגן.

מאַקס אַשכנזי האָט זיך אָפּגעשטעלט באַטראַכטן די פרוי. זי האָט אַ קוק געטאָן, אָפּגעמאָסטן דעם מאַנס גרויסע אויגן און געגאַנגען ווייטער. דער מאַן איז איר נאָכגעגאַנגען. ענדלעך האָט זי זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ פאַבריק־פאַרקאָן. אַשכנזי האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט, אָבער נישט גערעדט צו דער פרוי, בלויז אָנגעקוקט. די פרוי האָט געוואַרט. זי איז געווען אַ פּראָסטע, נישט גאָר קיין יונגע, אָבער אַ פעסט־געבויטע.

— וואָס גייט דער הער נאָך? — האָט זי געפרעגט.

— עס געפעלט מיר אייער קלייד, — האָט אַשכנזי געענטפערט אַ פאַר־שעמטער, מורא האָבנדיק עמעצער זאָל אים נישט דערזען.

— איך בין אַן אָרנטלעכע פרוי, — האָט די גויע אין רויטן קלייד געזאָגט און געוואַרט.

— וואו האָט איר געקויפט דאָס קלייד? — האָט אַשכנזי געפרעגט.

די גויע האָט געלאַכט. זי האָט געוואוסט, אַז דער מאַן וויל עפּעס אַנדערש, נאָר ער האָט נישט קיין מוט, דעריבער רעדט ער פון קלייד. זי האָט געזען, אַז ער גייט רייך געקליידט און עס האָט זיך איר געגלוסט לאַכן סיי פון זיין נאָכגיין נאָך איר, סיי פון זיין רעדן וועגן קלייד.

— איך בין נישט קיין גאַסיקע, — האָט זי ווידער געזאָגט. — זאָל זיך דער הער גיין, איך האָב אַ מאַן.

אָבער דער הער איז נישט געגאַנגען, נישט ער האָט זי גערופן גיין מיט אים.

אפשר קאָנט איר מיר פאַרקויפן אייער קלייד. — האָט ער געפרעגט. — איך וועל אייך גוט באַצאָלן דערפאַר.

די פרוי אין רויטן קלייד איז אינגאַנצן צעטומלט געוואָרן. אַ ווילע האָט זי אַ טראַכט געטאָן, אַז דער מאַן מיטן שפּיציקן בערדעלע וויל איר שלעכטס טאָן. זי האָט נישט איינמאָל געהערט וועגן די יידן, אַז זיי שעכטן יונגע קריסטלעכע פרויען צו די מצות, וואָס זיי עסן. באַלד האָט זי דעם געדאַנק אָפּגעוואָרפן און דערטראַכט זיך צו עפּעס אַנדערש. זי האָט פון די דאָר־פישע ווייבער אָפט געהערט, אַז אין די שטעט זענען די מענטשן מאָדנע

פֿאַרשווינען, מיט אויסטערלישע געוואוינהייטן, איבערהויפּט די מענער, וואָס באַגייען זיך גאָר אַנדערש מיט ווייבער, ווי די פּויערים אין די דערפֿער.

— צו וואָס דאַרפֿט איר מיין קליידי? — האָט זי איבערגעפֿרעגט מיט אומצוטרוי. — דער הער מאַכט ליצנות?

נאָר מאַקס אַשכּנזי האָט אַרויסגענומען אַ גאָלדן צענער־רובל און דער פֿרוי געוויזן. האָט זי נישט געקאָנט ביישטיין דעם רייץ פֿון גאָלד און געגרן געוואָרן מיטצוגיין מיט דעם מאַן.

געמיינט האָט זי, אַז ער וועט גיין מיט איר אין אַ געהיים אָרט, אָבער געגאַנגען איז ער מיט איר ביז צו זיין לאַגער. דאָרט האָט ער איר גע־שיקט קויפֿן אַ ניי קליידל, אַ שטאָטישס און אַ פֿאַרביקס, און פֿאַר דעם אַלטן קליידל, וואָס זי האָט געקויפֿט אין דייטשלאַנד, ווען זי איז דאָרט צוזאַמען מיט אַנדערע ווייבער געגאַנגען גראָבן קאַרטאָפֿל, אין זומער, האָט זי פֿון דעם רייך־געקליידעטן מאַן אַ בליציקן אימפּעריאַל געקריגן

זי איז אַנטלאָפֿן פֿון דעם אויסטערלישן מאַן, וואָס האָט זי נישט גע־וואָלט, פֿול מיט מורא און אומגעזעטיקטער נייגעריקייט. זי האָט זיך כסדר אומגעקוקט, צי מען לויפֿט איר נישט נאָך און מען פֿאָדערט נישט ביי איר צוריק דאָס געלט. און מאַקס אַשכּנזי האָט זיך גלייך אַוועקגעזעצט ביים טיש און צעדרילעוועט דאָס קליידל, וואָס די רויטקייט דערפֿון איז זייער ליכטיק און קלאָר און וואָס אַזעלכע קאָן מען גאָר אין לאָדזש נישט אַרויסקריגן. מאַקס אַשכּנזין האָט גלייך אַ שאָס געטאָן אין קאָפּ, אַז ווען מען קאָן אַרויסלאָזן אין לאָדזש אַזאַ מוסטער, וואָלט מען געקאָנט מאַכן אַ פֿאַרמעגן. כאָטש ער האָט אויף די ווייבער קיין גרויס אַכט נישט גע־לייגט, נישט קיין צייט געהאַט פֿאַר זיי, האָט ער פֿונדעסטוועגן געקענט זייערע שוואַכקייטן, זייער ליבע צו העלע, ליכטיקע פֿאַרבן. ער האָט שטענ־דיק פֿאַרשטאַנען אויסצוקלייבן אַ מוסטער ביי די צייכענער, אויסצוקלייבן אַ פֿאַרב, וואָס זאָל נעמען די ווייבער, איבערהויפּט די פּויערטעס אין רוס־לאַנד. אויך איצט האָט ער דערזען, אַז ווען מען קאָן אַזאַ רויטקייט אַרויס־קריגן, וואָלט מען דערמיט גאַנץ רוסלאַנד פֿאַרפֿלייצט. אָבער אין לאָדזש קאָן מען עס נישט מאַכן. די כעמיקער דאָ ווייסן נישט דעם סוד דערפֿון. זייער רויטקייט איז אַלעמאָל טונקל, מרה־שחורהדיק.

און ער האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַרויסצוכאַפּן זיך קיין דייטשלאַנד און דערגיין דעם סוד דערפֿון.

שטיל, קיין שום מענטש זאָל נישט וויסן, אַפֿילו נישט די מענטשן פֿון זיין געשעפֿט, אַפֿילו נישט די הונצעס, האָט ער דורך דעם ליטוואַק ליפּע כאַלפֿן אַן אויסלענדישן גובערנאַטאָר־פּאַס זיך געמאַכט און אַריבערגעפֿאָרן די גרענעץ. געפֿאָרן איז ער קיין פֿראַנקפֿורט אַם מאַין, וואו יידן זענען דאָ אַ סך און זיי זענען פֿרומע, יידישלעך דערצו. דאָרט אין די סינאַגאָגן, אין די כשרע רעסטאָראַנען, וואו דאָקטוירים עסן אין יאַרמעלקעלעך, אין די בתי־מדרשים, וואו פּראָפֿעסאָרן זיצן אין די אָוונטן ביי די גמרות, האָט

ער זייער גיך ביי די דייטשן זיך איינגעקויפט. מיט זיין לומדות און שיטן תורה האָט ער אַ גרויסן רושם געמאַכט אויף די פרומע יידן אין די ציי־לינדערס. דערצו איז ער נישט געקומען שנאָרען, ווי די אַנדערע יידישע לומדים פון פוילן, נאָר געשטעלט זיך ברייט, מנדר געווען אַ שיינע נדבה אין שול פאַר דער עליה, וואָס מען האָט אים מכבד געווען. און אינגיכן האָט ער זיך צונויפגערעדט מיט אַ כעמיקער, אַ ספּעציאַליסט, וואָס כאָטש אַליין האָט ער שלעכטע אויגן געהאַט און געטראָגן דעריבער שוואַרצע ברילן, איז ער פונדעסטוועגן געווען אַ גאון אין פאַרבן. אָט מיט דעם פראַנקפורטער כעמיקער, וואָס פאַרפעלט נישט קיין דאַווענען אין צוג, וואָס פאַרזוכט נישט קיין פּרוכט אין וועג אָן אַ ברכה און אָן צודעקן דעם קאָפּ מיט אַ קליין יאַרמעל־קעלע, איז ער שטיל, בסוד־סודות קיין לאָדזש געקומען. ער האָט דעם פרעמדן מאַן אויף דער גאַס נישט אַרויסגעלאָזט, ביי זיין טיש געשפּייזט, אין זיין וואוינונג אַ צימער אים געגעבן, כדי מענטשן זאָלן אים נישט זען, נישט וויסן פון אים.

געהיים, בסוד־סודות, האָט דער פרעמדער מאַן אין די שוואַרצע ברילן אַרויסגעלאָזט די רויטע פריילעכע סחורות אין הונצעס פאַבריק גע־נוי ווי די, וואָס מאַקס אַשכנזי האָט ביי דער גויע פאַר אָן אימפּעריאַל איינ־געהאַנדלט. די פאַבריק האָט געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט, געיאָגט, געטריבן. און אַז צום סעזאָן האָט אַשכנזי דער גענעראַל־פאַרטרעטער אַרויסגעלאָזט די רויטע האָפּערדיקע שטאָפן, איז געוואָרן אַזאַ בהלה צווישן די סוחרים, אַז מען האָט געכאַפּט די סחורה ווי מצה־וואַסער. וואַיאַזשאָרן, קאָמיסיאָנערן, סוחרים האָבן אָפּגעריסן דעם לאַגער, געשיקט טעלעגראַמעס. די פאַבריק האָט גאָרנישט געקאָנט אָניאָגן אַזויפיל. באַלד האָט מען געמוזט העכערן דעם פּרייז. די וויבער האָבן געצאָלט אין טאָג אַריין פאַר דעם העלן, ליכטיקן און הייסן שטאָף, וואָס האָט זיי געמאַכט יינגער און רייצנדיקער.

לאָדזש האָט געקאָכט, אַרומגעלאָפן ווי צעדולט, געזוכט נאָכצוקאָפּירן, אָבער דערווייל האָט הונצעס פאַבריק געמאַכט אַ פאַרמעגן. דער איניציאַטאָר און פאַרשפּרייטער פון די סחורות, מאַקס אַשכנזי, האָט צום געשעפט נישט דערלייגט. ער האָט געקאָנט אַריינברענגען געלט, אָבער ער האָט געוואוסט צו נעמען אַ גוטן פּראָצענט. ער האָט פאַר עולם הבא נישט געאַרבעט. פאַר וויפל געלט נאָר ער האָט געמאַכט, האָט ער געקויפט אַקציעס פון דער מאַנו־פאַקטור־פאַבריק הונצע.

לאָדזש האָט נישט גערעדט מער פון פלידערבוימען, נישט אומגע־קוקט זיך אויף זיין גענעראַל־פאַרטרעטער, וואָס יאָגט זיך אַרום מיט זיין קאַרעטע איבער דער פּיעטראָקאָווער גאַס. גערעדט האָט מען וועגן די הונצעס: ניין, וועגן מאַקס אַשכנזי און זיין עילוישן קאָפּ.

— ער וואַקסט, — האָט מען געמורמלט און געוויזן אויף אים מיט די פינגער, ווען ער איז אַ שמאָלער און פאַרטאָגענער געפאָרן אין דער בריי־

טער קאַרעטע, וואָס די פאַבריק האָט אים געשאָנקען אַ מתּנה, איבער די שלעכט־געפּלאַסטערטע, ענגע און פאַרעיפּושטע לאָדזשער גאַסן.

ניין, ביי אַלע זיגן האָט ער נישט געקאָנט פאָרן אין קיין קאַרעטע, מאַקס אַשכּנזי. ער האָט זיך פאַרלוירן אין דער ברייטקייט, פאַררוקט זיך אין אַ זייט, קיין טעם נישט געפילט דערין. דאָך איז ער איצט זעלטן געגאַנגען צופוס, נאָר פונאַנדערגעלייגט זיך אין דער קאָטש מיט געמאַכטער רחבות, מענטשן זאָלן אים זען, די אייגענע פרוי זאָל אים זען.

אָבער זי האָט אים נישט געזען, דאָס ווייב זיינס, קיין איין מאָל נישט אַ קוק געטאָן דורך די פאָרהאַנגען, ווען ער פאָרט אַוועק פון שטוב אין געשעפט אַריין.

— דיאַנאַ, — האָט ער געזאָגט, — ווען דו עטוואָס צו בעזאָרגען האָסט, נעמע איך דיך מיט. גיבט גענוג פּלאַץ.

— ניין, איך וועל זיך בעסער איבערגיין מיט דער מאַמען, — האָט דינהלע געענטפערט גלייכגילטיק.

מאַקס אַשכּנזי האָט פאַר כּעס נישט געענטפערט די נישט־וויכטיקע פאַר־בייגייער, וואָס האָבן געצויגן פאַר אים די היט. ער האָט זיך געמאַכט זיי נישט־זעענדיק.

## קאַפּיטל פינף

לאָדזש האָט זיך אָפּגעשטעלט.

ווי עמעצער, וואָס פרעסט זיך איבער צופיל, פאַרדאַרבט זיך דעם מאָגן און קאָן נישט מער פאַרדייען, ביז ער גיט נישט צוריק אַלץ, וואָס האָט דעם מאָגן פאַרשטאָפּט, אַזוי האָט זיך די טומלדיקע און אַרבעטנדיקע שטאָט איבער־געפרעסן מיט סחורה.

אויסער די גרויסע פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן געאַרבעט אַ סך, צו צוויי שיכטן אַ טאָג און אָנגעלייגט ריזיקע לאַגערס מיט סחורה, האָבן קליינע, קליינטשינקע און פּיצינקע פאַבריקאַנטלעך געיאָגט, געטריבן און פּראָדוצירט. קיין געלט האָט מען נישט געדאַרפט. אַלץ איז אין דער שטאָט געגאַנגען אויף קרעדיט, אויף וועקסלען.

פאַר וועקסלען האָט אַ סוחרישער זון חתונה געהאַט מיט אַ סוחרישער טאָכטער. דער יונגערמאַנטשיקל האָט צו דעם שווערס וועקסלען בלויז זיין אונטערשריפט צוגעלייגט און געקריגן פאַר זיי גאַרן און ביינוול. דעם גאַרן און ביינוול האָט ער געלאָזט אויסאַרבעטן ביי אַ לוינקעטניק און אים געצאָלט מיט וועקסלען. די לוינקעטניקעס האָבן צוגעלייגט זייער אונטער־שריפט און אַוועקגעגעבן די וועקסלען זייערע געזעלן פאַר דער אַרבעט. די געזעלן האָבן צוגעלייגט זייערע שווערע קאָטשערע־אונטערשריפטן און אַוועק־

געגעבן די וועקסלעך פֿאַר אַלץ, וואָס נאָר זיי האָבן געדאַרפֿט האָבן צום לעבן — פֿאַר ברויט און קאַרטאָפֿל, פֿאַר דירה און קליידער.

פֿון שטעט און שטעטלעך זענען סוחרים, קעסט־איידעמלעך, טאַנדעטני־קעס, קרעמערלעך געקומען און אַנגעקויפֿט סחורות גאַנצע פֿורן אָן איין גראָשן געלט, בלויז פֿאַר וועקסעלעך, וואָס זיי האָבן אונטערגעשריבן. קיין געלט האָבן די סוחרים נישט געדאַרפֿט. זיי האָבן גלייך די וועקסעלעך פֿונאַנדערגעטיילט ווייטער, פֿאַר סחורה, אַרבעט, מי. מיט וועקסעלעך האָט מען געצאָלט די משרתים אין די געשעפֿטן, דינסטן פֿאַר שטוב־אַרבעט, שניי־דערס פֿאַר קליידער, מלמדים פֿאַר מלמד־געלט. די פּריילעכע וואָיאַזשאָרן און קאָמיסיאָנערן זענען אַרומגעפֿאָרן איבער דעם גרויסן רוסלאַנד, גענומען מאַסן סחורות, פֿאַר וואָס זיי האָבן גרויסע וועקסלען פֿון רוסישע סוחרים צוגעשיקט. לאָדזש האָט קיין געלט נישט גענוצט, נישט געברויכט עס. אַלץ האָט מען געקריגן פֿאַר אַן אונטערשריפֿט. פֿאַר וועקסלען האָבן יידן געקויפֿט גרויסע עליות אין די בתי־מדרשים, פּדיונות דעם רבין געגעבן. פֿאַר וועקסעלעך האָבן משרתים־פּאַצעטן געהוליעט אין רעסטאָראַנען, גע־קויפֿט כלה־מתנות. אַפֿילו פֿרויען אין די פּריילעכע הייזער און שפּעטער די דאָקטוירים פֿאַר היילן ווענערישע קראַנקהייטן האָט מען געצאָלט מיט וועקסעלעך...

ווער עס איז געווען פּיפּיק, געשיקט, האָט מיט די ליידיקע הענט פֿאַר־לייגט געשעפֿטן, אָנגעקויפֿט זיך טייער מעבל, צירונג, געשפּילט אַ ראָלע. מיט יעדן טאָג זענען אַנדערע האַנט־וועבער אַוועק פֿון די שטולן און גע־נומען מסחרן, דרייען. מען האָט בלויז געדאַרפֿט דערצו אַ שטיקל דריי־קאָפּ, קאָנען זיך אונטערשרייבן און האָבן די ערשטע פּופּצן קאָפּיקעס אויף אַ וועקסל, די איינציקע סחורה, וואָס מען האָט אין לאָדזש פֿאַר קיין וועקסל נישט געקריגן, נאָר געמוזט קויפֿן פֿאַר מזומנים.

נישט אָפּהענגיק פֿון געלט, צערייצט פֿון שנעלן רייך ווערן, צעלאָזן פֿון ריזיקער קאָנקורענץ, האָט לאָדזש געקאָכט, געטומלט, געאַרבעט אָן מאָס און סיסטעם, אָן נוצן און נויטיקייט. מען האָט געיאָגט, געטריבן, געשמי־עט, געכאַפּט, גענומען, געדרייט, אַליין פֿון קיין חשבון נישט געוואוסט, פֿאַר־שיכורט זיך אין הפקרות, געלעבט אַ פּאַפּירן לעבן, אָן תכלית און אויסרע־כענונג. די איינציקע, וואָס האָבן געטאָן זייער זאַך, געאַרבעט שווער און ביטער, נישט געוואוסט פֿון קיין מנוחה און רו, זענען געווען די אַרבעטער אין די פֿאַבריקן, די געזעלן און די באַלמעלאָכעס אין די ווערקשטאַטן. נאָר זיי מיט זייער שווערער מי און קליינעם לוין האָבן געהאַלטן אויף זייערע אַקסלען די ריזיקע, צעלאָזענע, צעיאָכמערטע שטאָט פֿון הפקרות, נאַרעריי און משוגעת.

פּלוצלונג איז די שטאָט שטיין געבליבן. אַ שווערער ביסן איז געבליבן שטעקן אין איר זולל־וסובאשן האַלדז, און זי האָט גענומען וואַרפֿן זיך איז קראַמפּן, אין קאָנוואולסיעס. זי האָט גענומען אויסמייקענען אַלץ, וואָס זי

האָט אין איר פּרעסערישן מאָגן אַריינגעלייגט אין די יאָרן פון חזיריי און געמיינקייט.

צו דעם אַלעם איז אַ טרוקענער זומער געקומען אין לאַנד, וואָכן־לאַנג איז קיין רעגן נישט געגאַנגען. די פּראַוואָסלאַוונע גלחים האָבן זיך אין זייערע גאָלד־ און זילבער־אויסגעשטיקטע פּאַראַד־קליידער אָנגעטאָן, די הייליקע בילדער אויף די פעלדער אַרויסגעטראָגן און מיט פּויערים און פּויער־טעס אויף די קני געבעטן ביי כריסטוסן און זיין הייליקער מוטער, זיי זאָלן טאָן גענאָד צו די מענטשן און חיות און אַראָפּשיקן רעגן. אָבער די תּפילות האָבן נישט געהאָלפן און די זון האָט נישט אויפגעהערט פלאַקערן און ברענען די פעלדער און סטעפּעס פון גרויסן רוסלאַנד, איבערהויפּט די ברויט־געגנטן פון לאַנד. די בהמות זענען געפאַלן פון דורשט און הונגער. און אַז ס׳איז געקומען צום שניט, ווען מען האָט געדאַרפט אַראָפּנעמען דאָס, וואָס די זון האָט נישט אינגאַנצן אויסגעברענט, האָבן רעגנס געדיכטע און אומ־אויפהערלעכע גענומען גיסן און ווייקן און פאַרפוילט דאָס לעצטע אויף די פעלדער. פון הונגער און פון געפּגרטע בהמות, וואָס האָבן זיך אומעטום געוואַלגערט נישט באַגראָבענערהייט, האָבן מגפות זיך גענומען שפּרייטן אי־בער די פעלדער, כאָליערע, בויך־טיפוס און שאַרלאַך. אין פיל דערפער, איבערהויפּט אין קליין־רוסלאַנד, האָבן די פּויערים פאַרטריבן די יידן פון זיך, ווייל מען האָט געזאָגט, אַז זיי פאַרגיפטן די ברונעמס. אין אַנדערע ערטער האָבן די פּויערים געשלאָגן מיט דרענגער און היי־גאָפּלען די סטו־דענטן, וואָס זענען אַראָפּגעקומען אין די דערפער, כדי צו באַגיסן די מגפות מיט קאַלך, סמאָלע און קאַרבאָל. אָבער די מגפה האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט.

די פּויערים זענען נישט געקומען אין די שטעט אויף די מערק. די קרעמער און סוחרים זענען געבליבן מיט די סחורות, וואָס זיי האָבן אַראָפּ־געבראַכט פון לאָדזש צום האַרבסט־סעזאָן. קיינער האָט נישט געקאָנט צאָלן די אויסגעשטעלטע וועקסלען. פּראָטעסטן זענען אָנגעקומען קיין לאָדזש אין די צענדליקער טויזנטער, מיט יעדן טאָג, מיט יעדער שעה מיט יעדער מינוט. די פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן גענומען געלט אין די בענק, זענען געבליבן הינטערשטעליק. באַנקען האָבן געקראַכט.

אויפן ערשטן פייער פון קריזיס זענען געגאַנגען די קליינע פיש, די אַלע קלענערע פאַבריקאַנטן, פאַבריקאַנטלעך, קעטע־אַרויסגעבער, גאַרן און ביינוול־הענדלער, שניט־קרעמער, סוחרים, קאָמיסיאָנערן, מעקלער, לוינקעט־ניקעס און טויזנטער אַנדערע, וואָס האָבן זיך, ווי פליגן, געדרייט אַרום דער זיסער פאַררויכערטער שטאָט. ווי שטרוי האָבן געברענט די אַלע וועקסל־אונטערנעמונגען. מענטשן זענען אַרומגעלאָפן ווי די פאַרסמטע מייז, געוואָלט פאַרקויפן די וועקסלען זייערע פאַר גראָשנס, נאָר קיין בעלנים זענען נישט געווען. די גרויסע פּאַפּירענע קייט, וואָס האָט די שטאָט אַרומ־גענומען, געבונדן איינעם מיטן אַנדערן, האָט געקנאַקט, איז צעקראָכן גע־

וואָרן אונטער די הענט. איינער האָט דעם צווייטן מיטגעשלעפּט מיט זיך אין אָפּגרונט אַריין.

די גרויסע פּיש, די לויתנס, די פאַבריקאַנטן־מיליאָנערן האָבן אויך געכאַפּט אַ טרייסל פון די צעשטורעמטע קריזיס־כוואַליעס, אָבער פעסטע, שטאַרקע, האָבן זיי די קלעפּ אַריבערגעטראָגן. זיי האָבן בלויז אַרויסגערוקט זיך אויף אַ זייט פון דעם שטורעם, אָפּגעוואַרט פאַראַנקערטע ביז דער מבול וועט אַריבער. איינער נאָכן אַנדערן האָבן זיי אָפּגעשטעלט די פאַבריקן. נישט מען האָט געדאַרפט סחורה, נישט מען האָט געוואָלט פטרן די גרויסע לאַגערן רויע וואָל און ביינוול, וואָס מען האָט געהאַט אין רעזערוו. וואָרעם אויסגעאַרבעטע סחורה האָט קיין ווערט נישט געהאַט. קיינער האָט זיי אין האַנט נישט געוואָלט נעמען, רויע מאַטעריאַלן זענען שטאַרק געשטיגן אין פּרייז מיט יעדן טאָג, און עס האָט מער אַריינגעברענגט דאָס אָפּשטעלן די פאַבריקן, ווי לאָזן זיי אין גאַנג. די, וואָס האָבן יאָ געאַרבעט, האָבן בלויז געאַרבעט אַ טאָג אין וואָך. צענטליקער טויזנטער אַרבעטער זענען אַרומגעגאַנגען מיט ליידיקע הענט.

אויפן באַלוט זענען די וועב־שטולן געשטאַנען שטיל. די שניידערס, זאָקנמאַכערינס, נייטאָרינס, שוסטערס, גאַלאַנטעריי־אַרבעטער און אַרבעטערינס האָבן איבערגעדעקט זייערע מאַשינען, וואָס האָבן אויסגעזען ווי מתים אין אַ מגפה, ווען די קברנים קומען נישט זיי צו באַערדיקן. יעדער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט וועקסלען, וואָס מען האָט געקריגן פאַר אַרבעט, נאָר קיינער האָט זיי אין האַנט נישט געוואָלט נעמען.

— אויף אשר־יצר־פּאַפּיר קאָנט איר זיי נוצן, — האָבן די אָרעמע קרעמער געענטפערט בייז, ווען אַן אַרבעטער האָט אַ פאַרשעמטער אַ וועקסעלע אַריינגעבראַכט פאַר אַ פּאָר פונט קאַרטאָפל אָדער אַ לאַבן ברויט.

די סוחרים און פאַבריקאַנטן האָבן זיך ווי נישט איז אַן עצה געגעבן. מען האָט פאַרזעצט דאָס גאָלד און בריליאַנטן, וואָס מען האָט אָנגעקויפט אין די גוטע צייטן פאַר וועקסעלעך, מען האָט אויספאַרקויפט פאַר האַלב אומזיסט די לאַגערן סחורות, וואָס האָבן נאָך אַ ווערט געהאַט. אַנדערע האָבן זיך אַנדערע עצות געגעבן. כאָטש עס איז שוין געווען קיל, האַרבסטיק און רעגנדיק, האָבן וועבערייען, לאַגערן און שפּינערייען גענומען פּלוצלינג שטאַרק ברענען. אַלע נאַכט האָבן פייערדיקע צונגען פון אַלע זייטן שטאָט געריסן זיך צום הימל. די שטאַרקע פייערלעשער־פערד האָבן געקנאַקט מיט זייערע פּאָדקאָוועס אויף די שלעכט־געפּלאַסטערטע לאָדזשער שטיינער. טרומייטערס האָבן געשפּאַלטן די לופט און געוועקט קינדער פון שלאָף. לאָדזשער האָבן געוואוסט אין די בעטן, אַז דאָס האָט עמעצער געמאַכט בורא מאורי האש אין אַ מיטן מיטוואָך, אַוועקגעלאָזט מיטן רויך די ווערטלאָזע סחורות און מאַשינען, כדי צו קריגן פאַר זיי פון די אַסעקוראַציע־געזעלשאַפטן מזומן געלט, וואָס איז שטאַרק טייער געוואָרן אין דער וועקסל־שטאָט. באַלד אינדערפרי, ווי נאָר די צייטונגס־יינגלעך האָבן גענומען אויסרופן מיט רויע

קולות די נייעס, זענען מענטשן אַרויסגעשפּרונגען פון די בעטן, כּדי אויף גיך איבערצולייענען, ווער עס האָט זיך אויסגעגלייכט דעם באַלאַנס איבער נאַכט.

די פלינקע פערד פון די פייער־לעשער זענען אַזוי צוגעוואוינט געוואָרן צו די נאַכט־שריפות, אַז זיי זענען שוין אַליין געלאָפן צו די פאַבריק־גאַסן.

פאַליציי־לייט, אַדוואָקאַטן און ריכטער האָבן אויפגעלעבט. די געריכטן האָבן באַשולדיקט, אַדוואָקאַטן האָבן פאַרטיידיקט, באַאַמטע האָבן גענומען כאַבאַר. פּראָצענטניקעס, לאָמבאַרדן־אייגנטימער, האָבן געהעכערט די ציגזן, געמאַכט פון רובל צוויי, יורדים האָבן פאַרקויפט ס׳לעצטע, געשוואַרצט די דייטשע גרענעץ, געקויפט שיפסקאַרטן און אַוועק קיין אַמעריקע.

בלויז די אַרבעטער און באַלמעלאָכעס האָבן נישט געהאַט וואָס צו־צונעמען, וואָס אויסצוטוישן און פאַרכאַפּן, מיט וואָס זיך צו ראַטעווען אין די דאָזיקע הונגעריקע טעג. אויפן באַלוט איז געווען חושך און וויסט. די גויאישע וועבער, די פּויערים זענען צוריק אַוועק אין זייערע דערפער. די יונגע פּויערטעס זענען צוריקגעגאַנגען צו טאַטע־מאַמע אויפן פעלד. פּראָווינ־צער יידישע יונגעלייטלעך און בחורים, וואָס זענען געקומען פון שטעט און שטעטלעך, כּדי אַרויפצואַרבעטן זיך אין לאָדזש, זענען אַוועק צוריק אַהיים צו זיך. יונגע באַלעבעסלעך האָבן געשיידט זיך דערווייל מיט די ווייבער, וואָס זיי האָבן אַהיימגעשיקט מיט די קינדער צו זייערע טאַטע־מאַמע, ביז דער צאָרן וועט אַריבער. די שטאָטישע, די וואָס האָבן קיינעם נישט געהאַט אויף וועמען זיך אָנצושפּאַרן, זענען אַרומגעגאַנגען פאַרדאַרטע און אויס־געצערטע, געפאַלן פון די פּיס. די ווירטן פון די הייזער האָבן אַרויסגעוואָרפן די אָרעמעלייט פון די דירות. מענטשן האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אין די גאַסן, גענעכטיקט אין די ליידיקע קעלערס, אַריינגעכאַפּט זיך צו אַ בע־קער, כּדי אָנצוואַרעמען זיך די געפרוירענע ביינער. אין די וועלדער און אויף די וועגן האָבן זיך עלנטע אויסגעלייגט, ערד־היילן אויסגעגראָבן, כּדי צו שיצן זיך פון קעלט.

דאָרפישע וועבערינס, שפּולערקעס פון די גרויסע פאַבריקן האָבן זיך אין גאַס אַרומגעדרייט, פאַרקויפט זייער לייב פאַר אַ שטיקל ברויט, פאַר אַ נאַכט־לעגער. יידישע אָרעמע מאַמעס האָבן זייערע קינדער געברענגט צו די מייסטערס, איבערגעגעבן זיי צו דער אַרבעט בלויז פאַרן שטיקל ברויט. דערוואַקסענע האָבן געבעטן ביי די באַלעבאַטים צו לאָזן זיי אַרבעטן אָן לוין, בלויז פאַר אַ ביסל גריץ אָדער אַ טעפּל ציקאָריע.

— אַז גאָט וועט העלפן און דער צאָרן וועט אַריבער, וועלן מיר זיך אויסרעכענען, — האָבן זיי געבעטן. — מיר פאַרלאַנגען נישט קיין לוין.

אין די אָרעמע גאַסן האָבן טיפוס, שאַרלאַך און דיפטעריט גענומען גיין פון הויז צו הויז. די פאַליציי האָט די רינשטאָקן באַגאָסן מיט קאַלך און קאַרבאַל, נאָר די מגפה האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. פלידערבוימס שפּיטאָל האָט געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט, פּונקט אַזוי האָט געאַרבעט דער בית־עולם.

לאָדזש האָט געקרעכצט, געיאָמערט. דער קריזיס האָט געברענט, פאַר־צערט און פאַרלענדט.

די גרויסע יידישע פאַבריקאַנטן, וואָס זענען נישט צעריבן געוואָרן, האָבן גענומען זיך צו צדקה. דער פאַבריקאַנט פלידערבוים האָט צו זיך אין פאַלאַץ די פאָרנעמסטע לייט פון שטאָט איינגעלאַדן, אַ סך רייכע דאַמען, איבערהויפּט עלטערע, וואָס באַרעדן מער די זינדיקע ליבעס איידער אַליין זיי צו פירן, און געשאַפן קאָמיטעטן אויפן באַלוט, געמאַכט קיכן פאַר גע־זונטע, געשיקט דאָקטוירים און פעלדשערס צו די קראַנקע און געגעבן תכריכים פאַר די אומגעקומענע אין די מגפות. כאָטש די פאַבריק זיינע איז געשטאַנען און געוואַרט אויף בעסערע צייטן, האָט דער פאַבריקאַנט פלידערבוים נישט געקאַרגט קיין געלט און אונטערגעהאַלטן דעם באַלוט די יידישע וועבער, וואָס ער האָט זיי קיינמאָל צו זיך אין פאַבריק נישט אַריינגעלאָזט. אַרומגערינגלט מיט די עלטערע רייכע דאַמען, וואָס האָבן געקוקט אין אים ווי אין אַ שפּיגל אַריין, איז ער יעדן טאָג אין זיין רייכער קאַרעטע צום באַלוט פאַרפאָרן, געטיילט געלט, געוואָרפן הויפנס קליינע מטבעות צו גאַסן־יינגלעך, געגאַנגען איבער די שטובן אַפילו, געזוכט וואו נאָר אַ פאַרשמאַכטע קימפעטאָרין, אַן אויסגעצערטן זקן, און איבערגעלאָזט רובלס, פינפערלעך און אויך אַמאָל אַ צענערל.

אָ, ער האָט אַ סך גוטס געטאָן פאַרן באַלוט, דער פאַבריקאַנט פלי־דערבוים. ער האָט אַפילו פאַרקאַשערט איינמאָל די אַרבל פון זיין סורדוט און, צוזאַמען מיט די פּראָסטע יידן פון דער תומכי־חולים, האָט ער מיט ריינעם שפּירט געריבן דעם בויך ביי אַ קראַנקן, וואָס איז אַוועקגעפאַלן אויף בויך־קראַמפּן. אין זעלבן טאָג האָט ער אויך צוגעהאָלפן דער חברה־קדישא מתעסק זיין זיך ביי אַ טויטן וועבער. דאָס האָט זיך גלייך פונאַנדערגעטראָגן איבער גאַנץ לאָדזש. דער באַלוט האָט געדרוישט, געשפּרייט די מעשים־טוביב פון מיליאָנער פלידערבוים, באַקליידט זיי אין אַ סך פאַנטאַסטישע צוגאָבן און שקרים. אין די שולן און אין די מקוהס האָבן יידן גערעדט דערפון, געפילט זיך געהויבן, ווי פון אַן אייגענעם מלך, וואָס טוט זיך איבער פאַר אַ פּראָסטן מענטש און גייט צווישן פאָלק, כדי צו ווייזן זיין גענאָד.

מען האָט אים פאַרגעבן זיין גויאישקייט, אַפילו זיינע געשמדטע טעכ־טער. מען האָט געזעצן זיין גאָלדענע שטול אין גן־עדן אַזוי קלאָר און זיכער ווי ער אַליין, דער פאַבריקאַנט פלידערבוים, האָט זי געזעצן.

דאָס איינציקע הויז, וואָס האָט זיך קעגנגעשטעלט פלידערבוימס פאַלאַץ, איז געווען דער קעלער־שטוב פון טוביה דעם האַנט־וועבער אויפן באַלוט.

ווי אַלע וועבער, האָט אויך טוביה נישט געאַרבעט. דאָס ווייב זיינס איז געשטאַנען אין גאַס מיט אַן עמער זויערע אוגערקעס און אין אָוונט איז זי אַהיימגעקומען מיט אַ קליין קניפּל גראָשנס און מיט אַ פול מויל קללות. די קלענערע קינדער זענען אַרומגעגאַנגען מיט פּודעלעך צוקערלעך אויף די גאַסן. די עלטערע קינדער זענען זיך צעקראָכן, יעדער האָט פאַר זיך

געזוכט זיין שפּיץ און אַ ווינקל אין די שרעקלעכע טעג. אין שטוב איז געווען נאַס, רויכיק, פינצטער און הונגעריק. אָבער טוביה האָט דאָס נישט געפילט. ער איז געווען פאַרנומען אין די טעג, גאָר מיטן טאָג נישט אויסגעקומען. אַ שלעכט־אָנגעטאָנענער, אַ געפרוירענער אין די קאַלטע פראָסטיקע טעג, בלויז מיטן רוסישן באַשליק אויפן האַלדז און מיט דעם פעלצענעם היטל, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון רוסלאַנד, איז ער גאַנצע טעג אַרומגעלאָפן, אַגיטירט די אַרבעטסלאָזע וועבער, אויפגעהעצט די זאַקענמאַכערינס, שניידערינס, און נייטאָרינס, גערעדט, געקאָכט זיך, גע־שאָסן מיט פייער, געטיילט פּראָקלאַמאַציעס, וואָס ער מיט ניסנען האָבן פאַרפאַסט, אויפגעדעקט די סיבות פון קריזיס און גערופן צו קאַמף קעגן די פאַבריקאַנטן און די סוחרים, די בעלי־צדקה און רבנים, קעגן דער פּאָליציי און מיליטער, קעגן דעם גובערנאַטאָר און אַפילו קעגן קייסער אַליין.

עלטערע וועבער האָבן פון אים געלאַכט, ווייבער האָבן אים געוויזן אויפן קאָפּ, אַז ער איז נישט ביי די קלאָרע געדאַנקען.

— טוביהן געפעלט דאָך נישט דער קייסער, — האָט מען געחוזקט. — קוקסט אים אָן!...

דאָס ווייב זיינס האָט אים געשאָלטן, געזידלט, געמאַכט אים מיט דער בלאָטע צוגלייך. — קהלשער צאַפּ, — האָט זי אים גערופן, קאַטאָרזשאַן, צעבראָכענער קאָכלעפל...

נאָר ער האָט נישט געהערט. אַ בלאַסער, אַן אויסגעדאַרטער, מיט אַ שאַרפן קנאָפּ אין זיין באַוואַקסענעם האַלדז, וואָס איז אַרומגעבונדן מיטן רוסישן באַשליק, מיט אויגן ברענענדיקע, הייסע, איז ער אומעטום געווען פול, אין יעדער רעדל אַריינגעשטעקט די נאָז, אין יעדן געזעמל צוגעלייגט אַן אויער, און גערעדט, גערעדט שאַרף, מיט כעס און מיט שכל, מיט פייער און מיט איבערצייגונג. מער פון אַלעם האָט ער געאַרבעט אין די ביליקע קיכן, וואָס דער פאַבריקאַנט פלידערבוים האָט אָוועקגעשטעלט אויפן באַלוט פאַר די וועבער.

אַרום די פּראָסטע אויסגעשטעלטע הילצערנע טישן, וואו די מענטשן זענען געזעסן ביי די שוואַרצע מוציאס ברויט און ערדענע שיסעלעך גריץ, האָט זיך טוביה כסדר געדרייט, גערעדט, אַריינגעצויגן די עסנדיקע אין שמועסן, אויפגעקלערט, קלאָר געמאַכט. מער ווי אומעטום האָט ער דאָ גערעדט קעגן די פאַבריקאַנטן און זייער צדקה. אַ סך פון די וועבער, איבערהויפּט פון עלטערן דור, האָבן געוואונטשן דעם פאַבריקאַנט פלידער־בוים און זיינע לייט אַ סך ברכות פאַר די אָרעמע מיטאָגן. טוביה האָט עס נישט געקאָנט הערן. ס'בלוט איז אים פאַרשטאַרט געוואָרן, הערנדיק די אומבאַוואוסטזיניקע רייד פון די, וואָס דאַרפן דעם פאַבריקאַנט פלי־דערבוים זייער קלאַסן־שונא, באַקעמפן. און ער האָט גערעדט קעגן דער צדקה פון די רייכע, אויפגעוויזן זייער פאַלשקייט, פאַרדאָרבנקייט.

אָ, ער האָט געהאַט אַ כוח, דער טוביה, אַליין אַ הונגעריקער, אַ פאַר־

פייניקטער, האָט ער מענטשן אָנגעצונדן, איבערגערעדט, אויפגעקלערט, אין דער נשמה אַריינגעקראָכן און נישט אָפּגעטראָטן פון זיינס, ביז ער האָט מענטשן נישט אַריבערגעצויגן אויף זיין זייט. אים צו הילף זענען געקומען זיינע תלמידים, די אויפגעקלערטע געזעלן און די ישיבה־בחורים.

ווי קערנער אויף גוטער שוואַרצער ערד, זענען געפאַלן די רייד פון טוביה און זיינע תלמידים אויף דעם הונגעריקן און אַרבעטסלאָזן לאָדזש. נישט נאָר וועבער און זאָקנמאַכערינס, שניידערס און שוסטערס האָבן צו־געלייגט זייערע אויערן צו די רייד פון די אַגיטאַטאָרן, נאָר אויך די האַנדלס־משרתים, בוכהאַלטערס און די מיוחסים צווישן די אַרבעטער, די שערערס און צייכענערס, וואָס האָבן זיך אַלעמאָל געהאַלטן גאוהדיק, נישט געוואָלט האָבן קיין עסקים מיט די קלענערע אַרבעטער און געגלויבט אַרויסצוקריכן אין דער גאָלדענער שטאָט, ווערן נגידים און באַלעבאַטים. הונגעריקע, עלנטע. האָבן זיי איצט געזען, אַז די פּאַפּירענע וועקסלען, אויף וועלכע זיי האָבן געבויט און פאַר וועלכע זיי האָבן פאַר זייערע באַלעבאַטים לייב און לעבן אָפּגעגעבן, זענען נישט מער ווי שווינדל, נאַרעריי. צוגלייך מיט די פּראָסטע און שוועך־אַרבעטנדיקע זענען זיי איצט אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון זייערע שטולן, געוואַלגערט זיך איבער די לאָדזשער גאַסן. צום האַרצן זענען זיי געפאַלן די רייד פון די אויפקלערער און אַגיטירער. אַלע האָבן געוואָלט הערן, פאַרשטיין, לייענען די בלעטלעך, די פאַרבאָטענע און אמתע.

מער ווי שטענדיק, האָבן איצט אָנגעהויבן באַוויזן זיך פּראָקלאַמאַציעס אויף די לאָדזשער אָפּגעשיילטע מויערן. אין די שולן, אויף די מערק, אויפן וואָקזאַל, אויף די אַמטן, אַפילו אויף די ווענט פון די פּאָליציי־צירקלען האָבן זיך אין די נעכט רעוואָלוציאָנערע פּראָקלאַמאַציעס באַוויזן. מענטשן האָבן זיך אַרום זיי געזאַמלט, ביז פּאָליציאַנטן זענען געקומען מיט די הויז־וועכטער און זיי אַראָפּגעקראַצט.

וויפל ניסן מיט זיינע ישיבה־בחורים האָבן נישט געשריבן אָט די פּראָ־קלאַמאַציעס, וויפל ביכלעך און בראָשורן זיי האָבן נישט צוגעגרייט, האָט אויסגעפּעלט. מען האָט זיי געריסן פון די הענט צווישן די אַרבעטסלאָזע. אין פלידערבוימס קיכן האָבן די פּאַפּירלעך פאַרפלייצט די טישן, די בענק, די ווענט און טירן. אין מיטן עסן פלעגן זיך אַפילו מענטשן אויפהויבן פון טיש און אויסשרייען קעגן די פאַבריקאַנטן, פּאָליציי און דעם קייסער.

— נידער ! — האָבן קולות גערופן. — נידער !

די דאַמען זענען בלאָס געוואָרן און אַרויסגערופן פּאָליציי, צו היטן די אָרדענונג.

אין די הינטערשטאָטישע פלעצער, אין קאָנסטאַנטינער וואַלד, זענען זיך מאַסן מענטשן צונויפגעקומען, גערעדט, דיסקוטירט, רעדעס געהאַלטן און לידער געזונגען. הונגער און נויט האָבן דעמאָלט געקריגן אַ זין, אַ באַרעכטיקונג. אין ביטערקייט האָט דער עולם אַ זיסקייט דערפילט, אַ האָפע־נונג, וואָס גיט כוחות אַריבערצוטראָגן דאָס שלעכטע.

— נאָך ליטעראַטור, מער, מער, — האָט טוביה געפאָדערט ביי ניסנען. — די מאַסע כאַפּט פון די הענט.

ניסן האָט זיך קיין עצה נישט געקאָנט געבן. דער עולם אין לאָדזש האָט די רוסישע ביכלעך, וואָס די ליטווישע סטודענטן האָבן צוגעשטעלט, נישט פאַרשטאַנען. זיי האָבן געוואָלט יידישע ביכלעך, יידישע פּראָקלאַמאַציעס. ניסן האָט איבערגעזעצט, איבערגעאַרבעט, פאַרטייטשט אין לאָדזשער יידיש, אַזוי, אַז עס זאָל אַריין אין די ביינער, ביים האַרץ פאַרכאַפּן. מען האָט אַלץ געדאַרפט שרייבן מיט די הענט. די ישיבה־בחורים האָבן גאָר נישט געקאָנט אָניאָגן אַזויפיל ביים איבערשרייבן, וויפיל די מענטשן האָבן געוואָלט.

און אין די אָוונטן פלעגט גאָר ניסן זיך אָפּרייסן פון אַלע אַרבעטן און אַוועקלאָזן זיך צו די דייטשע שענקלעך, וואו וועבער אין סאַמעטענע הויזן זענען געזעסן ביי גרויסע קופלעס ביר און ביי ביליקע ציגאַרן.

ניין, נישט נאָך ביר און ציגאַרן איז ער געגאַנגען אין די דייטשע שענקלעך. ער האָט קיין טעם נישט געפילט אין די קופעלס ביר, וואָס די דייטשע וועבער האָבן אים געשטעלט, אַ ביטערקייט געפילט אין די ציגאַרן, וואָס זיי האָבן אים מכבד געווען. ער האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען אַפילו, פאַרוואָס זיי זופּן אין זיך אַריין אַזויפיל דאָס ביטער׳ע געטראַנק, קופעל נאָך קופעל, פאַרבייסנדיק מיט ביליקן ציגאַרן־רויך. אָבער געגאַנגען אין די שענקלעך איז ער וואָרעם אין די לאָדזשער פאַבריקן האָבן נייע מענטשן געאַרבעט, דייטשן, וואָס האָבן נישט מיט די ערשטע אימיגראַנטן איינגעוואַנדערט נאָר גאָר שפּעט אַראָפּגעקומען. נאָך ביסמאַרקס סאָציאַליסטן־געזעץ אין דייטשלאַנד, ווען מען האָט אויפגעקלערטע אַרבעטער פון די לאַסאַל־גענאָסנשאַפטן אין די געפענקענישן איינגעזעצט, פון לאַנד אַרויסגעטריבן, זענען אַ סך אַרבעטער פון לאַנד אַנטלאָפן. פיל זענען קיין אַמעריקע אַוועקגעפאָרן. קליינע גרופּן, איבערהויפּט וועבער, זענען קיין פּוילן געקומען. גוטע אַרבעטער, פּינקטלעכע און ערלעכע, האָבן זיי גלייך אַרבעט אין די וועבערייען און שפּינערייען געקריגן. טייל פון זיי זענען מייסטערס געוואָרן.

שווער־לייביקע, געלאַסענע, ליבהאָבער פון ביר און ציגאַרן, זענען זיי, פּונקט ווי אַלע אַנדערע לאָדזשער איינגעזעסענע וועבער, אָפּגעזעסן אין די אָוונטן אין די שענקלעך, געטרונקען און גערויכערט. אָבער זיי זענען נישט געגאַנגען אין די קירכן, נישט געזונגען קיין היימאַטס־לידער אין די געזאַנג־פאַראיינען, נאָר געהאַלטן זיך צווישן זיך, געלייענט פאַרבאָטענע ביכלעך, וואָס זיי האָבן פון דייטשלאַנד געקראַגן, און אויף שמחות צווישן אייגענע, רעוואָלוציאָנערע פרייהייטס־לידער געזונגען. פּונקט ווי אין דייטשלאַנד, האָבן זיי געהאַט זייער קליינע לאַסאַל־גענאָסנשאַפט. שטילערהייט האָבן זיי די איינגעזעסענע דייטשע וועבער אַגיטירט, וועגן סאָציאַליזם דערציילט, וועגן פירער לאַסאַל.

אַט מיט די דייטשע וועבער האָט זיך איצט ניסן אָפט געטראָפן אין די שענקלעך זייערע. אין זיין אַמאָליקן דייטש, וואָס ער האָט זיך פון משה דעסויס „ביאור" און פון די פילאָזאָפישע ביכער אויסגעלערנט, האָט ער צו די דייטשע מייסטערס גערעדט, צו אַרבעט זיי גערופן, אויפגעקלערט און געלערנט. נישט זייער נאָענט איז זייער שפּראַך געווען — ניסנס יידיש־לעכער ביכער־דייטש מיט דעם גאַרגלדיקן פאָלקס־דייטש פון די ביר־אָנגעגאָסענע און ציגאַרן־רויכערנדיקע וועבער. דאָך האָבן זיי זיך פאַר־שטאַנען.

— שטימט, יאָ, שטימט, — האָבן די בלאָנד־האָריקע דייטשן צוגעשאָקלט צו ניסנס איבערצייגנדיקע רייד און פאַרזופּט מיט די לעצטע רעשטלעך ביר.

אַזוי ווי זיין אַמאָליקער חדר־חבר שמחה מאיר אַשכנזי, האָט אויך ניסן נישט געהאַלטן פון האַנט־וועבעריי, נאָר פון דאַמף. ער האָט געוואוסט, אַז די האַנט־וועבעריי האָט קיין צוקונפט נישט, אַז זי וועט מוזן פאַרניכטעט ווערן פון דער מאַשין. פונקט אַזוי ווי וועלן די האַנט־וועבער צעֿרונען ווערן, אַרויסגעשטויסן ווערן פון דער אַרבעט, דעקלאַסירט ווערן. ער האָט אמת געאַרבעט צווישן די האַנט־וועבער אין באַלוט, אויפגעקלערט זיי, אָנגערייצט זיי קעגן זייערע באַלעבאַטים; אָבער ער האָט זיך נישט גענאַרט, געזען, אַז דאָס איז נישט אַ קאַמף צווישן קלאַסן, צווישן פּראָלעטאַריאַט און בורזשואַזיע, נאָר אַ היימישע קריגעריי צווישן קבצנים און אָרעמעלייט. ער האָט גע־וואוסט, אַז מערסטנס האַנט־וועבער זענען נישט קיין שטאַנדהאַפטע אַרבע־טער, אַז יעדער פון זיי וואַרט נאָר אויף די געלעגנהייט אַליין זיך אַרויפצוכאַפּן און ווערן אַ באַלעבעסל, אַ לוינקעטניק. ער האָט אויך געזען, וואָסער ביטער לעבן די לוינקעטניקעס אַליין פירן, ווי זיי ווערן געדריקט און געקוועלט פון די אַרויסגעבער, סוחרים. ער האָט גוט געקענט דעם באַלוט, געדענקט אים נאָך פון די אייגענע צייטן, ווען ער איז אַ זמנניק געווען. ניין, ער האָט נישט שטאַרק געגלויבט אין באַלוט. די אמתע פּראָלעטאַריער האָט ער געזען אין די דאַמף־וועבערייען, וואו די יידן האָבן נישט געאַרבעט. זעענדיק זיי פאַרטאָג אין די טויזנטער, איילנדיק אין די פאַבריקן, מיט פּעקעלעך עסן אין די הענט, יאָגנדיק אויפן גרילצנדיקן רוף פון די קוימענס צו אַרבעט, האָט ער געזען, ווי עס גייען קאַדרען פון דער רעוואָלוציע, וואָס מוז קומען לויט די אייזערנע געזעצן פון מאַרקסיזם, די זעלנער פון פריי־הייט און קאַמף. זאָלן דערווייל די פאַבריקן וואַקסן, זאָלן די פאַבריקאַנטן אַנטוויקלען זיך, אויסבויען, רייך ווערן, אָבער די צוקונפט געהערט די, וואָס לויפן פאַרטאָג איילנדיקע און מידע צו דער אַרבעט. פאַר זיי זאַמלען די פאַבריקאַנטן דעם קאַפּיטאַל, קאָנצענטרירן אים, כדי ווען ער וועט שוין זיין גרויס, צייטיק, איבער־רייף, וועט ער פּלאַצן ווי אַ בלאָטער און אַלץ וועט אַריבער צו די אַרבעטנדיקע.

אין די טריט פון די הילצערנע שיך זייערע האָט ער געהערט דעם אָפּ־הילך פון דער באַפרייאונג.

דאָ האָט ער געזען בורזשויען און פּראָלעטאַריער, קלאַסן. אין באַלוט איז געווען דער דלות. פּאַרקערט, דאָרט איז נישט אָנגעגאַנגען קיין קאָנ־צענטראַציע, ווי דאָס געזעץ פון דער מאַרקסיסטישער לערע זאָגט, נאָר דעצענטראַליזאַציע, צעברעקלונג, וואָס איז אומגעזונט, שעדלעך. די באַ־לוטער באַלעבאַטים זענען קיין בורזשואַזיע נישט און די באַלוטער אַרבע־טער קיין פּראָלעטאַריאַט נישט. ניין, ער האָט נישט געגלויבט אין באַלוט. אים האָט געצויגן צו קוימענס, רויך, צום קלאַפּן פון מאַשינען, צום רוף פון סירענעס. פון דאָרט וועט קומען די באַפרייאונג. מען דאַרף נאָר קלאָר מאַכן די מאַסן, אויפקלערן זיי, באַוואוסטזיניק מאַכן. און ער האָט געזען זיך טאָג־טעגלעך מיט די מייסטערס אין די סאַמעטענע ברייטע הויזן, גע־רעדט צו זיי אין די ביטערע לאָדזשער טעג, געוועקט זיי צו קאַמף, צו אויפ־קלערן זייערע אומוויסנדיקע אַרבעטס־ברידער. זיי האָבן אים געהערט, די דייטשן, די אַנטלאָפענע פון ביסמאַרקן. צוגעלייגט די שווערע קעפּ צו זיינע אויפקלערנדיקע רייד און צוגעשאָקלט.

— שטימט, יאָ, שטימט.

נאָר געציילטע שעהן איז ער געשלאָפן אין די נעכט. ער האָט נישט אויפגעהערט אַרבעטן, שרייבן, איבערשרייבן, פּראָקלאַמאַציעס צונויפשטעלן, ליטעראַטור באַזאָרגן.

די איבערטראָגערין פון ליטעראַטור, דער שליח צווישן ניסנען, די קרייזלעך, די דייטשע וועבער, טוביהס קעלער־שטוב, איז געווען באַשקע, טוביהס טאָכטער, די איינציקע אין שטוב, וואָס האָט זיך מיט דער מוטערס קללות און זידלערייען אויפן פאָטער נישט איבערגענומען און געהאַלטן מיטן טאַטן, געקלעפּט צו אים און זיינע רייד. אַליין אַ שפּולערקע ביי אַ לוינקעטניק, וואָס אַרבעט פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין און קאָן זיך קיינמאָל נישט דערשלאָגן צו אַ לייטיש קליידל און אַ פּאָר גאַנצע שיך, האָט זי, כאָטש אַ קינד נאָך פון פופצן יאָר סך־הכל, פאַרשטאַנען דעם פאָטערס רייד, איבערגענומען זיך מיט זיינע שטענדיקע און גערעכטע ווערטער.

— מאַמע, — האָט זי זיך אָנגענומען יעדעס מאָל וואָס די מוטער איז באַפאַלן דעם פאָטער, — מאַמע, הער אויף שילטן דעם טאַטן. דאַרפסט זיין גליקלעך, וואָס דו האָסט אַזאַ מאַן.

— אַ גליק האָט מיך באַטראַסקעט, — האָט די יידענע געשפּאָט, — גערענק, באַשקע, לאָז זיך נישט פירן פון דעם משוגענעם טאַטן דיינעם, וועסט נאָך ענדיקן אין קייטן...

באַשקע האָט דעם פאָטער פאַרריכט די קליידער, אויסגעלאַטעט אַ העמד, אָפּגעקאָכט אים עסן, ווען די מוטער איז געשטאַנען אין גאַס מיט דעם עמער אוגערקעס, אויסגעבעט אים אַ געלעגער, ווען ער איז נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרומלויפן אַהיימגעקומען שפּעט אין די נעכט אַ מידער און צעבראָכענער.

— באַשקע, — האָט זי דער פאָטער צוגעדריקט צו זיך. — דו פאַר־שטייסט דאָך מיך, אמת, באַשקע. דו האַלטסט דאָך מיך נישט פאַר קיין משוגענעם, טאַכטער !

— טאַטעשי, — האָט אים דאָס מיידל געענטפערט צערטלעך און צו־געדריקט איר טונקעלן קאָפּ האָר צו זיין ברוסט, — איך וועל שטענדיק זיין מיט דיר.

אין דער פינצטערער קעלער־שטוב, אין דעם דלות, נויט און ווייבע־רישע קללות, איז באַשקע געווען פאַר טוביהן אַ טרייסט. נאָך גאַנצע טעג פון פאַרשפּרייטן האָס, אויפהעצן, קאָכן זיך אויף דער גאַנצער אומגערעכ־טער וועלט, איז באַשקע, דאָס טונקל־הויטיקע און טונקל־האָריקע מיידל מיט די גרינלעכע סודותדיקע אויגן, געווען זיין ליכט, זיין שטוביק גליק.

— באַשקע, קום צו מיר אין בעט אַריין, — האָט ער זי גערופן, — ביסט דאָך אַ קליין מיידעלע, שעמסט זיך דאָך נישט צו שלאָפן מיטן טאַטן.

— ניין, טאַטעשי, — האָט באַשקע געענטפערט און געלייגט זיך אַ גליקלעכע לעבן פאָטער, קושנדיק אים שטיל, די מוטער זאָל זיך נישט אויפכאַפּן און נעמען שילטן פאַר דעם קוש־וואָך אין מיטנדעריטשקע.

אין שטוב איז געווען פייכט, קאַלט, שטשורעס זענען אַרומגעשפּרונגען און געפּישטשעט פאַר כעס, וואָס זיי האָבן נישט וואָס צו גריזשען. אַ סך מאָל פלעגן זיי אַריבערשפּרינגען איבער די שלאָפנדיקע. אָבער דער פאָטער און טאָכטער האָבן דאָס נישט געהערט, נישט געזען. זיי זענען געווען גליק־לעך פון ליבע און צערטלעכקייט.

נישט קלענער ווי איר ליבע צום פאָטער, איז דער קליינער באַשקעס ליבע געווען צו ניסנען, וואָס איז צו זיי אין שטוב געקומען. שעהן לאַנג האָט זי געקאָנט ליגן אויף דער שלאָף־באַנק וואַך, כאָטש זי איז געווען מיד נאָך אַ טאָג אַרבעט, און איינקוקן זיך אין דעם הויכן יונגנמאַן, וואָס איז געזעסן ביים טיש און געשריבן מיט איר פאָטער צוזאַמען די סודותדיקע פּאַפּירן. יונג, אָרעם, פאַרהאָרעוועט אין דער וועבעריי, האָט זי גאָרנישט געטראַכט אַמאָל אין לעבן צוצוקומען צו אָט דעם פרעמדן און געבילדעטן מאַן, צו אויסגעבן זיך מיט איר ליבע און געוואַלטיקער פאַרערונג צו אים. זי האָט נישט איינמאָל פון איר פאָטער געהערט, אַז אָט דער ניסן, דער באַלוטער מורה־הוראהס זון, וואָס איז געווען אַ וועבער, איז פאַר דער צייט, וואָס ער איז געווען פאַרשיקט, גאָר אויסגעוואַקסן, אַ סך געלערנט דאָרט, און אַפילו סטודענטן און אינטעליגענטן קאָנען זיך צו אים נישט גלייכן. אַליין אַ פּראָסטע, קוים וואָס זי האָט זיך אויסגעלערנט אַ יידיש בריוול אָנ־שרייבן און אַ ביכל לייענען, האָט זי גאָרנישט געוואַגט אַפילו אין געדאַנק צו טראַכטן וועגן זיך און דעם ניסנען צוזאַמען. זי האָט בלויז געפּילט זיך זייער גליקלעך און וואַרעם, ווען זי האָט געקאָנט, ליגנדיק אויף דער שמאָלער שלאָף־באַנק, צוזאַמען מיט נאָך אַ שוועסטער, קוקן אויף אים, קוקן שעהן לאַנג, ווי אין אַ שיין בילד אַריין.

איצט איז זי געקומען אָפּט צו אים אין צימער, געקומען מיט שליחותן, אַוועקגעטראָגן פּאַפּירן, סודותדיקע און אייגענע, צו די אַגיטאַטאָרן, צום פּאָטער, און זי איז געווען אַזוי גליקלעך אין די הונגעריקע אַרבעטסלאָזע טעג, אַז זי האָט גאָט געבעטן, אַז די אַרבעטסלאָזיקייט זאָל זיך גאָר קיינמאָל נישט ענדיקן, זי זאָל נישט דאַרפן צוריקגיין צו איר אַרבעט.

מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם איז זי געזעסן אויף אַ ברעג שטול, ווי זי וואָלט זיך נישט פאַרגונען דעם גאַנצן פּלאַץ, און געקוקט ניסנען אויף די הענט, אויף די מענלעכע און קנאָכיקע, ווי ער לויפט שנעל מיט זיי איבער די פּאַפּירן. זי האָט מורא געהאַט אָטעמען אַפילו. און ווען ער האָט איר געגעבן די פּאַפּירן אין קוישל אַריין, האָט זי אַזש געציטערט פון גליק, ווען ער האָט צופעליק איר האַנט אָנגערירט.

— היט דיך, באַשקע, — האָט ער אָנגעזאָגט, — טאָמער פּאַקט מען דיך, זאָלסטו נישט זאָגן, ווער עס האָט דיר דאָס געגעבן.

זי האָט אים געוואָלט זאָגן אַז זי וועט גיכער לאָזן פון זיך פּאַסן רייסן, איידער אים אַרויסגעבן, שלעכטס טאָן, נאָר זי האָט גאָרנישט געזאָגט און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אַרויס מיט דעם האַנט־קיישל פון שטוב.

## קאַפּיטל זעקס

ביים סטודענט פון וועטערינאַרן־אינסטיטוט מאַרטשין קוטשינסקי וואָס איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון אוניווערזיטעט פאַר געהערן צו אַ רעוואָלוציאָנערן קרייזל פון דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּוילישער פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט“, אין זיין צימערל, וואו ער האָט געוואוינט אין עק לאָדזש, האַרט שוין ביי די פעלדער, האָט די געהיימע דרוקערייי געאַרבעט גיך און רעגל־מעסיק.

— ווי גייט עס, פעליקס? — האָט קוטשינסקי, אַרויפשאַרנדיק די העלע פּאַסמעס האָר, וואָס האָבן אַ טבע אים אַראָפּצופאַלן אין די אויגן, געפרעגט ביי זיין חבר, וואָס איז געשטאַנען אַן אויסגעשמירטער אין דרוק־פאַרב און געפּאָרעט זיך ביים „וואַלעק“.

— די ערשטע עקזעמפּליאַרן שמירן, — האָט געענטפערט פעליקס, אַ הויכער יידישער יונגערמאַן מיט פענסנע אויף דער שאַרפער געבויגענער נאָז און מיט אַ צעקרייזלטער שוואַרצער טשופּרינע און קליין שפּיציק בערדעלע, — אָבער די וייטערע וועלן אַרויסקומען בעסער. דערלאַנג פּאַפּיר, מאַרטשין.

אין אַ זייט ביי דער קיך זענען געזעסן צוויי מיידלעך, איינע אַ העל־בלאָנדע מיט אַ קליין גאָלדן צלמל אויפן האַלדז, די לערערין וואַנדאַ כמיעל, וואָס האָט געלעבט אָן חופּה וקדושין מיט דעם אויסגעשלאָסענעם סטודענט קוטשינסקי. לעבן איר איז געזעסן אויף אַ קליין בענקעלע די ביאַלאָגין מאַריאַ ליכט, אַ טונקל ברוינע, מיט טיף שוואַרצע האָר און אויגן, ענלעך צו אַ

ציגיינערין. זיי האָבן בײדע געטריקנט ביים קיכל די נאַסע שלעכט־גע־דרוקטע פּראָקלאַמאַציעס און איינגעפּאַקט זיי אין גלייכע פּעקלעך.

— זאָג, וואָס דו ווילסט, פעליקס, — האָט מאַרטשין געזאָגט, אַרויפ־שאַרנדיק האַסטיק די פּאַסמעס האָר, וואָס זענען אים געקראָכן אין די גרינע אויגן, — אָבער מיר געפעלט נישט די פּראָקלאַמאַציע — עס וועט די אַר־בעטער נישט נעמען.

— אַזוי האָט דער צעקאַ צוזאַמענגעשטעלט, — האָט פעליקס געענט־פערט, שמירנדיק דעם גומענעם וואַלעק מיט פאַרב.

— דער צעקאַ, דער צעקאַ, — האָט מאַרטשין נאָכגעשפּעט, — און מיר געפעלט נישט דעם צעקאַס סטיל. ווייך און אינטעליגענט געשריבן, נישט פאַר אַרבעטער.

פעליקס האָט אָוועקגעלייגט דעם וואַלעק אַ ווײַלע און אָנגעשטעלט אויף זיין חבר די פּענסנע, וואָס האָבן געריטן אויף זיין שאַרפער נאָז.

— מאַרטשין, ווי אַזוי רעדסטו וועגן צעקאַ? — האָט ער געפרעגט מיט שרעק אין זיין קול.

— דו דערמאָנסט מיך אינגאַנצן אין די טאַלמודיסטן, פעליקס — האָט מאַרטשין געלאַכט, — רעדסט וועגן צעקאַ מיט אַזאַ מורא, ווי פרומע יידן וועגן זייערע געזעץ־שרייבער. איך וואָלט אַרויסגעלאָזט אַ פּראָקלאַ־מאַציע, אַז די אַרבעטער וואָלטן די פינגער געלעקט. אַזוי אויף נאַס...

— דו האַלטסט אַלעמאָל פון בלוט, מאַרטשין, — האָט פעליקס געזאָגט, פאַרקרימענדיק זיך, — נאָר שניידן און מאָרדן. דאָס טויג נישט. מען דאַרף רעדן צום מענטשנס פאַרשטאַנד, נישט צו זיין אינסטינקט.

— ווייל איך בין אַ וועטערינאַר, און איך ווייס, אַז אַ פערד אַ פּגירה דאַרף מען אָפּשינדן, נישטאָ וואָס זיך צו צערעמאָניען, דו ביסט אַן אַדוואָקאַט, גריבלסט זיך נאָר אין געזעצן, פּאַפּירלעך.

— איך גלויב אין כוח פון וואָרט, — האָט פעליקס געזאָגט, צוקוועטשנ־דיק דעם גומענעם וואַלעק צום פּאַפּיר.

— און די הויפּט־זאַך, אַ ייד, וואָס האָט מורא פאַר בלוט. — האָט מאַר־טשין אַריינגעוואָרפן מיט אַ געלעכטער. — מיט די מעטאָדן קאָן מען אָנ־גיין אויפן באַלוט צווישן די אָנעמישע שניידערלעך און האַנט־וועבער, נישט ביי אונדזערע. צו זיי דאַרף מען רעדן מיט זייער שפּראַך... אויף נאַס... דער גאַנצער צעקאַ איז פרעמד. בלויז אינטעליגענטן זיצן דאָרט. זיי קענען נישט אונדזערע אַרבעטער, רעדן צו אים מאָראַל, ווי אין אַ יידישער שול...

פעליקס האָט האַסטיק אָוועקגעלייגט די אַרבעט און אָפּגעווישט די הענט אין אַ שטיק פּאַפּיר.

— מאַרטשין, — האָט ער געזאָגט אומרואיק, — שוין עטלעכע מאָל ווי איך הער פון דיר די זעלבע רייד. דאָס געפעלט מיר נישט. עס שמעקט מיט אַנטיסעמיטיזם, וואָס דאַרף אין אונדזערע רייען נישט האָבן קיין אָרט.

— אַהאַ, — האָט מאַרטשין זיך פונאַנדערגעלאַכט, — און ביי דיר

ווידער שפּרינגט באַלד אַרויס דער ייִד, וואָס אומעטום דערזעט ער גלייך אַנטיסעמיטיזם. מען טאָר קיין וואָרט נישט אויסרעדן, ווי פאַר יעדער עמפּינדלעכן סעמיט... נו, נו דרוק בעסער, מאַראַליסט מיינער, עס ווערט שפּעט, און מיר האָבן נאָך אַ סך צו דרוקן. לאָז מיך צו צום וואַלעק און דו זעץ ווייטער!

פעליקס האָט אָפּגעווישט די הענט און אַוועקגעשטעלט זיך ביים קליינעם קעסטעלע שריפט, זוכנדיק מיט די נישט־געניטע הענט יעדער בוכשטאַב באַזונדער.

ער איז נישט געווען קיין געניטער זעצער, פעליקס פעלדבלום. ער איז גאָר געווען אַ נישט־פאַרענדיקטער סטודענט פון יוריספּרודענץ. פּונקט ווי זיין פריינד מאַרטשין, איז ער אויך אַוועק פון דער לערע, אָבער נישט דער־מאָלט, ווען מען האָט אים אַרויסגעטריבן, נאָר אַליין איז ער אַוועק, ווייל, ווי אַלע רעוואָלוציאָנערע סטודענטן אין די רוסישע אוניווערסיטעטן, האָט ער געהאַלטן, אַז עס איז אַ זינד צו פאַרנעמען זיך מיט לערע און גרייטן זיך צו אַ קאַריערע אין דער צייט, ווען דאָס אַרבעטנדיקע פאָלק איז פאַרשקלאַפּט. ער איז געגאַנגען אַרבעטן צווישן פאָלק.

כאָטש דער פאָטער זיינער איז געווען אַ ייִד אַ גביר, אַ באַלעבאָס פון עטלעכע גלאָז־הוטעס און ציגל־פאַבריקן, האָט ער זיך געשטעלט קעגן די רייכע אויף דער זייט פון די אָרעמע. צום ערשטן האָט ער אַליין ביים פאָ־טער אין די פאַבריקן אַגיטירט די אַרבעטער, זיי זאָלן פאָדערן בעסערן לוין און וויניקער אַרבעט. ער האָט דערפירט צו אַ שטרייק. אַז דער פאָטער איז געשטאָרבן און אים, דעם בן־יחיד, איבערגעלאָזט אַ פאַרמעגן, האָט ער אַלץ פאַרקויפט, געמאַכט געלט דערפון און עס איינגאַנצן איבערגעגעבן דער פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט", צו קענען פירן אַ ברייטע פאַרצווייגטע אַרבעט צווישן דעם אַרבעטנדיקן פאָלק, צו באַפרייען דעם פּוילישן פּויער און דעם אַרבעטער, וואָס ווערן פאַרשקלאַפּט פון צאַר און אונטערדריקער.

כאָטש דער סטודענט פעלדבלום איז געווען אַ זון פון אַ ייִדן און ער האָט געוואוסט, אַז ייִדן ווערן נאָך מער געדריקט פון צאַר און אונטערדריקער איידער די פּוילישע פּויערים און אַרבעטער, איז ער פונדעסטוועגן נישט געגאַנגען אַרבעטן צווישן די ייִדן, האָט ער נישט אָפּגעגעבן זיין לייב און לעבן פאַר די אָרעמע און געדריקטע אין דער ייִדישער גאַס.

וואָרעם אַליין אַ זון פון אַ ייִדישן גביר, איז ער אויפגעהאָדעוועט גע־וואָרן פרעמד פון ייִדן, האָט ער די ייִדן נישט געקענט, נישט זיי, נישט זייער שפּראַך, נישט זייער לעבן. אַלץ ביי זיי אין דאָרף, וואו דער פאָטער האָט געהאַט הוטעס און ציגל־פאַבריקן, איז געווען גויאיש, די דינסטן אין שטוב, די ניאַניעס, די לערערס, אויך דעם פאָטערס געסט און פריינט. אַפילו דער גלח פון דער פּאַראַפיע איז ביי זיי אַן אָפטער גאַסט געווען אין שטוב. דער פאָטער האָט זיך איינגאַנצן געהאַלטן פאַר אַ פּאָליאַק. די איינציקע ייִדן, וואָס פלעגן קומען אין קאַנטאָר, זענען געווען אָדער סוחרים און מעקלערס

פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, אָדער דאָרפס־גייער, וואָס קויפן אויף ביי די פּויערים. ער האָט גאָרנישט געפילט קיין געמיינזאַמעס צווישן זיך און אָט די פרעמדע מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אונטערטעניק מיטן היטל אין דער האַנט און גערעדט אַ קאָמישן פּויליש.

אַז ער איז אַביסל עלטער געוואָרן האָט אים דער פאָטער אַוועקגעשיקט צו זיין ברודער קיין מאָסקווע, כדי ער זאָל דאָרט לערנען, צוערשט אין גימ־נאַזיע, דערנאָך אין אוניווערסיטעט.

פונקט ווי ביי זיי אינדערהיים איז אַלץ געווען פּויליש, איז ביים פעטער אין הויז אין מאָסקווע אַלץ געווען רוסיש. אין גימנאַזיע, און נאָך מער אין אוניווערסיטעט, איז ער געווען בלויז צווישן רוסן. ער האָט געוואוסט אַז ער איז אַ ייד, מען האָט עס אים אַפילו נישט איינמאָל געגעבן אָנצוהערן, אָבער דאָס יידישקייט זיינס איז געווען אַ פרעמדס, ווי עפּעס אַ מכה, וואָס טשעפּעט זיך צו, ווי אַ שטיק ווילד פלייש, וואָס עסט זיך איין אין קערפּער, מען מוז עס טראָגן, אָבער פרעמד איז עס, אַן עול און אַ צוטשעפּעניש.

נישט ער האָט געקענט די יידן, נישט ער האָט פאַרשטאַנען זייער שפּראַך, זייער תורה, נישט זיי האָבן געהאַט אַ שפּראַך, וואָס זאָל אים אינטערעסירן זיך אויסצולערנען, נישט אַ קולטור, וואָס זאָל אים לאָקן. אַלץ, וואָס איב האָט פאַראייניקט מיט די יידן, איז געווען דער צושריפט אין פּאַס זיינעם, אַז ער איז פון יידישער רעליגיע, אָבער ער איז קיינמאָל נישט געווען פרום, קיינמאָל אַפילו נישט געקענט די רעליגיע, צו וועלכער ער איז געווען צו־געשריבן. ווי נאָר ער איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך, האָט ער בכלל אָנגעוואוירן יעדער געפיל פאַר רעליגיע. אים האָט גאָרנישט געבונדן מיט די אַלטע געזעצן, וואָס זענען ערגעץ געגעבן געוואָרן אויף אַ באַרג סיני אין אַזיע.

אמת, די יידן ווערן אויך געדריקט. אָבער, ערשטנס, האָט פעליקס פעלד־בלום געוואוסט פון זיינע גויאישע לערער און פריינט, אַז די יידן זענען מערסטנס סוחרים, קרעמער, מעקלערס און קאָנטראַבאַנדיסטן, אַ קלאַס, וואָס פּראָדוצירט נישט, באַארבעט נישט די ערד און לעבט בלויז דערפון, וואָס ער קרעמערט אַרום דעם פּויער און נוצט אים אויס. און ער, פעלד־בלום, דער רעוואָלוציאָנער, דאַרף מיט זיי קיין עסקים נישט האָבן. צווייטנס, וועלן נישט די יידן מאַכן די רעוואָלוציע. זיי זענען שוואַך, נישט אָנזע־עוודיק. די באַפרייאונג אין לאַנד וועלן ברענגען די פיל מיליאָנען פּויערים, דער קערן פון פאָלק, און דעמאָלט וועט זיין פרייהייט פאַר אַלע, אויך פאַר די יידן. די רעוואָלוציע וועט נישט מאַכן קיין אונטערשיד צווישן פעלקער און נאַציעס. די רעוואָלוציע וועט אויך פּוילן באַפרייען. און דער יידישער סטודענט פעלדבלום איז געוואָרן אַ נאַראָדניק, אַ הייסער אָנהענגער פון די רוסישע פאָלקס־רעוואָלוציאָנערן. ווי נאָר די פּוילישע סטודענטן האָבן פּוילישע קרייזלעך אין די רוסישע אוניווערסיטעטן געשאַפן און זיך אין דער פּוילישער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט" אָנגעשלאָסן,

איז אויך פעליקס פעלדבלום מיט זיי מיטגעגאַנגען. ער איז אַרויס פון אוניווערסיטעט איידער נאָך ער האָט געענדיקט אויף אַדוואָקאַט. ער האָט נישט געוואָלט זיין קיין אויסדערוויילטער אין דער צייט, ווען דאָס אַרבעטנדיקע פאָלק איז פאַרשקלאַפּט. ער איז צוריק אַוועק קיין פוילן און מיטן גאַנצן יידישן ברען אַריינגעוואָרפן זיך אין דער פוילישער אַרבעט. אויפן מוסטער פון די רוסישע נאַראָדניקעס, איז ער אין פוילישן פאָלק געגאַנגען אויפ־געקלערט די פויערים אין די דערפער. שפּעטער, ווען די פאַרטיי האָט, אונ־טער דעם איינפלוס פון די נייע ווינטן, גענומען מער אַרבעטן אין די פאַבריקן, האָט פעלדבלום זיך אַריבערגעקליבן קיין לאָדזש, אין דער שטאָט פון דער וואָקסנדיקער אינדוסטריע. אין לאָדזש זענען אויך געווען יידישע אַרבעטער, וועבער אַ סך, שניידערס, שוסטערס, אַלערליי אַנדערע אַרבעטער. אָבער מען האָט זיי נישט געזען. זיי זענען געווען פאַרשטעקט אין די קליינע ווערקשטאַטן, פאַרוואָרפן אויפן באַלוט. געזען אין לאָדזש האָט ער בלויז פון איין זייט יידן סוחרים, קרעמער, מעקלערס, גאַרן־הענדלער, ביינוול־פאַרמיטלער, אַ גערדיכטע מאַסע יידן, מערסטנס אין קאָמישע לאַנגע קאַפּאָ־טעס מיט קליינע היטעלעך אויף די קעפּ, יידן לויפנדיקע, איילנדיקע, שפּרינ־גענדיקע, וואָס רעדן גיך, וואַרפן מיט די הענט, בליצן מיט די אויגן, פאָכען מיט די שטעקעלעך, יאָגן, ברענען, טרייבן, פליען, שטייען קיין רגע אויף קיין אָרט נישט איין, מסחרן, מעקלען. אומעטום זענען זיי פול, אין די קאַ־פעען, אין די בענק, אויף די טראָטואַרן, אין די טראַמווייען, אין די דראָש־קעס. זיי לויפן, דרייען, דינגען זיך. פּאַטשן איין אין הענט, סודען זיך, שרייבן וועקסלען און זשומען די גאַנצע צייט נאָר וועגן פאַרדינסטלעך, קאָ־מיסיע, פּראָצענטער ריוח, געלט, געלט און געלט.

פון דער אַנדערער זייט האָט מען געזען די צענדליקער טויזנטער פאַב־ריק־אַרבעטער, פויערים, וואָס ווערן אַרויסגעוואָרפן פון דאָרף אין שטאָט אַריין, שווערע, גלייכגעזעצטע, שאַפנדיקע פּראָלעטאַריער.

פעלדבלום דער רעוואָלוציאָנער האָט זיך גלייך געשטעלט אויף דער זייט פון די פוילישע פּראָלעטאַריער קעגן דער ראַשיקער און טומלענדיקער בורזשואַזיע. פאַר זיי האָט ער זיין בילדונג איבערגעריסן, פאַר זיי האָט ער טאָג און נאַכט געאַרבעט, געלעבט אַ געהיים קאָנספּיראַטיוו לעבן, פאַר זיי האָט ער זיין פאַרמעגן, וואָס ער האָט געירשנט פון פאָטער, אינגאַנצן אָפּגעגעבן, פאַר זיי איז ער איצט אין דער שפּעטער נאַכט געשטאַנען און מיט נישט־געשיקטע הענט געזעצט אַ פּראָקלאַמאַציע.

נישט אַלעמאָל האָבן די פוילישע פויערים און אַרבעטער אָפּגעצאָלט דעם רעוואָלוציאָנער פעלדבלום מיט דעם גלייכן לוין. נישט איינמאָל האָבן זיי געקוקט אויף אים מיט פאַרדאַכט, אומצוטרוי, ווי אויף אַ פרעמדן. כאָטש ער האָט גערעדט פויליש, ווי אַ פּאָליאַק, אָן איין סימן פון אַ יידישן טאָן, אָפּטמאָל נאָך אַ ריינערן און פּינקטלעכערן, ווי די פּאָליאַקן אַליין, איז אין זיין פּנים גאָר ווייניק פוילישעס געווען, נישט אין זיינע ברילן, נישט אין

זיין געבויגענער נאָז, נישט אין זיין גאַנצער הויכער אינטעליגענטער פיגור. שוין ביי זיין פאָטער אין די פאַבריקן, ווען ער האָט די פויערים־אַרבעטער קעגן פאָטער דעם עקספּלואַטאַטאָר אָנגערייצט, האָבן די מענטשן אויף אים געקוקט מיט אומצוטרוי, געזוכט דערין אַ יידיש שפּיצל. אויך דער גלח האָט אים ווען דעם דערמאָנט.

— זייער שיין, זייער לויבנסווירדיק, יונגערמאַן, — האָט ער אים געזאָגט, — אָבער איר דאַרפט זיך נישט אַריינמישן.

— פאַרוואָס נישט? — האָט ער איבערגעפרעגט.

— נו, איינפאַך דערפאַר, וואָס איר, אַנטשולדיקט מיר פאַר די רייד, זענט אַ פרעמדער, אַ סעמיט אַזוי צו זאָגן, וואָס פאַרשטייט נישט די נשמה פון אַ קריסטלעכן פאָלק... לאָזט עס איבער צו אונדז...

אויך אויף די דיסקוסיעס צווישן די רעוואָלוציאָנערן און פאַטריאָטן, האָבן אים די פאַטריאָטן נישט איינמאָל אַריינגעוואָרפן שטעכווערטלעך וועגן זיין יידישקייט. אין דער פאַרטיי האָט מען נישט קיין אונטערשיד געמאַכט. דאָרט זענען אַלע געווען גלייך, חברים, אָבער אויך דאָ האָט מען אים מער איינגעשפּאַנט אין טעכנישער אַרבעט. אין שרייבן אַרטיקלען פאַר דער אומלעגאַלער פאַרטיי־צייטונג, איבערזעצן בראָשורן און אַלערליי אַנדערע ליטעראַרישע אַרבעטן, איידער אים אַרויסלאָזן פאַר דער עפנטלעכ־קייט, צו רעדן פאַר אַרבעטער. זיי האָבן מער צוטרוי געהאַט, די אַרבעטער, ווען צו זיי האָט גערעדט אַן אייגענער, אַ קריסט. וויפל מאָל ער פלעגט פּרובירן פאַר אַרבעטער אויסלאַכן די גלחים, ווי די אַגיטאַציע האָט גע־פאָדערט, האָבן די אַרבעטער אויף אים געקוקט מיט כעס.

— נו, דאָס דאַרף אַ ייד נישט רעדן אַזוי, — האָבן זיי געזאָגט, — דאָס איז הייליק.

פון גוים האָבן זיי געהערט רואיק פיל־שאַרפערע ווערטער אויף די קריסטלעכע הייליקייטן. פעלדבלומען האָט עס ווייטיק געטאָן. יאָ, ער האָט געוואוסט, אַז דאָס זענען איבערבלייבענישן פון דער אַלטער וועלט, וואָס מען דאַרף אויסוואָרצלען מיט דער צייט, אָבער ווי געטאָן האָט עס אים. אי־בעריקנס האָט עס אים געצויגן צום רעדן; ער האָט געפילט אַ דראַנג דערצו. אים האָט נישט באַגנוגנט די בלויזע שטוב־אַרבעט. אָבער ער האָט זיך געמוזט אונטערגעבן. אַרויסגעטראָטן פאַר די אַרבעטער איז זיין פריינט קוטשינסקי.

ווי אַלע אַסימילירטע פּוילישע יונגעלייט, איז ער שטענדיק געשטאַנען אויף דער וואַך פון זיין אומבאַקוועמער יידישקייט, גרייט צו פאַרטיידיקן עס, ווי נאָר אימעצער פון די גוים האָט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט וועגן דעם. און אויך איצט איז פעלדבלום אויפגעשפּרונגען, ווען קוטשינסקי האָט גערעדט וועגן די אינטעליגענטן פון צעקאַ, וואָס רעדן צום פּוילישן אַרבעטער נישט אין זיין שפּראַך, נאָר אינטעליגענט און מיט מאָראַל, ווי אין אַ יידישער שול. נייך, ער האָט נישט געהאַלטן ווי קוטשינסקי, אַז נאָר מיטן רעוואָלווער

און מיט דער באַמבע קאָן מען צום פאָלק רעדן. ביי זיין גאַנצער עכט־פוילישער דערציאונג, האָט ער ווי מערסטנס יידן געהאַלטן פון וואָרט פון עטיק, געגלויבט אין דער היסטאָרישער נויטווענדיקייט פון דער רע־וואָלוציע. און ער האָט געזעצט מיט לוסט אין דער שפּעטער נאַכט די פּראָקלאַמאַציע. די צייט איז געווען אַ גינסטיקע. די אַרבעטער זענען געווען בייז, פאַרביטערט, אויסגעהונגערט נאָך דעם שווערן קריזיס, ווען די פאַבריקאַנטן האָבן געשלאָסן די פאַבריקן. דערצו איז נאָך צוגעקומען אַ נייע וויכטיקע זאַך. מיט עטלעכע יאָר צוריק איז דער ערשטער טאָג פון חודש מאַי דערקלערט געוואָרן דורכן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין פּאַריז אַלס טאָג פון אַרבעטער־יום־טוב, דער טאָג פון פרייהייט און קאַמף. פאַר פעלדבלומען איז דאָס געווען דער ערשטער יום־טוב אין זיין לעבן. נישט ביי זיין פאָטער, נישט ביי זיין פעטער האָט ער אַמאָל אַ יום־טוב געהאַט. ער האָט געוואָלט, אַז דער יום־טוב זאָל זיין גרויס, שטאַרק. אַלע אַרבעטער אין שטאָט זאָלן וואַרפן די אַרבעט, אַלע פאַבריקן זאָלן זיך אָפּשטעלן. אין געשלאָסענע רייען זאָלן די אַרבעטער אַרויס אויף די גאַסן און ווייזן די הערשער און עקספּלואַטאַטאָרן זייער קראַפט. אויך זאָלן די אַרבעטער דע־מאָנסטרירן פוילנס פרייהייט, פוילנס פּראָטעסט קעגן די צאַרישע פאַר־שקלאַפער. און ער האָט געזעצט מיט גרויס ברען די ערשטע מאַי־פּראָ־קלאַמאַציע.

— זיי וועלן גיין אויף אונדזער רוף, — האָט ער געזאָגט צו קוטשינסקין, — גאַנץ לאָדזש וועט זיך אָפּשטעלן. וועסט זען מיינע רייד.

ער איז צו צום וואַלעק, געהאָלפן דרוקן. מיט דער גרעסטער צערט־לעכקייט האָט ער געגלעט די שלעכט־געדרוקטע און האַרטע פּאַפּירלעך. די פרויען ביים קעכל האָבן די פּאַפּירן געטריקנט, גלייכגעלייגט.

שפּעט אין דער נאַכט, ווען אויף די גאַסן איז געווען פּוסט און מערץ־ווינטן האָבן געריסן די נאַקעטע צווייגן פון די געציילטע צעוואָרפענע לאָדזשער ביימער, וואָס זענען אויס ווי פאַרבלאָנדזשעטע און פאַריתומטע, איז פעלדבלום אַוועק אַהיים. ווי אַ געניטער קאָנספּיראַטאָר, האָט ער גוט אויסגעשמעקט די געגנט אַרום, כדי צו זען, צי עפּעס שלעפּט זיך אים נישט נאָך. דערנאָך האָט ער באַזונדער און זיין חברטע מאַריאַ ליכט באַ־זונדער, ווי די פאַרזיכטיקייט פאָדערט, געלאָזט זיך דורך אַ סך אומוועג־און איבעריקע גאַסן צו זיך אַהיים.

— האָסט גאַרנישט מיטגעשלעפּט, מאַריאַ? — האָט פעלדבלום געפרעגט ביי דעם מיידל מיט די שוואַרצע אויגן, וואָס איז שפּעטער געקומען נאָך אים.

— גאָרנישט, — האָט דאָס מיידל געזאָגט.

— איך אויך גאָרנישט, — האָט פעליקס געזאָגט אַ צופרידענער.

כאָטש אויף זייער פאַרקאָנספּירירטער וואוינונג האָבן זיי געלעבט ווי מאַן און ווייב, ער אַלס האַנדלס־פאַרשטייער און זי אַלס זיין פרוי, האָבן זיי זיך געלייגט אין באַזונדערע בעטן און נישט אָנגערירט זיך אַפילו.

— איך וואָלט שוין געוואָלט זיין עלטער מיט עטלעכע וואָכן און זען, ווי אַזוי די אַרבעטער וועלן אויפנעמען אונדזער ערשטן מאַי־אויפרוף, — האָט פעלדבלום געזאָגט אַ פאַרפלאָמטער. — ווי מיינסטו, מאַריאַ, זיי וועלן זיך שטעלן?

— זיי וועלן זיך שטעלן, — האָט מאַריאַ געענטפערט אַ זיכערע.

פון דער גאַס האָבן שוין גענומען רייסן זיך די ערשטע פאַבריק־קוימענס. אין אָרעמע פענצטער האָבן אויפגעלויכטן נאַפט־לעמפלעך. מענטשן זע־נען אויפגעשטאַנען צו דער אַרבעט.

## קאַפּיטל זיבן

אין מאַי איז אין שטאָט געוואָרן אומרואיק.

די אַרבעטער האָבן אָפּגעשטעלט די פאַבריקן; אָבער נישט דעם ערשטן טאָג פון חודש, ווי די רעוואָלוציאָנערן האָבן זיי גערופן; נישט אין דריטן טאָג פון חודש, ווי די פּוילישע פּאַטריאָטן האָבן זיי צום פאַרבאָטענעם נאַ־ציאָנאַלן יום־טוב־טאָג גערופן. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט דעם פינפטן טאָג פון מאַי, אין אַ געוויינלעכן אַרבעטס־טאָג.

נאָך אַ קנאַפּן יאָר ליידיק־שטיין האָבן די פאַבריקן אין לאָדזש גענומען אַרבעטן אויף דער גאַנצער פאַרע. אָבער די פאַבריקאַנטן האָבן זיך גע־וואָלט אויסשלאָגן פאַר די שלעכטע צייטן, וואָס זיי האָבן געהאַט, און זיי האָבן אַראָפּגענומען די אַרבעטער צען פּראָצענט פון לוין. די אַרבעטער, אויסגעהונגערטע, פאַרמאַטערטע פון ליידיק־גיין און הונגער, פאַרשול־דיקטע איבער די אויערן, אויפגערודערטע פון דער אַגיטאַציע און פּראָ־קלאַמאַציעס, סיי פון די רעוואָלוציאָנערן, סיי פון די געהיימע פּאַטריאָטישע אַגיטאַטאָרן, וואָס האָבן גערופן צו אויפשטאַנדן און מרידות, האָבן נישט געוואָלט אָננעמען דעם קלענערן לוין. זיי האָבן געוואָרפן די אַרבעט.

נישט אַלע האָבן די אַרבעט אָפּגעשטעלט. די שטרייקנדיקע מענטשן האָבן צו די אַרבעטנדיקע גערעדט, געזידלט זיי, נאָר זיי האָבן פון די שטולן נישט געוואָלט אָפּטרעטן. האָבן די שטרייקנדיקע זיי אַוועקגעשלעפּט מיט געוואַלט. מיט שטעקנס און דרענגער זענען זיי אַריין אין די קעסל־שטובן און גענומען קאַליע מאַכן די קעסלען. די הייצערס האָבן קוים זיך איינגעבעטן, מען זאָל עס נישט טאָן, ווייל די פאַבריקן וועלן אויפרייסן צוזאַמען מיט די מענטשן.

וועבערס, שפּולערקעס אין די טיכלעך אויף די קעפּ, מויערער, פורמאַנעס פון די פאַבריקן, אויסגעמישט מיט מענטשן פון גאַס, וואָס האָבן זיך צו זיי צוגעשאַרט, האָבן גענומען מאַרשירן איבער די גאַסן. זינגענדיק רעוואָלו־ציאָנערע און פּאַטריאָטישע לידער; געגאַנגען פון פאַבריק צו פאַבריק, אַראָפּ־צונעמען די אַרבעטנדיקע פון דער אַרבעט.

די דירעקטאָרן פון די אַרבעטנדיקע פאַבריקן האָבן געהייסן די וועכטער שליסן די טויערן, כּדי דעם המון נישט אַריינצולאָזן; אָבער די מאַסע האָט אויסגעזעצט די טויערן און אַריין אין די פאַבריקן. אַ סך אַרבעטער האָבן גלייך אָװעקגעלייגט די אַרבעט. די, וואָס האָבן נישט געוואָלט אַוועקגיין, האָט מען דערלאַנגט אין די זייטן און געצוואונגען אַוועקצוגיין.

— זאָלן לעבן די ברידער אַרבעטער! — האָבן קולות גערופן. — הוראַ!

— שלאָגן די בלוט־זויגער, די פּיאַווקעס! — האָבן די ווייבער איבערגעשריגן.

די קלענערע יידישע פאַבריקאַנטן האָבן זיך דערשראָקן און גלייך נאָכגעגעבן. די גרויסע האָבן נישט געוואָלט נאָכגעבן.

ביי די הונצעס אין פאַבריק זענען די אַרבעטער אַוועק פון די שטולן און געשיקט אַ דעלעגאַציע צו די באַלעבאַטים. די הונצעס אַליין האָבן נישט געוואָלט רעדן מיט די אַרבעטער; זיי האָבן געהייסן דעם הויפּט־דירעקטאָר, אַלברעכט, ער זאָל זיי אויפנעמען.

מיט די היטלען אין די הענט, נויגנדיק זיך און ווישנדיק די פאַרבלאָטיקטע פיס ביי דער טיר, זיי זאָלן נישט איינשמוצן די גלאַנציקע פאָדלאָגע, האָבן זיי זיך דערנענטערט צום דירעקטאָר.

— וואָס ווילט איר? — האָט דער דירעקטאָר אַלברעכט געפרעגט פאַרשלאָפן.

— מיר ווילן בעטן דעם ליכטיקן הער, נישט אַראָפּצונעמען פון געהאַלט. אַנדערש קאָן מען נישט אַרבעטן.

— איך וועל זיך איבעררעדן מיט די הערן באַראָנען, — האָט דער דירעקטאָר פויל געענטפערט, — דערווייל גייט צו דער אַרבעט!

— מיר ווילן אַ פאַרזיכערונג, ליכטיקער הער; אַנדערש קאָן מען זיך נישט שטעלן צו דער אַרבעט.

— מיר גיבן נישט קיין פאַרזיכערונגען, — האָט דער דירעקטאָר בייז געבברומט, — דאָס איז אַ געפעליקייט, וואָס עס קאָנען טאָן די הערן באַראָנען, ווען עס וועט זיי געפעלן. פריער גייט צו דער אַרבעט, דערנאָך וועט מען זען.

— זאָל דער ליכטיקער הער דירעקטאָר פאַרציַיען, — האָבן עטלעכע עלטערע אַרבעטער געזאָגט, — אָבער זאָל מען אַמווייניקסטנס נישט אַראָפּנעמען ביי די, וואָס האָבן ווייבער און קינדער. מיר קאָנען פאַר דעם געלט נישט אויסהאַלטן אונדזערע ווייבער און קינדער.

— צו וועלכן טייוול האָט איר חתונה און פלאָדיעט אָן קינדער, אַז איר האָט נישט מיט וואָס זיי אויסצוהאַלטן? — האָט דער דירעקטאָר אַלברעכט געענטפערט. — די פאַבריק דאַרף דערפאַר נישט צאָלן...

אין איין אויגנבליק זענען ביי די אַרבעטער פאַרגאָסן געוואָרן די אויגן מיט בלוט.

— דו פאַרפלוכטער שווייַן־הונד! — האָט געשריגן אַ דייטש אין סאַ־מעטענע הויזן.

— דו הינטישער זון איינער! — האָבן פוילישע אַרבעטער אין שפּענ־צערס געגוואַלדעוועט. — דו שוואַבישער חזיר!

— שלאָג אים, דעם גראָבן טרעלבוך, פאַר די טעכטער, וואָס ער פאַר־אומרייניקט!

— לאָזט אים דאָס פעטס אַרויס, דעם אומגלויביקן, פאַר באַליידיקן אונדזערע געזעצלעכע ווייבער און קינדער!...

דער דירעקטאָר אַלברעכט האָט גלייך דערזען, אַז מיט אים איז שלעכט, און ער האָט זיך אַ שווערער אויפגעהויבן פון זיין שטול, כדי אַרויס־צוגיין באַצייטנס. אָבער איידער ער האָט זיך גערירט מיט זיינע דיקע קלאָ־צעוואַטע פיס, האָבן אים שוין די אַרבעטער גענומען שלעפּן אַרויס פון זיין קאַבינעט. מעלכיאָר דער דינער האָט זיך געכאַפּט צו די אַרבעטער, אָבער ער האָט געקריגן מיט אַ פויסט אין די אויגן.

די אַרבעטער האָבן דעם דיקן דירעקטאָר אַרויסגעשלעפּט ביי די הענט און פיס, ווי מען שלעפּט אַן אָקס נאָך דער שחיטה. אַלע אַרבעטער אויפן הויף האָבן מיט הילכיקע קולות באַגעגנט דעם טויט־בלאַסן איבערגעשראָ־קענעם דירעקטאָר.

— הענגט אים! — האָבן מענער געגרופן. — אָפּשינדן אים דאָס פעטס!

— אַראָפּלאָזן אים די הויזן און שמייסן! — האָבן די ווייבער געגוואַל־דעוועט.

עטלעכע עלטערע אַרבעטער האָבן דעם דיקן מאַכטלאָזן דירעקטאָר אָנגעטאָן אַ זאַק אויפן קאָפּ, אַ בעזעם אין די הענט אַריינגעשטעקט און אַרויפזעצנדיק אים אויף אַ טאַטשקע, אין וועלכער מען פירט אַרויס ציגל און מיסט, האָבן זיי אים איבער דעם גרויסן פאַבריק־הויף געפירט.

— אַ טשו! — האָבן די אַרבעטער אין הויף נאָכגעשריגן דעם שווערן באַוועגונגסלאָזן דירעקטאָר.

—— נאַ דיר! — האָבן די שפּולערקעס געקוויטשעט און געוויזן אים די הינטנס.

פון דאָרט האָבן זיך אַלע געלאָזט צו פלידערבוימען אין פאַבריק. דאָס בלוט איז געווען צעקאָכט, מען האָט געוואָלט בלוט.

— הענגען דעם ייד דעם פאַרפלוכטן! — האָבן קולות גערופן.

— זאָל ער שוין הענגען דעם לוין! אויב נישט, וועט מען אים דעם פאַלאַץ צעטראָגן!

אַלע האָבן זיך געלאָזט צום טויער. אָבער פאַרן טויער איז שוין אַן אָפיציר מיט זעלנער אין פולער באַוואָפענונג געשטאַנען, אויך אַ צענדליק פאָליציאַנטן מיט אַ בערדיקן פריסטאַוו, וואָס פלידערבוים האָט באַצייטנס אַרויסגערופן. אין רייכן קאַבינעט איז געזעסן דער פאַבריקאַנט פלידערבוים אַליין. אין טאַש האָט ביי אים געשטעקט אַ רעוואָלווער געלאָדן. לעבן אים

איז געזעסן דער פּאָליצמייסטער מיט עטלעכע אָפיצירן און אַגענטן. פּאָ־ליציאַנטן האָבן אַריינגעפירט פון די פֿאַבריק־האַליעס אַרבעטער נאָך אַרבע־טער. דער פּאָליצמייסטער האָט זיי אויסגעפּאָרשט אויפן אָרט. דערביי האָט ער בלויז געשטעלט די אַרבעטער פראַגן. קיין ענטפערס האָט ער נישט געוואָלט הערן.

— פאַרוואָס גייסטו נישט אַרבעטן?

דער אַרבעטער האָט זיך גענומען פאַרענטפערן:

— איך קאָן נישט לעבן, וואָשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, פאַר אַזאַ לוין...

— שווייגן! — האָט דער פּאָליצמייסטער געשריגן און געקנאַקט אין טיש.

ווען דער אַרבעטער האָט ווייטער פּרובירט מורמלען, האָבן אים די פּאָליציאַנטן פאַרמאַכט דאָס מויל מיט די פויסטן. אַנדערע האָט דער פּאָ־ליצמייסטער גאָרנישט אויסגעפרעגט.

— די מאָרדע געפעלט מיר נישט, — האָט ער געזאָגט. — זעט אויס פאַרדעכטיק. פאַרהאַלטן אים.

ווען די פאַרהאַלטענע האָבן שוין דערגרייכט אַ פולן פֿאַבריק־קאָרידאָר, האָבן די פּאָליציאַנטן און אַגענטן זיי אַרומגערינגלט און גענומען זיי אַרויס־פירן צום פּאָליציי־צירקל. אָבער די פאַרזאַמלטע מאַסע אַרום דער פֿאַבריק האָט זיך אַוועקגעשטעלט ווי אַ מויער און נישט געלאָזט די אַרעסטירטע אַרבעטער אַוועקפירן. דער אָפיציר פאַרן טויער האָט אַרויסגענומען די שווערד פון דער שייד און געגעבן אַ באַפעל זיך פונאַנדערצוגיין. די מאַסע האָט זיך נישט גערירט.

— פונאַנדערגיין זיך, הינטישע זין! — האָט דער אָפיציר באַפוילן. — איך וועל הייסן שיסן!

די מאַסע האָט זיך נישט גערירט. פאַרקערט, די מענער האָבן נאָך דערנענטערט זיך צום טויער. די ווייבער האָבן געפּאָכעט מיט די טיכלעך. גערעדט ווייכע רייד צו די סאָלדאַטן.

— יינגעלעך, — האָבן זיי גערופן צערטלעך, — איר וועט נישט שיסן אין אייגענע ברידער קריסטן.

דער אָפיציר האָט אַ בליק געטאָן אויף זיינע סאָלדאַטן און איז גע־וואָרן אומרואיק. ער האָט געוואוסט, אַז ווייבערישע רייד נעמען אַלעמאָל די זעלנער. ער האָט מורא געהאַט צו וואַרטן, די זעלנער זאָלן זיך נישט מישב זיין און אָפּזאָגן הערן די באַפעלן. ער האָט דעריבער געהאַנדלט גיך, אויפן אָרט.

— די ביקסן אין די הענט! — האָט ער באַפוילן הויך, מיט אַ מעכטיק קול, וואָס פאַרטויבט די זעלנער.

די סאָלדאַטן האָבן אָנגעשטעלט די ביקסן.

אַ ווײַלע האָט דער אָפיציר געוואַרט, געשפּיזט די מאַסע מיט די אויגן, כדי זי זאָל זיך פונאַנדערגיין. אָבער ווען קיינער האָט זיך נישט גערירט, האָט ער געגעבן אַ קורצן באַפעל:

— פּייער!

אַ זאַלפּ פון עטלעכע צענדליק ביקסן האָט געשפּאָלטן די אָנגעשטרענגטע שטילקייט. קולות, קללות, ווייבערישע געשרייען, טומל, געלויף פון אַ סך טריט האָבן זיך צונויפגעמישט אינאיינעם. די מענטשן האָבן זיך פאַרפּלאָנ־טערט אין איין קנויל. די סאָלדאַטן מיט די אויסגעשטרעקטע באַיאָנעטי האָבן געשטויסן די קנוילנדיקע מאַסע, אָפּגערייניקט דעם פּלאַץ.

די פּאָליציאַנטן און אַגענטן האָבן געכאַפּט יעדן, וואָס איז געקומען אונטער דער האַנט, און אַרעסטירט.

דער פּאָליצמייסטער האָט מכבד געווען דעם אָפיציר ביים טויער מיט אַן אמתער האַוואַנאַ, וואָס ער האָט געקריגן פון פלידערבוימען דעם פּאַב־ריקאַנט, און אים געדריקט די האַנט.

— מאָרגן וועלן שוין די פאַבריקן גיין, — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל.

אָבער די פאַבריקן זענען צומאָרגנס נישט געגאַנגען. פאַרקערט, אַלע פאַבריקן האָבן זיך אָפּגעשטעלט. די אַרבעטער אין די צענדליקער טויזנטער האָבן זיך אין די זונטיקדיקע קליידער אַרויסגעלאָזט אויף די גאַסן און גענומען אָנפאַלן אויף די פּאָליציאַנטן, זאַמלען זיך פאַר דער טורמע און געשריגן, מען זאָל זיי אַרויסגעבן די אַרעסטירטע. אַנדערע האָבן זיך אַוועקגעשטעלט און געפאָדערט, דער פּאָליצמייסטער אַליין זאָל אַרויסקומען רעדן צו זיי.

מיט אַ נאַכט פריער האָט אַן אַרבעטער געכאַפּט דעם פּאָליצמייסטערס הונט, אַ וואָלף פון דער ריינסטער ראַסע, און אים דערשטאָכן מיט אַ מעסער פאַר נקמה, וואָס מען האָט זיין, דעם אַרבעטערס, פאָטער געשלאָגן אין פּאָליציי־צירקל. די פּאָליציאַנטן האָבן דעם אַרבעטער געכאַפּט און אים געשטעלט פאַר דעם פּאָליצמייסטער אַליין.

— הונדערט שמיץ! — האָט דער פּאָליצמייסטער באַפוילן. — נישט זשאַלעווען קיין ריטער!

ביי זיבעציק שמיץ האָט דער געשלאָגענער מער נישט געשריגן, אַפילו מיט די פיס נישט געוואָרפן, אָבער די פּאָליציאַנטן האָבן אים נישט אָפּגעלאָזט און ווייטער געשמיסן ביז הונדערט, ווי דער פּאָליצמייסטער האָט באַפוילן. ווען זיי האָבן אים געהייסן אויפשטיין, איז ער שוין געווען טויט. דער פּאָליצמייסטער האָט די פּאָליציאַנטן אָנגעזידלט דערפאַר.

— באָלוואַני! — האָט ער געדונערט, — געדאַרפט אים לאָזן אָפּרוען זיך נאָך יעדע פינף און צוואַנציק שמיץ.

אָבער עס איז געווען פאַרפאַלן.

האָט ער גיך געהייסן דעם טויטן אויפרוימען, אַרויספירן אים הינטער דער שטאָט אין אַ פּוסטן אָרט און אים דאָרט באַגראָבן, אַזוי, אַז קיינער זאָל זיך נישט כאַפּן וואו ער איז. די פּאָליציאַנטן האָבן אַזוי געטאָן, געמאַכט

עס זייער שטיל. אָבער אין שטאָט האָט מען זיך דערוואוסט וועגן דעם, און די אַרבעטער האָבן געוואָלט, מ׳זאָל זיי אַרויסגעבן דעם טויטן קערפּער.

— מיר ווילן אונדזער חבר, — האָבן זיי געשריען, — מיר ווילן אים באַערדיקן ווי אַ קריסט, נישט לאָזן אים פאַרפּאַלן ווערן ווי אַ הונט.

דער פּאָליצמייסטער האָט אַרויסגערופן די פייערלעשער און געלאָזט אָפּשפּריצן מיט קאַלטע שטראָמען וואַסער דעם צעהיצטן המון; אָבער דאָס וואַסער האָט די צעהיצטע געמיטער נישט אָפּגעקילט, נאָר נאָך מער אָנגעצונדן. דער עולם האָט גענומען כאַפּן שטיינער, וואָס זענען געלעגן אָנגעלייגט צו פאַרריכטן דעם ברוק, און אויסגעבראָכן אַלע שויבן אין פּאָליצמייסטערס הויז.

אין אַנדערע גאַסן זענען המונים באַפאַלן די צירקלען, די בראָנפן־סקלאַדעס. דער פּאָליצמייסטער האָט אין שרעק אַוועקגעשיקט אַ טעלעגראַמע צום גובערנאַטאָר אין פּיעטראָקאָוו:

„וואָס טאָן?“

דער גובערנאַטאָר האָט אַוועקגעשיקט אַ טעלעגראַמע צום גענעראַל־גובערנאַטאָר קיין וואַרשע:

„וואָס טאָן?“

דער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט אַוועקגעשיקט אַ טעלעגראַמע קיין פּעטערבורג:

„וואָס טאָן?“

פון פּעטערבורג איז אָנגעקומען אַן ענטפער קיין וואַרשע:

„דערשטיקן אָן רחמנות. נישט קאַרגן קיין קוילן.“

וואַרשע האָט טעלעגראַפירט קיין פּיעטראָקאָוו:

„דערשטיקן אָן רחמנות. נישט קאַרגן קיין קוילן.“

פּיעטראָקאָוו האָט טעלעגראַפירט קיין לאָדזש.

„דערשטיקן אָן רחמנות. נישט קאַרגן קיין קוילן.“

דער פּאָליצמייסטער האָט אַרויסגערופן דאָס מיליטער פון גאַרניזאָן. אָבער די עלטסטע האָבן די זעלנער פון די קאַזאַרמעס נישט אַרויסגעפירט.

„דאָס מיליטער איז צו ווייניק; נויטיק קאָזאַקן.“

דער פּאָליצמייסטער האָט טעלעגראַפירט צום גובערנאַטאָר:

„מיליטער צו ווייניק; נויטיק קאָזאַקן.“

דער גובערנאַטאָר האָט טעלעגראַפירט קיין וואַרשע:

„מיליטער צו ווייניק; נויטיק קאָזאַקן.“

וואַרשע האָט גלייך אַרויסגעשיקט קאָזאַקן; אָבער ביז די קאָזאַקן זענען געקומען, האָט דאָס פאָלק געשאַלט אויף די גאַסן. צום ערשטן האָט דער המון צעקלאַפּט די בראָנפן־סקלאַדעס און אויסגעטרונקען דעם בראָנפן. די פּאַרטיי־פירער האָבן געגעבן, געבעטן, געערדט צום האַרץ, אַז קיינער זאָל זיך צום בראָנפן נישט צורירן; אָבער דער המון האָט נישט געהערט און

געזויפט. מענטשן האָבן זיך אין די רינשטאָקן אויסגעלייגט און געזשלאָקעט דעם אויסגעגאָסענעם בראַנפן. ווען דער עולם איז שוין געווען אָנגעטרונקען, האָט ער שטורקאַצן אָנגעצונדן און גענומען שטורמען די גאַסן.

תחילת האָבן די שיכורע מענער געכאַפּט אַ פּוילישן שניידער, אַ לאַ־טוטניק, אַן איינגעהויקערט פאַרשווינדל מיט גרויסע נאָכהענגענדיקע וואָנצעס, און אים געקרוינט פאַר קעניג פון פוילן.

— זאָל לעבן דער פּוילישער קעניג! — האָט די מאַסע גערופן, טראָגנדיק דעם איינגעהויקערטן לאַטוטניק אויף די אַקסלען. — הוראַ!

— זאָל לעבן! — האָבן די ווייבער נאָכגעשריגן און געלאָפן קושן דעם קעניגס אויסגעדרייטע שיך.

דערנאָך האָבן זיך גענומען הערן אַנדערע קולות:

— אויסראָטן די יידן! צעראַבירן זיי!

— אויפן באַלוט גיין, אויפן באַלוט!

אין איין רגע האָט דער המון גענומען כאַפּן יידן, אַריינפאַלן איז די געוועלבלעך, אַראָפּרייסן סוחרים פון די דראָזשקעס און שלאָגן, ממיתן. סוחרים זענען אַנטלאָפן פון די געוועלבער, איבערלאָזנדיק אַלץ אויף הפקר. ווייבער האָבן ספּאַזמירט, קינדער האָבן געקלאָגט. פון אַלע זייטן האָט מען פאַרהאַקט טיר און טויער.

אויף דעם באַלוט האָבן זיך די יידן קעגנגעשטעלט. קצבים, בעלי־עגלות, וועבער־געזעלן, טרעגערס, האָבן זיך מיט העק, דרענגער און אייזנס אַוועקגעשטעלט און די אָנפאַלער געשלאָגן איבער די קעפּ. אויף דעם פּייפער־געסל, וואו עס וואוינען די קונצן־מאַכער, קאַטערינשטשיקעס, גנבים און וואוילע יונגען, האָבן די מענטשן אָפּגעקאָכט טעפּ וואַסער, הייסע הירזש, און די פּאַגראָמשטשיקעס אויף די קעפּ געגאָסן. איינער אַ קצב האָט אַ יונגן גוי מיט דער האַק דעם קאָפּ אויף צווייען געשפּאָלטן.

די גויים האָבן זיך צוריקגערוקט. אָבער זיי האָבן דעם דערהרגעטן מיט זיך מיטגענומען און אים איבער די גאַסן געשלעפּט.

— זעט קאַטאָליקן, — האָבן זיי גערופן, — וואָס די אומגלויביקע האָבן מיט אַ קאַטאָליק געטאָן!

— לאָמיר נעמען נקמה פאַר׳ן קאַטוילישן פאַרגאָסענעם בלוט! — האָבן גויים גערופן.

— יידן האָבן אונטערגעצונדן די קירכע! — האָבן ווייבער גענומען מאַכן קולות.

— זיי האָבן צעריסן די הייליקע בילדער!

— אַ גלח דערשטיקט!

— הוראַ! אויף יידן!

— פאַרטיליקן די גאָט־לעסטערער!

פאַרטאָג זענען די קאָזאַקן פון וואַרשע אָנגעקומען. צוזאַמען מיט זיי

איז דער גובערנאַטאָר פון פּיעטראָקאָוו אָנגעפּאָרן. דער פּאָליצמייסטער איז אים אַנטקעגנגעפאָרן.

— וואָס הערט זיך אין שטאָט? — האָט דער גובערנאַטאָר געפרעגט.

— אַ פּאָגראָם אויף יידן גייט, עקסעלענץ, — האָט דער פּאָליצמייסטער געענטפערט, אויסציענדיק זיך ווי אַ סטרונע.

— גלענצנד! — האָט דער גובערנאַטאָר געזאָגט און אַ שמייכל האָט צעגאָסן זיין געזיכט. — דאָס וועט דעם המון באַפרידיקן.

גלייך דערויף האָט ער זיך צוגעבויגן צום קאָזאַקן־פּאָלקאָווניק, וואָס איז מיט אים אין איין קאַרעטע געפאָרן, און געזאָגט פייערלעך:

— מיר וועלן זיך דאָ פאַרהאַלטן אַ טאָג צוויי, ביז די קאַנאַליעס וועלן זיך אויסהוליען צו דער זעט. דעמאָלט וועט מען זיי געבן שמעקן פּולווער.

— שטיין! — האָט דער פּאָלקאָווניק געגעבן אַ באַפעל צו די אָפיצירן אויף די פערד.

— שטיין! — האָבן אָפיצירישע באַפעלן זיך געטראָגן איבער דער גאַנצער לענג פון די קאָזאַקישע רייען.

נאָכן דריטן טאָג, ווען אין שטאָט זענען שוין געווען פיל טויטע און פאַר־וואונדעטע, זענען די קאָזאַקן אַריין און אָפּגערייניקט די שטאָט פון די בונ־טאָוושטשיקעס.

די מאַסע איז געווען שיכור, זאַט פון רציחה און בלוט, אָפּגעלאָזן און ווייך. זי איז זיך צעלאָפן פאַר די קאָזאַקן, ווי די מייז.

די קאָזאַקן האָבן אַרעסטירט הונדערטער און זיי אָפּגעשיקט אין די טורמעס. דעם „פּוילישן קעניג" האָט מען געבראַכט פאַר דעם גובערנאַטאָר אַליין. אָן איינגעהויקערטער, אַ בלאַסער, אין ברייטע צעקנאָדערטע הויזן איבער די אויסגעריבענע שיך, מיט צעקאָלטנטע האָר און וואָנצעס, איז ער געשטאַנען אַ דערשראָקענער און נעבעכדיקער פאַר דעם פול־בלוטיקן און אויסגעפּוצטן גובערנאַטאָר. ער האָט זיך נישט אויפגעהערט בויגן און ברומען צו זיך אַליין.

— דאָס ביסטו דער פּוילישער קעניג? — האָט אים דער גובער־נאַטאָר געפרעגט מיט אַ שמייכל.

— איך בין נישט שולדיק, ליכטיקער האַר, — האָט דער דערשראָ־קענער בלאַסער מענטש געזאָגט. — איך בין אַ שניידער פון פאַך, אַ לאַ־טוטניק; איך בין געגאַנגען בלויז אין גאַס, נאָך פאָדעם געגאַנגען, האָבן מיך די מענטשן געכאַפּט און געזאָגט, אַז איך בין דער קעניג פון פּוילן. איך שווער ביי גאָט, דעם הייליקן זון זיינעם און ביי זיינע געטלעכע וואונדן...

— וואָס טאָן מיט אים, עקסעלענץ? — האָט דער פּאָליצמייסטער גע־פרעגט.

— אָפּשמייסן זיין קעניגלעכן מאַיעסטעט, — האָט דער גובערנאַטאָר באַפוילן, — און דערנאָך אים אָפּלאָזן אַהיים צום ווייב.

דערנאָך איז דער גובערנאַטאָר אַוועקגעפאָרן מיט אַ וויזיט צו די־

הונצעס און צו פּלידערבוימען. פּלידערבוים האָט באַגעגנט דעם גובערנאַטאָר מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ. ביי זיין גאַנצן גויאישן הילוך, ביי די שטאַרק אַרויפגעדרייטע עכט־פּריצישע וואָנצעס, האָבן אים די גויים געשלאָגן גלייך מיט אַלע אַנדערע יידן אין קאַפּאָטעס; פון דער גרויסאַרטיקער קאַרעטע אַראָפּגעשלעפּט און מיט שטעקנס איבער דעם קאָפּ געגעבן.

— איך באַדויער זייער, — האָט דער גובערנאַטאָר אים אויסגעדריקט זיין מיטגעפיל, — אויב איר קאָנט אָנווייזן אויף די כוליגאַנעס, וועל איך באַפעלן זיי גלייך צו אַרעסטירן.

דער פאַבריקאַנט פּלידערבוים האָט גוט געוואוסט, אַז דער גובערנאַטאָר, וואָס באַדויערט אים אַזוי, האָט געלאָזט די שטאָט אויף הפקר עטלעכע טעג. נאָר ער האָט בלויז טיף פאַרבויגן זיין פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ און געדאַנקט דעם גובערנאַטאָר פאַר זיין מיטגעפיל.

אין שטאָט האָבן זיך צוריק געעפנט די יידישע געוועלבער. גלעזער האָבן אַריינגעשטעלט שויבן. קבורה־יידן זענען אַרומגעפאָרן מיט די עגלות, דאָקטוירים האָבן באַנדאַזשירט די פאַרוואונדעטע, דער רב האָט גוזר־תענית געווען און אין די בתי־מדרשים האָבן פאַסטנדיקע בלאַסע יידן געלייענט ביי מנחה „ויחל״.

די אַרבעטער, אונטערטעניקע און גלייכגילטיקע נאָך די עטלעכע טעג שיכרות, זענען מיט טיף־געבויגענע קעפּ געשטאַנען פאַר די דירעקטאָרישע קאַבינעטן פון די פאַבריקן און געבעטן ביי די ליכטיקע הערן צוריק צו־נעמען זיי צו דער אַרבעט. די דירעקטאָרן האָבן זיי צוריקגענומען; אָבער זיי האָבן אַראָפּגענומען פון לוין יעדן באַזונדער, וויפל זיי האָבן נאָר געוואָלט.

די שוואַרצע געדרייטע רויכן פון די פאַבריקן האָבן ווידער געקאָפּטשעט דעם לאָדזשער הימל, ווי פריער.

אין די יידישע הויפן האָבן די בלינדע בעטלער פון פייפער־געסל גע־זונגען דאָס נייע ליד פון „ראַבונעק״, וואָס אַ קלעזמער האָט פאַרפאַסט:

הערט אויס, מענטשן, די גרויסע קלאָג,
וואָס האָט אין לאָדזש פּאַסירט:
ראש־חודש אייר, דעם ערשטן טאָג
האָט מען יידעלעך ראַבירט.

אַרבעטער „בעז שטשאָט״
האָבן זיך אין די גאַסן צעלאָזט;
זיי האָבן געהרגעט וועמען זיי האָבן געטראָפן,
און יידעלעך זענען זיך צעלאָפן.

אוי, דו זיסער גאָט, דו קוקסט זיך צו אַלעם צו,
דיינע שעפעלעך האָבן גאָר קיין רו;
שטרעק אויס דיין רעכטע האַנט
און פיר אונדז צוריק אין אונדזער לאַנד.

## קאַפּיטל אַכט

אָפּגעשמיסענע, פאַרשעמטע, מיט די אויגן צו דער ערד, נישט קאָנענ־דיק קוקן אַ מענטשן אין פּנים אַריין, האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט איבערן באַלוט די קרייזל־פּירער, וואָס האָבן מיט אַזאַ פייער און גלויבן געדופן די וועבער צו פרייהייט, פּראָלעטאַרישער אחדות און ברידערלעכקייט אין דעם ערשטן מאַי־יום־טוב. די שויבן אין די וועבערישע שטובן זענען געווען אויסגע־בראָכן, די שטולן צעהאַקט. איבער די געסלעך האָבן זיך יידן מיט פאַר־בונדענע קעפּ אַרומגעדרייט און געדופן גלעזער אין זייערע שטובן. אין די קרעמלעך זענען די טירן געווען אָפּגעריסן, פאַרהאַקט מיט ברעטלעך.

— ברידער... — האָבן די דערשלאָגענע וועבער חוזק געמאַכט פון זייערע פּירער, וויזנדיק מיט די שפּיציקע פינגער אויף די פאַרבונדענע קעפּ און צעבראָכענע שויבן. — דאָס האָבן אונדז די ברידער־אַרבעטער אַזוי צורעכט געמאַכט...

— אַ שיינע ריינע כּפּרה אויף אייך! — האָבן זיי די ווייבער געזאָגט מיט גאַל — האָט עץ נישט געקערט אַרומלויפן טאָג און נאַכט מיט סודות, מיט ביכלעך. שטענדיק וועט אויסגיין צו יידישע קעפּ...

אומגליקלעכער פון אַלע אין די ליכטיקע מאַי־טעג איז געווען ניסן דעם באַלוטער מורה־הוראהס, וואָס מען האָט אים גערופן תרבות־רעה.

אין די ערשטע טעג, ווען די אַרבעטער, זיינע אַרבעטער, וואָס דאַרפן באַפרייען די מענטשהייט פון אונטערדריקונג און אומרעכט און איינפירן אויף דער וועלט יושר, גלייכהייט און ברידערלעכקייט, האָבן ביי זייער ערשטן אַרויסטריט אַזוי מיאוס פאַראומרייניקט דעם פרייהייטס־יום־טוב, געמאַכט פון אים אַ מיאוסע קאָמעדיע מיט אַ קעניג און דערנאָך אַ פּאָגראָם אויף יידן, אויף אייגענע ברידער־אַרבעטער אַפילו; איז ניסן אַריינגעפאַלן אין אַ מרה־שחורה. ער איז נישט אויפגעשטאַנען פון זיין געלעגער, אין וועלכן ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין אָנטועכץ, ער האָט זיך נישט אַרומגעוואַשן אינדערפרי, נישט צוגענומען קיין עסן, קיין גלאָז טיי אַפילו.

ער האָט געוואָלט שטאַרבן, אומקומען, אַבי נישט צו הערן און זען דאָס, וואָס אין שטאָט איז געשען.

ער האָט געזען די חרפּה. צוזאַמען מיט טוביהן און די מענטשן פון זיין קרייזל איז ער אויף די גאַסן געווען. ער האָט געשריגן, געפּאַכעט מיט די הענט, געדופן די צעיושעטע אַרבעטער, זיי זאָלן זיך באַזינען; אָבער זיי האָבן אים אָפּגעשטויסן. איינער האָט אים דערלאַנגט מיט אַ פויסט אין פּנים.

דאָס אויג איז אים טאַקע געווען אָנגעלאָפן, ברוין און בלוי, פאַרגאָסן מיט בלוט. דער באַלעבאָס פון זיין צימער, אַ ייד אַ ליטוואַק, וואָס איז געקומען קיין לאָדזש פון מאָסקווע נאָכן גירוש, האָט אים געוואָלט ברענגען

אַ דאָקטאָר, אַריינטראָגן אים טיי, הייס וואַסער, נאָר ניסן האָט נישט געוואָלט זיך צו קיין זאַך צורירן.

— פאַר אייך איז עס אַ נייעס, — האָט אים דער באַלעבאָס געזאָגט. — מיר זענען שוין געוואוינט דערצו; מיר האָבן עס געהאַט אין רוסלאַנד, מיר האָבן עס דאָ און מיר וועלן עס האָבן אייביק, ווי לאַנג מיר וועלן זיין צווישן גויים...

ניסן האָט זיך אויפגעכאַפּט.

— נישט אמת, ווי לאַנג מיר וועלן זיין צווישן הערשער און אונטערדריקער.

אין צעטומלעניש האָט ער פאַרגעסן אין קאָנספּיראַציע און אַרויס פאַר דעם באַלעבאָס זיינעם מיט רעוואָלוציאָנערע רייד.

דער ייד האָט אויף אים אַ קוק געטאָן און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איר זענט יונג, יונגערמאַן. איך האָב אויך אַמאָל אַזוי געמיינט. שטענדיק וועלן זיי אונדז שלאָגן. מען האָט איינגעפירט נייע מאַשינען אין לאָדזש, האָבן זיי אונדז געשלאָגן; רוסישע סטודענטן האָבן דערהרגעט דעם צאַר, האָבן זיי אונדז געשלאָגן. איצט שלאָגן אונדז אַרבעטער, שפּעטער וועלן שלאָגן רעוואָלוציאָנערן... אייביק... ווי לאַנג מיר וועלן זיין יידן און זיי גויים...

— רעדט נישט אַזוי, — האָט ניסן געשריגן, צוזאַמענקוועטשנדיק די פויסטן. — שווייגט!

— רוימט בעסער אויף דעם חמץ ביי אייך, — — האָט אים דער ליטוואַק געזאָגט, — אין שטאָט מאַכט מען רעוויזיעס.

ניסן איז געוואָרן בלייך. דער ליטוואַק האָט אים באַטראַכט מיט דורכדרינגלעכע אויגן.

— האָט נישט קיין מורא, — האָט ער אים געזאָגט, — מיר דאַרף מען קיין פינגער אין מויל נישט לייגן. איך קאָן זען, הערן און שווייגן... אָבער מישט זיך נישט. הערט מיין עצה. איך האָב זיך אויך אַמאָל געמישט, שטאַרק געמישט... געוואָלט פאַרזאָרגן די גויים... דער ערשטער פּאָגראָם האָט מיך קלוג געמאַכט...

ניסן האָט געוואָלט ענטפערן, נאָר דער ייד איז אַרויס פון זיין צימער. ער איז געבליבן מיט זיין ווייטיק און פאַרצווייפלונג אויף זיין בעטל. פון הויף האָבן די טרויעריקע געזאַנגען פון די בעטלערס גאָרנישט אויפגעהערט אויף קיין איין מינוט. דעם יידנס ווערטער האָבן אים געדריקט, געלייגט זיך אים ווי אַ שטיין אויפן האַרץ.

ניין, ער האָט נישט געגלויבט אין די רייד פון דעם ייד וועגן די אייביקע פּאָגראָמען. ער האָט געוואוסט, אַז שווער איז דער וועג פון דער אויסלייזונג, אַ וועג פול מיט דערנער, שטרויכלונגען און שפּיציקע שטיינער, איבער וועלכע די קלעטערער צו פרייהייט וועלן נישט איינמאָל פאַלן, צעבלוטיקן זיך, ביז זיי וועלן קומען צום שפּיץ. ער האָט געוואוסט פון דער געשיכטע

פון רעוואָלוציעס און פרייהייטן, אַז שטענדיק איז זייער וועג געווען נאָס פון בלוט און טרערן. ער האָט געוואוסט, אַז דאָס איז געשען צוליב דער העצע פון אויסוואורפן, פּאָליציי־לייט און פאַרברעכער, וואָס האָבן אויפֿ־געהעצט די אַרבעטער, די נאָך נישט־באַוואוסטזיניקע און פאַרביטערטע, קעגן די יידן, כדי אָפּצוציען זיי פון זייערע אמתע שונאים. ער האָט דאָס אַלץ געוואוסט, עס איז אים געווען קלאָר. אָבער דאָס איז בלויז געווען אין געדאַנק, אין קאָפּ. דאָס האַרץ האָט אַנדערש געפילט.

פאַר זיינע אויגן זענען געשטאַנען די שרעקלעכע טעג. די צעיושעטע גויים מיט די שטעקנס אין די הענט, די ווילדע געשרייען און קולות, דאָס רייסן, שלאָגן און ממיתן עלטערע, ווייבער און קינדער אַפילו.

— שלאָגט די יידן! — האָבן זיי געשריגן. — פאַרטיליקט זיי, די אומגלויביקע!

אַרבעטער זענען דאָס געווען, פּראָלעטאַריער, פאַר וועמען די פאַברי־קאַנטן קאָנצענטרירן זייערע קאַפּיטאַלן, כדי זיי זאָלן צו זיי איבערגיין, ווען די צייט וועט קומען. אָט זיי, פאַר וועמען ער קעמפט, די צוקונפט פון דער וועלט, האָבן דאָס, צוזאַמען מיט גאַסן־יונגען און באַלוטע אונטערוועלט־פאַרשוינען, דעם אָרעמען אַרבעטער־פערטל פון זייערע חברים יידישע אַר־בעטער ראַבירט און געשלאָגן. און ספיקות, יאוש האָבן געגריזשעט זיין מוח. דעם באַלעבאָס׳ ווערטער וועגן די אייביקע יידן און גויים האָבן אים ווי אָנגעגליטע נאָדלען אין קאָפּ געשטאָכן.

שטאַרבן... נאָר שטאַרבן... האָט אים אַ געדאַנק געעגבערט און גע־רייצט. — מער איז גאָר נישטאָ וואָס צו טאָן איצט.

ער איז געווען אַזוי אַפּאַטיש, אַז ער האָט אַפילו נישט אויפגערוימט די פּאַפּירן און ביכלעך, דעם חמץ, ווי דער באַלעבאָס זיינער האָט אים אָנ־געזאָגט. עס איז אים געווען גלייכגילטיק, אַלצאיינס וואָס ס׳וועט זיין.

אפשר איז דער מענטש שלעכט, געמיין אין זיין וועזן, — האָבן אים פינצטערע געדאַנקען געפּייניקט אין זיין בעטל, — אפשר זענען נישט בלויז אין אַלעם שולדיק די עקאָנאָמישע באַדינגונגען, ווי ער האָט גע־גלויבט, נאָר עס שטעקט אין מענטש אַליין דאָס געמיינע און מיאוסע, וואָס קיין שום וואַסערן וועלן נישט אָפּוואַשן. אפשר איז גערעכט די תורה, וואָס זאָגט, אַז דעם מענטשנס האַרץ איז שלעכט פון געבוירן. אפשר האָט זיי געקענט בעסער שאָפּענהויער, דער אָמאָליקער באַליבטער פילאָזאָף זיינער, וואָס ער האָט אים אַמאָל אַזוי דורשטיק געשלונגען ביי פּייוועלע דעם שמאַ־טע־הענדלער און וואָס שפּעטער האָט ער אים פאַרוואָרפן, אויסגעביטן אויף דעם אידעאַליסטישן העגעל און פּראַקטישן מאַרקס.

ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ שלאָף, אַ שווערן, אַ קאָשמאַרן, פול מיט שלעכטע חלומות און שרעק. ער האָט געזען צעיושעטע מענטשן, דער־שראָקענע יידן, געהערט ווילדע געלעכטערס, און דורך אַלעם האָט זיך דורכ־געריסן די שטים פון זיין באַלעבאָס דעם ליטוואַק וואָס האָט געשריגן:

„אייביק וועט עס אַזוי זיין, אייביק!״ אין די קליידער, אומגעגעסן, אומ־געוואַשן, אָן פייער אין שטוב ביינאַכט, איז ער אַזוי אָפּגעשלאָפן אַ מעת־לעת צייט ווי אין הינערפּלעט.

אויפגעוועקט האָט אים אַ פרימאָרגן־זון, אַ ליכטיקע און פריילעכע, וואָס האָט זיך דורך דעם גאַנצן לאָדזשער שטויב און רויך אַריינגעריסן אין הויפּישן פענצטער. צוזאַמען מיט דעם שווערן שלאָף, איז פון אים פאַר־שוואונדן זיין יאוש, אַפּאַטיע און דערשלאָגנקייט. ער האָט דערפילט אַ ווילן צו לעבן, אָפּצוואַשן זיך, צו באַוועגן זיך, צו טאָן עפּעס אין די טעג פון אומגליק און צעפאַלונג.

ווי די פרומע יידן, ווי דער פאָטער זיינער, וואָס אין זייער גלויבן אין משיחן, אין דער אויסלייזונג פון דער וועלט, קאָנען קיין צרות און דער־ווייליקע פּיין נישט צונעמען ביי זיי די האָפענונג אין דער גאולה, וואָס מוז קומען, כאָטש זי זאַמט זיך שוין טויזנטער יאָרן, אַזוי האָט ער אויך געגלויבט איצט אין זיין נייער אמונה, און ער האָט געטריבן די שוואַרצע, שלעכטע געדאַנקען, אָפּגעשאָקלט זיך פון זיי, פון קאָפּ אַרויסגעיאָגט. פאַר־קערט, ערשט איצט, אין דער אַרומיקער פאַרצווייפלונג, דאַרף ער לאָזן הערן אַ וואָרט פון טרייסט און גלויבן, קלאָר מאַכן די דערשלאָגענע מענטשן פון באַלוט, וועקן זיי צו גלויבן אין דער צוקונפט, וואָס וועט מוזן קומען.

ער האָט אָפּגערייניקט די שטוב פון יעדער פאַרדאַכט. ער האָט זיך אָפּגעוואַשן, אָנגעטאָן און אַוועק אויפזוכן זיינע מענטשן כדי צו באַראַטן זיך, וואָס צו טאָן.

ער האָט נישט געפונען קיינעם. זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, נישט גע־וואָלט ווייזן זיך אין די שרעקלעכע טעג. די, וואָס ער האָט געטראָפן, האָבן מיט אים נישט געוואָלט רעדן.

— טראָג זיך אָפּ, — האָבן זיי אים געזאָגט, —— די וועבער וועלן מיט קאָלט וואַסער אָפּגיסן, אַז מען וועט זיי איצט קומען ווייטער רעדן וועגן אַזעלכע זאַכן...

ער איז שטילערהייט אַוועק צו טוביהן. אָבער ער האָט אים נישט גע־טראָפן אין דער היים.

— דער טאַטע איז אין פלידערבוימס שפּיטאָל, — האָט אים באַשקע געזאָגט אַ טרויעריקע. — אַ שייגעץ האָט אים אַ שטיין געוואָרפן אין קאָפּ. און פאַר דער מאַמען ווייזט זיך נישט. זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט אייך שלאָגן...

אַליין איז ער אַוועק צו זיך אין שטוב, אַליין אַ פּראָקלאַמאַציע אָנגע־שריבן, אָן אויפקלערונג צו די יידישע אַרבעטער פון באַלוט. פול מיט ביטערע רייד קעגן דעם קאַפּיטאַל, וואָס פאַרשפּרייט ברודער־האַס, מיט לאָגישע דערקלערונגען וועגן דער פּראָוואָקאַציע פון דער פּאָליציי, וואָס האָט דעם צאָרן פון פאַרביטערטן פּוילישן אַרבעטער אָפּגעווענדט פון זיין קלאַסן־שונא אויף זיין אייגענעם ברודער־אַרבעטער, האָט ער גערופן נישט

אַריינצופֿאַלן אין יאוש און האַס, נאָר ווייטער גלויבן אין דער ברידערלעכער איינהייט פֿון פּראָלעטאַריאַט. און פֿאַרענדיקט האָט ער מיט אַ סך „נידערס" קעגן דעם קאַפּיטאַליזם און דער זעלבסטהערשאַפֿט און מיט אַ סך „עס לעבעס" פֿאַר דער פֿאַראייניקונג פֿון די פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער. אַ גאַנצן מעת־לעת צייט איז ער אָפּגעזעסן אין שטוב און די פּראָקלאַמאַציע איבערגעשריבן אין אַ סך עקזעמפּליאַרן. דערנאָך איז ער אַוועק אין מיטן־נאַכט אויפֿן באַלוט און מיט די אייגענע הענט די פּאַפּירן אָנגעקלעפּט אויף די קרומע ווענט און פֿאַרקאַנעס.

איינער אַליין האָט ער געוואָלט צוריק אויפֿבלאָזן דאָס פֿייער אין ים פֿון רויך און טשאַד. ער האָט שוין טאַקע געהאַט אָנגעקלעפּט אַ היפּש ביסל אויפֿרופֿן זיינע אויף די ווענט פֿון די שולעכלעך, פּלויטן און ראָגן, כּדי שטילערהייט זיך אַרויסצורוקן פֿון באַלוט און גיין דורך זייטיקע וועגן אַ היים, ווי מיט אַמאָל האָבן צוויי פּאָליציאַנטן זיך אַרויסגערוקט און אים אָנגעכאַפּט ביי די הענט.

— פֿון אָרט זיך נישט רירן, מיר וועלן שיסן!

געשיקט און פֿלינק האָבן זיי אים אַ קייטעלע פֿאַרלייגט אויף אַ האַנט און אים אין אַ דראָזשקע אָפּגעפֿירט אין פּאָליציי־צירקל.

אין הויף פֿון צירקל זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט פֿוןביידע זייטן קאָזאַקן מיט נאַגייקעס אין די הענט. ניסן איז געבליבן שטיין ביים געעפֿנטן טירל אין טויער. די סטראַזשניקעס האָבן אים אַ צי געטאָן.

— פּאַשאָל, מוישע! — האָבן זיי געזאָגט לאַכנדיק.

דאָס איז געווען אַ סימן פֿאַר די קאָזאַקן, אַז מען פֿירט אַ ייד און זיי מעגן זיך לאָזן וואוילגיין. פֿון ביידע זייטן האָבן גענומען פֿאַלן אויף ניסנס קאָפּ, אַקסלען און הענט די קאָזאַקישע בייטשן. ער האָט געוואָלט זיך דורכלויפֿן דעם בראַנד, נאָר די קאָזאַקן האָבן אים אַ פֿוס אונטערגעשטעלט, נישט געלאָזט גיין.

— בעי זשידאַ! — האָבן זיי געשריגן און געפּייפֿט מיט די בייטשן.

אַז די סטראַזשניקעס האָבן געזען, ווי ער פֿאַלט אויף דער ערד, האָבן זיי אים גיך אַריינגעשלעפּט אינעווייניק און פֿאַרהאַקט די טיר.

אַ צעשלאָגענעם, אַ צעבלוטיקטן האָבן זיי אים אַריינגעפֿירט צום נאַכטיקן דעזשורני און געמאָלדן:

— געכאַפּט אים קלעפּן פּאַפּירן אויפֿן באַלוט. אָט־אָ זענען זיי.

זיי האָבן בייגעלייגט אַ פֿריש פּאַפּיר, וואָס זיי האָבן אַראָפּגענומען פֿון וואַנט.

— באַזוכן אים! — האָט דער דעזשורני באַפֿוילן.

די סטראַזשניקעס האָבן אים באַזוכט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס.

— דיין נאָמען, פֿאַמיליע־נאָמען און אַדרעס? — האָט דער דעזשורני געפֿרעגט.

— נישט דוצן מיך! — האָט ניסן געזאָגט שאַרף.

דער דזשורני האָט אים באַטראַכט.

— אַהאַ, אַן אינטעליגענט, — האָט ער געזאָגט מיט אַ געלעכטער. — אייער נאָמען, פאַמיליע־נאָמען און אַדרעס?

ניסן האָט נישט געענטפערט. ער האָט זיך געווישט מיט אַ טיכל דאָס אָנגעלאָפענע פּנים.

— נו, גוט, מיר וועלן זיך שוין אַליין דערוויסן, — האָט דער דזשורני געזאָגט און געהייסן אים אַריינפירן אין אַרעסט.

אין דער גרויסער קאַמער איז געווען פול, אָנגעשטאָפּט מיט אַרעס־טירטע. עס זענען דאָ געזעסן פאַרהאַלטענע גנבים און מענטשן אָן פּעסער, סקאַנדאַליסטן, שיכּורע דראָזשקאַרעס, שלעפּער, עטלעכע פאַרהאַלטענע משוגעים און מאַסן אַרבעטער, סיי פּאַר שטרייקן אין די פאַבריקן, סיי פּאַר ראַבירן יידן. מען האָט געהאַלטן אין איין פירן נייע און נייע. אַ שטיקעניש, שמוץ, רויך, געשרייען. געוואַלדן, געלעכטער, געווייִנען האָבן זיך צונויפגעמישט אין דער גרויסער פאַרקראַטעוועטער קאַמער, באַ־לויכטן מיט אַ קליין נאַפט־לעמפּל, וואָס האָט אַלץ געהאַלטן אין פינצטערניש געהילט. אַ חברה יונגען האָט געקלאַפּט מיט די פויסטן אין טיר, גערופן דעם שליסער, נאָר ער האָט זיך נישט אָנגערופן.

דאָס האָבן זיי גערופן אַרויסצולאָזן זיי צוליב אַ מענטשלעכן געברויך. נאָר דער שליסער האָט נישט געוואָלט עפענען. צופיל האָבן די מענטשן אים אָפּגענאַרט דערמיט.

די נאַרעס זענען געווען פאַרנומען. ניסן האָט אויסגעזוכט אַ ווינקל, אַוועקגעלייגט אַ האַנט צוקאָפּנס און אויסגעצויגן זיינע צעווייטיקטע ביי־נער אויף דער הוילער שמוציקער ערד. חברה־לייט זענען צוגעקומען און געפּאָדערט געלט אויף בראַנפן, נאָר ניסן האָט נישט געגעבן.

— לאָזט מיך שלאָפן, — האָט ער געזאָגט פעסט, מיט אַ טאָן פון איינעם, וואָס ווייסט שוין, וואָס געפענקעניש איז.

— נישט קיין „וויטישער״, — האָבן די חברה־לייט געזאָגט. — ער האָט שוין אומעטום זיין שטרוי־זאַק.

און זיי זענען אַוועקגעגאַנגען פון אים זוכן „פּריצעס״.

ניסן האָט דערפילט דעם גאַנצן ווייטיק פון זיינע צעשלאָגענע ביינער. די בייטשן האָבן געשניטן זיך אין לייב שטאַרקער ווי פריער.

דורך די פאַרקראַטעוועטע פענצטער האָט אַריינגעקוקט אַ גרינער מאָרגן־שטראַל.

נאָך עטלעכע טעג אָפּוואַלגערן זיך אין אַרעסט, אין שמוץ, אומריינקייט און אין ענגשאַפט, האָט מען אים אַרויסגערופן צום אויספאָרשער.

אין אַ ליכטיקן קאַבינעט, ביי אַ טיש מיט אַ גרין טישטעך איבער־געדעקט, איז געזעסן אַ גלאַט־ראַזירטער זשאַנדאַרמען־פּאָלקאָווניק מיט גאָל־דענע לויטערע ברילן.

— זעצט אייך, — האָט ער איינגעלאַדן דעם אַריינגעפירטן ניסן. — איך זע אייך דאָס ערשטע מאָל. — אַ לאָדזשער? אַ צוגעפאָרענער?

— אַ לאָדזשער, — האָט ניסן געענטפערט.

— איך ווייס נישט אייער נאָמען, — האָט דער פּאָלקאָווניק געזאָגט מיט אַ שמייכל, — איר האָט אים אין פּאָליציי־אַרעסט נישט געוואָלט געבן.

— מען האָט מיך געשלאָגן, — האָט ניסן געזאָגט מיט כעס. — זעט מיין פּנים.

— ס'טוט מיר זייער לייד, — האָט דער פּאָלקאָווניק געענטפערט, קוקנדיק מיט אַ ליידנדיקער מינע אויף דעם אַרעסטירטן. — אָבער די צייטן זענען אַזעלכע, אַז אונדז איז שווער צו קאָנטראָלירן. איר האָט צופיל טומל אָנגעמאַכט אין שטאָט. מען האָט געמוזט אַרויסרופן קאָזאַקן. און איר ווייסט דאָך, אַז זיי זענען היציקע שלעגער, אַזוי צו זאָגן... ביי זשאַנדאַרמען וואָלט עס נישט געטראָפן....

ער האָט צופרידן געשמייכלט פון דעם אונטערשיד צווישן די ווילדע קאָזאַקן און גוט־דערצויגענע זשאַנדאַרמען.

— איר וועט פאַררויכערן? — האָט ער אונטערגערוקט ניסנען אַ קעסטל פּאַפּיראָסן.

— אַ דאַנק, — האָט ניסן געזאָגט, נישט נעמענדיק דעם פאָרגעלייגטן פּאַפּיראָס.

דער פּאָלקאָווניק האָט צוריקגעצויגן דאָס קעסטל פּאַפּיראָסן און גע־נומען אָפּרייניקן די פעדער.

— אַלס אַ לאָדזשער רעדט איר זייער אַ שיינעם רוסיש, — האָט ער אים געמאַכט אַ קאָמפּלימענט. — האָט איר שטודירט אין פּוילן? אָדער אין רוסלאַנד?

— איך בין געווען אונטער פּאָליצייאישער אויפזיכט אין רוסלאַנד, — האָט ניסן געזאָגט. — מיין נאָמען איז ניסן אייבעשיץ.

— זייער אַנגענעם, — האָט דער פּאָלקאָווניק געזאָגט און פאַרצייכנט דעם נאָמען. — דאָס איז דאָס בעסטע. מיר וואָלטן סיי־ווי־סיי דערגאַנגען. איר האָט בלויז פאַרשפּאָרט איבעריקע אַרבעט, הער אייבעשיץ.

מיט זייער איידעלע ווערטער האָט דער פּאָלקאָווניק פּרובירט אַרויסבאַ־קומען ביי דעם אַרעסטירטן, צו וועלכער פּאַרטיי ער געהערט — צום „פּראָ־לעטאַריאַט", צום „זוויאָנזעק", אָדער אפשר גאָר צו אַ ניי־געבוירענער פּאַרטיי.

— נישטאָ קיין איינהייט אין אייערע רייען, — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל. — איר שפּאַלט זיך אָפּט און פאַרשאַפט אונדז פיל אַרבעט... מען שמועסט, אַז די „פּראָלעטאַריאַט" האַלט ווידער ביי אַ שפּאַלטונג. ווי מיינט איר?

נאָר ניסן האָט אויף דעם קיין ענטפער נישט געגעבן. האָט דער פּאָל־קאָווניק אַריינגעקוקט אין דער פאַרכאַפּטער פּראָקלאַמאַציע, וואָס איז גע־

לעגן לעבן אים, ער האָט זי פאַרגליכן מיט דער רוסישער איבערזעצונג, וואָס דער סעקרעטאַר פון דער קהילה האָט פאַר אים ווערטערלעך געמאַכט, און ער האָט גענומען רעדן וועגן דעם „ראַבונעק” אין שטאָט.

— זייער אומאַנגענעם, — האָט ער געזיפצט. — איך באַדויער ווירקלעך.

— דאָס איז אייער אַרבעט, — האָט ניסן געזאָגט.

— ניין, אייער אַרבעט. — האָט אים דער פּאָלקאָווניק איבערגעריסן. — יידן דאַרפן זיך נישט מישן. איר דאַרפט האַנדלען, דאָס איז אייער ספּעציאַליטעט, עס וואָלט געווען בעסער פאַר אונדז און פאַר אייך... טראַכט וועגן מיינע רייד.

— איך האָב מיר מיין קוק אויף די זאַכן, — האָט ניסן געזאָגט.

— איך האָף, אַז אין געפענקעניש, וואו איר וועט האָבן אַ סך פרייע צייט צו טראַכטן, וועט איר נאָכדענקען און איינשטימען מיט מיר, — האָט דער פּאָלקאָווניק פאָטערלעך גערעדט. — איצט זענט איר מיד, נישט אויסגעשלאָפן און איך וויל אייך מער נישט מאַטערן. מיר וועלן זיך נאָך זען. אפשר פאַרלאַנגט איר עפּעס? זאָגט מיר, און אויב עס וועט זיין מעגלעך, וועל איך אייך דינען.

— איין זאַך, הער פּאָלקאָווניק, שיקט מיך נישט מער אין אַרעסט, נאָר אין טורמע.

— איך האָב עס אַליין שוין געהאַט אַזוי באַשלאָסן, — האָט דער פּאָלקאָווניק געענטפערט און אָנגעקלונגען נאָך דער וואַך.

צוויי סטראַזשניקעס האָבן אים אַריינגעזעצט אין אַ דראָזשקע און אָפּגעפירט אויף דלוגע גאַס אין טורמע.

— מען שיקט און שיקט, — האָט דער טורמע־אויפזעער זיך געבייזערט, — אַז איך האָב שוין גאָרנישט וואו זיי אַריינצופּאַקן. אַזאַ אומגליק...

צוויי פאַרשלאָפענע וועכטער האָבן ניסנען אויסגעטאָן ביז נאַקעט, באַטאַפּט אים, געהייסן אַראָפּבויגן, געזוכט אים אין די באַהאַלטענע ערטער. פון די קעשענעס האָבן זיי ביי אים צוגענומען אַלץ, פון אַ בלייפעדער ביז אַ פּאַפּיראָס, פון אַ שוועבעלע ביז דעם בייטעלע מיט קליינגעלט. אויך די הויזנטרעגער און קראַוואַט האָבן זיי פון אים צוגענומען.

— נעמט! — האָבן זיי אים געזאָגט, דערלאַנגענדיק אַ קליין נאַפּטלעמפּל און געפירט אים איבער אַ לאַנגן קאָרידאָר. — איר וועט דאָ זיצן דערווייל. שפּעטער וועלן מיר זען.

ווי אַ געהרגעטער האָט ער זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דעם בעטל מיט דער גרויער האַרטער קאָלדרע אין זיין קליינער צעלע. דאָס קליינע פאַרקראַטעטע קעמערל מיטן בעטל, טישל און בענקל האָט, נאָך דעם שמוציקן פּאָליציי־אַרעסט, אויסגעזען אין זיינע אונטערגעשלאָגענע אויגן ווי אַ פּאַלאַץ.

פון דער וואַנט האָבן גלייך גענומען אויסקלאַפּן טורמע־קלעפּ. ניסן האָט צוגעלייגט אַן אויער.

— גוטן אָוונט. ווער זיצט דאָ? — האָבן די קלעפּ געפרעגט.

ניסן האָט אויסגעקלאַפּט זיין נאָמען.

— וואָס הערט זיך אין שטאָט? — האָט דער שכן פון יענער זייט געפרעגט און אָנגעגעבן זיין נאָמען.

באַלד האָט ער אויך אויסגעקלאַפּט, אַז ווי מען האָט זיך דערוואוסט אין טורמע, וועט מען די אַרעסטירטע לאַנג נישט האַלטן ביזן פּראָצעס. מען וועט עס מאַכן גיך. און געבן וועט מען גרויסע טערמינען, ביז אַכט און צען יאָר. ניסן האָט מיט קלעפּ אין דער וואַנט אויסגעפרעגט וועגן דעם רעזשים אין טורמע, וועגן עסן, שפּאַצירן, שלאָפן, און דער עיקר וועגן לייענען. פון יענער זייט וואַנט האָט מען אים אויסגעקלאַפּט, אַז ביכער זענען דאָ אַ סך, אויך פּאָליטישע, גאָר אַ לייטישע ביבליאָטעק, וואָס די פריערדיקע אַרעסטירטע האָבן דאָ איבערגעלאָזט. ניסן איז געוועזן גליקלעך. קיין זאַך איז אים נישט אַזוי געלעגן אין קאָפּ, ווי די ביכער. ער האָט זיך געגרייט אויף אַ לאַנגן טערמין און אויף אַ סך לערנען פאַר דער צייט.

אין איינעם אַ טאָג האָט מען אים אַרויסגערופן צו אַ זעאונג מיט זיין כלה. ניסן איז אַרויס אַ פאַרחידושטער אין קאַנצעלאַריע און געטראָפן די קליינע באַשקע, טוביהס מיידל, מיט אַ פּעקעלע אין האַנט. דער וועכטער האָט ביי איר דאָס פּעקעלע צוגענומען.

— וואָס איז דאָ דערינען? — האָט ער געפרעגט.

— עסן.

— מיר וועלן עס איבערגעבן נאָך דעם, ווי מיר וועלן עס דורכקוקן,—האָט דער וועכטער געזאָגט, און צוגענומען דאָס פּעקעלע. — איר קאָנט רעדן.

ניסן האָט דער מיידל אויסגעשטרעקט אַ האַנט. זי האָט זיך באַגאָסן מיט רויטקייט.

— זייען זי נישט בייז, — האָט זי זיך פאַרענטפערט, — אַנדערש לאָזט מען נישט אַריין, נאָר משפּחה. האָב איך געזאָגט, אַז מיר זענען חתן־כלה.

— אַ דאַנק דיר, באַשקע, — האָט ניסן געזאָגט און איר אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ.

די קליינע האָט געשוויגן.

ניסן האָט זי אויסגעפרעגט אויפן פאָטער, אויף באַקאַנטע.

— דער טאַטע איז שוין אינדערהיים, — האָט זי שטיל געזאָגט, — ער אַרבעט. איך אויך. ער לאָזט אייך גריסן.

זי האָט זיך פאַרטראַכט אַ ווײַלע און שטיל געזאָגט:

— ער וועט ווייטער טוען, ווי פריער. איך אויך. כאָטש די מאַמע שרייט.

— ביסט אַ גוט מיידל, באַשקע, — האָט זי ניסן געלויבט, — נאָר היט דיך, און קיין פּעקלעך דאַרפסטו נישט ברענגען. איך האָב דאָ אַלץ.

די קליינע האָט אים אָנגעקוקט מיט גרויסע דאַנקבאַרע אויגן און זיך פונאַנדערגעוויינט.

— וואָס איז דיר, באַשקע? — האָט זי ניסן באַרואיקט און געגלעט איבערן קאָפּ.
— זיי זענען אַזוי געמיין... אַזוי געמיין... — האָט זי געמורמלט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.
— ווער, באַשקע?
— ביי דער רעוויזיע, — האָט די קליינע געזאָגט און באַגאָסן זיך מיט רויטקייט. — איך האָב מיך אַזוי געשעמט.
ניסן האָט פאַרשטאַנען דאָס מיידל. ער האָט שוין געקענט די טורמע־רעוויזיעס, וואָס מען פירט דורך איבער די, וואָס קומען אויף אַ זעאונג.
— דאַרפסט נישט קומען, — האָט איר ניסן געזאָגט, — ביסט נאָך אַ קינד.
— ניין, איך וועל יאָ קומען, — האָט זי געענטפערט פעסט.
דער וועכטער האָט איבערגעריסן די זעאונג.
— צייט צו גיין, — האָט ער גערופן, קלינגענדיק מיט די שליסלען. — שנעלער.
ניסן האָט דעם מיידל אַ קוש געטאָן אין קאָפּ.

## קאַפּיטל ניין

ביים לאָדזשער וואָקזאַל איז געווען טומלדיק און ראַשיק.
ביי די וואַגאָנען פון דריטן קלאַס האָבן זיך געשטויסן יידן, ווייבער, פּויערטעס, קינדער. כאָטש עס איז נאָך געווען היפּש צייט צום אָפּגיין פון צוג, האָבן אַלע געשריגן, געאיילט, געיאָגט זיך, געלאָפן מיט די פּעקלעך און זעקלעך. ווייבער האָבן מורא געהאַט אַרויסצולאָזן די זאַכן פון די הענט, נישט פאַרשטאַנען דעם קאָנדוקטאָרישן רוסיש, און זיי האָבן געוויינט און געיאָמערט, טוליענדיק די פּעק אין די הענט. דאָס זענען זיי צו מאַנען קיין אַמעריקע געפאָרן. דאָס איינציקע, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, זענען געווען די פּעק בעטגעוואַנט און די קינדער. און זיי זענען געווען דערשראָקן און צערודערט. אַלע ווילן זענען זיי די קינדער אויפסנייַ פאַרשוואונדן. דערצו האָבן זיך גנבים געדרייט, געכאַפּט פּעקלעך און אַרויסגעצויגן געלט פון אונטער די הענט.
— געוואַלד, מיין געלט! — האָבן אַלע מאָל אַנדערע ווייבערישע קולות דורכגעריסן די געדיכטע לופט.
אַ סך איז מען איצט פון לאָדזש קיין אַמעריקע געפאָרן. נאָך דעם קריזיס זענען מענטשן בדלות געוואָרן, געבליבן מיט די פּאַפּירענע וועקסלעך אין די הענט, און מען איז געלאָפן ראַטעווען זיך קיין אַמעריקע. אַנדערע זענען צעריבט געוואָרן ביים „ראַבונעק", קלעפּ געכאַפּט, און זיי זענען אַוועק פון דער אומרואיקער שטאָט צום נייעם לאַנד.

צום הונדערטסטן מאָל האָבן טאַטעס געזעגנט זיך מיט די זין זייערע און אָנגעזאָגט זיי:

— קינדער, געדענקט צו בלייבן יידן! היטן שבת, לייגן תפילין און נישט גאָלן די באָרד. געדענקט!

— מירן געדענקען, — האָבן די זין געענטפערט און געציילט די פּעקלעך.

פויערטעס האָבן קוישן מיט הינער געוואָלט אַריינשמוגלען אין די וואַגאָנען און געקריגט זיך מיט די קאָנדוקטאָרן. יידן־חסידים, מיט פּעקלעך איינגעבונדענע אין רויטע קעשענע־פאַטשיילעס, זענען צום רבין געפאָרן, צוזאַמען מיט זייערע יינגלעך אין די לאַנגע קאַפּאָטעס, וואָס האָבן ווי קליינע יידעלעך אויסגעזען. זיי האָבן געזונגען חסידישע זמרלעך שוין ביי דער באַן. ליטוואַקעס סוחרים, באַהאַנגענע מיט טשעמאָדאַנען, טשייניקעס, רעגן־שירמס, האָבן געריסן זיך צו די אויבערשטע בענק, כדי צו קאָנען אױ־בערשלאָפן זיך ביז אַהיים. זיי האָבן זיך געקריגט מיט די פּוילישע יידן, וואָס מאַכן ענג אין באַן, און געגוואַלדעוועט דורך די פענצטער צו די באַן־טרעגער:

— נאָסילשטשיק, קיפּיאַטאָק!

אַ וועלט מיט הייסע טיי האָבן זיי אָנגענומען, אין אַלע טשייניקעס, וואָס נאָר זיי האָבן געפירט.

אין די וואַגאָנען איז געווען אַ בהלה. מען האָט זיך געוואָרפן פּעק, געקריגט זיך, געריסן. פרומע יידן האָבן אָנגעטאָן טלית און תפילין און געדאַוונט מיט אַ מנין. ווייבער האָבן אָפּגעדעקט די בריסטן און געזויגן שרייענדיקע קינדער. ליטוואַקעס האָבן געשפּילט אין קאָרטן אויף די אױ־בערשטע בענק. חסידים האָבן געטרונקען לחיים. גויים האָבן געשניטן חזיר־קישקע מיט קניפּערלעך, געגעסן, געשפּיגן און געלאַכט פון די דאַוונענדיקע יידן. קינדער האָבן געוויינט, הינער האָבן געפּישטשעט, אַ חזירל אין אַ זאַק האָט געקוויטשעט, אַ הונט האָט געבילט. און צווישן אַלע האָט זיך דורכגעריסן אַ ייד, אַ „שמייסער", מיט אַ געלער באָרד, אַ געל כאַ־לאַטל, אַ קאָכעדיקער, אַ שרייענדיקער, און צונויפגענומען געלט פאַר פאָרן אויף דער באַן.

— אַ סוף, יידן, ווער האָט נאָך נישט באַצאָלט, אַ סוף! — האָט ער געררופן. — אַרויס מיט די פאַר גילדן!

נישט אַלע האָבן געקויפט בילעטן אין באַן. מען איז געפאָרן אויף „גאַפּע", אויסבאַהאַלטן זיך אונטער די בענק. אָבער די רוסישע קאָנדוק־טאָרן האָבן געהיט. קיין בילעטן האָבן זיי נישט געפאָדערט, אָבער געלט פאַר פאָרן אויף דער באַן אָן אַ בילעט האָבן זיי גענומען. זיי צוהילף האָבן געאַרבעט יידן „שמייסערס", וואָס האָבן ביי די פּאַסאַזשירן צונויפ־גענומען דאָס געלט און דערמיט זיך געטיילט מיט די קאָנדוקטאָרן.

דער געלער „שמייסער" האָט געשטופּט, געגוואַלדעוועט, געקראָכן אונ־

טער די בענק, אַרויסגעטריבן פון דאָרט די באַהאַלטענע יינגלעך און גע־מאַכט קולות:

— שנעלער, די פּאָר גילדן אַהער; אַ נישט, וועל איך ביים קאָפּ אַראָפּ־וואַרפן...

דער רוסישער קאָנדוקטאָר איז מיטגעגאַנגען אין אַ זייט און געהאָלפן אין דער אַרבעט.

— בגפו יבוא? — האָט ער געפרעגט מיט אַ פּסוק פון דער תורה, וואָס די „שמייסערס" האָבן אים אויסגעלערנט.

—— בגפו יצא! — האָבן די פּאַסאַזשירן אָן בילעטן געענטפערט און באַצאָלט פאַר פאָרן אָן אַ בילעט.

מער נאָך ווי אויף די, וואָס באַהאַלטן זיך אונטער די בענק, האָט דער „שמייסער" געשריגן אויף די, וואָס האָבן געקויפט אַ בילעט ביי דער קאַסע:

— זע נאָר די מצוה, וואָס מען האָט געטאָן אין פּאָניען! — האָט ער געגוואַלדעוועט. — נישט גלייכער געווען געבן אַ ייד צו פאַרדינען און פאָרן פאַר ביליקער. ערגער ווי גויים זענט עץ!...

— דער מלאך־המות וועט קומען? — האָבן די חסידים געפרעגט. דאָס האָט געמיינט דעם קאָנטראָליאָר.

— נישט קומען מאַלכעמאָוועס, — האָט דער קאָנדוקטאָר באַרואיקט, — יעי באָגו...

יידן און גויים האָבן געשלעפּט געלט פון בייטלען און געזיפצט ביי יעדן גילדן. ווייבער און פויערטעס האָבן געשלעפּט קניפּלעך פון די בוזעמס, פון די זאָקן און געדונגען זיך מיט דעם „שמייסער".

— ס'אַ באַן, נישט קיין פיש־מאַרק, — האָט דער „שמייסער" גע־שריגן, — נישט דינגען זיך...

ביי דער ערשטער און צווייטער קלאַס זענען געשטאַנען מענטשן אויסגעפּוצטע, שמייכלענדיקע און רואיקע. עטלעכע אָפיצירן זענען גע־פאָרן און זייערע אָרדינאַנסן האָבן זיי זייערע רייזע־טאַשן נאָכגעטראָגן. סוחרים האָבן ברייט אַרומשפּאַצירט אויפן פּעראָן, געקוקט אַלע ווײַלע אויף די גאָלדענע זייגערס און געלאָזט בלויע קנוילעכלעך רויך פון די דיקע ציגאַרן. אַ פּאָר פאַרבלאָנדזשעטע פּריצים, מיט יעגער־ביקסן און מיט הינט, האָבן הויך גערעדט און געלאַכט. מער פון אַלץ זענען גע־פאָרן דאַמען אין די בעדער. די באַן־טרעגער האָבן נאָך זיי געשלעפּט פּעק מיט וואַליזעס, שאַכטלען, טאַשן און טעשלעך, פול מיט קליידער און שמאָכטעס, גענוג אויף עטלעכע וואָכן צייט צו פאַרברענגען אין די אויסלענדישע וואַרעם־בעדער. אויסגעפּוצטע, מיט ריזיקע היט און פלאַ־טערנדיקע פעדערן, מיט לאַנגע קליידער, האָבן זיי אַרומשפּאַצירט מיט פאַר־ריסענע קעפּ און שוין באַצייטנס גערעדט דייטש. זיי האָבן צוגענומען ביי די באַגלייטער די גרויסע בוקעטן בלומען, די פודלען שאָקאָלאַד, געקושט

זיך, געזעגנט זיך, געפאַלן זיך אין די אָרעמס אַנגעזאָגט, אַ סך גרוסן, ווידער געקושט זיך, צעגאַנגען זיך אין זיסקייטן, געווישט זיך די אויגן, געלאַכט און געשנורעוועט די פּיסקלעך.

אין ברייטע וועג־קליידער, אין העלע, מיט ענגלישע קראַטן, אַזוי, אַז עס זאָל אים מאַכן ברייטער און אַנזעעוודיקער, מיט אַ ציגאַר אין מויל, איז אַרומגעגאַנגען אַן אומרואיקער מאַקס אַשכנזי, דער פאַרטרעטער פון הונצעס מאַנופאַקטור, און גיך גערעכנט מיטן בליישטיפט אויף וואָס עס איז אים געקומען אונטער דער האַנט, אויף די ברעגן פון די דייטשע צייטונגען וואָס ער האָט געלייענט אויף די קליינע נאָטיץ־ביכלעך, וואָס ער האָט געהאַט פול אין יעדער קעשענע, אַפילו אויף דער פּודלע פון ציגאַרן. ער האָט גענעצט דעם שפּיץ בליישטיפט אַלע ווײַלע אין מויל און גיך ציפערן אַנגעוואָרפן, אַ סך ציפערן.

— גוטען טאָג, הער אַשכנזי, — האָט מען אים געגריסט און געצויגן פאַר אים די היט און די צילינדערס, — וואוהין דען רייזן זי?

— אויף איין פערגעניגן־רייזע, — האָט אַשכנזי געזאָגט אַ ליגן, כדי נישט צו דערציילן וואוהין ער פאָרט.

— פיל פערגעניגן, — האָבן אים די מענטשן געוואונטשן, כאָטש זיי האָבן געוואוסט, אַז ער נאַרט זיי.

— דאַנקע, — האָט אַשכנזי אַרויסגעוואָרפן אַ ברום, צוזאַמען מיט אַ קנויל רויך, און נאָך אַמאָל גענומען ציילן די פיל לעדערנע רייזע־טאַשן, געפּאַקטע מיט קליידער און מוסטערן, וואָס ער האָט געפירט.

ניין ער איז נישט געפאָרן אויף קיין פאַרגעניגן־רייזעס מאַקס אַשכנזי, כאָטש עס איז שוין שטאַרק הייס געווען און די תמוז־זון האָט געברענט די פאַררויכערטע ענגע שטאָט. דאָס איז ער געפאָרן איצט קיין רוסלאַנד, כדי צו פאַרקויפן סחורה און אָנקניפּן נייע פאַרבינדונגען מיט גרויסע סוחרים פאַר זיין גענעראַל־פאַרטרעטונג. עס איז איצט צוריק גוט געוואָרן אין לאָדזש נאָך דעם קריזיס, בעסער אַפילו ווי פריער. די שטאָט האָט זיך אויסגערייניקט, ווי אַ קראַנקער נאָך אַן אָפּפיר־מיטל. עס איז גוט פאַר אַזאַ שטאָט, אַז זי רייניקט זיך אָפּ אַביסל, — האָט אַשכנזי געטראַכט, — לאָזט אַרויס אַביסל שלעכט בלוט, ווי אַ מענטש, וואָס מען לאָזט אים אַן אָדער. דאָס שלעכטע בלוט גייט אַרויס, דאָס געזונטע ווערט ריי־נער. צופיל האָבן שוין די קליינע פאַבריקאַנטלעך און סוחרימלעך פאַר־פּאַסקודיעט די שטאָט. מען האָט קאָנקורירט, מען האָט קאַליע געמאַכט דעם מאַרק, פאַרקויפט אונטערן פּרייז, יעדן קבצן און שלעפּער געגעבן קרעדיט, אַזוי, אַז עס איז שוין אוממעגלעך געוואָרן עפּעס אויפצוטאָן אין לאָדזש. איצט האָט דער קריזיס די גאַנצע חברה אָפּגעשווענקט, אַרויס־געוואָרפן זיי ווי מיסט. די שוואַכע האָבן די ערשטע נישט געקאָנט איבער־טראָגן דעם קריזיס; זיי זענען אַרויסגעשפּרונגען, אומגעקומען. געבליבן זענען נאָר די גרויסע פאַבריקאַנטן און סוחרים, די שטאַרקע און סאָלידע.

אמת, אויך זיי האָבן געכאַפּט קלעפּ; אָבער דאָס האָט זיי פון די פּיס נישט אַראָפּגעוואָרפן. זיי זענען געבליבן פעסט אויפן פלאַץ. און איצט וועלן זיי זיך טאַקע אָפּנעמען פאַר די שלעכטע צייטן, כפל־כפלים וועלן זיי זיך אָפּנעמען. מען וועט קאָנען נעמען אַ פּרייז פאַר סחורה, געבן נאָר אויף גוטע וועקסלען. אויך די אַרבעטער וועלן איצט אַרבעטן פאַר וויפל נאָר מען וועט זיי געבן. די פּיס וועלן זיי קושן. זיי האָבן שוין געהאַט אַ לערע, ווי אַזוי צו שטרייקן.

איצט טאַקע, נאָך דעם ווי אַלץ האָט זיך אַזוי אויסגעלייטערט, איז מאַקס אַשכנזי אַרויסגעפאָרן קיין רוסלאַנד. מען האָט געדאַרפט אויסגלייכן זיך מיט סוחרים, אָנקניפּן נייע פאַרבינדונגען, אָנהויבן אַלץ אויפסניי, אויסגעפינען נייע מערק און פלעצער. און ער איז געווען פול מיט גלויבן און האָפענונג.

אמת, אויך זיין לאַגער האָט געכאַפּט עטלעכע קלעפּ אין קריזיס: אָבער מיט חסד. ער האָט אַלע מאָל געהאַלטן דעם קאָפּ אויפן מאַרק, נישט גע־וואָרפן מיט קיין סחורה, ווי אַנדערע. ער האָט געוואוסט, אַז דער קריזיס וועט מוזן קומען. אויך ביים „ראַבונעק" האָט מען אין זיין לאַגער נישט גערירט. זיי זענען געלאָפן די גוים, צו די קליינע קרעמערלעך. די גרויסע האָבן זיי נישט געטשעפּעט, דאַנקען גאָט. ער אַליין, אַשכנזי, האָט אַפילו יאָ געכאַפּט מיט אַ שטעקן; אָבער קיין גרויסע זאַכן זענען עס נישט געווען. עס האָט זיך באַלד אויסגעהיילט. איצט איז אין לאָדזש געווען רואיק און שטיל. דער גובערנאַטאָר האָט איבערגעלאָזט קאָזאַקן און צוגעזאָגט, אַז פון איצט אָן וועט ער שוין זאָרגן פאַר רו און אָרדענונג. מאַקס אַשכנזי האָט געזען, אַז מען וועט קאָנען איצט אַרבעטן און מאַכן געלט. און ער איז געווען צופרידן פון דער רייזע, וואָס ער מאַכט. ביי אים אין פּאָרטפעל איז געווען איינגעפּאַקט אַ סך געלט אויף הוצאות, פיל וועקסלען פון רוסישע סוחרים, אַדרעסן פון סוחרים און קאָמיסיאָנערן, פון האָטעלן און כשרע רעסטאָראַנען, און אויך אַ פּאַפּיר, וואָס ווייזט אויף דעם, אַז שמחה מאיר אַשכנזי איז אַ סוחר פון דער ערשטער גילדע און דעריבער האָט ער רעכט צו פאָרן איבער גאַנץ רוסלאַנד, כאָטש ער איז פון יודע־אישן גלויבן. דאָס, וואָס אין פּאַס האָט ער נאָך אַלץ געהאַט פאַרשריבן דעם אַלטן קאָמישן נאָמען, האָט אים אַביסל געקוועלט, אָבער קיין גרויסע זאָרגן האָט ער זיך דערפון נישט געמאַכט. אויף די וויזיט־קאַרטן איז געווען אָפּגעדרוקט זיין נייער נאָמען — מאַקס.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן גאָלדענעם חתן־זייגער זיינעם און צו־געלייגט אים צום אויער, צו הערן, צי ער גייט. לויט דעם זייגער האָט שוין די באַן געדאַרפט גיין און מען האָט נאָך דעם דריטן קלונג נישט געהערט.

— קאָנדוקטאָר, פאַרוואָס פאָרט מען נישט? — האָט ער געפרעגט דורכן אָפענעם פענצטער פון וואַגאָן.

— אַרעסטאַנטן פירט מען מיטן צוג, — האָט דער קאָנדוקטאָר גע־ענטפערט, — און עס דויערט אַזוי לאַנג ביז מען זעצט זיי אין די וואַגאָ־נען אַריין. מיר וועלן היפּש פאַרשפּעטיקן...

— אָ, — האָט מאַקס אַשכנזי געזאָגט אַ גלייכגילטיקער און אַרויס־געשטעקט דעם קאָפּ דורכן פענצטער.

אויף דעם פּעראָן זענען קאָנוואָי־זעלנער מיט שוואַרצע אוניפאָרמען און מיט הוילע שווערדן אין די הענט געשטאַנען אויסגעשטעלט און דורכ־געלאָזט אַרעסטאַנטן איינעם נאָכן אַנדערן.

— נישט קוקן, אָפּרוקן זיך אין אַ זייט! — האָבן זיי געשריגן צו די מענטשן, וואָס זענען געקומען באַגלייטן די אַרעסטירטע.

דאָס האָבן זיך אין לאָדזש אַ סך אַרעסטאַנטן אָנגעזאַמלט פאַר דער צייט, איבערהויפּט נאָך דעם שטרייק און „ראַבונעק". איצט האָט מען זיי אַרויסגעפירט פון דער שטאָט, כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר אַנדערע. אין די הונדערטער זענען זיי געפירט געוואָרן צו דער באַן, כדי אָפּגעשיקט צו ווערן מיטן עטאַפּ יעדער צו זיין טורמע אָדער געבורטסשטאָט. עס זענען געגאַנגען קרימינעלע אין גרויע אַרעסטאַנטן־קליידער, מענער אין קיילעכ־דיקע היטעלעך און ווייבער אין טיכלעך אויף די קעפּ, און עס זענען גע־גאַנגען באָוואַקסענע פּויערים, וואָס מען האָט געכאַפּט אָן אַ פּאַס. עס זענען געגאַנגען געשמידטע קאַטאָרזשניקעס, קלינגענדיק מיט די קייטן אויף הענט און פיס, און עס זענען געגאַנגען פּאָליטישע, אין ציווילע קליידער און מיט רייזע־טעשלעך אין די הענט. עס זענען געגאַנגען אָפּ־געריסענע בעטלער, ווייבער מיט קינדער אויף די הענט, אַלטע לייט. ייד און גוי. אַ חברה ציגיינער, מענער מיט שוואַרצע בערד און ווייבער מיט פאַרביקע שמאַטעס און מיט קינדער אויף די הענט, האָבן געשריגן אין זייער ציגיינעריש לשון, געפּאָדערט עפּעס. די זעלנער האָבן זיי נישט פאַרשטאַנען און איינגעשטילט מיט קלעפּ.

— ביי די הענט זיך האַלטן, הינטישע זין, — האָבן זיי גערופן, — און נישט אַרויס פון דער ריי!

מחנות־ווייז ריי נאָך ריי, זענען זיי געגאַנגען אויף דעם פּעראָן צו די פאַרקראַטעטע וואַגאָנען, אונטער דער וואַך פון שוואַרץ־מונדירטע קאָנ־וואָי־זעלנער מיט די הוילע שווערדן אין די הענט.

פון דערווייטנס זענען געשטאַנען די אייגענע זייערע, טאַטעס, מאַמעס, קרובים, פריינט, און גערופן, געשריגן און געפאָכעט מיט די הענט.

אין פאַרשידענע וועגן זענען די אַרעסטאַנטן צעשיקט געוואָרן, ווער עס איז געפאָרן קיין וואַרשע אין צענטן פּאַוויליאָן און ווער עס איז גע־פאָרן אין ווייטן סיביר, ווער עס איז געפאָרן אויף אַ פּראָצעס, ווער אויף קאַטאָרגע, ווער בלויז צו זיין שטאָט, וואו ער איז געבוירן, און ווער אין ווייטע רוסישע שטעט אויף לאַנגע יאָרן פאַרשיקונג. צווישן די אין די ציווילע קליידער זענען געווען הונדערטער אַרבעטער, וואָס זענען אַרעס־טירט געוואָרן ביים שטרייק און „ראַבונעק", אויך סטודענטן און אינטעלי־גענטן פאַר פירן רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע. צווישן זיי איז אויך געווען

ניסן אייבעשיץ, דער זון פון ר׳ נאָסקע, דער באַלוטער מורה־הוראה, וואָס איז נישט לאַנג געהאַט צוריקגעקומען קיין לאָדזש פון פאַרשיקונג.

אויך ער איז, ווי מאַקס אַשכנזי, געפאָרן פון לאָדזש קיין רוסלאַנד. נאָר זיין רייזע איז געווען נישט קיין דירעקטע. ער איז געגאַנגען מיטן עטאַפּנעם וועג. בלויז פון לאָדזש זענען זיי אַרויסגעפאָרן צוזאַמען מיט דעם זעלבן צוג.

אַ ווײַלע האָבן זיך די צוויי רייזנדע באַטראַכט, דער פּאַסאַזשיר פון צווייטן קלאַס מיט דעם באַוואקסענעם אַרעסטאַנט געפירט אונטער אַ קאַנ־וואָי. באַלד האָבן זיי זיך פאַרלוירן. מאַקס אַשכנזי האָט זיך אַריינגעזעצט אין ווייכן סאַמעט אַריין און פאַררויכערט אַ ציגאַר; דער אַרעסטאַנט ניסן אייבעשיץ איז אַריינגעשטופּט געוואָרן אין פאַרקראַטעטן אַרעסטאַנטן־וואַגאָן וואָס איז געווען פול מיט מענטשן, פּעק, קולות, קללות און עיפּוש.

די באַן האָט גענומען זיך רירן.

פון דערווייטנס איז געשטאַנען די קליינע באַשקע די שפּולערקע, טוביהס טאָכטער, און געפאָכעט מיט די הענט צום אַוועקגייענדיקן צוג געהילט אין רויך.

## קאַפּיטל צען

טעג העלע, באַגאָסענע מיט זון, האָבן געצויגן זיך אויף דער וועלט. אויף די פעלדער, פולע מיט קאָרן און ווייץ, זענען פויערים געשטאַנען און געשניטן תבואה. יונגע פויערטעס אין רויטע טיכלעך אויף די קעפּ, שפּילנדיקע מיט זון און ליכט, האָבן גאַרבן געבונדן, לידער געזונגען.

אין אַרעסטאַנטסקן וואַגאָן איז געווען שטיקנדיק הייס און עיפּושדיק. דאָס גאַנצע אומגליק און נישטיקייט פון מענטש איז געווען צוזאַמענ־געקוועטשט אין די אייזערנע ווענט.

אויף דער ערד איז געזעסן אַ יונגע שיקסע מיט אַ געשוואָלן פּנים, צעריסענע קליידער, צעשויבערטע האָר און געוויינט מיט אַ ביטער געוויין. זי איז פון אַ ווייטן דאָרף קיין לאָדזש געפאָרן נאָך אַרבעט. אָבער אויפן וועג האָט מען איר דאָס קניפּל מיט די עטלעכע גילדן און באַן־בילעט, וואָס זי האָט געהאַט באַהאַלטן אין בוזעם, אַרויסגעגנבעט, און זי איז געפאָרן אָן אַ בילעט. דער קאָנדוקטאָר האָט זי געכאַפּט און איבערגעגעבן דעם באַן־זשאַנדאַרם אין לאָדזש. צוזאַמען מיטן געלט האָט מען איר אויך דעם פּאַס צוגענומען, עפּעס אַ שטיקל פּאַפּיר מיט אַ שטעמפּל, וואָס דער דאָרפישער שרייבער האָט איר אַרויסגעגעבן. מער ווי אַ צינערן צלמל אויפן האַלדז און דער אַדרעס פון איר דאָרף, וואָס איז ווייט פון לאָדזש, איז איר נישט געבליבן. מען האָט זי צוריקגעשיקט מיטן עטאַפּ ביז איר דאָרף, אָבער אַ וועג, וואָס דאָרף דויערן בלויז אַ קנאַפּן מעת־לעת, האָט זי מיטן עטאַפּ

געמאַכט וואָכן־לאַנג. אַ דאָרפישע, אַ פאַרשעמטע, אַ דערשראָקענע, זענען איר די גאַסן־מיידלעך און די גנבטעס אין די עטאַפּ־טורמעס דערגאַנגען די יאָרן, די קאָנוואָי־סאָלדאַטן האָבן זיך צו איר געטשעפּעט. אָט טאַקע פאַרן אַרויסשיקן פון לאָדזש האָבן זי די קאָנוואָי־סאָלדאַטן גערופן צו זיך אין וואַך־שטוב, זי זאָל אויסוואַשן די פּאָדלאָגע. זי האָט אונטערטעניק געגומען זיך צו איר אַרבעט, אָבער די סאָלדאַטן האָבן פאַרלאָשן די לאָמפּ, אַוועק־געוואָרפן זי אויף דער ערד און זי געפּייניקט. אינדערפרי האָט מען זי צוריקגעשיקט אין קאַמער אַן אומגליקלעכע און דערשלאָגענע. איצט זי זי געזעסן אין וואַגאָן, אויף דער נאַסער פאַרשפּיגענער פּאָדלאָגע, איר פּנים איז געווען געשוואָלן, די אויגן רויט.

— יעזו, — האָט זי געגופן, — מאַריאַ הייליקע.

עטלעכע פּראָסטיטוטקעס אַן ביכלעך האָבן פון איר געלאַכט.

— נו, נו, וועסט נישט שטאַרבן דערפון, — האָבן זיי איר געזאָגט, — גענוג געוואָיעט. וועסט ווערן איצט אַן אונדזעריקע, מיט פּראַקטיק...

— פּראָווילנאָ... — האָבן די קאָנוואָי־סאָלדאַטן צוגעשאָקלט און הויך געלאַכט.

אויף אַ קוישל איז אַ יידיש ווייבל געזעסן און געבראָכן די הענט. דער טאַטע אירער האָט איר חתונה געמאַכט מיט אַן עלטערן מאַן, וואָס זי האָט אים נישט געוואָלט, און זי איז פון אים אַנטלאָפן קיין לאָדזש און געשטעלט זיך דינען אין אַ באַלעבאַטיש הויז. אָבער דער מאַן האָט זיך דערוואוסט, וואו זי איז, און אָנגעגעבן אין דער פּאָליציי, מען זאָל זי אים צוריקברענגען, ווי דאָס געזעץ איז. די פּאָליציי האָט זי אַרעסטירט און צוריקגעשיקט מיטן עטאַפּ צו איר געזעצלעכן מאַן. זי האָט נישט אויפ־געהערט ברעכן די הענט.

— יידן, וואָס טוט מען? גיט אַן עצה! — האָט זי געבעטן ביי די יידישע גנבים, וואָס זענען געזעסן צוזאַמענגעקוועטשט אין אַ קופּע און געשפּילט אין פאַרשמאַלצעוועטע קאָרטן.

— סם אים אָפּ, — האָט אַ גויע אין אַרעסטאַנטן־קליידער איר געגעבן אַן עצה, — איך האָב מיט מיינעם אויך אַזוי געטאָן. איצט גיי איך אויף קאַטאָרגע.

אין אַ פּאַק שמאַטעס איז אַן אַלטע בעטלערין געלעגן און געקרעכצט. אין דער שטאָט פון טויזנטער בעטלער האָט מען גראָד זי געכאַפּט פאַר בעטלען און צוריקגעשיקט פון וואַנען זי איז געבוירן. אָבער זי איז געווען אַלט און אַן זינען און זי האָט איר געבורטס־דאָרף נישט געדענקט.

— פון גאָטס ערד קום איך, — האָט זי געזאָגט, — אַ קירכע אַ שיינע מיט הייליקע בילדער איז דאָרט דאָ...

יאָרן איז זי שוין געגאַנגען מיטן עטאַפּ, פון שטאָט צו שטאָט, פון טורמע צו טורמע. קיינער האָט זי נישט געוואָלט צונעמען, קיינער האָט נישט געקאָנט איר קיין פּאַס אַרויסגעבן. זי איז געווען פאַרפוילט, קראַנק, אַ בינטל

שמאַטעס. זי האָט אַפילו מענטשלעכע געברויכן געטאָן אונטער זיך. איצט איז זי דאָ געלעגן אין אַרעסטאַנטן־וואַגאָן און געזיפצט פון אירע שמאַ־טעס אַרויס. אויף דער ערד האָבן זיך געוואַלגערט די שטיקלעך ברויט, וואָס זי האָט נישט געקאָנט פאַרצערן.

— נעמט זי אַרויס, — האָבן די אַרעסטאַנטן געשריגן צו די סאָלדאַטן, — זי איז קראַנק, מען וועט דערשטיקט ווערן פון איר.

— און דאָס פגרט גאָרנישט, דאָס מיסט, — האָבן די סאָלדאַטן געשאָלטן און געשפּיגן אויף דער קנויל שמאַטעס, — מכשפה פאַרשאָלטענע... איבער גאַנץ רוסלאַנד וועט מען דאָס מוזן אַרומשלעפּן אומזיסט...

עס זענען געפאָרן קאַטאָרזשניקעס אין קייטן, מערדער, וואָס האָבן זיך באַרימט מיט זייערע רציחות; פערד־גנבים; אַ בלוי־אויגיקער פּויער מיט אַ פּנים פון די הייליקע, וואָס האָט אין אַ קריג איבער דער ערד־גרענעץ זיין שכן דערלאַנגט מיט אַ האַק איבערן קאָפּ און אים אָוועקגעלייגט טויט; עס איז געפאָרן אַ פּויער מיט גרויסע וואָנצעס, וואָס האָט אין אַ פּריצישן וואַלד אַ דרענגל אויפגעהויבן, כדי צו מאַכן זיך דערפון אַ נייעם דישעל צום וואָגן, און איצט האָט ער געהאַט ניין חדשים אָפּצוזיצן; עס איז געפאָרן אַ ברייט־פּנימדיקער טאָטער, וואָס האָט געאַרבעט אין לאָדזש ביי טראָגן סחורות צו דער באַן און עס איז אים פאַרפאַלן געוואָרן אַ פּעקל ביינוול; עס זענען געפאָרן יונגע שקצים, וואָס האָבן זיך אויף אַ חתונה צעשלאָגן, די קעפּ זיך געעפנט, און מען האָט זיי דערפאַר פון דער חתונה צוגענומען און אין טורמע אַריינגעפּאַקט; עס זענען געפאָרן גנבים און פּראָסטיטוטקעס אָן ביכלעך, אונטערצינדער און גרענעץ־שמוגלער, רוצחים און הפקרדיקע משוגעים, פאַרבלאָנדזשעטע ציגיינער און רעוואָלוציאָנערן, — דאָס גאַנצע גרויסע רוסלאַנד, צוזאַמענגעקוועטשט אין פאַרקראַטעוועטן וואַגאָן, באַדנ־דיק זיך אין שווייס, עיפּוש, קללות, געוויינען און אומרעכט.

אין גאַנצן געדיכטעניש איז געזעסן ניסן אויף זיין מאָגער פּעקעלע און שווער געאָטעמט אינעם שווייסיקן שטיקענדיקן וואַגאָן. זיי זענען געווען געערעכט, ניסנס שכנים אין טורמע, וואָס האָבן אים אויסגעקלאַפּט אין וואַנט וועגן די שנעלע געריכטן און גרויסע שטראָפן, וואָס מען וועט געבן. צופיל אַרעסטאַנטן האָבן זיך אָנגעזאַמלט און מען האָט געדאַרפט פון זיי וואָס גיכער פּטור ווערן. די אויספאָרשער האָבן גיך באַשולדיקונגס־אַקטן צוזאַמענגעשטעלט, לויט די עדות פון פּאָליציאַנטן און אַגענטן. די קרוינ־ריכטער מיט די גראָבע קייטן אויף די העלדזער האָבן זייער רואיק אויס־געהערט די רעוואָלוציאָנערע רעדעס פון די באַשולדיקטע רעוואָלוציאָנערן, פּונקט ווי די תחנונים און געוויינען פון די בעלי־חרטהדיקע אַרבעטער.

צו זעקס חדשים האָבן זיי געגעבן פאַר רויבן און שלאָגן יידן; צו דריי יאָר — פאַר רופן צו שטרייקן. די רעוואָלוציאָנערן האָבן אַלע געקריגן פון פינף ביז אַכט יאָר טורמע און שפּעטער, נאָכן טערמין, צו פינף און צען יאָר פאַרשיקונג אין סיביר אונטער פּאָליציייאישער אויפזיכט.

ניסן האָט, ווי אַלע אַנדערע רעוואָלוציאָנערן, אין לעצטן וואָרט גע־האַלטן אַ לאַנגע רעדע, פול מיט רעוואָלוציאָנערע רייד קעגן די אונטער־דריקער פון אַרבעטערפאָלק.־ מיט גרויס ערנסט האָט ער נביאות גע־זאָגט וועגן טאָג פון פרייהייט, וואָס וועט קומען. די ריכטער האָבן אים נישט איבערגעריסן, אָבער אויך נישט אויסגעהערט. זיי האָבן געגע־נעצט און געדרימלט. פונקט אַזוי האָבן זיי געדרימלט ביי די רעדעס פון די פאַרטיידיקער, וואָס האָבן געוואָרפן מיט פּאַראַגראַפן און געזעצן. זיי האָבן שוין די אַלע זאַכן געקענט. זיי האָבן שוין געהאַט באַצייטנס דעם אורטייל אין קעשענע, ווי דער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט עס פאַרלאַנגט און געלאָזט וויסן וועגן דעם דורך זיינע מענטשן. ניסן האָט געזוכט מיט די אויגן די באַלוטער מענטשן וואָס זאָלן בעסער פון די ריכטער הערן זיינע רייד, אָבער קיינער איז נישט געווען. בלויז פּאָליציאַנטן, אַגענטן און עטלעכע אויסגעפּוצטע דאַמען זענען געזעסן. מען האָט דאָס פּובליקום נישט אַריינגעלאָזט.

איצט איז ער געפאָרן מיטן עטאַפּ צו דער טורמע זיינער אַזש ביז מאָסקווע. מען האָט זיי נישט געוואָלט האַלטן אין לאַנד, די רעוואָלוציאָנערן, מען האָט זיי געוואָלט האָבן וואָס ווייטער כאָטש הינטער פיר יוענט און מען האָט זיי געשיקט פון פּוילן קיין מאָסקווע אין דער „בוטירקע".

דער טערמין איז געווען אַ שווערער. אויך האָט דער גענעראַל־גובערנאַ־טאָר אָפּגעזאָגט צו שיקן די רעוואָלוציאָנערן ביז מאָסקווע מיט דעם גלייכן וועג, נאָר געהייסן זיי גיין מיטן עטאַפּ צוזאַמען מיט די קרימינעלע און אַרויסגעשיקטע. דער וועג האָט זיך געדאַרפט שלעפּן חדשים־לאַנג, דורך טורמעס, אַרעסט־הייזער און עטאַפּ־פּונקטן, וואָס זענען פול מיט אומ־ריינקייט און שמוץ, פאַרברעכער און חולאים. ניסן האָט געוואוסט, אַז עטלעכע חדשים עטאַפּ זענען ערגער פון עטלעכע יאָר טורמע. אויך איז ער געווען אָן געלט. אַפילו די עטלעכע רובל, וואָס מען האָט ביי אים צו־גענומען אין דער לאָדזשער טורמע־קאַנצעלאַריע, האָט מען אים נישט אַרויס־געגעבן ביים אָפּפאָרן. דער טורמע־נאַטשאַלניק האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיי נאָכשיקן קיין מאָסקווע. אָבער ניסן האָט שוין געוואוסט, אַז ער וועט דאָס געלט שוין מער אין די אויגן נישט זען. דער נאַטשאַלניק האָט זיך קיינמאָל נישט געאיילט מיט אַזעלכע זאַכן. ניסנען איז איצט פאַרגעשטאַנען אַ וועג אַ שווערער, אַ לאַנגער. אָבער נישט דאָס איז אים געלעגן אַזוי שווער אויפן האַרצן.

פונקט ווי דער פאָטער זיינער, איז ער געווען אַ מסתפּק־במועט, גע־קאָנט לעבן מיט ברויט און וואַסער פאַר זיין גלויבן; ווי דער פאָטער זיינער אין דער תורה און אירע חכמים, אַזוי האָט ניסן געגלויבט אין מאַרקסיזם און אין אַלעם, וואָס די טעאָרעטיקער פון דער נייער תורה זאָגן; און פונקט ווי זיין פאָטער איז זיך באַגאַנגען מיט ברויט און וואַסער און געפּייניקט זיין גוף, ווייל נאָר אין אָרעמקייט און אין צער, האָט ער געוואוסט, קאָן מען

עוסק זיין אין דער תורה, אַזוי האָט אויך ניסן געוואוסט, אַז דער וועג זיינער איז אַ האַרבער, אַ שווערער, וואָס פאַרלאַנגט פייניקן דעם גוף. איבעריקנס איז ער געווען געוואוינט שוין דערצו. די ערשטע פאַרשיקונג זיינע האָט אים אַ גוטע לערע געגעבן. איצט איז ער שוין געוון אַ געניטער, געקענט זיך אויף אַלע פּאָליציייאישע קונצן, אַן אייגענער אין טורמעס געווען, און נישט געווען אַזוי אומגליקלעך און פאַרצווייפלט, ווי דעמאָלט, ווען מען האָט אים, דאָס ערשטע מאָל אַריינגעפּאַקט אין תפיסה און די גנבים האָבן אים געגעבן אַרויסצוטראָגן דעם שאַף.

איצט האָט מען אים מער אין טורמע אַזוי נישט באַהאַנדלט. ער האָט געקענט אַלע מנהגים, רעכט, געוואוסט, ווי אַזוי זיך אַוועקצושטעלן, און די קרימינעלע האָבן פאַר אים דרך־ארץ געהאַט.

— אָ, ער האָט שוין אומעטום זיין שטרוי־זאַק, — האָט מען וועגן אים געזאָגט מיט אָפּשיי.

אויך האָט ער שוין געוואוסט, וואָסערע רעכט אין די טורמעס עס האָבן די פּאָליטישע. און ווען מען האָט אים די רעכט נישט נאָכגעגעבן, האָט ער געפּאָדערט, געמאַכט סקאַנדאַלן, באַשטאַנען אויף זיינס, ביז ער פלעגט אויספירן, אָדער גיין אין קאַרצער.

ער האָט געוואוסט, אַז כמעט אומעטום, וואו מען קומט, געפינען זיך פּאָליטישע, וואָס נעמען אַריין צו זיך אין די קאַמערן, העלפן אַרויס. אויך זענען נישט די טורמע־שעפן און די קאָנוואָיען אומעטום גלייך. עס זענען פאַראַן אויך אָפּטמאָל ערלעכע מענטשן צווישן זיי, וואָס באַהאַנדלען אַרעס־טאַנטן, איבערהויפּט פּאָליטישע, לויט די געזעצן. אויך איז ער נישט געווען קיין שטומע צונג, ווי דאָס ערשטע מאָל. ער האָט זייער גוט גער־רעדט רוסיש, געקענט אַ סך. ער האָט געוואָלט לערנען. דער דורשט נאָך וויסן, ספּעציעל נאָך מאַרקסיסטיש וויסן, איז ביי אים געווען אַזוי גרויס און שטאַרק, ווי דעמאָלט ביי פייוועלע דעם שמאַטע־הענדלער אין שטוב, ווען ער פלעגט שלינגען די השכלה־ביכער און די פילאָזאָפן. און אין ערגעץ האָט מען אין רוסלאַנד נישט געקאַנט אַזוי פריי לערנען די מאַרקסיסטישע לערע, ווי אין די טורמעס. ווי פאַר מערסטע רעוואָלוציאָנערן, איז אויך פאַר ניסנען די טורמע געווען אַ שולע. ווען ער איז אַוועק פון לאָדזש, איז ער געווען אַ רויער בחור, מיט השכלהשער לומדות, און צוריקגעקומען פין פאַרשיקונג איז ער אַ מענטש מיט בילדונג. איצט האָט ער געוואָלט ווייטער לערנען. שטילערהייט האָט ער שוין אַפילו אויף די מאַרקסיסטישע ווערק זיינע, וואָס ער האָט אַזויפיל געלערנט, אייגענע באַמערקונגען צוגעשריבן אויף די מאַרגינעסן, פּונקט ווי דער טאַטע זיינער פלעגט פאַרשרייבן די גליונות פון די ספרים.

ער האָט פאַר דער טורמע נישט מורא געהאַט. געפייניקט האָבן אים אַנדערע זאַכן.

צוזאַמען מיט אים אין וואַגאָן זענען געפאָרן לאָדזשער אַרבעטער, פאַב־

ריק־אַרבעטער. אמתע פּראָלעטאַריער. אָבער אַרעסטירט זענען זיי געווען נישט נאָר פאַר שטרייקן, נאָר אויך פאַר ראַבירן יידישע קרעמלעך און פּאָגראָמירן באַלוטער וועבער. זיי האָבן געשאָלטן איצט פאַר דעם, וואָס מען האָט זיי אַריינגעשלעפּט אין די שטרייקן, חרטה געהאַט און געדראָט מיט נקמה, ווען זיי וועלן צוריקקומען. איבערהויפּט האָבן זיי זיך נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס צוליב די יידן, וואָס זיי האָבן דורכגעלופּטערט, שיקט מען זיי אין טורמע.

— מיר וועלן זיי נאָך אָנלערנען! — האָבן זיי געדראָט מיט די פויסטן, — וואַרט!

זייער מיאוס האָט זיך אַלץ געענדיקט. מער האָט מען אין דער פאַבריק־שטאָט איצט פון קיין סאָציאַליזם נישט געטאָרט רעדן, פאַרן מויל נישט ברענגען. די אַרבעטער זענען אונטערטעניקע אין די פאַבריקן צוריקגעגאַנגען, מיט די היטלען אין די הענט, געבויגענע פאַר די זיגנדיקע דירעקטאָרן און פאַבריקאַנטן געשטאַנען. אין באַלוט האָט מען געציטערט פאַרן פרילינגס־יום־טוב מאַי. דער חודש, וואָס דאַרף זיין דער סימבאָל פון פרייהייט און ברידערלעכקייט, איז געוואָרן דער סימבאָל פון רציחה און רויב. נישט נאָר אין לאָדזש אַליין, נאָר אומעטום האָט זיך די מורא צעטראָגן, אומעטום האָט מען געזונגען דאָס ליד פון „ראַבונעק״, אַפילו דאָ אין וואַגאָן, צווישן די יידישע גנבים.

ער איז נישט געווען פאַרצווייפלט, ניסן. ער האָט געוואוסט, אַז אין יעדער זיגרייכער מלחמה זענען אויך דאָ צייטווייליקע מפּלות און פאַרלוסטן. נישט אַזוי לייכט גייט דער וועג צום אמת. פול מיט זיגזאַגן איז ער. אַמאָל גייט מען באַרג־אַרויף, אַמאָל באַרג־אַראָפּ, ביז מען קומט ענדלעך צום שפּיץ. דער אמת וועט מוזן זיגן, וועט אַרויסשפּראָצן פון דעם מיסט און בלאָטע, ווי אַ קערנדל, וואָס מוז אַרויסשפּראָצן פון דער ערד, ווען דער ווינט האָט עס פאַרוואָרפן; ווי אַ באַשעפעניש, וואָס מוז געבוירן ווערן פון די זוימען אין דער מוטערס בויך. ער האָט נישט נאָר געגלויבט אין דער גיכער אויסלייזונג, נאָר געזען זי. זאָל זיך דער קאַפּיטאַל קאָנצענטרירן, ווי ער מוז, ווי די געשיכטע פירט אים דערצו מיט אירע אייזערנע געזעצן, און דאַן וועלן אַלע פאַרמעגנס צעטיילט ווערן. עס וועלן נישט זיין מער קיין באַדריקער און אונטערדריקטע, קיין קלאַסן און נאַציעס, קיין האַס און קנאה. אַלע וועלן זיין פריי און גליקלעך. עס וועט נישט זיין קיין אָרט מער פאַר האַס, גזילה, קריגערייַ. וואָרעם אַלדאָס שלעכטס פון דער וועלט, אַלע מיאוסע מידות, געמיינהייטן נעמען זיך נאָר פון די עקאָנאָמישע באַדינגונגען. עס איז אַלץ געווען פאַר אים אַזוי קלאָר, ווי קלאָר עס איז געווען דער הימל, וואָס האָט אַריינגעקוקט דורך די פאַרקראַטעטע פענצטערלעך פון אַרעסטאַנטן־וואַגאָן. ער האָט עס געזען אַזוי העל, ווי דער פאָטער זיינער האָט געזען דאָס פאַרשפּראָכענע לאַנד, נאָך דעם ווי משיח וועט קומען.

אָבער דערווייל האָבן די מענטשן אין וואַגאָן געפרעסן זיך איינער דעם

אַנדערן, ווי די טורמע־לייז האָבן געפרעסן זייערע קערפּערס. מען האָט זיך שטיקלעך אָפּגעטאָן, די יאָרן זיך דערגאַנגען. מער ווי אומעטום האָט מען דאָ כסדר געהערט אַלע ווילע „זשיד". מען האָט עס געהערט פון די סאָלדאַטן, פון די אַרעסטאַנטן, פון די אַרבעטער.

אין ענגן אַרעסטאַנטן־וואַגאָן האָבן די אַלטע אַרעסטאַנטן אַ געמיין שטיקל אַרבעט אָפּגעטאָן. עפּעס אַ יונגער שייגעץ, מיט אַ פלאַקסענער טשופּרינע איבער די בלויע אויגן, איז דאָס ערשטע מאָל מיטן עטאַפּ גע־גאַנגען. די אַלטע אַרעסטאַנטן האָבן אים „באַשוואוירן".

— ווי רופט מען דיך? — האָבן זיי אים געפרעגט.

— אַנטעק, — האָט דער בחור געענטפערט.

— פאַרוואָס זיצסטו, אַנטעק?

— פאַר קויפן אַ געגנבעט פערד.

— אויב אַזוי, דאַרפסטו שווערן, — האָבן זיי אים ערנסט געזאָגט, — ווי מיר אַלע האָבן געשוואוירן.

— שווערן? — האָט דער בחור געפרעגט אַ צעחידושטער. — אויף וואָס?

— אַז דו וועסט זיין אַ גוטער קאָלעגע, נישט מסרן, — האָבן די אַרעס־טאַנטן געזאָגט פרום. — אין גאָט גלויבסטו?

— געוויס, — האָט דער שייגעץ געענטפערט.

— טאָ וועסטו שווערן ביי דער הייליקער עוואַנגעליע, אַז דו וועסט זיין אַ גוטער חבר. דערצו דאַרף מען דיר פאַרבינדן די אויגן.

מען האָט דעם בחור פעסט פאַרבונדן מיט אַ ברודיקער שמאַטע די אויגן. דערנאָך האָט דער עלטכטער אַרעסטאַנט שטילערהייט אַראָפּגעלאָזט די הויזן און מיט הוילן שמוציקן לייב זיך אַוועקגעשטעלט לעבן דעם פאַר־בונדענעם בחור. איינער אַן אַרעסטאַנט אין קייטן האָט מיט אַ גלחיש־פייערלעכן טאָן געלייענט אַ הייליקע שבועה, דער פאַרבונדענער האָט נאָכ־געזאָגט יעדעס וואָרט.

— איצט, מיין זון, גיב אַ קוש די הייליקע עוואַנגעליע, — האָט דער געשמידטער געזאָגט, — אָט דאָ.

אַנשטאָט אין אַן עוואַנגעליע, האָט דער פאַרבונדענער אַ קוש געטאָן דעם האַלב־נאַקעטן אַרעסטאַנט אין שמוציקן הינטערטייל, וואָס ער האָט אים אונטערגעשטעלט.

די געלעכטערן פון עולם האָבן גאָר קיין סוף נישט גענומען.

— געשוואוירענער, — האָט אים יעדער געשטעקט אַ האַנט און גע־לאַכט, — ווי האָט עס געשמעקט?...

דער דאָרפישער בחור איז געלעגן אין אַ ווינקל אַ צעשמעטערטער. די געלעכטערן האָבן שיר נישט די אייזערנע ווענט צעטראָגן.

אַ וועלט מיט מיאוסקייטן האָבן זיך אָפּגעטאָן אין דעם צונויפגעקוועטשטן

וואַגאָן. מען האָט זיך באַגנבעט, שמוציקע ליבעס געפירט, אַלטע אַרעסטאַנטן האָבן זיך צו קליינע גנבימלעך געטשעפּעט.

די אַלטע ספיקות וועגן נישטיקייט פון מענטש און זיין וועזן האָבן ניסנען גענומען טרייבן פון קאָפּ אַרויס די ליכטיקע זעאונגען פון אויסגע־לייזטן מענטש. און ער האָט פאַרשלאָסן די אויגן, ווי ייִנגלוויז, ווען ער האָט זיך געוואָלט אויסטאָן פון דער וועלט און פאַרטאָן זיך אין אַנדערע וועלטן, כדי נישט אָנצוקוקן די מענטשן אַרום זיך. פּונקט ווי זיין פאָטער, ווען ספיקות פלעגן אים קומען אין קאָפּ אַריין, האָט ער גענומען זאָגן די אני־מאמינס, אַזוי האָט אויך ניסן גענומען זאָגן פון אויסווייניק שטיקער פון זיינע ביכער, וואָס ער האָט געדענקט. דאָס האָט אים צוריקגעבראַכט צום גלויבן, צו פאַרגעסן אין אַלעס, וואָס אים רינגלט אַרום. אין די ווערטער האָט ער די מענטשן אַרום זיך נישט געזען.

וואָס האָבן אים אינטערעסירט די מענטשן איצט מיט זייערע קליינלעכ־קייטן, מיאוסקייטן, אייגנליבע, אָט די אַלע ווערעם, וואָס האָבן זיך דאָ קעגנזיי־טיק געפרעסן, פּונקט ווי די אומפליייט האָבן זיי געפרעסן? ער האָט נישט געוואָלט קוקן אויף זיי. ער האָט געהאַט פאַר זיך אַן אידעאַל, אַ וויטן, אַ שיינעם, פאַר וואָס עס איז כדאי צו אַרבעטן, ליידן און זיך מוסר־נפש זיין. ער האָט נישט געזען די מענטשן, נאָר די אידעע.

אין הייסן עיפּושדיקן וואַגאָן האָבן די מענטשן געשפּילט אין דער „בלינדער קו“. אַלע מאָל האָט מען אַן אַנדערן אַוועקגעלייגט מיטן קאָפּ צווישן די קני, און אַלע האָבן אַזוי לאַנג געפּאַטשט אין הינטן, ביז ער האָט אָנגעוויזן דעם אמתן פּאַטשער.

— לייג זיך! — האָבן קולות מיט געלעכטער געדונערט. — גיכער!...

## קאַפּיטל עלף

אין עסטרייכישן וואַרעמבאָד קאַרלסבאַד, ביים קוואַל, האָט זיך פאַר־זאַמלט דאָס גרעסטע און רייכסטע פון דער פאַבריק־שטאָט לאָדזש אין פּוילן.

— גוטן טאָג! — האָט מען זיך באַגריסט אין דייטש און צעגאַנגען זיך אין זיסקייטן און אין העפלעכקייטן.

דער אָנלויף איז דאָס יאָר געווען נישט אַזוי גרויס, ווי די לעצטע יאָרן. אַ סך פון די, וואָס פלעגן דאָ קומען יאָר־איין יאָר־אויס, צי זיי האָבן עס יאָ געדאַרפט, צי נישט, זענען היי־יאָר נאָכן קריזיס אָפּגעווישט געוואָרן און מער אַהער נישט געקאָנט פאָרן. עס זענען נאָר געקומען די שטאַרקע, וואָס זענען געבליבן אויף די פיס. זיי האָבן טאַקע מיט אַ באַזונדער הנאה אַרומ־פּאַראַדירט צום קוואַל מיט די אָנגעהאַנגענע גלעזער צו טרינקען שפּרודל־וואַסער. די דאַמען האָבן געשלעפּט איבער די געפלאַסטערטע טראָטואַרן די לאַנגע שלעפּעס פון די קליידער, וואָס אין לאָדזשער שמוץ און געדיכטעניש

האָט מען עס גאָרנישט געקאָנט באַווייזן. אין די פֿאַבריקע לאַנגע געבופֿטע קליידער, מיט די וואַכלערס אין די הענט, מיט די ריזיקע היט און פֿעדערן, בלישטשענדיק מיט בריליאַנטן און דימענטן, האָבן זיי געדרייט זיך און געבלאָזן ווי די פֿאַבריקע פּאַוועס, וואָס האָבן איבערן באָד־פּאַרק אומשפּאַצירט. די מענער, אין זייער קורצע רעקלעך מיט שמאָלע הויזן, אָדער אין העלע געשניטענע זשאַקעטן, מיט הויכע קראַגנס און שמאָל שפּיציקע ליאַקשיך, האָבן כסדר געהויבן די צילינדערס, געגויגט זיך און געפּאָכעט מיט די הענטשקעס.

— דאָס ערשטע מאָל דעם זומער, אַז מען קאָן פֿאַרברענגען ווי געהעריק אין קאַרלסבאַד, — האָבן די מענער געזאָגט מיט הנאה. — נישטאָ אַזאַ אָנלויף פֿון די אויפֿגעקומענע...

— יאָ, עס איז לויזער געוואָרן. שוין נישט געווען איבערצוטראָגן פֿון דעם פּעבל זינט די לעצטע יאָרן, — האָבן די דאַמען געענטפֿערט. — אַלע דינסטן און משרתים האָט מען דאָ געהאַט...

איבערהויפּט האָט מען זיך געפֿילט שטאָלץ, וואָס אַליין פֿלידערבוים מיט זיין פֿאַמיליע איז געקומען קיין קאַרלסבאַד. אַפֿילו די טעכטער זיינע, וואָס האָבן אויסגעמיטן דעם פּלאַץ, ווייל ער איז שוין צופֿיל פֿאַריידישט געוואָרן זענען דאָס יאָר געקומען אַהער. דאָס האָט די קלענערע פֿון זיי אַ סך כבוד צוגעגעבן.

צווישן אַלע אַנדערע איז אויך דאָ דינהלע, מאַקס אַשכנזיס ווייב, געווען, צוזאַמען מיט איר מוטער. ר׳ חיים אַלטער, איר פֿאָטער, האָט נישט געקאָנט קומען. עס איז אים זייער נישט גוט געגאַנגען לעצטנס, דערצו נאָך נאָכן קריזיס. דאָס ערשטע מאָל האָט ער געמוזט איבערלאָזן פּריוועַן, די שיינע יידענע זיינע, וואָס איז גאָרנישט עלטער געוואָרן און מיט יעדן יאָר אַלץ שענער און ווייבלעכער געווען. זי האָט ער געמוזט שיקן. ער האָט זיך פֿאַרזעצט, פֿאַרמשכונט און זי קיין קאַרלסבאַד געשיקט. זי וואָלט נישט איבערגעטראָגן אָן דעם באָד. זי וואָלט זיך פֿאַר קיין מענטשן נישט געקאָנט ווייזן. זי וואָלט נישט געהאַט אַ גאַנץ ווינטער דערנאָך וועגן וואָס אַ וואָרט מיט די ווייבער אויסצורעדן. אָבער ער אַליין איז פֿאַרבליבן אין שטאָט. דאָס ערשטע מאָל איז ביי ר׳ חיים אַלטער געבליבן ליגן אין גרויסן שאַכטל דער דייטשער קאַפּעליוש זיינער, וואָס ער האָט געהאַט ספּעציעל פֿאַר די אויסלענדישע בעדער.

אויך דינהלע איז געווען אַליין, אָן דעם מאַן, פּונקט ווי די מוטער. דער מאַן אירער האָט זיך גראָד יאָ געקאָנט פֿאַרגינען צו פֿאָרן אין די בעדער. ער איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג. אין לאָדזש האָט מען פֿון אים שטאַרק געהאַלטן, געשאַצט אים אין די שווערע געלטער.

— די הונצעס זענען ביי אים מער אין די הענט, ווי ער ביי די הונצעס, — האָט מען געזאָגט יעדעס מאָל, ווען ער פֿלעגט אין דער פֿאַבריקקאָרעטע דורכפֿאָרן די גאַס. — ער איז שטיין־רייך.

דאָך איז ער נישט געפאָרן. ער איז בעסער געפאָרן קיין רוסלאַנד וועגן געשעפטן. ער האָט זיך נישט געקאָנט פאַרגינען צו פטרן צייט אויף בעדער און קוואַל־וואַסער. ער האָט דערין קיין טעם נישט געפילט, קיין פאַרגעניגן אין דעם נישט געזען. אים איז אַ שאָד געווען יעדע מינוט צו פטרן אויף ליידיק־גייערײ, אויף נאַרישקייטן. כאָטש אין לאָדזש האָט מען אים זייער הויך געשאַצט און געזאָגט, אַז ער האָט מער די הונצעס אין די הענט, ווי זיי אים, האָט אָבער ער אַליין געוואוסט, אַז דאָס איז ווייט נישט אַזוי, אַז די הונצעס זענען די באַלעבאַטים און ער איז בלויז זייער מענטש. אמת, ער האָט אַ גרויסע דעה אין דער פאַבריק, און ער האָט אויך שוין אַ היפשע צאָל אַקציעס, וואָס ער האַלט אין איין קויפן; אָבער דאָך איז ער נאָך זייער ווייט צו דעם, צו וואָס ער גייט, צו ווערן דער באַלעבאָס פון לאָדזש. ער האָט זיך נישט באַנוגנט מיט קיין האַלבע זאַכן, מאַקס אַשכנזי, ער האָט געוואָלט אַלץ. און ער האָט נישט גערוט, נישט פאַרגונען זיך קיין דרימל צו כאַפּן נאָכן מיטאָג, נישט געקאָנט איינליגן אַביסל שפּעטער אין בעט פאַרטאָג, כאָטש די ביינער האָבן זיך געצויגן צום בעטגעוואַנט.

מער ווי אַלע מאָל איז ער איצט געווען פאַרנומען. דער דיקער דירעק־טאָר אַלברעכט, וואָס איז אַזוי אויך געווען פאַרשלאָפן און שווער, איז זינט דעמאָלט, ווען די אַרבעטער האָבן אים געפירט אין אַ טאַטשקע איבערן פאַבריק־הויף מיט אַ בעזעם אין האַנט, שטאַרק אַראָפּגעפאַלן ביי זיך, געווען דערשראָקן און פאַרטויבט. אויך דאָס האַרץ זיינס, אָפּגעשוואַכט פון דער שווערער משא שמאַלץ, וואָס דריקט דערויף, איז געוואָרן אָנגעגריפן און אומרואיק. ער איז געקומען אין פאַבריק, געזעסן אויף דעם גרויסן פאָטעל, וואָס האָט געקרעכצט אונטער זיין צוואָקסענעם גוף, אָבער קיין אַרבעט ווי אַמאָל האָט ער נישט געטאָן. ער פלעגט נישט דערהערן, וואָס מען רעדט צו אים, פאַרפלאָנטערט פאַפּירן, און אַ סך מאָל פאַרגעסן אַרויפּצוציען אָן אַראָפּגעלאָזענעם זאָק אויפן פוס, אָדער צו פאַרקנעפּלען די הויזן ווי עס דאַרף צו זיין. די דייטשע ביוראָ־מיידלעך מיט די גלאַט־פאַרקעמטע בלאָנדע קעפּ האָבן זיך זייער אָנגעבלאָזן אין די פאַפּירן, כדי איינצוהאַלטן דאָס געלעכטער, וואָס האָט זיי צוליב דעם געשטיקט.

— דער אַלטער איז קאַפּוט, — האָבן די באַראָנען געזאָגט. און כאָטש זיי האָבן אים געלאָזט קומען אין פאַבריק און זיצן ביים דירעקטאָרישן טישל, האָבן זיי ביי אים די גאַנצע אַרבעט צוגענומען און אַוועקגעגעבן זי אַשכנזין. אַלברעכט האָט אַפילו נישט געמאָנט, נישט דערמאָנט. ער האָט זיך פאַרגעסן ביי די וועבערינס, וואָס דער דינער מעלכיאָר האָט אים גע־בראַכט אַלע מאָל פרישע אויפצורוימען זיין בחוריש־דירעקטאָרישע וואוינונג ביי דער פאַבריק. אַשכנזי האָט געוואוסט, אַז דעם אַלטנס סוף איז נאָענט, אַ ליאַדע טאָג קען מען דערהערן, אַז ער איז געליימט אָדער גאָר אַז ער האָט געקריגן אַן אַפּאָפּלעקסיע; ביי זיין דיקקייט, דערצו נאָך ביי דעם לעבן, וואָס ער פירט, טרינקט, עסט אַ סך און פאַרברענגט מיט ווייבער, האָט מען

עס געקאָנט דערוואַרטן. שוין, נאָך ביי אַלבערעכטס לעבן איז אַשכּנזי געוואָרן דער פּאַקטישער דירעקטאָר, קיין זאַך ווערט נישט געטאָן אָן אים. ער איז געווען זייער געהויבן ביי זיך דעריבער. ער האָט אַ סך געאַרבעט, אַלץ געהאַט אויפן קאָפּ, אַלץ אַרומגענומען, און ער האָט נישט געקאָנט איבערלאָזן די געשעפטן און אַוועקפאָרן קיין קאַרלסבאַד צוזאַמען מיט זיין ווייב. ער האָט עס גאָרנישט גערדאַרפט. זיין בעסט פאַרגעניגן איז געווען שטויב, רויך און טומל. נאָר אין דעם האָט ער פריי געאָטעמט, געפילט, אַז ער לעבט. אין ליידיק־גייעריי און אין שטילקייט איז ער קראַנק געוואָרן, אַלערליי יסורים און ברעכענישן דערפילט.

ער איז איצט צוריק געווען פון אויבן, אַ סך העכער איבער זיין ברודער. ער איז געוואקסן שנעל, מיט יעדן טאָג געשאַרט געלט מיט די הענט און געקויפט אַקציעס פון דער הונצע־מאַנופאַקטור־אַקציען־געזעלשאַפט. פּעקל נאָך פּעקל האָט ער זיי געלייגט, די ווערט־פּאַפּירן, אין זיין אייזערנער קאַסע, ווי טרעפּ, וואָס דאַרפן אים פירן צום ציל, צו די העכסטע קוימען־שפּיצן. ער איז, אמת, נישט געווען רואיק אינגאַנצן אין זיינע געשעפטס־רייזעס. זי האָט אים קיינמאָל נישט באַגלייט צו דער באַן, דאָס ווייב זיינס, ווען ער איז אַוועק־געפאָרן, און קיינמאָל אים נישט באַגעגנט, ווען ער איז צוריקגעקומען. זי האָט אים בלויז באַזאָרגט מיט געגנוג וועש, קליידער און אַנדערע זאַכן אין וועג. מאַקס אַשכּנזי האָט דערפון געליטן. ער האָט געקוקט מיט קנאה אויף די פאַרליבטע פּאָרלעך, וואָס לייגן אַריין אַזויפיל ליבע אין זייערע געזעגענישן ביי דער באַן, קושן זיך כּסדר און סודען זיך. אויך איז ער געווען אומ־רואיק אין די וועגן וועגן דינהלען, דער שיינער און שווייגנדיקער. ער האָט קיין זאַך צו איר נישט געקאָנט האָבן, אָבער רואיק אינגאַנצן איז ער נישט געווען, ווי יעדער מאַן, וואָס איז פאַרליבט און נישט־געליבט. זייער שווערע געדאַנקען זענען אים געקראָכן אין קאָפּ, ווען ער פלעגט בלייבן אַליין אין די גרויסע רוסישע האָטעל־צימערן. איבערהויפּט איז ער געווען אומרו־איק, ווען זי איז געפאָרן קיין אויסלאַנד אין די בעדער. ער איז דאָרט קיינמאָל נישט געווען. אָבער פאַרשטאַנען האָט ער, אַז אַלערליי שלעק און ליידיקגייער דרייען זיך דאָרט אַרום. נישט אומזיסט האָט דער שווער זיינער אַזוי גע־ציטערט צו לאָזן זיין יידענע אַליין דאָרט פאָרן און שטענדיק מיט איר מיט־געפאָרן. אָבער ער האָט עס נישט געקאָנט ביי זיך פועלן. די געשעפטן האָבן אים נישט געלאָזט.

געפאָרן דערפאַר איז זיין ברודער יעקב בונם, וואָס רופט זיך איצט יאַקוב.

גראָד ער האָט ווייניקער פון אַנדערע געקאָנט דערלויבן זיך איצט אַוועק־צופאָרן. זייער לייכט און פאַרשווענדעריש האָט ער זיין פאַרטרעטונג גע־פירט, געגעבן סוחרים קרעדיט מיט אַ ברייטער האַנט, געוואָרפן מיט געלט. דער קריזיס אין שטאָט האָט אים פעסטע קלעפּ דערלאַנגט, באַנקראָטן האָבן זיך געשאָטן. עס האָט שוין טאַקע קיין סך נישט געפעלט, ער זאָל אַרויס־

שפּרינגען פון מסחר און בלייבן שטעקן מיט די שיינע צענדליקער טויזנטער קויציע, וואָס ער האָט געהאַט ביים פאַבריקאַנט פלידערבוים. נאָר אין דער לעצטער מינוט האָט אים זיין ווייב געראַטעוועט. ווי לאַנג ער איז געווען גליקלעך און פריילעך און אים איז גוט געגאַנגען אויף דער וועלט, האָט זיין קרענקלעך ווייב אים געפּייניקט, געגעסן אים, דערגאַנגען אים די יאָרן. זי האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן זיין שמחה, זיין גליק. זי איז אַליין געווען פאַרביטערט, קראַנק, און זי האָט געוואָלט, אַז אַלע אַנדערע זאָלן זיין ווי זי. זי האָט טאַקע מיט אים נישט געוואָלט מיטפאָרן קיין לאָדזש, וואו ער האָט זיך באַזעצט, און זי איז געבליבן אין וואַרשע אַליין מיט אירע מעדיצינען, פּילן, פלעשלעך און סלאָאיקלעך, וואָס זענען געווען פול אין אַלעווינקעלעך. זי האָט געוואוסט וועגן זיין פריילעכן לעבן, וואָס ער פירט, אָבער פאָרן צו אים האָט זי נישט געוואָלט.

ווי נאָר אָבער זי האָט דערהערט, אַז דעם מאַן גייט עס נישט גוט, אַז ער איז פאַרפּלאָנטערט און געדריקט, איז זי גלייך צו אים געקומען צו פאָרן. זי האָט פאַרקויפט איינע פון די הייזער, וואָס זי האָט געהאַט ירושה פון דער מוטערס זייט, און דאָס גאַנצע געלט אַריינגעטראָגן אין געשעפט אַריין. זי איז נישט אָפּגעטראָטן פון אים, געגעבן עצות, אַרויסגעהאָלפן, ביז ער איז געקומען צו זיך און געשטעלט זיך אויף די פיס. זי איז טאַקע געבליבן וואוינען אין לאָדזש. זיי האָבן אַ גרויסאַרטיקע דירה גענומען, טייער מעבל אַריינ־געשטעלט, געסט אָפּט איינגעלאַדן און געפירט אַ שיין הויז. מער ווי מיט אַנדערע, האָט זיך פערעלע מיט די אַלטערס נאָענט געהאַלטן, מיט פריווען און נאָך מער מיט דינהלען. די מענער, די ברידער אַשכנזי, האָבן טאַקע זיך נישט געזען, פיינט געהאַט זיך, אָבער די ווייבער האָבן זיך געהאַלטן נאָענט. געקומען איינע צו דער אַנדערער.

אָבער ווי נאָר יאַקוב איז אַריין אין די פעדערן, אויסגעגלייכט זיך פון די קלעפּ און צוריק גענומען פרייען זיך, עסן מיט אַפּעטיט און שלאָפן גע־שמאַק אין די נעכט, האָט זיין ווייב, די קרענקלעכע און פאַרזויערטע, אים צוריק אָנגעהויבן עסן, פּייניקן. דערגיין די יאָרן. זי האָט נישט געוואָלט ליידן, וואָס ער לאַדט איין געסט צו זיך, נישט פאַרטראָגן, ווי ער עסט מיט אַ וואָלפישן אַפּעטיט, נישט געליטן, וואָס ער שלאָפט געשמאַק אין די נעכט, און געווען אייפערזיכטיק צו אַלע ווייבער, פון דער אייגענער שוועגערין ביז דער דינסט אין שטוב.

— שלאָף נישט אַזוי שטאַרק, — האָט זי אים געוועקט און געריסן אין די נעכט. —אָטעם נישט אַזוי געזונט, ווען איך גיי אויס צוצוטאָן אַן אויג אויף אַ רגע כאָטש...

יאַקוב האָט זי נישט פאַרשטאַנען.

— וואָס ווילסטו האָבן דערפון, אַז איך וועל אויך אויף זיין ? — האָט ער זי געפרעגט.

זי האָט אים נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן, און דערפאַר נאָך צאָרנ־דיקער געוואָרן, ספּאַזמעס געקריגן.

— אַז דו רעגסט מיך אויף, — האָט זי געביטערט, — מיט יעדער וואָרט רעגסטו מיך אויף...

זי איז אַנטלאָפן אַהיים קיין וואַרשע, קיין טאָג נישט געוואָלט פאַרבלייבן אין לאָדזש. און יאַקוב האָט ווידער גענומען פירן זיין לעבן, דאָס פריילעכע און זאָרגלאָזע, אַרומגעפאָרן ברייט מיט דער קאַרעטע איבער די גאַסן, גע־גריסט מיטן צילינדער צו דאַמען און געלעבט אַ טאָג. כאָטש די געשעפטן זענען נאָך ווייט נישט געווען אַזעלכע גוטע, כאָטש מען האָט נאָך געדאַרפט פעסט אַריינצואַרבעטן, ביז מען וועט אויסגלייכן די לעכער, וואָס דער קרי־זיס האָט געמאַכט, האָט יאַקוב אַשכנזי איבערגעלאָזט די געשעפטן ביי זיינע מענטשן און אַליין אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד איבער די הייסע וואָכן, ווען לאָדזש שמעלצט זיך אין היץ און אין רויך. ער האָט קיין בעדער נישט גע־דאַרפט. ער איז געווען אייזן־שטאַרק. דער רוח האָט אים נישט גענומען. אָבער ער האָט געקענט די אויסלענדישע קור־ערטער, די פריילעכע און יום־טובדיקע, וואו מען זעט אַ וועלט מיט מענטשן, וואו מען קאָן זייער גוט פאַרברענגען עטלעכע וואָכן. איבערהויפּט ווען מען איז אַליין. און ער האָט גענומען אַ קופּע ערשטע קלאַס, אַנגעפּאַקט וואַליזעס מיט קליידער און וועש און געלאָזט זיך קיין אויסלאַנד.

מיט דער גאַנצער ברייטקייט און פריילעכקייט איז ער איבער דעם גרויסן צוג געגאַנגען, פון וואַגאָן צו וואַגאָן, מיט אַלעמען זיך געגריסט, געטיילט פּאַפּיראָסן די מענער, שאָקאָלאַד די ווייבער, געקושט די דאַמען אין די הענט, געלאַכט, קאָמפּלימענטן געשאָטן און אָנגעפילט אַלעמען מיט פרייד און אָפּטימיזם. מער ווי אַרום אַלע, האָט ער געקלעפּט אַרום דער קופּע, וואו עס זענען געפאָרן דינהלע און איר מוטער, אַרומגערינגלט מיט וואַליזעס, שאַכטלען, רייזע־טאַשן, קישעלעך און פּודעלעך. ער איז אַראָפּגעלאָפן אויף די סטאַנציעס איינקויפן פרישע פרוכט פאַר זיי, געהאָלפן זיי ביי די פּעקלעך, ביי די גרענעצן און רעוויזיעס. פריווע האָט זיך גאָרנישט געקאָנט געגנוג אָנלויבן אים. זי האָט שוין לאַנג פון אים געהאַלטן, זינט ער האָט זיך קיין לאָדזש איבערגעקליבן און גענומען אַרומפאָרן מיט דער קאַרעטע איבער דער פּיעטראָקאָווער גאַס. כאָטש זי איז שוין געווען אַ יידענע אין די יאָרן, האָט זי זיך נאָך פאַרשטאַנען אויף אַ שיינעם מאַנצביל און הנאה געהאַט, ווען מען דרייט זיך אַרום איר און מען באַדינט זי, ווי אַ דאַמע. זי האָט נישט איינמאָל שטילערהייט געקרעכצט איבער איר דינהלען, פאַרוואָס זי האָט איר נישט יאַקובן געגעבן אָנשטאָט שמחה מאירן. וואָס מער זי האָט דעם אייגענעם איידעם פיינט געקריגן, אַלץ מער האָט זי דעם ברודער זיינעם ליב געהאַט.

זי האָט טאַקע אָפט געשלעפּט דינהלען צו זיין הויז, ווען זיין ווייב איז געווען אין לאָדזש. איצט איז זי אין קאַרלסבאַד. זי איז נישט גע־

וואוינט געווען אַליין צו פאָרן, שטענדיק איז מיט איר חיים מיטגעפאָרן און אָפּגעהיט זי און באַדינט אין וועג. דאָס ערשטע מאָל איז איר אויסגעקומען פאָרן אַליין, אָן דער באַגלייטונג פון אַ מאַן, און זי איז זייער אומרואיק געווען סיי פאַר זיך, סיי פאַר דער טאָכטער. דערזעענדיק יאַקובן אין צוג, איז איר לייכטער געוואָרן, איר ווייבערישער געפאַלנקייט האָט זיך צוריק געהויבן. זי האָט געפילט, אַז זי איז אַ דאַמע.

— יאַקוב, — האָט זי זיך דערפרייט, — ווען כ'זאָל נישט זיין קיין אַלטע יידענע, וואָלט איך דיך אויסגעקושט.

יאַקוב האָט פאַרקאַשערט אַ שוואַרצע הענטשקע צום ערשט ביי דער מוטער און דערנאָך ביי דער טאָכטער און ביידע עטלעכע מאָל געקושט אין די הענט.

— אַזאַ אנגענעמע איבערראַשונג, — האָט ער געזאָגט אַ פריילעכער און געשטראַלט פון שמחה.

אַלע, ער אַליין, פריווע אַלטער און אויך דינהלע האָבן גאַנץ גוט גע־וואוסט, אַז דאָס איז נישט קיין צופאַל, קיין אנגענעמע איבערראַשונג, נאָר אויסגערעכנט און פאָרגעברייט. פונקט ווי אַמאָל, ווען ער איז געווען אַ ייִנגל און געוואַרט אויף דינהלען שעהן לאַנג ביים טויער, כדי אַראָפּצונעמען פאַר איר דאָס חסידישע היטעלע, אַזוי האָט ער אויך די גאַנצע צייט געזוכט די שוועגערין זיינע צו טרעפן, צו זיין נאָענט צו איר. אָבער קיינער האָט וועגן דעם נישט גערעדט.

—ווירקלעך, אַן אנגענעמע איבערראַשונג, — האָט דינהלע געזאָגט אַ שעמעוודיקע, פילנדיק אין אירע באַקן, ווי זיי באַגיסן זיך מיט רויט־קייט, — אַבי די מאַמע האָט געזאָרגט, וואָס מיר זענען אַליין.

אין דער פרעמדער שטאָט, דער שיינער און רואיקער, איז ער גאָר־נישט אָפּגעטראָטן מער פון דינהלען, ווי אַ שאָטן איר נאָכגעגאַנגען. וואו זי האָט זיך נישט גערירט, איז ער אויסגעוואַקסן אַ ברייטער, אַן עלעגאַנ־טער, אַ פריילעכער, און געצויגן פאַר איר נידעריק דעם צילינדער.

דינהלע האָט זיך געהאַלטן ביי דער מוטער, מורא געהאַט צו בלייבן מיט אים. אָבער די מוטער האָט אַלץ געטאָן, כדי זיי איבער־צולאָזן אַליין. מער נאָך ווי אין גליק פון איר טאָכטער, האָט זי געדענקט אין איר שנאה צום איידעם, וואָס האָט זי אַזוי מיאוס אַרויסגעשטויסן פון אייגענעם גליק און ווואוילשטאַנד. מיט ווייבערישער שנאה האָט זי געזוכט נקמה אין שמחה מאירן.

— דיאַנאַ, — האָט זי איר טאָכטער גערופן, — פאָר זיך דורך מיט יאַקובן, וועסט זיך אויפהייטערן אַביסעלע. איך וועל דאָ הערן די מוזיק אין פאַרק.

אין די געדיכטע פאַרקן, ביים שיין פון דער מילכיקער לבנה, וואָס ליגט אויסגעגאָסן אויף די שטילע פעלדער, האָבן זיי זיך ביי די הענט געהאַלטן און געשוויגן.

— ניין, יעקב, — האָט דינהלע געזאָגט יעדער מאָל, ווען איר שוואָ־גער האָט געוואָלט צולייגן זיינע רויטע פליישיקע ליפּן צו איר מויל, — ניין.

יאַקוב האָט גענומען איר האַנט און אַרום זיין האַלדז פאַרלייגט.

— נו, זיך אַזוי, ווי אַמאָל, ווען מיר זענען קינדער געווען, — האָט ער געבעטן, — געדענקסט, דינהלע?

— איך געדענק, — האָט זי געזאָגט שטיל און געפילט ווי איר האַרץ צעגייט פון גליק. באַלד האָט זי געטריבן אַהיים. זי האָט מורא געהאַט פאַר גאָט, פאַר די קינדער, און מער פון אַלץ פאַר איר אייגן בלוט, דעם פאַרגליווערטן און איינגעשטילטן, וואָס האָט גענומען רופן און דערוואַכן. זי איז אַ דערשראָקענע געלאָפן אַהיים צו דער מוטער.

## קאַפּיטל צוועלף

איבער דער גרויסער רוסישער ערד, פון דער דייטשער גרענעץ ביז דער ווייסל אין מערב ביז דער יאַפּאַנישער גרענעץ ביים אַמור אין וויטן מזרח, זענען די מענער פון איין און צוואַנציק ביז אין די פערציקער יאָרן אַריין אַוועקגענומען געוואָרן פון דער ערד, פאַבריקן און ווערקשטאַטן און געשטעלט געוואָרן אונטערן ביקס. איבער אַלע מויערן און ווענט, דאָרפישע פלויטן און שטאָטישע צוימען זענען גרויסע באַפעלן געהאַנגען, פאַפּירן מיט דעם צוויי־קעפּיקן אָדלער, אין וועלכע דער צאַר, דער זעלבסטהערשער פון רוסלאַנד, דער קעניג פון פוילן און גרויספירשט פון פינלאַנד, ניקאָלאַי דער צווייטער, האָט מיט גאָטס חסד גערופן די אונטערטאַנער זיינע צו פאַרטיידיקן מיט לייב און לעבן די הייליקע רוסישע ערד, דעם גלויבן און דעם געזאַלבטן הערשער פאַר די געצנדינערישע פיינט פון אַזיאַטישן יאַפּאַן וואָס ווילן פון דער גרויסער אימפּעריע שטיקער אין ווייטן מזרח אָפּרייסן. ווער עס וועט זיך נישט צושטעלן צו דער צייט, האָט דער אַלערהעכסטער באַפעל געשריבן, וועט געשטעלט ווערן אונטער קריגס־געריכט.

לעבן די גרויסע קייסערלעכע באַפעלן זענען אין די פינצטערע נעכט קליינע, שלעכט־געדרוקטע אויפרופן אויסגעהאַנגען געוואָרן, אונטערגעשריבן פון רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען, וואָס האָבן די פויערים און אַרבעטער גערופן, נישט צו פאָלגן די רופן פון זייערע הערשער, זייערע קלאַסן־פיינט, און נישט צו גיין אין קריג, וואָס איז אַרויסגעקומען צווישן דעם יאַפּאַנישן און רוסישן קאַפּיטאַל.

וואָס מער די פּאָליציי און אַגענטן האָבן די שלעכט־געדרוקטע פאַפּירן געריסן און זייערע פאַרשפּרייטער געכאַפּט, אַלץ מער זענען די אויפרופן פאַרשפּרייט געוואָרן. די מענטשן האָבן זיך געזאַמלט אַרום זיי, געלייענט. צווישן די רעקרוטן און אויך אַפילו צווישן די רעזערוויסטן האָבן די שלעכט־

געדרוקטע אויפרופן בונטן אַרויסגערופן. זיי זענען אין די פֿאַרבייפֿאָרנדיקע שטעט, וואָס פֿירן צום ווייטן פראָנט, די מאַנאָפֿאָלן באַפֿאַלן, דעם בראַנפֿן צעראַבירט, די באַגלייטער זייערע געשלאָגן און זיך טיילמאָל צעלאָפֿן. אין פּוילן און אין ליטע, אין ווייס־רוסלאַנד און אין די באַלטישע געגנטן האָבן די רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך די סאָלדאַטן אַגיטירט, רעדנער צו זיי אַרויסגעשיקט. די רוסישע פּאָליציי האָט דעריבער אירע אַגענטן אַנטקעגנגעשטעלט, שלעכטס אָנגערעדט קעגן די יידן, וואָס זענען די שונאים פֿון גאָט און פֿאָטערלאַנד, און די באַוואָפֿנטע פּויערים קעגן די יידישע קרעמער אָנגעהעצט, צו רויבן זיי און שלאָגן. די פּויערים האָבן אנשטאָט די מאָנאָפּאָלן, די יידישע קראָמען גערויבט, אָנשטאָט די פּאָליציי און זייערע באַגלייטערס — יידן מיט זייערע ווייבער און קינדער געשלאָגן און געממיתט. די זעלנערישע פּויקן און די גלחישע ברכות האָבן פֿאַרטויבט די געוויינען פֿון די פֿאַרבליבענע סאָלדאַטישע ווייבער, די געשרייען פֿון די געשלאָגענע יידן. אין די שטעטישע אַרבעטער־פּערטלען האָט געברענט אַ פֿייער פֿון צאָרן, האַס און רעוואָלוציע. שטרייקן זענען כסדר אָנגעגאַנגען. אַלע באַנען און שיפֿן, געפּאַקטע מיט מענטשן, פֿערד און געווער, האָבן געצויגן אין ווייטן רוסלאַנד, טיף, אַזש ביזן טייך אַמור.

אויף די וועגן צוריק, פֿון רוסלאַנד קיין פּוילן, צו דער אויפגערודערטער פֿאַבריק־שטאָט לאָדזש, וואָס איז ביי דעם גאַנצן ריזיקן מהלך פֿאַרקניפּט און געבונדן מיט דעם ווייטן מזרח, זענען צוויי מענטשן געלאָפֿן, האָבן געיאָגט, געטריבן, כדי וואָס גיכער אָנצוקומען אין דער פֿאַררויכערטער שטאָט.

אַליין אין אַ קופּע אין אַ וואַגאָן ערשטער קלאַס עקספּרעס־צוג איז געפֿאָרן מאַקס אַשכנזי, דער פֿאָרשטייער פֿון דער אַקציען־געזעלשאַפֿט הונצע־מאַנופֿאַקטור אין לאָדזש. אין אַן ענגלישן,ברייט־געקעסטלטן רייזע־קאָסטיום, עס זאָל אים מאַכן ברייטער און אָנזעעוודיקער, ווי עס פּאַסט פֿאַר זיין שטאַנד, מיט אַ ציגאַר אין מויל, מיט אַ סך לעדערנע רייזע־טאַשן, פּלעדן, מיט אַ סויבעלנעם ברייטן פּעלץ און קאַראַקולענעם הויכן הוט, מיט פֿולע טאַשן געלטער, וועקסלען, פּאַפּירן, אָפּמאַכן, איז ער געזעסן אויף דער ברייטער פּליושענער באַנק און אַרויסגעקוקט אויף די טיפֿע שנייען, פֿאַרשאָטענע פּויערישע הייזלעך, פֿאַרווייסטע וועלדער, פֿעלדער, טעלעגראַפֿן־סלופּעס און צעבראָכענע פּלויטן, וואָס האָבן זיך געצויגן טאָג־איין, טאָג־אויס, גאָר אָן אַ סוף. די באַן האָט זיך פֿאַרשפּעטיקט, געסאָפּעט שווער איבער די פֿאַרשאָטענע ליניעס, און מאַקס אַשכנזי איז געווען אומרואיק.

— ווען וועלן מיר זיין אויפֿן אָרט? — האָט ער צום צוועלפֿטן מאָל געפֿרעגט ביים קאָנדוקטאָר.

— שווער צו זאָגן, באַרין, — האָט דער קאָנדוקטאָר זיך פֿאַרענטפֿערט. — דער שניי פֿאַרשיט אַלץ מער און מער.

די מלחמה האָט אים געטראָפֿן אין וועג, מאַקס אַשכנזין, אין ווייטן

רוסלאַנד. פון לאָדזש האָט ער זייער אומרואיקע טעלעגראַמעס יעדן טאָג געקריגן. דער גאַנצער ווייטער מזרח, אין וועלכן לאָדזש האָט אַ פּאַרמעגן געהאַט שטעקן אַ וועלט מיט סחורות און קונים, איז צוליב דעם קריג געווען אָפּגעשניטן. די באַנען זענען געווען פאַרנומען בלויז מיט מיליטער. וואַ־יאַזשאָרן זענען צוריק געלאָפן, ווי מייז פון אַ ברענענדיקער שיף, אָן געלט, אָן באַשטעלונגען. פאַבריקן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, פּראָטעסטן זענען גע־פלויגן, באַנקראָטן האָבן געהאָגלט. לאָדזש איז געווען צעטומלט. נישט געוואוסט, וואָס מיט איר טוט זיך. די באַראָנען הונצע זענען, ווי שטענדיק, אינדערהיים נישט געווען; זיי האָבן זיך געוואַרעמט אין קאַלטן יאַנואַר אויף דער ריוויערע און געשיקט טעלעגראַמעס וועגן נייע געלטער, וואָס מען זאָל זיי אַרויסשיקן צו די פריערדיקע, וואָס זיי האָבן פאַרשפּילט אויף דער רו־לעטקע, קאָרטן און לויף־פערד. פון דער פאַבריק האָט מען געשטורעמט מאַקס אַשכנזין, ער זאָל קומען וואָס גיכער אַהיים.

ער איז שוין זינט אַ צייט געווען דער הויפּט־דירעקטאָר פון דער פאַב־ריק, מאַקס אַשכנזי. דער הויפּט־דירעקטאָר אַלברעכט האָט לאַנג נישט אָנ־געטריבן. ווי אַשכנזי האָט עס פאָראויסגעזען. ער האָט אַלץ אָפטער געקריגן האַרץ־אַטאַקעס, און אין איינעם אַן אָוונט, ווען דער דינער מעלכיאָר האָט אים אַ נייע יונגע שפּולערקע פון דער פאַבריק געבראַכט, זי זאָל אים די־שטובן אויפרוימען, איז ער ביים ערשטן געראַנגל מיט איר פון די פיס גע־פאַלן, אויף דער ערד אויפן טעפּיך זיך אויסגעצויגן און מער זיך נישט אויפגעהויבן.

די פאַבריק האָט אים אַ גרויסע לויה געמאַכט, די פאַסטאָרן האָבן מיט טרערן־אָנגעזאָפּטע שטימען הספּדים וועגן זיין שיין און פליכטפול לעבן געדעדט. מאַקס אַשכנזי האָט אַ גרויסן קראַנץ פון ווייסע רויזן אויף זיין קבר געלייגט. באַלד צומאָרגנס האָט ער איבערגענומען זיין אָרט אין גרויסן דירעקטאָרישן קאַבינעט. דער דינער מעלכיאָר, וואָס האָט אים געדענקט נאָך פון די צייטן, ווען ער האָט אַ לאַנגע קאַפּאָטע געטראָגן, האָט גלייך זיך פאַר אים אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע און פונקט ווי פאַר דעם פריערדיקן דירעקטאָר געדונערט ביי יעדן וואָרט:

— יאַ וואָהל, הער הויפּט־דירעקטאָר!

אויך אַלברעכטס קאַרעטע איז איבערגעגאַנגען צו מאַקס אַשכנזי.

ביידע, סיי דער דינער מעלכיאָר סיי דער קוטשער פון דער קאַרעטע, זענען נישט געווען שטאַרק צופרידן פון דעם נייעם באַלעבאָס זייערן. מעל־כיאָר האָט אַפילו זייער געשיקט פּרובירט אים אַריינוואַרפן אַ וואָרט וועגן די פאַבריק־שפּולערקעס, וואָס פלעגן קומען צום גאָטזעליקן הער אַלברעכט אויפרוימען, און ער האָט געוואָלט וויסן, צי אויך דער הער הויפּט־דירעקטאָר ווינטשט, ער זאָל אים אין פאַרשטאָרבענעם דירעקטאָרס וואוינונג ברענגען די שפּולערקעס, זייער נעטע מעדעלס...

מאַקס אַשכנזי האָט דעם דינער אָפּגעמאָסטן אַ לאַנגע ווײַלע מיט אַ שאַרפֿן בליק און אים משלח געווען.

— קיין שפּור, — האָט ער געזאָגט, — די שפּולערקעס דאַרפֿן זײַן אין פֿאַבריק...

מעלכיאָר האָט אַרויסגעדונערט:

—יאַ וואָהל, הער הויפּט־דירעקטאָר!

אָבער בייז איז ער געווען.

— זאָ איין שווייַן־יודע, — האָט ער זיך געקלאָגט פֿאַרן קוטשער.

— איין זאָו־הונד, — האָט דער קוטשער געענטפֿערט, — קיין לייטישן טרינק־געלט איז מער פֿאַר די אויגן נישט צו זען...

אָבער דאָס איז בלויז געווען צווישן זיך. אין די אויגן האָבן זיי אים כּבוד אָפּגעגעבן, פּונקט ווי דעם פֿריערדיקן דירעקטאָר.

פּונקט אַזוי האָבן וועגן אים גערעדט מיט צאָרן אַלע איבעריקע דײַטשן אין פֿאַבריק, די אַלע בלאָנד־האָריקע, בלוי־אויגיקע און דיק־לײַביקע בוכ־האַלטערס, אינזשינערן און אָנגעשטעלטע, נאָר אין די אויגן זענען זיי גע־שטאַנען פֿאַר אים מיט דער גאַנצער אונטערטעניקייט, וואָס נאָר דײַטשן האָבן פֿאַר זייער איבער־הער.

— יאַ וואָהל, הערר האַופּט־דירעקטאָר! — האָבן זיי געדונערט פֿאַר אים אויף יעדן באַפֿעל, אויסציִענדיק זיך ווי די סטרונעס.

ער האָט די פֿאַבריק גלײַך אַרײַנגענומען אין די הענט אַרײַן, מאַקס אַשכנזי. אַ פֿרעמדער, אַ קלײנגעוויקסיקער, אַ באַוועגלעכער און אַ נער־וועזער, מיט אַ שלעכטן דײַטש און מיט אַ גמרא־ניגון אין טאָן, אַ צעטראָ־גענער, מיט חסידישע געוואוינהייטן צו צופּן זיך ביים קין, כאָטש ער האָט קיין באָרד נישט געהאַט, צו נעמען מענטשן ביי אַ קנעפּל אין רעדן, צו טראָגן דעם קראַוואַט שטענדיק פֿאַררוקט אין אַ זײַט און נישט אײַנצוזיצן אויף אַן אָרט, האָט ער פֿונדעסטוועגן זייער געשיקט אַרײַנגענומען אין די הענט אַרײַן אָט די אַלע הויכגעוויקסיקע פֿעט־לײַביקע, גלײַך־פֿאַרקעמטע, קאָ־רעקטע און פּינקטלעך־גלײַכגעזעצטע דײַטשן. ער האָט וועגן אַלעם געוואוסט, אַלץ געהאַט אויפֿן קאָפּ, געקענט יעדער ווינקל אין פֿאַבריק, יעדער מאַשין געבײַדע, אַלץ, וואָס ווערט געטאָן, געמאַכט און געבויט. אין דער פֿריערדיקער געמיטלעכער פֿאַרשלאָפֿנקייט, וואָס דער שווערער אַלברעכט האָט אַרײַנ־געפֿירט, האָט מאַקס אַשכנזי אַרײַנגעטראָגן אימפּעט, ברען. די מענטשן זע־נען געווען בייז, אויפֿגעבראַכט אויף דעם פֿרעמדנס יאָגן און טרײַבן; אָבער קעגנשטעלן זיך האָבן זיי נישט געקאָנט. איין שרײַפּל האָט גענומען טרײַבן דאָס צווייטע. דאָס גאַנצע אומרואיקייט זײַנס, דאָס שטענדיקע לויפֿן, טרײַבן, יאָגן, נישט אײַנרוען אויף קיין אָרט, האָט ווי אַ מאָטאָר געטריבן פֿון דירעק־טאָרישן קאַבינעט אַרויס צו אַלע ווינקעלעך פֿון דער גרויסער פֿאַבריק, באַוועגט מיט אַלע מאַשינען, מענטשן, ווי מיט מאַריאָנעטקעס אויף אַן אָנגעדרייטער דראָט.

אין מיטן גאַנצן טומל און גערודער פלעגט ער נאָך געפינען צייט אַרי־בערצוטראַכטן זיך אויך קיין רוסלאַנד און גרויסע געשעפטן מאַכן. די פאַבריק איז געגאַנגען, ווי ער האָט זי פריער אָנגעדרייט. אין די ווייטסטע ערטער, וואו ער איז געווען, האָט ער געוואוסט וועגן אַלץ, וואָס אין פאַבריק טוט זיך, כסדר געקריגן טעלעגראַמעס און געשיקט טעלעגראַמעס וואָס צו טאָן. איצט, ווען דער קריג איז אויסגעבראָכן אין ווייטן מזרח, האָט ער אַ סך טעלעגראַמעס געקריגן. אין שטאָט איז געווען אַ בהלה. די באַראָנען זענען, ווי שטענדיק, נישט געווען אינדערהיים, און די מענטשן זענען געווען פאַרלוירן און צעמישט. זיי האָבן נישט געוואוסט וואו איין און וואו אויס. און מאַקס אַשכנזי איז געזעסן אומרואיק אין זיין קופּע, די ברייטע פּליושענע באַנק איז אים געווען צו־קליין.

ער האָט געהאַט אַן אידעע אין קאָפּ, אַ גרויסע אידעע. גראָד ווען לאָדזש שטעלט זיך אָפּ איצט, פאַרלירט דעם מאַרק, האָט ער געוואָלט מאַכן געלט, אַ סך געלט. שוין אין וועג האָט ער אָנגעשמעקט, אַז ביי איבערגיין אויף מיליטערישע סחורות, קאָן מען איצט מאַכן אַ פאַרמעגן. זיי זענען זייער גוטע קונים, די מיליטער־אינטענדאַנטסטוועס, זיי האָבן אַליין ליב צו פאַרדינען און צו געבן צו פאַרדינען. אמת, אַז זיין פאַבריק אַרבעט אַנדערע סחורות; אָבער דאָס איז גאָרנישט, מען קאָן לייכט איבערגיין צו מיליטערישע סחורות. מען דאַרף עס נאָר פאַרכאַפּן צו דער צייט, איידער אַנדערע וועלן פאַלן אויפן שכל. איבערהויפּט האָט ער מורא געהאַט פאַר פלידערבוימען. איינמאָל האָט שוין דער פלידערבוים געוויזן, וואָס ער קען, דעמאָלט מיט דעם גובערנאַטאָר און די פלעצער. אַ פאַרמעגן האָט ער דעמאָלט געמאַכט. איצט טאָר מען נישט לאָזן זיך נאָכאַמאָל אַזוי אונטערפירן. מען דאַרף פאַרכאַפּן די געשיכטע באַצייטנס. דער עיקר גלייך צוקומען צום פּסוק, אָנכאַפּן דעם הויפּט פון דער אינטענדאַנטסטווע, געבן אים אָפּצולעקן אַ ביין, און אַליין אָפּלעקן אַ ביין.

שיין וועט דאָס זיין — ווען אַלע פאַבריקן וועלן שטיין, וועט מען ביי אים אַרבעטן בייטאָג און ביינאַכט, עס וועט זיך רירן!

בלויז פון דעם געדאַנק האָט מאַקס אַשכנזי גענומען זיך רירן אויף דעם אָרט, אונטערהעצקען זיך, ווי די פאַבריק זיינע, וואָס וועט זיך רירן אין דער אַרומיקער שטילער לאָדזשער פּוסטקייט. דאָס פייפן פון לאָקאָמאָטיוו האָט אים דערמאָנט אין פייפן פון זיינע קוימענס.

גלייך פון דער באַן, ווי נאָר די קאַרעטע איז אים געקומען אַנטקעגן, איז ער צו דער פאַבריק פאַרפאָרן. ער האָט זיך נישט פאַרהאַלטן אין שטוב, אַפילו קיין באָד נישט גענומען נאָך דער לאַנגער רייזע. ער האָט נישט געהאַט קיין צייט דערצו. יעדע מינוט האָט געברענט. בסוד־סודות, מיט גרויס ברען און בהלה, האָט ער גענומען ציען פעדעם, אַרומשמעקן, אויסטאַפּן אַלע וועגן און אונטערוועגן, וואָס פירן צו דעם הויפּט פון דער אינטענדאַנט־סטווע. ער האָט איצט נויטיק באַדאַרפט האָבן די באַראָנען זיינע. דעם

וועג צו די העכערע פענצטער האָבן געהאַט זיי, די מיוחסים און אַריסטאָ־קראַטן, נישט ער. ער האָט דאָס געוואוסט. יואָס־וואָס, נאָר צו די הויכע פענצטער גרייכט ער נישט, כאָטש דער שוסטער מאַכט אים אַלץ העכער די קנאַפּלס און אין לאַדזש זאָגט מען, אַז ער האָט מער אין די הענט די הונ־צעס, ווי די הונצעס אים. אָבער זיי זענען נישט געווען אינדערהיים, די באַ־ראָנען, זיי זענען געזעסן אין אויסלאַנד, ווי תמיד. און ער האָט זיך אַליין גענומען צו דער אַרבעט. פאַרקערט, דאָס וואָס ער וועט אַליין דורכפירן, אָן זייער הילף, האָט אים נאָך מער לוסט צוגעגעבן.

אויך פאַר אים איז עס געווען בעסער. אמת, ער האָט אַליין דעם וועג צום קאָמענדאַנט פון פעסטונג נישט געהאַט, יענער איז געווען דערווייל אַ צו־גרויסער העכט פאַר אים, אָבער מאַקס אַשכנזי האָט שוין געוואוסט, אַז פונקט ווי ביי אים אין פאַבריק, אַזוי אומעטום, ווערן די עלטסטע געפירט פון די נידעריקערע פון זיך; ער האָט געוואוסט, אַז מיט גאָלד קען מען ביי די רוסן שטענדיק מאַכן, אַפילו ביי די העכסטע אַליין.

און ער האָט זיך שטילערהייט אַריינגעכאַפּט קיין וואַרשע און גענומען שפּינען אַ וועג. שוין אין ערשטן טאָג האָט ער געפונען דורך אַ מעקלער אַ וועג צו אַן אָפּערעטע־זינגערין, וואָס איז אַ געליבטע פון אַן אַדיוטאַנט אין דער פעסטונג. מיט אַ ברילּיאַנטל אין אַ שיין אַטלעסן שאַכטעלע און מיט אַ בוקעט בלומען, צו־גרויסע און צו־שרייענדיקע, ווי נאָר אַן עם־הארץ אין אַזעלכע זאַכן צעלאָזט זיך, איז ער אַוועקגעפאָרן צו דער היפּש־בלאָנדער און היפּש־דיקער גויע, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט הינט, קעץ, פייגל און פאַרשטויבטע קרענץ פון טעאַטער־פאַרערער. נודיענדיק זיך ביז חלשות סיי פון די אייגענע קאָמפּלימענטן, וואָס ער האָט דער דיקער אַקטריסע געמאַכט פאַר איר זינגען, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געהערט, סיי פון די זיסע ראָמאַנטישע באַרימערייען און שאָקאָלאַדע, וואָס די דאַמע האָט אים אָנגעפּאַקט אין איר בינע־ענלעכן בודואַר, איז ער פונדעסטוועגן מיט גרויס עקשנות אויסגעזעסן זיין צייט, אָנגעטאָן דער אַקטריסע דאָס ברילּיאַנטענע רינגל אויף איינעם פון די דיקע פינגער, וואָס האָבן שוין באַלד קיין אָרט מער נישט געהאַט פון אַזויפיל פינגערלעך.

— זאָל דאָס זיין אַן אויסדרוק פאַר מיין פאַרערונג פון אייער גרויסער קונסט, — האָט ער געזאָגט אין אַ גרייזיקן פויליש, — עס וועט זיין פאַר מיר דאָס גרעסטע גליק נאָכאַמאָל צו פאַרברענגען אין אייער געטלעכער געזעלשאַפט.

— איך בין טיף גערירט, — האָט די דיקע בלאָנדע אַקטריסע געזאָגט מיט דעם פאַרפירערישסטן שמייכל, וואָס נאָר זי האָט אין טעאַטער באַנוצט. — איך וועל זיין גליקלעך צו זען דעם הער דירעקטאָר אין מיין באַשיידענער וואוינונג אין דער געזעלשאַפט פון מיינע נאָענטע פריינט.

דורך אָט דער היפּש־בלאָנדער און היפּש־פעטער דאַמע איז ער אַריינ־געצויגן געוואָרן אין זייער אַ מאָדנער געזעלשאַפט, צווישן אָפיצירן, אַדיו־

טאַנטן, גרויסע פאַרערער פון דער אַקטריסעס קונסט, נאָך מער פון קאָרטן, שאַמפּאַניער, פריילעכע רעסטאָראַנען, קאַבאַרעטן און געלט. אַ ניכטערער, פול מיט עקל צו שיכרות און הולטייסטווע, האָט ער עטלעכע טעג צייט אַרומגעהוליעט מיט די צעלאָזענע נייע פריינט זיינע, וואָס האָבן אין שיכרות געבראָכן שפּיגלען און געכאַפּט זיך צו די רעוואָלווערן. אָבער זיינס האָט ער דורכגעשלאָגן; ער איז צוגעקומען צום קאָמענדאַנט אַליין, זיין געלט האָט פאַר אים אַלע טירן געעפנט.

צוריק קיין לאָדזש איז ער געפאָרן מיט אַן עקל אין מויל און אַ רויש אין קאָפּ. די הוליאַנקעס זענען אים אין די ביינער געלעגן. אָבער איז קעשענע האָט ער געפירט אַ באַשטעלונג פון מיליטערישע סחורות, פון וואָס מען וועט גיין אין גאָלד.

אין גאַנצן גרויסן, פּוסטן לאָדזש, האָט הונצעס פאַבריק געאַרבעט אויף דער גאַנצער פאַרע. בייטאָג און ביינאַכט האָט מען געאַרבעט, די קוימענס האָבן אין דער שטילער שטאָט געפייפט מיט גרויס חוצפּה, די ציגל־רויטע פאַבריק־ווענט האָבן געציטערט פון פיבערדיקן יאָגן.

ווידער איז ער געווען אויף די ליפּן פון גאַנץ לאָדזש, ווידער האָט מען אים נאָכגעקוקט אויף די שלעכט־געפלאַסטערטע גאַסן, ווען ער איז גע־פאָרן אַ פאַרטראַכטער און פאַרטאָענער אין אַלברעכטס קאַרעטע, וואָס ער האָט געירשנט.

— פייער און פלאַם, — האָבן יידן גערעדט, — פון שניי גאָמעלקעס מאַכט עס.

— ער האָט געפּאַקט דאָס אמתע מלחמהלע, — האָט מען גערעדט מיט קנאה, — אַ טייער גאָלדן מלחמהלע...

ער האָט די באַראָנען זיינע קיין געלט נישט געקאַרגט איצט. ער האָט זיי געשיקט מער נאָך וויפל זיי האָבן אַליין געוואָלט. ער אַליין האָט פאַר זיינע ריזיקע פאַרדינסטן געקויפט אַקציעס פון דער פאַבריק. ער האָט זיי געזאַמלט, די אַקציעס זיינע, טאָג נאָך טאָג. איבערהויפּט אין די טעג, ווען זיי זענען נידעריק געשטאַנען, אין די מלחמה־טעג.

---

דורך וועגן און אומוועגן, מיט שליטנס און באַנען, צופוס און באַהאַלטן אונטער שטרוי און וואָגנס, איז געלאָפן פון ווייטן סיביר דער אַנדערער לאָדזשער איינוואוינער, דער פאַרשיקטער ניסן אייבעשיץ פון באַלוט, ר׳ נאָסקע מורה־הוראהס זון, פול מיט אומגעדולד און איילעניש צו זיין שטאָט אין פּוילן.

אויך אים האָט מען גערופן פון לאָדזש. מער ווי אין אַנדערע שטעט, איז אין פאַבריק־שטאָט געווען אומרואיק. די אַרבעטער אין די פאַבריקן האָבן אָפּט געשטרייקט. דעמאָנסטראַציעס האָבן זיך געלאָזט אויף די גאַסן. דערצו נאָך איז צוליב דעם קריג אָפּגעשטעלט געוואָרן די אַרבעט. די אַרבע־טער זענען געווען צערייצט, פאַרביטערט, און עס איז געווען אַ גוטע צייט

פּאַר אַגיטאַציע און אויפקלערונג. די קליינע רעוואָלוציאָנערע קערנדלעך, וואָס ניסן מיט טוביהן האָבן אין דער רויכערנדיקער שטאָט פאַרשפּרייט, זע־נען שטאַרק אויסגעוואַקסן, ניין, דער דורכפאַל פון די מאַי־טעג, וואָס האָבן זיך אַזוי מיאוס פאַרענדיקט, האָט נישט אָנגעשראָקן אויף אייביק די לאָדזשער אַרבעטער, ווי מען האָט דעמאָלט געמיינט. זיי האָבן איצט אָפטע דעמאָנ־סטראַציעס געמאַכט, רעוואָלוציאָנערע לידער געזונגען, געבוינטעוועט זיך קעגן די פאַבריקאַנטן און דער פּאָליציי. און טוביה מיט זיינע חברים האָבן פאַרשטעלטע היימישע בריוו איינעם נאָכן צווייטן געשיקט, פון וועלכע ניסן האָט פאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף לויפן. אויך געלט האָט מען אים געשיקט אויף הוצאות.

כאָטש ניסן האָט נאָך געהאַט נישט קיין סך אויסצוזיצן ביז דעם טערמין, איז ער געלאָפן פאַר דער צייט.

אים איז מיאוס געוואָרן אויף דער פאַרשיקונג. וואָס צו טאָן איז נישט געווען אין דעם פאַרוואָרפענעם העק. גאַנצע טעג האָט מען געפּטערט אויף דיסקוסיעס און רייסערייען מיט די אַנדערע פאַרשיקטע. עס זענען דאָרט געווען פאַרעלטערטע נאַראָדניקעס, פּוילישע פּעפּעסאָווצעס, אַלטע פּוילישע פאָווסטאַנצעס, סאָציאַל־דעמאָקראַטן, עסערן, בונדיסטן, אַנאַרכיסטן. אַלע האָבן זיי זיך געגריזשעט, געפּרעסן, באַקעמפט, אויסגעלאַכט. צווישן יעדער פּאַרטיי באַזונדער האָט מען זיך ווידער געטיילט אויף פראַקציעס, אויף אָפּגעריסענע און אָפּגעשפּאָלטענע. פאַרוואָרפענע, עלנטע, אָפּגעריסענע פון אַלעמען און אַלץ, האָבן זיך די מענטשן דאָ געפרעסן, געקראָכן זיך אין דער לעבער, פיינט געהאַט זיך, אַרומגעריסן זיך, און דאָך געקלעפּט צו זיך. פון יעדער נייער פּאַרטיע פאַרשיקטע האָט מען זיך דערוואוסט אין ווייטן העק, אין סיביר, פון די נייע פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך, פראַקציעס און גרופּעס, וואָס האָבן זיך אין לאַנד געוויזן, פון אַלע זייערע פּראָגראַמען און פּראָגראַמעלעך.

גלייך מיט אַלע אַנדערע, האָט ניסן געשאַרפט די צונג, געשליפן דעם מוח. אַ געוועזענער בית־המדרש־בחור, האָט ער גוט זיך אויסגעקענט אין דער דיאַלעקטיק. ער האָט געקענט אַלץ פון דער נייער תורה פון אויס־ווייניק, ווי זיין פאָטער האָט געקענט די אַלטע תורה פון אויסווייניק. ער האָט שטענדיק געהאַט גרייט אין קאָפּ אַ ציטאַט פון די טעאָרעטיקער פון סאָציאַליזם, צו צעשלאָגן אַ קעגנער, וואָס נויגט אָפּ פון דער גרונט־לערע, מיט אַן אייזערנער לאָגיק, מיט אַ סך בקיאות און וויסן, האָט ער אַ תל געמאַכט פון אַלע, וואָס האָבן געוואָלט אָפּקערן פון מאַרקסיזם, אויס־פּשטלען אייגענע סברות און המצאות.

— גלייך, גלייך, אָן דריידלעך, — האָט ער געזאָגט צו די דרייער און פּשטל־זאָגער, פּונקט ווי זיין פאָטער פלעגט זאָגן צו די חסידישע עילוים, וואָס האָבן אים מיט פּשטלעך געוואָלט פאַרדרייען, אַראָפּגיין פון דער תורה.

אַ שוואַרץ־אויגיקער, אַ ברוין־הויטיקער, מיט אַ קליין שוואַרץ בערדל און געקרייזלטע באַקן־בערד, וואָס האָבן אַנגענומען דעם אויסזען פון פּיאות, מיט אַן אַלטער טבע פון בית־המדרש צו דרייען מיט דעם גראָבן פינגער ביי פירן אַ דיסקוסיע, איז ער אינגאַנצן ענלעך געווען אויף זיין פאָטער ר׳ נאָסקע, ווען ער פלעגט לערנען אויפן באַלוט מיט די בחורים. אויך קאָמענטאַרן צו זיינע ביכער האָט ער געשריבן, ווי דער פאָטער זיינער צו די ספרים, אויף אַלע ברעגן האָט ער די ביכער פאַרשריבן. זייער געשיקט, מיט אַ טיפער לאָגיק, האָט ער צעשלאָגן די אַלע אָפּנויגער פון מאַרקסיזם, נישט נאָר די עסערן, נאָר אויך די פּעפּעסאָווצעס און אַלערליי פּראַקציעס פון די מאַרקסיסטישע פּאַרטייען, וואָס האָבן מיט פּשטלעך און נאַציאָנאַלע פּראָ־גראַמען אָפּגענויגט פון דעם אמתן מאַרקסיזם, פאַרטונקלט אים. פּונקט ווי אַ פרומער ייד, אַ מתנגד, וואָס דערלאָזט נישט אָנרירן די תורה, וואָס איז אייביק, וואָס לאָזט נישט אַריינטייטשן אין איר קיין פּשטלעך פאַרן אייגענעם נוצן, אַזוי אויך האָט ניסן נישט געקאָנט פאַרטראָגן, ווען מען האָט פאַר־טונקלט זיין מאַרקסיזם, וואָס איז אייביק, מיט אַלערליי פרעמדע סברות.

זיי האָבן אים נישט ליב געהאַט, די גויאישע פאַרשיקטע. זיי האָבן נישט פאַרמאָגט סיי זיין שאַרפע לאָגיק, סיי זיין עכט־יידישן אויסזען, סיי זיין שטענדיקן זיצן און לערנען, נישט מען האָט געקאָנט גיין מיט אים אויף יאַגד אין די טיפע וועלדער, נישט מען האָט געקאָנט מיט אים אויסטרינקען. ער האָט אין די אַלע זאַכן קיין הנאה נישט געפילט. בלויז אין די ביכער האָט ער געפילט אַ טעם. ער האָט זיי געשלונגען ביי טאָג און ביי נאַכט.

דער איינציקער, וואָס האָט זיך געהאַלטן מיט אים נאָענט, איז געווען דער סאָציאַל־דעמאָקראַט שטשינסקי. כאָטש אַ פּאָליאַק, אַ געוועזענער שי־לער פון אַ גלחישער קאָנסיסטאָריע, האָט ער, פּונקט ווי ניסן, געזוברעוועט טאָג און נאַכט אין די מאַרקסיסטישע ביכער און פיינט געהאַט אַלע, איבער־הויפּט די פּעפּעסאָווצעס, וואָס האָבן אין ריינעם מאַרקסיזם געוואָלט אַריינ־ברענגען נאַציאָנאַליסטישע אָפּנויגונגען. אויך ער האָט נישט מיטגעהאַלטן מיט זיינע, נישט געגאַנגען אויף יאַגד, נישט געטרונקען, געלעבט אַ לעבן פון אַ נזיר. אַפילו זיין בלאָנד גויאיש בערדל האָט אָנגעהויבן אויסזען ווי דאָס בערדל פון אַ ייד אַ למדן, וואָס איז פאַרטאָן אין תורה. אים איז גאָר־נישט מיאוס געוואָרן צו לערנען מיט ניסנען צוזאַמען די אייגענע מאַרקסיס־טישע ביכער. נאָר פון דער גלחישער שול, פון די לערער די יעזואיטן, האָט ער די יעזואיטישע תורה מיטגעבראַכט, אַז דער ציל הייליקט דאָס מיטל. פאַר דעם ציל, פאַר דער אויסלייזונג פון פּראָלעטאַריאַט, האָט ער געהאַלטן, זענען אַלע מיטלען כשר. זיין מויל פלעגט זיך אויסקרימען, ווען ער פלעגט רעדן וועגן די שונאים פון פּראָלעטאַריאַט. ער האָט געגלויבט אין די אייזערנע געזעצן פון דער קאַפּיטאַליסטישער צעפאַלונג. אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין צייט צו וואַרטן ביז דער בלאָטער וועט פּלאַצן. ער האָט אים געוואָלט באַצייטנס אויפשניידן, אויפרייסן. אָן דעם וויסן פון

דער פּאַרטיי האָט ער טאַקע גענומען זיך צו טעראָר אין לאָדזש. נאָך דעם טערמין אין טורמע איז ער געווען פאַרשיקט אין סיביר.

— אָפּרוימען, אָפּרוימען, — האָט ער שטענדיק גערעדט צו ניסנען אויף זיינע שפּאַצירן.

אָט מיט דעם שטשינסקין איז ניסן געלאָפן איצט פון סיביר צו דער פאַבריק־שטאָט לאָדזש.

שוין פון וואָקזאַל, ווי נאָר ער איז אַראָפּ פון דער באַן, האָט ער דער־שמעקט די רעוואָלוציע אין שטאָט. זי האָט געהאַלטן זיך אין די מויערן פון די ווענט, אין דער קאַלטער ווינטערדיקער לופט פון די פאַררויכערטע גאַסן. וואָס ווייטער ער איז אין די אָרעמע געסלעך אַריין, אַלץ מער האָבן זיך געוויזן די רעוואָלוציאָנערע אויפשריפטן און די אָנגעקלעפּטע פּראָקלאַ־מאַציעס אויף די פּלויטן און אויף די ווענט. אויף די ראָגן האָבן טאָפּלטע פּאָליציי־פּאַטרולן אַרומשפּאַצירט, באַגלייט פון אַ זעלנער מיט אַ ביקס.

ניסן איז אַוועק זוכן אַ „יאַווקע". ווי אַ געניטער קאָנספּיראַטאָר, וואָס האָט זיך אין די טורמעס אויסגעלערנט ביי די רעוואָלוציאָנערן די מלאכה, האָט ער זייער פּאָרזיכטיק אָנגעשמעקט די געגנט, ביז ער האָט זיך דער־שלאָגן צו דער וואוינונג. דער בלומען־טאָפּ, וואָס האָט געדאַרפט שטיין אין פענצטער, אַ סימן, אַז מען קאָן אַריינגיין, איז געשטאַנען אויפן אָרט. ניסן איז אַרויף די טרעפּ צו דער טיר.

— וואָס מאַכט דער פעטער? — האָט ער געפרעגט ביי אַ רויט־באַקיק און שוואַרץ־אויגיק ווייבל, וואָס ער האָט זי נאָך קיינמאָל אין לעבן נישט געזען.

— ער איז געזונט און ער לאָזט אייך גריסן, — האָט דאָס רויטע ווייבל געענטפערט און נאָך רויטער געוואָרן.

דאָס איז געווען דער פּאַראָל. ניסן איז אַריין. דאָס רויט־באַקיקע ווייבל האָט זיך מיט אים צעקושט.

— ענדלעך, — האָט זי געזאָגט, — מיר האָבן שוין אַזויפיל איבערגע־קלערט. איר זענט הונגעריק, חבר?

— פריער פאַר אַלץ, וואַסער, חברטע, — האָט ניסן געזאָגט. — שוין עטלעכע וואָכן, ווי איך האָב זיך נישט געוואַשן.

נאָך אין זעלבן אָוונט איז ביי אָט דעם רויט־באַקיקן ווייבל איינגעאָרדנט געוואָרן זייער פריילעכע תנאים, מיט בראָנפן, לעקעך, וואורשט, ביר און אַ סך אַנדערע גוטע זאַכן, וואָס זענען דאָ אויף שמחות. אַ יונגער בחור איז געזעסן אין שבתדיקן קאָסטיום לעבן אַ מיידל אין אַ יום־טובדיקן קליידל,ביידע זענען זיי געווען די חתן־כלה, וואָס מ'פּראַוועט זייער שמחה. צווישן די געסט זענען געווען עטלעכע מנינים מענטשן, מענער און פרויען. פון די באַקאַנטע זענען געווען בלויז טוביה און זיין טאָכטער באַשקע. דאָס האָט מען געמאַכט אַ ליאַמע פאַר ניסנען דעם צוריקגעקומענעם פון סיביר. נאָר צו־ליב מורא פאַרן הויז־וועכטער, ער זאָל נישט אָנווייזן אין צירקל אויף די

מענטשן, וואָס זענען זיך צוזאַמענגעקומען, האָט עס געהייסן, אַז מען מאַכט אַ תנאים. אַפילו געדרוקטע תנאים זענען געלעגן גרייט. ניסן האָט דער־ציילט וועגן זיין וועג. טוביה האָט דערציילט וועגן דער לאַגע אין שטאָט.

— לאָדזש איז אונדזער, — האָט ער געזאָגט. — אַז וועסט זיך אָפּרוען עטלעכע וואָכן פון דער נסיעה, וועט מען דיך אַריינציען אין דער אַרבעט. פעלסט דאָ, ניסן.

— איך דאַרף נישט רוען, — האָט ניסן געזאָגט, — איך וועל גלייך זיך איינשפּאַנען. געננג יאָרן געגאַנגען ליידיק.

שוין אין עטלעכע טעג אַרום איז ער אַריין אין קאָמיטעט. זיין ערשטער אַרויסטריט איז געווען אין בית־המדרש.

צו מנחה און מעריב האָבן זיך אָנגעזאַמלט מאָדנע יידן אין גרויסן בית־המדרש, מערסטנס יונגע און קורץ־געקליידעטע, וואָס זיי דאַווענען זעלטן. דער שמש, וואָס האָט שוין געקענט די נייע מנהגים פון די אחדותניקעס, האָט געוואָלט פאַרכאַפּן די פיש פאַר דער נעץ און ווי נאָר דער חזן פאַרן עמוד האָט אויסגעלאָזט דעם לעצטן פּסוק פון קדיש, האָט ער גלייך געגעבן אַ קלאַפּ אין טיש אויפן באַלעמער און אויסגערופן, אַז דער מגיד וועט דרשענען. אָבער איידער דער מגיד האָט געפּרוּווט אָנטאָן אויף זיך דעם טלית צו דער דרשה, איז שוין געווען די טיר אָפּגעשלאָסן.

— קיינער זאָל נישט פּרובירן אַרויסצוגיין! — האָט אַ ברייט־פּלייציקער בחור אויסגערופן. — און רעדן וועט נישט דער מגיד, נאָר אונדזער פאַרשטייער. חבר, איר האָט דאָס וואָרט!

ניסן האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויף דעם באַלעמער און אַרומגעקוקט זיך איבערן געפּאַקטן עולם. אַ ווײַלע איז אים געווען שווער צו רעדן. ער האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעוואוינט פון יידישן לשון פאַר די יאָרן טורמע און פאַרשיקונג. באַלד איז ער צוריק אַריין אין דער שפּראַך. דער גרויסער געפּאַקטער עולם, די זיכערקייט פון זיינע מענטשן, וואָס פילן מער זיך נישט דערשראָקן, נאָר ווי די באַלעבאַטים, דאָס האָט אים אָנגעפילט מיט וואַרעמקייט און גלויבן. ער האָט געזען, אַז זיין אַרבעט איז נישט געגאַנגען פאַרלוירן. דער האַלדז האָט זיך ביי אים אויפגעבונדן און ער האָט גערעדט פון באַלעמער אַראָפּ, גערעדט מיט פייער, אָנגעצונדן אַלעמען און זיך אַליין.

די ליכט פאַרן עמוד האָבן געטריפט און געשמאָלצן זיך פון דער אָנגעגלייטער היץ אין מקום־קדוש.

גאָרנישט צו דערקענען זענען געווען די באַלוטער געסלעך. אַלע ווענט זענען געווען באַהאַנגען מיט פּראָקלאַמאַציעס. די אַרבעטער האָבן זיך אַרומגעדרייט אויף די שמאָלע טראָטואַרן, ביי אַלע ראָגן, פּראַנק און פריי גערעדט, אַגיטירט. די פּאָליציאַנטן האָבן זיך אַפילו נישט געוויזן. און אויף די אַר־בעטער־בערזעס האָט געקאָכט און גערודערט פון לעבן און באַוועגונג. וועבער, שפּולערקעס, זאָקנמאַכערינס, נייטאָרינס, שניידערס, געגריוועטע שוסטערס, אין קורצע קליידער און אין לאַנגע קאַפּאָטעס, אין היטעלעך און אין טי־

כעלעך, אַלע האָבן זיך אַרומגעדרייט דאָ, גערעדט מיט זייערע פאָרשטייער
אָפּגעהאַלטן מיטינגען, אָפּגעשטימט שטרייקן, געפירט דיסקוסיעס, איינ־
געטיילט ליטעראַטור, צונויפגענומען מיטגלידס־אָפּצאָל, און מיטאַמאָל האָט
איינער זיך אַרויפגעכאַפּט אויף די אַקסלען פון די אַרומיקע און געהאַלטן
אַ רעדע.

פראָסטע יידן, וויבער, דינסט־מיידלעך, אָרעמע הענדלער, אַלע זענען
זיי דאָ געקומען אָהער אויסדערציילן זייערע צרות, זוכן גערעכטיקייט. אויף
דער בערזע איז געקומען אַ לאָדזשער שאַכער אויסצוגיסן זיין ביטער האַרץ
אויף דעם שלעכטן הויז־ווירט, וואָס וויל אים אַרויסוואַרפן פון קעלער־שטוב
פאַר נישט צאָלן ס'דירה־געלט; און צו די אחדותניקעס איז געקומען קלאָגן
זיך אַן אָרעם דינסט־מיידל, וואָס די באַלעבאָסטע וויל איר נישט באַצאָלן
פאַר אַ זמן לוין; וויבער פון באַלעגאָלעס זענען געקומען זיך קלאָגן אויף
זייערע מאַנען די שיכורים, וואָס פאַרטרינקען דאָס געלט און ברענגען נישט
אַהיים קיין גראָשן פאַרדינסט אין שטוב פאַר ווייב און קינדער; זמנניקעס
און לערן־יינגלעך זענען געקומען אָנקלאָגן זייערע באַלעבאַטים, וואָס שלאָגן
זיי ביי דער אַרבעט אָדער גיבן זיי נישט גענוג צו עסן. אַפילו פאַר־פאָלקן
וואָס קאָנען נישט אויסקומען צווישן זיך און די רבנים קאָנען זיי נישט אויס־
גלייכן, זענען געקומען מיט זייערע טענות אויף די בערזעס, כדי ביי די
אחדות־לייט צו קריגן יושר און גערעכטיקייט.

אויף די טראָטואַרן, אונטער שניי און רעגן, אין טומל פון האַנדל און
וואַנדל, האָבן די בערזעס געלעבט זייער לעבן, געהאַלטן אויג אויף דער אַר־
בעט אין די ווערקשטאַטן, געפירט אַגיטאַציע, געטיילט ליטעראַטור, אַרומ־
געריסן זיך מיט די קעגנער, פעסטגעשטעלט לוינען און אַרבעטס־שעהן, אָנ־
גענומען זיך פאַר באַליידיקטע און געדריקטע, באַשטראָפט די, וואָס פאָלגן
נישט די באַפעלן. דאָ זענען אויסגעקליבן געוואָרן דעלעגאַטן, וואָס זענען
געגאַנגען איבער די וואַרשטאַטן קאָנטראָלירן די אַרבעט און די לוינען. פון
דאַנען זענען געשיקט געוואָרן דרייסטע און שטאַרקע צו ווידערשפּעניקע הויז־
ווירטן און שלעכטע באַלעבאָסטעס, כדי צו באַשיצן זייערע געדריקטע לאָ־
קאַטאָרן און באַעולהטע טאָג־לוינער. פון דאַנען זענען אַרויסגעשיקט גע־
וואָרן פאָרשטייער צו געשעפטן און קראָמען, כדי אָוועקצונעמען פון דער
אַרבעט די משרתים און פאַרקויפער, וואָס די באַלעבאַטים זייערע ווילן
זיי האַלטן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. און דאָ זענען אויך צונויפגע־
שטעלט געוואָרן צעטלען פון די רייכע, וואָס אויף יעדן פון זיי איז אַרויפ־
געלייגט געוואָרן אַ שטייער, אויף אויסצוהאַלטן אַרבעטער־קיכן און אויף צו
דרוקן רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור און פּראָקלאַמאַציעס.

מען האָט געפאָלגט די באַפעלן פון דער בערזע, אַ סך מער ווי די
באַפעלן פון דער פּאָליציי. וואָרעם שטרענג זענען געווען די פאָרשטייער,
וואָס זענען מיט די באַפעלן געקומען. נישט מען האָט זיך געקאָנט ביי זיי
אויסקויפן מיט כאַבאַר, ווי ביי דער פּאָליציי, נישט מען האָט געקאָנט אַרויס־

שטעלן אַדוואָקאַטן און מליצי־יושר. זיי האָבן זיך אָפּגערעכנט מיט די, וואָס האָבן די באַפעלן פון דער בערזע נישט געפאָלגט.

און דער קעניג פון דער בערזע, דער אַלמעכטיקער און שטרענגער, איז געווען „טוביה נישט הפקר אַ וועלט״, אַ פּאַרקאָכטער, אַ פּאַרהאַוועטער, מיט דעם פּאַפּירענעם קעלנערל אויף זיין קנאָכיקן האַלדז, איז ער אומע־טום געווען פול, און אַלץ געוואוסט, מיט אַלץ געפירט, און קיין זאַך נישט אַראָפּגעלאָזט פון אויג. אים צו הילף, שטענדיק ביי דער האַנט, איז געווען זיין טאָכטער באַשקע. אַ דערוואַקסענע שויך, אַ שיינע און אַ געראָטענע, האָט זי שוין לאַנג געקאָנט טאָן אַ שידוך, קינדער ברענגען אויף דער וועלט און אפשר אַפילו אַן אייגענעם ווערקשטאַט פירן, אַ באַלעבאָסטע זיין פון עטלעכע וועב־שטולן און געזעלן. אָבער זי איז נישט אָפּגעטראָטן פון פאָ־טער, ווי דעמאָלט, ווען זי איז אַ קינד געווען. די מוטער האָט זי געשאָלטן, געזידלט, נביאות איר געזאָגט, אַז צוליב דעם משוגענעם טאַטן וועט זי אין קייטן ענדיקן. אָבער זי האָט די מוטער נישט געהערט און געקלעפּט צום פאָטער, ווי דער פאָטער צו איר.

און פונקט ווי דעמאָלט, ווען זי איז צו ניסנען אין שטוב מיטן קוישל נאָך ליטעראַטור געקומען און געקוקט אויף אים, ווי אין אַ בילד אַריין, אַזוי האָט זי אויך איצט, אַ גרויסע און אַ טאָפּלט עלטערע, געקוקט מיט אויפ־געריסענע אויגן אין דעם ברוין־הויטיקן מאַן, וואָס מען האָט אים פון וויטן סיביר אַראָפּגעבראַכט צו ווייזן די מענטשן דעם וועג פון זייער לעבן. נאָר גערעדט האָט זי גאָרנישט, קיין וואָרט נישט אַרויסגעבראַכט, און בלויז געררויטלט זיך און געשעמט.

אין איר בליק איז געלעגן דער דרך־ארץ פון אַן אָרעמער אַלט־פרענקי־שער יידיש־באַלמעלאָכישער טאָכטער, וואָס קוקט מיט באַהאַלטענער ליבע און פאַרערונג צום למדנישן ישיבה־בחור, דעם וואויל־געלערנטן און עילוי, צו וועלכן זי קאָן קיינמאָל נישט דערגרייכן.

ניסן האָט געפילט איר הייסן בליק אויף זיין ברוינער באַק.

טוביה האָט אַרומגעשפּאַנט איבער די לאָדזשער גאַסן מיט זיכערקייט און מיט זאָרג. ער האָט זיך געפילט, ווי דער טאַטע פון באַלוט.

— זעסט, — האָט ער געוויזן ניסנען, פירנדיק אים פון בערזע צו בער־זע, — דאָס איז אַלץ אונדזער. אַלץ.

קאַפּיטל דרייצן

דער פּיעטראָקאָווער גובערנאַטאָר פאָן מילער האָט אַרויסגערופן צו זיך אין קאַנצעלאַריע דעם לאָדזשער רב מיט די קהל־לייט.

די קהל־לייט האָבן אָנגעטאָן שווארצע קליידער און צילינדערס. דער רב האָט באַצירט זיין זיידענע זשופּיצע מיט דעם מעדאַל, וואָס ער האָט

געקריגן פון קייזערלעכן הויף, און אַוועקגעפאָרן קיין פּיעטראָקאָוו. אָבער דער גובערנאַטאָר האָט זיך נישט איבערגענומען נישט מיט די שוואַרצע קליידער פון די קהל־לייט און נישט מיט דעם מעדאַל פון רב. ער האָט זייער שווערע רייד געערדט צו די אַרויסגערופענע יידן.

— אייערע יידן בונטעווען מיר אויף לאָדזש! — האָט ער געשריגן. — איך פאַרלאַנג פון אייך, איר זאָלט איינצוימען אייערע לייט. אַ נישט וועל איך נישט זיין פאַראַנטוואָרטלעך, ווען דאָס אויפגערעגטע פאָלק וועט זיך אַליין מיט זיי אָפּרעכענען!

די קהל־לייט האָבן נידעריק אַראָפּגעבויגן די קעפּ.

— מיר האָבן פאַרשידענע צווישן אונדז, עקסעלענץ, ווי די פּאָליאַקן און די דייטשן, — האָבן זיי זיך פאַרענטפערט. — וואָס קאָנען מיר טאָן קעגן די בונטאָוושטשיקעס?

— דאָס איז אייער זאַך, נישט מיינע. איך וואָרן אייך! — האָט דער גובערנאַטאָר געזאָגט און אַ זעץ געטאָן מיט דער פויסט אין טיש.

דער לאָדזשער רב, דער רוסיש־רעדער און דער חשוב ביים מלכות, האָט, ווי אַלעמאָל, געענטפערט איבערגעטראַכט און מיט אַן איינפאַל.

— זאָל אייער עקסעלענץ באַוויליקן נאָכצופרעגן ביי זיינע אונטערגעאָרדנטע, צי האָט מען כאָטש איין מאָל ביי די בונטאָוושטשיקעס געטראָפן איינעם, וואָס זאָל טראָגן ציצית?

דער גובערנאַטאָר האָט אים נישט פאַרשטאַנען.

— וואָס מיינט איר צו זאָגן, רב? — האָט ער אים געפרעגט שטרענג.

דער רב האָט אים אין אַ זייער גראַמאַטיקאַלישן רוסיש, וואָרט ביי וואָרט, אויפגעקלערט, וואָס איז אַזוינס ציצית ביי יידן און אַז ווער עס טראָגט אָט די ציצית און האַלט זיך אין דער תורה, דער איז געטריי צום מלכות און גייט זיך זיין וועג.

דער גובערנאַטאָר האָט זיך עס פאַרצייכנט. גלייך דערנאָך האָבן די פּאָליציאַנטן אין די גאַסן קאָנטראָלירט ביי די אַרעסטירטע, צי זיי טראָגן ציצית. ביי וועמען מען האָט געטראָפן אַ טלית־קטן, האָט מען באַפרייט. די איבעריקע האָט מען געהאַלטן אין אַרעסט. דעם רבס רייד האָבן זיך אויסגעבליקלעך איבער דער שטאָט צעטראָגן. יידן האָבן אים באַוואונדערט, אַפילו די חסידים, זיינע קעגנער. די קהל־לייט וואָס דער גובערנאַטאָר האָט אויף זיי אַזוי געקלאַפּט מיט דער פויסט, זענען זיך צונויפגעקומען אויף אַן אַסיפה און גענומען עפּעס טאָן קעגן די בונטאָוושטשיקעס. קודם־כל האָבן זיי אין אַלע שולן און בתי־מדרשים געשיקט מגידים, וואָס זאָלן רעדן צווישן מנחה און מעריב פאַר דעם עולם, רעדן וועגן יידישקייט און גלויבן, כדי איינצופלאַנצן שטילקייט און הכנעה ביי די יידן. שבת האָבן זיי געשיקט מלמדים אין די אָרעמע בית־המדרשלעך און שולעכלעך, כדי זיי זאָלן מיט זייער תורה און משלים אָפּציען די יונגע באַלמעלאָכעס און געזעלן פון די בונטאָוושטשיקעס און זייערע רעדעס.

אַז דאָס האָט קיין סך נישט געהאָלפן, האָט מען געשיקט מענטשן צו די וואוילע־יונגען און אויפגעהעצט זיי קעגן די אחדותניקעס.

זיי האָבן שוין לאַנג געהאַט אַ בייז האַרץ, די לאָדזשער וואוילע־יונגען, אויף די אחדות־לייט. פריער, איידער די אחדותניקעס האָבן זיך פאַרשפּרייט, האָבן די וואוילע־יונגען פון באַלוט געפירט די מלוכה. זיי האָבן געטשעפּעט זיך צו די יידישע דינסטמיידלעך און גענומען ביי זיי געלט, כדי צו לאָזן זיי שבת שפּאַצירן אין וואַלד. זיי האָבן גענומען פּרעטענזיע־געלט ביי געזעלן, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען מיט מיידלעך. צו יעדן געזעלן, וואָס האָט שפּאַצירט דאָס ערשטע מאָל מיט אַ מיידל, איז אונטערגעקומען אַ וואוילער־יונג מיט אַ טענה, אַז דאָס מיידל איז זיין כלה און דעריבער מוז מען אים אָפּצאָלן דערפאַר. ווער עס האָט נישט געגעבן קיין רובל, האָט מען אים אַראָפּגעכאַפּט דאָס היטל פון קאָפּ, דאָס זיידענע טיכל פון האַלדז און נאָך אָנגעשלאָגן אויך. אויף פסח, ווען די געזעלן האָבן זיך באַוויזן אין די באַנייטע קליידער אויף דעם שפּאַציר, האָבן זיי געמוזט געבן די וואוילע־יונגען ביר־געלט, „באַגיסן" דעם „תתחדש", אַ נישט, האָבן די לאָבוסעס זיי אָפּגעגאָסן מיט טינט אָדער גאָר צעשניטן מיט אַ מעסער די פּלייצע.

זינט די אחדותניקעס האָבן זיך באַוויזן, האָבן די געזעלן זיך קעגנגעשטעלט, צונויפגענומען זיך און אַפילו אָנגעשלאָגן עטלעכע וואוילע־יונגען. זיי האָבן דאָס נישט געקאָנט די געזעלן מוחל זיין.

אויסער דעם האָבן די אחדותניקעס גענומען זיי קריכן אין די וועגן. האָבן אויפגעקלערט די דינסטמיידלעך נישט צו גיין מיט די וואוילע־יונגען, וואָס ווילן זיי פאַרפירן, נאָר קומען בעסער אויף פאַרזאַמלונגען. זיי האָבן אָפּגערעדט די אַרבעטער פון גיין אין די אויסגעלאַסענע הייזער. די נקבות האָבן קיין געשעפטן נישט געמאַכט און נישט געקאָנט צאָלן די „חתנים" קיין טאַשן־געלט. עטלעכע מיידלעך האָבן זיי אַפילו צוגערעדט צו אַנטלויפן פון די הייזלעך און ווערן אַרבעטערינס. די בערזעס זענען זיי געגאַנגען אין וועג אַריין. פריער פלעגט מען מיט אַלע ביטערע הערצער קומען צו די וואוילע־יונגען. פאַר עטלעכע גילדן האָבן זיי געצוואונגען אַן אַנטלאָפענעם מאַן אומצוקערן זיך צו זיין פאַרלאָזן ווייב, פאַר אַ שנאַפּס און אַ גענזענעם פּופּיק האָבן זיי אונטערגעשלאָגן די זייטן ביי אַ שלעכטן באַלעבאָס, וואָס פּייניקט זיין משרת, אויסגעפּאַטשט אַ זינדיק ווייבל, וואָס נאַרט אָפּ דעם מאַן, אונטערגעשלאָגן אַן אויג ביי אַ מיידל, וואָס נעמט צו ביי אַן אַנדערער דעם חתן. איצט זענען אַלע באַעוולהטע און געליטענע נישט געגאַנגען מער צו די וואוילע־יונגען, נאָר צו די בערזעס. חברה איז אַרומגעגאַנגען ליידיק, נישט געהאַט פאַר וואָס צו נעמען אַ שנאַפּס, צו פאַרבייסן אַ גענדזל. אַ סך פון די יונגען, די שטאַרקסטע און געשיקטסטע, וואָס האָבן מיט זייער כוח און געוואַגטקייט געבראַכט כבוד דער חברה, האָבן זיך גאָר געלאָזט פאַראַגיטירן פון די אחדותניקעס און אַריבער צו זיי, נישט געוואָלט מער זיך מיט די פריערדיקע

חברים באַגעגענען. דאָס אַלץ האָט זייער אויפגעבראַכט די לאָדזשער וואוילע־יונגען אויף די אחדות־לייט. כסדר זענען אָנגעגאַנגען געשלעגן.

די לאָדזשער סוחרים און נגידים, וואָס האָבן געהאַט פון די אחדות־לייט אַ סך אויסצושטיין, וואָס האָבן אויך פון צייט צו צייט געמוזט נאָך צאָלן די אחדות־פאַרשטייער געלט פאַר זייערע אָרגאַניזאַציעס, האָבן זייער גערן געוואָלט בעסער אָפּצאָלן אַביסל געלט די וואוילע־יונגען, אַנרייצן זיי אויף די אַחדות־לייט. כדי זיי צו צעברעכן און אָנלערנען. די וואוילע־יונגען האָבן זיך צונויפגערעדט, באַוואָפנט און געגרייט זיך צו אַ מלחמה. צו זיי זענען אויך צוגעשטאַנען אַ סך פון די באַלעגאָלעס. אויך זיי האָבן פון די אַחדות־לייט קיין מנוחה נישט געהאַט. זיי האָבן אויפגעהעצט די שמייסערס, די גע־דונגענע פערד־יונגען, און געהייסן זיי פאַדערן בעסערע לוינען פאַר דער אַרבעט. אויסער דעם האָבן זיי געלייקנט אין גאָט, אָפּגעלאַכט פון רבנים, צדיקים, תלמוד־תורהס און אַנדערע יידישע זאַכן. די באַלעגאָלעס האָבן דאָס נישט געקאָנט פאַרטראָגן.

אָבער וואָס ס'האָט אויפגערעגט ביז גאָר, איז געווען די מעשה מיט דער עלעקטריע. אויפן באַלוט איז אַ יונגער געזעלן פון שווינדזוכט גע־שטאָרבן. די באַלוטער חברה־קדישא־לייט זענען גלייך געקומען, כדי צו טאָן דעם מת זיין רעכט. זיי האָבן אַפילו מיטגעבראַכט אַ טלית־קטן אַ גרייטן פאַרן מת, ווייל טאָמער האָט ער נישט געטראָגן קיין ציצית ביים לעבן, זאָל ער כאָטש קומען אין טלית־קטן אויף יענער וועלט. אָבער די אחדותניקעס האָבן אַרויסגעכאַפּט דעם מת, נישט געלאָזט אים מטהר זיין, נישט געלאָזט אים אָנטאָן קיין תכריכים און קיין טלית־קטן, איינגעהילט אים אין אַ רויטער פאָן און אים מיט פענער און אַרבעטס־לידער אַוועקגעפירט אויפן בית־עולם. דערביי האָט אַן אחדותניצע, אַ ליטוואַטשקע אין אַ רויט קלייד, געזאָגט, אַז ווען אַ מענטש שטאַרבט, גייט נישט פון אים אַרויס די נשמה, נאָר די עלעקטריע גייט אים אויס.

די קברות־יידן און די חברה־קדישא־לייט האָבן די ווערטער דערהערט, גלייך זיי פונאַנדערגעטראָגן איבער דער גאַנצער שטאָט, איבער אַלע מערק, בתי־מדרשים, מקוהס, איבער אַלע גאַסן און געסלעך פון דער פּיעטראָקאָ־ווער גאַס ביזן באַלוט. די שטאָט האָט גערוישט.

— עך וועלט, — האָבן יידן געזיפצט, — אַפילו גויים גלויבן אין אַ נשמה.

— זיי וועלן ברענגען אַן אומגליק אויף דער שטאָט, מגפות, אָפּגעהיט זאָל מען ווערן, און אומגליקן.

— אויסרייסן דאַרף מען זיי, גאָר אָן רחמנות.

—איבערגעבן צו פּאָליציי, זיי זאָלן אין קייטן פאַרפוילט ווערן.

אַלע מגידים, מלמדים, האָבן וועגן דער עלעקטריע גערעדט אין די בתי־מדרשים. אַליין דער רב האָט געדרשנט אין שול און געזאָגט, אַז לויטן

דין מעג מען די אחדותניקעס אומברענגען, ווייל אַזעלכע, אַז זיי טרינקען זיך, שטייט געשריבן, דאַרף מען זיי נישט נאָר נישט ראַטעווען, נאָר נאָך אַראָפּשטופּן אין וואַסער.

מער פון אַלע האָבן זיך געקאָכט די באַלעגאָלעס אין זייערע שולעכלעך און די וואוילע־יונגען פון פייפער־געסל. ווי נאָר זיי האָבן געכאַפּט אַן אַחדות־ניק אין אַ ווינקל, האָבן זיי אים אונטערגעהאַקט די זייטן. די אחדות־לייט האָבן אָפּגעצאָלט און געשלאָגן די אונטערוועלט־לייט. די פּאָליציי האָט גע־האָלפן די וואוילע־יונגען. די בלוטן זענען געוואָרן אויפגעקאָכט. און אין איינער אַ נאַכט איז די מלחמה אויסגעבראָכן.

אויפן פרעווועטן־געסל האָט דער פעטער זכריה פונץ, דער באַלעבאָס פון עטלעכע הייזלעך, חתונה געמאַכט אַ יתומה מיט אַ געגריוועטן שוסטער. ער אַליין האָט קיין קינדער נישט געהאַט, דער פעטער זכריה, האָט ער דערפאַר אַ יתומה אויפגעהאָדעוועט ביי זיך און זי חתונה געמאַכט נישט מיט איינעם פון זיינע לייט, נאָר מיט אַ שוסטער, זי זאָל בלייבן אַן אָרנטלעכע יידישע טאָכטער. די חתונה איז געווען אַ גרויסע. עטלעכע קאַפּעליעס האָבן גע־שפּילט. אַ סך געסט זענען זיך צונויפגעקומען פון כלהס און חתנס צד. פון דער כלהס צד זענען געקומען די אַלפאָנסן און גנבים, זכריה פונצעס לייט. פון חתנס צד זענען געקומען געגריוועטע שוסטער, אויך עטלעכע גאַרבער און זאָטל־מאַכער, אַלץ בחורים געזונטע און אויסגעאַרבעטע, אחדותניקעס איינס און איינס.

שוין ביי דער חופּה, ווען דאָס רבל פון וואויל־יונגערישן שולעכל האָט מיט אַ פאָנפעוואַט ווייבעריש קולכל פרום אויסגעזונגען די ברכות, האָבן די אחדות־לייט, די אויפגעקלערטע און אַפּיקורסים, נישט געקאָנט זיך איינהאַלטן און אַרויסגעלאַכט. ביי זכריה פונץ האָט זיך דער דיקער אָקסישער קאַרק אָנ־געגאָסן מיט בלוט.

— אחדות, הער אויף צו לאַכן פון אַ רב, — האָט ער אַ געשריי געטאָן אונ־טער דער חופּה, — איך וועל נישט לאָזן!

— עלעקטריע, האַלטן ס'מויל, — האָבן די מחותנים פון זיין צד גע־וואָרנט.

די שוסטערס, נאָך מער די גאַרבערס און די זאָטל־מאַכער, יונגע אויס־געאַרבעטע און מיט כוחות, האָבן אַרויסגעשטעלט די ברוסטן.

— מיר ווילן זען, ווען ס'וועט אונדז פאַרמאַכן דאָס מויל, — האָבן זיי געזאָגט.

פויסטן פוןביידע זייטן האָבן זיך געגרייט. דאָס רבל האָט אין מיטן זינגען די ברכות אָוועקגעשטעלט זיך צווישן ביידע און נישט דערלאָזט צו קיין געשלעג.

— נו, אָ, חרפּה ובושה, חתונה, — האָט ער געבעטן זיך ביי זייניקע — שלום.

די יונגען האָבן זיך איינגעשטילט.

ביים דרשה־געשאַנק איז ווידער געקומען צו אַ מחלוקה. די געסט פון דער כלהס צד האָבן זיך זייער ברייט געשטעלט, געגעבן דרייער־רובלס, פינפערלעך און אַפילו צענערלעך. דער לאָמער שמש פון וואויל־יונגערישן שולכעל, אַ געוועזענער גנב, וואָס אויף דער עלטער האָט מען אים געמאַכט פאַר אַ כלי־קודש, האָט זייער פייערלעך געוואָרפן די פּאַפּירלעך אויפן טיש. די אחדותניקעס פון חתנס צד האָבן געשאַנקען האַלבע רובלס, זעלטן אַ גאַנצן רובל. די וואוילע־יונגען האָבן פון די אַרבעטער חוזק געמאַכט.

— אחדות, קראַץ זיך שוין אויס, — האָבן זיי גערופן צו די אַרבע־טער, וואָס האָבן אַרויסגענומען די האַלבע רובלס פון די מאָגערע בייטעלעך.

— לעקטרע, פּאַק נאָר נישט אַריין קיין פאַלש געלט...

די אַרבעטער האָבן נישט געשוויגן.

— אונדז קומט נישט אָן גרינג אונדזער געלט, — האָבן זיי געזאָגט, — מיר אַרבעטן שווער און ביטער פאַר יעדן גראָשן, נישט ווי אַנדערע.

— פאַר ערלעכער אַרבעט צאַפּט מען אונדז דאָס בלוט.

די וואוילע־יונגען האָבן דערפילט דעם שטאָך.

— ווער־מען ווילט עץ שטעכעלירן? — האָבן זיי געפרעגט מיט כעס.

— דעם, וואָס פילט זיך געטראָפן אין פינטל אַריין, — האָבן די אַר־בעטער געענטפערט.

אין איין רגע איז אַ גלאָז ביר געפלויגן פון כלהס צד צו חתנס צד און געטראָפן אַ גאַרבער אין פנים. ביר מיט בלוט האָט געפלאָסן צוזאַמען פון דעם בחורס פנים גלייך אויף דעם ניי־פּאַפּירענעם ווייסן הערצל, וואָס ער האָט זיך געקויפט צו דער חתונה.

זיינע חברים האָבן געלאָזט עטלעכע גלעזער צו כלהס צד. אין איין מינוט זענען די טישטעכער פון טיש, צוזאַמען מיט די גלעזער, טעלער און דרשה־געשאַנק־געלט, געלעגן אויף דער ערד. די מענער האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די רעקלעך, געכאַפּט שטולן, לייכטער, מעסערס, וואָס נאָר אונטערן האַנט איז געקומען, און געהאַקט איבער קעפּ. די ווייבער האָבן געקוויטשעט, געמאַכט קולות. די אַרבעטער זענען אַרויס מיט אַן עולה. די וואוילע־יונגען זענען געווען מער און צעשלאָגן זיי.

צומאָרגנס האָבן אַלע געגריוועטע שוסטער געוואָרפן די אַרבעט אין די ווערקשטאַטן, אויך די זאָטל־מאַכער, רימער, גאַרבער און אַלע אַנדערע אַרבעטער פון לעדער־פאַך. צו זיי זענען צוגעשטאַנען די אָרגאַניזירטע שמייַ־סערס, פלייש־העקער. מיט שטעקנס אין די הענט, מיט מעסערס אין די קעשענעס זענען זיי אַוועק אין פּרעווען־געסל און גענומען אויסראַטן די הייזלעך. זיי האָבן אַרויסגעוואָרפן די בעטן און בעטגעוואַנט, צעשניטן די

קליידער פון די גאַסן־פּרויען, צעבראָכן די אַלטע פּיאַנינאָס און צעפּליקט די אויסגעלאַסענע ליטאָגראַפישע בילדער אויף די ווענט.

— אַרבעטן גייטס! — האָבן זיי געשריגן. — אויס הייזלעך און גרינגע פאַרדינסטן.

די נקבות האָבן געמאַכט קולות, געוואַלטן, געריסן זיך די האָר פון קאָפּ און געיאָמערט.

אין געסל איז געוואָרן אַ געוואַלט. זכריה פוצעס יידענע האָט גע־ריסן דאָס אָנגעקאַרבירטע שוואַרצע חתונה־שייטל פון איר קאָפּ.

— זכריה, ראַטעווע די נקבות, — האָט זי געגוואַלדעוועט, — ס׳מאַכט אונדז אַ תל פון דער סחורה!...

אָבער זכריה האָט מורא געהאַט צו ראַטעווען. די אַרבעטער זענען גע־ווען אַ סך. ער איז געלאָפן נאָך זיינע. ביז די וואוילע־יונגען זענען גע־קומען, האָבן די אַרבעטער אַלע הייזלעך פון געסל חרוב געמאַכט. די פעדערן זענען אַרומגעפלויגן ווי אַ שניי אין דער לופט. גלאָז האָט געקנאַקט אונטער די פיס. די וואוילע־יונגען זענען געקומען מיט מעסערס. די באַלעגאָלס זענען געגאַנגען לעבן זיי. אָבער די אַרבעטער זענען ווי אַן אייזערנע וואַנט גע־שטאַנען, זיי האָבן מיט די שוסטערישע מעסערס געשניטן פלינק און גע־שיקט, ווי אין לעדער, ווען זיי שניידן. די וואוילע־יונגען זענען אַוועק צעשלאָגענע און פאַרשעמטע.

דער זיג פון די אחדותניקעס האָט זיך איבער דער גאַנצער שטאָט צעטראָגן. וואוילע־יונגען האָבן געציטערט דורכצוגיין אַ בערזע. אויף די מייסטערס און באַלעבאַטים איז געפאַלן אַ שרעק. אַפילו די פּאָליציי האָט מער מורא געקריגן פאַר די אחדותניקעס, די באַזיגער פון פייפער־געסל. קיינער האָט נישט געוואַגט מער קעגנצושטעלן זיך אין אַ שול, ווען די אחדות־לייט זענען געקומען דרשענען, קיינער האָט קיין וואָרט נישט גערעדט, ווען די פאַרשטייער זענען געקומען אַוועקנעמען די געזעלן פון דער אַרבעט נאָך זיבן אַזייגער. קיינער האָט נישט פּרובירט זיך צו דינגען, ווען די פאַר־שטייער זענען געקומען מיט אַ ליסטע אויף באַשטייערן זיך פאַר אַרבעטער־קיכן. אַפילו די רעסטאָראַטאָרס האָבן צוגעטראָגן אומזיסט מיטאָגן, ווען אַ פאַרשטייער האָט אים אַרבעטסלאָזע אַריינגעפירט אויף אָפּעסן. פאַבריקאַנטן האָבן מורא געהאַט זיך צו באַווייזן מיט זייערע קאַרעטן. פאַרזיכטיקע זענען זיי אַוועק פון שטאָט קיין אויסלאַנד, איבערלאָזנדיק אַלע געשעפטן ביי זייע־רע פאַרוואלטער, ביז דער צאָרן וועט אַריבער.

פון די פראָנטן אויפן וויטן מזרח זענען אָנגעקומען אַלץ ערגערע ידיעות. די געצנדינערישע אַזיאַטן האָבן געשלאָגן די רעכט־גלויביקע רוסן אויף דער יבשה און אויפן ים. די בלינדע בעטלער האָבן אין באַהאַלטענע רייד געזונגען איבער די הויפן וועגן די רוסישע מפּלות. קאָזאַקן זענען געווען פול אויף אַלע ראָגן פון שטאָט.

## קאַפּיטל פּערצן

הונצעס פאַבריק האָט זיך אָפּגעשטעלט. די אַרבעטער האָבן געוואָרפן די אַרבעט. דער הויפּט־דירעקטאָר, מאַקס אַשכנזי, איז נישט אַרויס פון פאַבריק, ער האָט מורא געהאַט אויף דער גאַס זיך צו ווייזן. מעלכיאָר דער דינער האָט אים אויסגעבעט אַ געלעגער אין דעם פאַרשטאַרבענעם אַלבערעכטס ברייטן בעט און אַ גאַנצע נאַכט אים געהיט פון דער צווייטער זייט מיט אַ געלאָדענעם רעוואָלווער אין דער האַנט.

מאַקס אַשכנזי איז זייער שלעכט געשלאָפן אין ברייטן בעט, וואָס דער דירעקטאָר, אַלברעכט, האָט אַזוי באַקוועם איינגעאָרדנט פאַר זיין ברייטן גוף און פאַר די שפּולערקעס, וואָס פלעגן קומען צו אים אויפרוימען.

די מינוט האָט אַשכנזין געברענט. לויטן קאָנטראַקט מיט דער הויפּט־אינטענדאַנטסטווע האָט ער געדאַרפט צושטעלן אַ מאַסע מיליטערישע סחורה. פאַר נישט האַלטן דעם קאָנטראַקט האָט די פאַבריק געדאַרפט צאָלן גרויסע שטראָפן. ער האָט טאַקע פריער קיין רגע די פאַבריק נישט אָפּגעשטעלט. צוויי שיכטן האָבן געאַרבעט, בייטאָג און ביינאַכט. אַלץ איז געווען גוט איינגעשטעלט, אויסגערעכנט. די פאַבריק האָט געקלאַפּט ווי אַ זייגער. יעדע סעקונדע האָט זי אויסגעקלאַפּט געלד. אָבער פּלוצלונג האָט זי זיך אָפּגעשטעלט.

אין איין זאַך האָט דער דירעקטאָר מאַקס אַשכנזי פאַרגעסן — אין די אַרבעטער. אַלץ האָט ער אויסגערעכנט, יעדע קלייניקייט. יעדע שרייפל פון דער גרויסער פאַבריק. וועגן די מענטשן האָט ער נישט געטראַכט. זינט ער האָט געלעבט האָט ער וועגן מענטשן נישט געטראַכט. ער האָט געוואוסט, אַז הענט זענען אַלע מאָל דאָ גענוג, מער נאָך וויפיל מען דאַרף. אויך האָט ער געוואוסט, אַז הענט דאַרפן אַרבעטן, אַרבעטן וויפל נאָר מען וויל. מיט אַמאָל האָבן זיך די הענט קעגנגעשטעלט, אין איינעם אַ טאָג, ווען ער איז געזעסן ביי זיך אין קאַבינעט, פאַרוואָרפן מיט אַרבעט און געשעפטן, איז אים מעלכיאָר דער דינער געקומען מעלדן, אַז אַ דעלעגאַציע פון די פאַבריק־אַרבעטער וויל מיט אים רעדן.

— אַ דעלעגאַציע פון די פאַבריק־אַרבעטער? — האָט מאַקס אַשכנזי איבערגעפרעגט מיט שטוינונג. — איך האָב איצט קיין צייט נישט, אַן אַנדערש מאָל.

מעלכיאָר איז אַרויס און איבערגעגעבן דעם הער הויפּט־דירעקטאָרס רייד צו די אַרבעטער. געמיינט האָט ער, אַז זיי וועלן אַרויס, ווי שטענדיק אין אַזאַ פאַל. אָבער די אַרבעטער זענען נישט אַרויסגעגאַנגען.

— זאָג דעם דירעקטאָר, — האָבן זיי געזאָגט, — אַז אויך מיר האָבן

נישט קיין צייט, און אויב ער וועט אונדז גלייך נישט אויפנעמען, שטעלט מען אָפּ די פֿאַבריק.

מאַקס אַשכנזי האָט זיך עטלעכע מאָל, איינס נאָכן אַנדערן, אַ קראַץ געטאָן אין זיין שפּיץ בערדל. דער ווייכער פֿאָטעל איז אים געוואָרן פּלוצ־לונג האַרט. באַלד האָט ער אויסגעגלייכט דעם קראַוואַט, וואָס ליגט תמיד ביי אים אין אַ זייט. ער האָט אָפּגעשאָקלט דאָס אַש פֿון די לאַצן, טיפֿער פֿאַררוקט זיך אין פֿאָטעל און פֿאַררויכערט אַ פֿרישן ציגאַר, אַ גרויסן און אַ שמעקנדיקן. ער האָט אָנגענומען די סאַמע וויכטיקסטע מינע אויף זיין נישט־אָנזעעוודיק פּנים. דערנאָך האָט ער אַזוי זיך געשריבן עטלעכע ווערטער אויף אַ שטיקל פּאַפּיר. ווערטער אָן אַ זין, וואָס זענען אויסגע־רעכנט בלויז אויף צו פֿאַרציען איבעריקע עטלעכע מינוט, צו ווייזן די וואָרטנ־דיקע, אַז נישקשה, ער האָט צייט.

די אַרבעטער זענען אַריינגעקומען מיט די היטלען אין די הענט, אָבער זיכער און גלייך. טייל האָבן אַפֿילו נישט רעכט די פֿאַרבלאָטיקטע שטיוול אָפּגעווישט. מאַקס אַשכנזי האָט זיי באַגעגנט מיט אַ קנויל רויך פֿון זיין ציגאַר, אַ געדיכטן און אַ שמעקעדיקן.

— וואָס איז געשען? — האָט ער געפֿרעגט פֿון רויך אַרויס.

— מיר קומען אין אַ דעלעגאַציע פֿון אַלע אַרבעטער פֿון דער פֿאַב־ריק, — האָבן די אַרבעטער געזאָגט און גענומען לייענען פֿון אַ פּאַפּיר אַרויס אַלע באַדינגונגען, וואָס זיי שטעלן אַרויס.

מאַקס אַשכנזין האָבן שטאַרק געביסן די הענט, אַרויסצוכאַפּן דאָס פּאַ־פּיר פֿון די מענטשנס הענט, צעקנייטשן עס און עס אַוועקוואַרפֿן, ווי ער האָט דעמאָלט געטאָן, ווען ער איז נאָר אַריין אין שווערס וועבעריי און אין איינעם אַ שבת־צונאַכטס זענען די וועבער געקומען צום אים מיט זייער פּאַפּירל. אָבער ער האָט זיך איינגעהאַלטן. אַ מענטש דאַרף וויסן די צייט. — האָט ער געדענקט, — וואו און ווען. ניין, נישט מיט זיי קאָן מען אַנגיין, ווי מיט די האַנט־וועבער אַמאָל. דאָס זענען גויים, רוצחים, — האָט ער גע־דענקט, — ביי זיי איז רעכט געווען דעם פֿאַרשטאָרבענעם אַלברעכט אַרויסצופֿירן אויף אַ טאַטשקע מיט אַ בעזעם אין דער האַנט. ביי אַזעלכע שפּילט אַפֿילו קיין ראָלע נישט אַ מעסער אַרויסצוכאַפּן. דאָס לעבן ביי אַזעלכע האָט גאָר קיין ווערט נישט. נישט אַ פֿרעמד לעבן, נישט אַפֿילו דאָס אייגענע און ער האָט מיט די הענט געצויגן ביידע שפּיצן פֿון וועסטל, ווי זיי וואָלטן געוווען צו קורץ, און ער האָט אויסגעהערט די באַדינגונגען איינעם נאָכן צווייטן.

זייער שווערע באַדינגונגען זענען דאָס פֿאַר מאַקס אַשכנזין געווען. נישט אין צוויי שיכטן האָבן די אַרבעטער געוואָלט אַרבעטן אין פֿאַבריק אין פֿאַרלויף פֿון מעת־לעת, נאָר אין דריי שיכטן, צו אַכט שעה אַ שיכט. מאַקס אַשכנזי איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט.

— ווי לאַנג איז, אַז מען האָט געאַרבעט זעכצן שעה אַ טאָג? — האָט ער געפרעגט. — איצט זענען שוין צוועלף שעה אויך צופיל?

— מיר קאָנען אַרבעטן צו צוועלף שעה, — האָבן די אַרבעטער געענטפערט, — אָבער פאַר די איבעריקע פיר שעה זאָל באַזונדערס געצאָלט ווערן.

— אויסגעשלאָסן! — האָט מאַקס אַשכּנזי געענטפערט.

— פאַר נאַכט־שעהן מיט פופציק פּראָצענט טייערער פון טאָג־אַרבעט, — האָבן די דעלעגאַטן געלייענט פון פּאַפּיר אַרויס.

— אומזיסט, — האָט מאַקס אַשכּנזי אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט.

— און דעם לוין העכערן מיט פינף און צוואַנציק פּראָצענט, — האָבן די מענטשן ווייטער געלייענט זייערס.

— דאָס איז אַלץ? — האָט אַשכּנזי געפרעגט מיט שפּאָט.

— דערווייל אַלץ, — האָבן די אַרבעטער געלאַסן געענטפערט.

מאַקס אַשכּנזי האָט זיך אָנגענומען ביים שפּיץ בערדעלע און עס צעשויבערט.

— איך מיין, אַז כאָטש איר זענט אַרבעטער, קאָנט איר צוביסלעך רעכענען, — האָט ער געזאָגט און געוואַרט אויף אַן ענטפער.

די מענטשן האָבן נישט געוואוסט, צו וואָס ער צילט, און זיי האָבן געשוויגן.

מאַקס אַשכּנזי האָט גיך אָנגעוואָרפן אויף אַ פּאַפּיר ציפערן.

— ווען איך זאָל נאָכגעבן בלויז אַ העלפט פון אייערע פאָדערונגען, — האָט ער געוויזן מיט אַ פינגער אויף די ציפערן, — דאַרף די פאַבריק דערלייגן, און דערלייגן קאָן נישט די פאַבריק.

— מיר האָבן אונדזערע רעכענונגען, — האָבן די מענטשן געזאָגט, — די חשבונות פון דער פאַבריק איז נישט אונדזער זאַך, נאָר דעם הער דירעקטאָרס.

מאַקס אַשכּנזי האָט האַסטיק אָפּגעשאָקלט דעם אַש פון ציגאַר, אַזש ער האָט דעם גאַנצן ענגלישן קאָסטיום זיך אָפּגעשאָטן.

— ניין, דאָס איז אונדזער אַלעמענס זאַך, — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל, — מיר אַלע דאַרפן זיין פאַראינטערעסירט אין די חשבונות פון דער פאַבריק, אַלע, וואָס מיר אַרבעטן דאָ, ווען נישט, וועט מען מוזן די פאַבריק שליסן.

— דאָס איז דעם הער דירעקטאָרס זאַך, — האָבן די דעלעגאַטן געענטפערט.

— לייכט איז אַ פאַבריק צו שליסן, אָבער שווער צוריק צו עפענען, — האָט ער געלערנט מיט אַ פינגער. — די צייט איז אַ ביטערע. טויזנטער אַרבעטער פון אַנדערע אָפּגעשטעלטע פאַבריקן וואָלטן זיך געוואונטשן צו האָבן אַרבעט. איך האָב די פאַבריק נישט אָפּגעשטעלט, אויסגעזוכט אַרבעט פאַר אייך. דאָס איז אייער דאַנק?

— דער הער דירעקטאָר האָט נישט פאַר אונדז געזאָרגט, נאָר פאַר זיך, — —האָבן די אַרבעטער געענטפערט. — אויב די דירעקציע וועט נישט איינגיין אויף אונדזערע באַדינגונגען, וועלן מיר שטרייקן.

מאַקס אַשכנזי האָט אָנגענומען די פּאָליטיק פון די קליינע שוואַכע חיהלעך, וואָס אַז זיי זענען אין אַ געפאַר פאַר אַ שונא, מאַכן זיי זיך געפּגרט.

— איך בין דאָ נישט מער ווי אַן אָנגעשטעלטער, — האָט ער געזאָגט, — אַזוי גוט ווי איר. די פאַבריק געהער צו די הערן באַראָנען. זיי זענען נישטאָ אין לאַנד. נאָר זיי קאָנען אין אַזעלכע גרויסע פראַגן אַנטשליסן. ווי נאָר זיי וועלן קומען, וועט איר זיי דירעקט שטעלן אייערע פאָדערונגען. איך קאָן גאָרנישט אַנטשליסן אָן די הערן באַראָנען.

ער האָט געוואָלט געווינען צייט. וואָס, וואָס, נאָר אָפּשטעלן די פאַבריק איצט האָט ער נישט געקאָנט. אָבער די אַרבעטער האָבן אים קיין צייט נישט געוואָלט געבן.

— מיר קענען נישט די הערן באַראָנען, נאָר די דירעקציע, — האָבן זיי געענטפערט. — מיר גיבן צייט דעם הער דירעקטאָר עטלעכע טעג אָנ־צופרעגן טעלעגראַפיש די הערן באַראָנען. וואַרטן אויף זייער קומען וועלן מיר נישט.

פאַר די עטלעכע טעג צייט האָט אַשכנזי געפּרואווט פאַרשידנס צו ראַ־טעווען די לאַגע. קודם כל האָט ער געפּרואווט גיין מיטן אַלטן וועג, וואָס האָט אים זייער גוט אַמאָל אַרויסגעהאָלפן, ווען ער איז נאָך ביים שווער אין דער וועבעריי געווען, מיט פּאָליציי. ער האָט מער נישט געשיקט נאָך דער מאַכער ליפּע חלפן. ער האָט אַליין דעם אָבערפּאָליצמייסטער איינגע־לאַדן אין אַ רעסטאָראַן אויף אַ מיטאָג און אָנגעטאַפּט ביי אים דעם דופק. די פאַבריק אַרבעט נישט מער פּריוואַט איצט. זי מאַכט מיליטערישע סחורות, פאַר די זעלנער אויפן פראָנט. זי טוט פּאַטריאָטישע אַרבעט און דערמיט, וואָס די אַרבעטער ווילן אָפּשטעלן די אַרבעט, שעדיקן זיי דעם פראָנט. די מאַכט דאַרף אַלץ טאָן, נישט צו דערלאָזן דערצו, זעלנער אַריינשיקן, די בונ־טאָווּשטשיקעס אָנלערנען, און די אַרבעטער וועלן ווייטער אַרבעטן ווי פריער. דער פּאָליצמייסטער האָט אָפּגעלעקט זיינע וואָנצעס פון דעם געשמאַקן וויין און געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

ער קאָן נישט איצט זיך אַריינמישן אין דער פאַבריק צו די אַרבעטער. מען האָט געווּנג צרות פון זיי אַזוי אויך. די פּאָליציאַנטן זענען אָנגעשראָקן. אַלע טאָג שיסט מען אַן אַנדערן. אויך דער גובערנאַטאָר וועט זיך נישט מישן. נישט די פריערדיקע צייטן. דאָס בעסטע איז אַליין דורכצוקומען מיט זיי.

מאַקס אַשכנזי איז געגאַנגען אויף אַנדערע וועגן. ער האָט געלאָזט רופן צו זיך עטלעכע פון די דעלעגאַטן, יעדן באַזונדער און בסוד, און געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זיי זאָלן אויפהערן צו פאַרזאָרגן קהל, נאָר זיך אַליין, און די דירעקציע וועט זיי דערפאַר לייטיש באַלוינען, גאָר קיין עולה נישט

טאָן. אָבער זיי האָבן נישט געלאָזט רעדן צו זיך. טייל האָבן זיך באַליידיקט אַנדערע האָבן מורא געהאַט, געהיט זיך די פעל.

מאַקס אַשכנזי האָט געהייסן זיינע מענטשן ווערבירן אין גאַס אַרבעטס־לאָזע וועבער און שפּולערקעס, כדי אָפּצושרעקן זיינע אַרבעטער און ברעכן זיי. אָבער קיינער איז נישט געגאַנגען. מען האָט מורא געהאַט פאַרן לעבן. אַ סך זענען געווען פאַראַגיטירט דורך די רעוואָלוציאָנערן און מיטגעהאַלטן מיט די שטרייקער.

אַז עס איז מער גאָרנישט געבליבן וואָס צו טאָן, איז אַשכנזי געגאַנגען אויפן לעצטן — אָפּשטעלן די פאַבריק, געבן די אַרבעטער צו פאַרזוכן דעם טעם פון הונגער און אויסמאַטערן זיי. זאָלן נאָר אַריבערלויפן עטלעכע וואָכן, האָט ער געטראַכט, זאָלן זיי אויפעסן די לעצטע ברויט און קאַרטאָפל, וואָס זיי האָבן אָפּגעשפּאָרט, און זיי וועלן קומען זיך בעטן. אמת, עס טויג נישט פאַר דער פאַבריק זיך אָפּצושטעלן איצט, גראָד אין אַ צייט, ווען מען דאַרף אַרבעטן בייטאָג און ביינאַכט און מען מוז צושטעלן גרויסע קוואַנטומס סחורה. דאָס איז אַן אומגליק פאַר דער פאַבריק, אָבער זאָלן זיי נאָר מיד ווערן, קומען זיך בעטן, און זיי וועלן פאַר אַלע שאָדנס אָפּצאָלן. מיט פּראָצענט וועלן זיי צאָלן.

פאַרשלאָסן די ליידיקע פאַבריק אויף זיבן שלעסער, האָט מאַקס אַשכנזי זיך דאָרט פאַרבאַריקאַדירט און געוואַרט אויף דעם טאָג פון זיין זיג. ער האָט מורא געהאַט זיך צו ווייזן אויסער די פאַבריק־טויערן אין די אומרואיקע טעג, ווען טויזנטער פון זיינע אַרבעטער האָבן אַרומגעשלענדערט זיך אין די גאַסן און אויף די וועגן, אויפגעהעצטע פון די פּראָקלאַמאַציעס און אַגיטירטע פון די רעוואָלוציאָנערע רעדנער. ער האָט געוואוינט איינער אַליין אין דער בחורשער וואוינונג פון דעם פריערדיקן דירעקטאָר אַלבערכט, געשלאָפן אין זיין בעט און געגעסן פון דעם, וואָס מ׳האָט אים פון דער היים צוגעשיקט אין פאַבריק אַריין. מען האָט קיינעם נישט אַריינגעלאָזט אין פאַבריק, ווי אין אַ פעסטונג. מעלכיאָר, דער דינער איז כסדר געזעסן מיטן געלאָדענעם רעוואָלווער ביי דער טיר. פון גרויס לאַנגווייליקייט האָט אַשכנזי אַפילו גענומען לייענען די בולוואַר־ראָמאַנען, וואָס זענען פאַרבליבן נאָך דעם פאַרשטאָרבענעם אַלבערכט. גאַנצע נעכט האָט ער זיי געלייענט. ער האָט נישט געקאָנט שלאָפן אין די נעכט, אין די רואיקע און לאַנגע. אָן דעם גערויש פון מאַשינען האָט אים קיין שלאָף נישט גענומען. אָבער זיי זענען נישט געקומען, די אַרבעטער, בעטן אים, ווי ער האָט געוואַרט.

די רעוואָלוציאָנערן זענען איצט געווען די הערשער אין שטאָט. זיי האָבן געהאַט די אַרבעטער פון הונצעס פאַבריק אין די הענט. אַלע, די פּוילישע, די דייטשע, און קאָכעדיקער און פאַרביסענער ווי אַלע — די אי־דישע רעוואָלוציאָנערן, די אחדות־לייט, האָבן טויזנטער פּראָקלאַמאַציעס פונאַנדערגעטיילט, פייערדיקע רעדעס געהאַלטן פאַר די אַרבעטער, גערופן

נישט אונטערצוגעבן זיך, געהעצט קעגן די הונצעס און קעגן דירעקטאָר אַשכנזי.

גאָרנישט גערוט אין די טעג האָט ניסן. ער האָט זיך מיט די דייטשע מייסטערס געטראָפן, געלט געזאַמלט פאַר די שטרייקער, רעדעס געהאַלטן, פּראָקלאַמאַציעס געשריבן. ניין, דאָס איז מער נישט געווען קיין אַמאָליקער קאַמף מיט שמחה מאירן, ווי דעמאָלט אויפן באַלוט. דאָס איז געווען אַ שטרייק פון טויזנטער קאַמף־אַרבעטער, אַ קאַמף פון פּראָלעטאַריער קעגן גרויס־קאַפּיטאַל, קעגן די מאַנופאַקטור־באַראָנען און זייער פירער אַשכנזי. דאָ איז ווערט צו קעמפן, צוצולייגן אַ האַנט.

זיי האָבן זיך נישט אַזוי געאײַלט מיט שטרייקן און רעוואָלוציעס, אָט די דייטשע און פּוילישע אַרבעטער, ווי עס האָבן זיך געאײַלט די יידישע אַרבעטער פון די קליינע ווערקשטאַטן. זיי זענען נאָך אַלץ געווען פאַרטאָן אין זייערע ביר־שענקען, אין די שפּאַצירן אויף די פעלדער אין זונטיק און אין אַנדערע גויאישע פאַרגעניגנס, וואָס זיי האָבן געהאַלטן פאַר בעסער, איידער צו הערן רעדעס וועגן פּאָליטישער עקאָנאָמיע אין די קרייזלעך. דערויף זענען געווען מער בעלנים די יידישע געזעלן. ניסן האָט דערפון שטאַרק געליטן. איצט האָט ער זיך דערוואָרט. די גרויסע פאַבריקן האָבן גענומען זיך רירן. אויך אין די שוער־פאַרצוימטע פעסטונגען איז אַריין דער פונק פון דער רעוואָלוציע. און ניסן האָט אַלץ געטאָן דעם פונק פונאַנדערצובלאָזן אין אַ גרויס פייער, אַ העליש און פלאַקערדיקס. אַ ברוין־הויטיקער, אַ שוואַרץ־אויגיקער, מיט דעם שוואַרצן בערדל, וואָס ביי די באַקן נעמט עס אָן דעם אויסזען פון פּיאות, האָט ער זיך געטראָגן איבער דעם צעשטורעמטן לאָדזש, געשריבן פּראָקלאַמאַציעס, גערעדט אויף פאַר־זאַמלונגען, אויפגעקלערט, פייער אונטערגעגעבן, גאַנצע נעכט אין ענגע, אָנ־געשטאָפּטע, פאַררויכערטע צימערן באַראַטונגען אָפּגעהאַלטן, אויף עטלעכע שעה בלויז אין די קליידער אויף אַ באַנק אַביסל שלאָף אַריינגעכאַפּט. אים צו הילף זענען געקומען זיינע מענטשן. דעם גאַנצן יידישן ברען און אימפּעט האָבן זיי אַריינגעטראָגן אין דעם געלאַסענעם גויאישן שטרייק.

מאַקס אַשכנזי איז געוואָרן בלויז פון כעס אין זיין באַהאַלטענער פאַב־ריקס־וואוינונג, ווען זיינע פאַרטרויאונגס־מענטשן האָבן אים דערציילט וועגן דעם באַלוט, וואָס פירט איצט מלחמה קעגן זיין פאַבריק. וואָס ווילן זיי? וואָס מישן זיי זיך? נישט זיי אַרבעטן ביי אים, נישט זיי וועלן אַמאָל אַרבעטן. און וואָס דאַרט זיי דער קאָפּ פאַר די גויאישע אַרבעטער? תחילת האָט ער געברענט פון צאָרן אויף אָט דעם מורה־הוראהס זון, וואָס פאַרקאָכט די גאַנצע קאַשע. אָפּרוימען אַזאַ עוכר־ישראל וואָלט מען געדאַרפט, פאַר־שיקן אים, ווי אַמאָל, ער זאָל נישט וויסן, וואו זיין געביין וועט אָוועקקומען. ער מיט זיינע לייט האָבן דאָס אויפגעהעצט לאָדזש. ווען נישט זיי, וואָלט געווען שטיל און שאַ. די גויים ווילן גאָר אַרבעטן, זיי האָבן כוח דערצו און עס אַרט זיי נישט אַ שעה מער אַרבעט אָדער אַ שעה ווייניקער אַרבעט.

דער עיקר איז ביי זיי אָפּצונעמען שבת דעם לוין און גיין אין שענק. דאָס זענען אַלץ יידישע מעשות. זיי זענען שוואַך, זיי קאָנען אַליין נישט אַרבעטן און פאַרדרייען די גויים די קעפּ, רעדן זיי איין אַ לונג־און־לעבער אויף דער נאָז, מיט סאָציאַליזם, אחדות. זיי ווילן נאָך ברענגען דערצו, אַז זיי ווילן אויפרייצן די גויים, צעיושען דאָס טריפהנע בלוט, און אויסגיין וועט עס צו יידישע קעפּ, ווי אַלעמאָל. מאַקס אַשכנזי האָט געביסן די ליפּן פאַר צאָרן. וואָלט ער נאָר געקאָנט, וואָלטן די צייטן נישט געווען אַזעלכע אומרואיקע, וואָלט ער זיי, די עוכרי־ישראלים, אָנגעלערנט. אַ מצוה איז אָנצולערנען אַזעלכע, וואָס גייען קעגן יידן, פאַר גויים.

אָבער אָנלערנען די באַלוט־לייט האָט ער נישט געקאָנט. נישט נאָר ער, נאָר אַפילו די פּאָליציי איז געווען שוואַך קעגן זיי, מורא געהאַט מיט זיי זיך אָנצוהויבן. זיי זענען טאַקע די באַלעבאַטים פון שטאָט געוואָרן, אַז אָך און ווי. זיי שיקן אַפילו זייערע פאָרשטייער געלט זאַמלען און מען מוז זיי געבן. אויך איצט האָבן זיי זיין פאַבריק אויפגעהעצט, אַ פייער צע־בלאָזן. אין אַלע זייערע פּראָקלאַמאַציעס העצן זיי קעגן אים, זידלען און שנידלען אים, דערציילן די אַרבעטער, אַז ער איז זייער בלוט־זויגער, עקס־פּלואַטאַטאָר. די גויים גלויבן זיי, און ווער ווייס, צו וואָס מען קאָן דערפירן! וואָס שפּילט ביי אַזעלכע צעיושעטע גויים אַ ראָלע צו שיקן אים אַ קויל אין קאָפּ אָדער געבן אים אַ מעסער אין רוקן? אמת, ער זיצט אין דער פאַבריק, דערווייל, באַוואַכט. אָבער אייביק זיצן אַזוי קאָן מען נישט. יעדער טאָג, יעדע שעה, יעדע מינוט אַפילו ברענט. פון דער אינטענדאַנט־סטווע פאָדערט מען סחורה. געשעפטן זענען דאָ אַ וועלט. מען דאַרף אַרויס־פאָרן, באַוועגן זיך, טאָן עפּעס. און אין איינער אַ שלאָפלאָזער נאַכט אויף דעם ברייטן בעט פון פאַרשטאָרבענעם דירעקטאָר אַלברעכט, צווישן טויזנ־טער געדאַנקען און איינפאַלן, האָט זיך אויך מאַקס אַשכנזי דערטראַכט, אַז עס איז כדאי מיט אָט די באַלוט־לייט, מיט דעם פירער זייערן, דעם מורה־הוראהס זון, זיך צו זען און דורכרעדן.

זיי זענען טאַקע שקצים, עוכרי־ישראלים, אָבער דורכרעדן זיך מיט זיי איז ווערט. ער האָט שטאַרק געגלויבט אין זיין שכל, מאַקס אַשכנזי, אין זיין כוח פון איבעררעדן אַ מענטש. אַגב, איז דער ניסן נישט קיין גראָבער יונג. אַ־האָ, ער איז אים נאָך ביים פאָטער זיינעם, ר׳ נאָסקע, געקראָכן אין וועג אַריין ביי דער גמרא. אמת, ער האָט מיט אים אַמאָל עפּעס עסקים געהאַט, דעמאָלט ווען ער איז געקומען צו אים אין איינעם אַ שבת־צו־נאַכטס וועגן די וועבער פון זיין שווערס וועבעריי. דערנאָך האָט מען יענעם טאַקע פאַרשיקט. אָבער, ערשטנס, ווייסט קיינער נישט, אַז ער האָט עפּעס דערביי אַ חלק געהאַט. דער ליטוואַק, דאָס שרייבערל, האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט וועגן דעם קיין פּיפּס נישט געבן. איבעריקנס, זענען עס שוין אַלטע מעשות. ער איז שוין דערנאָך געזעסן פאַר אַנדערע חטאים, פאַרגעסן זיך גאָר. פאַרקערט, טאָמער טראָגט ער זיך טאַקע אַרום מיט אַ כעס אויף אים, וועט

ער אים אויפוויזן, אַז ער איז גאָט די נשמה שולדיק. די פּאָליציי אַליין האָט זיך אַריינגעמישט דעמאָלט. פּאַרקערט, ער האָט נאָך געבעטן פּאַר זיי, נאָר עס האָט נישט געהאָלפן. אָ, זאָל ער זיך גאָר צונויפרעדן מיט אים, וועט ער אים איינגאַנצן נעמען. ער האָט, דאַנקען גאָט, אַ כוח צו רעדן צו מענטשן, רעדן צום שכל און צום האַרץ.

און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט צום טיש און אָנגעשריבן אַ בריוו צו זיין אַמאָליקן חדר־חבר. אין אַ לוימדישן לשון־קודש, ווי מען שרייבט צו אַ בכבודן מענטש און תלמיד־חכם, פול מיט גלייכווערטלעך און ציטאַטן פון דער גמרא, מיט היפּשע לשון־קודשדיקע שבחים און לויב־לידער צו דעם געערטן מאַן, וואָס פאַרדינט כבוד און לויב פאַר זיינע מעלות, יחוס און איידלקייט, האָט ער געבעטן אים צו באַוויליקן מטריח צו זיין זיך אין זיין פאַבריק, כדי צו רעדן מיט אים ענינים, וואָס שטייען אין שפּיץ פון דער וועלט. דערביי האָט ער אויך צוגעגעבן, אַז נישט, חלילה, צוליב גרויס־האַלטעריי אָדער פּוסטער גאווה בעט ער דעם היוכן גאַסט צו קומען צו זיך, אָנשטאָט גיין צו דער שוועל פון זיין טיר, נאָר פּשוט דערפאַר, ווייל צוליב טעמים, וואָס זענען פאַרשטענדלעך פאַר מענטשן פון שכל, ווי זיין כבוד איז, קאָן ער נישט אַרויס פון דער פאַבריק. עס איז גענוג פאַר דעם חכם בלויז אַ וואונק! עס וועט זיין אַ גרויסער נחת־רוח צו זען דעם היוכן גאַסט אין די ווענט פון מיין אָרעם געצעלט, האָט אַשכּנזי פאַרענדיקט און אונטער־געשריבן זיך: פון מיר, דער, וואָס דערוואַרט אייער היוכן וויזיט, שמחה מאיר הלוי אַשכּנזי.

מיט די שענסטע לומדישע אותיות האָט ער דעם לאַנגן בריוו אָנגעשריבן, איבערגעלייענט אים מיט צופרידנקייט און אים אַוועקגעגעבן אַ מענטש זיינעם, וואָס זאָל זען דעם אַדרעסאַט פון אונטער דער ערד אויס־צוזוכן און איבערגעבן. אויף דער בערזע וועט ער שוין דערגיין.

עטלעכע שעה צייט האָט דער קאָמיטעט דיסקוטירט וועגן דעם בריוו, וואָס איז אָנגעקומען פון דעם פיינטלעכן לאַגער — איגנאָרירן אים? ענט־פערן מיט אַן אָפּזאָג? אָדער אָננעמען די איינלאַדונג? טוביה האָט נישט געהייסן גיין. ער האָט מורא געהאַט פאַר פּראָוואָקאַציע. מעגלעך, אַז דאָרט איז גאָר פּאָליציי דאָ און מען וועט ניסנען גלייך אַרעסטירן, אָבער ניסן האָט נישט געגלויבט אין דעם. ניין, ער איז נישט אַזוי נאַריש, אַשכּנזי, צו גיין איצט אויף אַזאַ זאַך. ער איז אַ מענטש אַ פּראַקטישער, אַ בעל־שכל און אויב ער שיקט אַ בריוו צו רעדן וועגן זאַכן, וואָס שטייען אין דער שפּיץ פון דער וועלט, איז ווערט אים אויסצוהערן. מען דאַרף אַלע מאָל קענען דעם קעגנער. אָבער אַליין גיין האָט ער נישט געוואָלט, ס'זאָל נישט ברענ־גען צו קיין פאַרדאַכט ביי די אַרבעטער. און אין אָוונט, דורך וועגן און אומוועגן, מיט נאָך צוויי באַגלייטער, איז ניסן אַוועק אין פאַבריק. דאָס טויער האָט זיך, ווי אין אַ טורמע, שווער געעפנט און צוריק פאַרשלאָסן. מאַקס אַשכּנזי האָט געוואַרט ביי דער אָפענער טיר פון זיין קאַבינעט. אַ ווײלע,

אַז ער האָט דערזען דריי מענטשן, איז ער געוואָרן פאַרכמורעט. ער האָט תמיד ליב געהאַט צו רעדן מיט מענטשן אויג אויף אויג. אָבער באַלד האָט ער אָנגעטאָן אויף זיין פּנים אַ פריינטלעכע מכניס־אורחדיקע מינע און אַלעמען געדריקט די הענט.

— עס פרויט מיך זייער, — האָט ער גערעדט אין זיין דייטש. — ביטע, מיינע הערן.

אָנגעהויבן האָט מאַקס אַשכּנזי מיט תורה.

— גלייך דערקענט, — האָט ער געזאָגט צו ניסנען. — פאָרט אַן אויג פון אַ תלמיד־חכם...

ער האָט נישט געוואוסט גענוי, ווי אַזוי צו דעם ניסנען צו רעדן, אויף „דו", ווי צו אַן אַמאָליקן חבר פון איין חדר, אָדער אויף „איר" — און ער האָט געפּלאָנטערט אַביסל. אָבער ניסן האָט זיך געהאַלטן רעזערווירט און אַשכּנזי האָט אים געזאָגט „זי", אויף דייטש...

— אָבוואָהל שוין איינע היפּשע צייט פאָריבער איז, זינד וויר האָבען ביים טאַטען, ביי ר' נאָסקע, שטודירט, געדענק איך נאָך דעם לעצטן שיעור, וואָס מיר האָבן געלערנט, — האָט ער געזאָגט אַ שיינענדיקער, — די שיטה פון כחל... איך קען עס נאָך פון אויסווייניק...

ער האָט אַ בליק געטאָן אויף די זיצנדיקע אַרום און אָנגעהויבן זאָגן גיך די שיטה, דרייענדיק דערביי מיטן פינגער, פונקט ווי אַמאָל ביי דער גמרא.

— געדענקען זי עס, ניסן? — האָט ער געפרעגט.

— איך פאַרנעם זיך מער נישט דערמיט, — האָט ניסן קאַלט געענטפערט.

— אַ שאָד, אַ שאָד, — האָט אַשכּנזי באַדויערט. — איך, אָבוואָהל זייער באַשעפטיקט בין, האָב איך נאָך ליב אַריינצוקוקן אין אַ ספר, און הלמאי זאָל איך מיך שעמען, איך האָב נאָך אַפילו ליב עפּעס אַליין מחדש צו זיין אויך. אַז איך האָב אַ רגע צייט, שרייב איך עס אויף, איינס מיטן צווייטן האָט נישט צו טאָן.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף די זיצנדיקע און געוואָלט זען זייער באַוואונדערונג פאַר אים, דעם דירעקטאָר פון דער גרעסטער פאַבריק, וואָס האָט נאָך צייט צו שרייבן חידושים. אָבער די מענטשן האָבן אים קיין איין וואָרט פון באַוואונדערונג נישט געזאָגט. ער האָט זיך געפילט געטראָפן.

— מילאָ, די הערן, — האָט ער אָנגעוויזן אויף ניסנס צוויי פריינט, — קענען זיך מסתמא נישט אויס אין די קליינע אותיותלעך — ענטשולדיקן זי מיר פאַר מיין אָפנהערציקייט, מיינע הערן...

— איר האָט אונדז נישט דערמיט באַליידיקט, — האָבן די מענטשן געזאָגט.

—אָבער זי, ניסן, איין תלמיד־חכם, וועלען אימער איין תלמיד־חכם בלייבען, — האָט ער גערעדט מיט הנאה. — ווער נאָר עס האָט איין מאָל דעם טעם פון אַ שטיקל אביי ורבא פערזוכט, דער וועט שוין אימער איין

גמרא־קעפּל בלייבן... ווי זי זאָלן נישט וועלן זיך אַרויסדרייען. דאָס ליגט אין בלוט...

ער האָט גלייך טאַקע דערציילט, ווי די באַראָנען זיינע האָבן אים גע־פּרעגט, אין וועלכער אַקאַדעמיע ער האָט שטודירט, און ער האָט זיי גע־ענטפערט, אַז אין דער אַקאַדעמיע דעם טאַלמודס ביי דען פּראָפעסאָרן אַבאַיע וורואָווע...

דאָס האָט אים גרויס הנאה פאַרשאַפט און ער האָט אַ צוואַרעמטער אַנגערירט היימיש ניסנס קני. אָבער ניסן האָט זיך אָפּגערוקט, געוווען קאַלט. האָט אַשכנזי אין איין רגע פאַרלוירן זיין לומדות און חברישקייט, זיין תורה און דעם יידיש, אין וועלכן ער איז דערוווייל פאַרקראָכן, און ער איז צוריק געוואָרן מאַקס אַשכנזי, דער דירעקטאָר פון דער גרעסטער מאַנופאַקטור־פאַבריק, שטאָלץ און זאַכלעך.

— אַלזאָ, צור זאַכע, מיינע הערן, — איז ער צוריק אַריין אין דייטש. — ווי איר ווייסט, מיינע הערן, סטרייקן די אַרבעטער פון דער פאַבריק.

— מיר ווייסן, — האָבן די מענטשן געזאָגט.

— די פאָדערונגען, וואָס די מענטשן שטעלן אַרויס, זענען נישט צו נע־מען ערנסט, — האָט אַשכנזי גערעדט, — אַכט שעה אַרבעט אין טאָג...

— דאָס איז אַבסאָלוט גענוג פאַר אַ מענטשן צו אַרבעטן, — האָט ניסן געענטפערט.

אַשכנזי האָט אים באַטראַכט עטלעכע סעקונדן צייט.

— איך בין שוין גרייט אונטערצושרייבן אַן אָפּמאַך פאַר מיר פער־זענלעך, איך זאָל נישט דאַרפן אַרבעטן מער ווי זעכצן שעה אַ טאָג, — האָט ער געזאָגט און געקוקט מיט אָנשטרענגונג אויף די מענטשן. — איך אַרבעט פיל מער, יעדער ווייס עס.

— איר אַרבעט פאַר זיך, הער אַשכנזי.

— ניין, איך אַרבעט פאַר דער פאַבריק, פאַר אַלע טויזנטער מענטשן. ווען איך וואָלט אַזויפיל נישט געאַרבעט, נאָר גערעכנט זיך מיט דער שעה, וואָלט די פאַבריק געווען זיך אָפּגעשטעלט צוגלייך מיט אַ סך אַנדערע פאַב־ריקן און די מענטשן וואָלטן אַרומגעבלאָנקעט זיך אין גאַס. נאָר דורך מיין שווערער מי האָב איך געפונען אַרבעט פאַר דער פאַבריק, פאַר טויזנטער מענטשן, נישט נאָר פאַר איין שיכט, נאָר פאַר צוויי. אַלע זענען מיר שרייפ־לעך פון דער גרויסער מאַשין.

— אָבער איר פאַרדינט פאַר אייער אַרבעט אַ טאָג מער, וויפיל די אַר־בעטער נעמען עס פאַר אַ האַלב יאָר, הער אַשכנזי.

— יעדער לויט זיין ווערט, — האָט אַשכנזי איבערגעריסן, — לויט דעם, וואָס ער ברענגט אַריין. נישט פאַר מיינע שיינע אויגן זיץ איך דאָ, מיינע הערן, נישט פאַר מיין יידישקייט.

ער האָט זיך צוגעבויגן נאָענט צו די מענטשן און ער האָט גערעדט שטיל, אויף לאָדזשער יידיש:

— נישט אומזיסט בין איך, אַ ייד, דער דירעקטאָר פון דער גרעסטער פאַבריק געוואָרן. דער עלטסטער איבער די טויזנטער גויים דאָ. איר מיינט, אַז מען האָט מיך דאָ ליב? מען ברענט מיינע טריט, אָבער מען דאַרף מיך. אָן מיר וואָלט אַלץ צעקראָכן געוואָרן. מיינט נישט, אַז מען גיט געלט אומזיסט. יעדער קריגט לויט זיין ווערט. ווער עס קאָן בלויז מאַכן אָן אייל סחורה, קריגט פאַר זיין אייל סחורה. ווער עס קאָן אַריינברענגען מיליאָנען, קריגט פאַר זיינע מיליאָנען...

— קעגן דעם קעמפן מיר, — האָט ניסן געזאָגט.

אַשכנזי האָט זיך אָנגענומען ביים שפיץ בערדל גאָר יידישלעך, ווי אַ למדן, און אַרויסגעצויגן דערפון עטלעכע האָר.

— מילא, אַז גויים, גראָבע קעפּ, רעדן נאַרישקייטן, פאַרשטיי איך, — האָט ער געזאָגט מיט אַ גמרא־ניגון. — איך האָב גערעדט צו זיי ווי מיט מענטשן, געוויזן זיי דעם חשבון שוואַרץ אויף ווייס, אַז ווען מען זאָל זיי נאָכגעבן בלויז אַ העלפט פון זייערע פאָדערונגען, דאַרף די פאַבריק זיך שליסן. וואָרעם יעדע זאַך האָט זיך איר חשבון, אַפילו אַ מאַשין האָט איר קראַפט, און ווען מען לייגט אַרויף אויף איר מער, ווי זי קאָן טראָגן, רייסט זי זיך איבער. איר, יידן, קענט דאָך יאָ רעכענען. אייערע מענטשן, ווי מען האָט מיר געזאָגט, לערנען אַפילו עקאָנאָמיע. אָט האָט איר אַ חשבון, וואָס איך האָב צונויפגעשטעלט. ער שטימט אויף דער האָר. ווי אַזוי קאָנען מיר אַנט־קעגנקומען אַזעלכע נאַרישע פאָדערונגען?

— מיר רעכענען אַנדערש, — האָט ניסן געזאָגט. מיר רעכענען די דיווידענדן פון די באַלעבאַטים און די ריזיקע לוינען פון די דירעקטאָרן און פירער.

אַשכנזי האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול.

— הערט אויס, מיינע הערן, — האָט ער געזאָגט. — פאַר עולם־הבא וועלן מיר נישט אַרבעטן. מיר האָבן אונדזערע סוחרישע אויסרעכענונגען, און ווען עס לוינט נישט, ליקווידירן מיר די געשעפטן. מיר וועלן זיין גע־צוואונגען צו שליסן די פאַבריק און טויזנטער מענטשן וועלן בלייבן אויף דער גאַס.

— דאָס איז אַלץ, וואָס איר האָט אונדז געוואָלט זאָגן, הער אַשכנזי? — האָט ניסן איבערגעפרעגט. — אָבער דערצו האָט איר אונדז נישט געדאַרפט רופן.

מאַקס אַשכנזי האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און זיך איבערשפּאַצירט אי־בער דעם קאַבינעט.

— כ'האָב צו אייך נישט געשיקט צו רעדן וועגן דער פאַבריק, — האָט ער געזאָגט אַ צאָרנדיקער. — ווייל, לאָמיר זיך נישט נאַרן, איר האָט אין דער פאַבריק גאָרנישט וואָס צו זאָגן. אייער גאַנצע הערשאַפט איז אויפן באַלוט, צווישן די האַנט־וועבער, און מיר האָבן דאַמף און גויאישע אַרבעטער.

אָבער קאַליע מאַכן קאָן אַ קאַץ אויך, און איר מאַכט קאַליע. איר העצט אויף די גויים.

— מיר ווייסן נישט פון קיין גויים, נאָר פון אַרבעטער און עקספּלואַטאַטאָרן, — האָט ניסן אים איבערגעריסן.

— אָבער די גויים ווייסן פון גויים און יידן! — האָט אַשכנזי געענטפערט מיט שפּאָט. — אחדות, אַחדות, רעדט איר, אָבער פּרובירט נאָר איין איינציקן ייד אין דער פאַבריק דאָ אַריינזעצן, וועלן אים די גויים אויף דריי שפּענדלעך אַרויסטראָגן!

ניסן איז רויט געוואָרן. דאָס איז געווען זיין שוואַכער פּונקט.

— דאָס איז אייער שולד, — האָט ער גענומען שטאַמלען. — איר און אייערס גלייכן האָבן דעם יידישן אַרבעטער אויפן באַלוט פאַרשטופּט.

אַשכנזי האָט אים איבערגעריסן.

— מיר רעדן איצט נישט ווי דירעקטאָרן און אַרבעטער, — האָט ער געזאָגט. — דאָס רעד איך מיט די גויים אַזוי. — מיר רעדן איצט ווי יידן. אין שטאָט איז אַ געפאַר, איר הערט, אַ געפאַר! יידיש בלוט וועט זיך גיסן!

— מיר האָבן אונדזערע זעלבסטשוצן, אויך די סימפּאַטיע פון דעם אַרבעטער־קלאַס. מיט אַזעלכע זאַכן שרעקט מען אונדז נישט אָפּ, הער אַשכנזי.

— ליגן, שקר! — האָט אַשכנזי געקלאַפּט אין טיש. — אויף די פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע איר אַליין טרעט אַרויס, רעדן די גויים רשעות קעגן מיר, נישט קעגן דעם דירעקטאָר פון דער פאַבריק, נאָר קעגן מיר, דעם ייד. די גויאישע רעדנער שפּעטן נאָך מיין רעדן, מיין יידישע אויסשפּראַך, און די אַרבעטער הירזשען. אויף די יידישע קרעמערלעך ציטערט די הויט. שוין קומען גויים צו זיי אַריין נאָך שפּייז און רעדן, אַז ווען עס וועט ווערן גאָר שלעכט, וועלן זיי רויבן. אַלעמאָל איז אויסגעגאַנגען צו יידישע קעפּ, ווי דעמאָלט ביים „ראַבונעק”. איר, יידן אַליין, צעפלאַקערט אַ פייער!

די דריי מענטשן האָבן זיך אויפגעהויבן פון די ערטער מיט אַמאָל.

— הער אַשכנזי, מיר האָבן נישט בדעה אויסצוהערן נאַציאָנאַלע דרשות,— האָט ניסן געזאָגט. — דערויף רופט מען נישט קיין מענטשן צו זיך.

— בורזשואַזע חוצפּה! — האָט איינער פון די צוויי באַגלייטער זיך געכעסט. — איך האָב גלייך נישט געהאַט קיין חשק דאָ אַהער צו גיין. קומט, חבר ניסן.

ניסן איז אַרויס מיט זיינע חברים דורך דעם שווערן פאַבריק־טויער און געלאָזט זיך אין אַ דראָזשקע אַהיימפאָרן. דאָס וועטער איז געווען פויל, רעגנדיק; די שמוציקע שטאָט האָט זיך געוויקעט אין בלאָטע; די געציילטע לאָדזשער צעוואָרפענע בוימער האָבן אויסגעזען ווי גרויסע אויסגעריבענע בעזעמער. דער באַלעגאָלע האָט נישט אויפגעהערט שמייסן זיין פגירהדיק פערדל און זידלען עס, פאַרוואָס עס קריכט קוים איבער די שלעכטגעפלאַסטערטע גרוביקע גאַסן.

— וויאָ, נבלה! העי, פּעל קרעציקע, נאָ!...

פּונקט אַזוי פויל, רעגנדיק און שווער איז געווען ניסנען אויפן האַרץ. אַשכּנזיס ביטערע רייד האָבן אים געעגבערט אין מוח, געשניטן.

— מירן מוזן גלייך נעמען אָרגאַניזירן די זעלבסטשוץ, — האָט ער שטיל געדעדט צו זיינע צווי באַגלייטער. — מאָרגן נאָך ווען מען די פּראַגע שטעלן אויפן טאָג־אָרדענונג.

גלייך מאָרגן, — האָבן ביידע צוגעברומט און איינגעהילט זיך בעסער אין די מאַנטלען, צו שיצן זיך קעגן דער איינעסנדיקער קעלט פון דער נאַסער שטאָט.

## קאַפּיטל פופצן

מאַקס אַשכּנזי האָט וואָס וויניקער געגומען אַהיימקומען צו ווייב און קינדער און געגעבטיקט אין דירעקטאָר אַלברעכטס בחורשער וואוינונג, וואָס איז צוזאַמען מיט דער דירעקטאָרשאַפט איבערגעגאַנגען צו אים. צו־זאַמען דערמיט האָט ער געגומען קאַרגן אויף דער הוצאה אין שטוב, זייער ווייניק געלט אויסגעצאָלט דער פרוי זיינער.

דינהלע אַשכּנזי האָט זיך געפילט זייער געקרענקט.

זי איז שוין געווען איצט אַ פרוי נישט אין דער ערשטער יוגנט. זי האָט זיך נאָך יונג געהאַלטן, ווי די מוטער אירע, אָבער אין אירע קאַשטאַן־קופּערנע האָר האָבן זיך אַלץ מער גרויע האָר דורכגעוואָרפן. אויך ביי די אויגן האָט איר הויט אָנגעהויבן לויז ווערן, צעקעסטלט זיך אין אַ נעץ פון אַ סך קליינע דריבנע קנייטשעלעך. פון די טראָגנס און האָבנס האָט זיך אויך איר בויך געפּאַלדעוועט און אויף די שלאַנקע פּיס אירע זענען אַרויס־געטראָטן בלויע אָדערן. ווי ביי מערסטנס ווייבער אין דעם עלטער פון נאָך פערציק, האָבן אויך ביי איר אַלערליי קראַנקהייטן גענומען אַרויסקריכן, איבערהויפּט ווייבערישע. מענטשן האָבן איר נאָך אַלץ נאָכגעקוקט אויף דער גאַס, ווען זי פּלעגט זיך באַווייזן. וואָרעם זי האָט זייער קונציק גע־קאָנט אויסבאַהאַלטן דעם געפּאַלדעוועטן בויך אונטער דעם גאָרסעט, די קנייטשעלעך ביי די אויגן פאַרגלעטן און פאַרשטעלן, אויך די האָר שיין פאַרקעמען, אַזוי, אַז די גרויע זאָלן גוט פאַרשטעקט ווערן אין די קופּערנע. אָבער אין שטוב, איבערהויפּט אין די נעכט, ווען זי האָט זיך פון אַלע גאָרסעטן און שנירלעך אויפגעבונדן, זענען די ערשטע סימנים פון עלטער אַרויס, און איר איז געווען זייער אומעטיק אין די שלאָפלאָזע נעכט אַליין אין בעט, קוקנדיק אויף דעם צווייטן בעט פון איר מאַן, וואָס איז אַלץ געבליבן מער ליידיק.

די קינדער זענען נישט געווען אינדערהיים. דער עלטסטער, דער זון איגנאַץ, איז געזעסן אין אויסלאַנד. אַ פאַרשלאָסענער אין זיך, אַ פאַר־

כמורעטער, איז ער אַלעמאָל געווען אינדערהיים אַ פּרעמדער און דער מוטער אַ סך צרות אָנגעטאָן. פּונקט ווי דער פאָטער זיינער איז שטענדיק געווען פאַרנומען, פאַרטאָן, אַלץ האָט געקאָכט אין אים, אַזוי איז דער זון געווען אַ פוילער, אַן אָפּגעלאָזענער. פון קינדווייז אָן האָט ער נישט געוואָלט זיך לערנען, אַרומגעריסן זיך מיט די חברים. ווי נאָר ער האָט זיך מיט עמעצן באַפריינדעט, אַזוי האָט ער זיך באַלד צעקריגט. וואָרעם ווי דער פאָטער זיינער, האָט ער געוואָלט הערשן, זיין אומעטום דער פירער. אָבער דערצו האָט ער נישט פאַרמאָגט נישט דעם פאָטערס ווילן, נישט זיין ענערגיע. ער איז געווען אַ געמיש פון די אַשכנזיס אַמביציעס און פון די אַלטערס פויל־קייט. דאָס איז זייער נישט גוט געגאַנגען אין פּאָר, כסדר געבראַכט צו קאָנפליקטן. און ער איז דעריבער שטענדיק געווען פאַרביטערט, בייז און שלעכט. ער האָט אַלץ פיינט געהאַט. מער פון אַלץ האָט ער געהאַסט דעם אייגענעם טאַטן, אַ שונא אים געווען. אין פאָטערס גרויסקייט האָט ער געזען זיין אייגענע קליינקייט. אויך האָט ער געזען דעם פאָטערס פרעמד־קייט צו זיך, די פאַראַכטנדיקע בליקן זיינע, ווען ער האָט אים נאָכגע־קוקט די העפטן. שטענדיק האָט ער געזאָגט דאָס אייגענע:

— אונבעגרייפליך, ווי דער יונגע האָט ניכטס פאָן מיר געערבט...

דער זון איז אַוועק מיט זיין חרפּה, און דעם פאָטער געהאַסט, געוואָלט זען זיין בלוט.

— אונבעגרייפליך, ווי דער יונגע האָט ניכטס פאָן מיר געערבט, — האָט ער נאָכגעשפּעט דעם פאָטערס יידישלעכן דייטש מיטן גמרא־ניגון.

די מוטער האָט ער ליב געהאַט, אָבער די ליבע צו איר איז געווען אַ פאַרוויקלטע, אַ קרענקלעכע. פון קינדווייז אָן האָט ער הנאה געהאַט צו פּייניקן זי, אָפּצוטאָן איר צו־להכעיס, נישט צו וועלן עסן, נישט צו פאָלגן זי, צו טיראַניזירן זי, ווי יעדעס קינד, וואָס האָדעוועט זיך אָן אַ טאַטן. זי האָט נישט געהאַט גענוג קראַפט צו נעמען אים אין די הענט, צו זיין צו אים האַרט. וואָס, וואָס, נאָר מיט האַרטקייט האָט זי זיך נישט געקאָנט באַ־רימען. דאָס האָט געהאַט איר מאַן. אָבער ער איז זעלטן געווען אין שטוב און אַפילו ווען ער איז יאָ אַהיימגעקומען, האָט זי נישט געוואָלט פאַר אים מסרן אויף דעם יינגל. פון זייביידן, האָט זי ליבער געהאַט דעם זון. איין זאַך האָט זי געקאָנט, ווען דאָס יינגל איז גאָר ביטער געוואָרן און דערגאַנגען איר די יאָרן — אויסוויינען זיך. דעמאָלט פלעגט דער קליי־נער גלייך ווייך ווערן, צאַרט, אויסקושן זי, צו די פיס פאַלן און בעטן מיט טרערן אין די אויגן:

—— מוטער, מוטערל, הער אויף, איך וועל שוין שטענדיק זיין גוט, שטענדיק.

אָבער ווי נאָר זי האָט אויפגעהערט וויינען, איז ער צוריק געווען דער אייגענער, אַ שווערער, אַ פינצטערער און אַ טיראַן. ער האָט נישט באַזוכט די שול, נישט געזען זיך מיט קיין חברים, אויסגעמיטן מענטשן, נאָר אַרומ־

געגאַנגען גאַנצע טעג אַ נישט־אָנגעטאָענער אין שטוב און געלייענט קרי־מינאַל־ליטעראַטור, געלייענט פון אינדערפרי ביז שפּעט ביינאַכט.

צו ביטערע סצענעס פלעגט קומען, ווען דער פֿאָטער איז געקומען פון די רייזעס. מאַקס אַשכנזי האָט געוואָלט האָבן אַ זון אַן עילוי, אַ פייערדיקן קאָפּ, וואָס מענטשן זאָלן אים מקנא זיין. מיט גוטן גיין האָט מאַקס אַשכנזי נישט געקאָנט. ער האָט געקאָנט באַפעלן, שרייען, אָבער וואָס מער ער האָט זיך אויף דעם יינגל געבייזערט, אַלץ מער איז דאָס יינגל געוואָרן פאַרעקשנט, בייז, צולהכעיסדיק. געענדיקט האָט זיך תמיד דערמיט, וואָס דער פֿאָטער האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס דער זון זיינער איז גאָרנישט געראָטן אין אים, און דער זון האָט אים שטילערהייט נאָכגעשפּעט זיין יידישלעכן אַק־צענט מיטן גמרא־ניגון, מיט וועלכן ער רעדט דייטש. דער גרעסטער פאַרגעניגן איז ביי דעם יינגל געווען אָפּצושפּעטן פון פֿאָטער, צו זען ווי ער מאַכט חסידישע העוויות ביים עסן, ווי דער קראַוואַט ליגט אים פאַררוקט אין אַ זייט, ווי דאָס אַש פון די ציגאַרן שיט זיך אים אויף די לאַצן. איינמאָל האָט ער אַפילו אים געלאָזט אַרויסגיין אויף דער גאַס מיט נישט־פאַרקנעפּל־טע הויזן, וואָס ער האָט אין צעטראָגנקייט זיינער פאַרזען. ער האָט עס גוט געזען, דאָס יינגל, אָבער ער האָט אים געלאָזט אַזוי אַרויסגיין, קוועלנדיק פון בייזער נקמה.

ווי נאָר ער האָט מיט צרות דורכגעמאַכט די גימנאַזיע און געקריגן אַ צייגניש פון רייפקייט, האָט ער קיין איין רגע נישט געוואָלט מער בלייבן אינדערהיים און איז אַוועק קיין אויסלאַנד. געהייסן האָט עס, אַז ער שטו־דירט, אָבער ער האָט קיינמאָל אין אוניווערסיטעט נישט אַריינגעשמעקט. ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין קינסטלער־קוואַרטאַל אין פּאַריז, אַרומגע־שלעפּט זיך מיט פאַרדעכטיקטע פאַרשוינען און יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק געשריבן נייע בריוו צו דער מוטער נאָך נייע געלטער. די מוטער האָט אַראָפּגענומען פון וואָס זי האָט נאָר געקאָנט, געשפּאָרט, אַ פינגערל שטי־לערהייט פאַרזעצט אין לאָמבאַרד דורך דער דינסט, און געשיקט אים געלט אָן פֿאָטערס וויסן. דער פֿאָטער פלעגט זיך זעלטן אויף אים פרעגן.

— שרייב אים, דיאַנאַ, ער זאָל פלייסיק שטודירן, — האָט ער יעדן חודש אויפסניי צוגעגעבן, ווען ער האָט איר געגעבן אַ מאָגערן באַנק־טשעק אים צו שיקן פאַר אַ חודש געהאַלט.

— שרייב אים צו עטלעכע ווערטער, — האָט די מוטער געזאָגט אַ ברוגזע, — ביזט דאָך אַ טאַטע!

— פורכטבאַר באַשעפטיקט, — האָט ער אַ ברום געטאָן און איז אַרויס.

טאָמער פלעגט די מוטער נישט שיקן דעם זון גענוג געלט, וויפל ער האָט געוואָלט, האָט ער געדראָט מיט זעלבסטמאָרד. זי איז דעריבער תמיד געווען פאַרשוולדיקט, פאַרדרייט, און דעם מאַן נישט געקאָנט דערציילן וועגן אירע חובות. אויך פלעגט דער זון גאָרנישט וועלן אַהיימקומען צו די עלטערן, נישט אויף די קאַניקולן, נישט אויף יום־טובים. ער האָט דעם פֿאָטער פיינט געהאַט

און מיט דער מוטער זיך נישט גערעכנט. דינהלע אַשכנזי איז געווען זייער פאַרביטערט און איינזאַם דעריבער.

אויך די טאָכטער גערטרוד איז געווען ווייט פון שטוב. געראָטן אין דער מוטער, אַ שיינע, אַ בלוי־אויגיקע, אַ שלאַנקע, האָט זי, ווי דער מוטער אירע, געצויגן צו אַנדערע וועלטן, צו וועלטן רייכע, פאַנטאַסטישע. אָבער ענערגישער פון דער מוטער, שטאַרקער, האָט זי נישט יוצא געווען בלויז מיט לייענען ביכלעך, מיט לעבן אַ פאַפירן לעבן. זי האָט געזוכט איר לעבן שיין און זיס צו מאַכן אויף אַן אמת. זי האָט געהאַסט לאָדזש, די שטאָט פון רויך און טומל, פיינט געהאַט די אָנגעשטופּטע גאַסן, די לויפנדיקע און טומלדיקע סוחרים, דעם גאַנצן רויש און קאָכעניש. פונקט אַזוי האָט זי נישט פאַר־טראָגן די אייגענע שטוב. וואָרעם אומעטיק און איינזאַם איז געווען אין זייער הויז, אין דעם רייכן און אָנגעשטעלטן. די מעבלען זענען געווען שווער, צונויפגעמישט פון פאַרשידענע סטילן און נישט מאָדיש. די באַלויכטונג איז געווען קאַרג און מרה־שחורהדיק. זעלטן, אַז עמעצער איז אין שטוב געקומען. דער פאָטער איז געווען באַשעפטיקט, קיינמאָל אינדערהיים נישט געווען, און אַפילו, אַז ער איז יאָ געווען אין שטאָט, איז ער נאָר אַהיים־געקומען אָפּעסן און ווידער אַנטלאָפן. די מוטער איז געווען פאַרטאָן אין אירע ביכלעך, גאָרנישט פון זיי אַרויסגעקראָכן. די יום־טובים און שבתים זענען דורכגעגאַנגען גרוי, אָן פרייד און צערעמאָניעס. דערצו איז צווישן טאַטע־מאַמע אָנגעגאַנגען אַ שטענדיקער ברוגז, אַ שווייגן, וואָס האָט די גאַנצע שטוב אָנגעשטעקט מיט אומעט.

ווען זי איז אַ קינד געווען, די קליינע גערטרוד, האָט זי אַמליבסטן פאַר־בראַכט ביים זיידן חיים אַלטער. ביי אים אין שטוב איז זי געווען גליקלעך. דער זיידע האָט זי אויף דער שויס גענומען, געלאָזט זי רייטן אויף זיין קני, געקיצלט איר די בעקלעך מיט דער באָרד און זיך זייער שיין געשפּילט מיט איר.

— אַ ברכה זאָג, גיטעלע, אַ ברכה, — האָט ער איר אַלעמאָל דערמאָנט, ווען ער האָט איר געפּאַשעט מיט שאָקאָלאַד.

כאָטש ער האָט זי גערופן מיט אַ פרעמדן יידישן נאָמען, האָט זי ליבער געהאַט צו זיצן ביים זיידן איידער אין שטוב. ביים זיידן אין שטוב זענען געווען זייער שיינע זאַכן, לייכטער אַלערליי, חנוכה־לאָמפּן, בשמים־ביקסלעך, זאַכן, וואָס אין שטוב זעט מען זיי נישט. אויך איז שטענדיק געווען ביי אים, פריילעך, איבערהויפּט אין די שבתים און ימים־טובים. ר׳ חיים אַלטער האָט נאָך ווי אין די אַמאָליקע גוטע צייטן געמאַכט ברייטע סעודות ביים טיש, געציקלט זיך ביים קידוש, געזונגען זמירות, אַריינגענומען אורחים צום טיש. די קליינע גערטרוד האָט שוין געוואַרט מיט אומגעדולד יעדן יאָר אויף די חנוכה־ליכטלעך, וואָס דער זיידע צינדט און זינגט דערביי: אויף שמחת־תורה, ווען צום זיידן קומען זיך צונויף חסידים און האָפּסען און טאַנצן; אויף ימים נוראים, ווען ר׳ חיים טוט זיך אָן אין קיטל און אין

זילבער־אויסגעשטריקטן קאַפּעלע און ער בענטשט זי מיט אויפגעהויבענע הענט איבער איר קאָפּ. אַפילו צום סדר האָט די קליינע נישט געוואָלט זיצן אינדערהיים. ווארעם אין שטוב איז דער סדר דורכגעגאַנגען שנעל, גיך. דער פאָטער האָט שנעל אָפּגעברומט, אָפּגעגעסן גיך און גלייך אַוועק פון טיש צו זיך אין קאַבינעט צו זיינע אַרבעטן און פּאַפּירן. ביים זיידן אַלטער האָט זיך די סעודה געצויגן שפּעט, די ליכט האָבן פריילעך געברענט, דאָס פיל זילבער איז געשטאַנען אויפן טיש, דער זיידע איז געלעגן ברייט פונאַנ־דערגעלייגט אויפן היסב־בעט אין קיטל. די אַלע צערעמאָניעס, געזאַנגען, שמחה און פרומקייט האָבן די קליינע אָנגעצונדן.

— זיידעשי, — האָט זי אים געקושט, — כ׳האָב דיך אַזוי ליב...

צוליבן זיידן איז זי אַפילו פרום געוואָרן, געזאָגט קריאת־שמע, געמאַכט ברכות, וואָס האָט איר פאָטער שטאַרק פאַרדראָסן.

— ער ווירד נאָך פאַן איר איינע רביצין מאַכען, — האָט ער געזאָגט צום ווייב. — וואָצו איז זי אימער ביים זיידן ?

אַז זי איז עלטער געוואָרן, האָט זי אויפגעהערט קומען אַזוי אָפט צום זיידן, אָבער איינזיצן אין שטוב האָט זי נישט געקאָנט. זי האָט געוואָלט רייכקייט, שמחה, בעלער, געסט, סאַלאָנען, שפּילן און טאַנצן, ווי ביי אירע חברטעס אין די הייזער. אָבער אינדערהיים איז געווען שטיל און אומעטיק, זי האָט געהאַסט די היים, פרעמד געווען פון פאָטער, ווי דער פאָטער איז פרעמד געווען פון איר, אויף דער מוטער האָט זי רחמנות געהאַט, געקושט זי, מיטגעפילט זי, זי האָט געזען, אַז די מוטער האָט דעם פאָטער נישט ליב, אַז זי איז פרעמד פון אים, און דאָס איז איר געווען צום האַרץ, אָבער פאַרשטאַנען זי האָט זי נישט. זי האָט נישט געקאָנט באַגרייפן, פאַרוואָס זי האָט מיט אים אָפּגעלעבט אַזויפיל יאָרן, פאַרוואָס זי איז זיך מיט אים נישט פונאַנדערגעגאַנגען, און איבערהויפּט, פאַרוואָס זי האָט גלייך מיט אים חתונה געהאַט.

— מאַמע, האָסטו געליבט דעם פאָטער ? — האָט זי איר אָפט געפרעגט.

— גיי מאַך די לעקציעס, גערטרוד, — האָט איר די מוטער דערויף געענטפערט.

— אָ, וואָסערע מאָדנע מענטשן איר זענט געווען אַ מאָל ! — האָט די קליינע געזעדט מיט האַרץ. — איך וואָלט אָן ליבע קיינעם נישט גע־נומען, מען זאָל מיך אויף שטיקער צעשניידן...

אַז זי האָט געענדיקט די פּענסיע, האָט די מוטער אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ תכלית פאַרן מיידל. זי האָט געוואָלט ענדערן די שטוב, אויפפרישן זי, אַריינשטעלן ניי מעבל, אָנהויבן פאַרבעטן מענטשן, איינאָרדענען אָוונטן, יונגעלייט און מיידלעך אַריינציען, ווי אין אַלע הייזער, וואו עס איז דאָ אַ מיידל אויסצוגעבן. זי האָט שוין געזען, דינהלע אַשכנזי, אַז איר לעבן איז פאַריבער. כאָטש זי איז נאָך געווען שיין גענוג, מענער האָבן איר נאָך אַלץ נאָכגעקוקט אויף די גאַסן, האָט זי אָבער געפילט, אַז זי הויבט שוין

אָן גיין צוריק, אַז איר יוגנט איז פֿאַרביי אָן לעבן און אָן פֿרייד. זי האָט געוויייטיקט איבער דעם, אָפּטמאָל טרערן פֿאַרגאָסן אין קישן אין די נעכט. אָבער ווי יעדע טרייע מוטער, האָט זי גענומען איינלעבן זיך מיטן געפֿיל צו שאַפֿן אַ לעבן פֿאַר איר טאָכטער, צו זיין אַ מאַמע צו איר און צו זאָרגן פֿאַר איר גליק.

איבעריקנס, איז צוזאַמען מיט די יאָרן, האָט זיך אויך געענדערט איר געפֿיל צום מאַן. ניין, זי איז נאָך אַלץ נישט געווען אין אים פֿאַרליבט, אָבער באַוואונדערט האָט זי אים שוין, באַוואונדערט זיין קראַפֿט, ענערגיע און גרויסקייט. ער האָט געשפּאַנט מיט ריזן־טריט, אָט דער קליינגעוויקסיקער פֿאַרשוין. אויך פֿאַר דער צייט, וואָס זי איז אָפּגעזעסן ביי די קינדער און די ביכלעך, איז ער דערווייל אויסגעוואַקסן אַ מענטש מיט קענטעניש, וועלט־דערפֿאַרונג, פֿאַרשטאַנד און וויסן. יאָ, ער האָט מער איצט געוואוסט אין וועלט־זאַכן פֿון איר, דער געבילדעטער, וואָס האָט שטענדיק געשטעקט אין די ביכלעך. און דאָס, וואָס ער האָט אַפֿילו נישט געוואוסט, האָט ער געכאַפּט, דערגאַנגען מיט אַ בליק, מיט אַן אַנצוהערעניש. ווי יעדע פֿרוי אין די פֿערציקער, האָט אויך דינהלע גענומען צוריקגיין צום מאַן, צום באַשערטן, מיט וועמען מען דאַרף אָפּלעבן אַ לעבן, אַ לעבן נישט פֿון ליבע, אָבער פֿון פֿליכט און געטריישאַפֿט.

— מאַקס, — האָט זי אים גענומען זאָגן, — גערטרוד איז אויסגעוואַקסן, מען דאַרף טראַכטן וועגן איר, פֿירן אַ שטוב, ווי אומעטום.

זי האָט אים שוין גערופֿן איצטביים נייעם נאָמען.

אָבער גראָד איצט האָט מאַקס אַשכּנזי אָנגעהויבן שטאַרק פֿאַרנאַכ־לעסיקן די שטוב. מער ווי אינדערהיים, האָט ער איצט געגעכטיקט אין דער וואוינונג ביי דער פֿאַבריק, אין בחורישן בעט פֿון פֿאַרשטאָרבענעם דירעקטאָר אַלברעכט. און אַפֿילו אין זונטיק, ווען די פֿאַבריק איז געשטאַ־נען, האָט ער זיך אינדערהיים נישט געוויזן.

— פֿורכטבאַר באַשעפֿטיקט, — האָט ער טעלעפֿאָנירט.

דינהלע אַשכּנזי איז געוואָרן אומרואיק. דאָס ערשטע מאָל פֿאַר איר פֿאַרהייראַטן לעבן, ווי זי איז געוואָרן אומרואיק פֿאַר איר מאַן.

— נישט אַנדערש, ווי ער האָט דאָרט עמעצן אין דער בחורישער וואוי־נונג ביי דער פֿאַבריק, — האָט זי געטראַכט.

אין דער ערשטער מינוט איז איר אויסגעקומען קאָמיש דער געדאַנק. שמחה מאיר מיט אַ ליבע — האָט זיך איר געגלוסט לאַכן. אָבער באַלד איז דער געפֿיל פֿון קאָמיזם פֿאַרשוואונדן און אַ געפֿיל פֿון פֿאַרדרוס איז גע־קומען אויף זיין אָרט. זיכער, אַז ער האָט דאָרט עמעצן, אַ נישט, וואָלט ער דאָרט נישט אַזוי פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. אָ, ער איז נישט פֿון די צווייי פֿאַר אַ גראָשן. שטילינקערהייט קען עס גאָר ליבעס פֿירן. מעגלעך, אַז דאָס איז איינע פֿון די ביוראָ־מיידלעך, און אפֿשר גאָר עפּעס אַ טענצערין אָדער אַן אַקטריסע. מאַסן זענען זיי איצט דאָ אין לאָדזש. און אפֿשר, אפֿשר גאָר

טאַקע אַן עכטע ליבע, נישט קיין געקויפטע, נאָר מיט אַ דאַמע אַ יונגער אָדער גאָר אפשר מיט אַ מיידל. אַלץ איז מעגלעך ביי איצטיקע צייטן, ווען די ווייבער זענען אַזוי צעלאָזן געוואָרן.

זי איז האַסטיק צוגעגאַנגען צום שפּיגל און זיך גוט באַטראַכט, אַלע אירע קנייטשלעך ביי די אויגן, די לויזקייט פון דער הויט אירער האָבן אין גרויסן שפּיגל שטאַרק אַרויסגעשיילט זיך. די גרויע האָר אין קאָפּ האָבן ווי די שפּיזלען געשטאָכן. דינהלע איז ביי זיך זייער געפאַלן געוואָרן. זי האָט מיט טרויעריקע אויגן געקוקט אויף איר אָפּבילד אין שפּיגל. זע, ווי נאַריש זי איז געווען ביז איצט און גאָרנישט געטראַכט וועגן דעם, וואָס איז אַזוי גלייך און איינפאַך. זי האָט זיך דערמאָנט אין מאַן אירן. ער איז שטאַרק אויסגעוואקסן פאַר דער צייט. אַפילו מענלעכער געוואָרן, בריי־טער, אָנזעעוודיקער. און ווי מאָדנע יונג ער האַלט זיך, קיין איין גרויע האָר איז נישט צו געפינען ביי אים, קיין איין קנייטשעלע. ווען נישט די צע־טראָגנקייט זיינע, ווען ער זאָל זיך נאָר האַלטן אַביסל עלעגאַנטער, וואָלט ער גאָרנישט מיאוס אויסגעזען. איבערהויפּט די אויגן זיינע זענען זייער יונג און פריש, אַ פייער ברענט אין זיי. זי האָט עס נישט איינמאָל געהערט פון ווייבער, אָבער זי האָט געשמייכלט דעריבער. זי האָט עס נישט געזען. איצט האָט זי עס געזען שאַרף, בולט. געוויס קער ער פירן ליבעס, ווער ווייס ווי לאַנג ער נאַרט זי שוין אַזוי! אָ, זיי זענען נישט שטאַרק איבער־קלייבעריש, די ווייבער, און נאָך דערצו ביי אַזאַ מאַן, אַ באַרימטן און רייכן.

וואָס מער זי האָט זיך אַריינגעטראַכט אין דעם, אַלץ מער האָט זי דערזען, ווי איר חשד איז ריכטיק. דער אייגענער מאַן, וואָס האָט קיינמאָל ביי איר אין קאָפּ קיין געדאַנק נישט פאַרנומען, האָט איצט אָנגעהויבן פאַר־כאַפּן אַלע אירע געדאַנקען, דעם גאַנצן קאָפּ. עפּעס האָט ער אויך פּלוצלונג אָנגעהויבן אָננעמען גרויסע געשטאַלטן אין אירע אויגן. וואָס מער זיין גרויסקייט איז געוואקסן, אַלץ נידעריקער איז זי אַליין געוואָרן ביי זיך אין די אייגענע אויגן.

געוויס, וואָס דאַרף ער זי, אַן אַלטע און פאַרוועלקטע, ווען ער קאָן דאָרט ביי זיך אין דער וואוינונג ביי דער פאַבריק האָבן יונגע, פרישע און פריילעכע? נישט אומזיסט קומט ער נישט אַהיים. ער איז דאָרט מיט ווייבער, מיט ווייַן, פריילעך, צעלאָזן. אפשר לאַכן זיי גאָר פון איר, מאַכן פון איר חוזק?...

זי האָט דערפילט אַ שטעכונג אין דער ברוסט. דאָס ערשטע מאָל ווי זי האָט פאַר די לעצטע יאָרן דורכגעלעבט אַ געפיל פון אייפערזוכט, אַליין געפילט זיך געקרענקט צוליב אַ מאַן, געליטן אַליין, נישט פאַר העלדינס פון די ביכלעך. דער ווייטיק איז געווען שטאַרק, שאַרף.

דאָס ערשטע מאָל האָט זי גענומען איבערקלערן, פאַרוואָס דער מאַן קומט נישט אַהיים. פון שלעכטע געדאַנקען איז זי איבערגעגאַנגען צו פּלוצלינג־דיקער טרייהייט. אפשר איז מיט אים עפּעס געשען? זי האָט אַליין געפילט,

אַז זי נאַרט זיך. אַז נישט דאָס איז עס, אָבער זי האָט עס זיך געוואָלט איינ־רעדן. און אין מיטן דער נאַכט האָט זי פּלוצלונג זיך אָנגעטאָן און גענומען קוקן דורך די פענצטער, צי מען זעט אים נישט, צוהערן זיך צו יעדן שאָרך, צו יעדן קלונג פון טויער, צו יעדן טריט אויפן הויף. נאָר עס איז נישט געווען דער, אויף וועמען זי האָט געוואַרט. זי האָט אין מיטן נאַכט גענומען טעלעפאָנירן אין דער פאַבריק אַריין, כדי אָנצופרעגן זיך וועגן הער דירעק־טאָר. אָבער קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן. זי האָט לאַנג זיך צוגעהערט צום קלינגען, וואָס האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין דער פּוסטער פאַבריק, און אַוועקגעלייגט אַן אַנטוישטע דאָס טרייבל.

זי איז אַריין צו דער טאָכטער אין שלאָף־צימער. זי האָט געוואָלט האָבן עמעצן לעבן זיך, זען די טאָכטער אין דער איינזאַמער נאַכט, אָבער די טאָכטער איז נאָך נישט געווען אינדערהיים אין דער שפּעטער שעה. זי האָט זיך געזוכט פריילעכקייט און יום־טוב אין דער נאַסער פאַרוויכערטער שטאָט. דינהלע איז אַריין צוריק אין איר בעט און געלעגן עלנט און וואַך שעהן־לאַנג, ביז די ערשטע קוימענס האָבן גענומען שניידן די פאַרטאָגיקע לופט.

## קאַפּיטל זעכצן

יאָ, עס איז געווען אַ פּרוי, וואָס האָט מאַקס אַשכנזין דערוויטערט פון דער היים, אָפּגעריסן פון דער שטוב, אָבער נישט קיין יינגערע און שענערע, ווי דינהלע האָט זיך געפרואווט פאָרשטעלן אין געדאַנק אין אירע נאַכטיקע שעהן, נאָר אַן עלטערע און מיאוסערע, גאָרנישט קיין אָנציענדע.

נאָך דעם וויסטן דורכפאַל, וואָס מאַקס אַשכנזי האָט געהאַט אין דער פאַבריק זיינער ביים אויסאַרבעטן מיליטערישע שטאָפן, האָט ער זיך געפילט זייער געקרענקט און פאַרביטערט. אָט די רעוואָלוציאָנערן, אָט די אחדות־לייט, האָבן אים אַלע זיינע פּלענער צעשטערט. ער האָט זיך געקליבן פון דער מלחמה צו מאַכן אַ פאַרמעגן. אַלץ איז ביי אים געווען אויסגערעכנט אויף דער האָר. ער האָט שוין די ריזיקע פאַרדינסטן געפילט, ווי ער וואָלט זיי געהאַט אין קעשענע. זיין פּלאַן איז געווען אַ גרויסער. ער האָט געוואָלט אָפּקויפן אַ סך אַקציעס פון זיין פאַבריק מיטאַמאָל, אַריינקריגן די גרעסערע העלפט און ווערן דער באַלעבאָס פון דער פאַבריק, צו וואָס ער האָט פון קינדווייז אָן געצילט. ער האָט שוין מער נישט געקאָנט וואַרטן. אמת, ער האָט טאַקע די פאַבריק געפירט מיט דער שטאַרקער האַנט, אויך האָט ער אַ סך אַקציעס פון דער פאַבריק געהאַט. אָבער די באַלעבאַטים זענען נאָך אַלץ געווען די הונצעס. זיי האָבן געהאַט די גרעסטע צאָל אַקציעס, און ער איז פאָרט נישט מער געווען ווי זייערס אַ מענטש. אמת, אַ זייער וויכ־טיקער מענטש, אָבער פאָרט נאָר אַ מענטש, וואָס צו יעדער צייט קאָנען

זיי אים הייסן גיין און אַן אַנדערן אַוועקזעצן אויף זיין אָרט. אויך האָבן די מענטשן אין פאַבריק אינטריגירט קעגן אים, געשריבן שלעכטע בריוו וועגן אים צו די הונצעס אין אויסלאַנד. ער האָט פאַר זיי נישט מורא געהאַט. ער האָט זיי געהאַט טיף אין דער ערד, אַט די אַלע גלאַט־פאַרקעמטע און פליישיקע דייטשוקעס. ער האָט זיי געהאַלטן פעסט אין די הענט. ווי די הינטלעך זענען זיי געשטאַנען פאַר אים אין קאַבינעט, געדונערט יאַ־וואָהל, הערר האַופּט־דירעקטאָר. זיי האָבן אים געחנפהט, אויסדערציילט שטילער־הייט איינער אויפן צווייטן וועגן די אינטריגעס, וואָס זיי פירן קעגן אים, און געזוכט אים געפעלן צו ווערן, איינצוקויפן זיך ביי אים. אָבער ביי דעם אַלעם, האָט ער פאָרט זיך נישט געפילט דער אַבסאָלוטער באַלעבאָס. די באַלעבאַטים זענען אַלץ נאָך געווען זיי, די הונצעס, וואָס האָבן פאַרבראַכט זייערע יאָרן אין אויסלאַנד.

זיי האָבן, אמת, אַלץ געטאָן, כדי זיי זאָלן אַרויסלאָזן פון די הענט די אַקציעס פון זייער געירשנטער פאַבריק, און מאַקס אַשכנזי זאָל זיי אַריינקריגן אין זיין אייזערנער קאַסע. זיי האָבן געוואָרפן מיט געלט, יעדער פאַר זיך און אַלע צוזאַמען. זיי האָבן פאַרשפּילט אין קאָרטן פאַר־מעגנס, אויסגעהאַלטן אייגענע געיעג־פערד, אַקטריסעס און געליבטע. זיי האָבן אויך אין ווילדע געשעפטן זיך פאַרפלאָנטערט, אַריינגעקראָכן אין שותפות אַריין מיט פאַראָרעמטע און שווינדלערישע אַריסטאָקראַטן, אַריינ־געבראָכט געלט אין פוילע געשעפטן, פון וועלכע מען זעט נישט צוריק קיין שילינג. אויך האָבן זיי אָפּגעדונגען טעאַטערס פאַר זייערע געליבטע, וואָס זענען שלעכטע אַקטריסעס געווען, באַגראָבן גרויסע סומעס אין אַלערליי שלעכ־טע אויפפירונגען, אין רעקוויזיטן, טעאַטער־דירעקטאָרן און שלעק. די גרויסע יערלעכע דיווידענדן פון דער פאַבריק האָבן נישט געקאָנט דעקן די אַלע ריזיקע הוצאות, און זיי האָבן אָפּט פעקלעך אַקציעס, וואָס יעדער פון זיי האָט געהאַט, אַוועקגעשיקט צום דירעקטאָר אַשכנזי און געהייסן זיי לאָזן אין גאַנג.

ער האָט זיך נישט אַריינגעמישט, מאַקס אַשכנזי, אין די באַראָנענס גע־שעפטן. ער האָט זיי באַזאָרגט מיט געלט, וויפל נאָר זיי האָבן אַליין גע־וואָלט. אָבער די אַקציעס זייערע האָט ער נישט געלאָזט אין גאַס, נאָר אַליין זיי געהאַלטן. זיי זענען געוואַקסן ביי אים אין דער אייזערנער קאַסע פון טאָג צו טאָג. ער האָט נישט געהאַלטן, מאַקס אַשכנזי, ווי זיין פאָטער אברהם הערש, וואָס האָט געגעבן עצות דעם אַלטן הונצע. יעדער לעבט ווי ער פאַרשטייט: זיי, די באַראָנען, האָבן ליב עולם־הזה, פרעסן, זויפן, זינדיקן און הולטאַיען, זאָל זיי וואויל באַקומען. עס איז נישט זיין טאַטנס עסק צו זיי. ער דאַרף אין זינען האָבן זיינע געשעפטן, צו מאַכן וואָס מער געלט. ער אַרבעט אויס פאַר זיי יעדעס יאָר גענוג דיווידענדן, אַזויפיל, וואָס מען קאָן דערפאַר פירן אַ קייזערלעך לעבן. אָבער ווען זיי גענוגנט עס נישט, זאָלן זיי טאָן, וואָס זיי ווילן. אַזוי ווי מען בעט זיך אויס, אַזוי שלאָפט מען.

קיין צוויי גליקן מיטאַמאָל זענען אויף דער וועלט נישטאָ. עס איז דאָ יושר. ווער עס וויל עולם־הזה, מוז צאָלן דערפאַר. ווער עס וויל זאָרגן פאַר אַ תכלית, מוז שפּאָרן, אַרבעטן און אָפּזאָגן זיך פון פאַרגעניגנס.

יעדן טאָג אויפסניי האָט ער זיי געציילט, די פּעקלעך אַקציעס, געלייגט זיי איינס אויפן אַנדערן, ווי טרעפּ, וואָס דאַרפן אים פירן צו די העכסטע קוימען־שפּיצן. ווען די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, האָט ער פאַרטראַכט אַ גרויסן פּלאַן. ער האָט זייער אַ גוטן אָפּמאַך מיט דער אינטענדאַנטסטווע געשלאָסן, געגרייט זיך מאַכן אַ פאַרמעגן און מיט איינמאָל דעקן די קאָרט, אויפקויפן אַלע אַקציעס וואָס גייען אַרום אין גאַס, און צום יאָר, אויפן צוזאַמענפאָר פון די אַקציאָנערן, איבערנעמען די פּרעזידענטור. דער פּלאַן איז געווען אַ גוטער, אַ פּינקטלעכער. די אַרבעט איז אַוועק מיט אַ קנאַק, אַ גאַנצן מעת־לעת האָט די פאַבריק געאַרבעט. יעדער קלאַפּ פון אַ שטול האָט אויסגעקלאַפּט אַ מטבע, האָט אויסגעשלאָגן נאָך אַ שריט פאַר מאַקס אַשכנזי, צו ווערן דער קעניג פון לאָדזש. ווי אין טאַש איז שוין אַלץ געלעגן. אָבער דאָס רעדל האָט זיך אַ דריי געטאָן. די רעוואָלוציע, דער רוח זאָל זי נעמען, האָט זיך אַריינגעמישט און אים אַלע פּלענער צעשטערט.

מאַקס אַשכנזי האָט זיך געקאָכט, אויפגעגעסן זיך אַ לעבעדיקן. אָבער קיין ברירה איז נישט געווען. ווי אַ האָגל, וואָס פאַלט אַראָפּ אין מיטן זומער און צעקלאַפּט אַלץ, ווי אַ היישעריק, וואָס פאַלט אָן און פאַרדאַרבט, ווי אַ מגפה אַ ווילדע, האָט זי זיך אָנגעטראָגן, אָט דאָס משוגעת, און אים אַלץ איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ און די פיס אַרויף. וואָכן לאַנג איז די פאַבריק געשטאַנען. אַנשטאָט פאַרדינסט, האָט מען נאָך געהאַט היזקות. די אינטענדאַנטסטווע האָט געפאָדערט שאָדן פאַר די נישט־צוגעשטעלטע סחורות. אַדוואָקאַטן, געריכטן, כאַבאַרן, אַלערליי אַנדערע הוצאות האָבן אויפגעפרעסן די פאַבריק. שונאים האָבן דערלעבט אַ נקמה. די באַראָנען האָבן אַפילו נישט געטראַכט צו קומען פון אויסלאַנד און טאָן עפּעס, בלויז טעלעגראַמעס נאָך געלט האָבן זיי געשיקט.

ווידער האָט מען געדאַרפט אַרבעטן יאָרן, טרייבן, טראַכטן, פון די כוחות זיך אַרויסשלאָגן, ביז מען וועט אויסשפּילן די לעכער. פון דער מלוכה וואָס איז שוין געלעגן כמעט אין דער האַנט, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך. מאַקס אַשכנזי האָט זיך דערצו נישט געקאָנט צוגעוואוינען. די יאָרן שטייען נישט, האָט ער געזען, זיי רוקן זיך גיך און שנעל. און וואָלט ער כאָטש זי נישט געהאַט אין דער האַנט שוין, די פאַבריק, וואָלט אים נישט אַזאַ שאָד געווען. אָבער זי איז שוין געלעגן אין די הענט, נאָר אַרויסגעכאַפּט זיך, ווי אַ פייגעלע פון דער געעפנטער האַנט אַרויס. ניין, מאַקס אַשכנזי האָט נישט געהאַט קיין חשק אָפּצולייגן זיין מלוכה אויף יאָרן. ער האָט זי שוין געוואָלט האָבן אין דער האַנט, פאַרוואָס עס זאָל נישט זיין. אים איז אַ בושה געווען פאַר לאָדזש, אַ חרפה געווען פאַר זיין דורכפאַל, איבערהויפּט פאַרן

אייגענעם ברודער זיינעם, וואָס האָט אים שוין ווידעראַמאָל מיאוס אונטער־געפירט.

לאָדזש האָט איצט ווידער גערעדט וועגן יאַקוב אַשכנזי, נישט וועגן מאַקסן.

ער איז געבוירן געוואָרן אין אַ הייבל, דער ברודער זיינער. וויפל ער האָט נישט מיט זיין זאָרגלאָזיקייט און אומבאַרעכנטקייט אַרויסגעטריבן דאָס גליק פון די הענט, אוצרות דורך די ברייטע שיטערע פינגער דורכגעוואָרפן, אַלץ מער איז דאָס גליק געלאָפן צו אים אומגעריכט צוריק אין די הענט אַריין.

אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט אַ גט. דאָס ווייב זיינס, אַ קרענקלעכע און ביטערע, האָט ביי קיין פאַל נישט געקאָנט מיט אים צוזאַמען זיין. אַלעמאָל האָבן די קרובים אירע זיך אויפסניי אַריינגעלייגט אין שלום, זי אַראָפּגעבראַכט קיין לאָדזש צום מאַן, אַ שטוב איינגעאָרדנט. אָבער ווי נאָר זי איז אָפּגעזעסן עטלעכע וואָכן, איז זי ווידער אַוועק פון לאָדזש קיין וואַרשע און געלעבט באַזונדער. זי איז געווען אייפערזיכטיק אויף אים, אייפערזיכטיק אויף זיינע באַקאַנטע ווייבער, אויף די פריינט, אויף זיין געזונט און פרייד, אויף זיין גוטן אַפּעטיט און שלאָף, אויף זיין גאַנץ לעבן. אויך קיין קינד האָט זי אים נישט געבוירן. און די שולד איז געווען אירע, אַלע דאָקטוירים האָבן עס איר געזאָגט. ער האָט איר נישט קיין פאָרוואורף געמאַכט, נישט אויסגערעדט איר, אָבער ווי נאָר ער האָט געזען אַ קינד אין גאַס אָדער אין שטוב ביי עמעצן, האָט ער עס גלייך גענומען אויף די הענט, געשפּילט זיך דערמיט, געלאַכט און געשטיפט מיט געוואַלדיקער הנאה און געלעכטער. זיין ווייב האָט עס נישט געקאָנט פאַרטראָגן. זי איז געווען אייפערזיכטיק צו די קינדער.

— יאַקוב, — האָט זי אים גערופן מיט דינע בייזע ליפּן, — וואָס האָסטו זיך אַזוי צעקאָכט?

איבערהויפּט האָט איר פאַרדראָסן, ווען ער האָט אַרומגעשטיפט מיט דער קליינער גערטרוד, דינהלעס טעכטערל, כאָטש די ברידער זענען תמיד געווען ברוגז, האָבן די ווייבער אָנגעהאַלטן פריינטשאַפט צווישן זיך. זיי זע־נען, איבעריקנס, נאָך געווען קרובים פון פריער, די אַלטערס מיט די אייזנס האָבן זיך אָנגעקערט. פריווע אַלטער, דינהלע איר טאָכטער, און מער פון אַלע — די קליינע גערטרוד — זענען אָפט געקומען צו יאַקוב אַשכנזי, ווען נאָר זיין ווייב איז ווידער געקומען קיין לאָדזש און גענומען אויפסניי פירן אַ פאַמיליע־לעבן.

אָט די גערטרוד האָט געקלעפּט צום אָנקל יאַקוב. דאָס, וואָס זי האָט נישט געהאַט ביים פאָטער אין שטוב, האָט זי געהאַט ביים פעטער. ער האָט איר געקויפט די שענסטע פּופּן, מתנות און שפּילצייג. ער האָט זי אַרומ־געפירט מיט דער קאַרעטע איבער דער שטאָט, צעלאָזט זיך מיט די פערד אין גאַלאָפּ און אַפילו איר געגעבן די לייצעס צו האַלטן.

אַ בלוי־אויגיקע, אַ שלאַנקע, מיט ברוינע קאַשטאַן־קופּערנע האָר אין לעקעלעך, רינגעלעך און קרייזעלעך, וואָס הערן נישט אויף צו ציטערן און פלאַטערן ביי יעדער באַוועגונג, מיט פולכנע ווייסע הענטעלעך, וואָרעמע און גלאַטע, איז זי אינגאַנצן געווען ענלעך צו איר מוטער, ווען זי פלעגט זיך שפּילן ביי ר׳ אַברהם הערש אַשכנזי אין הויז מיט דעם קליינעם יעקב בונם. יאַקוב האָט אין איר געזען דינהלען, די אַמאָליקע דינהלע, וואָס אַלע אין הויף האָבן זי אים גערעדט פאַר אַ כלה. פּונקט אַזוי האָט זי געלאַכט ווי די מוטער אַמאָל, פּונקט אַזוי האָט זי אַרומגענומען אים זיין האַלדז מיט די וואַרעמע הענטעלעך, ווען ער האָט זי אַרויפגעזעצט אויף זיין רוקן רייטן און אַרומגעקראָכן מיט איר אויף אַלע פיר איבער דעם גרויסן טעפּעך אין שטוב.

— וויאָ, אָנקל יאַקוב! — האָט זי געוואָרפן און געקלאַמערט זיך צו זיין שטאַרקן האַלדז.

די באָרד זיינע, די שוואַרצע און אויסגעצערטלטע, האָט זי אָנגענומען פאַר לייצן. ביידע ווייבער, דינהלע און פּערעלע, האָבן מיט זייער ווייבערישן אינסטינקט דערפילט, אַז סיי ביים מיידל, דער צעפלאַמטער און פאַרשפּילטער, סיי ביים אָנקל אירן, דעם צעוואָקסענעם און קוועלנדיקן, איז דאָ מער עפּעס ווי שפּיל צווישן אָנקל און ברודערן־טאָכטער. זי איז שוין געווען אַ דרייצן־יעריק מיידל, ווען זי האָט מיטן פּעטער יאַקוב קינדעריש אַרומגעשטיפּט. אויך פלעגט זי אים שטאַרק קושן און רופן ליידנשאַפטלעך:

— אָנקל, איך האָב דיך אַזוי ליב!

ביי יעדער געלעגנהייט האָט זי זיך אים אויך אַרויפגעזעצט אויף די קני און אַרומגענומען אים מיט די הענט. דער אָנקל האָט זי געקושט מיט פּעטע רוישיקע קושן.

דינהלע האָט געזען, אַז אין דער טאָכטער קושט יאַקוב זי אַליין, אַז אין זיין ליבע צום מיידל ליבט ער זי, נישט ווי זי איז איצט, נאָר ווי זי איז געווען אַמאָל, אין איר טאָכטערס עלטער. דאָס האָט איר פאַרגעניגן פאַרשאַפט, אָבער גלייכצייטיק געשמערצט, ווי געטאָן.

— גערטרוד, מעגסט זיך שעמען, — האָט זי געזאָגט. — איך אין דיינע יאָרן בין שוין אַ כלה געווען און דו שפּילסט זיך ווי אַ קינד.

יאַקוב, גענוג שוין, — האָט זיין ווייב געזאָגט אַ ביטערע. — איך קאָן נישט מער דעם טומל פאַרטראָגן.

און אַז זיי זענען געבליבן אַליין, האָט זי ערשט גענומען אים מאַכן סצענעס צוליב דער קליינער.

— וואָס דו טוסט אונטער מיינע אויגן, אַרט מיך נישט, — האָט זי געזאָגט מיט גאַל, — אָבער אין די אויגן פיר זיך ווי אַ מאַן...

יאַקוב האָט זי נישט פאַרשטאַנען.

— מיט אַ קינד שפּילן זיך טאָר איך שוין נישט. מיט אַן אייגענער נעפּעַ...

— מיר קענען שוין די נעפּעס, — האָט פערעלע געענטפערט מיט צאָרן און אַוועקגעוואָרפן זיך אין בעט אַריין אין אָנטאָן.

זי האָט נישט געקאָנט זען, ווי ער לאַכט, ווי דאָס געזונט שפּראָצט אים פון אַלע גלידער.

— ווי אַזוי קאָן דאָס אַ מענטש זיין אַזוי אומפאַרשעמט געזונט? — האָט זי אים געגעסן.

ווי אַלעמאָל, האָט זי אינגיכן פאַרלאָזט דעם מאַן און צוריק אַוועק קיין וואַרשע צו בלייבן אַליין מיט איר ווייטיק און אייפערזוכט.

נאָך יאָרן אַזאַ לעבן, האָבן זיי זיך געגט. מאַקס האָט דערלעבט אַ נקמה. פון דעם גאַנצן פאַרמעגן, וואָס יאַקוב האָט געדאַרפט ירשענען נאָך די אייזנס, איז ער אַרויס ריין. אַ טייך האָט זיך דערפון אויסגעלאָזט. מאַקס האָט געוואוסט, אַז דער ברודער זיינער האָט נישט בלויז איינמאָל אַ גרעסערן נדן גענומען פון אים, אַ פילפאַך גרעסערן, נאָר אַז אַלע יאָר האָט ער ביים ווייב פרישע נדנס גענומען. יעדעס מאָל, וואָס די געשעפטן זענען ביי אים שלעכט אַוועק, ווען ער האָט אַ סך געלט צעפּטרט, האָט אים דאָס ווייב זיינס נייע געלטער אַריינגעטראָגן, אַ נייעם נדן. מאַקסן האָט עס געקרענקט יעדעס מאָל אויפסניי. איצט, איז ער געווען זיכער, האָט זיך דער קוואַל אויסגעלאָזט. די זיבע פעטע יאָרן זענען אַוועק און די מאָגערע זענען אָנגעקומען. אויס נדנס. אינגיכן וועט ער טאַקע בלייבן מיטן בייטשל פון דער קאַרעטע זיינער. לויט דעם צעלאָזענעם לעבן, וואָס ער פירט.

אָבער ווי אַלעמאָל, איז דאָס-גליק צו דעם צעלאָזענעם יונג געלאָפן אַליין אין די הענט אַריין און אויסגעשטעלט מאַקסן אַ פייג.

אַליין מאַקסימיליאַן פלידערבוימס טאָכטער יאַנקע, די גרושה, וואָס האָט זיך שוין מיטן דריטן מאַן געגט, האָט זיך פאַרליבט אין יאַקובן און אַרומגעפלויגן מיט אים אין אירע קאַרעטעס פראַנק און פריי איבער לאָדזשער גאַסן.

לאָדזש האָט געקאָכט. מען האָט געוואוסט, אַז עס וועט נישט לאַנג אָנ־האַלטן די ליבע. מען האָט זי געקענט אין שטאָט, די משוגענע פאַברי־קאַנטישע טאָכטער, וואָס אַלעמאָל פאַרליבט זי זיך אין אַן אַנדער מאַן, פאַר־ליבט זיך שטאַרק, שטערבלעך, נאָר ווי גיך זי פאַרקאָכט זיך, אַזוי גיך קילט זי זיך אָפּ. זי האָט שוין טאַקע דריי מענער געהאַט און אָפּגעגט, אַ חוץ זייטיקע ראָמאַנען, וואָס זי האָט געפירט. דערצו איז דער אויסוואַל אויך געווען אַן אויסטערלישער. כאָטש זי האָט זיך נישט געשמדט נאָך, ווי אירע שוועסטער, איז זי געווען אַ שטיק גויע, אַ פאַררי‌סענע אַריסטאָ־קראַטקע, און איר ליבע מיט יאַקובן, וואָס מען האָט אים נאָך געדענקט ווי ער פלעגט טראָגן אַ לאַנגע קאַפּאָטע, האָט זייער מאָדנע אויסגעזען.

— ס׳וועט דויערן פון אסתר־תענית ביז פּורים, — האָט לאָדזש גע־זאָגט. — איינס פון דער משוגענער יאַנקעס פאַנטאַזיעס...

אָבער דערווייל איז זי אַרומגעפאָרן מיט איר נייעם האָרץ־פריינד מיט גרויס קוראַזש איבער דער שטאָט. יאַקוב האָט געטריבן די פערד אין גאַ־לאָפּ און די מיליאָנערישע טאָכטער האָט זיך געטוליעט צו אים מיט גרויס ליבע און אַפילו אים געקושט אין גאַס פראַנק און פריי פאַר אַלעמען, ווי נאָר די משוגענע האָט געקאָנט. לאָדזש האָט געקאָכט. מען האָט גערעדט וועגן דעם אין שטובן, אין די קאַפעען, אין די געשעפטן און פאַבריקן, אַפילו די נייטאָרינס ביי די מאַשינען האָבן דערפון גערעדט. מען האָט געזאָגט, אַז זיי וועלן חתונה האָבן אין גיכן. און אויך צום דירעקטאָר מאַקס אַשכנזי אין זיין פאַבריק־קאַבינעט האָבן עס סוחרים דערטראָגן.

— ער ברענט אַ וועלט, הער דירעקטאָר, — האָט מען אים אָפּגעגעבן גרוסן. — ער איז אַריין אין די גרויסע פעדערן, אייער ברודער, הער דירעקטאָר.

מאַקס אַשכנזי האָט עס נישט געקאָנט הערן.

— קיין אינטערעס דאַפיר, מיין הער, — האָט ער אָפּגעשניטן. — רעדן וויר צור זאַכע.

אָבער ער האָט שוין גאָר געהאַט אינטערעס דערפאַר, מאַקס אַשכנזי. אים איז נישט באַקומען דער ביסן אין מויל, דער שלאָף איז אים אַוועק פון די אויגן, דאָס לעבן איז אים נישט איינגעגאַנגען. ער האָט נאָך נישט געוואוסט גענוי, צי עס וועט טאַקע קומען צו אַ שידוך צווישן פלידערבוימס טאָכטער און זיין ברודער. ער האָט עס נישט געוואָלט דערלאָזן צום גע־דאַנק. אָבער דערווייל, ביז וואָס ווען, האָט זי, די געליבטע זיינע, געמאַכט אים פאַר דירעקטאָר פון דער פאַבריק, און ער האָט זיך אַפילו אַריינגע־קליבן אין פּאַלאַץ אַריין. דער אַלטער פלידערבוים איז געווען קראַנק, פּאַראַליזירט. אַן אַרבעטער, וואָס מען האָט אים אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט, האָט זיך געוואָרפן אויף אים מיט אַ מעסער און אים אין קאָפּ גע־שטאָכן. מען האָט אים אָפּגעראַטעוועט, אָבער פון דעמאָלט אָן איז ער געבליבן פּאַראַליזירט אויף אַ האַלבער זייט און מער נישט געקאָנט אַרבעטן. אַ דינער האָט אים אַרומגעפירט אויף אַ שטול מיט רעדלעך איבערן הויף פון פּאַלאַץ.

זיין גאַנץ פאַרמעגן איז געבליבן ביי די קינדער, אָבער זיי האָבן נישט געוואוסט וואָס צו טאָן דערמיט. די טעכטער, די משומדתטעס האָבן געלעבט אין וואַרשע מיט זייערע מאַנען די משומדים און נישט געוואָלט קומען קיין לאָדזש, אין דער שטאָט פון מסחר און יידישקייט, פון וועלכער זיי זענען אַנטלאָפן. עס איז זיי נישט אָנגעשטאַנען. די זין זענען געווען צעדרייטע און אָריגינאַלן. זיי האָבן געהאַט צו טאָן מיט פאַנטאַזיעס, אַבערגלויבנס, פאַרנומען זיך מיט אַרויסרופן גייסטער, און געדרייט זיך אַרום גלחים און קלויסטערס. אַפילו אין קירכע פלעגן זיי גיין, כאָטש זיי זענען נישט גע־

ווען נאָך געשמדט. די איינציקע, וואָס האָט געהאַט אַ קאָפּ אויף זיך, דעם פּאַטערס ליבלינג געווען, איז געווען יאַנקאַ די גרושה. אָבער זי איז געווען תמיד פאַרקאָכט אין אירע ליבעס, אין וועלכע זי האָט זיך אַריינ־געוואָרפן אַלעמאָל אויפסניי מיט גרויס ברען. זי האָט קיין צייט נישט געהאַט צו געשעפטן. אויך איז נישט געווען אין שטייגער, אַז פרויען זאָלן פירן מסחרים. און זי האָט די גאַנצע פאַבריק איבערגעגעבן צו יאַקוב אַשכנזי, וואָס זי האָט זיך פאַרקאָכט אין אים, צו להכעיס אַלע אירע ברידער און באַקאַנטע, וואָס האָבן אין אים צופיל ייד געזען. זי האָט זיך געהאַט איר פאַנטאַזיע, יאַנקאַ, זי האָט אַלעמאָל ליב געהאַט טאָן משוגענע זאַכן, פון וועלכע מען זאָל רעדן, בייזערן זיך און ברוגזן. איבעריקנס, האָט זי אים געוואָלט האָבן נאָענט לעבן זיך, אין דער דירעקטאָרישער וואוינונג ביים פּאַלאַץ, וואָס איז ביי דער פאַבריק. די גענעראַל־פּאַרטרעטונג איז איצט געפירט געוואָרן דורך די אָנגעשטעלטע, און יאַקוב אַליין איז גע־זעסן ברייט אין דירעקטאָרישן קאַבינעט פון פילדערבוימס פאַבריק און אינזשעניערן, דירעקטאָרן, כעמיקער, בוכהאַלטערס און דינער זענען גע־שטאַנען פאַר אים אויף די שפּיץ פינגער.

מאַקס אַשכנזין איז דאָס בלוט אין די אָדערן גערונען געוואָרן.

שוין דאָס וויפלטע מאָל ווי דער טויגעניכטס, דער פּוילאַק, דער גראָ־בער קאָפּ, דער הולטאַי שבהולטאַיעס, דער יינגערער ברודער זיינער, האָט אים אַזוי מיאוס אָנגעפּיפּן. און פאַרוואָס קומט דאָס אים? פאַר וועלכע מעשים־טובים? אַז אַ קאָפּ האָט ער געהאַט אַלעמאָל אַ פּויערישן, נישט צו תורה, נישט צו סחורה. שוין־זשע בלויז דערפאַר, וואָס ער איז אַ גרויסער, אַ געזונטער, אַ שטיק פלייש, אַן עולם־הזהניק? מאַקס האָט עס נישט געקאָנט באַנעמען מיטן שכל. עפּעס אַ כישוף איז געשען. ער, מאַקס טוט, אַרבעט, לייגט צו קאָפּ, יאָגט, ווערט אויסגעריסן, ווייסט נישט פון קיין לעבן אויף דער וועלט. און יענער, דער גאַרנישט, דער פּוסט־און־פּאַסטניק, קומט אַלעמאָל צום גרייטן, אַזוי בחור־ווייז, ווען ער איז אַריין אין שמאַלץ־גרוב, אַזוי שפּעטער, און אַזוי איצט. אַ קלייניקייט, מיט אַמאָל אין פילדערבוימס פּאַלאַץ אַריין! דירעקטאָר פון דער פאַבריק, געליבטער פון דער שיינער יונגער יאַנקאַ. אויף דער גאַס, זאָגט מען, קושט זי אים, פליען אין קאַרעטן אַרום, מאַכן בעלער, הוליאַנקעס. מען רעדט, אַז זיי וועלן חתונה האָבן, אַז אַלץ וועט אַריבערגיין אין זיינע הענט. גאַנץ לאָדזש רעדט וועגן אים איצט, ביי אַלעמען איז ער אויף די ליפּן. ווער ווייסט, וואָס דער יונג וועט נאָך אָפּטאָן! ער איז דער פירער פון דער פאַבריק, דער איינציקער אין פּאַלאַץ צווישן אַלע משוגעים, וואָס ווייסט אין מסחר. ער וועט נאָך ווערן דער קעניג פון לאָדזש.

מאַקסן איז אַ שרעק באַפאַלן. ביי זיין גאַנצער דייטשישקייט, האָט ער געגלויבט איצט אין גורל, וואָס מען קאָן נישט אויסמיידן, איז ער געשטאַ־נען אומבאַהאָלפן, ווי פאַר אַ מזל, וואָס איז ערגעץ אָנגעשריבן מיט אַ גרוי־

סער אומזעבאַרער האַנט, און גאַרנישט איז צו טאָן קעגן דעם, ווייל וואָס באַשערט, איז אָנגעצייכנט, אָנגעחתמעט אויף אייביק.

ער האָט דערפילט די אומגערעכטיקייט פון גורל, די שרעקלעכע אומגערעכטיקייט אויף דער וועלט. ווען דאָס אַלץ פאַלט אַזוי אַריין צו אים איצט אין די הענט. אָ, ער וואָלט שוין דאָרט געמאַכט אָן אָרדענונג אין דער פאַבריק ביי די פלידערבוימס! ווי אַ פיש אין וואַסער וואָלט ער דאָרט געשוואומען, די הענט פונאַנדערגענומען און געוויזן, וואָס ער קען. איינס און צוויי וואָלטן זיי ביי אים אַרויסגעפלויגן אָט די אַלע טויגעניכטסן און משוגעים, וואָס זענען געבליבן אין פּאַלאַץ. ער וואָלט זיי פונאַנדערגעשיקט קיין אויסלאַנד, צו אַלדי־רוחות, און זאָלן זיי דאָרט זיצן און פאַרנעמען זיך מיט זייערע נאַרישקייטן, מיט זייערע גייסטער און אידיאָטיזמען. ווי אַ מטבע וואָלט ער אַלץ אין די הענט אַריינגענומען.

אָבער וואָס קומט דערויס, אַז אַריין אין דעם פּאַלאַץ איז גאָר ער, דער טויגעניכטס, דער שלאַק. און ער, מאַקס, מוז זיצן ביי די הונצעס און זיין אָנגעוויזן אויפן חסד פון די באַראָנען, די הולטאַיעס, אויסשטיין די בייזע בליקן און רכילותן פון די דייטשוקעס, אָט די אַלע גלאַטע און צוגעקעמטע אינזשעניערן, וויצע־דירעקטאָרן, שלעק און אומגליקן, וואָס די פאַבריק איז מיט זיי פול און וואָס זיי ברענגען אים די טריט זיינע, ווילן אים אין אַ לעפל וואַסער דערטרינקען.

ניין, דאָס איז שוין געווען צופיל. אַזוי לאַנג טראָגט מען דאָס קריגל ביז דאָס אויער רייסט זיך אָפּ. ער קאָן נישט וואַרטן מער. ער וועט נאָך לאָדזש ווייזן, ווער עלטער איז. ער וועט נאָך אים ווייזן, דעם יאַקובן, דעם גאָרנישט, דעם גראָבן קאָפּ, ווער עס איז מאַקס. אמת, דערווייל האָט זיך אים זיין גרויסער פּלאַן אַרויסגעגליטשט פון די הענט. די רעוואָלוציע, דער רוח זאָל זי נעמען, האָט אים אַלץ איבערגעקערט. אָבער נישקשה, מאַקס אַשכנזי איז נאָך נישט געפּגרט. ער וועט קריגן וואָס גיכער אַ גרויסע סומע, גאָר אַ גרויסע, און אויפקויפן אַ גרויסע צאָל אַקציעס פון די הונצעס, אַזוי, אַז ער זאָל ווערן דער באַלעבאָס.

קריגן די געלטער וועט ער נישט דורך שותפים. ניין, ער האָט נישט בדעה אַריינצוציען שותפים צו זיך. קריגן דאָס געלט וועט ער אַליין, ווי זיין ברודער האָט עס דערגרייכט.

זאָל ער נישט מיינען, דער יאַקוב, אַז נאָר ער איז ווערט געלט. נישקשה, מאַקס איז נאָך נישט קיין פאַרפוילט עפּעלע. אמת, ער האָט זיך איינמאָל אָפּגענאַרט, שוין דעמאָלט, ווען ער איז געוואָרן חיים אַלטערס איידעם און גענומען עטלעכע פאַרדריפּעטע טויזנט רובל נדן, אין דער צייט ווען יעקב בונעם האָט גענומען אַ פאַרמעגן. דאָס האָט אים טאַקע אַ גאַנץ לעבן געשטערט, מיט די עטלעכע טויזנט רובל האָט ער געמוזט גיין זיין שווערן וועג און דערפירן זיי מיט מי און אַרבעט צו דעם איצטיקן פאַרמעגן זיינעם. אָבער איצט וועט ער זיך נישט לאָזן נאַרן מער. ער וועט אָפּשאַצן

זיין ווערט, דעם ווערט פון דירעקטאָר מאַקס אַשכנזי, וואָס האָט ליגן נאָך דערצו אַ היפש ביסל פעקלעך אַקציעס אין זיין אייזערנער קאַסע. און אַ בעלן איז אויך דאָ.

נישט איינמאָל, אין וועג, ווער ער איז געפאָרן, איז אים אויסגעקומען צו פירן מסחרים מיט איינער אַ פרוי, נישט קיין איבעריק יונגע שוין, אָבער אַ רייכע, אַ מיליאָנערין, און נאָך אַן אלמנה אָן קינדער דערצו. אין כאַרקאָוו וואוינט זי, די אלמנה נאָכן צוקער־פאַבריקאַנט מרגליות, איינע אַליין אין אַ הויז, און אָנגעשטאָפּט מיט געלט איז זי, אַ מיליאָנערין אַן אמתע. כאָטש אַ גרויסע, אַ צעוואקסענע, מיט אַ געזעצטן שכל און זייער אַ האַרטע, אַן אמתער מאַנצביל, וואָס אַלע אירע מענטשן אין אירע צוקער־פאַבריקן ציטערן פאַר איר, ווייזט זי אים תמיד אַרויס ליבשאַפט, ווען נאָר ער קומט צו איר אין שטוב צוליב מסחר, און זי גיט אים אָנצוהערענישן, אַז מיט אַזאַ מאַן ווי ער וואָלט זי נאָך חתונה געהאַט און אים דאָס גאַנצע פאַרמעגן אָפּגעגעבן.

ער האָט עס קיינמאָל ערנסט נישט גענומען און בלויז געשמייכלט אויף דער פרויס אָנצוהערענישן. אָבער איצט זענען אים אירע רייד טיף אין קאָפּ אַריינגעקראָכן. מיט איר פאַרמעגן וואָלט ער גלייך געקאָנט דערגרייכן צום ציל, איינמאָל פאַר אַלעמאָל ווערן דער באַלעבאָס פון דער הונצע פאַבריק, דער קעניג פון דער מאַנופאַקטור.

אין דער ערשטער רגע, אַז דער געדאַנק איז אים געקומען אין קאָפּ אַריין, האָט ער אים אויסגעזען ווילד, אוממעגלעך. אָבער וואָס מער ער האָט זיך אין דעם אַריינגעטראַכט, אַלץ מער איז ער געוואָרן היימיש און אייגן. סיי־ווי־סיי האָט ער אַ גאַנץ לעבן אָפּגעלעבט נישט גליקלעך. קיינמאָל ביי דער דינהלע קיין גוט וואָרט נישט געהערט, קיין ברעקעלע אָנערקענונג און דרך־ארץ נישט געזען. אַלע האָבן אים באַוואונדערט, נאָר נישט זי. אַז אָך און וויי איז צו אַזאַ לעבן, ווי ער האָט דורכגעלעבט. און די קינדער זענען אויך נישט קיין קינדער. דאָס האָט זי, דאָס ווייב זײַנס, אַזוי זיי דערצויגן, איינגעפלאַנצט פרעמדשאַפט און שנאה צו אים. דער זון איז אַ גאַרנישט, אַ פוילאַק, אַ ליידיקגייער, אַ פאַרשטאָפּטער קאָפּ. גאַרנישט צו אים אַליין ענלעך, אינגאַנצן חיים אַלטערס קאָפּ, אַ ליימענער מוח. די טאָכטער איז אַן אַרומלויף, וויל קיין רגע אינדערהיים נישט איינזיצן, עס טראָגט זי. וואָס האָט ער אין זיין לעבן?

אמת, אַז ער איז שוין היפש אין די יאָרן, מענטשן וועלן קוקן קרום דערויף. אָבער וואָס אינטערעסירן אים די מענטשן, צו אַלדי רוחות? יעדער דאַרף זיך טאָן ווי פאַר זיך עס איז גוט, און די מענטשן הערן ווי דעם מיסט אויף דער גאַס. זאָל ער נאָר ווערן דער באַלעבאָס פון דער פאַבריק, דער קעניג פון לאָדזש, וועלן אַלע פאַר אים אויף די פיס פאַלן, ווי די הינטלעך אויף די לאַפּקעס שטיין. און זי, דינהלע, ער וועט זי באַזאָרגן, אַ סך מער איר אַרויסגעבן וויפל זי האָט אים נדן אַריינגעבראַכט. ער וועט איר

אויסצאָלן אַן איינמאָליקע סומע אָדער אַ געהאַלט, אויך די קינדער וועט ער באַזאָרגן. דעם בחור צאָלן אַזוי לאַנג ווי ער וועט שטודירן, און די טאָכ־טער וועט ער חתונה מאַכן און אַראָפּ פון קאָפּ. זיי זענען נישט מער קיין קליינע קינדער. זיי דאַרפן זיך זייער שטעטל באַשטיין. אויך אים האָט מען אין זייערע יאָרן נישט געפּיעשטשעט. אַליין האָט ער שוין זיין לעבן גע־פירט.

נייִן, נישט לייכט איז עס אים אָנגעקומען אָפּצומאַכן ביי זיך וועגן דעם ווייב זיינעם. ער האָט נישט געוואָגט, נישט געוואוסט ווי אַזוי אָנ־צוהייבן, ווי אַזוי דערפירן צו אַ גט. וואָלט זי כאָטש עפּעס שלעכטס געטאָן, וואָלט דאָס אים לייכטער געווען. אָבער זי איז שטיל און שטוביק ווי תמיד. פאַרקערט, זי ווייזט אים גאָר לעצטנס אַרויס ליבשאַפט, וואָס קיינמאָל ביז איצט האָט זי עס נישט אַרויסגעוויזן. און הלמאי זאָל מען זאָגן, אינגאַנצן אָן ליבשאַפט צו איר איז ער נאָך אויך איצט נישט.

באַלד אָבער האָט ער אָפּגעוואָרפן פון זיך יעדע שוואַכקייט. ער האָט איבערגעקוקט זיין לעבן, דורכגעוואָרפן עס פאַר די אויגן פון ערשטן טאָג אָן, וואָס ער איז אין חיים אַלטערס הויז אַריין ביז איצט, גיך איבערגע־רעכנט, אַ באַלאַנס געמאַכט, אַז דאָס איז געווען אַ פויל געשעפט. ער האָט קיינמאָל קיין גליק נישט געהאַט אין זיין פאַמיליע־לעבן. ווי אַ פרעמדער איז ער געווען אין שטוב. ווי אַ בעטלער האָט ער אויסגעבעטלט זיין גליק ביי איר, אָדער מיט געוואַלט גענומען. איצט, ווען ער איז שוין עלטער, אין די יאָרן, ווערט זי צו אים גוט, ווייך, רופט אים ביים נייעם נאָמען, לאַש־טשעט זיך צו אים און רעדט וועגן תכלית־זאַכן, וועגן נעמען פירן אַ שטוב מיט מענטשן גלייך, איינלאַדן געסט. אָבער איצט איז ער עס איר מוחל. איצט איז ער אויפן פערדל. ביים גלייכן עלטער איז ער דער מאַן, וואָס ביי די פערציקער איז ער ערשט אין די בעסטע יאָרן, ווען זי, אַ פרוי, הויבט שוין אָן גיין אַראָפּ. נייִן, זי האָט עס נישט פאַרדינט ביי אים, ער זאָל מיט איר אָפּפּטרן איצט אַ לעבן. ער וואָלט עס נאָך פאַרשטאַנען, ווען זי וואָלט ביז איצט אים געגעבן גליק. דעמאָלט איז אַ פליכט. ווי אין יע־דער אַנדער געשעפט, מוז אויך אין פאַמיליע־לעבן זיין ראַיעלע באַהאַנד־לונג פון ביידע זייטן. אָבער אָפּנאַרעריי, איינהאַנדלען אים פאַרלעגענע סחורה פאַר יאָרן פון דערנידערונג, — אָ, נייִן, נישט ביי מאַקס אַשכּנזי! ער איז נישט פון די, וואָס מען נאַרט אים אָפּ. ער קען זיך אויף זאַכן.

ער האָט אויף זיך אַליין רחמנות געקריגן, מיטגעפיל פאַר דעם באַ־עוולהטן און געקריוודעטן. גענוג געלאָזט זיך פירן ביי דער נאָז. אויב איר איז נישט אָנגעשטאַנען די גאַנצע צייט איר מאַן, דעם אַמאָליקן ישיבה־בחור, שטייט אים איצט נישט אָן די יידענע דינהלע אַלטער. די שענסטע פרויען קאָן ער האָבן, די רייכסטע, לאָדזש ליגט ביי אים אין די הענט. ער וועט זיך אין קיין הולטייסטווע נישט אַריינלאָזן. ער וועט נישט גיין אויף דעם ברודערס וועגן, יאָגן זיך נאָך פרויען און אויסגעלאַסנקייט. דאָס

איז אַן עסק פאַר פוסטע קעפּ, פאַר טויגעניכטסן, וואָס ענדיקן אַלעמאָל שלעכט, וואָס צאָלן שפּעטער אָפּ טייער פאַר זייערע תאוות. ער וועט גיין אויף אַ וועג אַ סאָלידן, אַ גלייכן. ער וועט נעמען אַ פרוי, וואָס וועט אים שעצן, אַ פרוי אַ געזעצטן מענטש, וואָס האָט נישט שטעקן דעם קאָפּ אין נאַרישע ביכלעך, נאָר וואָס פאַרשטייט געשעפט און איז רייך, אַ מי־ליאָנערין. ער וועט דער קעניג פון לאָדזש ווערן, דערגרייכן דערצו, וואָס ער שטרעבט פון יינגלווייז אָן.

און ווי תמיד, ווען ער האָט עפּעס פאַרטראַכט, האָט ער נישט גערוט מער קיין ווײַלע און געטאָן אַלץ, דורכצופירן זיינס. קודם־כל האָט ער גענומען נישט אַהיימקומען, נאָר נעכטיקן אין דער בחורישער וואוינונג ביי דער פאַבריק. דאָס, האָט ער געוואוסט, איז אַ גוטער אָנהויב. עס איז גלייכער דאָס ווייב נישט צו זען, נישט צונויפקומען זיך מיט איר. ווייל אַ מענטש ווערט שוואַך לעבן אַ פרוי, נאַריש, און טוט אָפּ אָנשכלדיקע זאַכן. ווען מען איז פון דערווייטנס, אַרבעט דער קאָפּ בעסער, קלאָרער.

— פורכטבאַר בעשעפטיקט! — האָט ער געענטפערט דורכן טעלעפאָן, ווען דינהלע האָט גענומען איצט צו אים קלינגען אין פאַבריק אַריין.

איר קלינגען און זיין אָפּזאָגן האָט אים אַ געוואַלטיקע הנאה פאַר־שאַפט. ער האָט זיך נוקם געווען פאַר דער גאַנצער צייט. זיס איז נקמה, גוט, אומגעהויער גוט.

באַלד דערנאָך האָט ער גענומען מאַכן איצט אָפטע רייזעס קיין כאַר־קאָוו און געגרייט דעם באָדן ביי דער רייכער אלמנה.

ער האָט שוין געוואָלט באַצייטנס קריגן ביי איר אירע מיליאָנען, כדי גלייך אויסקויפן די אַקציעס פון דער הונצע־מאַנופאַקטור און גרייטן דאָס שותפותדיקע גליק פאַר זיך און פאַר איר, דער נייער לעבנס־שותפטע. אָבער די כאַרקאָווער מיליאָנערין האָט זיך נישט געאיילט צו עפענען איר שווערע אייזערנע קאַסע.

האַרט, סוחריש, ווי אַ מאַנצביל אַ תקיף, האָט די אלמנה מיט אים גע־רעדט, אָנגערופן אָפן די זאַך ביים נאָמען, צוגעגאַנגען געשעפטלעך צום עסק. זי שעצט אים זייער, מאַקס אַשכנזי, זי ווייסט זיין ווערט, זיינע גרויסע פעאיקייטן. עס וועט זיין פאַר איר אַ גליק און אַ כבוד צו זיין זיין ווייב, זיין לעבנס־באַגלייטערין. וואָרעם כאָטש זי איז אַ סוחרטע, כאָטש זי פירט אַליין אירע צוקער־פאַבריקן, האַנדלט גרויס מיט פריצים און האַלט די מענטשן אירע אין דער צוים, לאָזט זיך פון זיי נישט אָפּנאַרן, איז זי פונדעסטוועגן מיד פון איינזאַמען אלמנהשן לעבן. זי וויל האָבן אַ שטוב, אַ הויז, ווי אַלע מענטשן. מיט איר פאַרמעגן וואָלט זי געקאָנט קריגן מענער. שדכנים רייסן איר די טירן אָפּ. אָבער זי זוכט אַ מאַן אַ סאָלידן, אַ גרויסן סוחר, אַ בכבודיקן מענטש, וועמען זי זאָל קאָנען אָנ־טרויען איר פאַרמעגן און לעבן. ער, אַשכנזי, געפעלט איר. זי גלויבט אין אים, אין זיין קאָפּ, אין זיין שכל.ביידע צוזאַמען וועלן זיי נאָך קאָנען

גרויסע זאַכן אויפטאָן. אויך געפעלט איר זיין גערדאַנק וועגן אויסקויפן די אַקציעס פון דער פאַבריק און ווערן אַליין די באַלעבאַטים. זי איז גרייט אַלע אירע געשעפטן ליקווידירן, מאַכן אַלץ צו געלט, אַ סך געלט, און לאָזן עס אויף די אַקציעס. אָבער זאָל ער זיך פריער גטן מיט זײַן פרוי, זיין פריי, און זי וועט מיט אים גלייך חתונה האָבן, אַריינטראָגן איר פאַרמעגן און אַריבער מיט אים קיין לאָדזש.

— קיין איין גראָשן פריער וועל איך נישט אַריינלייגן, ווי לאַנג איר וועט נישט זיין פריי, ווי איך בין, מיין ליבער אַשכנזי! — האָט זי אים געזאָגט פעסט.

מאַקס אַשכנזי האָט עס נישט געקאָנט הערן.

— איר האָט צו מיר נישט קיין צוטרוי, מיין ליבע פרוי מרגליות? — האָט ער זיך באַליידיקט און אויסגעטרונקען האַסטיק דאָס לעצטע ביסל טיי פון גלאָז.

די גרויסע, פעסט־געבויטע דאַמע, וואָס רעדט האַרט, אָפּגעהאַקט און מיט אַ מאַנצבילישער שטים, האָט אָנגעגאָסן פאַר אַשכנזין אַ פריש גלאָז טיי פון זילבערנעם סאַמאָוואַר, זי האָט אים אַוועקגעשטעלט אַ פול טעלערל איינגעמאַכטס און מיט דער גרעסטער זיסקייט, וואָס נאָר זי האָט געקאָנט אַרויסקריגן אויף איר האַרט מענלעך סוחריש פּנים, האָט זי אים באַרו־איקט זיין אויפרעגונג.

— איך אַכטע אייך זייער, מיין ליבער אַשכנזי. איר האָט עס געזען, אָבער איר ווייסט דאָך, אַז אַ זאַך מוז דורכגעפירט ווערן סוחריש, באַטראַכט און באַוואָרנט. סוחרישאַפט איז קיין ברודערשאַפט. — מיר זענען ביידע קיין קינדער נישט, מען קאָן וואַרטן. פירט דורך צווערשט דעם גט!

— איך וועל עס דורכפירן, — האָט אַשכנזי געזאָגט און אויפגעהויבן זיך אויף די שפּיץ פינגער, ווי שטענדיק, ווען ער דאַרף באַשליסן אַ גרויסע זאַך און ער דאַרף זיך צוגעבן וואָג, וויכטיקייט.

אַהיימקומענדיק, איז ער מער נישט פאַרפאָרן אין הויז, נאָר גלייך צו דער פאַבריק אין זיין בחורישער וואוינונג. אין זעלבן אָוונט, ווען ער האָט שוין אַלע געשעפטן געהאַט באַזאָרגט, האָט ער אַרויסגערופן צו זיך דעם פאַבריק־אַדוואָקאַט און דורכגערעדט זיך מיט אים וועגן אַ פאַמיליע־זאַך, וועגן אַרויסקריגן אַ גט ביי זיין ווייב דינה, פון הויז אַלטער.

— האָט דער פאָטער אירער געמאַכט אַן אַקט־אינטערציזי? — האָט דער אַדוואָקאַט געפרעגט.

— צום גליק נישט, — האָט אַשכנזי געענטפערט.

— דאָס איז גוט, — האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט און דורכגערעדט מיט אַשכנזין די זאַך פון אַלע זייטן.

באַלד דערנאָך האָט מאַקס אַשכנזי אָנגעשריבן אַ בריוו צו זיין ווייב, אַ בריוו אַ געשעפטלעכן און טרוקענעם, אין לאַנגע דייטשע זאַצן, אַז צוליב דעם, וואָס די עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוזאַמענלעבן איז געווען נישט

קיין געראַטנס, און אַז סיי זי, סיי ער קאָנען זיך פונאַנדערגיין ווי פריינט, דעריבער בעט ער, אין גיכסטן טערמין, אים צו לאָזן וויסן, ווי אַזוי די זאַך קאָן צושטאַנד קומען, באַטראַכט און געשעפטלעך, אַזוי וועגן איר אייגענער פאַרזיכערונג, אַזוי אויך וועגן די קינדערס. ווי אַ סאָלידער געשעפטסמאַן האָט ער צוגעגעבן, אַז ער גלויבט אין דער פאַרנונפטיקייט און גוטן ווילן פון דעם צד, וואָס וועט די פיינלעכע אָבער נויטיקע שיידונג דורכפירן סאָליד און מענטשלעך, אויף וואָס ער וואַרט ווי אַמגיכסטן, מיט דער גרעסטער אַכטונג און שעצונג, מאַקס אַשכנזי.

ער האָט עטלעכע מאָל איבערגעלייענט דעם טעקסט, געבליבן פון אים צופרידן און אים איבערגעגעבן דעם דינער מעלכיאָר צו באַזאָרגן.

ער האָט זיך געלייגט אין בעט אַ צופרידענער און פול מיט האָפענונג. אין חלום האָט ער זיך געזען אַלס באַלעבאָס פון דער הונצע־מאַנופאַקטור־אַקציען־געזעלשאַפט, דער קעניג פון לאָדזש. די געדרייטע רויכן האָבן ווי אַ קרוין באַצירט זיין קאָפּ.

## קאַפּיטל זיבעצן

אַ פייער פון צאָרן, באַליידיקונג און צעטראָטענעם ווייבערישן שטאָלץ האָט אָנגעצונדן די בלוטן פון דינהלע אַשכנזי, ווען זי האָט איבערגעלייענט דעם דייטשן בריוו פון איר מאַן, דעם געשעפטלעכן בריוו מיט די אַכטונגס־פולע סוחרישע רייד.

— גערטרוד, טאָכטער! — האָט זי גענומען רופן די טאָכטער, וואָס איז נאָך געלעגן אין בעט נאָך אַ שפּעטיקן נאַכטיקן באַל. — גערטרוד, שטיי אויף, קום אַריין! גיכער!

גערטרוד איז אַריין אַ פאַרשלאָפענע אין לאַנגן נאַכט־העמד איבער די טריט. זי האָט געטראָפן די מוטער האַלב־פאַרחלשט. ביי אירע פיס האָט זיך געוואַלגערט דער בריוו.

— געבן דיר וואַסער, מאַמע? — האָט זי געפרעגט דערשראָקן. — וואָס איז געשען?

— לייען, — האָט די מוטער געזאָגט און זיך מיטביידע הענט גע־דריקט די שלייפן, וואָס בלויע אָדערלעך האָבן גלייך שאַרף אַרויסגעטראָטן אויף זיי דורך דער זייער ווייסער הויט.

גערטרוד האָט גיך איבערגעלייענט דעם בריוו און זיך פונאַנדערגעלאַכט.

— כאַ, כאַ, כאַ, ווי קאָמיש! ווי אומגעהייער קאָמיש.

די מוטער האָט אויף איר געקוקט מיט גרויסע אויגן.

— דו לאַכסט? — האָט זי געפרעגט מיט שרעק.

— וואָס דען, ווייגען זאָל איך? — האָט ס'מיידל געענטפערט. — שוין לאַנג צייט געווען דאָס צו טאָן. בעסער שפּעטער ווי קיינמאָל נישט.

— גיי אַוועק! — האָט די מוטער זי געטריבן. — גיי, גיי!

זי האָט נאָך אַמאָל איבערגעלייענט דעם בריוו. ביי יעדער זאַץ האָט אַלץ מער בלוט צוגעשלאָגן צו איר קאָפּ. דאָס שטאָלצע אַלטערישע בלוט האָט געזאָטן.

ער, אָט דער כניאָק, אָט דער שמחה מאיר, וואָס זי האָט אים נישט געוואָלט אָנקוקן, וואָס זי האָט זיך געמיאוסט פון אים, נישט געקאָנט פאַרטראָגן יעדן ריר זיינעם, אָט דער לאַפּסערדאַק, דער פּלוט, דער ווילדער חסיד, וואָס האָט ווי אַ הונט געזוכט איר בליק, איין גוט וואָרט, וואָס איז צו אירע פיס געפאַלן — ער וואַרפט זיך איצט מיט איר, מיט ר׳ חיים אַל־טערס איינציקער טאָכטער!

צוערשט איז די באַליידיקונג געווען אַזוי גרויס, אַז זי האָט נאָר געהאַט איין וואונטש, איין שטאַרקן ווילן, אָנצושפּייען אים אין פּנים אַריין און שוין גלייך מיט אים אַריינצוגיין צום רב און נעמען אַ גט. קיין איינציקע מינוט וויל זי נישט טראָגן מער אָט דעם פאַרשאָלטענעם פאַסקודנעם נאָמען פון דעם כניאָק. זי פאַרלאַנגט אַפילו פון אים גאָרנישט. זאָל ער איר בלויז אויסצאָלן די טויזנטער רובל נדן, וואָס דער פאָטער אירער האָט אים נאָך צוגעצאָלט צו דער חתונה, און זאָל ער גיין, זאָל ער מער זיך פאַר איר נישט ווייזן מיט זיין פאַסקודנעם כניאָקישן פּנים. אויך די קינדער זאָלן בלייבן מיט איר. ער זאָל זיך נישט דערוועגן קומען אַמאָל צו זיי און זי וועט נישט לאָזן, אַז זיי זאָלן גיין צו אים. זיי געהערן זיך גאָרנישט מער אָן. זי וועט אַוועק פון דאַנען, פון דער שטוב, פון די זאַכן. זי וויל גאָרנישט מער האָבן קיין אָנגעהעריקייט מיט עפּעס פון דער שטוב, פון דעם קבר, וואו זי האָט אירע יונגע יאָרן באַגראָבן. זי וועט צוריקגיין צו די עלטערן, ווי אַמאָל.

באַלד איז דער אייגענער שטאָלץ אָפּגעטראָטן און די בלויזע באַליידי־קונג איז געבליבן, די דערנידערונג און שיפלות.

ער איז גערעכט, אַ מצוה אויף איר. אויב זי האָט געקאָנט מיט אים, מיט דעם כניאָק, אָפּלעבן אַ לעבן און נישט פונאַנדערגיין זיך מיט אים באַצייטנס, ווען זי איז נאָך יונג געווען, מעג ער איר איצט אָפּצאָלן, מעג ער זיך איצט וואַרפן מיט איר, ווי מיט אַ שמאַטע, ווי מיט אַן אַלטן בעזעם. ער וועט נאָר צופרידן זיין, ווען זי וועט אים גיך געבן אַ גט. עס וואַרטן שוין אויף אים אַנדערע פרויען, יונגע, שיינע, בליענדיקע. פאַר געלט קאָן מען אַלץ קריגן. ער וועט חתונה האָבן, נעמען פירן אַ רייך הויז, אַרומפאָרן מיט זיין נייער אויסדערוויילטער אין דער קאַרעטע איבער דער פּיעטראָקאָווער גאַס פאַר אַלעמען, און זי וועט זיצן ביי טאַטע־מאַמע, אַן איינזאַמע, אַן עלנטע און פאַרשעמטע גרושה. ער האָט זי אויסגענוצט, גענומען זי, ווען זי איז געווען בליענדיק, שיין, ווען אַלע האָבן איר אויף די גאַסן נאָכגעקוקט. אַ לעבן האָט זי ביי אים אָפּגעפּטרט אַ פּינצטערס, אַ לעבן אָן ליבע, אָן גליק, אַ לעבן אָן אינטערעס. איצט, אַז זי איז שוין

עלטער, אַז די הויט קנייטשט זיך איר שוין, אַז די האָר ווערן שוין גרוי, אַז זי קאָן שוין באַלד אַ באָבע זיין — איצט וואַרפט ער זי אַוועק, בייט זי אויס אויף אַן אַנדערער. איצט האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז די יאָרן פון לאַנגן צוזאַמענלעבן זענען געווען נישט געראָטן און אַז עס איז בעסער זיך פונאַנדערצוגיין.

געוויס איז עס בעסער. אָבער פאַר וועמען? פאַר אים, נישט פאַר איר. זי האָט עס געדאַרפט טאָן באַלד, גלייך נאָך דער חתונה, אַפילו נאָכן ערשטן קינד, אַפילו נאָכן צווייטן קינד, ווען זי איז נאָך געווען יונג און פריש. אָבער זי איז שטענדיק געווען אַ קנעכט, צום ערשט פון טאַטע־מאַמע, דערנאָך פון די קינדער. צוליב זיי האָט זי זיך געבראַכט פאַר אַ קרבן, נישט געהאַט דעם מוט קעגנצושטעלן זיך, צו בויען אַליין איר גליק פאַר זיך, נ א ר פאַר זיך. איצט, ווען זי איז שוין אַריבער די ערשטע ווייבערישע יאָרן, ווען זי האַלט ביים סוף, ביי דער פאַרוועלקונג, ווען זי איז מיד און קרענקלעך, ווי אַלע ווייבער אין אָט די יאָרן — איצט האָט איר פונאַנדער־גיין זיך נישט קיין זין. אַ באַליידיקונג איז עס בלויז פאַר איר, אַ חרפּה פאַר מענטשן. ווי אַן אַרויסגעוואָרפענע וועט זי אויסזען, ווי אַן אַלטע שמאַטע. ניין, זי וועט אים דעם פאַרגעניגן נישט אָנטאָן, דעם מאַן אירן. זי האָט אים טאַקע פיינט, זי האַסט אים, אָבער אַרויסלאָזן וועט זי אים נישט. זאָל אים נישט אָנקומען אַזוי גרינג דאָס לעבן.

באַלד נאָכדעם איז אָנגעקומען אַ געפיל פון הילפלאָזיקייט, פון חרטה, פון אייגענעם געוויסן־פּיין.

זי איז זיך אַליין שולדיק. זי איז צו פאַרריסן געווען ביי זיך. זי האָט דעם אייגענעם מאַן פון זיך געטריבן, נישט אָפּגעשאַצט אים, געפירט זיך מיט אים נישט ווי אַ ווייב דאַרף. ער האָט קיינמאָל פון איר קיין גוט וואָרט נישט געהערט, קיין גלייכע מינע געזען. זי איז, אמת, אין אים נישט געווען פאַרליבט. קעגן איר ווילן האָט מען אים איר געגעבן. אָבער זי האָט געדאַרפט שלום מאַכן מיטן פאַקט. אַזוי לעבן מערסטנס ווייבער. זי האָט איר לעבן געפּטערט ביי די ביכלעך. ביי די ביכלעך האָט זי קינדער געבוירן און דערצויגן, ביי די ביכלעך האָט זי איר יוגנט פאַרשפּילט. זי האָט קיין שטוב זיך נישט געמאַכט, קיין מענטשן נישט דערנעענטערט צו זיך, דעם אייגענעם מאַן פאַרפרעמדט. איצט צאָלט זי איר שטראָף, איר פאַרדינטע שטראָף. אַזוי ווי מען בעט זיך, אַזוי שלאָפט מען. אויב זי האָט זיך נישט געגרייט קיין נעסט אין דער יוגנט, דאַרף זי איצט אויף דער עלטער בלייבן אַליין, אַ פאַרבלאָנדזשעטע שוואַלב. צוליב איר זענען די קינדער אויך אויסגעוואַקסן פרעמד, ווייט פון דער שטוב. איגנאַץ איז אין דער פרעמד, האָט פיינט דעם פאָטער און צו איר האָט ער בלויז פאַר־אַכטונג. די טאָכטער הוליעט אַרום, וויל אין שטוב נישט איינזיצן. און פאַרוואָס זאָל זי איינזיצן, ווען אין שטוב איז תמיד איינזאַם, פרעמד, אָן שלום צווישן טאַטע־מאַמע? זי, די מוטער, האָט געדאַרפט בויען די

שטוב, מאַכן זי היימיש, וואַרעם, זאָרגן פאַר אַ מיידל, זי זאָל צו אַ תכלית קומען. זי האָט עס נישט געטאָן, און די טאָכטער איז פאַרפרעמדט געוואָרן. זי זוכט איר גליק אין די פרעמדע שטובן, ביי חברטעס, חברים, און מער פון אַלץ פאַרברענגט זי ביים אייגענעם פעטער, ביי יאַקובן, אין פלידער־בוימס פּאַלאַץ, וואו עס איז לוסטיק און פריילעך.

אַ שטאָך האָט איר געגעבן אין דער ברוסט. זי האָט געוואוסט, אַז מער ווי צוליב דער לוסטיקייט, מער ווי צוליב די פריילעכע געסט אין פּאַלאַץ, גייט זי, גערטרוד, דאָרט צוליב דעם אייגענעם אָנקל, צו וועלכן זי קלעפּט אינגאַנצן. נישט ווי צו אַן אָנקל קלעפּט זי צו אים אַזוי, נאָר ווי צו אַ מאַן, ווי צו אַ געליבטן. נאָך קליינערהייט האָט זי אים מיט קושן באַדעקט. אויך ער, יאַקוב, לייגט מער אַריין אין זיינע צערטלעכקייטן צום מיידל, ווי ריין משפּחהשע טריישאַפט. אָ, זי זעט עס. אַ פּרוי קאָן מען נישט אָפּנאַרן אין אַזעלכע זאַכן, אַ מאַמען אוודאי נישט. אָט דאָס, וואָס זי האָט אין לעבן פאַר־שפּילט, האָט איצט געוואונען איר טאָכטער, צו דעם, צו וועמען זי האָט געצויגן, גייט איצט איר אייגן בלוט און פלייש. ווי גרויזאַם דאָס לעבן איז! זי, וואָס איז מיט יאַקובן אין די אייגענע יאָרן, איז אַלט און פאַר־וועלקט. און ער איז יונג און פריש און גליקלעך. און איר טאָכטער קוקט אין אים, ווי אין אַ בילד אַריין. וועער ווייסט, צו וואָס דאָס קאָן דערפירן. דאָס אַלץ איז איר שולד, נאָר אירס. זי האָט געלעבט אַ נאַריש לעבן, אַן אומזיניקס, אַן אומגעלומפּערטס. זי האָט געמיינט, אַז דאָס לעבן איז ביכלעך, פרעמדע אויסגעטראַכטע גליקן און טראַגעדיעס. איצט האָט זי אַן אייגן אומגליק, נישט קיין פּאַפּירנס, נישט קיין אויסגעטראַכטס, נאָר אַן אייגענעם לעבן, אין אייגענעם בלוט. ווי אַנדערש איז דאָס פון דעם פוסטן פּאַפּירענעם גליק און אומגליק, אין וועלכן זי האָט די יאָרן פאַר־בראַכט. ווי דאָס ווייטיקט, שטעכט און בריט!

זי האָט געשיקט די דינסט נאָך דער מוטער. שוין זאָל זי קומען, די מוטער, די רגע.

פריווע איז געקומען אַ גרויסע, אַן אַלטע, אַ צעוואַקסענע, פול מיט קע־ניגלעכער ווירדע און בכבודיקער אַלטקייט. איר שייטל איז נאָך אַלץ געווען בלאָנד און אָנגעקאַרבירט, ווי זי פלעגט עס טראָגן אין דער יוגנט. נאָך איר איז נאָכגעגאַנגען איר מאַן ר׳ חיים, אַ ווייסער, אַן אַלטער, נאָר מיט פרישע, גלאַנצנדיקע אויגן. פריווע האָט געברענט פון צאָרן אויף די מענער.

— זיין גליק איז, וואָס איך האָב אים דאָ נישט געפּאַקט, דעם גן־עדן מיינעם, — האָט זי געשריגן. — מיט אָט דעם פּאַראַסאָל וואָלט איך אים געשלאָגן. מיט מיין טאָכטער וואַרפט ער זיך! שוין פאַר איך צו אים אין דער פאַבריק. פאַר אַלעמען אין די אויגן וועל איך אים פּאַטשן.

קוים מען האָט זי אָפּגעהאַלטן.

— פריוועשי, פריווע־לעב, — האָט ר׳ חיים זי באַרואיקט, — רעג ניך נישט אויף ס׳האַרץ! לאָז עס פאַר מיר, פאַר אַ מאַנצביל.

— אַ מאַנצביל? — איז פריווע געוואָרן אויפגעקאָכט. — אַ שמאַטע ביסטו, נישט קיין מאַנצביל!

זי האָט שוין געוואוסט, אַז דער מאַן אירער האָט ביי חתונה מאַכן דינהלען נישט באַוואָרנט זי, ווי אַנדערע טאַטעס טוען, נישט אונטערגע־שריבן קיין „אַקט־אינטערציזי”, וואָס זאָל באַוואָרענען דאָס ווייב, אַז אַלץ וואָס איר מאַן פאַרמאָגט און וועט פאַרמאָגן, וועט געהערן צו איר אַ גלייכע העלפט. וואָלט אַזאַ באַוואָרעניש געווען, וואָלט זי אים געלערנט דרך־ארץ, אַ העלפט וואָלט ער אָפּגעצאָלט פון פאַרמעגן און מען וואָלט אים אַרויסגעלאָזט, דעם טייערן פּאַרשוין. אָבער חיים אַלטער האָט אין אַזעלכע זאַכן נישט געדענקט. און פריווע האָט אים פאַרניכטעט מיט אירע קאַלטע בלויע אויגן.

— שלימזל, — האָט זי אים געזידלט, — יידענע, שמאַטע. צום ערשט זיך אַליין געלאָזט אָפּנאַרן פון שמחה מאירלען, איצטער — די אייגענע טאָכטער...

ר' חיים איז געשטאַנען אַ בלאַסער, אַ פאַרלוירענער.

— נו, גענוג, פריוועשי, גענוג, — האָט ער זיך ביי איר געבעטן, — ס'איז נאָך דאָ דין ומשפט אויף דער וועלט. איך וועל נישט שווייגן, איך וועל גיין צו רבנים, צו מענטשן.

— שכנא, לויף! — האָט פריווע אים אויסגעלאַכט, און זי איז האַסטיק צו צום טעלעפאָן. זי האָט אָנגעקלונגען אין פאַבריק צו די פלידערבוימס און מיטן שענסטן פויליש, וואָס נאָר זי האָט פאַרמאָגט, מיט אַלע ווייבערישע צערטלעכקייטן און פּריציִשע העפלעכקייטן, וואָס זי האָט נאָך געדענקט פון מיידלוויַיז, ווען זי איז אין פּענסיאָן געגאַנגען, האָט זי געבעטן גלייך צו פאַרבינדן זי מיט דעם הער יאַקוב אַשכנזי.

— יאַקוב, טייערער, זון גאָלדענער, — האָט זי אים געזאָגט אין פויליש, כאָטש זי האָט אים געקענט נאָך, ווען ער פלעגט קומען מיט דעם שבתדיקן אַטלאַסענעם קאַפּאָטקעלע צו איר אין שטוב אַריין נאָך שבת־אויבסט, — קום שוין צו פאָרן צו דינהלען, שמחה־מאיר איז נישטאָ, מעגסט קומען, און שוין, גילדענער! איַיל צו דעם קוטשער, האַרציקער.

זי האָט געהאַט אַ כּוח, די פריווע. ר' חיים אַליין האָט עס געזען. יאַקוב אַשכנזי איז אַריינגעפאַלן ווי אַ וויכער.

— וואָס איז געשען? — האָט ער געפרעגט אַ דערשראָקענער.

— נאָ, לייען! — האָט אים פריווע צוגעטראָגן דעם ברודערס בריוו. יאַקוב האָט גיך געלייענט.

— אויסוואורף, פּאַדליעץ, טכויער, — האָט ער ביי יעדן נייעם זאַץ צוגעגעבן אַ זידל־וואָרט. אַז ער האָט דעם בריוו געענדיקט, האָט ער אים אַ שמיץ געגעבן אין דער ערד און זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ פאָטעל.

— דינהלע, — האָט ער געזאָגט, — איך וועל זיין אויף דיין זייט.

אַ פאַרמעגן זאָל מיך קאָסטן. באַלד גיב איך עס איבער מיין אַדוואָקאַט, און געלט, וויפל נאָר דו וועסט דאַרפן. לאָז עס איבער צו מיר.

פריווע האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און יאַקובן צוויי מאָל אויסגע־קושט די באַקן, איינע נאָך דער אַנדערער.

— כ׳האָב עס געוואוסט, — האָט זי געזאָגט.

זי האָט עטלעכע מאָל געשאָקלט מיטן קעניגלעכן קאָפּ און געזאָגט שאַרף:

— ווי וואָלט איך זיך אַליין אויסגעפּאַטשט, וואָס איך האָב דיך נישט פאַרשטאַנען, טאָכטער, געדענקסט, ווי דו האָסט מיך געבעטן מען זאָל דיר בעסער געבן יאַקובן.

דינהלע איז רויט געוואָרן, באַגאָסן זיך מיט בלוט.

ר׳ חיים האָט עס נישט געקאָנט הערן.

— פריווע, — האָט ער געברומט בייז, — אַ גאָט־זאַך געווען, אַ זיווג אַ באַשערטער.

דער קריג אין דער משפחה אַשכנזי איז אויסגעבראָכן מיט עקשנות, מיט פייער.

פון איין זייט איז געשטאַנען מאַקס, אַ ווילדער עקשן, אַן איינעסנדיקער, אַן ענערגישער, אַ נוטר־ונוקם, פול מיט צאָרן, וואָס מען שטערט אים אין זיין גרויסן פלאַן; פון דער צווייטער זייט — דער ברודער זיינער, אַ ריזי־קאַנט, אַ ברייטער פאַרשוין, וואָס געלט איז ביי אים אַ ממזר, וואָס צוליב מענטשן און קאַפּריזן איז ער גרייט דאָס העמד פון לייב אַראָפּצונעמען. צווישן זיי ביידע איז געשטאַנען דאָס הויז, דינהלע מיט די קינדער און אירע טאַטע־מאַמע. זיי האָבן זיך גלייך אַריבערגעקליבן אין הויז אַריין צו דער טאָכטער, ר׳ חיים אַלטער און זיין ווייב. זיי האָבן זי נישט געקאָנט איבערלאָזן אַליין אין אַזאַ צייט. מאַקס איז געוואָרן גרין און געל, אַז דער הויז־פאַרוואַלטער זיינער, שלמהלע קנאַסטער, האָט אים די נייעס גע־בראַכט אין פאַבריק אַריין, צוזאַמען מיט דעם דירה־געלט, וואָס ער האָט איינגעמאָנט ביי די לאָקאַטאָרן אין הויף.

— אידיאָט, וואָרום האָסטו זיי אַריינגעלאָזט? — האָט ער געזידלט דעם פאַרוואַלטער.

— וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? — האָט שלמהלע געענטפערט ווערנדיק נאָך קלענער, ווי ער איז אַלע מאָל געווען. ער האָט דאָס קעפּל איינגעצויגן, פאַרלוירן אין נידעריקן האַלדז זיינעם, ווי אַ הון, וואָס דער־שרעקט זיך פאַר אַ בייזן קריגערישן האָן.

נאָך צאָרנדיקער איז מאַקס געוואָרן, ווען דער פאַרוואַלטער האָט אים דערציילט וועגן ברודערס קאַרעטע, וואָס פאַרפאָרט דאָרט אָפט צו זיין וואוינונג.

— זאָ איין הונט! — האָט ער געזידלט.

ער האָט געטאָן אַלץ, כדי צו צווינגען די פרוי צו נעמען אַ גט. ער האָט

איר אויפגעהערט צאָלן וואָכן־געלט, נישט נאָר פּאָר איר אַליין, נאָר אויך פּאַר דעם זון אין אויסלאַנד, איר ליבלינג. אָבער אין שטוב האָט קיין זאַך נישט געפעלט.

— ס׳איז דאָרט דאָ פון בעסטן און שענסטן, — האָט שלמה קנאַסטער געזאָגט. — איך קוק מיך צו און איך זע.

מאַקס אַשכּנזיס פּאָליטיק, וואָס נוצט אים אַזוי שטענדיק ביי זיינע קריגערייען מיט שוואַכערע — אויסצוהונגערן דעם קעגנער, — האָט דאָ קיין פּעולה נישט געהאַט. דער ברודער זיינער האָט געוואָרפן מיט געלט. אויך די אַדוואָקאַטן זיינע האָבן גאָרנישט געקאָנט מאַכן. יאַקובס אַדוואָקאַטן האָבן אַלע זייערע שפּיצלעך פּאַראויסגעזען און אָפּגעשלאָגן.

מאַקס האָט גענומען גיין מיט רבנים. פון אַלע צייטן האָט ער די רבנים געהאַלטן אויף אַ שלעכטן פאַל, ווען מ׳קאָן אין געריכט גאָרנישט מער אויספירן. אַ גרויסער בריה איז ער געווען ביי די דין־תורהס, ער איז קלאָר געווען אין אַלע שפּיצלעך און דריידלעך. געקאָנט פּאַרטומלען און פּאַרשרייען, אָבער יאַקוב האָט צו קיין דין־תורה נישט געלאָזט גיין דינהלען.

— איך וויל אייך דאָ מער נישט זען, ר׳ ייד, — האָט ער געזאָגט צום שמש, וואָס איז אים געקומען רופן צום רב אויף אַ דין־תורה.

מאַקס האָט גענומען שיקן דעם שמש צום שווער. ער, איז מאַקס געווען זיכער, וועט אַ דין־תורה מוזן אָננעמען. ר׳ חיים איז טאַקע געגאַנגען. אָבער צווינגען די טאָכטער צו קומען האָט ער נישט געקאָנט.

מאַקס אַשכּנזי האָט אָנגעהויבן אָפּטאָן רשעות זיין ווייב. קליינע צרה־לעך. ער האָט דורך זיין פּאַרוואַלטער שלמהלע געלאָזט אָנקלאָגן זיין ווייב אין געריכט אויף אַרויסצוואַרפן זי פון דער וואוינונג. דינהלע איז געבליבן זיצן אַ געליימטע, ווען דער געריכט־דינער האָט איר געבראַכט אַן אָנקלאַגע צו שטעלן זיך אין געריכט, אָנגעקלאָגט פון שמחה מאיר אַשכּנזי. אָבער יאַקוב האָט איר נישט געלאָזט גיין, נאָר געשיקט זיין אַד־וואָקאַט. דער אַדוואָקאַט האָט אָפּגעשלאָגן די אָנקלאַגע. אַז מאַקס האָט געזען, אַז מיטן געריכטלעכן וועג איז אַ לאַנגע מעשה, אַ פּאַרשלעפּעניש, האָט ער געהייסן זיין פּאַרוואַלטער אַנדערע זאַכן אָפּטאָן. דאָ האָט דער הויז־וועכטער פּאַרמאַכט דאָס וואַסער אין קעלער, דאָ איז קאַליע געוואָרן די גאַז־באַלייכטונג. יאַקוב אַשכּנזי האָט דעם קליינעם הויז־פּאַרוואַלטער שלמה קנאַסטער אַרויפגערופן צו זיך און אים גוט ביי די לאַצן אויסגע־טרייסלט.

— זאָלסט זיך מיר נישט דערוועגן מאַכן קיין קונצן אין הויז, — האָט ער אים אָנגעזאָגט. — אָט מיט דעם שפּיצרוט וועל איך דיך אויס־שמייסן!

פון שלמהלעס דערשראָקן קעפּל איז שוין גאָרנישט נישט געבליבן.

— וואָס בין איך שולדיק? — האָט ער געוויינט ווי אַ ייִנגל. — איך טו וואָס מען הייסט מיך, איך האָב אַ ווייב מיט קינדער...

און טאַקע נאָר ווי ער האָט צו דער בייער וואָך אָפּגעטראָגן זיין באַלעבאָס אין פאַבריק אַריין דאָס דירה־געלט פון הויז, האָט ער דערציילט אים וועגן יאַקובס ווערטער, צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע זאַכן, וואָס טוט זיך אין שטוב, יעדע קלייניקייט. מאַקס אַשכּנזי האָט זיך זייער גיך געקראַצט אין שפּיץ בערדעלע.

— זאָג נאָר, שלמהלע, — האָט ער געפרעגט, — ווי אַזוי זענען די פּאָדלאָגעס אויפן צווייטן שטאָק, איבער מיין וואוינונג?

„ — זייער גוטע פּאָדלאָגעס, — האָט שלמהלע געזאָגט.

— ביסט אַן אידיאָט, — האָט זיין באַלעבאָס אויף אים אָנגעשריגן. — די פּאָדלאָגעס זענען שלעכט. קוים וואָס זיי האַלטן זיך.

,— זיי זענען שלעכט, קוים וואָס זיי האַלטן זיך, — —האָט שלמהלע גלייך נאָכגעזאָגט דעם באַלעבאָס.

— שוין מאָרגן זאָלסטו רופן מולאַרעס, זיי זאָלן נעמען האַקן די איינפאַלן.

— אַודאי קאָנען זיי איינפאַלן, — האָט שלמהלע נאָכגעזאָגט.

— שוין מאָרגן זאָלסטו רופן מולאַרעס, זיי זאָלן נעמען האַקן די סופיטן.

— שוין גיי איך, — האָט שלמהלע געזאָגט.

—אַז זיי וועלן האָבן דורכגעהאַקט, זאָלסטו נישט איילן זיך צו פאַרקלעפּן זיי צוריק, וועסט אויסגעפינען פאַר די באַלמעלאָכעס אַנדערע אַרבעט דערווייל.

— כ׳וועל אויסזוכן אַנדערע אַרבעט, — האָט שלמהלע נאָכגעזאָגט ווי אַ ווידער־קול.

— און די צונג זאָלסטו האַלטן צווישן די ציין, הערסט? אַפילו דיין אייגענער ייִדענע זאָלסטו קיין וואָרט נישט זאָגן, וואָס איך רעד צו דיר.

—קיין איין וואָרט נישט, — האָט שלמהלע נאָכגעזאָגט און געאיילט זיך אַהיים, צום ווייב, כדי איר גלייך צו דערציילן בסוד אַלץ, וואָס דער באַלעבאָס האָט אים נאָר געזאָגט.

גלייך צומאָרגנס האָבן מולאַרעס גענומען האַקן די פּאָדלאָגעס אויפן צווייטן שטאָק, דורכלעכערנדיק די סופיטן ביי דינהלען אין דער דירה. אין שטוב איז געוואָרן אַ טומל, אַ בהלה, עס איז נישט געווען איינצוזיצן.

פריווע האָט גערופן אַרויף צו זיך דעם הויז־פאַרוואַלטער און אים געגעבן אין באַק.

— נאַ דיר פאַר דיינע קונצן, — האָט זי אים געזאָגט.

דאָס קליינע ייִדעלע האָט אָפּגעווישט די באַק און פונאַנדערגעוויינט זיך.

— וואָס בין איך שולדיק? — האָט ער געיאָמערט ווי אַ ייִנגל. — איך טו, וואָס מען הייסט מיך. איך האָב אַ ווייב מיט קינדער...

שפּעטער מיט עטלעכע טעג זענען געקומען מוליאַרעס מיט עמערס און אייזנס און געוואָלט פאַנאַנדערנעמען די אויוונס, וואָס זענען קאַליע, די וועגט איבערשטעלן, ווייל דער טינק איז ווייך געוואָרן. פּריוועס האָט זיי נישט אַריינגעלאָזט, אָבער די מוליאַרעס זענען נישט אָפּגעטראָטן, געקלאַפּט אין טיר און געזאָגט, אַז מען האָט זיי געשיקט. באַלד דערויף האָט שלמהלע אויך פאַרדונגען אַ וואוינונג קעגנאיבער זיין באַלעבאָסטעס פּאַר אַ טאָקעריי, וואו מען האָט נישט אויפגעהערט שלייפן, רוישן און זשומען, אַז די אויערן האָבן ווי געטאָן פון געררויש. דינהלע האָט נישט געקאָנט איינזיצן ביי אירע ביכלעך. פּריוועס האָט זיך אַרומגעבונדן דעם קאָפּ מיט אַ טיכל און געשריגן, אַז זי וועט צו דעם שמחה מאירן אַריבער אין פאַבריק און פּאַטשן אים, די אויגן אויסדראַפּען צווישן אַלע מענטשן.

עס האָבן אים נישט אויסגעפּעלט קיין איינפאַלן, מאַקס אַשכּנזי, ער האָט זיי געהאַט אַלע מאָל נייע, ווען נאָר שלמהלע קנאַסטער איז געקומען צו אים אין פאַבריק אַריין אָפּצאָלן אים דאָס צונויפגענומענע דירה־געלט. ער האָט דעם הויף איבערגעדרייט, געגעבן זיי צו פילן אַ טעם ביי זיך. אין דעם, וואָס ער וועט זיי אַרויסקריגן פון דער וואוינונג, האָט ער געזען אַן אָנהויב פון אַרויסקריגן זיי אינגאַנצן, און ער האָט אַלץ געטאָן, אַרויס־צובייסן זיי פון זיין הויז. יאַקוב האָט ביי קיין פאַל נישט געלאָזט דינהלען אַוועק פון דער וואוינונג.

— איך וועל דיך צעטרייבערן! — האָט ער געדונערט אויף שלמהלען.

מער נאָך ווי מאַקס אַשכּנזי אַליין, האָבן זיינע אַדוואָקאַטן געטראַכט וועגן צווינגען די איינגעשפּאַרטע פּרוי צו נעמען גט פון איר מאַן, פּונקט אַזוי האָבן יאַקובס אַדוואָקאַטן געטראַכט, ווי אַזוי קעגנשטעלן זיך מאַקס אַשכּנזי.

די מלחמה צווישן די ברידער האָט געפּלאָקערט. דינהלע איז געלעגן אין די נעכט אָן שלאָף און געוויינט אין די קישנס אויף איר פינצטער מזל. זי איז אַנטשלאָפן געוואָרן ערשט מיטן פייף פון די ערשטע פאַבריק־סירענעס.

## קאַפּיטל אַכצן

אויף די וועגט פון די לאָדזשער מויערן, צווישן די געדיכטע פאַבריקן, שילדלעך פון געשעפטן און קראָמען, פון אויסגעמאָלטע שטיקלעך סחורה, געלע לייבן, וואָס זענען ענלעך צו קאָטערס, שטייפע אויסגעפּרעסטע עלע־גאַנטן מיט רויטע און געלע פּנימער און מיט שמאָלע שטעקעלעך אין די הענט, צווישן דיקע כלות אין ווייסן מיט בוקעטן אין די געשוואָלענע רויטע הענט, צוזאַמען מיט אַלערליי יידישע, פּוילישע, רוסישע און דייטשע נעמען פון אַלערליי סוחרים, קאָמיסיאָנערן, מעקלערס, פאַבריקאַנטלעך, אין דעם גאַנצן געדיכטעניש פון נעמען, אַרטיקלען, מסחרים, אַלץ אין געלע פאַרבן,

באַצירט מיט שילדן־מאַלערישע בילדלעך און פֿאַרפּוצט מיט געדרייטע עקן — זענען גרויסע מעלדונגען געהאַנגען: מעלדונגען וועגן באַלאַגערונגס־צושטאַנד, וואָס איז אין שטאָט געוואָרן איינגעפֿירט, די מעלדונגען, אונטער־געשריבן פֿון בריגאַדע־גענעראַל קאָניצין, האָבן מיט קורצע ווערטער גערופֿן די שטאָטישע איינוואוינער נישט צו זאַמלען זיך אויף די גאַסן, נישט צו־נויפֿצוקומען זיך אין די שטובן, נישט צו פֿאַרשפּרייטן שלעכטע קלאַנגען, נישט קעגנצושטעלן זיך די באַפֿעלן פֿון דער פּאָליציי און סאָלדאַטן אין די גאַסן. ווער עס וועט עובר זיין אויף די באַפֿעלן, וועט געשטעלט ווערן אונטער קריגס־געריכט און געמשפּט ווערן לויט די קריגס־געזעצן פֿון מיליטערישן פֿעלד־געריכט, ביז טויט.

לעבן אָט די מעלדונגען, אָפּטמאָל אויף זיי אַרויפֿגעקלעפּט, זענען גע־האַנגען פּראָקלאַמאַציעס, וואָס האָבן גערופֿן די איינוואוינער צו זאַמלען זיך אויף די גאַסן, צו דעמאָנסטראַציעס, צו שטרייקן און צו פּראָטעסטן. די באַוואָפֿנטע סאָלדאַטן, געפֿירט פֿון פּריסטאַווס און זייערע געהילפֿן, זענען אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן, געשטאַנען אין אַלע ראָגן און געטריבן, געשלאָגן, געיאָגט און אַרעסטירט יעדן, ווער נאָר עס איז זיי נישט גע־פֿעלן געוואָרן אין זייערע אויגן. אין די פּאָליציי־צירקלען זענען געשטאַנען אויסגעשטעלטע קאָזאַקן מיט נאַהייקעס אין די הענט. יעדע פּאַרטיע אַרעס־טירטע, וואָס מען האָט געבראַכט פֿון גאַס, האָט געמוזט דורכגיין דעם בראַנד־מאַרש פֿון די קאָזאַקן. די נאַהייקעס האָבן געהאָגלט איבער זייערע קערפּערס, איינגעשניטן זיך אין די לייבער, צעפּאַסעט די הויט. דער בי־טערסטער פֿון אַלע פּריסטאַווס איז געווען דער געהילפֿס־פּריסטאַוו יורגאָוו, אַ דאַרער, שפּיציקער פֿאַרשוין, וואָס איז געגאַנגען תּמיד פֿאַררוקט דאָס היטל איבער די אויגן, אַרומגערינגלט מיט זעלנער און אַגענטן.

פֿון אונטער דעם פֿאַררוקטן דאַשעק האָט ער דערטאַפּט די רעוואָ־לוציאָנערן, דערשמעקט זיי, ווי אַ שפּיר־הונט. מען האָט די אַרעסטירטע מער נישט געהאַלטן אין דער טורמע אויף דלוגע גאַס. צו ענג איז דאָרט גע־ווען. האָט מען זיי אַריבערגעפֿירט אין מאַניעזש, אין דער מיליטערישער קירכע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פֿאַר אַ טורמע. אָבער ביז דער גע־הילפֿס־פּריסטאַוו יורגאָוו האָט זיי געבראַכט צום אָרט, האָט ער זיי אויפֿן וועג געממיתט, געשלאָגן, די זייטן אונטערגעהאַקט, די ציין אויסגעשלאָגן. מען האָט געציטערט די גאַס דורכצוגיין, וואו יורגאָוו מיט זיינע קאָזאַקן זענען אַרומגעגאַנגען. דער אחדותניק שמשון דער מאַלער, וואָס מען האָט אים גערופֿן שמשון פּרינץ, ווייל ער האָט ליב געהאַט צו טראָגן שיינע קליידער און קרויזן די שוואַרצע וואָנצן, האָט געלאָזט וויסן זיין פֿאַר־שטייער, אַז ער וויל יורגאָוון אָפּרוימען און ער בעט דעם קאָמיטעט צו קריגן פֿאַר אים אַ באָמבע. דער פֿאַרשטייער האָט זיך געזען מיט אַ מענטש פֿון קאָמיטעט, אָבער דער קאָמיטעט האָט זיך נישט געאיילט קיין באַשלוס וועגן דעם אָנצונעמען. איז דעם אחדותניק שמשון פּרינץ מיאוס געוואָרן

צו וואַרטן און ער האָט די זאַך גענומען דורכפירן אַליין, אָן קאָמיטעט. ביי אַ באַקאַנטן סטודענט, אַ כעמיקער, האָט ער אַ באָמבע געקראָגן. ער האָט זיך אויסגעפּוצט אין די שיינע קליידער זיינע, אינגאַנצן ווי אַ לאָדזשער פאַבריקאַנטישער זון, ער האָט זיינע שוואַרצע וואָנצן גוט אויסגעקרייזלט, די באָמבע אין אַ שיין פּעקל פאַרפּאַקט, ווי שאָקאָלאַד, מיט אַ רויט זיידן בענדעלע פאַרבונדן. ער האָט דאָס פּעקעלע, צוזאַמען מיט אַ בוקעט רויזן, גענומען אין האַנט, ווי ער וואָלט צו אַ געליבטער אויף אַ וויזיט געגאַנגען, און מיט אַ שטאָלצער מינע און פאַררייסענעם קאָפּ געגאַנגען איבער די גאַסן. ווייבער האָבן אים נאָכגעקוקט מיט קנאה צו דער, צו וועמען ער גייט. פּאָליציאַנטן און סאָלדאַטן האָבן אים פריי געלאָזט גיין זיין וועג.

ווען ער איז אַרויסגעקומען צו אַן עק גאַס, וואו דער פּריסטאַוו יורגאָוו איז געשטאַנען מיט זיינע באַוואָפנטע לייט, האָט ער זיך אָפּגערוקט אויף אַ היפּשן שטח. ער האָט מיט די שוואַרצע ברענענדיקע אויגן אויסגעמאָסטן אַ שטיקל גאַס, אויף אַזויפיל, אויף וויפל זיין האַנט וועט קאָנען שליידערן, און ער האָט געוואָרפן דאָס פאַרפּאַקטע פּעקעלע צום פּריסטאַווס פּיס.

ער איז צעריסן געוואָרן, דער פּריסטאַוו יורגאָוו. אויף די דעכער פון די הייזער האָט מען געפונען זיינע אָפּגעריסענע פיס, וואָס זענען געפלויגן שטאָקן־הויך צוזאַמען מיט די ליאַקירעטע שטיוול און שפּאָרן. די אָנגעלאָפענע זעלנער האָבן באַשאָסן די גאַס, געשאָסן לאַנג און גלייך, ווי אויף אַ שלאַכט־פעלד. ווען די גאַסן זענען פּוסט געוואָרן, האָבן זיי אויפגעהויבן די ביקסן צו די פענצטער פון די הייזער און באַשאָטן זיי מיט קוילן. די שפּיטעלער זענען געווען פול מיט פאַרוואונדעטע. מען האָט זיי געמוזט לייגן אויף דער ערד, אין די קאָרידאָרן, עס האָבן אויסגעפעלט בעטן. אין פּראָסעקטאָריום זענען די טויטע געלעגן אויסגעלייגט אין אַ ריי איינער נאָכן אַנדערן. פּאָליציי האָט קיינעם נישט אַריינגעלאָזט צו דערקענען זיי און צו טאָן מיט זיי זייער רעכט. מען האָט זיי געוואָלט באַגראָבן אין מיטן דער נאַכט שטילערהייט. אין די קאַזאַרמעס האָבן די סאָלדאַטן גערייניקט די ביקסן און געפּוצט די שטיוול, כדי שיין אויסצוזען אויף דער גרויסער לויה פון פּריסטאַוו יורגאָוו. די מיליטערישע קאַפּעליע האָט געפּוצט די טראָמייטן און איינשטודירט טרויער־מאַרשן, אין אָוונט האָט מען שוין די מענטשן אויף די גאַסן געטריבן אַהיים, שלאָפן גיין.

אָבער לאָדזש איז נישט געשלאָפן.

אין די אָרעמע גאַסן אַרום די פאַבריקן, אויפן באַלוט, זענען די אַרבעטער געווען וואַך. די ווייבער און די קינדער האָבן אַרויסגעשלעפּט אויף די הויפן די מאַגערע און צעשאָטענע שטרוי־זעק, אַנטלאָפן פון די וואַנצן, פּרייסן, פליגן און זשוקעס, וואָס האָבן געראַיעט אין די אָפּגעשיילטע ווענט פון די שטובן, און אויסגעלייגט זיך אויף די הויפלעך, אויף אַלע באַלעגאָלישע וועגענער און פלאַטפאָרמעס, אויף דער ערד, אויף די טרעפּ,

אין יעדער ווינקל. די מענער זענען געווען אויף. די רעוואָלוציאָנערן האָבן זייער גיך פּראָקלאַמאַציעס אַרויסגעלאָזט, גערופן צום פּראָסעקטאָריום, אַרויסצוקריגן די געפאַלענע, כדי זיי באַערדיקן מיט כבוד און פּאַראַד. אומעטום זענען אַרומגעגאַנגען אַגיטאַטאָרן, רעדנער, און גערופן נישט צו גיין צו דער אַרבעט, נאָר צו שטעלן זיך אין די רייען. אומזיסט האָבן פּאַרטאָג די סירענעס פון די פאַבריקן געריסן זיך מיט באַנומענע קולות. קיינער האָט זייער רוף נישט געהערט. צענדליקע טויזנטער מענער, פרויען, קינדער אַפילו האָבן געשטראָמט אין די גאַסן, געזאַמלט זיך, געגאַנגען, מאַרשירט. אַלע געשעפטן האָבן זיי געשלאָסן, אַלע ווערקשטאַטן אָפּגעשטעלט, די באַוועגונג אין די גאַסן פאַרהאַלטן. ריי נאָך ריי, טריט נאָך טריט, שורה נאָך שורה זענען זיי געגאַנגען, אָנגעפילט גאַסן און געסלעך, מערק און פּלעצער. ווי אַ טייך צו פרילינג, וואָס ווערט איבערגעגאָסן איבער די ברעגעס און פאַרפלייצט אַלץ אַרום זיך, רייסט איבער אַלע פאַרצוימונגען און וואַלן, שווענקט אָפּ אַלץ אַרום זיך, שפּרייט זיך אויס אויף מיילן ווייט, אַזוי, אַז עס איז גאָרנישט צו באַגרייפן, פון וואַנען עס נעמט זיך גאָר צו אים אַזאַ קראַפט, אַזוי האָט די אָרעמע באַפעלקערונג געשטראָמט אין שטאָט, אַרויסגעקראָכן פון קעלערס און בוידעם־שטיבלעך, פון געסלעך און ווינקלען, פון לעכער און נעסטן.

לאַנגזאַם זענען די מענטשן געגאַנגען, פאַמעלעך, אָבער זיכער, מיט פאַרריסענע קעפּ, מיט געזאַנג אין די מיילער.

דאָס בלוט פון פאָלק פאַרגיסן הײַנקער,
דאָס פאָלק לעבט איבער שווערע פּיין —

האָבן געזונגען די ווייבער מיט די רויטע פענער.

נאָר די באַלוינונג וועט נאָך קומען,
די ריכטער וועלן מיר דאַן זיין. —

האָבן די מענער מיט פעסטע ברוסט־שטימען איבערגעריסן די ווייבערישע געזאַנגען.

פענער יידישע, פּוילישע, דייטשע, אַלע רויטע, פלאַטערנדיקע, האָבן געשוועבט איבער די אָפּגעדעקטע קעפּ, איבער שוואַרץ־געקרויזלטע יידישע, איבער גלאַט־פלאַקסיקע גויאישע. דאָס רעגלמעסיקע קלאַפּן פון די טריט, דאָס געזאַנג פון די מיילער, דאָס וויייען פון די פענער האָט אָנגעצונדן, גערופן. פון אַלע טויערן, פון אַלע ווינקלען האָבן אַלץ נייע שטראָמען אַרויסגעפלייצט, אַריינגעגאָסן זיך אין דער גרויסער כוואַליע. די מענטשן האָבן געשטראָמט אַלץ ווייטער און ווייטער ביז צו דער רייכער פּיעטראָקאָווער גאַס, צו דער גאַס פון געלט, הערשאַפט און גליק.

— שליסן די געשעפטן! אַראָפּנעמען די היטלען! — האָבן די מאַרשירנדיקע גערופן. די מענטשן האָבן געפאָלגט.

ביים ערשטן ראָג האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַן אָפיציר אויף אַ פערד מיט אַ הוילער שווערד אין דער האַנט. הינטער אים איז געשטאַנען אַ מויער מיט סאָלדאַטן. זייערע באַיאָנעטן האָבן געגלאַנצט אין דער הייסער זון, געשפּילט זיך מיט דעם ליכט.

— צוריקגיין! — האָט דער אָפיציר באַפוילן.

קיינער האָט זיך נישט גערירט.

— איך וועל שיסן! האָט דער אָפיציר אַ געשריי געטאָן.

קיינער האָט זיך נישט גערירט.

— פייער! — האָט דער אָפיציר באַפוילן.

אַ זאַלפּ האָט דורכגעשניטן די הייסע שטויביקע לופט.

אַ ווײַלע האָט זיך די מאַסע אַ בויג געטאָן, ווי אַ קאָרן־פעלד אונטער דעם פויערישן שנייד־מעסער. באַלד האָט זי אַ כוואַליע געטאָן און גע־רוקט זיך פאָראויס אויף די באַיאָנעטן. שטיינער און קוילן האָבן גענומען האָגלען אויף די סאָלדאַטן.

דער אָפיציר האָט זיך פאַרמאָסטן מיט דער שווערד, אָבער ער האָט געכאַפּט אַ שטיין אין קאָפּ און אַראָפּגעקייקלט זיך פון פערד. די סאָל־דאַטן האָבן זיך גערוקט הינטער זיך. די כוואַליע האָט זיך גערוקט פאָרויס.

— באַריקאַדן בויען! באַריקאַדן! — האָבן קולות גערופן.

— באַריקאַדן! באַריקאַדן! — האָבן טויזנטער קולות נאָכגעשריגן.

די שטראָמענדיקע כוואַליע האָט אויסגעריסן גאַז־לאָמפּן, שטיינער פון דער ערד, אַראָפּגעצויגן שילדן פון די געשעפטן, געהאַקט טירן און באַ־ריקאַדן געבויט. מען האָט אָפּגעשטעלט פורן, קאַרעטעס, אויסגעשפּאַנט די פערד, די וועגענער איבערגעקערט און אין די באַריקאַדן איינגעמויערט. באַלעגאָלעס מיט די בלויזע פערד און בייטשן האָבן געוויינט, נאָר מען האָט זיי נישט געהערט. פון הויפן האָט מען אַרויסגעשלעפּט ברעטער, אייזנס, טישן, בענקלעך. אַ וואָגן מיט מעל איז דורכגעפאָרן. מען האָט די זעק מעל אַראָפּגעוואָרפן און מיט זיי פאַרשטעלט די שפּאַלטן אין דער באַריקאַדע. אַזוי ווי די מוראַשקעס אַרום זייער נעסט, זענען די מענטשן אַרומגעלאָפן, געשלעפּט שטיקער, געמויערט, באַפעסטיקט. מען האָט לייכט איבערגעקערט שווערע טראַמווייען, אויסגעשרויפט רעלסן. דאָס פאַלן פון שווערע אייזנס און לאַמטערנעס האָט פאַרהילכט די קרעכצן פון די פאַרוואונדעטע, וואָס מען האָט אַריינגעטראָגן אין די טויערן, די געוויינען פון די לעבעדיקע, וואָס האָבן געיאָמערט איבער די געפאַלענע.

די שטאָט איז פאַרגליווערט געוואָרן. אַלע טירן און טויערן האָבן זיך געשלאָסן. מענטשן האָבן זיך באַהאַלטן. בלויז די אָרעמע און אַרבעטנ־דיקע האָבן געהערשט אין שטאָט. זיי האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט, באַשיצט. קינדער האָבן געבראַכט צו טאַטעס טעפּלעך עסן פון דער היים, שטיקער ברויט. יינגלעך האָבן געברענגט צו שלעפּן שטיינער, ברעטער. אין שטאָט איז געוועז שטיל. זעלטן, אַז אַ קנאַל פון אַ שאָס האָט דורכגעלעכערט די

שטילקייט. די נאַכט איז געווען טויב און פינצטער. קיינער האָט קיין פייער נישט אָנגעצונדן. הינטער אַ וואַנט פון אייזנס, ברעטער, זעק און פעסער זענען געזעסן ניסן, טוביה און זיין טאָכטער באַשקע און געוואַכט צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע. די יוני־נאַכט האָט, ווי אַ דאָרפּישע, אויסגעשפּרייט זיך איבער דער רויכערדיקער, באַלויכטענער און טומלדיקער שטאָט אין איר גאַנצער האַלב־חודשדיקער פּראַכט, נישט פאַרשטעלט פון רויך, נישט פאַרגעלט פון פייערן, נישט פאַרטומלט פון געוויש. די לבנה, אַ העלע און פולע, האָט אַ מילכיקע ליכט געגאָסן, די שטערן האָבן געפינקלט, געוואונקען, געשפּילט זיך אין באַהעלטעניש, אין יאָגעלעך. אַלעמאָל איז אַן אַנדערער אַראָפּגעפאַלן. אַ לייכט נאַכטיק ווינטל האָט זיך געבראַכט צו טראָגן פון הינטער דער שטאָט און מיטגעברענגט מיט זיך ריחות פון געשניטן גראָז, פון פעלד־בלימעלעך, פון בליענדיקער אַקאַציע און פון סאָסנע־זאַפּט. דאָס ווינטל האָט אַ שפּיל געטאָן מיט האָר פון קעפּ, מיט צע־שפּיליעטע מענערישע העמדער, מיט ווייבערישע פאַלדן פון קליידלעך.

באַשקע האָט פאַרריסן די אויגן צום הימל, וואָס זי האָט אים זעלטן געזען אין דער רויכערנדיקער שטאָט אַזאַ ריינעם און לויכטנדיקן, זי האָט אַריינגעצויגן אין זיך די אָנגעטראָגענע ריחות, וואָס דער ווינט האָט מיט־געשלעפּט מיט זיך, און איר מיידלשע ברוסט האָט זיך געהויבן פון גליק און געהויבנקייט. די נאַכטיקע שטילקייט, דאָס מילכיקע ליכט פון דער לבנה, דאָס שטערן־שפּיל, די פרעמדע ריחות, די סודותדיקע נאַכט אונטער באַריקאַדן, דאָס דערוואַרטן יעדע ווילע עפּעס אַ געשעעניש, אַ גרויס, אַ מוראדיקס און צוציענדיקס, האָט אויפגעקאָכט איר יונג בלוט. פאַר־שיכורט עס.

— אַזוי צו שטאַרבן, — האָט זי געזאָגט שטיל צו ניסנען, און זי האָט פאַרמאַכט די אויגן.

— פאַרוואָס ? מיר דאַרפן לעבן, — האָט ניסן געענטפערט און זי אָנ־גענומען ביי דער האַנט.

זי האָט זיך אין דער וואַרעמער האַנט איינגעקלאַמערט. זי האָט גע־פילט, ווי שטראָמען פייער גייען אַריבער פון דער מענערישער האַנט אין אירער און צעגיסן זיך איר איבער אַלע גלידער, פון די שפּיץ נעגל אין די פיס ביז די וואָרצלען פון די האָר אין קאָפּ.

— חבר ניסן, — האָט זי געמורמלט, — פאַרוואָס אַנטלויפן מיר אַזוי פון גליק ? איז עס דען נישט אויך פאַר אונדז, קעמפער ?

— יאָ, באַשקע, — האָט ניסן געזאָגט, — אָבער מיר וועלן ערשט קאָנען געניסן דערפון נאָך אונדזער קאַמף. ווען מיר וועלן האָבן אויס־געקעמפט פרייהייט.

— און מיר וועלן עס נאָך דערלעבן ?

מיר דאַרפן גלויבן, באַשקע, — האָט ניסן געזאָגט מיט בטחון.

מיטן מאָרגנשטערן צוגלייך האָבן זיך קאָזאַקן דערנענטערט צו די באַריקאַדן.

— מיט די באַיאָנעטן, פאָרויס! — האָט דער אָפיציר באַפוילן.

די סאָלדאַטן זענען געגאַנגען מיט די בליצנדיקע באַיאָנעטן אויסגעשטרעקטע צו דער אַטאַקע.

— חברים, מיט שטיינער זיי באַגעגענען! — האָבן די מענטשן פון דער אַנדערער זייט באַריקאַדע גערופן.

אַ האָגל שטיינער האָט זיך אַ שאָט געטאָן אויף די אַטאַקירנדיקע סאָלדאַטן. זיי האָבן זיך צוריקגערוקט.

— פייער! — האָט דער אָפיציר באַפוילן.

די סאָלדאַטן האָבן באַשאָסן די באַריקאַדע.

אַ גאַנצן טאָג צייט איז אָנגעגאַנגען די מלחמה צווישן די פאַרבאַריקאַדירטע מענטשן און די באַוואָפנטע סאָלדאַטן. די באַריקאַדע איז געווען פעסט, די קוילן זענען צוריקגעשפּרונגען פון איר. נאָכמיטאָג זענען די סאָלדאַטן אַרויפגעקראָכן אויף די דעכער פון די הייזער, אויף די באַלקאָנען, און פון דער הויך אַראָפּגעשאָסן, גלייך צו די מענטשן. צווישן די מענטשן איז געוואָרן אַ בהלה, קרעכצן פון פאַרוואונדעטע האָבן געריסן די לופט. אַ סך האָבן גענומען לויפן, צוריקציען זיך.

— חברים, האַלטן זיך, נישט לויפן! — האָבן די פירער גערופן.

די מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט. אָבער די קוילן פון דער הויך האָבן ווידער געהאָגלט און די מאַסע האָט זיך געבראָכן. זעענדיק, אַז באַלד וועלן אַלע זיך צעלויפן, האָט באַשקע אַרויפגעכאַפּט זיך אויף אַ פאַס.

זינגט־זשע הויך, זינגט־זשע הויך אונדזער ליד,
די פאָן, זי פלאַטערט איבער טראָנען!

האָט זי געזונגען און געפאָכעט מיט דער פאָן אין דער הויך.

די מענער האָבן זיך פאַרשעמט פאַר זייער שוואַכקייט לעבן דער זינגענדיקער פרוי, געקראָגן מוט, און מיט פעסטע שטימען אונטערגעהאַלטן דאָס געזאַנג.

צוויי סאָלדאַטן, אַ הויכער און אַ קליינער, זענען געשטאַנען אויף אַ דאַך און זיך צוגעקוקט צום מיידל, געהילט אין דער רויטער פאָן.

— וועסט זי נעמען אויפן ציל? — האָט דער הויכער געפרעגט ביים קליינעם.

— איך וועל זי נעמען, — האָט דער קליינער געענטפערט.

— וועסט זי נישט נעמען.

— וועטן מיר זיך, אַז יאָ.

— אין אַ פּאַפּיראָס?

— אין אַ פּאַפּיראָס!

דער קליינער סאָלדאַט האָט אָנגעשטעלט די ביקס, פאַרמאַכט דאָס

לינקע אויג, גוט איינגעקוקט זיך אין רויטקייט און אַ צי געטאָןביים צינגל.

דאָס מיידל איז אַראָפּגעפאַלן פון פאַס צוזאַמען מיט דער פאָן.

— געוואונען, — האָט דער קליינער סאָלדאַט געזאָגט אַ צופרידענער.

— ריכטיק, געוואונען, — האָט דער הויכער נאָכגעזאָגט, אַרויסגע־צויגן אַ פּאַפּיראָס פון היטל און דערלאַנגט דעם גוטן צילער.

די מענטשן זענען געלאָפן פון דער באַריקאַדע.

צוזאַמען מיט אַנדערע האָבן געאיילט ניסן און טוביה און געטראָגן אויף די אַקסלען די פאַרוואונדעטע באַשקע. איר בלוט איז גערונען אויף דער רויטקייט פון דער פאָן.

## קאַפּיטל ניינצן

פאַר די טויערן פון פלידערבוימס שפּיטאָל האָט זיך אַרומגעדרייט אַ פינצטערער און געבויגענער טוביה וועבער און געצויגן זיין דאַרן קנאָכיקן האַלדז פון שווייסיקן פאַפּירענעם קעלנערל. די אויגן זיינע, רויטע און פיבערדיקע, האָבן געריסן זיך פון די געדיכטע ברעמען אַרויס און גע־בלאָנדזשעט פאַרלוירענע איבער דעם שווער־פאַרמאַכטן אייזערנעם שפּי־טאָל־טויער, געקלעפּט צו די פאַרהאַנגענע שפּיטאָל־פענצטער אין דער הויף.

מען האָט אים נישט אַריינגעלאָזט אין שפּיטאָל צו זיין באַשקען. צוויי סאַניטאַרן אין ווייסע פאַרטעכער האָבן זי אַריינגעטראָגן און פאַרהאַקט פאַר אים דאָס טויער פאַר דער נאָז.

— שבת קומט, — האָבן זיי געזאָגט. — אין מיטן דער וואָך קאָן מען נישט אַריינגיין!

טוביה איז געבליבן שטיין פאַר דער פאַרקלאַפּטער טיר און געגראַבלט אין קאַלטן אייזן מיט קראַמפּיקע פינגער, ווי אַ הונט, וואָס קראַצט מיט די נעגל אין דער טיר פון אַ שטוב, פון וועלכער מען האָט אים אין אַ קאַלטער ווינטער־נאַכט פאַרטריבן.

— לאָזט מיך אַריין! — האָט ער גערופן, ווי אַ קינד, וואָס פאַרשטייט נישט דעם זין פון זאַכן. — צו מיין טאָכטער!

מען האָט אים נישט אַריינגעלאָזט.

ער איז אַרומגעלאָפן לענגאויס דעם שפּיטאָל, געריסן די אויגן צו אַלע טירלעך און פענצטער, ווי ער וואָלט געזוכט אַן עפענונג. אָבער אַלע זענען זיי געווען געשלאָסן. ער איז נישט אַהיימגעגאַנגען. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אַרום דעם טויער. יעדער מאָל, וואָס דער שפּיטאָל־טויער האָט זיך געעפנט, האָט ער אויפסניי געגעבן זיך אַ ריס צום הויף און יעדער מאָל אויפסניי האָט אים דער רויט־פּנימדיקער און גרויס־וואָנציקער גוי, דער דינער אין דעם אוניפאָרם, אַרויסגעשטופּט פון אָפענעם טויער אַרויס.

— טראָגט זיך! — האָט ער געררופן בייז. — געגאַנגען!

טוביה האָט אים אַריינגעשטעקט אַ מטבע אין דער האַנט.

— לאָזט מיך אַריין, ליבער מענטש, — האָט ער זיך געבעטן, גאָרנישט ווי זיין שטייגער איז געווען, — צו מיין טאָכטער.

דער גוי האָט די מטבע צוגענומען, אָבער דעם ייד נישט אַריינגעלאָזט.

— צופיל ברענגט מען זיי היינט אין שפּיטאָל, — האָט ער געזאָגט, — צופיל, דער אינטענדענט האָט שטרענג באַפוילן נישט אַריינצולאָזן, פאַר־פאַלן.

דער שפּיטאָל־טויער האָט זיך אָפּט געעפנט. די קאַרעטקע פון דער גיכער הילף האָט מיט אַ קלאַפּן פון פערדישע פּאָדקאָוועס און מיט אַ הילכיקן טרומייטערן געלאָזט זיך אַלעמאָל אויפסניי הערן ביים פאַבריק־טויער. סאַניטאַרן אין פאַרבלוטיקטע פאַרטעכער האָבן אַריינגעטראָגן פאַר־וואונדעטע. די שוואַרץ־געקליידעטע עגלה־יידן האָבן ביים גלאָק געריסן, מיט די שוואַרץ־באַדעקטע פערד לאַנגזאַם אין שפּיטאָל־הויף אַריינגעפאָרן און אַרויסגעפירט מתים. קופּקעס מענטשן זענען באַפאַלן די עגלות מיט געוויין און יללות. די עגלה־יידן האָבן געיאָגט, געטריבן די פערד, נישט געוואָלט וואַרטן אויף די באַגלייטער. מערסטנס זענען דאָס געווען אָרעמע לויות, פון וועלכע מען קריגט נישט קיין געהעריקן טרינק־געלט און די עגלה־יידן האָבן געיאָגט און געברומט בייז:

— אַ סוף, אַ סוף, נישטאָ קיין צייט!

ווייבער, קלאָגנדיקע, מיט צעשויבערטע שייטלען, מיט געשוואָלענע אויגן, זענען נאָכגעלאָפן דעם האָצקעדיקן וואָגן איבער די שפּיציקע שטיי־נער און געשלאָגן זיך מיט די פויסטן אין די הערצער, פאַרגאַנגען זיך אין געוויין. אין דראָזשקעס, צופוס, אויף די פּלייצעס, האָט מען פאַרוואונדעטע געפירט אין שפּיטאָל, געל־פּנימדיקע מענטשן מיט פאַרבאַנדאַזשירטע קעפּ. אָפטמאָל האָבן פּאָליציאַנטן געבראַכט אַ שווער פאַרוואונדעטן, וועלכן זיי האָבן, באַוואָפנטע, געהיט ביים קראַנקן בעט ביז צו דער לעצטער רגע. ווייבער מיט קוישלעך אין די הענט, יידן מיט אָרעמע פאַרשטויבטע בערד, צעשויבערטע מיידלעך, האָבן זיך אַרומגעדרייט ביי די מויערן. זיי האָבן געקרעכצט, געבראָכן די הענט, געריסן זיך צום טויער, אָפּגעשטויסן געוואָרן, ווידער זיך געריסן. צווישן אַלע האָט אַרומגעבלאָנדזשעט טוביה וועבער. ער איז נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט, נישט אַהיימגעגאַנגען עסן נישט אָפּגעטראָטן פון שפּיטאָל אַפילו ביינאַכט. ווען דער הונגער האָט אים שוין צופיל געפּייניקט, האָט ער געגעסן אַ שטיקל טרוקן ברויט. ווען דער שלאָף האָט אים פון די פיס געוואָרפן, האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטיינערנער שוועל און געדרימלט. דאָס ווייב זיינס, קיילע, האָט אים מיט קללות און געשרייען געטריבן אַ היים, נאָר ער האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן.

ער האָט געשטופּט די שפּיטאָל־דינער געלט אין די הענט, זיי זאָלן

אַריינגיין זיך דערוויסן אין דער פּאַלאַטע, וואָס איז מיט זיין באַשקען. ער איז, ווי אַ יידענע, נאָכגעלאָפן די דאָקטוירים, וואָס זענען אַרויס פון שפּיטאָל, און געבעטן ביי זיי רחמים, אויסגעפרעגט זיי וועגן זיין טאָכטער. מען האָט אים געטריבן, געיאָגט, געזידלט, אָבער ער איז נישט אָפּגע־טראָטן. דער שטענדיק שטאָלצער, רעוואָלוציאָנערער, צאָרנדיקער טוביה האָט פאַרגעסן אין זיין ווירדע, רעוואָלוציאָנערישקייט, קלאַסן־האַס און, גלייך מיט אַלע דערשלאָגענע ווייבער, נאָכגעלאָפן די דאָקטוירים, די אויסגעפּוצטע און זאַטע, כדי צו דערגיין עפּעס וועגן זיין באַשקען.

— שלעכט, — האָבן זיי אים געזאָגט, — זייער שלעכט. די קויל איז דורך דער לונג.

טוביה האָט דערפילט, ווי זיין האַרץ שטעלט זיך אָפּ. ער האָט נישט געקאָנט איינזיצן. ער האָט זיך געריסן אין טויער אַריין. ער האָט אַלע שפּיטאָל־דינער פאַרמאַטערט. ער איז די וועכטער נאָכגעלאָפן. ער איז צו די דאָקטוירים געגאַנגען, געבעטן, גערעדט, געוויינט. זיי האָבן נישט געקאָנט פון אים פּטור ווערן און, קעגן דעם רעגולאַמין, אים אין די נעכט אַריינגעלאָזט אין דער פּאַלאַטע.

אין דער גרויסער שפּיטאָל־פּאַלאַטע, שוואַך־באַלויכטן, איינגעהילט אין נאַכטיקן שאָטן, זענען בעטן אין געדיכטע רייען געשטאַנען אויסגעשטעלט. פון יעדן פון זיי האָט זיך געטראָגן ווייטיק און צער. די וועכטערינס אין די ווייסע פאַרטעכער זענען כסדר פאַרפאַלן געוואָרן. די קראַנקע האָבן נישט אויפגעהערט רופן, וויינען, קרעכצן און בעטן הילף.

— שטילער! שטילער! — האָבן זיך די וועכטערינס געבייזערט. — איר זענט נישט די איין־און־איינציקע דאָ.

עלטערע ווייבער האָבן געזיפצט, געברומט.

— זיי האָבן דען דעם קאָפּ צו די קראַנקע? — האָבן זיי געמורמלט. — זיי ליגן אָפּ ביי די פעלדשערס און די וועכטערס. אוי, ווי ביטער עס איז דער מזל פון אַן אָרעמאַן!

צווישן אַלע בעטלעך איז געשטאַנען באַשקעס בעטל מיט אַ טאָפּל צוקאָפּנס, באַצייכנט מיט דעם נאָמען, קראַנקהייט און טעמפּעראַטור. זי האָט געסאָפּעט שווער, די קראַנקע, ווי אַן אַלטע מאַשין, וואָס הערט אויף אַרבעטן. זי האָט נישט געקאָנט אָטעמען.

— לופט! — האָט זי גערופן. — אַביסעלע לופט, אַ טראָפּעלע!

טוביה האָט זי געוומען ביי דער האַנט.

— באַשקע, קינד מיינס, — האָט ער גערופן, — נו, וואָס זאָל איך טאָן פאַר דיר?

— לופט, — האָט באַשקע געבעטן. — כ׳קאָן נישט מער.

טוביה איז געלאָפן צו די פעלדשערס, צו די וועכטערינס.

— טוט עפּעס, מענטשן טייערע, — האָט ער געבעטן און געבראָכן די הענט.

זיי האָבן אים נישט געהערט.

—דער דאָקטאָר וועט קומען, וועט ער זען, — האָבן זיי געענטפערט.

טוביה איז געלאָפן צום דאָקטאָרס קאַבינעט. אָבער מען האָט אים נישט אַריינגעלאָזט. און אַז ער האָט אים שוין אַפילו געקריגן, דעם דאָקטאָר, האָט יענער אויך גאָרנישט געטאָן. ער איז צו אַ בייזער צום בעט, אַ טאַפּ געטאָן די קראַנקע ביים פּולס, פאַרקרימט זיך און אַוועקגע־גאַנגען מיט דעם אייגענעם, מיט וואָס ער איז געקומען.

— עפּענען אַביסל דאָס פענצטער, — האָט ער אַ ברום געטאָן, — און איר דרייט זיך דאָ נישט. דאָ איז אַ שפּיטאָל. מיר ווייסן אַליין, וואָס מיר האָבן צו טאָן!

טוביה האָט זיך געוואָרפן אויף דער ערד פאַר דעם בעטל. ווי וואָלט ער אַוועקגעגעבן זיין באַשקען די גאַנצע לופט, וואָס ער האָט, די אייגענע לונגען, דאָס גאַנצע לייב און לעבן! אָבער ער האָט איר קיין איין טראָפּן לופט נישט געקאָנט געבן.

— טאָכטער! — האָט ער גערופן. — באַשקע, נו, וואָס זאָל איך טאָן פאַר דיר, וואָס?

זי האָט אים אין דעם ווייטיק אַ ליבן בליק געשיקט, מיט דער שוואַ־כער האַנט אים געגלעט די הענט.

— טאַטע! — האָט זי געררופן. — טאַטעשי.

אָבער באַלד האָט איר ווידער גענומען שטיקן. ווי אַ פיש האָט זי געעפנט דאָס מויל, געריסן זיך פון אָרט.

— איך ווער דערשטיקט, ראַטעווע מיך!

זי האָט פּלוצלונג גענומען רייסן פון זיך דאָס בעטגעוואַנט, דאָס העמד פון לייב, פליקן די האָר פון קאָפּ.

טוביה האָט אַזוי גענומען שרייען אין דער נאַכט, אַז אַלע קראַנקע האָבן זיך אויפגעכאַפּט און די וועכטער זענען זיך אָנגעלאָפן. מען האָט דער קראַנקער אַן איינשפּריצונג געמאַכט און טוביהן אַרויסגעוואָרפן.

אַ גאַנצע נאַכט איז ער נישט אָפּגעטראָטן פון שפּיטאָל. ווי אַ חיה אין אַ שטייג איז ער אַרומגעלאָפן אַרום דעם מויער. ער האָט אַלץ גע־הערט זיין באַשקען רופן:

„איך ווער דערשטיקט, ראַטעווע מיך!"

פאַרטאָג איז דער וועכטער אים געקומען רופן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז דער סוף. אין בעט איז געלעגן באַשקע, באַגאָסן מיט שווייס. ער האָט אָנגערירט איר האַנט. זי איז געווען קאַלט און מאַכטלאָז. דער פעלדשער האָט גענומען איר דופק, געטאַפּט אַ ווײַלע און אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. זי האָט מער נישט געשריגן, בלויז שווער געאָטעמט. באַלד האָט זי גענומען האַקן מיט די ציין. די אויגן האָבן זיך פאַרגלאָצט, איבערגעקערט זיך. אַ ווײַלע האָבן זיי זיך געעפנט, אַ קוק געטאָן אויפן פאָטער און זיך פאַרמאַכט. טוביה האָט גענומען רופן:

— מענטשן, גיכער!
דער פעלדשער איז צוגעקומען און אים אָנגענומען ביי דער האַנט.
— שוין! — האָט ער געזאָגט.
טוביה איז געפאַלן אויפן בעטל און נישט געלאָזט רירן זיין טאָכטער.
מיט כוח האָט מען אים אָפּגעריסן פון בעטל. איידער ער האָט זיך אומגעקוקט, איז דאָס בעטל געווען ליידיק. בלויז אין בעטגעוואַנט איז געווען נאָך דער פרישער סימן פון מענטש, וואָס איז געלעגן דאָרט. אַ גע־בויגענער ביז דער ערד, האָט ער זיך געשלעפּט איבער די שווערע טרעפּ, געזוכט דאָס קיל־שטיבל. צוויי וועכטער האָבן אים געוואָלט אַרויספירן פון שפּיטאָל־הויף, אָבער זיי זענען אים נישט בייגעקומען. איינער אַליין איז ער געזעסן אין קיל־שטיבל צווישן די מתים און געוואַכט לעבן זיין טאָכטער.
אינדערפרי זענען מענטשן געקומען צו אים, חברים, פריינט. ניסן איז געקומען. ער האָט נישט געהערט, וואָס מען האָט גערעדט צו אים. די מענטשנס רייד זענען אים פרעמד געווען.
די לויה איז געווען אַ גרויסע. פאַבריקן האָבן זיך געשלאָסן. טויזנטער אַרבעטער האָבן מאַרשירט. אויך האָט מען די טויטע אין דער רויטער פאָן איינגעהילט. אַרבעטער האָבן קרענץ געטראָגן. וואו די לויה איז דורכ־געגאַנגען האָט מען די געשעפטן צוגעמאַכט. די באַגלייטער האָבן די קעפּ אָפּגעדעקט. אויף אַלע טראָטואַרן און באַלקאָנען זענען טויזנטער מענטשן געשטאַנען. טוביה איז געגאַנגען פאַרשטיינערט, אַלץ איז אים געווען פרעמד, דערווידער. ער האָט קיין זאַך נישט געזען אַ חוץ זיין אייגענע בראָך. די פאַרגלאָצטע אויגן פון זיין באַשקען, וואָס האָבן זיך אין גסיסה געעפנט, כדי אויף אים דעם לעצטן קוק צו געבן, זענען אים פאַר די אויגן געשטאַנען, דאָס בלוט פאַרגליווערט.
אויפן בית־עולם האָט מען רעדעס געהאַלטן, רעוואָלוציאָנערע לידער געזונגען. טוביה האָט עס נישט געקאָנט הערן. ער האָט נישט געקאָנט זען ווי דער כאָר שטעלט זיך אויס אין אַ ריי, ווי אויף אַ פּאַראַד, ווי די בחורים נעמען די פעסטע טענער, ווי די מיידלעך ציען די סאָפּראַנען. וואָס האָט דאָס אַלץ אָנגעהערט זיך מיט זיין טאָכטער, מיט זיין באַשקען? אים האָבן געבריט די האָפערדיקע רייד פון די רעדנער, וואָס האָבן גע־רופן צום קאַמף פאַר לעבן און פרייהייט. צו וואָס לעבן און פרייהייט, ווען זי, באַשקע, איז נישטאָ מער? ווי נאָדלען האָבן אים געשטאָכן די רייד פון פרעמדן קאָמיטעט־מענטש, וואָס האָט זיין רעדע אויפן פאַרשאָ־טענעם קבר געהאַלטן.
אַ שיינער, אַ שוואַרץ־אויגיקער, מיט גרעסערע לאָקן און מיט אַ בערדל, איז ער געשטאַנען, דער קאָמיטעט־מאַן, און געצויבערט מיט זיין רעד־נער־קראַפט, אויפגעהויבן די שטים, אַראָפּגעלאָזט, געגלעט מיט איר ווי סאַמעט, באַלד געצונדן, געדונערט, און ווידער אַריינגעפאַלן אין טרויער־אומעט. ער האָט געקאָנט רעדן, אַ מייסטער געווען דערין. ער האָט גע־

וואוסט, וואו צו ווערן נביאיש שטאַרק און וואו סענטימענטאַל ווייך, ווען צו שיטן קוילן און ווען צו גלעטן, אָנזאָפּן די שטים מיט טרערן. ער האָט געשפּילט, געקוקט מיט די גרויסע שוואַרצע אויגן אַרום זיך, געזען דעם איינדרוק, וואָס ער מאַכט, און נאָך מער אַריין אין דער ראָלע. טוביהן האָבן זיינע ווערטער געשטאָכן, געשפּיזט. אויף דעם קבר פון ז י י ן באַשקען איז יענער געשטאַנען, אויף דער פרישער ערד פון זיין געליב־טער טאָכטער, געהאַנדלט זיך און געשפּילט. די ווערטער זענען ווי שטיינער אים געפאַלן אין קאָפּ.

און אַז דער רעדנער האָט דערנאָך אַרויסגענומען דאָס העמד, דאָס לעצ־טע העמד פון דער טויטער, וואָס איז געווען אויסגעווייקט אין בלוט פון דער וואונד, און עס אויפגעהויבן אין דער הויך מיט אַ רוף:

„ביים בלוט פון דער אומגעקומענער שווערן מיר נקמה!״

האָט עס טוביה ניט געקאָנט זען. ער האָט דאָס העמד אַרויסגעריסן און באַהאַלטן אונטערן רעקל, צום האַרץ צוגעדריקט.

— לאָזט מיך! — האָט ער זיך געריסן פון די מענטשן, וואָס האָבן אים געהאַלטן ביי די הענט.

דער עולם איז געווען אַנטוישט. די גאַנצע שטימונג איז געווען געפּטרט.

טוביה האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער פריש־באַשאָטענער ערד און געקוקט מיט וואַנזיניקע אויגן אַרום זיך. לעבן אים איז געשטאַנען אַ שווייגנדיקער און פינצטערער, ניסן.

אויף די בית־עולם בוימער האָבן פויגעלעך געצוויטשערט, געשטיפט און געזונגען. פון ווייט האָט אַ סירענע געפּייפט.

## קאַפּיטל צוואַנציק

דער געוועזענער פּראָלעטאַריאַטשיק און איצטיקער פּעפּעסאָוויעץ מאַר־טשין קוטשינסקי איז געווען אַרומגערינגלט מיט פּאָליציי און אַגענטן, ווי אַ האָז פון יאַגד־הינט. אויף אַלע וועגן, וואָקזאַלן האָבן שפּיאָנען געהיט זיי־נע טריט. עס איז געווען אוממעגלעך פאַר אים אַרויסצוקריגן זיך פון דער שטאָט.

שוין אַכט טעג צייט, ווי ער מיט זיין טעראָריסטישער גרופּע האָבן געמאַכט אַן אָנפאַל אויף דער באַן־סטאַנציע ראָגאָוו, ביי לאָדזש. אין מיטן העלן טאָג איז דער נישט־פאַרענדיקטער סטודענט פון וועטערינאַרן־אינ־סטיטוט מאַרטשין קוטשינסקי באַפאַלן מיט זיינע לייט די סטאַנציע, דער־שאָסן די סאָלדאַטן, וואָס האָבן געהיט דעם פּאָסט־וואַגאָן, אַרויסגעכאַפּט עטלעכע פּעקלעך פּאַפּיר־געלט און אַנטלאָפן דורך זייטיקע וועגן קיין לאָדזש.

מאַרטשין קוטשינסקי איז געווען זייער צופרידן פון זיין פאַנג. פון

די צייטונגען, וואָס ער האָט גלייך צומאָרגנס פאַרטאָג אָנגעקויפט, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז פון פאָסט־וואַגאָן זענען צוגענומען געוואָרן דריי זעקלעך מיט גאַנצע צוויי הונדערט טויזנט רובל. מיט אַזאַ סומע האָט שוין די פאַרטיי געקאָנט זיך אַ ריר געבן, פונאַנדערנעמען די הענט. אָבער די מענטשן פון זיין גרופּע האָבן אים בלויז אַ העלפט דערפון געבראַכט. מען האָט נישט געקאָנט ציילן דאָס געלט אויף דעם אָרט. מען האָט געמוזט וואָס פריער אַנטלויפן. אויך האָבן נישט אַלע טעראָריסטן געקאָנט צוזאַמען אַנטלויפן. יעדער איז געלאָפן מיט אַן אַנדער וועג. ערשט אויפן דריטן טאָג האָט מען געקאָנט זיך טרעפן אין לאָדזש אויף דער קאָנספּיראַטיווער וואוי־נונג. אָבער אָנשטאָט דריי זעקלעך, האָבן די מענטשן געבראַכט בלויז צוויי זעקלעך, אַנשטאָט צוויי הונדערט טויזנט רובל ווי עס איז געווען אין די צייטונגען, האָבן זיי געבראַכט בלויז אַ העלפט דערפון.

מאַרטשין קוטשינסקי איז געווען אויסער זיך פאַר צאָרן.

— וואו איז דאָס איבעריקע געלט? — האָט ער געפרעגט ביי זיינע מענטשן.

— אַזויפיל האָבן מיר גענומען. מער איז נישט געווען.

— אין די צייטונגען איז אָפּגעדרוקט, אַז עס איז געווען טאָפּלט!

— אַזוי פיל וויפל מיר האָבן גענומען, אַזויפיל האָבן מיר געבראַכט, — האָבן די מענטשן געזאָגט.

קוטשינסקי איז געוואָרן אַן אויפגעקאָכטער.

— איך וועל נישט דערלאָזן קיין באַנדיטיזם אין דער טעראָריסטישער אָרגאַניזאַציע, — האָט ער געקלאַפּט אין טיש. — מיטן לעבן וועט באַ־צאָלן יעדער, וואָס וועט איין גראָשן אַראָפּנעמען פאַר זיך.

— דאָס איז אונדזער לוין פאַר אונדזער אַרבעט, פאַר איינשטעלן דאָס לעבן? — האָבן די טעראָריסטן געזאָגט באַליידיקטע. — גוט, מיר וועלן זיך שטעלן צו אַ פאַרטיי־געריכט. נאָר אַז ס'וועט זיך אַרויסווייזן, אַז די באַשולדיקונג איז געווען אַ פאַלשע, וועלן מיר זוכן גערעכטיקייט פאַר דער באַליידיקונג, אונדזער אייגענע גערעכטיקייט...

זיי זענען האַסטיק אַוועק פון הויז.

קוטשינסקי האָט געזוכט הילף ביים צעקאַ. אָבער דער צעקאַ האָט זיך נישט געוואָלט אַריינמישן אין דער זאַך.

— מיר ווילן מער נישט האָבן דערמיט צו טאָן, — האָבן די צעקאַ־לייט געענטפערט. — מיר ווייסן נישט מער, וואו עס הויבט זיך אָן דער טעראָר און וואו עס ענדיקט זיך דער באַנדיטיזם, חבר קוטשינסקי.

קוטשינסקי האָט זיי מיט פאַראַכטונג געוואָרפן דאָס זעקל געלט אין פּנים און איז אַוועק.

— אַליין וועל איך מיר מיין שטעטל באַשטיין, — האָט ער געזאָגט און איז אַ צאָרנדיקער אַרויס.

שוועדע טעג האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר קוטשינסקין. צעריסן מיט

זיין טעראָריסטישער גרופּע, צעקריגט מיט דער פּאַרטיי, געהיט פון אַגענטן און שפּיאָנען, האָט ער קיין ווינקל זיך נישט געפונען אין דער גרויסער שטאָט. ר'האָט נישט געוואָלט קיינעם פון זיינע נאָענטע און פריינט אַריינ־ציען אין קיין צרה. ער האָט געוואוסט, אַז יעדער, וואָס וועט אים אויסבאַ־האַלטן, וועט באַצאָלן מיטן לעבן. שוין צו שטאַרק האָט מען איצט געזוכט זיין קאָפּ נאָך דער גרויסער עקספּראָפּריאַציע. אַרויסקריגן זיך פון שטאָט איז געווען אוממעגלעך.

קוטשינסקי האָט גענומען לעבן אַ וואָגלער־לעבן, הפקר, גרייט אויף אַלץ, ווי שטענדיק, ווען מען האָט שוין נישט מער וואָס צו פאַרלירן.

מיט עטלעכע רעוואָלווערן אין די טאַשן, מיט אַ סך קוילן אין רעזערוו, האָט ער אַרומגעבלאָנקעט איבער דער באַלאַגערטער שטאָט און געוואַרט יעדער מינוט, מען זאָל אים כאַפּן. אונטערגעבן זיך אָן קאַמף האָט ער נישט געטראַכט. ער האָט געוואוסט, אַז זיין גורל איז געחתמעט אין דער שטאָט, אַז מיט יעדן טאָג מער דערנענטערט זיך זיין סוף. מיט זיין געניט אויג פון אַ רעוואָלוציאָנער, האָט ער געזען, אַז די פּאָליציי פאַרשפּאַרט אים וואָס מער די שטאָט, וויל אים פּאַקן ביי אַ ווינקל, ביי אַ טויבער וואַנט, און נעמען אים. ער האָט דערוואַרט זיין סוף יעדער מינוט. אָבער גע־וואוסט האָט ער אויך, אַז נעמען אים אָן קאַמף וועלן זיי נישט. ער וועט פריער עטלעכע פון זיי אַרייניאָגן קוילן אין די קעפּ אַריין, וויפל נאָר ער וועט האָבן. די לעצטע קויל וועט ער זיך אַליין געבן. דער געדאַנק האָט אים גרינגער געמאַכט, אַ טרייסט אים געווען אין די וואָגלענדיקע טעג.

ער האָט זיך געשפּילט מיט דער פּאָליציי. דוקא, ווייל זיי האָבן אים געהיט ביי די וואָקזאַלן, ביי די וועגן, אַרומגעיאָגט זיך נאָך אים איבער אַלע פאַרדעכטיקטע קאָנספּיראַטיווע פלעצער, איז ער גאָר אַרומגעקראָכן איבער די גאַסן, וואו ער האָט אַמווייניקסטנס געדאַרפט זיין. ער איז אַריין אין קירכן, אויסגעמישט זיך מיט די בעטנדיקע און שעהן־לאַנג אָפּגעזעסן דאָרטן, ביז צום לעצטן. ער האָט אַריינגעכאַפּט זיך אין ביבליאָטעקן, גע־קוקט אין ביכער, וואָס זענען אים גאַנץ פרעמד געווען, אַבי אַוועקצוהרגענען צייט. ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבער מערק, פלעצער, איבער אַלע געגנטן און לעכער, וואו עס זאַמלען זיך אַ סך מענטשן, און ער האָט געהאַלטן אויג אַרום זיך, געשמעקט מיט די נאָזלעכער געפאַר, ווי אַ חיה אין וואַלד. מיט הנאה האָט ער געלייענט אין די צייטונגען וועגן די יאָגענישן פון דער פּאָליציי נאָך אים.

ביי טאָג איז נאָך געווען ווי נישט איז. שלעכט איז געווען אין די נעכט. אין קיין האָטעל קומען האָט מען נישט געקאָנט, אַפילו נישט מיט קיין פאַלשן פּאַס. אַלע דינער האָבן געהאַט זיין פאָטאָגראַפיע פון דער פּאָליציי. אין קיין פריילעך־הייזל האָט מען נישט געטאָרט אַריינשמעקן. די מיידן זענען מערסטנס געווען אַגענטקעס. קיין גערטנער, פּאַרקן זענען אין דער שטאָט נישט געווען. קוטשינסקי האָט זייער שלעכטע נעכט פאַר־

בראַכט. אין די אָוונטן האָט ער זיך נאָך אָן עצה געגעבן. ער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ רעסטאָראַנדל, אַמאָל אַפּילו אין אַ יידיש בית־המדרש, וואו ער האָט זיך פאַרשפּאַרט אין אַ ווינקל און געשאָקלט זיך, גלייך ווי אַלע יידן האָבן עס געטאָן. ער האָט אַפּילו נאָכגעברומט, ווען די קדישים האָבן געזאָגט קדיש אַלע צוזאַמען. קיינער האָט זיך אויף אים אין געדיכטעניש נישט אומגעקוקט. אַמאָל פלעגט ער אויך זיך אַריינכאַפּן צו אַ בעקער אין אַ קעלער און כאַפּן אַ קערטל מיט די געזעלן, וואָס זענען אַלעמאָל בעלנים דערויף, אַלצאיינס ווען און מיט וועמען. שלעכט איז געוואָרן, ווען מען האָט די טויערן פאַרמאַכט. ווי אַ הפקרדיקער הונט פלעגט קוטשינסקי אַרומקריכן אין די נעכט. ער האָט מקנא געווען די קעץ, וואָס קריכן אַזוי לייכט אַריין אין די קעלערס דורך די פאַרקראַטעטע קעלער־לעכער.

נאָך דער דריטער נאַכט אַרומקריכן אָן שלאָף, האָט ער מער שוין נישט געקאָנט אויף די פיס שטיין און ער האָט זיך געלאָזט גיין מיט דער ערשטער בעסטער גאַסן־מויד, וואָס האָט אים גערופן. זי האָט אים אַריינ־געפירט אין אַ קליין בוידעם־שטיבל.

— פאַרוואָס טוט איר זיך נישט אויס? — האָט זי אים געפרעגט.

— איך וועל אַזוי איבערליגן די נאַכט, — האָט ער געזאָגט.

— איך געפעל אייך נישט? — האָט זיך די מויד באַליידיקט.

— ביסט שיין, זייער שיין, — האָט איר קוטשינסקי געמאַכט אַ קאָמפּלי־מענט, — נאָר איך בין מיד, שרעקלעך מיד. לאָז מיך שלאָפן.

ער האָט אַרויסגענומען די רעוואָלווערן און זיי געלייגט צוקאָפּנס.

— זאָלסט נישט אַראָפּגיין אויף קיין מינוט, — האָט ער איר אָנגע־זאָגט שטרענג, — טאָמער וועט מען קלינגען אין טויער, זאָלסטו מיך אויפוועקן! באַצאָלן וועל איך דיר פריערדיק. בעסער אַזוי.

— גוט, איך וועל אויפוועקן, — האָט די מויד געזאָגט, קוקנדיק מיט מורא אויף די רעוואָלווערן.

— זיי זענען געלאָדן? — האָט זי געוואָלט וויסן.

— געוויס.

— שלאָף רואיק, — האָט די מויד געזאָגט, אַראָפּציענדיק פון זיך די קליידער, — אויף יעדן פאַל קאָן מען דאָ אַרומעט אַרויסקריכן צום בוידעם, דורכן פענצטער.

פאַרטאָג האָט אים די מויד אויפגעוועקט.

— פאַניע, מען קלינגט!

איינס און צוויי איז קוטשינסקי געשטאַנען אויף די פיס. ער האָט געכאַפּט די רעוואָלווערן און דורכן דאַך־פענצטער אַרויס צום בוידעם. דורכן רונדן בוידעם־לאָך האָט ער דערזען אַ גאַנצע חברה פּאָליציאַנטן מיט אַ פּריסטאַוו. אַלע האָבן זיי געהאַט ביקסן אויף די פּלייצעס. דער פּריסטאַוו האָט זיך פאַרשטעקט הינטער די פּאָליציאַנטן.

— קוטשינסקי, גיט זיך אונטער! — האָט דער פּריסטאַוו אַרויפגעשריגן.

קוטשינסקי האָט אָנשטאָט אַן ענטפער אַראָפּעשיקט אַ קויל דורכן לאָך, גלייך אין די מענטשן אַריין. דער קאָמיסאַר האָט אַראָפּגעזעצט זיך אויף דער ערד און געהייסן באַשיסן דאָס הויז. עטלעכע שעה צייט האָט קוטשינסקי געפירט מלחמה פון בוידעם מיט דער אַרמיי פּאָליציאַנטן אַרום הויז. אויף יעדער זאַלפּ פון אונטן האָט ער געענטפערט מיט שאָסן דורך דעם בוידעם־לאָך. אַז אים איז פאַרבליבן נישט מער ווי די לעצטע דריי קוילן, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן. ער האָט זיי געהאַלטן גרייט פאַר זיך, די לעצטע קוילן. אָבער ער האָט נאָך געוואַרט. ער האָט זיי געוואָלט אויסנוצן אין דער לעצטער רגע, ווען די פּאָליציי וועט אַרויפקריכן אים נעמען.

מיט אַ שאַרף אויג האָט ער נאָכגעקוקט יעדער באַוועגונג פון דער פּאָליציי. אַ צייט לאַנג זענען די פּאָליציאַנטן געשטאַנען דערשראָקענע, געמאַכט מיט די הענט און זיך נישט צוגערירט צום הויז. זיי האָבן עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן פון אַ ביקס. קוטשינסקי האָט זיי נישט געענטפערט.

— ער מוז זיין טויט, — האָט דער פּריסטאַוו געזאָגט, — ווער וועט אַרויפקריכן כאַפּן אַ קוק?

— איך, וואַשע בלאַגאָראָדיע, — האָט זיך אַ פּאָליציאַנט אָפּגערופן, און גענומען קריכן ארויף צום בוידעם. קוטשינסקי האָט זיך פאַרשטעקט הינטער דער הענגענדיקער וועש מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט. ער האָט געהערט, ווי מען גראַבלט ביי דער טיר, ווי מען שאַרט מיט די פיס, ווי מען רופט אים. ער האָט זיך נישט אָפּגערופן. דער פּאָליציאַנט האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ, אַרומגעקוקט זיך פון אַלע זייטן. אין דער מינוט האָט קוטשינסקי אים דערלאַנגט מיטן הענטל פון רעוואָלווער אין קאָפּ מיט אַזאַ קראַפט, אַז דער פּאָליציאַנט האָט זיך גלייך אויסגעצויגן, אָן אַ קרעכץ אַפילו. קוטשינסקי האָט גיך אַראָפּגעצויגן פון אים דעם מונדיר, די שטיוול און דאָס היטל און זיך אָנגעטאָן אין דעם. דערנאָך האָט ער גענומען די ביקס אויף די פּלייצעס, דעם פּאָליציאַנט פאַררוקט אין אַ ווינקל און צוגעקראָכן צום לאָך.

— העי, וואָס איז מיט דיר, ראָמאַנענקאָ? — האָט דער פּריסטאַוו גערופן פון גאַס.

— שיקט אַרויף מענטשן, וואַשע וויסאָקאָראָדיע, — האָט קוטשינסקי געענטפערט מיט אַ רוי פּאָליצייאיש קול.

מיט גרויס העלדישקייט האָט דער פּריסטאַוו, צוזאַמען מיט צענדליקער פּאָליציאַנטן, אַ לאָז געטאָן זיך צום בוידעם.

— איבער אַלע ווינקעלעך זוכן! — האָט דער פּריסטאַוו באַפוילן. — לעבעדיק.

אין טומל און אין דער פינצטערניש איז קוטשינסקי אין מונדיר אַראָפּ

מיט די טרעפּ צו דער גאַס. קיינער האָט אים, דעם פּאָליציאַנט, ניש׳ט נאָכגעקוקט.

ווען די פּאָליציאַנטן האָבן ענדלעך געפונען דעם הרוג און אים באַלויכטן מיט אַן עלעקטריש לעמפּעלע, האָבן אַלע מיט אַמאָל אויסגעגלאָצט די אויגן און גענומען זיך צלמען אין שרעק.

— באַטיושקאָ! — האָבן זיי געגרופן, — דאָס איז דאָך אונדזער ראָמאַנענקאָ!

דער פּריסטאַוו האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ.

— אין דער מאַמען אייך, הינטישע זין, — האָט ער געגוואַלדעוועט, — אין דער מאַמעס מאַמעס מאַמען ביז אַלע דורות!

## קאַפּיטל איין און צוואַנציק

דער זשאַנדאַרמען־פּאָלקאָווניק קאָניצקי, אַ פּאָליאַק, וואָס איז איבערגעגאַנגען אויף פּראַוואָסלאַוויע, דער שעף פון דער פּאָליטישער פּאָליציי אין דער רעוואָלוציאָנערער שטאָט לאָדזש, האָט געריבן די קלאָרע ווייכע הענט פון נחת, האָט געדרייט די בלאָנדע וואָנצעס זיגעריש אַרויף, אַלץ העכער און העכער.

— בראַוואָ, בראַוואָ! — האָט ער געמאַכט קאָמפּלימענטן זיינע אַגענטן.— איך וועל עס אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

ער האָט געהאַט פּאַרוואָס פריילעך צו זיין, דער זשאַנדאַרמען־פּאָלקאָווניק קאָניצקי. נאָך לאַנגע און שווערע נעצן, וואָס ער האָט פאַרשפּרייט אויף די אַחדותניקעס אין לאָדזש, נאָך אַ סך אַרבעט, מי, קאָפּ־ברעכעניש און המצאות, האָט ער ענדלעך אַריינגעקריגן אין זיינע הענט דעם לאָדזשער קאָמיטעט מיט דער געהיימער דרוקעריי, מיט אַלע פּראָקלאַמאַציעס, אַרטיקלען און טעזיסן, וואָס עס זענען דאָרט געווען, אַלע, די גאַנצע סמעטענע, זענען געווען איצט אין אַרעסט, געהיט פון אַ סך זשאַנדאַרמען און אַגענטן.

דער זשאַנדאַרמען־פּאָלקאָווניק קאָניצקי איז מער צופרידן געווען פון ד׳עם געראָטענעם געפאַנג זיינעם, ווי פון דעם גאַנצן זיג פון די סאָלדאַטן איבער דער באַריקאַדע אויף די גאַסן. וואָרעם כאָטש אַליין אַ מיליטערמענטש, האָט פּאָלקאָווניק קאָניצקי נישט שטאַרק געגלויבט אין זעלנערישע נצחונות אין דער רעוואָלוציע. פּאָלקאָווניק קאָניצקי האָט מער געהאַלטן פון קאָפּ, ווי פון אַ ביקס. נישט אומזיסט האָט ער אין די יונגע יאָרן שטודירט פּסיכאָלאָגיע און פילאָזאָפיע אין פּעטערבורגער אוניווערסיטעט. אויך איז ער אַליין אַמאָל געווען אַ רעוואָלוציאָנער, געריבן זיך די צוני אין געהיימע קרייזלעך ביי דיסקוסיעס. כאָטש ער האָט שפּעטער אַוועקגעוואָרפן די יינגלערישע נאַרישקייטן, אַרויסגעגעבן די אייגענע חברים,

אַריין אין דינסט און דערשלאָגן זיך ביזן ראַנג פון אַ זשאַנדאַרמען־פּאָל־קאָווניק, האָט ער פונדעסטוועגן נישט פאַרלוירן דעם גלויבן אין וואָרט, האָט ער נאָך אַלץ געגלויבט, אַז דער קאָפּ האָט מער ווערט ווי די ביקס, אַז דאָס וואָרט איז שאַרפער פון דער שווערד, ער האָט געהאַלטן, אַז אין קאַמף קעגן רעוואָלוציאָנערן דאַרף מען אָנווענדן זייער אייגן כלי־זיין, אַרויסשטעלן קאָפּ קעגן קאָפּ, וואָרט קעגן וואָרט, שכל קעגן שכל. מער ווי אין די סטודענטישע יאָרן, האָט פּאָלקאָווניק קאָניצקי שטודירט די סאָ־ציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור. ער האָט געוואוסט אַלע ווערק איבער סאָציאָלאָגיע און עקאָנאָמיק, האָט געקענט אַלע ריכטונגען אין מאַרקסיזם, געווען אויסגעבונדן אין אַלע פּראָגראַמען פון די רעוואָלו־ציאָנערע פּאַרטייען. אויך פילאָזאָפיע און פּסיכאָלאָגיע האָט ער ליב גע־האַט. אין זיין שופלאָד פון שרייב־טיש אין קאַנצעלאַריע האָט זיך צוזאַמען מיט אַ רעוואָלווער און קוילן שטענדיק פאַרוואַלגערט דאָס סאַמע נייעסטע בוך איבער הויכע ענינים. ער האָט שטענדיק, פון טאָג אָן ווי ער איז אַריין אין דעם פּאָליטישן דעפּאַרטאַמענט אויף אַרבעט, געהאַלטן זיך אין זיין מיינונג, אַז נישט מיט שווערד און ביקס וועט מען די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד פאַרניכטן, נאָר מיט קאָפּ, שכל און וואָרט. דער בעסטער וועג צו באַקעמפן אַ שעדלעכן באַציל, האָט ער געוואוסט, איז איינצושפּריצן אין קערפּער דעם זעלבן באַציל; דאָס בעסטע מיטל אויפצורייסן אַ פיינטלעכע פעסטונג, איז אויפצורייסן זי נישט פון דרויסן, נאָר פון אינעווייניק, אַריינ־צוקריגן זיך אין שונאס לאַגער אַליין. די סאָלדאַטסקע עלטסטע אין פּעטערבורג, די אָנהענגער פון ביקס און שווערד, זענען געווען קעגן אים. זיי האָבן געהאַלטן פון סאָלדאַטישע מיטלען. אָבער קאָניצקי איז נישט אָפּגעטראָטן פון זיינס. ער האָט טאַקע אויספּרובירט זיין מעטאָדע אין עטלעכע שטעט, איבערהויפּט אין ליטע און אין פּוילן, וואו ער איז געווען אַ היימישער מענטש, און ס'האָט געבראַכט גוטע רעזולטאַטן. איצט, ווען אין לאָדזש האָט זיך דאָס פייער פון דער רעוואָלוציע צעפלאַקערט, האָט מען אים אַהער געשיקט, אין דער שטאָט פון פּאָליאַקן, יידן און דייטשן, כדי ער זאָל פאַרלעשן דאָס פייער מיט זיינע וועגן.

פּאָלקאָווניק קאָניצקי האָט זייער אויסגעטויגט זיך פאַר לאָדזש. אַליין אַ פּאָליאַק, וואָס האָט זיך אויסגעהאָדעוועט ביי אַ טאַטן אַ הויז־וועכטער אין ביאַליסטאָק אויף דער אָרעמער יידישער כאַנאַיקעס, שטענדיק צווישן יידישע קינדער, האָט ער גערעדט יידיש שיר נישט אַזוי גוט ווי פּויליש. אויך דייטש האָט ער געלערנט שפּעטער אין די סטודענטישע יאָרן. ער האָט געקענט די באַפעלקערונג אין לאָדזש, ווי די אייגענע צען אויס־געצערטלטע פינגער. און טאַקע, ווי נאָר ער איז אָנגעקומען, האָט ער שטאַרק אין דער אַרבעט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער פיל־פעלקערדיקער שטאָט, אין אינדוסטריע־צענטער, וואָס פאַרשפּרייט איבער גאַנץ רוסלאַנד מאַנו־פאַקטור, גאַלאַנטעריע און רעוואָלוציע.

אַליין אַן אַרויפגעאַרבעטער אינטעליגענט, וואָס האָט דערפאַר פיינט דעם פּראָסטן עולם, מיאוסט זיך פון אים, פאַראַכט אים, האָט פּאָל־קאָווניק קאָניצקי אין זיין זשאַנדאַרמישער אַרבעט געשטעלט זיך אויף דער זייט פון פּראָסטן פאָלק קעגן דער אינטעליגענץ. פּאָלקאָווניק קאָניצקי האָט נישט געגלויבט אין די מאַסן. ער האָט וועגן זיי זייער אַ שלעכטע מיינונג געהאַט, געהאַלטן זיי פאַר ליים און בלאָטע, וואָס די אינטעליגענטן קנעטן אויס דערפון אַלץ, וואָס זיי ווילן נאָר. און ער האָט געטאָן אַלץ, אומצוברענגען די אינטעליגענטן, דאָס זאַלץ און פעפער פון דער רעוואָלוציע, דעם פונק, וואָס צינדט אָן דעם גערדיכטן וואַלד. און אויסגע־ראָטן די אינטעליגענטן, פאַרניכט זיי, האָט ער נישט אַזויפיל מיט טור־מעס און שטראָפן, וואָרעם קאָניצקי האָט געוואוסט, אַז דאָס וואָרט איז שטאַרקער פון יעדן טורמע־מויער; פאַרניכט האָט ער זיי מיט אָנרייצן די אַרבעטער קעגן זיי, מיט צעפלאַקערן אַ פייער צווישן די אַרבעטער און די אינטעליגענטן. אַמליבסטן האָט ער געהאַט צו זוכן זיינע מענטשן און אַגענטן נישט צווישן די באַאמטע, ווי אַנדערע, נאָר אין די פּאַרטייען אַליין, צו שאַפן פּראָוואָקאַטאָרן אין יעדער פּאָליטישער גרופּע. געזוכט האָט ער זיי נישט צווישן די שפּיצן פון די פּאַרטייען, נאָר צווישן די האַלב־אינטעליגענטן, צווישן די געקריוודעטע, אַמביציעזע און דערשלאָגענע, וואָס פאַלן אַריין צו אים אין די הענט. געטאָן האָט ער עס מיט פּסיכאָ־לאָגישע וועגן, מיט אַן אייגענעם גאַנג.

ווי אַ חיה ווייסט תמיד דעם שוואַכסטן טייל קערפּער פון איר קרבן און קליגט זיך אָט דאָס שוואַכע אָרט אָנצוקריגן מיט ציין און נעגל, אַזוי האָט אויך פּאָלקאָווניק קאָניצקי געזוכט אויסצוגעפינען ביי זיינע קרבנות דאָס שוואַכסטע אָרט, דאָס עמפּינדלעכסטע, כדי פון דאָרט אָנצוהויבן זיין יאַגד. ער האָט געוואוסט, אַז די מענטשן, וואָס פאַלן אַריין צום ערשטן מאָל אין אַרעסט, זענען פאַרשידן. ווער עס האָט מורא פאַר אַ קלאַפּ און ווער עס מאַכט זיך גאָרנישט פון אַ קלאַפּ, אָבער דערפאַר קאָן ער בשום אופן נישט ליידן קיין ליכט אין צעלע און ווערט ווילד, ווען מען לאָזט אים ברענען אַ גאַנצע נאַכט די עלעקטריע אין קאַמער. ווער עס קאָן גיין גלייך צו דער תליה, אָבער דערפאַר ציטערט ער אינגאַנצן, ווען מען זעצט אים אַריין צווישן טורמע־שטשורעס אין קאַרצער, און ווער עס פלאַטערט פאַרן טויט, רייסט די האָר פון קאָפּ בלויז ווען מען דערמאָנט וועגן אַ תליה. וועמען מען קאָן איבערשרעקן מיט געשרייען און וועמען מען קאָן געווינען מיט גוטע רייד און איידעלע געשפּרעכן.

תמיד, ווען נאָר מען פלעגט ברענגען פּאָליטישע אַרעסטירטע, פלעגט פּאָלקאָווניק קאָניצקי אַליין זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ זייטיק צימערל ביים אַרעסט־הויז און דורך אַ געהיים טירעלע באַטראַכט די מענטשן. מיט די קאַלטע העלע אויגן האָט ער דורכגענומען יעדנס פּנים, יעדנס ריר און באַוועגונג. ביז דער ערשטער אייגענער אויספאָרשונג האָט ער געהייסן

זיינע מענטשן זיין גראָב מיט די אַרעסטירטע, שרייען אויף זיי, שלאָגן, טופּען אויף זיי מיט די פיס, דראָען. אין טומל און געשריי האָט פאָלקאָוניק קאָניצקי גוט באַטראַכט דורך זיין טירעלע, ווי ווער עס נעמט אויף די ערשטע באַגעגעניש. ער האָט גוט געמערקט, ווער עס האָט שוואַכע נערוון און גיט זיך אַ וואָרף ביי יעדער טופּ פון אַ זעלנערישן שטיוול און ווער עס ווערט בלאַס, פאַרלירט דאָס בלוט פון פּנים, ווען מען גייט צו צו אים גאָר נאָענט און מען קוקט אים גייך אין די אויגן אַריין. ווער עס האַלט זיך פעסט צווישן אַלע, נאָר וואַקלט מיט די פיס, ווען מען טיילט אים אָפּ פון די חברים און מען פירט אים אַוועק באַזונדער, און ווער עס פאַר־קרימט זיך פון עקל, ווען מען טוט אים אויס און מען באַטאַפּט אים דעם הוילן קערפּער מיט די הענט. וועגן יעדן האָט ער זיך סמנים אין זיין ביכעלע געמאַכט, כדי צו וויסן, ווי אַזוי יעדן פון זיי ביים שוואַכסטן אָרט אָנצוגרייפן. דאָס האָט תמיד געהאַט אַ גוטע פּעולה.

אויך האָט ער ליב געהאַט צו שפּילן דעם צדיק פאַר די פּאָליטישע, דעם לייטישן מענטש. ערשטנס, האָט ער פאַר די רעוואָלוציאָנערן מורא געהאַט. זינט ער איז געווען אין לאָדזש, זענען אַ סך פון זיינע לייט אומגע־קומען פון זייערע קוילן און מעסערס. פון אונטער דער ערד האָבן די רעוואָ־לוציאָנערן זיי דערשמעקט און נוקם געווען זיך אָן זיי פאַר זייער גרויזאַמקייט. פּאָלקאָוניק קאָניצקי האָט נישט בדעה געהאַט אַוועקצוגעבן דעם קאָפּ פאַר דעם צאַר. ער האָט זיך אַליין ליבער געהאַט. ער האָט דאָס פאַרגונען די אַלערליי נאַרישע פּאָליציי־קאָמיסאַרן וואָס קעמפן טעמפּ, ווי סאָלדאַטן אויף די פעלדער.

צווייטנס, האָט ער זיך געהאַט זיינע חשבונות מיטן גענעראַל קוניצין, וואָס איז געווען דער באַלעבאָס פון שטאָט און קאָמאַנדעוועט דאָ מיט זיינע סאָלדאַטן. ווי יעדער זשאַנדאַרם, האָט ער נישט געליטן קיין סאָלדאַטן און זייערע פירער, ווי זיי, די סאָלדאַטן, האָבן נישט געליטן די זשאַנדאַרמען. ער האָט דעריבער שטענדיק געזוכט, פּאָלקאָוניק קאָניצקי, צו שפּילן פאַר די פּאָליטישע דעם צדיק, דעם פיינעם מאַן. זאָלן זיך די סאָלדאַטן קאָמפּראָמיטירן מיט זייער שלאָגן און ממיתן די אַרעסטירטע, ביי אים אין דער זשאַנדאַרמעריע איז מען גוט דערצויגן, מען ווייסט, ווי אַזוי אומ־צוגיין מיט אַ קעגנער.

דערפאַר טאַקע האָט ער אַזוי איינגעאָרדנט, אַז אין די ערשטע טעג, ווי מען האָט געבראַכט פּאָליטישע, האָט ער זיך נישט געוויזן. ער איז געזעסן אויסבאַהאַלטן אין אַ זייטיק צימערל און באַפוילן די אַגענטן וואָס צו טאָן. ער האָט געהייסן זיינע לייט נישט צו צאַצקען זיך מיט די אַרעס־טירטע, נישט זשאַלעווען זיי, גוט די יאָרן זיי דערגיין, כדי שפּעטער, ווען זיי וועלן קומען צו אים אַליין אויף אַ פאַרהער, זאָלן זיי טרעפן דעם פּאָל־קאָווניק אַ גוטן, אַ מלאך, אַ פאָטער אַן אייגענעם. נאָך דער פריערדיקער גראָבער באַהאַנדלונג אין אַרעסט, האָט פּאָלקאָווניק קאָניצקיס צדקות און

ליטישקייט באַזונדערס אַרויסגעשיינט. איבערהויפּט האָט ער געטומען דערמיט די „פּריצעס”, די, וואָס זענען צום ערשטן מאָל אַריינגעפֿאַלן, די נישט־אויסגעפּרואווטע אַרבעטער, וועמען מען האָט אַזויפיל שלעכטס שטענ־דיק אָנדערציילט וועגן די אויספּאַרשער.

נישט איינעם האָט ער דערפֿאַר גלייך אויף דער ווענדקע געכאַפּט.

זיינע מעטאָדן האָבן זייער גוטע רעזולטאַטן געבראַכט. פֿאַר דער קורצער צייט, וואָס ער איז געווען אין לאָדזש, האָט פּאָלקאָווניק קאָניצקי גע־האַט זיינע אַגענטן אין אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען. ער האָט זיי געהאַט אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, ביי די דייטשן, אין די פּוילישע טעראָריסטישע פֿראַקציעס. אויך האָט ער פּאַראַגיטירט אַ סך אַרבעטער, אָנגעהעצט זיי קעגן די פּאַרטיי־פֿירער, און זיי האָבן די פּאַרטייען גע־שפּאָלטן, צעברעקלט. שווערער ווי מיט אַלע, איז אים אָנגעקומען מיט די יידישע אחדותניקעס. מער ווי אין אַנדערע פּאַרטייען איז ביי די יידישע אַחדותניקעס געווען שטאַרק די קאָנספּיראַציע. אויך זענען די יידישע אַרבעטער געווען מער אויפגעקלערט און מען האָט זיי נישט געקאָנט קויפן פֿאַר אַ גוטן שנאַפּס, פֿאַר עטלעכע רובל. פּאָלקאָווניק קאָניצקי האָט געהאַט עטלעכע פֿון זיי, אָבער נישט קיין באַדייטנדע, פּראָסטע פֿאַרשווינדלעך, וואָס האָבן ווייניק געוואוסט. אויך האָט ער צו זיי קיין צוטרוי נישט געהאַט, ווי צו מערסטנס די בילי‍קע לייט, וואָס זענען ליגנערס און שווינד־לער. ער האָט געוואָלט האָבן אַ וויכטיקן מענטש דאָרט, אַן אָנגעזעענעם, וואָס זיצט אין קאָמיטעט אַליין.

איצט האָט קאָניצקי דורך זיינע לייט אַריינגעקראָגן דעם קאָמיטעט אין זיינע הענט, מיט דער דרוקעריי, מיט פּאַפּירן, פּראָקלאַמאַציעס, טעזיסן און ליסטעס. און ער איז געווען גליקלעך און שטאָלץ.

— גלענצנד, — האָט ער געמורמלט צו זיך אַליין און געריבן די ווייסע ווייכע הענט. — איצט וועלן זיי זען אין פּעטערבורג, ווער קאָניצקי איז.

ער האָט געזען שוין די מינע, וואָס די גדולים אין דעפּאַרטאַמענט וועלן מאַכן, ווען ער וועט זיי צושיקן די בשורה.

אין ציווילע קליידער, אין שוואַרצעברילן אויף די אויגן, מען זאָל אים נישט דערקענען, איז ער געזעסן אין אַ זייטיקן צימערל ביים אַרעסט און באַטראַכט דעם רויב, וואָס איז אַריינגעפֿאַלן אין זיינע הענט. ווי אַ פֿאַר־צוקנדיקע חיה, וואָס שפּילט זיך פֿריער מיטן רויב, איידער זי פֿאַרצוקט עס, האָט פּאָלקאָווניק קאָניצקי געקוויקט זיך אין זיין קליין צימערל ביים אַרעסט, קוקנדיק מיט זיינע העלע אויגן אויף די קאָמיטעט־לייט, וואָס זענען געווען פֿאַרזאַמלט דאָ אין אַרעסט־הויז. ער האָט אויפגעכאַפּט יעדנס אָנ־בליק, יעדנס שאָקל פֿון אויג, באַוועגונג, ריר, כּדי צו וויסן, וואָס ער האָט צו טאָן. מער ווי אויף אַלע האָט ער געקוקט אויף די „דרוקערס”, די צוויי מענטשן פֿון דער געהיימער דרוקעריי, וואָס זענען געזעסן צוזאַמען.

וויי, וויי, וויפֿל עס האָט געדויערט, ביז מען האָט זיי אַריינגעקריגן!

כאָטש זיי האָבן זיך אָנגעגעבן פאַר מאַן און ווייב, אָט די צוויי מענטשן פון דער דרוקערייַ, האָט פאַלקאָווניק קאָניצקי קיין איין רגע נישט גע־גלויבט, אַז אַזוי איז עס טאַקע. ער האָט שוין געקענט די פאַרטייאישע מאַן און ווייב. צווייטנס, זענען זיי שוין גאָר קיין צוגעפּאַסט פּאָרל נישט געווען. די פרוי איז געווען יונג און שיין, נישט ווי זי וואָלט אין אַ גע־היימער דרוקעריי פאַרבראַכט, נאָר ווי זי וואָלט צוריקגעקומען פון אַ זומער־וואוינונג. אירע באַקן זענען געווען רויט, די אויגן ליכטיק. אויך האָט זי זיך געהאַלטן שטאָלץ, ווען די אַגענטן האָבן זי געשטויסן.

— אַוועק מיט די הענט! — האָט זי געשריגן מיט צאָרן און אירע אויגן האָבן געבליצט.

פאָלקאָווניק קאָניצקין איז געראָנען די סלינקע פון מויל פון תאווה צו אָט דער שיינער צאָרנדיקער יונגער פרוי.

— געוויס אַ פאַבריקאַנטישע טאָכטער, וואָס זוכט רעוואָלוציאָנערע ראָ־מאַנטיק, — האָט ער באַשלאָסן ביי זיך.

דער מאַנצביל, מיט וועלכן זי האָט צוזאַמען געוואוינט און אָנגעגעבן זיך פאַר זיין ווייב, איז געווען פריצייטיק פאַרעלטערט, דאַר, באַוואקסן, מיט רויטע אויגן פון אויפזיין אין די נעכט, מיט אַ בלאַסער הויט פון לעבן אָן פרישער לופט, מיד און איבערגעשראָקן. פון זיינע אויגן האָט געקוקט שרעק, נאָך מער זאָרג און הינטישע הכנעה צו דער שיינער און פרישער פרוי, וואָס האָט זיך אָנגעגעבן פאַר זיין ווייב.

ער זעט אויס צו זיין איר שקלאַף און פאַרערער, — האָט פאָלקאָווניק קאָניצקי אָפּגעמאַכט ביי זיך אַ מיינונג וועגן דעם דערשראָקענעם מאַן. — און אַ פּחדן אַ גרויסער דערצו. הענט און פיס ציטערן אים.

ער האָט זיך גלייך אָפּגעשטעלט אויף אים. געוויס, די איבעריקע זענען וויכטיקע פיגורן, אָבער זיי וועלן בלויז זיין אַ גוטער ביסן פאַר די פּעטער־בורגער גדולים אין דעפּאַרטאַמענט. זיי האָבן אַלעמאָל ליב גרויסע העכט, קאָמיטעט־לייט. פאַר אים אַליין אָבער, פאַר זיינע מעטאָדן איז וויכטי־קער אָט דער דערשראָקענער און פינצטערער מאַן פון דער געהיימער דרוקעריי. ער זעט אויס צו זיין האַלבער אינטעליגענט, אַן אַרבעטער, וואָס די אינטעליגענטן פון קאָמיטעט האָבן אַריינגעצויגן, נישט אַזוי פאַר זיין נוצלעכקייט, ווי דערפאַר, כדי צו האָבן אויך אַן אַרבעטער, אַן אמתן פּראָלעטאַריער ביי זיך, וואָס עס טויג פאַר די מאַסן. קאָניצקי האָט גע־קענט אָט די לייט. זיי זענען מער נישט געווען קיין אַרבעטער און נישט קיין גאַנצע אינטעליגענטן, האַלב־דערבאַקענע, אָפּטמאָל זייער אַמביציעזע און באַליידיקטע, אייפערזיכטיקע אויף די אמתע אינטעליגענטן, די פירער. דערצו, זעט אויס, אַז ער איז דאָס ערשטע מאָל אַריינגעפאַלן, אַ „פריץ" נאָך. מען זעט עס פון זיין האַלטונג, פון זיין פאַרלוירנקייט. זיי זענען אַלע מאָל גוטער מאַטעריאַל. קאָניצקי האָט געביסן אַן עק הערע וואָנצע אין פאַרטראַכטקייט און באַשלאָסן נעמען דעם פאַרשוין אין די הענט אַריין.

— אָפּטײלן אים אין אַ באַזונדער קאַמער, — האָט פּאָלקאָווניק קאָ־ניצקי באַפוילן זײַנע לײַט, — און אויסרעפּעטירן אים, נאָר נישט מיט קלעפּ, בלויז אָנשרעקן אים ביזן פאַרהער.

— לויטן באַפעל, האַכוואָלילגעבוירן, — האָבן די אַגענטן אָפּגעענט־פערט, אויסציִענדיק זיך פּאַר זײער שעף.

די אַגענטן האָבן שוין געוואוסט קאָניצקיס רעפּעטיציעס. זײ האָבן דעם מאַן אָפּגעטײלט פון דער פּרוי און אַראָפּגעפירט אין קעלער אין אַ באַ־זונדער קעמערל. אין קאַמער דערלעבן, וואָס איז בלויז אָפּגעטײלט פון אַרעסטירטנס קאַמער מיט אַ לײַכט ווענטל, האָבן זײ אָפּגעשפּילט אַן אויס־פאָרשונג. אײן אַגענט האָט געשפּילט די ראָלע פון אַ פּאָליטישן. די אַנדערע האָבן אים אויסגעפּרעגט אויפן קול.

— זײ זיך מודה אין אַלעם, — האָט דער אַגענט־אויספאָרשער גע־שריגן צו זײַן חבר דעם „פּאָליטישן״, — אַ נישט וועלן מיר אַרויסשלאָגן פון דיר אַלץ מיט ריטער!

— איך וועל אײַך נישט זאָגן צאַרישע דינער — האָט דער „פּאָליטישער״ געענטפערט. — איך וועל נישט פאַרראַטן מײַנע חברים.

— שמײסן! — האָט אַ גרויזאַמע שטים באַפוילן. — אויפן בלויזן לײַב.

דאָס קנאַלן פון בײַטשן איבער אַ באַנק האָט גענומען פײַפן אַזוי הויך, אַז מען האָט יעדן שמיץ געהערט דורך דער וואַנט. צוזאַמען דערמיט זענען געגאַנגען קולות און געוואַלדן פון „געשמיסענעם״.

בײַ יעדער שמיץ איז דער אַרעסטירטער דערשראָקענער מאַן אויפ־געשפּרונגען פון אָרט ווי די ריטער וואָלטן איבער זײַן לײַב געשניטן. פּאָלקאָווניק קאָניצקי פון זײַן זײַטיק באַהעלטעניש האָט באַטראַכט דעם מענטש וואָס וויקלט זיך אין זײַן שרעק און געקוואָלן פון זײַן מיטל.

— איצט אים אָפּלאָזן אַביסל — האָט ער געזאָגט צו זײַנע מענטשן — נאָר אין אַ שעה אַרום ווידער אָפּשפּילן די עקזעקוציע. אַזוי עטלעכע מאָל אין דער נאַכט, איר ווײסט! נאָך עטלעכע טעג ברענגען אים צו מיר אויף אַ פאַרהער!

פּאָלקאָווניק קאָניצקי איז אַוועק צו זײַן קאַנצעלאַריע און גענומען זיך צו אַ נײַ פילאָזאָפיש בוך, וואָס ער האָט אויסגעשריבן פון דײַטשלאַנד. די אַגענטן זײַנע האָבן געמאַכט „פּראָבן״ אין קאַמער, וואָס איז אין שכנות מיט דעם נײַעם אַרעסטירטן. זײ האָבן קונציק געגרײט דעם נײַעם אַרעסטאַנט צום פּאָלקאָווניקס ערשטן פאַרהער. יעדער שעה, ווי נאָר דער אַרעסטיר־טער האָט זיך באַרואיקט און גענומען אײַנדרימלען, האָבן זײ גלײַך גענומען שפּילן דעם פאַרהער. זײ האָבן „געשמיסן״, „געגאָסן דעם פּאָליטישן קאַלט וואַסער אויפן קאָפּ״, „געברענט אים דאָס לײַב מיט פּאַפּיראָסן״. די קולות פון „געפּײַניקטן״ אַגענט האָבן געשפּאָלטן די נאַכטיקע טויטע שטילקײַט.

— גענוג! — האָט ער געשריגן, — הערט אויף, איך וועל זיך אין אַלץ מודה זײַן.

ווען זיי זענען שפּעטער אַריין צום אַרעסטירטן, איז ער געלעגן אַ נאַסער פון שווייס, אַ פאַרחלשטער, ווי מען וואָלט אים אַליין געפּייניקט.

— באַלד וועלן מיר אייך אַריינפירן אויף אַ פאַרהער, — האָבן זיי אים געזאָגט. — זייט גרייט.

דריי טעג צייט האָבן זיי אים אַזוי געהאַלטן אין כסדרדיקער דערוואַר־טונג צום פאַרהער. דאָס האָט דעם אַרעסטירטן אַזוי אויסגעפּייניקט, אַז ער איז געפאַלן פון די פיס, ווען מ'האָט אים ענדלעך אַריינגעפירט צום פאַלקאָווניק.

— שיסט מיך בעסער, — האָט ער געבעטן זיך ביי די אַגענטן, וואָס האָבן אים צום פאַרהער געפירט, — נאָר נישט געפּייניקט.

ווען ער איז געקומען צו דער טיר מיט די שוואַרצע פלעקן אַרום דער קלאַמקע, האָט ער זיך איינגעקלאַמערט מיט די פיס און נישט גע־וואָלט גיין. די אַגענטן האָבן לאַכעדיקע אים אַריינגעשלעפּט אין דער טיר, אַליין אַרויס און פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך. פאַלקאָווניק קאָ־ניצקי, אַ גוטמוטיקער, אַ ריין־אויסראַזירטער, מיט אַלע מעדאַלן אויף זיין גוט־ליגנדיקן מונדיר, איז מיט די שטילסטע טריט צוגעגאַנגען פון זיין גרויסן שרייב־טיש צו דער טיר, וואו דער דערשראָקענער מענטש איז געשטאַנען, און אים אויסגעשטרעקט אַ ווייכע, ווייסע און אויסגעצערטלטע האַנט.

— גוטן אָוונט, — האָט ער אים באַגריסט. — פאַרוואָס שטייט איר ביי דער טיר? — קומט נעענטער, ביטע.

דער אַרעסטירטער האָט נישט געקאָנט קיין פוס שטעלן. פאַלקאָווניק קאָניצקי האָט אים גענומען ביי דער האַנט.

— איר זענט קראַנק? — האָט ער געפרעגט מיט אַ מיטליידנדער שטים. — קומט צו נעענטער, זעצט זיך.

ער האָט אים אָנגעוויזן אַ ווייכן פאָטעל, ער אַליין האָט זיך אַוועק־געזעצט אַנטקעגן.

— טיי, — האָט ער באַפוילן, כאָטש קיינער איז אין קאַנצעלאַריע נישט געווען, — און צובייסן!

מיט שטילע טריט האָט זיך אַן עלטערער געבויגענער זשאַנדאַרם אַריינגעשליכט און אַריינגעטראָגן אויף אַ טאַץ צוויי גלעזער טיי, איין גלאָז פאַרן פאַלקאָווניק, דאָס צווייטע פאַר דעם אַרעסטירטן.

— טרינקט, — האָט דער פאַלקאָווניק איינגעלאַדן דעם אַרעסטירטן. — איר וועט זיך דערוואַרעמען. און בייסט צו, זייער געשמאַקער טאָרט.

דער אַרעסטירטער האָט אויפגעהויבן די אויגן, געבלאָנדזשעט מיט זיי איבער די ווענט, איבער די פאָרטיערן ביי די טירן.

— וואָס זענט איר אַזוי אומרואיק, יונגערמאַן? — האָט פאַלקאָווניק קאָניצקי געפרעגט מיט וואַרעמקייט אין קול.

— שיסט מיך, — האָט דער אַרעסטירטער געבעטן, — נאָר נישט פייניקט.

דער פאַלקאָווניק האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט.

— וואָסערע ווערטער, יונגערמאַן! — האָט ער געזאָגט מיט שרעק. — זעט אויס, זייער שלעכטע זאַכן האָט מען אייך געמוזט אָנדערציילן וועגן אונדז. אָבער איך בין בלויז אַ מיליטער־מאַן, נישט קיין תליון. יעדער טוט זיין פליכט. טרינקט טיי, איר זענט זייער איבערגעשראָקן.

דער אַרעסטירטער האָט אויסגעגלאָצט די אויגן.

— איר מיינט עס... — האָט ער געמורמלט, — טאַקע אויף אַן אמת?...

דער פאַלקאָווניק איז צוגעגאַנגען צום אַרעסטירטן און אים אָנגענומען פאַרן פולס פון דער האַנט.

— האָט איך ווער שלעכטס געטאָן? — האָט ער געפרעגט פאָטערלעך.

— ניין... — האָט דער אַרעסטירטער געציטערט, — נאָר אין דער אַנדערער קאַמער...

— וואָס איז אין דער אַנדערער קאַמער?

— מען האָט געשלאָגן, געשמיסן, געפייניקט. אָ, ווי שרעקלעך...

דער פאַלקאָווניק קאָניצקי האָט זיך פאַרקרימט פון צער.

— עך, די עקלהאַפטע סאָלדאַטשינע, — האָט ער געזידלט. — חיות זענען דאָס, נישט קיין מענטשן. איך וועל עס אַלץ אין פּראָטאָקאָל אַריינטראָגן. איר מעגט זיין זיכער.

דער אַרעסטירטער האָט ביידע דאַרע הענט אויסגעשטרעקט.

— אָ, ווי שרעקלעך דאָס איז געווען. דריי טעג אַזוי.

דער פאַלקאָווניק האָט אים באַרואיקט.

— טרינקט עפּעס, איר זענט אַזוי פאַרטריקנט. און זייט נישט איבערגעשראָקן. איצט זענט איר אונטער מיין שוץ. קיינער וועט נישט וואַגן אייך אָנצורירן!

ווי אַ פאָטער אַ קראַנק קינד, אַזוי האָט ער דעם אַרעסטירטן דאָס גלאָז טיי צוגעטראָגן צו די ליפּן. אַז דער אַרעסטירטער איז רואיקער געוואָרן, האָט ער אים מכבד געווען מיט אַ פּאַפּיראָס און אָנגעהויבן שמועסן מיט אים.

פאַלקאָווניק קאָניצקי האָט נישט אויסגעפאָרשט אויפן געוויינלעכן שטייגער, וועגן נאָמען, אַדרעס, עלטער, באַשעפטיקונג, פּאָליטישע אָנגעהעריקייט און נאָך אַזעלכע זאַכן. פאַלקאָווניק קאָניצקי האָט פיינט באַנאַליטעטן. ער האָט אין אַלעם זיין אייגענעם וועג. ער האָט גאָר ליב צו רעדן מיט זיינע אַרעסטירטע, דורכשמועסן זיך וועגן וועלט־זאַכן, פּאָליטישע פראַגן, פאַמיליען אָנגעלעגנהייטן, אַפילו אין דיסקוסיעס אַריינגיין. ער האָט אַלעמאָל ליב אַרויסצואווייזן זיין לומדות אין מאַרקסיזם פאַר די אַרעסטירטע רעוואָלוציאָנערן, וואָס ער פאָרשט אויס, גלאַנצן פאַר זיי מיט זיין וויסן און אינטעליגענץ. נאָך בעסער האָט ער ליב צו שיינען מיט זיין

געלערנטקייט פאַר די האַלבע אינטעליגענטן, צו באַווייזן זיך פאַר זיי מיט זיין ליבעראַליזם, פריינטלעכקייט און שכל. דערביי באַנוצט ער זיך אויך, צוליב היימישקייט, מיט דער שפּראַך פון אַרעסטירטן. ער באַנוצט זעלטן אין זיין געשפּרעך מיט די מענטשן די אָפיציעלע רוסישע שפּראַך, די קאַזיאָנע און אָפּשרעקנדיקע אין פּוילן. ער גייט גלייך אַריבער אין פּויליש, דייטש אָדער אַפילו גאָר אין יידיש, ווען ער האָט צו טאָן מיט אַן אַחדותניק, וואָס קאָן זיך אין קיין אַנדערער שפּראַך נישט אויסטענהן. אויך מיט דעם איצטיקן אַרעסטירטן, וואָס איז געזעסן פאַר אים, האָט ער גענומען זיין פאָטערלעכן טאָן.

— איך האָף, אַז איר האָט זיך שוין אַביסל באַרואיקט, הער טרילינג, — האָט ער געזאָגט אַ שטילער.

דער אַרעסטירטער איז געבליבן זיצן מיט אַן אָפן מויל, דערהערנדיק זיין אמתן נאָמען.

— מיין נאָמען איז... ראָזענבלום... ברוך ראָזענבלום... — האָט ער געמורמלט.

פאָלקאָווניק קאָניצקי האָט געשמייכלט אין זיינע וואָנצן אַריין.

— אויב אייך איז ליב, קאָן איך אייך רופן מיטן נאָמען פון דאָקומענט, אָבער מיר ווייסן שוין אייער ריכטיקן נאָמען, ווי די נעמען פון אייערע פאַרטיי־חברים. פאַר די עטלעכע טעג האָבן מיר עס אויסגעפונען ביי דער אויספאָרשונג. מיר ווייסן, אַז איר זענט באַקאַנט אַלס חבר בוטשע.

חבר בוטשע איז בלאַס געוואָרן. שוין־זשע האָבן די חברים זיך אַליין אַרויסגעגעבן? דער פאָלקאָווניק האָט באַטראַכט אים, געזען דעם גיפט, וואָס ער האָט אים אַזוי קונציק אַריינגערוקט, איינגעוויקלט אין העפלעכקייטן, און ער האָט גענומען צוריק זיין פאָטערלעכן טאָן.

— אויב איר ווילט אָנשרייבן אַ בריוול צו אייערע, קאָנט איר עס איצט טאָן, — האָט ער פאָטערלעך גערעדט. — זיי זענען זייער אומרואיק, אייערע עלטערן, וועגן אייך. אייער פאָטער איז דאָ געוועזן, זייער אַ פיינער מענטש זעט ער אויס צו זיין, מיר האָט באמת ווי געטאָן פאַר אים. אַן עלטערער מאַן, און פון דער אַלטער וועלט, אַזוי צו זאָגן, איז ער זייער אומגליקלעך, וואָס זיין זון זיצט. איר ווייסט דאָך, ווי דער אַלטער דור קוקט אויף אַזעלכע זאַכן...

חבר בוטשע איז געוואָרן גערירט סיי פון פאָטערס קומען, סיי פון פאָלקאָווניקס רייד. וויפל מען האָט אים נישט געגרייט אין קרייזל זיינעם צו יעדער פאַל, צו יעדן אַרעסט און אויספאָרשער, איז ער געווען געגליכן איצט צום סאָלדאַט, וואָס מען גרייט אים יאָרן לאַנג אויף מאַנעווערעס צום קריג, דאָך אַז ער קומט אַרויס דאָס ערשטע מאָל אין שלאַכט־פעלד, איז ער דערשראָקן און פאַרלוירן און געדענקט גאָר נישט אין דער קאַזאַרמע־לערע.

— מיין פאָטער, — האָט ער געברומט און גלייך איבערגעריסן, דערמאָנענדיק זיך אין קאָנספּיראַציע.

פּאָלקאָווניק קאָניצקי האָט געשמייכלט אין זיינע וואָנצעס אַריין איבער דער פאַרלוירנקייט פון אַרעסטירטן, איבער זיין נאַאיוויטעט אים צו וועלן נאַרן.

— ווי איר ווילט, יונגערמאַן, — האָט ער געמיטלעך געזאָגט. — איך האָב בלויז געטראַכט וועגן דעם אָרעמען אַלטן... אַ פיינער עלטערער מאַן...

און טאַקע גלייך, נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, איז ער פלינק איבערגעגאַנגען צו אַנדערע זאַכן. ער האָט דעם אַרעסטירטן אַ קאָמפּלימענט געמאַכט.

— אייער שטאַנד איז פאַר מיר אַן איבערראַשונג, — האָט פּאָלקאָוו־ניק קאָניצקי גערעדט צום אַרעסטירטן. — איר זענט אַ וועבער פון פאַך. און איך האָב אייך אָנגענומען פאַר אַן אינטעליגענט.

דער אַרעסטירטער האָט זיך פאַרוויטלט פון פּאָלקאָווניקס מיינונג.

— קאָן דען קיין אַרבעטער נישט זיין קיין אינטעליגענט? — האָט ער געפרעגט.

— געוויס, געוויס, אָבער, ליידער, איז עס ביי אונדז אין רוסלאַנד אַ זעלטענער פאַל, איבערהויפּט ביים רוסישן אַרבעטער. שרעקלעך אַ צוריקגעשטאַנען פאָלק, צום באַדויערן...

דער אַרעסטירטער האָט געעפנט ברייט זיינע רויטע אויגן. דער פּאָלקאָווניק האָט פאַרלעגן געשמייכלט.

— איר קוקט מיט אַן איראָנישן בליק. נו, געוויס, ווי קומען אַזעלכע ווערטער וועגן אַרבעטער צו אַ צאַרישן דינער, אַ שונא פון אַרבעטער־קלאַס, אַ בלוט־זייגער?

דער אַרעסטירטער האָט זיך דערשראָקן.

— איך האָב עס נישט געזאָגט, — האָט ער געזאָגט אין מורא.

— אָבער איר טראַכט אַזוי. איר מוזט אַזוי טראַכטן, ווייל אַזוי האָט מען אונדז אייך פאָרגעשטעלט. און נישט אָן אַ גרונט, מיין הער, ניין. מיר האָבן, ליידער, אַ סך צווישן אונדזערע פאַרריסענע אַריסטאָקראַטן פון אַלטן טיפּ, פאַרלעגענע פעאָדאַלן, וואָס באַרעכטיקן מיט זייער באַציאונג צום אַרבעטער־פאָלק די געשאַפענע מיינונג וועגן זיי. אָבער מיינט נישט, אַז אַלע פויגל קראַקען גלייך. מיר האָבן צום גליק געבילדעטע מענטשן, מלוכה־לייט פון מערב־אייראָפּעאישן שניט, וואָס וואָלטן וועלן זען דעם רוסישן אַרבעטער, דעם פּויער, אַ פאָרטגעשריטענעם און אינטעליגענטן. איך, יונגער מענטש, בין איינער פון זיי... איך בין אַליין פון פּראָסטן פאָלק, מיין פאָטער איז געווען אַן אַרבעטס־מענטש, און מיר איז דאָס לעבן נאָענט... זייער נאָענט. מיך פרייט ווירקלעך צו זען, ווי איינער פון אונדז איז אַרויף אויף דעם העכערן שטאַפּל פון לייטער. דאָס איז אַ מין קלאַסן־געפיל, ווי איר וואָלט עס אָנרופן, אָדער עס ליגט אין בלוט, ווי איך רוף עס אָן...

ביים אַרעסטירטן זענען אַרויס רויטע פלעקן אויף זיין בלוטלאָז פּנים.

— איך פאַרשטיי נישט, — האָט ער געמורמלט. — אויב אַזוי, ווי קאָן מען עס פאַרשטיין...

פּאָלקאָווניק קאָניצקי האָט אים אַרויסגעכאַפּט די ווערטער פון מויל.

— איר קוקט אויף מיינע עפּאָליעטן, אויפן מיליטערישן מונדיר. געוויס, איר וואונדערט זיך. אָבער, אַלס אינטעליגענטער מענטש, זענט איר, גלויב איך, גענוג פאַרשטענדלעך צו וויסן, אַז אויך אונטער אַ מיליטערישן היטל, נישט בלויז אונטער אַ ברייטראַנדיקן שוואַרצן הוט, קאָן זיך געפינען אַ קאָפּ, וואָס דענקט, און הינטער אַ בלויען מונדיר קאָן קלאַפּן אַ וואַרעם מענטשלעך פּאָלקס־האַרץ. די גרעסטע רוסישע דענקער, קעמפער און שריפטשטעלער, ווי איר ווייסט געוויס פון דער געשיכטע, האָבן געטראָגן מיליטערישע מונדירן.

ער האָט אַ גלעט געטאָן זיין מונדיר און געוואָרן ערנסט.

— מיינט נישט, מיין פריינט, אַז איך בין געבוירן געוואָרן אין מונדיר. פון אַן אַרבעטס־שטוב, פון אָרעמקייט און נויט בין איך אַרויס. מען איז אויך אַמאָל יונג געווען, געשטרעבט, אידעאַלן געהאַט, אומצופרידן געווען און אַפילו מיט רעוואָלוציאָנערע אידייען זיך אַרומגעטראָגן. שמייכלט נישט, יונגערמאַן, יעדער פון אונדז האָט עס דורכגעמאַכט. געוויס, שפּעטער איז געקומען דינסט, האַרטע פליכט, ווי מערסטנס עס טרעפט ביי מענטשן נאָך דער ערשטער יוגנטלעכער אויסשוימונג. אָבער אויך איצט לעבן מיר נישט בלויז מיט וויין, ווייבער און געזאַנג, ווי מען זאָגט וועגן אונדז. אויך נאָך היינט האָב איך אינטערעס פאַר אידייען און געדאַנקען. מיר פאַרשאַפן נאָך אַלץ מער פאַרגעניגן דורכצושמועסן זיך מיט אַ דענקענדיקן מענטשן ווי איר, באַרירן העכערע פראַגן, איידער צו שפּילן מיט אָפיצירן אין קאָרטן. מיר קוקן נאָך אַפילו אַריין אין אַ פילאָזאָפיש בוך, ווען מען שלאָפט נישט אין די נעכט. און אַזעלכע נעכט זענען פאַראַן, אוי ווי זיי טרעפן! פאַרשידענע געדאַנקען קומען, און נישט ווייניק וועגן מענטשן און קלאַסן, וועגן רוסלאַנד, דעם אומגליקלעכן לאַנד און איר גרויסער באַפעלקערונג, וואָס ליידט און בלוטיקט... וועגן אייגן בלוט און פלייש, וועגן די אַרבעטנדיקע און אָרעמע, פון וואַנען מען שטאַמט... בלוט איז נישט קיין וואַסער...

דער אַרעסטירטער איז געוואָרן היימיש, פאַרגעסן אין זיין מורא. דרייסט אַפילו געוואָרן.

— איך פאַרשטיי נישט, — האָט ער געמורמלט. — ווי אַזוי האָט איר געקאָנט זיך שטעלן קעגן פאָלק? קעגן אייגענע?

ער האָט זיך גלייך געכאַפּט און געבליבן זיצן אַ פאַרגליווערטער.

— אַנטשולדיקט, — האָט ער געמורמלט, — איך האָב ניט געמיינט...

דער פּאָלקאָווניק האָט אים אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויפן שמאָלן אַקסל, אַ האַנט אַ וואַרעמע, אַ ווייכע, אַ פאָטערלעכע.

— יונגער מענטש, אייער אָפנהאַרציקייט געפעלט מיר. דאָס איז עס, וואָס איך שאַץ אַזוי ביי אונדזערס אַ מענטש, ביי אַ פאָלקס־מענטש. אָן חנדלעך און אָן דריידלעך, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אינטעליגענץ, פאַר די פון די הויכע פענצטער.. איר דאַרפט מיך נישט איבערבעטן. גענוג האָב איך עס אין מיין דינסט אַ גאַנצן טאָג, די שטענ־דיקע דינסט־פּאַרטיקייט און צובאָמקעניש. עס בענקט זיך אַ מאָל מענטש־לעך צו זיין, אָפנהאַרציק, רעדן מיט זיינס־גלייכן. איר האָט מיך זייער ריכטיק געפרעגט. און איך וויל טאַקע מיט אייך רעדן וועגן דעם, עפענען זיך, ווי פאַר אַ טאַטן אָן אייגענעם.

ער איז צוגעגאַנגען האַסטיק צום שופלאָד פון שרייב־טיש, געזוכט דאָרט און אַרויסגעצויגן אַ פאָטאָגראַפיע.

— איר זעט דעם יונגנמאַן אויפן בילד, — האָט ער אָנגעוויזן דעם אַרעסטירטן. — ווען דערקענט איר דאָ?

דער אַרעסטירטער האָט זיך איינגעקוקט אין בילד. פאַר אים איז געשטאַנען אַ טיפּיש יונגער רעוואָלוציאָנער־אויסזעענדיקער סטודענט, אין אַ העמדל, מיט גרעסערע האָר, זייער אַ פאַרחלומטער. לעבן אים איז געזעסן אַ מיידל, אַ געשוירענע, מיט אַ בוך אין דער האַנט.

— ניין, איך דערקען קיינעם נישט, — האָט דער אַרעסטירטער געזאָגט.

— איר וועט גלויבן, אַז דאָס בין איך? — האָט דער פּאָלקאָווניק גע־שמייכלט. — קוקט זיך גוט איין. דאָס איז פון די סטודענטן־יאָרן אין פּעטערבורג פאַר מיין ערשטן אַרעסט.

— אַרעסט? — האָט דער אַרעסטירטער איבערגעפרעגט.

— יאָ, אַרעסט, מיין פריינד, און נישט פאַר קיין גנבה, ווי איר קאָנט דאָס פאַרשטיין, נאָר פאַר רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. אַ זון פון אָרעמע עלטערן, האָב איך, פּונקט ווי איר, געוואָלט קעמפן פאַר מיין קלאַס, קעגן די אויבערשטע פון שטויסל. זיי האָבן מיך אַריינגעצויגן, די אינטעליגענטן, ווי אַלע אַנדערע. איך האָב געגלויבט אין זייערע רייד, ווי אין הייליקע, אינגיכן האָב איך זיי דערקענט און אָפּגעטרייסלט זיך פון זיי.

— וואָס מיינט איר? — האָט דער אַרעסטירטער געפרעגט מיט שטוינונג.

— הערט, פריינד, — האָט דער פּאָלקאָווניק גענומען אַ וואַרעמען טאָן. — ווען איר וואָלט געווען איינער פון זיי, פון די אינטעליגענטן, וואָס לאָזן זיך אַראָפּ צום פאָלק, אום עס גליקלעך צו מאַכן, וואָלט איך מיט אייך נישט גערעדט אַזוי אָפנהאַרציק. איך וואָלט געטאָן מיין פליכט. ווייל איך קען זיי, איך ווייס, אַז די מענטשן אינטערעסירט נישט דער אַרבעטער, אַז זיי זענען אין גרונט גענומען פרעמד דעם אַרבעטער, אַז זיי קוקן אויף אים פון אויבן אַראָפּ, מיאוסן זיך פון אים. רייסט מיר נישט איבער, יונגערמאַן, — זיי קומען פון רייכע הייזער, זיי ווייסן נישט און פילן נישט דעם אַרבעטס־מענטש. זייער גאַנצע רעוואָלוציאָנערישקייט נעמט זיך פון פאַנטאַזיע, פון ליידיקגייערײַ, פון דער מאָדע צו זיין ראַדיקאַל. איר זענט

אַן אַרבעטער, אונטערדריקט פון די באַזיצנדיקע און רייכע. אייער קאַמף איז ערנסט, פון בלוט אַרויס. איר וועט מיך פאַרשטיין. ווייל מיר קומעןביידע פון זעלבן קלאַס, פון דער אייגענער אָרעמקייט. און איך זאָג אייך, אַז קיינמאָל וועלן מיר, די פּאָלקסמענטשן, נישט קאָנען גיין צוזאַמען מיט דער אינטעליגענץ, מיט די פון די הויכע פענצטער. איך האָב עס דערזען אויף מיין אייגענער הויט עס דערפילט. דאָס האָט מיך פון זיי דערוויטערט. דאָס האָט מיך קעגן זיי געשטעלט, קעגן ז י י, אָבער נישט קעגן פ אָ ל ק.

דעם אַרעסטירטן האָט דער קנאַפּ אין האַלדז גענומען לויפן הין און צוריק. פּאָלקאָווניק קאָניצקי האָט אים נישט געלאָזט קומען צום וואָרט.

— קוקט זיך צו צום גאַנצן קאַמף אין רוסלאַנד און איר וועט זען, אַז דאָס איז נישט אַ קאַמף פון קלאַסן, פון אָרעמע קעגן רייכע, ווי עס וואָלט געווען נאַטירלעך, נאָר אַ קאַמף צווישן דער אינטעליגענץ אַליין, אַ רייסעניש צווישן די אויבערשטע קלאַסן וועגן מאַכט. ווער זענען געווען די ערשטע אַקטיאַבריסטן? אַריסטאָקראַטן, פירשטן און גראַפן, וואָס האָבן געוואָלט אַליין זיך צוכאַפּן צו דער הערשאַפט. דאָס פאָלק האָבן זיי נאָר אויסגענוצט צו פאַרגיסן דאָס בלוט פאַר זייערע אַמביציעס. ווער זענען געווען די אַלע שפּעטערדיקע רעוואָלוציאָנערן? אַלץ פון די זעלבע הויכע פענצטער, פאַר וועלכע דאָס פאָלק האָט געלייגט די קעפּ. קוקט זיך איצט צו צום קאַמף. ווער פירט אים אָן? ווידער די זעלבע, וואָס שלעפּט אַריין די אַרבעטער. ווייל דער אינטעליגענט האָט אַלעמאָל ליב צו שאַרן פייער מיט פרעמדע הענט.

דער פּאָלקאָווניק האָט אויפגעקנעפּלט זיין בלויען ראָק אויף אַלע קנעפּ־לעך, וואָס האָט אים צוגעגעבן היימישקייט, ציווילקייט, און ער האָט אַריינ־געקוקט טיף דעם אַרעסטירטן אין די אויגן אַזוי שטאַרק, אַז יענער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— זאָגט מיר, מיין יונגער פריינד, — האָט ער אים געזאָגט, — קאָנט איר מיר ענטפערן קורץ און שאַרף: פאַרוואָס קעמפט איר?

— פאַר וואָס איך קעמף? — האָט דער אַרעסטירטער איבערגע־פרעגט. — נו, איר ווייסט אַליין, פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס, פאַר דער פרייהייט.

— איר וועט מיר דערלויבן אָפּטיילן די צוויי זאַכן, — האָט דער פּאָלקאָווניק אים איבערגעריסן. — רעדן מיר פריער וועגן דעם, וואָס אייך, אַן אַרבעטער, און אייער קלאַס אינטערעסירט צום ערשטן. — דאָס איז: קאַמף פאַרן אַרבעטער־קלאַס. די פרייהייט וועלן מיר דערווייל לאָזן.

— אָן פרייהייט קאָן קיין קאַמף פאַרן אַרבעטער־קלאַס נישט זיין.

— אָט דאָ רעדט איר נאַאיוו, — האָט דער פּאָלקאָווניק געשמייכלט מיט באַדויערן. — דאָ רעדט שוין נישט אין אייך דער אַרבעטער, די שטים פון קלאַס, פון בלוט, נאָר די אינטעליגענטע פראַזע, די אַגיטאַציע.

— איך פאַרשטיי אייך נישט, — האָט דער אַרעסטירטער געזאָגט.

— לאָזט מיר אייך דערקלערן, — האָט אים דער פּאָלקאָווניק אָנגענומען פאַר דער קני. — פרייהייט, מיין פריינט, איז זייער אַ שיין קלינגענדיק וואָרט, וואָס די אינטעליגענטן נעמען דערמיט אויס ביי די מאַסן, אָבער זייער אַ טונקעלער באַגריף. איר זענט אַמאָל געווען אין אויסלאַנד? ניין. איך בין יאָ געווען, אַ סך אַרומגערייזט, און לאָמיר אייך זאָגן, אַז אָט זיי די קאָנסטיטוציאָנעלע פרייהייט, וועגן וועלכער איר שרייט דאָ אַלע, אַז די אַלע געהיימע, דירעקטע און גלייכע וואַלן, ווי די אַרבעטנדיקע האָבן אין די קאָנסטיטוציאָנעלע לענדער, האָט זיי וויניק גליקלעך געמאַכט. זיי האָבן די פרייהייט צו שטאַרבן פון הונגער, פּונקט ווי די דעפּוטאַטן זייערע, וואָס זענען אויף געהאַלט ביים שטאַט, האָבן די פרייהייט צו האַלטן רעוואָלוציאָנערע רעדעס אין די פּאַרלאַמענטן קעגן די אונטערדריקער. די פרייהייט איז בלויז אַן עסק פאַר די אינטעליגענטן, וואָס לאָזן זיך ווילן פון די אַרבעטנדיקע מאַסן...

— ביי אַ סאָציאַלער אָרדענונג וועלן מיר זיין די באַלעבאַטים, — האָט דער אַרעסטירטער איבערגעריסן.

דער פּאָלקאָווניק האָט אים אָנגעקוקט מיט דעם סאַמע מיטליידנדיקסטן שמייכעלע, ווי מען קוקט אויף אַ ליבן נאַר אומזיניקן מענטש.

— לעכערלעך, — האָט ער אָוועקגעמאַכט, — דער אַרבעטער וועט שטענדיק בלייבן דער שעפער, דער בויער, און דער אינטעליגענט וועט מיט אים פירן. עס גייט דאָך נישט אין דעם, צי איר פּערזענלעך וועט זיך אַרויסרייסן און אויך ווערן אַן אינטעליגענט; עס גייט אין אַרבעטער־קלאַס.

— אָבער ביים סאָציאַליזם וועלן קיין קלאַסן נישט זיין!

— פאַנטאַזיעס, יונגער מאַן! — שטענדיק וועלן בלייבן די צוויי קלאַסן, פיינטלעכע קלאַסן. אַרבעטער און אינטעליגענטן־ליידיקגייער. די אַרבעטנדיקע זענען נישט מער ווי זעלנער אין דעם קאַמף, וואָס עס פירן די אינטעליגענטן צווישן זיך. אַזוי איז געווען אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. די אינטעליגענטן ראָבעספּיער און דאַנטאָן האָבן זיך געריסן ביי די קעפּ פאַר מאַכט און די אַרבעטער האָבן פאַרגאָסן זייער בלוט. דאָס אייגענע האָבן מיר איצט אין רוסלאַנד. די אויפגאַבע פון די אַרבעטער, פון די אינטעליגענטערע פון זיי, איז אַוועקצוגיין פון פרעמדע קאַמפן און פאַראייניקן זיך פאַר דעם אייגענעם קאַמף, אויסשליסלעך פאַר די אייגענע אינטערעסן. דאָס האָט מיך, אַ מענטש פון אַן אָרעם הויז, אָפּגעריסן פון די אינטעליגענטן, געשטעלט מיך קעגן זיי. דאָס דאַרפן טאָן אַלע באַוואוסטזיניקע אַרבעטער, און איך פאַרזיכער אייך, אַז איר וועט אַלץ דערגרייכן. קיינער וועט זיך נישט שטעלן קעגן אייער גערעכטן קאַמף.

דער אַרעסטירטער איז געזעסן אַ פאַרפּלאָנטער. ער האָט אַ סך געהאַט צו זאָגן וועגן דעם. אָבער פּאָלקאָווניק קאָניצקי האָט אים נישט געלאָזט קומען צום וואָרט. ער איז אַריבער פון אַ פּאָליטישער דיסקוסיע צו אַ ריין פּערזענלעכער סטרונע.

— הערט, יונגערמאַן, — האָט ער גערעדט צו אים שטיל, גלעטנדיק, ווי מיט ליפּן פון סאַמעט, — איך קען אייער לעבן, איך קאָן עס אייך זאָגן, ווי פון אַ בוך אַרויס, ווייל אויך איך האָב אַזאַ לעבן דורכגעמאַכט. די אינטעליגענטן האָבן אייך אַריינגעצויגן, פון גלייכהייט און ברידערלעכ־קייט גערעדט. אָבער ווי אַזוי האָט אָט די ברידערלעכקייט אין אייערע רייען אַליין אויסגעזען? זיי, די פירער, זענען געזעסן אין אויסלאַנד און אָנגענומען רעזאָלוציעס. און אייך, דעם אַרבעטער, האָט מען אַריינגע־שטופּט אין אַ געהיימער דרוקעריי, וואו איר האָט חדשים־לאַנג געמוזט אָפּזיצן אָן לופט, אָן זען זיך מיט אַ מענטשן, אָפּגעריסן פון אייגענע, פון אַרבעטער, פון טאַטע־מאַמע, פון דער גאַנצער וועלט, אין אַ לעבן פון שטענדיקער שרעק און אומרואיקייט, ערגער ווי אין דער שווערסטער טורמע, איזאָלירט, באַגראָבן.

— איך אינטעליגענטן האָבן אַזוי געלעבט.

— איך וויס, איר מיינט אייער פּאַרטנערין, וואָס האָט געגאָלטן אַלס אייער ווייב. אָבער לאָמיר נישט רעדן דערפון. איך וויל אייך נישט ווי טאָן...

דער אַרעסטירטער איז אויפגעשפּרונגען.

— וואָס מיינט איר? — האָט ער געפרעגט. — וואָס?

— גאָרנישט, — האָט דער פאָלקאָווניק געזאָגט מיט אַ געהיימען שמייכל, — גלייכער נישט צו רעדן דערפון.

דער אַרעסטירטער איז פון דער הויט געשפּרונגען. דער פאָלקאָווניק האָט נישט אויפגעהערט צו שמייכלען אין די וואָנצן אַריין געהיימניספול און מיטליידנדיק.

— מנע, — האָט ער גענומען פּויקן מיט די פינגער אין שרייבטיש, — ווי אומגעהויער נאַאיוו און גלויביק אונדזערס אַ מענטש בלייבט שטענ־דיק, ווי גלאַטיק די אינטעליגענטן נעמען זיי אויף דער נעץ... זיי האָבן אייך גערדשנט וועגן מאָראַל, וועגן בלויז חברשע באַציאונגען, וואָס דאַרפן האָבן אַן אָרט צווישן חברים, אומאָפּהענגיק פון געשלעכט... בלויז אידייען, כע, כע, כע. נישט אמת?

דער אַרעסטירטער האָט זיך געקאָרטשעט ווי אַ שלאַנג.

— מיר זענען מאַן און ווייב.

— איר רעדט נאַרישקייטן, — האָט דער פאָלקאָווניק געזאָגט, — איר וועט דאָך נישט האַלטן מיך פאַר אַזאַ שוטה... איך קען מיך אויף זיי פּאַרטייאישע מאַן־און־ווייב אויף קאָנספּיראַטיווע וואוינונגען. איר זענט געווען מאַן און ווייב פאַרן הויז־וועכטער. אין שטוב האָט זי זיך געהאַלטן ווייט פון אייך, נישט צוגעלאָזט צו זיך, געוויכט פון אייך, ווי שטענדיק אַזאַ אינטעליגענטין וויכט פון אַ נידעריקן פון זיך, פון אַן אַרבעטער. מיט די אינטעליגענטן פון איר קלאַס האָט זי נישט גערעדט פון מאָראַל,

פון חברישע באַציאונגען. דאָרט זענען געווען אַנדערע באַציאונגען, גאָר אַנדערע...

דער אַרעסטירטער איז אַרויס פון די כלים.

— אַ ליגן! — האָט ער געשריגן, פאַרגעסנדיק זיך אין זיין פּחדנות.

דער פאָלקאָווניק האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט, געלאַכט הויך מיטן פולן מויל.

— ציט מיך נישט ביי דער צונג, — האָט ער געזאָגט געהיימניספול, — זיי באַהאַנדלען אייך פיל, פיל ערגער, ווי איר זיי. איר זענט זייערע שקלאַפן, בלינדע פאַרערער, גרייט אויסצושטיין אַלע פיין און נישט אַרויסכאַפּן זיך מיט קיין וואָרט. זיי טרייסלען זיך אָפּ פון אייך, גיבן אייך אויס, ווייל זיי האָבן מורא פאַר פיין, פאַרטראָגן נישט קיין קלעפּ אויף זייערע אויסגע־צערטלטע קערפּערס... איך ווייס, וויפל אַזאַ יונגערמאַן ווי איר, האָט זיך אָנגעליטן, שטענדיק צו זיין אין איין שטוב מיט אַ מיידל, וואָס מען האָט ליב, וואָס מען גייט אויס נאָך אירע טריט. לעבן ווי אַ מאַן און ווייב, נאָר האַלטן זיך פון דערווייטנס, אויסשטייענדיק פאַראַכטנדיקע בליקן... זען פון יענעם צד עקל, באַהאַלטן אונטער אַ מאַסקע פון מאָראַל... און אין דער זעלבער צייט פירט דיין הייליק „ווייב" זינדיקע ליבעס מיט די פירער... זיי האָבן געלאַכט פון אייך... חוזק געמאַכט...

— איר האָט נישט קיין רעכט! — האָט דער אַרעסטירטער געשריגן.

— מעגלעך, אָבער איך האָב ליבע־בריוועלעך, וואָס מען האָט ביי דער רעוויזיע אין אייער „ווייבס" פּאַפּירן געפונען, זייער אינטערעסאַנטע, זייער...

ער איז צוגעגאַנגען צום שופלאָד, געפּורקעט זיך, אַרויסגעצויגן אַ פּאַ־פּירל און עס צוריק אַוועקגעלייגט.

— ליידער קאָן איך אייך מיט געוויסע אינטערעסאַנטע זאַכן, אַזוי וועגן דער דאַמע ווי אויך וועגן פיל פון אייערע געטער, נישט באַקענען נאָך. צו פרי. אפשר אַן אַנדערש מאָל, ביי אַ געלעגנהייט. דאַן וועט מיר זיין לייכטער אייך איבערצוצייגן... איבעריקנס, איז אונדזער געשפּרעך געווען היינט בלויז אַ פּערזענלעכער, נישט קיין אַמטלעכער. איך וויל אייך בלויז צום סוף זאָגן, אַז איר זאָלט וועגן מיינע רייד זיך פאַרטראַכטן.

דער אַרעסטירטער איז געזעסן מיט אַ געזונקענעם קאָפּ. קאָניצקי האָט גערעדט ווי אַ געטרייער פאָטער, וואָס שטראָפט זיין קינד.

— געדענקט, אַז ווען עמעצער האָט אַן אָפענע טיר, מוז ער נישט דורכאויס דורכברעכן מיטן קאָפּ אַ לאָך אין דער וואַנט, — האָט ער שטיל גערעדט. — טיילט אָפּ אייער קאַמף פאַר ברויט פון לייגן דעם קאָפּ פאַר פּוסטע אינטעליגענטישע אינטערעסן און מיר וועלן פאַרשפּאָרן פירן מלחמה איינער מיטן אַנדערן.

— אָבער איר שלאָגט דאָך אונדז, איר שיסט אויף אונדזערע דעמאָנ־סטראַציעס!

— דאָס איז דערפֿאַר, ווייל איר לאָזט זיך פֿאַרפֿירן פֿון די אינטעלי־גענטן — האָט פֿאַלקאָווניק קאָניצקי געענטפֿערט.

דער אַרעסטירטער האָט נאָך געוואָלט רעדן, נאָר דער פֿאַלקאָווניק האָט אים אָפּגעשטעלט.

— ס'איז מיר געווען זייער אנגענעם, — האָט ער געזאָגט, — איך האָף, אַז מיר וועלן זיך נאָך זען. אַ גוטע רואיקע נאַכט...

די זשאַנדאַרמען האָבן דעם אַרעסטירטן אָפּגעפֿירט אין זייער אַ ריינער און באַקוועמער צעלע. אויך האָבן זיי אים געבראַכט עסן פֿון אַ רעסטאָראַן, זייער געשמאַק עסן. נאָר דער אַרעסטירטער האָט זיך דערצו נישט צו־גערירט. ער האָט נישט געקאָנט עסן, נישט געקאָנט צומאַכן קיין אויג אַ גאַנצע נאַכט.

דעם פֿאַלקאָווניקס רייד, די פֿאָליטישע נאָך מער ווי די פּערזענלעכע, האָבן אים געפּרעסן, ווי ווערעם אַרומגעקראָכן אין מוח.

— שוין־זשע האָבן די חברים אויסגעגעבן? — האָט ער נישט אויפֿ־געהערט טראַכטן. — אַ נישט פֿון וואַנען האָט ער דאָס אַלץ געקאָנט אַזוי וויסן? אַזוי, אַלץ ריכטיק, וויסן?...

ער האָט איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין דעם שטרויענעם טורמע־קישעלע און געוויינט, געשלוכצט אין דער נאַכט.

קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

לאָדזש האָט אויפֿגעלעבט:

די מלחמה אויפֿן וויטן מזרח האָט זיך פֿאַרענדיקט. דאָס גרויסע רוס־לאַנד האָט זיך צוריק ברייט געעפֿנט פֿאַר סוחרים, קאָמיסיאָנערן און וואָ־יאַזשאָרן. באַשטעלונגען זענען אָנגעקומען אַ סך און די פֿאַבריקן האָבן געיאָגט, צו צוויי שיכטן געאַרבעט.

קיין שטרייקן זענען מער נישט געווען. די באַפֿרייטע זעלנער פֿון פֿראָנט זענען איצט פֿיל געווען אין שטעט און דערפֿער איבער דער גאַנצער רוסישער אימפּעריע. אַנשטאָט שלאָגן די געצנדינערישע יאַפּאַנער, האָבן זיי געשלאָגן די רעוואָלוציאָנערן, די שונאים פֿון צאַר. די מאַכט איז צוגענומען געוואָרן ביי דער פּאָליציי און איבערגעגעבן געוואָרן צו מילי־טערישע קאָמענדאַנטן, ווי אויפֿן פֿראָנט. אין די רוסישע שטעט האָט די פּאָליציי צונויפֿגענומען אַלע אונטערוועלט־מענטשן, שיכורים, בראָדיאַגעס, פֿאַרברעכער פֿון די טורמעס, און פֿאַר זיי טיי־הייזער געמאַכט, רוסישע „טשיינעס", וואו עס האָבן געהאַנגען די אויסגעצאַצקעטע פּאָרטרעטן פֿון קייסער און פֿון דער קייסערינע, און פּריסטאַוועס, גלחים און אַגענטן האָבן פֿאַר שיכורים און פּראָסטיטוטקעס געפּרופֿן אין גאַטס נאָמען צו שלאָגן יידן, רעוואָלוציאָנערן און שטרייקערס. לאַנג־בערדיקע און לאַנג־פּאָלעדיקע

פּאָפּן מיט צלמים אין די הענט, נאָנעס אין שוואַרצן מיט ברענענדיקע וואַק־
סענע ליכט, גראָבע רעסטאָראַטאָרס, מאַרק־זיצערקעס, איבערגעטאָנענע
פּאָליציאַנטן, שיכורים, גאַסן־פּרויען, קאַליקעס, משוגעים, לומפּן, האָבן מאַר־
שירט איבער די גאַסן פון די שטעט, געזונגען צערקווע־לידער, געריסן
זיך די העלדזער ביי הימנען און געשלאָגן, גערויבט און געממיתט אין די
יידישע גאַסן.

אין דער ליטע, אין ווייס־רוסלאַנד, זענען סאָלדאַטן מיט געווער אין
די הענט באַפאַלן די יידישע קוואַרטאַלן און געהאָלפן די רויבער אין
זייערע פּאָגראָמען: צעטריבן און געשלאָגן די יידישע זעלבסטשוץ. אין
די פּוילישע שטעט האָט מען פון רוסלאַנד בערדיקע קאַצאַפּעס געבראַכט
אויף באַן־אַרבעט און אויפגעהעצט זיי קעגן די יידן, די שונאים פון דער
צערקווע און פון צאַר דעם פאָטערל. די טורמעס זענען געווען פול מיט
אַרעסטירטע אַרבעטער, שטרייקערס, רעוואָלוציאָנערן. ווען די טורמעס
זענען געוואָרן איבערגעפּאַקט, האָט מען די אַרעסטירטע אין די קאַזאַרמעס
איינגעזעצט, אַפילו אין די גאַרניזאָן־צערקוועס, אין די זעלנערישע גאָט־
הייזער. די מיליטערישע קריגס־געריכטן האָבן געאַרבעט שנעל, אייליק.
אין די נעכט האָט מען תליות געבויט אין די טורמע־הויפן. מיט יעדער פּאַ־
סאַזשיר־צוג זענען מיטגעגאַנגען פאַרקראַטעטע וואַגאָנעס, געפּאַקטע מיט
פאַרשיקטע צום ווייטן סיביר.

אין יידישע שטעט און שטעטלעך האָבן יידן תעניתים געפאַסט צוליב
די פּאָגראָמען, ויחל אין וואָכעדיקע טעג געלייענט, געלט פאַר געבליבענע
יתומים און אלמנות געזאַמלט. אנשטאָט די פריערדיקע אחדות־לייט, האָבן
מגידים און רבנים צוריק פאַרנומען די באַלעמערס. זיי האָבן צו גאָטס
וועגן גערופן, צו דאַוונען, טאָן מצוות און צו הכנעה און אונטערטעניקייט
צו דעם מלכות און צו די געזעצן. טאַטעס האָבן קינדער געהאַלטן צוריק
אין צוים. פון צייט צו צייט די אחדות־לייט נאָך געלאָזט זיך הערן,
פּראָקלאַמאַציעס אויף די ווענט אויסגעהאַנגען, מיט אַ רויטער פאָן פלוצלונג
אַרויס. אָבער זעלטן, אַז מען איז מיט זיי נאָכגעגאַנגען. פיל פון די רע־
וואָלוציאָנערע יונגעלייט פון באַלעבאַטישע שטובן האָבן אַוועקגעוואָרפן די
קינדערשע פאַנטאַזיעס און וועלכע זיי האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין די הייסע
יאָרן. זיי זענען צוריק אַוועק אין די אוניווערסיטעטן, צו קאַריערעס זיך
געגרייט. אַנדערע האָבן גוטע שידוכים געטאָן, געשעפטן פאַרלייגט, פאַב־
ריקלעך, ווערקשטאַטן. מיידלעך האָבן חתנים געזוכט, אָדער גאָר אין פרייע
ליבעס זיך אַריינגעלאָזט מיט געוועזענע רעוואָלוציאָנערן, געהוליעט און
געטרונקען. אַ סך זענען קיין אויסלאַנד געלאָפן, קיין אַמעריקע, אַרגענ־
טינע. די רעוואָלוציאָנערע פירער זענען אין דער שווייץ אַוועק, הייסע
טעאָרעטישע דיסקוסיעס געפירט אין די סטודענטישע צימערלעך. אַנדערע
זענען אין די טורמעס פאַרבליבן, אויף סיביר.

לאָדזש האָט צוריק געאַרבעט, געיאָגט אויף דער גאַנצער פאַרע. רוס־

לאַנד האָט געפּאָדערט, געקויפט, אָנגעקויפט פאַר דער גאַנצער צייט פון די אומרואיקע צייטן. די לאָדזשער פאַבריקאַנטן האָבן אָפט בעלער פאַר דער מיליטערישער מאַכט אין שטאָט איינגעאָרדנט, געלט ביי די אָפיצירן פאַרשפּילט, אויך אַ גרעסערן וועכנטלעכן געהאַלט דעם גענעראַל קוניצין, דעם באַלעבאָס פון דער שטאָט, אַריינגעטראָגן. אויך אַ קאַרעטע האָבן זיי אים געקויפט, אַ טייערע קאַרעטע מיט פערד אַ מתנה, ער זאָל די שטאָט האַלטן שטרענג, נישט דערלאָזן צו קיין שטרייקן און אומרוען. די אַרבע־טער האָבן מורא געהאַט אַ וואָרט אויסצורעדן. קיין פּיפּס האָט מען נישט געטאָן. לאָדזש האָט צוריק געהוליעט אין די שאַנטאַנען. געשפּילט אין קאָרטן, געטרונקען און געלעבט אַ טאָג.

גאָר אין די פּעדערן איז געווען מאַקס אַשכנזי. עס איז אים זייער גוט געגאַנגען. ער האָט זיינס דורכגעפירט.

יאַקוב, זיין ברודער, האָט טאַקע געקעמפט פאַר דינהלען, זיין שווע־גערין, געגעבן איר געלט, אַדוואָקאַטן אַרויסגעשטעלט, געלייגט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט, אַבי נישט צו לאָזן זי אָפּגטן פון מאַן, אָבער עס האָט אים נישט געהאָלפן. אין עקשנות איז ער, מאַקס, אַלעמאָל געווען שטאַרקער. ווען ער האָט זיך אויף עפּעס פאַרלייגט, האָט ער גע־מוזט דורכזעצן זיינס, מיטן קאָפּ אין וואַנט האָט ער זיינס דורכגעשלאָגן. יאַקוב האָט, ווי אַלעמאָל, גיך אין עפּעס זיך אָנגעכאַפּט, אויפגעקאָכט גע־וואָרן, אַריינגעוואָרפן זיך מיט ברען, אָבער ווי גיך ער האָט זיך אָנגעצונדן, אַזוי גיך האָט ער זיך אָפּגעקילט, אָנגעוואוירן דעם חשק צו מלחמה. ער האָט מער הנאה געהאַט פון אייגענעם פאַרגעניגן, וואוילטאָג, איידער פון מלחמה. אַנדערש איז עס געווען מיט מאַקסן. דאָס בעסטע פון אַלע פאַרגעניגנס איז געווען די הנאה פון אויספירן עפּעס, דערגיין צו דעם, וואָס ער וויל. נאָכ־מער — אויסצופירן ביי אַן אַנדערן, נקמה צו נעמען, באַזיגן. ווי די מאָל, וואָס האָט צייט און מיט קליינע ביסן צעפרעסט זי די שטאַרקסטע זאַך, אַזוי האָט ער געפרעסן, געגראָבן, נישט אָפּגעשטאַנען, נישט אָפּגעלאָזט, כסדר אָנגעגריפן, די יאָרן דערגאַנגען, ביז דער קעגנער איז מיד געוואָרן און נאָכגעגעבן.

ער האָט צום הונדערטסטן מאָל געשיקט שמשים רופן צו דין־תורהס, מענטשן אונטערגעשיקט, אַדוואָקאַטן אַרויסגעשטעלט, דעם הויז־פאַרוואַל־טער שלמהלע קנאַסטער אָנגעזעצט, אַלערליי שטיקלעך אים געהייסן אָפּטאָן, ביז דינהלען איז מיאוס געוואָרן, דאָס לעבן איז איר נישט איינגעגאַנגען, און זי האָט געוואָלט פּטור ווערן. אויך די עלטערן האָבן אַראָפּגעלאָזט די פליגל. זיי זענען נישט געווען קיין בעלי־מלחמה, די אַלטערס, קיינער האָט עס אויף זיי נישט געקאָנט זאָגן. אויך איז מיאוס געוואָרן ביי יאַקובן געלט צו נעמען, און חובות זענען געווען פון אַלע זייטן. דער זון איגנאַץ אין אויסלאַנד האָט געשריבן כסדר בריוולעך נאָך געלט. קיין זאַך איז אים נישט אָנגעגאַנגען אין שטוב. זאָל זיך טאָן וואָס עס וויל, אַבי די טשעקן זאָלן

אים אָנקומען וואָס אָפּטער, אַנישט, האָט ער געסטראַשעט מיט נעמען זיך דאָס לעבן. און דינהלע איז מיד געוואָרן, נישט געקאָנט מער אויסטראָגן אויף אירע ווייבערישע אַקסלען די גאַנצע משא און איז איינגעגאַנגען אויף אַ גט.

מיט אַ שווער געמיט האָט מאַקס אַשכּנזי געמוזט אויסצאָלן זיין ווייב גאַנצע הונדערט טויזנט רובל אין מזומנים. דאָס איז געווען פיל, פיל מאָל מער, וויפל זי האָט אים אַריינגעטראָגן אין נדן אַריין. הונדערט טויזנט רובל איז אַ סומע, מען קאָן אַ שיין פּעקל אַקציעס צוקויפן פאַר דעם געלט. אָבער ער האָט עס געמוזט מקריב זיין צוליב דעם גרויסן פּלאַן זיינעם. זי אַליין, די אלמנה מרגליות פון כאַרקאָוו, האָט אים געהייסן די סומע איינצאָלן. דערפאַר האָט ער אַרויסגעקריגן אַ גט, אַ יידישן, ווי אַ ציווילן, אויך אַן אונטערשריפט פון זיין ווייב, אַז זי האָט מער נישט קיין פּרעטענ־זיעס צו איר געוועזענעם מאַן, שמחה מאיר (וועל מאַקס) אַשכּנזי. מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ זענען זיי ביידע, מאַן און ווייב, געשטאַנען אין דער רבנישער שטוב, וואו מען האָט זיי פיל מאָל איבערגעפרעגט וועגן ווילן פון שיידן זיך און פיל מאָל געהייסן זיי איבערחזרן די זעלבע „יאָ'ס״.

— גאָט מיינער, ווען וועט שוין אַן ענדע נעמען, — האָט דינהלע גע־זאָגט צו דער מוטער, — איך קאָן שוין מער נישט.

— אַ גט איז נישט קיין קלייניקייט, — האָט דער רב זי געמוסרט, — אַזוי הייסט די הייליקע תורה.

זי איז אַרויס פון שטוב, קיין איין איינציקן בליק נישט טוענדיק אויף דעם מענטש, מיט וועלכן זי האָט אָפּגעלעבט אַ לעבן. זי איז געפאַלן דער מוטער אויפן האַלדז אין דער פאַרמאַכטער דראָזשקע און אַריינגעפאַלן אין ספּאַזמעס.

— פאַרוואָס קומט מיר אַזאַ לעבן? — האָט זי געשלוכצט. — אַזאַ אומ־גליקלעך לעבן? פאַר וועלכע זינד, מאַמע?

פריוועו האָט זי געטרייסט.

— טאָכטער, וועסט נאָך חתונה האָבן, פירן אַ גליקלעך לעבן. מיט אַזאַ פאַרמעגן, קיין בייז אויג. און ביסט נאָך שיין ווי אַ בילד. בליסט, מיין טאָכטער, ווי אַ רויז...

— רעד נישט, — האָט דינהלע די מוטער געבעטן, — לאָז מיך!...

מאַקס אַשכּנזי האָט יאָ אויף זיין געגט ווייב געקוקט. מיט איר בלאָס פּנים, אומעטיקע בלויע אויגן, אין די טונקעלע קליידער, אַ שטאָלצע, אַ פרעמדע, אַ שלאַנקע, האָט זי זייער שיין אויסגעזען, רייצנד און אומצוטריט־לעך. פאַר זיינע אויגן איז געשטאַנען די אלמנה מרגליות, די גרויסע, ברייט־פּלייציקע, שטיינערנע, עלטערע פרוי מיט אירע מאַנסבילישע באַוועגונגען און מיט איר באַס־שטים, וואָס אַ קעלט יאָגט פון איר. אים האָט אַ ריס גע־טאָן ביים האַרץ, ווען דינהלע איז אַרויס פון שטוב, דאָס לעצטע מאָל פאַרשוואונדן פון זיינע אויגן. אַ פּוסטקייט איז געבליבן, ווי מען לאָזט

אַרויס אַ טייערע זאַך פון די הענט אין אַ טיפן אָפּגרונט אַריין און די הענט בלייבן מיט אַמאָל איבעריק. אָבער, ווי שטענדיק, האָט ער זיך געשטאַרקט. ער האָט געזען די מיליאָנען, וואָס די כּאַרקאָווער אלמנה טראָגט אים אַריין, די שווערע געלטער אירע, וואָס מען קאָן פאַר זיי אַ וועלט מיט אַקציעס קויפן, און ער האָט זיך פאַרגעסן אָן זיין פּוסטקייט.

מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ, אויף די שפּיץ־פינגער, ווי תמיד, ווען ער וויל זיך צוגעבן קוראַזש, איז ער אַרויס פון דער רבנישער שטוב און אַריינגעוואָרפן זיך אין דער קאַרעטע וואָס האָט אויף אים געוואַרט. נאָך אין זעלבן טאָג איז ער מיטן שנעל־צוג אַוועקגעפאָרן קיין כאַרקאָוו צו דער אלמנה מרגליות מיטן גט אין דער האַנט.

* * *

לאָדזש האָט געוואוסט, וואָס זי האָט נביאות געזאָגט וועגן דער ליבע צווישן פאַבריקאַנט פלידערבוימס טאָכטער יאַנקאַ און יאַקוב אַשכּנזי.

מען האָט געזאָגט, אַז ס'וועט האַלטן פון אסתר־תענית ביז פּורים, און אַזוי איז עס טאַקע געווען. ווי גיך די משוגענע פאַבריקאַנטישע טאָכטער האָט זיך צו דעם שיינעם מאַן צוגעכאַפּט, אַזוי גיך האָט זי אים אַוועקגעוואָרפן. ער איז פאַרבליבן טאַקע וואוינען ווייטער אין פּאַלאַץ, אין דער דירעקטאָרישער וואוינונג ביי דער פאַבריק. אויך איז זי מיט אים פאַרבליבן ווייטער פריינט, אַפילו אויף „דו", אָבער אַרומגעפאָרן מיט אים מער מיט דער קאַרעטע איבער די לאָדזשער גאַסן איז זי נישט. זי איז געווען פאַרקאָכט אין נייעם טענאָר, דעם איטאַליענער, וואָס האָט אַ צייט געזונגען אין דער וואַרשעווער אָפּערע. זי האָט פּלוצלונג גרויס חשק געקריגן צו אַנטוויקלען די שטים, וואָס זי האָט אַמאָל געהאַט, און זי האָט איינגעלאַדן דעם טענאָר צו זיך אין פּאַלאַץ אויף אונטערריכט. ווי פריער מיט יאַקוב אַשכּנזי, איז זי איצט אַרומגעפאָרן איבער די לאָדזשער גאַסן מיט דעם ברוין־הויטיקן איטאַליענער און געטוליעט זיך צו אים פראַנק און פריי פאַר אַלעמען, ווי נאָר די משוגענע האָט געקאָנט.

יאַקוב אַשכּנזי איז אַרומגעפאָרן גאַלאָפּ צוזאַמען מיט זיין ברודערס טאָכטער גערטרוד.

זי האָט מער קיין סוד נישט געמאַכט פון איר ליבע צום פעטער, די פריילעכע גערטרוד. נאָך טאַטע־מאַמעס גט איז זי געוואָרן זעלבסשטענדיק און די מוטער אַפילו נישט געפרעגט קיין דעה. זי איז געזעסן לעבן פעטער אַ פריילעכע און גליקלעכע, שאָקלענדיק מיט אַלע לעקעלעך, קרייזעלעך און רינגעלעך פון איר שיינעם קופּערהאָריקן קאָפּ. זי האָט גענומען ביים פעטער די לייצן אין די הענט, ווי ווען זי איז אַ קינד געווען, געלאַכט מיטן גלעקלדיקן געלעכטער און געקוקט דעם פעטער אין די שוואַרצע הייסע אויגן אַריין מיט בלויע פייערלעך.

— אָנקל יאַקוב, — האָט זי געזאָגט, — גיב מיר אַ קוש, אַ בעסערן, אַ שטאַרקערן.

דער זיידע אַלטער האָט געגומען זוכן פאַר זיין אייניקל שידוכים. ער, ווי פּריווע, זיין ווייב, האָבן שוין געהאַט אויפן אויג זייער אַ וואוילן מאַן, אַן אַלמן, אַ סוחר, פאַר זייער טאָכטער. דינהלע האָט, אמת, פון קיין שידוכים נישט געוואָלט הערן, נישט געלאָזט פאַרן מויל ברענגען אַזעלכע ווערטער און געזאָגט, אַז זי וועט שוין אַזוי אָפּפּטרן אירע יאָרן. אָבער סיי איר פאָטער, סיי די מוטער האָבן געגלויבט, אַז זי וועט זיך לאָזן איבעררעדן. זיי האָבן נאָך געוואָלט האָבן נחת פון איר, פאַר דעם שלעכטן לעבן, וואָס זיי האָבן איר געגעבן. די מניעה איז בלויז געווען אין דער טאָכטער, אין גערטרוד. פאַר איר חתונה האָט מען וועגן דער מוטער קיין שידוך נישט געקאָנט רעדן, און ר׳ חיים האָט געהאַלטן אין איין רעדן מיט שדכנים וועגן אַ לייטישן שידוך פאַרן אייניקל. פּריווע האָט פון מאַן געלאַכט.

— מוזסט מיינען, אַז דאָס זענען אַמאָליקע צייטן. ניין, חיים, דיינע שידוכים טויגן נישט פאַר גערטרודן. איך וועל שוין פאַר איר עפּעס אויס־זוכן אַ היינט־וועלטיקן בחור. מיט צען טויזנט רובל קאָן מען אַפילו אַ דאָקטאָר פאַר איר קריגן...

אָבער גערטרוד האָט נישט געוואָלט הערן, נישט פון זיידנס סוחרים און נישט פון דער באָבעס דאָקטוירים.

— כ׳וויל נישט, כ׳דאַרף נישט, — האָט זי געלאַכט און פאַרשטופּט זיך די אויערן מיט די קליינע פינגער.

— וואָס איז, דו האָסט שוין עמעצן? — האָט די באָבע פּריווע געוואָלט וויסן. — אַ ליבע האַ, שיקסע?

— אַ ליבע, שוין איינמאָל אַ ליבע, — האָט דאָס מיידל געזאָגט אַ לאַ־כעדיקע און גענומען די באָבן דרייען אין אַ טאַנץ איבער דער שטוב.

אַן ענערגישע ווי דער פאָטער, וואָס שטעלט זיך פאַר קיין זאַך נישט אָפּ פאַרלייגנדיק זיך אויף עפּעס, אַ לעבנסלוסטיקע, אַ זוכערין פון עולם־הזה און פאַרגעניגן ווי די אַלטערס, האָט זי נישט באַגנוגנט זיך בלויז מיט די משפּחה צערטלעכקייטן פון פעטער יאַקוב. ער איז פאַר איר נישט געווען בלויז אַ פעטער, נאָר אַ מאַן, אַ מאַן אַ שיינער, אַ קרעפטיקער, אַ פריילעכער, וואָס לעבן שפּראָצט פון זיינע שוואַרצע אויגן, פון דער ברוינער הויט, פון גאַנצן געזונטן קערפּער, וואָס ווייעט מיט כוח און מענלעכקייט. נאָך קינדווייז, אַ דרייצן־יעריק מיידל, זיצנדיק ביי אים אויף דער שויס, האָט זי אין אים נישט אַזוי ליב געהאַט דעם אָנקל, ווי דעם מאַן. וואָס עלטער זי איז געוואָרן, אַלץ מער האָט זי געקלעפּט צום פעטער. זינט ער איז געוואָרן אַ גרוש, האָט זי גענומען מיט אים רעדן אָפענע רייד. זי האָט אים אויפגעהערט רופן מיטן פאַמיליאַרישן אָנקל, נאָר גאָר ביים נאָמען. קובוש — האָט זי אים גערופן פאַרצויגן אַנשטאָט יאַקוב. זי האָט זיך געטוליעט צו אים, אויף דער שויס זיך אים געזעצט, מיט די פינגער אין זיינע האָר און באָרד געקרייזלט און געגעסן אים מיט די אויגן.

— קוש מיך. שטאַרקער, פעסטער, עס מיר אויף! — האָט זי געפּליס־טערט צו אים אין ליידנשאַפטלעכן פייער.

דער פעטער יאַקוב האָט מורא געהאַט פאַר דעם מיידל.

אויך ער האָט צו איר געפילט מער ווי אָנקלשע ליבשאַפט. ער האָט אין איר געזען דינהלען, אינגאַנצן די מאַמע. דאָס איינציקע, וואָס האָט זי אָפּגעטיילט פון דער מאַמען, איז געווען איר מויל. נישט אַזוי שיין און צאַרט זענען דעם מיידלס ליפּן געווען ווי דער מוטערס. צו דיקלעך זענען זיי געווען, שטאַרק רויט און אַביסעלע פאַרקאַשערט, דורך וועלכע די ציין, ווייסע, שטאַרקע און פאַרצוקנדיקע, האָבן האַלב פאַרחלשט שטענ־דיק אַרויסגעקוקט. די גאַנצע פאָטערישע ירושה, די ענערגיע און גיריקייט האָבן דורך דעם שטאַרקן מויל אַרויסגעקוקט.

די פאַרקאַשערטע דיקלעכע ליפּן האָבן אויסגעזען, ווי שטענדיק גרייטע צום קושן, קושן שטאַרק, ליידנשאַפטלעך. מענער האָבן זיך גלייך אויף די ליפּן אָפּגעשטעלט, די אויגן נישט אַראָפּגעלאָזט פון זיי. דער פעטער יאַקוב האָט מורא געקראַגן פאַר זיך, ווען דאָס מיידל האָט מיט רייפע ווייבערישע קושן זיין מויל פון אונטער די וואָנצן געזוכט.

— גערטרוד, אַראָפּ! — האָט ער זי געטריבן פון דער שויס. — גרויסע מויד, מאַך זיך נישט נאַריש...

אָבער דאָס מיידל איז פון אים נישט אָפּגעטראָטן.

— איך בין נישט מער קיין קליין מיידעלע, — האָט זי געזאָגט מיט כעס, — איך ווייס אַז דו האָסט מיך ליב...

דער פעטער יאַקוב האָט געפּרואווט לאַכן פון איר, מאַכן די זאַך פאַר אַ שפּאַס, אָבער דאָס מיידל האָט זיך אָנגעצונדן.

— לאַך נישט, רעד צו מיר, ווי צו אַ פרוי! — האָט זי געטופּעט מיט די פיס און געצאָרנט מיט אויפגעוואַכטער באַליידיקונג פון אַ ווייב.

דער פעטער יאַקוב האָט זיך דערשראָקן. אין אירע אויגן האָבן רייפע ווייבערישע בלויע פייערן געברענט. ער האָט זיך אויף די זאַכן געקענט. ער האָט שוין געזען, אַז קיין שפּאַסן וועלן דאָ נישט אָנגיין. פאַר אים איז געשטאַנען אַ פרוי, אַ רייפע, אַ פאַרליבטע, אַ דעספּאָטישע און אַ שקלאָפּין מיטאַמאָל. ער האָט געזען, אַז דער עסק ווערט ערנסט, און ער האָט מורא געקראַגן. ער איז, אמת, געווען פריי, סיי פון ווייב, וואָס האָט אים אַ גט געגעבן, סיי פון פלידערבוימס טאָכטער, וואָס האָט אים אויף דעם טענאָר פאַרביטן. אָבער ער האָט מורא געהאַט פאַר דער קליינער גערטרוד. עס איז אים נישט אָנגעשטאַנען פאַר דינהלען. וויפל עס האָט אים צום מיידל נישט געצויגן, האָט ער גענומען דערווייטערן זיך פון איר, אַנטלויפן, אויס־מיידן זי. אָבער די קליינע איז פון אים נישט אָפּגעטראָטן.

אַ רייפע, אַ שטאַרקע, פול מיט לוסט און ענערגיע, האָט זי נישט פּרובירט, ווי איר מוטער אַמאָל, דערטרינקען זיך אין ביכלעך, לעבן מיט פרעמדע לעבנס; האָט זי נישט דערטרונקען אירע גלוסטונגען, ווי די

חברטעס אירע, אין פּלאַטאָנישע ליבעס צו אַלערליי אָפּערע־זינגער און טעאַטער אַמאַנטן. זי איז געווען פול מיט לעבן און באַגערן. עס האָט אַרויסגעשריגן דאָס יונגע לעבן אירס, דורך דעם בלויען גלאַנץ פון די אויגן, דורך דעם הייסן קופּער פון די האָר, דורך די פּאַרקאַשערטע דיקלעכע שטאַרקע רויטע ליפּן, דורך איר גאַנצן בויגיקן און רייפן מיידלערישן קערפּער. זי האָט באַגערט ליבע, אַ מאַן. אירע באַגערן זענען געווען שטאַרקע, גאַנצע, אומגעצוימטע, און זי האָט זיך אַפילו נישט געשעמט מיט זיי, אָפן האָט זי וועגן זיי מיטן פעטער גערעדט.

— איך ליב דיך, קובוש, — האָט זי אים געזאָגט, — און דו מיך אויך. איך ווייס עס. זיי מיין מאַן!

יאַקוב אַשכנזי האָט זי געטריבן.

— נאַריש מיידל, וואָס דו ביסט, — האָט ער איר געזאָגט, — דו ווייסט נישט וואָס דו רעדסט. רעד נישט דערפון. זאָלן מענטשן נישט הערן.

— וואָס גייען מיך די מענטשן אָן? — האָט דאָס מיידל געענטפערט שטאַרק.

— קינד, איך קאָן דאָך דיין טאַטע זיין.

— מיר געפעלסטו, — האָט דאָס מיידל געזאָגט.

— גערטרוד, דו ביסט יונג, אַלע מיידלעך אין דיינע יאָרן האָבן אַ שוואַכקייט צו מיטל־יאָריקע. אָבער דאָס גייט פאַרביי. דאַרפסט חתונה האָבן מיט דיינס גליייכן!

— איך בין אַ פרוי און איך ווייס וואָס איך וויל, — האָט זי פעסט געזאָגט.

אַז יאַקוב אַשכנזי האָט געזען, אַז דאָס מיידל לאָזט זיך נישט מיט דער האַנט אָוועקמאַכן, האָט ער גענומען אַרויסטראָגן פאַר איר אַלץ פון אונטערן האַרץ.

— גערטרוד, מיר קאָנען עס נישט טאָן צוליב דער מאַמען, — האָט ער געזאָגט מיט האַרץ. — דו ווייסט, אַז מיר זענען זיך אַמאָל געפעלן געוואָרן. עס וועט זיין פאַר איר אַ שטאַרקער קלאַפּ. נאָך איצט דערצו.

— ווער איז איר שולדיק, אַז זי האָט איר לעבן נישט פאַרשטאַנען? — האָט דאָס מיידל געזאָגט שאַרף.

יאַקוב האָט זי אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן.

— גערטרוד, — האָט ער זי געמוסרט, — אַזוי רעדט מען וועגן אַ מאַמען? אינגאַנצן דער טאַטע ביסטו. שמחה מאירל מיטן אויג.

דאָס מיידל האָט זיך פונאַנדערגעוויינט.

— וואָס פייניקסטו מיך? — האָט זי געקלאָגט. — נו, וואָס קומט מיר דערפאַר, אַז איך האָב ליב, אַז איך וויל ליבע? נו, האָב איך דען נישט קיין רעכט דערויף?

זי איז געפאַלן אויף די קני פאַר איר פעטער, די הענט אים געקושט.

— נו, נעם מיך אַרום, — האָט זי געבעטן לײדנשאַפטלעך. — נו, קוש מיך, ליב מיך.

זי האָט זיך אײנגעביסן אים מיט די צײן אין האַלדז, מיט די שאַרפע נעגל אין דער הויט זיך אים געקלאַמערט.

— נעם מיך אינגאַנצן, טו מיט מיר, וואָס דו ווילסט, — האָט זי געמורמלט. — נו, פאַרגעס ווער איך בין, וואָס איך בין. זע אין מיר בלויז אַ פרוי, אַ פרוי, וואָס ליבט דיך און דו ליבסט זי.... געליבטער מײנער, האַר, קעניג...

ווי דער פאָטער אירער, וואָס פאַרלײגט זיך אויף עפּעס, לאָזט ער נישט אָפּ, ביז ער דערגרײכט זײנס, אַזוי האָט די טאָכטער זײנע אַרײנגענומען דעם פּעטער אין די הענט. זי האָט נישט געוואָלט וויסן פון קײן בושה, נישט הערן פון דער מוטער, נישט קימערן זיך וועגן מענטשן; זי איז געגאַנגען צו איר באַגער מיט פעסטע טריט, אָפּראַמענדיק אַלץ אַרום זיך. זי איז דעם פּעטער נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן, דאָס בלוט אין איר אָנגעצונדן, דעם מאַן אין אים געוועקט, ביז זי האָט אירס דערגרײכט. אַלײן איז זי צו דער מוטער געגאַנגען, צום זײדן, צו דער באָבען, און מיט איר ליבע זיך אויסגעגעבן.

— מאַמעשי, — האָט זי געקושט די מוטער, — נו, איך ווײס, אַז איך בין שלעכט צו דיר, אַז איך וואָלט עס נישט געדאַרפט טאָן; אָבער טו עס פאַר מיר, פאַר דײן טעכטערל, פאַר דײן געטרטרודס ליבע, פאַר מײן גליק... איך וועל נישט לעבן אָן אים...

דינהלע איז געבליבן זיצן אַ פאַרשטײנערטע אין איר טאָכטערס אָרעמס. עס איז פאַר איר נישט אומגעריכט געווען. גאַנצע נעכט האָט זי וועגן דעם געטראַכט, געזען, אַז עס וועט קומען דערצו, אַז עס וועט מוזן קומען. נאָך ווען זי איז אַ קינד געווען, די קלײנע, האָט זי אַרומגעפּאָדערט אַרום פּעטער, אויפן האַלדז זיך אים אָנגעהאַנגען. זי האָט מיט איר מאַמיש אויג געזען, צו וואָס עס גײט. זי האָט געזען דעם גלאַנץ אין די אויגן בײ יאַקובן תמיד, ווען די קלײנע איז אים אויפן רוקן געריטן, צום האַלדז זיך אים געטוליעט. זי האָט געזען, אַז אין איר טעכטערל קושט ער זי אַלײן, זעט ער זי אַלײן, און זי האָט עס געפילט, ווי ער וואָלט זי אַלײן געטוליעט, ווי ער וואָלט צו איר אַלײן זײן ליבע אויסגעטײלט. אָבער צוזאַמען דערמיט האָט איר געשטאָכן אין איר ברוסט, האָט איר אַ ווײטיק געקלעמט, אַ ווײטיק פון אײגענעם פאַרלוירענעם לעבן, פון פאַרשפּילטן גליק און פון ווײבערישער קנאה, אײפערזוכט.

איצט איז עס געקומען, געקומען שאַרף, אָפן. און זי איז געבליבן זיצן ווי פאַרשטײנערט, ווען איר טאָכטער האָט זי געקושט, געהאַלדזט און גליק בײ איר געבעטלט.

— שטײ אויף, — האָט זי געמורמלט, — טו וואָס דו ווילסט, פרעג מיך נישט.

דאָס מיידל איז אויפגעשטאַנען פון אָרט און געשטעלט זיך אויף די שפּיץ פינגער, ווי דער פאָטער, ווען ער דערגרייכט זיינס.

די מוטער האָט דאָס דערזען און איז אויפגעציטערט.

— לאָז מיך אַליין, — האָט זי געבעטן, — לאָז מיך.

גערטרוד איז אַוועק צום פעטער יאַקוב מיט דער גוטער בשורה.

## קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

אין גרויסן קאַבינעט פון דער היינץ הונצע־מאַנופאַקטור אין לאָדזש זענען אויסגעשטעלט גרויסע טישן, איבערגעדעקט מיט גרינע טישטעכער. טיפּע לעדערנע פאָטעלן זענען אויסגעשטעלט פון אַלע זייטן. די וויצע־דירעקטאָרן, דינער, דרייען זיך דאָ אַרום מיט שטילע טריט. דער דינער מעלכיאָר, מיט גרויע באַקן־בערד שוין, אָבער נאָך פּונקט אַזוי רויט און געזונט ווי אין דער פריסטער יוגנט, שטייט אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע ביי דער טיר אין זיין גרינעם יעגער־קאָסטיום, מיט די הענט אויף די גע־פּאַסטע הויזן, גרייט צו דינען. די וויצע־דירעקטאָרן פון דער פאַבריק, די גלאַט־פאַרקעמטע בלאָנדע לייביקע דייטשן עפענען די קעסטלעך אויסלענ־דישע ציגאַרן און שטעלן אויס אויף די טישן.

עס איז נאָך ניי־יאָר, ווען די אַקציאָנערן פון דער פאַבריק קומען זיך צונויף, ווי יעדער יאָר אין דער צייט, אויף דער יערלעכער באַראַטונג. עס זענען זיך צונויפגעקומען די אָנגעזעענסטע און רייכסטע, וואָס לאָדזש פאַרמאָגט — בלאָנדע דייטשן, אויסגעפּילטע אין זייערע העלע קאָסטיומען, יידישע שוואַרץ־געקליידעטע באַנקירן, עפּעס אַ גרויס־וואָנציקער פּוילישער פּריץ, אַ פאַרבלאָנדזשעטער צווישן די דייטשן און יידן, אַן עלטערע אויס־געדאַרטע פרוי אין שטאַרק אַלטמאָדישע קליידער, און זיי אַליין, די באַ־ראָנען הונצע, אויסגעגלייכטע, בלאזירטע, מיט מאָנאָקלען אין די אויגן, מיט אַרויפגעצויגענער אַריסטאָקראַטיע אויף זייערע פלעבעאיש־גויאישע פּנימער, פון וועלכע די אַלט־הונצישע וועבערישע פּראָסטקייט וויל אַלץ נישט אַראָפּ.

די פאַרזאַמלטע דייטשן חנפענען זיי, טיטולירן זיי כּסדר מיטן הער באַראָן, צעגייען זיך אין זיסקייט און אין הכנעה פאַר די געאַדלטע אויסלענדער, אָבער די באַראָנען זענען בייז, אויפגערעגט. זיי וואַרפן זיך אויף די דינער מיט רציחה פאַר יעדער דינסט־פערטיקייט, פאַר יעדער קריכן זיי אונטער די נעגל. דער הויפּט־דירעקטאָר אַשכּנזי גייט אַרום אַ פייערלעכער. זיין ענגלישער קאָסטיום איז שוין אַ ביסל צופיל ברייט און געקראַטעוועט, זיין געזיכט איז ריין אויסראַזירט, אַפילו דאָס שפּיץ בערדעלע אויפן קין איז נישט צעשויבערט ווי געוויינלעך, נאָר צוגעגלעט און צוגעקעמט, ווי דער פריזירער האָט עס געלאָזט. אויך זיין סאַמעטענע וועסט מיט די פינטעלעך שיינט, יעדער פינטעלע באַזונדער שפּאַרט זיך אַרויס. ער האָט נישט קיין

בויך, ווי מערסטע אַקציאָנערן, אויף וועלכן די וועסט זאָל זיך גוט אויס־ליגן, דער הויפּט־דירעקטאָר אַשכנזי. און ער שטופּט־אַרויס דעם בויך זיינעם, שפּאַרט אים מיט געוואַלט אַרויס. פּונקט אַזוי פאַרגעסט ער נישט אונטערצוהויבן זיך אויף די שפּיץ פינגער, איבערהויפּט, ווען ער רעדט מיט אַ גרויס־געוויקסיקן, כדי צוצוגעבן זיך ווירדע און הויכקייט.

די זיצונג האָט זיך נאָך נישט אָנגעהויבן. און די פאַרזאַמלטע דרייען זיך דערווייל אַרום איבער דעם גרויסן פאַבריק־קאַבינעט. זיי לאָזן וואָלקנס רויך פון זייערע ציגאַרן אויף די קייזערלעכע פּאָרטרעטן, וואָס הענגען נאָך דאָ אַזוי, ווי דער אַלטער הונצע האָט זיי אַמאָל אויפגעהאַנגען. זיי באַטראַכטן אויף די ווענט די אַלע מעדאַלן, דיאַגראַמען, פאָטאָגראַפיעס פון מאַשינען, פּלאַנען, סכעמעס, אַלערליי צייכענונגען און טאַבעלן. דירעק־טאָר אַשכנזי ווייזט אָן מיט שטעקל אויף די דיאַגראַמען. פאַר די לעצטע יאָרן, זינט ער איז דאָ אַריינגעקומען אַרבעטן, האָט די פאַבריק געהאַט דריי טויזנט אַרבעטער, איצט האָט זי אַכט טויזנט אַרבעטער. פּונקט אַזוי האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל פון שטולן.

— אָט זענען די צייכענונגען, מיינע הערן, — ווייזט אַשכנזי אָן אויף די בלויע דיאַגראַמען, — מיט יעדן יאָר, — ווי איר זעט, גייט די ליניע העכער און העכער. דאָ, מיינע הערן, פאַלט די ליניע עטוואָס אַראָפּ. דאָס איז דאָס משוגענע יאָר, ווען לאָדזש האָט מער געשטרייקט ווי גע־אַרבעט. אָבער באַלד שפּרינגט זי ווידער אַרויף, יאָגט אָן אין קורצן די דורכגעלאָזטע צייט און גייט אין דער הויך, ווי איר קאָנט עס דאָ זען, מיינע הערן.

— שיין, — ברומען די צושויער, — זייער שיין...

— פּאַראַלעל דערמיט, קאָנט איר זען, מיינע הערן, — ווייזט אַשכנזי מיט אַ פינגער, — דעם וואוקס פון אונדזערע האַנדלס־דערגרייכונגען. ביטע, נאָכפּאָלגן די לאַנד־קאַרטע. די פענדלעך, ווי איר זעט, זענען די אָנ־געצייכנטע פּונקטן.

אַשכנזי איז מיטן פינגער אַרומגעגאַנגען די גרויסע לאַנד־קאַרטע פון דער רוסישער אימפּעריע אין אַלע זייטן, אָנגעוויזן אויף אַלע שטעט און געגנטן, וואו אַלץ די אַקציען־געזעלשאַפט היינץ הונצע־מאַנופאַקטור שפּאַרט אָן. די פענדעלעך האָבן געשטעקט אין פאַרשידענע געגענטן, דערגרייכט פון דער ווייסל ביזן אַמור, ביז די כינעזישע און פּערסישע גרענעצן.

— אויך איבער די גרענעצן שפּאַרן מיר לעצטנס אָן, מיינע הערן, — האָט אַשכנזי געזאָגט, אַריינקריכנדיק מיטן פינגער אין די פרעמדע גרע־נעצן אויף דער לאַנד־קאַרטע.

ער האָט אָנגעוויזן אויף פריערדיקע קאַרטעס פון אַ צייט צוריק, אײדער ער איז אין פאַבריק אַריין.

— אָט דאָס אַלץ האָבן מיר איינגענומען, — האָט ער געזאָגט מיט

שטאָלץ, ווי אַ זיגערישער גענעראַל ווייזט אָן אויף די לענדער, וואָס ער האָט געוואונען.

— שיין, זייער שיין! — האָבן די אַקציאָנערן געלויבט.

— צוזאַמען דערמיט איז געגאַנגען דאָס שטייגן פון אונדזערע אַקציעס, פון ערשטן יאָר, ווען זיי זענען אַרויסגעלאָזן געוואָרן, ביז איצט, מיינע הערן, ביטע.

מער ווי ביי די אַנדערע פּאַפּירן, האָבן די אַקציאָנערן זיס געשמייכלט איצט.

— שיין, זייער שיין! — האָבן זיי געמורמלט, שאָקלענדיק מיט די קעפּ.

אַז אַשכּנזי איז דערמיט פאַרטיק געוואָרן, האָט ער געפירט די מענטשן זען די פאַבריק.

די אינזשעניערן האָבן געוואָלט פירן, נאָר אַשכּנזי האָט זיי אָוועקגע־שאַרט. אָן אַ קאַרטע אין דער האַנט, אָן באַגלייטער, האָט ער אַליין די פאַרזאַמלטע געפירט איבער דעם ריזיקן שטח פון דער פאַבריק, וואָס איז אָפּגעצוימט פון דער וועלט מיט אַ הויכן ציגל־רויטן פאַרקאַן, באַדעקט מיט שאַרפע אייזן־שפּיצן אין דער הויך.

אויפן גרויסן ריזיקן הויף האָט מען גאָרנישט געזען, אַ חוץ געביי־דעס און שפּייכלערס, זעלטן, אַז אַן אַרבעטער איז דורכגעגאַנגען. בלויז די ערד און די ווענט האָבן געציטערט פון באַוועגונג. דאָס גאַנצע קעניג־רייך האָט זיך געצויגן אונטער דער ערד, אַרויפגעקראָכן פון דאָרט אין דער הויך אַרויס, צו די ציגל־רויטע ווענט מיט די פאַרקראַטעטע ציטערנ־דיקע פענצטער.

— מיינע הערן, מיר וועלן זען מיט אַן אָרדענונג, פון דעם, ווי אַזוי די רוי־שטאָף קומט אָן מיט דער באַן, ביז דעם מאָמענט, ווען די סחורה גייט אַרויס פאַרטיק און פאַרפּאַקט אין לאַגער אַריין.

דורך אונטערערדישע גאַסן, טונקל־באַלויכטענע פון רויטע עלעקטרי־שע לאָמפּן, האָט אַשכּנזי געפירט די מענטשן ביז דער באַן־ליניע, וואָס האָט געפירט אין דער פאַבריק אַריין. הויב־מאַשינען האָבן מיט זייערע אייזער־נע לאַפּעס אָנגענומען לאַנגזאַם ריזיקע פּעק ביינוול, פּעסער פאַרב, מאַ־שינען, אָנגעקומענע פון אויסלאַנד, און מיט גראַציע אַראָפּגעוואָרפן זיי צו די אַרבעטער, וואָס האָבן זיי געכאַפּט, אַרויפגעוואָרפן אויף וואַגאָנעטקעס און אַוועקגעפירט זיי אין די שפּייכלערס.

— פאָרזיכטיק, מיינע הערן, פאַר די קייטן און האַקעס, — האָט אַשכּנזי געוואָרנט. — איצט, מיינע הערן, ווייטער.

ער איז געגאַנגען אין די קעסל־שטובן, וואו די היץ איז געווען שטאַרק. הייצער זענען געשטאַנען ביי ריזיקע אויוונס, געשאָטן קוילן אין די אָפענע פייערדיקע פּיסקעס. עלטערע האָבן געקוקט אויף די טערמאָמעטערס, וואָס שטייגן פון היץ. די האַלב־נאַקעטע הייצער, פאַרקאָפּטשעטע, פאַררויכערטע, האָבן מיט געשיקטקייט אויסגעשפּיגן די לעצטע שטיקלעך פון די גע־

וויקלטע פּאַפּיראָסן און מיט פּאַרגליווערטע בליקן באַטראַכט די אויסגע־פּוצטע פּעט־לייביקע מענטשן.

— פּפו, הייס! — האָבן די מענטשן געזאָגט, אָפּרוקנדיק זיך. — מען קאָן זיך אָפּבראָטן.

— העי, צושיטן קוילן, — האָבן די עלטערע הייצער געגעבן באַפעלן צו די יינגערע, וואָס האָבן מיט פאַררוסנע הענט געגעסן שטיקער ברויט און פאַרטרונקען מיט ציקאָריע פון פלעשער אַרויס.

פון די קעסל־שטובן איז אַשכּנזי אַרויס מיט די מענטשן צו די שפּי־נערייען, צו די וועבערייען. איבער די ריזיקע פאַבריק־האַלעס האָבן זיך געצויגן מאַשינען אָן אַ שיעור, אָן אַ סוף. פרויען, מערסטנס יונגע, זענען געשטאַנען ביי די שטולן, געקניפּט פעדעם, ווען די מאַשין האָט עפּעס איבערגעריסן, אויסגעגלייכט, אַרויפגעזעצט און אַראָפּגענומען די שפּוליעס. דאָס קלאַפּן פון די מאַשינען, דאָס ציטערן פון די טראַנסמיסיעס האָט גע־הילכט אין די אויערן.

— אוממעגלעך צו הערן אַ וואָרט, — האָבן די מענטשן געזאָגט, שטופּנ־דיק זיך מיט די בייכער צווישן די שמאָלע דורכגאַנגען פון די שטולן. — ווי אַזוי הערט איר, הער דירעקטאָר?

— געוואוינהייט, מיינע הערן, — האָט אַשכּנזי געזאָגט און געוויזן מיט די הענט דעם גאַנג פון פאָדעם, וואָס וויקלט זיך און דרייט זיך דורך מאַשינען, הענט, רעדלעך און וואַליקעס.

פון דאָרט איז מען אַריין אין די וועשערייען, פאַרבערייען, בלייכערייען.

— פאָרזיכטיק, מיינע הערן, עס איז נאַס, — האָט אַשכּנזי געוואָרנט.

אין די גרויסע פינצטערע זאַלן איז געשטאַנען אַ פאַרע, פייכטקייט און געשטאַנק. אַלע האָבן זיך גלייך געכאַפּט פאַר די נעז. אַסטאַמאַטיקער האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם.

— פוי, געפערלעך, — האָבן די מענטשן זיך געקרימט.

די אַרבעטער, האַלב־נאַקעטע, אין הילצערנע שיך, זענען אַרומגעקראָכן איבער די נאַסע שטיינערנע דילן, געוואַשן סחורות, געזייפט, געטריקנט אין די ריזיקע אויוונס, געפּאַרעט, אין רעזערוואואַרן אַריבערגעוואָרפן, אין דער דרוק דורכגעלאָזט. די מייסטערס האָבן געשריגן. די געסט האָבן זיך געקרימט, געוואָלט שוין וואָס גיכער אַרויס, נאָר אַשכּנזי האָט נישט אָפּגעלאָזט. ער איז אומעטום אַריינגעקראָכן, ביי אַלעם זיך אָפּגעשטעלט, אויסגעפרעגט זיך ביי די מייסטערס, געכאַפּט אַ שמועס מיט די כעמיקער, באַקוקט די צייכענונגען ביי די צייכענער. אַפילו אין פּאַק־קאַמערן איז ער אַריינגעקראָכן, צוגעקוקט זיך ווי די מיידלעך פּאַקן די סחורות.

די איינציקע, וואָס זענען נישט מיטגעגאַנגען, זענען געווען די באַראָנען. זיי האָבן פיינט געהאַט די פאַבריק־האַליעס, נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם רויש, נישט געוואָלט איינריכטן די פיס אין די חזירישע דילן, נישט גע־האַט קיין חשק צו רייבן זיך אין די אַרבעטער, די שלעכט־אָנגעטאָנענע און

פאַרשוויצטע. זיי זענען געזעסן דערווייל אין פּאַלאַץ ביי זיך און געגאָסן אין זיך די קאָקטיילס איינעם נאָכן אַנדערן, וואָס די דינער האָבן זיי צו־געטראָגן.

זיי זענען געווען בייז, סיי דערפון, וואָס זיי האָבן געדאַרפט זיך אָפּ־רייסן אין מיט־ווינטער פון זייער ווינטער־ספּאָרט אין די טיראָלער בערג און אַהערקומען אין דעם שמוציקן לאָדזש, סיי דערפון, וואָס מיט זייער פאַבריק האָט עס געהאַלטן נישט געהויבן. זיי האָבן קיין גענויע חשבונות נישט געוואוסט. זיי האָבן נישט גערעכנט, אָבער געוואוסט האָבן זיי, אַז צופיל אַקציעס האָבן זיי פאַר די אַלע יאָרן פאַרקויפט, איבערהויפּט די לעצטע צייט. עפּעס ווי אָפּגערעדט, האָבן זיי לעצטנס קיין מזל נישט גע־האַט נישט אין קאָרטן מיט קאָלעגן, נישט ביי דער רולעטקע אין מאָנטע־קאַרלאָ. זיי האָבן דעריבער פאַרגאָסן די שלעכטע געדאַנקען מיט קאָקטיילס און געלאָזט וואַרטן אויף זיך מיט דער יערלעכער אַקציאָנערן־קאָנפערענץ. וויפל מאָל די דינער זענען געקומען זאָגן, אַז די הערן זענען שוין פאַר־זאַמלט ביים טיש, האָבן זיי זיך דאָך נישט געאיילט אַראָפּצוגיין אין קאַ־בינעט.

ווען זיי זענען ענדלעך אַראָפּ, האָבן די פאַרזאַמלטע אָפּגעאָטעמט. אַלע האָבן געוואוסט, אַז דער עלטסטער פון די הונצעס זאָל צוגיין צו דער שטול אויבנאָן און איבערנעמען די זיצונג, ווי יעדן יאָר. אָבער אין דער מינוט האָט דירעקטאָר אַשכּנזי אַ קלונג געטאָן מיטן גלעקל און פייערלעך אויס־גערופן:

— מיינע הערן, איך האָב די ערע מיטצוטיילן, אַז צום טאָג פון דער היינטיקער פאַרזאַמלונג איז זעכציק פּראָצענט אַקציעס אין מיין באַזיץ, לויטן רעגולאַמין געהער מיר דער כבוד צו עפענען די היינטיקע פאַר־זאַמלונג...

אין קאַבינעט איז געוואָרן שטיל. אַלע האָבן אָנגעשטעלט די אויגן צוערשט אויף די באַראָנען, דערנאָך אויף אַשכּנזין, באַלד ווידער אויף די באַראָנען. מען האָט דערוואַרט זייער וואָרט. אָבער אויך זיי האָבן זיך אָנ־געקוקט אַ ווײַלע און געשוויגן. דאָס האָט אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע ווײַלע, אַ פּיינלעכע, אַן אָנגעשטרענגטע. איבערגעריסן זי האָט אַשכּנזי.

— מיינע הערן, דערמיט עפן איך די זיצונג, — האָט ער אויסגערופן און זיך אַריינגעזעצט געמיטלעך אין גרויסן פאָטעל אויבנאָן.

אין זיין קלינגען מיטן גלאָק, אין זיין פעסטער שטים איז שוין געלעגן די ברייטקייט און זיכערקייט פון מאַנופאַקטור־קעניג פון לאָדזש.

די דייטשע פאַבריק־באַאַמטע האָבן אים אונטערגערוקט מיט אָפּשיי די פּאַפּירן, אונטערגערוקט מיט הכנעה, ווי פריער פאַר די באַראָנען.

— ביטע, הער פּרעזעס, — האָבן זיי אים טיטולירט מיטן טיטול.

מיטן זעלבן טיטול האָבן אים גלייך גענומען טיטולירן די פאַרזאַמלטע אַקציאָנערן. דער פריערדיקער „הער דירעקטאָר" איז גלייך פאַרגעסן גע־

וואָרן. די באַראָנעס זענען נישט אויסגעזעסן די זיצונג. זיי זענען אַריבער צו זיך אין פּאַלאַץ.

— שנעל פון דיזן מיסט־קאָסטן, — האָבן זיי געיאָגט די דינער ביים פּאַקן די זאַכן. ביז אָפּגיין פון צוג האָבן זיי נישט אויפגעהערט צו טרינקען.

אין אָוונט האָבן די לאָדזשער צייטונגען, די פּוילישע ווי די דייטשע, מיט פעטע אותיות צוגעגרייט פאַר די לאָדזשער איינוואוינער גלייך צום פרישטיק די וויכטיקע נייעס פון דער אַקציען־געזעלשאַפט הונצע־מאַנו־פאַקטור. אָבער דאָס איז געווען איבעריק. שוין אין אָוונט האָט גאַנץ לאָדזש אַליין געוואוסט דערפון. אומעטום, אין די פּאַלאַצן און רעסטאָראַנען, אין טעאַטער און אין די קראָמען, אין די בתי־מדרשים און אויף די מערק, אין ווערקשטאַטן און אין קאַפע־שאַנטאַנען, אין אַלע ווינקעלעך און לעכער האָט מען נישט אויפגעהערט רעדן וועגן דעם נייעם קעניג פון לאָדזש.

## קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

אין דעם עקספּרעס־צוג פּעטערבורג־וואַרשע־פּאַריז פון די אינטערנאַ־ציאָנאַלע שלאָף־וואַגאָנען, אין אַ ברייטן באַקוועמען קופּע, אויסגעשלאָגן אינגאַנצן מיט רויטן וואַרעמען פּליוש, איז געפאָרן אויף דעם האָניק־חודש פון לאָדזש קיין ניצע דער דירעקטאָר פון פלידערבוימס פאַבריק יאַקוב אַשכנזי מיט זיין יונג ווייב און ברודערן־טאָכטער גערטרוד אַשכנזי.

אויף דער פּוילישער זייט זענען די וועגן געלעגן אין שניי און אין פראָסט. דער גרויסער לאָקאָמאָטיוו האָט פריילעך געסאָפּעט, געשניטן ווי אַ וועג דורך די פאַרשנייטע וועגן, וואָס זענען אָפּגעריייניקט געוואָרן פון פויערים אין פעלצן. פאַרביי דורך די ברייטע, קלאָרע וואַגאָן־שויבן זענען געלאָפן הינטער זיך וועלדער באַדעקטע מיט שניי, פאַרפרוירענע טעלעגראַף־דראָטן, וואָס בויגן זיך אונטער דער שנייאיקער משא, דאָרפישע הייזלעך, וואָס די שווערע דעכער דריקן זיי אַראָפּ ביז דער ערד, אויסגעקרימטע צלמים מיט נאַקעטע פאַרשנייטע געקרייציקטע יעזוסעס, באַרגיקע דאָר־פישע צווינטערס מיט קרייצן, מצבות און קאַפּליצעס, פאַרהילטע אין ווייסן. קראָען האָבן זיך געטראָגן מיט זייער קאַלטער שוואַרצקייט איבער די רויטלעך־געפרוירענע הימלען, אָנגעזאָגט אויף קעלט און פראָסט.

— גערטרוד, האָסט מיטגענומען באָד־קאָסטיומען? — האָט יאַקוב גע־פרעגט זיין ווייבל, פירנדיק מיט די פינגער אין גאָלד פון אירע קרייזלען.

— באָד־קאָסטיומען? — האָט גערטרוד איבערגעפרעגט און געקוקט מיט בלויע אַפּלען דעם מאַן אין די אויגן.

— געוויס, אין צוויי טעג אַרום וועלן מיר זיך באָדן אין מיטללענדישן ים, — האָט יאַקוב געזאָגט, קוקנדיק אַרויס אויף די רייען פויערים אין

פעלצן, וואָס זענען געשטאַנען מיט די לאַפּאַטעס אין די הענט און אָפּגע־וואַרט דעם פאַרביילויפנדיקן צוג, כדי באַלד ווידער זיך נעמען רייניקן דעם וועג.

— וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע וועלט, יאַקוב, — האָט גערטרוד געזאָגט אַ גליקלעכע. — ווי שיין דאָס וועט זיין איצט צו פאַרברענגען אין ווינטער אַ חודש אונטער זון און פאַלמעס... איך וואָלט שוין וועלן זען די גרע־נעץ... ס'ערשטע מאָל ווי איך וועל זיין אין אויסלאַנד. ביסט גליקלעך, יאַקוב ?

— געוויס.

— אָבער נישט אַזוי ווי איך, — האָט דאָס יונגע ווייבל זיך געפּיעש־טשעט, — אַ מאַן קאָן גאָר נישט זיין אַזוי גליקלעך ווי אַ פרוי... אומ־מעגלעך...

זי האָט זיך געטוליעט צום מאַן, באַדעקט אים מיט קושן די ליפּן, די אויגן, די הענט.

— בער, גרויסער האָריקער בער מיינער, — האָט זי געפּליסטערט, — נו, עס מיך אויף...

זי האָט נישט געוואָלט אַרויסגיין פון קופּע. נישט אָפּגעלאָזט דעם מאַן אויף קיין פרייע מינוט, אויסצורויכערן אַ ציגאַר אין רעסטאָראַן־וואַגאָן, צו רעדן מיט אַ מענטשן. אַפילו ביים עסן אין רעסטאָראַן האָט זי נישט אויפ־געהערט טוליען זיך צו אים, קושן אים די הענט, איינרוימען אים אין די אויערן ליבנדיקע, קינדערשע, אומזיניקע צערטלעכקייטן.

— גערטרוד, זיי אָרטיק, — האָט זי דער מאַן געשטראָפט ווי אַ קינד. — מענטשן קוקן אויף אונדז.

— איך וויל נישט זיין אָרטיק, — האָט דאָס ווייבל אַנטקעגן גערעדט. — וואָס גייען מיך די מענטשן אָן, אַז איך האָב דיך... דיך...

אין לויפנדיקן צוג, איבער פינצטערע נעכט, איבער גרענעצן און לענ־דער, האָבן זיי זייער גליק מיט פולע בעכערס געטרונקען. אין עקסטאַז האָט גערטרוד זיך צו דער ערד פאַר איר מאַן און באַגוועלטיקער אַראָפּגעלאָזט, אויף די קני פאַר אים, פאַר אַן אָפּגאָט זיך געשטעלט, די פיס אים געקושט און שקלאַפיש ווייבעריש ביי אים ליבע געבעטלט.

— האַר מיינער, הערשער, — האָט זי הייס געפּליסטערט, — פּרינץ... קעניג !

* * *

אויף אַ ליידיק פאַרשנייט פעלד, איבער געפרוירענע טייכלעך און וואַסערלעך, מיט אַ שווערער וואַליזע אין די הענט, וואָס שלעפּט מיט דער משא אַראָפּ צו דער ערד, פאַרוואָרפן אין אַ שפּעטערער פראָסטיקער נאַכט, האָט ניסן אייבעשיץ, מיט צוויי גרענעץ־שוואַרצער, האַרטע און שווייגנדיקע לייט, וואָס שלעכטס קוקט זיי פון די אויגן, געשאַרט זיך וויאַרסטן לאַנג

צו דער פאַרוואָרפענער רוסיש־דייטשער גרענעץ, כדי אַריבערצוקריכן זי בסוד אין דער נאַכט.

ער איז גרויס געוואָרן ניסן, אין צעקאַ פון דער פאַרטיי אויסגעווײלט געוואָרן. איצט איז ער דאָס ערשטע מאָל קיין אויסלאַנד אויף אַ פאַרטיי־צוזאַמענפאָר געפאָרן. און ער האָט געשוואַרצט די גרענעץ, געשלעפּט זיך אין דער קאַלטער נאַכט, געפאַלן אין די טיפע שנייען, אויפגעהויבן זיך, אויסגעלייגט זיך אויף דער ערד אין שניי אַריין, ווען אַ פאַרדעכטיקט קול האָט זיך אָנגעטראָגן פון ווייטן, דעם אָטעם איינגעהאַלטן און געשאַרט זיך אַלץ נעענטער און נעענטער מיט צוויי אומהיימלעכע לייט צו דעם פרעמדן לאַנד, וואָס איז געלעגן איבער אַ קליין געפרוירן וואַסערל.

— גיכער, נישט אָפּשטיין, — האָבן אים די צוויי לייט געמונטערט און געטריבן אין די טיפע שנייען. — באַלד וועלן מיר אַרויסקומען.

* * *

אין געוועזענעם פּאַלאַץ פון היינץ הונצע, אין דער קאַלטער שטאָט לאָדזש, וואו דער שניי איז צעטראָטן אין בלאָטע פון טריט און שוואַרץ פון רויך, האָט געוואוינט דער קעניג פון מאַנופאַקטור מאַקס אַשכנזי מיט זיין צווייט ווייב, די אלמנה נאָכן צוקער־פאַבריקאַנט מרגליות, וואָס האָט איצט גערופן זיך אַשכנזי.

נאָכדעם ווי דער ייד מאַקס אַשכנזי, וואָס די באַראָנען הונצעס האָבן אים געדענקט נאָך פון די צייטן, ווען ער איז געקומען צו זיי אין פּאַלאַץ אין לאַנגע יידישע קליידער, אַ פאַרלוירענער און צעטראָגענער, האָט אויף דער אַקציאָנערן־פאַרזאַמלונג אַזוי ברייט איבערגענומען די פירונג און געזעצט זיך אויבנאָן אויף דעם פאָטעל, האָבן זיי גאָרנישט מער געוואָלט קענען די פאַרפלוכטע שטאָט לאָדזש.

זיי האָבן זי קיינמאָל נישט ליב געהאַט, נאָך פון די צייטן, ווען זיי זענען ביים פאָטער געווען. נאָכן פאָטערס טויט האָבן זיי זי אינגאַנצן אויס־געמיטן, בלויז געלט פון דאָרט געצויגן, ווען נאָר זיי האָבן געדאַרפט. נאָר איינמאָל אין יאָר האָבן זיי מיט פאַרדרוס אָפּגעריסן זיך פון זייערע אויס־לענדישע שטעט און אַראָפּגעכאַפּט זיך אויף עטלעכע טעג אין דער פאַר־רויכערטער שמוציקער שטאָט, כדי אָנוועזנד צו זיין ביי די יערלעכע זיצונ־גען פון די אַקציאָנערן. זיי האָבן קיינעם אין שטאָט נישט באַזוכט, קיינעם צו זיך נישט איינגעלאַדן אין פּאַלאַץ. זיי האָבן בלויז פאַרבראַכט פון איין באַן צו דער צווייטער, אָפּגעזעסן ביי זיך אין פּאַלאַץ און פאַרזיסט זיך די לאַנגווײלע צייט מיט ווין און ליקערן. בלויז צוליב אָט די געציילטע טעג, וואָס זיי האָבן פאַרבראַכט דאָ איינמאָל אין יאָר, איז געשטאַנען זייער פּאַלאַץ און געפּוסטעוועט; אויך די קאַרעטן, פערד, קוטשערס, דינער און לאַקייען.

איצט, ווען זיי האָבן שוין מער נישט געהאַט נאָך וואָס צו קומען אין דער שטאָט, האָבן זיי געוואָלט פון אַלץ פּטור ווערן, אי פון די רעשטלעך

אַקציעס, וואָס זיי האָבן נאָך געהאַט, אי פון דעם פּאַלאַץ, וואָס שטייט און פּוסטעוועט.

„קיין געמיינזאַמעס מיט דיזען פּאָלניש־יידישען מיסטלאָך,״ האָבן זיי־ וועגן דער שטאָט געוועדט מיט האַס.

מאַקס אַשכנזי האָט דעם פאַרשלאַג פון די בּאַראָנען אָנגענומען.

ער האָט דעם פּאַלאַץ נישט געדאַרפט, פּונקט ווי ער האָט נישט גע־דאַרפט די קאַרעטן, קוטשערס און לאַקייען. אָבער ער איז געוואָרן איצט דער קעניג פון לאָדזש, דער באַלעבאָס פון דער הונצע־פאַבריק, און ער האָט געוואָלט האָבן די מלוכה אינגאַנצן. ער האָט נישט געקאָנט דערלאָזן, אַז לעבן זיין מלוכה זאָל עמעצער אַנדערש הערשן אין פּאַלאַץ. די פאַבריק מיטן פּאַלאַץ זענען געווען איינס. איבעריקנס האָבן אַלע גרויסע פאַבריקאַנטן געהאַט זייערע פּאַלאַצן ביי זייערע פאַבריקן אין לאָדזש. און ער האָט געוואָלט זיין אַ גלייכער, נאָך איבעריאָגן. אויך האָבן די באַראָנען פאַרקויפט דעם פּאַלאַץ פאַר ביליק געלט. זיי האָבן וואָס גיכער געוואָלט פּטור ווערן, געלט זען פאַר די אויגן. און אַשכנזי האָט אים איבערגענומען. איבערגענומען מיט אַלעם, מיט די טייערע מעבלען, בילדער, הירשן־הערנער בראָנזן, געפעסן, גלאָזוואַרג, מיט די לאַקייען און קאַרעטן, קוטשערס און קאַמערדינער. אַפילו דער באַראָנישער הערב איז געבליבן אויף אַלעם.

אָט אין דעם פּאַלאַץ, דעם גרויסן און שווערן, האָט איצט געוואוינט איינער אַליין מיט זיין צווייט ווייב מאַקס אַשכנזי.

קלענער ווי שטענדיק האָט ער אויסגעזען אין די הויכע ריזיקע פּאַ־לאַץ־זאַלן און צימערן. אַליין, אין צווייען בלויז, איז דאָס פאַרפאַלק אַשכנזי געזעסן ביי מיטאָג אין ריזיקן עס־צימער, ביים שווערן לאַנגן טיש, וואָס איז געווען געגנוג פאַר צענדליקער עסער. די ברייטע געשניצטע בופעטן, די פיל פאַרצעלייען און גלאָזוואַרג, די ברוינע דעמבענע ווענט, די פאַרצווייגטע קרישטאָלענע לאָמפּן, די בילדער פון געשאָכטענע פאַרביקע קאַטשקעס, פאַ־זאַנען און פּערל־הינער האָבן געדריקט מיט זייער גראַנדיעזקייט און שווער־קייט. דער אויסגעפּוצטער דינער, אין פראַק און אין קורצע זיידענע הויזן מיט הויכע זאָקן, האָט קאַלט און פייערלעך צוגעטראָגן די פרעמדע מאכלים צו די צוויי שווייגנדיקע מענטשן ביים טיש, וואָס האָבן אין זיי קיין טעם נישט געפילט. זיי זענען נישט געוואוינט געווען צו די אויסגעזוכטע פרעמדע מאכלים, צו די פויגל־פליישן, גרינסן און סאָוסן, נישט געפילט קיין טעם אין זיי און געגעסן זיי מיט אומווילן, פּונקט ווי זיי האָבן נישט געפילט די גוטסקייט פון די וויינען, וואָס די דינער האָבן געבראַכט פון פּאַלאַץ־קעלער. זיי זענען נישט געוואוינט געווען דערצו. דער קאַלטער אויסגעפּוצטער קאַמערדינער האָט מער אַראָפּגעטראָגן פון טיש, ווי ער האָט דערלאַנגט. דער גרויסער וואָלף־הונט, וואָס איז פאַרבליבן אין פּאַלאַץ ביי די נייע באַלעבאַטים, איז געלעגן אויף דעם טעפּעך אַ פרעמדער און שווייגנ־

דיקער און געקוקט מיט האַלבע פאַרלאַנגווייליקטע אויגן אויף די נייע באַלעבאַטים זיינע.

דער הונט האָט גלייך דערפילט, אַז ער איז נישט מער קיין ליבלינג ביי אָט די נייע מענטשן. נישט זיי האָבן אים געצערטלט, נישט זיי האָבן אים די הענט אין פּיסק אַריינגעשטופּט. זיי האָבן גאָר מורא געהאַט פאַר אים, געהאַלטן זיך פון אים אין אַ זייט. וויפל מאָל ער האָט פּרובירט אַ לעק טאָן מיט דער צונג דער באַלעבאָסטעס האַנט, כדי אַרויסצואווייזן זיין טריישאַפט און ליבע, האָט זי זיך אָפּגערוקט פון אים מיט שרעק, די האַנט זיך אָפּגעווישט. פּונקט אַזוי האָט דער באַלעבאָס אים אויסגעמיטן, ווען ער האָט זיך געלייגט לעבן זיינע פיס. און ער איז געלעגן אַ צייטיקער אויף דעם ווייכן טעפּעך אין גרויסן עס־צימער און געקוקט מיט האַלבע אויגן, פרעמדע און אומצוטרויאיקע, אויף די שווייגנדיקע מענטשן. ער האָט זיך אַפילו נישט אויפגעהויבן פון אָרט, ווען די באַלעבאָסטע האָט אים גערופן, אונטערשטעלנדיק אים אַ טעלער מיט איבערבלייבעכץ. עס איז אים נישט אָנגעשטאַנען אין זיין זאַטיקייט.

— „פּראַטיוונאַיאַ סאָבאַקאַ‟, — האָט די פרוי געזאָגט צום מאַן אַ באַ־לײדיקטע. — איך ווייס נישט צו וואָס מען דאַרף אים דאָ.

— זאָל ער זיין, — האָט אַשכנזי געזאָגט שטיל, כאָטש ער אַליין האָט אויך געוואָלט פון אים פּטור ווערן, נאָר נישט געקאָנט. ער איז געווען אַ טייל פון פּאַלאַץ, דער הונט, אַ טייל פון קיניגרייך, וואָס איז צו אים, אַשכנזין, איבערגעגאַנגען.

דאָס עסן האָט זיך געצויגן לאַנג, פייערלעך. דער קאָמערדינער האָט געטראָגן געשיקט אויף די זילבערנע טאַצן אַלערליי נייע שפּייזן, דעסערטס און געטראַנקען. פון איין עסן צום צווייטן האָט היפּש געדויערט. אַשכנזין האָט עס פון אָרט געטראָגן, ער האָט שוין געוואָלט וואָס פריער אַראָפּ אין פאַבריק, וואו ער פילט זיך אַמבעסטן, אָבער עס איז געווען אוממעגלעך צו זאָגן עפּעס דעם הויכגעוויקסיקן, קאַלטן, העפלעכן און עלעגאַנטן קאָמער־דינער, וואָס אין זיין גאַנצער לאַקייאישקייט, האָט ער געהאַט אַ מין קע־ניגלעכן שטאָלץ אין יעדער באַוועגונג זיינער, אין יעדן ריר. זייער גע־שיקט איז ער מיט זיינע געטאָקטע פיס אין די זיידענע הויכע זאָקן גע־גאַנגען איבער די גלאַנציקע דילן פון פּאַלאַץ און געטאָן זיין קאָמערדינערישע עבודה. אַשכנזי האָט נישט געוואַגט אויפצוהויבן זיך פון טיש פריער, איי־דער דער דינער זיינער האָט אים נישט אונטערגעטראָגן דאָס קעסטל אויס־לענדישע ציגאַרן נאָך דער גאַנצער פייערלעכער סעודה.

מיט דער גיכקייט פון אַ חדר־יינגל, וואָס אַנטלויפט פון אַ לאַנגער שבתדיקער סעודה צו זיינע שטיפעריייען, איז אַשכנזי געלאָפן פון עסן אין פאַבריק אַריין, אין זיין גרויסן קאַבינעט. דאָ איז ער געשוואומען, ווי אַ פיש אין וואַסער.

נאָך שווערער איז געווען אין די נעכט.

שעהן לאַנג האָט דאָס קאַמער־מיידל געהאָלפן דער מאַדאַם אַשכנזי צוגרייטן זי צום שלאָף. זי האָט איר געפלאָכטן צעפלעך פון די גרוילעכע האָר, די קורצע און די גלאַטע, וואָס ליגן אויפן קאָפּ ווי דראָטן. זי האָט איר געפּוצט און געפּודערט, געשמירט די הענט מיט אַלערליי זאַלבן און קרע־מען. אויך האָט זי איר אין טייערע זיידענע העמדער, מיט שפּיצן און אויס־נייעכצן, אָנגעטאָן. דאָס בעט אין סטיל פון לואי דעם פופצנטן, באַהאַנגען מיט אַ בלויען אַטלאַסענעם באַלדאַכין, אויסגעבעט מיט זיידענע קאָלדרעס, געהאַפּטענע קישנס און קישעלעך, באַלויכטן מיט געדעמפּטער רויטלעכער נאַכטלעכער ליכט, איז געווען ברייט, גאַסטפרײַנטלעך און האַלב אָפּגע־דעקט, גרייט אויפצונעמען אין די ווייכקייטן. אָבער אַלע פּאַרפומען, זאַלבן, זיידענע העמדער, שפּיצן, טיולן, פּוכן און געדעמפּטע ליכט זענען נישט גע־ווען אימשטאַנד צו פאַרדעקן די שווערקייט, האַרטקייט און באַלייבטקייט פון דער באַיאָרטער פרוי מיט די קליינע גרוילעכע האַרטע צעפּלעך, אין גרויסע זיידענע מיידלשע סטענגעס פאַרפלאָכטן. אַ קאַלטקייט האָט גע־ווייעט פון אירע שטייפע צוגעלייגטע האָר, פון דעם שווערן פּאַרמלאָזן קער־פּער, וואָס איז אַרויסגעקראָכן פון אַלע גאָרסעטן, שנורן און בענדעלעך דורך דעם דינעם זיידענעם העמד האָט זיך געפּאַלדעוועט דער בויך, האָבן זיך שווער געלייגט די צעגאָסענע איבערגעיוירענע בריסטן. די דיקע פיס האָבן אויסגעזען ווי קלעצלעך. די גוידערס אויפן קין האָבן געציטערט ווי געפרוירענע פיש־יויך. דאָס בעט האָט געקרעכצט אונטער דער ווייבערי־שער משא.

— מאַקס! — האָט זי גערופן פון ברייטן בעט אַרויס. — פאַרוואָס גייסטו נישט שלאָפן?

זי האָט געוואָלט אַרויסברענגען די עטלעכע ווייבערישע ווערטער דין און צאַרט, אָבער די פעטסן האָבן זיי פאַרגרעבט, אין אַן אַלט מענעריש קול געענדערט. אַשכנזין איז קאַלט געוואָרן. דאָס גרויסע בילד איבערן בעט, דאָס פאַרביקע בילד פון אַ יונג נאַקעט מיידל, וואָס אַנטלויפט פון אַן אַלטן סאַטיר מיט ציגענע פיס, האָט געקוקט אויף אים מיט שפּאָט. אין דעם מיידלס קערפּער אויפן בילד האָט ער פלוצלונג דערזען דינהלען זיין ווייב. פונקט אַזאַ שלאַנקע איז דאָס מיידל אויפן בילד געווען. פונקט אַזעלכע ברוינע געקרייזטע לאָקן, קרייזעלעך און רינגעלעך האָבן אַרומגע־נומען איר קאָפּ.

מיט שווערע טריט, נישט ווי מען גייט צום בעט פון אַ ווייב אין האָניק־חודש, נאָר ווי מען גייט צו דער תליה, האָט אַשכנזי זיך דערנענטערט צום ברייטן געלעגער, וואָס האָט אים מיט אַ האַלב אָפּגעדעקטער קאָלדרע גערופן צו זיך.

ער איז שלעכט געשלאָפן, מאַקס אַשכנזי, אין ברייטן באַקוועמען בעט, אין אַלע פּוכן, זיידנס און שפּיצן. די געדעמפּטע קלאַנגען פון אַלע פּאַלאַץ־זייגערס האָבן אויסגעקלונגען איינער נאָכן אַנדערן זייערע נאַכטיקע

שעהן, לאַנג און פייערלעך, ווי גלאָקן אין אַ קירכע. מאַקס אַשכנזי האָט זיי געציילט אין דער לאַנגער ווינטער־נאַכט. די קישנס זענען אים פלוצלונג געוואָרן האַרט. אויף וועלכער זייט ער האָט זיך נישט אַוועקגעלייגט, איז אים געווען דערווידער, האָט געקוועלט.

ער האָט אָנגעטאָן דעם שלאָפראָק און שטיל אַרויס פון בעט.

מיט אַ לייכטער אין האַנט איז ער געגאַנגען איבער די פילע זאַלן און צימערן פון גרויסן פּאַלאַץ זיינעם. אַלץ איז אים געווען פרעמד. די הירשן־קעפּ מיט די געדרייטע הערנער האָבן געקוקט אויף אים מיט זייערע גלעז־זערנע אויגן. די שווערדן, שפּיזן און קינזשאַלן אויף די ווענט האָבן גע־בליצט מיט רציחה און גויאישקייט. אַשכנזין זענען יינגלשע געדאַנקען גע־קומען אין קאָפּ, חדר־מעשות וועגן גזלנים, כמיעלניצקיס צייטן, שפּאַנישע שייטערהויפנס און יידן, וואָס שטעכן זיך אויף קידוש־השם. ער איז אַרויס גיך פון איין שטוב און אַריין אין אַן אַנדערער.

אַ סך האָבן זיי זיך געצויגן, די שטובן פון זיין פּאַלאַץ, פול מיט מאַרמאָרן, טייערע מעבלען און בילדער. די בילדער זענען געווען גרויסע, ריזיקע, מיט יעגערס, וואָס טראָגן געשאָסענע פייגל, פון וועלכע דאָס בלוט רינט נאָך, מיט ריטער אַלערליי אין טיולן און שפּיצן, מיט יאַגד־הינט, וואָס שלאָגן זיך מיט בערן, מיט נאַקעטע ווייבער, סאַטירן, באַקכוס־טענץ. אַשכנזי האָט זיך איינגעקוקט אין זיי. זיי זענען געווען זיינע, אָבער האָבן געקוקט אויף אים פרעמד, ווייט, גאָרנישט מיט אים זיך אָנ־געהערט. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי לאַכן פון אים, דעם קליינעם ייד אין שלאָפראָק, וואָס שלעפּט זיך אַרום איינער אַליין אין אַ פרעמדן גויאישן פּאַלאַץ אין אַ שפּעטער ווינטער־נאַכט.

ער איז אַריין אין עס־צימער, וואו די ברויגע דעמבענע ווענט און געשניצטע באַלקנס האָבן זיך געטונקלט אין נאַכטיקע שאָטנס. עס איז געשטאַנען ווייַן אין קרעדענס. אָבער ער האָט נישט געטרונקען, כאָטש אים איז ביטער געווען. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטול. דער הונט האָט זיך אויפגעכאַפּט, אַ קוק געטאָן מיט האַלב־געעפנטע אויגן אויף דעם באַלעבאָס, אויפגעעפנט אַ גרויס מויל און אַ גענעץ געטאָן, צוריק איינטו־ליענדיק זיך אין ווייכן טעפּעך.

אַשכנזי האָט געזען אין געדאַנק זיין ערשטע ווייב, דינהלע, דערמאָנט זיך אין פאַרשידענע צייטן מיט איר. — וואו איז זי איצט? — האָט אים פלוצלונג גענומען מאַטערן אַ געדאַנק וועגן איר. וואָס טוט זי? ווער זי חתונה האָבן, אָדער זי וועט בלייבן אַליין? ער האָט מיט אַ סוחריש פּראַק־טישן קאָפּ פּרובירט אָפּוואַרפן די געדאַנקען וועגן איר. וואָס אינטערעסירט זי אים? זיי זענען נישט מער מאַן און ווייב. פונאַנדערגעגאַנגען זיך. ער האָט איר אויסגעצאָלט אַ סך מער, וויפל זי האָט אים נדן אַריינגעבראַכט. איצט איז אַלץ געענדיקט. ער האָט דאָס אַלץ איבערגעטראַכט, געיאָגט די פרעמדע געדאַנקען פון קאָפּ, וואָס דאַרף נאָר האָבן צו טאָן מיט פּראַקטישע

זאַכן. אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט אַוועק, די פרעמדע געדאַנקען, אין דער שפּעטער שלאָפלאָזער נאַכט. פון ווייב זענען זיי אַריבערגעגאַנגען צו די קינדער.

איגנאַץ איז אין פּאַריז. אַ גרויסער בחור שוין. אינטערעסאַנט צו זען, ווי אַזוי ער זעט אויס. ער איז טאַקע נישט קיין לייט, אַ גראָבער קאָפּ, אינגאַנצן נישט ענלעך צו אים. חיים אַלטערס קאָפּ האָט ער געירשנט. דאָך וואָלט טשעקאַווע געווען אים צו זען. ער מוז זיין אַ הויכער, פיל העכער פון אים אַליין, דעם פאָטער. ער איז געראָטן אין דער מוטער. און זי, גערטרוד? זי האָט אים מיאוס באַהאַנדלט, אַפילו קיין איין וואָרט אים נישט געלאָזט וויסן וועגן זיך. נישט אָנגעפרעגט וועגן איר ניי לעבן. און מיט וועמען איז זי אַוועק? מיט דעם גאָרנישט, מיט דעם פּויערים־יונג, וואָס איז מער ווי טאָפּלט אַלט פאַר איר, וואָס האָט געקאָנט איר טאַטע זיין. און צוליב וואָס? אַז אַ נדן האָט איר די מוטער געוואָלט געבן אַ לייטישן. דעם בעסטן יונגנמאַן האָט זי געקאָנט קריגן. איצט פאָרט זי טאַקע מיט אים קיין אויסלאַנד, אויפן האָניק־חודש. זיין הויז־פאַרוואלטער שלמהלע קנאַסטער האָט אים גלייך דערציילט. קיין פראַנקרייך פאָרן זיי אין די וואַרעמע לענדער.

אַשכנזי האָט דערזען זיין ברודער, יאַקובן, געזען ווי ער איז איצט מיט זיין טאָכטער, דער יונגער און דער שיינער, אין וועג צו זיין גליק. אים האָט ביים האַרץ פאַרקלעמט. דאָס האָט ער זי אַריינגענאַרט, אויף צו־להכעיס אים, ווי שטענדיק. אַ נאַרישע ציג, האָט זי זיך געלאָזט איבער־רעדן פון אים, געלאָזט זיך פאַרדרייען דעם קאָפּ. שפּעטער וועט זי חרטה האָבן. ער האָט אָראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, איינגעטוליעט זיך אין שלאָפראָק, אַ קעלטל דערפילט אין די ביינער.

פאַרוואָס קומט עס אים, דעם יעקב בונמען? אַז סך־הכל איז ער אַ גאָרנישט, אַ פלאַטער־קאָפּ, אַ טויגעניכטס. אָט, אין סאַמע בעסטן סע־זאָן, לאָזט ער איבער אַלץ מיט אַלעם און פאָרט גאָר קיין פראַנקרייך. אַ הולטאַי, וואָס וועט סוף־כל־סוף מיאוס ענדיקן. דאָך וואָסער מזל ער האָט! די ווייבער לויפן צו אים, אַלע. פריער קלמן אייזנס אייניקל, שפּעטער פלידערבוימס טאָכטער. פיל אַנדערע. איצט זי אַליין, זיין טאָכטער, זיין גערטרוד. ווי געמיין דאָס איז! ער לאַכט איצט פון אים, דער אויסוואורף, האָט אין אים נקמה. פון אַ ברודער איז ער, מאַקס, יענעם גאָר אין מיטן דערינען אַ שווער געוואָרן. די טאָכטער איז אים, דעם פאָטער, אַפילו נישט געקומען פרעגן. קיין וואָרט נישט צוגעשריבן. הפקר!

ער איז געזעסן אַ קליינער, אַן איינגעשרומפּענער, אַ פאַרלוירענער אין דעם גרויסן פּאַלאַץ זיינעם, אין נייעם קעניגרייך. די זייגערס האָבן נישט אויפגעהערט ציילן מיט זייערע קירכן־קלאַנגען די שפּעטע נאַכט־שעהן. דער בראָנזענער מעפיסטאָפעל אין ווינקל שטוב האָט געלאַכט מיט אַלע ציין פון זיין ברייט־צעצויגן מויל גלייך אַשכנזין אין די אויגן אַריין.

אַשכנזי האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און פונאַנדערגערוקט די שטאָרן פון ווענעציאַנער פענצטער. ער האָט אַרויסגעקוקט צום גרויסן פאַבריק־הויף, וואָס האָט מיט אַלע קוימענס זיך געשווארצט אין דעם טונקל־באַלויכטענעם רויטן ליכט.

די פאַבריק איז געשטאַנען אַ שווערע, אַ פינצטערע, אַ צודריקנדיקע מיט איר מאַסיווקייט. די גלייכע הימל־קריכנדיקע קוימענס האָבן אויסגעזען ווי לאַנגע צונגען, וואָס די מויער וואָלט אַרויסגעשטעקט.

דער קעניג פון לאָדזש האָט דערפילט אַ קעלט אין דער שפּעטער שלאָפלאָזער נאַכט און צוריקגעצאַנגען צום געלעגער אַן איינגעשרומפּענער און קלײנגעוויקסיקער. דער בראָנזענער מעפיסטאָפעל האָט געשטשירעט אויף אים די שפּיציקע ציין, געלאַכט מיטן גאַנצן ברייט־צעצויגענעם אָפּענעם מויל.

אויף די צעבראָכענע שאָסייען פון דייטשלאַנד קיין פּוילן, דורך וועל־דער, דערפער און שטעטלעך, חרובע און אָפּגעברענטע פון דער רוסיש־דייטשער מלחמה, האָבן זיך געצויגן איינס נאָך דעם אַנדערן דייטשן, פערד, לאַסט־אויטאָמאָבילן, פורן און האַרמאַטן. די פּוילישע פּויערים זענען אַרױס פאַר די שטרוי־געדעקטע כאַטעס זייערע, פאַרלייגט די הענט צו די בלויע היטלעך און מיט העלע אויגן שווייגנדיק באַטראַכט די פרעמדע וואָגנס און מענטשן. די פּויערטעס מיט די פאַרביקע טיכלעך אויף די קעפּ האָבן זיך מיט מורא און נייגיר געטוליעט צו די דאָרפישע געפלאָכטענע פּלויטן און געצלמט זיך פרום. די קינדער מיט די פלאַקסענע קעפּלעך, צוזאַמען מיט די הינט, האָבן די פרעמדע באַגעגנט מיט אַ געשריי און געבילערײ.

אין די שטעטלעך זענען די יידן אַרויס פאַר די טירן פון זייערע אויס־געהויקערטע הייזלעך און מיט שוואַרצע פאַרחידושטע אויגן באַמערקט די נייע לייט. יינגלעך אין קאַפּאָטקעלעך, מיידעלעך מיט צעשויבערטע שוואַר־צע קעפּלעך, האָבן געפּאַכעט מיט די הענטלעך צו די פרעמדע מענטשן, באַגריסט זיי מיט יידישע גוט־מאָרגנס. פון קעלערס זענען אַרויס באַ־האַלטענע יידן, וואָס די רוסישע אָפּטרעטנדיקע סאָלדאַטן האָבן זיי געוואָלט מיטשלעפּן מיט זיך, נוקם זיין זיך אין זיי פאַר די מפּלות אויף די פראָנטן. פאַר ווינט־מילן זענען דייטשע קאָלאָניסטן אַרויס און פריילעך באַגריסט די אָנקומענדיקע פרעמדע מענער.

— גריס גאָט, לויטע, ווילקאָמען!

דאָס האָבן מענער פון דייטשלאַנד, פון פּרייסן און זאַקסן, פון בייערן און פון רהיין, פון אַלע דייטשע לאַנד־טיילן קיין פּוילן געצויגן.

וואָרעם אין דייטשלאַנד זענען מענטשן אַ סך געווען, אָבער ערד וויי־ניק. ביים שכן אין רוסלאַנד איז ערד אַ סך געווען, פעלדער פיל, פּי, האָלץ, מינעראַלן. און די דייטשע הערשער האָבן די מענער פון זייערע פעלדער, פאַבריקן, ווערקשטאַטן און שולן אַוועקגענומען, די ווייבער פון לאַנד אויף זייער אָרט אַוועקגעזעצט, און זיי, די מענער, צום שכנס לאַנד געשיקט, כדי מיט פייער און שווערד צו באַזיגן עס און עראָבערן. דאָס ערשטע זענען זיי געגאַנגען אויף פּוילן, וואָס איז ביי דער גרענעץ.

יונג און אַלט, אַרבעטער אין ברילן און בערדיקע פּויערים מיט בלאָנדע בערד, שול־יינגלעך מיט רויטע בעקלעך און מיטן ערשטן העלן פּוך אויף זייערע ליפּן און צעקנייטשטע פאַרוועלקטע לייט מיט גרויקייט אין די בערד און וואָנצן, האָבן געצויגן איבער די פּוילישע שטעט און שטעטלעך. מיט לאַסט אויטאָמאָבילן און זעלנערישע פערד און וועגן, אויף

וועלכע עס איז אָנגעשריבן מיט קרייד „נאָך פעטערסבורג״, מיט באַנאָגלטע שטיוול, מיט רימענס, אויף וועלכע עס איז אויסגעקריצט אויף די שנאָלן „גאָט מיט אונדז״, מיט שפּיציקע פּיקעלהויבן אויף די קעפּ, מיט באַיאָנעטן אויף די ביקסן מיט צוויי שאַרפן, איינע צו שניידן אין שונאס לייב און איינע אויף איבערצוהאַקן דראָט־פאַרצוימונגען, האָבן זיי געצויגן פון מערב צו מזרח, געגאַנגען לאַנגזאַם און פאָראויס, פאַרנומען דאָרף נאָך דאָרף, שטעטל נאָך שטעטל, שטאָט נאָך שטאָט, אין דעם לאַנד ביי די טייכן ווייסל און וואַרטע.

נאָך זיי זענען נאָכגעפאָרן פאַסטאָרן אין מיליטערישע קליידער און מיט קרייצן אויף די העלמען, כדי צו רופן אין גאָטס נאָמען די מענער צו מאָרד און רויב, כדי איינצופלאַנצן דעם פּראָטעסטאַנטישן גלויבן, דייטשע שפּראַך און זיטן אין באַזיגטן לאַנד.

יונגע סאָלדאַטן האָט מען ווייניק געשיקט קיין מזרח. זיי, די שטאַרקע און געשיקטע, האָט מען געהאַלטן אויף די מערב־פראָנטן, די שווערע און גוט־באַפעסטיקטע. אויף דער רוסישער זייט זענען געגאַנגען די לאַנד־שטורמער, באַוואקסענע, בערדיקע, בייכיקע, אויף וועלכע די רימענס פּלאַצן שיר נישט און די הינטערס קריכן אַרויס פון איינגעצויגנקייט ווי ביי אַלטע ווייבער, רונד־קעפּיקע, געגאָלטע, אויף וועלכע די פּיקעלהויבס זיצן קרומ־לעך. מיט דאָרפישע בערד, מיט שטאָטישע וואָנצן, מיט גרויסע ברילן אויף שטריקלעך פאַרבונדן צו די אָפּשטייענדיקע אויערן, מיט שווערע פיס, דאָרפיש קלאָצוואַטע אָדער שטאָטיש קרומלעכע, אין קורצע שטייפע געלע כאָליעוועס פון די טעמפּע באַנאָגלטע שטיול, מיט ליולקעס אין די מיילער, זענען זיי האַרט און געהאָרכזאַם נאָכגעגאַנגען איבער די פרעמדע וועגן, געפירט פון רייטנדיקע אָפיצירן, ווי לאַנד־קנעכט נאָך זייערע האַרן. פאַר־בלאָטיקטע, פאַרשטויבטע, פאַרליימיקטע פון די אויפגעריסענע שאָסייען, וואָס די רוסן האָבן קאַליע געמאַכט פאַרן אָפּטרעטן, מיט הייזעריקע גאָרגל־דיקע און ביר־אָנגעגאָסענע שטימען האָבן זיי געזונגען זייערע זיגעס־לידער:

די דייטשן האַבען איינע שיס־קאַנאָן,
די האָט איין גראָסעס לאָך — בום־בום;
איי, דאָס איזט זאָ רונד און ריזענגראָס,
דאָס מאַן דערין שלאָפן קאַן.
יעדער שוס
איין רוס;
יעדער שטאָס
איין פראַנצאָז,
דער קרופּ, דער מאַכט זי אַלע לאָז...

יעדער פאַרנומענער שפּאַן ערד איז גלייך דורך די סאַפּערן אָפּגערייניקט געוואָרן פון דער רוסישער פאַרוויסטונג. די איבערגעהאַקטע טעלעגראַף־

דראָטן זענען דורך די סאָלדאַטן פֿאַרריכט געוואָרן, די צעבראָכענע שאָסייען אויסגעגלייכט, די אויפֿגעריסענע בריקן צוריקגעשטעלט, די ברענענדיקע הייזער פֿאַרלאָשן, די פֿאַרלאָזענע וואַגאָנען צוזאַמענגעקניפּט. זיי האָבן אַראָפּ־גענומען פֿון די תּליות די שטייפֿע קערפּער פֿון די דייטשע קאָלאָניסטן און די יידן, וואָס די רוסן האָבן אויף די ביימער אין די וועגן אויפֿגעהאַנגען אין צאָרן פֿון זייערע מפּלות, און אויף זייער אָרט שפּיאָנען און מוסרים אויפֿגעהאַנגען. די רוסישע אויפֿרופֿן און באַפֿעלן זענען פֿון אַלע ווענט, פּאַרקאַנעס, פּלויטן און מויערן אַראָפּגעריסן געוואָרן און אויף זייער אָרט זענען אויסגעקלעפּט געוואָרן פֿאַראָרדענונגען וועגן אָפּגעבן באַהאַלטן געווער, אַרויסגעבן שפּיאָנען, אומקערן האָב און גוטס פֿון די אַנטלאָפֿענע רוסן, אויך וועגן אויפֿגעבן די צאָל בהמות, תּבֿואה, קאַרטאָפֿל, סחורות, אַזוי אויך וועגן יעדער קופּער, מעש און רוי־שטאָפֿן, וואָס נאָר אימעצער פֿאַרמאָגט. פֿאַר נישט אויספֿירן די באַפֿעלן וועט מען געאורטיילט ווערן לויט די קריגס־פֿעלד־געזעצן.

די גרעסטע שטאָט, וואו מען האָט געקאָנט קריגן אַ סך רוי־שטאָפֿן, ביינוול און וואָל, וואָס דייטשלאַנד האָט נויטיק געדאַרפֿט, דער גרעסטער פֿאַבריק־צענטער פֿון אינדוסטריע־אָרעמען פּיינט, וואָס איז נוצלעך ביי אים אָפּצושניידן, איז געווען לאָדזש. און די דייטשן האָבן געצויגן פֿאַר־עקשנט און האַרט צו דער פֿאַבריק־שטאָט, צו אירע רייכטימער און קוימענס. שפּאַן נאָך שפּאַן האָבן זיי די רוסן געטריבן, אויף די פּיס־טריט זיי געקראָכן.

די קאָמענדאַנטן און הערשער פֿון די פּוילישע ערשטע שטעט זענען מערסטנס געווען די פּרייסן, איבערהויפּט די אָסט־פּרייסישע לאַנד־באַזיצער, וואָס קענען די פּאָליאַקן, וואָס האָבן הונדערט יאָר צייט די סלאַוון אין זייער געגנט אונטער די יונקערישע שטיוול געהאַלטן. דער קאָמענדאַנט פֿון דער שטאָט לאָדזש איז געווען דער פּרייסישער לאַנד־באַזיצער באַראָן פֿאָן היידעל היידעללאָו, דער פֿאַראָרעמטער אַריסטאָקראַט, וואָס כּדי צו פֿאַרריכטן זיין לאַגע האָט ער די טאָכטער פֿון לאָדזשער פֿאַבריקאַנט הייניץ הונצע גענומען. ער האָט אין קריג זייער אַ שנעלע קאַריערע געמאַכט. דער באַראָן פֿאָן היידעל היידעללאָו, צוליב זיין גרויסן יחוס און צוליב זיין נאָענטקייט מיט די גענעראַלן פֿון דער הויפּט־אָנפֿירונג. ער איז פֿון אַ קאַפּיטאַן אין רעזערוו ביז אָבערסט דערגאַנגען. דערצו נאָך האָט ער אַ שטאַרקע האַנט אַרויסגעוויזן, אָנגעשראָקן די שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, זיי זאָלן מורא האָבן פֿאַר די אַריינמאַרשירנדיקע דייטשן.

אַ סך פֿון די פּאָליאַקן האָבן זיך אין די ערשטע מלחמה־טעג שלעכט געהאַלטן צו די דייטשן. אויף אַלע שטאָטישע מויערן, דאָרפֿישע פּלויטן האָבן גרויסע אויפֿרופֿן געהאַנגען, אונטערגעשריבן פֿון גרויספֿירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, אויפֿרופֿן צו די פּאָליאַקן, אַז די שעה פֿון פּוילן האָט געשלאָגן, אַז דאָס צעריסענע לאַנד, וועמעס נשמה איז געבליבן איינהייטלעך, וועט דורך זיין מאַיעסטעטישן גענאָד צוריק פֿאַראייניקט ווערן, ווען מען

וועט ביי די שונאים, די דייטשן און עסטרייכער, אָפּנעמען די פּוילישע געביטן. די פּויערים האָבן געגלויבט דעם קייסערלעכן צוזאָג. אויך די פּוילישע נאַציאָנאַליסטן האָבן געהאַלטן פון די אויפרופן און גערופן די באַפעלקערונג צו גיין אין די רוסיש־פּוילישע לעגיאָנען. דערביי האָבן זיי אויך געהעצט קעגן יידן, אַז זיי זענען די העלפער פון דייטשלאַנד, שפּיאָנען און פאַררעטער.

אין זייערע צייטונגען און פּאַטריאָטישע בלעטלעך האָבן זיי דערציילט, אַז יידן פירן אין די בערד בריליאַנטן פאַר די דייטשן, אַז אין די לויות פירן זיי נישט קיין מתים, נאָר גאָלד פאַרן שונא. די קריסטלעכע קרעמער־לעך אין די שטעטלעך, וואָס האָבן געוואָלט פּטור ווערן פון די יידן, וואָס פאַרקויפן ביליקער, האָבן געמסרט אויף זיי פאַר די רוסישע סאָל־דאַטן. אומעטום האָבן די רוסישע קאָמענדאַנטן געהאנגען יידן, געשאָסן, אין די טורמעס פאַרשפּאַרט, קיין סיביר פאַרשיקט. אין די דערפער האָבן פּוילישע פּויערים, וואָס האָבן געהאַט מחלוקת מיט די דייטשע קאָ־לאָניסטן, געמסרט זיי פאַר די רוסן, אַז מיט די פליגלען פון די ווינט־מילן גיבן זיי צייכנס צום דייטשן מיליטער. די רוסישע מיליטערישע פירער, וואָס האָבן געליטן איין מפּלה נאָך דער אַנדערער, האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין די מסירות און דעם גאַנצן כעס צו די יידן אין די שטעטלעך אויס־געלאָזט. די מענטשן זענען געווען אָנגעשראָקן און האָבן מורא געהאַט אין גאַס זיך צו ווייזן, ווען די דייטשע טיילן זענען אַריין, געציטערט זיי אָנווייזן די וועגן, ענטפערן אויף פראַגן. אַמאָל האָט אויך געטראָפן, אַז פון הייזער האָט מען געשאָסן אויף די דייטשע פאָרפּאָסטנס.

דער אָבערסט באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו האָט דעריבער אָפּגעמאַכט אָנצוזערנען די פּוילישע שטעטלעך, אָנשרעקן זיי, זיי זאָלן נישט וואַגן מער אַ האַנט אויפצוהויבן אויף די דייטשע טיילן, זיי זאָלן ציטערן פאַר זייער בליק. ערשטנס, האָט ער געלאָזט אָנצינדן עטלעכע דערפער, כדי די פלאַמען זאָלן ווייט אַרום אָנזאָגן די אַנדערע דערפער צו זיין געהאָרכזאַם און אונטערטעניק. צווייטנס, האָט ער געלאָזט פאַרניכטן די שטאָט קאַליש. אין דער פאַרנומענער שטאָט האָט דער טויב־שטומער וואַסער־טרעגער נישט אָפּגעשטעלט זיך אויפן באַפעל פון אַ דייטשן לאַנד־שטורמער, האָט אים דער סאָלדאַט דערשאָסן. עטלעכע מענטשן אין גאַס האָבן גענומען רופן, מאַכן מיט די הענט, אַז דער מענטש איז אַ טויבער. דער סאָלדאַט האָט נישט פאַרשטאַנען און געשאָסן אויף די מענטשן. אַ יונגער באַלעגאָלע האָט דעם סאָלדאַט געוואָרפן אַ שטיין. דער זעלנער איז מיט אַ צעבלוטיקטן קאָפּ אַוועק אין דער קאָמאַנדע. דער אָבערסט באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו האָט גראָד געהאַלטן אינמיטן טאָג עסן. ער האָט אָפּגעווישט די ליפּן מיט אַ סערוועט, ער האָט אויסגעזופּט דעם לעצטן שלונג ביר און ער האָט געהייסן רופן אויף אַליאַרם. ווען די זעלנער זענען זיך צונויפגעקומען, האָט ער באַפוילן דעם מאַיאָר פּרויסקער צו באָמבאַרדירן די שטאָט מיט

אַרטילעריע. הייזער האָבן געקראַכט, אַנגעצונדן זיך, מענטשן זענען ווי משוגעים אַרומגעלאָפן איבער די גאַסן און געסלעך. די פירער פון שטאָט זענען געקומען בעטן, אָבער קיין זאַך האָט נישט געהאָלפן. די זעלנער האָבן געשאָסן סיסטעמאַטיש און פּינקטלעך. ביינאַכט האָט די שטאָט געברענט, הונדערטער הרוגים, ווייבער, קינדער, אַלטע, זענען געלעגן אויף די שטיינער, אונטער די חורבות. די פלאַמען פון דער ברענענדיקער שטאָט האָבן מיילן ווייט געטראָגן די בשורה פון דייטשער נקמה. דאָס האָט אַ פּעולה געהאַט. פון דעמאָלט אָן זענען די דייטשע פאָרפּאָסטנס אַריין רואיקע אין די פאַרנומענע שטעט און שטעטלעך.

די גענעראַלן פון.שטאַב האָבן גוט אָפּגעשאַצט באַראָן פאָן היידעל הייי־דעללאָוס מאַנעווער. ער האָט אַן אייזערנעם קרייץ ׳פאַר העלדישקייט גע־קראָגן. צוליב זיינע פאַרדינסטן, אויך צוליב זיינע קענטשאַפטן מיט דער שטאָט, פון וואַנען ער האָט אַ ווייב גענומען, האָט מען אים פאַר קאָמענ־דאַנט געמאַכט.

מיט אָרדינאַנסן און אַדיוטאַנטן, מיט זיינע הינט און באַגאַזשן איז ער, נאָך דער אַריינמאַרשירנדיקער אַרמיי, וועלכע האָט פאַר אים די שטאָט דעראָבערט און אָפּגערייניקט, אַריין אין לאָדזש, וואָס ער האָט פריער אַזוי געהאַסט און פאַראַכט. די סאַפּערן האָבן פאַר אים אָפּגערייניקט דעם אָבערפּאָליצמייסטערס הויז. זיין אַדיוטאַנט, אַ יונגער לייטענאַנט מיט רויטע בעקלעך ווי ביי אַ מיידל, וואָס ציט אָן אויף זיין געזיכט זייער אַ שטרענגע מינע, כדי זיך צו מאַכן מענלעך, יונקעריש און ברוטאַל, האָט זיך אויסגעגלייכט ווי אַ סטרונע און אָפּגעגעבן אים ראַפּאָרט, אַז דאָס הויז איז זייער פּינקטלעך דורכקאָנטראָלירט געוואָרן און אַז קיין אויפרייסנדיקע מאַטעריאַלן זענען נישט געפונען געוואָרן. אָבער באַראָן פאָן היידעל הייי־דעללאָו האָט אַ קוק געטאָן פון זיין מאָנאָקל מיט אַ פאַראַכטנדיקן בליק אויף דעם דעראָבערטן הויז און בייז אַ קלאַפּ געטאָן מיט זיין לעדערנע הענטשקע איבער דעם טיש.

— איך בלייבע ניכט אין דיזען שווייגען־האַוז, — האָט ער געזאָגט און געשמעקט מיט דער נאָז, ווי ער וואָלט פילן אַ שלעכטן ריח.

ער האָט פונאַנדערגעוויקלט אַ קאַרטע פון דער שטאָט און צוגערופן זיין אַדיוטאַנט צום טיש.

— לייטענאַנט, פאַסען זי מאַהל אַוף, — האָט ער באַפוילן און מיטן פינגער דורכגעגאַנגען די קאַרטע, — איר זעט אָט די גאַס ! דאָרט איז דאָ אַ פאַבריק און אַ פּאַלאַץ דערלעבען, וואָס איז פאַרנומען פון אַ ייד. אין דעם פּאַלאַץ וויל איך וואוינען, ניכט וואַהר ?

— יאַ וואָהל, הער אָבערסט, — האָט דער לייטענאַנט געענטפערט דינסטפאַרטיק, קוקנדיק מיט מאָפּסישער מורא און אָפּשיי זיין הער אין די אויגן אַריין.

— רעקוויזירן פּריוואַטע הייזער איז אומבאַקוועם אין די ערשטע טעג, —

האָט ער געמורמלט, — סיידן פון אַזעלכע, פון וועלכע מען האָט געשאָסן אויף אונדזערע טיילן. ניכט וואַהר?

— יאַ וואָהל, הער אָבערסט, — האָט דאָס אָפיצירל געדונערט.

— אַלזאָ, ווי אַזוי רעכנט איר עס דורכצופירן? — האָט דער באַראָן געפרעגט, קוקנדיק מיט אַ פאָרשנדיקן בליק דעם אַדיוטאַנט גלייך אין די אויגן אַריין.

— איך וועל אַריבערגיין מיט אַ פאַטראָל, דורכפירן אַ שטרענגע רעוויזיע, און אויב איך וועל געפינען, אַז מען האָט פון דאָרט געשאָסן, דאַן...

— דאַן זינד זי איין עכטער דומקאָפּ, מיין ליבער לייטענאַנט, — האָט דער באַראָן אים איבערגעריסן, — מיר איז אַלצאיינס, צום טייוול, אויב מען האָט יאָ געשאָסן אָדער נישט געשאָסן. אויב מען האָט נישט געשאָסן, האָט מען געדאַרפט שיסן. האַבען זי עס ענדליך בעגאָמען?

— יאַ וואָהל, הער אָבערסט, — האָט דאָס אָפיצירל געענטפערט אַ פאַרשעמטער, רויט ווי אַ דאָרפס־מיידל.

— אַלזאָ, איך וויל, אַז אַלץ זאָל זיין גוט דורכגעפירט, אָפגערייניקט. גאָרנישט איבערלאָזן פון יידישן קנאָבל. נעכטיקן וויל איך נאָך היינט אין פּאַלאַץ. ניכט וואַהר?

— צו בעפעל, הער אָבערסט! — האָט דער אַדיוטאַנט אַ דונער געטאָן און מיליטעריש זיך אויסגעדרייט, קנאַקנדיק מיט די באַשפּאָרנטע שטיוול.

פרוי אַשכנזי איז זייער אַ פאַרציטערטע געוואָרן, ווען דער דייטשער אָפיציר איז מיט זיינע באַוואָפנטע סאָלדאַטן אַריינגעקומען אין פּאַלאַץ. איר מאַן איז נישט געווען אין לאָדזש. ער איז אין דער לעצטער מינוט פאַרבליבן אין רוסלאַנד, וואו ער איז געפאָרן געשעפטלעך. איצט האָט ער מער נישט געקאָנט צוריקקומען. זי איז געבליבן איינע אַליין אין דער פרעמדער שטאָט, איינע אַליין אין לאָדזש מיט דער גאַנצער פאַבריק, הייזער, פאַרמעגנס, אַרבעטער און פּאַלאַץ. זי האָט קיינעם נישט געהאַט אין דער פרעמדער פוילישער שטאָט, נישט קיין קרובים, נישט קיין פריינט. אַלע אירע נאָענטע זענען געווען אין רוסלאַנד, אין לאַנד, פון וועלכן לאָדזש איז איצט פלוצלונג געוואָרן אָפּגעשניטן, אָפּגעהאַקט, נישט מען קאָן אַהין אַרויספאָרן, נישט אַ בריוו שרייבן, נישט אַ טעלעגראַמע שיקן. דער איינציקער מענטש אין דער פרעמדער שטאָט איז געווען דער מאַן, מאַקס, וואָס צוליב אים איז זי פון איר היים אַוועק און זיך דאָ אין דער פרעמד, צווישן פרעמדע מענטשן, באַזעצט. אָבער אויך ער איז געבליבן שטעקן פון דער צווייטער זייט. זי האָט אים געוואָרנט, ער זאָל זיך נישט פאַרהאַלטן, ער זאָל באַצייטנס צוריקקומען, ווייל דער שונא איז געשטאַנען ביי דער נאָז, אָבער ער האָט אָפּגעלייגט דאָס פאָרן פון טאָג אויף טאָג.

— פורכטבאַר בעשעפטיקט, — האָט ער געענטפערט אויף אירע אומרואיקע טעלעגראַמעס.

זי איז געווען זייער איינזאַם, דערשראָקן און אומגליקלעך, די מאַדאַם אַשכּנזי, די אַלטע איינזאַמע עלטערע פרוי, אין גרויסן פּאַלאַץ.

— וואָס איז געשען, מיין הער? — האָט זי געפרעגט דעם יונגן אָפי־ציר, וואָס האָט זייער אַ קריגעריש פּנים זיך געמאַכט.

— זי זינד די בעזיצערין דעס פּאַלאַצס? — האָט דער אָפיציר גע־פרעגט. — יאַ, דאַן בלייבען זי אונטער וואַך.

דער אָפיציר האָט אַוועקגעשטעלט אַ סאָלדאַט לעבן דער דערשראָקע־נער פרוי און אַליין מיט די איבעריקע זעלנער דורכגעפירט אַ שטרענגע רעוויזיע. כאָטש מען האָט גאָרנישט געפונען אויסער די פּאַראָסטעטע שווערדן און אַ יעגער־ביקס, וואָס די הונצעס האָבן איבערגעלאָזט אין זייער יעגער־שטוב, האָט דאָס אָפיצירל זייער אַ שווערן פּראָטאָקאָל צונויפגע־שטעלט, אַז פון פּאַלאַץ איז אַראָפּגעשאָסן געוואָרן אויף די דייטשע טיילן. די פרוי אַשכּנזי איז גענומען געוואָרן אויף אַ שטרענגן פאַרהער. זי האָט מיט רויטע ווייבערישע פלעקן אַרום די אויגן געלייקנט, אויפגעוויזן- אַז קיינער האָט נישט געקאָנט שיסן. אָבער דאָס אָפיצירל האָט איבערגעהאַקט.

— ווי וואַגט איר די באַהויפּטונג פון אונדזערע סאָלדאַטן אַלס ליגן צו באַצייכענען, מאַדאַם? — האָט ער געזאָגט מיט געמאַכטן צאָרן, ווי ער פלעגט עס זען ביי זיין אָבערסט.

ער האָט זי באַפרייט פון דער זעלנערישער וואַך, ביז עס וועט קלאָר ווערן. אָבער אַ באַפעל האָט ער געגעבן, אַז דער פּאַלאַץ מוז גלייך ווערן אָפּגערוימט, אַז גאָרנישט, אויסער קליידער און וועש, טאָר מען אַרויספירן פון דעם אָרט, פון וועלכן מען האָט מיט קוילן די זיגרייכע אַרמיי באַגעגנט.

מאַדאַם אַשכּנזי האָט פאַרבראַכן מיט די הענט.

— די הערן ווילן מיך אויף דער גאַס אַרויסזעצן, — האָט זי נישט פאַרשטאַנען, — דאָס איז אוממעגלעך.

— לויטע, לאָז! — האָט דער אָפיציר באַפוילן די סאָלדאַטן זיי זאָלן זיך נעמען באַזעצן דאָס הויז.

די סאָלדאַטן האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט. אַ וואַך־זעלנער האָט זיך גלייך אַוועקגעשטעלט מיטן געווער ביים טויער. אַ צווייטער האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן טויער און איבער דעם באַראָנישן אויסגעשניצטן הערב, וואָס איז פון די הונצעס פאַרבליבן, האָט ער אַ דייטשע פאָן פונאַנ־דערגעוויקלט און אויסגעהאַנגען. דערנאָך האָט ער אַ ברעטל מיט אויס־געברענטע בוכשטאַבן „בעשלאַגנאַמט” אויפן טויער אָנגעהאַנגען.

מאַדאַם אַשכּנזי האָט זייער איילנדיק פאַרפּודערט די רויטע ווייבערישע פלעקן אין פּנים, אויסגעפּוצט זיך פאַרן שפּיגל און געהייסן דעם קוטשער שפּאַנען די קאַרעטע. מיטן ווייבערישן שירם פעסט אין דער אַלטער האַנט, ווי זי וואָלט ווייניקסטנס אַ שווערד געהאַלטן, מיט אויפגעקאָכט בלוט, מיט גערעכטע טענות אין מויל, האָט זי זיך געלאָזט איבער די לאָדזשער גאַסן, אָפיצירן און זעלנער אָפּגעשטעלט און דערגאַנגען דעם קאָמענדאַנטס קוואַר־

טיר. ביז צום קייסער אַליין איז זי געווען גרייט צו פֿאָרן און פֿאָדערן גע־רעכטיקייט. אָבער מען האָט זי צום קאָמענדאַנט נישט צוגעלאָזט.

— קיין צוטריט! — האָבן די וואַכן ביים טויער געגאָרגלט, — לאָז!

נאָך אין זעלבן אָוונט איז באַראָן פֿאָן היידעל היידעללאָו אין זיין אוי־טאָמאָביל אַריבערגעפֿאָרן צום פּאַלאַץ, וועלכן ער האָט נאָך גוט געדענקט פֿון פֿריערדיקע צייטן. דער אַדיוטאַנט האָט אים אַזאַ ערנסטן ראַפּאָרט אָפּגעגעבן וועגן דעם אויסרעווידירטן פּאַלאַץ, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען אַ ריטערלעכער שלאָס, פֿון וועלכן מען האָט פֿון פּיילן באַשאָסן די עראָ־בערער זיינע.

— שיין, שיין, — האָט דער קאָמענדאַנט אים געלויבט, אויסהערנדיק מיט איין אויער די קאָמעדיע.

ער איז מיט שטאָלצע טריט אַרויף איבער די ברייטע מאַרמאָרנע טרעפּ, באַדעקטע מיט טעפּעכער. ער איז אַריין אין די זאַלן און ברייט זיך אַריינ־געוואָרפֿן אין אַ ווייכן פֿאָטעל, אויסציענדיק די לאַנגע פֿיס מיט די הויכע שטיוול.

— נעט, — האָט ער געברומט, קוקנדיק אַרום זיך אויף דעם מעבל און שטויסנדיק מיטן שפּיץ שטיוול אַלץ, וואָס איז אים געלעגן נאָענט. ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט דערנאָך ביים גרויסן שפּיגל, וואָס איז געווען איינגעמויערט אין דער וואַנט איבערן מאַרמאָרנעם קאַמין, און זיך באַ־טראַכט אין דער גאַנצער אויסגעצויגענער גרויס. אַ הויכער, אַ קנאָכיקער, אַ צעקנייטשטער, מיט אַ גלאַנציקן פּיקעלהויב אַראָפּגערוקט איבער די אויגן, מיט אַ גרויער מיליטערישער פּעלערין, מיט הויכע שטיוול מיט שפּאָרן, איינגעצויגן אין רימען, באַוואָפֿנט מיט אַ שווערד, אויסגעצירט די ברוסט מיט מעדאַלן, איז ער אַליין געווען צופֿרידן פֿון זיך אין שפּיגל. דער פּיקעלהויב מיט דעם אַראָפּגעלאָזטן לעדערל איבער דעם קין האָט אים צוגעגעבן רוימערישקייט. ער האָט געמאַכט אַ שטרענג געזיכט, צו אַ רוי־מישן קריגס־פֿירער צו ווערן ענלעך. ער האָט זיך געפֿילט אינגאַנצן ווי אַ פּאַטריציער אויף פֿרעמדער באַזיגטער ערד.

אויפֿן טיש אין עס־צימער איז געשטאַנען אַ געדעקטער טיש מיט אַלעם גוטן, וואָס דער פּאַלאַץ־קוכער האָט צוגעגרייט און דער קאָמערדינער, דער דייטש, האָט אַריינגעטראָגן. באַראָן פֿאָן היידעל היידעללאָו האָט אַ שמעק געטאָן צום עסן און געבליבן צופֿרידן פֿון ריח. דער קאָמערדינער האָט אויסגעווישט מיט אַ סערוועטל דאָס העלדלז פֿון אַ פּאַרבלאָטיקטער פֿלאַש און אָנגעגאָסן וויין. דער באַראָן האָט אויסגעזופּט גיריק דעם בעכער.

— נאָך פֿון גאָטזעליקן באַראָנס קעלערן, עקסעלענץ, — האָט דער קאַ־מערדינער געזאָגט מיט חניפֿה.

— נעם מיר די שווערד אַראָפּ! — האָט דער באַראָן באַפֿוילן. — אויך די שטיוול.

דער קאָמערדינער האָט די שווערד גלייך אַרונטערגענומען. מיט די שטיוול איז עס אים אָנגעקומען שווערער. דער באַראָן איז אין כעס געווואָרן און אים אָפּגעשטויסן מיטן פוס.

— אומגעשיקטער טויפּל! שנעלער, שווייַן־הונד!

דער קאָמערדינער האָט זיך צוגעשאַרט און ווידער גענומען ציען דעם געפּאַסטן שטיוול. נאָך יאָרן פון לאַקייאישער באַליידיקונג צו דינען ביי אַ ייִד, וואָס ווייסט נישט ווי אַזוי אומצוגיין מיט אַ דינער, וואָס שרייט נישט און לאָזט זיך נישט באַדינען, האָט ער ווידער דערפילט איצט אַ טעם אין זיין דינסט. ער האָט געהאַט איבער זיך אַ הער.

דער באַראָן האָט געגעסן מיט אַפּעטיט די גוטע מאכלים, מיט הנאה געזופּט דעם וויין און נישט אויפגעהערט קוקן אַרום זיך, אויף יעדער קלייניקייט אין עס־שטוב. צום גוטן טעם פון עסן און טרינקען, האָט ער נאָך געפילט דעם ספּעציעלן טעם פון עסן רויב, פון טרינקען וויין פון דער־אָבערטע קעלערס, ווי אַ חיה, וואָס האָט מער הנאה פון דער פאַרציקונג ווי פון עסן, ווי די עלטער־זיידעס זיינע, די רויב־ריטער, וואָס האָבן געלעבט פון מאָרדן און רויבן.

ווען דער דינער האָט אים פאַרן שלאָף אויסגעטאָן, אַראָפּגעצויגן פון אים די מיליטערישע קליידער, די אַלע עפּאָלעטן, מעדאַלן און אים געוואַשן אין באָד־צימער, איז פון דעם באַראָן געבליבן אַ העלפט. אַ בלאַסער אַלטער מאַן מיט אָנגעצויגענע בלויע אָדערן אויף די ווייסע דאַרע פיס, מיט אַן איינגעפאַלענעם בויך, מיט שלאַבערדיקע אברים איז געשטאַנען אונטער דעם פליסנדיקן וואַסער און מיט ברוין־און־בלויען אַלטן לייב אָרעם אַרויסגעשיילט זיך פון ווייסן מאַרמאָר. גאָרנישט זיגערישעס און רוימישעס איז געווען אין דעם קערפּער, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ דאַרער אַלטער האָן, וואָס מען האָט אָפּגעפּליקט די פאַרביקע פעדערן פון אים.

— שנעל, שנעל! — האָט דער באַראָן געיאָגט דעם דינער, וואָס האָט אים געריבן מיט אַ שוואָם.

ער האָט געוואָלט וואָס שנעלער זיין אָנגעטאָן.

שוין ליגנדיק אין ברייטן בעט פון לואי דעם פופצנטן, איינגעהילט אין בעטצייג פון זייד און פון האַפטן, האָט ער צוגערופן צו זיך דעם אַדיוטאַנט, דאָס יונגע אָפיצירל מיט די רויטע בעקעלעך ווי ביי אַ דאָרפס־מיידל, און געהייסן אים פאַרלייענען די וויכטיקע נייעס. דער אָפיציר האָט אים איבערגעלייענט עטלעכע באַריכטן פון שטאָט, דערלאַנגט אים אויך אַ צעטל פון טויט־פאַראורטיילטע פאַר שפּיאָנאַזש. דער באַראָן האָט אַפילו די נעמען זייערע נישט איבערגעלייענט און נאַכלעסיק אונטערגעשריבן.

דערנאָך האָט ער דעם אַדיוטאַנט זיינעם אָנגענומען פאַר אַ האַנט און אים גענומען גלעטן די רויטע בעקעלעך מיט די קנאָכיקע פינגער.

— דו שיינער בוב, — האָט ער געשעפּטשעט מיטן אַלטן מויל, וואָס די ציין זיינע האָבן זיך געווייקט דערלעבן אין אַ גלאָז וואַסער אויפן טישל.

דאָס אָפּיצירל האָט זיך באַגאָסן מיט רויטקייט.
— הער אָבערסט, ניין דאָך! — האָט ער פאַרשעמט געברומט.
דער באַראָן האָט אים מיט קנאָכיקע הענט געצויגן צו זיך.
ער האָט זיך ווידער געפילט דער רוימער...

## קאַפּיטל צוויי

מאַקס אַשכנזי האָט אַריבערגעטראָגן לאָדזש קיין פּעטערבורג, וואָס האָט לויט אַן אַלערהעכסטן באַפעל געררופן זיך פון איצט אָן נישט מיטן פריערדיקן אַלטן דייטשן נאָמען, וואָס פּעטער דער גרויסער האָט דער שטאָט געגעבן, נאָר מיטן ריין סלאַווישן נאָמען — פּעטראָגראַד.

שוין באַלד נאָך דעם ערשטן מאָל, ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען לאָדזש און דערנאָך צוריק אַרויס, האָט מאַקס אַשכנזי אָריענטירט זיך אויף רוסלאַנד. ערשטנס, האָבן די רוסן, גלייך אין אָנהויב מלחמה, אַרויסגעפירט די רעגירונגס־בענק פון פּוילן און אַריבערגעפירט זיי קיין רוסלאַנד. קיין גאָלד האָט מען אינגאַנצן נישט אויסגעצאָלט מער און אַפילו באַנקנאָטן האָט מען אויך אין פּוילן נישט אַרויסגעגעבן אויף די באַנק־ביכלעך. אַשכנזי האָט געהאַט אַ סך געלטער, שווערע געלטער, ליגן אין די רעגירונגס־בענק, אויך האָט ער פיל ווערט־פּאַפּירן, אַלערליי אָבליגאַציעס געהאַט, פון וועלכע ער האָט גוטע קופּאָנען, ווי תבואה פון פעלדער, גע־שניטן. דאָס אַלץ האָט איצט אין פּוילן, וואָס איז נאָענט ביי דער דייטשער גרענעץ, און מער נאָך אין לאָדזש, וואָס ליגט די דייטשן ביי דער נאָז, גאָר קיין ווערט נישט געהאַט. מען האָט קיין פּרוטה דערפון נישט געקאָנט אַרויסקריגן. אַנדערש איז עס געווען אין רוסלאַנד, וואָס איז ווייט פון פראָנט געווען.

צווייטנס, איז זיין פאַרמעגן מער אין רוסלאַנד ווי אין פּוילן געלעגן. איבער אַלע עקן פון דער גרויסער אימפּעריע, ביז דעם ווייטן מזרח, זענען די סחורות פון אַשכנזיס פאַבריקן געווען פאַרוואָרפן. מאַסן חובות האָט ער ביי די רוסישע סוחרים געהאַט. דריטנס, האָט אַשכנזי געוואוסט, אַז אָן רוסלאַנד איז לאָדזש אַן אָפּגעריסן גליד, וואָס האָט נישט פון וואַנען קיין לעבן צו ציען, אַז אָן רוסישן מאַרק זענען אַלע פאַבריקן קיין שמעק טאַ־באַק נישט ווערט. ביי זיין גאַנצן דייטש רעדן און פירן זיך דייטשיש, האָט ער געקענט די דייטשן, אַז ביי זיי איז שווער אַ גראָשן צו פאַר־דינען, אַז זיי זענען אַליין מער בעלנים אויף אַרויסציען געלט, ווי געבן צו פאַרדינען געלט. דער רוס איז ברייט, נישט אויסגערעכנט, און מען קאָן מאַכן געלט ביי אים, ווען מען פאַרשטייט אַן עסק. אויסער דעם דאַרפן די דייטשן נישט די לאָדזשער אינדוסטריע. זיי האָבן אַליין איבערגענוג איי־גענע סחורות. זיי ווילן עראָבערן פּוילן בלויז אויף צו קאָנען אַרויספירן

פון דאָרט ברויט און אַריינפירן די אייגענע סחורות. זיי וועלן אַלץ טאָן, כדי די לאָדזשער אינדוסטריע צו פאַרניכטן. ער האָט זיי געקענט, די דייטשן, נישט איינמאָל מיט זיי עסקים געהאַט. ער האָט געוואוסט, אַז אויב מאַכן עפּעס, קאָן מען נאָר אין רוסלאַנד, וואָס איז גרויס, ברייט, האָט קיין אינדוסטריע נישט, וואָס נויטיקט זיך אין מענטשן אַזעלכע ווי ער, אין בויער און אָרגאַניזאַטאָרן. די דייטשן, האָט ער געוואוסט, קענען בעסער די מלאכה פון לאָדזש. און טאַקע, ווי נאָר די מלחמה האָט זיך אָנגע־הויבן, איז ער געוועזן מער אין רוסלאַנד ווי אין לאָדזש. ער האָט באַ־צייטנס מאַסן סחורה אַרויסגעפירט פון שטאָט, די לאַגערן זיינע אויסגע־ליידיקט. עס איז געווען נישט לייכט אַרויסצופירן די סחורות. די צוגן זע־נען פאַרנומען געווען מיט סאָלדאַטן, אַמוניציע. אָבער דער קאָמענדאַנט פון שטאָט האָט אים די זאַך איינגעאָרדנט. פאַר אַ גרויסער מטבע האָט ער אַרויסגעגעבן פאַפּירן אַשכנזיס פאַבריק, אַז די סחורות זענען זייער נויטיק פאַר דער אַרמיי. דאָס האָט אַלע פאַרשלאָסענע טירן געעפנט. אין גרויסע לאַגערן אין פעטערבורג, וואָס רופט זיך איצט פּעטראָגראַד, האָט אַשכנזי זיינע סחורות אַוועקגעלייגט. זיי זענען געוואקסן אין פּרייז מיט יעדן טאָג.

ער האָט אויך געוואָלט אַריבערפירן די פאַבריק זיינע, אַלע מאַשינעז און שטולן. עס איז געווען נישט לייכט אַזאַ זאַך דורכצופירן. אָבער אַשכנזי האָט זיך פאַר שווערע זאַכן נישט אָפּגעשטעלט. קיין שום זאַך האָט אים נישט פאַרשאָפט אַזאַ הנאה ווי דורכצופירן זאַכן שווערע, אוממעגלעכע. וואָס שווערער די צוימען זענען פאַר אים געשטאַנען, אַלץ מער חשק האָט ער געהאַט די הויכע צוימען אַריבערצוקלעטערן. מיט זיין נישט־איבעריק גוטן רוסיש האָט ער פונדעסטוועגן געקאָנט צו די גרעסטע לייט אָנשלאָגן. מיט רייד שכלדיקע און קלאָרע, וואָס קריכן אין קאָפּ אַריין און צעגייען זיך אין מוח ווי גוטער בוימל, האָט ער געקאָנט איינפּוייזן די גרעסטע לייט פון הינטער־לאַנד, וואָס האָבן זיך אין מיליטערישע קליידער פון רויטן קרייץ אָרומגעדרייט, אַז זיין אַרויספירן די פאַבריק פון לאָדזש, באַוואָרע־נען זי פון אַריינפאַלן צו די דייטשן און אַריבערפירן זי אין אינדוסטריע־אָרעמען רוסלאַנד, איז אַ גרויסער נוצן פאַרן לאַנד; אַז סחורות זענען נויטיק פאַר דער אַרמיי נישט ווייניקער ווי אַמוניציע, און דעריבער דאַרף מען אים צוהעלפן אַרויסצוראַטעווען באַצייטנס זיין פאַבריק. ער האָט שוין טאַקע היפּשע טיילן גענומען אַרויספירן. ער האָט געאַרבעט, מיט גרויסע לייט זיך באַגעגנט, מיט מיליטער־לייט געטרונקען, מתנות זיי געגעבן, פאַרקאָכט געווען אין זיין פּלאַן. אָבער דערווייל איז לאָדזש צום דריטן מאָל אָפּגעריסן געוואָרן און אַשכנזי איז געבליבן נישט אַהין, נישט אַהער — אַ העלפט מאַשינען זענען געבליבן אין לאָדזש, די אַנדערע העלפט אויף די באַנען איבער רוסלאַנד.

מאַקס אַשכנזי האָט מיט זיינע נערוועזע פינגער זייער גיך צעשויבערט זיין שפּיץ בערדעלע, וואָס איז שוין היפּש גרוי געווען, ווען די באַקאַנטע מי־

ליטער־לייט זיינע האָבן אים בסוד געזאָגט, אַז דאָס מאָל איז שוין לאָדזש פאַרפאַלן, נישט צוריקצונעמען. אַ האַלבע פאַבריק זיינע איז געבליבן דאָרט, אויך סחורה אַ סך אין די לאַגערן און זיין פרוי איינע אַליין אין פאַלאַץ, אין דער פרעמדער שטאָט. אָבער שטאַרק רייסן זיך צו דער פאַרנומענער שטאָט האָט ער גאָרנישט פּרובירט. ער האָט עס געלאָזט אויף דער מערכה. אַז עס וועט גיין גלייך, די שטאָט וועט צוריק אַריין צו די רוסן, איז גוט. מוסר־נפש זיין זיך, כדי אַריינצוקריגן זיך קיין לאָדזש, האָט ער קיין חשק נישט געהאָט. ער האָט אין דער שטאָט מער נישט געגלויבט, געהאַלטן זי פאַר אַ פאַרפאַלענע.

אָבער אַזוי ווי ער האָט נישט געקאָנט קומען קיין לאָדזש, האָט ער לאָדזש אַראָפּגעבראַנגט קיין פּעטערבורג.

אויף די רוסישע באַנען, ליניעס, וואָקזאַלן, צעוואָרפן און צעטרענצלט, האָבן זיך געוואַלגערט מאַשינען, מעכאַנישע וועבשטולן, טיילן פון פאַרשיידענע פאַבריקן, וואָס מען האָט פון לאָדזש און די אַרומיקע אינדוסטריע־שטעט עוואַקואירט. נישט נאָר זיינע מאַשינען, נאָר אויך מאַסן מאַשינען פון אַנדערע לאָדזשער פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן אַליין נישט געוואוסט וואו זייער פאַרמעגן וואַלגערט זיך. זיי זענען געבליבן פאַרשטעקט, פאַרוואָרפן אין גרויסן טומל און אומאָרדענונג ביי דער גיכער מיליטערישער עוואַקואַציע, זיי האָבן זיך געוואַלגערט אין די פּאַק־קאַמערן, אונטער בלויזן הימל, געראָסטעט און קאַליע געוואָרן. אויך האָבן זיך סחורות אָן אַ שיעור אַרומגעוואַלגערט. אַשכנזי האָט זיך גענומען צו מאַכן אָן אָרדענונג אין די וואָגלדיקע לאָדזשער מאַשינען און סחורות, צונויפנעמען דאָס צעקראָכענע לאָדזש און אַוועקשטעלן עס צוריק אויף אַן אָרט, אין סאַמע פּעטערבורג אַליין. אין ברייטן סויבלענעם פּעלץ און היטל, וואָס זאָל אים מאַכן ברייטער און אָנזעעוודיקער, ענלעך צו אַ רוסישן מענטש, איז ער אַרומגעפאָרן אין שליטנס איבער די פּעטערבורגער גאַסן, צו מיליטער־לייט און פינאַנסיסטן אָנגעקומען, צו מיניסטאָרן זיך דערשלאָגן, צו די גרעסטע אַמטן און פּאַלאַצן, און גערעדט, געגעבן צו פאַרשטיין, ביטעס דערלאַנגט, אונטערגעשמירט, געטאָן אַלץ, אַבי קאָנטאַקט אָנצובינדן, פּאַפּירן אַרויסצוקריגן, בריוו, רעקאָמענדאַציעס, ערלויבענישן רייזע־שיינען. ווי אַ ווילכער האָט ער זיך אַרומגעטראָגן אין צעיאָכמערטן פּעטערבורג, נישט געגעסן, נישט געשלאָפן, נישט גערוט, נאָר געאַרבעט, גערעדט, געלאָפן, געטאָן, ביז ער האָט זיינס נישט דורכגעזעצט.

מיט אייזערנע פּאַפּירן אין די הענט, אַז אַלע וועגן זענען פאַר אים פריי, אַז אַלע זאָלן אים אַרויסווייזן הילף אין זיין אַרבעט, איז ער אַרומגעפאָרן איבער דעם גרויסן רוסלאַנד, אויף אַלע ליניעס, דעפּאָס, סטאַנציעס און צונויפגעזאַמלט די וואַלגערנדיקע לאָדזשער מאַשינען, סחורות, רוי־שטאָפן, וואָס זענען געווען פונאַנדערגעוואָרפן אין אַלע לעכער. אַ ווילדער פּלאָנטער זענען איצט געווען די רוסישע באַנען. די דייטשן האָבן מיט

יעדן טאָג מער נייע שטעט פאַרנומען. די גאַנצע רוסישע הערשאַפט פאַר הונדערט יאָר אין פוילן, איז געלאָפן פון שונא, געיאָגט קיין רוסלאַנד. אויף די באַנען האָבן זיך געשלעפּט באַאמטע, פון גובערנאַטאָרן ביזן לעצטן פּאָליציאַנט, פון אַן אַרכימאַנדריט ביז אַ גלאָקן־קלינגער. ר׳כטער, שעפן פון דער פּאָליטישער פּאָליציי, פּאָליציימייסטערס, פּראַוואָסלאַוונע נאָנעס, רוסישע סוחרים, צענזאָרן, גימנאַזיע־לאַקייען, תּלינים, פּאָפּן, זשאַנדאַרמען, גרענעץ־באַאמטע, אַלע מיט זייערע ווייבער און קינדער, מעבלען און פּעק, געלט־ביכלעך און איקאָנעס, קאַזיאָנע פּאַפּירן און אַרכיוון, קירכן־חפצים און צאַרישע פלאַגן, זענען זיי געלאָפן אין פּאַניק פון פוילן צום גרויסן רוסלאַנד.

אין סאַניטאַר־וואַגאָנען, לאַסט־וואַגאָנען זענען פאַרוואונדעטע געפאָרן, טויזנטער, צענדליקער טויזנטער, בלוטנדיקע, ווייטיקדיקע, גוססדיקע אין שטאַרבנדיקע. אויף יעדער סטאַנציע האָט מען די טויטע אַראָפּגעטראָגן, כּדי אויף זייערע בעטלעך און שטרוי נייע אַריינצולייגן. אָנגעשטאָפּט, איינ־געקוועטשט. ווי הינער אין אַ שטייג, זענען געפאַנגענע געפאָרן, צענד־ליקער טויזנטער עסטרייכער, וואָס מען האָט קיין סיביר געפירט. פון אַלע פוילישע טורמעס זענען אַרעסטאַנטן געפאָרן, גנבים און פּאָליטישע, פויערים, וואָס האָבן די דייטשן אָנגעוויזן אַ וועג, פּאַסטעכער, וואָס האָבן געקנאַלט מיט די בייטשן אויף די בהמות און וואָס די רוסן האָבן אָנגענומען פאַר גע־היימע סיגנאַלן צום שונא, אַלערליי פאַרדעכטיקטע אין שפּיאָנאַזש און אין פאַרראַט. אַלטע און יונגע, ווייבער און קינדער, תּמעוואַטע פויערלעך און שטאָטישע אַרבעטער, דייטשע קאָלאָניסטן, רוטענישע פויערים, גאַליציאַנער יידן מיט פּיאות, גלחים, רבנים, באַגרעבער, סוחרים, גאַסן־יונגען דעזער־טירן, צונויפגעמישט, צונויפגעקנוילט, זענען אין אַרעסטאַנטן־וואַגאָנען גע־פאָרן, באַוואַכט פון קאָנוואָיען. זיי האָבן נישט געוואוסט, די מענטשן, פאַרוואָס מען האָט זיי אַרעסטירט, וואו מען פירט זיי, ווען מ׳וועט זיי משפּטן. קיינער האָט עס זיי נישט געקאָנט זאָגן. אַפילו קיין פּאַפּירן זענען וועגן זיי נישט געווען. זיי האָבן בלויז געוואוסט, אַז זיי זענען אַרעסטאַנטן.

מער פון זיי אַלע האָבן זיך געשלעפּט אַרויסגעטריבענע יידן, גאַנצע שטעט און שטעטלעך האָט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש פון פוילן און ליטע אַרויסגעטריבן, כּדי דערמיט צו פאַרדעקן זיין שלימזלדיקע הויפּט־אָנפירונג, זיינע וויסטע מפּלות. ווי די סטאַדעס האָבן די קאָזאַקן זיי געטריבן פון זייערע היימען, פאַרברענט זייערע הייזלעך און קרעמלעך. אַלטע און יונגע, ווייבער און קינדער, קימפּעטאָרינס און קראַנקע, מיט בעטגעוואַנט און פּעק־לעך, מיט שבתדיקע לייכטער און מיט אָפּגעראַטעוועטע ספר־תּורהס, האָבן זיי זיך געשלעפּט אין לאַסט־וואַגאָנען, אויף וועלכע עס איז געשריבן, אַז זיי דינען פאַר פערציק מענטשן אָדער פאַר זעקס פערד, אָבער אַריינגעפּאַקט האָט מען אין יעדן פון זיי צו הונדערטער מענטשן. עלנטע, אומגליקלעכע,

הונגעריקע, האָבן זיי זיך געצויגן איבער דעם גרויסן רוסלאַנד, אונטער דער וואַך פון באַוואָפנטע סאָלדאַטן. אויף די סטאַנציעס האָבן אויפגעהעצטע סאָלדאַטן זיי געזידלט, געשלאָגן, אין פנים געשפּיגן, שפּיאָנען גערופן. מען האָט די מענטשן נישט אַראָפּגעלאָזט נעמען קיין ביסל הייס וואַסער אין די וואָקזאַלן, רופן אַ דאָקטאָר צו אַ קראַנקן, אַפילו אויף קיין מענטשלעך געברויך האָט מען נישט אַראָפּגעלאָזט. אין הונגער און אין שמוץ, אין געדיכטעניש און אין ענגשאַפט האָבן קינדער געקרענקט; טיפוס, דיפטע־ריט, שאַרלאַך, כאָלעריע האָבן געברענט און געטויט. ביי יעדער גרעסערער שטאָט, וואו די יידישע איינוואוינער האָבן צו די היימלאָזע שפּייז גע־בראַכט, האָט מען זיי דערפּאַר מתים אַרויסגעגעבן, צו טאָן זיי זייער רעכט אין פרעמדע ערטער.

צווישן אָט די אַלע סטאַנציעס, אין גרויסן מיש־מאַש און טומל, פּלאָנ־טער, כאַאָס, אומגליק און פאַרצווייפלונג, וואו איינער האָט נישט גע־וואוסט פון צווייטן, וואו די באַן־באַאמטע האָבן זיך געפּלאָנטערט און נישט געוואוסט וואו איין, וואו אויס, האָט מאַקס אַשכנזי מיט זיינע מענטשן אַרומגעשלעפּט זיך, געלאָפן פון אָרט צו אָרט, געזוכט, געבישטערט, גע־שמעקט, אויסגעשנאַפּט, כדי אויסצוגעפינען די לאָדזשער פאַרמעגנס, וואָס זענען געווען פאַרפּלאָנטערט אין דער גרויסער צאַפּלדיקער, בלוטיקער און אומגליקלעכער קנויל.

ער האָט זיי געפונען, פון אונטער דער ערד אַרויסגעקריגן. ער האָט די באַאמטע נישט אָפּגעלאָזט. געבעטן, געפּאָדערט, געלט זיי געגעבן, אַבי צו דערגרייכן זיינס. מיט דעם ברייטן פוטער, מיטן סויבעלנעם היטל, מיט דעם פאָרטפעל פּאַפּירן און געלטער, האָט ער זיך אַרומגעטראָגן צווישן פּיין אוןליידן נאָך זיין לאָדזשער קעניגרייך. און ער האָט עס דעראָבערט ער האָט לאָדזש קיין פּעטערבורג געבראַכט, די מאַשינען צוזאַמענגעשטעלט, רעמאָנטירט, צונויפגעפּאַסט פרעמדע טיילן, אַן אָרדענונג אין כאַאָס אַריינ־געטראָגן, פאַבריקן אויפגעשטעלט, וואָס האָבן ווי אין לאָדזש אויף דער גאַנצער פאַרע געאַרבעט, צו עטלעכע שיכטן אַ טאָג, באַזאָרגט די אַרמיי מיט לייוונט, קאָרט און וואָל.

דער אַלטער גענעראַל, דער פירער פון דער אינטענדאַנטסטווע, וואָס האָט ביי אים די סחורות פאַר דער אַרמיי צוגענומען, האָט אים באַוואונדערט.

— ווי אַזוי האָט איר עס צוזאַמענגעשלעפּט, מאַקס אַבראַמיטש, — האָט ער נישט פאַרשטאַנען, — דאָס, וואָס אונדז, מיליטער־לייט, גיט זיך נישט איין אין דעם גרויסן פּלאָנטער?

— מיט ווילן און מי, עקסעלענץ, — האָט אַשכנזי געענטפערט.

— אפשר גאָר געדאַרפט אייך איבערגעבן די הויפּט־אָנפירונג, — האָט דער אַלטער גענעראַל געשפּאַסט שטיל און זיך פונאַנדערגעזיפצט עטלעכע מאָל, — עך, רוסלאַנד, דער טייוול זאָל דיך נעמען!...

ווי אין לאָדזש אַמאָל, האָט איצט אַשכנזי אין דער רוסישער הויפּט־

שטאָט אַן אַקציע־געזעלשאַפט פון אַלע פּאַרוואָגלטע לאָדזשער פאַבריקאַנטן געמאַכט, די מענטשן צונויפגענומען, אָרגאַניזירט, פּאַראייניקט, פון יעדנס טיילן און פאַרמעגן איין גרויסע געזעלשאַפט געמאַכט, לאָדזש אין פּעטער־בורג אויפן וויבאָרגסקער אינדזל אַוועקגעשטעלט. ווי דאָרט, איז ער אויך דאָ דער פירער פון אַלע געוואָרן, דער קעניג פון לאָדזש. ער האָט אַרויס־געלאָזט די סחורות, פעסטגעשטעלט פּרייזן, אָנגענומען באַשטעלונגען און זייער גוטע געשעפטן געמאַכט. קיינער האָט נישט אַזוי גוט, ראַיעל און לייטיש געגעבן צו פאַרדינען ווי די מיליטער־לייט פון דער אינטענדאַנט־סטווע; זיי האָבן ליב געהאַט צו געבן צו פאַרדינען אַ רובל און אַליין צו פאַרדינען אַ רובל.

אַפילו קיין טורקעסטאַן איז אַשכנזי אַוועק, ריזיקע פּעק היימישן ביינווּל איינגעקויפט, כדי נישט אָפּצושטעלן לאָדזש אויף קיין איין מינוט אין מעת־לעת. מען האָט געאַרבעט זיבן טאָג אין דער וואָך, אַפילו אין זונטיק און אין יום־טובים. אַז די מאַשינען זענען געווען ווייניק, האָט ער איבער פאַרשידענע רוסישע שטעט, וואו אַלטע פאַבריקן געפינען זיך, מענטשן אַוועקגעשיקט און די מאַשינען ביי די באַלעבאַטים אָפּגעקויפט. קיין שום געלט איז נישט געווען צו טייער. די באַשטעלונגען האָבן אַלץ געדעקט מיט ריווח. „לאָדזש" איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג, אויסגעשפּרייט זיך, פאַר־גרעסערט.

— איר ווייט זען, וואָס איך וועל נאָך פון דעם „לאָדזש" מאַכן, — האָט אַשכנזי גערעדט מיט שטאָלץ צו די מענטשן פון דער לאָדזשער געזעלשאַפט אויף די באַראַטונגען, וואָס ער האָט יעדן שבת־צו־נאַכטס גע־מאַכט. — עס וועט וואַקסן ווי אויף הייוון.

מער ווי אין לאָדזש אַליין האָבן זיך די לאָדזשער דאָ געהאַלטן צוזאַ־מען, צונויפגעקומען זיך אין די אָוונטן, טיי געטרונקען, גערעדט וועגן לאָדזש, וועגן די נייעסן, וואָס קומען פון דאָרט אין די צייטונגען, וועגן בריוו, וואָס קומען אַמאָל אָן דורך דעם רויטן קרייץ, גייענדיק דורך דער שווייץ ביז רוסלאַנד חדשים לאַנג. זיי האָבן אויך אָן אייגענע לאָדזשער געזעלשאַפט געשאַפן, וואו מען האָט געדאַוונט אַמאָל אין אַ פּרייען שבת אָדער אויף אַ יאָרצייט, און געטאַנצט אויף אַ קאַרנאַוואַל־באַל. דאָרט האָט מען אויך געשאַפן געלט פאַר לאָדזשער אָרעמעלייט, וואָס האָבן זיך גע־וואַלגערט אין רוסלאַנד, אסיפות געהאַלטן, קהל־זאַכן באַזאָרגט, כיבודים זיך איינגעטיילט. מאַקס אַשכנזי האָט תמיד געוואוסט ווי אַזוי צו מאַכן אָן איינדרוק מיט עפּעס גאָר אַ קלוג ווערטל, מיט אַ גוטן איינפאַל און המצאה.

— איך האָב עס, מיינע הערשאַפטן, געזאָגט דעם גענעראַל פון דער אינטענדאַנטור, דער האָט פורכטבאַר געלאַכט, — האָט ער זיך באַרימט אין זיין לאָדזשער דייטש, וואָס ער, אַזוי ווי אַלע פון דער לאָדזשער קאָלאָניע האָבן נישט אויפגעהערט באַנוצן אין דער רוסישער הויפּט־שטאָט.

מער ווי מיט אייגענע, האָט מאַקס אַשכנזי געהאַלטן זיך מיט פרעמדע,

מיט די רוסן, קודם־כל מיט די מיליטער־לייט, מיט וועלכע ער האָט עסקים געהאַט. נישט קיין טרינקער, אַ קנאַפּער בעלן אויף רעסטאָראַנען און ווייַנען, האָט ער פונדעסטוועגן אָפּט אַרומגעפירט זיך מיט אָפיצירן, הויכע באַאַמטע איבער די גרעסטע רעסטאָראַנען, וואו ציגייַנערס האָבן געטאַנצט און געזונגען און ווייַן האָט זיך געגאָסן, כאָטש טרינקען איז געווען פאַרבאָטן. אים האָט געעקלט פון דעם שיכּרות, פון וואַרפן פלעשער אין דער ערד, צעברעכן שפּיגלען, מאַכן היזקות, טרייבן אויסגעלאַסנקייט און שפּילן אין קאָרטן. ער האָט די אַלע זאַכן נישט פאַרשטאַנען, נישט באַגריפן די הנאה, וואָס מענטשן האָבן דערפון. ער האָט גאָרנישט געהאַלטן פון די צעהוליעטע גויים, וואָס אין שיכּרות רואינירן זיי אַנדערע און זיך. ביי אים איז דאָס גרעסטע פאַרגעניגן געווען זאַמלען, אַרייננעמען אין די הענט, עראָבערן, בויען. אָבער ער איז מיט די לייט מיטגעגאַנגען, געמאַכט זיך מיטהוליען, מיט געלט געוואָרפן וואָרעם ער האָט מיט די מענטשן געשעפטן געפירט, קאָנטאַקט אָנגעקניפּט, און קיין בעסערער וועג ווי די גרויסע רעסטאָראַנען איז צו זיי נישט געווען.

אויפגעלעבט האָט ער אין קאַבינעט, וואָס ער האָט, פונקט ווי אין לאָדזש, ביי דער פאַבריק אייַנגעאָרדנט. אין גערויש פון מאַשינען, אין די פייפע־רייען פון די סירענעס, אין קאָך פון אַרבעט, מסחר, געבן באַפעלן, אויס־הערן באַריכטן, אונטערשרייבן פּאַפּירן, אויפנעמען קונדן, האָט ער גע־פילט, אַז ער לעבט, אַז דאָס בלוט קרייזט אים אין זייַנע אָדערן, אַז ער קלעטערט און וואַקסט.

צוזאַמען מיט אים איז געוואַקסן זייַן קעניגרייך, זייַן פאַרמעגן, מיט יעדן טאָג, מיט יעדער שעה.

קאַפּיטל דריי

אָבערסט באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו האָט מיט אַן אייַזערנעם בעזעם געריייניקט לאָדזש און די אומגעגנט, דעם יידיש־פּאָלנישן מיסטקאַסטן, וואָס ער האָט נאָך פון זייַן חתן־צייַט מיט הונצעס טאָכטער אַזוי געהאַסט. יעדן טאָג האָט ער די לאָדזשער מויערן באַקלעפּט מיט נייַע באַפעלן, אונטער־געשריבן מיטן גאַנצן גרויסן אַריסטאָקראַטישן נאָמען.

ערשטנס, האָט ער פאַראָרדנט צו רייניקן די גאַסן, ווי פאַר אַ דייטשע שטאָט פּאַסט. די פּוילישע מיליציאָנערן, וואָס מען האָט זיי קיין געווער נישט אָנגעטרויט, בלויז שטעקעלעך געגעבן, האָבן אַרומגעדרייט זיך אי־בער אַלע ראָגן און, אויף דעם קאָמענדאַנטס באַפעל, נישט געלאָזט זיך אָפּשטעלן אויף די גאַסן, נישט זאַמלען זיך אין רעדלעך, נישט שטיין פאַר די מויערן. לאָדזשער מענטשן האָבן זיך צו דער נייַער גזרה נישט געקאָנט צוגעוואוינען. זינט לאָדזש איז לאָדזש און זינט פּיעטראָקאָווער גאַס איז

גאַס, האָבן זיי געזאַמלט זיך אויף די טראָטואַרן, אָפּגעשטעלט זיך, מיט די שטעקעלעך געפּאָכעט, גערעדט, מסחרים געפירט; אויף די ווענט פון די מויערן, אויף די שילדן, אויף די טויערן, וואו נאָר עס איז געווען אַ שטיקל ליידיק אָרט, האָבן זיי גערעכנט, געחשבונט, וועקסעלעך אויסגעשפּרייט און אונטערגעשריבן. מיטאַמאָל האָט מען גענומען טרייבן, נישט געלאָזט אָפּשטעלן זיך, נאָר פאַרבייגיין, גיין ווייטער. מען האָט די באַפעלן נישט געהערט. אָבער די מיליציאָנערן מיט די שטעקעלעך האָבן געיאָגט, גע־טריבן, שטראָפן אָנגעלייגט און אפילו מיט דער וואַסער־קישקע אָפּגעגאָסן. האָט דער עולם געמוזט פאָלגן.

פּונקט אַזוי האָט מען נישט געטאָרט וואַרפן קיין פּאַפּירלעך אויף דער ערד, קיין מונדשטיק פון אַ פּאַפּיראָס, קיין שפּיי טאָן. די טיפע רינשטאָקן האָבן יעדן טאָג געמוזט מיט קאַלך אויסגעגאָסן ווערן, די מיסטקאַסטנס אין די הויפן מיט פּעך אויסגעשמירט, ריין פון שלעכטע וואַסערלעך און מיסט. איבער די אָרעמע גאַסן, איבערן באַלוט זענען מיליציאָנערן אַרומ־געגאַנגען, געכאַפּט אָרעמע יידן מיט בערד, ווייבער מיט שייטלעך, און זיי אין די שטאָטישע בעדער אָפּגעפירט, וואו מען האָט זיי די בערד און קעפּ אָפּגעגאָלט, די מלבושים אין דיזענפעקציע־קעסלען אויסגעקאָכט און די קערפּערס אויסגערייניקט, כדי אויסצוראָטן די עפּידעמיעס און קראַנקהייטן. אָבער וואָס מער באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו האָט די גאַסן און מענטשן געררייניקט, אַלץ מער האָבן טיפוס, שאַרלאַך, כאָלעריע און אַנדערע קראַנק־הייטן געשפּרייט זיך איבער דער שטאָט, אַרויסגעקראָכן פון אַלע אויסגע־קערטע גאַסן, אַרויסגעדעמפּט פון אַלע אויסגערייניקטע רישנטאָקן און אויסגעפּעכטע מיסטקאַסטנס.

וואָרעם צוזאַמען מיט רייניקן די גאַסן האָט דער באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו געררייניקט די שטאָט פון ברויט, פון אַרבעט, פון לייב און לעבן. די פאַבריקן האָבן נישט געאַרבעט. די קוימענס זענען געשטאַנען פּוסטע איבער דער שטאָט, געגלאַנצט מיט די פאַררויכערטע קעפּ עובר־בטל אין די ריינע בלויע הימלען, קיין לעק רויך נישט געלאָזט. די סירענעס זענען שטום געוואָרן, נישט געריסן מער מענטשן פון שלאָף פאַרטאָג, געלאָזט זיי ליגן ווי לאַנג זיי ווילן. דאָס ערשטע האָט באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו געשיקט זיינע לאַנדשטורמער, זיי זאָלן פון פאַבריק צו פאַבריק גיין און אַראָפּנעמען די טראַנסמיסיעס, די גראַבע לעדערנע פּאַסן פון די רעדער.

די לאָדזשער פאַבריקאַנטן האָבן אויסגעווילט אַ דעלעגאַציע, וואָס זאָל אַריבערגיין רעדן מיטן אָבערסט, בעטן אים, ער זאָל די פּאַסן נישט נעמען. אָן זיי האָבן די רעדער נישט געקאָנט גיין, האָבן די פאַבריקן נישט געקאָנט אַרבעטן. אויסגעפּוצטע אין די שוואַרצע קליידער און ווייסער וועש איז די דעלעגאַציע געגאַנגען צו אַשכנזיס פּאַלאַץ. צווישן זיי איז אויך געווען יאַקוב אַשכנזי אין זיינע עלעגאַנטע שוואַרצע קליידער מיט דער שוואַרצער צוגעפּאַרבטער באָרד. דאָס ערשטע מאָל ווי ער איז אין זיי־

ברודערס פּאַלאַץ געווען. אין אונטערטעניקסטן דייטש האָבן זיי ביים באַ־ראָן געבעטן נישט צו צעשטערן די לאָדזשער אינדוסטריע.

— מיר בעטן אייער עקסעלענץ אין נאָמען פון דער שטאָט לאָדזש, — האָבן זיי געזאָגט, בויגנדיק זיך.

באַראָן פאָן היידעלליאָו איז געזעסן פונאַנדערגעלייגט אין זיין שטול מיט אַ זיגערישער ברייטקייט און דורכן מאָנאָקל פאַראַכטנדיק גע־קוקט אויף די בעטנדיקע לאָדזשער פּאַטענטאַטן, לייבן איינס און איינס.

— ניקס צו מאַכן! — האָט ער געענטפערט קאַלט.

די מענטשן האָבן געפּרואווט אָנרירן אַ געזעלשאַפטלעך אָדערל, רעדן אין נאָמען פון די אַרבעטער, וואָס וועלן דאַרפן אומקומען פון הונגער אָן אַרבעט. דער באַראָן איז געבליבן קאַלט. אַז די מענטשן האָבן גענומען רעדן דרייסטער, שאַרפער, האָט דער באַראָן פאָן היידעל היידעלליאָו זיי איבערגעריסן און אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער פויסט אין טיש.

— וואָס גייען מיך די מענטשן אָן? — האָט ער געשטורעמט. — איך דענק וועגן מיינע סאָלדאַטן!

ווי אַ רוימישער פּאַטריציער, וואָס געפאַנגענע זענען געקומען פאַלן צו זיינע פיס, אַזוי האָט ער דער אָבערסט געצאַרנט אויף די לאָדזשער פאַרשטייער און געקריצט אויף זיי מיט זיינע אַריינגעשטעלטע ציין.

די פאַבריק־פאַסן זענען פון זייער גוטן און גראָבן לעדער געמאַכט געוואָרן, וואָס מען האָט פון זיי די בעסטע זוילן צו זעלנערישע שטיוול געקאָנט אויסשניידן. און באַראָן פאָן היידעל היידעלליאָו האָט אַלע טראַנס־מיסיעס פון די פאַבריקן אין לאָדזש און אין דער אומגעגנט געלאָזט אַראָפּ־נעמען און וואַגאָנענווייז זיי קיין דייטשלאַנד געשיקט. נאָך זיי האָבן די פאַבריקאַנטן געמוזט אַרויסגעבן די קופּערנע קעסלען און איוונס, וואָס דער אָבערסט האָט אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד. פון אומעטום האָט מען דעם קופּער גענומען, פון די שפּיצן פון די קירכעס, פון די מנורות פון די שולן, פון די קליאַמקעס פון די טירן, פון די יידישע שבתדיקע פענדלעך צו פיש, פון די לייכטער, און פריער פון אַלעמען פון די פאַבריקן. דאָס האָט מען קוילן געדאַרפט כדי צו שלאָגן דעם פיינט, אָבער דייטשלאַנד האָט ווייניק קופּער געהאַט, און מען האָט די פאַבריק־קעסלען אַרויסגענומען, צעשמאָלצן זיי און קוילן אויסגעאַרבעט. נאָכדעם האָט דער באַראָן גענומען אַרויספירן טיילן פון די מאַשינען, וואָס נאָר עס האָט אין דייטשלאַנד גע־קאָנט אַ נוצן ברענגען, אַרויסגעריסן מיט יעדן טאָג נייע גלידער פון די לאָדזשער פאַבריקן.

אָנגעהויבן האָט ער עס ביי זיין פּאַלאַץ אַליין, ביי אַשכנזיס פאַבריק. דורך דער אונטערערדישער ליניע, וואָס האָט ביז צו דער באַן־ליניע גע־פירט, זענען יעדן טאָג געגאַנגען קופּער און מעש, פאַסן און רוי־שטאָף, פאַרטיקע סחורות פון די לאַגערס און האַלץ פון נאָענטן וואַלד. מאַדאַם אַשכנזי האָט אין איר שלעכטן רוסישלעכן דייטש מיט גראָבע „רישן" יעדן

מאָל אויפסניי פּראָטעסטירט, אָפּגעשלאָגן די שווען, טענות געהאַט, גע־ריסן זיך מיטן פאַרקוועטשטן שירם אין האַנט צום אייגענעם פּאַלאַץ, צום באַראָן אַליין, נאָר מען האָט זי נישט אַריינגעלאָזט.

— וועק, צוטריט פערבאָטען! — האָבן די וואַכן פאַרטריבן.

פאַר די סחורות און רוי־שטאָפן, וואָס מען האָט וואַגאָנענווייז אַרויס־געפירט, האָט מען איר בלויז צעטעלעך געגעבן, צעטעלעך, אין וועלכע די סחורה איז אָפּגעשאַצט געוואָרן אין גראָשנס און פאַר וועלכע מען דאַרף קריגן אויסגעצאָלט נאָך דער מלחמה. מאַדאַם אַשכנזי איז געזעסן איינע אַליין אין גרויסן פאַבריק־קאַבינעט גאַנצע טעג, כאָטש עס איז גאָרנישט געווען וואָס צו טאָן. זי האָט, ווי אַ מאַנצביל, געהיט די פאַבריק, אַלץ געהאַט אויפן קאָפּ, געוואוסט פון יעדער קלייניקייט, נישט ערגער ווי איר מאַן אַמאָל. זי האָט די דייטשע צעטעלעך איינגעשלאָסן אין דער אייזערנער קאַסע, דאָס שליסעלע אויפן האַלדז זיך אָנגעהאַנגען און אַזוי געזעסן אין קאַבינעט, איינע אַליין אין דער פרעמדער שטאָט. די איינציקע קונדן זענען געווען די דייטשן, וואָס זענען יעדן טאָג געקומען מעלדן וועגן נייע טראַנס־פּאָרטן, וואָס זיי דאַרפן אַרויספירן. זי איז אין ערגעץ נישט געגאַנגען, מיט קיינעם זיך נישט צונויפגעקומען אין דער שטאָט. זי איז בלויז אין פאַב־ריק־קאַבינעט געזעסן, אַלטע רעכענונגען דורכגעזען, ביז עס איז נאַכט געוואָרן. דעמאָלט האָט זי זיך געלאָזט צו איר נייער וואוינונג, צו די איינזאַמע שטובן, וואו דער דירעקטאָר אַלברעכט האָט אַמאָל זיין פּעט בחוריש לעבן געפירט, ווען די שפּולערקעס פלעגן קומען צו אים אויפרוימען. אין זיין ברייט בעט איז זי גאַנצע נעכט מיט אָפענע אויגן געלעגן, איינשלאָפן נישט געקאָנט און געוואַרט אויף דעם מאָרגן, זי זאָל שוין קאָנען אין פאַב־ריק גיין, ווידער אַמאָל אַ טאָג אין פוסטן קאַבינעט אָפּזיצן. פון אַלע דינסטן האָט זי זיך בלויז איין קאַמער־מיידל איבערגעלאָזט, וואָס האָט געראַמט, געקאָכט און פאַרן שלאָף איר די שיטערע גרויע האָר אין קורצע צעפּעלעך פאַרפלאָכטן און מיט זיידענע סטענגעס פאַרבונדן, ווי דעמאָלט, ווען איר מאַן איז נאָך געווען אינדערהיים.

אויף דעם באַלוט האָבן די האַנט־שטולן זעלטן געאַרבעט. מערסטנס זענען זיי געשטאַנען איבערגעדעקטע מיט ליילעכער. שניידערס, זאָקן־מאַכערינס, נייטאָרינס, טריקאָטאַזש־אַרבעטער, גאַלאַנטעריע־אַרבעטער, שוסטערס, רימערס, אַלע האָבן זיי פאַרהאַנגען זייערע מאַשינען און ווערק־שטאַטן מיט טישטעכלעך, ווי אויף שבת אַמאָל. די שטאָט, וואָס האָט שטענדיק געקאָכט, געציטערט פון אַרבעט, האַנדל און באַוועגונג, איז געשטאַנען שטיל, קיין מאַשין האָט נישט געקלאַפּט, קיין קוימען האָט נישט געראַוכערט, קיין סירענע האָט נישט גערופן. די ריינקייט פון די גאַסן האָבן אין ריינקייט פון בית־עולם־סטעזשקעס דערמאָנט. די פּוילישע אַר־בעטער, וואָס זענען געקומען פון דערפער, זענען זיך צוריק אין די דערפער צעלאָפן; די שטאָטישע אַרבעטער, די יידן אויפן באַלוט, זענען אַרומגע־

גאַנגען פּוסט און פּאַס איבער די גאַסן און געסלעך, מיט איבעריקע הענט, וואָס ווילן אַרבעטן, נאָר האָבן נישט ביי וואָס, מיט טרוקענע צונגען אין די מיילער, מיט בלאַסע פּנימער, אויסגעצערטע און הונגעריקע.

לאָדזש האָט געהונגערט. ביי אַלע וועגן און ראָגאַטקעס זענען דייטשע זעלנער אין פּיקענהויבן געשטאַנען און נישט אַריינגעלאָזט, נישט אַרויס־געלאָזט. זיי האָבן געזוכט אין היי פון פויערישע פורן, כדי אויסצוגעפינען אַ באַהאַלטן זעקל תבואה, אַ הון, אַ קעזל, אַ פּאַטשיילע אייער אָדער אַ זעקעלע פּוטער, וואָס עמעצער פּירט אין שטאָט אַריין צו פאַרקויפן. זיי האָבן אַרומגעטאַפּט די מענטשן, מיט די הענט אין די קליידער זיי געקראָכן כדי צוצונעמען אַ ברויטל, אַ שטיקל פלייש, אַפילו אַ ביסל קאַרטאָפל, אויב מען פירט. זיי האָבן ביי ווייבער די קליידער פאַרהויבן, אין די בוזעמס און שויסן געזוכט, טאָמער באַהאַלט מען אויס אַ ביסל שפּייז.

אַלץ, די תבואה אויף די פעלדער, די קאַרטאָפל אין די קעלערס, די בהמות אין די שטאַלן, די הינדלעך, וואָס פּיקן זיך פון די אייער אַרויס, יעדער ניי געבוירן קעלבל, יעדער טראָגעדיקער חזיר איז געווען פאַרצייכנט, געהאַלטן אויפן אויג, כדי צו רעקווירירן און אַוועקשיקן קיין דייטשלאַנד. זיי האָבן אַראָפּגענומען די פרוכטן פון די ביימער, די וואָל פון די שאָף. דאָס גראָז פון די לאַנקעס. אין די וועלדער האָבן זיי די ביימער געלעכערט, זויג־מאַשינקעס אַריינגעשטעלט אין די שטאַמען, דעם זאַפט פון זיי אַרויס־געצויגן און אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד. זיי האָבן ביי די יעגער די ביקסן צוגענומען, כדי אַליין די האָזן, פוקסן, ווילדע חזירים, הירשן און ווילדע קאַטשקעס אויסצופאַנגען און לעבעדיקע אָדער געשאָסענע אַרויס־צופירן פון לאַנד. זיי האָבן די נעצן פון די פישערס צוגענומען, כדי דעם גאַנצן פיש־פאַנג פאַר זיך אַליין צוצונעמען. אַפילו די הפקרדיקע הינט און קעץ, וואָס האָבן זיך ביי די ליידיקע מיסטקאַסטנס געגראַבלט, האָבן זיי געכאַפּט און געפאַנגען, כדי אָפּצושינדן פון זיי די פעלן און אַרויסצוציען פון זיי די פעטסן. מיט זייערע נבלות האָבן זיי די חיות פון די דייטשע טיר־גאַרטנס געשפּייזט.

אַ חוץ די דייטשע לאַנדשטורמער, אָפיצירן און באַאמטע, וואָס האָבן טאָג־טעגלעך שפּייז־פּעק אַוועקגעשיקט צו זייערע אייגענע, זענען נאָך אויך ציווילע דייטשן אָנגעקומען, פלײשיקע פאַרשוינען אין גרינע בערג־קליידער און מיט פעדערלעך אין די קאַפּעלושלעך. מיט די געלע שטולפּן אויף די באַנאָגלטע שיך, נישט אויסצורייבן די פּאָדעשוועס, זענען זיי אַרומ־געגאַנגען איבער די דערפער, רעקווירירט, אויפגעקויפט פאַר גראָשנס, צוגענומען, אָפּגערייניקט, אָפּגעפרעסן דאָס לאַנד ווי אַ היישעריק. אין די שטעט און שטעטלעך האָט מען די סחורות צוגענומען פון די קראָמען, די קופּערנע פאַנען פון די קיכן, די ענג־לייכטער פון די באַלקנס, די מע־שענע קליאַמקעס פון די טירן, דאָס מעל פון די זעק, די לעדער פון די גאַרבערייען, די תבואה פון די שפּייכלערס. די בעקערס, מילנערס,

קצבים, גאַרבערס, שפּייז־סוחרים און קרעמער, הענדלער און באַלמעלאָכעס — אַלע זענען גענומען געוואָרן אין די הענט, מען האָט נאָכגעקוקט יעדן טריט זייערן, יעדן קער און ווענד, נישט אָפּגעלאָזט זיי פון אויג, אויף די פינגער זיי געקוקט, זיי זאָלן נישט טאָן עפּעס אָן קאָנטראָל. דאָס ברויט איז צו די מענטשן אין די שטעט אויסגעטיילט געוואָרן לויט שפּייז־קאַרטן. אויך האָבן זיי קיין ריין ברויט נישט געטאָרט עסן, זיי זאָלן קיין סך מעל נישט פאַרברויכן. די בעקערס האָבן געמוזט אַריינמישן אין ברויט מעל פון געמאָלענע קאַשטאַנעס, שאָלן פון קאַרטאָפל אַריינקנעטן. דאָס ברויט האָט זיך געקלעפּט אין מויל ווי ליים, געלייגט זיך שווער אויפן האַרץ, נישט געזעטיקט. קינדער זענען קראַנק געוואָרן דערפון.

די פאַרמעגלעכע האָבן געשמוגלטע שפּייזן געקויפט ביי די פיל שמוגלער, וואָס האָבן זיי אין די שטעט דורך באַהאַלטענע וועגן אַריינגעשוואַרצט. אָבער די אָרעמע, די אַרבעטער, די באַלמעלאָכעס, די אַרבעטסלאָזע האָבן געהונגערט, אויפגעגעסן אין דער ערשטער וואָך דאָס קאַרטן־ברויט, וואָס איז פאַר אַ גאַנצן חודש געווען אויסגעטיילט, און די ווייטערדיקע וואָכן אַרומגעגאַנגען עלנטע, פאַרשווארצטע, מיט ברענענדיקע אויגן פון הונגער, מיט שלאַבעריקע טריט. קינדער זענען געפאַלן פון די פיס. קלעפּיקע קראַנקהייטן זענען אַרומגעגאַנגען איבער די לאָדזשער אויסגעקערטע גאַסן, געשניטן לעבנס, ווי די דייטשן האָבן געשניטן פעלדער.

באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו האָט די מיליציאָנערן באַפוילן אָפּצושליסן די קראַנקע הייזער, פאַרחתמענען די שטובן, אויפשריפטן „אַנשטעקענד" אויסהענגען, אַ סך קאַלך גיסן אין די גאַסן, מיט קאַרבאָל די אָרעמע געגנט באַשפּריצן. אויך האָט מען גאַנצע גאַסן מיט מענטשן אין די נעכט פון די שטובן אַרויסגעפירט, אין די ענטלויזונגס־באַראַקן אַוועקגעפירט, וואו מען האָט זיי טעג אין הונגער אָפּגעהאַלטן, מיט קאַלטע און הייסע שטראָמען אָפּגעגאָסן, די קעפּ אָפּגעגאָלט, כדי אויסצורוימען ביי זיי די עפּידעמיעס. זייער ענערגיש האָבן די דייטשע לאַנדשטורמער געגאָסן די שטראָמען וואַסער און דיזענפעקציע־פליסיקייטן אויף די בלאַסע קראַנקע מענטשן, נאַקעטע, אויסגעדאַרטע, קנאָכיקע. זיי האָבן געשפּאָט פון די בערדיקע יידן, וואָס האָבן זיך מיט די הענט פאַרשטעלט די בערד, מען זאָל זיי נישט אַראָפּנעמען. זיי האָבן גראָבע וויצן געמאַכט אויף די מיידלעך, וואָס האָבן זיך מיט די הענט זייער נאַקעטקייט פאַרשטעלט, זיי האָבן חוזק געמאַכט פון די אָרעמע, עלטערע ווייבער מיט די טאָרביקע בריסטן, אָנגעבלאָזענע בייכער און דינע פיס.

— הערונטער מיט דעם שמוץ! — האָבן זיי געגוואַלדעוועט און געגאָסן שטראָמען וואַסער.

זיי האָבן געריייניקט, פעסט געריייניקט, ווי דער קאָמענדאַנט פון שטאָט האָט געהייסן אין זיינע באַפעלן פון פּאַלאַץ אַרויס. אָבער וואָס מער מען

האָט די מענטשן גערייניקט, אַלץ מער האָבן זיך די עפּידעמיעס צו זיי געקלעפּט. דאָס וואַסער, וואָס מען האָט זיי געגעבן אָנשטאָט ברויט, האָט די עפּידעמיעס נישט אָפּגעוואַשן. די חברה־קדישא האָט נישט אויפגע־הערט פירן צום בית־עולם. מען האָט שוין מער נישט געפירט אין קיין עגלות, ווייל עס זענען אַזויפיל פערד און עגלות נישט געווען. אויף די הענט, אויף קוילן־וועגעלעך האָט מען די מתים געפירט צו די בית־עולמס, אָן תכריכים אפילו, בלויז אין שטרוי.

און ביי אַשכנזין אין פּאַלאַץ איז דער קאָמענדאַנט פון שטאָט, דער באַ־ראָן פאָן היידעל היידעללאָו, געזעסן און פאַרפּאַסט יעדן טאָג אַלץ נייע באַפעלן, נייע פאַראָרדענונגען. יעדן טאָג האָט ער אויך די מיליטערישע קאָ־פּעליעס אַרויסגעשיקט, זיי זאָלן פאַר די באַזיגטע מענטשן דייטשע מאַרשן אויפשפּילן, פּאַטריאָטישע לידער. מיט פּאַראַד־טריט, מיט פּיקעלהויבן, מיט די באַנאָגלטע שטיוול האָבן די לאַנד־שטורמער פּעסט איבער די לאָדזשער גאַסן מאַרשירט, לידער וועגן רהיין געזונגען, וועגן דייטשלאַנד, וואָס איז איבער אַלץ אין דער וועלט.

לאַססעט שטיין דען ערנטע־וואַגען
זיגרייך ווערדען וויר די פראַנצאָזען שלאַגען...

האָבן די לייט אין די גרויע פעלד־אוניפאָרמען געריסן די העלדזער.

באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו איז געשטאַנען אויפן באַלקאָן פון זיין פּאַלאַץ און דורכן מאָנאָקל אַראָפּגעקוקט אויף דער שטאָט, וואָס איז אים געלעגן צופוסנס.

יאָ, בעדער און פאַרוויילונגען דאַרף מען דעם פאָלק געבן, — האָט ער אָפּגעמאַכט ביי זיך.

ער האָט האָפּערדיק אַרויסגעשטעקט די ברוסט מיט אַלע מעדאַלן, מיט דעם אייזערנעם קרייץ, וואָס ער האָט געקראגן פאַר זיין העלדישקייט אין קאַליש, און ער האָט זיך געפילט ווי אַ רוימער, אַן עראָבערער פון קאָפּ ביז די פיס.

קאַפּיטל פיר

נאָך קיינמאָל האָט קיילע, דאָס ווייב פון טוביה דעם וועבער, וואָס מען רופט אים „טוביה ס׳איז נישט הפקר אַ וועלט״, נישט איבערגעלעבט אַזאַ גוטע צייט, ווי איצט, ווען די דייטשן האָבן געהערשט אין לאָדזש.

פאַר אַלע יאָרן פּיין, נויט און צרות, האָט זי אויף דער עלטער געהאַט פאַרגיטיקונג. זי האָט געקאָכט גרויסע טעפּ פלייש אין מיטן דער וואָך, זי האָט דאָס גאַנצע פייפער־געסל פאַרשמעקט מיט אירע פעטע פּאַרעס, געפּרעגלטע לעבערס, גערייטשטע ציבעלעס און געברענטע זופּן. פון אַלע

שכנים איז מען צו איר געקומען באָרגן אַ לעק מעל, אַ קאַרטאָפל, אַ פּיצל ברויט פאַר אַ קינד, און זי האָט געגעבן, קיילע.

נישט טוביה איז עס געווען, וואָס האָט איר פאַר אַלע יאָרן צרות אַזויפיל נחת איצט געגעבן. ער איז געווען דער אייגענער וואָס תמיד. גאַנץ קהל געהאַט אויף זיין קאָפּ, אַרומגעפירט זיך מיט יינגלעך, ביכלעך גע־לייענט, פאַרפאַלן געוואָרן אויף גאַנצע טעג, ווי ער וואָלט נאָך אַ יינגל געווען, גלייך נישט זיין געשווירן בערדל וואָלט שוין געווען גרוי, זיין פּנים צע־קנייטשט פון עלטער און צרות. אַפילו אין די גוטע צייטן, ווען לאָדזש האָט געאַרבעט, האָט זי געליטן ביי אים, קיין האָניק נישט געלעקט. וואָרעם קיינמאָל האָט ער נישט געוואָלט הערן אירע רייד, קיילעס, צו קומען אַליין צו אַ צוויי שטולן און אַריינגעמען אַ געזעלן, מען זאָל קאָנען עפּעס פאַרדינען ביי אים.

— איך וועל נישט ווערן קיין עקספּלואַטאַטאָר, ניין! — האָט ער גע־ענטפערט אויף קיילעס טענות. — איך זאָל אַפילו די קאָפּיטעס דאַרפן אויס־ציען.

קיילע האָט אים געזידלט, געמאַכט אויסצודרייען, אָבער ער האָט נישט נאָכגעגעבן. ס׳גאַנצע לעבן זיינס האָט ער אָפּגעאַרבעט ביי לוינקעטניקעס, וואָס האָבן אים אָפּט פאַר דער אַרבעט נישט אָפּגעצאָלט, אָנגעזעצט. אין דער פרייער צייט איז ער אַרומגעלאָפן מיט די אחדותניקעס, פאַרפאַלן גע־וואָרן אויף גאַנצע נעכט. אַ סך מאָל האָט קיילע אויך געהאַט פון אים חרפּות און בושות אויסצושטיין. מען האָט דעם מאַן אירן אין טורמע איינ־געזעצט. זי האָט געמוזט, גלייך מיט אַלע ווייבער פון די גנבים, שטיין ביי די טויערן פון קרימינאַל און דעם מאַן פּעקלעך עסן טראָגן. ניין, זי האָט ביי אים קיינמאָל קיין מזל נישט געהאַט. אין די בעסטע צייטן, ווען לאָדזש איז געגאַנגען אין גאָלד, איז אין איר שטוב געווען דלות, נויט. זי האָט קיינמאָל נישט געקאָנט געבן עסן צו דער זעט די קינדער אין שטוב, נישט געקאָנט די מיידלעך אַ לייטיש קליידל אָנטאָן, ווי ביי לייטן.

איצט, אַז לאָדזש האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַז אומעטום איז געווען פּוסט און לער, האָט טוביה אינגאַנצן נישט געאַרבעט. קיילע וואָלט טאַקע געמעגט אויסציען די פיס אויף דער עלטער, אָדער שטיין מיט אַן אויס־געשטרעקטער האַנט אויף לייטיש געלעכטער. אָבער קיילע האָט געהאַט אַ גרויסן גאָט אין הימל. כאָטש דער מאַן אירער, דער משוגענער, האָט איר שטענדיק איינגערעדט, אַז ס׳איז קיין גאָט נישטאָ, האָט זי אים קיינ־מאָל נישט געגלויבט. דאָס האָט ער געמעגט איינרעדן די יינגלעך און די מיידלעך פון די בירזשעס, נישט איר, קיילען. זי האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט אָפּהיטן מילכיקס און פליישיקס אין שטוב, צינדן שבת־ליכט, פרעגן אַ שאלה ביים מורה־הוראה און אויסגיסן דאָס עסן אויף פרייטיק־צו־נאַכטס, אויב עס איז אונטערגעלאָפן אַביסל מילך אונטער דער יויך. טוביה האָט געשריגן, געלאַכט פון איר, חוזק געמאַכט, געכעסט זיך אויפן

רב, וואָס ברענגט אויס אַרבעטער־געלט, און געוואָלט עסן דאָס טריפהנע עסן. אויך די קינדער האָט ער געהייסן עסן די טריפהנע יויך. אָבער זי, קיילע, האָט אים געהערט ווי דעם הונט אין גאַס. מיט כוח האָט זי אים אָפּגעשטופּט פון טריפהנעם טאָפּ און אַרויסגעגאָסן דאָס עסן אין מיסט אַריין.

— ביי דיינע לייט מעגסטו דיר זיין אַ גאַנצער חכם, — האָט זי אים געזאָגט. — ביי מיר ביסטו נישט ווערט דעם רבס מינדסט נעגעלע. ביי מיר וועסטו קיין טריפות נישט פרעסן.

אמת, זי האָט נישט געקאָנט פועלן ביי אים, ער זאָל מאַכן קידוש. ער האָט עס נישט געוואָלט. אַליין האָט זי אויך קיין קידוש נישט געקאָנט מאַכן, זי האָט קיין עברי נישט געקענט, און זי האָט געמוזט אַריינגיין יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס און יום־טוב, ווי אַן אלמנה, צום שכן, אויסצוהערן דעם קידוש. דערצו האָט זי גאָרנישט געקאָנט טאָן. אָבער די קיך איז געווען אירע, די טעפּ אירע. דאָ איז זי געווען די באַלעבאָסטע, און זי האָט זיך געפירט ווי אַלע יידישע טעכטער. ער האָט געמוזט עסן ביי איר כשר. אַפילו ער זאָל די צונג אויסציען, האָט זי אים נישט געגעבן קיין ציקאָריע פון מילכיקן טאָפּ פאַר זעקס שעה נאָך דער גריץ מיט פעטס געשמאַלצן. אַפילו די מזוזה פון דער טיר האָט זי נישט געלאָזט טוביהן אַראָפּנעמען. פונקט אַזוי האָט זי געלערנט אירע קינדער יידישקייט, געלערנט זיי מאַכן המוציא פאַרן עסן, קריאת־שמע לייענען ביינאַכט. איין טאָכטער האָט ער טאַקע געהאַט אַריינגעצויגן צו דער שמד, באַשקען. וויפל זי, קיילע, האָט איר נישט געוואָרנט, זי זאָל מיטן משוגענעם טאַטן קיין עסקים נישט האָבן, נישט צוהערן זיך צו זיינע רייד, ווייל זי וועט האָבן אַ שלעכטן סוף, האָט דאָס מיידל נישט געפאָלגט, געקלעפּט צו אים. און גאָט האָט זי טאַקע געשטראָפט, נעבעך, דערפאַר. יונגערהייט איז זי אַוועק פון דער וועלט. די אַנדערע קינדער דערפאַר האָט זי אָפּגעצויגן פון פאָטער, זי האָט אים געמאַכט פאַר זיי מיט דער בלאָטע צוגלייך, אַ וויסטן מזל אים אויסגעריכט אין זייערע אויגן, און זי האָט זיי אָפּגעראַטעוועט פון אים. עטלעכע פון זיי זענען באַצייטנס אַוועק קיין אַמעריקע מיט חתנים. די יינגסטע זענען פאַרבליבן אין לאָדזש. אָבער זיי האָבן גאָר־נישט מיטן פאָטער געוואָלט רעדן אַפילו, געהאַלטן אים פאַר אַ צעדרייטן, אַ שלימזל, וואָס זאָרגט נישט פאַר קינדער, וואָס טראַכט נישט וועגן חתנים פאַר זיי, נאָר האָט אין זינען פרעמדע געשעפטן. זיי האָבן טאַקע אַליין גענומען זייער גורל אין די הענט אַריין.

איצט איז טוביהס טעכטער גאָר גוט געגאַנגען אין דער שלעכטער צייט אין לאָדזש. זיי האָבן געשמוגלט אויף וואָס די וועלט שטייט, גוט פאַר־דינט און, ווי געטרייע קינדער, אַלץ אין שטוב אַהיימגעבראַכט. זיי האָבן דער מוטער אַ ניי שווארץ שייטל געלאָזט מאַכן, אַ גרויס און אַ קאָרבירטס, וואָס האָט זייער מאָדנע און פרעמד אויסגעזען צו איר אַלטן צעגאָסענעם גרויען קאָפּ. זיי האָבן איר קליידער געמאַכט, וואָכעדיקע באַזונדער און

שבתדיקע באַזונדער. זיי האָבן איר אַהיימגעבראַכט פון אַלעם גוטן פון די וועגן, מעל און גרויפּן, פלייש און פּוטער, אַ קעזל און עטלעכע אייער. זיי האָבן אויך נייע בעטן איינגעקויפט אין שטוב אַרייַן, צוגעשלאָגן צו די ווענט עטלעכע געשניצטע פּאַליצעס, אויף וועלכע זיי האָבן אַ סך פּאָטאָ־גראַפיעס אויסגעשטעלט. די ווענט האָבן זיי באַצירט מיט פאַרביקע ליטאָ־גראַפישע בילדער, ווי נעגערס קנעכט ברענגען אַ בלאָנד נאַקעט מיידל מיט צעלאָזטע האָר פאַר אַ שוואַרץ־בערדיקן סולטאַן און ווי אַזוי שלמה המלך הייסט צעשניידן מיט אַ שווערד דאָס קינד, איבער וועלכן צוויי מוטערס קריגן זיך. זיי זענען אַפילו אַרויס פון קעלער און געגומען אַ שטוב מיט אַ קיך אויפן ערשטן שטאָק אויף דעם פייפער־געסל אין באַלוט, אַ שטוב מיט גאַז־באַלויכטונג און מיט וואַסער־לייטונג.

גאָט האָט רחמנות געהאַט אויף קיילען דערפאַר, וואָס זי האָט אַזוי אָנגענומען זיך פאַר אים אַלע יאָרן, געפירט מלחמה פאַר אים מיט איר מאַן דעם איבערגעקערטן. פאַר דעם האָט ער איר אָפּגעצאָלט איצט, אָפּגעגעבן פאַר אַלע צייטן, און טאַקע אין דער ערגסטער צייט, ווען אַרום און אַרום איז ביטער, שלעכט. נאָך קיינמאָל האָט זי נישט געקאָכט אַזעל־כע גרויסע טעפּ עסן, נאָך קיינמאָל האָט זי נישט געוואוינט אין אַזאַ ליי־טישער דירה, נאָך קיינמאָל איז זי נישט געגאַנגען אַזוי באַלעבאַטיש אָנ־געטאָן ווי איצט, ווען אַלע זענען זיי אַזוי אַראָפּ. און זי האָט טאַקע גאָט געלויבט, קיילע, כאָטש זי האָט נישט געקענט דאַווענען, זי האָט אָרעמע שכנות ברויט געגעבן, אַביסל מעל, אַ טראָפּן מילך פאַר אַ קינד. אויך האָט זי גע־וואָרפן גראָשנס אין דער פּושקע פאַר ר׳ מאיר בעל הנס, וואָס איז ביי דער טיר, ביי דער פאַרפעטסטער מזוזה, געהאַנגען. וויפל מאָל טוביה האָט דאָס פּושקעלע אַראָפּגעריסן, האָט זי עס צוריק צוגעשלאָגן און גע־וואָרפן גראָשנס דערין, בעטנדיק מיט די גראָבע ליפּן ביי גאָט און ביי דעם ר׳ מאיר, זיי זאָלן אויך אויף ווייטער נישט אָפּטאָן זייער גנאָד פון איר הויז, זיי זאָלן אָפּהיטן די טעכטער פון בייז אין דעם שמוגל, וואָס זיי פירן, אויך זיי זאָלן איבערקערן דאָס האַרץ פון איר מאַן טוביה, וואָס אַ משוגעת איז זינט יאָרן אַריין אין זיין קאָפּ און ער ווערט אָן די וועלט און יענע וועלט.

זי האָט געהאַט צוליב וואָס צו וואַרפן גראָשנס אין ר׳ מאיר בעל הנס פּושקע, פאַרוואָס צו בעטן ביי גאָט. וואָרעם פּונקט ווי די שטוב איז געווען פול מיט גוטס, איז זי אויך געווען פול מיט סכנה. די דייטשן האָבן אָפטע רעוויזיעס געמאַכט אין די הייזער, געזוכט שמוגל, און ביי וועמען מען האָט געכאַפּט, האָט מען צוגענומען די סחורות. נאָך עטלעכע מאָל כאַפּן, האָבן זיי אויך איינגעזעצט. קיילעס שטוב איז פול געווען מיט שמוגל. אין די הויך־פאַרבעטע בעטן, איבערגעדעקטע מיט גרינע קאָלדרעס, וואָס זענען פול מיט לייבן, טיגערס, פּאַפּוגעס און בלומען, צווישן די קישנס, אין שטרוי, איז פלייש געלעגן באַהאַלטן, גאַנצע זייטלעך, וואָס די טעכטער

האָבן דורך וועגן און אומוועגן בגנבה געבראַכט פון די אַרומיקע שטעטלעך. אונטער די בעטן זענען געלעגן קאַרטאָפל, הייפּטלעך קרויט, בוראַקעס. אין דער אַלטער שאַנק, צווישן די קליידער פאַרשטעקט, איז געווען אויס־באַהאַלטן מעל אין קליינע זעקעלעך, גרויפּן אַלערליי. אין די איינשיטעכצן פון די קישנס איז געווען פאַרשטעקט צוקער אין טאָרבעלעך. אַפילו הינ־טער די בילדער אויף די ווענט איז שמוגל געלעגן. צפּוסנס שלמה המלך ביים סאַמע טראָן, וואָס צוויי לייבן מיט אַרויסגעשטעקטע צונגען באַוואַכן, זענען קליינע פּעקעלעך סאַכאַרין געלעגן, וואָס מען האָט אין אָרעמע שטובן אָנשטאָט צוקער גענוצט. כאָטש אַלץ איז געלעגן אַזוי גוט פאַרשטעקט, איז מען נישט זיכער געווען דערמיט, ווען די דייטשן זאָלן אַריינקומען זוכן. זיי האָבן פון אונטער דער ערד געקאַנט אויסגעפינען, די לאַנדשטורמער אין די פּיקעלהויבן, נאָך מער די פעלד־זשאַנדאַרמען מיט די בלעכן אויף די ברוסטן. מיט די שפּיזן האָבן זיי קישנס אויפגעריסן, אין די באַהאַלטנ־סטע ערטער געקראָכן, אַפילו די מענטשן אויפן הוילן לייב באַטראַכט, אַבי עפּעס צו געפינען. און קיילע האָט יעדן טאָג נייע גראָשנס געוואָרפן צו ר׳ מאיר בעל הנס אין דער פאַררוסטעטער פּושקע און געבעטן אים מיט גראָבע פרומע ליפּן, ער זאָל אָפּהיטן די טעכטער אירע פון שלעכטס און די שטוב פון בייז.

— אין זכות פון מיין כשר־האַלטן, אין זכות פון מיין צדקה צו אָרעמע לייט, — האָט זי געבעטן ביים בלעכערנעם פאַרראָסטעטן פּושקעלע, — בעט פאַר מיר, גרויסער צדיק, ר׳ מאיר, און היט און באַשיץ מיך, מיינע קינדער און מיין שטוב.

אין מיטן דער וואָך זענען די טעכטער נישט געווען אינדערהיים. אין טיכלעך אויף די קעפּ, אין פעסטע שיך, וואָס מען קאָן מיט זיי גיין איבער וועגן און שטעגן, מיט זעקלעך אויף די פּלייצעס, זענען זיי אַרומגעקראָכן איבער דערפער, אויפגעקויפט ביי די פּויערים אַביסל מעל, אַ פּעקל פּוטער אין פּויערישער לייוונט פאַרפּאַקט, אַ שאָק אייער, אַ קעזל — וואָס עס האָט זיך געלאָזט. נישט מיט די שאָסייען, וואו די דייטשע וואַכן זענען אויס־געשטעלט, נאָר דורך קרומע, זייטיקע וועגן, דורך פּויערישע סטעזשקעלעך, געשלענגלטע וועגעלעך, אָפּטמאָל דורך ראָוועס, זומפּן, האָבן זיי זיך גע־שלייכט פון דאָרף צו דאָרף, פון וועג צו וועג, געבויגן אין דרייען אונטער דער משא, שווער אָטעמענדיק און באַגאָסן מיט שוויים, כדי אַריינצו־שמוגלען אַביסל שפּייז אין שטאָט אַריין און פאַרדינען אויפן לעבן.

פאַרשידנס האָבן זיי דורכגעמאַכט אין די וועגן. זיי האָבן געמוזט נעכטיקן אין פּויערישע שייערן, אָפּטמאָל אין וואַלד אַליין. שקצים האָבן זיי פאַרטשעפּעט. אַמאָל האָבן זיי די דייטשע וואַכן געכאַפּט און געוואָלט אָפּפירן אין דער קאָמענדאַנטור. זיי האָבן זיך אָפּגעבעטן מיט עטלעכע מאַרק, מיט אַ ווייבעריש חנדל, מיט אַלערליי קונצן און דיירדלעך, וואָס די האַרטע צייט האָט זיי אויסגעלערנט. ניין, זיי האָבן זיך נישט געהאַט

אויף וועמען צו פאַרלאָזן אין דער ביטערער צייט; ווייניקער פון אַלעמען אויפן אייגענעם טאַטן. זיי האָבן געמוזט זייער שטעטל אַליין באַשטיין. אַ ביטער שווער לעבן האָבן זיי געפירט אין די וואָכן־טעג אויף די וועגן, וואָס זענען פול מיט די דייטשע פיקעלהויבן.

אָבער דערפאַר, אַז עס איז געקומען אַ שבת, אַ יום־טוב, האָבן זיי זיך אָפּגענומען פאַר דער גאַנצער וואָך. קיילע האָט אָנגעבאַקן לאַנגע בלעכן מיט חלות און קיכלעך. זי האָט גרויסע טעפּ אָנגעקאָכט, אַ פעטן טשאָלנט געשטעלט. די מיידלעך האָבן די שטוב שיין אויפגערוימט, די פּאָדלאָגע אויסגעוואַשן און מיטן געלן זאַמד אויסגעשיט, די אייזערנע רייפן פון די שעפלעך ביז אַ גלאַנץ אויסגעפּוצט, די צינערנע לייכטערלעך, אָנשטאָט די מעשענע, וואָס די דייטשן האָבן צוגענומען, מיט קאַלך געריייניקט. אַלע טעפּ, פאַנען און פענדלעך אויסגעשייערט, דאָס געבלימלטע גלאָזוואַרג אויס־געשטעלט און נייע פאַרביקע בלומען און שפּיצן פון פּאַפּיר אויסגעשניטן און פאַרפּוצט מיט זיי די פאָרהענגלעך ביי די פענצטער, די ווייס־געשייערטע שענקלעך און פּאָליצעס פון די כלים. די פאַרביקע בילדער אויף די ווענט האָבן געשיינט, די אויסגעשטעלטע טעלערס מיט בלויע בלומען האָבן געשפּיגלט. און אַ סאַמעטן חלה־טישטעכל, אויסגעהאַפּטן מיט לייש־גאָלד־אותיות און מיט אַ „מגן־דוד", האָט באַדעקט די געגרייטע געפלאָכטענע קוילעטשן. טוביה האָט טאַקע פאַרשעמט דעם טיש, נישט געוואָלט קיין קידוש מאַכן, די חלות נישט אָנגעהויבן מיט המוציא. אָבער קיילע האָט אירס געטאָן, געגרייט אַ טיש ווי ביי יידן. אַפילו ווײַן האָט זי אויסגע־קוועטשט פון געקאָכטע ראָזשינקעס אין אַ האַנטעכל. די מיידלעך האָבן זיך געוואַשן, געפּוצט, געצוואָגן די קעפּ, די מידע אויסגעהאָרעוועטע לייבער געזייפט און געוואַשן, דינע דאַמען־וועש אַרויפגעצויגן אויף זיך, מיט שמע־קעדיקע וואַסערן זיך באַשפּריצט, קליידלעך פון דער סאַמע לעצטער מאָדע אָנגעטאָן.

קיילע האָט נישט געדאַרפט מער אָנקומען צו אַ פרעמדער שטוב, צו אַ שכן, ער זאָל איר באַשיינען דעם שבת, קידוש מאַכן. אין שטוב זענען איצט אייגענע מאַנסבילן געווען, די טעכטערס חתנים, וואָס האָבן דאָ אין די שבתים און אין די פרייע טעג שטענדיק פאַרבראַכט, געגעסן, אַפילו די שבתדיקע אָנצוגן דאָ געהאַט הענגען, די וועש ליגן. נישט קיין אייס־געצערטע וועבער־געזעלן, מיט אויסגעוואַקסענע אָפּגעכוימלטע אָנצוגן, זענען דאָס געווען, נאָר בחורים ברייט־פּלייציקע, פריילעכע, אין הויכע שטיוול און אין קורטקעס, שמוגלערס — איינס אין איינס. פאַרדינער גוטע, וואָס אַ מאַרק איז ביי זיי אַ ממזר, וואָס קענען זיך אויס אין לעבן, קאָנען אַ מאַרק פאַרדינען און אַ מאַרק אויסגעבן. זיי זענען נישט געווען אַזעלכע ביטערע, ווי טוביה. כאָטש זיי זענען קיין גרויסע צדיקים נישט געווען, געגאָלט די בערד, געלט אום שבת געטראָגן, אַפילו שטילערהייט אַ פּאַפּיראָסל פאַר־רויכערט, האָבן זיי נישט אָפּגעזאָגט, ווען קיילע האָט זיי דערלאַנגט אַ בע־

כערל ראָזשינקע־ווײַן צו מאַכן קידוש, אָדער אָנצוהויבן די חלה מיט אַ ברכה. וואָס צו גאָט איז צו גאָט, האָבן זיי געוואוסט, און וואָס צו לײַט איז צו לײַט. די ליכט ביים טיש האָבן געפינקלט, דאָס פּאַרביקע טישטעך האָט געבלאַנקט, די מיידלעך האָבן געלויכטן, די חתנים האָבן גערעדט, געלאַכט, פּריילעכע מעשׂות פון די וועגן, דייטשן און שמוגל דערציילט, בריהשאַפטן אַרויסגעוויזן, העלדישע געשיכטעס אויספאַנטאַזירט. קיילע, אין שבתדיקן שוואַרצן הויכן שייטל אויפן קאָפּ, אין ברייטן פאַרטעך, האָט זיך געפּאָרעט ביי די גרויסע טעפּ, געטיילט היפּשע פּאָרציעס, אָנגעגאָסן פולע טעלערס. זי האָט זיך געשפּיגלט אין די טעכטער, אין זייער גראָטנ־קייט און שיינקייט, געכאַפּט מאַמישע בליקן צו די חתנים, די רויט־באַקיקע, אָפּגעברענטע און לעבנסלוסטיקע, און אירע גראָבע ליפּן האָבן פרום גע־שעפּטשעט תּפילות צו גאָט, געבעטן וועגן נחת, חתונות, ניאַנטשען אייניק־לעך און האָבן אַ רואיקע עלטער.

נאָך פריילעכער ווי אין די פרייטאָג־צו־נאַכטסן, זענען געווען די שבתים ביי־טאָג. צו די טעכטער זענען חברטעס געקומען, די חתנים האָבן זייערע חברים געבראַכט. מען האָט געטאַנצט, געשפּילט אין פאַנטן, לידער געזונגען. אַ סך מאָל איז אַ דייטש געקומען, אַ באַקאַנטער פון די חתנים, וואָס האָט זיי געהאָלפן אין שמוגל. דער דייטש האָט זיך גערויטלט אין דער פרעמ־דער געזעלשאַפט, דייטשע לידער געזונגען, גערעדט שלעכטס אויף די עלט־סטע און געגעבן די בחורים זיינע מיליטערישע קליידער אָנצוטאָן. קיילע האָט געוואוסט, אַז אין אַזעלכע שעהן איז בעסער, זי זאָל אין שטוב נישט זיין, אַז קינדער דאַרפן נישט קיין מאַמען, ווען בחורים זענען דאָ ביי זיי, און זי איז אַרויס צו אַ שכנה אויף דער שוועל, כדי אויסצוהערן לייענען דעם טייטש־חומש, וואָס זי אַליין האָט נישט געקענט, אָדער צו רעדן וועגן יקרות אויף קאַרטאָפל.

אַ פרעמדער, אַן עלנטער, אַ פאַרלוירענער האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט אין דער אייגענער שטוב טוביה, דער באַלעבאָס פון הויז.

סיי דאָס ווייב און סיי די טעכטער האָבן געקוקט אויף אים מיט שפּאָט, געשאָקלט אויף אים מיט די קעפּ. זיי האָבן נישט פאַרלאַנגט פון אים, ער זאָל אַרבעטן און פאַרדינען. זיי האָבן געוואוסט, אַז עס איז נישטאָ קיין אַרבעט אין שטאָט. אויך איז ער שוין אַלט און שוואַך צו אַן אַנדער אַר־בעט צו גיין. זיי האָבן אויך נישט אויסגעקוקט אויף זיינע פאַרדינסטן. זיי האָבן זיך זייער שטעטל געקאָנט באַשטיין, די טעכטער, זיי האָבן גענוג אין שטוב אַריינגעברענגט און זיי וואָלטן אים אויסגעהאַלטן. קיין שום ראָלע האָט נישט געשפּילט ביי זיי צו שפּייזן דעם פאָטער. ס׳עסן אַזוי פיל, וואָלט געגעסן נאָך עמעצער. אָבער פאַרלאַנגט האָבן זיי פון אים, ער זאָל זיין אַ מענטש, ער זאָל שבת זיצן ביים טיש, מאַכן קידוש, די חלות אָנהויבן, די שטוב באַשיינען. אויך זאָל ער אַ טאַטע זיין צו די קינדער, רעדן מיט אַ בחור, וואָס קומט אַריין, זיין נאָענט מיט די חתנים, דערמאָנען

אין אַ חתונה, וואָס מען דאַרף שוין מאַכן, ווייל וויפל איז דער שיעור אַרומ־צוגיין חתן־כלה? קיילע האָט עס אַליין געזאָגט, די בחורים דערמאָנט, אָבער דאָס איז נישט געווען גענוג. מען האָט געדאַרפט אַ טאַטנס וואָרט, אַ מאַנצ־ביל, וואָס ייִנגערע פון אים האָבן פאַר אים דרך־ארץ. בחורים פילן מער אָפשיי פאַר טעכטער, ווען אַ טאַטע איז דאָ אין שטוב.

אָבער טוביה האָט קיין טאַטע נישט געוואָלט זיין, קיין בכבודער באַ־לעבאָס אין שטוב נישט געווען. ווי תמיד, איז ער גאַנצע טעג אַרומגעלאָפן מיט ביכלעך אין די קעשענעס פון אַלע זיינע מלבושים, אַרומגעפירט זיך מיט ייִנגלעך, געסודעט זיך, איינגעטענהט, פרעמדע געשעפטן געהאַט אויפן קאָפּ אָנשטאָט די אייגענע שטוב און קינדער. נישט ער האָט די טעכטער געפרעגט ווי אַזוי זיי לעבן, וואָס זיי טוען, נישט ער האָט זיך נאָכגעפרעגט ביי זיי וועגן אַ תכלית, וועגן נחת. ער האָט אַפילו נישט געוואָלט זיין אויף די תנאים זייערע, וואָס זענען געפּראַוועט געוואָרן אין שטוב מיט אַ מורה־הוראה, אַ מנין יידן און טעלער־ברעכן. די טעכטער האָבן אים געבעטן, קיילע האָט געוויינט, נאָר ער האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן.

— איך זיץ נישט מיט קיין כלי־קודש ביי איין טיש! — האָט ער געזאָגט און אַנטלאָפן פון הויז.

זעלטן פלעגט ער אין שטוב אַריינקומען, בלויז נאָר שפּעט אין די נעכט, אָפּצושלאָפן די עטלעכע שעה.

די חתנים האָבן אים מכבד געווען מיט פּאַפּיראָסן, געוואָלט מיט אים רעדן פּאָליטיק, נאָר ער האָט זיי אויסגעמיטן. ער האָט גאָרנישט געפילט קיין נאָענטקייט צו די יונגעץ אין די הויכע שטיוול, וואָס האַלטן אין רעדן וועגן שמוגל, דייטשן און געלט. זיי האָבן געחוזקט פון אים.

— ווען טרייבט איר שוין אַרויס דעם דייטש, ר׳ טוביה? — האָבן זיי אים געפרעגט. — איר קעמפט דאָך עפּעס מיט זיי.

— זיי וועלן אַרויס, אַרויס, ווי די רוסן, — האָט טוביה געענטפערט. — ווען איר וואָלט געהאַט אויגן, וואָלט איר עס געזען.

— איר וואָלט בעסער מיטגעפאָרן מיט אונדז אויפן שמוגל, מחותן — האָבן די חתנים אים געזאָגט. — לעבן אונדז וואָלט איר לייכט נאָך געקאָנט פאַרדינען אַ מאַרק...

ער האָט נישט געקאָנט ליידן די שטוב, די אויסגעפּוצטע מיט די ליי־טאָגראַפישע בילדער, קיילן מיטן שווארצן שייטל אויפן קאָפּ, די מזוזה אויף דער טיר, די ר׳ מאיר־בעל־הנס־פּושקע, די חתנים אין די שטיוול, די אייגענע טעכטער, וואָס ווילן גאָרנישט פון אים זיך לערנען, די אַלע נייע לייט, וואָס קומען צו זיי אין שטוב אַריין, די דייטשע מאָלדאַטן, די זעקלעך מיט שמוגל. ער האָט נישט געוואָלט הנאה האָבן פון די גוטע עסנס, וואָס קיילע האָט אים מיט רחמנות צוגעטראָגן. ער האָט נישט געוואָלט קומען אויף די שמחות אין שטוב. אַלץ איז געווען קעגן זיין ווילן, קעגן זיין געשמאַק. דאָס איינציקע, וואָס איז אים טייער געווען, איז

די פאַרגעלטע פאָטאָגראַפיע פון זיין באַשקען, וואָס איז ביי די באַריקאַדן אומגעקומען. יעדעס מאָל אויפסניי איז ער צוגעגאַנגען צום בילדל, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט, צווישן אַלערליי משפחה־פאָטאָגראַפיעס און איינגעקוקט זיך לאַנג דערינען, ווישנדיק דערנאָך די גלעזלעך פון די ברילן, וואָס זענען פאַרלאָפן פון טרערן.

ער האָט זיך געשעמט מיט זיין שטוב, דער קליינבירגערלעכער און באַלעבאַטישער, געשעמט זיך מיט די קינדער. ער האָט נישט געקאַנט קיין אייגענעם מענטש צו זיך אַריינבעטן. און ער האָט זיך אַריינגעכאַפּט ווי אַן אורח, אָפּגעשלאָפן די עטלעכע שעה אין אַ ווינקל שטוב, ווייל די טעכ־טער זענען געשלאָפן אין די בעטן, און מיטן טאָג צוגלייך האָט ער זיך שוין אָנגעטאָן, כדי אַוועק וואָס פריער פון אייגענעם הויז, אַוועק צו זיין אַרבעט אין קלוב, אין דער אַרבעטער־קיך.

נאָך די שבת־צו־נאַכטסן איז אין שטוב געשטאַנען אַן אומאָרדענונג, אַ מושב; שאָלן פון ניסלעך, עפּל, נישט־דערטרונקענע גלעזער, מונדשטוקן פון פּאַפּיראָסן, אַלץ האָט זיך געמישט און געוואַלגערט. אויף די שטולן זענען ווייבערישע קליידער געווען צעוואָרפן, זאָקן, אונטערוועש. אין די ווינקלען אויף אויסגעבעטע בענקלעך איז אַ פאַרבליבענער חתן געלעגן, וואָס האָט זיך פאַרזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט. זיינע הויכע שטיוול זענען ווי לעבעדיקע געשטאַנען אין מיטן שטוב, די הויזן האָבן געהאַנגען אויף די הויזנטרעגער. דאָס קעלנערל מיטן קראַוואַט האָבן האָפערדיק אַרויסגעשיילט זיך פון דער טונקלקייט, דערציילט וועגן צו־נאָענטער מאַנצ־בילישער היימישקייט אין דער שטוב. אין די בעטן זענען געלעגן די טעכטער, מיט צעשויבערטע קעפּ, מיט צעוואָרפענע הענט און פיס, אָפּגעדעקטע פון דער היץ אין שטוב, מיט די אָנגעוואָרפענע קעמעלעך, האָר־נאָדלען, ביוסט־האַלטערס און אַלערליי ווייבערישע זאַכן, זענען זיי זייער ווייט און פרעמד געווען דעם אייגענעם פאָטער. ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיי, טוביה, נישט געוואַגט אויף זיי צו קוקן.

גיך האָט ער זיך אָנגעטאָן, אַריינגעשטופּט אין אַלע קעשענעס די צייטונגען און ביכלעך, וואָס ער האָט שטענדיק מיט זיך געטראָגן, אָפּגע־וואַשן דאָס פּנים און די הענט, און אַרויס.

— שכנא, וואו לויפסטו? — האָט קיילע אים גערופן מיט שפּאָט און רחמנות, — וואַרט אויס, וועל איך דיר געבן כאָטש אַ לעק קאַווע אויפן ניכטערן האַרץ.

— כ׳וועל שוין עסן אין דער אַרבעטער־קיך, — האָט ער אַ ברום גע־טאָן און איז אַרויס.

קיילע האָט אים נאָכגעקוקט, געזען זיין אויסגעדאַרט פּנים, זיין גע־בויגענעם רוקן און זי האָט געשאָקלט דעם קאָפּ מיט דער ווייסער שלאָף־קאָפּקע אויף רויטע סטענגעס.

— רבונו־של־עולם, — האָט זי געפרעגט ביי גאָט, — פאַרוואָס קערסטו

נישט איבער זיין קאָפּ? נישט די וועלט האָט ער דאָך און נישט יענע וועלט וועט ער האָבן...

זי איז מיט די באָרוועסע שווערע פיס צו צו דער קיך, אַרויסגעטריבן די פרייסן, וואָס האָבן זיך אין די ליידיקע טעפּ איבערנאַכט באַזעצט, און זי האָט געזאָגט די מאָרגנדיקע קריאת־שמע, פול מיט איבערגעדרייטע ווערטער און גרייזן.

פון דרויסן האָט אַ האָן געקרייט, געריסן זיך מיט אַ הייזעריקן קוויטש אויף דער פּוסטער שטאָט, וואָס האָט מער קיין סירענע־פייף נישט געהערט.

## קאַפּיטל פינף

דער איינציקער אין לאָדזש, וואָס האָט זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן דעם קאָמענדאַנט באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו, איז געווען טוביה וועבער, דער פירער פון די אחדותניקעס, דער פּאָרזיצער פון אויספיר־קאָמיטעט. עס איז אָנגעגאַנגען אַ שטענדיקע מלחמה צווישן דעם קאָמענדאַנט אין פּאַלאַץ און צווישן טוביהן אין דער אַרבעטער־קיך. וויפל דער באַראָן האָט נישט אַרויסגעגעבן זיינע באַפעלן, מיט יעדן טאָג אַלץ נייערע, האָט טוביה גלייך אַרויסגעגעבן זיינע באַפעלן. אין מיטן דער נאַכט, פאַרטאָג, האָבן די אחדות־לייט, טוביהס מענטשן, אַרויסגעלאָזט זיך מיט אַן עמער קלעפּעכץ, מיט פּראָקלאַמאַציעס הינטער דער פּאָלע און אויף די קאָמענדאַנטישע באַפעלן זייערע פּראָקלאַמאַציעס אָנגעקלעפּט.

באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו איז געוואָרן רויט ביז די אויערן, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז עפּעס אַן אויספיר־קאָמיטעט האָט די העזה קעגנצושטעלן זיך זיינע באַפעלן.

— קיין שפור! — האָט ער געגוואַלדעוועט און געטופּעט מיט די שטיוול אויף דעם געל־וואַנצנדיקן הינקעדיקן פּאָליציי־פּרעזידענט שוואַנעקע. — אויסראָטן די יידישע לויז־באַנדע! זי זינד פעראַנטוואָרטליך!

דער הינקעדיקער פּאָליציי־פּרעזידענט שוואַנעקע האָט מאָביליזירט אַלע זיינע שוץ־לייט אין די בלויע פּעלערינעס, זיי זאָלן לאָקערן אויף די פאַרטאָגעדיקע פּראָקלאַמאַציע־קלעפּער. אויך אַגענטן האָט ער פונאַנדער־געשיקט, זיי זאָלן זיך אין די טויערן אויסבאַהאַלטן און כאַפּן די נאַכט־קלעפּער. עטלעכע האָט מען געכאַפּט. שוואַנעקע האָט זיי אַליין מיטן הינקעדיקן פוס געשטויסן אין די בייכער. דעם גאַנצן כעס און באַליידיקונג פון קאָמענדאַנט האָט ער צו די אויסגעצערטע בחורים אויסגעלאָזט. מיט אַלע פּאָליצייאישע קונצן האָט ער געוואָלט אַרויסקריגן פון זיי די נעמען פון די פירער, אָבער די אַרעסטירטע האָבן נישט געזאָגט. מיט די ציין האָבן זיי פאַרהאַקט און קיין וואָרט נישט אַרויסגעזאָגט. שוואַנעקע האָט זיי געהאַלטן אין געפענקעניש עטלעכע וואָכן צייט אויף בלויז אַ פערטל פונם

ברויט אַ טאָג און איין טאָג אין דער וואָך — אַ תענית. אָבער זיי האָבן געשוויגן ביי אַלע אויספֿאָרשונגען, קיין פּיפּס נישט געטאָן. שוואַנעקע האָט געזען, אַז מיט בייזן גייט עס נישט, און ער האָט זיי גענומען איבערקויפֿן. ער האָט זיי צוגעזאָגט אַרויסצולאָזן פֿון געפֿענקעניש, צוריקשיקן זיי צו דער אַרבעט, נאָר בלויז פֿון צייט צו צייט זאָלן זיי צו אים קומען, אינטערעסאַנטע נאָכריכטן ברענגען, פֿאַר וואָס ער וועט זיי באַלוינען, שיינע עטלעכע מאַרק געבן. אָבער זיי האָבן נישט אָנגענומען. שוואַנעקע האָט געזען, אַז ער וועט פֿון זיי קיין נחת נישט האָבן, האָט ער זיי אַרויסגעשיקט קיין דייטש־לאַנד אויף צוואַנגס־אַרבעט.

— דאָרט וועט מען אייך שוין לערנען געהאָרכזאַמקייט, לויז־באַנדע! — האָט ער געדראָט.

ער האָט טאַקע וועגן דער שטראָף אויף די פּראָקלאַמאַציע־קלעפּונג אַ מעלדונג אַרויסגעלאָזט, כדי אָפּצושרעקן אַלע אַנדערע. אָבער גלייך ביי־נאַכט האָט דער אויספֿיר־קאָמיטעט געלאָזט פֿאַרקלעפּן אַלע פּאָליצייאישע מעלדונגען און גערופֿן צו ווייטערדיקן קאַמף קעגן דעם קאָמענדאַנט און דער פּאָליציי.

אָנגעהויבן האָט זיך די מלחמה צווישן באַראָן און טוביהן צוליב שפּייז.

דער באַראָן פֿאָן היידעל היידעללאָו, וואָס האָט נישט אויפֿגעהערט טראַכטן ביי זיך אין פּאַלאַץ, ווי אַזוי אַלץ מער שפּייז פֿון זיין געגנט אַרויס־צוציען און איבערשיקן עס אין פֿאָטערלאַנד, האָט אַן אויג געוואָרפֿן אויף די אַרבעטער־קיכן. דער בירגער־קאָמיטעט, אין וועלכן עס זענען געזעסן די רייכסטע פֿון שטאָט, אויך דער דירעקטאָר יאַקוב אַשכנזי, האָט קיכן פֿאַר אָרעמע געמאַכט אין לאָדזש, וואו אַרבעטער האָבן געקריגן אַ מאָגערע זופּ און אַ קליין שטיקעלע ברויט דערצו. אין אַלע אָרעמע גאַסן זענען די קיכן געווען, אויך אויף באַלוט פֿאַר די אַרבעטסלאָזע וועבער. געלט דע־רויף האָט געגעבן די שטאָט. אָבער באַראָן פֿאָן היידעל היידעללאָו האָט קרום געקוקט אויף די דאָזיקע אַרבעטער־קיכן.

זיי האָבן אַ סך שפּייז פֿאַרנוצט, די קיכן, קאַרטאָפֿל, מעל, גרויפּן. באַראָן פֿאָן היידעל היידעללאָו האָט בעסער געוואָלט די שפּייז קיין דייטשלאַנד אַוועקשיקן, און ער האָט אַלעמאָל פֿאַרקלענערט די פּאָרציעס, וואָס מען גיט אַרויס אין די קיכן. צום ערשט האָט ער די פּירער פֿון בירגער־קאָמיטעט געלאָזט רופֿן צו זיך אין פּאַלאַץ און געהייסן זיי מישן וואָס מער פּסולת אין ברויט אַריין, אָנשטאָט מעל.

— עקסעלענץ, מיר מישן שוין גענוג, — האָבן די פּירער פֿון קאָמי־טעט געענטפֿערט. — דאָס ברויט וויל זיך שוין מער נישט האַלטן פֿון די ערזאַצן, עס צעפֿאַלט זיך.

— אַריינטאָן די פּליסיקייטן, וואָס דער שעף־אַרצט מיינער האָט ער־פֿונדן, און עס וועט זיך האַלטן, — האָט דער באַראָן געגעבן אַן עצה. — איך וועל מער אַזויפֿיל מעל נישט אַרויסגעבן.

ווען די מענטשן האָבן אים פּרובירט זאָגן, אַז דערמיט מאַכט מען קראַנק די באַפעלקערונג, מען פאַרגרעסערט די עפּידעמיעס, די שטערבלעכקייט, האָט זיך דאַן דער באַראָן אויפגעקאָכט.

— פאַראַן גענוג ערד צו באַגראָבן טויטע אין לאָדזש! — האָט ער געשריגן. — אַדיע!

די מענטשן זענען אַוועק פאַרשעמטע אָבער געהאָרכזאַמע. גלייך האָט מען גענומען אויסבאַקן דאָס ברויט פאַר די קיכן לויטן קאָמענדאַנטס באַפעל. אַז דער באַראָן האָט דורכגעפירט מיטן ברויט, האָט ער גענומען טראַכטן אויך וועגן אַנדערע זאַכן, וועגן שפּאָרן גרויפּן, קאַרטאָפל, פעטס. איין טאָג האָט ער באַפוילן, מען זאָל די זופּן מער נישט שמעלצן מיט פעטס, נאָר מיט עטוואָס אייל. דאָס פעטס האָט ער אַוועקגעשיקט אַהיים. דערנאָך האָט ער געהייסן אַראָפּנעמען פון די גרויפּן. צום סוף האָט ער גאָר דערטראַכט זיך, אַז דערמיט, וואָס מען שיילט די קאַרטאָפל, ברענגט מען אויס זייער אַ סך און ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, מען זאָל קאָכן די קאַרטאָפל צו די זופּן מיט שאָלן. דער שעף־אַרצט זיינער, וואָס האָט ערפונדן די פליסיקייט צו דערהאַלטן ברויט מיט וויניק מעל, האָט גלייך אויסגעפונען איצט, אַז די שאָלן פון קאַרטאָפל זענען זייער געזונט צום עסן, קרעפטיק און נאַרהאַפטיק. דער באַראָן האָט גלאָזט רופן צו זיך די פּרעסע־לייט, די דייטשע, פּוילישע און יידישע, און געהייסן זיי שרייבן אַרטיקלען וועגן דעם דאָקטאָרס קאַרטאָפל־שאָלן־טעאָריע. דער דאָקטאָר האָט מיט אַ סך פרעמדע מעדיצינישע אויסדרוקן געשילדערט פאַר די פּרעסע־מענטשן די טובה פאַרן געזונט, וואָס קומט פון עסן קאַרטאָפל מיט די שאָלן, און דער באַראָן האָט אָנגעשטעלט דעם מאַנאָקל אויף די רעפּאָרטערן.

— אַלזאָ, ברייט פּראָפּאַגאַנדירן די זאַך! — האָט ער באַפוילן.

די פּרעסע האָט געשריבן, די פאָרשטייער פון בירגער־קאָמיטעט האָבן די באַפעלן אויסגעפירט. בלויז טוביה מיט זיינע לייט האָבן זיך די נייע באַפעלן נישט אונטערגעגעבן. ער איז איצט געווען דער עלטסטער אין לאָדזש, טוביה, דער פירער. ניסן איז געווען אין רוסלאַנד, די אַנדערע חברים זיינע פאַרשיקט אין אויסלאַנד, אויפן פראָנט. טוביה אַליין איז געבליבן. אויף אים איז געבליבן די גרויסע שטאָט, אויף זיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט, און ער האָט זי געטראָגן אויף זיינע געבויגענע פּלייצעס. ער האָט אַליין אָרגאַניזירט אַ קאָמיטעט פון אַרבעטער, נייע מענטשן אַריינגעצויגן, אַן אַרבעטער־קיך געשאַפן, געהאַלטן די זאַך אין די הענט. ער איז געווען דער עלטסטער, דער אויסגעפּרואוווטסטער. ער האָט געדאַרפט זאָרגן פאַר די אַרבעטער, אָננעמען זיך פאַר זיי אין דער ביטערער צייט, וועקן זייער מוט, רופן זיי צום קאַמף. און ער איז מיט עקשנות אַרויס קעגן דעם קאָמענדאַנטס באַפעלן. ער האָט אַ פייערדיקע פּראָקלאַמאַציע אָפּגעדרוקט, אַ פּראָקלאַמאַציע קעגן די מיליטאַריסטישע אונטערדריקער, וואָס

האָבן די אַרבעטער צוערשט אַרויסגעוואָרפן פון דער אַרבעט, אין בעטלער זיי פאַרוואנדלט, און איצט ווילן זיי אַפילו דאָס לעצטע שטיקל ברויט פון מויל זיי אַרויסרייסן, קאַרטאָפל אין די שאָלן צווינגען צו עסן, ווי די חזירים. די פּראָקלאַמאַציעס זענען אויסגעקלעפּט געוואָרן ביי אַלע קיכן, אויף אַלע ראָגעס, אויף די קאָמענדאַנטישע באַפעלן. אויך האָט טוביה געלאָזט מיטינגען איינאָרדענען, געהיימע פאַרזאַמלונגען און גערופן צו פּראָטעסטן, מלחמה.

באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו האָט אויפגעהערט צו פאַרלאָזן זיך אויף דעם הינקעדיקן פּאָליציי־פּרעזידענט און גענומען אַליין לערנען דרך־ארץ די ווידערשפּעניקער. אין מיטן עסן זענען זיינע סאָלדאַטן באַפאַלן די אַרבעטער־קיכן, אַרעסטירט די יינגסטע און קרעפּטיקסטע און זיי אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד אויף צוואַנגס־אַרבעט. באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו האָט, ווי אַ געניטער יעגער, געוואָלט שיסן צוויי האָזן מיט אַמאָל: אי ביי די אַרבעטער אַרויסנעמען די יינגסטע, די ענערגישסטע, כדי די איבערגעבליבענע, די עלטערע און שוואַכע, זאָלן זיך אַליין צעקריכן; אי טאָן אַ גוטע זאַך פאַרן פאָטערלאַנד, שיקן מענטשן אויף אַרבעט. מיט יעדן טאָג מער האָט מען אין פאָטערלאַנד די אַרבעטער אַוועקגענומען אויף די פראָנטן אָדער אין הינטערלאַנד פון די אָקופּירטע לענדער. אַפילו זקנים האָט מען מאָביליזירט. די פרויען אַליין האָבן נישט געקאָנט טאָן אַלע מענערישע אַרבעט. מען האָט געדאַרפט מענער צו די קוילן־גרובן און צו אַנדערע שווערע אַרבעטן. און פון גענעראַל־שטאַב זענען געקומען באַפעלן, וואָס מער ציווילע מענער פון פּוילן אַוועקצונעמען און שיקן קיין דייטשלאַנד. אָבער די מענער האָבן זיך נישט געמאָלדן. זיי האָבן שוין געוואוסט פון די פריערדיקע, וואָס זענען דאָרט אַרויסגעפאָרן, אַז מען גיט זיי נישט צו עסן אין די פאַבריקן און קוילן־גרובנס; אַז מען האַלט זיי אין קאַלטע נאַסע באַראַקן, מען באַוואַכט זיי, מען גיט זיי גאָר קיין מנוחה נישט אין דער אַרבעט און מען באַגייט זיך מיט זיי ווי מיט אַרעסטאַנטן. אויך לאָזט מען מער נישט אַרויס די, וואָס זענען פרייוויליק געגאַנגען צו דער אַרבעט. קיינער האָט זיך מער אויף די אַרבעטס־מעלדונגען נישט אָפּגערופן.

לעבן די אַרבעטס־מעלדונגען פון קאָמענדאַנט האָט טוביה זיינע מעלדונגען געלאָזט אויסהענגען וועגן דעם, ווי אַזוי מען באַגייט זיך דאָרט אין דייטשלאַנד מיט די אַרבעטער. די הונגעריקע מענטשן האָבן מער זיך צוגעהערט צו טוביהס ווערטער, ווי צום באַראָנס.

דער באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו האָט דעריבער גענומען אַרעסטירן אַרבעטער און אַוועקשיקן זיי אויף צוואַנגס־אַרבעט. דאָס האָט בעסער געלוינט. אי מען האָט אַזעלכע מענטשן אינגאַנצן נישט געדאַרפט צאָלן, אי זיי האָבן געאַרבעט אונטער מיליטערישער וואַך, ווי די קריגס־געפאַנגענע.

אומעטום האָבן זיי זיך געדרייט, די דייטשע שוצלייט, פעלד־זשאַנדאַרמען, לאַנדשטורמער און אַרעסטירט אַרבעטער אין גאַס. פאַר דער מינדסטער קלייניקייט, פאַר שטיין אין גאַס אין אַ רעדל, פאַר זאַמלען זיך ביי די קיכן, פאַר שטיין אין די רייען נאָך קאַרטן־ברויט, האָט מען די אָרעמע מענטשן געכאַפּט, אַוועקגעפירט אין דער קאָמענדאַנטור, צונויפגעשטעלט פּראָטאָקאָלן קעגן זיי, אַז זיי האָבן געמאַכט פיינטלעכע מאַניפעסטאַציעס, און זיי אָפּגעשיקט מיט די לאַסט־וואַגאָנען, אונטער מיליטערישער וואַך, קיין דייטשלאַנד. די מיליציאָנערן מיט די שטעקעלעך האָבן אַרעסטירט שמוציקע, אומריינע מענטשן. וואו נאָר זיי האָבן געזען אָפּגעריסענע, באָרוועסע, האָבן זיי זיי אַרומגערינגלט און אָפּגעפירט אין די אַנטלויז־זונגס־בעדער. דאָרט האָט מען די אַלטע אַרויסגעלאָזט צוריק, אָבער די יונגע האָט מען אין דער קאָמענדאַנטור אַוועקגעשיקט און אויף צוואַנגס־אַרבעט גענומען.

אָבער וואָס מער דעם קאָמענדאַנטס סאָלדאַטן האָבן די מענטשן אַרעס־טירט, אַלץ מער האָבן זיי די פּראָקלאַמאַציעס קעגן קאָמענדאַנט אויף די גאַסן אָנגעקלעפּט, וועגן זיינע אומגעזעצלעכע מעשים דערציילט, זיינע אכזריותן באַשריבן. אַפילו פּראָטעסטן ביי די פאַמיליעס פון די אַרעס־טירטע האָבן זיי געזאַמלט, פּראָטעסטן קעגן דעם באַראָן, וואָס מאָביליזירט ציווילע מענטשן צו צוואַנגסאַרבעט, כאָטש דאָס איז קעגן די אינטערנאַציאָנאַלע געזעצן.

ניין, ער האָט נישט גערוט, טוביה. אַן עלנטער, אַן אַרבעטסלאָזער, אַ הונגעריקער, קוים די נשמה צו דערהאַלטן אין די שווערע ביטערע טעג, אַ פּאַרקאָנספּירירטער, נעכטיקנדיק אין באַהאַלטענע וואוינונגען אַלע נאַכט ערגעץ אַנדערש, האָט ער געפירט מלחמה קעגן דעם הערשנדיקן באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו אין זיין פּאַלאַץ. ער האָט אָנגערייצט קעגן אים די מענטשן, אויסגעלאַכט אים אין די פּראָקלאַמאַציעס, און אַפילו געהיימע מסירות אויף אים צו די דייטשע סאָציאַליסטישע דעפּוטאַטן קיין בערלין אַוועקגעשיקט וועגן זיינע רדיפות אויף די ציווילע אַרבעטער. אויך די ליסטעס מיט פּראָטעסטן פון די פאַמיליעס פון די אַרעסטירטע האָט ער באַוויזן איבערצושיקן. מען האָט אַפילו פון בערלין אָנפראַגעס וועגן דעם געשיקט צום קאָמענדאַנט.

מיט דעם צעקנייטשטן וועליסאָפּעדן־היטל פאַררוקט איבערן שטערן, מיט דעם אַלטן אויסגעטריקנטן אָדערדיקן האַלדז, אויף וועלכן דאָס פּאַ־פּירענע קראַגנדל ליגט לויז און פאַרדרייט, מיט אויסגעריבענע שיך, מיט אָפּגעטראָגענע קליידער, מיט פולע קעשענעס, וואָס שטייען אָפּ פון די אָנ־געפּאַקטע ציייטונגען, ביכלעך, בראָשורן, פּאַפּירן, מיט אויגן פאַרצוקטע, צאָרנדיקע, וואָס קוקן דורך פאַרלאָפענע דראָטענע ברילן, איז ער אומעטום געווען פול, אַלץ אויפן קאָפּ געהאַלטן, צו אַלעם זיך געמישט, פון אַלעם געליטן אין דער פינצטערער צייט.

אים האָט געוויטיקט דאָס האַרץ אויף די אַרבעטער, וואָס מען האָט פון זיי גאַסן־הענדלער געמאַכט, שנאָרערס, שמוגלערס. ער האָט זיי גע־טראָפן אין די גאַסן, אַרומקריכנדיק מיט עמערס זויערע אוגערקעס, מיט מעסטלעך צוקערלעך, מיט אַלערליי אַלטוואַרג. זיי האָבן זיך געשעמט אין די אויגן צו קוקן.

— הענדלער געוואָרן, חבר טוביה, — האָבן זיי געמורמלט מיט אַראָפּ־געלאָזטע קעפּ. — ס׳פּנים פּלאַמט פון בושה.

אַנדערע זענען איבער די הויפן מיט זעקלעך אַרומגעגאַנגען, די הענ־דלער זיך אויסגעריסן וועגן דעם אַלטוואַרג, וואָס זיי קויפן, נאָר קיינער האָט נישט פאַרקויפט. שוואַכערע האָבן זיך אָפּגעלאָזט, די הענט נאָך נדבות אויסגעשטרעקט צו די פאַרמעגלעכע. שפּולערקעס, נייטאָרינס, שניי־דערקעס, האָבן זיך מיט דייטשע סאָלדאַטן אַרומגעפירט, פאַרקויפט זיך פאַרן שטיקל ברויט אין דער ביטערער צייט. אַנדערע, וואָס האָבן אַמאָל אין דער פּאַרטיי געאַרבעט, האָבן געשמוגלט, פאַרדעכטיקע קאָוויאַרניעלעך געעפנט, מיט סאָלדאַטן עסקים געהאַט און פאַרגעסן אין דער פריערדיקער אַרבעט. אַ סך זענען געפאַלן, אומגעקומען פון הונגער און נויט, פון אויס־צערונג און עפּידעמיעס. טוביה האָט געליטן איבער דעם, וואָס מען האָט געמאַכט פון די אַרבעטער, געוויטיקט איבער דער פיזישער און מאָראַלי־שער צעפאַלונג. אַלץ, אויף וואָס מען האָט אַזויפיל יאָרן געאַרבעט, גע־קעמפט, אָרגאַניזירט, באַוואוסטזיניק געמאַכט איז איצט צעקראָכן, צע־פאַלן, צעבלאָזן געוואָרן ווי שטויב, ווי פּליעווע פון ווינט.

ער האָט דעם גלויבן זיינעם נישט פאַרלוירן. ער איז געווען פעסט אין זיינע איבערצייגונגען אין דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג, וואָס וועט מוזן קומען. פון בלוט, רציחה, פיין וועט זי אויסשפּראָצן, ווי קערנער פון מיסט אַרויס. אָבער דערוויל איז געווען חושך, יאוש, די גאַנצע וועלט האָט זיך אין בלוט געוויקעט, די פּויערים און אַרבעטער זענען פון פּאַטריאָ־טיזם פאַרכאַפּט געווען, די בורזשואַזיע האָט אויפגעהעצט פאָלק קעגן פאָלק, נאַציע קעגן נאַציע כדי דעם צאָרן פון אַרבעטער־קלאַס פון זיך אָפּצו־ווענדן. דער טשאַד האָט אַזוי פאַרנעפּלט, אַז באַוואוסטזיניקע אַרבעטער, אָרגאַניזירטע, זענען אין די מערב־לענדער אין קריג מיט שמחה געלאָפן. און אַפילו די פירער, די סאָציאַליסטישע פירער, זיי האָבן אין פיל לענ־דער געשטיצט די קריגס־בודזשעטן, מיטגעטאַנצט מיט דער בורזשואַזיע, אין אָפיצירן־קליידער אַריינגעקראָכן, אויף מיניסטאָרן־בענקלעך זיך אַוועקגע־זעצט. טייל האָבן זיך אַפילו מבזה געווען, פאַר די קעניגלעכע און קייזערלעכע טראָנען זיך געבויגט, קיין רוסלאַנד צום בלוטיקן צאַר געפאָרן און זיך מיט אים געקושט. די מלחמה־באַקעמפער האָט מען אין די טורמעס אַריינגעזעצט.

דאָס אַלץ איז געווען צו שווער פאַר די אויסגעהאָרעוועטע, אויסגעבויגענע פּלייצעס פון דעם אַרבעטסלאָזן אַלטן האַנט־וועבער. וואָלט ער כאָטש געהאַט

ניסנען לעבן זיך, אַנדערע געלערנטע מענטשן, וואָס זאָלן אים דערקלערן, קלאָר מאַכן, אַ ביסל ליכט אַריינטראָגן אין זיין פאַרצווייפלטן קאָפּ. אָבער קיינער איז נישט געווען. אויף אים אַליין, אויף אַן אַלטן, אויסגעהאָרעוועטן אַרבעטסלאָזן אַרבעטער, איז געבליבן די שטאָט. ער האָט געלייענט, גע־שלונגען די צייטונגען פאַרטיפט זיך אין די מאַרקסיסטישע בראָשורן, אָבער קיין גרויסע זאַכן דערגייין האָט ער נישט געקאָנט. צו אָרעם איז ער געווען אין בילדונג, נישט צוגעגרייט, ער זאָל זען אַ ליכטיקן וועג אין דער גרויסער, שווערער פינצטערניש. ער, דער אַלטער און צעבראָכענער, אָן אַ היים, אָן אַ שטוב אַריינצוקומען, אַ פאַראַכטעטער פון די אייגענע ווייב און קינדער, האָט דאָס געדאַרפט אויף זיינע אַקסלען האַלטן די שטאָט, מונטערן די שוואַכע, אויפקלערן די פאַרצווייפלטע, באַקעמפן די סקעפּטיקער, פירן מלחמה מיט די הערשער און אונטערדריקער, מיט דעם באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו און זיינע לייט. ליגנדיק אין די נעכט אויף זיין אָרעם געלעגער, האָט ער אָפט פינצטערע געדאַנקען געטראַכט, געדאַנקען, וואָס זענען געווען אַזוי שוואַרץ, ווי די נאַכט אַרום אים. די גרילן פון די ווינקעלעך האָבן אים אין זיינע אויערן טרויעריקע קינות געקלאָגט.

אָבער אין דער גאַנצער צעפאַלונג, אין זומפּ האָבן ליכטיקע פייערלעך, ווי גלי־פליגן פון שוואַרצקייט אַרויס, אויפגעלויכטן, ווי פאָספאָר־פייערלעך פון פוילונג. יונגע אַרבעטער, אַרבעטערינס האָבן זיך אַרום אים, טוביהן, געהאַלטן, נישט אָפּגעטראָטן פון אים, געגאַרט נאָך זיין וואָרט און פירונג. זיי זענען געבליבן געטריי דער פאַרטיי, זיך אַליין. זיי האָבן געהונגערט, אָבער נישט דעקלאַסירט זיך, נישט צוגעלייגט קיין האַנט צו קרעמעריי, צו שמוגל.

— ווי לאַנג קרענקט ער, דער קאָמענדאַנט, חבר טוביה, — האָבן זיי געזאָגט. — מיר וועלן בלייבן אַרבעטער ווי געווען, נישט פאַרקויפן זיך.

זיי האָבן טוביהן געהאָלפן אין דער אַרבעט, פּראָקלאַמאַציעס פאַר־שפּרייט, אַלע זיינע באַפעלן אויסגעהערט, אויף פאַרזאַמלונגען זיך צונויפ־געקומען, נייע מענטשן אַריינגעצויגן. זיי האָבן אים אויך געהאָלפן אַן אַרבעטער־קיך אָרגאַניזירן, וואָס אין אָוונט איז זי אַ קלוב געוואָרן. אין אַ רויטער ציגל־מויער, וואָס איינער אַ לאָדזשער נגיד האָט געלאָזט אויפ־בויען פאַר דער מלחמה און זי צוליב דעם קריג נישט פאַרענדיקט, איז אין די גרויסע זאַלן, וואָס זענען אָן פענצטער און טירן געשטאַנען און די ווענט פון אינעווייניק זענען אַפילו נישט געטינקט געווען, נאָר מיט די ציגל אַרויסגעקוקט, האָבן די מענטשן אויף דעם באַלוט, ווי נאָר די רוסן זענען אַוועק, אַן אַרבעטער־קיך געמאַכט. די ציגל־ווענט מיט קאַלך אָפּגעשמירט, מיט די פּאָרטרעטן פון קאַרל מאַרקס, ענגעלס און לאַסאַל אויסגעצירט, מיט אַרבעטער־לאָזונגען אויסגעהאַנגען. די מיידלעך האָבן דעם שוואַרצן באַלקן מיט פאַרביקע פּאַפּירענע לאַמטערנדלעך און פאַרפּו־צונגען אויסגעהאַנגען. עטלעכע סטאָליאַרעס אייגענע האָבן בענק צוזאַ־

מענגעקלאַפּט, אַ קליינע הילצערנע עסטראַדע אויבנאָן אָוועקגעשטעלט, איבער איר די רויטע פאָן אויסגעהאַנגען. און הונדערטער מענטשן, אַרבעטס־לאָזע וועבער, שפּולערקעס, שניידערינס, אַפילו אַרבעטער, וואָס האָבן קלע־פּיקע צוקערלעך פאַרקויפט איצט אין די גאַסן, האָבן זיך געזאַמלט אין דער קיך, בייטאָג נאָך אַביסל שיטערער זופּ און אַ פּענעצל קלעפּיק ברויט און אין די אָוונטן נאָך אַנדערע שפּייז, נאָך פאַרלעזונגען, לעקציעס, דיס־קוסיעס.

די בחורים מיט די מיידלעך האָבן אויך יום־טובים געמאַכט אין די ביי־טערע טעג, היימישע פאַרשטעלונגען געגעבן, אַ כאָר צונויפגעשטעלט, אַפילו אַן אָרקעסטער אַן אייגענעם. אין אָט דער קיך אין רויטן נישט־פאַרענדיקטן ציגל־הויז אויף באַלוט האָט טוביה זיין מלחמה געפירט קעגן קאָמענדאַנט אין זיין רייכן פּאַלאַץ. דאָ האָט ער געהיימע פּאַרטיי־באַראַטונגען מיט זיינע קאָמיטעט־מענטשן אָפּגעהאַלטן, פּראָקלאַמאַציעס געשריבן, באַשלוסן אָנגע־נומען. דער קאָמענדאַנט האָט געהאַט אַן אויג אויף אָט דער קיך אין רויטן ציגל־הויז. ער האָט טאַקע דאָרט אָפּט זיינע אַגענטן געשיקט. אָבער אויך טוביהס מענטשן האָבן געהאַלטן אויג, און ווי נאָר אַ פאַרדעכטיקטער פאַר־שוין האָט זיך באַוויזן, זענען שוין די מענטשן געזעסן ביי די טישן און געגעסן די אָרעמע זופּן, צוגלייך מיט אַלע אַנדערע אָרעמע עסערס. כאָטש די סאָלדאַטן זענען אָפּט באַפאַלן די קיך, אַרעסטירט מענטשן, צעטריבן, זענען זיך מאַסן מענטשן אין די אָוונטן דאָרט צוזאַמענגעקומען, די נישט־פאַרענדיקטע שטובן אָן טירן זענען געווען געפּאַקט, קאָפּ אויף קאָפּ איז מען געשטאַנען, אויסצוהערן די רעדעס, לעקציעס.

מיטן לאַנגן אָדערדיקן האַלדז, אויף וועלכן דאָס פּאַפּירענע קעלנערל פאַלט לויז אַראָפּ, מיט אויגן, וואָס ברענען דורך גרינלעכע שייבלעך פון די דראָטענע ברילן, איז טוביה געשטאַנען אויף דער קליינער הילצערנער עסטראַדע און רייד, ווי פיילן, געוואָרפן קעגן אַלע הערשער, אונטער־דריקער און שונאים פון די אַרבעטנדיקע. די שאַרפסטע ווערטער, כאָטש באַהאַלטן, אין רמזים און אָנצוהערענישן, האָט ער געוואָרפן צו דער זייט, וואָס פירט צום פּאַלאַץ פון באַראָן פאָן היידעל האָדעללאָו, דעם קאָמענדאַנט פון דער באַזעצטער שטאָט.

— אייער צייט וועט קומען! — האָט ער גערופן און געדראָט מיטן שפּיציקן פינגער פון זיין איינגעשרומפּענער אָדערדיקער אויסגעהאָרעוועטער האַנט, וואָס איז לויז אַרויסגעקראָכן פון ברייטן צעקנייטשטן, אויסגעריי־בענעם אַרבל. — ווייל אַזוי איז דאָס אייזערנע געזעץ פון אונדזערע גרויסע לערער.

ער האָט מיט גלויבן אַרויפגעקוקט צו די דריי קעפּ, וואָס זענען געהאַנגען איבער אים, באַצירט מיט רויטע בענדער און פאַרפּוצט מיט גרינע נאָדל־צווייגן.

## קאַפּיטל זעקס

אין אַשכנזיס מאַנופאַקטור־פאַבריקן, אין פּעטערבורג, האָט זיך די אַר־בעט אָפּגעשטעלט. צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע אַרבעטער פון דער רעזי־דענץ־שטאָט, האָבן אויך די טויזנטער אַרבעטער און אַרבעטערינס פון אַשכנזיס פאַבריקן פאַרשטרייקט. מיליטער איז געשטאַנען ביי די טויערן, ביי אַלע אַריינגאַנגען און געהאַלטן וואַך.

אַשכנזי איז געווען אויסער זיך פאַר אויפרעגונג און אומגעדולד.

אין דער הויפּט־קוואַרטיר האָט מען זיך געגרייט שטאַרק צו אַ נייעם פרילינגס־אָנגריף, כדי די דייטשן און עסטרייכער צו געבן אַן ענדגילטיקן קלאַפּ און צו פאַרטרייבן זיי פון דער דעראָבערטער רוסישער ערד. מען האָט מאָביליזירט די רעזערוון פון די העכסטע יאָרן, מיליאָנען נייע סאָל־דאַטן אונטער דעם געווער געשטעלט. אויך האָבן די געווער־פאַבריקן שטאַרק געאַרבעט און מאַסן אַמוניציע פאָרגעברייט. פּונקט אַזוי האָבן געאַרבעט די שיך־װערקשטאַטן, די מאַנופאַקטור־פאַבריקן. מען האָט געגרייט קליידער, וואַטע, באַנדאַזשן, וואָל און ביינוול. די גענעראַלן פון דער הויפּט־קוואַר־טיר האָבן געוואָלט נעמען דעם פיינט מיט שטורעם, מיליאָנען באַוואָפנטע מענער, גוט־באַשוכטע, ניי־באַקליידטע, אַרויסשיקן מיטאַמאָל אויף די מזרח־פראָנטן. צו דער אייגענער צייט האָבן אויך די פאַרבינדעטע אויף מערב געדאַרפט אָנגרייפן אויף זייער זייט, כדי מיט איין קלאַפּ אָפּצוהאַקן דעם פיינט.

מיט דער גרעסטער ענערגיע האָט געטריבן די אַרבעט אין זיינע פאַבריקן מאַקס אַשכנזי. ער האָט געאַרבעט לייוונט, ביינוול, אַפילו מאַשינען אויף וואַטע האָט ער אַוועקגעשטעלט. פון אונטער דער ערד האָט ער מאַשינען אַרויסגעקריגן, געהאַלטן אין איין צוביען, צומויערן, פאַרגרעסערן, פאַר־ברייטערן. די הויכע מיליטער־לייט פון הינטער־לאַנד, וואָס האָבן זיך אין געוויינלעכע זעלנערישע גרויע שינעלן געציערט, ווי זיי וואָלטן געווען אויפן שלאַכט־פעלד, די ציווילע מענער אין די האַלב־מיליטערישע אוני־פאָרמען, אין די גאַליפע־הויזן און פרענטשן, זענען גוטע קונים געווען, וואָס אַזעלכע האָט גאָר אַשכנזי קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געהאַט. זיי האָבן געשאָטן מיט געלט, ריזיקע באַשטעלונגען געמאַכט, פריער אויס באַצאָלט, איידער די סחורה איז געליפערט געוואָרן. מען האָט געאַרבעט פאַר מזומן, פאַרגעסן גאָר, אַז עס זענען פאַראַן וועקסלען אויף דער וועלט. די אַרבעט האָט געברענט אונטער די הענט. אַשכנזי איז געוואָרן רייכער מיט יעדן טאָג. יעדער קלאַפּ פון די מאַשינען האָט פאַר אים געלט אויס־געשלאָגן, מטבעות געמינצט.

ער האָט דאָס געלט אין די באַנקען נישט געהאַלטן. ער האָט איינגע־

קויפט גיטער, הייזער, פאַבריקן, מויערן. וואָרעם ער האָט געזען, אַשכנזי, אַז ווערט־פּאַפּירן זענען נישט מער אייביק, אַז זיי קאָנען אַנטווערט ווערן. אַנדערש איז עס מיט הייזער, גיטער, פאַבריקן. זיי האָבן שטענדיק אַ ווערט. אַרום אים האָבן זיך געדרייט איצט אַלערליי מעקלערס, אַגענטן, וואָס האָבן אים נייע הייזער פאַרגעלייגט, נייע געשעפטן, עסקים. ווי אין לאָדזש פריער, איז ער כסדר איצט אַרומגעפאָרן מיט דער קאַרעטע אין אַ פּאָר שוואַרצע פערד, וואָס איז געפירט געוואָרן פון אַ שוואַרץ־בערדיקן, פעטן רוסישן קו־טשער. מיט אַ ברייטן סויבלנעם פּעלץ און היטל, מיט אַ פּאָרטפעל, אָנגע־שטאָפּט מיט פּאַפּירן, איז ער גאַנצע טעג אַרומגעפאָרן איבער דער גרויסער שטאָט, געאיילט איבער ברייטע מאַרמאָרנע טרעפּ פון באַנקען, געיאָגט איבער אייזערנע טרעפּ פון מיניסטעריומס, אַמטן, אינטענדאַנטסטוועס, פּונקט ווי ער האָט זיך אויך אָפּגעריסן, כדי צו כאַפּן אַ בליק אויף די הייזער, וואָס ער קויפט, אויף די פאַבריקן, אין וועלכע ער טרעט אַריין אין שותפות.

די פאַבריק זיינע האָט גאַרנישט אויפגעהערט קלאַפּן. טויזנטער מענער מער נאָך ווייבער, האָבן געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט, געגרייט סחורה פאַר דעם מיליטער. פּלוצלונג האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. די אַרבעטער האָבן געוואָרפן די אַרבעט.

אָנגעהויבן האָט זיך עס צוליב ברויט. די רעזידענץ פון דער אימפּע־ריע האָט נישט צוגעפירט גענוג ברויט פאַר אירע איינוואוינער. די באַנען זענען געווען פאַרנומען מיט פירן אַמוניציע, מיליטער, פּראָוויאַנטע. די ברייט־בערדיקע קרעמער מיט די ווייסע פאַרטעכער אויף די פּעלצלעך האָבן באַהאַלטן די ווייניקע שפּייזן אין די קראָמען און פאַרקויפט זיי נאָר צו די, וואָס קאָנען צאָלן אַ גוטן פּרייז. פאַר די אָרעמע אַרבעטער־ווייבער מיט די טיכלעך אויף די קעפּ האָבן זיי גאָרנישט געהאַט צו פאַרקויפן.

— נישטאָ, מומענקע, — האָבן זיי געזאָגט מיט פונאַנדערגענומענע הענט. — ביי גאָט, עס איז גאָרנישט נישטאָ.

זיי האָבן געוויזן אויף הייליקע מוטערס, וואָס זענען געהאַנגען אויבנ־אָן, באַלויכטן מיט רויטע אָדער גרינע נר־תמיד־לעמפּלעך.

די ווייבער, אויסגעהאָרעוועטע, פאַרצוקטע, זענען געגאַנגען אַהיים מיט ליידיקע אָדערדיקע הענט און נישט געהאַט וואָס צו גרייטן די טישן פאַר קינדער און מאַנען. זיי האָבן זיך געזאַמלט פאַר די שטאָט־קראָמען, גע־קלאַפּט מיט די פיס אין די געפרוירענע שטיינער, געוואַרט, געשריגן. אָבער די קראָמען זענען געווען געשלאָסן. זיי האָבן קיין ברויט נישט גע־האַט. עלטערע אַרבעטער אין וואַלינקעס, אין פּעלצלעך, אין פוטערנע היט־לען זענען אַרויס צו די ווייבער, געברומט, געשאָלטן, געשפּיגן:

— עך, אַ לעבן אַ ביטערס, אַרבעטסט אַ גאַנצן טאָג און אַז דו קומסט אַהיים, האָסטו נישט וואָס אין מויל צו נעמען, פאַרשאָלטענע!

— מען דאַרף די קראָמען אויפרייסן, — האָבן שטימען זיך געהערט, — זיי באַהאַלטן אויס.

— מען דאַרף די אַרבעט אָפּשטעלן. אָן עסן קאָן מען נישט אַרבעטן.

— ברויט זאָלן זיי געבן!

— ברויט!

די פּריסטאַוועס פון די פּאָליציי־צירקלען האָבן פּאָליציאַנטן אַרויסגע־שיקט צו די קראָמען, כדי פונאַנדערצוטרייבן די צאָרנדיקע מענטשן אין די רייען.

— פונאַנדערגיין זיך אַהיים! — האָבן די פּאָליציאַנטן געשריגן. — ווען עס וועט זיין ברויט, וועט מען צוּוויסן געבן. נישט זאַמלען זיך אויף די גאַסן!

אָבער די מענטשן פאַר די קראָמען האָבן נישט געוואָלט אַוועקגיין.

— ברויט זאָל מען אונדז געבן, חזירישע פּיסקעס, — האָבן די ווייבער געשריגן, — מיר קאָנען אָן ברויט נישט קומען צו אונדזערע קינדער!

— וואָס טרייבט איר, קהלשע פּרעסערס? — האָבן די מענער זיך קעגנגעשטעלט. — איר קריגט ברויט, מיר פאַרלאַנגען אויך! מירן נישט אַוועקגיין!

די פּאָליציי האָט גענומען שלאָגן, קלאַפּן מיט די שיידן פון די שווערדן, אָבער דאָס פּאָלק איז זיך נישט פונאַנדערגעגאַנגען. ייִנגלעך האָבן געכאַפּט שטיינדלעך, שטיקלעך אייז, שניי און געוואָרפן די פּאָליציאַנטן. אַנדערע האָבן שטיינער געוואָרפן אין די שויבן פון די שטאָטישע געשלאָסענע קראָ־מען. די פּאָליציי האָט אויסגעשאָסן, צום ערשט אין דער לופט און דערנאָך אין די מענטשן. אַ פרוי אין אַ מענעריש פּעלצל מיט שטיוול האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד און באַגאָסן דעם שניי מיט אַ רויט שנירל בלוט. די פּאָליציאַנטן האָבן געמיינט, אַז איצט וועט דער עולם זיך פונאַנדער־לויפן. אָבער ער איז נישט געלאָפן. פאַרקערט, דאָס בלוט אויף דעם ווייסן שניי האָט אָנגעצונדן די געמיטער, אויפגעקאָכט.

— שלאָגן די מערדער, די קעפּ זיי אָפּדרייען! — האָבן די מענטשן געשריגן און געלאָזט זיך אויף די פּאָליציאַנטן. — ברויט ווילן מיר!

דער אינערן־מיניסטער פּראָטאָפּאָפּאָוו האָט אנשטאָט אַרויסשיקן פאַר דער באַפעלקערונג ברויט, אַרויסגעשיקט קעגן איר מיליטער, דאָס וואָ־לינער פּאָלק, וואָס האָט נאָך אינעם פינפטן יאָר אַרויסגעוויזן טריישאַפט צום זעלבסטהערשער און געשלאָגן אין פּוילן די רעוואָלוציאָנערן. ביי די פאַבריקן, ביי די אַמטן, ביי אַלע בריקן האָט מען מיליטער אַוועקגע־שטעלט און באַפוילן שיסן אויף די בונטאָווטשיקעס. אַליין אַ שוואַכלינג, אַ פּחדן, אַ חונף און אַ שטיקל צעדרייטער, נישט גאָר ביי די קלאָרע גע־דאַנקען, האָט מיניסטער פּראָטאָפּאָפּאָוו, ווי אַלע פּחדנים, געהאַלטן, אַז די איינציקע רפואה קעגן אַלע אומצופרידענע איז דער פּחד, אָפּשרעקן מיט געווער. ווייניקער פון אַלע אַנדערע איינוואוינער פון דער רעזידענץ האָט ער געוואוסט, וואָס טוט זיך אין שטאָט. ער איז גאָרנישט געקומען אין מיניסטעריום אין אייגענעם, ווייניק געזעסן אויף די מיניסטאָרן־באַראַטונ־

גען. אָפּגעזעסן איז ער אין צאַרסקאָיע סעלאָ ביי דער קייזערין, כדי צו דינען איר אין דער צייט, ווען דער קייזער אַליין איז געווען אין דער הויפּט־קוואַרטיר אין מאָהילעוו, צו זיין אַ געטרייער דינער איר, ווען אַלע האָבן זי געהאַסט. נאָך פריער האָט ער געהיט איר כבוד, דער מיניסטער פּראָטאָפּאָפּאָוו. זייער נישט קיין לייטישע וויצן האָבן די פּעטערבורגער לייט געמאַכט וועגן איר, דער גאָטס־געזאַלבטער. יעדעס מאָל, ווען מען האָט געוויזן אויף די בילדער, ווי דער קייזער גיט די פאַרוואונדעטע זעלנער דעם קרייץ פון הייליקן געאָרגי, האָבן די מענטשן געחוזקט: — דער צאַר איז מיט געאָרגין און זיין צאַרין מיט גריגאָרין...

דאָס האָט מען געמיינט גריגאָרי ראַספּוטין, וואָס מען האָט אים גע־האַלטן פאַר דער קייזערינס געליבטן...

פּראָטאָפּאָפּאָוו האָט געהייסן דער פּאָליציי אַכטונג געבן און נישט דערלאָזן צו אַזאַ לעסטערונג.

צוליב איר, דער קייזערין, איז ער אינערן־מיניסטער געוואָרן. פריער האָט ער געהנפהט ראַספּוטינען, נאָכגעקראָכן די הויף־זנאַכאַרעס. זיי האָבן פאַר אים גוטס גערעדט פאַר דער קייזערין און זי האָט אים פאַרגע־שטעלט פאַרן צאַר צו מאַכן אים פאַר דעם רעטער פון רוסלאַנד און דער מאָנאַרכיע קעגן אַלע רעוואָלוציאָנערן און קאָנסטיטוציאָנאַליסטן. פאַר דאַנק־באַרקייט איז ער אָפּגעזעסן גאַנצע טעג ביי דער קייזערין, גערעדט מיט איר וועגן הייליקע, זנאַכאַרעס און ניסים, געפירט זי צו דעם קבר פון דעם דערמאָרדעטן פאָטערל ראַספּוטין. וועגן דעם לאַנד, וועגן דער באַפעלקע־רונג אין שטאָט האָט ער גאָרנישט נישט געוואוסט, נישט געוואָלט וויסן. ווען די ווייבער זענען אין די גאַסן אַרויס און געפאָדערט ברויט, ווען די מענער האָבן די אַרבעט אין די פאַבריקן געוואָרפן און זיך געזאַמלט אין די גאַסן, האָט ער מיליטער אַרויסגערופן און געהייסן שיסן.

אָבער די אַרבעטער האָבן זיך פאַר די זעלנערישע וואַכן און פּאַטרול: נישט אָפּגעשטעלט און אָנגעפילט אַלע גאַסן און פּלעצער, איבערהויפּט דעם ניעווסקי פּראָספּעקט. פּראָטאָפּאָפּאָוו האָט געלאָזט באַוואַכן די בריקן, כדי נישט אַריינצולאָזן די אַרבעטער פון דער וויבאָרגסקער זייט אין שטאָט אַריין. אָבער די אַרבעטער זענען איבער דער געפרוירענער ניעווע אַרי־בערגעגאַנגען. זיי האָבן זיך געזאַמלט אין די טויזנטער, גערעדט, גע־פאָדערט ברויט און פרייהייט. אַלעמאָל האָט זיך פון אַן אַנדער רעדל אַ רויטע פאָן אויפגעהויבן, אַ רעדנער האָט זיך אויף די אַקסלען פון די מענטשן אַרויפגעדראַפּעט און אַ רעדע געהאַלטן. אַרום דעם דענקמאָל פון אַלעק־סאַנדער דעם דריטן האָבן די מענטשן אַ רויטע פאָן אַרויפגעצויגן און מיט הילכיקע קולות געשריגן:

— זאָל לעבן די רעפּובליק! נידער מיט דער מאָנאַרכיע!

די אָפיצירן אויף די פערד, מיט די אַנטבלויזטע שווערדן אין די הענט, האָבן זייערע סאָלדאַטן קעגן דעם המון אַוועקגעשטעלט:

— פונאַנדערגייען זיך. מיר וועלן הייסן שיסן !— האָבן זיי געשריגן. דער עולם איז נישט געגאַנגען.

— דאָס געווער גרייט! — האָבן זיי באַפוילן די סאָלדאַטן.

די סאָלדאַטן האָבן אָנגעשטעלט די ביקסן.

אָבער די מענטשן זענען נישט אַוועק פון די ערטער.

— נו, שיסט אויף מאַמעס, וואָס ווילן ברויט פאַר זייערע קינדער! — האָבן די ווייבער אַרויסגעשטעלט די ברוסטן קעגן די באַיאָנעטן.

— נו, פאַרגיסט בלוט פון אייערע מאַמעס און שוועסטער, וואָס מען האָט זיי די מאַנען און זין צוגענומען צו דער מלחמה און מען גיט זיי אַפילו נישט קיין ברויט פאַר זייערע קינדער.

די אָפיצירן האָבן מורא געהאַט צו לאָזן זייערע סאָלדאַטן אויסהערן די רייד פון די ווייבער און זיי האָבן באַפוילן שיסן.

— פייערן! — האָבן זיי געשריגן מיט הויכע שטימען.

— אָבער די סאָלדאַטן האָבן נישט געשאָסן, דאָס געווער צו די פיס אַוועקגעשטעלט.

— הוראַ! — האָט דאָס פאָלק באַגריסט די סאָלדאַטן און געהויבן פאַר זיי די היטלען אין דער הויך.

— זאָלן לעבן די חברים סאָלדאַטן! — האָבן די ווייבער געשריגן און אַרויפגעפאַלן קושן די מענער אין די גרויע שינעלן.

פון אַלע טויערן, הייזער, פאַבריקן, ווערקשטאַטן, פון אַלע לעכער און ווינקלען האָבן אָנגעהויבן אַרויסשטראָמען מענטשן, אַלטע און קינדער, מענער און ווייבער, געשטראָמט ווי כוואַליעס פון אַן אויסגיסנדיקן טייך. ווי אָפּגערעדט זיך, זענען אַלע געגאַנגען צום טאַורישן פּאַלאַץ, צו דער דומע. די דעפּוטאַטן זענען זיך אָנגעקומען פון אַלע זייטן, מיט קאַרעטן און צופוס, מיט אויטאָמאָבילן און פיאַקערס. צוזאַמען מיט די דעפּוטאַטן האָבן זיך מאַסן מענטשן אַריינגעריסן אין פּאַלאַץ, אין די געעפנטע טירן און טויערן.

סטודענטן, אַרבעטער, פרויען, זענען אַוועק צו די קאַזאַרמעס, צום לי־טאָווסקן פאָלק אין שטאָט.

— חברים־סאָלדאַטן! — האָבן זיי גערופן צו די גרויסע קאַזאַרמע־פענצטער און געפאָכעט מיט די היטלען אין די הענט. — קומט אַרויס צו אונדז!

אין עטלעכע קאַזאַרמעס האָבן די אָפיצירן פאַרשלאָסן די טויערן, די סאָלדאַטן אין די קאַזאַרמעס פאַרמאַכט און ביי די טירן וואַכן אַוועקגע־שטעלט, זיי זאָלן קיינעם נישט אַרויסלאָזן. אָבער אין אַנדערע קאַזאַרמעס האָבן די אָפיצירן זיך נישט געמישט, צוגעקוקט זיך שווייגנדיק צו דעם, וואָס עס טוט זיך. די סאָלדאַטן זענען אַרויס צו די אַרבעטער, באַגריסט זיך. צוזאַמען זענען זיי איצט אַוועק צו די פאַרשלאָסענע קאַזאַרמעס און די פאַרמאַכטע טויערן אויפגעריסן. אויפן רוף פון די סאָלדאַטן אין דרויסן,

האָבן זיך די איינגעשלאָסענע זעלנער פון זייערע ערטער אויפגעהויבן, די וואַכן פון די טירן אָוועקגערוקט און אַרויס פאַר די טויערן. די גאַסן זענען פול געווען מיט אַרבעטער, ווייבער, מיליטער.

— שלאָגן די פאַראַאָנען! — האָבן די מענטשן געשריגן יאָגנדיק די פּאָליציאַנטן אין די ראָגן.

די פּאָליציי־לייט זענען געלאָפן, פאַרשוואונדן, אויסגערונען געוואָרן פלוצלונג פון דער שטאָט. דער אינערן־מינסטער פּראָטאָפּאָפּאָוו איז גע־זעסן אַ פאַרלוירענער און דערשראָקענער אין צאַרסקאָיע סיעלאָ ביי דער צאַרין. וואָלט דער הייליקער פאָטערל ראַספּוטין געלעבט, וואָלטן זיי אים געפרעגט, וואָס צו טאָן און אַלע זיינע עצות געפאָלגט. אָבער ראַס־פּוטין איז נישט געווען. די שונאים פון פאָטערלאַנד האָבן אים אומגע־בראַכט. קיינער איז נישט געווען, אויסער דער שרעק. פון מורא האָבן זיי די אויגן פאַרמאַכט, נישט געוואָלט זען, וואָס עס טוט זיך, די אויערן פאַר־שטאָפּט, נישט געוואָלט הערן די שלעכטע בשורות. זיי האָבן גרויסע דע־פּעשן אין דער הויפּט־קוואַרטיר צום צאַר קיין מאָהילעוו געשיקט.

אויף די טעלעגראַף־דראָטן, וואָס האָבן זיך געבויגן אונטער דער משא פון שניי און פראָסט, האָבן צווייערליי דעפּעשן זיך איבערגעיאָגט, אַרויס־געשיקטע פון דער רעזידענץ קיין מאָהילעוו. פון דער דומע האָבן גרויסע טעלעגראַמעס אומרואיקע ידיעות דערציילט און געבעטן ביים זעלבסטהער־שער אַ ניי מיניסטעריום צו באַשטימען, אַ פאַראַנטוואָרטלעכע צו דער דומע. פון צאַרסקאָיע סיעלאָ זענען ווייבערישע דעפּעשן געגאַנגען, פול מיט געטלעכע פּסוקים, ליבע־ווערטער און געזאַלבטער גרויסקייט.

„זיי האַרט, נישט נאָכגיביק, ניקי, ווייל דו ביסט דער געזאַלבטער פון גאָט,” האָט די צאַרין גערופן דורך די טעלעגראַף־דראָטן צו איר מאַן, „איך בין מיט דיר, דיין ענגל, דיין ליבנדיק ווייבל, וואָס בעט גאָט פאַר דיר, וואָס בעט ביים קבר פון אונדזער אויסלייזער און רעטער גריגאָרי; ווייז דעם פאָלק דיין מאַכט, דיין אייזערנע האַנט, שיק געטריי מיליטער קעגן די בונטאָווטשיקעס.”

דער צאַר, אין אַ קאָזאַקן־שינעל, מיט אַ פּאַפּאַכע אויפן קאָפּ, ווי עס פּאַסט פאַר אַ הערשער אין צייט פון קריג, האָט זיך אַרומגעדרייט אַ צע־טומלטער אין דער הויפּט־קוואַרטיר, ווי שטענדיק, ווען ער האָט געדאַרפט אָננעמען אַ באַשלוס און ער האָט נישט געהאַט קיין ריכטיקע ראַטגעבער ביי דער האַנט. ער האָט נישט געקאָנט טראַכטן. זיין קאָפּ אונטער דער גרויסער קאָזאַקישער פּאַפּאַכע האָט נישט פאַרטראָגן קיין געדאַנקען. קיין זאַך האָט אים נישט אַזוי געמאַטערט ווי פאַרטראַכטן זיך וועגן עפּעס. ער האָט געוואָלט מנוחה. פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס ער איז געווען אין דער הויפּט־קוואַרטיר, האָט ער געפירט אַ זייער געמיטלעך לעבן, אַ סך אַ רואיקערעס ווי אין פרידנס־צייט אין דער רעזידענץ. דאָ זענען נישט געווען קיין מיניסטאָרן, קיין באַראַטונגען. יעדן טאָג האָט ער שפּאַצירט

מיט זיינע פליגל־אַדיוטאַנטן, געשפּייזט מיט זיי צוזאַמען ביים טיש, פון וועטער מיט זיי גערעדט, דערנאָך האָט ער ביי זיך אויסגעלייגט פּאַסיאַנס, געשפּילט אין דאַמינאָ, איבערגעלייענט אַ צייטונג, דורכגעקוקט בריוו, אויס־געהערט קורצע באַריכטן וועגן פראָנט, געלייענט פראַנצויזישע ראָמאַנען, געפירט אַ טאָג־בוך, געשיקט טעלעגראַפיש גרוסן צו דער פרוי קיין צאַר־סקאָיע סיעלאָ, און געדאַוונט.

די געשעענישן אין זיין טאָג־בוך זענען געווען קורצע, קאַלענדאַרישע. ער האָט באַשריבן דאָס וועטער, פאַרצייכנט ווי לאַנג ער האָט געשפּילט אין דאַמינאָ, וואָסער עסן מען האָט דערלאַנגט. אַמאָל איז אויך געווען אַן אויסערגעוויינלעכע נייעס פון יאַגד, ווען אים האָט זיך איינגעגעבן צו שיסן אין וואַלד אַ האָז אָדער אַ ווילדע קאַטשקע. די טעלעגראַמעס צום ווייב זענען געווען גרעסערע, נישט אַזעלכע טרוקענע.

„ווייבעלע מיינס,״ האָט ער אין די אונטן טעלעגראַפירט, „ענגל, טייַ־בעלע, איך קוש דיך הייס, דריק דיך אין מיינע אָרעמס און בעט גאָט פאַר דיר. אַ סך הייסע קושן, דיין ניקי.״

טראַכטן איז נישט געווען צוליב וואָס. די גענעראַלן אין די שטאַבן האָבן שוין אַלץ אַליין געטאָן, אים, דעם צאַר, דעם קאָפּ נישט פאַרדרייט.

מיטאַמאָל איז זיין רו אין הויפּט־קוואַרטיר צעשטערט געוואָרן. אין דער רעזידענץ איז אומרואיק געווען. פון אַלע זייטן זענען דעפּעשן אָנ־געקומען, טעלעגראַמעס, וואָס האָבן זיך דורכגעקרייצט. די פּאָליטיקער האָבן געבעטן אין די טעלעגראַמעס נאָכצוגעבן, ווי לאַנג נאָך ס׳איז צייט, אַנישט וועט זיין צו שפּעט. דאָס ווייב האָט גערופן אין די טעלעגראַמעס צו זיין שטאַרק, אומבויגיק, נישט צוצוהערן זיך צו די רייד פון די שונאים. מען האָט געדאַרפט אַנטשיידן, אָננעמען אַ באַשלוס, פאַרטראַכטן זיך. אָבער טראַכטן האָט דער צאַר פון רוסלאַנד נישט געקאַנט. די געדאַנקען האָבן זיך צו זיין קאָפּ נישט געקלעפּט. וואָלט ראַספּוטין געלעבט, וואָלט ער אים אַרויסגערופן צו זיך, אָדער טעלעגראַפיש אים עצות געפרעגט. ווי לאַנג דער פאָטערל האָט געלעבט, האָט ער נישט איינמאָל עצות אים געגעבן. אַפילו ווען ער, דער צאַר, איז געווען פון דעררווייטנס, ביי דער הויפּט־קאַוורטיר, האָט אים דער פאָטערל ראַספּוטין נישט פאַרלאָזט. „פאַרגעס נישט צו האַלטן אין דער רעכטער האַנט די איקאָנע, וואָס איך האָב דיר מיטגעגעבן, און שאָקל מיט איר זיבן מאָל איידער דו גייסט אויף אַ באַ־ראַטונג אין שטאַב״ — האָט ער אים געשיקט אַ דעפּעשע אין דער הויפּט־קוואַרטיר. אַ צווייט מאָל, ווען ער האָט אים צוגעשיקט אַ ניי הייליק בילד, האָט ער נישט פאַרגעסן אים צו טעלעגראַפירן, אַז ער זאָל אומבאַדינגט אויסקעמען די האָר פון הייליקן מיט אַ קעמל, איידער ער וועט אָננעמען אַ באַשלוס. אויך ברכות האָט ער אים אָפט געשיקט, ברכות און עצות, וואָס ער האָט אָנגענומען און געפאָלגט.

איצט איז קיינער נישט געווען. און ער האָט נישט געוואוסט, וואָס צו

טאָן. די פליגל־אַדיוטאַנטן זיינע זענען געווען אַזוי אומאַנטשלאָסן, ווי ער אַליין, חונפים, צובאמקער, וואָס אַ חוץ מיליטערישע צערעמאָניעס און כיבודים האָבן זיי גאָרנישט נישט געוואוסט. די גענעראַלן זענען געווען פרעמד. ער האָט נישט געוואוסט, דער צאַר, ווער פון זיי איז אַ שונא, ווער אַ פריינד. אַ ווײַלע האָט ער גאָרנישט נישט געטאָן. נישט קאָנענדיק זיך צו קיין זאַך דערטראַכטן, האָט ער געלאָזט גיין ווי עס גייט. ער האָט ווי שטענדיק אויסגעלייגט פּאַסיאַנס, געשפּילט אין דאָמינאָ, פאַרשריבן דאָס וועטער אין טאָג־בוך און געשפּייזט מיט זיינע פליגל־אַדיוטאַנטן. אַז די טעלעגראַמעס זענען שוין געוואָרן גאָר צודרינגלעכע, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף זיין ווייבס עצה, ווי יעדער פּאַנטאָפלמאַן, וואָס האַלט דאָס ווייב פאַר אַ חכמה.

איצט, האָט ער געזען, איז געקומען די העכסטע צייט צו ווייזן זיין ווייב, אַז ער איז אַ מענטש מיט כאַראַקטער. שטענדיק האָט זי אים גע־מוסרט, פאַרוואָס ער איז נישט שטאַרק, פאַרוואָס ער איז נישט ווי זיינע אבות — פעטער דער גרויסער און יאָהאַן דער גרויזאַמער, פאַרוואָס ער ווייזט נישט דעם פאָלק זיין שטאַרקע אייזערנע האַנט. איצט וועט ער איר באַווייזן. ניין, ער וועט נישט גיין אויף קיין הנחות, ווי די ראַטגעבער די שונאים זיינע זאָגן אים אונטער. ער וועט גיין מיט קראַפט, אויסראָטן די שונאים און בונטאָוושטשיקעס. ער וועט זיין דער אייזערנער צאַר, דער גאָטסגעזאַלבטער, דער אומבויגיקער, ווי זיינע זיידעס די שטאַרקע הער־שער. שטויב און אַש וועט ער מאַכן פון זיינע פיינט!

און ער האָט געלאָזט רופן צו זיך דעם גענעראַל איוואַנאָוו, דעם ערגסטן, וואָס ער האָט געקאָנט אויסקלייבן, ווי תמיד זיין טבע איז געווען — דעם אומפעאיקסטן מענטש צו דער וויכטיקסטער זאַך אויסצואוויילן, און אים געשיקט אין דער רעזידענץ, כדי מיט באַיאָנעטן און קוילן די צעבונ־טעוועטע אונטערטאַנער צו דערשטיקן. גלייך נאָך אים איז ער אַליין מיט זיין סוויטע אין קייסערלעכן צוג אַרויסגעפאָרן קיין צאַרסקאָיע סיעלאָ, כדי אין קאָזאַקישן מונדיר און מיט דער פּאַפּאַכע אויפן קאָפּ אַריינצופאָרן זיגעריש אין דער רעזידענץ גלייך נאָכדעם, ווי דער גענעראַל וועט די שטאָט באַזיגן.

אָבער אויף דער סטאַנציע ליכאָסלאַוול האָבן די אייזנבאַן־באַאמטע גע־קראַגן אַ דעפּעשע פון דער רעזידענץ, אונטערגעשריבן פון דעם קאָמענ־דאַנט פון דער סטאַנציע, דעם „סאָטניק" גערקאָוו, אַז זיי זאָלן דעם קיי־סערלעכן צוג נישט פירן קיין צאַרסקאָיע סיעלאָ, נאָר צושטעלן אים קיין פּעטערבורג, צו דער פאַראָרדענונג פון אים, דעם קאָמענדאַנט.

אַז דער צאַר האָט דערהערט, אַז איינער עפּעס אַ „סאָטניק" מיטן נאָמען גרעקאָוו האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל קעגן אים, דעם אימפּעראַ־טאָר פון רוסלאַנד, זאָגט אים דעות וואוהין צו פאָרן, איז אים אין מיח געוואָרן אינגאַנצן פּוסט. קיין ברעקל געדאַנק האָט זיך שוין מער נישט

געקאַנט האַלטן אין זיין קאָפּ אונטער דער קאָזאַקישער פּאַפּאַכע. דער נאָמען פון סאָטניק גרעקאָוו האָט אים ווי מיט אַ פלאַקן איבער דעם שאַרבן דערלאַנגט. פון גרויס איבעררעשונג איז ער אַזש געוואָרן רואיק. די סוויטע איז געשטאַנען בלאַס אַרום זייער באַוועגונגסלאָזן מאַנאַרך. עמעצער פון זיי האָט אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט פּסקאָוו, די שטאָט, וואוהין מען וואָלט געדאַרפט פאָרן. דער צאַר האָט צוגעשאָקלט. אומעטום, אַבי נישט צו דעם סטאַנציע־קאָמענדאַנט, צו דעם חוצפּהדיקן „סאָטניק" גרעקאָוו. ער האָט געשיקט קיין צאַרסקאָיע סיעלאָ אַ טעלעגראַמע צו דעם ווייב, וואָס האָט אים דערוואַרט.

„דאָס וועטער איז טרוקן און פראָסטיק," האָט ער טעלעגראַפירט. „איך בענק נאָך דיר, דריק דיך אין מיינע אָרעמס, קוש דיך הייס און בעט גאָט פאַר דיר. ניקי".

אומזיסט האָט דער צאַר געוואַרט אין זיין קייזערלעכן צוג אויף דע־פּעשן פון זיין ווייב, אויף ראַפּאָרטן פון זיין מיניסטער פּראָטאָפּאָפּאָוו. איבער דער רעזידענץ, איבער אַלע רעגירונגס־געביידעס, אַמטן און קאַ־זאַרמעס האָבן די רויטע פאָנען געפלאַטערט. פון די אָפיצירישע מונדירן האָבן די סאָלדאַטן די עפּאָליעטן אָפּגעריסן. דער אינערן־מיניסטער פּראָ־טאָפּאָפּאָוו, דער מאַן מיט די נישט־קלאָרע געדאַנקען, אויף וועמען דער צאַר האָט איבערגעלאָזט אין זיינע הענט זיין פאַמיליע, די רעזידענץ און דאָס לאַנד, איז געזעסן, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע צאַרישע מיניסטאָרן, אַרעסטירט אין פּעטראָפּאַוולאָווסקי פעסטונג, באַוואַכט פון סאָלדאַטן, וואָס די צייטווייליקע רעגירונג האָט אַוועקגעשטעלט.

## קאַפּיטל זיבן

נישט איבעררעשונג, נאָר שמחה, האָט אַרומגענומען דעם אַרעסטאַנט ניסן אייבעשיץ פון לאָדזש, ווען אין קאָרידאָר פון פּעטערבורגער טורמע „קרעסטי" האָט זיך פּלוצלונג אַ טומל דערטראָגן, שליסלען האָבן ביי די טירן פון די קאַמערן געסקריפּעט און קולות האָבן גערופן:

— חברים פּאָליטישע, אַרויס פון די קאַמערן, די רעוואָלוציע באַפרייט אייך!

ער האָט אויף דעם רוף געוואַרט, ניסן אייבעשיץ, געוואַרט יעדן טאָג, יעדע שעה, יעדע רגע פון זיין לעבן, געגלויבט אין דעם, אַז עס וועט קומען, וועט מוזן קומען. ווי זיין פאָטער דער מורה־הוראה, וואָס איז געווען צוגעגרייט אין זיין לעבן יעדע רגע צו דער גאולה, צו דערהערן דעם שופר פון משיח, אַזוי איז ניסן געווען צוגעגרייט שטענדיק צו דער רעוואָלו־ציע, צום פאַלן פון דער אַלטער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג און צו דער אנטשטייאונג פון דער נייער, סאָציאַליסטישער. ער האָט נישט געקאָנט

אויסרעכענעני געגנוי, ער איז נישט געווען בטוח, צי ער וועט עס נאָך דער־לעבן, אָבער אַז עס וועט קומען, איז ביי אים אויף קיין איין מינוט קיין ספק נישט געווען. ער האָט דאָס געזען לויט די אייזערנע געזעצן פון מאַרקסיזם.

מער נאָך איז געשטאַרקט געוואָרן זיין זיכערקייט פון דעם טאָג אָן, וואָס די מלחמה האָט אויסגעבראָכן. ער האָט פון דער מלחמה געליטן, געזען דאָס אומגליק, טויט און פאַרוויסטונג, וואָס זי ברענגט, דעם ווילדן נאַציאָ־נאַליזם און פאַטריאָטיזם, וואָס זי פאַרשפּרייט צווישן די מאַסן. דאָס האָט אים ווייַ געטאָן. אָבער פון דער אַנדערער זייט האָט ער געזען, אַז די צעפאַלונג פון דער בורזשואַזיע קומט אָן, די אַלטע וועלט גייט מיט שנעלע טריט צו איר אייגענעם קבר.

אויף דער געהיימער פּאַרטיי־קאָנפערענץ אין דער סאַמע רעזידענץ, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ערשטן יאָר פון דער מלחמה, האָט ער טאַקע זייער אַ האָפערדיקע דיאַגנאָזע געשטעלט איבער דער קראַנקער קאַפּיטאַ־ליסטישער וועלט, איבער די קריגערישע לענדער, וואָס אין זייער גייער גאַך פאַרכאַפּן מערק, געטריבן פון גאָלד־לוסט, האָבן זיי זיך געמוזט אַריינוואַרפן אין קריג, באַוואָפנענען דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס וועט זיך שטעלן מיט די ביקסן קעגן זיינע באַדריקער. די אַנדערע דעלעגאַטן האָבן אים אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער, געהאַלטן אים פאַר אַ היץ־קאָפּ, וואָס טיילט זיך שוין מיטן בער, נאָך איידער ער איז געפאַנגען. זיי האָבן נישט געגלויבט, אַז שוין די איצטיקע מלחמה וועט ברענגען צו דער צעפאַלונג פון דער בורזשו־אַזיע. אָבער ער איז געבליבן פעסט ביי זיין גלויבן. ער האָט געזען אין דער מלחמה, צו וועלכער אַלץ נייע לענדער זענען צוגעשטאַנען, די אינער־לעכע סתירות פון דעם צעפוילטן קלאַס. ווי אַן אַלטער קערפּער, צו וועלכן אַלערליי קראַנקהייטן טשעפּען זיך מיט איין מאָל, אַזוי אַז איינע שטערט דער צווייטער אין דער היילונג, און מוז צוליב דעם זיך פונאַנדערפאַלן, אַזוי האָט ניסן געזען די סתירהדיקע קראַנקהייטן און פּלאָגן פון דעם אָפּ־געלעבטן בורזשואַזן קערפּער, וואָס ווערט צעפרעסן פון די אינערלעכע חולאתן און פּלאָגן. ער האָט טאַקע אויף דער קאָנפערענץ רעזאָלוציעס וועגן דער טאַקטיק פון דער גיך־אָנקומענדיקער רעוואָלוציע אַריינגעטראָגן, ווי זי, די רעוואָלוציע, וואָלט שוין געשטאַנען פאַר דער טיר. די חברים זיינע האָבן אים באַקעמפט, געהאַלטן, אַז ער רעדט וועגן פּריצייטיקע זאַכן, וואָס האָבן איצט נישט קיין אָרט, און פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל פאַרנעמען זיך מיט מער אַקטועלע פראַגן, אָבער ער איז געבליבן ביי זיינס.

די געהיימע קאָנפערענץ איז פאַרשיט געוואָרן. אינמיטן דער באַראַטונג האָט פּאָליציי אַרומגערינגלט דאָס הויז, אַריינגעריסן זיך אין דער קאָנספּי־ראַטיווער דירה און אַלעמען אַרעסטירט.

— אַט האָסטו דיר דיינע רעוואָלוציעס, — האָט איינער פון די דעלע־גאַטן, אַ פּעסימיסט, געזאָגט ניסנען, ווען מען האָט זיי צוזאַמען אין דער „קרעסטי" אָפּגעפירט.

— נאַרישקייטן, — האָט ניסן אַוועקגעמאַכט, — וועסט זען מיינע רייד.

פאַר דער גאַנצער צייט זיצן אין טורמע, האָט ער נישט אויפגעהערט גלויבן, אַז אָט, אָט, און מען וועט עפענען די טירן פון די קאַמערן און מען וועט אַלעמען באַפרייען אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע. ער האָט וועגן דעם גערעדט מיט די אַרעסטירטע, דערמאָנט עס ביי יעדער געלעגנהייט, וואָס האָט אַרויסגערופן שפּאָט ביי די איבעריקע. יעדער מאָל, ווען מען פלעגט סקריפּען ביי די טירן פון די קאַמערן, האָבן די אַרעסטירטע געוועקט ניסנען.

— חבר, די דעלעגאַציע גייט מיט איר באַפרייאונג, — האָט מען זיך געוויצלט.

ווען די טירן פון די קאַמערן האָבן זיך אין איינעם אַ סוף פעברואַר־טאָג געעפנט און קולות האָבן גערופן די פּאָליטישע אַרויסצוגיין, זענען אַלע געבליבן דערשטוינט. זיי האָבן זייערע אייגענע אויערן נישט געגלויבט אַנדערש איז עס געווען מיט ניסנען. ער האָט זיך גיך אָנגעטאָן און אַרויס אין קאַנצעלאַריע נאָך דעם ביסל זאַכן, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין צעכהויז, און נאָך דעם ביסל געלט, וואָס ער האָט געהאַט אין דער טורמע־קאַנצעלאַריע.

— חבר אייבעשיץ, זייט אונדז מוחל! — האָבן די טורמע־חברים אים איבערגעבעטן. — איר זענט געווען ווייט־זעענדיקער.

— חברים, לאָמיר זיך צעקושן! — האָט ניסן געזאָגט אַ שיינענדיקער און געקושט זיך מיט אַלעמען, אַפילו מיט די סאָלדאַטן, וואָס זענען גע־שטאַנען מיט געווער ביי די קאַמערן.

נישט קיין איבעררעאַשונג האָט ניסנען אַרומגענומען, נאָר שמחה, אומ־געהויערע שמחה, וואָס דאָס, וואָס האָט געדאַרפט קומען, איז געקומען אַזוי גיך, וואָס ער האָט עס נאָך דערלעבט צו זען.

מיט שמחה איז ער אַרויפגעקראָכן אויף דעם גרויסן לאַסט־אויטאָמאָביל, צוזאַמען מיט אַנדערע באַפרייטע חברים, און געפאָרן איבער די פּעטער־בורגער גאַסן, וואָס זענען פול געווען מיט אַרבעטער, סאָלדאַטן.

— הוראַ, זאָלן לעבן די חברים, פּאָליטישע אַרעסטאַנטן! — האָבן די מענטשן אויף די גאַסן זיי באַגריסט.

— זאָל לעבן די רעוואָלוציע! — האָבן געשריגן די באַפרייטע אויפן אויטאָמאָביל.

ניסן האָט, ווי אַ יינגל, וואָס קומט דאָס ערשטע מאָל אין אַ גרויסער שטאָט, נישט געוואוסט וואו פריער צו קוקן. יום־טוב איז געווען אויסגעשפּרייט אויף די גאַסן, אויף די מויערן, אויף די פּנימער פון המון, אויף די סאָל־דאַטן. אַלץ האָט אים אָנגעפילט מיט שמחה. מיט גליק אין זיינע שוואַרצע אויגן האָט ער געקוקט אויף דעם טאַורישן פּאַלאַץ, וואָס איז געווען באַ־קלעפּט פון אַרבעטער, סטודענטן און סאָלדאַטן.

— זאָלן לעבן די חברים רעוואָלוציאָנערן! — האָבן די מאַסן באַגריסט די אָנקומענדיקע אויטאָמאָבילן.

— זאָלן לעבן די באַפרייטע מאַסן פון באַפרייטן לאַנד! — האָט ניסן געשריגן און געפאָכעט מיט זיין היטל.

עפּעס אַ פרוי האָט זיך געוואָרפן קושן די באַפרייטע. זי האָט געוויינט פון גליק. ניסן האָט מיט הייסע ליפּן צוריקגעקושט די פרוי, וואָס ער האָט זי קיינמאָל אין לעבן נישט געזען. אַלץ איז אין זיינע אויגן געווען גוט, ליכטיק און שיין אין די יום־טובדיקע שעהן: די מענטשן, די מויערן, אַפילו די בעטלער אין די גאַסן. פּונקט אַזוי שיין האָט אויסגעזען דער דיקער ברייט־פלייציקער און ברייט־בערדיקער אומבאַקאַנטער פאַרשוין, וואָס איז אַרויס פון דער דומע און מיט אַ באַסאָווער גלחישער שטים באַגריסט די אָנקומענדיקע אַרעסטאַנטן. גאָרנישט רעוואָלוציאָנעריש האָט אויסגעזען דער באַגריסער. סיי מיט זיין צעקעמטער באָרד, סיי מיט זיין באַס־שטים, האָט ער דערמאָנט גיכער אין אַ מעטראָפּאָליט איידער אין אַ רעוואָלוציאָנער, אַ פאָרשטייער פון די באַפרייטע פּראָלעטאַריער, ווי ער האָט זיך דאָס פאָרגעשטעלט. אָבער אין ניסנס אויגן האָט ער דעם זיבעטן חן געהאַט. די שמחה איז אים געלעגן אין די ביינער. אַ וואַרעמקייט האָט אים אַרומגענומען, אַ גליקזעליקייט. ער האָט אַלעמען ליב געהאַט, אַלע־מען אַרומנעמען געוואָלט, העגט דריקן, קושן. אָט די שמחה איז נישט מער אָפּגעטראָטן פון אים פון איצט אָן, אין בלוט אים אַריין.

ניסן האָט אין דער באַפרייטער שטאָט מיט לייב און לעבן זיך איינ־געוואָרפן, פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט אויף די פיס געווען, גע־אַרבעט, גערעדט, געטאָן.

די שטאָט, וואָס האָט געדאַרפט אָנפירן מיט דעם גאַנצן לאַנד, מיט העכער אָנדערהאַלבן הונדערט מיליאָן מענטשן, איז אַליין געווען צע־טומלט, הפקר און כאַאָטיש. די פאַבריקן האָבן געשטרייקט, די טראַמווייען זענען געווען אָפּגעשטעלט, די פּאָליציי צעלאָפן, די רעגירונג צעקראָכן. די סאָלדאַטן האָבן נישט געוואוסט, וועמען צו פאָלגן, וואָס צו טאָן. אין דער דומע, וואו עס זענען געזעסן די דעפּוטאַטן, די פּאַרטיי־פירער, איז געווען אַן אומאָרדענונג. ווער עס האָט געוואָלט איז אַריין, אַרויס, ווער עס האָט חשק געהאַט, האָט געגעבן באַפעלן, פאַראָרדענונגען. דער צייט־ווייליקער קאָמיטעט איז געווען צונויפגעשטעלט פון מענטשן פון פאַר־שידענע לאַגערן און פּאַרטייען, פון מאָנאַרכיסטן, וואָס האָבן געוואָלט אי־בערלאָזן דעם צאַר ביי דער מאַכט און בלויז שאַפן אַ רעגירונג, וואָס זאָל זיין פאַראַנטוואָרטלעך צו דער דומע, ביז פּראָגרעסיסטן און רעוואָלוציאָנערן. מען האָט געהאַלטן אין איין רעדן, דיסקוטירן, פירן פּאָלעמיקעס. פון אַלע זייטן האָבן סאָלדאַטן געבראַכט צו פירן דערשראָקענע און צעשלאָגענע זשאַנ־דאַרמען, פּאָליציאַנטן, הויכע באַאמטע. מען האָט זיי געהאַלטן אונטער דער וואָך, אָבער עס איז נישט געווען קיינער, ווער עס זאָל זיי אויס־

פאַרשן, באַפעלן וואָס צו טאָן מיט זיי. פאַלקן סאָלדאַטן זענען געקומען צו דער דומע, געוואַרט אויף באַפעלן. זיי האָבן מער קיין אָפיצירן נישט גע־האַט, פונאַנדערגעטריבן זיי, די עפּאָליעטן ביי זיי אַראָפּגעריסן. זיי האָבן געדאַרפט האָבן נייע פירער, ווער עס זאָל באַפעלן געבן, אָבער קיין פירער זיינען נישט געווען, און זיי זענען געקומען צו דער דומע, הערן אַ באַפעל.
דער דיקער ברייט־בערדיקער פאַרשוין, וואָס צוליב זיין הדרת־פנים און באַס־שטים, האָט ער זיך אַליין אַרויסגערוקט אין דער צעטומלטער צייט, איז יעדער מאָל אויפסניי אַרויס באַגריסן די אָנקומענדיקע פאָלקן. ער האָט זיי גליק געוואונטשן צום זיג פון דער רעוואָלוציע. זיי האָבן צו דריי מאָל הוראַ געשריגן, אָבער וואָס צו טאָן האָבן זיי נישט געוואוסט.

פונקט אַזוי האָבן נישט געוואוסט וואָס צו טאָן די באַוואָפנטע וואַכן ביי די וואָקזאַלן, בריקן, פאָסט, טעלעגראַף און אַנדערע וויכטיקע פונקטן. עס זענען אָנגעקומען מיליטערישע טיילן, אָבער מען האָט נישט געוואוסט, צי זענען זיי פאַר דער רעוואָלוציע אָדער קעגן, צי ווילן זיי אויסשטעלן די ביקסן פאַר דער רעוואָלוציע אָדער פאַרן צאַר, וואָס איז נאָך אַלץ געווען פון דער צווייטער זייט. ביי דער מינדסטער קלייניקייט, ביי יעדן שאָס, זענען זיך די וואַכן צעלאָפן פון די ערטער. זיי האָבן נישט געוואוסט, ווער עס איז שונא און ווער פריינד. אַפילו אין דער דומע אַליין זענען די פאַרזאַמלטע געווען צעטומלט. אַלערליי קלאַנגען און נייעסן האָבן זיך אַרומגעטראָגן. מען האָט גערעדט וועגן באַוואָפנטע טיילן, וואָס קומען אָן, געטרייע צום צאַר, גרייט אַלע בונטאָווטשיקעס צו דערשיסן. אינמיטן די־באַראַטונגען האָבן די פאַרזאַמלטע אַליין גענומען לויפן אין פּאַניק צו די טירן.

אין די אָנגעפילטע זאַלן און צימערן פון דער דומע האָבן מענטשן זיך בעראַטן, גאַנצע נעכט אָפּגעזעסן, כדי צו שאַפן דערוויילע אַ רעגירונג, אַן אָרדענונג אין צעטומלטן לאַנד. אָבער די מענטשן האָבן נישט געקאָנט דורכקומען צווישן זיך. אַלערליי אידייען און ריכטונגען, וועלט־אַנשויאונ־גען און גלויבנס האָבן זיך אין דעם געדיכטן פּאַלאַץ צונויפגעקוועטשט. פּאַרטייען אַלערליי, מאָנאַרכיסטן און קאַדעטן, פּראָגרעסיסטן און סאָציאַ־ליסטן־רעוואָלוציאָנערן, באָלשעוויקעס און סאָציאַל־דעמאָקראַטן. צווישן די רעוואָלוציאָנערן אַליין האָבן זיך די מענטשן ווידער געטיילט אויף רעכ־טע און לינקע, מעסיקע און צענטריסטן. ווער עס האָט געוואָלט אַ מאָנאַר־כיע, בלויז מיט דעם טראָן־פאָלגער אָנשטאָט דעם צאַר, און ווער עס האָט געוואָלט, מען זאָל די צאַרישע פאַמיליע אַריינזעצן אין טורמע און די מאַכט איבערגעבן צו די אַרבעטער און פויערים. ווער עס האָט געוואָלט מען זאָל גלייך פונאַנדערטיילן די ערד און איבעררייסן די מלחמה, און ווער עס האָט געוואָלט, אַז מען זאָל ווייטער פירן די מלחמה ביז אַ לעצטן זיג און ערשט דערנאָך איינפירן סאָציאַליזם פאַר די זיגנדיקע אַרבעטער און פויע־רים. ווער עס האָט געוואָלט אַ רעפובליק און ווער אַ דיקטאַטור פון די אַר־בעטער און פויערים. ווער עס האָט פון די מאַרקסיסטישע ביכער אויסגע־

טייטשט, אַז מען מעג זיצן מיט די בורזשואַזע פאָרשטייער אין איין רע־גירונג, כדי מיט געמיינזאַמע כוחות אַריינברענגען אָרדענונג, וואָס זאָל געבן די מעגלעכקייטן די פּראָלעטאַריער דערנאָך צו בויען דעם סאָציאַליזם, און ווער עס האָט פון די אייגענע מאַקרסיסטישע ביכער אויסגעטייטשט, אַז רעוואָלוציאָנערן טאָרן פאַר קיין פאַל נישט זיצן מיט זייערע קלאַסן־שונאים ביי איין טיש, ווייל דאָס איז פאַרראַט צו די אַרבעטנדיקע מאַסן.

אין די זייטיקע צימערן האָבן רעוואָלוציאָנערן געשאַפן דעם סאָוויעט פון די אַרבעטער און סאָלדאַטן, וואָס זאָל שטיין אויף דער וואַך און אָפּ־היטן די ציטוויילעיקע רעגירונג, וואָס שאַפט זיך, נישט אַוועקצוגיין אויף אַנטי־רעוואָלוציאָנערע וועגן. דערצו האָט מען גערעדט, אַז די אַרבעטער זאָלן ווילן זייערע פאָרשטייער אין די פאַבריקן און די סאָלדאַטן זייערע פאָרשטייער אין די קאַזאַרמעס. אָבער אין שטאָט זענען די פאַבריקן געווען געשלאָסן און די סאָלדאַטן זענען פול געווען אין די גאַסן; עס איז שווער געווען זיי צונויפצונעמען און לאָזן זיי ווילן. ווער עס האָט געוואָלט, האָט זיך פאַר אַ דעלעגאַט אָנגעגעבן.

און אין מיטן פון אַלע באַראַטונגען און רעדענישן, האָבן זיך גאָר מע־נער און ווייבער אַריינגעריסן און געפּאָכעט מיט די הענט:

— איר רעדט און רעדט, — האָבן זיי געגרופן, — און דערווייל גייען די אַרבעטער אויס פון הונגער אין שטאָט. שאַפט ברויט פאַר אונדז! עפנט די שפּייז־קראָמען! מיר הונגערן!

די שטאָט איז געשטאַנען הפקר, אָפן פאַר יעדער שונא, צעטומלט, הונגעריק, צעריסן. מען האָט גערעדט טאָג, רעדן, אָרגאַניזירן, ברויט שאַפן, אָרדענונג אַריינטראָגן. און ניסן האָט זיך מיט הענט און פיס אַריינגעוואָרפן אין דער הפקרדיקער שטאָט.

ער איז אַריין אין קאָמיסיעס, געאַרבעט ביים צונויפשטעלן דעם סאָ־וויעט, ווי ביים שאַפן ברויט פאַר דער באַפעלקערונג, געהיצט זיך ביי טעאָרעטישע דיסקוסיעס וועגן אויסטייטשונג פון מאַרקסיזם, ווי ביי פירן אונטערהאַנדלונגען מיט גענעראַלן און אַדמיראַלן וועגן איבערגעבן די מאַכט צו דער נייער אָרדענונג. ער איז מיט מיליטערישע לאַסט־אויטאָמאָבילן געפאָרן אין קאַזאַרמעס, גערעדט פאַר שיקן דעפּוטאַטן אין סאָוויעט, און גע־לאָפן איבער פאַבריקן, כדי צו אָרגאַניזירן די וואַלן פון די אַרבעטער־דעלעגאַטן. נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרומלויפן, רעדן, דיסקוטירן ביז הייזע־ריקייט, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט אַפילו נישט געגעסן, קיין גלאָז טיי נישט אויסגעטרונקען, און ער האָט געכאַפּט אַ שטיקל טרוקן ברויט, אַ גלאָז טיי, וואו עס האָט זיך געלאָזט, און אונטערגעהאַלטן זיך דאָס האַרץ. פון זיינע עטלעכע רובל, וואָס ער האָט געהאַט איבערגעלאָזט אין טורמע־קאַנצעלאַריע, האָט ער ווייניק צוריקגעקריגן. דאָס געלט איז פאַרשוואונדן געוואָרן צוזאַמען מיט דעם טורמע־נאַטשאַלניק. ער האָט נישקשהדיק צוגעהונגערט אין דער באַפרייטער שטאָט נאָך דער טורמע.

פונקט אַזוי האָט ער נישט געהאַט קיין דאַך איבערן קאָפּ. ער האָט געגעכ־
טיקט וואו עס האָט זיך געלאָזט. נאָך די גרויסע פּאַלאַצן, וואו ער האָט פאַר־
בראַכט אין די טעג, האָט ער אין קליינע אָרעמע שטיבלעך, אויף אַ שמאָל
בעטל אָדער גאָר אויף עטלעכע בענקלעך, איבערגעכאַפּט די עטלעכע
שעה שלאָף. אָבער די שמחה איז ביי אים נישט פאַרשוואונדן. אויף
קיין רגע נישט אַרויס פון זיין בלוט. וויפל מאָל אויפסניי ער האָט זיך
אַרומגעקוקט און דערזען די רויטע פאָנען, די סאָלדאַטן מיט די רויטע
שלייפלעך ביי די באַיאָנעטן, די אָנגעשטאָפּטע גאַסן מיט אַרבעטער, די
קייסערלעכע דענקמעלער, אויף וועלכע אַרבעטער און סאָלדאַטן שטייען
און רעדן, איז אים אַן אומגעהייערע פרייד ווידעראַמאָל אויפסניי באַפאַלן
און אים דאָס בלוט אין אַלע אברים אויפגעקאָכט פון גליק.

— זי איז געקומען, — האָט ער געמורמלט צו זיך אַליין, — איך האָב
עס דערלעבט.

## קאַפּיטל אַכט

ניי־לאָדזש אין פעטערבורג האָט זיך צוריק געעפנט. אָנשטאָט די פריער־
דיקע צוועלף שעה אַ טאָג, וואָס די אַרבעטער האָבן געאַרבעט, אַזוי, אַז די
פאַבריק האָט צוויי שיכטן אין מעת־לעת געטוישט, האָט מען איצט גע־
אַרבעט בלויז צו אַכט שעה אַ טאָג, דריי שיכטן אין מעת־לעת. אָנשטאָט
פריער, ווען פאַר נאַכט־אַרבעט האָט מען געצאָלט מיט אַ קליינעם פּראָצענט
טייערער, ווי פאַר טאָג־אַרבעט, האָט מען איצט געצאָלט פאַר נאַכט־אַרבעט
טאָפּלט אַזוי פיל. אויך האָבן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס זענען
איצט אַנטשטאַנען אין שטאָט, געפאָדערט גרויסע לוינען פאַר די אַרבעטער,
פאַר די ווייבער פונקט ווי פאַר די מענער. די אַרבעט איז אויך געגאַנגען
שוואך, מען האָט מער דיסקוטירט ביי די שטולן ווי געאַרבעט. דערצו נאָך
זענען אַלע טעג געווען נייע יום־טובים, פּאַראַדן, אויף וועלכע די פאַבריק
האָט אַרויסגעשיקט דעלעגאַציעס, און אַראָפּרעכענען פאַר דער ליידיקער
צייט האָט מען נישט געטאָרט. צו דעם אַלעם זענען אָפּטע דעלעגאַטן און
רעדנער אַראָפּגעקומען אין פאַבריק, פאָרשטייער פון אַלערליי פאַרטייען,
מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס, עסערן פון אַלערליי פאַרב, רעכטע און לינקע.
יעדער פון זיי האָט די אַרבעטער אַוועקגענומען פון די שטולן, פון די קעסלען
און געהאַלטן פאַר זיי לאַנגע רעדעס, פאַר וואָס די אַרבעטער האָבן זיי אָפּ־
געצאָלט מיט רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן כאָטש יעדער האָט געדרשנט עפּעס
אַנדערש.

אַשכנזי איז נישט געוואוינט געווען צו אַזאַ אַרבעט. ער האָט פון אַזאַ
אַרבעט נישט געהאַלטן. אָבער ער האָט געשוויגן.

אין די ערשטע טעג, ווען די פאַבריק זיינע האָט זיך אָפּגעשטעלט און

די אַרבעטער זענען אין די טויזנטער אין די גאַסן אַרויס, האָט ער נישט קיין גרויסן גלויבן געהאַט אין דער אָנקומענדיקער רעוואָלוציע. ער האָט נאָך גוט געדענקט די אַלע זאַכן פון לאָדזש אין פינפטן יאָר, ווען די אַרבעטער האָבן זיך אויף די גאַסן אַרויסגעלאָזט און געפאָדערט פרייהייט און ברידערלעכקייט. אַ סך פון די לאָדזשער פאַבריקאַנטן האָבן זיך דעמאָלט דערשראָקן, געמיינט, אַז די רעוואָלוציע קומט אָן, און זיי זענען באַצייטנס אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד. אַשכנזי האָט דערפון נישט געהאַלטן. ער האָט געוואוסט, אַז דער שוסטער וועט סוף־כל־סוף מוזן צוריקגיין צו דער דראַטווע, דער וועבער צו דער שטול, די דינסט אין קיך אַריין און דער פאַבריקאַנט צו זיינע געשעפטן. און אַזוי איז טאַקע געווען. די וועלט איז געוואָרן צוריק וועלט. ווער עס איז געווען אַ קבצן, איז געבליבן אַ קבצן און ווער עס האָט געהאַט די אפּותיקי, האָט ווידער געמאַכט געלט, אַ סך מער נאָך ווי פריער, פאַר די בונטן. ער איז געווען אַ לאָדזשער, פון קינדוויז אָן האָט ער געקענט די אַרבעטער, געוואוסט, אַז אַלעמאָל צעבונטעווען זיי זיך אויפסניי, טומלען אָן, שרייען זיך אויס, און דערנאָך מוזן זיי צוריקגיין צו דער אַרבעט, אַראָפּבויגן די קעפּ. אַזוי איז שוין אויף דער וועלט, אַזוי מוז זיין. יעדער צו זיינס. אויף דער וועלט מוזן זיין רייכע און אָרעמע, הערשער און באַהערשטע, גליקלעכע און אומגליקלעכע. אַזוי איז עס געווען זינט די וועלט שטייט, אַזוי איז עס און אַזוי וועט עס זיין שטענדיק. ווער עס קאָן, דער מאַכט זיך בעסער. יעדער אויף זיין אָרט. שוסטער צו דער דראַטווע און רב צו דער בית־דין־שטול! אַנישט וואָלט די וועלט קיין קיום נישט געהאַט.

דערפאַר טאַקע האָט ער זיך נישט שטאַרק גענומען צום האַרצן ווען די אַרבעטער אין זיין פאַבריק האָבן געוואָרפן די אַרבעט און אַרויס אויף די גאַסן.

— קוואַטש, אומזין, — האָט ער געזאָגט צו די לאָדזשער זיינע, וואָס האָבן אים דערציילט, אַז מיט דער מאַכט האַלט שמאָל.

זינט ער האָט געלעבט האָט ער געוואוסט, אַז אַרבעטער בונטעווען זיך, אַז סטודענטן העצן אויף, וואַרפן פון צייט צו צייט אַ באָמבע אויף אַ הערשער, אָבער ווייטער פון דעם גייט עס נישט. ווי נאָר דאָס מיליטער גייט אַרויס און גיט זיי פּולווער צו שמעקן, צעלויפן זיך אַלע ווי די מייז און דערנאָך ווערט ווידער שטיל און עס פירט זיך ווי עס דאַרף צו זיין. ווייניקער נאָך ווי פון די לאָדזשער אַרבעטער האָט ער געהאַלטן פון די רוסישע אַרבעטער. ער האָט זיי געזען אין זיין פאַבריק, געהערט זייערע רייד, און זיי האָבן ביי אים גאָר קיין פּנים נישט געהאַט.

— קאַצאַפּעס, פּאָניע קוואַס! — האָט ער גערעדט וועגן זיי מיט פאַראַכטונג. — ס'איז דאָ פון וועמען צו רעדן!...

ער איז אַרומגעפאָרן איבער די גאַסן אין זיין קאַרעטע, צוגעקוקט זיך צו דעם טומל, צו די געשלעגן צווישן די אַרבעטער, ווייבער און פּאָליציאַנטן, און זיך וויניק דערמיט איבערגענומען. זאָלן נאָר די סאָלדאַטן אַרויס, די קאָזאַקלעך מיט די פּיקעס, וועט קיין איינער פון די בונטאָווטשיקעס אויף

קיין רפואה נישט בלייבן. ווי די מייז וועלן זיי זיך צעלויפן און קומען צוריק אין די פֿאַבריקן אַריין.

אַז די קאָזאַקלעך מיט די פּיקעס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו שיסן אויף די בונטאָוושטשיקעס, איז אַשכנזי אַנטוישט געוואָרן. דאָס ערשטע מאָל האָט ער געהערט, אַז זעלנער זאָלן נישט פֿאָלגן די באַפֿעלן פֿון די עלטסטע. אָבער ער האָט נאָך אַלץ דעם גלויבן אין דער מאַכט נישט פֿאַרלוירן. אַ צופֿאַל, האָט ער געקלערט. באַלד וועלן אַנדערע סאָלדאַטן אָנקומען און זיי אַליין, די פּריערדיקע זעלנער, אַרעסטירן. נישקשה, פֿאַראַן גענוג זעלנער אין רוסלאַנד. אַז גאַנצע פּאָלקן האָבן זיך גענומען אויסצירן אין רויטע שלייפֿלעך און אַראָפּרייסן ביי די אָפֿיצירן זייערע עפּאָליעטן פֿון די אַקסלען און אַמאָל אויך די קעפּ פֿון די העלדזער, האָט אַשכנזי פֿאַרלוירן זיין זיכערקייט און אָנגעהויבן קוקן מיט מורא אויף די מענטשן אין די גאַסן.

— נישט צו בעגרייפֿן, — האָט ער געמורמלט, — זאָ עטוואָס!

מיט יעדן טאָג מער האָבן אים די געשעענישן אַלץ שטאַרקערע אַנטוישונגען געגעבן. דאָ האָט מען אַרעסטירט מיניסטאָרן. פּראָסטע זעלנער האָבן זיי איבער די גאַסן, ווי אַרעסטאַנטן, געפֿירט, ווי עפּעס גאַסן־יונגען אָדער קעשענע־גנבים. אַשכנזי האָט זיינע אייגענע אויגן נישט געגלויבט. מיניסטאָרן! די גרעסטע מענטשן פֿון דער מלוכה. דאָס אַרעסטירן דעם קייסערלעכן צוג און צווינגען דעם קייסער צו אַבדיקירן, האָט אַשכנזין שוין צולעצט פּריטשמעליעט. נישט דער רחמנות, די ליבשאַפֿט צום קייסער איז עס געווען, וואָס האָט אַשכנזין אַזוי פּריטשמעליעט. ער האָט קיינמאָל דעם קייסער פֿאַר זיינע אויגן נישט געזען, נישט געוואוסט קיין סך וועגן אים. ער האָט אַפֿילו געלייענט אין די צייטונגען, אַז דער קייסער האָט פּאָגראָמשטשיקעס באַגנאַדיקט, און איינמאָל אין אַ שטאָט, ווען יידן האָבן אים אַנטקעגן געטראָגן אַ ספֿר־תורה, האָט ער זיך אויף איר נישט אומגעקוקט און צוגעגאַנגען בעסער צו די גלחים. דאָס אַלץ האָט אים קיין גרויס ליבשאַפֿט צום קייסער נישט געגעבן. ער האָט בכלל וועגן אים נישט געטראַכט. אָבער געוואוסט האָט ער, אַז ער איז דאָס גרעסטע פֿון לאַנד, דאָס מעכטיקסטע, דאָס שטאַרקסטע. ווייטער גייט נישט מער. דאָס איז ביי אים געווען אַזוי פֿעסט און זיכער, ווי זיכער און פֿעסט עס איז גאָלד, די גלאַנציקע גאָלד־שטיקלעך מיט דעם קייסערס קאָפּ. און אַשכנזין האָט זיך אין מוח נישט געלייגט דאָס אַלץ, וואָס איז אַזוי שנעל געקומען אין די אומרואיקע טעג.

— עס לייגט זיך מיר יאָ ניכט אין מיינעם קאָפּ, — האָט ער געזאָגט צו זיינע לאָדזשער. — אונבעגרייפֿליך...

צום ערשטן איז אים אַ שרעק באַפֿאַלן, אַן אינערלעכע מורא פֿאַר דעם, וואָס איז געקומען, אַ פּחד פֿאַר די אַרבעטער, וואָס ער האָט אַזוי ווייניק פֿון זיי אַלעמאָל געהאַלטן.

ער האָט דערזען אַ ריזיקן כוח אין אָט די קאַצאַפּעס, אין די פּאָניע־

קוואַס־פֿאַרשוינען, וואָס אַרבעטן פאַרקאָפּטשעטע אין די פֿאַבריקן, וואָס קענען רעכט נישט אונטערשרייבן זיך, אַ קראַפּט, פֿאַר וועלכער מען דאַרף ציטערן, היטן זיך, זי זאָל נישט פֿאַרניכטן, צעטרייבן. אויב זיי האָבן גע־קאָנט אַראָפּוואַרפֿן דעם צאַר, דעם אַלמעכטיקן הערשער; אויב זיי האָבן גע־קאָנט בייקומען אַזאַ קראַפּט, וואָס האָט געהאַט אַזויפֿיל זעלנער, פּאָליציי און זשאַנדאַרמען, אַזויפֿיל געווער — וואָס פֿאַר אַ ראָלע שפּילט איצט אַ פֿאַב־ריקאַנט, אַ סוחר?

אַן אונטערטעניקער, אַ דערדריקטער, האָט אַשכנזי געעפֿנט זיין פֿאַב־ריק נאָך די ערשטע עטלעכע וואָכן פֿון דער רעוואָלוציע. ער האָט נישט געוואוסט ווי אַזוי צו רעדן איצט צו אַן אַרבעטער, ווי אַזוי באַפֿעלן צו געבן. אויף די שפּיץ פֿינגער איז ער געגאַנגען, אויף אַ האַלבער שטול איז ער גע־זעסן אין זיין קאַבינעט. ווי דורך אַ זיידן טיכל האָט ער צו די מענטשן אין זיין פֿאַבריק אַ וואָרט אויסגערעדט. נאָך איידער די דעלעגאַטן האָבן פֿאָ־דערונגען געשטעלט, האָט ער שוין נאָכגעגעבן. מיט אַ האַנט פֿאַרן אויער אונטערגעשפּאַרט, האָט ער זיך פֿון זיין קאַבינעט ביי דער פֿאַבריק אונ־טערגעהערט צו אָט די אַלע דיסקוסיעס און גערעדערייען, וואָס די אַרבע־טער האָבן געפֿירט צווישן זיך. ער האָט געוואָלט אויפֿכאַפּן, פֿאַרשטיין; פֿון דעם מבול ווערטער, פֿון דעם גאַנצן פּלאַנטער, באַגרייפֿן דאָס, וואָס איז פֿאַר זיין קאָפּ געווען אומבאַגרייפֿלעך.

מער נאָך האָט ער זיך צוגעהערט צו די רעדנער, וואָס זענען אַראָפּ־געקומען אין דער פֿאַבריק אַריין האַלטן רעדעס פֿאַר די אַרבעטער. פֿאַרשידן זענען זיי געווען, די רעדנער, און פֿאַרשידן זענען געווען זייערע מיינונגען. טייל האָבן געהאַלטן, אַז מען מוז דורכאויס ווייטער פֿירן די מלחמה ביז אַן ענדגילטיקן נצחון און דערנאָך ערשט איינפֿירן סאָציאַליזם, און טייל האָבן געשריגן, אַז מען דאַרף גלייך אויפֿהערן די מלחמה און באַלד פֿונאַנדערטיילן די ערד און די פֿאַבריקן צווישן פֿאָלק; יעדער פֿון זיי האָט גערעדט מיט פֿייער, מיט איבערצייגונג, אויפֿגעוויזן די אייגענע גערעכטיקייט און די קעגנערס פֿאַלשקייט. די אַרבעטער האָבן אַלעמען גלייך הייסע אָוואַציעס געמאַכט. יעדן רעכט געגעבן, ווען ער האָט גערעדט.

אַשכנזי האָט זיך נישט אַריינגעמישט, קיין וואָרט וועגן די זאַכן מיט קיינעם פֿון די פֿאַבריק־מענטשן נישט אויסגערעדט. ער האָט פֿאַרשטאַ־נען, אַז אין אַזאַ צייט איז דאָס בעסטע צו שווייגן, צו זען, הערן און האַלטן די צונג צווישן די ציין. אָבער ביי זיך אין געדאַנק האָט ער גלייך געשטעלט זיך אויפֿן צד פֿון די, וואָס זענען מעסיקער, איינגעהאַלטענער, איבערהויפּט פֿון די, וואָס ווילן, אַז מען זאָל פֿירן די מלחמה ביז דעם ענדגילטיקן זיג.

אַשכנזי איז נישט געווען קיין מלחמה־פּאַטריאָט. ער האָט קיינמאָל פֿון קיין מלחמות נישט געהאַלטן. ער האָט אויף קיין ביקס נישט געקאָנט קוקן. ער האָט טאַקע ביי זיך אין פֿאַבריק אין פּעטערבורג נישט איין יונגנמאַן אַריינגענומען, כאָטש ער האָט אים נישט שטאַרק געדאַרפֿט, כדי אים

אָפּצוראַטעווען פון גיין אין פעלד. אָבער ער האָט געקוקט אויף דער מלחמה פון אַ געשעפטלעכן שטאַנדפּונקט. ער האָט זייער גוטע געשעפטן געמאַכט ביי אויסאַרבעטן קריגס־שטאָפן. ער האָט זי געדאַרפט, די מלחמה שטאַרק געדאַרפט. ער האָט זיך קוים איינגעהאַלטן נישט צו אַפּלאָדירן, ווען די רעדנער האָבן גערופן צו מלחמה ביז דעם ענדגילטיקן זיג. ביי זיין גאַנצער פרעמדקייט צו קריג, צו שלאָגן זיך, ביי זיין עקל צו בלוט, איז ער אָבער קודם־כל געווען אַ געשעפטסמאַן, אַ פאַבריקאַנט, וואָס דאַרף אַ סך פּראָדוצירן, יאָגן, בייטאָג און ביינאַכט אַרבעטן. אין דער אַרבעט האָט ער גאָר פאַרגעסן דעם זין פון מלחמה. ער האָט נישט געזען די שיסערייען, ער האָט געהערט בלויז דאָס וואָרט. מלחמה איז ביי אים געווען אַ באַגריף, ווי פרילינג, אַ שטייגער, איז ביי אים געווען אַ צייט, ווען ס׳איז דער סעזאָן פאַר זומער־סחורות, האַרבסט — דער סעזאָן פון ווינטער־סחורות, טריקעניש — אַ שלעכטער סעזאָן און גערעטעניש — אַ גוטער סעזאָן. אויך מלחמה איז געווען פאַר אים אַ וואָרט, אַ נאָמען פאַר גוטע געשעפטן, פאַר אַ סך אַרבעט און גרויסע פאַרדינסטן. ער האָט דעריבער נישט געקאָנט הער׳ן די רעדנער, וואָס האָבן געהעצט קעגן דער מלחמה און הנאה געהאַט פון די, וואָס רופן צו ווייטערדיקן קריג. זיי זענען דאָך גערעכט, האָט ער געטראַכט ביי זיך, ווען מען וועט אָוועקוואַרפן דאָס געווער, וועלן די דייטשן אַריינקומען און פון זיי וועט מען קיין נחת נישט האָבן. זיי וועלן דאָס גאַנצע ברויט אַרויספירן, מען וועט קיין געשעפטן נישט קאָנען מאַכן.

נאָך די ערשטע פאַר וואָכן פון צעטומלעניש, האָט זיך אַשכנזי באַרו־איקט. ער האָט זיך איינגעלעבט מיטן נייעם, צוגעוואוינט זיך, אָנגענומען עס, ווי ער איז געוואוינט געווען אָנצונעמען יעדן פאַקט, אונטערצוואַרפן זיך יעדער געשעעניש. ווי אַ געניטער לעבנסמענטש, האָט ער געוואוסט, אַז אַלץ איז פאַרגענגלעך, אַז אַלץ, וואָס שטורעמט, באַרואיקט זיך, שוימט זיך אויס, און אַז נאָכן יום־טוב מוזן אָנקומען וואָכן־טעג, טעג פון אַרבעט און בויען. אַנדערש גייט עס נישט. זיי וועלן זיך אויסרעדן, אויסשרייען, מיד ווערן פון רעדן, שרייען „זאָל לעבן״ און פאַראַדירן מיט די רויטע פענער, און צוריקגיין צו דעם, וואָס מען מוז. יעדער אויף זיין אָרט.

ער האָט געזען, אַז דאָס, וואָס איז געווען, וועט שוין מער נישט זיין. מען וועט נישט מער אַרבעטן אַזויפיל ווי פריער, אויך וועט מען כסדר האָבן עסקים מיט די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, געבן די אַרבעטער אור־לויבן, צאָלן פאַר קראַנקהייטן, פאַר פאַרקריפּלונג ביי דער אַרבעט, פאַר אַנדערע זאַכן. אויך וועט מען מער נישט טאָרן אויסרעדן אַ וואָרט אין דער אייגענער פאַבריק. מ׳עט מוזן מאַכן אויף אַלץ אַ שווייג. אָבער דאָס זענען פאַרפאַלענע זאַכן. קעגן דעם קאָן קיינער גאָרנישט זאָגן. אַשכנזי האָט אַפילו נישט געהאַט קיין פאַראיבל דערויף. אויב זיי האָבן געקאָנט אָפּטאָן אַזאַ שטיקל אַרבעט, זענען זיי ווערט. יעדער טוט פאַר זיך, און

ווער עס זיגט, דער איז אויפן פערדל. ער איז נישט געווען פּאַרביסן קעגן די אַרבעטער, ער האָט צו זיי גאָרנישט געהאַט. זיי זענען נאָר תּמיד געווען ביי אים ציפערן, אַ טייל פון זיינע חשבונות. די סוחרישע קאַלקו־לירונג האָט געזאָגט, אַז ווען אַ פאַבריק קריגט אַרויס אַ סך סחורות פאַר ווייניק לוין, איז עס גוט פאַרן געשעפט, און פאַרקערט — איז שלעכט פאַרן געשעפט. אַשכנזי האָט אַלעמאָל געוואָלט גוטע געשעפטן. איצט האָבן זיי זיך אַרויפגעכאַפּט. זיי זענען די באַלעבאַטים און זיי פאָדערן זייערס. מען קאָן צו זיי גאָרנישט נישט האָבן. ער אויף זייער אָרט חלילה, וואָלט אויך נישט בעסער געווען.

וואָס אים האָט אינטערעסירט אין דער גאַנצער רעוואָלוציע, איז גע־ווען איין זאַך — ווי אַזוי אויך איצט, ביי די אַלע נייע זאַכן, צו אַרבעטן ווייטער און מאַכן געלט. ער האָט געוואוסט אַז ביי אַלע זיגן פון אָט די אַרבעטער ווערט פונדעסטוועגן די וועלט גיין מיט איר אַלטן גאַנג — שוסטער צו דער דראַטווע און רב צו דער בית־דין־שטול. רעוואָלוציע היינט, רעוואָלוציע מאָרגן, אָבער ווער עס איז אַן אינזשיניער, וועט פירן די אינזשיניעריע, דער כעמיקער וועט צונויפשטעלן פאַרבן, דער צײַ־כענער וועט צייכענען, דער מעכאַניקער וועט קאָנטראָלירן די מאַשינען, דער פאַבריקאַנט וועט פירן דאָס געשעפט און דער קעסל־הייצער וועט זיצן אַ פאַרסמאָליעטער ביים קעסל. אַזוי גייט די וועלט און אַזוי וועט זי ווײַ־טער מוזן גיין. נאָך אַלע רעדעס, וועט דער אַרבעטער מוזן צוריקגיין צו זיין שטול און צו זיין קעסל. און ער, אַשכנזי, וועט ווייטער פירן די פאַבריק ווי ביז איצט. די וועלט בלייבט וועלט. ער האָט געוואָלט וויסן בלויז איין זאַך, ווי אַזוי צו מאַכן געלט אויך איצט. ער האָט זי גענומען, די רעוואָלוציע, פון אַ ריין סוחרישן שטאַנדפּונקט, ווי אַלץ אין דער וועלט, ווי די צייטן פון יאָר, ווי טריקעניש און גערעטעניש, ווי שריפות עפּידעמיעס און מלחמות. ער איז אַ סוחר, און ער האָט איין שטאַנד־פּונקט — דעם געשעפטלעכן.

אין דעם גאַנצן טומל און גערודער, צווישן די אַלע רעדעס און דיס־קוסיעס, האָט ער דערווייל געאַרבעט, נישט אַזוי אינטענסיוו ווי פריער, אָבער געאַרבעט האָט ער. ער האָט געגרייט אַ סך סחורות. פּונקט ווי פריער, איז ער צו בענק, סוחרים און אַמטן געפאָרן, מיט די נייע מענטשן פון די אינטענדאַנטסטוועס געשעפטן געפירט, קריגס־סחורות געליפערט און פאַרדינט. ער האָט געשטעלט אַ פּרייז, אָפּגענומען זיך פאַר אַלע שאָדנס, וואָס די רעוואָלוציע האָט אים אַריינגעבראַכט, פאַר אַלע אורלויבן, קלע־נערע אַרבעטס־שעהן, רעדעס, פאַראַדן און אַנדערע ליידיקגייעריי. די פּרייזן זענען געשטיגן אויף אַלץ. מען האָט געגעבן צו פאַרדינען, אָבער מען האָט אַליין אויך פאַרדינט. דערצו האָבן די נייע מענטשן קיין כאַ־באַר נישט געפאָדערט, ווי די אַלטע, נישט געדונגען זיך, עס איז געווען צו לעבן און לעבן צו לאַסן. בלויז אויסערלעך האָט ער זיך צוגעצ־

פֿאַסט צו דער אַרבעט. ער איז נישט געפֿאָרן מער אין דער קאַרעטע, נאָר בעסער געדונגען אַ פֿיאַקער, אָדער געגאַנגען צופֿוס. אויך האָט ער אויסגעטאָן דעם סויבעלנעם פּעלץ און אָנגעטאָן אַן אַלט טולופּל, אַן אָפּ־געגנוצטס און אַ שמאָלס. ער האָט זיך נישט געוואָלט וואַרפֿן אין די אויגן אויף די גאַסן, וואָס זענען פֿול געווען מיט אַרבעטער, סאָלדאַטן און מאַט־ראָזן. פֿאַרן געלט האָט ער געקויפֿט ווערטזאַכן, גאָלד, בריליאַנטן, וואָס בלייבן אייביק. ער האָט נישט געוואָלט האַלטן דאָס פּאַפּיר־געלט, וואָס ער האָט אַזויפֿיל געמאַכט איצט.

אין איינעם אַ טאָג איז אין זיין פֿאַבריק אַן אייגענער מענטש אַראָפּ־געקומען האַלטן אַ רעדע פֿאַר די אַרבעטער. כאָטש דער מאַן אין די אָרעמע קליידער, מיט אַן אַרבעטער־היטעלע אויפֿן קאָפּ, איז שוין געווען אין די יאָרן, מיט אַ גרוילעך צעשויבערט יידיש בערדל און מיט באַקן־בערד, וואָס נעמען אָן דעם אויסזען פֿון פּיאות, האָט אַשכנזי גלייך אין אים דער־קענט זיין אַמאָליקן חדר־חבר, ניסן ר׳ נאָסקע מורה־הוראה׳ס זון, מיט וועמען ער האָט נישט איינמאָל דאָרט אין לאָדזש עסקים געהאַט. אַ ווײַלע איז אים געוואָרן ענג אין האַרץ פֿון אָט דעם וויזיט. ער האָט מורא געהאַט זיך צו געבן צו דערקענען צו דעם מענטש, וואָס איז איצט געווען אויפֿן פּערדל. ווער ווייסט, צי ער וועט זיך איצט נישט אָפּרעכענען פֿאַר אַלע צייטן? ער קאָן אים נאָך אַרעסטירן, ווי אַ שונא פֿון די אַרבעטער. אַלץ קאָן טרעפֿן. אָבער ניסן האָט אין זיין רעדע קיין נקמה נישט געפֿאָדערט, אויך קיין שווערע דראָאונגען קעגן דער בורזשואַזיע, ווי אַנדערע רעדנער, נישט געוואָרפֿן פֿאַר די אַרבעטער. ער האָט בלויז גערופֿן צו פּראָלעטאַרישער איינהייט, צו שיצן די רעוואָלוציע, אַפֿילו צו אַרבעטן דערווייל מיט די פּראָגרעסיסטן, ביז מען וועט איינפֿירן אַ טאָלק און נעמען בויען די סאָ־ציאַליסטישע אָרדענונג. און אַשכנזי האָט זיך באַרואיקט. יעדע מורא איז אויסגערונען פֿון זיין האַרץ.

ווי אַ פּאָליטיקער, האָט ער אַפֿילו פֿאַרכאַפּט די פֿיש פֿאַר דער נעץ, אַליין צוגעגאַנגען צו זיין בן־עיר און אים אויסגעשטרעקט אַ האַנט.

— שלום־עליכם, ניסן, — האָט ער געזאָגט נישט אין דייטש, נאָר אין לאָדזשער יידיש, — טורא בטורא לא פּגע, אינש באינש פּגע. — איר דער־קענט מיך...

— אָ, ווי אַ בייזן שילינגער! — האָט ניסן געזאָגט מיט אַ שמייכל.

אַ ווײַלע האָבן זיך די מענטשן אָנגעקוקט, קיין וואָרט נישט אַרויס־גערעדט. ענדלעך האָט אַשכנזי איבערגעריסן די שטילקייט.

— איר זענט גערעכט געווען, נישט איך, — האָט ער געזאָגט, צע־שפּרייטנדיק די הענט. — איזהו חכם הרואה את הנולד! איר האָט אונדז באַזיגט!

— אונדז וועט נאָך אויסקומען ווייטער צו פֿירן מלחמה, הער אַשכנזי, — האָט ניסן געענטפֿערט אין רוסיש, כדי די אַרבעטער זאָלן פֿאַרשטיין. —

אַרבעט דערווייל, קאָנצענטרירט דעם קאַפּיטאַל, אַנטוויקלט די פאַבריק, מיר וועלן אינגיכן זי דאַרפן פאַר אונדז...

אַשכנזי האָט אַראָפּגעלאָזט די נאָז. ער האָט צוריק דערפילט אַ מורא פאַר דעם מענטש אין אַרבעטער־היטעלע, מיט וועלכן ער האָט אַמאָל געהאַט עסקים אין לאָדזש.

— אויב עס איז געקומען צו סיכסוכים, — האָט ער געמורמלט אַ פאַר־לוירענער, — איז עס נישט געווען פון בייז ווילן, נאָר פון אומשטענדן. אויך מיר, פאַבריקאַנטן, זענען נישט אַלעמאָל געווען פריי צו טאָן, וואָס מיר האָבן געוואָלט ווי מענטשן, נאָר ווי געשעפטס־לייט. מען איז פאַר־שקלאָפּט צום געשעפט, צו די אומשטענדן... איצט זענען מירביידע קלי־גער געוואָרן, דערפאַרענער פון דער צייט... איך האָף, אַז איר טראָגט אויף מיר נישט מער קיין שנאה...

— איר האָט געהאַנדלט, ווי איינער פון אייער קלאַס דאַרף, — האָט ניסן געזאָגט, — פּערזענלעכע זאַכן אינטערעסירן מיך נישט... אַלס אייער קלאַסן־שונא וועל איך האַנדלען נישט ערגער פון אייך, הער אַשכנזי. לאָמיר נאָר זיך איינזעצן אין זאַטל, געווינען דאָס פאָלק אויף אונדזער זייט און מיר וועלן אָפּנעמען אונדזערס, די פאַבריקן וועלן אַריבער צום פאָלק, צו די אמתע בויער זייערע.

ער האָט געוויזן אויף די אַרבעטער אַרום זיך, וואָס האָבן זיך געשטויסן אַרום די צוויי מענטשן, צוצוזען דעם דועל צווישן בורזשואַזיע און פּראָ־לעטאַריאַט.

— אויך די אַרבעטער וועלן דאַרפן אַ גוטן געשעפטס־פירער — האָט אַשכנזי געענטפערט מיט אַ שמייכל. — אַליין וועלן די געשעפטן נישט גיין...

ניסן האָט זיך איינגעהילט אין זיין אָרעמען מאַנטל און אַוועק מיטן לאַסט־אויטאָמאָביל צו אַנדערע פאַבריקן רעדן.

## קאַפּיטל ניין

אין הויז פון יאַקוב אַשכנזי אין לאָדזש, דעם דירעקטאָר פון פלידער־בוימס פאַבריק, איז געווען אומעטיק און שלעכט. די פאַבריק איז גע־שטאַנען די גאַנצע צייט זינט די דייטשן זענען אַריין אין שטאָט, ווי אַלע אַנדערע פאַבריקן. האָט דער קאָמענדאַנט, באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו, אויך פון פלידערבוימס פאַבריק אַרויסגענומען וואָס עס האָט זיך געלאָזט און אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד. מען האָט אַרויסגעפירט טראַנסמיסיעס קעסלען, טיילן פון מאַשינען, וואָס אָן זיי איז די פאַבריק געוואָרן פּאַ־ראַליזירט. אָבער מער פון אַלץ האָט באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו אַרויס־

געפירט סחורות פון די פֿאַבריק־לאַגערס. די דייטשע קריגס־רוישטאָף־שטעלע, וואָס יידן האָבן איר גלייך אַ נאָמען געגעבן קריגס־רויב־שטאָף־שטעלע, האָט טאָג־טעגלעך געריניקט די לאַגערס, אַרויסגעפירט וואַגאָנען־ווייז פּאַרטיקע סחורות, רוי־שטאָפן. די סחורות זענען אָפּגעשאַצט געוואָרן דורך די דייטשע באַאַמטע שפּאָט ביליק, אָבער אויך דאָס האָבן זיי נישט באַצאָלט, נאָר אַרויסגעגעבן צעטעלעך, פֿאַר וועלכע מען וועט קאָנען קריגן געלט נאָך דעם קריג. אָט די צעטעלעך זענען געווען פול אין לאַנד. עס האָבן זיי געהאַלטן פֿאַבריקאַנטן און סוחרים אין די פּוסטע אייזערנע קאַסעס. יידישע קרעמערלעך, וואָס מען האָט ביי זיי צוגענומען דאָס לעצטע פון קרעמל, די קליאַמקעס פון די טירן, האָבן די דייטשע קוויטלעך באַהאַלטן אין די פּסחדיקע הגדות, אין די סליחות; פּויערים אין די דערפער, וואָס מען האָט ביי זיי צוגענומען פערד און קי, האָבן די צעטעלעך באַהאַלטן אונטער די הייליקע בילדער אויף די ווענט. אָבער קיין גראָשן פֿאַר זיי האָט מען נישט געקאָנט קריגן. זיי האָבן נישט געצאָלט, די דייטשי. זיי האָבן אַלץ אָפּגעלייגט אויף נאָכן קריג. ווען זיי וועלן גענצלעך צעשלאָגן די לויזיקע רוסן, די סיפיליטישע פראַנצויזן און די גאָט־פֿאַרדאַמטע ענגלענדער. אָנשטאָט געלט האָבן זיי געצאָלט דער באַפעלקערונג מיט פּאַפּירלעך, מיט מיליטערישע מאַרשן און מיט פּראָפּאַגאַנדע־בילדער אויף די ווענט, מיט פֿאַרביקע מאַליערייען, ווי איין דייטש שטעכט צענדליקער שונאים. ווי פֿאַר איין דייטשיש זעלנערל לויפן גאַנצע פיינטלעכע מחנות. מער פון אַלץ און אַלע האָט מען אויפגעקלעפּט אויף די גאַסן די פּאָרטרעטן פונעם קייסער און הינדענבורג. מיט ראָזע בעקעלעך, ווי דאָרפישע כלה־מיידלעך צו דער חופּה, מיט שפּיציקע וואָנצן אַרויף, ווי די באַיאָנעטן, מיט אַרויסגעזעצטע ברוסטן באַהאָנגען מיט מעדאַלן און קרייצן, מיט הענט אָנגעשפּאַרט אויף די שווערדן, האָבן זיי אַראָפּגעקוקט פון אַלע אַלטע מויערן, פון אַלע ווענט און פּאַרקאַנעס. לעבן זייערע פיס זענען געלעגן קרומע, הויקערדיקע, מיט קרומע קרוינען אויף די קעפּ, דער רוסישער צאַר, די ענגלישע, בעלגישע און סערבישע קעניגן. אויף אַנדערע פּלאַקאַטן זענען געוויזן געוואָרן דער אונטערשייד פון דייטשלאַנד ביז די פיינטלעכע מלוכות. אויף דער דייטשער זייט איז דאָס גראָז געווען שטאַרק גרין, בלומען האָבן געשפּראָצט, אַ בלאָנד־האָריקע פֿאַסטעכין האָט גרויסע ריזיקע קי מיט שווערע אייטערס געפּיטערט. אויך די חזירים זענען געווען ראָזע, העל, גרויס און גליקלעך. אויף דער זייט פון די פיינטלעכע לענדער, אין פראַנקרייך, ענגלאַנד, רוסלאַנד זענען די פעלדער געווען נאַקעט און אויסגעקראָכן, די קי דאַר און קוואַר, די חזירים נעבעכדיק, הויט און ביין. אונטן זענען געווען אָפּגעדרוקט זייער פּאַטריאָטישע און סאָלדאַטיש־הומאָריסטישע גראַמען, וואָס האָבן זיך פֿאַרענדיקט מיט דער בקשה צו גאָט, ער זאָל שטראָפן ענגלאַנד און מיט דער ביטע צו דער באַפעלקערונג, זי זאָל מאַכן קריגס־אָנלייעס, אַריינטראָגן די אָפּגעשפּאָרטע געלטער אין די דייטשע קאַסעס,

פּאַרוואָס מען וועט נאָכן דייטשן זיג איבער די פּיינט זייער גוטע פּראָ־צענטן קריגן.

ער האָט געריייניקט די שטאָט, דער באַראָן פאָן היידעל־היידעללאָו, גע־ריייניקט גרינטלעך, פּינקטלעך. די גאַסן זענען פול געווען מיט מיליטערישע מאַרשן, פּלאַקאַטן, ציווילע לוויות, אַנטלויזונגס־בעדער. בעדער און טעאַטער פאַרן פאָלק — האָט באַראָן פאָן היידעל־היידעללאָו געגעבן, ווי פאַר אַ יורש פון די רוימער שטייט אָן. מער פון אַלע אַנדערע האָט ער געריייניקט די גרעסטע פאַבריקן — מאַקס אַשכנזיס און פלידערבוימס. ער האָט גאָרנישט אויפגעהערט צו פירן פון זיי, טאָג נאָך טאָג.

ביים דירעקטאָר יאַקוב אַשכנזי אין הויז איז געווען אומעטיק, די זאָרג איז אין אַלע ווינקעלעך געלעגן.

פלידערבוימס יורשים האָבן פון קיין זאַך נישט געוואוסט. ווי תמיד, זענען די זין פאַרטאָן געווען אין זייערע מיסטישע סעאַנסן. אויסלייגן פּאַ־סיאַנס, אַרומפירן זיך מיט גלחים. זיי האָבן אָפּט זייערע פאַרשטאָרבענע עלטערן אַרויסגערופן פון יענער וועלט און מיט זיי לאַנג גערעדט. די טאָכטער, כאָטש שוין אַן עלטערע, האָט נאָך אַלץ אַרומגעיאָגט זיך נאָך ליבעס. וואָס עלטער זי איז געוואָרן, אַלץ נאָך יינגערע געליבטע האָט זי זיך אַרומ־געטריבן. זיי האָבן פון קיין זאַך נישט געוואוסט אין פאַבריק, נישט פאַר־שטאַנען אין מסחר, נישט רעכט באַגריפן די צייט, און נאָר איין זאַך געוואוסט— צו פאָדערן געלט פון דירעקטאָר. וויפל ער האָט זיי נישט געגעבן, איז געווען צו ווייניק. דאָס געלט איז זיי פון צווישן די פינגער צערונען.

— געלט, נאָך געלט! — האָבן זיי געשטעקט הענט צו יאַקוב אַשכנזי.

אָבער יאַקוב אַשכנזי האָט נישט געהאַט פון וואַנען צו נעמען. די רוסישע בענק, אין וועלכע די פאַבריק־געלטער זענען געלעגן, זענען אַוועק, נישט אויסצאָלנדיק קיין גראָשן. די אַלע ווערט־פּאַפּירן, אָבליגאַציעס, וואָס זענען פול געווען אין אַלע אייזערנע קאַסעס, האָבן קיין ווערט נישט געהאַט. ווי פּגרים זענען זיי געלעגן, די גרויסע שטייפע פּאַפּירן מיט די אָדלערס. די אַרבעטער האָבן זיך געזאַמלט אַרום דער פאַבריק, געשטאַנען מיט היטלען אין די הענט בלאַסע, דאַרע, אומגליקלעכע. וויפל די פאַבריק־וועכטער און די מיליציאַנטן האָבן זיי נישט געטריבן פון די פאַרמאַכטע פאַבריק־טויערן, זענען זיי נישט אָפּגעטראָטן. ווי אויסגעהונגערטע באַשעפענישן, וואָס אין זייער הונגער פאַרלירן זיי יעדער שרעק און לאָזן זיך נישט אָפּטרייבן פון שוועלן, כאָטש מען יאָגט זיי און מען וואַרפט אויף זיי שטיינער, אַזוי האָבן די הונגעריקע מענטשן נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון זייערע שטייענדיקע פאַבריקן. קיין שום פּאָליצייאישע קלעפּ האָבן זיי נישט אָפּגעשראָקן.

— ברויט, — האָבן זיי געראָפן, — מיר זענען הונגעריק!

פון די ברויט־קאַרטן, וואָס די דייטשן האָבן אויסגעטיילט פאַר אַ חודש פריערַאויס, האָט מען קוים געקאָנט אַ וואָך צייט זיך דערנערן. אויך איז דאָס ברויט געווען קלעפּיק און ליימיק. עס האָט מער צערייצט ווי געזעטיקט.

ווער עס האָט געהאַט עפּעס געלט, האָט אויף די ווינקל־גאַסן ביי די קאַרטן־הענדלער געהיים ברויט־קאַרטן געקויפט, אמתע אָדער פאַלשע. די אָרעמע, די אַרבעטסלאָזע האָבן אַפילו נישט געהאַט די עטלעכע גראָשן דאָס ביליקע קאַרטן־ברויט צו קויפן. און זיי זענען געשטאַנען ביי די פאַרמאַכטע טויערן פון די פאַבריקן און דאַרע הענט אויסגעשטרעקט.

— ברויט! — האָבן זיי געשריגן. — מיר קאָנען שוין מער נישט הונגערן!

די פאַבריקאַנטן האָבן געמוזט אַריינוואַרפן זיי צו ביסלעך געלט. דער קאָמענדאַנט אַליין האָט עס די פאַבריקאַנטן געלאָזט וויסן. ער האָט נישט געוואָלט קיין אומרועס אין שטאָט, קיין אַרבעטער־רעדלעך. ער האָט געוואָלט רו, מיליטערישע מאַרשן און ריינע גאַסן, פון וועלכע די קריגס־קאָרעספּאָנדענטן זאָלן לעקן די פינגער, באַשרייבן זיי אין די בערלינער צייטונגען. צוזאַמען מיט דעם פאָטער פון דער שטאָט, דעם מוסטערהאַפטן באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו.

אין אָנהויב האָט יאַקוב אַשכנזי געגעבן. ווי שטענדיק איז ער געווען אַ קנאַפּער בעל־תכלית, נישט געזאָרגט וואָס שפּעטער וועט זיין, געלעבט מיטן טאָג און געהאַט בטחון, אַז עס וועט שוין ווי נישט איז זיך אַרויס־דרייען. אויף מאָרגן זאָל גאָט זאָרגן. ער האָט פון די געבליבענע געלטער געטיילט מיט אַ ברייטער האַנט פּלידערבוימס יורשים, אַליין אויסגעגעבן, די אַרבעטער געלט אַריינגעוואָרפן, צדקה פאַר די שטאָטישע קיכן געטיילט.

זיין ווייב גערטרוד, די יונגע און שיינע, האָט, פּונקט ווי איר באָבע פּריוועס, געהאַט זייער שיטערע פינגער. אוצרות זענען דורך זיי צעשוואו־מען. זי האָט געמוזט האָבן די שענסטע קליידער, די טייערסטע פוטערס, די ווערטפולסטע צירונג, די עלעגאַנטסטע קאַרעטעס, די בעסטע בעלער מאַכן, אַזוי, אַז קיינער זאָל זי נישט איבעריאָגן, זי זאָל קיניגן איבער אַלעמען, זאָלן די מענטשן צעפּלאַצט ווערן! ווי די באָבע אירע, האָט זי כסדר אויסגעשטרעקט די ווייסע־פינגער נאָך געלט.

— נאָך, נאָך, יאַקוב! — האָט זי געמאָנט.

שוין אין די ערשטע יאָרן נאָך דער חתונה, האָט זי דעם מאַן און אָנקל אירן געוויזן נעגל, געצייגט אַז זי איז שמחה מאירס טאָכטער, אַ הערשערין און אַ דעספּאָטין. אין די ערשטע חדשים איז זי געווען דעספּאָטיש אין איר ליבע. זי האָט אים געליבט, דעם אָנקל אירן, וואָס איז מער ווי טאָפּלט אַלט געווען ווי זי, שטאַרק געליבט, אָבער אין דער ליבע אירער האָט זי דעם מאַן אויפגעפרעסן, ווי די שפּינעכע, וואָס פרעסט אויף איר זכר. זי האָט פאַרלאַנגט זיין ליבע בלויז פאַר זיך, אינגאַנצן פאַר זיך. זי האָט אים נישט געלאָזט רעדן מיט קיין מענטשן, נישט קוקן אויף קיין פרוי, נישט מאַכן קיין אָוואַציעס די אַקטריסעס אין די טעאַטערן. נאָר בלויז ער זאָל זיין מיט איר, כסדר קוקן אויף איר, שפּיגלען זיך אין איר פּנים. זי האָט אים אָפּגעצויגן פון מענטשן, וואָס ער האָט אַזוי ליב צו פאַרקערן מיט זיי,

אַוועקגעשלעפּט אים פון פּריינט, באַקאַנטע. זי איז געווען אייפערזיכטיק אויף יעדן, נישט נאָר אויף ווייבער, וואָס ער האָט אַזויפיל געקענט, נאָר אויך אויף מענער, אויף פריינט זיינע, קאָלעגן און באַקאַנטע. אין יעדן האָט זי געזען אַ קאָנקורענט פאַר זיך. אַז דער מאַן האָט צו עמעצן געלאַכט, פריינטשאַפט אַרויסגעוויזן, איז עס געווען, ווי יענער וואָלט ביים מאַן אירן צוגערויבט דאָס, וואָס קומט איר, בלויז איר. זי האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן, ווען דער מאַן רעדט צו אימעצן פריינטלעך, ווייזט אַרויס ליבשאַפט. דאָס איז געווען ביי איר, ווי מען וואָלט זי באַרויבט. זי איז געווען דעם טאַטנס טאָכטער. זי האָט נישט באַנוגנט זיך מיט עפּעס, מיט האַלבע זאַכן. זי האָט געוואָלט אַלץ.

זי האָט אים דערווייטערט פון מענטשן, אָפּגעריסן פון פריינט, אין קאַפּע נישט געלאָזט גיין, נאָר ער זאָל זיצן לעבן איר, נאָר איר אַליין אַרויסווייזן זיין ליבע, זיין איבערגעבנקייט.

אַליין אַ שקלאַפין פון ליבע, וואָס אין גרויסער ליידנשאַפט קאָן זי זיך וואַרפן דעם מאַן צו די פיס, קושן זיינע טריט אין עקסטאַז און בעטלען מענערישע לאַסקעס און צערטלעכקייטן, איז זי אויך געווען אַ הערשערין; זי האָט נישט געוואָלט וויסן פון זיינע שטימונגען און באַגערן, פון זיינע נייגונגען און געפילן, פון זיינע געוואוינהייטן און לויבען, פון זיינע כוחות און עלטער. זי האָט אים אויפגעגעסן, פאַרצערט, פאַרשקלאַפט, אויסגענאָגט.

מיטן זעלבן אימפּעט, ווי זי האָט זיך פריער געוואָרפן אויף אים, האָט זי שפּעטער אָפּגעוואָרפן אים, אַוועקגעוואָרפן פון זיך ווי אַן אויסגענאָגטע פרוכט, וואָס מען דאַרף נישט מער. זי האָט זיך נישט לאַנג געקאָנט האַלטן אין קיין זאַך. איר איז גיך געפעלן געוואָרן און גיך אויפגעהערט צו געפעלן. זי האָט אַלעמאָל געזוכט נייעס, געוואָלט גיין, לויפן ראַשיק, נישט שטיין אויף קיין אָרט. נאָך די ערשטע ווילדע חדשים פון ליבע־באַגער, האָט זי אַנדערע באַגערן געקריגן, באַגערן צו גלאַנצן מיט ברייטקייט איבערצויאָגן אַלעמען מיט לוקסוס, צו פירן שטאַט. יאַקוב איז קיין קאַרגער נישט געווען. ער האָט אַליין געוואָרפן מיט געלט, מער אויסגעגעבן, ווי גערעכנט. אָבער זי, גערטרוד, איז ווילד געווען אין איר אויסברענגערישקייט. מיט אַ גוואַלטיקן אימפּעט האָט זי איר הויז אויסמעבלירט, די ווענט מיט טייערע זיידנס באַדעקט, די קאָסטבאַרע מעבלען, טעפּעכער, בראָנזן, מאַלערייען, גלאָזוואַרג איינגעהאַנדלט. זי האָט נישט געוואָלט באַזעצן זיך אין הויז ביי דער פאַבריק, וואָס איז פאַר אַ דירעקטאָר אויסגעבויט געווען. עס איז איר נישט אָנגעשטאַנען צו וואוינען אין דעם קליינעם הויז, וואָס זעט אויס ווי אַ צולייג צו פלידערבוימס פּאַלאַץ. זי האָט אַליין אַ קליין פּאַלאַצל אויסגעזוכט, אַ פּאַלאַצל מיט געשניצטע באַלקאָנען, מיט זיילן, פיגורן און מיט אַ רונדן צופאָר פאַר קאַרעטן, וואָס אַ באַנקראָטירנדיקער פאַבריקאַנט האָט פאַרקויפט.

גאַנצע טעג און נעכט איז זי אָפּגעלעגן ביי דעם פּאַלאַצל, וואָס זי האָט

רעמאָנטירט און אויסמעבלירט. זי האָט זיך אַרומגעריסן מיט די מוליאַרעס, מיט די סטאָליאַרעס, מיט די טאַפּעצירער, אַלעמאָל פאַרלאַנגט עפּעס אַנדערש, מען זאָל איבערמאַכן, איבערבויען, איבערשמירן. זי איז געקראָכן איבער טרעפּ, איבער ברעטער, איבער רושטאָוואַניעס, אַרומגעיאָגט זיך מיט דעם מאַנס קאַרעטע איבער די געשעפטן, איינגעהאַנדלט זאַכן, צוריקגעגעבן, אויסגע־ביטן, חרטה געהאַט, ווידער איינגעהאַנדלט. יאַקוב האָט שוין אָנגעהויבן זיך פאַרבענקען נאָך איר, אָבער זי האָט נישט געהאַט קיין צייט פאַר אים. איר משוגעת איז געווען איצט דער פּאַלאַץ, די מעבלען. זי האָט זיך אַרויסגע־גליטשט פון זיינע הענט, ווען ער האָט זי אַרומגענומען.

— שרעקלעך פאַרנומען, — האָט זי געזאָגט און געלאָפן, אויסשטרעקנדיק די האַנט נאָך געלט. — נאָך, נאָך געלט, יאַקוב, גאָר אַ סך...

יאַקוב האָט געגעבן, אומגעציילט געגעבן. אַז דער פּאַלאַץ איז פאַר־טיק געוואָרן, האָבן זיך אָנגעהויבן בעלער, איינלאַדונגען. שטענדיק זענען דאָ געווען מענטשן, תמיד האָט מען דאָ געטאַנצט, געשפּילט, געטרונקען, גע־ווילט זיך. דאָס גאַנצע רעדל האָט געפירט גערטרוד. זי האָט צונויפ־געשטעלט די צעטלעך פון די מענטשן, וואָס מען דאַרף איינלאַדן. זי האָט אויסגעשטראָכן דעם מאַנס באַקאַנטע און פריינט, וואָס זענען נישט געווען געגנוג אָנגעזען און וויכטיק, און אַריינגעצויגן מענטשן, וואָס דער מאַן האָט נישט געליטן, אָבער דערפאַר זענען זיי געווען פון די הויכע פענצטער, מיוחסים און אַריסטאָקראַטן.

יאַקוב, וואָס איז שוין געווען אין די העכערע פּערציקער, מיט ערשטע סימנים פון מידקייט, מיט אַ ווילן צו רו און מנוחה נאָך אַ צו־שטורמיש לעבן, מיט אַ באַגער צו תכלית און איינגעזעסנקייט, איז מיד געווען פון די שטענ־דיקע הוליאַנקעס און בעלער, פון טומל און לוסטיקייט. ער איז קיינמאָל נישט געווען קיין באַלעבאָס ביי זיך אין הויז, קיינמאָל קיין מנוחה נישט געהאַט. אָדער גערטרוד האָט געמאַכט בעלער, אָדער זי איז געגאַנגען אויף בעלער. אויך מיט די חשבונות איז געגאַנגען נישט גלאַטיק. די גרויסע גע־האַלטן זיינע אין פלידערבוימס פאַבריק זענען ווייט הינטערשטעליק גע־בליבן ביי די ריזיקע הוצאות. אַלץ מער און מער האָט ער גענומען אונטער־שרייבן וועקסעלעך, נעמען הלוואות.

ער האָט נישט גערעדט דערפון, אָבער געעגבערט אין מוח האָט עס אים, ווען ער איז איינער אַליין געלעגן וואַך אין די נעכט, וואַרטנדיק ביז פאַר־טאָג אָן שלאָף, כדי צו דערהערן גערטרודס אָנקומען פון די בעלער. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן איז ער שלעכט געשלאָפן אין די נעכט, צום טיש אָן אַפּעטיט צוגעגאַנגען און זאָרג אנשטאָט שמחה געהאַט אין בלוט.

ווען זי פלעגט אַמאָל אָפּרוען זיך פון די טומלדיקע נעכט און פאַרברענ־גען מיט אים אַליין אָן אָונט, איז ער געווען גליקלעך, גליקלעך מיט איר ליבע צו אים. ווי אין די ערשטע חדשים נאָך דער חתונה, פלעגט אויף

איר פלוצלונג אַ ליבע צו איר מאַן אָנפאַלן. ווידער איז זי געווען זיין שקלאַפין, ווידער געלעגן ביי זיינע פיס און געבעטן זיך.

— בער, האַריקער בער מיינער, פרעס מיך אויף.

זיכער אין זיין מענלעכן שטאָלץ, האָט ער וועגן אַ קינד גענומען ריידן.

— גערטרוד, וועסט זען ווי גליקלעך מיר וועלן זיין, אַ מיידעלע וועט עס זיין, מיט גאָלדענע לאָקן, ווי דו...

ווי אַלע מענער אין די יאָרן, האָט ער געוואָלט האָבן אַ קינד, און דוקא אַ טעכטערל, אַ גאָלד־לאָקיקס און אַ צערטלעכס. שוין באַלד נאָך דער חתונה מיט זיין ערשט ווייב האָט ער געוואָלט האָבן אַ קינד. זי איז געווען אַ שוואַכע, אַ קראַנקע, זי האָט אים קיין קינד נישט געגעבן. אָבער ער האָט שטענדיק דערנאָך געבענקט. מיט רווישיקע קושן פלעגט ער באַפאַלן קינדער ביי זיינע באַקאַנטע, איבערהויפּט מיידעלעך. ער איז אויס־געגאַנגען צו האָבן אַ טעכטערל. אויסער דעם, האָט ער אויך געהאַט אַ שטיקל מיין דערביי. ער האָט געוואָלט זי צוימען, די גערטרוד, וואָס וואָלט געקאָנט זיין זיין טאָכטער. צופיל איז זי אַרומגעשפּרונגען. שלעכטס האָט פון אירע אויגן אַרויסגעקוקט, דעם טאַטנס בליק, אומרואיקייט און משוגעת. ער האָט מורא געהאַט פאַר איר, איינגעמען זי געוואָלט, און קיין בעסער מיטל ווי אַ קינד צו האָבן, פאַר אַ מאַמען זי מאַכן, האָט ער נישט געזען.

אָבער זי האָט נישט געוואָלט הערן.

מיט אַ מענלעכער עקשנות, וואָס האָט גאָרנישט געפּאַסט זיך פאַר איר ווייבערישקייט, האָט זי אָפּגעשאָקלט זיך דערפון.

— יאַקוב, קיין וואָרט מער, — האָט זי אים געדראָט מיט אַ פינגער. — איך וויל זיך נישט באַגראָבן שוין אין בעטגעוואַנט און אין ווינדעלעך, איך האָב צייט!

זי האָט באַטראַכט איר קערפּער, דעם בויגיקן און שיינעם, און זי האָט געשמייכלט מיט ווייבערישער פאַרבאָרגענער לוסט אין די שלעכטע בלויע אויגן.

— פוי, ווי עקלהאַפט דאָס איז אַרומצוגיין מיט אַ בויך ביז דער נאָז. — האָט זי זיך פאַרקרימט, — בררר.

נאָך עטלעכע יאָר, ווען זי איז שוין אַ פרוי פון דרייסיק יאָר געווען איז זי אַ מאַמע געוואָרן, אַ קינד געבוירן, און טאַקע אַ מיידל, ווי יאַקוב האָט געוואָלט. יאַקוב איז געווען גליקלעך. אַן עטלעכע פופציקער שויז, מיט גרויע האָר אין דער שוואַרצער באָרד, האָט ער מיט דעם קינד זיינעם, ווי אַ יינגל זיך געשפּילט, געלייגט זיך אויף דער ערד, געבילט, געשפּרונגען, געטאַנצט דערמיט. משוגע געוואָרן פון פאָטערלעכער פרייד. אָבער זי, די מוטער, האָט זיך גאָר ווייניק געפּרייט מיט איר קינד. נישט זי האָט עס געוויגט, נאָר איבערגעגעבן עס צו אַ פולבלוטיקער דייטשער אַם מיט צע־וואַקסענע בריסטן; נישט זי האָט זיך רעכט אומגעקוקט דערויף. ווי פריער, האָט זי זיך געווילט, אַרומגעיאָגט מיט דער קאַרעטע איבער לאָדזש, גע־

קויפט אין די מאַגאַזינען, געגאַנגען אויף בעלער און אָפּגענומען זיך פאַר דער גאַנצער צייט פון טראָגן, ווען זי האָט געמוזט זיצן אין שטוב.

יאַקוב איז געווען די מאַמע. ער האָט מיט דער גרויסער צעוואַקסענער דייטשער אַם גערעדט וועגן קינדס עסן, געזונט. ער האָט זיך דערמיט גע־שפּילט, געסמאָטשקעט דערצו מיט די פולע ליפּן, געשאָקלט עס, אויף די הענט גענומען און אָנגעקוואָלן. ער האָט גאָר מער נישט געוואָלט גיין אין ערגעץ. גלייך פון פאַבריק איז ער געלאָפן אין קינדס ווייסן צימער, געטאַנצט דערמיט, געטוליעט עס צו זיך. ער האָט מער קיין חשק נישט געהאַט אין די יאָרן צו בעלער, צו ווילן זיך. ער האָט ליב געהאַט די שטוב, דאָס ווייסע קינדער־צימער, געוואָלט איצט לעבן אַ רואיק לעבן, גליקלעך מיטן אייגענעם ווייב און קינד. אים האָט אַפילו געצויגן צו אַ גרויס פאַמיליע־לעבן, ער האָט געוואָלט נאָך קינדער ברענגען אויף דער וועלט. ער האָט שוין געהאַט גענוג דאָס פריילעכע שטורמישע לעבן, איבערגעזעטיקט גע־ווען דערמיט. ער האָט געבענקט אין די נעכט נאָך גערטרודן, וואָס איז, נאָכן האָבן נאָך שענער און ווייבערישער געוואָרן. אָבער זי האָט נישט געוואָלט טיילן מיט אים איר לעבן. זי האָט געווילט זיך, גאַנצע נעכט אויף בעלער אַרומגעלאָפן, געפּוצט זיך, געצירט. אויפן טעכטערל פלעגט זי בלויז געבן אַ בליק, אַ קוש אַריינוואַרפן איר און ווייטער לויפן.

יאַקוב איז געווען פאַרביטערט, בייז, אויך פון די געשעפטן זיינע האָט ער קיין נחת נישט געהאַט. זינט די דייטשן זענען אַריין אין שטאָט און די פאַבריק האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז גאָר געווען נישט פריילעך ביי אים אין הויז. די פאַבריק האָט נישט געגעבן, די יורשים פלידערבוימס האָבן פאַרלאַנגט, דאָס אייגענע ווייב האָט געפאָדערט, זי האָט גאָרנישט געוואָלט וויסן זיינע חשבונות, די ביטערע צייט. זי האָט געדאַרפט אַ סך. וויפל דער מאַן האָט איר נישט געגעבן, איז עס צווישן אירע ווייסע פינגער צערונען. כאָטש זי האָט אַליין פון איר אייגענעם ווילן חתונה געהאַט מיטן עלטערן פעטער, אָנגעוואָרפן זיך אויף אים, האָט זי פונדעסטוועגן געפילט, ווי עס וואָלט איר אַן עולה געשען דערמיט, וואָס זי האָט אַ מאַן אַ פיל עלטערן פון זיך, אַ מידן שוין און אַ באַלעבאַטישן. דערפאַר טאַקע האָט זי געוואָלט כאָטש געניסן, אויסגעבן וויפיל זי וויל, לעבן אין לוק־סוס, וואָס זאָל זיין איר אַ פאַרגיטיקונג. כדי צו פאַרנעמען זיך די צייט, האָט יאַקוב זיך אַריינגעוואָרפן אין קהל־זאַכן, ער האָט געהערט צו קאָ־מיטעטן, געפירט פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן, געקהלט זיך, גענאָסן פון כיבודים.

גערטרוד זיין ווייב, האָט איצט אָפענע בעלער ביי זיך אין פאַלאַץ איינ־געאָרדנט. פאַרשווענדעריש האָט זי דעם מאַנס לעצטע געלטער אויסגע־געבן, רייכע הוליאַנקעס געמאַכט און איינגעלאַדן יונגע פרויען און מענער. אַפילו עטלעכע דייטשע לייטענאַנטן מיט שראַמען אויף די געזיכטער, אויסגעשטייפטע, גאוהדיקע און אָנגעצויגענע, ווי זיי וואָלטן געטאָן גענאָד

די פּאַלנישע שוויינען און די לויזיקע יידן דערמיט, וואָס זיי לאָזן זיך אַראָפּ און קומען אין זייערע הייזער, האָבן זיך געדרייט אין יאַקוב אַשכנזיס הויז, געטאַנצט מיט דער באַלעבאָסטע, איר האַלב־סענטימענטאַלע און האַלב גראָבע מיליטערישע קאָמפּלימענטן געמאַכט, סיי פּאַר אירע וויינען, סיי פּאַר איר שיינקייט.

— היפּש, זייער היפּש, גנעדיקע פּראַו, — האָבן זיי געמורמלט. — זי זינד יאַ איינע ראָזע אין דער מיסט־שטאָט לאָדזש...

אַשכנזי האָט געשטערקט העגנט צו די יונגעלייט, צו די דייטשע לייטע־נאַנטן, געזאָגט, אַז ער איז זייער צופרידן די הערן צו זען אין זיין הויז, אָבער זיין בלוט איז געוונצלט געוואָרן פון פאַרדרוס און אייפערזוכט. יאָ, ער איז געווען אייפערזיכטיק אויף די יונגע מענער אין זיין הויז. ער האָט נאָך געדענקט פון זיינע יונגע יאָרן, מיט וואָס פּאַר אַ חוזק ער האָט געקוקט אויף די עלטערע מענער, וואָס האָבן אים געזאָגט „זייער אנגענעם", ווען זייערע יונגע שיינע ווייבער האָבן אים פּאַר זיי פּאָרגעשטעלט. ער האָט געוואוסט, אַז די מענער ווילן אים שיקן צו אַלדי רוחות, און טאַקע דערפאַר האָט ער אויף זיי מיט שפּאַס געקוקט און געלאַכט פון זיי אין האַרצן דערפון, וואָס די ווייבער זייערע, די יונגע און די שיינע, קוקן אים מיט ליבע אין די אויגן אַריין. ער האָט געקענט די קאָמעדיע. איצט האָט ער זי דורכגעמאַכט ביי זיך אין שטוב.

ער האָט געקענט די ווייבער, מיט אַלע זייערע באַהאַלטענע ווייבערישע כיטרעקייטן און שלויקייטן. ער האָט געוואוסט, וויפל ליידנשאַפט זיי פלעגן קענען אַריינלייגן אין די טענץ מיט אים, ווען ער איז יונג געווען, וויפל זינדיקייט זיי קענען אַריינגעבן אין די כלומרשט אומשולדיקע טענץ מיט אַ מאַן, וואָס זיי האָבן ליב. ער פלעגט עס אַרויספילן פון יעדער ווייבע־רישער נאָכגיביקייט צו זיינע באַלאַנסירונגען, אין האַלטן די האַנט, אין צודריקן דעם פוס, אין באַרירן מיט די האָר, אין יעדן בויג און קנייטש. ער האָט געדענקט וויפיל זינדיקע זיסקייט עס קענען אַרויסברענגען די ווייבערישע ליפּן אין זייערע שטילע געשפּרעכן מיט מענער אין די ווינקע־לעך פון די זאַלן, ביי געדעמפטער רויטער ליכט. טויזנטער וועגן האָבן זיי ווי אַזוי צו רעדן צו אַ מאַן, ווי אַזוי דאָס בלוט אים אָנצוצינדן, אין אַ דריק פון אַ האַנט, אין אָנשפּאַרן זיך אין אַן אָרעם, אין זיצן אין אַ קאַרעטע, אין יעדן ריר און קער. אין די אויגן פון זייערע מענער, פלעגן זיי אים הייסע ליבע אַרויסווייזן, געגנאַרט זיי, די מענער, אין זייער קעגנוואַרט. מיט וואָסער הנאה פלעגט ער דאָס אַליין אַמאָל עלעגאַנט זיך דערנענטערן צו אַ טיש וואו אַ יונגע שיינע פרוי זיצט מיט איר עלטערן מאַן, בעטן ביים מאַן אַן ערלויבעניש צו טאַנצן מיט זיין פרוי, און אים די פרוי פון די העגנט אַרויסנעמען. זיי זענען אים דאַנקבאַר געווען, די פרויען, דערפאַר, וואָס ער האָט זיי אויסגעלייזט פון זייערע נודנע מענער. די וויצן, וואָס די מענער אַליין האָבן געמאַכט איבער זיך, כדי צו ראַטעווען

זיך מיט אַ שפּאַס פון דעם ווייטיק און פּאַרדרוס, זענען געווען נעבעכדיק און פאַלש. ביידע, אי ער אַליין, אַשכנזי, אי די פּאַרטנערין זיינע, האָבן געפילט די נאַרישקייט דערפון, געשפּאָט אָן ווערטער פון אַלטן נאַר און זיך שטאַרקער געטוליעט צו זיך אין טאַנץ. אָ, ער האָט די אַלע זאַכן געקענט. ער האָט געקענט די תירוצים פון די פרויען, ווען זיי קומען אַהיים צו שפּעט, די איבערגעטריבענע צערטלעכקייט זייערע צו די מאַנען נאָכ־דעם ווי זיי נאַרן זיי, דעם שפּאַס און חוזק פון די ווייבער איבער זייערע פּאַרדאַרטע מאַנען, ווען זיי זענען אין די אָרעמס פון זייערע געליבטע. וויפל האָבן זיי דאָס פּאַר אים אַליין אויסגעשפּעט זייערע מאַנען, אויסגע־לאַכט, ווען זיי האָבן זיך געצאַפּלט אין זיינע אָרעמס, אַזוי, אַז אים אַליין איז שוין געוואָרן איבערדריסיק פון דער ווייבערישער פאַלשקייט איבערן מענטלעכן מין זיינעם. ער האָט זיי געליבט, נישט געקאָנט לעבן אָן זיי, אָבער ער האָט געוואוסט זייער שלויקייט, זייערע באַהאַלטענע זינד. גענוג האָט ער זיך דערמיט באַגענגט. איצט האָט ער זיך אַליין געזען אין דער לאַגע פון אָט די מענער. ער האָט געזען מיט וואָסער מענטלעכער גאוה די קאַוואַליערן טוליען זיין ווייב צו זיך אין טאַנץ, די חוצפּהדיקע אויגן, וואָס זיי מאַכן, די שפּאָטישע בליקן צו אים. ער האָט אויפגעכאַפּט יעדע ווײ־בערישע נאָכגיביקייט פון זיין יונג דעקאָלטירט ווייב, ווען זי גייט נאָך ווי אַ שקלאַפין די טריט פון אירע טענצער און פּאַרערער. און אים האָט זיך איינגעשרומפּן דאָס האַרץ, דאָס בלוט איז אים גערונען געוואָרן.

ער איז אַוועק צו דעם ווייסן קינדער־צימער, אויף אַ קליין בענקעלע זיך לעבן קינדס בעטעלע אַוועקגעזעצט, אויסגעהערט דאָס גלייכע און נאָרמאַלע קינדערישע אָטעמען און ער האָט געפילט אַ טרייסט אין זיין לעבן. פון די ווייטערע שטובן איז זיין שוויגער דינהלע אַרויס און אויף די שפּיץ פינגער אַריין אין קינדער־שטוב.

זי האָט געוואוינט ביי איר טאָכטער נאָך דעם ווי די עלטערן אירע זענען געשטאָרבן. זי איז געבליבן אַליין, עלנט. איר גאַנץ פּאַרמעגן איז געבליבן שטעקן אין אַ רוסישער באַנק. פון איר זון איגנאַץ אין פּאַריז האָט זי נישט געהערט. ער האָט איר בלויז געשריבן אין אָנהויב מלחמה, אַז ער איז פרייוויליק אַריין אין אַ פראַנצויזישן רעגימענט. מער האָט זי פון אים נישט געוואוסט. און זי איז אין איר עלנט אַריבער צו איר טאָכטער אין פּאַלאַץ. שוויינגדיק, אָן איין וואָרט אויסצורעדן, איז זי געזעסן ביים טיש צוזאַמען מיט איר טאָכטער, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט דעם, וועמען זי האָט אַזוי שטאַרק און אַזוי שטיל געליבט. ווי שטענדיק איז זי געזעסן ביי אירע ביכלעך, געלעבט מיטן לעבן און די טראַגעדיעס פון די העלדן און העלדינס. אויסער די ביכלעך, האָט זי געהאַט דאָס קינד, דאָס אייניקל. מער נאָך ווי צום קינד פון איר טאָכטער, האָט זי געפילט אַ שטאַרקע ליבע צום קינד פון אים, יאַקובן. אין איר קושן און האַלדזן דאָס קינד, פלעגט זיך איר אויסדאַכטן, אַז דאָס איז איר אייגן קינד, וואָס זי האָט

געהאַט מיט אים, יאַקובן. זי פּלעגט עס אינגאַנצן דעמאָלט מיט קושן פון קעפּל ביז די פּיסלעך באַדעקן.

— פּריוועשי, טרייסט מיינע, — האָט זי געצערטלט דאָס אייניקל, וואָס האָט נאָך איר מוטער געהייסן.

אויך איצט, כאָטש עס איז שוין געווען שפּעט, איז זי נישט געשלאָפן. זי האָט נישט געקאָנט הערן רואיק די מוזיק און טענץ, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון זאַל, און זי איז אַריין צום קינד. אַ ווײַלע איז זי געבליבן שטיין ביי דער טיר, ווען זי האָט יאַקובן דערזען ביים קינדס בעטעלע. ער איז געזעסן אַ געבויגענער, אַ געבראָכענער, מיט אַ געזונקענעם קאָפּ. איר האָט ביים האַרץ פאַרקוועטשט. באַלד איז זי צוגעגאַנגען אויף די שפּיץ נעגל און אים אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן קאָפּ.

— יאַקובֿ, — האָט זי אים געמונטערט, — גיי שלאָפן. איך וועל זיצן ביים קינד.

יאַקוב האָט זי אָנגעקוקט מיט גרויסע שוואַרצע אומעטיקע אויגן.

— איך בין נישט שלעפעריק, — האָט ער געזאָגט, — איך קאָן נישט שלאָפן.

— איך שלאָף אויך נישט אין די נעכט, יעקב, — האָט זי אַ טרויעריקע געמורמלט.

זי האָט אים גערופן מיטן נאָמען פון אַמאָל, ווען זיי פלעגן זיך שפּילן ביידע אין יאָגעלעך, אין ר׳ אברהם הערשס מויער אויף דער אַלטער שטאָט.

## קאַפּיטל צען

ווי אַלע רעוואָלוציאָנערן, וואָס זענען צוריקגעקומען פון קאַטאָרגע, פאַרשיקונג, פון טורמעס און פון אויסלאַנד צום באַפרייטן רוסלאַנד, האָט מען אויך דעם צוריקגעקומענעם באַלשעוויסטישן פירער באַגריסט אין פעטערבורג מיט רעדעס, מוזיק און רויטע פאָנען. אָבער דער קליינגע־וויקסיקער פּולער מאַן מיטן נאַקעטן שאַרבן און טאָטערישן פּנים איז נישט ווייך געוואָרן, ווי אַנדערע, דערזעענדיק דאָס פרייע רוסלאַנד. ער האָט נישט געוויינט פון פרייד, ווי אַ סך פון די אַנדערע רעוואָלוציאָנערן, נישט אָפּגעענטפערט מיט הויכע רייד אויף די רעוואָלוציאָנערע ווערטער פון די באַגריסער.

אַ פּירעקיקער, מיט הויך־אויפגעהויבענע אַקסלען, מיט די הענט אין די הויזן־קעשענעס אַריינגעשטעקט, אַרויסשפּאַרנדיק די ברוסט פאָראויס, מיט אַן אַרויסגעשטרעקטן נאַקעטן קאָפּ, וואָס פאַרענדיקט זיך ביים קין מיט אַ געלבלעך שפּיץ בערדעלע, אַ נישט־אָנזעעוודיקער, אָבער אַ האַרטער, ווי אַ דעמבן פּירעקיק קלעצל, וואָס וואָס קלענער עס איז, אַלץ שטאַרקער איז עס, איז ער געשטאַנען אַ האַרטער, אַ טרוקענער, אַ זיכערער אין דער

יום־טובדיקער שטאָט, וואָס דורכן שניי אירן האָט דער פרילינג שוין גענומען אַרויסקריכן. ער האָט געקוקט אַרום זיך אויף די רויטע פענער, געשפּיגלט זיין נאַקעטן קאָפּ אין די גלאַנציקע מעשענע מיליטערישע טראָ־מייטן, וואָס האָבן געשפּילט די „מאַרסעליעזע״ לכבוד אים, געמרוזשעט די אויגן אויף די רעפּרעזענטאַבעלע רעדנער, די באַגריסער זיינע, הדרת־פּנימער איינס און איינס מיט שיינע פיגורן, שיינע האָריקע קעפּ און בערד, און ער האָט געקנייטשט דעם הויכן שטערן זיינעם. די יום־טובדיקע רעדעס זענען אים אין איין אויער אַריין און דורכן צווייטן אַרויס. אַן איינגעהאַלטענער איראָנישער שמייכל איז אים געלעגן אין די ווינקלען פון די אויגן, אין די ליפּן, אין שפּיץ געלבלעכן בערדעלע, אַפילו אין געקנייטשטן שטערן, וואָס איז אים פאַרקראָכן אין נאַקעטן שאַרבן אַריין.

ער האָט לאַנגווייליק אויסגעהערט די קלינגענדיקע טענאָרן, די ברוסט־טיפע באַסן פון די רעפּרעזענטאַבעלע שיין־אויסזעענדיקע רעדנער, וואָס יום־טוב און פּאָעזיע רינט פון זייערע ליפּן, כדי ענדלעך אַליין צו נעמען דאָס וואָרט און מיט קאַלט וואַסער אָפּגיסן זייערע געהויבענע האָפערדיקע און פייערדיקע רייד.

ניין, נישט קיין זינגענדיקן טענאָר, נישט קיין גלעטנדיקע ברוסט־שטים האָט דער קליינער פּירעקיקער מאַן פאַרמאָגט, ווי די באַגריסער זיינע. זיין שטים איז געווען טרוקן, האַרט, ווי זיין פיגור, די קליינע און קלעצלדיקע. אויך האָט ער נישט באַנוצט קיין שיינע ווערטער, קיין ציטאַטן פון דיכטער נישט אַריינגעפּלאָכטן אין זיינע רייד, זיינע זאַצן מיט פּאָעזיע נישט באַ־ווירצט. אָבער איין גוטע קאָרט האָט ער געהאַט אין דער האַנט, וואָס האָט ביי די סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געקוועטשט זיך אַרום די רעדנער, בעסער אויסגענומען פון אַלע שיין־קלינגענדיקע, יום־טובדיקע און פּאָע־טישע רעדעס פון די רעפּרעזענטאַבעלע מענער.

— חברים, די גאַנצע מאַכט דעם פּראָלעטאַריאַט, — האָט ער געריפן. — חברים, פאַרלאָזט די פראָנטן, פאַרגיסט נישט אייער אַרבעטער־בלוט פאַר די אימפּעריאַליסטישע מלחמות. שטעלט אָן די ביקסן קעגן אייער איינציקן שונא — דער בורזשואַזיע. נעמט צו ביי די פאַבריקאַנטן די פאַבריקן, ביי די פּריצים די ערד און טיילט עס אין צווישן זיך! נאָך אייך וועלן עס נאָכטאָן די אַרבעטער און פּויערים פון דער גאַנצער וועלט. אויס מלחמה!

תחילת האָט מען דעם מאַן מיט די גרילצנדיקע וואָכעדיקע רייד אין יום־טובדיקן לאַנד באַגעגנט מיט שפּאָט, חוזק. מען האָט אים אויסגע־לאַכט, אין די אויגן פון פאָלק פאַרמיאוסט. די ערשטע זענען אַרויס די צייטונגען. אָ, מען האָט געקאָנט דערוואַרטן אַזוינס פון איינעם, וואָס איז געקומען אַהער, אין באַפרייטן רוסלאַנד, מיט דער הילף פון שונא — דייטשלאַנד. אין אַ פאַרפּלאָמבירטן דייטשן וואַגאָן איז ער געקומען. דאָס האָבן אים די דייטשע מיליטאַריסטן ספּעציעל געשיקט קיין רוסלאַנד, כדי צו דעמאָראַליזירן די מאַסן, כדי אויפצוהעצן די סאָלדאַטן קעגן דער

מלחמה, צו פאַרלאָזן די פראָנטן, אַזוי, אַז דאָס דייטשע מיליטער זאָל גלייך קאָנען פאַרכאַפּן רוסלאַנד. אַ רוס, וואָס האָט געקאָנט גיין אויף אַזאַ וועג, קומען קיין רוסלאַנד מיט דער הילף פון שונא, איז אַ פאַררעטער, אַ שפּיאָן, וואָס די באַפרייטע רוסישע מאַסן וועלן אים אויסשפּייען, וועלן זיך אָפּקערן מיט עקל פון אים און זיינע לייט.

אויף מיטינגען, פאַרזאַמלונגען, האָבן די רעדנער פון אַנדערע פאַרטייען געמאַכט אויסצודרייען פון דעם מאַן, וואָס איז אין אַ דייטשן פלאָמבירטן וואַגאָן געקומען. נאָר אַ פאַנאַטיקער, אַ דאָקטרינער, וואָס האָט נישט קיין זין פאַר רעאַלע זאַכן, האָט זיך געקאָנט צו אַזאַ אומזין דערקלערן, אַז דאָס נייע באַפרייטע רוסלאַנד זאָל פּחדניש פון פראָנט אָפּטרעטן, זאָל אירע פאַרבינדעטע פאַרראַטן, זאָל עפענען רוסלאַנד פאַר די דייטשע סאָלדאַטן, פאַר די דייטשע רעאַקציאָנערן וואָס וועלן עס דערדריקן, די אָרבעטער און פּויערים צוריק פאַרשקלאַפן. אומזין, דאָס רוסישע פאָלק, די רוסישע אַרבעטער און פּויערים זענען נישט קיין פּחדנים. זיי האָבן זייער לעבן אָפּגעגעבן פאַר דער פרייהייט, פאַר דעם וואויל פון לאַנד און זיי וועלן אויך ווייטער העלדיש קעמפן ביז אַן ענדגילטיקן זיג, כדי אין זיגערישן לאַנד דעם סאָציאַליזם צו בויען.

ניין, עס האָבן נישט קיין אָרט אין רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד די פאַנאַטישע רייד פון דעם דאָקטרינער און זיינע נאָכלויפער. דאָס בעסטע איז, מען זאָל זיי לאָזן לויפן. נישט נעמען זיי ערנסט, נישט פאַרפאָלגן זיי, נישט פאָפּולער זיי מאַכן ביי די מאַסן. דאָס פרייע רוסלאַנד אונטערדריקט נישט קיינעם, לאָזט יעדן האָבן זיין מיינונג. אָ, זיי וואַרטן נאָר דערויף, מען זאָל זיי אונטערדריקן, זיי ווילן ווערן מאַרטירער, וואָס זאָל זיי טויגן צום עסק. אָבער מען דאַרף זיי די טובה נישט טאָן. דאָס בעסטע איז צו איגנאָרירן זיי, לאָזן זיי גיין זייער וועג, ביז זיי וועלן זיך אַליין פונאַנדערפאַלן, צעקריכן זיך, אויסגיין ווי אַ קאָפּטשענדיק חלבן ליכטל. די מאַסן אַליין וועלן זיי אָפּשטויסן פון זיך, פאַריאָגן, אָפּקערן זיך פון זיי, ווייל זיי רעדן קעגן די אינטערעסן פון באַפרייטן רוסלאַנד, קעגן דעם ווילן פון די מאַסן, וואָס שטייען ווי אַן אייזערנער מויער פאַר דער באַפרייאונג.

די הומאָריסטן אין די צייטונגען, די צייכנער אין די בלעטער און זשורנאַלן, האָבן שפּאָטישע פריילעכע קאַריקאַטורן געמאַכט פון דעם קליינגעוויקסיקן מאַן, וואָס איז אין אַ פאַרפלאָמבירטן דייטשן וואַגאָן געקומען. ער האָט געהאַט אַ דאַנקבאַרן קאָפּ און פיגור פאַר קאַריקאַטורן, דער פאַרהאַסטער מאַן. זיין קורץ פיגורל, די אונטערגעהויבענע אַקסלען, דאָס טאָטערישע פּנים, דאָס שפּיץ בערדעלע, און מער פון אַלץ דער נאַקעטער שאַרבן, ווי אַ קויל פון אַ ביליארד, האָבן די צייכנער גוט געדינט. זיי האָבן אים אין די מיאוסטע געשטאַלטן פאַרגעשטעלט פאַרן פאָלק.

דער קליינגעוויקסיקער מאַן האָט זיך נישט געמאַכט פון די קאַריקאַטורן זיינע, וואָס ער האָט יעדן טאָג געזען אין די צייטונגען. ער האָט

אַליין הנאה געהאַט פון זיי, געשמייכלט פון זיין לעכערלעכער געשטאַלט. ער האָט זיך בכלל גאָר נישט געמאַכט פון קיין שום זאַך וועגן זיין פּערזאָן אָדער וועגן זיין נאָמען. ער האָט זיך נישט פאַרענטפערט אויף די באַשול־דיקונגען, וואָס ער איז מיט אַ דייטשן וואַגאָן געפאָרן, ער האָט נישט־ווּיסנדיק זיך געמאַכט דערפון, וואָס מען באַשולדיקט אים, אַז ער האָט גענומען געלט ביי די דייטשן, ער האָט מיט קיין איין וואָרט נישט גע־ענטפערט אַפילו, ווען מען האָט אים אָפן אין שפּיאָנאַזש־דינסט לטובת די דייטשן באַשולדיקט.

— חבר, איר מוזט אַרויסטרעטן קעגן דעם, רופן אַן ערן־געריכט און זיך ריינוואַשן, דאָס וואַרפט אַ פלעק אויף אייך, — האָבן די מענטשן זיינע געזאָגט.

דער קליינגעוויקסיקער מאַן האָט געשמייכלט.

— צו וואָס ? — האָט ער געפרעגט, קוקנדיק מיט חוזק אין די אויגן. — די אַרבעטער און סאָלדאַטן לייענען נישט קיין בלעטער, און די אינטעלי־גענטן זענען מיר גלייכגילטיק. מיר דאַרפן איין זאַך, שלום און ערד. דאָס וועלן די סאָלדאַטן און פויערים פאַרשטיין...

— אָבער מאָראַליש, — האָבן די מענטשן זיינע געמורמלט. — עס וואַרפט אַ פלעק אויף אונדז.

— מיר זענען נישט קיין באַלעבאַטישע כלה־מיידלעך, וואָס דאַרפן היטן די אומשולד, — האָט דער קליינגעוויקסיקער מאַן געענטפערט. — מיר האָבן איין זאַך אין זינען, די רעוואָלוציע...

ער האָט געוואוסט, וואָס ער זאָגט, דער קליינגעוויקסיקער מאַן. די סאָלדאַטן אין די גאַסן, די מידע, פאַרהונגערטע פון די דריי יאָר קריג, פאַרבענקטע נאָך זייערע דאָרפישע היימען, נאָך דעם אַקער און שניידמעסער, נאָך זייערע ווייבער און נאָך זייער ערד, האָבן נישט געלייענט די בייסיקע אַרטיקלען אין די צייטונגען, האָבן נישט געזען די קאַריקאַטורן אין די זשורנאַלן אויף דעם קליינגעוויקסיקן מאַן. זיי האָט נישט געאַרט, וואָס דער מאַן איז אין אַ דייטשן פאַרפּלאָמבירטן וואַגאָן געקומען, זיי האָט נישט געקימערט, וואָס רוסלאַנד האָט די פאַרבינדעטע אַ וואָרט געגעבן און זי דאַרף מיט דער נייער אָפענסיווע אָפּציען לודענדאָרפס אָנגריף אויף די פראַנצויזן. דאָס אַלץ איז זיי געווען פרעמד, נישט דערגאַנגען צו זייערע אויערן, וואָס ליגן באַהאַלטן אונטער פוטערנע היטלען, נישט דערגרייכט צו זייערע הערצער, וואָס ליגן אונטער לייזיקע העמדער. מיט געעפנטע מיילער, מיט אויפגעשפּיצטע אויערן, מיט אויפגעריסענע העלע אויגן, מיט גאַנצן לייב און לעבן האָבן זיי זיך צוגעהערט צו די רייד פון קליינגע־וויקסיקן מאַן און זיינע תּלמידים, די צוויי קלאָרע, פּראָסטע, היימישע פאַרשטענדלעכע ווערטער — שלום און ערד. דאָס האָבן פאַרשטאַנען די פויערים, די זעלנער, די מאַטראָזן פון די קריגס־שיפן, אַלע די, וואָס זענען מיד געווען פון מלחמה, לייז, פוילן אין שוץ־גריבער, מיליטערישער דיסצי־

פליען, וואַגלען און וואַלגערן זיך. מיט דער גיכקייט פון אַ פייער, וואָס ווערט געטראָגן פון ווינט איבער אויסגעטריקנטע הילצערנע הייזער, האָבן זיך די רייד גענומען טראָגן איבער גאַסן, קאַזאַרמעס, פּאָרטן, שוך־גריבער, אַרבעטער־קלובן, פּלעצער און סקווערן.

אַז די מיניסטאָרן, פּאַרטיי־פּירער, קריגס־לייט און צייטונגס־שרייבער האָבן דערזען, אַז די זאַך ווערט געפּערלעך, האָבן זיי אויפגעהערט שפּאָטן און גענומען קעמפן קעגן פּאַרהאַסטן מאַן. איבער אַלע גאַסן, פּלעצער און ווינקלען האָט מען אים און זיינע לייט מיטינגען אָפּגעהאַלטן, די בעסטע רעדנער אַרויסגעשיקט, מאַניפעסטאַציעס מיט מוזיק און רעוואָלוציאָנערע לידער איינגעאָרדנט, כדי צו וועקן ביי די סאָלדאַטן דעם ווילן צו העלדישקייט, צו קריג. מען האָט נייע מאָביליזאַציעס גערופן, די סאָלדאַטן גוט באַוואָפנט, באַקליידט, באַשוכט און מיט דער מאַרסעליעזע צום נייעם פרילינגס־אנגריף געשיקט. אָבער דער גרויסער מיליטערישער גוף האָט שוין אין זיין בלוט אַ קליינעם באַציל געהאַט, וואָס דער קליינגעוויקסיקער מאַן מיטן נאַקעטן שאַרבן האָט אין אים אַריינגעלאָזט — אַ באַציל פון „שלום און ערד". דאָס האָט דעם גרויסן גוף צעפרעסן, פאַרצערט. די סאָלדאַטן האָבן געוואָרפן די ביקסן, פאַרלאָזט די שוך־גריבער און מיט באַגנען און צום־פוס געלאָפן פון די שלאַכט־פעלדער, געיאָגט צו זייערע הייזלעך, ערד, ווייבער און פי.

נאָך דעם ערשטן אויפשטאַנד, וואָס דער קליינגעוויקסיקער מאַן האָט אין דעם הייסן יולי־חודש אויף די פעטערבורגער גאַסן געמאַכט, האָט שוין די רעגירונג מער נישט גענוצט קיין רייד, נאָר געווער. מיט ביקסן האָט מען די אויפשטענדער צעטריבן. אויך האָט מען דעם פירער צוזאַמען מיט זיינע נאָענטע מענטשן אָנגעקלאָגט אין פאַרראַט, אין פאַרבינדן זיך מיטן דייטשן גענעראַל־שטאַב. עטלעכע פון זיינע נאָענטע מענטשן האָבן זיך אַליין איבערגעגעבן צו דער מאַכט, מען זאָל זיי שטעלן פאַר אַ משפּט, אויף וועלכן זיי וועלן אָפּוואַשן פון זיך די באַשולדיקונגען. דער קליינגעוויקסיקער מאַן האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין קראָנשטאַט ביי די מאַטראָזן און נישט געוואָלט הערן אַפילו פון שטעלן זיך צו אַ געריכט.

— חבר, מען באַשולדיקט אייך און אייערע חברים אין שפּיאָנאַזש. — האָבן די מענטשן זיינע אים געזאָגט. — איר דאַרפט זיך שטעלן צו אַ געריכט און אָפּוואַשן פון זיך דעם פלעק. דאָס פאָדערט די ערע.

— אומזין! — האָט דער קליינגעוויקסיקער מאַן געענטפערט. — מיר האָבן נישט קיין צייט צו שפּילן זיך אין ערע. נאָר מאַכן די רעוואָלוציע, איינפירן די דיקטאַטור פון די אַרבעטער און פויערים. מירן ווייטער אָנגיין מיט דער אַרבעט.

ער האָט חוזק געמאַכט פון די חברים זיינע, וואָס האָבן זיך געשטעלט צום געריכט און אָנגעוויזן אויף דעם געטרייען תלמיד זיינעם, וואָס איז צוזאַמען מיט אים אַנטלאָפן.

— אַט ער איז ביים שכל, — האָט ער אָנגעוויזן אויף אים מיט אַ פינגער, — ער איז געגאַנגען מיט מיר.

איינער פון זיינע מקורבים האָט אים עטלעכע שלעכטע רייד וועגן זיין געטרייען תלמיד געזאָגט:

— אויף אים קאָן מען זיך ניט שטאַרק פאַרלאָזן, חבר. ער לויפט וואו דער ווינט בלאָזט. ביי אים איז עס געווען ניט קיין רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק, נאָר פּחדנות...

— איר ווייסט דאָך דאָס רוסישע פאָלקס־ווערטל, — האָט דער קליינ־געוויקסיקער מאַן געזאָגט מיט אַ חוזק־שמייכל. — אין אַ גוטער ווירט־שאַפט קומט יעדער פאַסקודסטווע צונוץ... ער טוט גוטע אַרבעט פאַר דער רעוואָלוציע...

צום ערשטן איז ער געווען זיכער, אַז די רעגירונג וועט אים אַליין, צוזאַמען מיט אַלע מענטשן זיינע, אויסגעפינען און דערשיסן. אַ ווײַלע האָט ער געגלויבט אין זייער גלייכן שכל און געריכט זיך אויפן טויט. אָבער באַלד האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז זיי זענען, צום גליק, נאָך אַלץ וויסטע דעמאָקראַטן, וואָס האָבן מורא צו טאָן אַ געוואַגטע נויטיקע זאַך. און ער האָט ווייטער גענומען פירן זיין אַרבעט פון דער באַהעלטעניש אַרויס, פאַרפלייצן דאָס מיליטער מיט אַגיטאַציע פאַר דעזערטירן פון פראָנט, פאַר שלום און ערד.

איבער דעם גאַנצן גרויסן רוסלאַנד האָבן די פאַרטיי־פירער פונאַנ־דערגעשיקט מענטשן, אין אַלע דערפער, שטעט, פאַבריקן, קלובן. אויף גאַסן און מערק האָבן רעדנער אַגיטירט, געזעדט, צו די וואַלן פון דער קאָנסטיטואַנטע געזעצגעבנדער פאַרזאַמלונג, כדי מיט די אויסגעווײלטע פון פאָלק אַ פאַרלאַמענט איינצושטעלן און אין זיין ווילן צו רעגירן. דער קליינגעוויקסיקער מאַן האָט געוואוסט, אַז זיינע מענטשן זענען ניט אימשטאַנד קעגנצושטעלן זיך אַלע און אַריבערציען דאָס פאָלק אויף זיין זייט, דעריבער האָט ער אָנגעשטעלט זיין גאַנצע קראַפט אויף אַרבעטן צווישן די סאָלדאַטן, אין די גאַרניזאָנען, אויף די קריגס־שיפן, צו געווינען די מענער מיט געווער, דער עיקר די פון דער הויפּט־שטאָט. די קעגנער זיינע האָבן גענומען דעם קערפּער, דאָס גרויסע רוסישע פאָלק, די צענדליקער מיליאָנען אין די שטעט און אין די דערפער. דער קליינגעוויקסיקער מאַן האָט געזוכט דעם קאָפּ — פעטערבורג. דער עיקר, האָט ער געוואוסט, איז דער קאָפּ.

און צו האַרבסט איז עס געקומען. אין אַ ווינטיקער נאַכט אין אָקטאָ־בער, איז ער מיט זיינע קראָנשטאַטער מאַטראָזן אין דער הויפּט־שטאָט געקומען און זי פאַרכאַפּט. וואָקזאַלן, טעלעגראַף, טעלעפאָנען, וואַסער־לייטונג, גאַרניזאָנען, געווער־פאַבריקן — אַלץ איז פּלוצלונג באַזעצט גע־וואָרן. אויף דעם ווינטער פּאַלאַץ, וואו די רעגירונג האָט אָפּגעהאַלטן אַ מיניסטאָרן־באַראַטונג, זענען אָנגעשטעלט געוואָרן די אָפענע פּיסקעס פון האַרמאַטן.

אין די ערשטע טעג, ווען דער קליינגעוויקסיקער מאַן האָט זיך נאָך נישט געפילט זיכער אין זאָטל און מורא געהאַט פאַר דער פּאַרטריבענער רעגירונג, וואָס דערנענטערט זיך אויף דער הויפּטשטאָט, האָט ער געשיקט שלוחים צו זיינע קעגנער, די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן און די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, כדי צו שאַפן צוזאַמען אַ רעגירונג פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. די חברים זיינע האָבן אים נישט פאַרשטאַנען.

— ווי אַזוי ווילן מיר קאָנען זיצן מיט זיי צוזאַמען?

— נאַרישקייטן, דערווייל זענען זיי אונדז נויטיק, ווילן מיר זיי אַריינ־נעמען, דערנאָך, אַז מיר ווילן זיך באַפעסטיקן, ווילן מיר זיי שיקן צום טייוול... — האָט דער קליינגעוויקסיקער מאַן געזאָגט מיט חוזק אין זיינע אויגן.

די קעגנערישע פּאַרטייען האָבן זיך געטרייסט מיט זייער נצחון ביים פּאָלק. פון די זיבן הונדערט און דריי דעפּוטאַטן, וואָס זענען זיך צונויפ־געקומען פון אַלע עקן רוסלאַנד אין טאַורישן פּאַלאַץ צו דער עפענונג פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, זענען בלויז הונדערט און זעכציק געווען באָלשעוויקעס. די איבעריקע האָבן געהערט צו די עס־ערן, סאָציאַל־דעמאָ־קראַטן און אַנדערע פּאַרטייען. די הערשער זענען געווען אומרואיק. דאָס פּאָלק איז נישט געווען מיט זיי. אָבער דער קליינגעוויקסיקער מאַן האָט געהאַט בלויז חוזק אין זיינע אויגן. ער האָט געוואוסט, אַז זיינע קעגנער האָבן שטימען און ער — די מאַכט. אַלע גאַסן, פּלעצער, טעלעגראַף, וואָקזאַלן, פּעסטונגען, טורמעס, באַנען, זענען געווען באַזעצט דורך מילי־טער, דורך זיינע סאָלדאַטן און מאַטראָזן. און ער האָט געלאַכט פון די אומ־רואיקע חברים זיינע. שוין אין טאָג פון דער עפענונג האָט ער געהייסן, אַז די סאָלדאַטן זאָלן מיט געווער אין די הענט צעטרייבן די מאַניפעסטאַציעס, וואָס זענען אַרויס איבער די פּראָספּעקטן, כדי צו דעמאָנסטרירן לכבוד דער עפענונג פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג.

דערנאָך האָט ער די דעפּוטאַטן אַליין, די אויסדערוויילטע פון פּאָלק, געגעבן פעפער צו שמעקן.

ווי דורך אַ בראַנד זענען די אויסדערוויילטע דורכגעגאַנגען צום טאַורישן פּאַלאַץ. די באַוואָפנטע מאַטראָזן און סאָלדאַטן האָבן זיי געזידלט, געשאָלטן, אויסגעשפּיגן פאַר זיי.

— קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן, פאַרקויפטע נשמות, דינער פון קאַפּיטאַל, מלחמה־פּאַטריאָטן! — האָבן די באַוואָפנטע לייט אויסגערופן צו דעפּו־טאַטן, וואָס האָבן זיך דורכגעשאַרט צווישן זיי. — אויף די לאַמטערנעס דאַרף מען אייך אויפהענגען!

צווישן די העכער 700 דעפּוטאַטן פון גרויסן רוסלאַנד צו דער גרינ־דונגס־פאַרזאַמלונג אין פּעטערבורג, האָבן זיך געטראָפן די צוויי לאָדזשער רעוואָלוציאָנערן — ניסן אייבעשיץ און פּאַוועל שטשינסקי. ביידע זענען זיי צוזאַמען אין סיביר געזעסן, טעג און נעכט די מאַרקסיסטישע ביכער

געלערנט. שפּעטער, ביים יאַפּאַנישן קריג, פון דאָרט אַנטלאָפן. אין לאָדזש געאַרבעט, דערנאָך ווידער אין טורמע זיך באַגעגנט. די רעוואָלוציע האָט זיי ביידע באַפרייט. איצט זענען זיי ביידע געגאַנגען אין טאַווּרישן פּאַלאַץ צו דער עפענונג פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, אויסגעווײלטע פון רוסישן פאָלק. אָבער אי זייערע קליידער, אי זייערע וועגן זענען געווען אַנדערע ביי יעדן פון זיי. שטשינסקי איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ מיליטערישן פרענטש מיט שטיוול און מיט אַ רעוואָלווער אין טאַש. ער איז געווען פון די, וואָס האָבן געהאַלטן די מאַכט איצט אין די הענט. מיט דער אײ־גענער עקשנות, ווי ער האָט פריער אַרומגעטראָגן זיך מיט די מאַרקסיס־טישע ביכער, נישט אַרויסגעלאָזט זיי אויף קיין ווײלע, און פּיינט געהאַט, געהאַסט אַלעמען, וואָס נויגן אָפּ פון זיי, אַזוי האָט ער איצט נישט אַרויס־געלאָזט דעם רעוואָלווער פון קעשענע, אַרומגעטראָגן זיך מיט אים אומעטום, און געהאַסט אַלעמען, וואָס גלויבן נישט אין קליינגעוויקסיקן מאַן מיטן נאַקעטן שאַרבן, דעם פירער פון דער רעוואָלוציע. ניסן איז געגאַנגען אין זיין צעקנעפּלטן מאַנטל מיט אָפּשטייענדיקע קעשענעס פון צייטונגען, בראָ־שורן, טעזיסן און רעזאָלוציעס. ער האָט, ווי שטענדיק, געגלויבט אין כוח פון וואָרט, גערעכטיקייט, אין דער שטים פון פאָלק, וואָס איז ווי די שטים פון גאָט.

— הענגען די פאָלקס־פאַררעטער, שיסן, מיט דינאַמיט אויפרייסן! — האָבן די באַוואָפנטע מאַטראָזן געשריגן מיט רציחה. — פאַרקויפטע נשמות. דינער פון קאַפּיטאַל!

ניסן האָט אָנגעכאַפּט שטשינסקין ביים אַרבל פון זיין מיליטערישן פרענטש.

— הערט! — האָט ער געזאָגט. — שניידט דעם קאָרן, וואָס איר האָט פאַרזייט!

שטשינסקי האָט גענומען עפּעס מורמלען. ניסן האָט אים איבערגעריסי.

— דאָס בין איך דאָס דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנער, דער דינער פון קאַפּיטאַל, די פאַרקויפטע נשמה? זאָגט!

שטשינסקי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט נישט געוואַגט ניסנען קוקן אין די אויגן אַריין.

דער גרויסער טאַווּרישער פּאַלאַץ האָט אויסגעזען ווי אַ קאַזאַרמע, נישט ווי אַ פּאַרלאַמענט. סאָלדאַטן מיט ביקסן, מיט האַנט־גראַנאַטן זענען געווען פול אומעטום. די שטאָלענע באַיאָנעטן האָבן געגלאַנצט מיט קאַלטער רציחה. אויף דער גאַלעריע איז געווען פול מיט טאַטואירטע מאַטראָזן.

— צעשיסן דאַרף מען די גאַנצע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע נעסט, מיט מאַשין־געווער אויסראָטן! — האָבן זיי מיט רויע קולות געגוואַלדעוועט און די פינגער ביי די צינגלעך פון די מויזערס און נאַגאַנען געהאַלטן, גרייט אַ דריק צו טאָן, ווען מען וועט דאַרפן.

די דעפּוטאַטן זענען געווען בלאַס, אויפגערעגט. דער צאָרן פון די

סאָלדאַטן און מאַטראָזן האָט אָנגעפילט דעם גרויסן זאַל, איבער די קעפּ זיך געטראָגן, ווי גיפטיקער גאַז. צו יעדער מינוט האָט געקאָנט אויפרייסן. די קאָרעספּאָנדענטן פון די אויסלענדישע צייטונגען זענען געזעסן דער־שראָקענע. דאָס ערשטע מאָל האָבן זיי אַזאַ פּאַרלאַמענט־עפענונג דורכ־געמאַכט.

די ערשטע זענען אַרויסגעטראָטן די תלמידים פון קליינגעוויקסיקן פירער. זיי האָבן פאָרגעלייגט, אַז די קאָנסטיטואַנטע זאַל, פאַר אַלעמען, אנערקענען די מאַכט זייערע און באַשטעטיקן אַלע געזעצן, וואָס זיי האָבן אַרויסגעגעבן.

די דעפּוטאַטן פון אַנדערע פּאַרטייען זענען געוואָרן אויפגעקאָכט.

— אַראָפּ, נידער מיט די דיקטאַטאָרן! — האָבן קולות גערופן.

— נישט די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג דאַרף אייך זיך אונטערוואַרפן, נאָר איר דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, דעם ווילן פון פאָלק!

דעמאָלט האָט איינער פון זיי אַרויסגענומען אַ גרייטע רעזאָלוציע, וואָס דער קליינגעוויקסיקער מאַן האָט באַצייטנס אָנגעשריבן און אים מיט־געגעבן, און פאָרגעלייענט זי פאַר די פאַרזאַמלטע.

„צוליב דעם, וואָס די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז אַ פאַרעלטערטע פאָרם פון פאָלקס־פאָרשטייערשאַפט,״ האָט דער פאָרשטייער געריסן זיך אין גרויסן טומל, „ אַ פאָרם, וואָס איז נישט צוגעפּאַסט פאַר דער איצטיקער צייט, ווען דעם פאָלק דראָט די פאַרניכטונג מצד זיין שונא דער בורזשו־אַזיע און די רעוואָלוציע איז אין געפאַר, ווערט די פאַרזאַמלונג דערקלערט פאַר געשלאָסן.״

די דעפּוטאַטן האָבן גענומען שרייען, פּראָטעסטירן, קלאַפּן אין די טישן, פאָכען מיט די הענט. אָבער אין דעם אויגנבליק האָט דער לאָדזשער איינוואוינער פּאַוועל שטשינסקי, דער הויכער מאַן מיטן בלאָנדן בערדעלע און מיטן מיליטערישן פרענטש, אַ סיגנאַל געגעבן צו די באַוואָפנטע סאָלדאַטן און מאַטראָזן, אַז זיי דאַרפן זיך נעמען צו דער אַרבעט. מיט אויסגע־שטרעקטע ביקסן, מיט מויזערס און נאַגאַנען אין די הענט האָבן די באַ־וואָפנטע מענער גענומען אָפּרייניקן דעם זאַל, טרייבן די אויסדערוויילטע פון פאָלק.

געבויגענע, פאַרשעמטע זענען די דעפּוטאַטן געגאַנגען איבער די פינצטערע פּעטערבורגער גאַסן. די טראַמווייען זענען נישט געגאַנגען. די לאָמטערנעס זענען געווען צעבראָכן, די טויערן פאַרקלאַפּט. אויף די פוסטע גאַסן איז בלויז מיליטער געווען. מיט ביקסן, מיט האַנט־גראַנאַטן, מיט מאַשין־געווער, מיט קוילן־פּאַסן באַהאַנגען, האָבן די סאָלדאַטן און מאַטראָזן אַרומגעדרייט זיך איבער דעם ניעווסקי פּראָספּעקט, געררויכערט, געלאַכט און געשאָלטן.

אויף די פּלעצער, ביי די דענקמעלער, זענען האַרמאַטן געשטאַנען אויסגעשטעלט מיט די פּיסקעס אין דער הויך. זעלנערישע קיכן האָבן

געקאָכט, פונקען געשאָטן אַרום זיך. אַ מאַטראָז האָט געשפּילט אויף אַ האַרמאָניע אַ פרײלעכע קאַמאַרינסקע. ניסן איז געגאַנגען אַ געבויגענער איבער די פּעטערבורגער גאַסן, אַ פאַרשעמטער פון דעם, וואָס האָט גע־טראָפן, אַ דערנידעריקטער.

וויפל ער האָט געוואַרט אויף אָט דער צייט, אויף דער ערשטער זי־צונג פון די פאָלקס־אויסדערוויילטע פון פרייען רוסלאַנד! וויפל האָט ער געקעמפט דערפאַר, וויפל טורמעס אויסגעזעסן, פּיין אויסגעשטאַנען! ער האָט עס דערלעבט. אַפילו אַליין פון פאָלק אויסגעוויילט געוואָרן צו דער קאָנסטיטואַנטע. איצט האָט מען אים פאַרטריבן, מיט געוועער און קללות אַרויסגעיאָגט. און ווער? אייגענע סאָלדאַטן און מאַטראָזן, אייגענע חברים רעוואָלוציאָנערן. ער האָט זיך געפילט אַזוי דערשלאָגן ווי דעמאָלט אין לאָדזש, ווען די פּוילישע אַרבעטער האָבן אין מאַי אַ פּאָגראָם אויף די יידישע וועבער אין באַלוט געמאַכט.

אַ מידער, אַ דערשלאָגענער, אַ צעבראָכענער האָט ער זיך אין זיין אָרעם צימערל אויפן שמאָלן בעטל אַוועקגעוואָרפן, דעם קאָפּ אין קישן איינ־געגראָבן און געוויינט, געיאָמערט אויף דעם יום־טוב, צו וועלכן ער האָט דערלעבט, נאָר מען האָט אים פון אים פאַרטריבן.

אין דרויסן האָבן ביקסן נישט אויפגעהערט קנאַלן אין דער נאַכט.

## קאַפּיטל עלף

צווישן די פּוילישע לעגיאָנערן, וואָס דער קאָמענדאַנט מאַרטשין קו־טשינסקי, דער פירער פון דער שלאָג־אָרגאַניזאַציע פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, האָט אַרויסגעשיקט קיין לאָדזש, כדי צו וווער־בירן יוגנט פאַר זיינע לעגיאָנערן, און צווישן די דייטשע סאָלדאַטן אין שטאָט איז כסדר געקומען צו רייסערייען, סכסוכים.

זיי האָבן נישט ליב געהאַט זייערע פאַרבינדעטע פון עסטרייך, די דייטשע סאָלדאַטן, פון אָנהויב קריג אָן. ערשטנס, האָבן זיי זיך נישט געקאָנט מיט די עסטרייכער אַלעמאָל צונויפרעדן. אַלערליי פעלקער זענען צווישן די עסטרייכישע סאָלדאַטן געווען, אונגאַרן, טשעכן, פּאָליאַקן, יידן, רוטענער, באָסניער, רומענער, ציגיינער. מערסטנס פון זיי האָבן, אַ חוץ דער קאָמאַנדע, קיין וואָרט דייטש נישט געקאָנט אויסרעדן. די דייטשע סאָלדאַטן האָבן דאָס נישט ליב געהאַט. זיי האָבן זיך מיט זייערע פאַרבינ־דעטע נישט געקאָנט צונויפרעדן ביי אַ קופעל ביר, ביי אַ ציגאַר. אַ סך פון זיי זענען גאָר געווען שונאים פון די דייטשן, אָפן זייער שנאה אַרויס־געוויזן, ווען זיי האָבן זיך אָנגעטרונקען. די דייטשן האָבן דאָס נישט גע־קאָנט פאַרטראָגן. געוואוינט ביי זיך אין לאַנד צו אַן איינהייטלעך דייטש־לאַנד, צו איין שפּראַך, צו די אייגענע מנהגים, האָבן זיי געקוקט מיט פאַר־

אַכטונג אויף דייטשן פון עסטרייך, וואָס האָבן נישט זייערע פעלקער גע־נומען אין די הענט און נישט געמאַכט פון זיי קיין דייטשן.

— העי, דו, קיטשע, טשיטשי, פּיטשי! — האָבן זיי נאָכגעשפּעט די עסטרייכישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן אין זייערע לשונות גערעדט.

אויסער דעם זענען זיי שלעכטע קריגער געווען, די עסטרייכער. אַלע־מאָל אויפסניי האָבן זיי פאַרשפּילט ביי די רוסן, און זיי, די דייטשן, האָבן געמוזט זיי גיין צו הילף, אָפּטרייבן דעם שונא פון זייער ערד. זיי האָבן דעריבער געקאָכט פון צאָרן אויף די סאָלדאַטן אין די וויקל־בענדער אויף די פיס און מיט די קליינע היטעלעך, פול מיט פּאַטריאָטישע בלעכלעך אויף די קעפּ.

די דייטשע אָפיצירן האָבן געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף די עסטריי־כישע אָפיצירן. צווישן די עסטרייכישע אָפיצירן זענען ווייט ניט אַלע געווען פון די העכערע ספערן. אַלערליי פעבל האָט מען דאָרט געקאָנט געפינען, אַלערליי שוואַרצהאָריקע, פרעמד־שפּרעכנדיקע לייט, זין פון קרע־מער און פּויערים, אַפילו גאַליציאַנער יידן פון טאַרנאָפּאָל און קאָלאָמייע. מען איז קיינמאָל נישט געווען זיכער אויף אַ באַל אין אָפיצירן־קאָסינאָ, אויף וועמען מען קאָן אַלץ אָנטרעפן, מיט וועמען מען באַגעגנט זיך. און זיי האָבן אויסגעמיטן, די דייטשע בלאָנד־האָריקע, העל־אויגיקע און פאַר־ריסענע לאַנד־באַזיצער און יונקערס, צו טרעפן זיך מיט די עסטרייכישע אָפיצירן. אויךביים דינסט, אין די ערטער, וואו זיי זענען געשטאַנען צו־זאַמען, האָבן די דייטשן באַהאַנדלט זייערע פאַרבינדעטע מיט פאַראַכטונג. זיי זענען געווען די ערשטע צו פאַרכאַפּן פאַר זיך די בעסערע וואוינונגען, איבערלאָזנדיק די ערגסטע פאַר די עסטרייכער. זיי האָבן איבערגענומען די העכסטע אַמטן. אַרויסגעגעבן די באַפעלן און די גאַנצע מאַכט אַריינ־גענומען צו זיך אין די הענט, וואָס האָט די עסטרייכער אַ סך בייז בלוט געמאַכט.

די דייטשע סאָלדאַטן האָבן אָפט געמאַכט זיך נישט זען, ווען אַן עסט־רייכישער אָפיציר איז פאַרבייגעגאַנגען, און נישט סאַלוטירט פאַר אים. אָדער אַפילו, ווען זיי האָבן שוין יאָ סאַלוטירט, האָבן זיי עס געמאַכט נישט אַזוי גרינטלעך און זעלנעריש אויסגעשטייפּט ווי פאַר די אייגענע אָפיצירן, נאָר גיך, אָפּגעלאָזן, אַבי יוצא צו זיין. די עסטרייכישע אָפיצירן האָבן זיך באַליידיקט צוליב דער שלעכטער זעלנערישער אויפפירונג און אָפט אָנקלאַגעס אין דער קאָמענדאַנטור ביי די פאַרבינדעטע געמאַכט. די דייטשע אָפיצירן האָבן געבייזערט זיך אויף זייערע סאָלדאַטן פאַר זייער נאַכלעסיקייט, אָבער די סאָלדאַטן האָבן געזען, אַז דאָס איז נישט מער ווי פליכט און אַז אין דער אמתן זענען זיי שטאַרק צופרידן פון דער שלעכ־טער באַציאונג צו די שלממזלדיקע פאַרבינדעטע. און זיי האָבן ווייטער שלעכט באַגריסט די עסטרייכישע אָפיצירן, איגנאָרירט זיי.

נאָך די לעצטע מפּלות וואָס די עסטרייכער האָבן ווידער געכאַפּט

ביים רוסישן פרילינגס־אָנגריף און די דייטשן האָבן זיי געדאַרפט קומען צו הילף, איז די שנאה פון די דייטשן צו די עסטרייכער גאָר שטאַרק געווען. די סאָלדאַטן האָבן אַפּילו זייער נישט קיין שיינע ווערטער צונויפגעשטעלט פון די ק. און ק. — קייזערלעך און קעניגלעך עסטרייך, ווערטער, וואָס האָבן די עסטרייכער אָנגעצונדן פאַר צאָרן און באַליידיקונג.

מיט נאָך מער פאַראַכטונג האָבן די דייטשן געקוקט אויף די פּוילישע לעגיאָנען אין די געפאַלדעוועטע היטעלעך, וואָס האָבן זיך אין עסטרייך גע־שאַפן און געפירט זיך אַ באַזונדערע אַרמיי, מיט אייגענע עלטסטע, קאָ־מאַנדע און אוניפאָרמען. זיי האָבן נישט פאַרטראָגן סיי זייער שפּראַך, סיי זייערע היטעלעך, וואָס זעען אויס ווי ציווילע, סיי זייערע געזאַנגען אויף די גאַסן. ווי נאָר די לעגיאָניסטן האָבן זייערע פּוילישע לידער גענו־מען זינגען, האָבן די דייטשע לאַנדשטורמער זיי איבערגעשריגן מיט זייער ליד וועגן די סלאַוון :

זיינע באָמבען און קאָזאַקען,
זיינע לויזע אונד פּאָליאַקען
האַבען וויר דעם רוסע ניע מיסגעגענט,
ברידער, נון אויפס פעלל איהן ברענט !

די גאַליציאַנער לעגיאָניסטן, וואָס האָבן פאַרשטאַנען דייטש, זענען אויפגעקאָכט געוואָרן פון דעם באַליידיקנדיקן לידל. אָבער די דייטשן האָבן עס נישט אויפגעהערט זינגען. אויף די אָפיצירן פון די לעגיאָניסטן האָבן זיי זיך, די לאַנדשטורמער, אַפּילו נישט אומגעקוקט. זיי זענען זיי פאַרבייגעגאַנגען פאַר דער נאָז און נישט אויפגעהויבן די האַנט צו אַ גרוס, כאָטש דער באַפעל איז געווען, אַז פאַרבינדעטע אָפיצירן געניסן פון די זעלבע האָנאָרן, וואָס די אייגענע. דעם קאָמענדאַנט פון לאָדזש, אָבערסט באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו, איז דאָס בלוט אָנגעלאָפן אין קאַרק, ווען אין זיין שטאָט זענען די פּוילישע לעגיאָנערן אַראָפּגעקומען, מיט דאָרפישע לייטער־וואָגנס, געשפאַנט אין קליינע פּויערישע פערדלעך, כדי צו העלפן ווערבירן די פּוילישע יוגנט אין זייערע רייען.

— אָך דיזע לאַוז־באַנדע! — האָט ער געוואָרטשעט, ווען דער אַדיו־טאַנט זיינער האָט אים געמאָלדן וועגן זייער אָנקומען.

ער האָט זיי פון שטענדיק אָן פיינט געהאַט, די פּאָליאַקן, נאָך פון זיין גוט אין אָסט־פּרייסן, וואו זיי האָבן ביי אים געאַרבעט. ער פלעגט האַלטן זיי אין זיין גוט, וואָרעם זיי זענען געווען ביליק און אַרבעטסזאַם. אין די זומערן צום שניט און קאַרטאָפל־גראָבן האָט ער אויך פּוילישע פּויערטעס פון דער רוסישער זייט גענומען צו דער אַרבעט. זיי האָבן זייער ביליקן לוין געפאָדערט, געאַרבעט פון זונען־אויפגאַנג ביז זונען־אונטערגאַנג. אויך האָבן זיי זיך באַנוגנט מיט שלאָפן אין די שטאַלן, אַפּילו אויף דער הוילער ערד. עס איז זייער באַקוועם געווען מיט זיי צו

אַרבעטן, בעסער ווי מיט די דייטשן. אָבער געקוקט אויף זיי האָט ער אַלעמאָל נישט ווי אויף מענטשן, נאָר ווי אויף אַרבעטס־פֿי. ווי אַלע אָסט־פּרייסישע לאַנד־באַזיצער, האָט אויך באַראָן פֿאָן היידעל היידעללאָו גע־קוקט שטענדיק אַריבער דער גרענעץ, אַן אָנהענגער געוועזן פֿון דראַנג נאָך אָסטן, וואו ערד איז דאָ אַ סך און די מענטשן אַרבעטן ביליק. איצט האָט ער טאַקע געריייניקט די דראָבבערטע שטאָט, אין די הענט זי געהאַלטן. ער האָט געוויזן די לויזיקע פּאָליאַקן און יידן זיין פּויסט, אָפּגעוואוינט זיי פֿון דער פֿריערדיקער רוסישער חזירישער ווירטשאַפֿט. מיטאַמאָל האָט מען אים פּוילישע לעגיאָניסטן אַריינגעשיקט, זיי זאָלן זיך אים דאָ אַרומ־שלענדערן מיט זייערע אוניפֿאָרמען און שפּראַך. ער האָט עס נישט גע־קאָנט פֿאַרטראָגן.

ער האָט געמוזט זיי אויפֿנעמען אין שטאָט, ווי דער באַפֿעל האָט געהייסן. באַפֿעל איז באַפֿעל. אָבער גע׳כעסט האָט ער זיך אויף די הערן אין גענעראַל־שטאַב, וואָס האָבן אים די פּוילישע באַנדע אָנגעשיקט. אַלץ די עסטרייכער, די גאָט־פֿאַרדאַמטע פֿאַרבינדעטע, וואָס קיין שום הילף האָט מען נישט פֿון זיי, בלויז קאָפּדרייעניש און צרות. אין דייטשלאַנד וואָלט קיינמאָל אַזאַ זאַך נישט אָנגעגאַנגען, מען זאָל אין אייגענעם לאַנד לעגיאָנען לאָזן מאַכן, מיט אַ באַזונדערער שפּראַך, קאָמאַנדע און אַלע אי־בעריקע זאַכן, אַן אַרמיי אין אַן אַרמיי. אין דייטשלאַנד גייען נישט אַן אַזעלכע געשיכטן. יעדער מוז זיין דייטש, ווער אין רייך לעבט און עקזיסטירט. אויך דאָרט זענען דאָ פּאָליאַקן, אָבער מען האָט זיי אין די הענט גענומען פֿאַר דייטשן געמאַכט, נישט געלאָזט זיי האַלטן זיך מיט זייערע נאַרישקייטן און פּוסטע טרוימען. אויך דאָ, אין אָקופּירטן לאַנד, וועט מען מאַכן אָרדע־נונג, דייטשע אָרדענונג, ווי נאָר מען וועט פֿאַרטיק ווערן מיטן קריג.

— אָבער די גאָט־פֿאַרדאַמטע עסטרייכער, די האָבן גאָר קיין שכל נישט, זענען ווייך, ווייבער צעקראָכענע, וואָס ווייסן נישט ווי אַזוי די מאַכט צו האַלטן אין דער האַנט. אַן אמתער דור־הפּלגה איז ביי זיי אין לאַנד, אַ געמיש פֿון פֿעלקער, נאַציעס, שפּראַכן. איצט זעען זיי, וואָסער צעקראָ־כענע אַרמיי זיי האָבן, קוואַטש פֿון ערשטן סאָרט. נישט קיין קריגער זענען זיי, נאָר פּאָליטיקאַנטן, דיפּלאָמאַטן פֿאַרדאַמטע. אַלץ גייט מיט פּאָליטיק. איצט האָבן זיי אויך מיט זייער פֿאַרדאַמטער פּאָליטיק פֿאַר־דרייט אַ קאָפּ די הערן אין גענעראַל־שטאַב און געפּועלט, מען זאָל די פּוילישע לעגיאָנערן דאָ אַריינשיקן אין די גרעסערע פּוילישע שטעט, כדי צו ווערבירן נייע סאָלדאַטן פֿאַר זיי צווישן דער יוגנט.

באַראָן פֿאָן היידעל היידעללאָו האָט געקריצט מיט די קינסטלעכע ציין זיינע פֿאַר כעס. ער האָט זיי געמוזט אָננעמען, די צוגעשיקטע לעגיאָנערן, קוואַרטירן פֿאַר זיי שאַפֿן, אָבער ער האָט זיי געגעבן די סאַמע ערגסטע פּלעצער, אַ חרובע רוסישע קאַזאַרמע, וואו עס רעגנט אַריין דורך דעם לעכערדיקן דאַך, און טיר־און־פֿענצטער זענען צעבראָכן, וויסט. ניין, ער

האָט נישט געוואָלט זיי פֿאַרשאַפֿן קיין פֿאַרגעניגן אין לאָדזש. ער האָט זיי דאָ נישט געדאַרפֿט. ער האָט אַזוי אויך גענוג געהאַט צו פֿירן מלחמה מיט די אַלע געהיימע מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן אין שטאָט און אַרומגעטראָגן זיך מיט נאַרישע פֿאַנטאַזיעס וועגן אַן אייגענער פּוילישער מלוכה. ער האָט זיי אויסגעוואָרצלט, אין די געפֿאַנגען־לאַגערן פֿאַרשיקט. איצט, מיטן אָנקומען פֿון די לעגיאָנען, וועלן אָט די אַלע לייט ווידער קריגן שטימונג, ווערן האָפֿערדיק ביי זיך און אַרויסקריכן אויף דער ליכטיקער וועלט.

צווישן די אָפֿיצירן אין די לעגיאָנען, וואָס זענען דאָ אַראָפּגעקומען איז אויך געווען דער לאָדזשער פּוילישער רעוואָלוציאָנער פֿעליקס פֿילדבלום, דער נאָענטסטער פּאַרטיי־חבר פֿון מאַרטשין קוטשינסקי, וואָס איז איצט דער קאָמענדאַנט פֿון די פּוילישע לעגיאָנען געווען.

נאָכן פֿונאַנדערפֿאַלן זיך פֿון דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט", איז פֿעליקס פֿעלדבלום, צוזאַמען מיט זיין חבר מאַרטשין קוטשינסקי, אין דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אַריין, אין דער פּאַרטיי, וואָס צוזאַמען מיטן קאַמף פֿאַרן סאָציאַליזם האָט זי אויך געפֿירט אַ קאַמף פֿאַר אַן אייגן אומאָפּהענגיק פּוילן. פּונקט ווי פֿריער אין „פּראָלעטאַריאַט", אַזוי האָט פֿעליקס פֿעלדבלום שפּעטער געאַרבעט צוזאַמען מיט זיין חבר מאַרטשין קוטשינסקי אין לאָדזש פֿאַר דער נ״י־געשאַפֿענער פּאַרטיי. ער האָט געדרוקט פּראָקלאַמאַציעס אין געהיימע דרוקערייען, צוזאַמענגעשטעלט די פּאַרטיי־צייטונג, אָרגאַניזירט קרייזלעך צווישן די פּוילישע אַרבעטער, איבערגעזעצט סאָציאַליסטישע ביכער, געפֿאָרן אויף געהיימע פּאַרטיי־קאָנפֿערענצן, געזעסן אין טורמע, אַנטלאָפֿן, ווידער אַריינגעפֿאַלן. אין דער צייט פֿון יאַפּאַנישן קריג האָט פֿעלדבלום שטאַרק געאַרבעט אין לאָדזש. זיין פֿאַרביסנסטער קעגנער און באַקעמפֿער איז געווען דער פּאָליאַק פּאַוועל שטשינסקי, דער סאָציאַל־דעמאָקראַט, וואָס האָט אין דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי געזען שאָוויניזם, רעאַקציע און נאַציאָנאַליזם. אַליין אַ געוועזענער שילער פֿון אַ גלחישער שול, האָט ער פֿיינט געהאַט אַלע פּוילישע סאָציאַליסטן, וואָס ווילן זיך אָפּרייסן פֿון רוסישן אַרבעטער, וואָס טרוימען וועגן אַן אייגענער פּוילישער מלוכה. ער האָט אויסגעלאַכט פֿעלדבלומען דעם פּאָליאַק, חוזק געמאַכט פֿון זיין פּוילישער מיסיע, מיט וועלכער ער האָט זיך אַרומגעטראָגן, אויפֿגעוויזן זיין פֿאַרבלענדקייט, צעקראָכענער ראָמאַנטיק.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז פֿעלדבלום געווען אין גאַליציע, אויסבאַהאַלטן זיך פֿאַר דעם זשאַנדאַרמען־פּאָלקאָווניק קאָניצקי, וואָס האָט אים שטאַרק געזוכט. צום ערשט האָט מען אים אַרעסטירט, ווי אַ רוס. באַלד אָבער האָט זיין חבר קוטשינסקי געשאַפֿן לעגיאָנען, פּוילישע לעגיאָנען, וואָס זאָלן מיט געווער אין די הענט העלפֿן אַרויסטרייבן די רוסן פֿון פּוילן, כדי צו שאַפֿן אין לאַנד אַן אייגענע פּוילישע מלוכה און איינפֿירן דאָרט

די סאָציאַליסטישע אָרדענונג. אַ סך פון די פּוילישע סאָציאַליסטן האָבן אָנגעטאָן די בלוילעכע פּוילישע מונדירן און היטעלעך און אַריין אין די לעגיאָנען. פעליקס פעלדבלום איז אויך מיט זיי געגאַנגען. ווי מערסטנס פּוילישע סאָציאַליסטן, האָט ער אויך געגלויבט, אַז דער גרעסטער שונא פון פרייהייט איז — רוסלאַנד. ווי מערסטנס פון זיינע חברים האָט ער געגלויבט, אַז אין באַפרייטן פּוילן, וואָס וועט נישט האָבן איבער זיך דעם רוסישן יאָך, וועט מען איינפירן פרייהייט און ברידערלעכקייט. ער האָט זיך געשטעלט לעבן זיין חבר מאַרטשין קאָטשינסקי, געקעמפט צוזאַמען, ווי אַמאָל ביי די פּראָקלאַמאַציעס אין בוידעם־שטיבל אין לאָדזש.

נישט זייער קריגעריש האָט אויסגעזען דער לעגיאָנער פעליקס פעלדבלום אין זיין זעלנערישן מונדיר. ער איז שוין געווען אין די יאָרן. אין זיין שוואַרצער געקרייזלטער טשופּרינע און בערדל האָבן זיך שוין פיל גרויע האָר דורכגעוואָרפן. אויך זיינע פּענסנע, וואָס רייטן אויף זיין געבויגענער נאָז און האָבן אַלעמאָל אַ טבע אַראָפּצוגליטשן זיך אויפן בענדל, האָבן זיך נישט שטאַרק געפּאַסט צום זעלנערישן הילוך. אַ הויכער, אַביסל אַן איינגעבויגענער, מיט ראַשיקע טריט און לעבהאַפטע באַוועגונגען, אַ שטיקל צעטראָגענער. אויף וועלכן דער מונדיר איז געשוואוימען, דאָס זעלנערישע היטל האָט זיך פּאַררוקט, האָט ער גאָרנישט קריגעריש אויסגעזען. אָבער אַ סאָלדאַט איז ער געווען אַ גוטער, אַ געטרייער, מיטן גאַנצן לייב און לעבן, ווי תמיד, ווען ער האָט זיך צו עפּעס גענומען. צוגלייך מיט די יונגע איז ער געגאַנגען אין שלאַכט־פעלד, געלעגן אין די שוץ־גריבער, אַפילו אַליין זיך אויף אויסשפּיר־פּאָסטנס אָנגעבאָטן. אינגיכן האָט ער זיך פון אַ פּראָסטן זעלנער ביז אַן אָפיציר דערדינט. זיין חבר דער קאָ־מענדאַנט האָט אים די האַנט געדריקט און אַ העכערן ראַנג געגעבן.

איצט איז ער, צוזאַמען מיט אַנדערע אָפיצירן, מיט זייערע סאָלדאַטן קיין לאָדזש געקומען, אין זיין שטאָט, כדי צו ווערבירן נייע זעלנער פאַר זיינע רייען. מיט אַן אָפיצירישן מונדיר, מיט אַ שווערד ביי דער זייט, איז ער אַרומגעגאַנגען איבער די לאָדזשער גאַסן, אויף וועלכע ער האָט אַמאָל באַריקאַדן געבויט, דעמאָנסטראַציעס געמאַכט, אַ קאָנספּיראַטיוו לעבן געפירט, אויסבאַהאַלטן זיך, פון פּאָליציי און אַגענטן זיך אָפּגעיאָגט. ער־גער ווי צו די אַנדערע פּוילישע אָפיצירן, האָבן זיך די דייטשע סאָלדאַטן באַצויגן צו פעלדבלומען, דעם מאַן מיטן בערדל און ברילן, וואָס דורך אַלע זיינע עפּאָלעטן און געווער שרייט אַרויס דער יידישער אינטעליגענט. אויך פון די אייגענע לעגיאָנערן האָט פעלדבלום דער אָפיציר אָפּט שפּאָטישע בליקן באַגעגנט. די שקאָצים מיט די פּאַרריסענע נעזלעך און בלאָנדע קעפּ האָבן גאָרנישט באַפעלערישעס געזען אין דעם איבערגעוואַקסענעם עלטערן אָפיציר מיטן צעשויבערטן בערדל און פּענסנע אויפן בענדל. ער האָט גיכער אויסגעזען ווי אַ לערער איידער ווי אַ מיליטער־מאַן.

אויך צווישן די אָפיצירן איז ער געווען אַ פרעמדער. נישט אַלע

זענען זיי געווען קעמפער, די אָפיצירן אין די לעגיאָנען. עס האָבן זיך אַריינגעקריגן מענטשן פרעמדע, וואָס האָבן גאָרנישט געוואוסט פון סאָ־ציאַליזם, קאַמף, וואָס האָבן קיין אַנונג נישט געהאַט וועגן פעלדבלומען און זיינע פאַרדינסטן. זיי האָבן, ווי אַלע מיליטער־לייט, געלעבט מיט קאָרטן, טרינקען, ראַנגעס, ווייבער און זעלנערישע וויצן. אויף פעלדבלומען האָבן זיי געקוקט מיט חוזק. ער איז זיי געווען פרעמד, ווי זיי אים. נישט ער האָט געשפּילט אין קאָרטן, נישט געטרונקען, נישט קיין אַנעקדאָטן געקענט. ער האָט אַפילו נישט אומגעקוקט זיך, ווען די דייטשן זענען פאַרביי אים אָן אַ סאַלוט. אויך מיט די זעלנער זיינע איז ער געווען דעמאָקראַטיש, חבריש, גאָרנישט ווי אַן אָפיציר. די אָפיצירן, וואָס האָבן געקלונגען מיט די שווערדלעך, געצירט זיך אין די מונדירן, האָבן אויף אַזעלכע געגנג נישט געקאָנט קוקן.

נייִן, ער האָט זיך נישט אַריינגעפּאַסט אין דער סביבה, פעליקס פעלד־בלום. אָנשטאָט אַרומשפּאַצירן אין גאַס און פּאַראַדירן מיטן מונדיר, גיין אויף הוליאַנקעס צו ווייבער, וואָס מאַכן אָוונטן פאַר די הערן אָפיצירן פון דער פּוילישער אַרמיי, איז ער גאָר געגאַנגען אין ביבליאָטעקן אין דער פרייער צייט, געלייענט ביכער, בראָשורן, געשריבן, איבערזעצט. ער האָט נאָך אַלץ געלעבט אַ לעבן פון אַן אינטעלעקטואַליסט, געגריבלט זיך מיט די קורצזיכטיקע אויגן אין ביכער, פּאַפּירן.

ער האָט געליטן, פעלדבלום. ער האָט געזען, ווי זיינע אייגענע חברים, אַמאָליקע קעמפער, זענען אין די לעגיאָנען פאַרסאָלדאַטעוועט געוואָרן, פאַרגרעבט. די אָפיצירן האָבן געקריגן פּריצישע מאַניערן, אַ שלעכטע באַ־ציאונג צו די סאָלדאַטן. דער קאָמענדאַנט, זיין אַמאָליקער פּאַרטיי־חבר, האָט מיט יעדן טאָג מער פאַרגעסן אין זיין סאָציאַליזם און אַריינגעקראָכן אין זעלנערישקייט. ער האָט גערעדט גראָבע סאָלדאַטסקע רייד, אַרומ־גערינגלט זיך מיט פרעמדע מענטשן, אָפּגעטיילט זיך פון אַמאָליקע חברים. אַפילו מיליטערישע גלחים האָט ער אַריינגענומען צו זיך, וואָס פלעגן גאָ־טעס־דינסטן מיט די סאָלדאַטן. די לידער אין די לעגיאָנען זענען פּאַט־ריאָטישע, גאָר קיין רעוואָלוציאָנערע נישט. דאָס האַרץ האָט פעלדבלומען געשראָקן צוליב דעם אַלעמען.

כדי זיך אַליין צו פאַרבלענדן, האָט ער ליטעראַרישע אָוונטן איינגע־אָרדנט, גערעדט מיט זיינע חברים אין פעלד וועגן דעם פּוילישן מעסיאַ־ניזם, וועגן דער באַזונדערער שליחות, וואָס פּוילן האָט, כדי מיט איר פיין אויסצולייזן די וועלט. ער האָט זיך אָנגעצונדן ביי די ווערק פון מיצקע־וויטש, נאָרוויד און וויספּיאַנסקי, געזען פאַר זיך אַ פּוילן, וואָס וועט זיין אַ מוסטער פאַר פעלקער מיט איר יושר און רעכט. דעמאָלט איז אים געוואָרן צוריק גוט, לייכט. ער האָט דערזען, אַז ער קעמפט פאַר אַן אידייע, פאַר אַ גרויסער זאַך, פאַר וועלכער עס איז כדאי לייב און לעבן אָפּצוגעבן. די מענטשן האָבן אים אויסגעהערט, אָבער זיינע רייד זענען געווען זיי פרעמד.

אַ מויער איז געשטאַנען צווישן דעם שוואַרץ־אויגיקן איבערגעבויגענעם מאַן אין די ברילן אויף דער געבויגענער נאָז און צווישן די אויסגעשטייפטע, פאַרקנעפּלטע, בלאָנד־האָריקע און העל־אויגיקע גויים, וואָס דער זעלנער איז זיי געלעגן אין די ביינער.

— אַ מאָדנער מענטש, — דער פעלדבלום, — האָבן זיי גערעדט צווישן זיך, — אַ פרעמדער און אומהיימלעכער.

— אַ ייד, — האָבן אַנדערע געמורמלט שטיל.

## קאַפּיטל צוועלף

מען איז געקומען אינגיכן צו מאַקס אַשכּנזי נאָך זיינע פאַרמעגנס, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט, נאָך דעם קאַפּיטאַל, וואָס ער האָט קאָנצענטרירט. ווי ניסן אייבעשיץ האָט אים נביאות געזאָגט. אמת, ער אַליין, ניסן, איז נישט געקומען, אָבער אַנדערע זענען געקומען.

די וועלט איז נישט געוואָרן צוריק וועלט, ווי מאַקס אַשכּנזי האָט גע־גלויבט. דער שוסטער איז נישט צוריקגעגאַנגען צו זיין קאָפּיטע און דער פאַבריקאַנט צו זיין קאַבינעט. די וועלט האָט זיך איבערגעקערט.

אין די פּאַלאַצן זענען די רויטע גוואַרדייער ביי די קאַמינען געזעסן און געוואַרעמט זייערע פיס ביי די געשניצטע מעבלען, וואָס זיי האָבן גע־וואָרפן אין פייער. קיין האָלץ, קיין קוילן זענען נישט געווען אין דער שטאָט, און די גוואַרדייער האָבן אַלץ צעבראָכן, די טייערסטע מאַהאָגאָנען, רויט־האָלץ, בילדער מיט די ראַמען, כדי אָנצוּוואַרעמען זיך אין די גרויסע קאַלטע שטובן פון די פּאַלאַצן. פון דעם לעדער אויף די פאָטעלן האָבן זיי מיט די זעלנערישע מעסערס אויסגעשניטן שטיקער אויף צו פאַרריכטן שטיוול. פון פּליוש און סאַמעט האָבן זיי זיך אָניטשעס געמאַכט. אַפילו פון די זיידן־געדעקטע וועגט האָבן זיי פּאַסן אויסגעריסן, כדי אַרומצוּוויקלען די פיס אָדער געבן אַ מויד אַ מתנה אויף אַ טיכל. די רייכע און הערשער זענען אַרומגעגאַנגען נידעריקע, פאַרשעמטע, הונגעריקע און דערשראָקע־נע. די בענק זענען געווען פאַרנומען, די סעיפן פאַרחתמעט, די געשעפטן געשלאָסן, די פאַבריקן נאַציאָנאַליזירט, די הייזער הפקר. אויף די מויערן האָבן באַפעלן געהאַנגען, אונטערגעשריבן פון קאָמענדאַנט פּאַוועל שטשיב־סקי, וועגן נאַציאָנאַליזירונג, רעקוויזיציעס, אַרעסטן. איבער דער ברייט פון די גאַסן האָבן גרויסע לאָזונגען געפלאַטערט אין ווינט, רויטע לייוונטן מיט ווייסע אויפשריפטן, אַז די פּאַלאַצן געהערן צו די אָרעמע פון די קליינע שטיבעלעך, אַז די גאַנצע מאַכט איז ביי די סאָוויעטן, אַז מען זאָל רויבן ביי די רויבער דאָס אָנגערויבטע. ריזיקע לייוונטן האָבן גרויסע פאַרביקע בילדער געוויזן, בילדער, ווי אַ רויט־גוואַרדייער שטופּט זיין באַ־יאָנעט אין אַ גראָבן בורזשואַזן בויך, פון וועלכן בלוט שפּריצט ווי פון אַ

פֿאַנטאַן, ווי אַ פֿויער דריקט צו מיט זיין שטיוול דעם פֿעטן קאַרק פֿון אַ ברייטן פּריץ, ווי אַרבעטער מיט מוסקולירטע הענט וואַרפֿן אַרויס אַ פּאָפּ, אַ קסיאָנדז, אַ רב און אַ מופֿטי, אַלע גראָב־בייכיקע און גיריקע, יעדער מיט זיין הייליקייט אין די הענט.

אין איינעם אַ טאָג זענען זיי געקומען צו אים, מאַקס אַשכנזי, רויבן ביי אים דאָס אַנגערויבטע.

מיט אָפֿענע שינעלן, צעריסענע, וואָס האָבן אויף די אַקסלען נאָך סימנים געהאַט פֿון די אָפּגעריסענע עפּאָליעטן, מיט ביקסן אויף שטריקלעך אָנגעהאָנגען, מיט ווילד־צעשויבערטע טשופּרינעס פֿון אַרויפֿגערוקטע זעל־נערישע פּוטערנע היטלען, מיט געוויקלטע פּאַפּיראָסלעך אין די מיילער אָדער מיט קערלעך צווישן די ליפּן, מיט רויטע שלייפֿלעך אויף די ברוסטן און מיט צעריסענע שטיוול אויף די פֿיס — זענען זיי אַריינגעקומען ברייט אין דער פֿאַבריק און זי באַזעצט.

— חברים אַרבעטער, קיינער זאָל נישט פֿאַרלאָזן זיין ווערקשטאַט, אַלע זאָלן איבערבלייבן אויף די פּלעצער! — האָט דער פֿירער, אַ יונגער בחור, אין אַ סטודענטיש היטל און מיט אַ ביקס אויף דעם אָפּגעריבענעם ציווילן מאַנטל, געשריען. — די פֿאַבריק גייט איבער צו דער אַרבעטער און פֿויערים־מאַכט. באַלד וועט אָפּגעהאַלטן ווערן אַ מיטינג.

מיט ענערגישע טריט איז דער בחור אַריין צו אַשכנזין אין קאַבינעט און צוגעגאַנגען צום שרייב־טיש.

— מיט וואָס קאָן איך דינען? — האָט אַשכנזי געפֿרעגט מיט אַ געמאַכ־טער רואיקייט און העפֿלעכקייט אין טאָן, גלייך ווי ער וואָלט גאָרנישט וויסן, וואָס אַזוינס עס קומט פֿאָר. — זיצט!

ער האָט אָנגעוויזן אויף אַ שטול אַקעגנאיבער זיך.

— הייבט זיך אויף פֿון אָרט און לאָזט מיך צו, — האָט דער בחור געענטפֿערט, — מיין פּלאַץ איז דאָ.

ער האָט אָנגעוויזן אויף דעם טיפֿן ברייטן לעדערנעם פֿאָטעל, וואו אַשכנזי איז געזעסן.

אַשכנזי האָט אַרויסגענומען אַ שליסעלע און גענומען אויפֿשליסן די אייזערנע קאַסע. דער בחור אין סטודענטישן היטל, וואָס ער האָט נישט אויסגעטאָן, האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— לאָזט שטעקן דאָס שליסעלע, קיין זאַך נישט רירן!

— נישט קיין געלט, — האָט אַשכנזי זיך פֿאַרענטפֿערט, — בלויז פּרי־וואַטע זאַכן.

— נישטאָ קיין פּריוואַטע זאַכן! — האָט דער בחור געלערנט. — אַלץ געהערט דער אַרבעטער און פֿויערים־מאַכט. איר וועט איבערגעבן אַלע שליסלען. דערנאָך וועט איר זיין פֿריי.

כאָטש ער האָט זיך געריכט דערויף אין די לעצטע טעג, דערוואַרט עס מיט יעדער מינוט, איז מאַקס אַשכנזי געוועזן פֿונדעסטוועגן איבערראַשט,

ווען ער איז אַרויס אויף דער גאַס און דאָס פאַבריק־טירל האָט זיך פאַר אים פאַרמאַכט מיט אַ טראַסק. ער איז געבליבן אַפילו שטיין אַ ווײַלע אַ געליימטער פאַר דער פאַבריק־וואַנט.

— אַרויסגעוואָרפן! — האָט ער נישט געקאָנט באַגרייפן, טאַקע פּראָסט פּשוט געוויזן די טיר, ווי אַ הונט!

ער האָט נישט געוואוסט וואו צו גיין. דער בחור אין סטודענטישן היטל האָט אים געזאָגט, אַז ער איז פריי, ער קאָן גיין וואו ער וויל. אָבער ער האָט נישט געהאַט וואו צו גיין, וואָס צו טאָן. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן ווי ער איז געווען אָן אַרבעט, אָן באַשעפטיקונג. ער איז געשטאַנען פונקט אַזאַ איבעריקער, מיט פרעמדע הענט, ווי אַמאָל זיינע אַרבעטער אין לאָדזש, ווען מען פלעגט זיי אָפּזאָגן פון דער אַרבעט און פאַרהאַקן זיי אונטער דער נאָז דאָס פאַבריק־טירל מיט אַ טראַסק.

ער איז געווען אַן איבעריקער אין דער גרויסער שטאָט, אַ הוילער. זיינע הייזער זענען געווען צוגענומען, די געלטער אין די בענק פאַרכאַפּט, די סעיפן פאַרחתמעט, די אָבליגאַציעס און ווערטפּאַפּירן אַנטווערט. ניין, נישטאָ קיין אייביקע זאַכן, האָט אַשכנזי דערזען. נישט נאָר פּאַפּיר־געלט און ווערט־פּאַפּירן, נאָר אַפילו הייזער, גיטער, וואָס ער האָט איינגעקויפט, כדי צו זיין זיכער מיט זיי, האָבן קיין האַפט נישט אויף דער וועלט, ווען דאָס רעדל קערט זיך איבער. פון זיין גאַנצן פאַרמעגן, וואָס ער האָט דאָ אין דער מלחמה געמאַכט, פון אַלע מאַשינען, הייזער, גיטער איז אין איין טאָג גאָרנישט געבליבן. ער איז אַרויס ריין, בלויז מיטן סויבעלנעם פּעלץ און היטל, וואָס מען האָט אַפילו נישט געקאָנט טראָגן אין דער שטאָט פון צעריסענע שינעלן און באַוואָפנטע מענער.

אין די ערשטע וואָכן איז מאַקס אַשכנזי געווען צעטומלט, ווי פון אַ שטאַרקן קלאַפּ, וואָס מען כאַפּט איבערן קאָפּ און מען קאָן צו זיך נישט קומען. ווייַ, ווייַ, וויפל ער האָט אַריינגעלייגט מי, אַרבעט, נישט געגעסן, נישט געשלאָפן, נישט גערוט, וועלטן געקערט, ביז ער האָט זיך צו אַזאַ פאַרמעגן דערשלאָגן. ער האָט אין זיינע אויסרעכענונגען אויף רוסלאַנד זיין געבורט־שטאָט פאַרלאָזט, די פאַבריק אויף הפקר געלאָזן, די מאַשינען און סחורות אַרויסגעפירט. אַליין איז ער דאָ אין דער פרעמדער רוסישער שטאָט געווען, נישט געוואוסט פון קיין רו, פון קיין לעבן, נאָר געבויט, געשאַפן, הייזער אָנגעקויפט, גיטער, פּלעצער. שטיין־רייך איז ער שוין געווען, ווייט אין די מיליאָנען געהאַלטן. ער האָט שוין גאָר אַליין נישט געוואוסט וויפל ער פאַרמאָגט. איצט האָט עס דער טייוול גענומען, איז איין העלן טאָג איז אַלץ אויסגערונען. אַשכנזי האָט זיך געפילט געקריוודעט, שטאַרק באַעוולהט פון דער וועלט. דאָס איז רויבעריי, האָט ער זיך געקאָכט, אַליין זיך אַ לעבעדיקן אויפגעגעסן, דאָס איז גזילה, ערגער ווי מען שעכט עמעצן. עס איז דאָך הימלשרייענדיק! מען נעמט אַ מענטש וואָס האָט מיט די אייגענע הענט אַ פאַרמעגן געמאַכט, וואָס האָט לייב און

לעבן אַוועקגעגעבן, דער מוח איז אים אויסגעטריקנט געוואָרן, וואָס האָט געטראַכט, געזוכט, געפּלייסט זיך ווי אַזוי צו אַ פאַרמעגן צו קומען, און מען נעמט עס אים דיר־נישט מיר־נישט צו און מען הייסט אים גיין!

ער האָט געקוקט אויף די גרויסע אויפשריפטן, וואָס רופן מען זאָל רויבן ביי די רויבער דאָס גערויבטע, און עס איז אים אין קאָפּ נישט געקראָכן. ער האָט זיך נישט געפילט פאַר קיין רויבער, אַשכּנזי. ער האָט קיינעם נישט באַרויבט. ער האָט בלויז געהאַנדלט, געמסחרט און פאַרדינט. אמת, ער האָט אַמאָל עסקים געהאַט מיט סוחרים, מיט שותפים, אָבער דאָס איז מסחר, ווער עס איז קליגער, דער נעמט. אַנדערש גייט עס נישט. אָבער באַרויבט האָט ער קיינעם נישט. ער האָט אויסגערעכנט, געוואָלט פאַרדינען, אָבער דאָס איז קיין רויבעריי נישט. אַזוי פירט זיך אויף דער וועלט. און מיט די אַרבעטער, איז אויך די אייגענע זאַך — ער האָט קיינעם נישט געצוואונגען. ער האָט געצאָלט ווי אַלע פאַבריקאַנטן, אויסגערעכנט, דאָס געשעפט זאָל האַלטן. ער האָט זיך געפילט ריין, ווי אַ שעפּעלע, אַשכּנזי, ער האָט געאַרבעט געהאַט אויפן געוויסן אַזוינס, וואָס מען זאָל אים קאָנען דערפאַר רויבער אָנרופן. רויבער זענען די, וואָס קומען מיט ביקסן און נעמען צו ביים מענטש דאָס געלט פון די הענט, ווי באַנדיטן, וואָס נעמען די נשמה אַוועק.

זייער עלנט, איינזאַם, צעבראָכן און געקריוודעט האָט ער זיך געפילט אין די אומרואיקע טעג, מער נאָך אין די נעכט, אין וועלכע ביקסן הערן גאָרנישט אויף צו קנאַלן.

מיט אַ שלעכטן מאַנטל, דעם ערגסטן, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט אויסזוכן צווישן זיינע מלבושים, מיט אַן אַרבעטער־היטל אויפן קאָפּ, כּדי נישט צו וואַרפן זיך אין די אויגן אויף די גאַסן, איז ער אַרומגעגאַנגען איבער דער פרעמדער שטאָט, געבלאָנדזשעט אויף אירע פּראָספּעקטן און פּלעצער.

די גרויסע לעבעדיקע שטאָט, וואָס האָט אַלעמאָל געגלאַנצט מיט קאַרעטן, שליטנס אין דריי פערד געשפּאַנט, מיט עלעגאַנטע דאַמען, שלאַנקע אָפיצירן, געלויכטן מיט געשעפטן, טעאַטערס, רעסטאָראַנען, לאָקאַלן, איז איצט געשטאַנען אָפּגעלאָזן, פאַרוואָרלאָזט, האָט אויסגעזען ווי אַ קריגסלאַגער. זייער גיך זענען די מענטשן אַריינגעקראָכן אין אָרעמקייט, אַרויפגעצויגן אויף זיך דעם דלות. ביי די קאָאָפּעראַטיוון האָבן זיך לאַנגע רייען געצויגן, כּדי צו קריגן אַ שטיקל ברויט, אַ הערינג. די פּרייזן זענען משוגענערווייז געשפּרונגען, מיט יעדער שעה, מיט יעדער מינוט. די פּויערטעס, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט אַ קריגל מילך אין שטאָט, האָבן מורא געהאַט עס צו פאַרקויפן; זיי האָבן גאָר נישט געקאָנט אויסרעכענען זיך אין די פּאַפּירן־געלטער, וואָס האָבן פאַרלוירן זייער ווערט פון איין גאַס ביז דער צווייטער. די טויזנטער האָבן זיי צעמישט.

— איך האָב נישט צו פאַרקויפן, — האָבן זיי געזאָגט, האַלטנדיק די סחורה אין דער האַנט.

זיי האָבן מורא געהאַט פאַר די באַנקנאָטן, געשראָקן זיך פאַר די גרויסע סומען און געצלמט זיך אין פחד.

אַשכנזי האָט די פּאַפּירענע באַנקנאָטן אויסגעליידיקט פון זיינע ווייניק־געבליבענע געלטער, ביי די מערק זיך אַרומגעדרייט און געקויפט זיך שפּייז, וואָס ער האָט אַליין אין שטוב ביי זיך צוגעגרייט. אָבער אין שטוב איז נישט געווען קיין וואַסער, קיין פייער. פרעסט האָבן געהאַלטן שטאַרקע. די וואַסער־לייטונג האָט נישט געאַרבעט, די רערן זענען פון פראָסט פאַרפרוירן געוואָרן. וואַסער האָט מען געמוזט ברענגען פון ברונעמס צו שלעפּן, פון אַ צווייטער גאַס. קיין קוילן זענען נישט געווען. די מענטשן האָבן דאָס מיסט אין די נעכט דורך די פענצטער אין די הויפן געוואָרפן, אויף די גאַסן.

פון דעם רייכן הויז זיינעם, אויף קאַמיענני אָסטראָווסקי פּראָספּעקט, זענען זיך די מענטשן צעלאָפן. אויף זייער אָרט האָבן זיך אַרבעטער אַריינגעצויגן, רויט־גוואַרדייער. זיי האָבן צוגענומען דאָס מעבל, צעבראָכן, צעקלאַפּט, אייזערנע אויוועלעך אַריינגעשטעלט, רערן דורך די ווענט דורכגעהאַקט און דורך די אויסגעבראָכענע שויבן דורכגעצויגן דעם רויך. די דינערשאַפט איז זיך צעקראָכן, אַוועק אין די דערפער, צו זייערע אייגענע, צו עסן דאָס דאָרפישע ברויט און קאַרטאָפל און צו וואַרעמען זיך ביי די גרויסע אויוונס. אַלע טאָג זענען אַנדערע סאָלדאַטן און מאַטראָזן אַריינגעקומען צו אַשכנזין אין הויז און אים אַרויסגעשטופּט פון זיינע צימערן אַלץ ווייטער.

— דו, פּאַטערל, פון וואָסערע לייט ביסטו? — האָבן זיי אים געפרעגט און געקוקט מיט פאַרדאַכט אויף זיין אָנגעצויגענער פּראָלעטאַרישקייט.

וואָס האָט גאָר נישט געפּאַסט צו די טייערע מעבלען פון זיינע צימערן.

אַשכנזי האָט זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל פאַר די צוואַקסענע דעקאָלטירטע מאַטראָזן, וואָס האָבן געווייעט מיט שמחה, הפקרות, גערעכטיקייט און רציחה צוזאַמען.

— איך בין פון די מלחמה־אַנטלאָפענע פון פּוילן, — האָט ער געענטפערט מיט אַ רחמנות־קול.

— ווערסטו זיך, פּאַטערל, אַ ביסעלע אַריינרוקן, — האָבן די מענער מיט רויטע געזיכטער געזאָגט מיט שפּאַס. — צופיל פּלאַץ פאַרנעמסטו פאַר איין מענטש אין דער איצטיקער צייט, און זאַכן האָסטו אויך צופיל, אַ מעבל־קראָם אַ גאַנצע.

זיי האָבן אים געדריקט פון צימער צו צימער, ביז ער איז ביי איינעם געבליבן. אין די שכנותדיקע צימערן האָבן זיך די סאָלדאַטן באַזעצט, די מאַטראָזן. זיי האָבן מיט שמחה די טייערע מעבלען זיינע צעהאַקט און אין די קאַמינען און בלעכענע אויוועלעך געוואָרפן. יעדער האַק האָט ביי־

אַשכנזין אין האַרץ אַ שניט געטאָן. זיי האָבן מיידן געבראַכט, הוליאַנקעס געמאַכט, היימישן פּויערשן בראַנפן, „סאַמאָגאָן‟, גלעזערווייז געטרונקען, אויף האַרמאָשקעס געשפּילט, געטאַנצט, געלאַכט און מיט די מיידן זיך פריילעך געמאַכט. אַשכנזי איז געלעגן ביי זיך אין שטוב אין גרויסן ברייטן בעט, צוגעדעקט מיט אַלע קאָלדרעס און פון אויבן מיט דעם סויבלענעם פעלץ, כדי נישט געפרוירן צו ווערן אין די נעכט, ווען די רערן אין די ווענט פּלאַצן פון פראָסט. אָן ליכט, אָן פייער און וואַסער, איז ער געלעגן וואַך אין די גרויסע ווינטער־נעכט און קיין אויג נישט געקאָנט צוטאָן. איי די שכנותדיקע צימערן האָבן די מאַטראָזן געהוליעט, געזונגען, געקושט זיך און געשלאָגן זיך. אַשכנזי האָט אויסגעשפּיצט זיינע אויערן צו דער פרייד פון די מענטשן, וואָס האָבן גאָרנישט, וואָס יעדער טאָג שטייען זיי גרייט צום שלאַכט, און ער האָט זיי מקנא געווען. די ווענט האָבן געקנאַקט פון זייערע געלעכטערן, פון זייערע טענץ און קולות. אַלע שוואַכקייטן, שטעכענישן אין די זייטן, ציאונגען ביים האַרץ, ברענונג אין די געדערעם פון די שלעכטע עסנס, מאָגן־קראַמפן, אַלע חולאתן, וואָס האָבן זיך געהאַלטן ביי אים אין זיין עלטערן גוף און נישט אַרויסגעקראָכן אין זיין פריערדיקער פאַרנומענקייט, אין זיין רוישיקן לעבן און שאַפן, זענען איצט אַרויסגעקראָכן, אין קליינעם קערפּער זיינעם אַרומגעקריזט, געקווועלט, גענאָגט. אַפילו קיין ביסל וואַרעם וואַסער איז נישט געווען, אַפילו קיין אָרט פאַר אַ מענטשלעך געברויך איז נישט געווען אין דער אייגענער שטוב זיינער, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט און אָנגעוואָרפן מיט זאַכן. דער פראָסט האָט אַלץ מיט פייכטקייט און אייזיקייט באַדעקט.

ניין, דער מענטש וואָס האָט געקענט פירן גרויסע פאַבריקן און גע־שעפטן, מאַכן פאַרמעגנס, דערטראַכטן זיך צו די גרעסטע איינפאַלן און קאָמ־בינאַציעס, האָט נישט געקענט באַזאָרגן זיין קליינעם גוף, בלייבנדיק אַליין אָן דינער און משרתים.

זיי האָבן געלאַכט פון אים, די מיידן אין די שטיוול, די יונגען אין די פּעלצלעך, ווען ער פלעגט ביי טאָג מיט דעם כינעזישן פאַרצעלייענעם קרוג גיין אין אַ זייטיק געסל צום ברונעם נאָך וואַסער. ער האָט זיך גע־גליטשט אויף דעם פאַרפרוירענעם ברוק, אויף וועלכן אַלע אַנדערע זענען געגאַנגען ווי אויף ברעטער. ער האָט אומגעשיקט צוגעבונדן דעם אויער פון קרוג ביי דעם שטריק פון ברונעם און שלימזלדיק געשעפּט, שיר נישט אַריינפאַלנדיק אין ברונעם אַריין. ער האָט מער פאַרגאָסן ווי אַהיימגעטראָגן. זיין האַנט, וואָס האָט אַזוי גיך געאַרבעט מיטן בליישטיפט אויף אַלע פּאַ־פּירן, טישטעכער, טישן, ביים רעכענען און חשבונען ווי אַזוי געלט צו מאַכן, האָט נישט געקאָנט אויפהויבן קיין האַק צו צעהאַקן עפּעס אַ חפץ פון שטוב און אָנצוואַרעמען אַ ביסל טיי פאַר זיך. ער האָט אָנשטאָט אין האַרטץ האָלץ שיר נישט אין די אייגענע פיס זיך געטראָפן. אין שטוב איז געווען ביי אים אַ מושב. ער איז געוואָרן אָפּגעלאָזן, פאַרוואָרלאָזט.

ווי אייביקייטן האָבן זיך געצויגן ביי אים די לאַנגע ווינטער נעכט אָן שלאָף. ער האָט אויפגעכאַפּט יעדער שאָרך, יעדער קנאַל פון אַ ביקס אין גאַס. אָפּטמאָל זענען שריפות געווען אין די נעכט. פון די בלעכענע אויוועלעך, וואָס מען האָט אומעטום אַריינגעשטעלט, פון די רערן, וואָס מען האָט דורכגעצויגן דורך טיר און פענצטער, האָבן זיך שטובן אָנגעצונדן. קיין וואַסער איז נישט געווען, די פייערלעשער זענען אַפילו נישט געקומען. ווי דאָרפישע שייערן האָבן די גרויס־שטאָטישע מויערן געפלאַקערט אין די נעכט, הפקר און פריי, באַלויכטנדיק די פינצטערע גאַסן. די יאָמערן פון די מענטשן האָבן אָפּגעשלאָגן זיך מיט זייערע ציטערנדיקע ווידערקולות ווייט אין דער נאַכטיקער שטילקייט.

נאָך מער האָט אַשכנזי אויסגעשפּיצט זיינע אויערן צום גלאָק פון טויער. נאַכט ביי נאַכט זענען רעוויזיעס געווען. אין מיטן נאַכט זענען באַוואָפנטע מענער באַפאַלן די הייזער, די געוועזענע רייכע און מיוחסים פון די בעטן אַרויסגענומען און דורכגעזוכט די שטובן. מיט די באַיאָנעטן זענען די סאָלדאַטן אין די מאַטראַצן אַריינגעקראָכן, איבערגעקערט, איבערגענישטערט. מען האָט געזוכט געווער, געהיימע פּאַפּירן, אויסבאַהאַלטן גאָלד און בריליאַנטן.

אַשכנזי האָט קיין געווער נישט געהאַלטן, אויך נישט קיין פאַרדעכטיקטע פּאַפּירן. אים איז גאָרנישט אָנגעגאַנגען אין דער פרעמדער רוסישער שטאָט, וואו ער איז איצט געבליבן פאַרשטעקט. אַזוי לאַנג האָט די שטאָט פאַר אים געהאַט אַ רייץ, ווי לאַנג זי האָט אים געדינט, גוטע געשעפטן געגעבן, געלט, פאַרמעגנס. איצט איז זי פאַר אים געווען פרעמד, ווי אַ וואָקזאַל, פון וועלכן מען איילט זיך וואָס גיכער צו דער היים. אמת, די נייע מענטשן פון דער שטאָט האָבן אים אַ סך שלעכטס געטאָן. זיי האָבן אים באַרויבט, באַגזלט, ווי די גזלנים אים פאַרן האַלדז געכאַפּט און אַרויסגעטריבן פון זיינע הייזער, פאַבריקן, בענק. זיי זענען ווערט מען זאָל לעבעדיקע פּאַסן פון זיי שינדן, אָבער נישט ער האָט געטראַכט זיך צו פאַרנעמען דערמיט. זייער סוף וועט קומען, איז ער געווען זיכער, ווייל אַזעלכע זאַכן קאָנען נישט אויסהאַלטן. די וועלט וועט נישט שווייגן. אָבער טאָן וועט דאָס די וועלט, האָט ער געוואוסט, נישט ער. ער, אַשכנזי, איז אַ געשעפטסמאַן, אַ פאַבריקאַנט, ער האָט איין זאַך צו טאָן, צו האַנדלען און מאַכן געלט. שלאָגן זיך, אַרומקריכן אין די גאַסן מיט די ביקסן, האַלטן רעוואָלווערן, דאָס איז נישט זיין זאַך.

ניין, ער האָט נישט מורא געהאַט פאַר די מענער, זיי זאָלן ביי אים געפינען געווער אָדער געהיימע פּאַפּירן. ער האַלט נישט פון אַזוינע זאַכן. אָבער אַנדערע פאַרבאָטענע זאַכן האָט ער געהאַט. ערשטנס, האָט ער אין די אומרואיקע טעג אַביסל סחורות פון זיינע לאַגערן אַרויסגעפירט און באַהאַלטן זיי אין קעלערס אויף יעדער צופאַל, פאַרשטעקט זיי צווישן באַקאַנטע און היימישע. היפּש דערפון איז געלעגן אויך אין די אייגענע

קעלערס אין הויף, זייער פּרייז איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג. אַשכנזי האָט געוואָלט פון זיי פּטור ווערן וואָס פריער, פאַרקויפן זיי פאַר וויפל עס וועט זיך לאָזן, אַבי אַרויס פון זיי. אָבער עס איז שווער געווען עפּעס צו טאָן דערמיט. נישט מען האָט געקאָנט די סחורות איבערפירן עפנטלעך, נאָר בסוד סודות, נישט מען האָט געקאָנט צונויפקומען זיך מיט סוחרים. אַלע זענען געווען צעטומלט, דערשראָקן.

צווייטנס, האָט ער פאַר דער צייט געהאַט אַוועקגעלייגט אַ ביסל בריליאַנטן, גאָלד, וואָס ער האָט אויסבאַהאַלטן נישט אין די סעיפן, נאָר פאַרשטעקט אין באַהעלטענישן ביי זיך אין שטוב, אין גאַר באַהאַלטענע ערטער, וואָס קיינעם וועט נישט איינפאַלן צו זוכן. די בריליאַנטן האָט ער אַליין אין די נעכט אין די מלבושים איינגענייט מיט קרומע אומגעשיקטע נעט, אין סויבעלנעם פּעלץ, אונטער די קאָלנערס פון די ווינטער־מאַנטלען. מען זאָל עס מיט דער האַנט נישט דערטאַפּן. ער האָט זיך גערעכנט אויף דעם אומגליק, דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז עפּעס שלעכטס וועט אָנקומען אין דעם לאַנד, און ער האָט זיך אָנגעגרייט קאָסטבאַרקייטן אויף דער שוואַרצער שעה, ווען זי וועט קומען.

ער האָט געוואָלט אַנטלויפן פון דער שטאָט, וואָס אַ חוץ רויטע שליפן, באַפעלן אויף די מויערן, באַוואָפנטע מענער, פולע גאַסן מיט רייד און פּראָקלאַמאַציעס, האָט זי גאָרנישט, קאָן זי אים גאָרנישט געבן. בלויז געפאַר האָט זי פאַר אים פאַרמאָגט. אָבער אַרויספאָרן איז געווען שווער. מען האָט געמוזט האָבן דערלויבענישן אַלערליי, פּאַפּירלעך, און אַשכנזי האָט קיין חשק נישט געהאַט צו דרייען זיך צופיל אין די רויטע אַמטן, וואו עס זיצן די נייע לייט, די מענער מיט די היטלען אויף די קעפּ און די ווייבער מיט די פויערישע טיכלעך. ער האָט וואָס ווייניקער געוואָלט לאָזן זיך הערן מיט זיין נאָמען אין דער שטאָט, וואו דער לאָדזשער פּאַוועל שטשינסקי איז געווען דער קאָמענדאַנט. ער האָט אים נאָך געדענקט פון לאָדזש, דעם שטשינסקין, נישט איינמאָל אין פינפטן יאָר עסקים געהאַט מיט זיינע לייט, די שטרייקערס. ער האָט געוואוסט, אַז גאָרנישט קיין גוטס קאָן ער דערוואַרטן פון אָט דעם פאַרשוין, וואָס לעבן און טויט איז איצט ביי אים אין די הענט.

איבעריקנס האָט מען קיין געלט נישט געקאָנט אַרויספירן, אַ חוץ אַ קליין ביסל פּאַפּיר־באַנקנאָטן, וואָס האָבן אַ קליינעם ווערט. אַשכנזי האָט געוואָלט אַנטלויפן פון לאַנד, קיין אויסלאַנד זיך אַרויסקריגן, כדי פון דאָרט צוריק אַריינצוקריגן זיך קיין לאָדזש. אָבער אַרויספאָרן אָן די אוצרות זיינע האָט ער נישט געקאָנט. וואָס וועט ער טאָן אויף דער גרויסער וועלט אָן געלט? און אַרויספאָרן מיט די אוצרות איז געווען אַ סכנה. מען האָט געזוכט אויף טריט און שריט. פאַר אַזעלכע זאַכן קאָן מען ווערן מיט אַ קאָפּ קירצער אין די איצטיקע ציטן. ער האָט געזוכט ווי אַזוי זיך אַרויסצוקריגן פון לאַנד געהיים, דורך אייגענע געניטע מענטשן, דורך גוטן כּאַבאַר. אָבער

נישט אַזוי לייכט איז געווען אַזעלכע מענטשן צו קריגן, וועמען זיך אָנצו־טרויען. די גאַנצע וועלט איז פול מיט שווינדלער און באַטריגער. און ער איז דערווייל געזעסן אין דער שטאָט ווי אויף הייסע קוילן. ער האָט געלעבט דערפון, וואָס ער האָט חפצים פון שטוב אַרויסגעטראָגן אויף די מערק צו פאַרקויפן, אַליין שפּייז זיך איינגעקויפט ביי די פּויערטעס, אַליין אַ לעפל עסן זיך אָפּגעקאָכט. די אוצרות האָט ער געהאַלטן אויף אַרויסצו־קריגן זיך פון דער גיהנום־שטאָט, ווען די גוטע שעה וועט קומען.

און ער האָט געציטערט אין די נעכט, געשראָקן זיך פאַר יעדן קלאַפּ, פאַר יעדן קלונג אין טויער, פאַר יעדן שאָרך אויף די טרעפּ, צי מען גייט נישט אַמאָל מיט אַ רעוויזיע, צי מען קומט נישט נאָך זיינע אוצרות און זיין לעבן. ער האָט זיי אָפּט געזען אויף די גאַסן, די לאַסט־אויטאָמאָבילן מיט די אַרעסטירטע, אַרומגערינגלט מיט זעלנער און ביקסן, אַרעסטירטע פאַר אַלטן יחוס, פאַר אויסבאַהאַלטן סחורות, פאַר שפּעקולאַציע. מען האָט נישט הויך גערעדט אין שטאָט וועגן זייער גורל, מען האָט מורא געהאַט אַ וואָרט פאַר די ליפּן אַרויסצובריינגען, אָבער געמורמלט האָט מען, אַז זעלטן ווער עס קומט צוריק פון די, וואָס מען פירט זיי אַוועק מיט די לאַסט־אויטאָ־מאָבילן. ער פאַרטיקט זיך מיט זיי גיך אָפּ, פּאַוועל שטשיגיסקי. אין די פינצטערע נעכט, זאָגט מען, פירט מען זיי הינטער דער שטאָט אַרויס, מען ראַמט זיי אָפּ און מען פאַרוואַרפט זיי אין גריבער, וואָס קיינער ווייסט אַפילו נישט וואו זייער געביין איז אַהינגעקומען. דערפון זאָל דאָס שטאַ־מען דאָס קלאַפּן פון לאַסט־אויטאָמאָבילן אין די נעכט, דאָס קנאַלן פון ביקסן.

אַשכנזי איז אומרואיק געלעגן אונטער די איבערגעדעקטע קאָלדרעס און סויבעלנעם פּעלץ אין די שלאָפלאָזע נעכט. ער האָט אויפגעציטערט ביי יעדן שפּרונג פון אַ מייזל, ביי יעדן טראָט, וואָס האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין דער גאַס. כאָטש זיינע אוצרות זענען געווען באַהאַלטן, פאַרשטעקט, פאַרנייט, האָט ער געציטערט פאַר זיי. ווער ווייס, צי די סאָלדאַטן מיט זייערע עלטסטע וועלן זיי נישט אויסגעפינען, צונעמען זיי ביי אים, אין טורמע אים איינזעצן, אָדער אפשר גאָר אַוועקפירן מיט די לאַסט־אויטאָמאָבילן אין די נעכט.

ער איז נישט געווען זיכער מיט די שכנים אין הויף, וואָס האָבן גע־קענט אים פון די פריערדיקע צייטן. אמת, זיי פלעגן אים אַלעמאָל שיין באַגריסן, די היטלען פאַר אים אַראָפּנעמען. אָבער איצט איז זייער צייט, זיי קאָנען מסרן אויף אים. נאָך ווייניקער גלויבן האָט ער געהאַט אין די מאַטראָזן און סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין זיין דירה. ער האָט אַלעמאָל דערוואַרט, זיי זאָלן פּלוצלונג אויסהאַקן די טיר פון זיין שטוב, וואָס ער האָט פאַרקייטלט און פאַרריגלט, זיי זאָלן אים צונעמען דאָס לעצ־טע און אים אַ קויל אין קאָפּ געבן, אָדער גאָר דערשטיקן, אַז אַ האָן זאָל נישט קרייען. קיינער וועט נישט וויסן אַפילו וואו זיין געביין איז אַהינגע־

קומען. ווי אַ הונט וועט מען אים ערגעץ באַגראָבן, צוזאַמען מיט גויים און שלעפּער.

עלנט, פאַרלאָזן, אַליין איז געווען מאַקס אַשכּנזי אין די ניַיע טעג אין אין דער שטאָט, וואָס האָט זיך איבערגעקערט, אַ רחמנות האָט אים אַרומ־גענומען אויף זיך אַליין, אויף זיין עלנט לעבן.

צו וואָס איז ער געקומען דאָ אַהער, אין דער פרעמדער רוסישער שטאָט ? נאָך געלט איז ער געקומען. ער האָט זיך אויף רוסלאַנד אָריענ־טירט, פון דער אייגענער שטאָט געלאָפן, די סחורה אַרויסגעפירט, די מאַ־שינען פון דער פאַבריק צוגענומען, אַ תל געמאַכט פון זיך, פון געשעפט, פון דער פאַבריק, פון פּאַלאַץ. דאָס אייגענע ווייב איבערגעלאָזט, כאָטש זי האָט אים געבעטן, ער זאָל בלייבן. ער האָט געוואָלט געשעפטן מאַכן אין דער רוסישער שטאָט, מיליאָנען, וואָרעם ער האָט אין די דייטשן נישט גע־גלויבט, דעם צוטרוי פאַרלוירן צו דער שטאָט, אָפּגעריסן פון רוסלאַנד. ער האָט טאַקע געמאַכט אַ פאַרמעגן, מיליאָנען געזאַמלט, דאָס געלט איז אַליין דאָ אים אין די הענט אַריינגעלאָפן. אָבער וואָס איז געוואָרן דערפון ? גאָרנישט. הויל און נאַקעט איז ער אַרויס פון אַלעמען, צום טייוול איז זיין גאַנצע מי, אַרבעט און אָנשטרענגונג געגאַנגען. ער האָט זיך אַפילו נישט פאַרגונען אָפּצוען ווי געהעריק, נישט אויסצושלאָפן זיך אין די נעכט, כאָטש ער האָט שוין די אַלטקייט דערפילט. איצט איז דאָס אַלץ פאַרן רוח אַוועק, פאַר די פאָניעס מיט די צעריסענע שינעלן.

זיין קאָפּ, זיין איבערקליגלען זיך, פאַרפירט אים אַלעמאָל צום טייוול. ניין, מען דאַרף נישט אַזויפיל איבערטראַכטן, מען דאַרף לעבן ווי עס לאָזט זיך, נעמען פון לעבן ווי עס גייט, ווי זיין ברודער יעקב־בונם.

מיט קנאה האָט ער געטראַכט איצט וועגן דעם ברודער זיינעם, וועמען ער האָט שטענדיק אַזוי געהאַסט. איצט האָט ער צו אים קיין שנאה מער נישט געפילט, ער האָט אים בלויז מקנא געווען. ער איז פאַרבליבן אין לאָדזש. ער לעבט זיך מסתמא אַ גוט, רואיק לעבן, אין מנוחה און אין זיכערקייט. ער האָט נישט איבערגעטראַכט, נישט געקלערט אַזויפיל, נישט געשפּרונגען פון דער הויט. ער איז פאַרבליבן אין לאָדזש ווי אַ סך אַנ־דערע, געלאָזט גיין מיטן געוויינלעכן וועג. איצט זיצט ער אודאי מיט זיין גערטרוד און מיט די קינדער, וואָס זיי האָבן.

ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין גערטרוד. אַ וואויל מיידל געווען, — האָט ער געטראַכט וועגן איר דאָס ערשטע מאָל, — אַ שיינע און אַ קלוגע, מיט אַ מאַנסבילשן קאָפּ. וואָסער גליק דער יעקב־בונם האָט, זי אָנצוקריגן פאַר אַ ווייב ; זי, וואָס וואָלט געקאָנט זיין זיין טאָכטער. ער איז אַפילו אויף דער חתונה ביי איר נישט געווען, אין שטוב צו איר קיינמאָל נישט געקומען, אַ פרעמדער געווען. אים האָט עס פאַרדראָסן איצט אין די שלאָפלאָזע נעכט, ער האָט פאַראיבל אויף זיך געהאַט, געפרעסן זיך דערפאַר. פון גערטרודן איז ער אַריבער טראַכטן וועגן זיין זון, איגנאַצן. ער מוז

שוין איצט זיין אַ מענטש אין די יאָרן. ער האָט געפּרואווט ביי זיך אין געדאַנק אַרויסרופן זיין בילד, אָבער ער האָט נישט געקאָנט. עפּעס צערונען און אָפּגעווישט איז אַלץ געווען. ווי וואָלט ער אים איצט געוואָלט זען. אמת, ער איז קיין לייט נישט געווען, אַ קאָפּ געהאַט אַ גראָבן, און אים, דעם אייגענעם פאָטער, שנאה אַרויסגעוויזן. דאָך וואָלט ער אים איצט גע־וואָלט זען, וויסן וואָס איז מיט אים, ווי אַזוי זעט ער אויס, ווי אַזוי לעבט ער. מעגלעך, אַז ער האָט שוין גאָר ערגעץ אַ פאַמיליע, אַ ווייב, קינדער. און אפשר, אפשר איז גאָר חלילה מיט אים עפּעס געשען? ער האָט גע־הערט, אַז ער זאָל האָבן פרייווילליק אַריין אין דער אַרמיי צו די פראַנצויזן. אים האָט אַלעמאָל געצויגן צו פּוסטע זאַכן, צו גויאישע און ווילדע. ווער ווייסט, צי ער איז נישט פאַרוואונדעט, אָדער, חלילה, נאָך ערגער? אַשכנזי האָט אַ ציטער געטאָן פון געדאַנק.

פון דעם זון איז ער אַריבער צו איר, דינהלען. ווי מיט אַ סך יאָרן צוריק, איז זי אים פּלוצלונג געשטאַנען פאַר די אויגן, אַ יונגע, אַ ווייכע, אַ שיינע און רייצנדיקע. מיט ווייטיק האָט ער זיך דערמאָנט אין איר, געדענקט זייער לעבן. אמת, זי האָט אים קיין ליבשאַפט נישט אַרויסגעוויזן, פרעמד געווען אים, אָבער אפשר איז זי נישט אינגאַנצן שולדיק געווען. ער איז צופיל געווען פאַרטאָן, פאַריאָגט, נישט פּרובירט זיין לעבן איר, אַריינגעמען זי אין די הענט. דאָס גטן זיך איז גאָר געווען אַ משוגעת. זי האָט עס נישט געוואָלט. ער האָט זי באַליידיקט דערמיט, פאַר מענטשן מבייש געווען. מיט געוואָלט האָט ער אַרויפגעצוואונגען אויף איר דעם גט. זי האָט אים אַפילו שוין דעמאָלט ליבשאַפט גענומען אַרויסווייזן, קוקן אים אין די אויגן. ער האָט צו איר גאָרנישט געהאַט. זי האָט אַלעמאָל שטענדיק זיך לייטיש געפירט, קיין חרפּות און בושות, ווי אַנדערע ווייבער אויף זייערע מאַנען, אויף אים נישט געבראַכט, זיין נאָמען נישט באַשמוצט. גראָד ווען זי איז געוואָרן אַן אַנדערע, גענומען רעדן וועגן לעבן ווי לייטן, וועגן נחת פון קינדער, איז אויף אים אָנגעפאַלן דאָס משוגעת זי צו גטן.

ער האָט זי ליב געהאַט, האָט אַשכנזי געדענקט, אַפילו ביים גט האָט זי זייער שיין אויסגעזען. אָבער ער האָט זי אָפּגעוואָרפן פון זיך, פאַרביטן אויף דער מאַדאַם מרגליות. זי איז אַ קלוגע, דאָס נייע ווייב זיינס, וואָס איז איצט אין לאָדזש אַליין פאַרבליבן. כאָטש זי האָט קיינעם אין לאָדזש נישט געהאַט, איז זי פאַרבליבן דאָרטן, כדי צו היטן זיין פאַרמעגן. זי איז אַ מענטש מיט שכל, אַכט אים, האַלט אים בכבוד. אָבער קיין גליק האָט ער ביי איר קיינמאָל נישט געהאַט. זי איז געווען עלטער פאַר אים, מיאוס. ער האָט קיינמאָל ביי איר נישט געקאָנט געפינען קיין גליק נאָך די האַרטע טעג פון האַנדל, קריגערייַ און רייסעניש, קיינמאָל נישט געקאָנט אַרייַנ־גראָבן זיין קאָפּ אין איר שויס און פאַרגעסן אין אַלע פּיין, וואָס פאַרשווינדן אין ליבע, וואַרעמקייט און גליק. אַ חבר איז זי אים געווען, נישט קיין ווייב. פּוסט זענען געווען די נעכט מיט איר, אומזיניק. דינהלע איז נאָך ווי אַ

רויז געווען, ווען ער איז אַוועק פון איר. און צוליב וואָס האָט ער עס געטאָן? צוליב געלט, פאַרמעגנס. איצט האָט אַלץ דער טייוול גענומען. עלנט, אַליין, איז ער אין דער פרעמדער שטאָט, גרייט אומצוקומען ווי אַ הפקרדיקער הונט. און אַלץ וואָלט דאָך געקאָנט זיין אַזוי אַנדערש, אַזוי גלייך, גליקלעך, מיט ווייב, קינדער און נחת.

אַ מיטלייד האָט אים אַרומגענומען אויף זיך אַליין, אַ רחמנות אויף זיין לעבן, וואָס ער האָט מיט די אייגענע הענט צעבראָכן. תמיד האָט ער גע־טאָן אַלץ, אַבי זיך אַליין שלעכטס צו טאָן.

מיט טרייסט האָט ער געטראַכט וועגן דעם, וואָס ער האָט עפּעס אי־בערגעלאָזן אין לאָדזש. אַ פאַבריק, אַ פּאַלאַץ, הייזער. עס איז באַשערט געווען ער זאָל נישט אַלע בריקן פאַרברענען הינטער זיך. איצט וועט ער זיך קאָנען צוריקקערן דאָרט. אָ, ער וועט שוין וויסן איצט ווי אַזוי צו לעבן. ער וועט שלום מאַכן מיט די קינדער, מיטן אייגענעם ברודער. אומזיסט און אומנישט האָט ער זיך שטענדיק אַרומגעקריגט, אָפּגעריסן זיך פון אַלעמען און אַלץ. ער וועט שוין קליגער זיין, די צייט האָט אים געלערנט, אַ גוטע לעקציע געגעבן. אַפילו איר, דינהלען, וועט ער זיין פריינטשאַפט אַרויסווייזן, אַרויסהעלפן איר. ווער ווייסט, ווי אַזוי עס גייט איר דאָרט?

מיט מענטשן וועט ער לעבן גוט, נישט איינרייסן מער, נישט זיין אַזוי האַרט. נישטאָ פאַר וואָס זיך מוסר־נפש צו זיין. דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. מען דאַרף נישט פאַרזאָרגן קיין וועלט, מען דאַרף נישט איינרייסן. ער וועט צדקה געבן, גוטע זאַכן טאָן. אַבי נאָר ער זאָל אַרויס פון דאַנען, אַנטלויפן פון דעם גיהנום, פון דער פרעמדער רוסישער שטאָט, וואָס אויסער געפאַר האָט זי גאָרנישט מער פאַר אים. זאָל ער נאָר צוריק־קומען קיין לאָדזש, צו זיין געבורטס־שטאָט, צו אייגענע, ער וועט שוין דאָרט עפּעס אויפטאָן. נישקשה, אַשכּנזי איז נאָך אַשכּנזי. אַזעלכע פאַר־קויפט מען נישט דריי פאַר אַ גראָשן. ער האָט אין פּעטערבורג געמאַכט אַ פאַרמעגן און ער וועט אויך דאָרט צוריק ווערן דער אַמאָליקער. ער קאָן גאָרנישט אויפטאָן אין אַ לאַנד, וואָס איז משוגע געוואָרן, וואו ער, אַשכּנזי, דאַרף גאָר, צוזאַמען מיט שקאָצים און שיקסעס, גיין נאָך וואַסער, האַקן האָלץ, דינגען זיך אויפן מאַרק מיט פויערטעס איבער אַ פלעשל מילך. אָבער אין לייטישע מדינות, צווישן מענטשן, וואו מען האַנדלט און מען וואַנדלט, וועט ער ווייזן זיין כוח און אַפילו מיט די דייטשן קאָן מען אויך אויסקומען. די וועלט איז אומעטום אַ וועלט, וואו עס איז גאָר נישט איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ און די פיס אַרויף. ער וועט זיי ווייזן, די דייטשוקעס, אַז ער איז דער חכם, נישט זיי. נישקשה, ער האָט שוין מיט זיי נישט איינמאָל געשעפטן געהאַט.

ער האָט אַפילו מער נישט חרטה געהאַט אויף זיינע גרויסע היזקות אין רוסלאַנד. כאַפּט עס דער רוח! זאָלן זיי זיך דערוואַרגן דערמיט. עס וועט זיי סיי־ווי־סיי אויספאַלן באַקאָם. זיי וועלן בלויז דאָס לאַנד חרוב

מאַכן. ער פאַרגינט זיי, זאָלן זיי נעמען, זאָל זיך אים דאַכטן, אַז אַ פייער איז אַראָפּ פון הימל און אַלץ פאַרברענט, אַז אַ מגפה איז געקומען, אַן אַנ־שיקעניש. וואָס איז געווען איז געווען. מסתמא איז אַזוי באַשערט, דער עיקר איז, ער זאָל קאָנען אַרויס פון דאַנען, אַרויסקריגן זיך. דאַנקען גאָט, וואָס אים איז איינגעפאַלן נישט אַריינצולייגן אין סעיף נאָר צו האַלטן ביי זיך, אַביסל ברילי־אַנטלעך, גאָלד, אויך סחורות באַצייטנס אָפּשטעקן פאַר אַ לייטישן מקח, מען זאָל אַרויס בשלום מיטן גוף פון דעם ווילדן לאַנד, וועט מען שוין מיט גאָטס הילף נישט פאַרלוירן גיין. מיט געלט קאָן מען נאָך אין לייטישע מדינות אַלץ אויפטאָן. אַבי אַרויסקריגן זיך פון דעם גיהנום.

ער איז גרייט געווען, אַשכנזי, אַוועקצוגעבן אַ גרויסע סומע. אין גאָלד צאָלן, אַבי מען זאָל אים דורך אַ זיכערן וועג אַרויספירן מיט זיין ביסל אָפּגעשפּאָרט פאַרמעגן פון דאַנען, און וואָס פריער, ווייל דערנאָך קאָן זיין צו שפּעט.

נישט לייכט איז עס געווען. זיינע נאָענטע און באַקאַנטע זענען זיך צעלאָפן, אויסגערונען אין די ביטערע טעג. אין די הייזער, וואו פריער זענען געווען אייגענע, טרעפט מען איצט אָן סאָלדאַטן אַלערליי, מאַטראָזן און אַרבעטער, וואָס ווילן אַפילו רעכט נישט ענטפערן, ווען מען פרעגט זיי אויף פריערדיקע באַלעבאַטים. צווישן די נייע לייט, די איצטיקע מיוחסים, האָט ער קיין באַקאַנטע נישט געהאַט. נישט לייכט איז געווען צו טאָן עפּעס, סיי פון די סחורות פּטור צו ווערן, סיי אַרויסקריגן זיך. אַ מורא איז געווען אַ וואָרט נאָר אַרויסצורעדן. אָבער אַשכנזי האָט דעם מוט נישט פאַרלוירן. כאָטש ער האָט שוין אין זיין לעבן געזען, אַז אויסער געלט האָבן מענטשן אויך אַנדערע זאַכן פאַר וואָס זיי גיבן אַוועק דאָס לעבן, פאַראַן פאַנטאַזיאָרן אַלערליי, צעדרייטע, וואָס ווילן אַליין נישט לעבן און לאָזן אַנדערע דאָס לעבן נישט באַקומען, האָט אַשכנזי פונדעסטוועגן פאַרשטאַנען, אַז בלויז געציילטע זענען משוגעים. מערסטנס מענטשן זע־נען ביים שכל, ווייסן וואָס אַ מטבע איז און ווילן כאַפּן אַ פאַרדינסטל. אַזוי איז געווען, אַזוי איז און אַזוי וועט זיין.

ער האָט זיי געקענט, די אַלע כאַבאַרניקעס ביי אַלע צייטן און רע־גירונגען, און ער איז געווען זיכער, אַז אויך צווישן זיי, די איצטיקע הער־שער, זענען דאָ געגוג בעלנים אויף אַ גוט פאַרדינסטל, זענען פאַראַן חברה־לייט, וואָס מיינען נישט די הגדה, נאָר די קניידלעך. מען האָט געגוג גע־רעדט אין גאַס וועגן די נייע, וואָס פאַרקויפן אויף די מערק די זאַכן, וועלכע זיי רעקווירירן ביי די רייכע פאַר די אָרעמע. אַשכנזי האָט גאָרנישט גע־טראַכט אַנדערש. ער איז געווען זיכער, אַז פונקט ווי ביי די אַלטע טשינאָווּ־ניקעס, אַזוי אויך ביי די איצטיקע אין די לעדערנע רעקלעך, קאָן מען פאַר אַ רובל אַלץ מאַכן. דער אומגליק איז נאָר, וואָס מען ווייסט נישט ווי אַזוי צו זיי צוצוגיין, מ'ווייסט נישט ווער עס איז ביים שכל און ווער עס נעמט

טאַקע ערנסט אָט די אַלע פּלוידערייען אויף די מיטינגען. נאָך ערגער דער־פון איז דאָס, וואָס אַפילו מיט קיין אייגענעם ייד איז מען נישט מער זיכער. אַמאָל, האָט אַשכנזי געוואוסט, איז אַ ייד געווען זיכער, אַז ווען איינער הייסט מענדל, מעג מען עסן פון זיין פּענדל. איצט איז געוואָרן אַ צייט, אַז איין גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען. די יידן ביי די רויטע לייט זענען נאָך ערגער ווי די גוים. אַ ייד איז ביי זיי גאָרנישט. נישטאָ, זאָגן זיי גאָר, קיין ייד און גוי, בלויז בורזשועזן און פּראָלעטאַריער.

אַשכנזי האָט אַ סך געטראַכט אין די שלאָפלאָזע נעכט וועגן צוקריגן זיך צו עמעצן פון די נייע, און טאַקע צו אַ גדול אַליין, כדי מיט אים אָפּצומאַכן דאָס געשעפט, לייטיש באַלוינען אים דערפאַר און כשר וישר אַרויסצו־קריגן זיך פון דער שטאָט ערגעץ צו אַ גרענעץ. ער איז גרייט געווען צו לאָזן זיך וואו נאָר עס וועט זיך מאַכן, אַפילו ביז יאַפּאַן און כינע, אַבי אַרויס פון דעם לאַנד. קיין זאַך איז פאַר אים נישט ווייט געווען, נישט שווער געווען. ער איז אויך געווען זיכער אין דעם, אַז עפּעס וועט שוין אונטער־קומען. ווי שטייט עס: יגעתי ומצאתי — אַז מען מען זוכט, געפינט מען. און געפינען דאַרף מען טאַקע גאָר אַ וויכטיקן העכט. אַלעמאָל איז בעסער צו גיין מיטן קאָפּ איידער מיטן עק, און זיכערער איז עס אויך. ווייל וואָס עס קאָן טאָן אַ גרויסער, קאָן נישט קיין קליינער. ניין, ער האָט קיין ספק נישט געהאַט אין דעם, אַז ווען ער טרעפט זיך נאָר מיטן ריכטיקן מענטש, וואָלט ער אַלץ דורכגעפירט. און אַזעלכער וועט אונטערקומען. זיכער ווי דער טאָג.

דער עיקר איז נאָר, די פליגל נישט אַראָפּצולאָזן, צו זיין שטאַרק, אין די הענט זיך צו נעמען, מיט ציין און נעגל זיך האַלטן, און נישט אַריינפאַלן. נאָר נישט אַריינפאַלן, גאָט באַהיט!

ער האָט גענומען צוריק דערנענטערן זיך צו גאָט, מאַקס אַשכנזי, געדענקען אין אים, נאָך דעם, ווי ער האָט אים אין זיינע מסחרים געהאַט פאַרגעסן. ער האָט אַפילו געדאַוונט איצט יעדן טאָג, אין שול געגאַנגען, געלייענט קריאת־שמע ביינאַכט. ער האָט געוואַרט אויף גאָטס הילף. מיט אייזערנע צוואַנגען האָט ער זיך געהאַלטן, אַבי נישט שוואַך צו ווערן.

און ער האָט געציטערט אין די נעכט פאַר דעם אוצר זיינעם, מען זאָל אים חלילה נישט צונעמען. אָן דעם, האָט ער געוואוסט, איז ער אַ פאַרפאַ־לענער, וועט ער אויסגיין פאַר הונגער, וועט ער נישט קאָנען אַרויסקריגן זיך, וועט ער אויסציען די קאָפּיטעס אין דער פרעמדער הפקרדיקער רוסי־שער שטאָט און באַגראָבן ווערן אין איין אַלגעמיינעם גרוב, אַז אַפילו קיין צייכן וועט נישט בלייבן נאָך אים. ער האָט אויסגעשפּיצט זיינע אויערן פון הינטער די קאָלדרעס און דעם איבערגעדעקטן פעלץ, ער האָט געשמעקט מיט דער נאָז אַרום, ער האָט אויפגעכאַפּט יעדן שאָרך פון אַ מייזל אין שטוב, וואָס זוכט אומזיסט וואַרעמקייט און שפּייז, ער האָט זיך צוגעהערט צום קנאַקן פון די געפרוירענע רערן, צו די שעפּטשערייען פון די מאַטראָזן

און זייערע געליבטע אין די שכנותדיקע שטובן, צו יעדער סקריפּ פון טויער.

די קנאַלן האָבן גאָרנישט אויפגעהערט, מען האָט נישט געוואוסט ווער עס שיסט, וואו מען שיסט, וועמען מען שיסט. פון צייט צו צייט האָט אַ לאַסט־אויטאָמאָביל זיך צעטראָגן און געוואָרפן מיט אַלע שויבן אין די פענצטער. אַשכנזי האָט איבערגעדעקט דעם קאָפּ מיט די קאָלדרעס, ווי אַ קינד וואָס זוכט שוץ אין קישן, און געמורמלט מיט ציטערנדיקע פאַר־טריקנטע ליפּן תפילות צו גאָט, ער זאָל אים באַשיצן פאַר בייז און אומ־רעכט און פאַר אַ פּריצייטיקן טויט צווישן פרעמדע און שונאים.

די קנאַלן פון די ביקסן אין די גאַסן האָבן באַגלייט זיינע שטילע שעפּ־טשענדיקע נאַכט־געבעטן.

## קאַפּיטל דרייצן

דער געזוכטער מענטש האָט זיך באַוויזן מאַקס אַשכנזין. אין גאָטס־הויז האָט ער זיך באַוויזן צו אים, ווי אַ גואל.

ביים אַרויסגיין נאָכן דאַוונען פון בית־המדרשל, וואו יידן האָבן געדאַוונט, געזיפצט, גערעדט וועגן קורס פון געלט, וועגן יקרות פון ברויט און וועגן יידישקייט, וואָס גייט אונטער, האָט זיך אַ קליין רונדיק פאַרשוינדל מיט אַ שמייכלענדיק פּנימל, מיט רונדע שוואַרצע וואָנצעלעך און מיט קיילעכ־דיקע שוואַרצע אויגן, כיטרע און קינדערישע גלייכצייטיק, אָפּגעשטעלט לעבן אַשכנזין און פאַר אים זייער טיף און זייער אונטערטעניק אַראָפּגע־נומען דעם הוט, אַ האַרטן הוט, וואָס זעלטן אַז מען האָט איצט געזען נאָך אַזעלכע אין דער רויטער שטאָט.

— מאַיאָ פּאָטשטעניע, גאָספּאָדין אַשכנזי! — האָט דאָס רונדע פאַר־שוינדל באַגריסט אַשכנזין מיט אַ ברייטקייט, נישט ווי זיי וואָלטן זיך גע־טראָפן אין דער רעוואָלוציאָנערער שטאָט, נאָר פאַר די אַלטע גוטע צייטן, ווען צו אַ גביר האָט געהערט די וועלט. — זייער צופרידן אייך צו זען, זייער!...

מאַקס אַשכנזי האָט דאָס טשיקאַווע פאַרשוינדל באַטראַכט און נישט געקאָנט זיך דערמאָנען, וואו ער האָט אים געזען. פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס אַשכנזי האָט אויף אים געקוקט, האָט דאָס פאַרשוינדל נישט אויפ־געהערט צו שמייכלען, ווייזן די מילך־ווייסע ציין פון די קויל־שוואַרצע וואָנצעלעך אַרויס. דערביי האָט ער אַזוי צוגעהאָלפן מיט אַלע אברים אַשכנזין אין זיין דערמאָנען זיך, ווי אַ געטרייע מאַמע, וואָס וויל העלפן איר קינד אין אַרויסקריגן פון זיך אַ ניס, וואָס עס קומט עס שווער אָן.

— נו, נו, נו, — האָט ער אַשכנזין אונטערגעגעבן חשק, — קוקט זיך גוט איין, גאָלובטשיק. אוממעגלעך, איר זאָלט זיך נישט דערמאָנען...

וואָלט עס געווען פריער, פאַרן אומגליק, וואָלט מאַקס אַשכנזי זיך אויף קיין רגע נישט אָפּגעשטעלט מיט אָט אַזאַ אומבאַקאַנט פאַר־שווינדל. געוווּג פלעגן זיי אים נאָכיאָגן, אָט די אַלע לייט, אַלערליי וואָיאַזשאָרן, קאָמיסיאָנערן, מעקלערס מיט פאַרשידענע געשעפטן, עסקים. ער האָט זיי אַלעמאָל געווייכט. ער פלעגט זיי זעלטן געבן די האַנט, אַ פינגער נאָר אַריינשטעקן אַמאָל אויף יוצא זיין, אָפּטמאָל אַפילו אויף זייערע באַגרי־סונגען נישט געענטפערט, געמאַכט זיך זיי נישט־זען. זיכער, אַז דאָס איז איינער פון די פיל וואָיאַזשאָרן, וועלכע האָבן זיך געדרייט אַרום אים, וואָס אַלע האָבן זיי אים געקענט, געגריסט זיך צו אים, נאָר ער האָט זיי קיינמאָל נישט רעכט אָנגעקוקט, וואָרעם אַלע האָבן זיי ביי אים איין פּנים געהאַט. איצט אָבער, אין דער געפערלעכער שטאָט, אין די ביטערע צייטן, האָט ער אַנדערש געקוקט אויף מענטשן, אַשכנזי. און ער האָט זיך גע־מאַטערט צו דערמאָנען, וואו ער האָט דאָס טשיקאַווע פאַרשווינדל גע־טראָפן. ער האָט זיך נישט געקאָנט דערמאָנען, כאָטש ער האָט דאָס בערדל זיינס עטלעכע מאָל צעשויבערט. דאָס פריילעכע פאַרשווינדל האָט אויפגעעפנט זיינע רונדע שוואַרצע אויגן, וואָס קוקן מיט כיטרעקייט און קינדערישקייט גלייכצייטיק, און זיך ענדלעך אַליין פאָרגעשטעלט.

— מיראָן מאַרקאָוויטש גאָראָדעצקי, אַ קאָמי־וואָיאַזשאָר, אַן אַלטער קונה אייערער, גאָספּאָדין אַשכנזי.

אַשכנזי האָט נאָך אַלץ געשויבערט דאָס גרויע בערדל זיינס. דאָס פאַר־שווינדל האָט אָפּגעזיפצט, אָבער אין זיפץ זיינעם איז געווען מער שמחה ווי צער.

— ווען איך פאַרמאָג איצט אַ העלפט דערפון, וואָס איך האָב ביי אייך געקויפט, וואָלט איך מער נישט געדאַרפט, גאָספּאָדין אַשכנזי, ניין, ניין.... אָבער ניטשעוואָ!

מאַקס אַשכנזין האָט גלייך אַ שאָס געטאָן אין קאָפּ אַריין, אַז עס איז כדאי מיט אָט דעם פאַרשווינדל צו גיין צוזאַמען אַ שטיקל וועג און אַריינ־כאַפּן עטלעכע ווערטער. עפּעס איז אים געפעלן געוואָרן סיי זיין טשיקאַווע אויסזען, סיי דאָס האַרטע קאַפּעליושל, וואָס ער טראָגט אין דער שטאָט פון אַרבעטער־היטעלעך, סיי זיין פלינקייט און שמחה. אַ וועלט מיט בטחון האָט אַרויסגעקוקט פון אָט דעם פאַרשווינדל. עס האָט דערמאָנט אין די אַלטע גוטע צייטן.

— איר זענט אַ פּעטערבורגער? — האָט אַשכנזי אים אַ פרעג געטאָן, כדי אַריינצוקריכן אין אַ שמועס.

— אַליין בין איך אַן אָדעסער, — האָט דאָס פאַרשווינדל געזאָגט גיך. — געבוירן געוואָרן אין אָדעס, אָבער געוואוינט האָב איך נאָר וואו אַ שטאָט אין רוסלאַנד, און אַז איר ווילט זענען מיר גאָר לאָדזשער; אַ יינגל בין איך קיין לאָדזש געקומען, געאַרבעט אין די גרעסטע פירמעס. עד, אַ וואויל

שטעטל לאָדזש. זייער גוט פאַרבראַכט דאָרט, די ווייבער אייערע זענען גאָר אַ מאכל, קראַסאָוויצעס איינס און איינס.

דאָס פאַרשוינדל האָט אַרויסגעשטעקט אַ שפּיץ רויטע צונג און אָפּ־געלעקט ביידע וואָנצן איבער די לאָדזשער ווייבער. ער האָט געגומען ווײַ־טער רעדן, דערציילן וועגן זיינע דערפאַרונגען מיט אָט די לאָדזשער קראַ־סאָוויצעס, נאָר אַשכּנזי האָט אים באַצייטנס איבערגעריסן. ער האָט קיינ־מאָל נישט געקאָנט הערן די פּוסטע מעשׂות פון די סוחרים און וואָיאַזשאָרן וועגן ווייבער און הולטאַיסטווע. איצט האָט ער אודאי נישט געהאַט דעם קאָפּ דערצו. ער האָט בעסער געוואָלט רעדן וועגן תּכלית־זאַכן, אויסטאַפּן ביי דעם פאַרשוין דעם דופק און דערגיין, צי קאָן ער עפּעס האָבן אַ נוצן פון אים.

— איצט האָבן זיך די זיבן גוטע יאָר אויסגעלאָזן, גאָספּאָדין גאָראָ־דעצקי, — האָט אַשכּנזי פאַרזיכטיק געקניפּט דאָס געשפּרעך. — אויס מיט קאָמי־וואָיאַזשאָרן!

דאָס פאַרשוינדל האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַ פריילעכן קוק געטאָן אויף אַשכּנזין, גענומען אים פלוצלונג אונטערן אָרעם און צוגעבויגן זיינע וואָנצן צו זיין אויער.

— אַזויפיל מכּות זאָל זיך שטעלן שטשינסקין אין טרייפענעם האַלדז, וויפל געשעפטן מיראָן מאַרקאָוויטש גאָראָדעצקי מאַכט נאָך איצט אין פּע־טערבורג יעדן טאָג, — האָט ער איינגערוימט אַשכּנזין, קיצלענדיק אים דאָס לעפל מיט די באַוועגלעכע וואָנצן.

— און שטשינסקי וואָס זאָגט? — האָט אַשכּנזי אָנגעוויזן מיט אַ פינ־גער אויף אַ וואַנט, באַקלעפּט מיט באַפעלן פון אויבן ביז אַראָפּ, באַפעלן וועגן רעקוויזיציעס, שטראָפן, ספּעקולאַציע, האַנדל, סחורה־אויסבאַהאַלטן און אַנדערע זינד.

דאָס רונדע פריילעכע פאַרשוינדל האָט אָנגעקוקט אַשכּנזין מיט אַזאַ רחמנות־פּנים, ווי ער וואָלט אים געהערט רעדן פון היץ.

— שטשינסקי שרייבט און גאָראָדעצקי הערט אים ווי דעם הונט אין גאַס, — האָט ער געזאָגט שטיל, אומקוקנדיק זיך מיט די רונדע אויגן אויף אַלע זייטן. — ערשט נעכטן האָב איך פאַרקויפט אַ טראַנספּאָרט מאַ־נופאַקטור און געמאַכט אַ לייטיש קערבל, הלוואי ווייטער נישט ערגער...

אַשכּנזי האָט דערפילט וואַרעם בלוט אין די אָדערן. צו דעם, וועגן וואָס ער האָט אַזוי לאַנג געטראַכט, האָט אים די השגחה אַליין געפירט. ער האָט די אייגענע אויערן נישט געגלויבט. דאָס פאַרשוינדל האָט אים נישט געלאָזט טראַכטן.

— זייער צופרידן וואָס איך האָב אייך געטראָפן, גאָספּאָדין אַשכּנזי, — האָט ער גערעדט. — אַזוי, דאַרפט איר וויסן, בין איך אַ קנאַפּער דאַוונער, נאָר איך זאָג קדיש, קום איך אין שול, כאָטש איך בין פאַרנומען. קדיש מוז מען אָפּהיטן...

— געוויס, געוויס, — האָט אַשכנזי געמורמלט אַ צופרידענער דערפון, וואָס אָט דער מענטש זאָגט קדיש. ער איז זייער פרום געווען די לעצטע חדשים, זינט דאָס אומגליק אין לאַנד האָט זיך אָנגעהויבן. דערמיט, וואָס דער נייער מענטש זיינער האָט אים דערציילט וועגן קדיש, וואָס ער היט אָפּ, האָט ער אים אינגאַנצן געגומען. ער האָט אים אַפילו גענומען אונטער דער האַנט איצט, ווי אַמאָל ער פלעגט עס טאָן מיט זייער וויכטיקע רוסישע סוחרים.

— איר זענט דער אמתער פויגל, ווי איך זע, — האָט ער אים געזאָגט אַ קאָמפּלימענט.

דאָס רונדע פרייליכע פּאַרשוינדל האָט דעם קאָמפּלימענט אָנגענומען.

— איך האָב אַלעמאָל געלאַכט פון געזעצן, — האָט ער געזאָגט שטיל. — יאָרן־לאַנג האָבן זיי מיך נישט געלאָזט וואוינען אין רוסלאַנד, פאָרן איבער די שטעט, פּראַוואָזשיטעלסטוואָ נישט געגעבן; נו, האָב איך זיי געהאַט אין דער ערד און גאַנץ רוסלאַנד דורכגעפאָרן. נישטאָ דאָס ווינקעלע אין לאַנד. וואו מען זאָל מיראָן מאַרקאָוויטש גאָראָדעצקין נישט קענען. ביי דער פּאָ־ליציי אַליין פלעג איך וואוינען. דאָס איז דער בעסטער וועג, דער זי־כערסטער. איצט מעג מען וואוינען אומעטום, נאָר מען לאָזט נישט האַנד־לען, האָב איך זיי ווידער אין דער ערד, און טו מיר מיינס. און ווידער אַמאָל די קאָמיסאַרלעך אונטער דער נאָז... דאָס איז דער זיכערסטער וועג, גלויבט מיר...

ער האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט, באַטראַכט אַשכנזין, ווי ער וואָלט אים געזען דאָס ערשטע מאָל, און געוויזן מיטן פעטן רונדן הענטל אַ קרייז אַרום זיך.

— אַלע זענען זיי ביי מיר דאָ, — האָט ער געוויזן און צוגעמאַכט די האַנט. — לעבען און לעבען לאָסען !...

דאָס פּאַרשוינדל איז אַשכנזין געפעלן געוואָרן מיט יעדער מינוט מער. אָט דאָס איז עס דאָך, וועגן וואָס ער האָט די גאַנצע צייט געטראַכט, וואָרט אין וואָרט. ער האָט זיך פאַרקלערט אַ ווייַלע, כדי גוט אויסצורעכענען זיך, ווי אַזוי צוצוקומען צום פּסוק. אָט דער מין מענטש איז אים פון ערשטן טאָג אָן נויטיק געווען. ער זעט אויס פון די, וואָס קיין שום זאַך אין דער וועלט איז פאַר זיי נישט צו שווער, וואָס קענען אַ וועלט און אַ וועלט קען זיי און וואָס גייען נישט פאַרלוירן אין פייער און אין וואַסער. ער האָט געדענקט אָט די חברה־לייט פון אַמאָליקע צייטן. מיט זייער ענערגיע און פרייליכקייט האָבן זיי אַ וועלט געקערט, לאָדזש אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך פון רוסלאַנד פאַרשלעפּט, די שטאָט רייך געמאַכט. מען האָט זיי ליב, אָט די פּאַרשוינען, איבערהויפּט די רוסן גייען נאָך זיי אויס, קוועלן אָן סיי פון זייער פרייליכקייט, סיי פון זייערע וויצן, סיי פון זייער קאָנען צונויפפירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט. איינס און צוויי שמעקן זיי אָן ווער פון די רעגירער איז אַ כאַבאַרניק, אַ לייכטער פּאַרשויך, און מאַכן מיט

זיי אַלע טרייפענע עסקים. אַשכנזי האָט שטאַרק חשק געהאַט מיט אָט דעם חברה־מאַן זיך צו האַלטן, דורך אים זיינע באַהאַלטענע סחורות אין די קעלערס אָפּשטעקן, פּטור ווערן פון זיי, פון אַלעם איבעריקן מאַכן געלט, און די הויפּט־זאַך, אַרויסקריגן זיך דורך זיינע לייט פון דאַנען, אַוועק ווי לאַנג עס איז צייט. און טאַקע מיט אַ גוטן וועג, מיט דער הילף פון די קאָמיסאַרן אַליין. אַ באַרעכנטער, אַ פּאָרזיכטיקער, ווייל שווייגן איז גאָלד און ווייל דאָס לעבן און דער טויט זענען ביי דער צונג אין דער האַנט, האָט ער נישט געאיילט זיך באַלד אַרויסצופּאָרן מיט דער צונג דאָס, וואָס איז אויף דער לונג. ער האָט דורכגעטראַכט יעדער וואָרט. דאָס פּריי־לעכע פּאַרשוינדל האָט אַשכנזין נישט געלאָזט טראַכטן. עס האָט פּיינט געהאַט שווייגן.

— ווי אַזוי זענט איר עפּעס אַרויס אין דעם אומגליק? — האָט ער פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן אַשכנזין, אַ דריק־געבנדיק אים ביי דער האַנט.

אַשכנזי האָט נישט געענטפערט נישט יאָ, נישט ניין.

— זאָ, זאָ, — האָט ער אַ ברום געטאָן.

דאָס פּאַרשוינדל האָט פּאַרטשטאַנען אויפן וואונק.

— הערט, גאָספּאָדין אַשכנזי, — האָט ער גענומען רעדן ערנסט, גע־שעפּטלעך. — איך בין מיך משער, אַז מיר וואָלטן געקאָנט מאַכן געשעפט. איך האַלט אייך נישט פאַר אַזאַ נאַר אָפּצוגעבן זיי אַלץ, די באַנדיטן, ווי זיי ווילן. קלוגע סוחרים האָבן באַצייטנס פּאַרשטעקט ערגעץ סחורות. איצט פּאַרקויפן זיי זיי פאַר גוט געלט. סחורה ברענט. איך קאָן אייך קריגן סוחרים וויפל נאָר איר ווילט. וועגן אַרויספירן דאַרפט איר נישט טראַכטן, לאָזט עס איבער צו מיראָן מאַרקאָוויטש גאָראָדעצקי. און וועגן קאָמיסיע, וועלן מיר צום רב נישט גיין...

אַשכנזי האָט געשוויגן. ער האָט אַלעמאָל ליב געהאַט אַ זאַך באַרע־כענען, נישט גלייך אַרויסשפּרינגען פון די האַלאַבליעס. דאָס פּאַרשוינדל האָט אים נישט געלאָזט שווייגן.

— אויב איר זענט נישט זיכער מיט ממתקים, קאָן איך אייך געבן אַ קאַנטאָ וויפל נאָר איר ווילט, קערענסקי־געלט, צאַרסקי, וואָס נאָר איר אַליין ווילט. און אפשר דאַרפט איר אויסלענדיש געלט, וועט אויך קיין מניעה נישט זיין. מיראָן מאַרקאָוויטש גאָראָדעצקי האָט פון אַלעם... כ׳וויס, אַז מען האַלט ביי אַוועקפאָרן איז אַלעמאָל גלייכער צו האָבן ביי זיך אויסלענדיש געלט...

אַשכנזי האָט זיך האַסטיק אָפּגערוקט פון דעם פריילעכן פּלאַפּלענדיקן פּאַרשוינדל און אים אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס.

— ווער האָט דען אייך געזאָגט וועגן אַוועקפאָרן? — האָט ער אים איבערגעפרעגט מיט אומרואיקייט, ווי יענער וואָלט אים אַריינגעקוקט מיט די רונדע אויגן אין סאַמע האַרץ אַריין.

דאָס פריילעכע פאַרשווינדל איז געוואָרן פלוצלונג ערנסט.

— הערט, גאָספּאָדין אַשכּנזי, — האָט ער גערעדט שטיל און געלאַסן, גאָרנישט אויף זיין פלוטעוואַטן שטייגער, — איך ווייס ווער איר זענט. מילא, איך בין אַלעמאָל געווען אַ קבצן, וועל איך בלייבן. איך האָב נישט וואוהין צו פאָרן. איך וועל שוין דאָ מוזן מיר מיין שטעטל באַשטיין. ווי לאַנג מען וועט קאָנען, וועט מען דרייען דאָס רעדל, און אַז עס וועט נישט געראָטן, וועט ווערן מיט איין גאָראָדעצקי ווייניקער אויף דער וועלט און מער אויף יענער וועלט. איר וועט אַהיימפאָרן, איר האָט צו וועמען און צו וואָס. פאָלגט מיך און איך וועל עס אייך מאַכן. איך האָב שוין נישט איינעם פון דאַנען אַרויסטראַנספּאָרטירט דורך מיינע לייט. איך קאָן אייך וויזן די בריוולעך פון יענער זייט, וואָס זיי האָבן מיר צוגעשיקט.

איידער נאָך אַשכּנזי האָט פּרובירט איין וואָרט אַרויסרעדן, האָט שוין דאָס פאַרשווינדל גיך אַרויסגעצויגן פון בוזים־קעשענע אַ גרויסן פאָרטפעל און געגראַבלט פלינק מיט די קורצע פליישיקע פינגער אין פּאַק מיט פּאַפּירן.

„דאָראָגאָי מיראָן מאַרקאָוויטש”, האָט ער גענומען לייענען קליינע צעקנייטשטע צעטעלעך.

אַשכּנזי האָט נישט געוואָלט הערן די רייד אויף דער גאַס.

— הערט אויף, גאָט איז מיט אייך, — האָט ער אים געמוסרט. — און צוואָס לייענט איר עס מיר?

דאָס פאַרשווינדל האָט צוריק באַהאַלטן די פּאַפּירלעך און נאָכגעיאָגט מיט די קורצע פיסלעך אַשכּנזין אין זיינע גיכע שפּאַנען.

— גאָספּאָדין אַשכּנזי, — גאָט אַליין האָט אונדז צונויפגעפירט, — האָט ער געזאָגט. — מיר וועלן שוין עפּעס אויפטאָן. און אויב איר ווילט אַ קאָנטאָ, איז פּאָזשאַלוסטאַ, וויפל איר פאַרלאַנגט, און אין קערענסקי'ס, נישט אין די נייע שמאַטעס...

אַשכּנזי האָט קיין געלט נישט געוואָלט נעמען.

— אַ גוטן טאָג, — האָט ער אים געשטעקט די האַנט. — מיר וועלן נאָך רעדן.

— אין שולעכל, וואו איך זאָג יעדן טאָג קדיש, — האָט דער פאַרשווין געענטפערט. — מאַיאָ פּאָטשטעניע.

ער האָט טיף געצויגן דעם האַרטן הוט, וואָס זעלטן, אַז מען האָט געזען איצט אַזעלכע אין דער רויטער שטאָט, געפּאָכעט מיט דעם רונדן הענטל און צוגעוואָרפן נאָך אַ צולאָג אַ באַגריסונג אין לאָדזשער דייטש:

— האַבע די עהרע, הער דירעקטאָר!

אַשכּנזי איז אַוועק אַן אומרואיקער און פול מיט האָפענונגען צוזאַמען; מער ווי פריער נאָך איז אים איצט די שטאָט געווען פרעמד. די שטיינער האָבן אים, ווי הייסע קוילן, געברענט די פיס...

קאַפּיטל פערצן

דער קליינגעוויקסיקער מאַן מיטן נאַקעטן קאָפּ, דער פירער פון נייעם רוסלאַנד, האָט ליב געהאַט מאַטעמאַטיק.

נאָך פון יינגלווייז אָן, ווען ער האָט אין גימנאַזיע געלערנט, האָט ער בלויז פינפן אַהיימגעבראַכט פון זיינע לערער פאַר זיינע גוטע מאַטעמאַטישע אויפגאַבן. פאַרקערט פון אַלע אַנדערע יינגלעך, וואָס האָבן ליב ליטעראַטור און פאַרנאַכלעסיקן די שווערע רעכן־ביכער, האָט ער ליב געהאַט אָפּצוזיצן שעהן לאַנג ביי די שווערסטע מאַטעמאַטישע אויפגאַבן, ביז ער האָט זיי נישט געלייזט, זיי זאָלן שטימען. פּונקט אַזוי האָט ער ליב געהאַט, אַז אַלץ אין דער וועלט זאָל שטימען. ער האָט נישט פאַרטראָגן קיין צוויטן, קיין פלאָנטער, קיין איבעריקייטן. אַלץ דאַרף זיין אויסגערעכנט, שכלדיק און גענוי. פון די לימודים האָט ער נאָר געלערנט דאָס, וואָס איז שכלדיק, גלייך און נוצלעך. דאָס איז אויך געווען אין זיינע מלבושים. ער האָט נישט געטראָגן קיין שלייפעלעך, פאַרפּוצונגען, בלויז קליידער איינפאַכע און נויטיקע צו פאַרדעקן דאָס לייב און צו האַלטן עס אין דער וואַרעם. זיין שפּראַך איז אויך געווען אָן פאַרפּוצונגען, אָן שיינע רייד, דערפאַר זייער פּינקטלעך, קלאָר, לאָגיש און גענוי. פּונקט אַזוי איז געווען זיין שטים, טרוקן און קאַלירלאָז. זיין קערפּער איז געווען קורץ, פּירקאַנטיק, ווי אַ ציפער. צו צוואַנציק יאָר זענען אים אַפילו די האָר פון קאָפּ אויסגעקראָכן, דעם שאַרבן זיינעם געלאָזט קלאָר, ריין און אָן באַלאַסטן.

ווי נאָר ער איז אין דער פּריסטער יוגנט אין די געהיימע רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך אַריינגעצויגן געוואָרן, האָט ער אויך די נייע אידייע, דעם סאָציאַליזם, גענומען מאַטעמאַטיש, אָן סענטימענטאַלן שלייער, ווי אַלע אַנדערע אין רוסלאַנד. גיך האָט ער זיך אָפּגעשאָקלט פון די ראָמאַנטישע נאַראָדניקעס, וואָס האָבן ביז איבערן קאָפּ געשטעקט אין געפילן, און אַריבערגעוואָרפן זיך צום מאַרקסיזם, דעם קלאָרן און שכלדיקן.

ער האָט גענומען די אידייע זיינע מאַטעמאַטיש. די אַרבעטנדיקע אויף דער וועלט, האָט ער געזען, זענען אַ סך און די עקספּלואַטירער זענען ווייניק. אַ גרויסע צאָל, האָט ער געוואוסט, איז וויכטיקער פון אַ קלענערער צאָל, דאָס גרויסע דאַרף איבערוועגן דאָס קליינע. אָבער דורך געשיכטלעכע סיבות איז געשען, אַז די קליינע צאָל האָט זיך אַוועקגעשטעלט איבער דער גרויסער, ווי אַ ציפער, וואָס ווערט אַוועקגעשטעלט אין שפּיץ פון אַ סך נולן און האַלט זיי אין די הענט. די נולן פאַר זיך זענען גאָרנישט, אָבער ווען זיי שטעלן זיך הינטער דעם ציפער, וואָס פון אויבנאָן, האַלטן זיי אין איין פאַרגרעסערן זיין ווערט. דאָס איז נישט ריכטיק, נישט שכלדיק. עס דאַרף זיין גלייכהייט אויף דער וועלט, אָרדענונג. יעדער טעות איז

אומזין, כאַאָס, וואָס דאַרף אויספּאַרריכט ווערן, אויסגעגלייכט ווערן, עס זאָל שטימען. דעריבער דאַרף מען די נולן מאַכן אויס נולן. אין ציפערן זיי פּאַרוואַנדלען, אין גלייכע ווערטפולע ציפערן. די, וואָס ווילן די נולן ווייטער עקספּלואַטירן, דאַרף מען אָפּמעקן, ווי אַ שלעכטן ציפער, וואָס כאַפּט זיך אין אַ גלייכן חשבון אַריין און צעשטערט די אָרדענונג.

פון דעם טאָג, ווען ער איז צו אָט דער איבערצייגונג געקומען, האָט ער אַלץ געטאָן, כדי צו דערפירן צו דער געשיכטלעכער אָרדענונג — אויפצובױנטעווען די נולן, אויסצומעקן די עקספּלואַטירער זייערע.

ער האָט געמעקט די פאַלשע וועלט האַרט, אָן רחמנות, אָן געפילן. ער האָט געוואוסט, אַז אין מאַטעמאַטיק קאָנען געפילן קיין אָרט נישט האָבן. עס איז אַ פראַגע פון שכל, פון גענויקייט, פון שטימען צו דער האָר. ער האָט נישט געהאַלטן פון קיין האַלבע זאַכן, דער מענטש מיטן נאַקעטן קאָפּ. איינס איז נישט צוויי און דריי איז נישט פיר. זאַכן דאַרפן זיין אַב־סאָלוט — גערעכט אָדער אומגערעכט. אמת אָדער ליגן. קיין האַלבע גע־רעכטיקייטן זענען נישטאָ, פונקט ווי קיין האַלבע אמתן זענען נישטאָ. ווייל אויב אַ גערעכטיקייט איז האַלב, איז זי אומגערעכט; אויב אַן אמת איז האַלב, איז ער אַ ליגן.

אויב די אַלטע וועלט איז אומגערעכט, איז זי אומגערעכט אין אַלעם. איז זי אומגערעכט אין אירע געזעצן און מאָראַל, אין אירע געבאָטן און מנהגים. אויב די נייע אָרדענונג, וואָס מען דאַרף איינפירן, איז גערעכט, איז זי גערעכט אין אַלעם, וואָס זי טוט, כדי צו דערפירן צו דער גע־רעכטיקייט. עס איז ווי אַ חשבון, און ער האָט אַלץ געטאָן, כדי אויסצו־מעקן די פאַלשע וועלט און איינצופירן די נייע, די גערעכטע. קיין זאַך האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן אין זיין וועג.

ער האָט זיינע מענטשן געהייסן באַרויבן בענק, אָנפאַלן אויף פּאָסט־וואַגאָנען, כדי פאַר די גערויבטע געלטער אָנצופירן אַגיטאַציע אין די פאַבריקן. ער האָט געלאָזט דרוקן פאַלש געלט און עס פונאַנדערגעשפּרייט איבער לענדער און שטעט, כדי צו קאָנען טאָן זיין רעוואָלוציאָנערע אַר־בעט. ווען די פּאַרטיי־חברים האָבן אים צו ערן־געריכטן גערופן, פאַר־וואַרפן געמאַכט קעגן זיינע אוממאָראַלישע טאַטן, האָט ער בלויז פאַר זיי חוזק אין זיינע אויגן געהאַט.

— מאָראַל אין באַצוג צו אוממאָראַלישקייט איז אַמאָראַליש, — האָט ער געענטפערט מיט שפּאָט.

— אָבער איר באַפלעקט אייער נאָמען, — האָבן אים די מענטשן גע־פּרוּווט איבערצייגן.

— וואָס אינטערעסירט מיך מיין נאָמען? מיך אינטערעסירט די זאַך, — האָט ער אָפּגעענטפערט געלאַנגווייליקט.

פאַר דער זאַך האָט ער אַלץ געטאָן. פאַר דער זאַך האָט ער זיך אַרומגעוואַלגערט אין די טורמעס, געהונגערט, צעריסן זיך מיט די חברים,

פריינט, געצויגן אויף זיך שנאה, אַרומגערינגלט זיך מיט שלעכטע אָבער נוצלעכע מענטשן, געוואָרפן בלבולים אויף קעגנער, וויסנדיק אַליין, אַז דאָס איז נישט אמת, פּאָליטיקירט, פּאַרטייען געשפּאָלטן, מענטשן אונטער־דריקט, געהערשט, געוועלטיקט; אויף גלייכהייט, יושר און גערעכטיקייט געטראָטן, כדי גלייכהייט, יושר און גערעכטיקייט איינצופירן.

אַליין אַן אַסקעט, וואָס האָט געקאָנט לעבן מיט ברויט און וואַסער, האָט ער פּאַרקוקט אויף זיינע פּאַרטיי־מענטשן פון אַ נידעריקער מאָראַל, ווען זיי האָבן אַמאָל פּאַרטיי־געלטער אַראָפּגעלאָזט אין קעשענע, אויב נאָר זיי זענען געווען נוצלעך פּאַר דער אַרבעט. אַליין אַן איינגעהאַלטענער מענטש, וואָס האָט זיך קיינמאָל אין קיין ראָמאַנען און ליבעס נישט אַריינגעלאָזט און אָפּטמאָל געלעבט ווי אַ נזיר, האָט ער זיינע מענטשן באַפוילן מיט רייכע מיידלעך ליבעס צו פּאַרפירן, גרויסע נדנס צו נעמען און דאָס געלט אָפּ־געבן פּאַר דער זאַך. אַליין אַ שונא פון ליגנער, באַרימער און קאַריעריסטן, האָט ער זיך אָפּטמאָל מיט ליגנער, באַרימער און קאַריעריסטן אַרומגע־רינגלט, כדי צו קאָנען דורכפירן, וואָס ער דאַרף, ווייל מיט מענטשן פון בעסערע מידות איז עס שווער געווען דורכצוזעצן. אַפילו אַ פּראָוואָקאַטאָר האָט ער אויסגענוצט, כאָטש ער האָט געוואוסט פון זיינע פּראָוואָקאַציעס, אַבי דורך זיין מויל לאָזן הערן אין דער רוסישער דומע רעוואָלוציאָנערע רייד פּאַר די אַרבעטער און פּויערים.

אים איז געווען אַלץ איינס, ווי אַזוי און מיט וואָסערע וועגן ער מעקט די אַלטע אומגערעכטע וועלט, כדי איינצופירן אַ נייע, אַ גערעכטע.

מיט אַן אייזערנעם בעזעם האָט ער אָפּגעווישט אַלץ, וואָס האָט זיך אים געשטעלט אין זיין וועג צום ציל, איצט, ווען ער האָט פּאַרכאַפּט די מאַכט אין די הענט, כדי צו בויען די נייע וועלט. ער האָט נישט געוואוסט פון קיין צוויי גערעכטיקייטן, דער מאַן מיטן נאַקעטן שאַרבן. אויב ער איז גערעכט, זענען דאַן אַלע, ׳וואָס גייען נישט אויף זיין וועג, אומגערעכט. אויב זיין וועג איז דער רעוואָלוציאָנערער, זענען אַלע אַנדערע וועגן קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע. ס׳איז אַלץ איינס פּאַר דער רעוואָלוציע, צי אירע שונאים זענען קלאַסן־פיינט, וואָס ווילן אייגענעם געווס, צי עס זענען פּאַרבלאָנדזשעטע, וואָס אין זייער ווילן צו גוטס, טוען זיי שלעכטס. אין רעזולטאַט זענען זיי שעדלעך.ביידע שטעלן זיי זיך אין וועג, טראָגן אַריין פּאַרטומלעניש, אָפּוועגדונגען, שטערן דער אָרדענונג און פירן צוריק צו אומזין, פּלאָנטער און אַבסורד. אַזעלכע דאַרף מען דערוווייטערן, אָפּמעקן, ווי אַ פּאַלשן ציפער, וואָס כאַפּט זיך אַריין על־פּי־טעות אין אַ גלייכן חשבון. וואָרעם איין דורכגעלאָזטער שלעכטער ציפער, וואָס מען מעקט נישט אויס צו דער צייט, קאָן די גרעסטע חשבונות קאַליע מאַכן. ער האָט צעטריבן די פּאַרטיי־פירער פון די קעגנערישע פּאַרטייען, אייגענע אַמאָליקע חברים אין די טורמעס איינגעזעצט, זייערע קלובן געשלאָסן, צייטונגען פּאַרמאַכט, די פירער פּאַריאָגט, געריניקט זיי און געמעקט.

אַ טייל פון די מענטשן זיינע האָבן אים צום האַרצן גערעדט, רחמנות געבעטן, דער מאַן מיטן נאַקעטן שאַרבן האָט בלויז פאַר זיי חוזק אין זיינע אויגן געהאַט.

— מיר טאָרן נישט טאָן די זעלבע נאַרישקייטן, וואָס די פריערדיקע רעגירונג האָט געטאָן. מיר מוזן באַזייטיקן אַלץ, וואָס שטייט אונדז אין וועג, — האָט ער זיך געבייזערט אויף די מענטשן זיינע, וואָס האָבן אין די ערשטע טעג פון צעטומלעניש אָפּגעשאַפט טויט־שטראָף אין רוסלאַנד אָן זיין וויסן. — אָן פייגטס בלוט וועלן די רעדער פון דער רעוואָלוציע נישט גיין.

— אָבער מיר האָבן דאָך אַליין באַקעמפט די פריערדיקע רעגירונג פאַר איינפירן צוריק טויט־שטראָף אין לאַנד? — האָבן די מענטשן זיינע נישט פאַרשטאַנען.

— געוויס, ווייל מיר האָבן זיי געוואָלט באַקעמפן! — האָט דער מאַן מיטן נאַקעטן שאַרבן געזאָגט מיט שפּאָט. — איצט זענען מיר ביי דער מאַכט און מיר מוזן אָפּרוימען אַלע, וואָס וועלן אונדז שטערן.

— אָפּשאַפן דאָס געזעץ וועט מאַכן אַ שלעכטן איינדרוק, — האָבן די מענטשן גערעדט פאַרלוירענע.

— צו וואָס דען אָפּשאַפן? — האָט דער מאַן מיטן נאַקעטן שאַרבן נישט פאַרשטאַנען. — פאַרן געזעץ פון דער רעוואָלוציע וועלן מיר שיסן אומגעזעצלעך...

ער האָט געזען די וועלט קלאָר, ווי אַן אויספּרובירטער כירורג אין אָפּעראַציע־זאַל זעט דעם חולה, וואָס ליגט פאַר אים אויסגעצויגן אויפן טיש. נישטאָ קיין געפילן אין אָפּעראַציע־זאַל, ווען דער חולה ליגט פאַרגיפטעט־טער פון באַצילן, וואָס צעפרעסן אים. נישטאָ קיין סענטימענטן און ווייכ־האַרציקייט, קיין איבערנעמען זיך מיט קרעכצן און זיפצן פון שרעקעדיקן חולה. פאַראַן בלויז פליכט, קאַלטבלוטיקייט און אַ רואיקע פעסטע האַנט, וואָס שניידט אומברחמנותדיק אויס די מכה, לאָזט אַרויס דעם אייטער און דאָס פאַרגיפטעטע בלוט, כדי אָפּצוראַטעווען דעם גוף, ברענגען אים צו דער געזונטקייט.

פון די סטאַטיסטישע ביכער, וואָס ער האָט שטענדיק געלערנט, האָט ער געוואוסט גענוי וויפל די מערהייט קומט אום פאַר דער מינדערהייט. אין דער צייט, ווען ביי דער בורזשואַזיע שטאַרבן אויס קינדער בלויז אַ קליינער פּראָצענט, שטאַרבן אויס די אַרבעטער־ און פויערים־קינדער אַ גאַנץ דריטל, ווייל זיי האָבן נישט קיין הילף, מעדיצין, גוטע שפּייז, דערציאונג. אין דער צייט, ווען קלעפּיקע קראַנקהייטן, שאַרלאַך, פּאָקן, דיפטעריט, כאָליערע, שווינדזוכט און אַנדערע זענען ביי די באַזיצנדיקע קלאַסן זעלטענע דערשיינונגען, שניידן זיי די פּראָלעטאַריער מיט ריזיקע שנייד־מעסערס. שיכרות, ווענערישע קראַנקהייטן, פּראָסטיטוציע, אַלערליי אַנדערע פּלאָגן פרעסן אויף די פּראָלעטאַרישע רייען. די פּראָלעטאַריער

זענען די, וואָס ווערן פֿאַרשאָטן אין די קוילן־גרובן, געהרגעט ביי די מאַ־שינען, פֿאַרקריפּלט, אויפֿגעריסן אין די געווער־פֿאַבריקן, צעפּרעסן ביי די שעדלעכע אַרבעטן. פֿון הונגער אין די דערפֿער, פֿון מלחמות, וואָס די קאַפּיטאַליסטן מאַכן, כדי צו דעראָבערן פֿאַר זיך נייע מערק, קומען אום צענדליקער מיליאָנען פּראָלעטאַריער. און אים האָבן נישט אָפּגעשראָקן די טענות פֿון די מאָראַליסטן, וואָס האָבן קעגן בלוט־פֿאַרגיסונג גערעדט. פֿאַר די טויזנטער יאָרן, וואָס בלוט גיסט זיך, איז נישט קיין אומגליק, ווען עס וועט זיך נאָך אַביסל גיסן פֿאַר דער טובה פֿון דער וועלט. נישט נאָר איז אים נישט קיין שאָד געווען דאָס שלעכטע בלוט פֿון די קלאַסן־שונאים, וואָס מוז אָפּגעצאַפּט ווערן, ווי פֿאַרגיפֿטעט בלוט פֿון אַ קראַנקן קערפּער, נאָר אַפֿילו דאָס ריינע בלוט פֿון אַרבעטער און פּויערים האָבן אים נישט אָפּגעשטעלט אין זיין אַרבעט. ער האָט אויסגערעכנט מאַטעמאַטיש, פּינקטלעך. אויב די פּראָלעטאַריער האָבן יאָרן־לאַנג אָפּגעגעבן זייער בלוט פֿאַר די קאַפּיטאַליסטן, זייערע שונאים, פֿאַר אַלערליי מלחמות, פֿרעמדע אינטערעסן, מעגן זיי אויך געבן אַביסל בלוט פֿאַר זיך אַליין, פֿאַר דער אייגענער רעטונג.

ווען מ׳וועט איינפֿירן די סאָציאַליסטישע אָרדענונג, וועט מען זיך אָפּנעמען פֿאַר דעם איצטיקן בלוט, כפֿל כפֿלים וועט מען אָפּנעמען. דע־מאָלט וועלן נישט זיין מער קיין מלחמות, קאַמפֿן, שטרייקן, רעוואָלוציעס. עס וועלן נישט זיין מער קיין הונגער און אַרבעטסלאָזיקייט, קיין קריזיסן און עקספּלואַטאַציע. די סאָציאַליסטישע אָרדענונג וועט אָפּהיטן דאָס פֿאָלק, איינפֿירן בילדונג, מעדיצינישע אויפֿזיכט, ריינקייט, ליכטיקע הייזער, גערט־נער, ווייניק אַרבעט. אַ סך רו. די שטערבלעכקייט וועט דערגיין ביז אַ מינימום, דער דור וועט זיך אַנטוויקלען, אויסוואַקסן געזונט, שטאַרק, לעבנסלוסטיק. אין איינע עטלעכע יאָר וועט דער וואוקס אַזוי גרויס זיין, אַז ער וועט דעקן אַלע איצטיקע פֿאַרלוסטן. עס איז ווערט דאָס ביסל פֿאַרגאָסענע בלוט פֿאַר דער אייביקער פֿרייהייט, ברידערלעכקייט און גליק, וואָס וועט אָנקומען אויף אייביק. זאָל מען נאָר אויסראָטן דאָס שלעכטס פֿון דער וועלט, וואָס וויל צום גוטן נישט דערלאָזן, און די וועלט וועט זיין אַ גן־עדן.

דער קליינגעוויקסיקער מאַן מיטן נאַקעטן שאַרבן האָט געזען די נייע וועלט אַזוי קלאָר, ווי אַ קלאָרן חשבון אויף אַ טאָוול. דער גאַנצער ערד־קוגל איז איין לאַנד, אָן גרענעצן, אָן באַריערן. די ערד איז אומעטום באַאַרבעט, קולטיווירט. אַלע מענטשן וואוינען אין רו און מנוחה, אָן זאָרג פֿאַר דעם מאָרגן, אָן קאָפּ־דרייעניש פֿאַר דער צוקונפֿט. נישטאָ קיין מיינס און דיינס, אַלע זענען גלייך. אַלע אַרבעטן מיט געזאַנג זייער אַרבעט, רוען דערנאָך אין די אַלגעמיינע גערטנער, פּאַרקן. מוזיק שפּילט. די שולן און אוניווערסיטעטן זענען אָפֿן פֿאַר אַלע, וואָס לעכצן נאָך וויסן. איינער דעם אַנדערן איז נישט מקנא, נישטאָ קיין אַרמייען, קיין שווערדן און ביקסן, קיין קאַזאַרמעס און קירכן. בלויז קאַרל מאַרקס־דענקמעלער שטייען אומעטום,

דער סימבאָל פון פרייהייט און סאָציאַליזם. ווי אַ שאַך־ברעטל איז פאַר זיינע אויגן די וועלט געשטאַנען, גלייך, סימעטריש, גענוי. קיין איין אומפינקטלעכקייט שטערט נישט דער האַרמאָניע.

און קיין זאַך איז אים נישט טייער געווען, כדי אָט די האַרמאָניע צו דערגרייכן. וואָסער ראָלע שפּילן בלוט און טרערן, צייטווייליקע פּיין און שלעכטס, אומרעכט און ליגן, רציחה און פאַרבלענדקייט, קרבנות און טעותן פאַר דער גרויסער, גוטער, שיינער, האַרמאָנישער און אייביקער וועלט! ניין, קיין זאַך איז נישט טייער דערפאַר. די וועלט קאָן זיין גוט, געזונט, נאָרמאַל, האַרמאָניש, אַ גן־עדן אַן עכטער, ווען מען זאָל זי נאָר פון פאַרבלענדקייט אַרויסנעמען, ווען מען זאָל זי נאָר פון די מכות און געשווירן אויסהיילן, דאָס שלעכטע בלוט, וואָס פאַרגיפטעט זי, אָפּצאַפּן, אָפּרוימען פון איר קערפּער דאָס קליינע הייפל ווערעם, וואָס צאַפּן דאָס בלוט פון איר, ווי לייז ביי אַן אָפּגעלאָזטן קערפּער. מען דאַרף מיט געוואַלט אָפּרייניקן דעם קערפּער פון אומפלייט. דער שמוציקער וויל עס נישט, ווייל ער איז אומבאַוואוסטזיניק, ווייל ווי לאַנג אַ וואָרעם ליגט אין כריין, מיינט ער, אַז קיין בעסערס איז נישטאָ. אָבער זאָל מען נאָר אַראָפּנעמען דאָס אומפלייט פון אים, וועט ער דערפילן די גוטסקייט, וועט ער דערזען די פלאָג, פון וועלכער מען האָט אים באַפרייט. ווי אַ נאַריש קינד איז זי, די וועלט, וואָס לאָזט זיך נישט די מכה עפענען, דעם אייטער אַרויסלאָזן, ווייל עס האָט מורא פאַר דעם מעסער פון כירורג. אָבער דער כירורג בינדט דעם קינד די הענט, לייגט עס מיט געוואַלט אַרויף אויף דעם אָפּעראַציע־טיש און עפנט די מכה, כדי אַרויסצולאָזן דעם אייטער.

ער האָט געזען די וועלט קראַנק, פאַרגיפטעט, וואָס מען מוז זי היילן, אויב מען וויל נישט זי זאָל חרוב ווערן, גאַנגרירן. די אַנדערע שלעכטע דאָקטוירים און זנאַכאַרעס ווילן זי מיט באַבסקע מיטלען היילן. אַ בייז־אויג איר אָפּשפּרעכן, אַ פלאַסטער אויף דער מכה צולייגן; טייל דערפאַר, וואָס זיי זענען שווינדלער, אַנדערע דערפאַר, וואָס זיי האָבן מורא אַ מעסער אין דער האַנט צו נעמען. אָבער ער איז דער כירורג, וואָס ווייסט, אַז פלאַסטערס און באַבסקע רפואות זענען קיין היילונג נישט. אַ מעסער מוז מען האָבן, שניידן מוז מען. עס וועט ווי טאָן, אָבער דערנאָך וועט דאָס נאַרישע קינד זיין גליקלעך פאַר דעם דערווייליקן ווייטיק.

זאָל מען נאָר דערוויל איין אָרט אויסהיילן, איין גרויסן אבר פון דער וועלט, דאָס גרויסע רוסלאַנד, וואָס איז אַ זעקסטל פון ערד־קוגל, און באַלד וועלן אַלע אַנדערע אברים איר מקנא זיין און נאָכטאָן. שוין איז אַ שטיק אייראָפּע אַרויס און גענומען טרייסלען די וואַקלענדיקע זיילן. אין דייטשלאַנד, עסטרייך, אין אונגאַרן, אין אַלערליי געגנטן און לענדער זענען די אונטערדריקטע אַרויס פון די לעכער קעגן זייערע באַדריקער. זאָלן זיי נאָר זען פאַר זיך דאָס גרויסע רוסלאַנד, וואָס וועט מיט איר רעוואָלוציאָנערן פייער באַלייכטן די אַרומיקע פינצטערניש, און אַלע אַנדערע

וועלן אַראָפּוואַרפן פון זיך די קייטן און וועלן אַרויס קעגן זייערע הערשער. אַלע לענדער, פעלקער, אויף אַלע קאָנטינענטן, די ווייסע און די שוואַרצע, די געל־הויטיקע, אַלע קנעכט און שקלאַפן וועלן נאָכגיין די פּוס־טריט פון רוסלאַנד.

ניין, דער קליינגעוויקסיקער מאַן מיטן נאַקעטן קאָפּ האָט נישט געהאַלטן, ווי זיינע קעגנער, אַז מאַרקסיסטיש איז רוסלאַנד נאָך נישט גרייט צו קיין סאָציאַליסטישער אָרדענונג, ווייל די בורזשואַזיע איז נאָך נישט געגנוג אַנטוויקלט און איז נאָך אין פּראָצעס פון וואַקסן און נישט אונטערגיין. ער האָט געלאַכט פון זייער שלעכטן פאַרשטיין דעם מאַרקסיזם. פאַרקערט, טאַקע דערפאַר, וואָס אין רוסלאַנד איז נאָך די בורזשואַזיע זיך נישט צעוואקסן, וואָס בלויז אַ קליינע צאָל פעאָדאַלן און קאַפּיטאַליסטן האַלטן דאָס לאַנד אין זייערע הענט, קאָן מען וואָס גיכער איינפירן די סאָציאַליסטישע אָרדענונג, איינטיילן די רייכטימער פון לאַנד צווישן אַלעמען. אין אַנדערע לענדער, וואו די בורזשואַזיע איז שטאַרק, וואו דער מיטל־קלאַס איז צעוואקסן, האָט מען צו טאָן מיט אַ שטאַרקן שונא, וואָס לאָזט נישט אַרויס די ממשלה פון דער האַנט און דער קאַמף־קעגן אים איז אַ שווערער, אַ ביטערער. צו שווער איז צו שניידן די פונאַנדערגעוואקסענע מכה, מען מוז אפשר וואַרטן ביז זי וועט אַליין פּלאַצן. אין רוסלאַנד איז, צום גליק, דער שונא אַ קליינער, אַ נישטיקער פּראָצענט, וואָס וויל נישט אַוועק פון דער פעטער שיסל, וואָס וויל דורך פינצטערניש פאַרשקלאַפן די גרויסע מערהייט. לייכטער ווי אומעטום איז אין דעם לאַנד אויסצושניידן די מכה פון פאָלקס־קערפּער, אויסמעקן זי, עס זאָל קיין זכר פון איר נישט בלייבן.

ער האָט געלאַכט, דער קליינגעוויקסיקער מאַן, פון זיינע קעגנער, וואָס ווילן וואַרטן ביז די בורזשואַזיע וועט זיך ערשט אַנטוויקלען, כדי דערנאָך זי צו שטירצן. אומזין! ווען מען קאָן גלייך אויסשניידן אַ קליין מכהלע, איידער עס צעוואקסט זיך, איז אַ משוגעת צו לאָזן עס זיך פונאַנדערבליען, כדי עס זאָל דערנאָך אַליין פּלאַצן. צו וואָס די איבעריקע יסורים און צייט? שוין באַצייטנס דאַרף מען דעם געשוויר אויסברענען, דאָס שלעכטע בלוט אַרויסלאָזן. אויסמעקן דאַרף מען דאָס שלעכטע און פאַלשע, ווי אַ פאַלשן ציפער, וואָס גנבעט זיך אין אַ קלאָרן חשבון אַריין. און ער האָט געמעקט, דער קליינגעוויקסיקער מאַן, געמעקט מאַטעמאַטיש, קלאָר און באַרעכנט.

ער האָט געזען די לייזונג קלאָר, ווי דעם אייגענעם האַנט־פלאַך. אַביסל פון די קעגנער וועלן זיך צעלויפן, אַנדערע וועלן זיך פּראָלעטאַריזירן. אַ טייל וועט גלייך שלום מאַכן מיט דער נייער אָרדענונג, די איינגעשפּאַרטע און פאַרביסענע וועט ער אויסראָטן, אָפּרייניקן, און דעמאָלט וועט מער קיין פראַגע נישט זיין פון קלאַסן־קאַמף. איין קלאַס וועט בלייבן, די אַר־

בעטער און פּויערים, וואָס ווילן די סאָציאַליסטישע אָרדענונג. און ער האָט געשניטן די מכּה, אַרויסגעלאָזט דאָס אומריינע בלוט.

יאָ, אָפּטמאָל איז צוזאַמען מיטן אומריינעם בלוט אויך ריין בלוט פֿאַר־גאָסן געוואָרן, אָבער דאָס מוז אַזוי זיין ביי שניידן אַ מכּה, האָט דער קליינ־געוויקסיקער מאַן געוואוסט, דאָס קאָן מען נישט אויסמיידן און מען מוז עס אָננעמען פֿאַר ליב. מען קאָן נישט וועגן און מעסטן אין אַזעלכע צייטן, מען דאַרף זען דאָס גאַנצע.

— רייניקן, חברים, מעקן, — האָט ער געזאָגט צו די מענטשן זיינע אויף די זיצונגען. — אַ רעוואָלוציע איז נישט קיין שפּילכל.

אויסגעפֿירט די רייניקונג־אַרבעט, דאָס מעקן, האָט דער לאָדזשער רע־וואָלוציאָנער פּאַוועל שטשינסקי, דער קאָמענדאַנט פֿון דער רויטער הויפּט־שטאָט. אַ בלוי־אויגיקער, אַ בלאָנדער, מיט אַ העל בערדל, וואָס דערמאָנט אין אַ בערדל פֿון אַ ייד אַ לערנער. אַ שלאַנקער, אַ ראָמאַנטישער אַפֿילו, האָט ער גלייך ווי זיינע זענען געקומען צו דער מאַכט, אַוועקגעוואָרפֿן די ביכער, אין וועלכע ער האָט שטענדיק געוויקט זיך, און גענומען זיך צום רעוואָלווער. פֿון דער גלחים־שול, וואו ער האָט יינגלוויז געלערנט, האָט ער פֿון זיינע לערער די יעזואיטן איבערגענומען די תּורה, אַז דער ציל היילִיקט דאָס מיטל. פֿאַר דעם ציל פֿון דער מענטשהייט האָט ער די מענטשן ווי אומפּלייט פֿאַרטיליקט.

נאַכט ביי נאַכט האָט ער זיינע לייט איבער דער שטאָט אַרויסגעשיקט, מיט לאַסט־אויטאָמאָבילן, רעוואָלווערן, ביקסן און האַנט־גראַנאַטן. זיי זע־נען די רייכע הייזער אין מיטן דער נאַכט באַפֿאַלן, געזוכט אַלע אַמאָליקע מיוחסים, הויכע מיליטער־לייט, באַראָנען, גראַפֿן, הויכע באַאַמטע, באַנקירן, פֿאַבריקאַנטן, עסערן, אַלע אַנדערע וואָס זענען אַליין קיין באַזיצנדיקע נישט, נאָר אין זייער אומבאַוואוסטזיין שלעפּן זיי זיך נאָך די שונאים פֿון פּראָלעטאַריאַט. מען האָט זיי פֿאַרשריבן אין די ביכער, כּדי זיי באַלד אויסצומעקן. קיין געריכטן האָט שטשינסקי נישט געמאַכט. אויפֿן אָרט האָבן די מענטשן זיינע די אַרעסטירטע אויסגעפֿרעגט, פֿאַראורטיילט, אויס־געמעקט זיי און מיט די לאַסט־אויטאָמאָבילן זייערע טויטע קערפּערס צום סמאָלענסקער בית־עולם אַוועקגעפֿירט און אין פֿלאַכע גרויסע גריבער באַגראָבן. אַ סך זענען אין די קעלערס, אין דער קרעסטי־טורמע איינגע־זעצט געוואָרן.

ער האָט זיך נישט שטאַרק אומגעקוקט אויף די מענטשן זיינע, פּאַוועל שטשינסקי. ער האָט זיי גענומען ווי עס האָט זיך געלאָזט, פֿון די אַמאָליקע זשאַנדאַרמען, פֿון די אַגענטן, וועמען עס האָט אָנגעבאָטן צו טאָן די אַרבעט. קיין אַרבעטער האָט מען נישט אַרעסטירט, בלויז זייערע שונאים, וואָס זענען געשיכטלעך סיי־ווי־סיי פֿאַראורטיילט. און עס איז אים ווייניק אָנגעגאַנגען, וואָס די אויסגעמעקטע האָבן צו זאָגן וועגן זיך, ווי אַזוי די מעקער זייערע באַגייען זיך מיט זיי. זייער גורל איז געווען געחתמעט.

שטשינסקי האָט געקענט געשיכטע. ער האָט געוואוסט פון דער פראַנצוי־זישער רעוואָלוציע, אַז אַ שונא קאָן אַרויסשפּרינגען פּלוצלונג, אויף וועמען מען ריכט זיך אַמווייניקסטנס. ער האָט געוואָלט בעסער זיין זיכער, איי־דער צו האָבן שפּעטער עפּעס אויפן געוויסן און חרטה האָבן. און ער האָט עס אויך געלערנט די מענטשן זיינע.

— אַ לעבעדיקער קאָן אַמאָל זיין געפערלעך, — האָט ער געזאָגט. — אַ טויטער קיינמאָל נישט.

געמעקט גאָר אָן חשבון האָט פּאַוועל שטשינסקי, ווען די שונאים האָבן אויפגעהויבן די קעפּ, אָרגאַניזירט אַרמייען צו גיין מיט געווער אויף דער רויטער הויפּט־שטאָט און זי דעראָבערן, ווען אין שטאָט אַליין האָבן זיינע מענטשן געהיימע מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס געפונען, וואָס האָבן געגרייט אַטענטאַטן אויף די פירער פון דער רעוואָלוציע. אַפילו די היימישע אויספאָרשונגען, ווי פריער, זענען מער נישט געמאַכט געוואָרן. אין די הונדערטער האָט מען זיי, די קלאַסן־שונאים, פון די בעטן אַרויס־גענומען אין די נעכט און יעדן צענטן פון זיי אויסגעמעקט גלייך, כדי אָפּ־צושרעקן די אַלע איבעריקע.

מער פון פריער האָבן די לאַסט־אויטאָמאָבילן געקלאַפּט אין די נעכט איבער די שטיינער פון די פּעטערבורגער גאַסן. יעדער קלאַפּ האָט אָנגע־שלאָגן אין אַשכנזיס האַרץ אויף זיין געלעגער. ער האָט שוין נישט גע־קאָנט דערוואַרטן די מינוט, ווען דאָס פריילעכע פאַרשווינדל זאָל איס אַרויספירן פון דער שרעקלעכער שטאָט. מיט שעפּטשענדיקע קאַלטע ליפּן האָט ער געבעטן צו גאָט צו דערנענטערן די גוטע שעה.

קאַפּיטל פופצן

שנעלער ווי מאַקס אַשכנזי האָט געהאָפט, האָט דאָס פריילעכע פאַר־שווינדל מיטן האַרטן קאַפּעליוש דורכגעפירט פאַר אים זיינע עסקים.

עס איז גאָר נישט געווען קיין שווערע זאַך אין דער רויטער שטאָט, וואָס אָט דאָס קליינע רונדע פאַרשווינדל האָט נישט געקאָנט דורכברעכן. מאַקס אַשכנזי איז געווען אין זיבעטן הימל פון אים. קודם־כל האָט ער אים פאַרקויפט די סחורות פון די קעלערס, וואָס ער האָט באַצייטנס געהאַט פאַרשטופּט, איידער די לייט אין די לעדערנע רעקלעך און אין די שינעלן זענען געקומען רויבן דאָס אָנגערויבטע. ער האָט אים אין מאָדנע זייטיקע שענקלעך מיט סוחרים צונויפגעפירט און די סחורה פאַרהאַנדלט. אַשכנזי האָט פאַרקויפט די טרייפענע סחורות אָן צושטעלן. ער האָט עס גלייך געזאָגט די סוחרים, אַז צושטעלן די וואַרע קאָן ער נישט, ווי עס פלעגט זיך פירן. ער וועט זיין לעבן נישט איינשטעלן. די סוחרים האָבן זיך דערמיט נישט איבערגענומען.

— מיראַן מאַרקאָוויטש וועט עס שוין באַזאָרגן. מיר פאַרלאָזן זיך שוין אויף אים! — האָבן זיי געזאָגט.

און מיראַן מאַרקאָוויטש האָט עס געמאַכט. גלאַטיק איז עס ביי אים אַרויס. מיט אויטאָמאָבילן, געפירט דורך פאַרשוינען אין לעדערנע רעקלעך, האָט מען די סחורות פון אַשכנזיס קעלערס אַרויסגעפירט. קיינער האָט זיך נישט געכאַפּט. ער האָט זיך געהאַלטן אין זיין פּרינציפּ, דאָס רונדע פּאַר־שוינדל — צו מאַכן אַלץ מיט די רעגירער אַליין, ווייל דאָס איז דער בעסטער וועג, דער זיכערסטער.

— מאָלאָדיעץ! — האָט אים אַשכנזי געקלאַפּט איבער דער פּלייצע, צופרידן דערפון, וואָס ער איז פון דער צרה פּטור געוואָרן, און גלייך אָפּגעצאָלט מיראַן מאַרקאָוויטשן אַ לייטישע קאָמיסיע, מיט דער פולער האַנט.

מיראַן מאַרקאָוויטש האָט נאָכלעסיק אַריינגעוואָרפן דאָס פּעקל באַנק־נאָטן אין די הויזן־קעשענעס, ווי דאָס געלט וואָלט געווען נישטיקע פּאַפּיר־לעך, און אַפילו רעכט נישט איבערגעציילט.

— קומט, גאָספּאָדין אַשכנזי, און מיר וועלן דאָס ערשטע געשעפט באַגיסן! — האָט ער געזאָגט אַ פריילעכער. — אַזוי אויפן אַמאָליקן שטייגער.

אַשכנזי האָט פון אַזעלכע זאַכן נישט שטאַרק געהאַלטן, אָבער אָפּזאָגן דעם פריילעכן פאַרשוין איז געווען שווער. איידער נאָך אַשכנזי האָט פּרו־בירט זיך אַרויסדרייען, האָט אים שוין מיראַן מאַרקאָוויטש גענומען אונטערן אָרעם און געפירט מיט זיך.

— העי, איזוואָשטשיק! — האָט ער אַ רוף געטאָן אַ שוואַרץ־בערדיקן דיקן קוטשער אין אַ פלאַכן צילינדער, וואָס זיין קאַרעטע און די פּאָר שוואַרצע פערד האָבן נאָך קיין שום סימנים פון דער נייער צייט נישט געהאַט, אויסגעזען ברייט, פעט און רחבותדיק.

אַשכנזי האָט האַסטיק אַרויסגעכאַפּט זיין האַנט פון מיראַן מאַרקאָווי־טשעס אָרעם.

— וואָס טוט איר? איצט? — האָט ער גערעדט אַ פאַרציטערטער. — מיר וועלן צופאָרן מיטן טראַמוויי.

— גאָספּאָדין אַשכנזי, לאָזט עס פאַר מיר! — האָט מיראַן מאַרקאָוויטש געענטפערט אַ לאַכנדיקער, קוקנדיק מיט אַלע ווייסע ציין פון די שוואַרצע וואָנצעס אַרויס.

איינס און צוויי האָט ער אַשכנזין אין דער קאַרעטע אַריינגעשטופּט, אַליין זיך לעבן אים אַוועקגעזעצט אַ ברייטער, אַ פונאַנדערגעלייגטער, און וואוילעריש באַפוילן דעם קוטשער וואו צו פאָרן. ביים אויסשטייגן האָט אַשכנזי גענומען גראַבלען ביי די קעשענעס, כדי צו באַצאָלן דעם קוטשער. ער האָט גאָר אַליין נישט געוואוסט, וויפל מען צאָלט איצט פאַר אַזאַ רייזע. ער האָט יעדער ווערט פון געלט פאַרלוירן אין די ביטערע טעג. מיראַן מאַר־

קאָוויטש האָט אים מיט כוח צוגענומען די הענט פון די קעשענעס. פלינק האָט ער אַריינגעשטעקט די האַנט אין הויזן־קעשענע, וואו ער האָט די באַנקנאָטן נאַכלעסיק געהאַלטן, ער האָט אַ וואָרף געטאָן דעם קוטשער אַ פּאַק פּאַפּירן, צוגעלייגט נאָך אויף טיי אַ באַזונדער פּאַפּירל און אַפילו אַ קאָמפּלימענט פאַר זיין גיכן פאָרן אים געגעבן.

— בלאַגאָדאַריו, באַרין! — האָט דער קוטשער זיך פאַרנויגט פון גע־זעסל אַראָפּ און טיף געצויגן פאַר אים דעם נידעריקן גלאַנציקן צילינדער.

אין דעם רעסטאָראַן, וואָס פון דרויסן האָט ער זייער אָרעם אויסגע־זען, האָט מיראָן מאַרקאָוויטש באַשטעלט אַ סעודה אויפן גאַר גרויסן שטיי־גער, מיט פליייש, צובייסעכצן, קאָניאַק און מיט אַלע גוטע זאַכן, וואָס מען האָט זיי אין דער הונגערנדיקער שטאָט שוין אַ צייט נישט געזען. אַשכנזי האָט זיך צוגעכאַפּט מיט גיריקייט צו די גוטע מאכלים נאָך די אָרעמע שפּייזן, וואָס ער האָט זינט אַ צייט מיט אייגענע הענט זיך אַליין צוגעגרייט.

נעמט כריין, גאָספּאָדין אַשכנזי, און סאָוס גיסט אַרויף, זייער געשמאַ־קער, — האָט אים געמונטערט מיראָן מאַרקאָוויטש און באַדינט אים. — לחיים, גאָט זאָל געבן מיר זאָלן האָבן נחת איינער פון אַנדערן!

ביי די געשמאַקע מאכלים, ביי די גוטע קאָניאַקס, האָבן זיך די מענטשן צעוואַרעמט. מיראָן מאַרקאָוויטש האָט געבליצט מיט די רונדע שוואַרצע אויגן, האָט נישט אויפגעהערט קלאַפּן אַשכנזין אין די פּלייצעס און דריקן די קני.

— נו, וואָס, מיראָן מאַרקאָוויטש גאָראָדעצקי ווייסט ווי מען קאָן קריגן אַ גוטן ביסן, הע? — האָט ער זיך אַליין געלויבט און געוואָלט הערן עס אויך פון אַשכנזין.

ער איז ווייך געוואָרן, סענטימענטאַל און זיך צעקנעפּלט פאַר אַשכנזין, דאָס העמד פון דער נשמה אויסגעטאָן, אויף דעם רוסישן שטייגער. זיין גאַנץ לעבן האָט ער דערציילט איצט. פון יינגלוויז אָן אין אָדעס, וואו ער האָט געהאָלפן דער מאַמען זיינער דער־אלמנה אַרומטראָגן היגער און גענדז צו רייכע שטובן, ביז ער איז אָנגעקומען קיין לאָדזש אין אַ געשעפט פאַר אַ שיק־יינגל, ביז ער איז געוואָרן אַ וואָיאַזשאָר און גאַנץ רוסלאַנד אָן וואוין־רעכט אַרומגערייזט. ניין, נישט דורך שולן און דערציאונג איז ער צום לעבן געגאַנגען, ווי אַנדערע. אַליין, מיט די אייגענע הענט האָט ער זיין וועג געמאַכט.

— שווער געווען דאָס לעבן מיינס, — האָט מיראָן מאַרקאָוויטש גע־רעדט מיט האַרץ אַשכנזין גלייך אין פּנים אַריין. — שווער פאַר אַ ייד געווען אַרומצורייזן איבער רוסלאַנד אָן וואוינרעכט. אָבער מיראָן מאַר־קאָוויטש האָט געלאַכט פון דער וועלט און אומעטום געקומען. אַנדערע האָבן צוגערעדט צו שמדן זיך, אַ לוטעראַנער ווערן און מאַכן זיך לייכט אָבער מיראָן מאַרקאָוויטש גאָראָדעצקי האָט געזאָגט: — ניין, ברידערלעך

דאָס רענדל אויסבייטן נישט! זאָל מיין נאָמען נישט זיין מיראָן מאַרקאָ־וויטש גאָראָדעצקי!

אַשכנזין איז געפעלן געוואָרן דאָס, וואָס מיראָן מאַרקאָוויטש האָט נישט געוואָלט אויסבייטן דאָס רענדל. צום פריערדיקן קדיש, וואָס ער היט אָפּ, איז איצט צוגעקומען נאָך אַ מעלה, אַ גרעסערע, אַ וויכטיקערע. אשכנזי האָט אים געליבט דערפאַר. מיראָן מאַרקאָוויטש איז זיך צעגאַנגען פון הנאה.

— ניין, איך בין נישט קיין צדיק, — האָט ער גערעדט מיט האַרץ. — איר ווייסט דאָך, אין וועג, מען עסט טריפות, מען היט נישט אָפּ שבת, און צווישן אונדז זאָל עס בלייבן, מען טוט אויך אַנדערע עבירות, מען פּאַקט אַ ווייבל, אַ שיקסע, אַנטשולדיקט מיר פאַר די רייד, פאַרשידן, אָבער יאָרצייט, יום־כיפּור און דעם יידישן גאָט, דאָס, ברידערלעך, ניין! דאָס האָב איך אַלעמאָל אָפּגעהיט!

צו די ווייטערע גלעזלעך אַז עס איז געקומען, האָט אַשכנזי אָפּגע־שטעלט זיך, געגאָסן זיי אין טעלער, ווי שטענדיק ער פלעגט זיך פירן אין אַזעלכע פאַלן, כדי נישט צו פאַרלירן דעם קאָפּ. מיראָן מאַרקאָוויטש האָט געטרונקען אַ גלעזל נאָך אַ גלעזל. באַלד האָט ער אויך גענומען וויינען, אויסדערציילן פאַר אַשכנזין אַלע זיינע צרות, וואָס ער האָט געהאַט אין זיין לעבן. ווי פאַר אַ פאָטער האָט ער זיך מתודה געווען, אַלע סודות פון אונטערן לייב ארויסדערציילט, אַלע זיינע עגמת־נפשן מיטן ווייבל זיינעם, וואָס ווען ער איז אין די וועגן, פאַרבייט זי אים מיט אַנדערע מענער. אַשכנזי האָט אים באַרואיקט, נאָר מיראָן מאַרקאָוויטש האָט זיך נישט געלאָזט טרייסטן און געכאַפּט זיך קושן אַשכנזין.

— ווי אַ טאַטע אַן אייגענער זענט איר פאַר מיר, טייערער, — האָט ער געטוליעט זיך צו אַשכנזין און אים געדאַנקט פאַר אַלע טובות זיינע, כאָטש אַשכנזי האָט נישט אָנגעהויבן צו וויסן וואָסערע טובות ער האָט יענעם געטאָן.

פּלוצלונג איז ער צוגעלאָפן צו דעם פאַס וואַסער, עטלעכע שעפער זיך אָפּגעגאָסן אויף דעם צעהיצטן קאָפּ און גלייך צוריק ניכטער געוואָרן, ווי ער וואָלט קיין איין גלעזל פריער נישט גענומען אין מויל. אין איין רגע איז ער צוריק געווען דער ענערגישער, האָפערדיקער און פריילעכער, וואָס קיין שום זאַך איז נישט שווער פאַר אים דורכצוברעכן.

מיט אַ געוואַלדיקן אימפּעט האָט ער צוגעגרייט אַשכנזיס נסיעה. ערשטנס, האָט ער אים צונויפגעפירט מיט צוויי פאַרשוינען אין קליידער וואָס זענען האַלב־מיליטעריש און האַלב־ציוויל, האַלבע רוסן, האַלבע פינלענ־דער. הויכע, אָפּגעברענטע פון ווינט און זון, מיט ליולקעס אין די מיי־לער און גרויסע שווייגער, וואָס פונקט ווי מיראָן שיט מיט רייד, האָבן זיי שווייגנדיק אויסגעהערט מיראָן מאַרקאָוויטשעס מבול ווערטער און בלויז געברויכערט. דערנאָך האָבן זייביידע אַ שאָקל געטאָן מיט די קעפּ

איינער נאָכן אַנדערן און איינגעגאַנגען צו נעמען מיט זיך מיראָן מאַרקאָ־וויטשעס פּאַסאַזשיר.

אַשכּנזי האָט זיך געפּילט אומהיימלעך מיט אָט די צוויי הויכע גוֹיים, וואָס רעדן זעלטן אַ וואָרט אַרויס און גייען אָנגעטאָן האַלב־מיליטעריש, האַלב־ציוויל. מיראָן מאַרקאָוויטש האָט אים אָנגערעדט אַ וועלט מיט גוטס אויף אָט די צוויי לייט. שוין נישט איינעם האָט ער אַריבערגעפּעקלט מיט זיי און דערנאָך גוטע בריוולעך פון יענער זייט געקריגן. ער האָט זיי ביי זיך, די בריוולעך. זיי זענען קאָנטראַבאַנדיסטן, די צוויי מענער, שמוגלען אַריבער קיין רוסלאַנד שפּייז און סחורות פון דער פינלענדישער זייט. אַהין פאָרן זיי ליידיק. רודערער זענען זיי גוטע און דאָס שיפל זייערס איז אַ קליינס, אַ פישער־שיפל מיט אַ זעגל. קיינמאָל האָט נאָך נישט געטראָפן, אַז זיי זאָלן דורכפאַלן. איבעריקנס, זענען זיי איינס מיט די קאָמיסאַרן, טיילן זיך מיט די פאַרדינסטן און עס איז זיכער מיט זיי, ווי ביי דעם אייגענער מאַמען אונטערן פאַרטעך.

דערנאָך האָט מיראָן מאַרקאָוויטש אַשכּנזין געטאָן אַלע אַנדערע טובות. ער האָט אים אויסגעביטן געלט, אַפילו אויסלענדישע וואַליוטע פאַר אים געקריגן, די פעקלעך אין שטוב געהאָלפן איינפּאַקן, די אוצרות באַהאַלטן אין געווינלעכע לייוונטענע זעקלעך.

צום טאָג, ווען מען האָט געדאַרפט אַרויספאָרן, האָט מיראָן מאַרקאָ־וויטש אַריינגעכאַפּט זיך נאָך אין שולכל, צוזאַמען מיט אַשכּנזין, כּדי נישט דורכצולאָזן קיין קדיש. אַשכּנזי האָט זייער פרום אָפּגעדאַוונט, וואָרט אין וואָרט די שמונה־עשרה געזאָגט. באַזונדערס האָט ער פאַרהויבן די אויגן צום באַלקן פון בית־המדרש ביי די תּפילות, וואָס זענען געמאַכט קעגן שלעכטע מענטשן, גזלנים און בייזוויליקע, פון וועלכע גאָט דאַרף אויסהיטן.

אַלץ איז געגאַנגען גלאַטיק, ריין, גאָרנישט האָט זיך נישט פאַרהאַקט ביי דעם מיראָן מאַרקאָוויטש. שטיל האָט ער אַשכּנזין צוזאַמען מיט זיינע פּעקלעך פון זיין וואוינונג אַרויסגענומען, מיט אַ צוגעגרייטער דראָזשקע אַוועקגעפאָרן צום באַלטישן וואָקזאַל, פון וואַנען מען האָט געדאַרפט אָפּפאָרן מיט אַ צוג ביז צום ברעג אָפענעם ים. לאַנג האָט געדויערט ביז מען האָט דעם צוג צוזאַמענגעשטעלט. ער האָט היפּש פאַרשפּעטיקט. אַשכּנזי איז געזעסן אַן אומרואיקער. יעדער מינוט איז געווען ביי אים אַן אייביקייט. מיראָן מאַרקאָוויטש איז געזעסן ביי די פּעקלעך אַ רואיקער, אַ פריילעכער ווי שטענדיק.

— צוגעוואוינט, שוין נישט דאָס ערשטע מאָל, — האָט ער איינגערוימט אַשכּנזין. — זייט רואיק, אַלץ וועט גיין ווי אויף פּוטער.

ביים אַריינגיין אין צוג האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל, אַ געדרודער. כאָטש עס איז געווען קאַלט, האָבן מאַסן מענטשן געוואוינט אין די זומער־פּלעצער ביים ברעג ים. אין שטאָט איז געווען קאַלט, ענג און הונגעריק. אין שינעלן און אין פּעלצן, אין וואַלינקעס און אין לאַפּטיעס, מענער, ווייי־

בער, אַלטע, יונגע, אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום צוג, געלאָפן דורך טיר און פענצטער, געשפּרונגען, געריסן זיך. אַשכנזי איז געבליבן אַ פאַרלוירענער צווישן דעם המון מענטשן. ער איז קיינמאָל נישט געוואוינט געווען צו אַזעלכע צוגן. נאָך ווייניקער איז ער געוואוינט געווען צו שלעפּן פּעק אין וואַגאָן אַריין. דאָס האָבן געטאָן פאַר אים באַן־טרעגער. אָבער מיראָן מאַרקאָוויטש האָט מיט שדישער פלינקייט געמאַכט זיך צווישן גאַנצן געדיכטעניש אַ וועג, אַריינגעטראָגן די פּעקלעך, אַשכנזין אַליין אַריינגעשטופּט, און געשאַפן אָרט. איינס און צוויי איז ער מיט אַלע אַרומיקע פרעמדע מענטשן באַקאַנט געוואָרן, גערעדט צו יעדן, געלאַכט און געמאַכט זיך באַקוועם.

— נאָך אַביסעלע, חברים, אָט אַזוי, אַ דאַנק חברים! — האָט ער געשטופּט זיך צווישן עולם און ברייט גערעדט אויף זיין אָדעסער רוסיש מיט ווייכע יידישע האַלדז־רישן אין די אָפּטע „טאָוואַרישטשי”. די באַן האָט זיך געשלעפּט פויל, געפייפט אָפּט, געסאָפּעט, געריסן זיך, נאָר געגאַנגען איז זי לאַנגזאַם און נודנע. אויף יעדער קליינער סטאַנציע איז זי אָפּגעשטאַנען אַ צייט, פון אָרט זיך נישט גערירט. אַשכנזי האָט זיך פאַרשטעקט צווישן די מענטשן. די צייט האָט אים אויפגעגעסן. מער פון אַלץ האָט אים געקוועלט דער פּעלץ זיינער, דער רייכער פּעלץ, אין וועלכן אַ פאַרמעגן איז געווען פאַרבייט. מיראָן מאַרקאָוויטש האָט אים מיט זיין פריילעכקייט געשטאַרקט, אַפילו אַ פּלאַץ צו זיצן האָט ער פאַר אים געקריגן.

— העי, קראַסאַוויצאַ, — האָט ער פּלוצלונג אַ זאָג געגעבן צו אַ רויט־באַקיקער שיקסע מיט אַ פאַרריסן נעזל, — זיי אַ וואָוילינקע און טרעט אָפּ מיין פאָטער דעם פּלאַץ. דו האָסט יונגע שטאַרקע פיס און דער פאָטער מיינער איז שוואַך...

דאָס רויט־באַקיקע מיידל איז פון דעם מאַנס קאָמפּלימענטן נאָך רויטער געוואָרן, און זי האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט. אַשכנזי האָט זיך נישט געוואָלט זעצן. אַלע האָבן אויף אים געקוקט, און דאָס האָט ער נישט געוואָלט. ער איז אַפילו בייז געוואָרן אויף דעם פלוט מיראָן מאַרקאָוויטש, וואָס טומלט אַזויפיל. נאָר מיראָן מאַרקאָוויטש איז געבליבן אַזוי פריילעך און גוטמוטיק, ווי פריער. אין גאַנצן געדיכטעניש האָט ער גענומען ווײַלן מיט אַנעקדאָטן, מיט פעטע וואָיאַזשאָרישע וויצן, פון וועלכע די פּאַסאַזשירן אין וואַגאָן האָבן האַרציק געלאַכט, ביי די זייטן זיך געהאַלטן.

אין אָוונט, ווען עס איז שוין טונקל געווען, זענען זיי צוגעקומען צו אַ קליינער סטאַנציע. אַשכנזי האָט געוואָלט נעמען די פּעקלעך, נאָר מיראָן מאַרקאָוויטש האָט נישט געלאָזט. אַליין האָט ער אַלץ געכאַפּט אין די הענט און אַשכנזין געפירט מיט זיך, ביז זיי זענען אַרויסגעקומען צום אָפענעם ים. אַ ווינט האָט אַ כאַפּ געטאָן אַשכנזין און אים שיר נישט איבערגעקערט. דער ים האָט געשמעקט מיט געזאַלצנקייט, האַרבקייט און רויקייט. די בוימער האָבן זיך געבויגן אין ווינט, געפייפט, געריסן, גאָר ווי אויסצו־

רייסן זיך מיט די וואָרצלען און אַנטלויפן. די כוואַליעס האָבן געפּאַטשט און געשווענקט דעם טונקלען ברעג. הינט האָבן ערגעץ געבילט.

באַלד איז פון דער פינצטערניש אויסגעוואקסן אַ טונקעלע פיגור. אַשכנזי האָט אַ ציטער געטאָן. מיראָן מאַרקאָוויטש האָט אים אַ שטויס געגעבן.

— אונדזוערע, — האָט ער געמורמלט.

די טונקעלע פיגור האָט זיך דערנענטערט, צוגענומען ביי מיראָן מאַר־קאָוויטשן די פּעקלעך און מיט גרויסע שפּרייזן געגאַנגען פאָראויס. מיר־אָן מאַרקאָוויטש האָט גענומען רעדן, אַשכנזי האָט אים פאַרהאַלטן דאָס מויל.

— שווייגט, אום גאָטס ווילן, — האָט ער אים געבעטן, — שווייגט!

ער האָט געוואָלט הערן דעם ים, דעם רוישנדיקן און וואַשנדיקן, וואָס פירט צו ווייטקייטן, צו פרעמדע גוטע לענדער, צו ישועה און צו רעטונג. שרעק צוזאַמען מיט האָפערדיקייט האָט אָנגעפילט זיין האַרץ אין דער ווינ־טיקער נאַכט ביים שטורמישן ים. ער האָט שטאַרק חשק געהאַט צו פרעגן ביי דעם טונקלען שפּרייזנדיקן מאַן, צי אין אַזאַ נאַכט איז נישט קיין סכנה אַרויסצולאָזן זיך מיט אַ זעגל־שיף, נאָר ער האָט נישט געוואַגט אַ וואָרט אויסצורעדן צו דער טונקעלער שווייגנדיקער פיגור, וואָס איז מיט ריזיקע שפּרייזן געגאַנגען פאָראויס.

באַלד איז מען אָנגעקומען צו אַ הויז. דער מאַן מיט די פּעקלעך האָט אָנגעקלאַפּט. מען האָט געעפנט. אַלע זענען אַריין. אין דער שטוב, וואָס איז געווען בלויז מיט אַ טונקל לעמפּל באַלויכטן, זענען געווען אָנגעלייגט זעק, פעלן, קעסטלעך, פעלצן זענען געהאַנגען אויף די ווענט. די מענער, וואָס זענען אַריינגעקומען, האָבן זיך נישט באַגריסט, נישט געפרעגט עפּעס. זיי האָבן בלויז געשוויגן און געקרעכצט. איינער האָט זיך געפּאָרעט ביי אַ צעבראָכענער האַנט־לאַמטערנע, פאַרריכט זי מיט שווערע אומגעלומ־פּערטע הענט.

מיראָן מאַרקאָוויטש האָט זיך גלייך אויסגעצויגן אויף איינעם פון די זעק און איינגעשלאָפן, איינגעשלאָפן מיט אַ טומל, מיט אַ שנאָרכען און סאָפּען, ווי אַלץ וואָס ער טוט, ראַשיק און טומלדיק. אַשכנזי האָט פּרובירט שליסן די אויגן, אָבער ער האָט נישט געקאָנט. די אויפרעגונג האָט אים נישט געלאָזט שלאָפן.

שעהן־לאַנג איז אַשכנזי געזעסן אין דער טונקעלער שטוב און גע־וואַרט אויף דער שעה, ווען מען וועט זיך אַרויסלאָזן אין וועג אַריין. דער ווינט אינדרויסן האָט נישט אויפגעהערט צו יאָמערן, די וועלן האָבן אָנ־געקלאַפּט אין ברעג. ער האָט אַלעמאָל אויף דאָס ניי אַ קוק געטאָן אויפן זייגערל, אויף דעם גאָלדענעם חתן־זייגער, וואָס ער האָט צו זיין חתונה געקריגן אַ מתנה. די שעהן האָבן זיך געשלעפּט לאַנגזאַם, ווי קריכנדיקע ווערעם. צו דער נאַכט האָט גאָר קיין סוף נישט גענומען. נאָך לאַנגע שעהן האָט אַשכנזי דערפילט אַ מידקייט אין קאָפּ און פאַרמאַכט די אויגן. דאָס

פינצטערע צימער מיט זעק און פעסלעך האָט זיך פלוצלונג פאַרוואַנדלט אין אַ העל־באַלויכטענעם עס־צימער אין זיין פּאַלאַץ אין לאָדזש. אַלע לאָמפּן זענען אָנגעצונדן. דער טיש איז רייך געדעקט. אויבנאָן איז געזעסן ער, אַשכנזי, לעבן אים זיין פרוי, נישט די צווייטע, נאָר די ערשטע, דינהלע. יונג איז זי, שיין, ווי באַלד נאָך דער חתונה. אָבער כאָטש זי איז אַזוי יונג און שיין, זענען שוין די קינדער זייערע דערוואַקסן. אָט זיצן זיי טאַקע אויך ביים טיש, ליכטיקע, שיינענדיקע, פון איין זייט גערטרוד, פון דער אַנדערער זייט — איגנאַץ. אויך שווער און שוויגער זענען דאָ, ר׳ חיים און פּריווע. לעבן זיי זיצט יעקב־בונם. אַלע זענען זיי פאַרזאַמלט. מען עסט, מען טרינקט וויין און מען פרייט זיך מיט אים, אַשכנזין. ער דערציילט זיי פון וועג, פון די צרות זיינע. אַלע באַגריסן אים, און ער עפנט דעם רייזע־טאַש זיינעם און טיילט יעדן איין מתנות, און דערנאָך צעגייען זיך אַלע, בלויז ער אַליין מיט דינהלען בלייבן. זי טוט זיך אויס, בלייבט אין טייערע זיידענע נאַכט־וועש און זי גלעט אים מיט די ווייכע הענט, רופט אים אין רויט־באַלויכטענעם שלאָפצימער...

— שוין, דינהלע, — ענטפערט ער, — שוין גיי איך...

ער שטרעקט אויס די האַנט צו פאַרלעשן דעם לאָמפּ, אָבער ווי אויף צו־להכעיס רייסט זיך אים די ליכט אין די אויגן. ער עפנט די אויגן אַ ווײַלע און ער שליסט זיי צוריק פון דער שטאַרקער ליכט. גלייך אין די אויגן לייכט אים אַ העל האַנט־לעמפּל. צוויי מענער אין לעדער רייסן אים ביי די אַקסלען.

— גענוג געשלאָפן, אויפהויבן זיך!

אַשכנזי האָט אויסגעריבן די אויגן און געבליבן שטיין אַ פאַרגליווער־טער. ביידע מענער אין לעדער האָבן רעוואָלווערן ביי די גאַרטלען געהאַט שטעקן.

— מיראָן מאַרקאָוויטש! — האָט ער גענומען רופן. — מיראָן מאַר־קאָוויטש!

די מענער האָבן געלאַכט פון אים.

— מיראָן מאַרקאָוויטש איז געגאַנגען אויף אַ חתונה, ער לאָזט אייך גריסן, גאָספּאָדין אַשכנזי, — האָבן די מענער געשפּאַסט. — נו, גערירט זיך, דער אויטאָמאָביל וואַרט.

אין איין רגע איז אַשכנזי געקומען צום געדאַנק, צום שרעקלעכן קלאָרן געדאַנק, וואוהין דאָס רונדע פאַרשווינדל האָט אים פאַרפירט, אין וועמענס הענט ער האָט אים אַריינגענאַרט. ער האָט געוואָלט שרייען, שרייען אין דער פינצטערער נאַכט ביים ברעג ים אויף דעם אומרעכט, וואָס איז קעגן אים באַגאַנגען געוואָרן, אויף דער געמיינהייט פון דעם מענטשלעכן מין, אויף דער אייגענער נאַרישקייט זיינער, אויף דעם אומגליק אויף זיין קאָפּ ביי די טויערן פון זיין רעטונג. ס׳גאַנצע בלוט זיינס האָט געשריגן, אָבער דאָס מויל זיינס האָט קיין קלאַנג נישט געקאָנט אַרויסברענגען. די צונג איז, ווי

אַ שטיק האַרטע פּאָדעשווע, צוגעוואַקסן געוואָרן צום גומען, נישט באַ־וועגט זיך אין פּחד. די פּיס זענען אים שלאַבעריק געוואָרן אין די קני, ווי אויסגעשרויפט פון די געלענקען.

— נו, גערירט זיך! — האָבן די מענער אין לעדער אים געטרייסלט.

ער האָט נישט געקאָנט רירן מיט קיין פוס. ער איז געזונקען. די מע־נער האָבן אים גיך און נאַכלעסיק אַ נעם געטאָן אונטער די הענט און אים אַרויפגעוואָרפן אויף דעם זידנדיקן לאַסט־אויטאָמאָביל, ווי אַ זעקל, ווי די פּעקלעך זיינע, וואָס זיי האָבן געוואָרפן צו זיינע פיס.

— טרייב, וואַניאַ! — האָבן זיי גערופן דעם שאָפער. — אויף דער גאַנצער פּאַרע יאָג! מיר האָבן נאָך אַ סך אַרבעט און ס'איז שפּעט.

דער אויטאָמאָביל האָט זיך געלאָזט לענגאויס דעם ברעג. דער ים האָט נישט אויפגעהערט וואַשן די ערד, צו שלאָגן מיט די כוואַליעס, צוריקגיין און ווידער אָנקומען, ווי ער טוט עס שוין אַזוי מיליאָנען יאָרן, אין אַלע צייטן, דורות, ביי אַלע פעלקער און מאַכטן. דער ווינט האָט געריסן די בוימער, געפּליקט זיי, צו דער ערד געבויגן און אין זייערע צווייגן געבראָכן און געיאָמערט.

## קאַפּיטל זעכצן

טוביה, וואָס מ'רופט אים „ס'איז־נישט־הפקר אַ וועלט", האָט דערלעבט זיינס. דער קאָמענדאַנט אָבערסט פאָן היידעל היידעללאָו איז אַוועק פון לאָדזש, מיט חרפּה אַנטלאָפן.

אַז באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו האָט געקראָגן די ערשטע ידיעות פון דער דייטשער מפּלה, פריער וועגן דעם בראָך פון דער הינדענבורג־ליניע און שפּעטער וועגן דעם אויפשטאַנד אין בערלין און וועגן קייסערס אַנטלויפן איבער דער האָלענדישער גרענעץ, איז ער צוערשט געוואָרן שטאַרק רויט, דערנאָך שטאַרק בלאַס, צום סוף געל ווי אַ מת.

— אונזין, אויסגעשלאָסן! — האָט ער געשריגן צום אַדיוטאַנט זיי־נעם. — לעזן זי עס, מאַהל, לויטענאַנט, איך זעהע ניכטס מער!

דער לייטענאַנט האָט די טעלעגראַמען געלייענט הויך, מיט אַן איבער־געטריבן שטאַרק קול. באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו האָט, ווי אַן אַלטע היסטערישע פרוי, גענומען שלוכצן, שלאָגן זיך מיטביידע הענט אין די שלייפן.

— פערדאַמט, פערפלוכט, — טאַוזענד מאַהל פערדאַמט!... — האָט ער געוואָיעט.

ווי אַן אַלטער נאַסער האָן מיט אויסגעפּליקטע פעדערן נאָך אַ מלחמה מיט אַ יינגערן און שטאַרקערן פון זיך, האָט דער הויכער אָבערסט אויס־געזען איצט אין גרויסן קאַבינעט פון פּאַלאַץ. מיטאַמאָל איז די אַלטקייט

און שלאַבעריקייט אַרויס איבער דער אָנגעצויגענער קריגערישער מיליטע־רישקייט. דער אַדיוטאַנט האָט אים געגלעט.

— הער אָבערסט, אום גאָטעס ווילן, — האָט ער געבעטן, — הער אָבערסט...

— ניין, זאָ איינע שאַנדע, — האָט דער אַלטער געקרעכצט.

עס איז געראָנען פון אים פון אַלע זייטן, פון די אויגן, פון דער נאָז, פון אַלטן מויל. דער גלענצענדער אָבערסט־מונדיר איז געווען פאַרפלעקט ווי ביי אַ יינגל אַ ראָצער.

דער אַדיוטאַנט האָט די פלעקן גערייניקט מיט אַ טיכעלע.

— הער אָבערסט, איר דאַרפט זיך באַהערשן, שטאַרק זיין יעצט...

— אַלעס קאַפוט, אַלעס! זאָ איינע שאַנדע! — האָט דער אַלטער נישט אויפגעהערט זיפצן. די מיליטערישע כאַרכלדיקע באַפעלערישע שטימע זיינע איז פלוצלונג פאַרשוואונדן, אויסגערונען. ער האָט גערעדט נעבעכ־דיק, קוויטשענדיק, ווי אַן אַלטע בייזע פרוי. ניין, ער האָט זיך נישט געלאָזט טרייסטן, דער באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו. מען איז שוין אַזוי ווייט געווען. אין האַלב אייראָפּע האָט דאָס דייטשע מיליטער אָנגעשפּאַרט, אין בעלגיע און אין פראַנקרייך, אין רומעניע, אין טערקיי, אין פוילן, אין אוקראַינע, אין די באַלטישע געגנטן, אין ליטע, אין קרים, אַפילו וועגן פעטערבורג האָט מען שוין געטראַכט. אומעטום האָט געהערשט דאָס זיגריי־כע דייטשע מיליטער. פלוצלונג אַזאַ קלאַפּ, אַזאַ וויסטע מפּלה, אַ נידערלאַגע אויף אַלע פראָנטן. אין בערלין אַן אויפשטאַנד, און דער קייסער אַליין, דער קייסער איז פון דייטשלאַנד אַנטלאָפן, ביי די האָלענדער, ביי די ברייט־הויזיקע פישער־יונגען, געבעטן זיך, מען זאָל אים דורכלאָזן. דאָס איז געווען צופיל.

מער פון אַלץ האָט אים געווייטיקט די חרפּה. וואָסער פּנים וועט ער איצט האָבן דאָ אין שטאָט, וואָס ער האָט מיט אייזערנע הענט געהאַלטן? זיי וועלן לאַכן פון אים, די לויזיקע פּאָליאַקן. ער וועט זיך שעמען די אויגן ווייזן. אויך די סאָלדאַטן זיינע וועלן חוצפּה קריגן. זיי וועלן טאָן דאָס זעלבע, וואָס די רוסן אין רוסלאַנד. זיי וועלן ביי זייערע עלטסטע די עפּאָ־ליעטן אָפּשניידן, און אפשר, גאָר אַרעסטירן, שלאָגן, אַ קויל אין קאָפּ אַריינשיסן. זיי האָבן אים אַלעמאָל פיינט געהאַט, געהאַסט שטילערהייט, ווייל ער איז שטרענג מיט זיי געווען, אין די הענט זיי געהאַלטן.

— בלייבט נישט מער ווי אַ קויל אין קאָפּ זיך אַריינצויאָגן, לויטע־נאַנט, — האָט ער געזיפצט.

אָבער ער האָט זיך קיין קויל אין קאָפּ נישט געגעבן. ניין, ער האָט בלויז גענומען שילטן, זידלען די הערן פון די גענעראַל־שטאַבן, די אַלע קאָמאַנדירן, וועלכע האָבן צו אַזאַ וויסטער מפּלה דערלאָזט.

— פערפלוכטע באַנדע, — האָט ער געשריגן מיט די אַריינגעשטעלטע

ציין, — הונדע, זאַו־קערלע, לאָוז־באַנדע, טאַוזענד מאָהל פערפלוכט, דאָ־נער וועטער, קרררויץ, סאַקררראַמענט...

דעם גאַנצן פאַרמעגן זיינעם פון קללות, זידלערייען און מיאוסע ווער־טער, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט אין זיין לעבן, צום ערשט אין די ביר־הייזער פון די סטודענטישע קאָרפּאָראַציעס, און דערנאָך אין מיליטער, האָט ער אויסגעשאָטן איצט, געוואָרפן פון אַלטן מויל די מיאוסקייטן, ווי פון אַ מיסטקאַסטן אַרויס. דאָס האָט אים באַרואיקט. באַלד דערנאָך האָט ער אויסגעשאָטן איצט, געוואָרפן פון אַלטן מויל די מיאוסקייטן, די נאָז גוט אויסגערייניקט, אויסגעגלייכט דעם צעקנייטשטן מונדיר, די מעדאַלן און דעם קרייץ צורעכטגעמאַכט, אַרויסגערוקט די ברוסט פאָראויס, די צעשויבערטע אָפּגעקראַכענע וואָנצעס שטאָלץ פאַרדרייט אַרויף, ווי ביים קייסער, דעם מאָנאָקל אַריינגעזעצט אין לינקן אויג און גענומען זיך אין די הענט אַריין.

קיין באַפעלן זענען נישט געווען. די הערן אין גענעראַל־שטאַב האָבן גאָר די קעפּ פאַרלאָרן. ביז וואָס־ווען, האָט באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו אָפּגעמאַכט ביי זיך צו באַהאַלטן דערווייל די טרויעריקע נאַכריכטן. קיי־נער דאַרף נישט וויסן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש, צוגערופן דעם אַדיוטאַנט זיינעם באַפעלעריש, פּונקט ווי ער וואָלט נישט פריער אַזוי ווייבעריש זיך באַראָצט אין זיין קעגנוואַרט, און געגעבן אים באַפעלן: קיין וואָרט נישט לאָזן פאַלן פון דעם, וואָס איז באַנאַכריכט געוואָרן, אַפילו נישט פאַר די נאָענטסטע חברים־אָפיצירן. שטאַרק אַכטונג געבן אויף דער פאַרדאַמטער פרעסע, עס זאָל קיין וואָרט נישט אַריין. אַלץ זאָל ווערן גוט צענזורירט. מיטן לעבן אין גאַרניזאָן, ווי אין שטאָט, אָנגיין נאָרמאַל. אַלעס זאָל פּינקטלעך אויסגעפירט ווערן.

— יאָ וואָהל, הער אָבערסט! — האָט דער אַדיוטאַנט געזאָגט אַן אויס־געצויגענער.

— אַבסאָלוטע דיסציפּלין, לויטענאַנט, — האָט דער קאָמאַנדיר באַ־פוילן שטרענג, — ווען עס וועלן אָנקומען באַריכטן, גלייך מיר מיטטיילן.

דער אַדיוטאַנט האָט אויסגעפירט די באַפעלן, קיין פּיפּס פאַר קיינעם נישט געטאָן. אָבער ווי פון הימל אַראָפּ האָבן די נאַכריכטן גענומען זיך טראָגן איבער דער שטאָט. די פוילישע לעגיאָנערן, וואָס האָבן זיך דאָ נאָך פאַרוואַלגערט, האָבן פלוצלונג הויכע קעפּ, פאַרריסענע, געקריגן. זיי האָבן אַפילו פאַר די דייטשע אָפיצירן נישט סאַלוטירט. אויף די גאַסן האָבן זיך ציווילע פוילישע לייט, מערסטנס שול־יינגלעך, באַוויזן מיט לעגיאָנערישע היטעלעך. זיי האָבן מאַרשירט אין רייען און הויך אויפן קול פוילישע מיליטערישע לידער געזונגען, אַ פאָן מיט אַ ווייסן אָדלער אַרויסגעצויגן. אויף אַלע גאַסן האָבן זיך מענטשן געשאַרט, אויף די טראָ־טואַרן זיך פאַרהאַלטן, אויף די ראָגן זיך אָפּגעשטעלט, גאַרנישט ווי דעם קאָמענדאַנטס באַפעלן וועגן דער אָרדענונג אין שטאָט זענען געווען. מען

האָט גערעדט, געמאַכט מיט די הענט, דערציילט, נייעס זיך איבערגעגעבן. די מיליציאָנערן האָבן קיינעם נישט געטריבן. מיטאַמאָל האָבן זיך גרויסע אויפרופן, בלויז אין פּויליש, אויף די ווענט באַוויזן, וועגן די דייטשע מפּלות דערציילט, צו אַ זעלבסטשטענדיק פּוילן גערופן. אונטערגעשריבן איז געווען דערויף די פּוילישע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע. די דייטשע סאָלדאַטן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אויסגעפרעגט זיך ביי יידן, וואָס פאַר־שטייען דייטש, וועגן די נייעסן. די יידן האָבן זיי אין לאָדזשער דייטש דער־ציילט די נייעס פון בערלין.

— יעצט גייען וויר צו האַוזע, — האָבן די לאַנדשטורמער געזאָגט מיט צופרידנקייט.

די פּויזנער סאָלדאַטן האָבן אַליין געמאַטערט זיך ביי די פּוילישע אויס־רופן, זייערע דייטשע קאַמעראַדן די נייעס דערציילט.

— יעצט וועלן מיר אין דער פּוילישער אַרמיי דינען, — האָבן זיי גע־זאָגט, יאַ, יאַ...

ווי דורך אַ באַפעל האָבן די שטענדיק־אויסגעגלייכטע דייטשן אַראָפּ־געלאָזט די פליגל, גענומען שלעפן באַלעבאַטיש מיד די באַנאָגלטע פיס, גאָרנישט ווי סאָלדאַטן, נאָר ווי פוילע פּויערים. טייל האָבן אויפגעלאָזן אַ לעכל פון רימען, אַנדערע האָבן אָפּגעקנעפּלט אַ קנאָפּ ביים האַלדז, אַריינ־צולאָזן אַ ביסל פרייע לופט אין דעם זעלנערישן קערפּער אַריין; יינגערע האָבן איבערגעקערט די ביקסן, פלוצלונג זיי גענומען טראָגן מיט דער רער אַראָפּ און מיט דער קאָלבע אַרויף. געגאַנגען זענען זיי נישט רייענווייז, נאָר ווי סטאַדעס אַרומגעגאַנגען, מיט הענט אויף אַקסלען פאַרלייגט. זיי האָבן אָפיצירן דורכגעלאָזט, שלאַבעריק באַגריסט, אָדער אַפילו אינגאַנצן נישט.

— נאַך האַוזע, נאַך האַוזע! — האָבן אַלע גערעדט דאָס אייגענע, — וויר האַבען עס גענוג...

נייך, ער האָט נישט געקאָנט האַלטן די שטאָט מער, דער באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו. מען האָט געפייפט אויף זיינע באַפעלן. די אַרמיי איז זיך צעקראָכן.

איבער די גאַסן האָבן זיך פּאָליאַקן מיט ביקסן אויף די אַקסלען באַ־וויזן. זיי האָבן דייטשן אָפּגעשטעלט און ביי זיי דאָס געווער געפאָדערט. אָפיצירן האָבן זיך קעגנגעשטעלט, די רעוואָלווערן נישט געוואָלט אַלעמאָל אָפּגעבן. די סאָלדאַטן האָבן גלייך די ביקסן אַראָפּגענומען און אַוועק־געגעבן. די אייגענע לאַנדשטורמער, וואָס האָבן דאָס לאַנד פריער אין די הענט געהאַלטן, וואָס איין סאָלדאַט זייערער פלעגט אויף אַ גאַנץ דאָרף גיין, האָבן איצט אָפּגעגעבן דאָס געווער יעדן שול־יינגל.

צוזאַמען מיט די פּאַטריאָטישע אויפרופן, באַצירט מיטן פּוילישן אָד־לער, האָבן זיך אויך אַנדערע אויפרופן אויף די לאָדזשער מויערן געווען באַוויזן; אויפרופן, וואָס הויבן זיך אָן מיט „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענ־

דער פאַראייניקט אייך". אין פּויליש, אין יידיש און אַפילו אין דייטש האָבן זיך די אויפרופן באַוויזן. זיי האָבן גערופן צו פּראָלעטאַרישער איינהייט אין דער דאָזיקער אַרבעטער־שטאָט, צום קאַמף, גלייכהייט און ברידערלעכקייט.

טוביה וועבער האָט ווי אַ וויכער זיך געטראָגן איבער דער אויפגערודערטער שטאָט. ער האָט געזען, ווי די זיילן פון דער וועלט ברעכן זיך, קנאַלן. פריער רוסלאַנד, איצטער דייטשלאַנד, עסטרייך. באַלד וועלן קומען די אַנדערע לענדער. די אַנטוישטע מאַסן, וואָס די קאַפּיטאַליסטן האָבן זיי געגעבן דאָס געווער אין די הענט, וועלן אומעטום אויסדרייען די באַיאָנעטן קעגן זייערע אייגענע שונאים. זי קראַכט, די אַלטע וועלט. אַלץ טרייסלט זיך פון די קלעפּ, וואָס זי קריגט. די געקרוינטע ווערן אַראָפּגעוואָרפן פון די טראָנען, די מעכטיקע — פון זייערע שטולן. דער גרויסער ליימענער גולם, וואָס די געשיכטע האָט שוין לאַנג פּאַראויסגעזען זיין סוף, צעפאַלט זיך, צעברעקלט זיך. איצט ווערט דייטשלאַנד, דאָס מעכטיקע קאַפּיטאַליסטישע לאַנד, רויט; אויך עסטרייך, אַנדערע לענדער. דער ערדקוגל האָט זיך אָנגעצונדן. ווי אַ פייער אין אַ הייסן זומער־טאָג וועלן די פלאַמען פון דער רעוואָלוציע אַרומנעמען אַלע זייטן פון דער וועלט. באַלד וועלן אויך אויפשטיין די אָפּגעשטאַנענע לענדער, אינדיע, כינע, אַלע קאָלאָניעס, וואָס ווערן רעגירט פון די רויבערישע קאַפּיטאַליסטן.

ביין, ער האָט זיך נישט גענאַרט, האָט טוביה געזען, כאָטש מען האָט פון אים געלאַכט און געשפּעט, חוזק געמאַכט, פאַר אַ משוגענעם געהאַלטן. ער אַליין פלעגט שוין אַפילו שוואַך ווערן. אין די ביטערע טעג פון דער מלחמה איז אים אַ צווייפל באַפאַלן נישט איינמאָל. ער האָט זיך געשטאַרקט, די פליגל נישט אַראָפּגעלאָזט. איצט, זעט ער, אַז דאָס, אין וואָס ער האָט געגלויבט, איז געקומען, מקוים געוואָרן. ער האָט געזאָגט אין דער אַרבעטער־קיך בסדר, אַז זייער סוף וועט קומען, אַז דער קאָמענדאַנט וועט מוזן אַוועק. און אַזוי איז עס. שוין האָט מען געפּאַקט אין פּאַלאַץ ביי אים, געגרייט זיך צו אַנטלויפן.

גאַנצע טעג איז ער איצט מיט זיינע מענטשן אין דער אַרבעטער־קיך געזעסן, באַראַטונגען אָפּגעהאַלטן, פּראָקלאַמאַציעס געשריבן. אויף אים אַליין איז געבליבן איצט די שטאָט. מען האָט גענאַרפט די מענטשן אויפקלערן, וועקן, רופן צוריק אין די אַרבעטער־רייען די, וואָס האָבן צוליב דער מלחמה געמוזט אַרויס פון זיי.

זי איז נישט אָפּגעטראָטן גלייך, די אַלטע וועלט, האָט טוביה געזען. ווי אַ פאַרוואונדעטע בייזע חיה האָט זי פּרובירט נאָך שטשירען די ציין, בייסן. די זיגערישע לענדער האָבן ווידער פּרובירט מיט טראָמייטן און פּאַראַדן, מיט פּוסטע פּאַטריאָטישע דרשות פאַרבלענדן די מאַסן, איינרעדן זיי נאַרישע נצחונות, כדי אָפּצוציען פון זיך דעם צאָרן פון די אָפּגענאַרטע, פאַרוואונדעטע און פאַרקריפּלטע. דער פּאַטריאָטישער טשאַד וויל ווידער·

אין זיין גסיסה, פאַרבלענדן די אַרבעטער־מאַסן. אין די ניי־אַנטשטייענדיקע לענדער שאַלט דער פּאַטריאָטישער שופר אויף אַלע זייטן. אויך דאָ אין לאַנד הויבט זיך אויף אַ טשאַד. די רעאַקציאָנערן און אונטערדריקער קריכן פון די לעכער אַרויס, די קירכן קלינגען, די שולן מאַכן „מי־שברכס" די נייע הערשער, פּונקט ווי זיי האָבן נעכטן געמאַכט די פריערדיקע הערשער.

טוביה האָט געקעמפט קעגן דעם. פון זיין אַרבעטער־קיך אַרויס, מאַסן־מיטינגען אָפּגעהאַלטן, קלאָרקייט אין טשאַד אַריינגעטראָגן. אויך די ציוניסטן, די שונאים זיינע, ווילן דעם יידישן אַרבעטנדיקן מענטש פאַרטומלען. פריער, ווי לאַנג די דייטשן האָבן געהערשט, האָט מען נישט געקענט דער־ציילן וועגן דער דעקלאַראַציע, וואָס דער ענגלישער לאָרד באַלפור האָט געגעבן די יידן, צוגעזאָגט זיי אַן אייגענע פּאַלעסטינע. דער באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו האָט פאַרבאָטן אַ וואָרט צו שרייבן וועגן די טובות, וואָס די גאָט־פאַרדאַמטע ענגלענדער, די שונאים פון דייטשלאַנד, טוען. איצט, ווי נאָר די דייטשן האָבן אָנגעוואוירן די ממשלה, האָבן די ציוניסטן גע־נומען שרייבן אין אַלע בלעטער וועגן דעם יידישן לאַנד, וואָס ענגלאַנד האָט די יידן געגעבן. אין די שולן האָבן די גבאים „מי־שברכס" געמאַכט דעם לאָרד פון ענגלאַנד. אויף אַלע ווענט, מויערן און הייזער האָבן זיי וועגן דעם מעלדונגען אויסגעהאַנגען. מען האָט אַפילו געגרייט אַ מאַני־פעסטאַציע, מיט ספר־תורהס און פענער אַרויס אויף די גאַסן, מיט מוזיק און טענץ. טוביה האָט געוואוסט, וואָסער כוח די פּראָפּאַגאַנדע האָט, ווי לייכט די מאַסן לאָזן זיך פאַרטשאַדען פון נאַציאָנאַליסטישן רויך. ער האָט דעריבער מיט פייער געשאָטן קעגן די פאַרפירער, וואָס ווילן מיט פּוסטע חלומות אָפּציען די מאַסן פון זייער קלאַסן־קאַמף, וואָס ווילן מיט זיסע הבטחות אָפּווענדן זיי פון קאַמף פאַר אינטערנאַציאָנאַליזם און אַלגעמיינער פרייהייט. מיט שפּאָט האָט ער אויסגעלאַכט אין די פּראָקלאַמאַציעס די כלי־קודש און נגידים, וואָס פאַרדרייען אַ קאָפּ די מאַסן מיט פּוסטע הבטחות פון אימפּע־ריאַליסטישע לאָרדן.

ער איז מער גאָרנישט אַהיימגעגאַנגען צו זיך אין שטוב, איבערגענעכ־טיקט אויף אַ באַנק אין אַרבעטער־קיך, די נשמה דערהאַלטן מיט אַ שטיקל ברויט. ער האָט קיין צייט נישט געהאַט. ער האָט געדאַרפט רעדן, פּראָ־קלאַמאַציעס פאַרפאַסן, אַן אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע אָרגאַניזירן, וואָס זאָל זיין אַ קעגנגעוויכט קעגן די ציוניסטן.

און צו אַלע אַרבעטן האָט מען נאָך אויך געדאַרפט ביי די דייטשע סאָלדאַטן לאָזן הערן אַ וואָרט. איבער די לאָדזשער מויערן האָבן זיך צווישן אַלע פּאַפּירן און אויפרופן אויך די דייטשע אויפרופן געלאָזט ווייזן, אויפרופן צו די סאָלדאַטן וועגן סאָלדאַטן־ראַטן, וואָס האָבן זיך געשאַפן און וואָס זיי דאַרפן פירן מיט אַלעם, נישט לאָזן זיך פירן פון די אָפיצירן און קאָמענדאַנטן. אויף זעלנערישע ברוסטן, לעבן די מעדאַלן און קרייצן, האָבן זיך רויטע שלייפעלעך באַוויזן. אויפן פּאַלאַץ ביים קאָ־

מענדאַנט האָט פלוצלונג אַ רויטע פאַן גענומען ווייען, אַנשטאָט דער קייסערלעכער. אַ סך סאָלדאַטן האָבן פון זיך די עפּאָליעטן אַראָפּגעריסן. רעדנער אין סאָלדאַטן קליידער האָבן רעדעס געהאַלטן פאַר די פאַרזאַמלטע, וועגן דעם אויפשטאַנד אין בערלין דערציילט.

באַראָן פאָן היידעללאָו האָט די ראָלעטן איבער די פענצטער ביז אַראָפּ אַרונטערגעלאָזן, כדי נישט צו זען די חרפּה.

אין איינעם אַ טאָג האָט זיך טוביה אויף אַ מיטינג פון סאָלדאַטן־ראַט געוויזן און פאַר די דייטשן אַ רעדע געהאַלטן.

אין אַ גרייזיקן לאָדזשער דייטש, וואָס ער האָט געכאַפּט פון די דייטשרעדנדיקע סוחרים, פון די דייטשע וועבער אין שטאָט, האָט ער גערעדט פאַר די הונדערטער סאָלדאַטן. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען יעדער וואָרט זיינס, אָבער פאַרשטאַנען האָבן זיי דאָס פייער, וואָס האָט געשפּראָצט פון מויל פון דעם אויסגעדאַרטן שלעכט־געקליידעטן, פאַרחושכטן פּראָלעטאַריער. ער האָט געוואָרפן מיט די הענט, וואָס קריכן אַרויס פון זיינע לויזע אַרבל, ער האָט געדראָט מיט אַ שפּיציקן פינגער קעגן די הערשער און אונטערדריקער, וואָס פאַרקנעכטן דאָס אַרבעטנדיקע פאָלק. זיינע אַלטע אויגן האָבן געברענט מיט יוגנטלעכן האַס און צאָרן קעגן אַלע, וואָס ווילן נישט לאָזן איינפירן גלייכהייט, איינהייט און ברידערלעכקייט אויף דער וועלט.

— בראַוואָ! — האָבן גערופן די שווערע לאַנדשטורמער, די פויערים און אַרבעטער, די פאַרמאַטערטע פון קריג, די בענקענדיקע נאָך זייערע היימען, פון וועלכע מען האָט זיי אָפּגעריסן. — שטימט, קאַמעראַדן!

באַראָן פאָן היידעללאָו האָט געמוזט עפענען דעם ראָלעט פון זיין פענצטער, צו זען, פאַרוואָס די סאָלדאַטן ברומען אַזוי שטאַרק. ער האָט טיף אַריינגערוקט דעם מאָנאָקל אין זיין אויג און שטרענג באַטראַכט דאָס קאָמישע אויסגעדאַרטע מענטשל, וואָס שרייט אַזוי פאַר זיינע סאָלדאַטן. ער האָט אים פריער קיינמאָל נישט געזען, דעם ייד, דעם קעניג פון די סאָציאַליסטן, מיט וועלכע ער האָט נישט איינמאָל געהאַט צו טאָן. איצט האָט ער אים געזען. אָט דאָס איז ער, האָט ער זיך אַליין נישט געגלויבט. צו־אָרעם, פאַרשוואַרצט און איינגעשרומפּן איז זיין קעגנער געווען. ער האָט זיך אַזש פאַרשעמט פאַר זיך אַליין, וואָס דער קעגנער זיינער איז אַזוי נעבעכדיק. די האַנט האָט אים געביסן. ווי וואָלט ער מיט פאַרגעניגן אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער פון טאַש און אָט די פּלוי דערשאָסן, אָט די ציווילע לויז, וואָס האָט זיך דאָ ביי אים לעבן פּאַלאַץ אַוועקגעשטעלט רעדן פאַר סאָלדאַטן, פאַר דייטשע סאָלדאַטן.

אָבער די סאָלדאַטן האָבן אָט דאָס איינגעשרומפּענע מענטשל אויסגעהערט, אַפּלאָדירט אים שטאַרק, אַז די שויבן אין די פּאַלאַץ־פענצטער האָבן אַזש געציטערט.

און באַראָן פאָן היידעללאָו האָט מיש כעס אַראָפּגערוקט דעם

ראַלעט און דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, פאַרזונקען אין ביטערע מחשבות. ער האָט געטראַכט וועגן קייסער, דער אַרמיי, וועגן דייטשלאַנד, וועגן זיין גוט אין פרייסן. אָט פון אַזעלכע ציווילע פליי וועט איצטער דייטשלאַנד געפירט ווערן. זיי זענען די הערשער. אַרבעטער, פעבל וועלן אין די אַמטן זיצן, אין די מיניסטעריומס, אומעטום. שוין איז דער רעגענט פון דייטשלאַנד אַן אַרבעטער, אַ זאָטלער אַ פאַרדאַמטער. איין גאָט ווייס, וואָס אין זיין גוט וועט איצט זיין? די קנעכט וועלן אַלע מיאוסע זאַכן אָפּטאָן. מעגלעך גאָר אַז די לויזיקע פּאָליאַקן וועלן די הערשער פון זיין גוט זיין. זיי וועלן שטיקער פון אָסט־פּרייסן אָפּרייסן.

ער האָט דערפילט אַ פייכטקייט אין די אויגן, אין דער נאָז און ביי די קנייטשן פון די אַלטע ליפּן. אַלץ אין אים האָט געוויינט.

אין דרויסן איז געשטאַנען טוביה און מיט אַזאַ ברען גערעדט פון דעם לאַסט־אויטאָמאָביל אַראָפּ, אַז עס האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט פליען אין דער לופטן.

נאָך קיינמאָל האָבן די טעכטער זיינע, און אַפילו קיילע זיין ווייב אַליין, נישט געקוקט אויף אים מיט אַזעלכע אויפגעריסענע אויגן פון חידוש.

— זעטס נאַר, ווי מ׳הערט אים! — האָט קיילע געריסן די טעכטער ביי די אַרבל. — ווען איך זע עס נישט מיט מיינע אויגן, וואָלט איך עס נישט געגלויבט... די וועלט איז משוגע געוואָרן...

## קאַפּיטל זיבעצן

פעליקס פעלדבלום, דער אָפיציר, וואָס איז אַ פרייוויליקער אויף דעם שלאַכט־פעלד געגאַנגען, כדי צו דעראָבערן אַ פריי פּוילן, ווייל נאָר אין פרייען אומאָפּהענגיקן פּוילן וועט מען קאָנען פרייהייט און ברידערלעכקייט איינפירן, גלייכהייט פאַר אַלע פּוילישע איינוואוינער — האָט זיינס דער־גרייכט. פּוילן איז געוווען פריי. די דערנער־קרוין, וואָס דער גורל האָט אַרויפגעלייגט אויפן קאָפּ פון פּאָלק פון די פעלקער, צו טראָגן די פּוילישע מיסיע פאַר די נאַציעס פון דער וועלט, איז אַראָפּגענומען געוואָרן. דער וואַוועל, דער קעניגלעכער שלאָס אין קראָקע אויפן באַרג, וואו עס ליגן די פּוילישע מלכים און דיכטער, איז נישט מער קיין קאַזאַרמע פאַר עסטרייכישע קאַוואַלעריסטן און זייערע פערד, ווי פריער. די פּוילישע פאָן האָט געפלאַ־טערט אין ווינט איבער קראָקע און איבער דעם גאַנצן לאַנד.

די קראָקאָווער לעגיאָנערן, די יונגע פּוילישע זין, וואָס האָבן זיך „קראַ־קוסן" אַ נאָמען געגעבן, זענען מיט שווערד און ביקס, מיט פּוילישע פאָנען און געזאַנג געגאַנגען צו מזרח, צו לעמבערג, דער שטאָט אין גאַליציע, וואָס די דאָרטיקע אוקראַינער האָבן געהאַלטן, כדי זי צו דעראָבערן און פאַרשפּרייטן אויף איר דעם פּוילישן אָדלער. צוזאַמען מיט אַנדערע רעגי־

מענטן איז געגאַנגען דער רעגימענט, אין וועלכן עס האָט געדינט פעליקס פעלדבלום, וואָס איז פון אַ פּראָסטן סאָלדאַט ביז אַן אָפיציר דערגאַנגען. מיט אַ שווערד ביי דער זייט, מיט די אָפיצירישע עפּאָליעטן אויף די אַי־בערגעבויגענע אַקסלען, איז ער מיט גרויסע שפּרייזן געגאַנגען פאָראויס זיינע לעגיאָנערן און געפירט זיי צו מזרח. די לעגיאָנערן זיינע האָבן געזונגען דאָס „קראַקוסן"ליד:

פון פאָרנט אויף אַ פערד,
גענעראַל ראָיאַ מיט דער שווערד,
נאָך אים זיינע „קראַקוסן"
צו פאַרטרייבן די קליין־רוסן.
הוליען וועט מען אַ גאַנצן טאָג,
אוי, צו יידן וועט זיין אַ קלאָג!

יאָ, איז עס געווען אַ קלאָג צו די יידן, ווי די „קראַקוסן" האָבן געזונגען.

דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן פון פאַרשידענע פעלקער און נאַציעס האָבן זיך אַרומגעשלענדערט איבערן לאַנד. פון אוקראַינע, פון קרים, פון וואָלין און ווייס־רוסלאַנד, פון פּאָדאָל, פון אַלע עקן זענען זיי געלאָפן, די צעלאָזענע דייטשע אַרמייען, אַהיים צום פאָטערלאַנד. די באַנען זענען נישט געווען גענוג אויף אַרויסצופירן די איילנדיקע מחנות. זיי האָבן זיך אָנגעהאַנגען אויף די טרעפּלעך פון די וואַגאָנען, אויסגעלייגט זיך אויף די דעכער, אָגעטשעפּעט זיך אין די בופערן, אַבי אַהיימצוקומען וואָס פריער. אָבער די באַנען האָבן נישט געקאָנט אַריינגעמען אַזויפיל. אין די צענדליקער טויזנטער האָבן זיי זיך אַרומגעשלעפּט פרייע, צעקנעפּלטע, אויפגעהייטערטע און אומרואיקע פון דעם, וואָס איז געקומען, און מער נאָך דערפון, וואָס דאַרף קומען. די רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך אָנגעהאַנגען רויטע שלייפעלעך אויף די ברוסטן. די עלזאַסער האָבן אָנשטאָט די אַראָפּגעריסענע דייטשע צייכנס צוגעטשעפּעט פראַנצויזיש־נאַציאָנאַלע צייכנס. זיי האָבן האָפערדיק מאַרשירט איבער די גאַסן, גענומען רעדן פראַנצויזיש מיט די מיידלעך און שרייען:

„וויוו לאַ פראַנס!"

די פּאָליאַקן פון פויזנער געגנט האָבן פוילישע אַדלערס צו די דייטשע היטלען צוגעשפּיליעט און אין אַ גרייזיקן פאַרדייטשטן פויליש פּאַטריאָטישע אויסרופן געמאַכט. זיי זענען גרויסע חשובים געוואָרן ביי די פוילישע מיידלעך. זיי האָבן אָנגעפילט די קאַטוילישע קירכן, אַלע ערטער און פּלעצער.

אַ צעמישעניש, אַ דור־הפלגה איז געווען צווישן די עסטרייכישע סאָלדאַטן. ווי אַן אַלט, צעריסן, צונויפגעלאַטעט מלבוש האָט זיך דאָס באַזיגטע לאַנד געריסן. שטיקער זענען דערפון געפאַלן. די סאָלדאַטן הפקרדיקע,

צעלאָזענע, האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך יעדער דיסציפּלין. זיי האָבן גע־כאַפּט, צענומען די אינטענדאַנטסטוועס, פאַרקויפט דאָס געווער פאַר גראָשנס, צעראַבירט די רעגימענט־קאַסעס. יעדער האָט אָנגעהויבן רעדן זיין שפּראַך, צוטשעפּען זיך די אייגענע נאַציאָנאַלע צייכנס. אין די בלוילעכע עסטריי־כישע מונדירן, אָן די רימענס, אָן נומער און צייכן, צעיאַכמערטע, צע־פּאָרענע, האָבן זיי אָנגעהאַנגען אויף זיך אַלערליי נאַציאָנאַלע בלעכלעך. די פּאָליאַקן זענען אַריין אין פּוילישן מיליטער, געזונגען פּוילישע לידער אויף די גאַסן. די טשעכן האָבן מיט די מעסערס אָפּגעשניטן די פּיל עסטרייכישע קריגס־צייכנס און בלעכלעך, וואָס זיי האָבן געהאַט אויף די היטעלעך מיט די פּאָרטרעטן פון זיין קעניגלעכער און קייסערלעכער מאַיעסטעט, און אָנגעהאַנגען זיך טשעכישע פענדלעך און בלעכלעך, וואָס יינגלעך האָבן פאַרקויפט אויף אַלע גאַסן. די אונגאַרן האָבן זיך אין זייערע אייגענע פאַרבן געצירט. די באָסניער, רומענער, סלאָווענער, רוטענער, סערבן, קראָאַטן, אַלע האָבן זיי זייערע נאַציאָנאַלע לידער געזונגען, געפּאַכעט מיט די הענט, גערעדט, אַרומגעריסן זיך. יעדער האָט געאײַלט אַהיים. די יידן זענען געבליבן אויף זייערע ערטער, אין דער היים, וואו עס זענען געשטאַנען זייערע הייזער און שולן, מערק און אַלטע בית־עולמס. אָבער אויף די ווענט פון זייערע הייזער האָבן די גאַסן־יונגען שימף־ווערטער און דראָאונגען אָנגעשריבן, קללות און זלזולים. שול־יינגלעך האָבן מיט קרייד אַלע ווענט און צוימען באַשריבן, אַז די יידן זאָלן זיך קיין פּאַלעסטינע אָפּטראָגן, אַנישט וועט מען זיי אויסמאָרדן. צוזאַמען מיט דער מוזיק פון די זיי־געריש טראָמייטן, האָבן געקלונגען די אויסגעבראָכענע שויבן פון די יידישע הייזער, וואָס די גויים האָבן אין זיי שטיינער געוואָרפן.

אומגליקלעכער פון אַלע זענען געווען די יידן אין מזרח־גאַליציע. די הייזלעך זייערע אין די שטעטלעך זענען געווען חרוב פון די קאָזאַקן, וואָס זענען אין די ערשטע מלחמה־חדשים דורכגעגאַנגען ווי אַ היישעריק. אַ סך זענען געווען פאַרשיקט, געוואַלגערט זיך אין סיביר, אין אַלע ווייטע רוסישע שטעט. דער הונגער איז געווען גרויס. מגפות האָבן געשניטן זייער שניט. גאָרנישט קיין גוטס האָט געוואַרט אויף די יידישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן אין די צענדליקער טויזנטער געאײַלט צו זייערע היימען.

אַ טייל יונגע סאָלדאַטן האָבן אויף פּרובירט אָנצוהענגען מגן־דודלעך אויף זייערע זעלנערישע עסטרייכישע היטלען. אָבער די גויאישע סאָלדאַטן האָבן געשפּאָט פון זיי.

— פאַרוואָס פאָרט איר נישט אין דעם לאַנד אייערן? — האָבן זיי געפרעגט מיט חוזק. — מיר ווילן אייך ביי אונדז נישט האָבן!

די עלטערע יידן האָבן נישט אָנגעהאַנגען אויף זיך קיין צייכנס. זיי האָבן וואָס גיכער פון די זעלנערישע קליידער געוואָלט אַרויס. שוין, נאָך אין די עסטרייכישע מונדירן, האָבן זיי די בערד און פּאות געלאָזט וואַקסן, ווי פריער. זיי האָבן די רוקנס אַראָפּגעבויגן, יידישע גלותדיקע טריט גע־

שטעלט און אין די שולן און בתי־מדרשים געדאַוונט און געלערנט. דער גאַנצער אַלטער, יידישער עול פוןביידע וועלטן איז אַרויף אויף זייערע גלותדיקע פיגורן אין די זעלנערישע קליידער. מען האָט אַלץ געדאַרפט אָנהויבן אויפסניי: אויסבויען נעסטן, אויסזוכן די אַלטע באַלמעלאָכעשע כלים, וואָס וואַלגערן זיך אויף די בוידעמס, כדי צו נעמען זיך צו אַן אַרבעט, אויסקראַצן די לעצטע קראָנען, אָנצוהויבן אַ שטיקל פּרנסה, לערנען קינדער, חתונה־מאַכן טעכטער און טראָגן דעם יאָך פון לעבן. אין די בתי־מדרשים און שולן, אין חסידים־שטיבלעך און אין באַלמעלאָכעשע אָרעמע מנינים האָבן זיי געזוכט טרייסט, אמונה און בטחון ביי גאָט, געדאַוונט צו אים, געבעטן צו אים, געריסן די טרויעריקע אויגן צו זיינע הימלען, אין וועלכע ער זיצט און רעגירט אַלע רעגירער.

אָבער מלחמה, האַס, צאָרן האָבן גאָרנישט געוואָלט זיך איינשטילן. די אַלטע מלחמות צווישן די ביידע פעלקער, צווישן די פּאַנעס און די פּויערים, האָבן געפּלאַקערט. יעדער האָט געוואָלט רעגירן. יעדער האָט געוואָלט פאַרכאַפּן, ווייל ווער עס כאַפּט נישט, דער האָט נישט, און די קוילן זענען געפלויגן איבער די יידישע גאַסן, איבער זייערע חרובע הייזער און צע־שטערטע היימען. יעדער האָט די יידן גערופן אויף זיין צד, קעגן דעם צווייטן.

די גרעסטע מלחמה איז אָנגעגאַנגען אין לעמבערג, אין מיטן שטאָט. יעדע אַרמיי איז זיך אין איר זייט געזעסן און אַריבערגעשאָסן צו דער קעגנערישער זייט. דאָס יידישע פערטל איז געלעגן צווישן ביידע שלאַכט־פעלדער, אויסגעשטעלט צו אַלע פייערן.

די יידישע יונגע זעלנער און אָפיצירן פון דער עסטרייכישער אַרמיי האָבן זיך באַוואָפנט, אַן אייגענע מיליץ געמאַכט, כדי אָפּצושלאָגן די יידישע גאַסן פון באַנדיטן און רויבער, וואָס האָבן גערויבט אין שיין פון טאָג. זיי זענען געבליבן נייטראַל, די יידן, אין קאַמף צווישן די צוויי פעלקער. דערמיט האָבן זיי געוואָלט אויסמיידן דעם צאָרן פון זיגער און באַזיגטע. אָבער די פּאָליאַקן האָבן די יידישע נייטראַליטעט נישט געקאָנט פאַרטראָגן. אַליין אונטערשרייבנדיק זייערע אָפּמאַכן מיט די יידן און זייערע זעלבסט־שוצן, האָבן זיי געהעצט קעגן זיי, בלבולים אויסגעטראַכט, צו נקמה גע־רופן קעגן די יידן, די פאַררעטער.

— וואַרט, וואַרט, — האָבן זיי געוואָרנט. — זאָלן נאָר די ערשטע פּוילישע אַרמייען אַריין, פאַרטרייבן די אוקראַאינער, וועלן מיר אייך שוין ווייזן ווי אַזוי צו זיין נייטראַל!

זייערע וואָרענישן זענען מקוים געוואָרן. פון קראָקע זענען די „קראַ־קוסן" געגאַנגען. עטלעכע טעג צייט זענען אָנגעגאַנגען די שיסערייען איבער די יידישע גאַסן פון איין צד צום צווייטן. ווען די אוקראַאינער האָבן אָפּ־געטראָטן, האָבן די זיגער דאָס יידיש פערטל אָפּגעגעבן צו די זעלנער אַ מתנה, צו רציחה און רויב.

זעלנער און אָפיצירן, איבער־לייטענאַנטן און גימנאַזיע־לערער, באַאַמטע און קראַנקן־שוועסטער, גנבים און פּראָסטיטוטקעס, באַפרייטע אַרעסטאַנטן און קירכע־באַאַמטע, מאַנאַכן און ווייבער, אַלע האָבן זיי זיך געלאָזט אויף דעם יידישן פּערטל.

— הוראַ, אויף די יידן! אויסראָטן זיי! — האָט דאָס באַפרייטע פאָלק געשריגן און געפּאָכעט מיט די הענט. — ביי די פּאות זיי אויפהענגען! ווי די מייז זיי אויסברענען!

פאָראויס זענען געגאַנגען די אָפיצירן מיט זייערע סאָלדאַטן. יעדער צענדליק סאָלדאַטן מיט זיין אָפיציר. זיי האָבן אַרומגערינגלט די יידישע מיליציאָנערן, אַנטוואָפנט זיי, די פירער דערשאָסן און די איבעריקע אַרעס־טירט, געבונדן אין שטריק, אונטער דעם ווילדן געלעכטער פון המון.

— פאַרשטיינען זיי! — האָבן ווייבער געמאַכט קולות און געשפּיגן אויף זיי. — פאַרברענען!

דערנאָך האָט מען אַרומגערינגלט דאָס יידישע פּערטל.

מיט זעלנערישער פּינקטלעכקייט, געניי זיבן אינדערפרי, האָבן די לעגיאָנערן אַוועקגעשטעלט מאַשין־געווער, פאַנצער־אויטאָמאָבילן אַרום קראָ־קעווער פּלאַץ, ביי דער ציבעלע־גאַס, שול־גאַס, זשולקעווער גאַס און אַלע אַנדערע גאַסן, כדי קיינעם נישט אַרויסצולאָזן פון דעם יידן־פּערטל.

— פייער! — האָבן די אָפיצירן געגעבן אַ קאָמאַנדע.

די מאַשין־געווערן האָבן גענומען גראַגערן. די פוס־גייער האָבן גע־צילט אין די פענצטער פון די הייזער, אַנדערע האָבן געשליידערט האַנט־גראַנאַטן. פון די הייזער האָבן יאָמערלעכע קולות געשפּאָלטן די פרימאָרגנ־דיקע, קאַלטע נאָוועמבער־לופט. די סאָלדאַטן האָבן געלאַכט.

— אַיי, ווי, גוט, — האָבן זיי געשפּאָט און ווייטער געשליידערט זייערע האַנט־גראַנאַטן.

נאָך אַ היפּשער צייט האָבן די אָפיצירן באַפוילן אָפּשטעלן די שיסעריי און פונאַנדערגעשיקט פּאַטרולן איבער די הייזער. מיט אָפיצירן און אונ־טעראָפיצירן פאָראויס זענען די פּאַטרולן אויסגעשטעלט געוואָרן. יעדער האָט געקריגן זיין ראַיאָן צו באַאַרבעטן. די אויבער־קאָמאַנדע איז געזעסן אין שטאָטישן טעאַטער און געגעבן באַפעלן ווי אַזוי צו אַרבעטן. אַלעמאָל זענען אַנדערע שליחים פון דער קאָמאַנדע געקומען צום פּאַלאַץ, אויסגע־צויגן זיך פאַר די אָפיצירן, באַפעלן זיי געגעבן, ראַפּאָרט אָפּגענומען און צוריקגעטראָגן זיי צו די שטאַב־לייט אין טעאַטער.

מיט מיליטערישער אָרדענונג זענען די פּאַטרולן, צו צען, געפירט פון אָפיצירן, געגאַנגען פון הויז צו הויז. זיי האָבן מיט האַנט־גראַנאַטן אויפגעריסן די פאַרהאַקטע טירן און מיט אויסגעשטרעקטע רעוואָלווערן און באַיאָנעטן אַריין אין די שטובן, וואו די יידן מיט זייערע ווייבער און קינדער האָבן אין פּחד זיך געשאַרט צו די ווענט.

אין פאַרמעגלעכע שטובן האָבן די אָפיצירן געהייסן די מענטשן אויפ־

הויבן די הענט אין דער הויך און זיי באַזוכט. געלט, זייגערלעך, קידושין־פינגערלעך, אויערינגלעך, זיידענע קליידער, אַלץ נאָר, וואָס עס האָט אַ ווערט געהאַט, האָבן די לעגיאָנערן צוגענומען.

— ייד, די בערזע אַהער! — האָבן זיי געגוואַלדעוועט.

דאָס געלט האָבן זיי אַריינגעלייגט אין די טאַשן, די זאַכן האָבן די סאָלדאַטן איינגעפּאַקט אין זעק, אין קאָלדרעס, וואָס זיי האָבן אַראָפּגענומען פון די בעטן. די יונגע פרויען האָבן זיי פאַרגוואַלטיקט אין די אויגן פון זייערע קרובים. אַלטע האָט מען געשלאָגן מיט די קאָלבעס פון די ביקסן, ציין אויסגעהאַקט, אויגן אויסגעשטאָכן. קינדער אין די וויגן האָט מען מיט די מעסערס דערשטאָכן.

— עס זאָל אויף קיין זריעה נישט בלייבן! — האָבן די לעגיאָנערן גע־שריגן.

אין אָרעמע הייזער, וואו מען האָט קיין געלט און קיין צירונג נישט געפונען, האָט מען דאָס בעטגעוואַנט אָנגעצונדן, האַנט־גראַנאַטן אַריינגע־וואָרפן. ווען די מענטשן האָבן געעפנט די פענצטער און אַרויסגעשפּרונגען, כדי זיך צו ראַטעווען פון פייער, האָבן די לעגיאָנערן זיי מיט די ביקסן דערשאָסן.

אין טייל שטובן האָבן די מענער זייערע מיליטערישע מונדירן פון פּוי־לישן הויז־רעגימענט אָנגעטאָן, כדי זיך צו ראַטעווען. אָבער די לעגיאָנערן האָבן דערויף נישט געקוקט.

— אַלע יידן זענען גלייך! — האָבן זיי געזאָגט. — נישטאָ קיין אויסנאַם!

זיי האָבן ווייבער פון יידישע לעגיאָנערן ביי די האָר געפּליקט, די קליידער פון די קערפּערס אַראָפּגעריסן, מיט די שטיוול אין בייכער פון שוואַנגערע ווייבער געשטויסן. זיי האָבן מענער צוגעבונדן צו די בעטן, אויף וועלכע זיי האָבן זייערע ווייבער געפּייניקט. ביי די טויערן זענען געשטאַנען די מילטערישע אויטאָמאָבילן מיט די פּוילישע אָדלערס, אין וועלכע מען האָט איינגעפּאַקט די גערויבטע זאַכן און אַוועקגעשיקט זיי אין די זאַמלפּונקטן, וואו מען האָט זיי סאָרטירט און דעם המון פונאַנדערגע־טיילט. אַרבעטער־פרויען אין טיכלעך אויף די קעפּ, עלעגאַנטע דאַמען אין פּוטערס, גאַסן־מיידלעך, באַרמהערציקע שוועסטער, נאָנעס, לערערקעס, אַלע האָבן זיי זיך געריסן, געשטופּט זיך, געשטויסן, כדי צו כאַפּן וואָס אַ בעסער שטיקל סחורה, וואָס אַ שענער קלייד, וואָס אַ טייערן חפץ.

— מיר, מיר, הער קאַפּיטאַן, — האָבן זיי געשריגן, געהאַנדלט זיך צו די אָפיצירן, וואָס האָבן געוואָרפן דעם רויב, ווי ביינער צו אויסגע־הונגערטע הינט. פאַרמעגלעכע זענען אין פיאַקערס געקומען, כדי אַהיימ־צופירן דעם רויב.

אין די יידישע געשעפטן האָט מען די טירן אויפגעריסן, די סחורות אַרויסגענומען, שפּייז, קליידער, און אַוועקגעפירט אין די מיליטערישע

אויטאָמאַבילן. אַפילו וועגענער און פיאַקערס האָבן די אָפיצירן פאַרכאַפּט און געהייסן זיי אָפפירן דעם רויב צו די זאַמל־פּונקטן.

אויף דער צווייטער נאַכט האָט די קאָמאַנדע, וואָס האָט זיך באַזעצט אין טעאַטער, באַפוילן אונטערצוצינדן דאָס פאַרבליבענע פון יידישן פערטל.

די מיליטערישע אויטאָמאָבילן האָבן געבראַכט צו פירן פון די אויפגעריסענע יידישע קראָמען פעסער נאַפט און בענזין. פון די הייזער האָט מען שטרוי־זעק מיט די קישנס און פערענעס אַרויסגעוואָרפן. די אָפיצירן האָבן באַפוילן די סאָלדאַטן די ווענט מיט נאַפט צו באַגיסן, געלערנט ווי אַזוי די שטרוי־זעק אָוועקצולייגן, און מען האָט אונטערגעצונדן די הייזער פון אַלע זייטן. די גאַסן זענען געווען אָפּגעשלאָסן, קיינער זאָל זיך נישט קאָנען ראַטעווען פון דער שריפה. ווער עס איז אַרויסגעשפרונגען דורך די פענצטער, איז דערשאָסן געוואָרן פון די קוילן. די טויערן זענען דורך די סאָלדאַטן פאַרשפּאַרט געוואָרן.

די קולות פון די יידן זענען געגאַנגען צום הימל צוזאַמען מיט די פייער־צונגען און רויך־וואָלקנס. אָבער זייער געבעט איז נישט געהערט געוואָרן. די סאָלדאַטן און אָפיצירן האָבן געשפּילט, געלאַכט און געשפּאָט פון די יאָמערן.

— פרעגלט זיך אין אייגענעם שמאַלץ! — האָבן זיי געגרופן.

דערנאָך האָבן זיי זיך גענומען צו די שולן און בתי־מדרשים, צום יידישן גאָט.

פיר אָפיצירן, יעדער מיט אַ צענדליק לעגיאָנערן, זענען אַריין אין דער פאָרשטעטער־שול, זיי האָבן אַראָפּגענומען די פּרוכתן פון ארון־קודש, אַרויסגענומען אַלע זילבערנע קרוינען, הענטלעך, בלעכן, בעכערס, מנורהס, איינגעפּאַקט אין פּרוכת די אַלע קאָסטבאַרקייטן און פאַרפּאַקט. אויך די טישטעכער, מענטעלעך, די פּרוכתן פאַר יום־טובים, ימים־נוראים, האָט מען פון די ספר־תורהס אַראָפּגעצויגן און פונאַנדערגעטיילט זיי צו די ווייבער, וואָס האָבן זיי גיריק געכאַפּט און אַרומגעהילט זיך אין זיי. די נאַקעטע ספר־תורהס האָט מען אַרויסגעוואָרפן אויף דער ערד, געשטויסן מיט די באַיאָנעטן, געטאַנצט אויף זיי און פאַראומרייניקט, ווען מען איז דערמיט פאַרטיק געוואָרן, האָט מען געוואָרפן האַנט־גראַנאַטן אין ארון־קודש אַריין, ביז די אַלטע געשניצטע עטלעכע הונדערט־יעריקע שול האָט זיך צעפלאַקערט.

צוויי בר־מצוה־יינגלעך פון דער שול־גאַס, דוד רובינפעלד און ישראל פייגענבוים, האָבן זיך אַריינגעשלייכט אין דער ברענענדיקער שול, געכאַפּט יעדער אַ ספר־תורה אין האַנט און געלאָזט זיך לויפן. די לעגיאָנערן האָבן זיי ביידן דערשאָסן. זיי זענען געפאַלן צוזאַמען מיט די תורהס אין די הענט.

די חדושים־שול, אַלע אַנדערע בתי־מדרשים, חסידים־שטיבלעך אויף דער שול־גאַס, אויפן אַלטן מאַרק און אַנדערע גאַסן זענען דורך די סאָל־

דאַטן באַגאָסן געוואָרן מיט נאַפּט און אונטערגעצונדן. אין טעמפּל אויף דער זשולקעווער גאַס האָבן די אָפיצירן אויסגערויבט דאָס גאַנצע זיל־בער. טייל האָבן זיך אַרומגעבונדן די אַטלעסענע מענטעלעך אַרום די קעפּ, אין טורבאַנען פאַרדרייט, ווי די טערקן, און געטאַנצט, געשאָקלט זיך, ווי יידן ביים דאַווענען, צום געלעכטער פון די סאָלדאַטן און דעם המון. דער־נאָך האָבן די אָפיצירן באַפוילן אויפצורייסן דעם דיל, אַריינגיסן בענזין אין די לעכער און אָנצינדן.

אויף דער שול־גאַס האָבן עטלעכע יידן זיך איינגעהילט אין די טליתים און די קיטלען, זיי האָבן ווידוי געזאָגט צו גאָט, אין די הערצער מיט די פויסטן זיך געשלאָגן, ביז דאָס פייער איז צוגעקומען צו זיי און אָנ־געכאַפּט די טליתים. אַן אָפיציר האָט זיך דערשראָקן פאַר די מענטשן אין די ברענענדיקע טליתים און געעפנט זיי די טיר. אָבער אין יאָמער, תשובה, רויך און פייער האָבן זיי נישט געהערט די רופן פון דעם גוי. די פלאַמען האָבן זיי פאַרלענדט.

דריי טעג און דריי נעכט האָט געברענט דאָס יידישע פערטל. דריי טעג און דריי נעכט האָבן געהוליעט די רויבער אין מיליטערישע קליידער און אין ציווילע. אַפילו די פייערלעשער זענען נישט געקומען. מען האָט זיי פאַרבאָטן.

אויפן פערטן טאָג זענען די יידן, טרויעריקע, פאַרשעמטע פון זייער אייגענעם אומגליק, מיט געבויגענע קעפּ און מיט אויסגעלאָשענע אויגן, אַרויס צו די טליענדיקע חורבות. זיי האָבן האַלב־פאַרברענטע קערפּערס פון ציגל און אייזן אַרויסגעשאַרט. ביינער צונויפגענומען. די קערפּערס האָט מען מיט טליתים איבערגעדעקט. די ביינער האָט מען אין ערדענע טעפּ אַריינגעלייגט, כדי זיי צו ברענגען צו קבר־ישראל. ביי די טליענדיקע חורבות פון די שולן האָט מען שטיקער נישט־דערברענטע יריעות צו־נויפגעקליבן, עץ־החיימס, און זיי אין ערדענע טעפּ לעבן די טעפּ מיט די ביינער אַוועקגעשטעלט. צוויי־און־זיבעציק טויטע זענען אין אַ גרויסער שורה געלעגן, איבערגעדעקט מיט טליתים. יאָמערנדיקע מענטשן האָבן געזוכט צווישן זיי זייערע אייגענע.

אויף דער לויה פון די הרוגים און די ספר־תורהס זענען אַלע יידן פון שטאָט געגאַנגען. די שוואַרצע מחנות האָבן זיך געצויגן גאָר אָן אַ סוף. שוואַרצער פון זייערע קליידער איז געווען זייער יאָמער. קינדער האָבן געביסן זייערע הענטלעך פון צער און יאוש. צווישן די טויזנטער שוואַרץ־געקליידטע מענטשן האָט זיך מיטגעשאַרט איינער אין העל־בלויע פוי־לישע מיליטערישע קליידער. מיט איבערגעבויגענע פּלייצעס, מיט אַ צע־שויבערט בערדל, מיט טרויעריקע אויגן, האָט ער זיך מיטגעשאַרט מיט דער יאָמערנדיקער מאַסע. דאָס איז געווען פעלדבלום, דער אָפיציר פון די לעגיאָנערן פון די „קראַקוסן", וואָס זענען געקומען דעראָבערן די שטאָט.

ווי דאָס ערשטע מאָל אין לאָדזש ביים „ראַבונעק", איז ער אַרומגע־

לאָפן איבער דער שטאָט, אָפּגעהאַלטן די רויבנדיקע סאָלדאַטן, געלאָפן אין דער קאָמענדאַנטור, נאָר מען האָט אים נישט געהערט.

— אַזוי איז דער באַפעל, די יידן זענען אָפּגעגעבן געוואָרן דעם מי־ליטער אויף אַכט־און־פערציק שעה! — האָט מען אים געענטפערט.

איצט איז ער געגאַנגען מיט די פיר מאָל צען טויזנט יאָמערנדיקע מענטשן אין זייער גרויסן שווערן טרויער. די הויכע אַקסלען זיינע האָבן זיך אַרויסגעריסן פון דעם מיליטערישן מונדיר. די פיס זיינע זענען גע־ווען שלאַבעריק, געליימט.

אויף די גאַסן האָבן די צייטונגס־פאַרקויפער געריסן די העלדזער וועגן די סאַמע לעצטע נייעסן פון די פוילישע צייטונגען.

„יידן האָבן געשאָסן אויף אונדזערע העלדישע קעמפער, געגאָסן זיי הייס וואַסער אויף די קעפּ, לעצטע נייעס! אונדזערע קעמפער האָבן העל־דיש באַזיגט די באָלשעוויסטישע שונאים, לעצטע נאַכריכטן".

פּאָליציי און מיליטער־פּאַטרולן האָבן געזוכט די פּאָגראָמשטשיקעס צווישן די רוטענער און יידן, געכאַפּט זיי אויף די גאַסן און אָפּגעפירט אין די אַרעסטן אונטער געווער. די לעגיאָנערן האָבן מאַרשירט איבער דער קאַרל־לודוויג־גאַסע און געשפּילט זייערע מיליטערישע מאַרשן.

די פוילישע טעלעגראַפן־אַגענטור האָט פונאַנדערגעשיקט קאָמוניקאַטן, אַז די אַנפאַלן, וואָס די באָלשעוויסטישע אַגיטאַטאָרן האָבן געמאַכט אויף לעמבערג, זענען דורך די העלדישע פוילישע טרופּן איינגעשטילט געוואָרן.

פון די טליענדיקע חורבות איז דער רויך געגאַנגען פויל צום טריבן הימל. אַ צעשויבערטע פרוי אין צעריסענע קליידער האָט מיט פאַרשוואַרצטע הענט געשאַרט צווישן די ציגל און מיסט.

זי האָט געזוכט דיביינער פון איר אומגעקומען קינד.

אין אַלע שטעט און שטעטלעך האָט דאָס מיליטער אַנטוואָפנט די יידי־שע זעלבסטשוצן און איבערגעגעבן די יידן און זייער האָב און גוטס צו רציחה און רויב פון די קריסטן. די, וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט, האָט מען אַרעסטירט און איינגעזעצט אין די טורמעס פאַר באָלשעוויזם. אין די גאַליצישע שטעט האָבן די באַאַמטע אַרויסגעטריבן פון די אַמטן זייער־ע יידישע קאָלעגן, מיט וועלכע זיי האָבן יאָרן־לאַנג געאַרבעט צוזאַמען אין די עסטרייכישע צייטן. די באַן־באַאַמטע האָבן פאַרטריבן די יידישע קאָנ־דוקטאָרן, מאַשיניסטן, אַפילו די טויזנטער שוואַרץ־אַרבעטער, וואָס האָבן בעת דער דייטשער אָקופּאַציע געאַרבעט ביי די באַנען, האָט מען צעיאָגט. די פוילישע געפּעק־טרעגער האָבן נישט צוגעלאָזט די אָפּגעריסענע יידן מיט די שטריק אַרום די לענדן אַראָפּצוטראָגן אַ פּעקל פון באַן. אויף די גאַסן האָבן סאָלדאַטן געשלאָגן יידן, געריסן זיי די בערד צוזאַמען מיט דעם לייב. פון די רעסטאָראַנען, קאַפעען האָט מען די סוחרים אַרויס־געשלעפּט און געפירט זיי צו קערן די גאַסן, צו גראָבן גריבער. אויף

די באַנען האָט מען די יידישע פּאַסאַזשירן געשלאָגן, אַרויסגעוואָרפן פון די וואַגאָנען אינמיטן פאָרן.

און אין די קירכן האָבן די גלחים גערעדט וועגן גאָט און זיין זון יעזוס, דעם געבוירענעם פון הייליקן גייסט, וואָס האָבן אויסגעלייזט דאָס פאָלק פון פעלקער, דאָס פאָלק מיט דער וועלט־מיסיע, וואָס דאַרף דינען פאַר אַ משל מיט זיין רעליגיע, יושר און גוטע זיטן פאַר אַלע קריסטן פון גאָר דער וועלט.

## קאַפּיטל אַכצן

יאַקוב אַשכנזי האָט פאַרגעסן אַלע מחלוקות און רייסערייען מיט זיין צווילינג־ברודער און געלאָזט זיך איבער גרענעצן און פראָנטן קיין פּע־טערבורג, כדי אים אויסצוגעפינען און ראַטעווען.

פון אַלע זייטן רוסלאַנד זענען היימלאָזע צוריקגעקומען, מיט עשע־לאָנען, אַליין, דורך אַלערליי גרענעצן און לענדער, נאָר מאַקס אַשכנזי האָט זיך נישט געוויזן. אויך איז קיין בריוו פון אים נישט אָנגעקומען. די פרוי זיינע, די אַלטע און קראַנקע, איז יעדן טאָג אויפסניי געפאָרן צום וואָקזאַל, אַרומגעדרייט זיך מיט די שווערע, האַלב־געליימטע פיס אַרום די וואַגאָנען, אפשר וועט זי אָפּנעמען אַ גרוס פון אים פון אָנגעקומענע. אָבער קיין שפּור איז נישט געווען צו דערגיין. זי איז צוריקגעפאָרן מיט דער אייגענער פּוסטקייט, מיט וועלכער זי פלעגט אַרויספאָרן, כדי צומאָרגנס ווידער צו האָפן און זיך אַנטוישן.

און אין איר וואוינונג, וואו אַמאָל האָט דער דירעקטאָר אַלברעכט זיין צע־לאָזן לעבן געפירט און אין וועלכער זי האָט זיך אַריינגעצויגן נאָכדעם, ווי באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו האָט זיך אין איר פּאַלאַץ באַזעצט, איז זי געזעסן אַן עלנטע, איינע אַליין אין דער פרעמדער שטאָט און געוואַרט אויף איר מאַן, דעם איינציקן מענטש, וואָס זי האָט נאָך געהאַט אויף דער וועלט. זי האָט מיט קיינעם קיין באַקאַנטשאַפט נישט געמאַכט אין דער פרעמדער שטאָט, צו קיינעם נישט געקומען, קיינעם צו זיך נישט איינגעלאַדן, נאָר בלויז מיט איר דינסטמיידל געווען, בייטאָג אין פּוסטן פאַבריק־קאַביגעט, אין אָוונט אין שטוב. ווי אין די ערשטע טעג, ווען דער מאַן איז אַוועקגע־פאָרן, האָט זי געהיט דאָס פאַרמעגן זיינס, כדי עס אָפּצוגעבן אים אומ־גערירט, ווי נאָר ער וועט אַהיימקומען.

ווי פריער מיט די דייטשן, אַזוי האָט זי איצט מיט די פּאָליאַקן גע־מוזט פירן מלחמה פאַר דער פאַבריק, פאַרן פּאַלאַץ. די פּוילישע מיליטער־לייט, וואָס האָבן איבערגענומען דעם פּאַלאַץ ביים קאָמענדאַנט באַראָן פאָן היידעל היידעללאָו, האָבן זיך דאָרט באַזעצט און נישט געאיילט אַוועקצוגיין, כאָטש דער פּאַלאַץ איז געווען אַ פּריוואַטער. זיי האָבן דאָרט געבאַלעבאַ־

טעוועט, בעלער געמאַכט, פּונקט ווי פריער די דייטשן. די פרוי אַשכנזי האָט פון איר דירעקטאָרישער וואוינונג אַרומגעריסן זיך מיט די, וואָס ווילן איר מאַנס פאַרמעגן צונעמען. מיט שווערע האַלב־געליימטע פיס, וואָס קאָנען קוים אַ טריט שטעלן, איז זי מיטן שירם אין האַנט צו אַד־וואָקאַטן געפאָרן, אין אַלערליי אַמטן געקראָכן און אין אַ גרייזיקן פויליש, מיט אַ רוסישן אַקצענט, געפאָדערט גערעכטיקייט, מען זאָל איר איר פאַר־מעגן צוריקקערן. אויך האָט זי זיך איבער דעם גרויסן פאַבריק־הויף אַרומגעשלייכט, אומעטום אויג געהאַלטן און געהיט, די אַרבעטער זאָלן נישט צעטראָגן אַלץ, צעשלעפּן.

ניין, עס איז איר נישט אָנגעקומען לייכט, דער אַלטער, שווערער פרוי מיט איר רוסישלעכן פויליש און יידישן אויסזען, צו פּועלן עפּעס איז די נייע אַמטן. די אַמט־מיידלעך האָבן פון איר געלאַכט, נישט געענטפערט, די לאַקייען האָבן זי נישט אַריינגעלאָזט צו די הערן זייערע, געהייסן שפּעטער קומען. אויך די אַרבעטער האָבן איר פעפער געגעבן צו שמעקן. אויפ־געהעצט פון די אַנטיסעמיטישע צייטונגען און פלוגבלעטלעך, פון אַלערליי רעדנער, וואָס האָבן דורך יידן־האַס און בלבולים אויף די יידישע פאַב־ריקאַנטן, געזוכט אָפּצואווענדן דעם צאָרן פון די הונגעריקע און אַרבעטס־לאָזע, האָבן זיי געכאַפּט, וואָס עס איז זיי אין די הענט געקומען, געגנבעט, גערויבט. אָפטמאָל זענען זיי אויך צו די פאַבריקאַנטן געקומען, די שויבן אין זייערע הייזער אויסגעבראָכן, געזידלט, און אויך פאַרשפּאַרט זיי, גע־האַלטן זיי אַזוי לאַנג, ביז זיי האָבן געמוזט אונטערשרייבן זיך, אַז זיי וועלן לאָזן גיין די פאַבריק און צאָלן אַזויפיל, וויפל זיי, די אַרבעטער פאַרלאַנגען. די פּאָליציי האָט זיך נישט געמישט אין אַזעלכע זאַכן, גע־לאָזט די אַרבעטער פרייהייט אין זייערע עסקים מיט די יידישע פאַב־ריקאַנטן.

אויך צו דער פרוי אַשכנזי זענען די אַרבעטער געקומען, געשריגן, גע־פאָדערט זי זאָל זיי געבן געלט, זאָל לאָזן די פאַבריק אין גאַנג. זיי האָבן זי אַפילו פאַרשלאָסן ביי זיך אין דער דירעקטאָרישער וואוינונג און נישט צוגעלאָזט קיין עסן צו איר, זי איז פון איר פּלאַץ נישט אָפּגעטראָטן. מיט אַן אייזערנער עקשנות האָט זי זיך געהאַלטן, קעגנגעשטעלט זיך אַלע און אַלעמען און געהיט דעם מאַנס פאַרמעגן. זי האָט שוין פון לעבן קיין סך נישט דערוואַרט. זי איז געווען קראַנק און צעבראָכן. זי האָט געוואַרט אויפן טויט. אָבער איין זאַך, וואָס זי האָט נאָך געוואָלט דער־לעבן, אָן וואָס זי האָט זיך מיט נעגל געדראַפּעט, איז געווען — נאָך צו זען איר מאַן, איבערגעבן אים די שליסלען פון זיינע פאַרמעגנס, וואָס ער האָט איר איבערגעלאָזן, און דערנאָך שטאַרבן.

אָבער ער איז נישט געקומען, אַשכנזי, קיין צייכן פון זיך נישט געגעבן. פרוי אַשכנזי האָט געגעבן מעלדונגען אין די צייטונגען צו מענטשן, זיי זאָלן זיך אָפּרופן וועגן איר מאַן, זי האָט בריוו דורך דעם רויטן קרייץ

געשיקט, דעפּעשן. גאָרנישט איז דערפון אַרויסגעקומען. פרוי אַשכנזי האָט גענומען אַ דראָשקע, דעם שירם אין האַנט, און אַוועק צום שוואָגער אירן, יאַקוב אַשכנזי, וועמען זי האָט קיינמאָל נאָך פריער פאַר די אויגן נישט געזען און געוואוסט, אַז דער מאַן אירער מיט אים זענען זיך שונאים, אויף מעסער־שטעך. כאָטש זי איז אין ערגעץ נישט געגאַנגען, האָט זי געוואוסט, אַז ביי דעם שוואָגער אין הויז איז אויך דאָ די, וואָס דאַרף איר זיין אַ שונא, איר מאַנס ערשט ווייב. זי האָט גאָרנישט קיין סימפּאַטיע דער־וואַרט פון דער שטוב, סיי פון שוואָגער, סיי פון דער ערשטער פרוי דעם מאַנס, סיי פון דער שטיף־טאָכטער גערטרוד, וואָס זי האָט בלויז איר נאָמען געוואוסט, אָבער קיינמאָל אין די אויגן נישט אָנגעזען, אָבער זי האָט פאַרבויגן איר כבוד, גרייט געווען אויף אַלעם, אַבי צו זוכן הילף אין אויסגעפינען איר מאַן.

מיט אַ ציטערדיק האַרץ האָט זי אָנגעקלונגען אין שוואָגערס וואוי־נונג. פון אייגענער געפאַלנקייט האָט זי אַפילו גענומען זיך בייזערן אויף דעם דינסטמיידל, וואָס האָט איר די טיר געעפנט און אין קאָרידאָר גע־לאָזט וואַרטן.

— מעלד, אַז מאַדאַם מאַקסאַוואַ אַשכנזי וויל זען דעם הער, — האָט זי געזאָגט מיט אַן איבערגעטריבענער הויכער שטים, ווי שטענדיק, ווען זי פלעגט וועלן פאַרדעקן די אייגענע געדריקטקייט. — אַזוי זאָלסטו זאָגן, מיידל, הערסט!

פון די שטובן האָבן זיך דערטראָגן אַקאָרדן פון אַ פּיאַנאָ און אַ גע־לעכטער פון אַ קינד. די ביידע קלאַנגען האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט די געפאַלנקייט ביי דער אַלטער פרוי אין דעם ברייטן, טונקעלן קאָרידאָר, וואו זי האָט געוואַרט. מיט אומרואיקייט האָט זי געקוקט אויף דער טיר, וואָס וועט זיך עפענען. זי איז אַפילו נישט געווען גאַנץ זיכער, צי מען וועט זי אויפנעמען. צו־לאַנג האָט געדויערט איר וואַרטן אין קאָרי־דאָר, אָבער באַלד האָט זיך די טיר ברייט געעפנט און יאַקוב אַשכנזי האָט, אַ שמייכלענ־דיקער און גריסנדיקער, זיין אומבאַקאַנטע שוועגערין באַגעגנט.

— איך בין זייער צופרידן אייך צו זען אין מיין הויז, שוועגערין, — האָט ער געזאָגט און געדריקט איר האַנט אין זיין ברייטער, שטאַרקער מע־נערישער האַנט.

די פרוי אַשכנזי איז גערירט געוואָרן פון דער וואַרעמקייט און נישט געוואוסט, וואָס מיט זיך צו טאָן. איבערהויפּט האָט איר געשטערט דער שירם, וואָס איז איר פלוצלונג שטאַרק איבעריק געוואָרן. יאַקוב האָט ביי איר צוגענומען דעם שירם און איר געהאָלפן אַראָפּציען דעם מאַנטל. זי האָט קיין חשק נישט געהאַט אויסצוטאָן זיך.

— איך וויל נישט קיין סך צייט אייך צונעמען, הער אַשכנזי, — האָט זי געמורמלט. — כ'וויל בלויז זיך אַן עצה האַלטן...

— אָבער ווי פאַלט אייך איין, שוועגערין? — האָט יאַקוב איר איבער־

געריסן און אונטער דער האַנט זי אַריינגעפירט צו זיך, נישט אין קאַ־בינעט, נאָר אין עס־צימער. — איר וועט זיך אָפּרוען אַביסל, טיי מיט אונדז טרינקען.

פרוי אַשכנזי איז געבליבן פאַרשטיינערט אויף אירע שווערע פיס, ווען זי האָט דערזען דאָ צוויי פרויען, איינע אַן עלטערע און איינע אַ יונגע, וואָס כאָטש זי האָט זיי נישט געקענט, האָט זי זיך משער געווען, ווער זיי זענען, זי האָט קיין טריט נישט געקאָנט שטעלן. יאַקוב האָט זי מיט כוח צוגעפירט נעענטער.

— די שוועגערין אַשכנזי, — האָט ער געזאָגט מיט אַ הויכער שטים.

ביידע פרויען זענען פאַרלעגן אַנטקעגנגעגאַנגען דער שווערער פרוי און איר אויסגעשטרעקט הענט.

— זייער אָנגענעם, זיצט! — האָבן זיי זי באַגריסט און גלייך גע־נומען קלינגען צו דער דינסט, זי זאָל ברענגען טיי.

אין דעם איבערגעטריבענעם רופן נאָך טיי האָבן זיי געזוכט די איי־גענע רעטונג פון דער אומבאַקוועמער לאַגע. אַ ווײַלע האָבן זיך די פרויען אָנגעקוקט. פרוי אַשכנזי האָט געוואָלט זען סיי די גערטרוד, דעם מאַנס טאָכטער, וועגן וועלכער זי האָט אַזויפיל געהערט, סיי די ערשטע פרוי זיינע. כאָטש אַן אַלטע שוין, אַ קראַנקע און צעבראָכענע, האָט זי מיט אויפגעריסענע אויגן געקוקט אויף די צוויי ווייבער, אין וועמעס קעגנוואַרט זי האָט זיך אַליין דערפילט נאָך מיאוסער און האַרטער.

דינהלע און גערטרוד האָבן געקוקט מיט חידוש אויף דער, וואָס האָט זייער הויז פאַרנומען, דער אויסוואַל איז געווען אַ שלעכטער. גאָרנישט אָנציענדיקעס איז געווען אין דער אַלטערס פנים, פיגור. דינהלע האָט זיך פאַררויטלט ווי אַ קליין מיידעלע און צוגעטוליעט זיך צו גערטרודן, אין איר טיכל זיך איינגעהילט צוזאַמען, ווי זי וואָלט פּלוצלונג אַ קעלט דער־פילט. יאַקוב האָט פּרובירט ראַטעווען די פיינלעכע לאַגע און רעדן עפּעס, אָבער די ווערטער זענען געבליבן הענגען אין דער לופט, נישט אָנגענו־מען זיך. די שטילקייט איז געווען אַ שווערע. איבערגעריסן האָט זי דאָס קינד אין שטוב. פּלוצלונג איז די קליינע פּריווע, יאַקובס טעכטערל, וואָס האָט נאָך איר עלטער־באָבע געהייסן, אַריין פון איר קינדער־צימער און גלייך צו דער פרעמדער פרוי צוגעלאָפן. אַ בלאָנד־לאָקיקע, אַ דרייסטע און אַ פריילעכע, איז זי מיט שמחה צו דער אומבאַקאַנטער צו און זיך פאַר איר באַרימט מיט דער נייער ליאַלקע, וואָס מען האָט איר געקויפט.

— דאָס איז מימי, מיין קליינע מימי, — האָט זי געוויזן איר ליאַלקע אין אַ בלוי זיידן קלײדל און מיט אַ רויטער שלייף אין די האָר. — און אַ בער האָב איך אַ נייעם, אַ בייזן זייער... בומבו איז זיין נאָמען...

פרוי אַשכנזי האָט זיך מיט ביידע הענט אָנגעכאַפּט אין קינד.

— מלאך מיינער, — האָט זי גענומען קושן ביי דער קליינער די פּולכנע הענטעלעך. — גאָלד, אוצר, די שטוב פאַרלייכט עס דאָך!

אין איין רגע איז דאָס אײַז געבראָכן געוואָרן. אַלע דרײַ ווײַבער האָבן גלײַך געטוליעט די קליינע, געקושט זי, פּיסקעלעך צו איר געמאַכט, חכמות פון איר דערציילט. יאַקוב איז געשטאַנען אין אַ זייט און געקוואָלן פון גליק.

זי האָט זיך נישט געאײַלט מער צו אַנטלויפן, די פרוי אַשכּנזי. זייער ווארעם, גוט און נאָענט זענען די מענטשן צו איר געווען. זיי האָבן איר אונ־טערגעטראָגן כּיבוד, אויסגעפּרעגט וועגן איר לעבן, געבעטן עפּטער צו קומען. גערטרוד איז אַפילו אַזוי היימיש געוואָרן, אַז זי האָט איר אין דער מוטערס קעגנוואַרט מומע גערופן. אַליין נישט ווויסנדיק ווי אַזוי, איז מען אַריבער צו דעם, וועגן וועמען אַלע האָבן געטראַכט אין דער שטוב — צו מאַקס אַשכּנזי.

— איין גאָט ווייסט, וואָס מיט אים איז אַזוינס געשען, — האָט פרוי אַשכּנזי גערעדט און געווישט די אויגן, וואָס זענען איר פאַרלאָפן.

אויף איר קוקנדיק, האָבן אויך מאַמע און טאָכטער דערפילט טרערן אין די אויגן.

מיט געמיינזאַמע כּוחות האָבן ביידע הייזער גענומען זוכן דעם פאַר־שוואונדענעם מאַקס אַשכּנזי.

קודם־כּל האָט יאַקוב אַראָפּגעכאַפּט זיך קיין בערלין, אין דער איינ־ציקער שטאָט, וואו דאָס נייע רוסלאַנד האָט אַן אַמבאַסאַדע געהאַט, כּדי עפּעס צו דערגיין דאָרט וועגן זיין פאַרפאַלן־געוואָרענעם ברודער אין פּעטערבורג. נישט לייכט האָט מען געקאָנט פאָרן קיין בערלין. די באַנען זענען פול געווען מיט דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן. אויך איז מיט פּעסער און וויזעס געגאַנגען שווער. יאַקוב האָט אַלץ דורכגעבראָכן. ער האָט פון אַלע זייטן געקאָנט אומעטום אָנקומען, דורך אַלע פאַרמאַכטע טירן דורכ־גיין. אין זיין ברייטער אימפּאָזאַנטער פיגור, אין זיין פעסטן טריט איז געלעגן אַזויפיל זיכערקייט און ווירדע, אַז וואַכן פלעגן אים דורכלאָזן צו אַמטן, אַז לאָקייען האָבן אים אָפּגעטראָטן דעם פּלאַץ פאַר געשלאָסענע טירן פון זייערע האַרן. און אויך איצט איז ער מיט זיכערקייט אין זיין גאַנג און מיט ברייטקייט אין זיין געלט־צעטרענצלען אַלע פאַרמאַכטע טירן דורכגעגאַנגען. אַלע פאַרבאָטענע טויערן האָבן זיך פאַר אים געעפנט. איינס און צוויי האָט ער אַ וויזע געקריגן, דערנאָך אויך פאַר גוט געלט אַ פּלאַץ אין באַן זיך געשאַפן, און אַוועק קיין בערלין צו דער אַמבאַסאַדע, איבער וועלכער אַ רויטע פאָן האָט געפלאַטערט.

זייער העפלעך האָט מען אַשכּנזין אין דער אַמבאַסאַדע אויפגענומען, דעם נאָמען פון זיין ברודער פאַרצייכנט און אים צוגעזאָגט צו־וויסן צו געבן, ווי נאָר עס וועט אָנקומען אַן ענטפער. יאַקוב אַשכּנזי איז יעדן טאָג אויפסניי געפאָרן אין דער אַמבאַסאַדע, אויסגעפרעגט די באַאַמטע, אָבער קיין ענטפער איז נישט אָנגעקומען. נאָך עטלעכע וואָכן אומזיסטן וואַרטן, האָט ער אָפּגעלאָזן אַלע אָפיציעלע וועגן, פון וועלכע ער האָט געזען, אַז

עס וועט גאָרנישט אַרויסקומען, און ער האָט זיך געלאָזט אין וועג קיין רוס־לאַנד, כדי דאָרט אַליין צו דערגיין אַ טאָלק.

מענטשן האָבן אים נישט געלאָזט פאָרן, אָפּגערעדט פון לאָזן זיך אין אַזעלכע צייטן אין וועג, אין אַ לאַנד, וואָס איז פול מיט מלחמה און בירגער־קריג. יאַקוב אַשכנזי האָט נישט געהערט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עפּעס זייער שלעכטס האָט געמוזט געשען מיט דעם ברודער זיינעם, וואָס איז נאָך ביז איצט נישט צוריקגעקומען פון דעם לאַנד, וואָס האָט מער נישט קיין געשעפט און מסחרים. פון אַלע עקן רוסלאַנד זענען מענטשן אָנגעקומען קיין לאָדזש, וועד מיט די עשעלאָנען פאַר היימלאָזע, וועד דורך געגנבעטע גרענעצן, בלויז מאַקס איז נישט געקומען. יאַקוב האָט זיך משער געווען, אַז נישט קיין געשעפטן האַלטן דאָרט דעם ברודער זיינעם, אַז עפּעס זייער שלעכטס האָט מיט אים דאָרט געטראָפן. און ער האָט נישט געקאָנט איינרוען אין לאָדזש. ער האָט פאַרגעסן אַלע אַלטע מחלוקת, אַרומרייסענישן. ער האָט קיינמאָל לאַנג קיין שנאה אין האַרץ נישט געקאָנט טראָגן. איצט האָט ער מער גאָרנישט געדענקט אין אַמאָליקע מחלוקת און געפאָרן ראַטעווען זיין ברודער. ער האָט איינגעפּאַקט זיינע וואַליזן, איינגענייט געלט אין די קליידער, מיטגענומען בריוו, אַלערליי אָפיציעלע פּאַפּירן און מעטריקעס, וואָס באַווייזן, אַז שמחה מאיר איז אַ געבוירענער אין לאָדזש, און ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין, אין וויטן און אומבאַקאַנטן.

מיט די האַלב־געליימטע הענט האָט פּרוי אַשכנזי אַרומגענומען דעם שוואָגער אירן און געקושט אים אין די האָריקע הענט, דערפאַר וואָס ער פאָרט אויסגעפינען איר מאַן. דערנאָך האָט זי אויך אַראָפּגענומען פון זיך דאָס צירונג און עס אַריינגעשטופּט אין די קעשענעס פון שוואָגערס מאַנטל.

— נעמט עס, שוואָגער, עס וועט צונוץ קומען דאָרט, — האָט זי זיך געבעטן. — דאָס האָט אומעטום אַ ווערט.

יאַקוב האָט דאָס צירונג נישט געוואָלט נעמען, נאָר די פּרוי האָט אים מיט געוואָלט עס אַריינגעוואָרפן. דערנאָך האָט זי אויך אַראָפּגענומען פון האַרץ אַ קמיע און זי אָנגעהאַנגען אים אויפן האַלדז.

— דאָס איז נאָך פון קאַרלינער רבין, אַ ירושה, — האָט זי געזאָגט. — נעמט עס אין וועג, און זאָל עס אייך אָפּהיטן פון יעדער שלעכטס... טוט עס מיר צוליב.

יאַקוב האָט נישט געהאַט די דרייסטקייט אָפּצוזאָגן דער אַלטער קראַנקער פּרוי, וואָס האָט נאָך אַלץ געהאַט אַ שטאַרקייט אין אירע פאַרלאַנגען.

פּונקט אַזויפיל וואַרעמקייט און טרייסטאַפּט האָבן אַריינגעלייגט אין זייערע געזעגענישן דינהלע און גערטרוד, די מאַמע און טאָכטער. צו יאַקובן, וואָס האָט זיך אין אַזאַ סכנהדיקן וועג געלאָזט, כדי צו ראַטעווען דעם, מיט וועלכן ער איז שטענדיק אויף מעסערס געווען. נישט נאָר ביי גערטרוד, דעם ברודערס טאָכטער, נאָר אויך ביי דינהלען, האָט ער געפילט

אַ רחמנות, ליבשאַפט אַפילו, צו דעם, וואָס האָט געקריוודעט שטענדיק, נאָר איצט געפינט ער זיך אין סכנה און מען דאַרף אים ראַטעווען.

— יאַקוב, טייערער מיינער, ריטער, — האָט גערטרוד גערעדט מיט ליבשאַפט צום מאַן, ווי אין די ערשטע טעג פון זייער ליבע, און צום ווילפלטסטן מאָל אויסגעקושט אים דאָס פּנים, די ליפּן, די אויגן, אַפילו די באָרד.

דינהלע האָט אַ סך זאַכן צוגעגרייט יאַקובן אין וועג אַריין, אַלערליי שפּייז, וועש, פאַר זיך אַליין און פאַר אים, שמחה מאירן. זי האָט זיך גערויטלט דערביי ווי אַמאָל, ווען זי איז אַ כלה־מיידל געווען, געשעמט זיך קוקן יאַקובן אין די אויגן.

— פאַר געזונט און קום געזונט צוזאַמען מיט שמחה מאירן, — האָט זי געמורמלט און פאַרשעמט זיך פאַר זיך אַליין. — גריס אים פון מיר...

באַהאַנגען מיט רייזע־טאַשן, באַזאָרגט מיט שפּייז, באַוואָרנט מיט פּאַפּירן אַלערליי, פאַרזען מיט בריוו, אַדרעסן, געלט, צירונג און מיט דער קמיע פון קאַרלינער רבין אויפן האַלדז, איז ער אַוועק אין וועג, אין צעטומלטן און געפּערלעכן. אויף די באַנען איז געווען אַ יאַריד, אַ בהלה. סאָלדאַטן פון אַלערליי לענדער און פעלקער, עלטער און אויסזען, האָבן געשלעפּט זיך פון לאַנד צו לאַנד, פון מדינה צו מדינה. עשעלאָנען מיט היימלאָזע האָבן מיט זעק, פּעק, קינדער און געווייגען אָנגעפּילט אַלע וואָקזאַלן. פון דייטשלאַנד זענען צענדליקער טויזנטער געפאַנגענע רוסן נאָך אַלץ געלאָפן אַהיים.

בערדיקע, באַוואַקסענע, בלאַסע פון שטענדיקן הונגערן אין געפאַנגענשאַפט, אָפּגעריסענע, אין הילצערנע שיך אויף די פיס, אין שמאַטעס אַרומגעבונדן מיט שטריקלעך, מיט טעלעפאָן־דראָטן, מיט זעק אויף די אַקסלען, מיט טאָרבעס, זענען זיי געלאָפן צו זייערע היימען אין רוסלאַנד, קיין אוקראַינע און סיביר, קיין קאַווקאַז און קרים, צו אַלע עקן לאַנד און געגענטן. פאַרלאָזן פון זייערע גענעראַלן און אָפיצירן, וואָס האָבן זיי צו די שלאַכטן געפירט, אַליין געבליבענע אויף הפקר אין פרעמדע לענדער, אָרעם, הונגעריק, דערשלאָגן, קראַנק, נאַקעט און בלויז זענען זיי געלאָפן איבער גרענעצן און לענדער, אָנגעהאנגען זיך אויף באַנען, געשלעפּט זיך, געבעטלט אַ שטיקל ברויט. צעוואַקסענע, בלוי־אויגיקע, בלאָנדע גרויס־רוסן, שוואַרץ־אויגיקע, קרום־נעזיקע קאַווקאַזער, קרום־אויגיקע און געל־הויטיקע טשוואַשן, סאַרטן קאַלמיקן, טשעטשענצעס, ווייסרוסן, יידן, אוקראַינער, טאָטערן, טשערקעסן, קאָזאַקן, אַרמענער, פון אַלערליי עלטער און אויסזען, פון שטעט און דערפער, פון בערג און טאָלן, אַלע זענען זיי געלאָפן צו זייערע היימען. נישט מען האָט געפרעגט עמעצן אויף פּאַפּירן, פּעסער; פריי זענען זיי אַריבער לענדער, גרענעצן.

ווי די מענטשן פון דור־הפלגה, וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן, אַזוי זענען די מענטשן פון דער גרויסער רוסישער ערד געלאָפן פאַרלאָזענע, עלנטע, הפקר צו אַלעמען און צו אַלץ.

אַנטוישטע פון די זיגערישע רייד און איינרעדענישן, מיט וועלכע די גרויסע לייט, זייערע פירער, האָבן זיי אין נאָמען פון קייסער און גאָט צו זיגן געפירט; פאַרביטערטע פון דעם, וואָס מען האָט זיי צוגענומען פון זייערע היימען, ערד, ווייבער און קינדער און זיי צו רויב און רציחה איבערגעגעבן; פאַרטעמפּטע פון בלוט, פּיין, הונגער, באַליידיקונגען; אָפּגענאַרטע, פאַרלאָזענע פון די, וואָס האָבן זיי אין פרעמדע לענדער געפירט און זיי אויף אייגענעם באַראַט געלאָזט, זענען די מענטשן איבער די וועגן געלאָפן, ווי פּי אָן אַ פּאַסטעך. די פעלקער־וואַנדערונג איז געגאַנגען איבער אַלע וועגן, ליניעס און שליאַכן. מגיפות, העצער, באַטריגער, זענען, ווי־קראָען נאָך פגירות, מיטגעגאַנגען מיט זיי, געטויט, געשניטן, פאַרגיפטעט. מיט בייזע אויגן האָבן די מענטשן אין די שינעלן געקוקט אויף דעם ברייטן, גוט־געקליידעטן, זאַטן און אימפּאָזאַנטן מאַן, וואָס האָט זיך מיטגעשלעפּט מיט זייער אומגליק, געפּלאָנטערט זיך מיט זייער קנויל.

זיי האָבן זיך געריייניקט, די אויסגעהונגערטע און פאַראומרייניקטע מענטשן, די וואונדן אָפּגעדעקט, די אויסערלעכע ווי די אינערלעכע. זייערע פאַרלאָזענע היימען, ווייבער, ערד, בייע אָרדענונג, האָבן זיי געצויגן און געשראָקן צוזאַמען. אַלץ איז אין פינצטערניש געווען. מען האָט נישט געוואוסט צו וואָס מען גייט, ווי אַזוי דאָס לעבן וועט זיך אָנהויבן פונדאָסניי.

— איצט וועל איך אַ סך ערד האָבן, די, וואָס מען האָט צוגענומען פון די פּריצים, — האָט אַ סאָלדאַט אַ פּויער געזאָגט. — אַ לעבן וועט זיין אַ גוטס.

— מען זאָגט, אַז זיי נעמען ווידער אין קריג, די רויטע, — האָט אַ צווייטער אים געענטפערט. — און שלאָגן דאַרף מען זיך קעגן אייגענע.

— אין אוקראַינע זענען צוריק די פּריצים, — האָט אַ דריטער דערציילט. — די פּויערים, זאָגט מען, שמייסט מען, ווי אַמאָל פאַר דער פּאַנשטשיזנע. מען טרינקט אונדזער בלוט.

— נישט אמת, די אוקראַינער אַליין ווילן דאָס ברויט פאַר זיך, נישט אַוועקגעבן די קאַצאַפּעס פון גרויס־רוסלאַנד, וואָס ווילן אַלץ צונעמען, און דערפאַר שלאָגט מען זיי. אַלע אוקראַינער דאַרפן העלפן, — האָט אַ פערטער געלערנט.

— איך וועל אויפן פראָנט מער נישט גיין. גענוג געשלאָגן זיך. איצט וויל איך זיין פאַר זיך, מיט מיין ווייב. שוין לאַנג זיך נישט געזען... בענקט זיך נאָך איר, אַ יונגע זייער, אַ פרישינקע, — האָט אַ גרויסער צוואַקסענער יונג גערעדט מיט האַרץ.

— זי האָט שוין געוויס אַן אַנדערן זיך אַריינגענומען, נאָר איינער, — האָט אים אַן עלטערער אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער.

— שווייג, הינטישער זון, איך וועל דיר די מאָרדע צעפּראַסקען. רעד נישט, ווען דו ווייסט נישט, — האָט דער צוואַקסענער יונג געשריגן און געכאַפּט דעם עלטערן פאַרן גאָרגל.

— קאָך זיך נישט אַזוי, לאַנדסמאַן, — האָט זיך אַ ברייט־פּלייציקער געשטופּלטער סאָלדאַט אָנגענומען, — דו ביסט לעבן איר בעט נישט גע־שטאַנען. אַ נאַר וואָלט זי געווען, ווען זי זאָל וואַרטן אַזוי לאַנג אויף דיר. אַ פרוי איז ווי אַ צויג, נישט דער הונט, איז אַן אַנדערער... באַקאַנט...

— יאָ, מיינע עלטערן האָבן מיר וועגן מיינער אויך דאָס אייגענע גע־שריבן, — האָט זיך אַ בערדיקער סאָלדאַט אַריינגעמישט. — זי האָט זיך מיט אַן אַנדערן אָנגעניוכעט און איצט האָט זי שוין אַפילו צוויי קינדער זיינע... ממזרים, הייסט עס...

— און וואָס וועסטו טאָן, אַז דו וועסט אַהיימקומען? — האָבן אַלע מיטאַמאָל געפרעגט.

— איך ווייס נאָך נישט, — האָט דער בערדיקער סאָלדאַט געזאָגט. — אפשר מוחל זיין... און אפשר דערהרגענען...

פון היימישע זאַכן איז מען אַריבער צו אַנדערע.

— זיי צינדן די קלויסטערס אונטער, — האָט איינער פלוצלינג אַ זאָג געטאָן אין אַ ווינקל. — דאַוונען לאָזט מען גאָרנישט, די רויטע טייוולאָנים...

— און יידן זענען ביי זיי די גאַנצע מאַכערס. אַפילו דער צאַר דער נייער איז אַ ייד, זאָגט מען...

— ער האָט הערנער, ווי אַ שד, — האָט אַן אַלטער גויעצל זיך גע־שוואוירן. — מען האָט עס מיר אַליין געזאָגט, אַז אין צייטונג האָט מען וועגן דעם געשריבן...

— יאָ, געוויס, אין אַלעם, זאָגט מען, זענען די יידן שולדיק, זיי האָבן די מלחמה געבראַכט, געלט צו פאַרדינען...

— שלאָגן דאַרף מען זיי.

— אָ, ביי אונדז אין אוקראַינע דערלאַנג מען זיי, — האָט זיך אַ הינקעדיקער סאָלדאַט אַריינגעמישט.

די שנאה, אָפּגעגאַרטקייט, אַנטוישונג, פאַרביטערונג האָט געברענט אין דעם אָנגעשטאָפּטן וואַגאָן, געריסן זיך אויסצולאָדן. אַשכנזי האָט גע־פילט דעם האַס און פאַרביטערונג אַרום זיך, ווי אַ רויך, וואָס שטיקט און פרעסט. אָבער ער איז נישט אָפּגעטראָטן פון זיינעם, געפאָרן אַלץ ווייטער און ווייטער, געשלעפּט זיך מיט די אָנגעשטאָפּטע צוגן, וואָס זענען ווי די ווערעם געקראָכן. מען האָט נישט געוואוסט, ווען זיי גייען, וואו זיי גייען, דורך וועלכע ערטער, גרענעצן. פונקט אַזוי האָט מען נישט געוואוסט, ווער די הערשער זענען ביי די גרענעצן. אַלע טאָג זענען זיי געווען אַנ־דערע, מיט אַנדערע געזעצן, אַנדערע משפטים. בלויז איין זאַך האָט זיי אַלעמען פאַראייניקט — רויב און רציחה.

יאַקוב אַשכנזי איז ווי דורך אַ בראַנד געפאָרן פון שטאָט צו שטאָט, פון גרענעץ צו גרענעץ. דאָס געלט אין קעשענע האָט אים, ווי אַ גואל, געפירט צווישן די ביקסן, רעוואָלווערן און רוצחישע עלטסטע. דער גלאַנץ

פון גאָלד האָט אים אויך אין דער געוועזענער רויטער הויפּטשטאָט דעם וועג געלויכטן און צו די פינצטערסטע ווינקעלעך דערפירט. פאַר גאָלד האָט ער זיך צו די מענער אין לעדערנע רעקלעך דערשלאָגן, צו די עלטסטע אָנגעקומען, צו שטשינסקיס באַגלויבטע לייט דערגרייכט, און צום סוף ביז צו דער קאַמער פון זיין אַרעסטירטן ברודער דערגאַנגען.

---

עטלעכע מינוט צייט האָבן ביידע ברידער זיך אָנגעקוקט אין דער קאַנצעלאַריע פון געפענגניש, וואו מען האָט זיי צונויפגעפירט, ביז זיי האָבן זיך דערקענט.

יאַקוב איז געבליבן שטיין אַ פאַרגליווערטער אויפן אָנבליק פון דעם, וואָס מען האָט אַרויסגעפירט צו אים פון קעלער. פאַר אים איז געשטאַנען אַן איינגעבויגן, איינגעשרומפּן, ווילד־באַוואקסן מענטשל מיט אַ געלער הויט, מיט שמוציקע גרויע האָר און באָרד, מיט צעריסענע קליידער, וואָס שטיקער פאַלן פון זיי, מיט אויסגעדרייטע שיך. גאָרנישט איז געווען פון פריערדיקן ברודער זיינעם. אינגאַנצן פאַרשטיינערט, מיט אויגן, ווי גלעזערנע, וואָס מען האָט זיי לאַנג נישט געוואַשן, האָט דער איינגעשרומפּענער זקן מיטן יינגלערישן פיגורל געגלאָצט אויף דעם הויכן, צעוואקסענעם, ברייטן, אימפּאָזאַנטן מאַן לעבן זיך.

פון ערשטן טאָג אָן, וואָס מען האָט אים, מאַקס אַשכנזי, אַזוי פּלוצלינג, אין דער סאַמע לעצטער מינוט, פון ברעג ביים אָפענעם ים צוגענומען, ביי דער טיר פון דער רעטונג, און אים אַריינגעוואָרפן אין קעלער, אין געדיכטן און פאַרדומפּענעם, איז ער פאַרגליווערט געוואָרן. ער האָט געוואוסט, אַז אין דער פרעמדער שטאָט, וואו ער איז עלנט, אָן אַ קרוב און גואל, אָפּגעריסן פון אַלעמען, פון מענטשן, פון דער וועלט, איז ער פאַרלוירן, איז זיין גורל געחתמעט. פאַר אים איז נישט געווען מער ווי דער סוף, האָט ער געוואוסט, אַ ביטערער סוף, אַן עלנטער, אומצוקומען אַזוי, אַז קיינער זאָל אַפילו נישט וויסן וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען. ער איז אַזוי זיכער געווען אין זיין סוף, אַז ער האָט אַפילו נישט פּרובירט זיך ראַטעווען, פאַרטיידיקן. מיט קיין וואָרט האָט ער נישט אָפּגעלייקנט די באַשולדיקונגען פון דעם אויספאָרשער, צו וועלכן מען האָט אים אַריינגעפירט.

די שכנים זיינע האָבן אים געוואָלט אַריינציען אין אַ שמועס, דערגיין ביי אים, פאַרוואָס מען האָט אים אַרעסטירט, פונוואַנען ער איז, וואָס ער רעכנט צו טאָן. ער האָט נישט געענטפערט. וואָס איז דען נישט געווען אַלצאיינס, ווען סיי־ווי־סיי איז מער נישט געבליבן ווי דער סוף? אַפילו די רויט־גוואַרדייער האָט ער נישט גערן געענטפערט, ווען פאַרלאַנגוויילטע און פאַרנודיעטע פון היטן האָבן זיי פּרובירט אויספרעגן אים וועגן זיין לעבן, שטאַנד און לאַנד.

— אַ מרוק, — האָבן די וואַכן אויף אים געזאָגט, אַוועקמאַכנדיק מיט די הענט.

— יאָ, אַן אומפּריינטלעכער, — האָבן די אַרעסטאַנטן צוגעשאָקלט.

פּונקט אַזוי האָט ער נישט געענטפערט דעם אויספאָרשער אויף זיינע פראַגן.

— יאָ, איך האָב געוואָלט אַוועקפאָרן, — האָט ער געזאָגט, — צו מיין היים, קיין לאָדזש. דאָס איז אַלץ. ווייטער האָב איך גאָרנישט אין וואָס זיך מודה צו זיין.

אין די ערשטע טעג האָט ער געזאָגט תהילים, וואָס ער האָט נאָך געדענקט פון אויסוויניק פון יינגלשע יאָרן. אַלע נאַכט האָט מען אַנדערע אַרויסגעפירט פון קעלער אויף מעקן. ער איז געווען זיכער יעדער מאָל, ווען די לעדערנע פאַרשוויצטע זעגען אַריינגעקומען, אַז מען קומט נאָך אים, נאָך זיין לעבן. און ער האָט זיך געגרייט צום סוף. ער האָט צו גאָט גע־בעטן, אין האַרץ זיך געשלאָגן פאַר די זינד זיינע אויף דער וועלט. מען האָט אים נישט אַרויסגעפירט. אַ סך אַנדערע האָט מען אַרויסגעפירט. אָבער ער איז אַלץ געווען זיכער אויפסניי, אַז מען קומט נאָך אים. ער איז אַזוי געווען צוגעגרייט דערצו, אַז ער פלעגט אַפילו אויפשפּרינגען פון שמוציקן שטרוי־זאַק ביי יעדער מאָל עפענען די טיר, ווי ער וואָלט זיך געאיילט צו גיין צו דעם, וואָס מוז קומען, ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו פאַרשפּעטיקן.

די סאָלדאַטן האָבן פון אים געלאַכט.

— ליג איין, פעטערל, נישט דיך רופט מען! — האָבן זיי אים באַ־רואיקט.

די שכנים האָבן אים מקנא געווען.

— איר וועט שוין אויסמיידן די קויל, — האָבן זיי אים געזאָגט. — מיט ספּעקולאַנטן באַגייען זיי זיך נישט אַזוי ווי מיט פּאָליטישע.

מאַקס אַשכּנזי האָט די מענטשן נישט געגלויבט. ער האָט אויף קיין איין מינוט נישט פאַרגעסן אין זיין סוף, וואָס קומט, וואָס מוז קומען. ער האָט אַ גלייכגילטיקער צוגענומען דאָס קליינע שטיקל ברויט, וואָס מען האָט אים אַריינגעגעבן, אויסגעזופּט דאָס ביסל וואַסערדיקע זופּ און ווייטער געוואַרט אויף דעם סוף. פון לאַנגן אומזיסטן וואַרטן איז ער אַריין אין אַ פאַרגליווערונג, ווי עמעצער, וואָס איז פאַרשטעקט געוואָרן אין אַ פּוסט אָרט, וואו קיינער וועט נישט קומען ראַטעווען, פון וואַנען קיינער קאָן נישט דערהערן מער דאָס קול, וואָס רופט. די שכנים האָבן גערעדט צווישן זיך, אַלטע מעשות זיך דערציילט פון די גליקלעכע צייטן. אַנדערע האָבן די לעצטע שטיקלעך ברויט צעקייט, אַ שאַך אויסגעקלעפּט און גאַנצע טעג געשפּילט. איינער אַן עלטערער מאַן אין מיליטערישע קליידער האָט נישט אויפגעהערט מאַכן גימנאַסטיק, כדי זיך צו דערהאַלטן. מאַקס אַשכּנזי איז בלויז געזעסן אויף דער נאַרע, מיט די פיס אונטער זיך, און געוואַרט.

ער האָט זיך נישט אויסגעפרעגט ביי די אַרעסטירטע, וואָס זענען צוריק־געקומען פון די אויספאָרשונגען, ער האָט נישט געפרעגט די וואַכן, וואָסער וועטער עס איז אינדרויסן, ער האָט זיך נישט געבייזערט, נישט געשאָלטן, נישט געבעטן. ער איז געווען טויב צו אַלץ און צו אַלעמען. ער האָט שוין זיין חשבון געמאַכט, אַ סך־הכל אונטערגעפירט פון זיין לעבן, אַ סך־הכל אַ ביטערן, אַ זינלאָזן, אָבער אַ נויטווענדיקן, וואָס קיין שום זאַך אין דער וועלט קאָן נישט ענדערן, ווי דעם גורל דעם אָנגעצייכנטן. און וואָס זענען אים אָנגעגאַנגען די מענטשן, די קללות, די אויסרעדענישן, די אויספאָרשער, דאָס וועטער אינדרויסן? זיי האָבן פאַר אים מער נישט עקזיסטירט. עקזיסטירט האָט פאַר אים בלויז ד׳ער טויט, וואָס קומט, וואָס קאָן קומען יעדע מינוט.

זיי האָבן אים נישט געזאָגט, די מענטשן אין די לעדערנע רעקלעך, ווען זיין סוף וועט קומען. זיי האָבן פון אַזעלכע זאַכן נישט געהאַלטן. זיי האָבן נישט געמאַכט קיין משפט. זיי האָבן בלויז פון צייט צו צייט אויפסניי אים אַרויסגעפירט צום אויספאָרשן, אויסגעפרעגט, פאַרמאַטערט און אים צוריקגעשיקט אין קעלער. אַרויספירן די מענטשן פון קעלער פלעגט מען אומגעריכט, פון מיטן שלאָף זיי אויפרייסן, און אַזעלכע גראָד וואָס האָבן זיך אַמווייניקסטן געריכט דערויף. ער איז נישט איינמאָל געשטאָרבן, מאַקס אַשכנזי, נאָר טויזנטער מאָל, יעדע מינוט אין טאָג, יעדע רגע אין די שלאָפלאָזע נעכט. און ווי אַ טויטער, האָט ער גאָר מיטן לעבן נישט געהאַט צו טאָן. נישט ער האָט די האָר פון קאָפּ און באָרד אויסגעגלייכט אינדערפרי, נישט ער האָט די צעקנייטשטע קליידער פאַרריכט. דאָס העמד אויפן לייב איז אויף אים צעפאַלן. די קליידער זענען צוגעוואקסן גע־וואָרן צו זיין לייב. ער איז געווען גלייכגילטיק דערצו. אַנדערע האָבן מיט די מייז, פליי און אומפלייט מלחמה אין די נעכט געפירט, כדי נישט צו־לאָזן זיי צו זייערע קערפּערס. שווערער פון אַלץ איז געווען מיט די וואַנצן, וואָס האָבן מחנותווייז אויף די אויסגעמאָגערטע מענטשן אין די נעכט געלאָקערט און באַפאַלן. ווען די מענטשן האָבן זיי אויף די ווענט געטריבן און געהרגעט, האָבן זיי זיך אויפן באַלקן פאַרקליבן און פון דער הויך זיך אויף די מענטשן אַראָפּגעוואָרפן. מאַקס אַשכנזי האָט זיך נישט געוווערט קעגן זיי. אין זיין האָפנונגסלאָזיקייט איז ער פאַרוואָרלאָזט געוואָרן. לעבעדיקערהייט איז ער טויט געווען. די סאָלדאַטן האָבן פון אים געשפּאָט.

— אָט וואָס עס ווערט פון זיי אָן דינער און אָן דינסטן, — האָבן זיי געזאָגט מיט פאַראַכטונג, — ווי אַ פּגירה...

ער האָט זיי נישט געענטפערט.

אַנדערע האָבן אויף אים רחמנות געקריגן, אויסגערעדט אים, גערופן צו נעמען זיך אין די הענט. ער האָט געשוויגן. ער האָט אָנגעוואוירן אַלע חושים, טויב געווען צו פּיין, באַליידיקונגען, מיטגעפיל. בלויז איין חוש

איז ביי אים פאַרבליבן. אַ חוש אַ שאַרפער, אַן אויסגעשפּיצטער, אַן עמפּינד־לעכער, וואָס האָט פאַר אַלע איבעריקע חושים געאַרבעט — דאָס איז געווען דער חוש פון הערן, פון אויפכאַפּן דעם מינדסטן שאָרך, וואָס דער־טראָגט זיך פון דער טיר, דעם לייכטסטן טראָט פון די פאַרשווינען אין לעדער, וואָס דאַרפן נאָך אים, אַשכנזין, קומען. וואָס מער טעג, וואָכן און חדשים עס זענען אַוועק, אַלץ מער האָט זיך אָט דער חוש ביי אים פאַר־שאַרפט, דערגאַנגען צו אַזאַ דינקייט, אַז ער פלעגט אין די נעכט גאָר קיין אויג נישט צומאַכן. דעם ווייטסטן שאָרך פון יענער זייט האָבן זיינע אויערן אויפגעכאַפּט. ער איז געווען אין איין לאַנגער שטענדיקער געשפּאַנטקייט צו דעם סוף זיינעם, פאַר וועלכן ער האָט גאָרנישט מער מורא געהאַט, נאָר אָנגעשפּיצט געווען אויף אים.

ווען אַ מאַן אין אַ לעדערנעם רעקל מיט אַ מויזער ביי דער זייט איז נאָך לאַנגע חדשים פּלוצלונג אַריין צו אים און אים גערופן מיט זיך, איז ער גיך אויפגעשפּרונגען פון זיין נאַרע און געלאָזט זיך גיין, כאָטש די פיס זענען אים געווען אָפּגעשוואַכט. דאָס, אויף וואָס ער האָט געוואַרט אַזוי לאַנג, איז ער געווען זיכער, קומט איצט. אין זיין געשפּאַנטקייט האָט ער אַפילו נישט ריכטיק פאַרשטאַנען דעם זין פון גיין. דער געפיל פון געשפּאַנטקייט, פון לאַנגער דערוואַרטונג האָט אַלע אַנדערע געפילן פאַר־טעמפּט. ער איז געגאַנגען מעכאַניש, ווי אַ סאָלדאַט, וואָס הערט די קאָ־מאַנדע, ווי אַ רייט־פערד, וואָס לויפט צום שלאַכטפעלד אויפן קול פון דער מוזיק, וואָס רופט. אין זיין פאַרגליווערונג האָט ער אַפילו פאַרגעסן דעם אונטערשיד פון טאָג ביז נאַכט. כאָטש עס איז געווען טאָג, ווען די לע־דערנע לייט קומען קיינמאָל נישט נאָך די, וואָס מ׳דאַרף אויסמעקן, האָט מאַקס אַשכנזי עס נישט געזען. ער האָט בכלל קיין זאַך נישט געזען מער. ער האָט בלויז געהערט. ווען דער פירער זיינער האָט אים אין אַ ליכטיקער קאַנצעלאַריע אַריינגעפירט און אים אָנגעוויזן אויף אַ מענטש, וואָס וויל מיט אים זיך זען, האָט מאַקס נישט באַגריפן דעם לעדערנעם מאַנס רייד. די הויכע און איינפאַכע.

מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, פאַרלאָפענע מיט בלוט פון נישט שלאָפן אין די נעכט, פאַרגליווערטע און אויסגעלאָשענע, האָט ער געקוקט אויף דעם ברייטן, געזונטן און צעוואַקסענעם מענטש, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים, אָבער געזען אים האָט ער נישט. ער האָט זיך שטאַרק געהאַט פאַר־ענדערט, יאַקוב, פאַר די פיל יאָרן, וואָס ער האָט זיך מיט זיין ברודער נישט באַגעגנט. מאַקסעס אויגן, געוואוינט צו טונקלקייט און קעלער־לופט, האָבן געמרוזשעט אין דער העלער טאָג־ליכט, זענען פינצטער געווען. מער נאָך ווי זיינע אויגן איז געווען פינצטער זיין האַרץ הינטער די שמאַטיקע קליידער, איז געווען חושך זיין קאָפּ אונטער די גרויע צעקאָלטנטע האָר, פול מיט שטרויעלעך און מיסט אין זיי.

אַ היפּשע ווײַלע האָבן זיך די צוויי מענטשן אָנגעקוקט און נישט גע־קאָנט פון אָרט זיך רירן אין זייער פאַרגליווערונג. פּלוצלונג איז דער גרויסער, אימפּאָזאַנטער מאַן צוגעלאָפן צו דעם שמאַטיקן זקן און מיט די ליפּן צו זיין קויטיק, האָריק פּנים צוגעפאַלן.

— שמחה מאיר! — האָט ער גערופן און געדריקט דאָס בינטל שמאַ־טעס צו זיך.

די צוויי אַלט־פאַרגעסענע נעמען האָבן ווי שאַרפע מעסערס אַ שניט געגעבן אין דעם שמאַטיקן מענטשנס פאַרגליווערטקייט, דעם נעפּל פון זיינע אויגן, מוח און האַרץ צעריסן. צום ערשט האָבן זיינע הענט נאָכ־געלאָזט, ווי פאַרפרוירענע, וואָס דערפילן לעבן און וואַרעמקייט; זיי האָבן גענומען שטאַרק ציטערן אין דעם מאָגנס פעסטע און דריקנדיקע אָרעמס, צאַפּלען. דערנאָך האָבן די אויגן זיך געעפנט, גענומען נישט בלויז קוקן, נאָר אויך זען. טרערן האָבן אָנגעהויבן פון זיי פליסן נאָך די אַלע חדשים פון אויסגעטריקנטקייט. באַלד האָבן אויך גענומען עפענען זיך זיינע ליפּן, די פאַרטריקנטע און געשלאָסענע.

— יעקב בונם, — האָט ער געמורמלט און געוויינט. — יעקב בונם...

מער ווי די צוויי ווערטער האָט ער גאָרנישט געקאָנט אַרויסברענגען פון זיך.

פּלוצלונג איז ער צוגעלאָפן צום ברודערס הענט און גענומען זיי קושן, קושן גיך, צאַפּלענדיק, ווי אַ בעטלער אין שמאַטעס, וואָס קושט אין די הענט אַ פּריץ, וואָס האָט אים אַ שיינע נדבה געגעבן.

יאַקוב האָט אַוועקגעריסן די הענט זיינע פון ברודערס מויל.

— שמחה מאיר, וואָס טוסטו? — האָט ער געמורמלט אין שרעק, — גאָט מיינער!

מאַקס האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער ערד און מיטביידע קנאָכיקע הענט אַרומגעכאַפּט דעם ברודערס פיס, געטוליעט זיך צו זיי, געצאַפּלט און געציטערט, ווי אַן אַלטער הונט, וואָס דער באַלעבאָס האָט אים נאָך אַ קאַלטער רעגנדיקער נאַכט צוריק אַריינגעלאָזט אין שטוב.

— דו וועסט דאָך מיך נישט איבערלאָזן מער דאָ אַליין, — האָט ער געשעפּטשעט ווי אַ קינד. — וועסט דאָך מיך אַהיימנעמען, אמת, יעקב־בונם... זאָג...

יאַקוב האָט דערפילט דעם שרעקלעכן ריח, וואָס האָט זיך פון ברו־דער געטראָגן, אַ ריח, וואָס פאַרטשאַדעט, ברענגט צו חלשות, און ער האָט מיט רחמנות און עקל אָנגענומען אים ביי די שמאַטיקע בגדים און אים אויפגעהויבן פון דער ערד.

טרערן זענען אים גערונען איבער די באַקן אין דער געפּאַרבטער באָרד אַריין.

## קאַפּיטל ניינצן

דאָס ערשטע מאָל נאָך אַ סך יאָרן פון ברוגז און אָפּגעזונדערטקייט זענען ביידע צווילינג־ברידער אַשכנזי געגאַנגען צוזאַמען אויף איין וועג, האַנט אין האַנט.

יאַקוב האָט זיין ברודער מאַקס אַרויסגענומען פון קעלער אויף דער שפּאַליערנע גאַס. מיט זיין גוטן פריילעכן צוגאַנג צו מענטשן, האָט ער פּונקט אַזוי געפונען חן אין די אויגן פון לייט אין די לעדערנע רעקלעך ווי פריער ביי אַנדערע מענטשן. איינס און צוויי האָט ער געפונען אַ וועג צו זיי, צו זייערע הערצער און קעשענעס און אַרויסגעקריגן פון זיי דעם פאַר־מוטשעטן ברודער זיינעם, וואָס האָט לעבעדיקערהייט אין קעלער געפוילט. זיי האָבן אייגנטלעך גאָרנישט אַזעלכעס געהאַט צו דעם אַרעסטירטן מאַקס אַשכנזי, אָבער זיי האָבן אים געהאַלטן אויף יעדער פאַל. איצט, פאַר אַ לייטישער סומע נישט אין די אייגענע ווערטלאָזע פּאַפּירלעך, נאָר אין גוט אויסלענדיש געלט, האָבן זיי איינס און צוויי דורכגעזען די אַקטן און אַרויסגעלאָזט אים מיט אַ קוויטל אין דער האַנט, אַז ער איז באַפרייט פון אַרעסט. מאַקס איז אַזוי אַרויסגעלאָפן פון אייזערנעם טויער, וואָס איז באַוואַכט געווען מיט רויט־גוואַרדייער, אַז ער האָט אַפילו פאַרגעסן אויפצומאַנען די קליידער זיינע, וואָס זענען פאַרבליבןביים אַרעסט אין צעכהויז. ער האָט מורא געהאַט איין רגע נאָך צו בלייבן דאָ, מען זאָל אים נישט פאַרהאַלטן.

— קום, יעקב־בונם, גיך! — האָט ער זיך געבעטן ביי זיין ברודער, קלאַמערנדיק זיך אין זיין האַנט ווי אַ דערשראָקן קינד צו אַ דערוואַקסענעם.

ער האָט פלוצלונג פאַרגעסן אין זיין לאָדזשער דייטש און אין דעם ברודערס פאַרדייטשטן נאָמען.

מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן אויף די צוויי מענטשן, וואָס האָבן זיך געפירט ביי די הענט, אויף די צוויי מאָדנע לייט, וואָס איינער פון זיי איז גרויס, רייך־געקליידט און אימפּאָזאַנט, און דער אַנדערער — ווילד באַוואַקסן, איינגעשרומפּן, אין שמאַטעס, פאַרקאָלטנט. אַפילו אין דער שטאָט, וואו מען איז שוין צוגעוואוינט געוואָרן צו אַלערליי אוממעגלעכע זאַכן, האָט מען אָפּגעשטעלט זיך קוקן אויף אָט די צוויי מענטשן, וואָס האָבן זיך, ווי קינדער, ביי די הענט געהאַלטן. ווייבער האָבן זיך אַפילו געצלמט און בעטלער האָבן אָנגעהויבן נאָכיאָגן, בעטן נדבות. יאַקוב האָט זיך אַריינגע־כאַפּט מיט דעם ברודער זיינעם אין אַ פאַרבייפאָרנדיקער דראָשקע און געהייסן דעם קוטשער אויפשטעלן די בויד, כאָטש עס איז געווען שיין אין גאַס. פון לאַנגן זיצן איז מאַקס געווען אָפּגעוואוינט פון גיין, די פיס האָבן זיך אים געוואַקלט. יאַקוב האָט אים ווי אַ קינד ביי די הענט אויפ־

געהויבן און אין דראָשקע אַריינגעזעצט. פונקט ווי ער האָט פאַרלוירן די שנעלקייט אין די פיס, האָט מאַקס אויך אין קעלער פאַרלוירן דעם חוש פון ריח. ער האָט אַליין נישט געפילט דעם גערוך פון פאַרדומפּנקייט און טורמע, וואָס ער האָט מיט זיך מיטגעטראָגן. יאַקובן האָט דער ריח צום קאָפּ צוגעשלאָגן, שיר נישט צו חלשות געברענגט. מאַקס האָט עס נישט געפילט און זיך צום ברודער געטוליעט.

— שוין, לאָמיר אַוועק, וואָס גיכער! — האָט ער זיך געבעטן. — איך האָב מורא דאָ צו בלייבן.

וויפל יאַקוב האָט אים נישט אויסגערעדט, אַז איצט איז ער שוין פריי, האָט נישט וואָס מורא צו האָבן, האָט ער עס נישט פאַרשטאַנען. ער איז אינגאַנצן ווי אַ קינד געוואָרן אין די לאַנגע טעג אין קעלער. און ווי מען באַגייט זיך מיט אַ קינד, איז יאַקוב זיך מיט זיין צווילינג־ברודער באַגאַנגען. ער האָט אים אַליין מיט די אייגענע הענט אַרומגעוואַשן מיט וואַסער דעם קערפּער, גערייניקט אים פון שמוץ און פאַרדומפּנקייט, וואָס איז גאָרנישט געווען צו דערוואַשן און צו דעררייניקן. ער האָט אים צו אַ ראַזירער געפירט, געלאָזט אים אָפּשערן די האָר און באָרד, וואָס זענען זיך ווילד אין קעלער צעוואַקסן. נאָך קלענער און איינגעשרומפּענער האָט ער אויסגעזען אין שפּיגל, ווען מ׳האָט אים די האָר קורץ אָפּגעשניטן און די באַקן אָפּראַזירט, איבערלאָזנדיק אים בלויז אַ קליין שפּיצל אויפן קין, ווי ער פלעגט שטענדיק טראָגן.

— אָפּשפּריצן מיט קעלניש וואַסער? — האָט דער ראַזירער געפרעגט ביי יאַקובן, ווי מען פרעגט ביי אַ פאָטער ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט זיין יינגל. — געבליבן נאָך אַביסל פון די גוטע צייטן.

— באַגיסן! — האָט יאַקוב געזאָגט. — וויפל נאָר איר קאָנט.

דערנאָך האָט ער אים אין קלאָרע וועש אָנגעטאָן, אין וועלכע דער קליינער אויסגעדאַרטער מאַקס איז אַרומגעשוואומען ווי אַ יינגל אין טאַטישע מלבושים; אַ העמד אויף אים אַרויפגעצויגן, אַ קראַגן און אַ קראַוואַט.

— וועש, פרישע וועש, — האָט מאַקס געמורמלט און געגלעט מיט די פינגער דאָס העמד, ווי ער וואָלט קיינמאָל אין זיין לעבן קיין קלאָר העמד אויפן לייב נישט געהאַט.

דער האָטעל־משרת, וואָס האָט מיט עקל צונויפגענומען די שמאַטעס נאָך מאַקסן, איז געשטאַנען מיטן פּעקל אין האַנט, וואָס ער האָט בלויז מיט צוויי פינגער פאַרזיכטיק געהאַלטן, און געפרעגט ביי יאַקובן וואָס דערמיט צו טאָן.

— אַרויסוואַרפן, פאַרברענען! — האָט יאַקוב באַפוילן.

ער האָט דעם ברודער געהאָלפן צושנירלען די שיך, פאַרבינדן דעם קראַוואַט, צוקנעפּלען די קנעפּלעך. די הענט האָבן ביי מאַקסן גאָרנישט געאַרבעט. זיי האָבן מער געציטערט, ווי געטאָן עפּעס. און אַז דערנאָך האָט יאַקוב אַרויסגענומען פון זיינע רייזע־טאַשן גוטע שפּייז, קוכנס, שאָקאָלאַד, וואורשט, סאַרדינען אַלערליי, וואָס סיי גערטרוד, סיי דינהלע האָבן יעדער

פון זיי איינגעפּאַקט באַזונדער, האָט מאַקס אַזוי געציטערט, אַז ער האָט אַפילו מיט די הענט די גוטע זאַכן צום מויל נישט געקאָנט צוטראָגן.

— נעם, שמחה מאיר, דאָס איז אַ מתנה פון גערטרודן און דינהלען, — האָט יאַקוב אים באַרואיקט. — זיי האָבן עס מיטגעשיקט פאַר דיר.

אין מאַקס בלאַס פּנים איז דאָס לעצטע ביסל בלוט פון זיין אויסגע־צערטן גוף אַריין. ער האָט די אויגן אַראָפּגעלאָזט פון בושה. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן.

יאַקוב האָט זיין ברודער נישט דערקענט.

## קאַפּיטל צוואַנציק

דער וועג אַהיים איז געגאַנגען גלאַט, וואָס בעסער האָט גאָרנישט גע־קאָנט זיין.

פאַר אַ לייטישער מטבע האָט יאַקוב געקריגן ערטער אין וואַגאָן. פאַר אַ ביסל קאָניאַק, וואָס ער האָט געגעבן דעם קאָנדוקטאָר, האָט יענער אַפילו אַריינגענומען צו זיך אין חדרל דעם אָפּגעשוואַכטן מאַקס און אים מכבד געווען מיט טיי פון סאַמאָוואַר. די באַן איז געגאַנגען נישט רעגולער, אַ סך געשטאַנען אויף די סטאַנציעס, אויך פיל מאָל אין מיטן פעלד, אָבער מען האָט זיך געדוקט פאַראויס. אין אָרשע, דער גרעניץ־שטאָט צווישן די סאָוויעטן און די דייטשן, וואָס זענען נאָך דאָ דערווייל געשטאַנען, איז די רעוויזיע דורכגעגאַנגען גלאַטיק. די פאַרשוינען אין לעדער און מיט רויטע שטערנס אויף די ברוסטן האָבן גוט דורכגעקוקט די פּאַפּירן ביי ביידע אַשכּנזים, אויך די זאַכן דורכגעטאַפּט, אָבער זיי האָבן קיין שום שלעכטס נישט געפונען. בלויז מיט צוגן איז געווען שלעכט. עטלעכע וואָכן צייט האָט מען געהייסן וואַרטן, ביז מ'וועט צושטעלן אַ צוג ביז מינסק. די גייענדיקע באַנען זענען געווען באַלאַגערט מיט דעמאָביליזירטע. מאַקס איז געווען אומרואיק. ער האָט מורא געהאַט צו פאַרבלייבן אין דער גרעניץ־שטאָט, וואָס איז פול געווען מיט סאָלדאַטן אין לעדערנע רעקלעך. יאַקוב האָט זיך אַוועקגעלאָזט צום קאָמיסאַר. דער גרויסגעוויקסיקער עוואַקואַציע־קאָמיסאַר האָט צו זיך נישט צוגעלאָזט קיינעם, קיין וואָרט נישט געוואָלט אויסהערן. צופיל האָט מען ביי אים טובות געבעטן וועגן וואַגאָנען. — איר האָט נישט וואָס צו רעדן, — האָבן אים מענטשן געזאָגט, — מען לאָזט גאָרנישט נישט צו צו אים.

— איך וועל פּרוּוון, — האָט יאַקוב געזאָגט און געלאָזט זיך אין וועג.

מיט דער זעלבער ברייטקייט און זיכערקייט, ווי ער איז אומעטום געגאַנגען, איז ער אויך צום קאָמיסאַרס קאַנצעלאַריע אָנגעקומען. ער איז געגאַנגען אַזאַ זיכערער, אַז די וואַכן האָבן אים אַפילו נישט אָפּגעשטעלט. פּונקט ווי גיך ער איז אָנגעקומען צום קאָמיסאַר, אַזוי גיך איז ער געוואָרן

מיט אים פֿאַני־בראַט און אַלץ געפּועלט, וואָס ער האָט געוואָלט. אַנשטאָט עטלעכע וואָכן, האָט ער בלויז עטלעכע טעג געדאַרפֿט וואַרטן, ביז מען האָט אים צו אַ מיליטערישן וואַגאָן צוגעטיילט. מאַקס האָט אויפֿן אַלטן שטייגער דאָס שפּיץ גרויע בערדעלע גיך צעשויבערט, ווען יאַקוב האָט אים די גוטע בשורה געבראַנגט אין דער אכסניא, וואו זיי זענען איינ־געשטאַנען.

— ס'איז דאָך גאָרנישט נישטאָ קיין שווערע זאַך פֿאַר דיר, יעקב־בונם, — האָט ער אים געלויבט, — איך ווער בטל פֿאַר דיר...

ער האָט אים נישט דערקענט, דער ברודער זיינעם, מאַקס. אומזיסט האָט ער אים געהאַלטן אַ גאַנץ לעבן פֿאַר אַ פּוסט־און־פּאַסניק, פֿאַר אַ טויגעניכטס. ער איז אַ מענטש, אַ שטיק פּייער. אַלץ גייט ביי אים ווי געשמירט. און אַ האַרץ האָט ער אַ גאָלדנס. מאַקסן האָט באַנג געטאָן זיין שטענדיקע שנאה צום ברודער. וויפֿל ברידער האָט ער דאָס דען? סך־הכל איינעם, אַ צוויי־לינג־ברודער, און ער האָט נישט קיין שכל געהאַט, ווי אַזוי מיט אים צו לעבן, שטענדיק אַרומגעריסן זיך און אַרומגעפּליקט, ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז, שונאים זיך געווען. אומזין! איצט זעט ער, אַז בלוט איז נישט קיין וואַסער. אין דעם גרויסן אומגליק זיינעם איז קיינער נישט געווען, נישט קיין גואל, נישט קיין פֿריינט, בלויז ער, דער ברודער זיינער, איז געקומען. אַלע געשעפֿטן איבערגעלאָזן, ס'לעבן איינגעשטעלט און געפֿאָרן אים ראַטעווען. אָ, ער וועט שוין וויסן איצט, וואָס אַזוינס אייגן בלוט און פֿלייש איז. ער וועט שוין געדענקען, ווי אַזוי צו שעצן און ליבן דעם איינציקן ברודער זיינעם, וואָס ער האָט אויף דער וועלט. איינס וועלן זיי זיין. אַרבעטן צו־זאַמען, לעבן צוזאַמען, אַרויסהעלפֿן זיך, האַנט אין האַנט גיין, אין אַלעס, אין עצות, אין מסחרים, אין נחת און, חלילה, אין צרות. פֿאַר אַלע צייטן וועט ער אים אָפּצאָלן.

פּונקט אַזוי וועט ער פֿון איצט אָן ווערן אַ טאַטע צו זיינע קינדער. ער וועט דעם זון אויפֿזוכן. ווי נאָר ער וועט אַהיימקומען, קומען צו זיך אַביסל, וועט ער קיין פֿראַנקרייך זיך אַראָפּכאַפּן און וועט איגנאַצן אויפֿזוכן. ער וועט אים אַהיימנעמען צו זיך, געלט אים געבן, אין די מסחרים אים אַריינ־ציען און מאַכן פֿון אים אַ לייט. צוגרייטן אַ יורש, וואָס זאָל ווייטער פֿירן דאָס הויז אַשכנזי. אויך גערטרודן וועט ער מער פֿון די אויגן נישט אָפּלאָזן. זי איז אַ וואויל קינד, אַ טייערס. כאָטש ער האָט זיך געהאַלטן פֿון איר פֿון ווייט, אַפֿילו אויף איר חתונה נישט געווען, פֿרעמד געווען צו איר, האָט זי פֿונדעסטוועגן אין איר טאַטן נישט פֿאַרגעסן. זי האָט אַליין צו־גערעדט יאַקובן ער זאָל פֿאָרן ראַטעווען אים. זי האָט אים אויך מתנות מיטגעשיקט. ער וועט שוין זיין איצט אַ טאַטע, ווי עס דאַרף צו זיין. אַלע עוולות וועט ער פֿאַרריכטן. און דאָס, וואָס זי האָט גענומען יאַקובן, איז אדרבה. ער זעט ערשט אַליין איצט איין, וואָסער טייערער מענטש ער איז, אַ גוט־האַרציקער, אַ גאָלד. ער איז מער ווערט אין נאָגל פֿון די

אַלע יונגעלייטלעך אין גאַנצן לייב און לעבן. זי האָט טאַקע אויך מיט
אים אַ טייער טעכטערל. יאַקוב האָט אים די פאָטאָגראַפיע דערפון געוויזן.
שיין ווי אַן אוצר איז עס, און אַ נאָמען הייסט עס אויך אַ היימישן — פּריווע.
דער נאָמען פון דער שוויגער זיינער האָט אים ביים האַרץ פאַרקוועטשט,
אויף אומעטיקע געדאַנקען אַרויפגעבראַכט. ניין, ער האָט נישט ווי אַן איידעם
געהאַנדלט אַמאָל קעגן אָט דער פּריווען. זי האָט אים פיינט געהאַט דערפאַר,
אַ שונא אים געווען און אים אַפילו איינמאָל מיט אַ גלאָז טיי אָפּגעגאָסן
דאָס פּנים. אַשכנזי האָט זיך געשעמט איצט דערפאַר. ווי נאַריש ער איז
געווען, פאַרבלענדט אין זיין גייעג נאָך געלט. אָ, ווען ער וואָלט זי איצט
געקאָנט איבערבעטן, אָפּצאָלן, אויסגלייכן אַלע עולות קעגן איר און קעגן
ר׳ חיימען, דעם שווער זיינעם. אָבער זיי לעבן שוין נישט. געבליבן איז
בלויז זי, דינהלע. זי האָט אים מיט יאַקובן אַ גרוס מיטגעשיקט, מוחל
געווען אים אַלץ. מאַקס האָט דערפילט אַ וואַרעמקייט אין האַרצן צו איר,
אַ דאַנקבאַרקייט. צוזאַמען דערמיט איז געוואַקסן דער פאַרדרוס צו זיך
אַליין, צו זיין נאַריש לעבן, וואָס ער האָט געפירט, צו זיין פאַרבלענדקייט
און פוסטקייט. ווי וואָלט אַלץ אַנדערש געקאָנט זיין, ווען ער וואָלט געהאַט
דעם איצטיקן שכל מיט יאָרן צוריק, ווען ער וואָלט פאַרשטאַנען דאָס לעבן,
מענטשן, ווען ער וואָלט זיך אַריינגעטראַכט אין לעבן! אָבער ער איז געווען
פאַרבלענדט, בלינד געווען. בלויז געלט האָט ער געזען, געלט און מאַכט.
פאַר געלט האָט ער פרעמדע לעבנס אומגעבראַכט, זיין אייגן לעבן. ווי
אַמאָל יידן צום אָפּגאָט מולך, אַזוי האָט ער פרעמדע און אייגענע לעבנס
מקריב געווען אויפן מזבח פון געלט, געטאַנצט אַרום עגל־הזהב. שווער
און שוויגער, דעם אייגענעם פאָטער, אַ לייבלעכן ברודער, שוועסטער, קינ־
דער אייגענע, די פּרוי, וואָס ער האָט ליב געהאַט, אַלע און אַלץ, און
צוזאַמען דערמיט זיך אַליין — האָט ער געאָפּפערט צו דער גאָלדענער עבודה־
זרה. אַ נישט־גוטער, ווילדע כחות, טריף בלוט האָט אים געיאָגט, קיין רגע
קיין מנוחה נישט געגעבן, דעם מוח אים פאַרשטעלט, די אויגן פאַרבלענדט,
דעם שכל ביי אים צוגענומען, און געטריבן צו איין זאַך — צו אומזין און
פוסטקייט.

מאַקס אַשכנזי האָט אויך געפילט אַ דאַנקבאַרקייט צו דער איצטיקער
פרוי זיינער. מיט גרויס באַגייסטערונג האָט יאַקוב גערעדט וועגן איר,
וועגן איר סוחרישן קאָפּ, וועגן איר זיצן איינע אַליין אין דער איינזאַמער
שטאָט און היטן זיין פאַרמעגן. אויך האָט ער אים איבערגעגעבן, ווי זי האָט
די ערשטע געבויגן איר שטאָלץ און געקומען צו אים אין שטוב וועגן
ראַטעווען אים, מאַקסן. דאָס אַלץ איז מאַקס אַשכנזי דעם סוחר און תכלית־
מענטש שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער איז איר דאַנקבאַר געווען דערפאַר,
ער האָט אָפּגעשאַצט אירע מעלות, איר טריישאַפט. אָבער צו איר האָט ער
געפילט בלויז דאַנקבאַרקייט, אַכטונג. וואַרעמקייט אין האַרץ, בענקשאַפט
האָט ער געפילט צו דער ערשטער, צו דינהלען, צו דער געליבטער פון

די ערשטע יאָרן, צו דער מוטער פון זיינע קינדער. ווי גוט וואָלט דאָס געווען, ווען ער קאָן אַזוי אַהיימפאָרן איצט צו איר, פאַרברענגען די לעצטע יאָרן אין ליבשאַפט און אין גאַנצקייט, צוזאַמען מיט די קינדער און אייניקל! שווער וועט זיין איצט, נאָך דעם אַלעם, וואָס ער האָט דורכגעלעבט, צו פירן איצט ווייטער אַ פּוסט לעבן אין גרויסן פּאַלאַץ זיינעם, דערדריקט פון דער אייגענער גרויקייט און פאַרלוירנקייט, בלויז מיט דער אַלטער מאַנצבילשער סוחרישער פּרוי.

מאַקס אַשכנזי האָט עס גוט געפילט און מורא געהאַט דערפאַר. ער האָט אַ פּאָר מאָל געוואָלט רעדן וועגן דעם מיט יאַקובן, נאָר ער האָט נישט געקאָנט, געשעמט זיך פאַר אים. גאָרנישט פון דער פריערדיקער דרייסטקייט און לאַכן פון דער וועלט איז איצט געבליבן ביי מאַקסן פון אַמאָל. ער איז געווען דערשראָקן, ווי אַ קינד, ווי אַ יונג פאַרשעמט בחורל, וואָס דאַרף זיך צוריקקערן אַהיים צו טאַטע־מאַמע, וועמען ער האָט שלעכטס אָפּגעטאָן, אַנטלאָפן און מוז דערנאָך צו זיי זיך אומקערן. יאַקוב האָט אים פּרובירט פריילעך מאַכן, אָנשטעקן מיט דער אייגענער שמחה. מאַקס האָט געשמייכלט, אָבער קיין פרייד נישט געפילט. זיין גאַנץ אומזיניק לעבן איז אים געשטאַנען פאַר די אויגן. צוזאַמען מיט דעם קלאַפּן פון די וואַגאָנעס, האָט אים געקלאַפּט אין קאָפּ די חרטה אויף זיין לעבן, דעם שווערן און אומזיניקן.

גיך איז איצט די רייזע געגאַנגען. אין מינסק, וואָס איז געווען ביי די דייטשן, האָבן ביידע ברידער בלויז זיך אויף אַ נאַכט פאַרהאַלטן. אַ צימער אין אַ האָטעל פאַר גוט געלט געקריגן. נאָך חדשים לאַנגע, האָט מאַקס דאָס ערשטע מאָל אין אַ בעט געגעכטיקט, ווי עס דאַרף צו זיין. דער וועג ביז ווילנע איז געווען געפּאַקט, אָבער יאַקוב האָט זיך שוין אָן עצה געגעבן. געלט האָט פאַר אים, ווי אומעטום, אַלע טירן געעפנט. פון ווילנע האָבן ביידע ברידער שוין געוואָלט פאָרן גלייך, פּאַסיר־שיינען ביז אַהיים געבעטן, נאָר די דייטשע באַאַמטע האָבן בלויז די קאַרטן ביז דער סטאַנציע לאַפּי אויסגעשריבן.

— לאַפּי איז שאָן פּאָלען, — האָבן זיי געזאָגט, — דאָרט זינד זי צו האַוזע...

אָבער שוין אין צוג, וואָס גייט ביז פּוילן, האָבן די ברידער אַשכנזי דערפילט, אַז זיי וועלן נישט זיין „צו האַוזע", ווי די דייטשע באַאַמטע האָבן זיי געזאָגט.

— העי, וואו שטופּט איר זיך, פאַרשאָלטענע? — האָבן די פּוילישע פּאַסאַזשירן געשריגן אויף די יידישע. — טראָגט אייך פונדאַנען! קיין פּאַלעסטינע גייט!

די וואַגאָנען זענען געווען פול מיט שנאה, האַס.

— זאָלן נאָר די דייטשן פון דאַנען אַוועק, ווי פון איבעריקן לאַנד,

וועלן מיר אייך אָנלערנען, — האָבן יונגע פּאַרשוינען אין סקויטן־קליידער געדראָט.

— אַזוי ווי מען האָט עס געמאַכט אין לעמבערג, אויף גלאַטיק, — האָבן אַנדערע צוגעגעבן.

— העי, אַ שערל גיב, וועט מען שניידן בערד! — האָט אַ פּאַרשוין מיט וואָנצעס גענומען טאַפּן זיך ביי די קעשענעס.

— זאָל מען נאָר צוקומען צו לאַפּי, — האָבן אַנדערע אים באַרואיקט. — דאָ לוינט זיך נישט אָנצוהויבן. די דייטשן זענען נאָך דאָ. ביי אונדז וועלן מיר זיי שוין געבן צו שמעקן פּעפּער...

וואָס ווייטער דער צוג איז אַוועק פון ווילנע און דערנענטערט זיך צו דער פּוילישער זייט, אַלץ חוצפּהדיקער זענען געוואָרן די גויים, אַלץ דער־שלאָגענער די יידן. זיי האָבן זיך אין די ווינקעלעך פאַררוקט. מאַקס האָט מיט ברייט־געעפנטע אויגן געקוקט אויף זיין ברודער. דער ברודער האָט געשוויגן. בלויז אין זיינע אויגן, די שוואַרצע און ברייט־געעפנטע, האָבן פייערן געגליט. ביידע האָבן געשוויגן.

אָפּגעשטעלט האָט זיך דער צוג אין מיטן פעלד.

— אויסשטייגן! — האָבן די דייטשן געררופן. — ביז לאַפּי זענען פאַרבליבן עטלעכע קילאָמעטער, ווייטער פאָרן מיר נישט.

אַלע זענען אַרויס פון די וואַגאָנען. ביי אַ קליינער בודקע איז גע־שטאַנען אַ זעלנער מיט אַ פּויליש אָדלערל אויפן היטל. אויף צוויי בוימער איז געהאַנגען אַ לייוונט מיט אַ ברוך־הבא פאַר די אומקערנדיקע פּוילישע בירגער אויף דער פרייער פּוילישער ערד. די אויסשטייגנדיקע פּאַליאַקן האָבן גענומען זינגען. ווייבער האָבן זיך געוואָרפן אויף דער ערד און גע־קושט זי. איינע איז צוגעלאָפן צום זעלנער ביי דער בודקע און געקושט אים די גראָבע רויטע הענט.

— יעזו, — האָט זי געררופן און געטוליעט זיך צום סאָלדאַט, — אַ פּוילישער זעלנער!

גלייך דערויף האָט אַן אַלטער ייד גענומען שרייען געוואַלד. פון אַלע זייטן זענען סקויטישע פויסטן געפאַלן אויף זיין קאָפּ צוזאַמען מיט ווילדע געלעכטערן.

— איצט זענען מיר „צו האָוזע״, — האָט יאַקוב געברומט.

עטלעכע קילאָמעטער וועג זענען ביידע ברידער געגאַנגען איבער די זאַמדן. זייערע רייזע־טאַשן האָט געפירט אַ פּויער אין אַ בלוי געפאַלדע־וועט היטל. ביי דער סטאַנציע, איבער וועלכער עס האָט געפלאַטערט אַ רויט־ווייסע פאָן, זענען געשטאַנען זשאַנדאַרמען, וואָנצנדיקע, באַוואָפנטע, קלינגענדיק מיט די לאַנגע שווערדן, וואָס זיי האָבן נישט לאַנג אָנגעטאָן און געצאַצקעט זיך מיט זיי פול מיט גאווה.

— יידן און באָלשעוויקעס באַזונדער! — האָט אַ זשאַנדאַרם מיט פלאַק־סענע וואָנצן אויסגערופן.

אין וואָקזאַל, אין וועלכן עס איז געהאַנגען אַ נאַקעטער יעזוס אויף דעם קרייץ, אַ פּוילישער אָדלער, פּאָרטרעטן פון גענעראַלן און אַ סך קליינע פענ־דעלעך, פאַרפּוצט מיט נאָדל־צווייגן, איז געווען פול, געדיכט מיט פּאַסאַזשירן, פּעק און באַוואָפנטע לייט. ביי אַ הילצערנעם פּראָסטן טיש איז געזעסן אַ פאַרשווין אין אַ צעבראַסטעטע העמד און געשלאָגן זיך מיטביידע פויסטן אין האַריקן האַרץ אַריין.

— נו, עפנט דאָס האַרץ, שניידט אויף און קוקט אַריין, — האָט דער מענטש געשריגן. — איך שווער ביי אונדזער האַר יעזוס און זיינע הייליקע וואונדן, אַז איך בין נישט קיין באָלשעוויק. פון ווייט פאַר איך, פון סיביר. די פּאַפּירן זענען מיר אין וועג פאַרלוירן געגאַנגען.

— עהע, ברודערל, מיט קענען זיך אויף די פאַרלוירענע פּאַפּירן, — האָט אַ קרום־פּיסיקער זשאַנדאַרם מיט אַ הינטיש שלעכט פּנים געלאַכט. — מיר האָבן אויסקונפטן, אַז דו ביסט אַ קאָמיסאַר געווען דאָרט אין באָל־שעוויע... מיר וועלן דיר אַזעלכע זאַכן מיט ריטער פון קאָפּ אַרויסשלאָגן...

דערביי האָט דער זשאַנדאַרם אויפגעהויבן דעם רעוואָלווער אין דער הויך און געפּאָכעט איבער דעם מענטשנס קאָפּ.

ביי מאַקס אַשכנזי איז גלייך הויל געוואָרן אין האַרץ. ער האָט פאַר־שטאַנען, אַז קיין גוטס דערוואַרט אים נישט פון אָט דעם זשאַנדאַרם מיט די קרומע פיס. יאַקוב איז געזעסן אַ בלאַסער, נאָר אומבאַוועגלעך. ביידע ברידער האָבן געוואַרט אויף זייער ריי. באַלד איז אַ זעלנער צוגעקומען און צו־געפירט זיי צום פּראָסטן טיש.

— ס'עט זיין פריילעך, יינגלעך, — האָט ער געזאָגט אויפן וועג צו די איבעריקע. — יידן פירט מען צום טיש...

דער זשאַנדאַרם מיט די קרומע פיס אין רייטער־שטיוול האָט געהייסן דעם פריערדיקן צעבראַסטעטן פאַרשווין אָוועקפירן אין אַ זייטיק צימערל און גענומען זיך צו די צוויי יידן.

— פונוואַנען שלעפּט מען זיך און וואוהין, מוישעס? — האָט ער גע־פרעגט, אויסשטשירענדיק די געלע ציין.

יאַקוב האָט אַרויסגענומען די פּאַפּירן זיינע און אָוועקגעלייגט אויפן טיש. דער קרומפּיסיקער זשאַנדאַרם האָט אין זיי אַפילו נישט אַריינגעקוקט.

— אויסטאָן זיך! — האָט ער באַפוילן.

די ברידער זענען געבליבן שטיין פאַרגליווערטע. אַרום זיי זענען געווען פיל מענטשן. אויך ביים טיש, לעבן זשאַנדאַרם, איז אַ שיקסע אין מיליטערישע קליידער געזעסן. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט ביידע. דער זשאַנ־דאַרם האָט אַ געשריי געטאָן צו אַ זעלנער:

— אויסטאָן זיי! אַלץ! גוט אַרומטאַפּן זיי, צי זיי באַהאַלטן נישט עפּעס אויס!

דער זעלנער איז צו און גענומען רייסן פון זיי די מלבושים, צום געלעכטער פון די סאָלדאַטן און די גויאישע פּאַסאַזשירן. אַן אָפיצירל, אַ

יונגער, אַ דאַרער, אַ שפּיציקער, מיט דינע, לאַנגע פּיס, מיט אַ דינער שאַרפער נאָז, מיט דינע וואָנצעלעך, אָנגעטאָן אין אַן אונגאַרישער הוזאַרן־קורטקע בלויז אויף איין האַנט, איז צו צום טיש. יאַקוב האָט אָפּגעשטויסן דעם זעלנער פון זיך און צוגעגאַנגען צום אָפיציר.

— פּאַניע פּאָרוטשניקו, — האָט ער געזאָגט, — איך און מיין ברודער זענען פאַבריקאַנטן און הויז־אייגנטימער פון לאָדזש. איך בעט אונדז נעמען אין שוץ!

דער שפּיציקער אָפיציר האָט אויסגעטאָן שווייגנדיק דאָס אונגאַרישע רעקל. ער האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל פון קאָפּ, באַוויזן אַ שאַרף־געשניטן גזשיווקעלע פון האָר פלאַקסענע און שטייפע, ווי אַ חזיר־רוקן, און ער האָט אָנגעקוקט דעם הויכן, בלאַסן און אימפּאָזאַנטן מאַן, מיט זייער שמאָלע, גרויע אויגעלעך.

— אַזוי, פאַבריקאַנטן און הויז־באַזיצער פון לאָדזש? — האָט ער איבערגעפרעגט. — נישט קיין באָלשעוויקעס אַמאָל?

— גאָט באַהיט, הער אָפיציר, — האָט מאַקס, אין די בלויזע הויזן און אין וועסטל, זיך אַריינגעמישט. — דאָס קום איך פון רוסלאַנד, וואו מען האָט מיך אין טשעקאַ געהאַלטן. אָט איז מיין דאָקומענט.

— נו, גוט, מיר וועלן זען, — האָט דאָס שפּיציקע אָפיצירל געזאָגט, — שרייט: זאָל פגרן לייבוש טראָצקי!

— אָ, ער מעג פגרן, — האָט מאַקס געזאָגט מיט אַ שמייכל, — איך האָב גאָרניטש דאַקעגן.

— שרייען האָב איך באַפוילן! — האָט דער אָפיציר אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש — הויך!

— זאָל פגרן טראָצקי! — האָט מאַקס געזאָגט העכער.

— נאָך העכער! — האָט דער אָפיציר געשריגן.

מאַקס האָט נאָך העכער די אייגענע ווערטער אויסגערופן, אָבער דער אָפיציר איז נישט געווען צופרידן.

— העכער, ייד פאַרשאָלטענער! — האָט ער געקלאַפּט אין טיש. — אויף אַלע ציין! אַ נישט וועסטו שוין ביי מיר שרייען.

מאַקס האָט געשריגן מיט די לעצטע כוחות, צום ווילדן געלעכטער פון די סאָלדאַטן און דער מויד אין די מיליטערישע קליידער.

— איצט שריי: אַ טויט אַלע יידישע לייבושעס! — האָט דער אָפיציר אים אָפּגעשטעלט. — הויך!

מאַקס האָט, אַ באַגאַסענער מיט שוויס, נישט געעפנט דאָס מויל. ער האָט שווער געאָטעמט. דער אָפיציר האָט אים דערלאַנגט מיטן שפּיצרוט איבער דעם קאָפּ.

— שרייען, וואָרעם איך וועל די נשמה אַרויסיאָגן!

יאַקוב האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט צום טיש. עטלעכע זשאַנדאַרמען האָבן אים אַרונטערגעדרייט די הענט.

— שרייען! — האָט דער אָפיציר באַפוילן.

מאַקס האָט אויפגעהויבן די אויגן, אַ קוק געטאָן אויף די צעיושעטע גוֹיִים אַרום, וואָס ווילן זיין שאַנד, דערנידעריקונג, און ער האָט זיי געגעבן, וואָס זיי ווילן!

— זאָלן פּגרן אַלע יידישע לייבושעס! — האָט ער געררופן אַלץ העכער און העכער, וויפל נאָר דער אָפיציר האָט געוואָלט און זיינע לונגען האָבן געקאָנט אַרויסברענגען.

דער המון האָט געהירזשעט פון הנאה.

— גוט, — האָט דאָס שפּיציקע אָפיצירל געלויבט. — און איצט אַבי־סעלע טאַנצן און זינגען, פאַבריקאַנט און הויז־באַזיצער פון לאָדזש, אַזוי אַ מה־יפית־טענצעלע פאַר אונדזערע ייִנגלעך די זעלנער, לעבעדיק!

ווידער האָט זיך יאַקוב אַ ריס געטאָן פון אָרט און ווידער האָבן די זשאַנדאַרמען אים פאַרהאַלטן, אַנקלאַפּנדיק אים די זייטן.

— ניין, מאַקס! — האָט ער געשריגן.

מאַקס האָט אים נישט געהערט. מיט דעם גרעסטן ביטול, וואָס ער האָט נאָר געהאַט צו גוֹיִים, האָט ער אַרומגעקוקט זיך אויף די צעלאָזענע באַדריקער זיינע, ווי מען קוקט אויף הינט, וואָס באַפאַלן, און געטאָן זייער ווילן, געדרייט זיך אין אַ קאַראַהאָד צווישן די זעלנער.

— לעבעדיק, שנעלער! — האָבן אַלע געשריגן און צוגעפּאַטשט מיט די הענט.

מאַקס האָט זיך אַזוי לאַנג געדרייט, ביז ער איז פון די פיס געפאַלן און געבליבן ליגן אויף דער ערד, אַ באַגאָסענער מיט שוויס, אָטעמענדיק שווער און אָפּגעהאַקט.

— לאָזן אים ליגן און צופירן דעם אַנדערן ייד! — האָט דער אָפי־ציר באַפוילן.

די זשאַנדאַרמען האָבן צוגעפירט יאַקובן צום טיש. ער איז געשטאַ־נען אַ טויט־בלאַסער, אָבער אַ גלייכער, אַן אימפּאָזאַנטער.

— פאַרזעצן דעם טאַנץ! — האָט דער אָפיציר באַפוילן.

יאַקוב האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

דאָס אָפיצירל איז רויט געוואָרן. אַלע סאָלדאַטן האָבן אויף אים געקוקט, געזען, וואָס ס'וועט אַרויסקומען צווישן זייער עלטסטן און דעם צעוואַקסענעם ייד. אים איז נישט אָנגעשטאַנען, וואָס זיינע באַפעלן ווערן נישט אויסגעפירט. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און אָנגעכאַפּט דעם ייד ביי דער באָרד.

— טאַנצן! — האָט ער געשריגן און געריסן דעם ייד צו דער ערד.

אין איין רגע האָט זיך יאַקוב אַרויסגעריסן פון אָפיצירל און אים אַראָפּגעלאָזט אַזאַ פּאַטש, אַז דער דאַרער פאַרשוין איז אָפּגעשפּרונגען אויף עטלעכע איילן און גלייך מיטן קאָפּ אין דער וואַנט אָנגעשלאָגן.

אַ ווײַלע איז דאָס וואַקזאַלעכל פאַרגליווערט געוואָרן. בלויז די מויד

אין מיליטערישע קליידער האָט זיך געלאָזט לויפן צום אָפיציר ביי דער וואַנט און מאַקס האָט פון דער ערד זיך געלאָזט צושאַרן צום ברודער אינ־מיטן שטוב.

— יאַקוב! — האָט ער גערופן אין שרעק. — יאַקוב!...

באַלד האָט זיך דער אָפיציר אויסגעגלייכט, אָפּגעווישט די פאַרפּלאַמטע באַק און גענומען מיט אַ ציטערדיקער האַנט גראַבלען ביים לעדערנעם בייטל, וואו דער רעוואָלווער זיינער ליגט. אַלע זענען געשטאַנען מיט אָפּגע־נע מיילער און געקוקט. עטלעכע מאָל האָט דער אָפיציר געמוזט עפענען דאָס שייטל, ביז ער איז צום רעוואָלווער צוגעקומען. די הענט די שפּי־ציקע האָבן שטאַרק זיך געטרייסלט. דערנאָך האָט ער אַ געשריי געטאָן צו די אַרומיקע:

— אָפּרוקן זיך!

און אויסגעשאָסן עטלעכע מאָל, איינס נאָכן אַנדערן, אין גרויסן אימ־פּאָזאַנטן בלאַסן מאַן, וואָס האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

— די קורטקע מיטן היטל, שנעלער! — האָט ער געשריגן צום זשאַנ־דאַרם ביים טיש מיט אַ געבראָכן קוויטשיק קול, וואָס ער האָט עס גע־וואָלט צוגעבן מיליטערישע באַפעלערישקייט.

מאַקס האָט זיך צוגעשאַרט צום אויסגעצויגענעם בלוטיקן ברודער אויף דער ערד און אַרומגענומען אים מיט זיינע הענט.

— פאַרוואָס האָסטו עס געטאָן, יאַקוב? — האָט ער געשריגן און אים געריסן פון דער ערד.

אָבער ער האָט אים נישט געקאָנט אויפהויבן. יאַקוב האָט נישט געלעבט. פון קאָפּ איז אים גערונען אַ שנירל וואַרעם בלוט גלייך אין דער באָרד אַריין.

פון די הילצערנע וואָקזאַל־ווענט האָט יעזוס אַראָפּגעקוקט פון צלם, צו וועלכן ער איז געווען צוגעקרייציקט.

מאַקס איז זיך פאַרגאַנגען אַרום דעם צווילינג־ברודער זיינעם, וועלכער האָט אַ שטייפער, גרויסער און אימפּאָזאַנטער געקיניגט איבער אַלעמען און אַלץ. די מענטשן אַרום זענען געשטאַנען קליינע, נידעריקע, אונטערטעניקע. נידעריקער פון אַלע איז געווען מאַקס, ליגנדיק ווי אַ צעטראָטענער וואָרעם אַרום זיין צווילינג־ברודער, וואָס האָט אים ווידער באַזיגט, ס׳לעצטע מאָל.

## קאַפּיטל איין און צוואַנציק

פאַר די גאַנצע זיבן טעג פון דער שבעה, וואָס מאַקס אַשכנזי איז געזעסן אין די זאָקן נאָך זיין אומגעקומענעם צווילינג־ברודער, האָט זיין קאָפּ, דער אויסגעדאַרטער, פּריצייטיק צעקנייטשטער און גרויער, נישט אויפ־געהערט טראַכטן וועגן זיין גורל.

געזעסן שבעה איז ער ביים ברודער אין הויז. גלייך פון דער לוויה האָט מען אים אויף אַ דראָזשקע אויפגעזעצט לעבן זיין טאָכטער גערטרוד און אים צום ברודערס הויז אַוועקגעפירט, אין וועלכן ער איז קיינמאָל פריער נישט געווען. אין די זאָקן אויף קליינע בענקעלעך, זענען זיי געזעסן, פאָטער און טאָכטער, איינער לעבן אַנדערן, אין גרויסן זאַל, וואו די שפּיג־לען זענען געווען פאַרהאַנגען און די זשיראַנדאָלן פאַרדעקט מיט שוואַר־צער קרעפּע, און געשוויגן, געשוויגן אויף זייער אומגליק.

אין דעם ערשטן טאָג האָט ער קיין שום זאַך צום מויל נישט געוואָלט נעמען, אַ חוץ רויך. דינהלע האָטביידע שבעה־זיצער גלעזער מילך צו־געטראָגן צו די קליינע בענקעלעך, זיי זאָלן שטאַרקן זייערע כוחות. מאַקס האָט נישט געוואָלט נעמען. בלויז רויך פון ציגאַרן האָט ער געשלונגען, און אַרויסגעלאָזט אים צוריק אויף די פאַרהאַנגענע שפּיגלען, אויף דער אַבלדיקער שוואַרצקייט פון אַ בלישטשענדיקן קלאַוויר. דאָס אַש האָט זיך געוואַלגערט ביי זיינע פיס אין די זאָקן. ער האָט מיט קיינעם נישט געוואָלט רעדן, קיינעמס רייד נישט אויפגענומען. בלויז דאָס ספר איוב האָט ער געלערנט, די רייד, די שווערע און ביטערע, צו וועלכע קיין טרייסט־ווערטער קאָנען נישט צוקומען.

„זאָל זיין פאַרשאָלטן דער טאָג, אין דעם איך בין געבוירן,״ האָט ער געלייענט, „און די נאַכט, אין דער עס איז אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז אַ מאַן האָט געמאַכט טראָגן. זאָלן אים שילטן די שילטערס פון טאָג, וואָס זענען אָנ־געגרייט צו דערוועקן קלאָג...״

גערטרוד האָט אַריינגעבויגן דעם קאָפּ צום פאָטער אין ספר, געקוקט אויף די אותיות, וואָס זענען איר פרעמד געווען, אָבער געזען האָט זי אין זיי דאָס גאַנצע אומגליק אירס. ער האָט זי נישט געטרייסט, דער פאָ־טער. ער האָט גאָרנישט געהאַט וואָס צו זאָגן דער טאָכטער זיינער, וואָס ער האָט איר קיינמאָל קיין גליק נישט געגעבן, קיינמאָל צו איר אין הויז נישט געקומען, און ווען ער איז שוין יאָ געקומען, האָט ער טרויער מיט־געבראַכט מיט זיך, אומגליק. טויט האָט ער געבראַכט אַהיים צו די, וואָס האָבן אים מוחל געווען און געוואָלט אים ראַטעווען. שבעה און אבילות האָט ער געבראַכט אַ מתנה אין הויז פון זיין טאָכטער, ביי וועלכער ער האָט דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן די שוועל פון הויז איבערגעטרעטן. מיטן קאָפּ איינגעגראָבן אין ספר איוב, כדי נישט צו זען די מענטשן אַרום זיך, כדי נישט אויפצוהייבן די אויגן אויף די, וואָס אַ גאַנץ לעבן האָט ער געקריוודעט, שלעכטס געטאָן, האָט ער געשעמט זיך פאַר זיין אייגענער טאָכטער גערטרוד, פאַר זיין געוועזן ווייב דינהלע, וואָס האָט אים גלע־זער מילך צוגעטראָגן צו זיין טרויער־בענקעלע. זיין צווייט ווייב איז געקומען אין הויז, אַוועקגעזעצט זיך אויף דער ערד לעבן אים און אים מיט די שווערע, האַלב־געליימטע הענט דעם אַקסל געגלעט. ער האָט צו איר קיין וואָרט נישט אויסגערעדט.

„דען עס איז אַ צייט צום מענטש אויף דער ערד,״ האָט ער געלייענט אין ספר איוב, „און ווי די טעג פון אַ טאָג־לוינער זענען זיינע טעג, און ווי אַ קנעכט טוט ער וואַרטן אויף שאָטן.״

אויף דעם צווייטן טאָג זענען מענטשן צו אים געקומען. צוליב דעם אומגליק זיינעם האָבן די מענטשן פאַרגעסן אין זיין אַמאָליקער אָפּגעזונ־דערטקייט, אין אַלטע עוולות, און געקומען צו אים, צום אַמאָליקן קעניג, וואָס זיצט אויף אַ קליין בענקעלע אין זיין צער. זיי האָבן דערציילט פון שטאָט, פון פאַבריקן, געשעפטן. מאַקס האָט נישט געוואָלט הערן. וואָס האָבן אים אינטערעסירט איצט מסחרים, געשעפטן? ניין, גאָרנישט איז אים פאַרבליבן מער איצט, צוליב וואָס ער זאָל אַרבעטן, טאָן, איינרייסן אַ וועלט. זיין לעבן איז פאַרשפּילט. ער איז אַלט, אויסגעפּייניקט, צעבראָכן. ער האָט געוואָלט אָנהויבן צוריק אַ ניי לעבן, אַ לעבן אַ מענטשלעכס, אַ וואַרעמס, צוזאַמען מיט אייגענע, נאָענטע. אָבער גאָט האָט נישט געוואָלט. ביי דער שוועל פון זיין ניי לעבן האָט ער אים אַוועקגעשטויסן, פאַרטריבן ווי אַ קרעציקן הונט, וואָס וויל אַריינקריגן זיך אין אַ שטוב. זעט אויס, אַז ער קאָן נאָר ברענגען אומגליק אויף דער וועלט. אַזוי איז עס געווען פריער, אין זיין פאַרבלענדעניש, ווען ער האָט זיך איין אויג אַרויסגענומען, אָבי דעם אַנדערן ביידע אויגן אויסצושטעכן; אַזוי איז עס אויך איצט, ווען דער שכל איז שוין געקומען, אָבער דאָס מזל איז אַוועק. אומגליק האָט ער געבראַכט מיט זיך, טרויער אין הויז פון זיין ברודער און טאָכטער. אַז מען זייט שטורעם, שניידט מען ווינט. ניין, נישטאָ פאַר אים מער קיין לעבן אויף דער וועלט. זיין גורל איז געחתמעט. ער וועט שוין אַזוי איבערשלעפּן זיינע לעצטע יאָרן אין טרויער און אין נישטיקייט. ווי לאַנג דען נאָך וועט ער אָנטרייבן נאָך דעם אַלעם? נישט כדאי אָנצוהויבן דאָס רעדל דרייען אויפסניי. וואָס דאַרף ער, מ׳שטיינס געזאָגט? ער האָט קיינמאָל אין זיין לעבן קיין גרויסע זאַכן נישט געדאַרפט. איצט דאַרף ער אוודאי גאָרנישט. זיין שטיקל ברויט, אַ העמד אויפן לייב און אַ ווינקל וואו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן וועט ער האָבן. מער דאַרף ער נישט. מער וויל ער גאָרנישט פון דער וועלט. געדעכט זענען די ספרים, די חכמים, נישטאָ מער קיין חילוק צווישן דעם מענטש און דער בהמה, דען אַלץ איז נאַריש־קייט. פּונקט ווי די בהמה אין יאָך, אַזוי שלעפּט דער מענטש די משא, דעם שפּאַן, יאָגט, לויפט, ביז ער פאַלט פלוצלונג פון די פיס און די אַנדערע טרעטן איבער אים אַריבער, כדי שפּעטער אויך אַזוי צו פאַלן.

אויפן דריטן טאָג האָט ער אָפּגעוואָרפן די הבל־הבלימדיקע געדאַנקען און אויף זייער אָרט איז געקומען פליכט, תכלית און עול. ניין, ער טאָר נישט אָפּלאָזן די פליגל, וואָרעם אַלץ איז איצט געבליבן אויף אים, אויף זיין אחריות. אויב ער אַליין דאַרף גאָרנישט, וויל גאָרנישט פון דער וועלט, זענען אָבער געבליבן אַנדערע, פאַר וועלכע ער דאַרף זאָרגן, זיין אַ פאָטער אַ געטרייער. אַלע, גערטרוד, זיין טאָכטער, איר קינד, דינהלע, דער זון

אין פראַנקרייך, דאָס צווייטע ווייב זיינס, די קראַנקע און אַלטע, אַלע זענען איצט געבליבן אַליין. ער דאַרף זייער היטער און פאַרזאָרגער זיין. ער דאַרף איצט פאַר אַלע זאָרגן, אַ באַשיצער זיין. ניין, ער קאָן נישט איבער־לאָזן אַלץ אויף הפקר. פאַרקערט, ער דאַרף איינשפּאַנען זיך, מיט די לעצ־טע כוחות אַרבעטן, אַבי די שטוב אויפהאַלטן, אַבי צוריק אין שלום און אין איינהייט די משפּחה אַשכנזי אויפהאַלטן. ווי אַמאָל ביי יידן, ווען אַ ברודער איז געשטאָרבן, האָט דער לעבעדיקער ברודער געמוזט אויפבויען דאָס הויז פון דעם אַוועקגעגאַנגענעם, אַזוי דאַרף ער איצט אויסבויען צוריק דאָס הויז אַשכנזי, וואָס זאָל בלייבן אַ געדעכעניש נאָך דעם אומגע־קומענעם ברודער. ניין, דאָס הויז אַשכנזי וועט נישט אונטערגיין. ער וועט עס צוריק אויפשטעלן. אַלע עוולות וועט ער פאַרריכטן, אָפּצאָלן פאַר דעם אומגליק, וואָס ער האָט געבראַכט.

ער האָט זיך שוין צוגעהערט צו די מענטשן, וואָס זענען אים געקומען מנחם־אבל זיין, פאַרנומען אַלע זייערע געשיכטן וועגן מסחרים, פאַבריקן, רייסענישן, מערק. אָבער קיין אָנטייל אין די אַלע זאַכן האָט ער נישט גענומען. נישט געמישט זיך גאָר. ער וויל נישט קענען מער די פאַרשאָלט־טענע שטאָט, דאָס לאַנד, וואָס האָט אים אַזוי מיאוס באַליידיקט, געשפּיגן אויף אים, ווי אַ וואָרעם מיט די פיס געטרעטן, זיין אייגן בלוט און פלייש אַזוי רציחהש אומגעבראַכט. ווען מען זאָל אים אָפּגילטן, וועט מער זיין פוס דאָ נישט בלייבן, ווייל אַש און שטויב איז מען דאָ, נידעריקער פון גראָז. ער וועט אַוועק פון דאַנען. ער וועט קיין ארץ־ישראל אַוועק, ווי זיינע פריינט די ציוניסטן ראַטן אים. ער האָט קיינמאָל דערפון נישט געוואָלט הערן, געהאַלטן די אַלע ציוניסטן פאַר פאַנטאַזיאָרן, פוסטע קעפּ, וואָס ווילן, אַז יידן סוחרים זאָלן מיטאַמאָל ווערן פּויערים. אָבער איצט זעט ער, אַז ער האָט אַ טעות געהאַט. וואָס האָט מען פון די פאַבריקן און הייזער, וואָס מען בויט אויס, אַז פרעמדע נעמען זיי צו? צייט צו בויען עפּעס פאַר זיך, נישט זיין תמיד ללעג ולקלס. ער וועט אַוועק פון דאַנען, אַלץ פאַר־קויפן, פאַר ביליק אַלץ אָפּלאָזן, מאַכן צו געלט און אַוועק, צוזאַמען מיט אַלע, מיט דער גאַנצער משפּחה זיינער. אונטער זיין ווייַנשטאָק און פייגנ־בוים וועט ער זיצן, צווישן יידן זיין, אַליין ביי זיך, פאַר קיינעם קיין מורא נישט האָבן, און לעבן אַ לעבן אַ שטילס, אַ געמיטלעכס, נישט יאָגן און טרייבן, נאָר עסן דאָס ברויט פון די אייגענע פעלדער, טרינקען די מילך פון אייגענע בהמות. אַ סך יידן פאָרן איצט פון דאַנען קיין ארץ־ישראל. מיט אַלע באַנען, זאָגט מען, לויפן מענטשן אַהין, יונג און אַלט, פרומע און פרייגעזאָגנטע. גלייך נאָך דער שבעה וועט ער אַלץ ליקווידירן און אַוועק, אַנטרינען פון די, וואָס לעכצן נאָך יידיש בלוט.

די יידן, וואָס האָבן אים מנחם־אבל געווען, האָבן אים געלויבט דערפאַר.

— אמתע רייד, — האָבן זיי געמורמלט. — מאַכט איר די התחלה, הער אַשכנזי, און האַלב לאָדזש וועט אייך נאָכלויפן.

אויפֿן פֿערטן טאָג האָט מאַקס אַשכנזי פֿאַרוואָרפֿן דעם פּלאַן פֿון פּלאַנצן וויינגערטנער און אַקערן ערד. דאָס איז אַן עסק פֿאַר יונגע בחורימלעך, וואָס האָבן פֿרישע כּוחות און טויגן נישט צו עפּעס אַנדערש. פֿאַר אים, אַשכנזין, איז עס נישט קיין עסק צו ווערן אויף די עלטערע יאָרן אַ פּויער. קיין גרויסע זאַכן קאָן ער דערביי נישט אויפֿטאָן. וואָס קאָן מען בכלל אויפֿטאָן ביי ערד? דאָס איז אַ פּראָסטע זאַך: לייגסט אַריין קערנער און נעמסט אַרויס קערנער. אַ סך מאָל נעמט מען גאָרנישט אַרויס, וואָס מען לייגט אַריין. די פֿאַרדינסטן זענען נישטיקע. אויך מוז מען קוקן אין הימל אַריין, בויען אויף דער זון, ווינטן, רעגן, אָפּהענגיק זיין פֿון יעדער קאַפּריז פֿון דער נאַטור. אויך דאַרף מען אַ וועלט מיט כּוחות אַריינלייגן אין דער ערד. מיט שווייס פֿון דיין פּנים וועסטו עסן דיין ברויט — שטייט געשריבן אין דער תּורה — און ער, אַשכנזי, האָט מער קיין כּוחות נישט דערצו. איבעריקנס דאַרף יעדער מענטש טאָן דאָס צו וואָס ער טויג, ביי וואָס ער קאָן אַרויסווייזן זיין בריהשקייט און גוטע איינפֿאַלן. עס איז אַן אומזין צו געבן אַ ברילּיאַנטן־שלייפֿער אַ לאָפּאַטע צו גראָבן ערד, וואָס אַ פּראָסטער פּויער קאָן מאַכן בעסער. ניין, דערמיט, וואָס ער וועט אין ארץ־ישׂראל באַאַרבעטן די ערד, וועט ער קיינעם קיין טובֿה נישט טאָן, נישט זיך, נישט דעם לאַנד. ער וועט בעסער אויפֿטאָן דאָרט גרויסע זאַכן. ער וועט די פֿאַבריק זיינע אַריבערפֿירן דאָרט. פֿון בלויז ברויט קאָן זיך קיין לאַנד נישט האַלטן. דאָס רייכקייט פֿון אַ לאַנד ליגט אין דער איבּ־דוסטריע. און ער, אַשכנזי, וועט דאָרט אַנטוויקלען אַן אינדוסטריע, ווי פֿריער אין לאָדזש. פֿאַבריקן וועט ער אויסבויען אויף דער הייליקער ערד, טויזנטער אַרבעטער ברויט געבן, די סחורות צו אַלע לענדער אַריינפֿירן, אַריינציען קאַפּיטאַל אין לאַנד, ווערן דער קעניג פֿון ארץ־ישׂראל. אַזאַ אַרבעט איז כּדאַי, איז ווערט נאָכאַמאָל אָנצוהייבן. ער וועט זיי ווייזן, אַשכנזי, וואָס ער וועט פֿון דעם לאַנד מאַכן! טאַקע דערפֿאַר, וואָס דאָרט איז קיין אינדוסטריע נישטאָ, דאַרף מען זי דאָרט אַנטוויקלען. אויך לאָדזש איז גאָרנישט לאַנג צוריק געווען אַ פּוסט שטעטעלע, נאָר אַז מענטשן מיט ענערגיע האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט, האָבן זיי דערפֿון געמאַכט אַ וועלט־שטאָט. איצט איז צייט פֿאַר דעם אייגענעם לאַנד עפּעס צו טאָן, צו גיין פֿאַר זיך, ווי יעקבֿ האָט געזאָגט צו לבֿנען — מתי אעשׂה גם אנכי לביתי. גענוג שוין געאַרבעט פֿאַר די לבֿנס, וואָס אַ חוץ שׂנאה און רויב האָבן זיי גאָרנישט פֿאַר יעקבֿן.

אויפֿן פֿינפֿטן טאָג איז דער ברען צום נייעם פּלאַן אָפּגעקילט געוואָרן ביי אַשכנזין, און באַטראַכטקייט, ישובֿ־הדעת איז אָנגעקומען אויף דעם אָרט. אַ מענטש טאָר נישט יאָגן, פֿליען אין דער וועלט אַריין. אָפּטאָן עפּעס אויף דער הייסער מינוט איז קיין חכמה נישט: דאָס קאָן יעדער. אַ מענטש מיט שׂכל דאַרף זיך גוט מיישבֿ זיין ביז ער טוט עפּעס. גלייכער פֿריער צען מאָל אויסצוטאַפּן דעם באָדן, ווען מען שטעלט אַ טראָט, איידער

צו לאָזן זיך אויף הפקר און אַריינפּאַלן. אויסבויען אַן אינדוסטריע אין לאַנד פון די אבות איז טאַקע זייער אַ שיינע זאַך, אַ יידישע זאַך. אָבער בויען לופט־שלעסער איז קיין קונץ נישט. עס איז נישט קיין גרויסע חכמה אויסצובויען אַ פאַבריק אָדער אַ סך פאַבריקן אין אַן אָרט. די הויפּט־זאַך איז, אַז די פאַבריקן, וואָס מען בויט אויס, זאָלן האָבן אַ מאַרק; וויכטיק איז צו שאַפן פּלעצער, וואו די אויסגעאַרבעטע סחורות אָפּצוזעצן. אמת, אויך לאָדזש איז אויסגעוואַקסן אויף זאַמד, אָבער די שטאָט איז געווען אין אַ לאַנד, וואָס האָט קיין אינדוסטריע נישט געהאַט, וואו מען האָט גע־דאַרפט האָבן סחורות. די שטאָט האָט געהאַט דאָס גרויסע רוסלאַנד אַרום זיך. אַפילו פּוילן אַליין, אָן רוסלאַנד, האָט מיליאָנען מענטשן. וואָס איז ארץ־ישראל? אַ לאַנד מיט אַראַבער, וואָס גייען קרועה־בלועה, דאַרפן גאָרנישט, קויפן גאָרנישט. מיט די ענגלענדער צו קאָנקורירן איז אויך נישט פון די לייכטע זאַכן. זיי זענען אַליין גוטע סוחרים. איין ענגלענדער קאָן צען יידן פאַרקויפן. דאָס ביסל יידן, וואָס ארץ־ישראל האָט, זענען וויניק, דערצו איז יעדער פון זיי אַ מיוחס, אַ שיינער ייד. מיט יידן איז גוט קוגל צו עסן, נישט צו האַנדלען. יעדער פון זיי איז אַליין אַ בעלן צו מאַכן געלט. אויך איז מיט וואַסער שווער דאָרט. ווער ווייסט, צי די דאָרטיקע וואַסערן וועלן גאָר גוט זיין צו וואַשן סחורות. אַלערליי אַנדערע מניעות זענען דאָ. לייכט קאָן מען דאָרט אַריינקריכן, אָבער שווער אַרויס־קריכן. גאָרנישט קיין גוטס הערט מען פון דאָרט, פון לאַנד, וואָס האַלט זיך אויס פון נדבות, טובות. מען דאַרף גוט באַרעכענען, איידער מען שטעלט דאָרט אַריין אַ פוס. טאָמער וועט אים נישט געראָטן, וועט מען גאָר פון אים חוזק מאַכן. די יידן אַליין וועלן אים אויסלאַכן.

אויפן זעקסטן טאָג האָט שוין אַשכנזי ביידע אויסגעשפּיצטע אויערן צוגעלייגט צו די רייד פון די סוחרים און פאַבריקאַנטן, וואָס זענען געקומען אים מנחם־אבל זיין. אַלע האָבן זיי אים געקוקט אין די אויגן אַריין, געוואָלט ווִיסן, צי עפּנט ער די פאַבריק זיינע, ווען ער עפנט און וואָס ער רעכנט אָנצוהויבן אַרבעטן. די וועלט האָט זיך נאָכן קריג גענומען איינ־שטעלן. קאָמיסיאָנערן און וואָיאַזשאָרן האָבן, ווי די ערשטע שוואַלבן אין פרילינג, זיך געוויזן. אויך האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן נייע מערק אין די שכנישע אַגראַר־לענדער, וואו מען קאָן אָפּזעצן לאָדזשער סחורות. ווען מ׳זאָל זיך נאָר צופּאַסן צו דעם גוסט און געשמאַק פון אָט די לענדער. אַלע אויגן זענען געווען געווענדט צו אַשכנזין, צום לאָדזשער אַמאָליקן קעניג, וואָס איז איצט צוריקגעקומען אין שטאָט. ווי קינדער, וואָס לער־נען זיך גיין, האָבן די מענטשן אין דער אָפּגעשטאָרבענער שטאָט געקוקט אַשכנזין אין די אויגן אַריין, צו זען, וואָס ער טוט, און צו וויסן, וואָס מען דאַרף נאָכטאָן.

— הער אַשכנזי, הויבט איר אָן, און אַלע וועלן אייך נאָכגיין, — האָבן די מענטשן אים געבעטן. — אַלע קוקן אויף אייך.

אויפֿן זיבעטן טאָג, דעם לעצטן פֿון זיין טרויער, האָט אַשכנזי זיך אויפגעהויבן פֿון זיין קליין בענקעלע און אָנגעהויבן אַרומגיין אין די זאָקן איבער די ווייכע טעפּיכער פֿון זיין טאָכטערס גרויסן זאַל.

— ניין, ער וועט נישט אָפּטרעטן פֿון פּלאַץ, — האָט ער אָפּגעמאַכט ביי זיך. — דווקא ווייל זיי ווילן אַזוי, די גויים, ער זאָל אַוועק פֿון דאַנען; טאַקע דערפֿאַר, וואָס זיי ווילן אַרויסרויכערן אים, אויף צוויי שפּענדלעך אַרויסטראָגן, וועט ער זיי נישט צוליב טאָן. אַ מכה זיי אַ גרויסע! מיט זיינע צוויי הענט האָט ער אויפגעבויט זיין פֿאַרמעגן, נישט געלעבט, נישט גערוט, נאָר געאַרבעט און געהאָרעוועט. אין דער צייט ווען זיי, די פּריצים, האָבן געהולטאַיעוועט, אָפּגעזעסן אין פּאַריז, מיט ווייבער און קאָרטן דאָס לעבן פֿאַרבראַכט, איז ער געלעגן, ווי אַ הונט, אויפֿן אָרט, געבויט, געשאַפֿן. איצט ווילן זיי קומען צום גרייטן, איבערנעמען אַלץ, און די בויער און שאַפֿער שיקן צו אַלדי רוחות. אָבער ער וועט זיי דאָס נישט צוליב טאָן. ער וועט בלייבן אויפֿן פּלאַץ, זיין האָב און גוטס קיינעם נישט שענקען. נישטאָ קיין געשאַנקענע זאַכן. הלוואי וואָלט יעקב־בונם, עליו־השלום, געוועזן אַנדערש געטראַכט, וואָלט ער איצט צוזאַמען מיט אים געאַרבעט, לאָדזש אין די הענט אַריינגענומען. ער איז געגאַנגען אין גויאישע וועגן, אין נאַרישקייטן זיך געהאַלטן, אין פּוסטן שטאָלץ, און אומגעקומען, נעבעך. אָבער דאָס איז אַן אומזין. אַ ייד דאַרף זיך נישט האַלטן אין די גויאישע פּוסטע דרכים, דאָס לעבן אָפּצוגעבן פֿאַרן נאַרישן האָנאָר. ווען הינט באַפֿאַלן אַ מענטש, איז נישט קיין שכל, דער מענטש זאָל ביי זיך געפֿאַלן ווערן דעריבער. הינט האָבן טאַקע צײן, זענען שטאַרקער פֿון מענטש, אָבער דערמיט הערן זיי נישט אויף צו זיין קיין כלבים און דער מענטש בלייבט מענטש. בעסער האָבן געטאָן אונדזערע זיידעס און עלטער־זיידעס, וואָס האָבן דעם גוי אַזוי מבטל געווען, אַז זיי האָבן זיך גאָרנישט געמאַכט פֿון זיינע באַליידיקונגען און בזיונות, ווי מען מאַכט זיך נישט פֿון אַ הונט אין גאַס. ניין, נישט כדאי אַוועקצוגעבן דאָס לעבן פֿאַר אַזעלכע זאַכן. נישט אין גבורה איז דער כוח פֿון ישראל, נאָר אין קאָפּ, אין שכל. פֿון אַלע צייטן האָבן זיי, די גויעצעס, מבזה געווען דעם ייד, חוזק געמאַכט פֿון אים, געפּייניקט אים, און דער ייד האָט געמוזט שווייגן. ווייל ער איז געווען אין גלות, ווייל ער איז דאָס שעפּעלע צווישן די וועלף. דאָס שעפּעלע קאָן זיך מיט דעם וואָלף נישט שלאָגן, ווייל דער וואָלף איז שטאַרקער. וואָלטן יידן טאַקע געגאַנגען מיט גויאישע דרכים, וואָלט שוין לאַנג זייער געביין נישט געווען, קיין שריד ופליט וואָלט פֿון זיי נישט געבליבן. אָבער יידן האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז זייער וועג איז אַן אַנדערער, אַז נישט די גויאישע וועגן זענען זייערע, אַז נישט די גויאישע כיבודים זענען יידישע. דאָס טאַקע האָט זיי געגעבן דעם כוח בייצושטיין אַלץ, און אַ סך מאָל אַפֿילו אַזוי גרויס דערגיין, אַז די גויים זאָלן מוזן צו זיי אָנקומען, בעטן זייערע טובות. דאָס איז די גבורה פֿון ייד, די נקמה זיינע אין גוי. נישט מיט

דער שווערד, נישט מיט דער פּויסט, ווייל די פּויסט געהערט עשון, און דאָס קול, דער שכל — יעקבן. הונדערטער יאָרן האָבן יידן געזונגען און געטאַנצט פאַר די גויים, ווייל זיי האָבן געמוזט, ווייל די רוצחים האָבן עס פון זיי פאַרלאַנגט. ווען ביטערע צייטן קומען אָן אויף יידן, דאַרפן זיי נישט אומברענגען זיך, נאָר צופרידנשטעלן די בייזע חיה אויף אַ ווייל, כדי צו בלייבן און צו קומען צו זיך.

הלוואי וואָלט דאָס יעקב־בונם, עליו השלום, פאַרשטאַנען, ווי ער אַליין, וואָלט ער נעבעך אַזאַ סוף נישט געהאַט. בזיון, וואָס אַ שטאַרקער טוט אָן אַ שוואַכן, איז נישט קיין בזיון פאַר דעם געפּייניקטן, נאָר פאַר דעם פּייניקער. דער סוף קומט אַליין די פּייניקער. ווי שטייט עס אין פּרק — ווייל דו האָסט דערטרונקען, האָט מען דיך דערטרונקען, און די, וואָס האָבן דיך דערטרונקען, וועלן אויך דערטרונקען ווערן. ער האָט אים געבעטן, גע־שריגן צו אים, ער זאָל זיך נישט קעגנשטעלן. ווייל עס איז אַן אומזין קעגנצושטעלן זיך אַ וואָלף, וואָס וויל דיך פאַרצוקן. אַ בייזע חיה דאַרף מען אַרומגיין, מיט שכל און ערמה אויסמיידן, מציל זיין זיך. ווי גוט וואָלט דאָס געווען, ווען זיי קאָנען ביידע איצט אַזוי גיין האַנט אין האַנט, צוזאַ־מען די שטאָט אין די הענט אַריינגעמען. אָבער ער האָט אים נישט גע־פאָלגט. ער איז שטענדיק געגאַנגען אויף קרומע וועגן, געלעבט נישט אויסגערעכנט, נאָר לויט דעם בלוט, און בלוט איז נישט קיין יידישע זאַך.

אַשכנזי האָט דערפילט אַ פּייכטקייט אין די אויגן, דערמאָנענדיק זיך אין ברודערס אומגליק. ניין, זיי וועלן שוין צוזאַמען נישט קאָנען גיין. נישט באַשערט געווען. אָבער ער אַליין וועט איצט אַרויס אין מלחמה קעגן די אַלע, וואָס ווילן אים פאַרטרייבן, פון שטאָט אויסרויכערן, צורייבן זיינס. ניין, ער וועט זיי נישט צוליב טאָן! זיי וואַרטן נאָר דערויף. מיט די נעגל וועט ער זיך האַלטן אין זיינס. צוריק וועט ער דער קעניג פון לאָדזש ווערן. די היטלען וועלן זיי מוזן אַראָפּנעמען, די שונאים זיינע, פאַר אים, אויף די נעגל שטיין, ווי אַמאָל די דייטשוקעס, וואָס האָבן אים פיינט געהאַט, אָבער דרך־ארץ געמוזט האָבן. ער וועט נאָך ווייזן, ווער עס איז באַלעבאָס אין לאָדזש.

איינמאָל האָבן זיי אים געכאַפּט אין אַ ווינקל ווי רוצחים און אים דער־נידעריקט, געשפּיגן אויף אים. אָבער זיי וועלן אים אָפּצאָלן דערפאַר, אויך פאַר זיין ברודער וועלן זיי אים אָפּצאָלן. זאָל ער נאָר זיך צוריק־נעמען צו דער אַרבעט, פונאַנדערפירן די הענט, אַריינגעמען די שטאָט, ווערן דער קעניג פון לאָדזש. ווי די קנעכט וועלן זיי מוזן שטיין פאַר אים, בעטן זיין טובה. דער ייד האָט קיינמאָל קיין אַנדער כלי־זין נישט געהאַט אין די הענט ווי דאָס געלט. דאָס איז געווען זיין שווערד, זיין שפּיז. און אויך ער וועט מיט דעם כלי־זין אין די הענט גיין. אַ נאַר איז דער, וואָס וויל אָפּטרעטן פון קאַמף, וואָס אין צאָרן וואַרפט ער דעם שונא צו דאָס שלאַכטפעלד. ניין, נישט ביי מאַקס אַשכנזי!

אויפן אַכטן טאָג האָט אַשכּנזי אַרויפגעצויגן די שיך אויף זיינע פיס, אָפּגעראַזירט דאָס פּנים, אויף וועלכן די האָר זענען זיך שטעכיק צעוואַקסן איבער די טרויער־טעג, אָנגעטאָן אַנדערע קליידער, אָן דעם קריעה־ריס אין לאַץ, און אַרויס צו דער שטאָט, וואָס ער האָט זי עטלעכע יאָר פאַר־לאָזט, כּדי זי ווידער אין די הענט אַריין צוריק צו נעמען, כּדי צו דער־אָבערן אויפסניי.

## קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

מיט באַנייטער ענערגיע און ווילן, ווי אין די גאָר יונגע יאָרן, איז אַשכּנזי געגאַנגען צו זיין חרוב קעניגרייך אין לאָדזש, צו דער קרוין פון גרעסטן מאַנופאַקטור־קעניג, וואָס ער האָט אויף אַ צייט פאַרלוירן.

ווי שטענדיק, האָט ער דעראָבערט זיינס מיט קאַמף, מיט פאַרביסנ־קייט און עקשנות.

אָנגעהויבן האָט ער מיטן פּאַלאַץ. אין פּאַלאַץ זיינעם, וואָס איז אי־בערגעגאַנגען פון דייטשן קאָמענדאַנט צו די פּוילישע מיליטער־לייט, האָט איצט דער עלטסטער פון לאָדזש געוואוינט, דער וואָיעוואָדע פּאָנטש־פּאַנ־טשעווסקי. אים איז נישט אָנגעשטאַנען אין דער שטאָט פון פּאַלאַצן צו וואוינען אין קאַזאַרמע־אויסזעענדיקן מלוכה־הויז, וואָס איז נאָכן רוסישן אָבער־פּאָליצמייסטער פאַרבליבן. וואָרעם כאָטש אויף די אָפיציעלע פּאַפּירן האָט זיך דער וואָיעוואָדע פּאָנטש־פּאַנטשעווסקי געמוזט אונטערשרייבן בלויז מיטן נאָמען, אָן קיין אַדעליקן טיטול, ווי דאָס נייע געזעץ האָט געהייסן, איז ער אָבער אין דער אמתן געווען פון גאָר אַ גרויסן יחוס, אַ פּירשט. און ער האָט זיך אין אַשכּנזיס פּאַלאַץ באַזעצט, וואָס איז פון דייטשן קאָמענ־דאַנט אָפּגענומען געוואָרן. אַשכּנזי האָט געפאָדערט זיינס, אָבער דער וואָיעוואָדע האָט אים נישט געענטפערט. האָט אַשכּנזי די גרעסטע אַדוואָקאַטן גענומען און דעם וואָיעוואָדע אין געריכט אָנגעקלאָגט. די ריכטער האָבן פּרובירט שלעפּן, אָפּלייגן דעם פּראָצעס, אַרויסרופן נייע עדות, כּדי אַשכּנזין זאָל דער עסק מיאוס ווערן. אָבער אַשכּנזי האָט נישט געשוויגן, מיט געלט געוואָרפן, אונטערגעשמירט, וואו מען האָט געדאַרפט, און צום העכסטן געריכט די זאַך דערפירט. דאָרט האָט ער אָן אורטייל קעגן וואָיעוואָדע אַרויסגעקריגן און אים געצוואונגען אָפּצורייניקן דעם פּאַלאַץ.

דער זויערער וואָיעוואָדע מיט די גרויסע וואָנצן, וואָס זעלטן, אַז מען זעט אַזעלכע אַפילו ביי פּאָליאַקן, מיט דעם הויכן שטייפן אַלטמאָדישן קראַגן און שוואַרצן קראַוואַט, פאַרפּוצט מיט אַ גאָלדן צלמל, האָט געקלאַפּט מיט דער שלאַבריקער האַנט אין זיין טיש פאַר כּעס, וואָס די ריכטער האָבן אין סכסוך צווישן אים און דעם ייד געגעבן גערעכט דעם ייד, נישט אים, דעם וואָיעוואָדע. ער האָט כאָטש געוואָלט בלייבן אין פּאַלאַץ פאַר דירה־

געלט, וואָס ער וועט דעם אַשכנזין צאָלן. אים איז נישט אָנגעשטאַנען אַרויס־צוציען זיך פון דעם פּאַלאַץ אויף דעם יידנס פאַרלאַנג. אָבער אַשכנזי האָט אויך דערויף נישט געוואָלט איינגיין. ערשטנס, איז ער געגאַנגען איצט אויפסניי איינעמען לאָדזש, ווערן צוריק דער קעניג, און אָן דעם פּאַלאַץ זיינעם וועט זיין מלוכה קיין פּנים נישט האָבן; צווייטנס, איז עס אים געגאַנגען אין אַמביציע. ווען זיי האָבן געקאָנט, האָבן זיי אים געהייסן טאַנצן, איצט, ווען ער קאָן, וועלן זיי ביי אים טאַנצן. ניין, זאָלן זיי נישט מיינען, די פּריצים, אַז פאַר געלט קאָן מען אַלץ ביי אים אָנקריגן. ער וועט נישט אָפּטרעטן פון זיינס, וואו ער איז באַלעבאָס. דאָ איז נישט קיין פאַרוואָרפן וואָקזאַלכעל אין עפּעס אַ לאָפּי. דאָ איז ער באַלעבאָס, און ווי לאַנג דאָס געזעץ איז געזעץ, וועט אים קיין וואָיעוואָדע אין דער וועלט נישט זאָגן קיין דעות.

נישט אין קיין געהויבענעם צושטאַנד האָט דער פירשט פּאַנטש־פּאַנ־טשעווסקי איבערגעלאָזט אַשכנזין דעם פּאַלאַץ. די דינער זיינע האָבן שטאַרק צורעכט געמאַכט דעם ייד זיין פּאַלאַץ פאַרן אַרויסציען זיך. אַשכנזי האָט אָנגעטראָפן אָפּגעשיילטע ווענט, צעבראָכן מעבל. אויך האָבן זאַכן געפעלט, בילדער אַלערליי, גלאָזוואַרג און בראָנזן. אָבער עס איז ווערט געווען. אין דער גאַנצער שטאָט האָט מען גערעדט וועגן אַשכנזיס זיג.

— אַשכנזי איז געבליבן אַשכנזי, — האָט מען געזאָגט, — דער רוח האָט אים נישט גענומען...

אַשכנזי האָט זיך גלייך אַריינגעקליבן אין פּאַלאַץ אַריין און דערפילט זיך צוריק אין דער אַלטער הויט.

נאָך דעם פּאַלאַץ האָט ער זיך גענומען צו דער פאַבריק, דער פאַר־לאָזטער און חרובער. מער ווי אין פּאַלאַץ, זענען די חורבנות אין דער פאַבריק געווען. די דייטשן האָבן אַרויסגעפירט מאַשינען אַלערליי, די טראַנסמיסיעס אַראָפּגענומען, די קעסלען אַרויסגעשלעפּט. מען האָט גע־דאַרפט האָבן אַ פאַרמעגן מיט געלט די פאַבריק צו לאָזן אין גאַנג. אַשכנזי האָט קיין קאַפּיטאַל נישט געהאַט. מער ווי די צוויי הענט האָט ער איצט נישט פאַרמאָגט.

תחילת האָט ער גענומען זוכן קרעדיטן ביי דער מלוכה־באַנק. אין די שענסטע קליידער, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, מיט דעם ציגאַר אין מויל און מיט רייד שכלדיקע און גלאַטע, וואָס לייגן זיך אויפן האַרץ, איז ער צום דירעקטאָר פון דער מלוכה־באַנק אַוועק און געבעטן אַן אודיענץ. דער דיקער אויסגעפּוצטער דירעקטאָר, אַ געוועזענער באַנק־באַאַמטער ביי די רוסן, וועלכער פלעגט אַשכנזין קענען נאָך פון פריערדיקע גוטע צייטן, האָט זייער שיין אויפגענומען דעם אַמאָליקן לאָדזשער קעניג, אויס־געדריקט אים אַפילו באַדויערן פאַר זיין אומגליק, און כסדר צוגעשאָקלט מיט אַלע גוידערס פון זיין אויסגעגאָלטן קיין צו אַלעם, וואָס אַשכנזי האָט אַזוי הייס און שכלדיק פאָרגעלייגט.

געוויס, דאָס איז זייער אַ שיינער טאַט אויסצובויען צוריק די אינ־דוסטריע אין באַנייטן פוילן, וואָס די פאַרדאַמטע דייטשע אָקופּאַנטן האָבן חרוב געמאַכט. דאָס איז אַ פּאַטריאָטישער טאַט, וואָס איז לויבנסווערט. אויך וועט דאָס פאַרקלענערן די אַרבעטסלאָזיקייט, וואָס איז ליידער זייער גרויס. מען האָט פון זיי גענוג צרות, פון די אַרבעטסלאָזע, שטענדיקע דעמאָנסטראַ־ציעס, מיטינגען, געשלעגן מיט דער פּאָליציי.

אָבער, אַז עס איז געקומען צום עיקר, וועגן גרויסע קרעדיטן, וואָס די באַנק זאָל געבן 'אַשכנזין צו לאָזן אין גאַנג זיין פאַבריק, איז דער העפלעכער דירעקטאָר מיטאַמאָל פאַרוואָלקנט געוואָרן און נערוועז גענומען פויקן מיט די דיקע פינגער איבער דעם טיש.

— שווער, זייער שווער, געערטער הער פּרעזעס, פאַר דער פּוילישער באַנק איצט גרויסע קרעדיטן צו געבן. ביים בעסטן ווילן, זענען מיר עס נישט אימשטאַנד. זאָל נאָר דאָס לאַנד קומען צו זיך, איינפעסטיקן זיך, און מיר וועלן מיט פאַרגעניגן העלפן דער אינדוסטריע און האַנדל... איך פאַרזיכער אייך...

ניין, זיי האָבן נישט געהאַט בדעה, די נייע הערשער, אויפצובויען צו־ריק דאָס יידישע לאָדזש. כאָטש דער וואָיעוואָדע פּאַנטש־פּאַנטשעווסקי האָט ביי יעדער געלעגנהייט גערעדט פאַר די פאַרזאַמלטע אינדוסטריעלער אין שטאָט, אַז ער וועט מיט אַלע כוחות זען העלפן אויפבויען די שטאָט, וואָס די דייטשע אָקופּאַנטן האָבן אויסגעליידיקט און פאַרוויסט, האָט ער נישט געטראַכט צוריקצושטעלן אויף די פיס די פאַריידישטע שטאָט, דעם ירושלים אויף דער פּוילישער ערד. ער האָט פון אַלעמאָל פיינט געהאַט די שטאָט, נישט געוואָלט אַריינשמעקן צו איר, נישט געקאָנט פאַרטראָגן די פּאַלאַצן, וואָס די געוועזענע אַרענדאַרן האָבן זיך אויסגעבויט, די קאַרעטן, אין וועלכע זיי האָבן אַרומגאַלאָפּירט. איצט, זינט ער איז געוואָרן וואָיעוואָדע דאָ, איז ער גאָר געווען בייז אויף דער שטאָט, געהאַסט זי.

כאָטש ער האָט געהאַט אַ הויכן אַמט אין נייעם פוילן, דערלעבט צום גרויסן כבוד צו זיין וואָיעוואָדע אין דער צווייטער שטאָט אין לאַנד, איז דער וואָיעוואָדע פּאַנטש־פּאַנטשעווסקי געווען נישט צופרידן. ער האָט בעסער געשטרעבט צו אַן אַנדער אַמט, צו אַן אַמבאַסאַדע ערגעץ אין פּאַריז אָדער אין רוים, וואו מען זאָל האָבן צו טאָן מיט הויכע נאָבעלע פּערזאָ־נען, נישט מיט אַלערליי פאַבריקאַנטן, קנאָבל־יידן און קרעמער. אָבער אין נייעם פוילן זענען נישט די אַדל־לייט גערופן געוואָרן צו די העכסטע פּאָסטנס, נאָר אַלערליי אַדוואָקאַטן, פאַרטיימאַכער, אָפטמאָל אַפילו געווע־זענע אַרעסטאַנטן און פּעבל פון ערגסטן סאָרט. בלויז געציילטע אַריסטאָ־קראַטן האָט מען הויכע אַמטן געגעבן. דערביי האָבן זיי נישט געטאָרט אַפילו אונטערשרייבן זיך מיט די אַריסטאָקראַטישע טיטולן אויף די אָפּי־ציעלע פּאַפּירן, נאָר בלויז ביים נאָמען, ווי יעדער אַנדערער בירגער. אין דער רעגירונג זענען געזעסן לייט, וואָס ער, פּירשט פּאַנטש־פּאַנטשעווסקי,

וואָלט זיי פריער די האַנט נישט געגעבן. אַליין דער אינערן־מיניסטער, דער שעף זיינער, איז אין טורמע ביי די רוסן געזעסן. אַט, אונטער דעם פאַרשוין, האָט ער, אַ פירשט פון בלויסטן בלוט, געמוזט זיין אונטער־געוואָרפן. אָבער ערגער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס מען האָט אים אין דער יידישער פאַרמיסטיקטער שטאָט אַריינגעזעצט, וואו ער מוז זיך צו־נויפטרעפן מיט אַלערליי יידן, פאַבריקאַנטן און סוחרים, געוועזענע אַרענדאַרן, הערינג־פרעסער, רעדן מיט זיי ווי מיט זיינס גלייכן, און טייל פון זיי, די בערן, אַפילו אויף בעלער צו זיך אין הויז איינלאַדן. אויך קומען אָפט זשורנאַליסטן צו אים, שמירערס אַלערליי פון אויסלענדישע בלעטער, מערסטנס יידלעך, נאָך אינטערוויוען וועגן אָנפאַלן אויף יידן אין שטאָט. ער מוז צו זיי אַ פריינטלעך פנים מאַכן, אויפנעמען און פאַרזיכערן אין זיין גלייכער באַציאונג צו די יידן אין לאַנד. לעצטנס האָט ער גאָר געהאַט אַ מיאוסע אַרבעט. פון אויסלאַנד איז אַ וויכטיקער דיפּלאָמאַט געקומען, כדי אויסצופאָרשן, וואָס אין לאַנד טוט זיך מיט די יידן, וואָס די זעלנער לופטערן זיי דורך. מיט אים צוזאַמען זענען פון וואַרשע הויכע באַאמטע געקומען. אַט דעם דיפּלאָמאַט, וואָס איז טאַקע אַ ייד דערצו, — שבת איז ער אַפילו צו זיינע לייט אין שול אַריינגעגאַנגען, — האָט ער, פירשט פּאַנטש־פּאַנטשעווסקי, געדאַרפט באַגלייטן, העפלעך זיין צו אים און אַפילו אַ מיטאָג געבן ביי זיך פאַר זיין כבוד מיט טאָסטן, רעדעס. און ווי די צייַ־טונגען האָבן געשריבן, שטאַמט ער גאָר פון פוילן, איז ער סך־הכל אַן אייניקל פון אַ פוילישן ייד, אַן אַרענדאַר אָדער אַ קרעמער.

פירשט פּאַנטש־פּאַנטשעווסקי, דער טאַטע פון דער שטאָט, האָט גע־האַסט די שטאָט זיינע, פיינט געהאַט זי נישט ווייניקער פון באַראָן הײדעל־היידעללאָו. יעדער מאָל אויפסניי, ווען ער פלעגט דאַרפן באַגעגענען זיך מיט די יידישע פאַבריקאַנטן, סוחרים און אינטעליגענטן, איז אים דאָס בלויע פירשטלעכע בלוט פאַרגליווערט געוואָרן פון דערנידערונג. ער איז גאָרנישט געווען אַזאַ שונא־ישראל, פירשט פּאַנטש־פּאַנטשעווסקי, אָבער ער האָט זיי געוואָלט זען, די יידן, אַזעלכע ווי אין די קינדער־יאָרן — מיט לאַנגע קאַפּאָטעס, אַרענדאַרן, דאָרפס־גייער, וואָס קושן ביים פּריץ די פּאָלע, דערשראָקענע, אונטערטעניקע. ער האָט ליב געהאַט אַלץ, וואָס איז אַלט, טראַדיציאָנעל, אַלץ זאָל זיך פירן ווי ביי טאַטעס און זיידעס האָט זיך געפירט. אַ פּריץ זאָל זיין אַ פּריץ, אַ פּויער — אַ פּויער און אַ ייד — אַ ייד. ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלן פוילן אָן אַ ייד, נישט הנאה געהאַט פון אַ פוילישן וועג, וואָס אַז מען פאָרט פאַרביי מיט דער קאַרעטע, זאָל מען נישט אָנטרעפן אַ בערדיקן געבויגענעם יידן, וואָס טרעט אָפּ אונטערטעניק דעם וועג און ציט אַראָפּ דאָס היטל.

פיינט געהאַט האָט ער די יידן מיט די וואָנצן, וואָס זיי לאָזן וואַקסן ווי די פּריצים, די באַנקירן זייערע מיט די פראַקן אויף די בעלער, די אינטעליגענטן, וואָס קריכן אומעטום אַריין און רייסן זיך צו זיין דעה־

זאָגער, די מאַגנאַטן אין די פּאַלאַצן און אין די קאַרעטן. ווי לאַנג די רוסן זענען געווען אין לאַנד, האָט פירשט פּאַנטש־פּאַנטשעווסקי גאָרנישט געקאָנט טאָן קעגן דעם. דער גובערנאַטאָר אַליין פלעגט גערנער פאַר־ברענגען אין די יידישע פּאַלאַצן אויף בעלער און קאָרטן איידער ביי די פּריצים אין די הויפן. אָבער איצט, אַז פּוילן איז געוואָרן צוריק פּוילן, דאַרף מען איינפירן אָרדענונג, ווי אין די גוטע גאָלדענע צייטן האָט זיך געפירט — פּריץ צו דער הערשאַפט, פּויער צום מיסט און ייד צום זעקל אויף די פּלייצעס.

קעגן די פּויערים און פּעבל האָט ער גאָרנישט געקאָנט טאָן. זייער צייט איז אָנגעקומען. אָבער ביי די יידן האָט מען יאָ געקאָנט פונאַנדער־נעמען די הענט. אַליין אין דער רעגירונג זענען פיל פון די מיניסטאָרן געווען קעגן זיי. מען האָט געוואָלט דעם מסחר און אינדוסטריע אין פּוי־לישע הענט איבערפירן, און קודם־כל לאָדזש, די יידישע מלוכה, אויס־רויכערן און פון איר אַ לייטישן אייגענעם עכט־פּוילישן אינדוסטריע־צענטער מאַכן, אָן די אַלע קרומנעזיקע קעניגן און קעניגלעך, וואָס האָבן זיך דאָרט פונאַנדערגעלייגט.

און וואָיעוואָדע פּאַנטש־פּאַנטשעווסקי האָט אַלץ געטאָן זיין זאַך דורכ־צופירן. ער האָט איבערגערעדט זיך מיט דעם דירעקטאָר פון דער באַנק און אים געהייסן זיין איינגעהאַלטן מיט קרעדיטן ווען יידן וועלן קומען נאָך געלט. דערפאַר זאָל מען אַרויסגעבן ברייטע קרעדיטן, אויף לאַנגע טערמינען, יעדן פּאַליאַק, וואָס וועט פאַרלייגן אַ פאַבריק אָדער אָפּקויפן אַ פאַבריק ביי אַ יידן. מער נאָך דערפון האָט ער שטאַרק געשטיצט די נייע פּוילישע מאַנופאַקטור־אַקציען־געזעלשאַפט, וואָס די קריסטלעכע פאַר־טיי „איניקייט" האָט געשאַפן, כדי צו אַנטוויקלען אייגענע גרויסע וועבע־רייען און שפּינערייען אין דער פאַריידישטער שטאָט. ער האָט מיניסטאָרן פון דער הויפּט־שטאָט אַראָפּגעבראַכט צו דער עפענונג פון דער ערשטער „איניקייט"־פאַבריק. אויך קאַרדינאַלן און גלחים זיי זאָלן מיט קריסטלעך וואַסער די נייע בנינים אָפּשפּריצן און הייליקן. אויך האָט ער געלאָזט רופן צו זיך דעם פאָרשטייער פון נאַציאָנאַלן קריסטלעכן אַרבעטער־פאַראיין און זיך דורכגערעדט מיט אים, מען זאָל די נייע וועבערייען אַנטקעגנקו־מען, קיין שטרייקן נישט מאַכן און לאָזן זיי אַרבעטן במנוחה. אָבער מער פון אַלץ האָט ער געלט זיי געשאַפן, קרעדיטן געגעבן אַלערליי, סובסידיעס. ער אַליין, דער וואָיעוואָדע, עטלעכע מיניסטאָרן, וויכטיקע דעפּוטאַטן האָבן טאַקע אויך אַליין שיינע עטלעכע פּעקלעך אַקציעס פון דער נייער אונטער־נעמונג געהאַט און געטאָן אַלץ, אַז זיי זאָלן וואַקסן און הויבן זיך.

די יידן זענען געלאָפן מיט דעפּוטאַציעס קיין וואַרשע, אויפגעוויזן, אַז דערמיט, וואָס מען העלפט זיי נישט קיין קרעדיט געבן, ייאָקסט די אַרבעטסלאָזיקייט, אָבער דער וואָיעוואָדע האָט אַלע זייערע שתדלנותן אָפּ־געשלאָגן. אַליין דעם פּרעמיער־מיניסטער האָט ער אויפגעוויזן, אַז פּוילן

דאַרף דער עיקר זיין פּאַראַינטערעסירט אין דער ערד, אין די גרויסע גיטער, פעלדער און וועלדער, וואָס דאָס איז דער קערן פון לאַנד, נישט אין דער אויפגעבלאָזענער יידישע אינדוסטריע און האַנדל. אויב שוין אינ־דוסטריע, דאַרף זי זיין אַן אייגענע, אַ פּוילישע, וואָס די פּריצים און מאַג־נאַטן דאַרפן אויסבויען, זייערע קאַפּיטאַלן אין דעם אַריינלייגן. נאַטיר־לעך, האָט עס דער דירעקטאָר פון דער מלוכה־באַנק אין לאָדזש נישט געזאָגט די יידן, וואָס זענען געקומען צו אים נאָך קרעדיטן, וואָרעם מען ווייסט, וואָסער טומל די יידן הויבן באַלד אויף דער וועלט, ווען מען רירט זיי אָן, מען האָט דערנאָך צו זינגען און צו זאָגן פון זיי. פאַרקערט, ער האָט שטאַרק געלויבט זייער וועלן אויפבויען די אינדוסטריע, אָבער אַז עס איז געקומען צום געבן געלט, האָט ער זייער אַ פאַרוואָלקנט פּנים געקריגן און געקלאָגט זיך, אַז דאָס לאַנד האָט קיין געלט נישט. אַלע קרעדיטן זענען אַוועק פאַר די פּריצים אין די דערפער, אויך פאַר דער אייגענער פּוילי־שער אינדוסטריע, וואָס מען האָט געבויט.

מער ווי אויף אַלע אַנדערע, האָט דער וואָיעוואָדע אויף אַשכנזין געהאַט אַ האַרץ, סיי פאַרן פּאַלאַץ, וואָס ער האָט אַזוי פרעך צוגענומען, נאָך מער פאַר דער מלוכה, וואָס ער האָט דאָ אין שטאָט אַמאָל געפירט. ניין, ער איז נישט געווען פאַראינטערעסירט, דער באַלעבאָס פון שטאָט, אַ יידישן קעניג צו האָבן. זאָל ער זיך שטיקן מיט דער חרובער פאַבריק, וואָרגן זיך מיט איר אָן קרעדיטן, און דעמאָלט וועט די געזעלשאַפט „אייניקייט" זי אָפּקויפן ביי אים, פאַר אַ קלייניקייט אָפּקויפן. נאָך אים, וועלן אַנדערע יידן זיך אָפּטראָגן פון דאַנען, אַרויס פון זייערע פּאַלאַצן און קאַרעטן, און צוריק זיך נעמען צום זעקל און דער קאַפּאָטע, ווי זיי שטייט אָן.

עטלעכע וואָכן צייט האָט אַשכנזי געאַרבעט אין לאַנד, קיין וואַרשע געפאָרן, מיט מענטשן זיך געזען, כדי צו דערגרייכן זיינס. מענטשן האָבן אים צוגערעדט מיט פּריוואַטע באַנקירן אַריינצוציִען אין עסקים, אַנדערע האָבן אים געגעבן אָנצוהערן, ער זאָל אַ גוי אַ מיוחס אַריינציִען אין גע־שעפט, ווי אַנדערע יידן טוען עס, און דורך זיין שותף צו די הויכע פענצטער אָנשלאָגן. אַ סך זענען זיי געגאַנגען, די גויאישע מיוחסים, צו יידן אין שותפות, וואויל־קלינגענדיקע נעמען אין יידישע געשעפטן אַריינ־געלייגט, מיט זייערע עכט־פּוילישע „סקי"ס פאַרדעקט די אַלע יידישע „זאָהנס", „בערגס", „מאַנס" און „שטיינס", מיט וועלכע מען האָט אין קיין מלוכה־באַנק זיך נישט געקאָנט ווייזן, קיין רעגירונגס־באַשטעלונג קריגן. אַליין די רעדאַקטאָרן פון די אַנטיסעמיטישע צייטונגען, וואָס האָבן פרומע קאַטוילישע אַרטיקלען קעגן אַזעלכע שבת־גויים געשריבן, זענען שטי־לערהייט אין יידישע עסקים אַריינגעקראָכן און פאַרדעקט די טריפהנע יידישע פירמעס. זייער אַ גרויסן מיוחס האָט מען געשדכנט אַשכנזין צו זיין פאַבריק, וואָס קיין אייגן געלט אַריינטראָגן וועט ער טאָקע נישט, אָבער דערפאַר וועט ער מיט זיין אַריסטאָקראַטישן נאָמען דעם שלעכט־קלינ־

גענדיקן „אַשכנזי" פֿאַרדעקן. די פֿאַבריק וועט גרויסע קרעדיטן קריגן, באַ־שטעלונגען און מ׳וועט דעם וואַיעוואָדע אויסשטעלן אַ פֿייג.

— טראַכט נישט און כאַפּט דעם פֿויגל, — האָבן מעקלערס צוגערעדט אַשכנזין, — ווייל איידער איר וועט זיך אומקוקן, וועלן אים אַנדערע אויס־כאַפּן... זיינע אַקציעס זענען גרויס...

אַשכנזי האָט די עצות נישט געהערט. ער האָט שוין פֿון לאַנג געהאַלטן, אַז אַ מענטש דאַרף גיין אַליין אויף דער וועלט, אָן שותפֿים. אויסער דעם איז ער קיין בעלן נישט געווען אָפּצוגעבן אַ פֿאַרמעגן עפּעס אַ לייִדיקגייער בלויז פֿאַר זיין מיוחסדיקן נאָמען. ניין, אַשכנזי דאַרף זיך מיט זיין נאָמען נישט שעמען. נישטאָ צוליב וואָס! אַשכנזי האָט געוויזן ווי אַזוי מיט לייִדיקע הענט צו ווערן דער קעניג פֿון לאָדזש און אַשכנזי וועט ווייטער דעם נאָמען זיינעם נישט פֿאַרשעמען. ער דאַרף נישט קיין אומזיסטע שותפֿים, צוטשעפּענישן און באַשיינער. ער קאָן אַליין זיין שטעטל באַ־שטיין. און אויב דאָ איז זיין נאָמען איצט אַ פּסול, אַ ממזר, איז אָבער נאָך דאָ אַ גרויסע וועלט, וואו דער נאָמען אַשכנזי האָט אַ ווערט, וואו מען ווייסט, וואָס אַזוינס אַשכנזי איז. אין לאָנדאָן ביי די ביינוול־ און וואָל־מאַגנאַטן, וואו ער האָט יאָרן לאַנג מיליאָנען־געשעפֿטן געמאַכט, רוי־שטאָף איינגעקויפֿט, ווייסט מען ווער עס איז אַשכנזי און וואָס אַזוינס אַשכנזי קאָן אויפֿטאָן. דאָרט איז דער נאָמען זיינער נישט קיין ממזר, דאָרט איז ער מער ווערט פֿון אַלערליי עכט־פּוילישע „סקיס", וואָס מען וועט פֿאַר זיי קיין צעבראָכענעם שילינג נישט געבן. קיין לאָנדאָן וועט ער פֿאָרן, מיט די מאַגנאַטן זיך דורכרעדן, וועגן זיין אומגליק אין רוסלאַנד דערציילן זיי, וועגן זיינע פּלענער פֿאַר ווייטער, וועגן דעם נייעם מאַרק, וואָס ער וועט שאַפֿן פֿאַר ענגלישע רוי־שטאָפֿן אין אָפּגעשטאָרבענעם לאָדזש, וועלכעס ער גרייט זיך אויפֿצולעבן. זאָל מען אים נאָר צוהעלפֿן מיט קרעדיטן, אונ־טערשטעלן אים אַ פּלייצע, די פֿאַבריק העלפֿן צוריק אויפֿבויען, און ער וועט ווידער פֿאַר מיליאָנען פֿונטן רוי־שטאָפֿן איינקויפֿן. ס׳וועט זיך לוינען אַריינצולייגן געלט אין זיין פֿאַבריק, כדי אַריינצוקריגן אַזאַ גוטן אָפּנעמער. גענוג געלט האָבן זיי ביי אים געמאַכט פֿאַר די פֿיל יאָרן, וואָס ער האָט מיט זיי געהאַנדלט. דער גרעסטער אָפּנעמער פֿון פּוילן איז ער געווען, שווערע מיליאָנען־טראַנזאַקציעס געמאַכט און שטענדיק געווען ראַיעל, קיינמאָל פּליטה נישט געגאַנגען, ווי אַנדערע, נישט אָנגעזעצט. דער רוח וועט זיי נישט נעמען איצט אַריינצולייגן אַ גרויסע סומע אין זיין פֿאַבריק אַריין, גרויסע קרעדיטן אים געבן. אַזוי טוען אַלע גוטע געשעפֿטסלייט. און זאָלן זיי צעפּלאַצט ווערן, די אַלע שונאים זיינע!

מיט נייע קליידער, מיט אַ סך רייזע־טאַשן, פּעלצן, אָן אַ וואָרט ענגליש אין מויל, בלויז מיט דעם לאָדזשער דייטש, אָבער דערפֿאַר מיט אַ סך שכלדיקע רייד, סוחרישע פּלענער, חשבונות, באַלאַנסן, קאָנספּעקטן, דיאַגראַמעס און עילוישע המצאות, איז ער שטילערהייט אַוועק קיין לאָנדאָן, ווי אַמאָל, ווען

ער האָט ביי די הונצעס זיך אַראָפּגעכאַפּט קיין פראַנקפורט אַם מאַין וועגן אַ כעמיקער, וואָס ער האָט געדאַרפט. בסוד־סודות, בלויז אָנטרויענדיק זיין אייגן ווייב דער יידענע מיטן מאַנצבילשן קאָפּ, איז ער קיין לאָנדאָן און מאַנטשעסטער אַוועק. מיט זיין לאָדזשער דייטש איז ער צו די העכסטע ביינוול־מאַגנאַטן אָנגעקומען און מיט זיינע שכלדיקע רייד און פלינקע איינפאַלן אַזאַ איינדרוק אויף די קאַלטע „קעניגן" געמאַכט, אַז ער האָט זיי אינגאַנצן געוואונען, אין די הערצער זיך זיי איינגעבאַקן.

ביין, ער האָט נישט קיין טעות געהאַט, מאַקס אַשכנזי. ער האָט זיך נישט איבערגעשאַצט, אָבער אויך זיך נישט אונטערגעשאַצט. דער נאָמען זיינער איז אין לאַנד פון גרויסן קאַפּיטאַל נישט געווען קיין פּסול צוליב דעם יידישן קלאַנג. דאָ האָט מען קיין שווער־קלינגענדיקן פּוילישן נאָמען נישט געפּאָדערט. דאָ האָט מען געוואוסט ווער אַשכנזי איז, וואָסער טיטול ער האָט אין פּוילן געהאַט — — דער קעניג פון מאַנופאַקטור. און ווי אַ קעניג, כאָטש אַ געפאַלענעם, האָט מען אים אויפגענומען. אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג, אין איינעם פון די גרעסטע האָטעלן האָט אַשכנזי אין זיין לאָדזשער דייטש זיינע פּלענער פאַרגעלייגט און אַלעמען איבערצייגט. מיט נצחון האָט ער דערנאָך שבת געדאַוונט אין דער שול און געלויבט גאָט פאַר זיין חסד, וואָס ער טוט מיט אים ווידער, און ס'ערשטע מאָל געגעסן מיט אַפּעטיט דאָס שבתדיקע כשרע עסן אין אַ יידישן רעסטאָראַן אין דעם אָרעמען ווייטשפּעל.

צוריק פון לאָנדאָן איז ער שוין נישט געפאָרן אַליין, נאָר מיט אַן ענגלענדער אַ ספּעציאַליסט, וואָס די קרעדיטאָרן זיינע האָבן מיט אים מיטגעשיקט, כדי צו זען די זאַך אויפן אָרט. ווי אַן אבן־טוב האָט ער דעם ענגלענדער געהאַלטן ביי זיך אין פּאַלאַץ, גאָרנישט אויף דער ליכטיקער שיין אַרויסגעלאָזט. נישט איבעריק לייכט האָט דער רויט־האָריקער ענגלענדער מיט דער ליולקע אין מויל פאַרשטאַנען אַשכנזיס דייטש, אָבער אַזוי שלעכט פאַרשטייענדיק דאָס לשון, האָט ער זייער גוט פאַרשטאַנען זיך אין פאַבריק־זאַכן, מסחרים. אינגיכן האָט אַשכנזי געקראָגן די ענגלישע קאַפּיטאַלן, שיינע מיליאָנען אויף אויפצובויען זיין קעניגרייך. נישט נאָר האָט ער די אַלטע פאַבריק צוריק אויסרעמאָנטירט, נאָר די סאַמע נייעסטע מאַשינען פון ענגלאַנד אַראָפּגעבראַכט, וואָס אין פּוילן זעט מען גאָרנישט אַזעלכע און וואָס אַרבעטן אויס פּילפּאַך מער ווי די פריערדיקע מאַשינען. אַלץ איז געוואָרן איבערגעבויט, אויספאַררירכט, אַוועקגעשטעלט לויט די נייעסטע מעטאָדן, צוועקמעסיק, ריין און ראַציאָנאַל, אַז היימישע אינזשעניערן און ספּעציאַליסטן האָבן פון חידוש געגאַפט.

אַוודאי זענען די אַנטיסעמיטישע צייטונגען אין לאַנד אַרויס קעגן דעם יידישן „קעניג", וואָס האָט אין פרייען פּוילן אויסלענדישן קאַפּיטאַל אַריינגעפירט, כדי צו פאַרשקלאַפן דאָס לאַנד, אַנשטאָט אַן אייגענע אומאָפּהענגיקע אינדוסטריע אויפצובויען. די צייכענער אין די פלוג־בלעטלעך האָבן אין זייער מיאוסע געשטאַלטן פאָרגעשטעלט אַשכנזין, מיט אַ

אַ קרומער קרוין אויפן קאָפּ, פון וועלכער פּיאות קוקן אַרויס. אויך האָבן זיי זיין נאָז שטאַרק אויסגעצויגן, פאַרקרימט, זי זאָל וואָס יידישער אויסזען. די ליפּן זיינע, שאַרפע און דינע, האָבן זיי געמאַכט גראָב און אַראָפּהענגענדיק, עס זאָל שטאַרק ווילן דעם לייענער, קוקנדיק אויף דעם יידישן מלך, דעם שונא פון לאַנד. אָבער אַשכנזי האָט זיך דערפון ווייניק געמאַכט. קיין זאַך האָט אים נישט פאַרשאַפט אַזויפיל נחת, ווי ווען מען האָט געקעמפט קעגן אים. דעמאָלט האָט ער געפילט, אַז ער לעבט, אַז ער הערשט. ווידער איז ער געווען ביי אַלעמען אויף די ליפּן. ווידער איז ער געזעסן אין זיין פאַבריק־קאַבינעט און אַ דינער אין אַן אוניפאָרם, שוין נישט דער אַלטער מעלכיאָר, נאָר אַ צעוואַקסענער גוי, אַ גלייכער און אויסגעשטייפטער, איז געשטאַנען גרייט, ווי אַ זעלנער פאַר אַ גענעראַל, גרייט צו דינען אים, וואַך צו יעדן וואונטש זיינעם. פּוילישע אינזשעניערן, דירעקטאָרן, צייכענער, מעכאַניקער, אַרכיטעקטן, אַלערליי אַנדערע לייט, פּריצים, שליאַכטשיצעס, זענען ווי די קנעכט געשטאַנען פאַר אים מיט די הענט אויף די לענדן, מיט חניפה אין די וואָנצנדיקע מיילער און געדונערט אויף יעדן וואָרט זיינעם:

— טאַק יעסט, פּאַניע פּרעזעסיע!

אַלערליי אָפּגעקומענע פּריצים, גראַפן און באַראָנען, האָבן די טירן אָפּגעשלאָגן, אין דער ריי געוואַרט, מיט בריוו און רעקאָמענדאַציעס, אַבי צו קריגן אַ פּאָסטן, די מינדסטע אַרבעט. האָניק האָט געטריפט פון זייערע וואָנצנדיקע מיילער, חניפה האָט געגרוט אין זייערע שלעכטע העלע אויגן. ביי דעם פאַבריק־טויער האָבן טויזנטער אַרבעטער געוואַרט, מיט די היטלען אין די הענט, אויף פאַרשרייבן זיך אויף אַרבעט. אַ סך זענען נאָך אין די מיליטערישע רעקלעך געווען. אַשכנזי האָט זיי געזען דורך דעם גרויסן פענצטער פון זיין קאַבינעט און איינגעקוקט זיך אין זייערע פּנימער. ווער ווייסט, צי זענען נישט געווען צווישן זיי די, וואָס האָבן זיך איבער אים לוסטיק געמאַכט דעמאָלט אויף דעם קליינעם אומגליקלעכן וואָקזאַלעכל! איצט זענען זיי געשטאַנען דאָ, וואַרטנדיקע, לעכצנדיקע, פון פאַרטאָג אָן האָבן זיי געוואַרט, אַבי ביי אים צו קריגן אַרבעט.

אין דער צייט, ווען ביי די „אייניקייט"־פאַבריקן, וואָס מען האָט גאָלד אין זיי געוואָרפן, האָט זיך די אַרבעט געשלעפּט, פון אָרט נישט גערירט, האָט מען ביי אים, אַשכנזין, געאַרבעט אויף אַלע כלים. אַליין דער וואָיעוואָדע, דער זויערער פירשט מיטן אַלטמאָדישן הויכן קראַגן און מיטן צלמל אין שוואַרצן אַטלעסענעם שניפּס, איז צו דער דערעפענונג פון דער פאַבריק געקומען און מיט זויערע רייד, פאַרצוקערט אין זיסן, גערעדט וועגן די פאַרדינסטן פון אַשכנזין פאַר אויפשטעלן די אינדוסטריע אין שטאָט.

אַשכנזי האָט אים געדריקט די האַנט דערפאַר און זייער, זייער שיין באַדאַנקט.

ביידע האָבן געפילט ווי אַ באַרירונג פון דערנער אין די פינגער. אַשכנזיס פאַרקאָפּטשעטע קוימענס, וואָס זענען אַזוי לאַנג געשטאַנען

פּוסט און פּאַס און געקוקט עובר־און־בטל אין הימל אַריין, האָבן איצט ווידער געדיכטע רויכן געלאָזט, איינהילנדיק די שטאָט אין שטיקעניש און עיפּוש. די סירענעס האָבן פּאַרטאָג געשריגן, געפּייפט, מענטשן פון שלאָף געוועקט און פון די בעטן אַרויסגעטריבן. סוחרים, מעקלערס, אַגענטן האָבן ווידער אָנגעפּילט זיינע ביוראָס. פאַבריק־וועגענער האָבן סחורות געפירט. יידישע וואַיאַזשאָרן זענען איבער שטעט און שטעטלעך געפאָרן, פאַרבינדונגען אָנגעקניפּט, געשעפטן געמאַכט. וויכטיקע אַגענטן זענען קיין אויסלאַנד געפאָרן, אויף אויסשטעלונגען, יאַרידים און מעסעס, און אַשכּנזיס סחורות פאַרקויפט, נייע מערק געשאַפן.

אַשכּנזי אַליין איז אָפט איבער דער פּיעטראָקאָווער גאַס געפאָרן, אָבער נישט מער אין אַ קאַרעטע, נאָר אין אַן אָפענעם אויטאָמאָביל, וואָס אַ שאָפער אין אַן אוניפאָרם האָט געפירט און מיט עזות געלאָזט אויספּייפן דעם ספּע־ציעלן סיגנאַל, אַ האָפערדיקן און ברייטן, אַ וואָרענונג צו אַלע פערד פון די וואָגנס און קאַרעטן, צו מאַכן אַ וואַרע פאַר דער מאַשין, וואָס יאָגט זיי אַלעמען איבער.

די געדיכטע מאַסן מענטשן אויף דער פּיעטראָקאָווער גאַס האָבן נאָכ־געקוקט דעם איינגעשרומפּענעם קעניג, ווי אַמאָל אין די פריערדיקע יאָרן זיינע, און געמורמלט איינער צום אַנדערן.

— אַשכּנזי בלייבט אַשכּנזי... דער רוח האָט אים נישט גענומען!...

## קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

ווי אַן אויסגעהונגערטער, וואָס כאַפּט זיך צו צו דער אַכילה און פאַר־צערט אָן אַ שיעור, אָן אַ גרענעץ, אַזוי האָט די אויסגעהונגערטע שטאָט לאָדזש זיך צוגעכאַפּט צוריק צו דער אַרבעט נאָך די פּוסט־און־פּאַסטע יאָרן. די שטאָט האָט זיך אַ ריר געטאָן.

די פּאָליציאַנטן האָבן געטריבן פון די טראָטואַרן. נישט געלאָזט זאַמ־לען זיך, אָבער מען האָט זיי נישט געהערט. ווידער, ווי אין די אַלטע גוטע צייטן, איז די פּיעטראָקאָווער גאַס געווען פול מיט סוחרים, מעקלער, רעשטל־אָפּקויפער, גאַרן־הענדלער, אַגענטן, קאָמיסיאָנערן, וואַיאַזשאָרן. מיט די בליישטיפטלעך אונטער די אויערן, גרייט צו רעכענען און צו חשבונען אויף וואָס עס לאָזט זיך, אויף די אָפּגעשיילטע מויערן, אויף טירן פון גע־שעפטן, אויף טישלעך פון קאַפעען, מיט קאַפּעליושלעך פאַררוקט, מיט די היטעלעך פאַרקאַשערט, גיכע, איילנדיקע, צעיאַכמערטע, האָבן זיי זיך גע־זאַמלט אומעטום, אָנגעפּילט די גאַסן, הויפן, געזעדט, געדונגען זיך, וועקס־לען אונטערגעשריבן, פּאַרטיעס ביינוול פאַרקויפט, געקויפט, שטיקלעך סחורה צעדרילעוועט, ביי די לאַצן זיך געטאַפּט, פעדעם ביי ברענענדיקע שוועבעלעך אָנגעצונדן, געיאָגט און געטריבן.

ווידער איז לאָדזש געווען לאָדזש. די טישלעך אין די קאַפּעען זענען געווען געפּאַקט, איינגעהילט אין רויך, אַש, רייד, וויצן, לשון־הרע און גע־לעכטערס. די בענק און וועקסל־קאַנטאָרן זענען געווען איבערפולט. די דראָשקאַרעס האָבן געיאָגט זייערע אויסגעדאַרטע פערדלעך איבער די שלעכט־געפּלאַסטערטע גאַסן, געפירט סוחרים צו בענק, קאַפּעען, בערזעס און קאַנ־טאָרן. די צייטונגס־יינגלעך האָבן פאַרטויבט מיט זייערע געשרייען וועגן די נייעסטע טעלעגראַמעס, די שווערע פאַבריק־וואָגנס האָבן געהאַקט איבער די שטיינער. לאָדזש האָט געקאָכט, געזאָטן, געציטערט, באַוועגט זיך. די קוימענס פון אַלע פאַבריקן האָבן איינגעהילט אין רויך און אין עיפּוש. די שווערע שיך פון די אַרבעטער האָבן אָפּגעהילכט אין די שטיינער, די סירענעס האָבן געריסן זיך מיט באַנומענע קולות.

דאָס פּוילישע געלט, די שלעכט־פּאַפּירענע מאַרקן מיט דעם ווייסן אָדלער זענען געפאַלן מיט אַ ווילדער שנעלקייט, פון אינדערפרי ביז אין אָוונט האָבן זיי זייער ווערט פאַרלוירן. מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען מיט פולע טויזנטער אין די קעשענעס. מען האָט נישט געקאַנט האַלטן קיין מאַרק אין טאַש, מיט דער מינוט איז ער אַנטווערט געוואָרן. און מען האָט געאיילט אויסצוגעבן דאָס געלט וואָס פריער, פּטור צו ווערן פון די פּאַפּיר־לעך, ווי פון פּגרים. באַלד אינדערפרי האָבן די ווייבער געפּעדערט זיך פון זייערע געלעגערס און אויף די מערק און באַזאַרן אַרויס, כדי וואָס פריער אַריינצוכאַפּן אַביסל שפּייז, איידער די צוגעציילטע פּאַפּירלעך וועלן ביליקער ווערן. וואָס עס איז געקומען אונטער דער האַנט האָט מען געקויפט, שטיקלעך סחורה, וואָס מען דאַרף נישט, כלים אַלערליי, וואָס נאָר עס האָט זיך געמאַכט, אַבי זיך מיט די פּאַלנדיקע געלטער נישט אַרומצוטראָגן. איידער דער סוחר האָט אָפּגעוואויגן אַביסל שפּייז, האָט ער שוין געהעכערט דעם פריערדיקן פּרייז. אָפטמאָל האָבן די סוחרים גאָר פאַר־שלאָסן די קראָמען און אַנטלאָפן פון זייערע קונים. יעדער שעה נישט האַנד־לען האָט אַריינגעבראַכט פּילפאַך מער, ווי דאָס פאַרקויפן. די פּויערים און די פּויערטעס האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף זייערע זעק קאַרטאָפל, וואָס זיי האָבן געבראַכט אין שטאָט אַריין, און געטריבן די ווייבער מיט די בייטשן:

— אַוועק, אַוועק, מיר האָבן גאָרנישט צו פאַרקויפן! געגאַנגען!

און די פאַבריקן האָבן נישט אויפגעהערט אַרבעטן, צו דריי שיכטן אַ טאָג. מען האָט די סחורות געכאַפּט פון די הענט אַרויס, צי מען האָט יאָ געדאַרפט, צי נישט. דאָס גאַנצע לאַנד איז משוגע געוואָרן פאַר סחורות.

אַ כישוף האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט, איינער האָט מיטגעשלעפּט דעם צווייטן. פאַבריקאַנטן האָבן גענומען קרעדיטן אין די בענק, נישט רעכע־נענדיק וויפל און אויף וואָסערע פּראָצענטן. ביז זיי האָבן אומגעקערט, האָבן זיי אָפּגעגעבן אַ הונדערטסטל טייל דערפון, וואָס זיי האָבן געליען. סוחרים האָבן די סחורות ביי די פאַבריקאַנטן צעכאַפּט, גענומען וויפל נאָר מען האָט זיי געוואָלט געבן, ווייל מיט יעדן טאָג זענען די סחורות געשטיגן.

די פּויערים, אַרבעטער, אָנגעשטעלטע, די גאַנצע באַפעלקערונג האָט גע־איילט די סחורות אין די קראָמען אויסצוקויפן: מען האָט מורא געהאַט לאָזן ליגן איבערנאַכט די פּאַפּירענע מאַרקן אין די קעשענעס. די אַרבעטער זענען געווען באַשעפטיקט אין די פאַבריקן, די קרעמער האָבן געלייזט און באַשטעלט שיך ביי די שוסטערס, קליידער ביי שניידערס. איינער האָט געטריבן דעם צווייטן. מען האָט געלעבט אַ ווילד פּאַפּירן־לעבן, אָן חשבון און אויסרעכענונג, אָן זין און גרענעץ. די פּאַרכישופטע קייט האָט אַלעמען אַרומגענומען.

פון שטעט און שטעטלעך זענען קונים געקומען, מיט באַנען און פורן, מיט אויטאָמאָבילן און דאַמפּערס. מען האָט געהאַנדלט און געוואַנדלט, געטויישט, געביטן. אין די באַנק־הייזער זענען די באַנקירן גאַרנישט פון די טעלעפאָנען אָפּגעטרעטן... זיי האָבן גערעדט מיט גאָר דער וועלט, פעסט־געשטעלט קורסן, געקויפט, פאַרקויפט, געהויבן, געוואָרפן, נאָטירט. אויף די טראָטואַרן זענען די אָרעמע טוישער אַרומגעלאָפן, געביטן אויסלענדישע געלטער, געמעקלערט, אַ וואַנט מיט אַ וואַנט צונויפגעפירט.

די צייטונגען האָבן נישט אויפגעהערט אַרויסצולאָזן נייע אויסגאַבעס מיט די נייעסטע קורסן, וואָס די צייטונגס־ייִנגלעך האָבן מיט קולות אויס־גערופן. די רעגירונג האָט נישט אויפגעהערט דרוקן די מאַרקן, אויפן ערגסטן פּאַפּיר, וואָס זי האָט געהאַט, און פאַרגרעסערט די נולן אויף די באַנקנאָטן, פון מאַרקן טויזנטער געמאַכט, פון טויזנטער — מיליאָנען. אָרעמעלייט האָבן אַ טויזנטער־באַנקנאָט צוריקגעוואָרפן אין פּנים, ווען מען האָט זיי אַזעלכן צוגעוואָרפן אַ נדבה.

די פּראָפעסאָרן און עקאָנאָמיסטן האָבן שוואַרץ־זעערישע אַרטיקלען אין די צייטונגען געשריבן וועגן אָפּגרונט, צו וועלכן דאָס לאַנד גייט. די אַנטיסעמיטישע בלעטער האָבן אויף די יידן געהעצט, אַז זיי וואַרפן דאָס דאָס פּוילישע געלט. אויף די מערק און באַזאַרן, אויף אַלע פאַרקאַנעס און אָפּגעשיילטע מויערן, וואו דאָס אָרעמע פאָלק קומט, האָבן זיי גרויסע פּלאַ־קאַטן אויפגעקלעפּט מיט שפּאָט־צייכענונגען אויף די יידישע באַנקירן, ווי גיריקע, מיט געבויגענע נעזער ווי די שנאָבלען, מיט גראָבע ליפּן און געקרייזלטע האָר זיצן זיי ביי גרויסע געלט־זעק, פּאַקן גאָלד אַריין אין זייער, טרעטנדיק די פּוילישע מאַרקן מיט די דיקע פיס. די אַרבעטער און ווייַ־בער האָבן זיך ביי די צייכענונגען אָפּגעשטעלט, געשפּיגן און געשאָלטן. אָפּטמאָל זענען זיי אַ יידישן אַלטוואַרג־הענדלער באַפאַלן און אים די שמאַ־טעס פון זאַק אַרויסגעטרייסלט, כדי נוקם צו זיין זיך אין די זעק מיט גאָלד, וואָס די יידן זאַמלען אין פּוילן. די פּאָליציאַנטן האָבן מיט די גומענע שטעקלעך געטריבן די צעיאַכמערטע געלט־מעקלערלעך אין גאַס, אַרעסטירט זיי. די צעשראָקענע פאַרשווינדלעך מיט די פאַרקאַשערטע היטע־לעך און צעפלאַטערטע פּאָלעס האָבן געוואָרפן אומגעציילט די געלטער פון זייערע קעשענעס, כדי נישט אַריינצופאַלן אין טורמע. דאָס האָט דער

וואָיעוואָדע געוואָלט צעטרייבן די, וואָס וואַרפן דעם פּוילישן מאַרק. אָבער דער געפאַלענער מאַרק האָט זיך דערמיט נישט געהויבן. די פּריצים פון די גיטער, די דעפּוטאַטן אין סיים, די מיניסטאָרן, אַלע האָבן זיי גרויסע קרע־דיטן אין די מלוכה־בענק גענומען, פאַר זיי לאַנד איינגעקויפט, הייזער אויס־געבויט, קאַרעטן און פערד איינגעהאַנדלט, און אָפּגעגעבן האָבן זיי דער מלוכה שפּעטער ווערטלאָזע מיליאָנען, וואָס זענען נישט ווערט געווען דאָס פּאַפּיר, אויף וועלכן מען האָט זיי געדרוקט.

קיינער האָט דעם תוהו־ובוהו נישט געקאָנט איינשטילן, מורא געהאַט אָפּצושטעלן. ווי לאַנג דאָס משוגעת האָט געהאַלטן, האָבן די מענטשן גע־לעבט, געדרייט זיך, איינער דעם אַנדערן מיטגעשלעפּט. אין משוגעת האָט מען געאַרבעט, הייזער אויסגעבויט, קינדער חתונה געמאַכט, דורות אויף דער וועלט געבראַכט. די פּאַפּירענע קייט האָט געהאַלטן. מען האָט געוואוסט, אַז זי וועט זיך מוזן ענדלעך צערייסן און אַלץ וועט זיך פונאַנ־דערפאַלן. אָבער אָפּשטעלן זי האָט מען מורא געהאַט. מען האָט געציטערט פאַר דעם חורבן, וואָס וועט קומען, מען האָט געוואָלט גיין אין פאַרבלענ־דעניש.

די איינציקע, וואָס האָבן זיך נישט מיטגעדרייט מיטן רעדל, זענען געווען די אַרבעטער, די באַלמעלאָכעס. כאָטש מען האָט זיי אַלע וואָך גע־העכערט די לוינען, האָבן זיי ביז דעם לוין־טאָג פאַרלוירן פון זייערע גע־האַלטן. מיט פולע קעשענעס פּאַפּירלעך און מיט ליידיקע מאָגנס אין די קערפּערס האָבן די ווייבער געלאָזט זיך אויף די מערק באַלד אינדערפרי, אָבער זיי האָבן צוריקגעבראַכט ליידיקע קוישלעך. גאָרנישט איז געווען צו קריגן פאַר די פּאַפּירלעך, וואָס האָבן איבער דער וואָך פאַרלוירן זייער־קליינעם ווערט. צעטומלטע פון די ריזיקע סומען, וואָס זענען אין זייערע קעפּ נישט געקראָכן, מיט קללות אין די מיילער, זענען זיי אַהיימגעגאַנגען צו די הונגעריקע מאַנען און קינדער.

אויפן באַלוט האָבן די וועב־שטולן נישט אויפגעהערט קלאַפּן, אפילו אין די נעכט האָבן זיי זיך נישט אָפּגעשטעלט. ווי די פליגן אין די שפּינ־וועבס, זענען די מענער, ווייבער און קינדער פאַרפּלאָנטערט געווען אין די שטולן, געאַרבעט, פון די כוחות זיך אַרויסגעריאָגט, כדי אָפּצונעמען וואָס מער מאַרקן פאַר די אויסגעאַרבעטע קעטעס. אָבער וואָס מער די באַלו־טער מענטשן האָבן זיך פון די כוחות אַרויסגעשלאָגן, וואָס מער זיי האָבן אַרבעט אַריינגעלייגט, אַלץ מער זענען די פּאַפּירלעך, וואָס זיי האָבן פאַר דער אַרבעט אָפּגענומען, ווערטלאָזער געוואָרן, ביליקער. פון די אַלע מיליאָנען איז נישט געווען פאַר וואָס שבת צו מאַכן. די שבתדיקע אויסגע־ווייטע טישטעכלעך האָבן נישט קיין חלות איבערגעדעקט אין די שבתים, נאָר שוואַרצע ברויטן. אויך קיין וויין איז צום קידוש נישט געווען. אַ הערינג איז דער עונג־שבת געווען ביי די אָרעמע וועבער־טישן.

טוביה האָט, ווי שטענדיק, אַרויסגעלאָזט פּראָקלאַמאַציעס, גערעדט,

אויפגעוויזן מיט שכל, ווי אויפן חשבון פון די אַרבעטנדיקע הוליען די פּאַרמעגלעכע, ווי פאַר נישטיקע פּאַפּירלעך קויפן די באַזיצער דעם שווייס און בלוט פון די אָרעמע. די פּאָליציי האָט די פּראָקלאַמאַציעס אויף די ווענט אָפּגעריסן, די קלעפּער אין די טורמעס איינגעזעצט. דער אַמאָליקער זשאַנדאַרמען־פּאָלקאָווניק קאָניצקי, וואָס איז ביי די רוסן פון קאַטאָליציזם צו פּראַוואָסלאַוויע איבערגעגאַנגען, כדי צו קריגן אַ גוטע שטעלע אין דער פּאָליטישער פּאָליציי, איז איצט צוריק פון דער פּראַוואָסלאַוויע צום קאַטאָ־ליציזם איבערגעגאַנגען, מיט הייליק וואַסער זיך אָפּגעשפּריצט און גע־אַרבעט אין דער פּוילישער פּאָליטישער פּאָליציי, אונטער דער מאַכט פון די, וואָס ער האָט אַמאָל אין לאָדזש אין די טורמעס אַריינגעפּאַקט. אין דעם אייגענעם קאַבינעט, וואו אַמאָל איז געהאַנגען דער קאָפּ פון רוסישן צאַר, איז איצט געהאַנגען דער קאָפּ פון דעם, אויף וועלכן קאָניצקי האָט זיך מיט זיינע זשאַנדאַרמען און אַגענטן אַרומגעיאָגט. אונטער אָט דעם קאָפּ איז ער געזעסן, קאָניצקי, און אויסגעפּאָרשט מיט זיינע אייגענע פּסיכאָלאָגישע מעטאָדן די שונאים פון דער נייער הערשאַפט. די איינ־געשפּאַרטע האָט ער געהייסן שלאָגן, די שוואַכערע האָט ער מיט האָניק־רייד, מיט מאַרקסיסטישע ציטאַטן אויף זיין זייט געזוכט צו געווינען, כדי צו מאַכן פון זיי אַגענטן און פּראָוואָקאַטאָרן. ער האָט טוביהס לייט גע־רייניקט ווי אַמאָל. קיין שום זאַך האָט זיך נישט געביטן אין דער שטאָט פון רויך, עיפּוש, געלט און צאָרן.

אין אַשכנזיס פאַבריקן האָבן די קוימענס מער ווי אין אַלע אַנדערע גערויכערט די הימלען. גרילציקער ווי אומעטום האָבן די סירענעס גע־ריסן זיך אין די פאַרטאָגן. די נייע מאַשינען האָבן שנעלער ווי אין אַלע אַנדערע פאַבריקן געאַרבעט, סחורות אַרויסגעשפּיגן. אָבער אַשכנזי האָט נישט געפילט דאָס גליק פון נייעם קעניגרייך. די קרוין האָט נישט געגלעט דעם קאָפּ פון קעניג, נאָר געשטאָכן ווי אַ דערנער־קראַנץ.

ער האָט געזען, אַשכנזי, צו וואָס דאָס לאַנד גייט, צו וואָסער אָפּ־גרונט מען קייקלט זיך אַראָפּ, ביין, דאָס קלאַפּעריי פון די מאַשינען האָט אים נישט פאַרקלאַפּט דעם קאָפּ זיינעם, דעם אָפענעם און ווייט־זעענדיקן. דאָס פייפן פון די סירענעס האָט נישט פאַרטומלט זיין מוח. ער האָט געזען, אַז די פּאַפּירענע קייט וועט מוזן פּלאַצן, איבעררייסן זיך, ווייל פּאַ־פּיר קאָן נישט לאַנג האַלטן, האָט קיין האַפט נישט. ער האָט געוואוסט, אַז דער יום־הדין וועט מוזן קומען, ווען מען וועט דאַרפן צאָלן פאַר דעם אומזיניקן לעבן, וואָס מען פירט, אַז פאַר די זינד פון די רשעים וועלן ליידן די גערעכטע. ווי תמיד, אַ געשעפטסמאַן, און אַ סוחר דאַרף אין זינען האָבן געשעפט. אָבער געזען האָט ער, אַז צום אומגליק, וועלן אין דער אמתן נאָר זיי אַליין כאַפּן פיש אין ווילדן מבול. זיין פון די גע־רעכטע, אויף וועמעס פּלייצעס עס וועלן פאַלן די זינד פון די אומגערעכטע.

ער האָט געהאַט אַן אויג אויף דעם, וואָס עס טוט זיך. ביי די אַלע גע־שרייען און געוואַלטן, וואָס די דעפּוטאַטן, מיניסטאָרן, גרויסע לייט און מאָראַליזירנדיקע פּובליציסטן וואַרפן אויף די פאַבריקאַנטן, די אויסנוצער פון לאַנד, וועלן אין דער אמתן נאָר זיי אַליין כאַפּן פיש אין ווילדן מבול. זיי, די אַלע פּריצים, דירעקטאָרן, פירער פון די מלוכהשע געזעלשאַפטן און קאָאָפּעראַטיוון, לייען דאָס די ריזיקע קאַפּיטאַלן ביי דער רעגירונג, פאַר וואָס זיי וועלן אָפּצאָלן שפּעטער מיט די ווערטלאָזע פּאַפּירלעך. פאַר אָט די הלוואות בויען זיי אויס הייזער און פאַבריקן, קויפן פעלדער און וועל־דער, באַרויבן דאָס לאַנד.

אַנדערש איז עס מיט די פאַבריקאַנטן, די סוחרים. זיי קריגן בלויז צוגעוואָרפן אַ ביין. די סמעטענע נעמען אַראָפּ די, וואָס זיצן אַליין ביי דער שיסל. זיי אַרבעטן, די פאַבריקאַנטן, זשויבן געלט, אָבער דער חשבון וועט קומען, מ׳וועט דאַרפן אָפּצאָלן פאַר וואָל און ביינוול נישט אין די ווערטלאָזע פּאַפּירלעך, נאָר אין גוט אויסלענדיש געלט. און קיין געלט וועט נישט זיין.

ער האָט איינגעזען, אַשכנזי, אַז זיין געשעפט מיט די ענגלענדער, וואָס ער האָט אַזוי קלוג אויסגערעכנט, האָט געטויגט פאַרן טייוול. ער האָט גערעכנט מיט לאָגיק, מיט מענטשלעכן פאַרשטאַנד. אָבער אין צייט פון משוגעת איז קלאָרקייט אַן אומזין. צווישן בלויז משוגעים איז אַ קלאָ־רער נישט ביים שכל. ער האָט אויסגעמיטן די היימישע געגנג, געלאָזט זיך אויף זיין וועג, אויף זעלבסטשטענדיקייט, אַליין צו בויען זיין ווערק. ער האָט קיינמאָל נישט געהאַלטן פון קיין שותפים, ווייל ער האָט אַלעמאָל גע־גלויבט, אַז מיט אייגענע כוחות דאַרף אַ מענטש גיין. אין גאַנצן לעבן זיי־נעם האָט ער זיך אַזוי געפירט און די רעזולטאַטן זענען שטענדיק געווען גוטע. וואָרעם אַזוי זאָגט דער שכל הישר. אָבער דער גלייכער שכל איז גוט געווען פריער, האָט זיך אַשכנזי אַרומגעזען, ווען די וועלט איז געווען וועלט און סוחרים זענען געווען סוחרים. איצט האָט זיך אַלץ איבערגע־קערט, אַלץ גייט מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. נישט דער שכל, דער ווייטער קוק האָט צו זאָגן, נאָר דער צופאַל, אומזין און משוגעת. פאַרקערט, וואָס מער עמעצער איז אַן עיקש, אַ צעדרייטער קאָפּ, אַ פלוט, אַלץ בעסער מאַכט ער. און וואָס מער מען רעכנט, מען בויט אויף פעסטע גרונטזיילן, אַלץ מער פאַלט מען דורך.

אַשכנזי האָט נישט געהאַט קיין רו אין זיין גרויסן קאַבינעט, וואָס איז פול געווען מיט באַוועגונג. ער האָט זיך נישט געקאָנט אַרויסציען פון דעם תוהו־ובוהו, כאָטש ער האָט עס געוואָלט. ער האָט גלייך געזען, אַז דאָס בעסטע וואָלט געווען פאַר אים באַצייטנס אַרויסצוציען זיך פון משוגעת, אָפּ־צושטעלן די פאַבריק, וואָס טראָגט זיך ווי אַ הפקרדיקע שיף אויף די צע־יושעטע כוואַליעס פון מבול, צום אייגענעם אומקום.

דאָס בעסטע איז אין אַזאַ פאַל אָפּצושטעלן די שיף, דעם אַנקער פאַר־וואַרפן און לאָזן זי וואַרטן ביז דער שטורעם וועט אַריבער. אָבער ער האָט נישט געקאָנט אָפּשטעלן זיך. דאָס משוגעת האָט אים מיטגעשלעפּט קעגן זיין ווילן. מען האָט טויזנטער אַרבעטער נישט געקאָנט אָפּזאָגן און אַרויסוואַרפן. זיי וואָלטן אים די פאַבריק צעטראָגן, אַ לעבעדיקן פון די הענט נישט אַרויסגעלאָזט. און דער וואָיעוואָדע וואָלט זיך נישט שטאַרק אָנגענומען פאַר אים. אַלע וואָלטן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אים, די פּאַראַיי־נען, די סאָציאַליסטישע ווי די קריסטלעך־סאָציאַלע, די פּרעסע, די ליי־בעראַלע ווי די אַנטיסעמיטישע, אַפילו די יידישע רעוואָלוציאָנערן, כאָטש ער האָט נישט קיין יידן אין פאַבריק, אַלע, ווער עס האָט נאָר אַ האַנט און אַ פּוס, און מער פון אַלע דער וואָיעוואָדע, וואָס וויל זען זיין בלוט, וויל אים אין אַ לעפל וואַסער דערטרינקען. עס איז מעגלעך אַפילו, אַז די רעגירונג וואָלט גאָר איבערגענומען די פאַבריק, כדי זי זאָל זי לאָזן ווײַ־טער אין גאַנג. נישטאָ מער קיין רעכט אין דעם נייעם לאַנד ביי די נייע הערשער. מען טוט וואָס מען וויל. אַ מענטש איז נישט מער באַלעבאָס איבער זיין פאַרמעגן, ווי דאָרט אויף דער צווייטער זייט ביי די רוסן. נאָר אָנשטאָט רויבן דאָס אָנגערויבטע ביי אַלעמען, ווי מען מאַכט עס אין רוסלאַנד, רויבט מען דאָ דאָס אָנגערויבטע ביי די יידן, כדי עס אַוועקצו־געבן די גויים. זיי קוקן נאָר אויס אויף דער מינוט אַריינצוקריגן זיך צו אים אין קיניגרייך, וואָס רייסט זיי די אויגן. די מינדסטע צוטשעפּעניש זוכן זיי. אמת, דאָס געזעץ איז אויף זיין זייט, יעדער קאָן טאָן מיט זיין פאַרמעגן וואָס ער וויל, אָבער דאָס איז בלויז אויפן פּאַפּיר. דערווייל, ביז וואָס ווען, ביז ער וועט זיך דערשלאָגן צו די געריכטן, ריכטער, וועלן אים די אויגן פון קאָפּ אַרויסקריכן. עס וועט זיין דאָס אייגענע ווי מיטן פּאַלאַץ. גרינג איז אַרויסצוגיין, אָבער שווער איז צוריק אַריינצוקומען.

ניין, ער האָט נישט געקאָנט קעגנשטעלן זיך דעם מבול פון משוגעת, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דעם לאַנד. קעגן זיין ווילן, האָט ער גע־מוזט לאָזן גיין זיין שיף אויף די צעיושעטע כוואַליעס, לאָזן זי גיין וואו זי וויל, ביז זי וועט זיך אָנשלאָגן אין אַ פעלז און צעשמעטערט ווערן. דריי שיכטן אַ טאָג האָט די פאַבריק געאַרבעט, געוואָרפן סחורות פון זיך, כדי אַריינצוברענגען צוריק ווערטלאָזע פּאַפּירלעך.

סוחרים האָבן אים געטרייסט:

— לאָזט דעם הלוך ילד׳ן, הער פּרעזעס, — האָבן זיי אים געזאָגט. — אפשר וועט זיך אויסלאָזן צום גוטן. דערווייל לעבט מען און עס רודערט זיך. אויף מאָרגן זאָל גאָט זאָרגן.

אָבער אַשכנזי האָט די האָפערדיקע רייד נישט אויפגענומען. ער האָט זיך קיינמאָל נישט איבעריק פאַרלאָזט אויף בטחון. דאָס האָט דער שווער זיינער, ר׳ חיים אַלטער, געהאַלטן אַ וועלט דערפון. אַשכנזי האָט עס גע־

לאָזט פּאַר אַנדערע, פּאַר פּוילאַקעס און בטלנים. אויך איצט האָט ער דערין נישט געגלויבט. ער האָט געזען די קאַטאַסטראָפע, דאָס אומגליק, וואָס רוקט זיך אָן, ווי אַ קאַפּיטאַן זעט די הפקרדיקע שיף זיינע, איבער וועלכער ער האָט פאַרלוירן דעם קאָנטראָל. קיין בטחון וועט דאָ נישט העלפן. פון מבול וועלן אַרויס די, וואָס האָבן געבויט אויף לופט־שלעסער, וואָס האָבן געכאַפּט, געלאַפּט, גענומען ביי וועמען עס האָט זיך געלאָזט, אָן דין און חשבון. זיי, די אַלע לופט־קעפּ, אויך די אַלע, וואָס האָבן אַ צד ביי דער שיסל, פּראָטעקציעס אַלערליי ביי די מלוכה־בענק, אָדער מיט שבת־גויים זיך באַזאָרגט, זיי וועלן אָפּלעקן אַ בייך, רייך ווערן אויף דעם חשבון פון די קרעדיטן, וואָס זיי נעמען און פּאַר וועלכע זיי וועלן אָפּגעבן שטיקלעך פּאַפּיר. די סאָלידע, די אַלטע גוואַרדיע, די וואָס האָבן געבויט אויף אַ פעסטן גרונט, וועלן צעריבן ווערן, אָפּגעשווישט ווערן פון אויבערפלאַך.

פּונקט ווי אַמאָל, ווען דאָס קלאַפּן פון דער פאַבריק פלעגט אָנפילן זיינע אויערן מיט גליק, ווייל יעדער קלאַפּ האָט אויסגעמינצט פּאַר אים גאָלד, אַזוי האָט יעדער קלאַפּ אָנגעפילט אים איצט מיט טרויער, אויס־געקלאַפּט נאָך אַ נאָגל צו דער מטה זיינער, אין וועלכער ער וועט ווערן באַגראָבן. דאָס שרייען פון די סירענעס האָט אויסגערופן זיין סוף.

דאָך איז ער נישט אָפּגעטרעטן פון פאַבריק־קאַבינעט זיינעם, טאָג און נאַכט דאָרט אָפּגעזעסן. און אַפילו פאַרטאָג, ווי נאָר די סירענעס האָבן גענומען פייפן און וועקן פון שלאָף, איז אַשכנזי אַרויס פון בעט, צוגלייך מיט אַלע אַרבעטער, און געאיילט צו דער אַרבעט. דאָס ווייב זיינס, די האַלב־געליימטע און קראַנקע, האָט אים אָפּגעהאַלטן.

— מאַקס, ליג נאָך אַביסל, רו דיך אויס, — האָט זי אים געבעטן. — די גאָלדענע געשעפטן, מ׳שטיינס געזאָגט, וועלן נישט אַנטלויפן. היט דיר אָפּ דאָס געזונט.

— איך קאָן נישט איינליגן, — האָט אַשכנזי געענטפערט, און אַ זיפּצנדיקער און צעבראָכענער אָנגעטאָן די קליידער אויף זיין אויסגעדאַרטן גוף.

דער קאָמערדינער האָט, ווי אַמאָל, זייער פייערלעך אויף אַ זילבערנער טאַץ צוגעטראָגן זיין הער דעם פרישטיק, אַ פרישטיק פון אַלעם גוטן, אָבער אַשכנזי האָט דערפון בלויז אַ דאַר שטיקל געטריקנטע חלה גענומען, אַ פּע־נעצל די גרויס, און אַ האַלב גלאָז מילך. דער קעניג פון לאָדזש האָט געקאָנט פאַרצערן בלויז אַזויפיל, וויפל מען גיט אַן אָרעמאַן אַ נדבה. זיין אויסגעדאַרטער קערפּער האָט זיך, נאָך די פּעטערבורגער טעג, אָפּ־געוואוינט פון שפּייז. זיין איינגעשרומפּענער מאָגן האָט קיין זאַך נישט פאַרדייעט. אויפגעהאַלטן האָבן אים די אַרבעט, די טראַכטענישן און די זאָרגן, די איינציקע שפּייזן, וואָס האָבן אים גענערט און לעבנס־כוחות געגעבן צו טראָגן זיך אויף זיינע קנאָכיקע פיס, צו יאָגן און צו טרייבן.

## קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

פונקט ווי אין די מסחרים, אַזוי אויך אין זיין נייעם לעבן, האָט אַשכנזי גערעכנט, אָבער זיך פאַררעכנט.

ער האָט אַלץ געטאָן אָנצוהויבן זיין לעבן אויפסניי, אַזוי ווי ער האָט דאָס אויסגערעכנט פיל מאָל אין די ערשטע אומגליקלעכע טעג פון זיין לעבן, צום ערשט אויפן געלעגער פון זיין רעקוויזירט הויז אין פּעטערבורג, דערנאָך אין קעלער, שפּעטער אין די זיבן טעג פון דער שבעה, ווען ער איז געזעסן בענקעלע ביי בענקעלע מיט גערטרוד זיין טאָכטער נאָך דעם אומגעקומענעם צווילינגס־ברודער זיינעם. זי איז געבליבן אַליין, די טאָכטער זיינע. אַליין מיט אַ קינד און מיט דער מוטער אויף דער וועלט. צוליב אים, צוליב זיין רעטונג, איז זי אַן אלמנה געבליבן. און ער האָט איר אָפּגעצאָלט, אַשכנזי, פאַר אַלע צייטן אָפּגעצאָלט. אויך דעם זון זיינעם, איגנאַצן, האָט ער אַראָפּגעבראַכט פון דער פרעמד, כדי צו זיין צו אים אַ פאָטער, אַ היטער און שיצער. פונקט ווי זיינע קינדער, וואָס ער האָט אַ גאַנץ לעבן פאַרלאָזן און איצט אָפּגעצאָלט זיי פאַר אַלעמען, האָט ער אויך דינהלען געוואָלט אָפּצאָלן איצט פאַר אַלע עוולות זיינע, כדי אין די לעצטע יאָרן צו פאַרריכטן דאָס, וואָס ער האָט אַ גאַנץ לעבן צעשטערט. אָבער די שטוב, וואָס ער האָט אַזוי אומברחמנות אַמאָל צעבראָכן, האָט זיך נישט געלאָזט צוריק צוזאַמענשטעלן. קיין שום קלעפּעכץ האָט נישט געהאַלטן די צעבראָכענע שאַרבנס, וואָס אַשכנזי האָט געפּרוווט צוזאַמענקלעפּן.

גלייך ווי ער האָט צוריקגעקריגן דעם פּאַלאַץ זיינעם, האָט ער געוואָלט אַריינגעמען די טאָכטער צו זיך. נישט פאַר זיך האָט ער געדאַרפט דעם פּאַלאַץ, פאַר וועלכן ער האָט אַזוי פאַרביסן געקעמפט אים צוריקצוקריגן. ער איז אַלעמאָל געווען פרעמד אין אים, מער נאָך איצט, אויף זיינע פּריצייטיק אַלטע און צעבראָכענע יאָרן. די גרויסקייט פון די זאַלן, די ליידיקייט פון די פיל שטובן, האָט אים דערדריקט, נאָך קלענער געמאַכט ווי ער איז געווען. פּוסטער פון אַלץ איז געווען דער גרויסער טיש אין עס־זאַל, אַרום וועלכן ביידע, ער און זיין ווייב, זענען געזעסן. עלנטע, מידע, זענען זיי ביידע געזעסן ביים ריזיקן טיש, צו וועלכן די דינער האָבן אויף זילבערנע טאַצן פייערלעך שפּייזן צוגעטראָגן, קוים פאַרזוכט עפּעס און געשוויגן, קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט צו זיך. גאָרנישט איז געווען וועגן וואָס צו רעדן.

אַשכנזי האָט געוואָלט האָבן די טאָכטער ביי זיך, זי זאָל אַריינטראָגן וואַרעמקייט און היימישקייט אין דער פּאַלאַצישער קאַלטקייט. אויך האָט ער געוואָלט האָבן זיין אייניקל, די קליינע פּריווע, וואָס האָט נאָך זיין אַמאָליקער שוויגער געהייסן. ווי אַ גלאָק פון אַ פריילעכן שליטן אין אַ קאַלטן

איינזאַמען פאַרשנייטן וועג, האָט געקלונגען דאָס געלעכטער פון דער קליינער, ווען זי פלעגט אַריינקומען אין די גרויסע פּאַלאַץ־שטובן. סיי אַשכנזי אַליין, סיי דאָס ווייב זיינס, די האַלב־געליימטע קינדערלאָזע פרוי, האָבן געבעטן ביי גערטרודן, זי זאָל אָפּלאָזן איר הויז, וואָס זי האַלט, און איבערציען זיך אין פּאַלאַץ אַריין, זיין צוזאַמען. גערטרוד האָט נישט געוואָלט. מאַקס אַשכנזי האָט זיך משער געווען, אַז דאָס וויל זיין טאָכטער נישט אַריבערקלייבן זיך צו אים צוליב דער מוטער, און ער האָט זיך איבערגערעדט מיט זיין ווייב, אָפּצוגעבן אַ באַזונדערן שטאָק פאַר דער טאָכטער און מוטער. פרוי אַשכנזי איז איינגעגאַנגען דערויף. זי האָט גאָרניטש געהאַט קעגן דער פריערדיקער פרוי פון איר מאַן. ביידע זענען זיי שוין געווען אין די יאָרן, ווען ווייבערשע שנאה צוליב אַ מאַן פאַרשווינדט און בלויז אַ געפיל פון פריינטשאַפט קומט אָן, צו האַלטן זיך צוזאַמען. אַשכנזי האָט געלאָזט וויסן גערטרוד זיין טאָכטער, געבעטן זי, זי זאָל זיך איבעררעדן מיט דער מוטער. אָבער סיי גערטרוד, סיי דינהלע האָבן נישט געוואָלט אַריבערקלייבן זיך פון זייער וווינונג אין פּאַלאַץ אַריין. אַשכנזי האָט זיי געשיקט געלט, אַ סך געלט, עס זאָל זיי גאָרנישט פעלן אין זייער הויז. אויך האָט ער די געשעפטן פון ברודער זיינעם פאַרזאָרגט, כדי פון גערטרודן יעדער עול אַראָפּצונעמען. אָבער קומען צו אים אין פּאַלאַץ אַריין האָט זי נישט געאיילט זיך.

צווישן פאָטער און דער מוטער האָט זי שטענדיק אויסגעקליבן די מוטער. זי האָט אויפן פאָטער רחמנות געהאַט איצט, געזען זיין עלנט, אָבער קיין ליבשאַפט צו אים האָט זי נישט געפילט. דאָס, וואָס דער פאָטער האָט פאַר אַלע יאָרן אָפּגעפרעמדט, אויסגעוואָרצלט יעדער פאָטערלעכן געפיל ביי איר, דאָס האָט מער נישט געקאָנט צוריקקומען. שטילערהייט האָט זי אַפילו געפילט אַ ווידערווילן צו אים. צוליב אים איז דאָס איר מאַן אומגעקומען. תמיד האָט ער איר נאָר צרות פאַרשאַפט, טרויער אָנשטאָט פרייד, און אויך ווען ער האָט שוין געוואָלט פרייד ברענגען, האָט ער אומגליק געבראַכט אויף איר קאָפּ. זי איז געווען נישט פרום, אָבער אבערגלויבעריש, געגלויבט אין מזל. פון אַלע מאָל איז איר פאָטער איר בייזער גייסט געווען. צום לעצט האָט ער איר גאַנץ גליק צעשטערט. זי האָט אים נישט אויסגערעדט. זי האָט געזען זיין פינצטער מזל. דאָס לעבן אַליין האָט אים אָפּגעצאָלט פאַר זיין אומזיניק פירן זיך. פאַראַן גערעכטיקייט אויף דער וועלט. זי האָט רחמנות געהאַט אויף אים, אָבער קיין ליבשאַפט ביי זיך צו אים האָט זי נישט געקאָנט אַרויסקריגן. וויפל זי האָט זיך נישט געמיט, האָט זי גאָרנישט געקאָנט אויפוועקן קיין וואַרעמקייט אין איר האַרץ צו דעם, וואָס האָט זי געבוירן.

די מוטער אַליין פלעגט זי מוזן טרייבן, זי זאָל נעמען דאָס קינד און אַריבערגיין אַמאָל צום פאָטער.

— פאַרגעס נישט, טאָכטער, אַז ער איז אַ טאַטע, — האָט זי זי גע־

שטראָפט. — ער האַלט אין איין טעלעפאָנירן, אַפילו דעם אויטאָמאָביל האָט ער צוגעשיקט.

אַשכנזי האָט אַלע געשעפטן אָװעקגעלייגט, װען די טאָכטער איז צו אים געקומען. ער האָט איר מתנות געקויפט, צום האַרץ זי צוגעדריקט. די קליינע פריװע האָט ער אויף די דאַרע קני גענומען און געהוידעט, אויף דעם טעפּעך זיך מיט איר אויסגעלייגט און װי אַ הונט געבילט, צום פאַרגעניגן און געלעכטער פון קינד. ער האָט איר אויך אַ סך מתנות גע־געבן, יעדן טאָג אַנדערע צוגעשיקט מיטן דינער. דאָס, װאָס ער האָט קיינמאָל נישט געגעבן זיינע אייגענע קינדער, האָט ער איצט געגעבן דעם אייניקל זיינעם. אויך די אַלטע פרוי זיינע האָט די קליינע אַרומגענומען מיט די האַלב־געליימטע הענט, אויסגעקושט איר די פולכנע הענטלעך, יע־דער לאָק אין קאָפּ. אָבער די קליינע האָט נישט געקלעפּט צו די נייע זיידע און באָבע.

נאָך פּוסטער פּלעגט װערן אין פּאַלאַץ נאָך זייער אַװעקגיין.

אַשכנזי האָט אַראָפּגעבראַכט דעם זון זיינעם. ער האָט אים געלט געשיקט קיין פּאַריז, מיט בריװ פאַרװאָרפן, ער זאָל קומען צו פאָרן קיין לאָדזש. נאָך לאַנגע בקשות איז דער זון געקומען. אָבער אַשכנזי האָט אים נישט דערקענט. פאַר אים איז געשטאַנען אַ מאַן אַ רייפער, אַ צעװאַק־סענער, קיין האָר נישט פון דעם יינגל פון די אַמאָליקע יאָרן. גאָרנישט איז געװען אין אים פון פאָטער. אויך די שטימע זיינע איז געװען אַ גראָבע און אַ פרעמדע. ספּעציעל איז זי פאַרגרעבט געװען אין מיליטער, װאו ער האָט געדינט אין מלחמה־צייט. אַשכנזי האָט זיך געשטעלט אויף די שפּיץ פינגער, כדי צו דערגרייכן מיט די ליפּן צום זונס באַקן, װאָס ער האָט װאַרעם אויסגעקושט. אָבער דער זון זיינער האָט אים קוים מיט די ליפּן אָנגערירט די איינגעשרומפּענע באַק און געהאַלטן זיך אַזוי פרעמד, װי ער װאָלט גאָרנישט זיך אָנגעקערט מיט דעם קליינעם איינגעשרומפּענעם מאַן. אַפילו די שפּראַך, דעם שטוביקן דייטש, האָט ער נישט רעכט געדענקט און גערעדט פראַנצויזיש, װאָס דער פאָטער האָט קיין װאָרט נישט פאַר־שטאַנען. דער זעלנער איז אים געלעגן אין יעדער באַװעגונג. אַ שראַם פון אַ מעסער האָט דורכגעשניטן אַ האַלב פּנים זיינס, צוגעבנדיק אים פרעמדקייט און גויאישקייט.

— אויפן פראָנט געכאַפּט, — האָט ער געזאָגט מיט אַ געלעכטער, װי ער װאָלט זיך פון עפּעס זייער אַ פריילעכער צייט דערמאָנט. — אָרנטלעך דורכגעהאַקט.

אַשכנזי האָט זיך דערפילט אָפּגעשטויסן פון דעם פרעמדן מאַן. נאָך פרעמדער האָט ער זיך דערפילט, װען דער זון האָט אים מיט זיין פראַנ־צויזקע באַקענט, אַ פרוי אַ טונקל־הויטיקע, אַ קנאָכיקע, מיט זייער גרויסע שװאַרצע אויגן, װאָס ביי זייער גאַנצער שװאַרצקייט האָבן זיי קיין טראָפּ ייִדישקייט נישט אין זיך. מיט לאַנגע פאַרביקע אוירינגלעך אין די אויער־

מיט אַ סך בראַנזאָלעטן אויף די קנאָכיקע שטאַרק־טונקעלע הענט, מיט דינע געטאָקטע פּיס, וואָס קוקן אַרויס פון שטאַרק קורצן קליידל, אין קליידער פאַרביקע, שרייענדיקע, האָט זי דערמאָנט אין איינע פון די אונ־גאַרישע טענצערינס אין די קאַבאַרעטן, וואָס אַשכנזין פלעגט אַמאָל אויס־קומען זען אין די וועגן, ווען ער האָט געמוזט מיט סוחרים אַ געשעפט באַגיסן. קיין איין וואָרט אויסער פראַנצויזיש האָט זי נישט פאַרשטאַנען. אַשכנזין איז גלייך קלאָר געוואָרן, אַז זי דאַרף זיין אַ גויע, אַ פראַנצויזין, צי אפשר גאָר נאָך ערגער, אַ ציגיינערין, אָדער איינע פון די פראַנצויזישע קאָלאָניעס. ער איז שטאַרק רויט געוואָרן, דאָס גאַנצע בלוט האָט ער דער־פילט אין זיין בלאַס פּנים, ווען די קנאָכיקע הייס־בלוטיקע נקבה האָט אים די באַק אויסגעקושט, מיט שמחה אים אין די אויגן אַריינגעלאַכט:

— מאָן פּער, מאָן פּער!

און באַלד דערויף האָט זי איר קליין האָריק הינטעלע געכאַפּט אין די אָרעמס, געקושט עס אין נעזל, אין די אויגן און גערעדט דערצו מיט הייסע, ראַשיקע און פרעמדע צערטלעכע רייד.

ער האָט דעם זון נישט געפרעגט וועגן איר, אָבער ער איז געווען זי־כער, אַז זי איז אַ גויע. ער האָט עס געזען סיי אין איר אויפפירונג, סיי אין דעם הינטעלע, וואָס זי האָט גאָר פון די הענט נישט אַרויסגעלאָזט. זי האָט אויך קיין ברעקל בושה נישט געהאַט אין זיך. אין זיין קעגנוואַרט־אַשכנזיס, איז זי פּלוצלונג צוגעפאַלן צום מאַן און אים באַדעקט מיט קושן, געצערטלט זיך צו אים און אויפגעפירט זיך גאַרנישט ווי מען פירט זיך אין אַ לייטישער שטוב, ווי אַשכנזי איז געוואוינט געווען. ער האָט זיך געערויטלט, אַשכנזי, גאַרנישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך פאַר בושה.

נאָך די ערשטע עטלעכע טעג, האָט אַשכנזי גענומען מיטן זון רעדן וועגן אַ תכלית. ער האָט געוואָלט אַריינציען דעם בן־יחיד זיינעם אין דער פאַבריק, אויסלערנען אים מסחר, כדי ער זאָל האָבן וועמען איבער־צולאָזן זיין פאַרמעגן, דאָס הויז אַשכנזי זאָל נישט אונטערגיין נאָך זיין טויט. אָבער דער זון האָט אין פאַבריק נישט געוואָלט אַריינשמעקן. ער האָט נישט פאַרטראָגן דאָס קלאַפּן און רוישן, די אַרבעטער, דעם טומל און גערודער. עס זענען אים גאַרנישט געקראָכן אין קאָפּ אַריין די אַלע סוחרישע רייד, וואָס דער פאָטער האָט אין אים אַריינגערעדט. ער איז גלייך צוריק אַנטלאָפן אין פּאַלאַץ, כדי צו פאַרברענגען מיט נאַרישקייטן. גאַנצע טעג האָט ער געמאַכט ספּאָרט, געפעכט, געשוואוּמען אין באַסיין, געשפּילט זיך מיטן הינטל אָדער אַרומגעריסן זיך מיטן ווייב. זי האָט געמאַכט קולות, די טונקל־הויטיקע פראַנצויזקע, אַז דער פּאַלאַץ איז אויף רעדער געגאַנגען. אַשכנזי האָט קיין וואָרט נישט פאַרשטאַנען פון מבול רייד אין דער פרעמדער שפּראַך, אָבער פאַרשטאַנען האָט ער, אַז זי פּליאַקעוועט גאָר אויף דעם גרויסן שטייגער. איגנאַץ האָט געשוויגן, נאָר אַז זי פלעגט זיך צעלאָזן גאָר אויף די הויכע טענער און קריכן אים מיט די נעגל אין פּנים

אַריין, האָט ער זי אויסגעפּאַטשט, אַז מען האָט געהערט די הילכן איבער אַלע שטובן. אַשכּנזין איז דאָס בלוט פאַרגליווערט געוואָרן. עס איז אים געווען אַ חרפּה פאַר זיך, פאַר דעם ווייב, פאַר דער דינערשאַפט. וואָס־וואָס, נאָר פון אויפהויבן אַ האַנט האָט ער קיינמאָל נישט געהאַלטן, נאָך דערצו אויף אַ נקבה. דאָס האָט ער געוואוסט, קומט פאַר ביי גויים, ביי אַרבעטער. נישט ביי לייטישע מענטשן, אין אַ יידישער שטוב, נאָך דערצו ביי אים אין שטוב. אָבער די ברוין־הויטיקע פראַנצויזין האָט זיך ווייניק געמאַכט פון איגנאַצעס פּעטש. באַלד נאָכן אויסווייַנען זיך, האָט זי גיך אָנגעפּו־דערט דאָס פּנים, אונטערגעפּאַרבט די אויגן, די ליפּן אָנגעשמירט און אין די אויגן פון אַלע אַרויפגעוואָרפן זיך קושן און האַלדזן איר שלעגער מיטן זעלבן ברען, ווי זי האָט פריער געוואָרפן זיך אין צאָרן אויף אים מיט די נעגל. זי האָט געלאַכט הויך, ראַשיק, מיט הילכיקע קושן די מאַנצבילשע הענט באַדעקט. באַלד דערויף איז זי איר הינטל מיט אַזעלכע קושן באַ־פאַלן. ביים מיטאָג האָט זי מיט זולל וסובאשן אַפּעטיט געגעסן די פילע געריכטן און ווין געטרונקען ווי אַ שיכור. אָפטמאָל פלעגט גאָר איגנאַץ פאַרנעמען דעם פּאָטערס אויטאָמאָביל און אַרומפליען איבער די וועגן, אי־בערשרעקנדיק מיט זיין ווילדן פליען אַלע דאָרפישע מענטשן, בהמות און עופות. די פּאָליציי האָט אַלץ נייע פּראָטאָקאָלן קעגן אים געמאַכט. וויפיל מאָל דער פּאָטער האָט געדאַרפט די מאַשין, האָט ער זי נישט געהאַט.

— דער יונגער הער האָט זי גענומען, — האָט דער שאָפער געזאָגט אַ ברוגזער.

אָבער ערגער פון אַלץ איז געווען מיט געלט. ער האָט אַ וועלט מיט געלט געדאַרפט, אַשכּנזיס זון. ער האָט זיך אין שטאָט מיט אַלערליי פאַרדעכטיקע פאַרשוינען אַרומגעפּירט, אין קאָרטן געשפּילט, אין קאַבאַ־רעטן געגאַנגען, אַוואַנטורעס מיט אָפיצירן געהאַט אין די שאַנטאַנען, גע־שיכורט. נאַכט ביי נאַכט פלעגט מען אים אַן אָנגעזויפטן פון די רעסטאָ־ראַנען ברענגען. אויך האָט ער די דינערשאַפט געזידלט.

מענטשן האָבן אים אַלץ נייע שלעכטע גרוסן פון זיין זון געבראַכט.

— ער קערט וועלטן, אַשכּנזי יוניאָר, הער פּרעזעס, — האָבן זיי אים דערציילט.

וויפל געלט דער פּאָטער האָט אים נישט געגעבן, איז אים אַלץ ווייניק געווען; און אַז ער האָט אים גענומען מוסרן, רעדן צו אים וועגן אַ תּכלית, האָט ער גאָרנישט געוואָלט דולדן און גענומען פּאַקן זיך אין וועג, צוריק קיין פּאַריז.

— וואָס וועסטו טאָן דאָרט? — האָט אים דער פּאָטער געפרעגט.

— אין פרעמדן־לעגיאָן אַריינטרעטן און קיין אַפריקע אַוועק, — האָט ער געזאָגט אַ פינצטערער, קוקנדיק מיט האַס דעם פּאָטער אין די אויגן — ס'איז מיר סיי ווי סיי אַלץ נמאס...

דער פּאָטער האָט אים נישט אַוועקגעלאָזט. ווידער אַמאָל און אָבער

אַמאָל האָט ער אים געלטער געגעבן, נאָכגעגעבן אים אַלע זיינע שמד־שטיק, כדי אים איינצונעמען, צוגעוואוינען אים צום נייעם לעבן. קיין זאַך איז אים נישט געפעלן געוואָרן. ער האָט פיינט געהאַט דאָ די מאכלים, די מענטשן, די שטאָט, די שפּראַך. ער האָט גאָרנישט אויפגעהערט רייסן זיך קיין פּאַריז. מער נאָך פון אים איז די ברוין־הויטיקע פּאַרשוינטע זיינע אַרומגעגאַנגען אָן אָנגעבלאָזענע. אַמאָל איז ער אויף אַ ווייל גוט געוואָרן, איגנאַץ, מיטן פּאָטער גערעדט, צו דער מוטער געקלעפּט און אַפילו זי מיט געוואַלט אין פּאַלאַץ צום פּאָטער געבראַכט. אַשכנזי איז געשטאַנען אַ פּאַרלוירענער, דינהלע האָט געפלאָמט ווי אַ קליין מיידעלע.

— וואָס מאַכט מען? — האָט אַשכנזי געפרעגט דינהלען אַ פּאַרלוירענער.

— וואָס זאָל מען מאַכן? — האָט דינהלע צוריקגעענטפערט, ברענענדיק אין פלאַמען.

איגנאַץ האָט ביידע מיט געוואַלט צוגעפּירט איינעם צום אַנדערן און זיי מיט ביידע הענט צוגעהאַלטן.

— נו, צעקושט זיך! נו, גענוג געווען ברוגז! — האָט ער געזאָגט און געקוואָלן פון נחת.

די קנאָכיקע פראַנצויזקע האָט ראַשיק מיט ביידע הענט אַפּלאָדירט.

— בראַוואָ, בראַוואָ!

די עלטערן האָבן אויפגעשיינט, טאַטע־מאַמע האָבן געגלויבט, אַז ער ווערט אַן אַנדערער, אַז ער וועט זיך איינלעבן דאָ, גיין אויף אַ מענטשלעכן וועג און ברענגען זיי נחת פאַר אַלע צייטן. זיי האָבן שוין אַפילו גענומען וועלן דערגיין ביי אים וועגן דער פראַנצויזקע זיינער, דערוויסן זיך איינמאָל פאַר אַלעמאָל ווער זי איז, וואָס זי איז און צו זענען זיי טאַקע מאַן און ווייב, חלילה, אָדער בלויז געליבטער און געליבטע, וואָס קאָנען זיך פונאַנדערגיין אַזוי לייכט ווי זיי זענען זיך צונויפגעקומען. זיי האָבן נאָך געוואָלט נחת האָבן אין אים, איגנאַצן, דערלעבן זיין חתונה מיט אַ היי־מישער יידישער טאָכטער. אָבער ווי גיך ער איז גוט געוואָרן, אַזוי גיך איז ער פּלוצלונג ווילד געוואָרן, גאַנצע טעג זיך אין שטוב נישט געוויזן, נישט אין פּאַלאַץ, נישט ביי דער מוטער אין הויז. ער איז אַוועק קיין וואַרשע אויף טעג, נישט דערציילנדיק פריער וועגן דעם, נישט געבנדיק פון זיך צו וויסן אַפילו. די עלטערן האָבן זיך די אויגן אויסגעקוקט. צוריקקומען פלעגט ער אַ בייזער, אַן אויפגערעגטער, שרייען, טומלען, אַז ער קאָן דאָ נישט זיצן, אַז אַלץ שטייט אים ווי אַ ביין אין האַלדז.

איינמאָל פון אַ רייזע אַזאַ איז ער מער נישט צוריקגעקומען, צוזאַמען מיט זיין פראַנצויזקע, הינטל און די זאַכן. מיט אַ וואָך שפּעטער איז אָנ־געקומען פון אים אַ קורצע טעלעגראַמע, אַז ער איז ווידער אין פּאַריז און אַז דער פּאָטער זאָל אים שיקן געלט אויף דעם אַדרעס פון האָטעל, וואו ער וואוינט.

אַשכנזי האָט זיך געפילט באַליידיקט, געקרענקט.

— אַ זון זאָל אַזוי גאָרנישט האָבן איבערגענומען פון טאַטן! — האָט אים געזעגבערט אין מוח, ווי אין די צייטן, ווען איגנאַץ איז נאָך אַ ייִנגל געווען און שוין זיינע ווילדע פירעכצן אַרויסגעוויזן.

גאָרנישט פון קיין ייִד איז געווען אין דעם פאַרשוין, סיי אין זיין בענקען נאָך מיליטער, סיי אין זיין אַרומיאָגן זיך נאָך אַלערליי הולטייסטווע און משוגעתן, סיי אין זיין האַס צו מסחר, תכלית־זאַכן. אינגאַנצן האָט ער אים דערמאָנט אין הונצעס זין די הולטאַיעס. אויך זיי האָבן אַזוי גע־האַסט די שטאָט, דעם מסחר, די מענטשן דאָ, און מער פון אַלץ דעם איי־גענעם פאָטער.

אַשכנזי האָט טעלעפאָנירט וועגן דער טעלעגראַמע דינהלען, וואָס איז אומגעגאַנגען אָן אַ קאָפּ איבער איר זון.

— מילא, — האָט ער זי געטרייסט, — אַבי ער איז דאָ, דער אוצר, זאָל זיין אין פּאַריז.

אָבער זיך אַליין האָט ער נישט געקאָנט טרייסטן. ער האָט שוין געזען איצט, אַז די שפּיל איז פאַרן טיוול, אַז פון דעם יונג וועט קיין לייט נישט זיין. ער האָט געוואָלט אויפבויען צוריק זיין הויז מיט הייזער גלייך, צוגרייטן אַ יורש פאַר זיך, אָבער ס'לאָזט זיך נישט. נישט ער וועט פון דעם זון זיינעם די וועלט האָבן, נישט ער וועט פון אים יענע וועלט האָבן. קיין ברעקל ייִדישקייט האָט ער נישט אין זיך, שלעפּט זיך אַרום מיט אַ גויע, אַ ציגיינערין אָדער דער רוח ווייסט זי ווער זי איז. הלואי ער זאָל דאָס רענדל נישט איבערבייטן, אויב ער איז שוין נישט, גאָט באַ־היט, געשמדט, — האָט אַשכנזי געזאָרגט.

גאָט, פאַרוואָס קומט דאָס אים? — האָט אַשכנזי געקווייטשט דעם שטערן. — ער, וואָס דאָס גאַנצע לעבן אַרבעט ער, שלאָגט זיך פון די כוחות אַרויס, מיידט אויס יעדער הולטייסטווע, זאָל האָבן אַזאַ יורש. פאַר וועמען אַרבעט ער דען, מ'שטיינס געזאָגט? נישט פאַר זיך. ער אַליין האָט קיינמאָל גאָרנישט נישט גענדאַרפט און דאַרף איצט אודאי גאָרנישט. זיין גאַנצע שפּייז פון טאָג איז ווערט גראָשנס. פאַר וועמען האָט ער אָנגע־הויבן איצט אַלץ אויפסניי? נאָר פאַר זיי, פאַר די קינדער. און וואָסער פרעמדקייט עס איז דאָ פון זיי צו אים! די טאָכטער האַלט זיך פון וויטן. קוים וואָס מען זעט זי. דער זון איז אים אַ שונא. קיין מענטשלעך וואָרט האָט ער גאָרנישט געוואָלט אויסרעדן. אַפילו זיך נישט געזעגנט. בלויז אַ טעלעגראַמע נאָך געלט האָט ער צוגעשיקט.

נאָך די טעג פון צרות און עגמת־נפש אין פאַבריק האָט ער אין שטוב גאָרנישט געהאַט, אַ חוץ דער אייגענער איינזאַמקייט און דער פרויס קרעכצן. ביי דער אַרבעט האָט ער זיך נאָך ווי' עס איז פאַרגעסן. אָבער אין די נעכט, די לאַנגע און שלאָפלאָזע, זענען אַלערליי שלעכטע געדאַנקען אָנגע־קומען. אַלערליי חולאתן זענען אַרויס. די ביינער האָבן געבראָכן, אויפן

האַרץ האָט געברענט. אַפּטמאָל האָט ער אַ שטעכעניש אין די זייטן גע־פילט, וואָס האָט גאָרנישט אָפּגעלאָזט. און פון צייט צו צייט האָט ביים האַרץ אים פּלוצלונג פאַרקלעמט. נאָך פאַר דער מלחמה האָט ער אַזעלכע זאַכן דערפילט און זיך באַאומרואיקט וועגן דעם, נאָר ער איז קיינמאָל צו קיין דאָקטאָר נישט געגאַנגען, נישט געהאַט קיין צייט דערצו. אין דער אַרבעט, אין יאָגן אין טרייבן האָט ער זיך אין אַלעם פאַרגעסן. אַ מאָל האָבן אים דאָקטוירים אַפילו געוואָרנט, אַז ער דאַרף זיך היילן, אַז עפּעס איז נישט אינגאַנצן מיט זיין געזונט, נאָר ער האָט זיי נישט געהערט. ער האָט נישט געהאַט דערצו קיין געדולד.

אַפילו די ציין פלעגט ער זיך נישט אויסהיילן ווי עס געהערט צו זיין. ער האָט נישט געקאָנט איינזיצן אויף דער דענטיסטן־שטול. ס׳האָט אים פון אָרט געטראָגן. מיט סאָדע האָט ער פאַרטרונקען די ברענענישן אויפן האַרצן. מיט וואַרעמע פלעשער האָט ער פאַרשטופּט די ווייטיקן אין די זייטן און אין רוקן. ער האָט קיינמאָל נישט געוואָלט אַוועקפאָרן אין די בעדער, וואוהין די דאָקטוירים האָבן אים געשיקט. איצט זענען זיי אַלע אַרויסגע־קראָכן, די ווייטיקן, מיטאַמאָל. דער גאַנצער קליינער קערפּער זיינער איז פול געווען מיט מיחושן, שטעכעניש און ברעכעניש. דאָס ווייב האָט אים געיאָגט צו דאָקטוירים, געבראַכט פּראָפעסאָרן צו אים אין שטוב, נאָר ער האָט זיי נישט געוואָלט קענען. ער האָט געוואוסט פריערדאויס וואָס זיי וועלן אים הייסן — רוען אַ סך, פאָרן אין די בעדער, נישט זאָרגן זיך, שלאָפן אין די נעכט, אָפּהיטן זיך. אַשכנזי האָט קיין איינס פון די אַלע זאַכן נישט געקאָנט פאָלגן. מער ווי שטענדיק האָט אים געטראָגן איצט, ערגער ווי אַלעמאָל זענען די געשעפטן געגאַנגען, צום אָפּגרונט זענען זיי געלאָפן. אין שטוב איז געווען איינזאַם, אומעטיק. די טאָכטער איז געווען פרעמד, פאַר־טרויערט. דער זון האָט פון זיך נישט געלאָזט הערן אַ חוץ אַ טעלעגראַמע, ווען דער טשעק איז אַרויסגעשיקט געוואָרן צו שפּעט. דער אומגעקומענער ברודער איז גאָרנישט אַוועק אין די נעכט פון די אויגן. ווי דעמאָלט אין וואָקזאַלעכל, איז ער געלעגן פאַר אַשכנזיס אויגן אַ גרויסער, אַ מעכטיקער, מיט אַ שנירל בלוט פון שטערן, וואָס רינט אין דער באָרד אַריין און גליוורט. וויפל אַשכנזי האָט נישט פאַרמאַכט די אויגן, כדי נישט צו זען דאָס דאָזיקע בילד, אַלץ מער האָט ער עס געזען. ער האָט אַלערליי פּילן גענומען, כדי די אויגן צוצומאַכן, אַנטשלאָפן צו ווערן, אָבער זיי האָבן זיך נישט צוגעמאַכט. זיי האָבן זיך גלייך צו די פּילן צוגעוואוינט, נישט רעאַגירט אויף זיי.

ניין, ער האָט נישט געקאָנט אויספירן די פּראָפעסאָרישע עצות וועגן רוען, נישט זאָרגן, שלאָפן אין די נעכט און אָפּהיטן זיך. זיין קליינער צע־ווייטיקטער קערפּער האָט קיין רו נישט געהאַט. פון ווייכסטן געלעגער אויפן פּראַנצויזישן בעט האָט עס אים געהויבן.

עס האָט זיך נישט געלאָזט צוזאַמענקלעפּן דאָס צעבראָכענע הויז, ווי

ער האָט עס אָפּגעמאַכט ביי זיך אין די אומגליקלעכע פּעטערבורגער טעג. די שאַרבנס זענען זיך צעפאַלן. און ער האָט אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די גרויסע פּאַלאַץ־שטובן אין די שלאָפלאָזע נעכט, אַרומגעטשאַפּעט אין שלאָף־ראָק און אין די שטעקשיך.

די בראָנזענע מעפיסטאָפעלן האָבן, ווי אַמאָל, געשטשירעט אויף אים מיט די ציין און געלאַכט אין די שטילע נעכט זייער שפּאָטיש געלעכטער.

### קאַפּיטל פינף און צוואַנציק

לאָדזש האָט געפּלאַצט.

די פּאַפּירענע קייט, וואָס האָט די שטאָט אַרומגענומען, האָט זיך צע־ריסן, אויף פּיץ־פּיצלעך צעפליקט. די שלעכט־געדרוקטע מאַרקן מיט די פּיל נולן אויף זיי זענען אינגאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן און נייע גילדנס, זיל־בערנע, מיט אָדלערס און אויסגעקריצטע קעפּ זענען אַרויס פון די מינ־צערייען אין גאַס. צוזאַמען מיט די שמאַטעדיקע מאַרקן איז פאַרשוואונדן אין שטאָט די אַרבעט, יאַגעניש, קויף און פאַרקויף, דאָס גאַנצע פּאַפּירענע לעבן. אַלץ האָט זיך אָפּגעשטעלט.

די לאַגערן און די פאַבריקן זענען געבליבן פול מיט סחורות, וואָס מען האָט אָנגעאַרבעט פאַר דער גאַנצער צייט אָן חשבון און צאָל. די קראָמען האָבן מער קיין גראָשן נישט געלייזט. די טראָטואַרן, וואָס זענען פריער פול געווען מיט קונים פון די שטעט און שטעטלעך, זענען אָפּגע־ליידיקט געוואָרן. די פּאָליציאַנטן האָבן קיינעם נישט גענדאַרפט יאָגן מער. אין די קאַפעען און רעסטאָראַנדלעך זענען די קעלנער אַרומגעגאַנגען עובר־בטל און געיאָגט מיט די האַנטעכלעך די פליגן, וואָס האָבן געקלעפּט צו דעם פאַרלעגענעם זיסן געבעקס אויף די בופעטן. ביי די טישלעך זענען געזעסן די אַגענטן, מעקלערס, געלט־טוישער, קאָמיסיאָנערן, וואָיאַזשאָרן, זיי האָבן געשריבן מיט די בליישטיפטן אויף די מאַרמאָרנע טאַפּלס, געמעקט, חשבונות אונטערגעפירט, נאָר קיין גלאָז קאַווע האָט קיינער פון זיי נישט באַשטעלט. מען האָט בלויז געררויכערט די פּאַפּיראָסלעך איינס נאָכן אַנדערן, אָנציג־דיק זיי מיט די מיליאָניקע ווערטלאָזע מאַרקן, וואָס האָבן איצט פאַר שוועבעלעך געדינט.

— אַ קאַווע? אַ טיי? — האָבן די קעלנערס געמונטערט די זיצנדיקע ביי די טישלעך, צו דערמאָנען זיי, אַז זיי דאַרפן עפּעס באַשטעלן.

— שפּעטער! — האָבן זיך די מענטשן אָפּגעבעטן און געדיכט פאַר־שריבן די טישלעך.

דאָס האָט מען אויסגערעכנט, ווער עס האָט אָפּגעלעקט אַ ביין ביי דעם גרויסן יאַריד און ווער עס האָט געבראָכן הענט און פיס. לאָדזש האָט זיך איבערגעקערט, קבצנים, משרתים, אַלערליי פּוסטע קעפּ און דרייער

זענען אַרײַן אין די פּעדערן אין די משוגענע טעג, האָבן געכאַפּט, געדרייט, אָנגעליגן און געבליבן בײַ פֿאַרמעגנס. די סאָלידע, די גבֿירים, די שטענדיקע חכמים און גרויסע אויפֿטוער, זענען געבליבן ביים בייטשל, בײַ די שלעכט־געדרוקטע מאַרקן, וואָס האָבן קיין ווערט נישט געהאַט.

פֿון אויסלאַנד האָבן אָנגעהויבן זיך ווייזן די ערשטע פֿייגל, די פּאָרשטייער פֿון וואָל־ און בײַנוול־קאָמפּאַניס, וואָס זענען געקומען אויפֿמאָנען פֿאַר די רוי־שטאָפֿן. מער ווי ווערטלאָז פּאַפּיר האָבן די אָפּנעמער נישט געהאַט וואָס צו געבן. דאָס איז אַלץ געווען, וואָס איז זיי פֿאַרבליבן. באַנקראָטן האָבן געהאָגלט. די געריכטן זענען געווען פֿול מיט פּראָצעסן, אַדוואָקאַטן. אין די טונקעלע דומפּיקע נאָטאַר־קאַנצעלאַריעס איז געווען פֿול ווי אין חסידים־שטיבלעך. מענער האָבן באַצייטנס אָפּגעשריבן זייערע הײַזער, פֿאַבריקן, געשעפֿטן אויף די נעמען פֿון זייערע ווײַבער, כּדי די קרעדיטאָרן זאָלן זיי נישט צונעמען.

די פֿאַבריקן זענען געשטאַנען. קיין איין ביסל רויך האָבן די פּאַרקאָפּטשעטע קוימענס מער נישט געלאָזן. די אײַזערנע פֿאַבריק־טויערן זענען געשטאַנען געשלאָסן, ווי די פֿעסטונגען, קיינעם נישט אַרײַנגעלאָזט, נישט אַרויסגעלאָזט. די אַרבעטער האָבן אין די טויזנטער איבער די גאַסן זיך אַרומגעשלעפּט, מיט ליידיקע קעשענעס און מיט איבעריקע הענט. מאַסן זענען בײַ די אַרבעטס־פֿאַרמיטלונגס־ביוראָען געשטאַנען אין דער ריי און געוואַרט אויף דעם אויסרוף פֿון שמאָל־געעפֿנטן טירל וועגן עפּעס אַן אַרבעט. דאָס האָט מען קיין פֿראַנקרייך אַרבעטער געזוכט אויף צו גראָבן קוילן אין די גרובנס, און די פֿאַבריק־אַרבעטער האָבן זיך געשטויסן אין די רייען, כּדי אַרײַנצוקריגן זיך אין צעטל פֿון די, וואָס דאַרפֿן אַוועק פֿון אייגענעם לאַנד, היים און פֿאַמיליע, אַבי אונטער דער פֿרעמדער ערד צו געפֿינען חיונה. אַלערליי אַגענטן פֿון שיפֿס־געזעלשאַפֿטן האָבן זיך אַרומגעדרייט צווישן די מענער אין די רייען, דערציילט זיי וועגן די גליקן אין פֿרעמדע לענדער איבערן ים, וואָס מען קאָן מאַכן, צוגערעדט צו קויפֿן שיפֿסקאַרטן. אויסגעפּוצטע שווינדלער האָבן זיך פֿאַר קאָנסולן פֿאָרגעשטעלט און פֿאַלשע וויזעס און פּאַספּאָרטן געגעבן פֿאַר די לעצטע געלטער. אַנטיסעמיטישע אַגיטאַטאָרן האָבן גיפֿטיקע רעדעס געהאַלטן קעגן די יידישע פֿאַבריקאַנטן, וואָס האָבן די פּוילישע אַרבעטער אַרויסגעוואָרפֿן אין גאַס, כּדי זיי אַוועקצושיקן אין פֿרעמדע לענדער און אַליין צו בלייבן אין לאַנד, אײַנצופֿירן דאָס מלכות פֿון ישׂראל. קירכע־באַאַמטע האָבן זיך מיט פּושקעס אַרומגעדרייט, געקלונגען און גערופֿן צו געבן נדבֿות פֿאַר דער נייער קירכע אין שטאָט, וואָס מען דאַרף אויסבויען. רעוואָלוציאָנערן האָבן שטילערהייט פּראָקלאַמאַציעס געטיילט, שלעכט־געדרוקטע פּאַפּירלעך, פֿול מיט האַס קעגן די רײַכע און הערשער און פֿול מיט קאַמפּס־רופֿן, אײַנצופֿירן די הערשאַפֿט פֿון די אַרבעטנדיקע. אַגענטן, פּאָליציאַנטן, פּאַטריאָטישע ווײַבער, סטודענטן אין קליינע פֿאַרביקע היטעלעך האָבן זיך נאָך

די רעוואָלוציאָנערן געיאָגט, געשלאָגן זיי, אַרעסטירט און מיט קללות און שפּייענישן געפירט זיי, צעשלאָגענע, מיט בלויזע קעפּ און אונטער־געהאַקטע אויגן, אין די שטאָטישע פּאָליציי־קאָמיסאַריאַטן.

— שלאָגט זיי, די טראַצקיס! — האָבן קולות געררופן, — קיין פּאַלע־סטינע!

אויפן באַלוט זענען ווידער די וועב־מאַשינען געשטאַנען איבערגע־דעקט אין די וואָכן־טעג מיט די שבתדיקע טישטעכער. ביי די שניידערס, זאָקנמאַכערינס, גאַלאַנטעריע־אַרבעטער, נייטאָרינס, זענען די מאַשינען גע־ווען פאַררוקט אין די ווינקעלעך פאַרלאָזענע און פאַרטרוקנטע. קינדער, דאַרע, אויסגעצערטע, זענען אין די שטובן געזעסן, דורך די געלאַטעטע שויבן צו די פּוסטע געסלעך אַרויסגעקוקט. די הענדלער פון אַלטוואַרג מיט זייערע ליידיקע זעק און גרויסע בערד האָבן גאָרנישט אויפגעהערט פאַררייסן די מרה־שחורהדיקע אויגן צו די אָרעמע פענצטער, זוכנדיק צו קויפן עפּעס. קיינער האָט זיי ניט גערופן. בלינדע, הינקעדיקע, קרומע, אמתע און געמאַכטע קריפּלס, האָבן זיך אַרומגעשלעפּט איבער די הויפן, פאַרלייגט זייערע געצעלטן ביי די עיפּושדיקע מיסטקאַסטנס, וואו הפקרדיקע הינט און קעץ האָבן געראַיעט, און געזונגען זייערע טרויעריקע בעטלע־רישע ניגונים.

זיי האָבן אויך מער גאָרנישט געהאַט צו וואַרטן, די מענטשן פון באַ־לוט. שוין פריער האָבן די מאַשינען זיי אַרויסגעשטויסן, דער דאַמף האָט זיי אויסגערויכערט. אין די פאַבריקן האָבן זיי די פּוילישע און דייטשע אַר־בעטער נישט אַריינגעלאָזט. אַפילו אין די יידישע פאַבריקן האָבן זיי נישט געטאָרט אַריינקומען. די גויים האָבן זיי פון די פאַבריק־האַליעס פאַריאָגט. צו זיי האָט געהערט בלויז די אַלטע וועב־שטול. אין די משוגענע טעג, ווען יעדער אומזין האָט געהאַט אַן אָרט, האָבן אויך די באַלוט־לייט געאַרבעט, מיט די הענט קאָנקורענץ קעגן דאַמף געפירט. איצט זענען זיי געווען די ערשטע אַרויסצופליען. קיין אַרבעטסלאָזע־שטיצע האָבן זיי נישט געקריגן. דער וואָיעוואָדע פּאַנטש־פּאַנטשעוועסקי האָט שוין אַזוי דעם געזעץ געזען צו־צושניידן, אַז בלויז די אַרבעטער פון די גרויסע פאַבריקן זאָלן קריגן זייער גראָשנדיקע באַלוינונג. די געזעלן פון די קליינע יידישע ווערקשטאַטלעך זענען אין חשבון נישט אַריין.

יונגע און קרעפּטיקע בחורים האָבן זיך געשטעלט אין די רייען פון די מלוכהשע אַרבעטס־ביוראָס, וואו מען גיט שוואַרצע אַרבעט ביי גראָבן קאַנאַלן, מאַכן שאָסייען, אָבער די גויים האָבן זיי פאַרטריבן.

— געגאַנגען פון דאַנען, מוישעס, — האָבן די אַרבעטסלאָזע זיי גע־יאָגט, — אַוועק, טאַטעלע, מאַמעלע, אוי וויי!...

פאַר זיי זענען געבליבן נישט מער ווי די יידישע צדקה אין דער קהילה און די ביליקע קיכן, וואָס די פאַרמעגלעכע עלטערע דאַמען האָבן אין באַלוט אַוועקגעשטעלט. די קרעמערס אין די קרעמלעך האָבן געדרימלט

זייער פּוסט־און־פּאַסטן דרימל. קיין גראָשן האָט מען פאַר די אויגן נישט געזען.

דאָס גאַנצע לעבן איז געווען אויף דעם וואָקזאַל. מענער, ווייבער, קינדער, מיט פּעק בעטגעוואַנט, מיט שבתדיקע לייכטער, מיט האַק און פּאַק האָבן די וואָקזאַלן אָנגעפילט, האָבן אַלע וואַגאָנען פון די באַנען פאַר־נומען. לאָדזש איז געלאָפן, ווייבער זענען געלאָפן צו זייערע מאַנען אין אמעריקע, פאָטערס — צו קינדער, קינדער — צו עלטערן. אַמאָליקע דאָרפס־לייט האָבן זיך פּלוצלונג דערמאָנט אין די גערטנער, וואָס זיי האָבן אַמאָל גע־פלאַנצט, אין די סעדער, וואָס זיי האָבן געהאַלטן, אין די קאַרטאָפל־פעלדער, וואָס זיי האָבן פאַרזעצט, איידער זיי זענען קיין לאָדזש געקומען, און זיי האָבן געצויגן קיין אַרגענטינע, כדי אָנצוהויבן דאָס אַמאָליקע דאָרפישע לעבן אויפסניי.

חלוצים מיט אָפּגעברענטע פּנימער, חלוצות מיט פּראָסטע קליידער און פאַרפלאָמטע געזיכטער, זענען מיט זייערע זעלנערישע רוקן־זעק, מיט שטעקנס אין די הענט און מיט די בלוי־ווייסע פענער הויך אויפגעהויבן, גרופּנווייז קיין ארץ־ישראל געפאָרן, כדי צו באַארבעטן די חרובע ערד פון די אבות. זיי האָבן געזונגען זייערע העברעאישע לידער מיט האַלדז־קלאַנגען, ווי אָריענטאַלער, געטאַנצט זייערע התלהבותדיקע טענץ אויף די וואָקזאַלן, אין די וואַגאָנען. מער ווי די פאָרער, האָבן מיטגעזונגען און גע־טאַנצט די באַגלייטער זייערע. מען האָט לאַנג געפאָכעט מיט די פענער צו די אָפּפאָרנדיקע און געריסן די העלדזער:

— לשנה הבאה בירושלים!

מיט ערשטער און צווייטער קלאַס, מיט אַ סך וואַליזעס, אין עלעגאַנטע קליידער, באַהאַנגען מיט שאַכטלען, מיט בוקעטן אין די הענט, זענען פאַר־מעגלעכע יידן מיט זייערע אויסגעפּוטערטע און אויסגעברילאַנטעוועטע ווייבער און טעכטער געפאָרן צו די איטאַליענישע פּאָרטן, כדי פון דאָרט מיט לוקסוס־שיפן אַריבערצוכאַפּן זיך אין דעם ארץ־ישראל, פון וועלכן די צייטונגען שרייבן אַזויפיל און מען זאָגט, אַז מען קאָן דאָרט מיט קאַ־פּיטאַל גוטע געשעפטן מאַכן. נישט אין גרופּן זענען זיי געפאָרן, ווי די חלוצים, נישט מיט געזאַנג און טענץ, נאָר יעדער פאַר זיך און בסוד איינער פאַרן אַנדערן. מען איז נישט געפאָרן באַאַקערן די ערד. מען איז געפאָרן קויפן פּלעצער, פאַרלייגן געשעפטן און פאַבריקן, אויב מען וועט קאָנען מאַכן אַ מטבע. שלעכט איז געווען אין לאָדזש. קיין גראָשן ריוח איז נישט געווען מער צו מאַכן אין דער שטאָט, וואָס האָט זיך איבערגעפרעסן מיט סחורה אויף יאָרן לאַנג. אויף דעם פּגר פון לאָדזש זענען, ווי די היענעס, די שטייער־באַאמטע אַרומגעקראָכן און געריסן שטייערן פאַר די מלוכה־קאַסעס. די איינציקע מענטשן, וואָס מען האָט אויף די לערע וויסטע גאַסן געזען, זענען געווען די מיליטער־לייט, באַוואָפנטע, אויסגעצופטע, מיט קעפּ פאַרריסענע, אויך באַאמטע אָן אַ שיעור מיט קנעפּלעך און צייכנס.

ווי הייזשעריקן האָבן זיי די מלוכה־קאַסעס אָפּגעגעסן. עס איז זיי גאָר־נישט געווען אָנצוזעטיקן, און די שטייער־באַאמטע, גיריקע, בייזע, הינטער־ליסטיקע, זענען אַרומגעלאָפן איבער די יידישע קראָמען און פאַבריקן, צו באַלמעלאָכעס לייזיקגייער און געריסן ביי זיי די לעצטע גראָשנס, כדי אָנ־צופילן די מלוכהשע קאַסעס. זיי האָבן אַרויסגענומען מאַשינען פון קע־לער־שטובן, בעטגעוואַנט פון די בעטן, סחורות פון די קראָמען און אויף זייערע וואָגנס אָפּגעפירט אין די שפּייכלערס, כדי פאַר זייערע געלטער אויסצופילן די קאַסעס.

די אָרעמע יידישע ווייבער זענען נאָכגעלאָפן נאָך די וואָגנס ווי נאָך לוויה־עגלות, באַוויינט זייער אָרעמקייט, וואָס מען פירט אַוועק.

— מענטשן, זעט דאָס אומגליק דאָס גרויסע, — האָבן זיי געשריגן, ברעכנדיק די הענט, — קוקט אויף דעם בראָך, וואָס האָט אונדז געטראָפן.

ביי די פאַרמעגלעכע האָט מען די געשעפטן פאַרחתמעט, דאָס צירונג פון די העלדזער ביי די ווייבער אַראָפּגענומען, די גאָלדענע זייגערס פון די טאַשן ביי די מענער אויסגעליידיקט, מען האָט געשוירן די שעפּסן, וואָס האָבן שוין לאַנג זייער וואָל געהאַט פאַרלוירן. זיי זענען דעריבער געלאָפן, די רייכע, פון דער שטאָט, אָפּגעראַטעוועט באַצייטנס, וואָס עס איז נאָך פאַרבליבן, כדי צו באַזעצן זיך אין דעם ארץ־ישראל, דעם פרעמדן און ווייטן, כדי אויסצובויען אַ נײַ פּוילן, אַ לאָדזש אַן אייגנס, אַ פּיעטראָקאָווער גאַס אין לאַנד פון די אבות.

פרעמד איז זיי געווען דאָס לאַנד פון די אבות, ווייט. זיי האָבן גאָרנישט אָנגעהערט זיך מער מיט די האַלדזיקע אָריענטאַלישע געזאַנגען, וואָס די חלוצים האָבן אין דריטן קלאַס אַזוי הויך געזונגען, מיט די התלהבותדיקע טענץ זייערע. אין פּויליש און אין לאָדזשער דייטש האָבן זיי, אומרואיקע, זיך אויסגעפּרעגט וועגן דעם קלימאַט אין דעם פרעמדן לאַנד, וועגן דער דאָרטיקער שפּראַך און מנהגים. פרעמד איז זיי געווען די שפּראַך די העברעאישע, וואָס מ׳קען עטוואָס אין סידור, אָבער מען פאַרשטייט דערפון קיין וואָרט נישט, ווען מען הערט עס אין די אַראַבישע קלאַנגען. פרעמד פאַר זייערע אייראָפּעאישע קערפּערס זענען געווען די אָריענטאַלישע זון, געוויקסן און פלאַנצן. פון צעדערבוימער, פאַלמעס, אייזלען און קעמלען, פייגנ־בוימער און איילבירטן, האָבן זיי געוואוסט בלויז פון חומש, וואָס מען האָט מיט זיי אַמאָל געלערנט אין חדר. די ווייבער האָבן געוואָלט וויסן, צי מען טאַנצט דאָרט די נייעסטע טענץ, צי עס זענען דאָ סאָסנע־וועלדער אויף זומער און שניי אויף ווינטער. זיי זענען נישט געווען גאַנץ זיכער, צי מען טראָגט דאָרט די פעלצן, וואָס זיי פירן מיט זיך, און צי מען פראַוועט מאַסקן־בעלער אין קאַרנאַוואַל.

— „באָזשע קאָכאַני״, — האָבן זיי געקרעכצט, — ווער ווייסט, וואָסער לעבן דאָרט איז אין דעם פרעמדן לאַנד!

ווי אין גלות אַרײַן, זענען זיי געפאָרן אין דעם לאַנד פון ישראל.

אַגענטן, מעקלערס, שדכנים, כלל־טוער, ערד־פּאַרקויפער האָבן שוין באַצייטנס געשעפטן געמאַכט. פעסער־פעלשער, פרויען־פּאַרפירער, אַלער־ליי מיאוסקייטן און אָפּפאַל האָבן געראָיעט אַרום די עמיגראַנטן, אָפּגע־נאַרט, באַשווינדלט, פאַרפירט, אויסגענוצט. פון אַלע וועגן און שטעגן איז מען געלאָפן פון לאַנד, וואו מען האָט הונדערטער יאָרן געוואוינט, צו נייע לענדער און פעלקער, קיין נאָרד־אַמעריקע און אַרגענטינע, קאַ־נאַדע און בראַזיליע, קובאַ און טשילי, פראַנקרייך און פּאַלעסטינע, בעל־גיע און דייטשלאַנד, צו אַלע ווינקלען פון ערד־קוגל.

ווי מיט הונדערט יאָר צוריק קיין לאָדזש, האָבן איצט פון לאָדזש די מענטשן געצויגן, אַוועק פון דער אויסגעבויטער שטאָט צו לענדער פרעמדע, אומבאַקאַנטע, אָנצוהייבן פונסניי.

אין לאַסט־אויטאָמאָבילן, אין דראָזשקעס, אין באַלעגאָלעשע בוידן, אין פויערשע וועגענער, אין האַנט־וועגעלעך, אין וועלכע מענטשן זענען איינגעשפּאַנט, האָבן די אויסוואַנדערער געפירט זייערע זאַכן, זייער בעט־געוואַנט און חפצים, זייערע ווייבער און קינדער צו די באַנען, וואָס פירן פון פּוילן צו די גרענעצן. דאָס זענען די מענטשן אַוועק פון לאָדזש, וואו סחורות זענען געווען אַ סך, נאָר קיין מערק זענען פאַר די סחורות נישט געווען. קיין פּלאַץ איז נישט געווען פאַר די, וואָס האָבן די שטאָט אויס־געבויט און אַוועקגעשטעלט.

פאַר די טויערן זענען די שטאָטישע גויים געשטאַנען און געקוקט אויף די אויסוואַנדערער. זיי האָבן נישט געוואוסט, וואָס צו זאָגן, פרייען זיך אָדער באַזאָרגט זיין. וועט עס פאַר זיי זיין בעסער אָדער ערגער איצט. און זיי האָבן בלויז געשוויגן.

אויף די פעלדער, וואו די באַנען גייען דורך, האָבן פויערים זייערע אַקערס אָפּגעשטעלט, פאַרלייגט די הענט צו די שטערנס און מיט העלע אויגן פון אָפּגעברענטע פּנימער פאַרחידושט באַטראַכט די אָנגעשטופּטע וואַגאָנעס מיט יידן. פויערטעס האָבן פאַרקאַשערט די געבלימלטע טיכלעך אויף די קעפּ און דורך די וואַגאָן־פענצטערלעך נאָכגעקוקט די חלוצישע טענץ, אויפגעכאַפּט די הילכיקע פרעמדע אָריענטאַלישע געזאַנגען.

דאָרפישע קינדער מיט הינט זענען אַרויס פאַר די געפלאָכטענע פלויטן און געבילט און געשריגן. אין די דייטש־באַוואוינטע דערפער און שטעטלעך זענען די קאָלאָניסטן און די ווייבער אַרויס פון די הייזער און נאָכגעקוקט די, וואָס האָבן צו די גרענעצן געצויגן, דורך וועלכע זיי זענען אַמאָל דאָ געקומען אַהער.

גאָרנישט קיין האָפענונג איז פאַרבליבן פאַר די געבליבענע אין דער שטאָט, וואָס איז אַזוי שנעל אויסגעבויט געוואָרן אויף די פּוסטע זאַמדן. ווי אַן אָפּגעריסענער אבר פון אַ גוף, אַזוי איז געלעגן איצט די שטאָט אָן דעם גרויסן רוסישן מאַרק, פון וועלכן זי האָט חיונה געצויגן. אַ ווילע האָט זי אויפגעצאַפּלט, ווי אַ גוסס אין דער לעצטער מינוט, כדי אויסצוגיין

דערנאָך אײַנגאַנצן. אויף איר פּגר האָבן די שטײַער־באַאַמטע געלעבט אין געהאַוועט, ציִענדיק אירע לעצטע זאַפּטן.

צוזאַמען מיט דער שטאָט, האָט אויך דער קעניג אירער, מאַקס אַשכנזי, געפּרוּווט אויפלעבן. אָבער דאָס איז נישט געווען מער ווי אַ שטאַרקע קאָנוואולסיע פון אַ חולה־מסכן, ווי דאָס העלע צעפלאַקערן זיך פון אַ צאַנקענדיק ליכט פאַרן אויסגיין. גאָרנישט האָט זיך געלאָזט צונויפקלײַבן פון די צעבראָכענע שאַרבנס פון מלכות־אַשכנזי. עס האָט געפּלאַצט צוזאַמען מיט דער שטאָט, ווי עס איז געבוירן געוואָרן מיט דער שטאָט.

אין איינער אַ שפּעטער שעה אין דער נאַכט האָט אויך מאַקס אַשכנזיס האַרץ געפּלאַצט.

ווי אַן לופט האָט אַשכנזי נישט געקאָנט אָטעמען אין דער שטאָט אָן רויך. די שטילע פּוסטע שטאָט האָט אים געשטיקט. ער האָט מער נישט געקאָנט פאַרזוכן פון מאָגערן עסן, וואָס דער קאָמערדינער האָט אים אויף דער זילבערנער טאַץ פּײַערלעך צוגעטראָגן. ער האָט מער נישט געקאָנט צו־טאָן קיין אויג אין די נעכט, ווען מאָטאָרן רוישן נישט און סירענעס שווײַגן.

ער האָט געשלונגען די שלאָף־פּילן איינס נאָכן אַנדערן אין די נעכט, די איינציקע שפּייז, וואָס זײַן גוף האָט נאָך פאַרצערט. אָבער זיי האָבן אים נישט געהאָלפן. זײַן גאַנץ לעבן איז אים פאַרבײַגעגאַנגען אין די לאַנגע פּוסטע נעכט, זײַן רוישיק אומזיניק לעבן. אַלע געשטאָרבענע קרובים זײַנע, נאָענטע, באַקאַנטע האָבן זיך דורכגעשלײַכט פאַר אים — פאָטער, מוטער, חיים אַלטער זײַן שווער, פּריווע. מער פון אַלע איז דער צווילינג־ברודער זײַנער, יעקב בונם, גאָרנישט אָפּגעטראָטן פון זײַן בעט. דאָס שנירעלע בלוט האָט נישט אויפגעהערט רינען פון זײַן שטערן אין דער באָרד אַרײַן און גליווערן. אַשכנזין איז אַ קאַלטקייט אין די ביינער דורכגעלאָפן. די פּוכענע קאָלדרע האָט אים גאָרנישט געקאָנט דערוואַרעמען.

ווי שטענדיק, ווען ער האָט נישט געקאָנט שלאָפן, איז ער אין שלאָף־ראָק און אין די שטעק־שיך אַראָפּ פון בעט און אַרומגעבלאָנקעט איבער זײַנע שטובן פון פּאַלאַץ. פּוסט איז אַלץ אַרום געווען. אַשכנזי האָט דערפילט אַ מורא אין די גרויסע שטובן. דער אייגענער נאָכקריכנדיקער שאָטן האָט אים געשראָקן. ער האָט געוואָלט האָבן עמעצן לעבן זיך, אָבער קיינער איז נישט געווען. בלויז דאָס ווײַב איז געלעגן האַלב געליימט אין איר בעט. קיינער איז ניט געווען אַרום אים, קיין קינד, קיין אייגענער מענטש. ער האָט אַרויסגעקוקט דורך די פענצטער אין גרויסן פאַבריק־הויף אַרײַן. עס איז געווען שוואַרץ דער הויף, חושך. פון שוואַרצקייט האָבן די הויכע קוימענס אַרויסגעבליקט אין די הימלען, ווי אויסגעשטרעקטע פינצטערע צונגען.

ער איז צוגעגאַנגען צו די גרויסע געשניצטע שאַפעס און געזוכט אין

די ביכער, די רייך־געבונדענע און גאָלד־באַצירטע. אָבער האָט קיין שום וואָרט אַזעלכעס, וואָס זאָל אים זיין אייגן אין דער שפּעטער שווערער נאַכט, נישט געפונען. די גאָטישע אויסגעשטעלטע שורות אויף די גלאַטיקע דיקע בלעטלעך זענען געווען פרעמד, אומזיניק. ער האָט אַראָפּגעבויגן זיך צו דער ערד, צו די אונטערשטע פּאַכן, וואו די ספרים זענען געשטאַנען באַהאַלטענע, מען זאָל זיי נישט אַרויסזען. ער האָט אַרויסגעצויגן אַ תנ״ך, אַן אַלטן, אַ לעדער־געבונדענעם און צעריסענעם, און צוריקגעגאַנגען צום בעט.

ביים רויטן שיין פון עלעקטרישן ליכט, אונטער דעם גרויסן פּאַרשייטן בילד פון אַ נאַקעט יונג ווייב, וואָס אַנטלויפט פון אַ סאַטיר, האָט ער געמישט די אַלטע שאָרסטקע בלעטער פון תנ״ך, זייטל נאָך זייטל. די שווערע מוסר־רייד פון משלי און קהלת וועגן הבל־הבלים פון לעבן, אָט די אַלע ווערטער, וואָס ער האָט זיי שטענדיק, פון קינדוווייז אין חדר ביז די שפּעטערע יאָרן, פיינט געהאַט, געלאַנגווייליקט זיך פון זיי, ווי פון צייג־לאָזע רייד פון זקנים עובר־בטלס, זענען איצט, אין דער שפּעטער שלאָפ־לאָזער נאַכט, געווען נאָענט, אמת. באַלד האָבן די פינגער זיינע אַ פּאַרקנייטשט בלאַט אָנגעטאַפּט. דאָס איז געווען איוב, דאָס ספר, וואָס ער האָט אין דער שבעה נאָך זיין ברודער געלערנט און אַ בלאַט דאָרט פּאַרקנייטשט. מיט אַ גיריקייט, ווי ער וואָלט די ווערטער צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן געזען, האָט ער גענומען מורמלען די אַלטע אָפּגעריבענע ווערטער פון די געלע האַרטע בלעטער, לייענען דעם גורל פון איוב, דעם מאַן פון לאַנד עוץ, וואָס האָט געהאַט זיבן זין, דריי טעכטער, זיבן טויזנט שאָף, דריי טויזנט קעמלען, פינף הונדערט רינדער, גרויסע פּאַרמעגנס, איז גרעסער געווען פון אַלע קינדער פון מזרח, נאָר דער שטן האָט אים אָנגעגריפן.

„און דער שטן איז געקומען און געשלאָגן איובן מיט קרעץ פון קאָפּ ביז די פיס,״ האָט ער געלערנט, „ און ער האָט גענומען אַ שערבעלע צו קראַצן זיך און ער איז געזעסן אין אַש. און איובס דריי פריינט האָבן גע־טאָן הערן דאָס אַלדאָס שלעכטס, וואָס איז געקומען אויף אים, און זיי זענען געקומען יעדער פון זיין אָרט — אליפז פון תימן, בלדד פון שוחי און צופר פון נעמי. און זיי האָבן זיך געטאָן פּאַרזאַמלען צו קומען צו שאָקלען אויף אים מיט די קעפּ און צו טרייסטן. און זיי האָבן געטאָן אויפהויבן זייערע אויגן פון דערווייטנס און זיי האָבן אים נישט דערקענט. און זיי האָבן אויפגעהויבן זייערע שטימען און געוויינט. און יעדער מאַן האָט צעריסן זיין קלייד און זיי האָבן געוואָרפן ערד אויף זייערע קעפּ צום הימל. און זיי זענען געזעסן מיט אים אויף דער ערד זיבן טעג און זיבן נעכט און נישט געטאָן רעדן צו אים קיין וואָרט, דען זיי האָבן געזען, אַז זייער גרויס איז דער ווייטיק. און נאָך דעם האָט איוב געעפנט זיין מויל און געפלוכט זיין טאָג...״

זיין בעט געהאַנגען, כדי צו רופן דעם קאָמערדינער. אָבער ווען דער קאָ־מערדינער איז אַריינגעקומען, איז אַשכנזי שוין געווען טויט.

פון די שכנישע צימערן האָבן די זייגערס אויסגעקלונגען זייערע שעה־ן לאַנגזאַם און פייערלעך.

אַשכנזי האָט אָוועקגעלייגט דעם ספר אַ ווײַלע אויפן קישן און אונ־טערגעשפּאַרט די האַנט צום אויער, כדי אויסצוציילן די שפּעטע שעהן אין דער נאַכט. אין דער רגע האָט ער דערפילט אַ קלעם אין האַרץ, ווי אַן אייזערנע צוואַנג וואָלט אים פעסט אָנגעכאַפּט. ער האָט אַ קרעכץ געטאָן און אָנגעכאַפּט מיט דער האַנט דעם עלעקטרישן שנור, וואָס איז איבער זיין בעט געהאַנגען, כדי צו רופן דעם קאָמערדינער. אָבער ווען דער קאָ־מערדינער איז אַריינגעקומען, איז אַשכנזי שוין געווען טויט.

זיין קאָפּ איז געלעגן אויפן צעקנייטשטן ספר. די האַנט האָט פעסט גע־האַלטן זיך אין דעם עלעקטרישן שנור, איינגעקלאַמערט מיט קראַמפּיקע פינגער.

## קאַפּיטל זעקס און צוואַנציק

אויף דער לויה פון מאַקס אַשכנזי האָט גאַנץ לאָדזש זיך פאַרזאַמלט. די פּיעטראָקאָווער גאַס איז געווען שוואַרץ פון מענטשן, קאַרעטעס און דראָשקעס. שוואַרץ־קאַפּאָטעדיקע און שוואַרץ־בערדיקע חסידים, שוואַרץ־וואָנצעדיקע און שוואַרץ־צילינדערדיקע פאַבריקאַנטן, סוחרים און באַנקירן, דאַמען אין טונקעלע קליידער, פאַרמעליקטע קרעמער, משרתים, מעקלערס, באַלמעלאָכעס, חדר־יינגלעך, ישיבה־בחורים, אָרעמעלייט, קאַליקעס, דאָס גאַנצע גרויסע יידישע לאָדזש, פון דער פּיעטראָקאָווער ביזן באַלוט, איז זיך צונויפגעקומען צו באַגלייטן צו זיין אייביקער רו דעם אייביק־אומרואיקן לאָדזשער מאַן.

אין דעם סוף פון מאַקס אַשכנזי האָט מען געזען דעם סוף פון דער שטאָט, אין זיין לויה — די לויה פון לאָדזש. און אַלע זענען געגאַנגען טרויעריקע אין לאַנגן צוג, טריט ביי טריט, שפּאַן נאָך שפּאַן. אויבנאָן, ביי דער מיטה, אָן יעדער פאַרפּוצונג און בלומען, זענען געגאַנגען דריי פאַרהילטע ווייבער אין שוואַרצן. כאָטש זייערע פּנימער זענען געווען פאַר־הילטע אין טרויער, האָבן אַלע געוואוסט, אַז דאָס זענען בײדע ווייבער אַשכנזיס און זיין טאָכטער. מיט געבויגענע קעפּ, האַלטנדיק זיך אונטער די הענט, האָבן די דריי אלמנות געצויגן נאָך דער לאַנגזאַם־פאָרנדיקער עגלה.

די קברנים האָבן אַ קליינעם קבר, ווי פאַר אַ קינד, אויסגעגראָבן פאַר דעם קעניג פון לאָדזש. אַ פרעמדער ייד האָט וויינענדיק געזאָגט נאָך אים קדיש.

יידן האָבן זיך אַראָפּגעבויגן צו דער ערד און געוואָרפֿן ערד אויף זיין קבר.

— פון ערד קומסטו און צו ערד גייסטו, — האָבן זיי געמורמלט הינ־טערוויילעכטס.

אויף דעם לאָדזשער הימל האָט זיך אַ שווערע כמאַרע אַראָפּגעלאָזט, אַ ווינט האָט גענומען בלאָזן און שיטן שטויב די מענטשן אין די אויגן. שווער, ווי די כמאַרע איבער זיך, זענען די באַגלייטער צוריקגעגאַנגען אין דער שטאָט אַריין, דער פוסטער און פרעמדער.

— זאַמד, — האָבן יידן געברומט, פאַרשטעלנדיק די אויגן פאַרן שטויב, וואָס האָט זיי נאָכגעיאָגט.

— אַלץ, וואָס מיר האָבן געבויט דאָ, איז געווען אויף זאַמד, — האָבן זקנים שטיל געמורמלט.

דער אָוונט האָט גענומען צופאַלן גיך, האַסטיק. אויף דעם פאַרוואָלקנטן הימל האָט אַ געבויגן שנירל פון פייגל, ווי אַ האַלבע לבנה, זיך שאַרף געצייכנט, גיך געפלויגן ערגעץ און הויך געשריגן.

(וואַרשע—ניו־יאָרק, 1933־1935)

## ווערק פון י. י. זינגער

| | |
|---|---|
| פערל — דערציילונגען | 1923 |
| אויף פרעמדער ערד — דערציילונגען | 1923 |
| שטאָל און אײַזן — ראָמאַן | 1927 |
| נײַ־רוסלאַנד — רײַזע־אײַנדרוקן | 1927 |
| יאָשע קאַלב — ראָמאַן | 1932 |
| די ברידער אַשכנזי — ראָמאַן | 1935 |
| פרילינג — דערציילונגען | 1937 |
| חבר נחמן — ראָמאַן | 1938 |
| משפחה קאַרנאָווסקי — ראָמאַן | 1943 |
| פון אַ וועלט וואָס איז נישטאָ מער — אויטאָביאָגראַפיש | 1946 |
| דערציילונגען | 1949 |